


# פּנקס

## פון דער

# קהילה

## אין

# בוענאָס איירעס


בוענאָס־איירעס

ה׳תשכ״ג — 1963

# פּנקס

## פון דער

# קהילה אין בוענאָס איירעס

## תשט"ז - תשכ"ב


צונויפגעשטעלט און רעדאַגירט פון

יצחק יאַנאַסאָוויטש

ביי דער נאָענטער מיטאַרבעט פון

זלמן וואַסערצוג, פּראָפ' לאַזאַראָ שאַלמאַן און אינזש' א. א. פישער


•


אַרויסגעגעבן פון דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט
ביי דער קהילה אין בוענאָס־איירעס

סעקרעטאַר:

משה האָניק

שער־בלאַט געצייכנט פון
י. ראַטנער־מירסקי

רעדאַקציע־קאָמיסיע:

ד״ר טוביה קאַמענשטיין
אליעזר פרידמאַן
אָשר גראָקאָף
משה האָניק
אברהם מיטלבערג
אינזש׳ אָסקאַר גלאַזערמאַן
שלמה ציטרין

# אינהאַלט



1.

## די קהילה — אירע פּראָבלעמען און אירע אַקטיוויטעטן



2.

## די טעטיקייט פון וועד הקהילות

.3

## אונדזער ישוב ביים אַריינטרעטן אין צווייטן יאָרהונדערט פון זיין עקזיסטענץ



.4

## יידישע שרייבער פון אויסלאַנד וועגן אונדזער ישוב



.5

## שפּאַנישע אָפּטיילונג

# תוכן

.3

**ישובנו בסף כניסתו למאה השניה לקיומו**



.4

**סופרים יהודיים מחוץ לארגנטינה על ישובנו**



**המחלקה הספרדית**

# אַ וואָרט פֿריִערוים צום לייענער

מיטן אַרויסגעבן דעם דאָזיקן „פּנקס" זיינען מיר אויסן צו באַנייען אַ ווערט־פולע אַרבעט וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק דורך דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה אין בוענאָס־איירעס: מיר מיינען דאָ דאָס אַרויסגעבן די קהילה־יאָרביכער אויף דעם אופן ווי זיי זיינען דערשינען אין די יאָרן תשי"ד און תשט"ו. מחמת דעם וואָס דאָס יערלעכע דערשיינען פון די דאָזיקע זאַמלביכער איז צוליב פאַרשיידענע סיבות איבערגעריסן געוואָרן נאָכן אַרויסגעבן דאָס „יאָרבוך תשט"ו", האָבן מיר אין דעם איצטיקן זאַמלבוך זיך באַמיט אָפּצושפּיגלען די טעטיקייט און די אַנטוויקלונג פון דער קהילה מאז ועד הנה, דאָס הייסט: פון יאָר תשט"ז ביז דעם יאָר תשכ"ג.

פאַרשיידענע אַרבעטן וואָס גייען אַריין אין דעם „פּנקס" וועלן דעם לייענער דערציילן וועגן די וויכטיקע ענדערונגען וואָס זיינען אין משך פון די דאָזיקע יאָרן פאָרגעקומען אין אונדזער קהילה־לעבן. דער יסוד פון די דאָזיקע אַלע ענדערונגען איז דער געביטענער סטאַטוט פון דער קהילה וואָס האָט איינגעפירט אַלגעמיינע פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן פון די קהילה־אינסטאַנצן. דער באַריכט פון די קהילה־טעטיקייטן הייבט זיך, בכן, אָן פון דעם מאָמענט ווען ס'איז געווילט געוואָרן די ערשטע פאַרוואַלטונג אויף דער באַזע פון דעם נייעם רעפאָרמירטן סטאַטוט און ער ענדיקט זיך מיטן אָפּשלוס פון דעם ערשטן האַלב־יאָר תשכ"ג, דאָס הייסט: פינף חדשים איידער די צווייטע פאַרוואַלטונג, געווילט אויף דער זעלביקער באַזע, פאַרענדיקט איר קאַדענץ.

דאָך וועט דער לייענער אין איניקע באַריכט־אַרבעטן זיך אָנטרעפן אויף דאַטן פון פריִערדיקע יאָרן — דאָרט ווו די פריִערדיקע דאַטן העלפן בולטער אַרויסברענגען דאָס בילד און דעם מהות פון די טעטיקייטן אין דעם באַריכט־פּעריאָד.

דער „פּנקס" איז לכתחילה פּלאַנירט געוואָרן בעיקר ווי אַ זאַמלבוך וואָס זאָל זיין געווידמעט די אַקטיוויטעטן פון דער קהילה־אינסטיטוציע. אין לויף פון די צוגרייטונגען האָבן מיר אָבער איינגעזען, אַז אונדזער קהילה־לעבן וועט נישט קענען גענוג פאַרשטאַנען ווערן אויב מיר וועלן נישט, כאָטש אויף אַ קאַרגן אופן, סקיצירן דאָס בילד פון אונדזער ישוב־לעבן. דערפאַר האָבן מיר צו דער אָפּטיילונג פון דער קהילה און ועד הקהילות צוגעגעבן די אָפּטיילונג וועגן אונדזער ישוב וואָס איז אין דעם דאָזיקן פּעריאָד איבערגעטרעטן די שוועל פון זיין ערשטער הונדערט־יעריקייט. קיינער דאַרף אָבער אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג נישט זוכן דאָס פולע אויסשעפּנדיקע בילד פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אונדזער ישוב. דאָ זיינען נאָר באַהאַנדלט געוואָרן די וויכטיקסטע אַספּעקטן פון דעם דאָזיקן לעבן און דערצו אויף אַ גענוג סינטעטישן אופן.

אויך אין דער דאָזיקער, דריטער, אָפּטיילונג האָבן מיר, אין תוך גענומען, זיך געהאַלטן אין די באַריכט־ראַמען פון די יאָרן תשט"ז ביז תשכ"ג. מיר האָבן אויסגעמיטן די ווייטערע געשיכטלעכע פאַרגאַנגענהייט, ווייל מיר האָבן בעיקר געוואָלט געבן די מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון אונדזער אָקאָרשטיקער פאַרגאַנגענהייט.

ס'איז אומגעגלעך געווען אויסצומיידן געוויסע איבערחזרונגען, ווייל ס'איז אומ־

מעגלעך געווען אַז דער שרייבער וואָס דערציילט וועגן דער טעטיקייט פון וועד הקהילות זאָל נישט דערמאָנען די אַרבעט אויפן שול־געביט אין דער פּראָווינץ, כאָטש דער דאָזיקער אַרבעט איז געווידמעט אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג. דאָס זעלביקע האָט אויך געמוזט געשען אין די אַרבעטן וועגן דער קולטור־טעטיקייט פון דער קהילה ווי מיר וועלן זיך אָנטרעפן אויף פאַקטן וואָס ווערן דערמאָנט אין דער אָפּהאַנדלונג וועגן דער יוגנט־טעטיקייט. און אַזוי אויך אין אַ ריי אַנדערע אַרבעטן וואָס זייערע מחברים זיינען גאָרנישט צופעליק אַריבער זייער אָנגעצייכנטע גרענעץ, מחמת די שותפותדיקע גרענעצן צווישן איין קהילה־טעטיקייט און אַ צווייטער זייַנען אָפט זייער פליסיקע.

מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין־וחשבון פון דעם, אַז דאָ און דאָרט זיינען מעגלעך אַריינגעפאַלן טעות׳ים און אומפּינקטלעכקייטן. אין אַזאַ גרויסער קאָלעקטיווער אַרבעט זיינען זיי אומפאַרמיידלעך, כאָטש מיר האָבן זיך געגעבן די מי זיי, אויף וויפל ס׳איז נאָר מעגלעך, צו פאַרמיידן. פאַר דעם וואָס מיר האָבן נישט באַוויזן צו פאַרמיידן בעטן מיר פריִערווים אַנטשולדיקונג ביים לייענער.

לסוף ווילן מיר באַמערקן אַז אַ ריי מחברים האָבן אין זייערע אַרבעטן פאַרן „פנקס" אויסגענוצט די מאַטעריאַלן פון פרעסע־אַרכיוו ביים קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון דער קהילה.

די רעדאַקציע

ד"ר טוביה קאַמענשיין

# אַן אַריינבליק אין אונדזער פּראָבלעמאַטיק

(הקדמה)

עס איז שוין אַן אָנגענומענע מיינונג, אַז אונדזער ישוב באמת זיך צו זיין אין אַ סך אַספּעקטן דער המשך פון דעם נוסח מזרח-אייראָפּע. מיטן אַרויסגעבן דעם דאָזיקן פנקס באַנייט די קהילה, נאָך אַן איבעררייס פון אייניקע יאָרן, אירע אַלמאַנאַכן, וואָס זייער ציל איז אָפּצושפּיגלען אונדזער קהילה-לעבן און זי באַנייט אַזוי אַרום די טראַדיציע פון די אַמאָליקע אומגעקומענע קהילות, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט אַרויסגעבן זאַמלונגען מיט מאַטעריאַלן פון היסטאָרישן ווערט.

זינט עס איז דערשינען די לעצטע קהילה-אויסגאַבע זיינען שוין פאַרביי 7 יאָר. 7 יאָר איז אַ מינימאַלער צייט-אָפּשניט פאַר אַ ישוב, אָבער וואָס שייך אונדזער ייִדיש לעבן און אונדזער פּראָבלעמאַטיק אין לאַטיין-אַמעריקע, זיינען די לעצטע יאָרן באמת רעוואָלוציאָנערע אויף אַ סך געביטן.

די אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון די לענדער אין וועלכע מיר לעבן זיינען פאַר אונדז ייִדן אויף דעם קאָנטינענט קיינמאָל נישט געווען פרעמד. מיר האָבן געלערנט פון אונדזער אַלטער געשיכטע אַז פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע ענדערונגען פון די אַרומיקע פעלקער האָבן אויך אַ דירעקטע השפעה אויף דער אַנטוויקלונג פון אונדזערע ישובים. אָבער אין די לעצטע יאָרן האָבן די סתירות, סאָציאַלע קאָנפליקטן, דערהויפּט די פּאָליטישע אומסטאַביליטעט אויף דעם טייל פון דער וועלט, זיך אַזוי פאַרשאַרפט, אַז אונדזערע קהילות וואָס געפינען זיך אין גרעאַנגל-פּראָצעס פון אינערלעכער קריסטאַליזאַציע און קאָנסאָלידאַציע, האָבן זיך דערזען פנים אל פנים מיט אַ דערשיינונג וואָס אַ סך האָבן געגלייבט אַז זי איז שוין פרעמד פאַר דער ערד פון פרייהייט.

אין די לעצטע יאָרן האָט דער קלאַסישער ציוניסטישער דיאַגנאָז און אַנאַליז פון ייִדישער גלות-ווירקלעכקייט געפונען זיין פולע אָנווענדונג ביי אונדז דאָ. דער פאַקט צווינגט אונדז צו אַן ערנסטן ישוב-הדעת וואָס וועט זיך דאַרפן אויסווירקן אין אונדזער צוקונפטיקער אַקטיוויטעט. עס איז מיין כוונה אין דעם אַריינפיר-וואָרט אונטערצושטרייכן אַ פאַר עיקר-אַספּעקטן פון אונדזער לעבן.

אויב מען דענקט אַז עס איז פאַראַן אַן אייגנאַרטיקייט אין אונדזער ישוב לגבי אַנדערע גרויסע ייִדישע מרכזים אין דער וועלט, ווי צפון-אַמעריקע, ענגלאַנד אָדער פראַנקרייך, האַלטן מיר אָבער אַז עס איז נאָך פריציייטיק צו רעדן וועגן אַ ספּעציעלן נוסח. אונדזער אייגנאַרטיקייט שטאַמט פון דעם פאַקט וואָס אין אונדזער קריסטאַליזירונגס-פּראָצעס פאַרנעמט נאָך דער נוסח מזרח-אייראָפּע דעם הויפּט-פּלאַץ און דאָס שטאַמט פון דעם פאַקט, וואָס דער רוב מנין ובנין פון היינטיקן ישוב איז צוזאַמענגעשטעלט פון דער גרויסער אימיגראַציע-כוואַליע וואָס איז געקומען צו די ברעגן פון לאַ-פּלאַטאַ-טייך אין דעם פּעריאָד פון סוף פון דער ערשטער וועלט-מלחמה ביזן אויסברוך פון דער צווייטער.

די גרויסע אימיגראַציע איז דער יסוד פון אונדזער היינטיקן געזעלשאַפטלעכן

לעבן. דער אַמאָליקער גלאַנץ פון די קאָאָפּעראַציעלע האַנדלס-קאָאָפּעראַטיוועס מיט די „קוענטעניקעס", שפּעטער די פאַרשיידענע גרעמיאַלע אָרגאַניזאַציעס, בענק, קרעדיט-קאָאָפּעראַטיוועס, ציוניסטישע פּאַרטייען, קולטור-געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן באַקומען זייער גראַוויטאַציע אויף ייִדישע מאַסן מיט דעם אָנקום פון דעם שטראָם; די וועלטלעכע באַוועגונגען, דער שול-וועזן, — זיי אַלע זיינען אַ דירעקטער פּועל-יוצא פון דער תקופה.

דאָס קליינע פּויליש-ייִדישע שטעטל, מיט אַלע זיינע אייגנשאַפטן, איז אַריינגעגאָסן געוואָרן אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי בוענאָס-איירעס, וווּ דער ייִדישער אימיגראַנט האָט אָנגעהויבן דעם געראַנגל פאַר פּרנסה און פאַר דערגרייכן אַ העכערע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּאָזיציע, ווי די וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין זיין אַמאָליקער היים. די צוויי באַגערן האָבן שטאַרק משפּיע געווען אויף דעם אויסזען פון אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט.

די גרויסע ראָל וואָס די קאָלאָניסטישע עמיגראַציע האָט געשפּילט אין אונדזער ישוב איז נישט צו דיסקוטירן. דער דור פון די קאָלאָניסטן, פון 1890 ביז 1914 איז אָבער כמעט שוין פאַרשוווּנדן פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו. ער האָט איבערגעלאָזט טיפע שפּורן פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, אָבער אָן אַ ממשותדיקן המשך, ווייל זיינע זין און טעכטער וועלכע וואָלטן היינט געדאַרפט זיין דער הויפּט-שיכט פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכער פירערשאַפט, איז אַ חוץ אַ קליינעם פּראָצענט ייִדישע פּראָפעסיאָנאַלן, פרעמד צו דעם ייִדישן אַקטיוון לעבן. אַ סך פון זיי זיינען אַבסאָרבירט געוואָרן אין דער אַלגעמיינער קולטור פון לאַנד. אייניקע האָבן זיך אויסגעווירקט אין דעם פּאָליטישן לעבן, אָבער דער גרויסער רוב, ספּעציעל פּראָפעסיאָנאַלן און אוניווערזיטאַריער, זיינען געבליבן אַפּאַטיש צו דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט.

דערפאַר זעען מיר היינט, אַז דער רוב עסקנים אין פאַרצווייגטן שול-וועזן, אין די עקאָנאָמישע, קולטורעלע און אין די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, ווי אויך אין די ציוניסטישע ריכטונגען זיינען פון דעם אימיגראַנטישן דור, וועלכער איז געקומען נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה און אַפילו די קינדער פון אָט דעם דור זיינען פּראָפּאָרציאָנעל אַ סך מער פאַרטראָטן אין ייִדישן לעבן ווי די קינדער פון די קאָלאָניסטן.

ס'איז וויכטיק די דאָזיקע ווירקלעכקייט גרינטלעך צו אַנאַליזירן, בכדי צו פאַרשטיין געוויסע פּראָצעסן און צו באַנעמען געוויסע פּראָבלעמען פאַר וועלכע אונדזער ישוב שטייט היינט.

וואָס איז דער הויפּט-יסוד פון ייִדישקייט אין אונדזער ישוב? וואָס איז דער דאָמינירנדיקער פאַקטאָר אין אונדזער געראַנגל פאַר קיום? איז עס דאָס רעליגיעזע געפיל ווי אין דער אַמאָליקער אַלטער היים? דער טראַדיציאָנעלער סענטימענט, ווי אין צפון-אַמעריקע, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער? אָדער איז עס דער קולטורעל-אויטאָנאָמיסטישער און וועלטלעך-פאָלקסטימלעכער דראַנג, צוזאַמענגעפּאָרט מיט דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין, אַז מיר געהערן צו אַ פאָלק וואָס שטייט אין קאַמף פאַר זיין נאַציאָנאַלער באַפרייונג אויף דער באַזע פון דער ציוניסטישער וויזיע?

איך גלייב, אַז מיר קענען נאָך נישט געבן קיין קלאָרן ענטפער. אונדזער ישוב איז נאָך צו יונג, אַז ער זאָל שוין האָבן אַן אייגענעם, אייגנאַרטיקן פּרצוף. דער ספרדישער סעקטאָר, וועלכער איז כמעט אַ 20 פּראָצענט פון ישוב, איז בלויז פאַרמעל רעליגיעז, אָבער אין זיין יוגנט מערקן זיך ערנסטע וועלטלעך-נאַציאָנאַלע געפילן. די צענטראַל-אייראָפּעיִשע ייִדן וועלכע זיינען אַ 10 פּראָצענט פון ישוב, זיינען נאָך כמעט אַזוי ווי זיי זיינען געווען אין בערלין, פראַנקפורט, צי ווין: ליבעראַל-רעליגיעז און אַסימילאַטאָריש, אָבער אין אייניקע קרייזן זייערע מערקט זיך אַ סימפּאַטיע צום נאַציאָנאַלן געדאַנקען-גאַנג.

דער גרויסער מזרח-איראָפּעיִשער טייל פון ישוב, וועלכער איז פריִער מיט איי-ניקע צענדליק יאָר געווען אין זיין מערהייט קולטורעל-וועלטלעך, נישט רעליגיעז און אַנטי-ציוניסטיש, האָט דורכגעמאַכט אַ מעטאַמאָרפאָזע צו נאַציאָנאַלע סענטימענטן און ציוניזם, צו טראַדיציאָנעלער יידישקייט, אָנהאַלטנדיק זיין פאָלקסטימלעכן שטיי-גער. דאָס צענטראַלע פּראָבלעם פון אונדזער ישוב וועט זיין און איז שוין איצט: מיט וואָס פילן מיר אָן די נשמה פון יונגן ייִד? עס איז נישט נאָר אַ פּראָבלעם צו וויסן פאַר-וואָס מען איז אַ ייִד, נאָר אויך ווי אַזוי צו זיין אַ ייִד? איז מעגלעך אַ ווידערגעבורט פון טראַדיציאָנאַליזם ביי די קומענדיקע דורות וועט דער הויפּט-פאַקטאָר זיין דער נאַציאָנאַלער סענטימענט, אָדער די צוציִונגס-קראַפט פון ישראל?...

די אַלגעמיין-ספּעציפישע, סאָציאַל-פּאָליטישע פּראָבלעמען פון די לאַטיין-אַמע-ריקאַנער לענדער ווירקן אויך שטאַרק אויף דער גייסטיקער און פּאָליטישער פאָרמאַ-ציע פון אונדזער יוגנט, דאָ טרעפן מיר זיך אָן אויף פאַקטאָרן וועלכע זיינען נישט פאַראַן אין די אַנגלאָ-זאַקסישע לענדער. דערפאַר מערקט זיך ביי אונדז אַ גרעסערע נטיה פון דער יוגנט צו נאַציאָנאַל-סאָציאַלע אידעאַלן.

דער עסקן וועלכער איז געווען און איז נאָך היינט דער כוח דורך וועלכן עס דרייט זיך דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן, גייט אריין אין אַ פּעריאָד פון ערנסטן קריזיס. עלטער, מידקייט, עקאָנאָמישע אַספּעקטן שוואַכן אָפּ דאָס עסקנות און עס שטעלט זיך דאַרום די פראַגע: צי וועלן מיר האָבן אין אַ דור אַרום דעם אייגנאַרטיקן טיפּ עסקן פון איצט?, מערקט זיך ביי די קינדער פון דעם עסקנים-דור אַ נייגונג פאַר-צוזעצן דעם וועג פון די עלטערן?, אין דער הינזיכט איז די פּערספּעקטיוו אַ פּעסי-מיסטישע. דאָס פּראָבלעם ווערט נאָך מער פאַרשאַרפט דורך דעם וואָס דער אַקטי-ווער אידעאַליסטישער עסקן האָט נישט דערמעגלעכט עס זאָל זיך איינשטעלן יענער שיכט פון הי-געבוירענער אינטעליגענץ וואָס זאָל ווערן דער קוואַל פון עסקנים-פונק-ציאָנערן.

עס מערקט זיך אַ געראַנגל אויפן קולטורעלן און חינוך-געביט, פון איין זייט גייט דער געראַנגל אָנצוהאַלטן די מזרח-איראָפּעיִשע פאָלקסטימלעכקייט, און פון דער צווייטער זייט, גייט אָן דער פּראָצעס פון צופּאַסן זיך צו די אייגנשאַפטן פון די נייע און קומענדיקע דורות, וואָס צוליב זיי ווערן אָנגעווענדט נייע וועגן און מעטאָדן. אַ דריטע טענדענץ גלייבט אין דער מעגלעכקייט פון דער געגאַרטער סינטעזע וועלכע זאָל באַ-שטיין פון דער קערנדיקער טראַדיציאָנעלער פאָלקס-יידישקייט, צוזאַמענגעגאָסן מיט וועלטלעך-נאַציאָנאַלע באַנייטע ווערטן.

די קהילה וועלכע איז געווען און איז אין לעבן פון פאָלק במשך דורות דער גרוי-סער אינסטרומענט פון ייִדישער גייסטיקער זעלבשטענדיקייט, גייט ווייטער אויף איר קלאַסישן וועג מיט אָפענע אויגן בכדי צו זען אַלץ וואָס קומט פאָר אַרום איר און אויך אין איר, אין דער פערמאַנענץ פון געראַנגל און קאַמף פאַר ייִדישקייט.

דער פנקס וועט זיכער דינען פאַר די עסקנים און פאַר פאָרשערס, שרייבערס און געלערנטע ווי אַ מקור פון וויסן וועגן דעם לעבן און שאַפן פון איינעם פון די גרויסע ייִדישע צענטערס אין אונדזער צייט.

## די קהילה־פאַרוואַלטונג ביים דערשיינען פון „פנקס"



עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: דוד שפיגל, דוד קלימאָווסקי, ד״ר דוד רויזין, משה האַניק, אליעזר פרידמאַן, ד״ר טוביה קאַמענשטיין, אשר גראַקאָפּ, דוד קולאַקאָווסקי, שמואל גלאַזערמאַן, אַנטאָניאָ קליין, קדיש ווייס, משה פישמאַן ע״ה.

עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: משה קאַפּלאַן, ישראל קאַרפּעס, יוסף מענדל גליקסמאַן, לעאָן ראַבינאָוויטש, דוד רעזניק, לייב גאָלד, פּעליפּע לאַי, ישראל גרינבוים, מאיר פרענגלער, שמאי טראַכטער, מאיר זעליגמאַן, מאַנפרעדאָ אנספּאַטש און דער געוו׳ קהילה־אָנגעשטעלטער ש. שעכמאַן ע״ה. (עס פעלט: ש. ציטרין).

# I

# פראָבלעמען און אַקטיוויטעטן פון דער קהילה
# אין די יאָרן 1957־1963

אליעזר פרידמאַן

# די דריי גרונט־פּרינציפּן פון אונדזער אַקטיוויטעט

ווען מען פרעגט מיך וואָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישסטע פאַר דער טעטיקייט פון די צוויי קהילה־פאַרוואַלטונגען וועלכע זיינען געווײלט געוואָרן נאָכן סטאַטוטן־רעפאָרם, אויפן סמך פון פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָס כאַראַקטעריסטישסטע פאַר זייער אָנשטרענגונג איז דער כסדרדיקער גראַנגל צו שטעלן די קהילה־אינסטיטוציע אין דינסט פון דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט, פון אַלע אירע סעקטאָרן און פון אַלע אירע שיכטן. אויף דעם געביט, מעג איך זאָגן, האָט די אָנפירונג פון דער קהילה זיך לגמרי נישט גערעכנט דערמיט איבער אַ געוויסער סעקטאָר האָט אַ גרעסערע, צי אַ קלענערע פאַרטרעטערשאַפט אין דער פאַרוואַלטונג, אָדער ער האָט אין דער קהילה־לייטונג קיין שום פאַרטרעטערשאַפט נישט. עס איז טאַקע אמת, אַז די וואָס פירן איצט אָן מיט דער קהילה זיינען מענטשן וועלכע האָבן לאַנגע יאָרן געזעלשאַפטלעך געקעמפט פאַר דער העגעמאָניע פון פּאָליטיש־פאַרטייאישע באַוועגונגען אין אונדזער לעבן. אָבער ווען דער דאָזיקער קאַמף איז געווונען געוואָרן, האָבן די אָנפירנדיקע פאַרטיי־פאַרשטייער אין דער קהילה, אויף איין רגע נישט געטראַכט, אַז די קהילה קען זיין עפּעס אַנדערש ווי אַ כלל ישראלדיקע אינסטיטוציע אין פולן זין פון דעם דאָזיקן וואָרט. און ווער עס וועט אויפמערקזאַם לייענען און שטודירן די פאַרשיידענע אַרבעטן אין דעם „פּנקס", וואָס שפּיגלען אָפּ די באַזונדערע געביטן פון דער קהילה־טעטיקייט, וועט זיך אין דעם גאַנץ גרינג איבערצייגן.

מיר האָבן איבערגענומען די אָנפירונג פון דער קהילה אין אַ מאָמענט ווען אונדזער ישוב האָט פאַרענדיקט זיינע ערשטע הונדערט יאָר עקזיסטענץ און איז אַריינגעטראָטן אין די צווייטע הונדערט יאָר פון זיין לעבן. מיר האָבן די דאָזיקע היסטאָרישע געשעעניש געפייערט נישט בלויז פאָרמעל, נאָר מיר האָבן פון איר געצויגן געוויסע שלוסן. הונדערט יאָר איז אין דער יידישער געשיכטע נישט קיין גרויסער צייט־אָפּשניט, אָבער פאַר אַ ישוב אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז עס אַ בכבודיקע עלטער, וואָס צווינגט זיך אומצוקוקן אויף צוריק. גלייכצייטיק האָט אָבער דאָס אַריבערשפּרייזן די שוועל פון די צווייטע הונדערט יאָר אונדז נאָך מער געצוווּנגען צו קוקן פאָרויס און צו זאָרגן וועגן דער צוקונפט. אָט די צוויי מאָמענטן — דאָס צוריקקוקן צו דער פאַרגאַנגענהייט און דאָס פאָרויסקוקן אין דער צוקונפט — האָט זיך כסדר געפילט אין אונדזער אַרבעט און ווען איך וועל שפּעטער אויסרעכענען אַ ריי נייע איניציאַטיוועס וועלכע מיר האָבן רעאַליזירט, וועט דאָס געזאָגטע ווערן זייער בולט און קלאָר.

איידער איך קום צו דערמאָנען די דאָזיקע רעאַליזירטע איניציאַטיוועס, וויל איך בלויז באַמערקן, אַז וואַרשיינלעך גאָר אַ קליינער טייל פון אונדזערע מיטגלידער גיט זיך אָפּ אַ דין־וחשבון וועגן דעם ריזיקן פאַרנעם פון דעם ראָד וואָס באַוועגט טאָג־טעגלעך די קהילה־אַרבעט. אין דער אמתן שטעלט די קהילה היינט צו טאָג מיט זיך פאַר אַ געוואַלדיק קאָמפּליצירטן מעכאַניזם וואָס פאָדערט אומגעהויערע וואַכזאַמקייט און ענערגיע, כדי אַלע אירע באַשטאַנד־טיילן זאָלן פונקציאָנירן האַרמאָניש און דערפילן זייערע אויפגאַבן הן פאַר דעם יחיד־מיטגליד, הן פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט. און דאָ איז כדאַי צו געדענקען, אַז די קהילה האָט צו דערפילן אויפגאַבן נישט בלויז פאַר דער געזעלשאַפט אַלס גאַנצע, נאָר אויך פאַר די טויזנטער יחידים־מיטגלידער, וואָס קומען באַרעכטיקט צו דער קהילה ווי צו אַן אינסטיטוציע וועלכע דאַרף ענטפערן אויף זייערע אינדיווידועלע פּראָבלעמען און נויטן. אַלע אונדזערע אויפטוען פאַר דער

געזעלשאַפטלעכקייט וואָלטן נישט געווען גענוג ווען מיר זאָלן אין דער מינדסטער מאָס גרינגשעצן דעם יחיד־מיטגליד, אָדער ווען מיר זאָלן נישט באַציען זיך מיט דער געהעריקער אחריות צו זיינע פּראָבלעמען וואָס ער ברענגט צו אונדז ווי צו דער אינסטיטוציע פון וועלכער ער דערוואַרט אַ פאַרשיידנאַרטיקע לייזונג. נעמענדיק אין אַכט, אַז אין זייער פיל פאַלן קענען די דאָזיקע פּראָבלעמען נישט דערליידיקט ווערן אויף אַ פאָרמעלן רוטין־וועג דורך דער באַאַמטנשאַפט, נאָר זיי מוזן געבראַכט ווערן אויפן טיש פון דער פאַרוואַלטונג, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן ווי קאָמפּליצירט און ווי אָנגעשטרענגט עס איז די אַרבעט פון דער לייטונג אין ווו שטאַרק זי מוז האַלטן דאָס גלייכגעוויכט ביים פאַרנעמען זיך מיט די ענינים פון כלל און פון פרט.



גענעראַל־סעקרעטאַר, אליעזר פרידמאַן, געזעגנט דעם שרייבער ד״ר שלמה ביקל.

די איינגעשטעלטע טעכניק פון אונדזער אינסטיטוציאָנעלער סטרוקטור ברענגט צו דעם, אַז דעם סעקרעטאַרס טיש זאָל תמיד זיין דער צום מערסטן באַלאַגערטסטער מיט כלערליי ענינים פון גרויסן ביז קליינעם כאַראַקטער. פון אָננעמען אַ באַשלוס ביז רעאַליזירן אַ באַשלוס איז אַ היפּשער מהלך און אַ שטיק פון דעם דאָזיקן מהלך פירט דורך דעם סעקרעטאַרס טיש וועגן וועלכן עס פּאַסט זיך דאָ צו זאָגן, אַז ער געפינט זיך אין דער לאַגע פון ידו בכל, ויד כל בו... די דאָזיקע פאַרצווייגטע אַרבעט פון קאָנטראָל, פון באַטראַכטן יעדע געשאַפענע דילעמע, פון קאָאָרדינירן, פון אינטערווענירן און פון ענטפערן אויף כלערליי אינטערוועגצן, וואָלט געווען נישט מעגלעך געווען דורכצופירן אָן דער האַרמאָנישער און געטרייער צוזאַמענאַרבעט פון דער גאַנצער פאַרוואַלטונג און פון אַלע דעפּאַרטאַמענט־מיטגלידער און דעפּאַרטאַמענט־אָנפירער, וועלכע גיבן אָפּ זייער צייט און זייער ענערגיע לטובת די אינטערעסן פון דער קהילה און איר מיטגלידערשאַפט.

ווי פריִער דערמאָנט, זיינען אין משך פון די לעצטע 7 יאָר רעאַליזירט געוואָרן אַ ריי נייע און וויכטיקע איניציאַטיוועס, וואָס אייניקע פון זיי זיינען געווען, לויט זייער כאַראַקטער, בלויז איינמאַליקע און אַנדערע זיינען פאַרבליבן ווי פּערמאַנענטע פונקציעס אין דער ראַם פון דער קהילה־אַקטיוויטעט. וועגן אייניקע פון די דאָזיקע איניציאַטיוועס רעדט זיך אין די אַרבעטן וועלכע שפּיגלען אָפּ די באַזונדערע געביטן פון דער קהילה־טעטיקייט. וועגן אַנדערע איז נישט דערמאָנט געוואָרן, ווייל זיי געהערן, אַזוי צו זאָגן, דער קהילה־לייטונג אַלס גאַנצע און נישט די באַזונדערע דעפּאַרטאַמענטן. סיי־ווי האַלט איך פאַר נייטיק זיי צו באַטאָנען ווי אַן אילוס־טראַציע צו דעם וואָס איז פריִער געזאָגט געוואָרן. דערביי וויל איך אָבער באַמערקן אַז דאָס איז נאָר אַ קליינער טייל פון די רעאַליזירטע איניציאַטיוועס וועלכע גייען אַריין אין דער קאַ־טעגאָריע פון „נייע״.

איך וועל אָנהייבן מיט דער גרינדונג פון דער ישיבה פאַר רבנים. דאָס איז, לויט מיין איינ־זען, די וויכטיקסטע און סאַמע חשובסטע פון די רעאַליזירטע איניציאַטיוועס, וואָס קען משפּיע זיין אויף דעם גייסטיקן לעבן פון אונדזער ישוב. עס רעדט זיך דאָ וועגן דער גרינדונג פון אַ ישיבה פאַר דער אויסבילדונג פון רבנים און גייסטיקע מנהיגים פאַר אונדזער ישוב, און וועגנ־טועל אויך פאַר די אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער ישובים.

די הויפּט־מעלה פון אויסבילדן אייגענע רבנים — פּאַראַלעל צו די אייגענע לערערס — איז דאָס וואָס זיי זיינען געבוירן אין אונדזער סביבה, פאַרוואָרצלט אין דער לאָקאַלער שפּראַך און קולטור. ווי אַזעלכע וועט זיי גרינג זיין צו באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט אונדזער יוגנט און צו האָבן אויף איר אַ השפּעה.

די ישיבה האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אין יולי 1961, מיט אַ צוואַנציק תלמידים, און היינט איז זי שוין אין צווייטן יאָר עקזיסטענץ. ביז צום פאַרלאָזן אונדזער ישוב, אין נאָוועמ־בער 1962, האָט אָנגעפירט מיט דער ישיבה הרב יעקב פינק, רב הראשי פון ראָבינאָט. איצט שטייט די קהילה פאַר דער פּראָבלעם צו קריגן פאַר איר אַ פּאַסיקן מנהל.

אין דער ישיבה איז אויך איינגעפירט געוואָרן אַ קורס פאַר לערנען שחיטה, כדי אַזוי אַרום צו לייזן דעם גרויסן מאַנגל אין כלי־קודש אין אונדזער ישוב.

ביי דער ישיבה איז געשאַפן געוואָרן אַ קוראַטאַריום, וואָס אַרבעט צוזאַמען מיט דער קהילה און העלפט טראָגן דעם עול פאַר איר עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג.

לאָמיר איבערגיין צום בנין פאַרן לערער־סעמינאַר. דער גרונטשטיין פאַרן בנין פונעם לערער־סעמינאַר איז געלייגט געוואָרן דורך דער פריִערדיקער פאַרוואַלטונג, קורץ פאַר דעם, איידער מיר האָבן איבערגענומען די אַמטן. דאָס מיינט, אַז אַ חוץ אַלע אַנדערע התחייבותן האָבן מיר אויך איבערגענומען די פליכט צו בויען דעם דאָזיקן בנין. די אַרבעט איז נאָך נישט פאַר־ענדיקט, ווייל זי פאָדערט אין אונדזערע באַדינגונגען אַ סך יאָרן. מיר האָבן זיך אָבער באַמיט צו רעאַליזירן אַ ווייטערדיקן, וויכטיקן עטאַפּ אין דער דאָזיקער איניציאַטיוו־פאַרווירקלעכונג און מיט נישט ווינציק מי און אָנשטרענגונג איז אונדז געלונגען, במשך דעם לעצטן פעריאָד, אויפצושטעלן דעם בעטאָנענעם סקעלעט פון דער געביידע. נעמענדיק אין אַכט די אומגעהויערע פאַרפליכטונגען און די פינאַנציעלע ענגשאַפט פון דער קהילה, איז קלאָר, אַז דאָס איז אונדז נישט גרינג אָנגעקומען.

אויף די ביז איצטיקע אַרבעטן אַרום דעם געפּלאַנטן בנין, צוזאַמען מיטן פּלאַץ, איז שוין אינוועסטירט געוואָרן די סומע פון עטלעכע צוואַנציק מיליאָן פּעזעס. ס'איז אונדזער האָפע־נונג און ווונטש, אַז די קומענדיקע פאַרוואַלטונג זאָל באַוויזן צו פאַרענדיקן דעם דאָזיקן בנין, וועלכער איז אַ דרינגענדיקע נויטווענדיקייט. דער דאָזיקער מאָנומענטאַלער בנין וועט זיין אַן עליה נישט נאָר פאַרן לערער־סעמינאַר, נאָר פאַרן גאַנצן קולטורעלן לעבן פון ישוב, וואָס וועט דורך אים באַקומען אַ קולטור־הויז פון ערשטער מדרגה, מיט אַ טעאַטער־זאַל, לייען־זאַל און ביבליאָטעק אַריינגערעכנט.

מען דאַרף דאָ דערמאָנען דעם לערער־סעמינאַר אין מאָזעסוויל. אָפּשאַצנדיק דעם גרויסן אויפטו פון גרינדן דעם לערער־סעמינאַר אין מאָזעסוויל, דורך דער פריִערדיקער פאַרוואַלטונג, ווי אַ פּרוּוו צו לייזן דעם מאַנגל אין געשולטע לערערס פאַר דער פּראָווינץ, זיינען נישט גע־קאַרגט געוואָרן קיין מי און מיטלען ווייטער צו אַנטוויקלען דעם לערער־אינסטיטוט, וועמענס בודזשעט עס ווערט אינגאַנצן געדעקט דורך דער בוענאָס איירעסער קהילה.




באַערונג פאַר די 50־יאָריקע מיטגלידער פון דער קהילה, אין יאָר 1961.
עס רעדט דער געוועזענער וויצע־פּרעזידענט פון דער חברה קדישא י. אַוורוצקי.

עס איז נישט נאָר געזאָרגט געוואָרן פאַר דער אינערלעכער אַנטוויקלונג און אויסברייטע־רונג פונעם סעמינאַר, נאָר עס איז אויך געפירט געוואָרן אַן אַקציע איבער דער פּראָווינץ און אויך אין די שכונותדיקע ישובים, צו ווערבירן נייע תלמידים פאַרן מאָזעסווילער סעמינאַר. ס׳איז געוועזן די שטרעבונג פון דער פאַרוואַלטונג צו פאַרוואַנדלען מאָזעסוויל אין אַ רעטונגס־פּונקט, אין אַן עיר־מקלט פאַר דער יוגנט, דער עיקר פאַר דער יוגנט פון די קליינע ישובים.

מיטן אויסברייטערן דעם קרייז פון די תלמידים, איז אַנטשטאַנען די נויטווענדיקייט צו פאַרגרעסערן דעם אינטערנאַט. פאַר דעם צוועק איז איינגעקויפט געוואָרן אַ הויז בשכנות פונעם סעמינאַר, וואָס איז רעסטאַווורירט און צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר אַן אינטערנאַט.

אויפן קויף פונעם הויז, מיטן איבערבוי און געהעריקער אויסמעבלירונג, איז אויסגעגעבן געוואָרן אַנדערטהאַלבן מיליאָן פּעזעס. אויף איינשטעלן דעם ערשטן אינטערנאַט איז געמאַכט געוואָרן אַ הוצאה פון אַ מיליאָן מיט 300 טויזנט פּעזעס.

כדי צו באַקומען אַ באַגריף מיט וויפיל פּיעטעט די איצטיקע און די פאַריקע פאַרוואַלטונ־גען האָבן זיך באַצויגן צום מאָזעסווילער לערער־סעמינאַר און וויפיל האָפענונגען עס איז אויף

אים געלייגט געוואָרן, איז גענוג צו זאָגן, אַז פאַר די יאָרן וואָס דער לערער־סעמינאַר עקזיס־טירט איז פאַר אים אויסגעגעבן געוואָרן די באַדייטנדיקע סומע פון 17.900.000 פעזאָס.

אַ גרויסע פאַרגיטיקונג פאַר די געמאַכטע אָנשטרענגונגען איז געווען דער ערשטער אַרויס־לאָז פון גראַדויִרטע לערערס אין יאָר 1961. דאָס איז געווען אַ גרויסע איבערלעבונג פאַר די עסקנים און פאַר גאַנץ מאָזעסוויל, וועלכע האָבן דורכן לערער־סעמינאַר באַנייט די אַמאָל־יקע טראַדיציע פון „ירושלים ד'ארגנטינה". די יונגע גראַדויִרטע לערערס פון מאָזעסוויל האָבן דער־מעגלעכט צו עפענען נייע שולן אין אַ צאָל פּראָווינץ־ישובים, וווּ מען האָט זיך אין זיי גענייטיקט.

אַ נייער און וויכטיקער איינפיר, וואָס גיט זייער גוטע רעזולטאַטן, איז דער רעגיסטער פאַר חתונה־פּאָרלעך, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן ביים ראַבינאַט. דער צוועק פון דעם איינפיר איז געווען, אַריינצוברענגען סדר אין דעם דאָזיקן וויכטיקן געביט און וואָס זאָל אויך זיין אַ רעזיס־טענץ קעגן געמישטע חתונות.

ווי ביי יעדן נייעם איינפיר, איז אויך דאָ לכתחילה געווען אַ ווידערשטאַנד מצד אַ ריי טעמפּ־לען און בתי־כנסיות. מיט דער צייט אָבער, אַ דאַנק דער געהעריקער אויפקלערונג, איז דער דאָזיקער איינפיר אָנערקענט געוואָרן און היינט צו טאָג האָבן מיר אַלעמענס מיטאַרבעט און אָנערקענונג. עס ווערן איצט געמאַכט די נייטיקע צוגרייטונגען אויסצוברייטערן דעם רעגיסטער און אים איינפירן אין אַלע קהילות פון אינערן פון לאַנד, דורך דעם ועד הקהילות. דער דאָזיקער רעגיסטער פון חתונות וועט זיין מיט דער צייט אַן אויטענטישער מאַטעריאַל פאַר סאָציאַלער פאָרשונג, ווי דאָס באַווייזט די ערשטע פאָרשונג פון דעם מין, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דעם אינסטיטוט פאַר סאָציאַלע פאָרשונגען.

פאַר די לעצטע צוויי יאָר זינט עס איז איינגעשטעלט געוואָרן דער חתונה־רעגיסטער, זע־נען דורכגעגאַנגען אונדזער קהילה העכער טויזנט פּאָרלעך. עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ שיי־נער מנהג: דורכצופירן איינמאָל אין דער וואָך — דינסטיק — אַ פייערלעכן צערעמאָניאַל פאַר די יונגע פּאָרלעך, ערב זייער חתונה. ביי דער געלעגנהייט ווערט זיי אויסגעטיילט פּאַסיקע ביכער־מתנות, ווי אויך די ברכה פון ראַבינאַט און פון דער קהילה, צום אָנהייב פון זייער משפחה־לעבן.

און נאָך אַ וויכטיקער איינפיר אין פאַרבינדונג מיט די יונגע פּאָרלעך: זיי ווערן אויטאָמאַ־טיש איינגעשלאָסן ווי מיטגלידער פון דער קהילה, און ממילא פון דעם ייִדישן ציבור־לעבן. די לעצטע צוויי יאָר האָט די קהילה אַזוי אַרום אַריינבאַקומען הונדערטער נייע מיטגלידער־משפּחות.

אינסטיטוט פאַר סאָציאַלע פאָרשונגען. — אַן ערשט־ראַנגיקער איינפיר און אויפטו איז זיכער דאָס איינשטעלן דעם אינסטיטוט פאַר סאָציאַלע פאָרשונגען און סטאַטיסטיק. דאָס איז אַ שטאַרק פאַרנאַכלעסיקטער געביט, און די קהילה האָט גענומען אויף זיך די פּיאָנערישע אַר־בעט. נאָך פיל חדשים פון צוגרייטונגען, האָט דער אינסטיטוט אָנגעהויבן זיינע פונקציעס אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1962.

די דאָזיקע איניציאַטיוו איז אַרויסגעקומען פון דעם ערשטן וויסנשאַפטלעכן קאָנגרעס וועגן אונדזער ישוב, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין אָקטאָבער 1961 דורך דער קהילה צו־זאַמען מיטן „מכון ליהדות זמננו" ביי דעם העברעישן אוניווערזיטעט. די קאָנפערענץ, וואָס האָט בשעתו אַרויסגערופן אַ סך אינטערעס אין אונדזער ישוב, מיט פּאָזיטיווע און קעגנערישע אָפּשאַצונגען, איז געווען די שטויסקראַפט אָנצוהייבן צו טאָן עפּעס פּאָזיטיווס פאַר דער פאָר־שונג פון אונדזער ישוב.

דער אינסטיטוט פאַר סאָציאַלער פאָרשונג האָט שוין אָנגעהויבן זיין נאָרמאַלע אַרבעט. עס איז צוגעצויגן געוואָרן אַ גרופּע יונגע, ספּעציאַליזירטע אוניווערזיטאַריער, מיט פאַרשטענ־דעניש פאַר דער דאָזיקער וויכטיקער אויפגאַבע. די ערשטע פאָרש־אַרבעט באַזירט זיך אויף די חתונות וואָס זענען פאָרגעקומען די לעצטע צוויי יאָר אין דער הויפּטשטאָט. ווי מאַטעריאַל פאַר דער דאָזיקער אַרבעט איז אויסגענוצט געוואָרן דער רעגיסטער פאַר חתונות ביים ראַבינאַט.

די דאַטן און פאַקטן וועלכע אַנטפּלעקן זיך אין דעם דאָזיקן רעגיסטער פון אַן ערך טויזנט חתו־נות זענען ביז גאָר אינטערעסאַנט און באַלערנדיק.

דער אינסטיטוט פאַר סאָציאַלע פאָרשונגען גרייט איצט צו ווייטערדיקע פאָרשידענע אַר־בעטן וועגן דעם ייִדישן לעבן פון אונדזער ישוב. עס איז דורכגעפירט געוואָרן די לעצטע וואָכן אַ צענז פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין קילמעס. עס ווערט אָרגאַניזירט אַ צענז וועגן ייִדישע לערער אין אַרגענטינע. עס ווערט אויך שטודירט דער צענז, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דער קהילה פון טוקומאַן וועגן דעם דאָרטיקן ישוב.

מיר האָפן, אַז דורך די אַרבעטן פון דעם פאָרש־אינסטיטוט וועלן באַלויכטן ווערן פיל אַס־פּעקטן פון אונדזער ישוב, וואָס וועלן פירן בעסער צו דערקענען אונדזער לעבן.



די דערעפענונג פון דער ישיבה גבוה. פון רעכטס צו לינקס: הרב פינק, אַמב׳ יוסף אבידר, י. גאָלדשמיט ע״ה, ד. קלימאָווסקי, ד״ר ט. קאַמענשיין (רעדט), אלימלך גוטקין.

איצט איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף דער איניציאַטיוו וועגן אַ דערנענטערונג צווישן די געמיינדעס. די קהילה ווי אַ צענטראַלע אינסטיטוציע פון ישוב, באַציט זיך מיט פאַרשטענדעניש צו די עקזיסטירנדיקע אַנדערע געמיינדעס און זוכט אויפריכטיק זייער פריינדשאַפט און מיט־אַרבעט.

כדי דאָס צו דערגרייכן און צו שאַפן די נייטיקע אַטמאָספער פאַר אַזאַ צוזאַמענאַרבעט, איז איינגעשטעלט געוואָרן ווי אַ פּערמאַנענטער מנהג, דורכצופירן צו דער געלעגנהייט פון אונדזער ראש־השנה אַ חברישן אָוונט־ברויט אין דעם קהילה־הויז, צו וועלכן עס ווערן פאַרבעטן די אָנ־פירנדיקע עסקנים און גייסטיקע מנהיגים פון די פאַרשידענע געמיינדעס.

די ערשטע מסיבה פון דעם מין איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער 1961 — צו ראש־השנה תשכ״ב — און איז שוין פאַרבליבן ווי אַ פּערמאַנענטער איינפיר. ביי אַ פריינטלעכן טיש פון שבת אחים האָבן זיך פאַרזאַמלט די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער מיט זייערע פרויען, צוזאַמען

מיט אָנגעזעענע עסקנים פון די ספרדישע קהילות, פון דער צענטראַל־אייראָפּעיִשער געמיינדע און פון די צוויי גרויסע טעמפּלען.

ביי דער מסיבה זענען געקומען צום וואָרט פאָרשטייער פון די פאַרטראָטענע געמיינדעס, מיט לויב פאַר דער איניציאַטיוו. זיי האָבן געבראַכט צום אויסדרוק זייער גרייטקייט צו אַרבעטן פאַר אַ דערנענטערונג פון די עקזיסטירנדיקע געמיינדעס און פאַר אונדזערע געמיינזאַמע צילן.

די בר־מצוה־פייערונגען פון דער מדינה. — מיט פרייד איז אויפגענומען געוואָרן די אי־ניציאַטיווע, וואָס איז געקומען פון מדינת־ישראל צו פייערן די בר־מצוה פון אונדזערע קינדער, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין דעם יאָר פונעם אויפקום פון דער מדינה. צוויי פייערונגען אַזעלכע זענען דורכגעפירט געוואָרן אין קהילה־זאַל און זיי זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פריידיקן יום־טוב פאַר פיל הונדערטער קינדער, יינגלעך און מיידלעך. דאָס איז אויך געווען אַ טיפע, עמאָציאָנעלע איבערלעבונג פאַר הונדערטער משפחות.

אין די דאָזיקע צענטראַלע פייערונגען האָבן זיך באַטייליקט, ווי ספּעציעל־איינגעלאַדענע, דער אַמבאַסאַדאָר פון דער מדינה אין אַרגענטינע, גענעראַל יוסף אבידר, זיין פרוי, די שריפט־שטעלערן ימימה טשערנאָוויץ־אבידר, ווי אויך דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין אורוגוויי, יצחק הרכבי. זייער באַטייליקונג האָט צוגעגעבן די פייערונגען חשיבות.

אַחוץ די צוויי קינדער, געבוירענע אינעם טאָג פון דער מדינה, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן דורך דער קהילה קיין מדינת־ישראל, ווי געסט פון דער רעגירונג, צו באַטייליקן זיך אין דעם יום־העצמאות, האָבן פינף קינדער זוכה בגורל געווען עס זאָלן געמאַכט ווערן מצד דער קהילה דעפּאָזיטן פון 50 דאָלאַר פאַר יעדן איינעם פון זיי, אויף זייערע נעמען, אין „בנק לאומי ישראל". דעם צאָלרייכן קינדער־עולם פון שטאָט און פון פּראָווינץ זענען צעטיילט גע־וואָרן ספּעציעלע קינסטלערישע דיפּלאָמען און מתנות.

אַ וויטערדיקע איניציאַטיוו איז די באַערונג פאַר די ערשטע מיטגלידער פון דער חברה קדישא. — די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט געהאַלטן פאַר איר פליכט אויסצודריקן איר דאַנקבאַר־קייט די ערשטע מיטגלידער פון דער חברה־קדישא, וועלכע האָבן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק זיך אָנגעשלאָסן אין דער דאָזיקער כלל־אינסטיטוציעס, וואָס איז מיט דער צייט טראַנס־פאָרמירט געוואָרן אין דער קהילה פון בוענאָס־איירעס.

די ערנסטלעכע באַערונג וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין נאָוועמבער 1961, האָט צונויפגעבראַכט אַ גרויסן עולם, צווישן זיי אויך אַזעלכע וואָס האָבן אַמאָל פאַר־נומען אָנפירנדיקע אַמטן אין דער חברה־קדישא און אין אַנדערע אינסטיטוציעס. מיט דער דאָזיקער באַערונג האָט די קהילה געטאָן גערעכטיקייט צו די ראשונים פון אונדזער געזעל־שאַפטלעך יידיש לעבן, וועלכע זענען אַזוי אַרום אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייער פאַרגעסנקייט.

אַזאַ באַערונג איז אויך דורכגעפירט געוואָרן צום צווייטן מאָל אין נאָוועמבער 1962, און זי וועט שוין פאַרבלייבן ווי אַ פּערמאַנענטער יאָרלעכער איינפיר.

די ד״ר א. מבשן־פּרעמיע. — די קהילה האָט זיך פּאָזיטיוו אָפּגערופן אויף דער איניציאַ־טיוו פון דער „דאַיאַ" צו באַערן דעם אָנדענק פון געוו׳ ראש הקהל, געוו׳ פּרעזידענט פון דער „דאַיאַ", וויכטיקן אינטעלעקטואַל און פאַרדינסטפולן עסקן, דורך אויסטיילן יעדעס יאָר אַ פּרע־מיע אויף זיין נאָמען פאַר וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע ווערק. די קהילה האָט אויף דעם צוועק אַסיגנירט אַ מיליאָן פּעזעס פאַר פּרעמיעס וואָס וועלן אויסגעטיילט ווערן אין משך פון צען יאָר. די אויפזיכט איבער דער פּרעמיע־פאַרטיילונג איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אונטער דער אָנפירונג פון פּראָפ׳ ב. הוסאַי. ביז איצט זענען שוין אויסגעטיילט געוואָרן דריי פּרעמיעס. אַזוי אַרום האָט די קהילה מיטן דעקן די מאַטעריעלע באַזע מעגלעך געמאַכט צו רעאַליזירן די דאָזיקע וויכטיקע איניציאַטיוו.

איך וויל אויך פאַרצייכענען אונדזער אָנטייל אין אַ ריי אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן. — ס׳איז וויכטיק צו דערמאָנען, אַז אונדזער קהילה האָט זיך באַטייליקט אין דעם לעצטן פּעריאָד אין איניקע וויכטיקע אַל־יידישע קאָנגרעסן, ווי למשל: די קליימס־קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק,

דער חינוך־קאָנגרעס אין ירושלים און די לעצטע אסיפה פון לאַטיין־אַמעריקאַנער ישובים אין סאַן פּאַולאָ. אויף די אַלע דערמאָנטע קאָנגרעסן איז אונדזער קהילה געווען ווירדיק פאָרטראָטן דורך אירע דירעקטע דעלעגאַטן. עס איז דאָ אויפן אָרט צו באַטאָנען, אַז די באַטייליקונג אין אַזעלכע קאָנגרעסן איז פון יעדן שטאַנדפּונקט וויכטיק.

אין סאַן פּאַולאָ האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט זיך איבערצוצייגן, אַז אַלע דעלעגאַטן פון די אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער ישובים, קוקן אויף אונדזער קהילה און ועד הקהילות ווי אויף אַ מוסטער. זיי האָבן זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט אונדזערע דערגרייכונגען און זיי ווילן אָרגאַניזירן זייער קהילה־לעבן, נעמענדיק אונדזער ישוב אַלס ביישפּיל. זיי בעטן אונ־דזער מיטהילף בכדי צו אָרגאַניזירן זייערע ישובים.

צווישן די וויכטיקע באַשלוסן וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אין סאַן פּאַולאָ, איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ קאָנפעדעראַציע פון אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנער קהילות. דאָס אָרגאַניזירן די קאָנפעדעראַציע איז אָנפאַרטרויט געוואָרן אונדזער קהילה, ווי אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר אונדזער ישוב.

און אויפן סוף לאָמיר דערמאָנען די אויסבעסערונגען אויף די בית־עלמינס. — אַחוץ אַלע אַנדערע געביטן פון אונדזער לעבן, איז אויך געשאָנקען געוואָרן גרויס אויפמערקזאַמקייט די בית־עלמינס. ס׳זענען קודם־כל געפלאַסטערט געוואָרן נייע וועגן אויפן בית־עולם פון בערע־סאַטעגי. אַ גאַר באַדייטנדיקער סכום פון אַרבעט און מיטלען איז נייטיק געווען צו אינוועסטירן אין דעם בית־עולם פון טאַבלאַדאַ. ס׳איז געזאָרגט געוואָרן צו פאַרבעסערן די באַדינגונגען פאַר די מאַסן־יידן וואָס קומען דאָרט אַהין בעת אַ לוויה, אָדער אויף קבר־אָבות. עס זענען געפלאַס־טערט געוואָרן נייע וועגן, ס׳איז געלייגט געוואָרן אַ נייער דאַך און קופּאָל אויפן בנין, ווי אויך אויפגעשטעלט געוואָרן אַ וואַסער־טורעם. די אַלע אַרבעטן צוזאַמען האָבן באַטראָפן אַ סומע פון פיר מיליאָן פּעזעס.

גאָר אַ וויכטיקע איניציאַטיוו וואָס איז אויך פאַרבונדן מיט גאָר־גרויסע התחייבותן — פאַר העכער 30 מיליאָן — שטעלט מיט זיך פאָר דער קויף פון אַ שטיק פעלד וואָס גרענעצט זיך מיט טאַבלאַדאַ. מיט דעם דאָזיקן קויף ווערט פאַרגרעסערט דער באָדן־רעזערוו פון יענעם בית־עולם מיט קרוב 10 העקטאַר לאַנד.

דער דאָזיקער קויף, וואָס איז פאַרמאַליזירט געוואָרן דעם 14טן נאָוועמבער 1962, איז בלי שום ספק אַ וויכטיקע געשעעניש אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער קהילה וואָס וועט ערשט שפּעטער קענען אָפּגעשאַצט ווערן אין איר פולן באַדייט.

ביי דער געלעגנהייט דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן די אויסבעסערונגען וואָס זענען דורכ־געפירט געוואָרן אין דעם הויז פון דער „קאָטשעריזאַ״, אויף צו באַזאָרגן דאָס הויז מיט די מי־נימאַלע באַקוועמלעכקייטן פאַר די וואָס קומען דאָרט אַהין אין אַ מאָמענט פון פיינלעכע אי־בערלעבונגען. די דאָזיקע אַרבעטן האָבן געפאָדערט אַ הוצאה פון צוויי מיליאָן פּעזעס.

במשך דעם לעצטן פעריאָד זענען אויך פאַרריכט געוואָרן די אַלטע עגלות און עס זענען איינגעקויפט געוואָרן נייע. אויך אויף דעם צוועק איז פאַרווענדט געוואָרן די סומע פון העכער פיר מיליאָן פּעזעס.

מען וואָלט געקענט אויסרעכענען נאָך אַ סך, אַ סך אַנדערע זאַכן וואָס זענען געטאָן און אויפגעטאָן געוואָרן במשך דער צייט. אָבער מיין אויפגאַבע איז דאָ נישט אָפּצוגעבן קיין באַריכט פון אונדזער פאַרצווייגטער טעטיקייט. איך האָב בלויז געוואָלט אילוסטרירן מיט עטלעכע פאַקטן די כלל־ישראלדיקע אַרבעט פון דער קהילה, איר געדענקען דעם נעכטן און איר זאָרגן פאַר דעם מאָרגן, ווי אויך די שטרעבונג מיט איר אַקטיוויטעט כסדר צו דינען סיי דער גאַנצער געזעל־שאַפט און סיי דעם אינדיווידועלן מיטגליד.

די דאָזיקע גרונט־פּרינציפּן פון אונדזער אַקטיוויטעט האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אַלע אונ־דזערע דערגרייכונגען.

אשר גראָקאָפּ

# אַ פּראָבלעם וואָס געפינט זיך נאָך אַלץ אויף אונדזער סדר היום

ווען מיר בלעטערן די יאָרביכער וואָס מיר האָבן אַרויסגעגעבן, ווערט פאַר אונדז קלאָר, ווי אַזוי די חברה־קדישא איז שטופנווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן, דורך די אויפגאַבן און פליכטן וואָס זי האָט דורכגעפירט, אין אַ קהילה.

דער באַשלוס צו פּראָקלאַמירן די חברה־קדישא אין אַ קהילה איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן דעם 31סטן מאַרץ 1949 אויף אַ ספּעציעלער פייערלעכער זיצונג.

אַלס ערשטער וויצע־פּרעזידענט האָב איך געהאַט דאָס גליק אָנטייל צו נעמען אין דער זיצונג און מיטצוהעלפן אין דער רעאַליזירונג פון דעם באַשלוס.

דער ענין בודזשעט איז ביי דער פּראָקלאַמירונג פון דער קהילה געווען איינער פון די הויפּט־פּונקטן.

אין פערטן פּונקט פון דער פּראָקלאַמירונגס־דעקלאַראַציע זאָגט זיך: די פאַרוואַלטונג באַשטימט איינשטימיק צו באַשטעטיקן די פּראָיעקטן און דערקלערט אַלס קאָנסטיטואירט די קהילה פון בוענאָס־איירעס און אומגעגנט מיט אַלע אירע פונקציעס און הצטרכותן. באַאויפטראָגט די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיסיע צו שאַפן אַ פאָנד וואָס זאָל גערופן ווערן קהילה־פאָנד; רעווידירן די ביז־איצטיקע הכנסות אין שיין פון די אַקטועלע אומשטענדן, כדי די קהילה זאָל קענען דערפילן אירע פונקציעס מיט דער ברייטקייט און פאַרנעם וואָס די באַדערפענישן פון דער קהילה פאָדערן.

איצט, 13 יאָר שפּעטער, באַאומרויִקט אונדז ווידער די זעלבע בודזשעט־פראַגע.

מיר האָבן אַ הוצאה־בודזשעט פון אַ מאָדערנער אָרגאַניזירטער קהילה מיט די הכנסות פון אַ חברה־קדישא.

די קהילה שטיצט כמעט אַלע אינסטיטוציעס אין שטאָט. זי גיט אַכטונג אויף זייער גוטן צושטאַנד און זאָרגט פאַר זייער קיום.

דער וועד־הקהילות זאָרגט, לויט זיינע מעגלעכקייטן, פאַר אַלע קהילות אין אַלע ישובים פון לאַנד.

ווען מיר בלעטערן די יאָרביכער, אָדער ווען מיר אַנאַליזירן אַ פּשוטן יערלעכן באַלאַנס פון די לעצטע יאָרן פון אונדזער קהילה, באַקומט זיך אַ ברייט־פאַרנעמיק בילד פון אונדזער אַרבעט. יעדע אָפּטיילונג פון דער קהילה איז אַליין אַ גאַנצע אינסטיטוציע, ווי למשל:

סאָציאַלע הילף,
קולטור־קאָמיסיע מיטן „חודש פון יידישן בוך",
יוגנט און עליה און אַלע אָפּצווייגונגען,
רעליגיעזע ענינים,
אַרביטראַזש־קאָמיסיע,
גמילות־חסדים און קאָנסטרוקטיווע הילף,
די פאַרצווייגטע חינוך־אַרבעט,
דער לערער־סעמינאַר אין שטאָט און אין מאָזעסוויל,

די מיטל־שולעס און מדרשה,

דער וועד־החינוך המרכזי פאַר שטאָט און פּראָווינץ,

דער וועד־הקהילות און נאָך פאַרשיידענע אָפּטיילונגען, גרעסערע און קלענערע.

יעדע אָפּטיילונג פאָדערט און פאַרשלינגט גרויסע בודזשעטן. די אַרבעט ווערט געטאָן מיט פּאַרנעס, ווי עס פּאַסט היינטיקע צייטן פאַר אַן אָרגאַניזירטער קהילה וואָס שטייט מיטן פּנים צו אַלע פראַגן וואָס זיינען נוגע דעם ייִדישן לעבן אין לאַנד און מיטן האַרצן צו מדינת־ישראל מיט אַלע אירע פּראָבלעמען און פאָדערונגען.



חנוכה־פייערונג פון דער קהילה אין זאַל „אָפּעראַ״. יאָר 1961.
אויבן: פון רעכטס אויף לינקס: מ. יונגערמאַן, ד״ר ט. קאַמענשטיין, אַמב׳ יוסף אבידר, אשר גראָקאָפּ און משה האָניק. אונטן: דער עולם אין זאַל.

ווען מיר מאַכן אַן אַנאַליז פון די בודזשעטן, זעען מיר דעם פּאַרנעס פון אונדזער קהילה־אַרבעט.

די אויסגאַבן פונעם יאָר 1961 זיינען געווען —.122.902.683 פּעזעס.

עס זיינען אויסגעגעבן געוואָרן:

| | | |
|---|---|---|
| אין דער רובריק געהאַלטן און אַלגעמיינע הוצאות — — | 39 % | 47.421.840 |
| חינוך־סובסידיעס אין אַלע אָפּטיילונגען — — — — | 42 % | 51.094.478 |
| אַלגעמיינע סובסידיעס — — — — — — — — — — | 19 % | 24.386.338 |
| | 100 % | 122.902.656 |

דער טייל געהאַלטן און אַלגעמיינע הוצאות ווערט צעטיילט אויף פאָלגנדיקן אופן:

| | | |
|---|---|---|
| געהאַלטן און אַלגעמיין — — — — — — — — — — — — | 17 % | 20.230.210 |
| אַלגעמיינע הוצאות — — — — — — — — — — — — | 17 % | 20.552.307 |
| פּראָצענטער און שטייערן — — — — — — — — — | 1 % | 1.141.874 |
| פּובליקאַציעס — — — — — — — — — — — | 1 % | 1.271.928 |
| פאַרשיידענע אויסגאַבן און אַמאָרטיזאַציעס — — — | 3 % | 4.215.521 |
| | 39 % | 47.411.841 |



מיטגלידער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג באַטראַכטן די ביכער אויף דער אויסשטעלונג אין יאָר 1961.
פון רעכטס אויף לינקס: א. גראָקאָפּ, א. פרידמאַן, ד״ר ט. קאַמענשיין, מ. האָניק, י. גרינבוים.

חינוך־אויסגאַבן ווערן צעטיילט אויף פאָלגנדיקן אופן:

| | | |
|---|---|---|
| סובסידיעס פאַר שולעס און מיטל־שולעס — — — — — | 27 % | 32.882.637 |
| סובסידיעס פאַר בוי פון שולעס — — — — — — — — | 4 % | 5.016.300 |
| געהאַלטן און אַלג. הוצאות פון וועד־החינוך — — — — | 3 % | 3.463.319 |
| לערער־סעמינאַר פון פאַסטעור — — — — — — — — | 6 % | 6.941.249 |
| לערער־סעמינאַר פון מאָזעסוויל און אינטערנאַט — — — | 2 % | 2.790.971 |
| | 42 % | 51.094.476 |

אַלגעמיינע סובסידיעס ווערן צעטיילט אויף פאָלגנדיקן אופן:

| | | |
|---|---|---|
| חודשלעכע סובסידיעס צו אינסטיטוציעס — — — — — — | 3 % | 4.043.502 |
| סאָציאַלע הילף — — — — — — — — — — — — — | 5 % | 6.212.242 |
| רעליגיעזע אָפּטיילונג — — — — — — — — — — — | 2 % | 2.607.746 |
| יוגנט און עליה — — — — — — — — — — — — — | 4 % | 4.898.791 |
| קולטור־קאָמיסיע און חודש פון יידישן בוך — — — — | 3 % | 4.169.074 |
| וועד הקהילות — — — — — — — — — — — — — — | 2 % | 2.456.003 |
| | | 24.366.158 |

די הכנות פון דער קהילה אין יאָר 1961 זיינען:

| | | |
|---|---|---|
| מיטגליד־אָפּצאָל — — — — — — — — — — — — — | 9 % | 11.222.050 |
| פון פאַרשיידענע איינקונפטן — — — — — — — — — | 4 % | 4.312.644 |
| פון די בית־עלמינס אין אַלגעמיין — — — — — — — | 87% | 107.440.191 |
| | | 122.974.885 |

די טאַבעלעס פון ציפערן ווייזן אונדז די פאַרשיידנאַרטיקע ברייטע אַרבעט פון דער קהילה. זיי ווייזן אָבער אויך, אַז ס'איז פאַראַן איין פונקט וועלכער באַזאָרגט די אָנפירער פון דער קהילה — דאָס איז דער נישט־אָפיציעלער דעפיציט.

דאָס איז אַ דעפיציט פון צוגעזאָגטע סובסידיעס צו שול־אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס, אָדער אַנדערע געזעלשאַפטן, וואָס איז מער־ווייניקער דער באַטרעף פון 5 חדשים.

דעריבער שטעלן מיר ווידער, ווי מיט 13 יאָר צוריק ביים פּראָקלאַמירן די קהילה, די בודזשעט־פּראַגע מיטן גאַנצן ערנסט צום דעת־הקהל און מיר זאָגן:

עס מוז געשאַפן ווערן דער פּראָיעקטירטער קהילה־פאָנד, אָדער אַ קאַמפּיין פאַר געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן, כדי די קהילה זאָל האָבן נייע קוואַלן פון איינקונפטן, מער זיכערע און רעגולערע, כדי מיט די איינקונפטן צו באַפרייען די קהילה פון די שווערע דעפיציטן וואָס האַמעווען די אַרבעט און ממילא שוואַכן זיי אָפּ די זיכערקייט פון די אינסטיטוציעס וואָס זיינען אָפּהענגיק פון דער קהילה.

מיט די דאָזיקע איינקונפטן וועט מען קענען נעמען דורכפירן די איניציאַטיוועס, נייע אָדער אַלטע, וואָס ליגן אין די שופלאָדן און וואַרטן אויף בודזשעט.



יצחק יאַנאַסאָוויטש

# דער סטאַטוטן־רעפאָרם און די דעמאָקראַטיזאַציע פון דער קהילה

— 1 —

יענער געדענקלעכער מאָמענט, ווען די חברה קדישא אין בוענאָס־אײַרעס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי אַ קהילה איז בלי שום ספק געווען היסטאָריש פאַר דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אַרגענטינער ייִדנטום און ער טאָר דעריבער נישט אונטערגעשאַצט ווערן דורך קיינעם. אמת איז, אַז די פּראָקלאַמירונג גופא האָט — איבערהויפּט אין די ערשטע צייטן — נישט איבערגעאַנדערשט דעם כאַראַקטער פון דער אינסטיטוציע און האָט אויך — אויפן ערשטן מאָמענט — נישט אַרײַנגעבראַכט קיין דורכויס־נייע מעטאָדן אין איר אַרבעט, פונדעסטוועגן מעג מען אָן מורא פאַר גוזמא זאָגן, אַז די דאָזיקע פּראָקלאַמירונג איז געווען אַן אַקט פון רעוואָלוציאָנערישקייט, ווייל מען דאַרף געדענקען, אַז דער וויכטיקסטער אויפטו פון יעדער גוטער און גערעכטער רעוואָלוציע זענען נישט די ענדערונגען וואָס זי אַליין ברענגט מיט זיך, נאָר דאָס וואָס זי סאַנקציאָנירט די פריִערדיקע ענדערונגען וואָס זענען אַ פועל־יוצא פון אַ לאַנגער עוואָלוציע. אַזוי, למשל, זאָגט דער גרויסער ייִדישער דענקער מאַרטין בובער, אין זיין ווערק „נתיבות באוטופיה”, אַז אַ פּאָזיטיווע רעוואָלוציע קומט נישט שאַפן קיין נייע געזעלשאַפטלעכע לעבנס־פאָרמען, נאָר זי קומט געזעצלעך מאַכן, און דורך דעם געבן מעגלעכקייטן פאַר זייער אַנטוויקלונג, די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען און אינהאַלטן וואָס די עוואָלוציע האָט זיי שוין אַרײַנגעפירט אין לעבן. אין ליכט פון דעם דאָזיקן גרויסן אמת איז די פּראָקלאַמירונג וועגן וועלכער מיר רעדן געווען — פון שטאַנדפּונקט פון אונדזער ישוב־געשיכטע — אַ וויכטיקער רעוואָלוציאָנערער אויפטו.

כדי דאָס געזאָגטע זאָל אונדז קלאָרער ווערן דאַרפן מיר זיך דערמאָנען די ווערטער פון דעם דאָזיקן מאַן וואָס אים איז אויסגעפאַלן דער כבוד צו רעאַליזירן די מעטאַמאָרפאָזע דורך וועלכער די חברה־קדישא איז אָנגערופן געוואָרן קהילה. אין זיין מאָטיווירונג פון דעם דאָזיקן באַשלוס האָט ער קורץ און געפאַסט באַטאָנט: „די חברה קדישא ווערט אָנגערופן קהילה, ווייל אין תוך גענומען דערפילט זי שוין לאַנג די דאָזיקע פונקציעס וואָס אַ קהילה דאַרף דערפילן”. דאָ האָבן מיר די קאָנסטאַנץ, אַז די חברה קדישא איז לויט איר פונקציאָנעלן כאַראַקטער שוין לאַנג אַ סך מער ווי אַ חברה קדישא און דאָס הייסט, אַז אומאָפיציעל איז זי שוין לאַנג אַ קהילה. און ריכטיק: וואָרעם סיי די עוואָלוציע פון אונדזער ישוב, סיי די אַנטוויקלונג פון דער געגעבענער אינסטיטוציע האָבן שוין לאַנג געשאַפן נייע עקזיסטענץ־פאָרמען און נייע טעטיקייט־אינהאַלטן וועלכע האָבן נאָר געוואַרט אויף דעם מאָמענט פון זייער געזעצלעכער אָנערקענונג, כדי ווייטער פאָרצוזעצן דעם וועג פון נאָרמאַלן אויפשטייג. דאָס אָנרופן די אַלטע חברה קדישא מיטן נייעם נאָמען קהילה איז דעריבער נישט געווען בלויז קיין פאָרמעלער שינוי השם, נאָר ער איז געווען אַן אַקט פון אָפיציאַליזירן דאָס וואָס האָט שוין אומאָפיציעל סיי ווי עקזיסטירט

און איז דערביי דורך איר אומאָפיציעלער לאַגע געהאַמעוועט געוואָרן אין דעם ווייטערדיקן פאַרויסגאַנג.

בילדלעך זיך אויסגעדריקט, וואָלט זיך דאָ געפּאַסט צו זאָגן, אַז מיטן באַשלוס אָנצורופן די חברה קדישא מיטן נאָמען קהילה, האָט מען נישט אָנגעטאָן קיין גרויס היטל אויף אַ קליי־נעם קאָפּ, נאָר מען האָט, פאַרקערט, דעם אויסגעוואַקסענעם קאָפּ פון אונדזער ישוב באַפרייט פון דער ענגשאַפט אינעם קליינעם היטל. אַוודאי קען עמעץ פרעגן: ווער און וואָס וואָלט דען געשטערט דער חברה קדישא ווייטער צו טאָן קהילה־אַרבעט אונטער איר דאָזיקן נאָמען? דער אמת איז אָבער, ווי מיר האָבן עס שוין פריער באַטאָנט, אַז דאָ איז געגאַנגען פיל מער ווי אין בלויזן נאָמען און ווען מען טראַכט זיך אַריין טיפער זעט מען, אַז אָן דעם דאָזיקן מאָמענט פון



אַ טייל פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אין די יאָרן 1957—1960. פון רעכטס אויף לינקס: גענעראַל־סעקרעטאַר צבי פיינגערש, ראש־הקהל אלימלך גוטקין, קאַסיר אלתר הירש, 1טער וויצע־פּאַרזיצער ד״ר ב. לערנער, 2טער וויצע־פּאַרזיצער א. וועג, ראובן פּעפּערמאַן פאַרוו׳־מיטגל׳, משה גאַראַדיטש פאַרוו׳־מיטגל׳.

נאָמען־איבערבייט וואָלט שפּעטער נישט מעגלעך געווען דער ווייטערדיקער רעוואָלוציאָנערער שריט פון סטאַטוטן־רעפאָרם. דאָס ווייזט אונדז, אַז די רעאַליזירער פון יענעם אַקט דורך וועלכן די חברה־קדישא האָט זיך אָפיציעל טראַנספאָרמירט אין אַ קהילה, האָבן נישט בלויז געהאַט דעם געהעריקן חוש פאַר דער ווירקלעכקייט אין זייער צייט, נאָר זיי האָבן אויך געהאַט די נייטיקע וויזיע פאַר דער צוקונפט און פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ישוב.

עס איז דערביי נישט נייטיק ערשט צו זאָגן, אַז הגם דעם דאָזיקן היסטאָרישן אַקט האָבן דורכגעפירט יחידים, און זייער פאַרדינסט דאַרף דאָ נישט געמינערט ווערן, איז אָבער דער אַקט גופא געווען דאָס ווערק פון אונדזער גאַנץ געזעלשאַפטלעך לעבן, וואָס האָט זיך געצייטיקט און גערייפט אין משך פון די הונדערטער יאָר פון אונדזער ישובדיקער עקסיסטענץ. די אַנט־

וויקלונג פון אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט האָט טריט ביי טריט געשפּאַנט פּאַרויס און זי האָט די חברה קדישא אויך געשטויסן אויף דעם דאָזיקן פּאַרויסיקן וועג. אַלע ווייסן, אַז פון דעם ערשטן באַשלוס צו סובסידירן פון דעם עודף פון די חברה קדישא־געלטער אַ יידישע שול ביז צו די שפּעטערדיקע סובסידיעס פאַר אונדזער שול־וועזן איז פאַראַן אַ מהלך פון יאָרן, אין וועלכע עס זענען אויפגעקומען צענדליקער און הונדערטער געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און קערפּערשאַפטן. נישט אַלע גיבן זיך אָפּ אַ דין־וחשבון אַז דאָס מערקווירדיקסטע אין דער דאָזיקער זאַך איז, וואָס צוגלייך מיט דעם וווּקס פון די כלערליי געזעלשאַפטלעכע מוסדות אינעם ישוב, איז אויך געוואַקסן די שטרעבונג צו זען אין דער חברה־קדישא אַ צענטראַליזירנדיקע אינסטיטוציע. און דווקא אָט די שטרעבונג, וואָס מערקט זיך ערשט איצט אין דעם גרויסן צפון־אַמעריקע, איז ביי אונדז געוואָרן דער כח וואָס האָט די חברה־קדישא פאַרוואַנדלט אין אַ קהילה. פון וואַנען האָט זיך גענומען אָט־די שטרעבונג וואָס האָט אונדז אַזוי בולט אונטערגעשיידט פון דעם צפון־אַמעריקאַנער ישוב? פאַראַן אַזעלכע וואָס ענטפערן, אַז דאָ האָט געשפּילט אַ ראָל דער פאַקט וואָס די חברה־קדישא איז בכח געווען אויסצוטיילן סובסידיעס די שטענדיק־באַדאַרפנדיקע ניי־אַנטשטאַנענע אינסטיטוציעס און מען קען אין אַ געוויסן זין נישט לייקענען, אַז אָט די סובסידיע־פאַרטיילונג האָט וואָס אַמאָל מער געשטעלט די חברה־קדישא אין צענטער פון געזעלשאַפטלעכן אינטערעס און האָט איר פאַרשאַפן וואָס אַמאָל מער מאַכט און אויטאָריטעט. פונדעסטוועגן מעגן מיר שטאַרק מסופק זיין צי אָט די דורכויס־מאַטעריאַליסטישע דערקלערונג דערקלערט טאַקע עפּעס. דער אמת איז, אַז געשטויסן די חברה־קדישא אויפן וועג פון אַ צענטראַליזירנדיקער קהילה האָט אַ פאַקטאָר וואָס מען קען אים אפשר מיט די הענט נישט אָנטאַפּן, ווייל ער באַשטייט פון דעם רוחניותדיקן געוועב אין וועלכן ס'זענען פאַראַן: 1) פעדעם פון נאָסטאַלגיע צו דער אַלטער היים; 2) פעדעם פון אַ בענקשאַפטלעכער לעכצעניש צו אַ נייער נאַציאָנאַלער לעבנס־פאָרעם און 3) פעדעם פון אַ באַוווּסטזיין, אָדער אפשר אַן אונטערבאַוווּסטזיין וועגן דער נייטיקייט אויפצושטעלן אַן אינסטאַנץ וואָס זאָל צוזאַמענשמעלצן דאָס יידישע לעבן און עס אָפּהיטן פון די געפאַרן וואָס ליגן אין יעדער צעברעקלונג. בכל אופן איז קלאָר, אַז ראַציאָנעל איז די קשיא זייער שווער צו פאַרענטפערן און וויפל מען זאָל זיך נישט פרווון מיט שכלדיקע השערות, וועט מען אָבער פאָרט נישט קענען זיך אַרויסדרייען פון דעם ביסעלע מיסטיק וואָס ליגט אין יסוד פון אונדזער גאַנצער פאָלקישער געשיכטע, מאז ועד הנה.

— 2 —

נעמען מיר אָן דעם געדאַנק, אַז דאָס אָנרופן די חברה־קדישא מיטן נאָמען קהילה איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער און היסטאָרישער אַקט, מוזן מיר אָבער דאָך פעסטשטעלן, אַז אויך נאָך דעם דאָזיקן אַקט איז די חברה קדישא נאָך אַלץ נישט געוואָרן קיין אמתע קהילה. און זי איז דאָס נישט געוואָרן, מחמת דעם פשוטן טעם וואָס נישט די פונקציעס אַליין זענען דעצירנדיק ביים באַשטימען דעם כאַראַקטער פון אַ וואָסער עס איז אינסטיטוציע, נאָר עס איז פיל מער דעצידירנדיק דער אופן ווי אַזוי די דאָזיקע פונקציעס ווערן דורכגעפירט און דער גייסט וואָס סטימולירט זיי. אוודאי האָט די חברה־קדישא, ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, אויסגעפירט קהילה־פונקציעס און שוין גאָר געוויס האָט אַזעלכע פונקציעס אויסגעפירט די ניי־געגרינדעטע קהלה, אָבער אום כדי צו ווערן אַן אמתע קהילה האָט דער אינסטיטוציע נאָך געפעלט דער דאָזיקער אַטריבוט וואָס האָט גרויס־געמאַכט אירע עלטערע שוועסטער־אינסטיטוציעס אין אייראָפּע, באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן פון פאַרן חורבן. דאָס מיינט: עס האָט איר געפעלט דער דאָזיקער דעמאָקראַטישער גייסט וואָס זאָל פון דעם אַנשטאַלט מאַכן אַ מוסד פון פאָלק פאַרן פאָלק, אָדער מיט אַנדערע ווערטער: אַן אינסטיטוציע וואָס זאָל האָבן דאָס מאָראַלישע רעכט אויף אַן אמת צו רעדן אין נאָמען פון אירע מיטגלידער און דורך דעם — אין נאָמען פון גאַנצן ישוב.

די נייע קהילה האָט, ווי מיר ווייסן, איבערגענומען פון דער אַלטער חברה קדישא, אַ חוץ אַנדערע זאַכן, איר פעסטגעשטעלטע וואַל־אָרדינאַציע וועלכע איז שוין געווען אַנאַכראָניש אַפילו פאַר אַ חברה־קדישא און מכל־שכן נאָך פאַר אַ קהילה. אין זיין אַרבעט „די פּאַרטייען אין היגן ישוב" (געדרוקט אין דעם דאָזיקן זאַמלבוך) האָט קאָלעגע א. א. פישער גענוי אָנגעוויזן וואָס עס זענען געווען די פעלערן פון דער אַלטער וואַל־אָרדינאַציע און ער האָט אויך געשילדערט די רעזולטאַטן פון אַט־דעם אָפּגעלעבטן וואַל־סיסטעם. פון די דאָזיקע רעזולטאַטן איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע דאָס וואָס די וואַלן האָבן זייער זעלטן אָפּגעשפּיגלט דעם אמתן דעת־הקהל, מחמת זיי האָבן דעם ווילער אַוועקגעשטעלט פאַר דער ברירה צו שטימען פאַר וואַל־בלאָקן און נישט פאַר באַזונדערע אידעישע, אָדער פּאָליטישע ריכטונגען און גרופּירונגען. היות דאָס האָט נישט אָנטשפּראָכן דער אידעישער און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון היגן מאַסן־מענטש האָט דאָס במילא געמוזט ווירקן אין אַ נעגאַטיווער ריכטונג אויף דער וואַל־



אַ טייל פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אין די יאָרן 1957—1960. פון רעכטס אויף לינקס: א. ווילנער רעכענונג־איבערזעער, ל. ראַבינאָוויטש פאַרוו׳־מיטגל׳, י. ווענגראָווער פאַרוו׳־מיטגל׳, י. בערענשטיין פאַרוו.־מיטגל׳, ג. זשעלאַזני פאַרוו׳־מיטגל׳, מ. ראָזענבערג פאַרוו׳־מיטגל׳, י. זאַנג 2טער פראָ־סעקרעטאַר, ד״ר ד. רויזין אַקטן־סעקרעטאַר.

באַטייליקונג פון די מיטגלידער און דערפאַר איז אָפט געשען, אַז פון 35 טויזנט קהילה־מיט־גלידער האָבן זיך אין די וואַלן טיילמאָל באַטייליקט בלויז 10 טויזנט און אַזאַ וואַל־באַטייליקונג האָט זיכער נישט געקענט געבן דער אינסטיטוציע דאָס געפיל, אַז זי רעדט אין נאָמען פון איר גאַנצער מיטגלידערשאַפט.

עס איז כדאי צו דערמאָנען נאָך עטלעכע נעגאַטיווע מאָמענטן פון דער אַלטער וואַל־אָרדינאַציע. קאָלעגע א. א. פישער דערמאָנט אין זיין ציטירטער אַרבעט, אַז דער סיסטעם פון מערהייט און מינדערהייט־וואַלן האָט אָפטמאָל געבראַכט דערצו, אַז אַ ליסטע מיט אַ קליינער מערהייט זאָל זיגן און די אַנדערע ליסטע מיט אַ קליינער מינדערהייט זאָל לחלוטין בלייבן אָן

אַ זייט פון קהילה־רודער. ווען עס זענען געגאַנגען אין וואַל־פּאַרמעסט דריי ליסטעס איז גע־שען נאָך אַ גרעסערער פּאַראַדאָקס: די זיגערישע ליסטע וואָס האָט איבערגענומען די קהילה־לייטונג איז פּאַקטיש געווען אַ מינדערהייט אַנטקעגן די אַנדערע צווייַ ליסטעס וואָס האָבן פאַר־שפּילט און דאָס האָט באַטייט, אַז דער רוב מיטגלידער פון דער אינסטיטוציע האָט געמוזט זאָגן וועגן דער קהילה דעם באַרימטן פסוק: „אין לנו חלק ונחלה”. טאָמער איז דאָס אַליין ווייניק, איז אָבער נאָך פיל ערגער געווען אַן אַנדערע אומשטאַנד. היינו? כדי דער נאַציאָנאַלער לאַגער זאָל זיך פאַרזיכערן די מערהייט האָט ער געמוזט שאַפן אַ וואַל־בלאָק וואָס איז באַשטאַ־נען פון צדדים וועלכע זענען אידעיִש און פּאָליטיש געווען פון זיך זייער ווייט. און ער האָט געמוזט שאַפן אַזאַ בלאָק, וואָרעם על־פּי־רוב איז תמיד געהאַנגען איבערן ישוב די געפאַר, אַז די יעווסעקעס זאָלן מיט זייער בלינדער געהאָרכזאַמקייט און טעמפּער דיסציפּלין אָנציִען אַ קליינע מערהייט און דאַן זאָלן זיי ווערן די פּולע באַלעבאַטים פון דער קהילה. כדי צו פאַרמיידן די דאָזיקע געפאַר האָט דער נאַציאָנאַלער צד נישט געטאָרט דערלאָזן צו קיין כוחות־צעברעקלונג און האָט געמוזט קאָמבינירן אַ וואַל־קאָאַליציע אין וועלכער עס זענען טיילמאָל אַריין ווי אין קרילאָווס באַרימטן משל: אַ ראַק, אַ שוואַן און אַ העכט. אַזאַ מעכאַנישער צונויפשטעל פון דער וואַל־ליסטע האָט געהאַט זיינע מעלות, אָבער דערביי האָט ער זייער שלעכט געווירקט אויפן דורכשניטלעכן ווילער, ווייל אין אַזאַ ברייטער צונויפגעסטריגעוועטער קאַנדידאַטן־רשימה האָט דער ווילער תמיד געפונען אַזעלכע נעמען פאַר וועלכע ער האָט בפירוש נישט געוואָלט שטימען, און אַבי ער האָט נאָר געהאַט די באַרויִקנדיקע אילוזיע, אַז „די קאָמוניסטן וועלן סיי ווי נישט געווינען”, איז ער שוין נישט געגאַנגען צו די וואַלן און זיין פּאַסיוויטעט וואָאָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער וואַל־ליסטע איז געפאַלן ווי אַ שאָטן אויף דער קהילה.

חוץ לזה האָט די נויטוועגדיקייט אויפצושטעלן אַ וואָס ברייטערע וואַל־קאָאַליציע געבראַכט פאַרשידענע, פון אַ דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט, אומגעוווּנטשענע מאָמענטן. קיין שום פּאַרטיי האָט דעמאָלט נישט געקענט, נישט איר אייגענעם כוח, נישט דעם כוח פון צד שכנגד און דער־פאַר האָט זיך טאַקע באַקומען, אַז ביים מאַנטירן דעם וואַל־בלאָק האָט אַ פּאַקטיש קלענערע פּאַרטיי געפאָדערט פאַר זיך די וויכטיקסטע קהילה־אַמטן, שטיצנדיק זיך אויפן כח פון חזקה. אַז אין ייִדישן לעבן האָט זיך עפּעס געביטן, האָבן די דאָזיקע פּאַרטייען און גרופּעס נישט געוואָלט אָנערקענען און ביי יעדן מאָמענט, ווען מען האָט געפּרוווט עפּעס צו בייטן אין דעם חזקה־איינ־שטעל, האָבן זיי געדראָעט צו פאַרלאָזן די קאָאַליציע און צו מאַכן שבת פאַר זיך, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע גרופּעס, וואָס זענען אויך נישט געווען באַגייסטערט פון וועלכער עס איז ענדערונג. אַזעלכעס איז טאַקע אָפּטמאָל געשען און דעמאָלט האָבן מיר ביי די קהילה־וואַלן האָט דריי ליס־טעס: 1) די ליסטע פון דער מערהייט פון די ציוניסטישע פּאַרטייען; 2) די ליסטע פון די תמיד־אַגרעסיווע און ענג־געשלאָסענע יעווסעקעס וואָס האָבן נאָך דעמאָלט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ כוח אין ישוב, און 3) די ליסטע פון די אַזוי־גערופענע אומפּאַרטייִשע צו וועלכע עס האָט זיך אָפּט פאַראייניקט איין אומצופרידענע ציוניסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַלטן, אַז מען באַעוולהט זי ביים פאַרטיילן די אַמטן אין דער קהילה־לייטונג. היות מען האָט תמיד מורא געהאַט פאַר דעם זיג פון דער יעווסעקישער ליסטע האָט מען געמוזט איינגיין אויף אַ סך פשרות ביים אָנ־האַלטן די אייניקייט פון דעם נאַציאָנאַלן לאַגער. אַזוי אַרום האָט מען ערשטנס, בלא יודעים גע־מוזט אונטערהאַלטן גרופּעס און ריכטונגען וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן זייער השפעה; צוויי־טנס, האָט מען געמוזט אין יעדער וואַל־ליסטע אַריינשטעלן פערזאָנען וועלכע האָבן שוין פּאַק־טיש קיינעם נישט רעפּרעזענטירט; דריטנס, האָט מען געמוזט אָנהאַלטן די פּאַנאַנדערטיילונג פון די אַמטן אין דער קהילה־לייטונג אויף אַזאַ אופן וואָס האָט שוין לאַנג נישט אַנטשפּראָכן דעם ווילן פון דעם רוב ווילער. די נייע קהילה האָט זיך דעריבער געפּלאָנטערט אין די נעצן פון דעם אַלטן חברה קדישא־סטאַטוט און ווי לאַנג דער דאָזיקער סטאַטוט האָט דעצידירט ביים וויכ־טיקסטן מאָמענט פון קהילה־לעבן, האָט מען נישט געטאָרט באַהויפּטן, אַז די קהילה שפּיגלט־אָפּ דעם ווילן פון פאָלק און אַז זי רעדט טאַקע אין נאָמען פון דעם רוב פון אירע מיטגלידער

בכדי צו פאַרענדיקן מיט דעם קאַפּיטל איז כדאי צוצוגעבן: שוין דער בלויזער פאַקט וואָס די פאַרטיילונג פון די אַמטן אין דער לייטונג פון דער קהילה איז באַשטימט געוואָרן אין די חדרי־חדרים פון די מאַנטירערס פון דער וואַל־קאָאַליציע און איז נישט דעצידירט געוואָרן דורך דעם וויילער ביים שטים־קאַסטן, האָט געוואָרפן אַ שאָטן אויף דעם ליכט פון דער קהילה־אינס־טיטוציע און ווען מען קוקט אויף דעם דאָזיקן שאָטן פון שטאַנדפונקט פון דעמאָקראַטיע און פון דעם שטאַנדפונקט פון די דערגרייכונגען וואָס זענען אויסגעקעמפט געוואָרן דורך דער היס־טאָרישער עוואָלוציע פון די ייִדישע אויטאָנאָמע קהילה־פאַרוואַלטונגען אין אייראָפּע, פאַרשטייט מען שוין פאַרוואָס מיר האָבן געזאָגט, אַז עס האָט ערשטע געמוזט קומען אַ צווייטער רעוואָלו־ציאָנערער שריט, כדי די קהילה אין בוענאָס־איירעס זאָל טאַקע ווערן אַן אמתע קהילה.



אַ טייל פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אין די יאָרן 1957־1960. פון רעכטס אויף לינקס: חיים פעפער פאַרוו׳־מיטגל׳, מאיר טאָקער פאַרוו׳־מיטגל׳, ד״ר דוד טאַבאַקמאַן פאָרזיצער פון וועד החינוך, דוד שפּיגל רעכענונג־איבערזעער, ש. אנספאך רעכענונג־איבערזעער.



פונקט ווי דאָס אָנרופן די חברה קדישא מיטן נאָמען קהילה איז געווען אַ פועל־יוצא פון דער אַנטוויקלונג וואָס די אינסטיטוציע גופא האָט דורכגעמאַכט, איז אויך דער סטאַטוטן־רעפאָרם געווען אַ קאָנסעקווענץ פון דער עוואָלוציע וואָס דאָס ייִדישע לעבן אין אַרגענטינע האָט דורכ־געמאַכט. דאָס ענדערן די דאָזיקע סטאַטוטן, וואָלט קיינמאָל נישט פאָרגעקומען ווען צופרי־ער וואָלטן נישט פאָרגעקומען אַ ריי זייער וויכטיקע געשעענישן וואָס האָבן אַרויסגערופן די נייטיקייט פון דעם דאָזיקן רעפאָרם און האָבן אים טאַקע רעאַליזירט.

אַלע זאָגן עדות, אַז מיט וואָסערע 30־35 יאָר צוריק האָבן די פאַרטייען געשפּילט אַ קליינע ראָל אין דעם לעבן פון ישוב. מען דאַרף אָבער זיין זייער פאָרזיכטיק ביים ציטירן די דאָזיקע

בעסטשטעלונג, ווייל אַז מען זאָל זי גוט אַריינטראַכטן וועט מען זען, אַז ס'איז גאָרנישט אַזוי גרינג אויסצומעסטן וועלכע ראָל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן עס איז קליין און וועלכע עס איז גרויס. פּאַקטיש ווייסן מיר, אַז עס זענען פאַראַן קליינע אידעיִשע גרופּירונגען וואָס טראָץ זייער אומפּאָפּולאַריטעט שפּילן זיי דאָך אַ גרויסע ראָל אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און ביי־שפּילן וואָלט מען דאָ געקענט ברענגען אַ סך. חוץ דעם קען מען, ווען עס גייט וועגן ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע, אַפילו נישט זאָגן, אַז געוויסע פּאַרטייען זענען דאָ נישט געווען גענוג פּאָפּולער און אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין גרויסע מאַסן־אָנהענגערשאַפט. די זאַך איז אָבער וואָס זייער אַ לאַנגע צייט (ווי דאָס באַמערקט ריכטיק חבר א. א. פישער אין זיין דערמאָנטער אַרבעט) האָבן די היגע פּאַרטייען נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס פאַר דער דאָזיקער טעטיקייט אין וועל־כער דער היגער מאַסן־ייִד איז געווען דורכויס פאַראינטערעסירט. זיי זענען געווען פּאַרטייען וואָס זייערע פּראָגראַמען האָבן בעיקר אין זין געהאַט דעם „דאָרט" און נישט דעם "דאָ". די ציוניסטן — דעם ארץ־ישראלדיקן „דאָרט" און להבדיל די קאָמוניסטן — דעם סאָוויעט־רוסלענדישן „דאָרט". די אַרבעט פאַרן היגן ישוב האָט מען דערפאַר איבערגעלאָזט די אַזוי־גע־רופענע אומפּאַרטייִשע ייִדן, די ייִדן פון די כלערליי קאָמיטעטן. צווישן די דאָזיקע ייִדן האָבן זיך אָבער תמיד געפונען אויך פּאַרטייִשע ייִדן, נישט מער — אַזוי ווי די היגע פּאַרטייען האָבן נישט געהאַט דעם כוח פון דיסציפּלין וואָס אין דער אַלטער היים, האָט זיך דעריבער באַקומען, אַז אויך דער פּאַרטייִשער ייִד האָט זיך געפינען אין צוויי רשותן, אין דעם רשות פון זיין פּאַרטיי, ביים אַרבעטן פאַרן „דאָרט" און אין רשות פון אומפּאַרטייִשקייט ביים טעטיק זיין פאַרן „דאָ".

אָבער אַפילו דורך אָט־דער נישט־דיסציפּלינירטער מאַסע פון פּאַרטיי־לייט אין אומפּאַר־טייִשן רשות האָבן די היגע פּאָליטישע פּאַרטייען געווירקט אויפן לעבן אין ישוב און הגם די דאָזיקע ווירקונג איז נישט געווען קיין אָפענע און דירעקטע האָט זי אָבער אָנגעהאַלטן און ביס־לעכווייז משפיע געווען די געזעלשאַפטן און אירע אינסטיטוציעס. פּאַרטיי־מענטשן וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט די אומפּאַרטייִשע קאָמיטעטן, ווען אַפילו זיי זענען נישט געשיקט געוואָרן דורך זייערע פּאַרטייען און האָבן פאַר די פּאַרטייען נישט געדאַרפט אָפּגעבן קיין דין וחשבון, האָבן זיי אָבער פּאָרט אַריינגעבראַכט אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט טענער און נוסחאות וואָס זענען געווען פון אַ העכערער געזעלשאַפטלעכער קוואַליפיקאַציע. ווי פריי דער פּאַרטיי־מענטש האָט נישט געזאָלט זיין אין דעם רשות פון אומפּאַרטייִשקייט האָט ער דאָך פון זיין פּאַרטיי געבראַכט מיט זיך געוויסע פּרינציפּיעלע איינשטעלונגען און אידעיִשע קריטעריעס, וואָס האָבן נישט פאַרפליכטעט דעם סתם־עסקן. דערביי האָבן די דאָזיקע פּאַרטיי־מענטשן תמיד גע־שטיצט אַזעלכע איניציאַטיוועס און פאָרשלאַגן וואָס האָבן דערנענטערט די פּאַרטייען צו די אינסטיטוציעס ווו זיי האָבן געווירקט און דאָס האָט זיך דערהויפּט געלאָזט מערקן אויפן באָדן פון דער חברה קדישא. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבן די פּאַרטייען דורך זייערע אומאָפיציעלע פאָרשטייער ברייטער געעפנט די חברה־קדישא־טויערן פאַר זייער אַריינגאַנג אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע און ווען אין צענטער פון היגן לעבן האָט זיך אַרויסגערוקט דאָס שולוועזן און בכלל די זאָרג וועגן הינוך, און ווען די דאָזיקע זאָרג און טעטיקייט האָט אויסגעשולט אַ טיפּ פּאַרטייִשע עסקנים מיט אַן אָריענטאַציע אויף דאָיִקער מאַסן־אַרבעט, איז ממילא געקומען דער דראַנג צו פאַרנעמען אַ דעצידירנדיק אָרט אין דער חברה־קדישא־לייטונג, און עס איז דערנאָך אַנטשטאַנען דער פאַרמעסט וועגן דעם דאָזיקן אָרט. אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון פּאַרטייִשן איבערנעמען די דאָזיקע אינסטיטוציע וואָס איז געוואָרן צענטראַל אין אונדזער ישוב און האָט אין גאַנג פון איר אַנטוויקלונג וואָס אַמאָל מער געקריגן די אַמביציע צו זיין דער צענטראַליזירנדיקער כוח אינעם ישוב.

דער סטאַטוטן־רעפאָרם וועגן וועלכן מיר רעדן, איז דעריבער געווען דער אָפּשלוס פון אַן אַנטוויקלונג וואָס דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אונדזער ישוב האָט דורכגעמאַכט. געבויט אין אַ געוויסער מאָס, צוליב די באַדינגונגען אין אַן אימיגראַציע־לאַנד, כאַאָטיש און פאַרמלאָז,

האָט דאָס דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן צום ערשט געשראָקן די פאַרטיייִשע מענטשן וועלכע האָבן אינסטינקטיוו זיך געקלאַמערט אין די שמאָלע דלת אמות פון זייער קרייז, כדי נישט דער־טרינקען צו ווערן אין דעם ברייטן פלוס פון אַן עסקנות וואָס האָט אין בעסטן פאַל נאָר געטראָגן אַ פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער און אין ערגערן פאַל — אַ כאַראַקטער פון גבאות, אַן אידעיִשן האַריזאָנט און אָן די נאָרמירנדיקע פאַרבאָטן פון פרינציפּן. בהדרגה איז אָבער דאָס לעבן אַליין אַריין אין געווירבל פון אידעאָלאָגישע קאַמפן און די אָפּהיטער פון די אידעאָלאָגיעס זענען אַריין אין די אינסטיטוציעס געשאַפענע דורכן לעבן. דער אָנגעצייכנטער קרייז וואָס די פאַרטייען האָבן געמאַכט אַרום זיך, כדי די אַלטע עסקנות זאָל אויף זיי קיין שליטה נישט האָבן, איז ביסלעכווייז אויפגעבראָכן געוואָרן און אין דער מאָס ווי די מאַסע האָט זיך דערנענטערט צו די אידעאָלאָגישע



די פייערונג לכבוד דעם בר מצווה־יאָר פון מדינת־ישראל (1961). פון רעכטס אויף לינקס: ד״ר ש. ביקל, ד״ר ט. קאַמענשיין, ישראל־אַמב׳ יוסף אבידר, י. דרורי, מ. האַניק, י. ברמור.

ריכטונגען, האָבן די דאָזיקע ריכטונגען גענומען אַנטקעגן גיין די מאַסן. געווירקט האָבן דאָ, פאַרשטייט זיך, קודם־כל די טראַנסצענדענטאַלע געשעענישן אין יידישן לעבן מחוץ אונדזער ישוב, וועלכע האָבן דעם „דאָרט״ אַ סך נענטער געמאַכט צו דעם „דאָ״ און דערפאַר זעען מיר טאַקע, אַז דער מאָמענט ווען די פאַרטייען גייען אַריין מיט יעדע פיס אין היגן ציבור־לעבן פאַלט זיך צונויף מיטן מאָמענט ווען דאָרט אין אייראָפּע און שפּעטער אין ארץ־ישראל, הייבן זיך אָן אָפּ־צושפּילן געשעענישן וואָס זייער אָפּהילך פאַרכאַפּט די ברייטע יידישע גאַס און דערנענטערט די דאָזיקע גאַס צו די אידעאָלאָגיעס וואָס די פאַרטייען פאַרטיידיקן.

דאָס מערקווירדיקסטע אין דער דאָזיקער עוואָלוציע איז אָבער דער פאַקט וואָס דווקא די פאַרטייען וועלכע האָבן זיך לכתחילה אויסגעהיטן פון אַ צו־נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער ברייַ־

טער מאָסע, ווערן שפּעטער די דאָזיקע וואָס שטויסן דערצו, אַז וואָס ברייטערע מאַסן זאָלן אָנטיילנעמען און זאָגן זייער וואָרט אין די דעצידירנדיקע מאָמענטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. די אידעיִשע אַריסטאָקראַטן הייבן אָן פּאַראינטערעסירט צו ווערן אין אַ וואָס פּולערער געזעלשאַפטלעכער דעמאָקראַטיע. צום טייל איז דאָס אַן אויסדרוק פון זייער אידעאָלאָגישן איינשטעל און צום טייל נעמט זיך דאָס מחמת דעם אינערלעכן פאַרמעסט צווישן די פּאַרטייען גופא, אַ פּאַרמעסט וואָס טראָגט שוין איצט אַ סך מער ממשותדיקע פאָרמען און ווערט שוין נישט דעצידירט בלויז דורך טעאָרעטישע דיסקוסיעס, נאָר דורך דעם פּראַקטישן מעכאַניזם פון וואַל־אַקט. אַזוי אַרום רייפט פּאַמעלעך אָן דער געדאַנק, אַז מען דאַרף בייטן די אַלטע סטאַטוטן פון דער חברה קדישא וואָס זייער וואַל־אָרדינאַציע גיט נישט קיין סטימול דער בריי־טער מיטגלידערשאַפט זיך צו באַטייליקן אין די יאָר־יערלעכע וואַלן, מחמת די סיבות וואָס מיר האָבן פריִער דערמאָנט. און טאַקע דעמאָלט ווען די אַלטע חברה קדישא איז שוין טראַנספאָר־מירט אין אַ קהילה ווערט דער דאָזיקער געדאַנק צייטיק און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פּרוצעס פון דער רעאַליטעט.

— 4 —

אינעווייניקסטע און דרויסנדיקע שטערונגען האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער סטאַטוטן־רעפאָרם זאָל באַשטעטיקט ווערן ערשט דורך דער פאַרוואַלטונג וואָס איז געווילט געוואָרן אין יאָר 1955. די שקלא וטריאס אין דער קאָמיסיע וואָס איז געשאַפן געוואָרן כדי צוצוגרייטן דעם פּראָיעקט פון די נייע סטאַטוטן, האָבן געדויערט היפּש לאַנג און זיי האָבן זיך פאַרצויגן מחמת אינערלעכע דינגענישן צווישן די פּאַרטייען, וואָס אייניקע פון זיי האָבן געהאַט אַ גרונט מורא צו האָבן, אַז דאָס איינפירן פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן וועט אַ סוף מאַכן צו דעם אַלטן חזקה־סיסטעם פון וועלכן זיי זענען ביז איצט באַגינסטיקט געוואָרן. צום גליק האָט זיך אָבער דעמאָלט די קהילה־לייטונג, אין איר מערהייט און אין אירע וויכטיקסטע פּאָזיציעס, שוין געפינען אין די הענט פון פּאַרטיי־פאָרשטייער און דאָס האָט געהאַט די מעלה וואָס אַפילו די וואָס זענען נישט געווען אָנטציקט פון דעם נייעם וואַל־סיסטעם, האָבן אויך נישט געקענט קעגן אים אַרויס־טרעטן מחמת פּרינציפּיעלע טעמים און זיי האָבן העכסטנס נאָר געקענט דעם ענין אָפּשלעפּן, אָבער נישט אַראָפּנעמען פון סדר־היום. אַזוי אַרום איז געשען, אַז די נייע סטאַטוטן זענען סוף־כל־סוף אָנוועקגעשיקט געוואָרן צו באַשטעטיקן דער מלוכהשער מאַכט און ווען זיי זענען באַ־שטעטיקט געוואָרן האָט מען זיך מיט זיי געמוזט נעמען רעכענען און אַריינפירן אין לעבן.

געוויס איז דאָס פּאָזיטיווע פון די נייע סטאַטוטן נישט בלויז דאָס וואָס זיי האָבן איינגע־פירט אַ נייע וואַל־אָרדינאַציע. ס'איז גענוג, למשל, צו דערמאָנען, אַז אין די נייע סטאַטוטן געפינט זיך אַ פּונקט דורך וועלכן די רעגירונג פון לאַנד אָנערקענט דאָס רעכט פון דער קהילה צו שטיין אין פאַרבינדונג, אין נאָמען פון ישוב, מיט די אָרגאַניזאַציעס פון וועלט־ייִדנטום און צו טאָן הילפס־אַרבעט לטובת מדינת־ישראל, כדי צו פאַרשטיין ווי וויכטיק אַזאַ פאָרמעלע אָנערקענונג מצד די מאַכט־אינסטאַנצן איז פאַר דער דאָזיקער צענטראַלער אינסטיטוציע און אויך וואָס אַזעלכע גאַראַנטירטע רעכט באַדייטן פאַר אונדזער גאַנצער קאָלעקטיוויטעט. מען וואָלט דאָ אפשר געדאַרפט דערמאָנען נאָך אַ סך אַזעלכע פּונקטן, כדי זיך איבערצייגן אויף וויפל מיט די דאָזיקע נייע סטאַטוטן איז אויף אַ שטילן, כמעט קאָנצעלאַרישן אופן, דערגרייכט געוואָרן דאָס פאַר וועלכן דורות ייִדישע עמאַנציפּאַציע־קעמפער האָבן זיך געשלאָגן אין די אַלטע היים־לענדער. פאַרשטייט זיך, אַז אין הסכם מיט די נייע באַדינגונגען האָבן די סטאַטוטן־פּראָיעקטירער נישט געזוכט און נישט געקענט זוכן ביי דער מאַכט די באַשטעטיקונג פון יענעם געזעץ וואָס האָט די קהילות אין מזרח־אייראָפּע געגעבן זייער גרויסן כח, דאָס מיינט: די גע־צווונגענע אָנגעהעריקייט פון יעדן ייִדישן יחיד אין דער קהילה. אין דעם פאַל האָט די בוענאָס איירעסער קהילה געמוזט צאָלן דעם זעלביקן פּרייז פאַר דער עמאַנציפּאַציע וואָס עס האָבן

געצאָלט אַלע יידישע קהילות אין דער נייער וועלט און אין די נייע צייטן. אָבער נישט געקוקט אויף דעם האָט דער נייער סטאַטוט פאָרט פאַרגעזעצלעכט די ברייטסטע אויטאָנאָמיע פאַרן יידישן לעבן און האָט אין אַ געוויסער מאָס לעגאַליזירט דאָס וואָס דער גרויסער יידישער היסטאָריקער און דענקער שמעון דובנאָוו, הי״ד, האָט געחלומט צו זען פאַרווירקלעכט ווי אַ פאָרבאַדינג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון יידישן וועלט־פאָלק.

די אַלע פּאָזיטיווע זייטן פון דעם נייעם קהילה־סיסטעם האָבן זיך אָבער נישט אַזוי שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן ווי דער נייער וואַל־סיסטעם. אין דעם נייעם וואַל־סיסטעם האָט מען בחוש דערזען דאָס רעוואָלוציאָנערע פון די סטאַטוטן. מיט איינמאָל זענען אַרויס אין פאַר־מעסט 10 וואַל־ליסטעס און די דאָזיקע 10 וואַל־ליסטעס האָבן טאַקע מאָביליזירט צום שטים־



די קהילה־פייערונג פון יום־העצמאות אין יאָר 1962. פאַרגעקומען אין זאַל „אָפּעראַ״.

קאַסטן אַזאַ ווילערשאַפט וואָס איז ביז איצט געווען אַ פאַנטאַזיע. עס האָט אויפגעהערט דער סיסטעם פון קאָאַליציעס. עס האָט אויפגעהערט די פּראַקטיק פון חדרי־חדרים־קאָמבינאַציעס וועגן דער פאַרטיילונג פון די קהילה־אַמטן. די פאַרטייען האָבן זיך געשטעלט צום משפט פון נעם ווילער און דאַן זענען געשען איבעראַשנדיקע זאַכן: די אומפאַרטייאישע וועלכע האָבן גע־האַלטן אַז זיי זענען דער גרעסטער כוח פונעם ישוב זענען אַפילו צו די וואַלן נישט דערגאַנגען. געוויסע ציוניסטישע פאַרטייען מיט זכותים פון דער פאַרגאַנגענהייט האָבן דורך אָט די וואַלן געמוזט זיך געזעגענען מיט דער אַמאָליקער גלאָריע און מיט דעם רעכט אויף חזקה. אָבער די גרעסטע מפלה האָבן דערביי געהאַט די קאָמוניסטן וועלכע האָבן תמיד געטענהט, אַז זיי זענען נישט אַנדערש נאָר אַ דריטל פונעם ישוב. דאָ, ביי די ערשטע פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, האָבן

זיי זיך, צו אַלעמענס שטוינונג, אַרויסגעוויזן ווי אַ פּאַרטיי וואָס איז שוין לאַנג אַריין אין דער פאַזע פון איר אייגענער ליקווידאַציע און שפּילט נישט מער קיין שום ראָל אין אונדזער געזעלשאַפט. דרך־אגב דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז די דאָזיקע עפנטלעכע אַנטפּלעקונג האָט די קאָמוניסטן געטאָן די גרעסטע רעה, וואָרים, אויב זיי האָבן זיך ביז איצט נאָך געהאַלטן אין אונדזער ישוב איז עס געווען מיטן כח פון זייער סוגעסטיווער פּראָפּאַגאַנדע, אַז זיי זענען דער הויפּט־כוח אין דער געזעלשאַפט. די ערשטע פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן אויפן סמך פון די נייע רעפאָרמירטע סטאַטוטן האָבן, בכן, באַוויזן, אַז אַ סך קעניגן און פּרינצן זענען נעבעך נאַקעט און טאַקע די מורא, אַז מען זאָל זיי נישט זען אין זייער אַנטפּלעקטער נאַקעטקייט האָט צום מערסטן געווירקט אויף די יעווסעקעס, אַז זיי זאָלן בעת די קומענדיקע וואַלן מער נישט ריזיקירן און נישט אַרויסשטעלן קיין אייגענע קאַנדידאַטן־ליסטע.

דער דאָזיקער מאָמענט ווערט דאָ ספּעציעל אונטערגעשטראָכן, ווייל ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אַז די מורא פאַר די קאָמוניסטן, וואָס האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פּסיכאָז האָט אייניקע געדינט ווי אַ מאָטיוו קעגן דעם סטאַטוטן־רעפאָרם. געווען אַזעלכע מנהיגים און זשורנאַליסטישע וואָרטזאָגער וואָס האָבן געשראָקן, אַז ביים אָפּטרעטן פון דעם אַלטן מערהייט און מינדערהייט־סיסטעם און ביים פּראַקטיצירן דעם נייעם פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־סיסטעם, וועט מען עפענען די קהילה־טויערן פאַר די קאָמוניסטישע פאָרשטייער און זיי אַזוי אַרום געבן די מעגלעכקייט צו טאָן זייער דעסטרוקטיווע אַרבעט פון אינעווייניק. דער פּחד האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן פאַר אומבאַגרינדעט, וואָרים אין דעם פּרט האָבן זיך אַלע פּאַרטייען געאייניקט, אַז מען טאָר די קאָמוניסטן נישט אַריינלאָזן אין דער קהילה־לייטונג און וויבאַלד דער וועג צו דער קהילה־לייטונג איז פאַר זיי פאַרמאַכט געוואָרן, האָט קיינעם שוין נישט געקענט אַרן אויב זיי וועלן בלייבן ווי אַ טומלערישע אָפּאָזיציע אין דעם קהילה־ראַט. אין אַ געוויסן זין האָט דאָס אויך אָנגעצייכנט זייער ווייטערדיקן באַרג־אַראָפּ וועג אין אונדזער ישוב, ווייל זייערע דעמאַגאָגישע אַרויסטרעטונגען אויפן קהילה־ראַט זענען נישט געבליבן אומפאַרענטפערט און דאָס דעמאַסקירן זיי אויף אַזאַ עפנטלעכן אופן האָט אין רעזולטאַט געבראַכט דערצו, אַז זייערע נאָכלויפער זאָלן זיך פון זיי וואָס גיכער אָפּטרייסלען.

די פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן האָבן געגעבן דעם ענטפער אויף דער פראַגע „ווער איז ווער" אין אונדזער ישוב. מען האָט אין דעם פּרט אויפגעהערט בלאָנדזשען אין דער פינצטער און לעבן מיט דער אינערציע פון פאַרגאַנגענע צייטן. די דאָזיקע וואַלן האָבן אויך מאָביליזירט אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע ענערגיע און זיי האָבן די קהילה־אינסטיטוציע אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון מאַסן־אינטערעס. טויזנטער ייִדן האָבן דורך אָט־דעם אַקט געקריגן דאָס באַוווסטזיין, אַז די קהילה איז טאַקע אַ קהילה און נישט קיין מתים־שטיבל. טויזנטער ייִדן האָבן דערפאַר געקריגן חשק צו זאָגן זייער וואָרט ווער עס זאָלן זיין זייערע פאָרשטייער אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע. דער קהילה־באַוווסטזיין האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין אַזעלכע ווינקלען וווּ מען האָט וועגן דעם דאָזיקן אַנשטאַלט פריִער געהאַט אַ גאַנץ פאַרנעפּלטע פאָרשטעלונג. און ס׳איז געקומען דאָס וואָס האָט ביז איצט דער קהילה געפעלט: דאָס באַרעכטיקטע געפיל, אַז זי רעדט אין נאָמען פון אירע מיטגלידער און אין נאָמען פון ישוב.

ווײל דאָס זאָגן, אַז די ביז־איצטיקע צוויי מאָל דורכגעפירטע פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן זענען שוין דער העכסטער שפּיץ פון דעמאָקראַטישער דערגרייכונג און דעמאָקראַטישן גייסט? אַזאַ באַהויפּטונג וואָלט געווען נישט ריכטיק. מען דאַרף קודם־כל שטרעבן, אַז אין די וואַלן זאָלן זיך באַטייליקן נאָך אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער. וואָס מער באַטייליקטע אין די וואַלן אַלץ קלאָרער און בולטער וועט זיין דער שפּיגל פון דעת־הקהל און אַלץ מער סימן וועט עס זיין אַז די קהילה איז דער צענטער פון ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן אינטערעס. מען קען זיך אויך ווינטשן, אַז די פּאַרטייען וואָס גייען מיט ליסטעס צו די וואַלן זאָלן מיט מער אייפער אָפּהיטן זייער אידעאָלאָגישן פּרצוף־פּנים און אויף דער הייסער מינוט נישט איינגיין אויף קיין טאַק־

טישע פשרות צוליב שטים־קאַסטן. געוויס ווייס יעדער, אַז אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן קען מען זיך נישט שטענדיק האַלטן ביי דעם יקוב הדין את ההר, קען מען נישט תמיד זיין פּרינציפּיעל אויסגעהאַלטן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט און מען מוז אָפּט מאָל איינגיין אויף פשרות. און נישט אומזיסט האַלט דער דייטשער סאָציאָלאָג געאָרג זימעל, אַז פשרה איז איינע פון די גרעסטע דערפינדונגען אין מענטשלעכן צוזאַמענלעבן. אָבער אַלע ווייסן אַז דער וועג פון פשרה איז זייער אַ גליטשיקער און אין לעצטן סך־הכל איז ער אויך אַ נישט לוינבאַרער, וואָרים דער באַרג־אַראָפּגאַנג פון געוויסע בירגערלעכע עסקנים־קאָמיטעטן און פּאַרטייען איז



ישראל־טענץ אויסגעפירט דורך אַ גרופּע יוגנטלעכע אונטער דער אָנפירונג פון מתיהו גלאַזמאַן, אויף דער עצמאות־פייערונג אין זאַל „אָפּעראַ״, איינגעאָרדנט דורך דער קהילה.

דאָך געקומען ווי אַ פּועל־יוצא פון דעם וואָס זייער פּאָליטיק האָט זיך נישט באַזירט אויף קיין שום פּרינציפּן, נאָר האָט זיך באַזירט אויף מאָמענטאַלע אינטערעסן, וועלכע האָבן דיקטירט די סאַמע אויסטערלישסטע פשרות. דעריבער זאָגן מיר, אַז ווען די פּאַרטייען וועלן געדענקען דעם דאָזיקן אמת, וועלן זיי זיכער נישט אונטערזעגן די צווייג אויף וועלכער זיי זיצן און זיי וועלן די דעמאָקראַטיע אין אונדזער ישוב נאָך מער פּאַרטיפערן אין זייער אייגענעם אינטערעס.

— 5 —

ווען די חברה קדישא איז אָנגערופן געוואָרן קהילה האָט זיך לפנים וויניק וואָס געביטן אין דער אינסטיטוציע און אַרום דער אינסטיטוציע און עס האָט געמוזט דורכגיין אַ שטיקל

צייט, כדי עס זאָלן אַנזעעוודיק ווערן די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער וויכטיקער היסטאָרישער ענדערונג. אַנדערש איז דאָס אָבער געשען נאָך דעם סטאַטוטן־רעפאָרם, און קאָנקרעט, נאָך די ערשטע וואַלן לויט דעם נייעם וואַל־סיסטעם. אויף ווייפל דער ערשטער וואַל־אַקט לויטן פראָפּאָרציאָנעלן סיסטעם האָט אויפגערודערט דעם ישוב און האָט בפועל־ממש געוויזן, אַז עס איז געשען אַ וויכטיקער שינוי אין לעבן פון אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט. אויף אַזויפיל האָט די ניי־געוויילטע קהילה־לייטונג, באַלד אין די ערשטע טעג נאָכן איבערנעמען דעם רודער, ממש רעוואָלוציאָניזירט די מעטאָדן פון דער קהילה־טעטיקייט און געגעבן דער קהילה־אַקטי־




צוויי בר מצוה־קינדער ווערן געשיקט אויף אַ רייזע קיין ישראל

װיטעט אַ נייע ווענדונג און אַ נייעם כאַראַקטער. דאָ האָט אַפילו דער סקעפּטיקער שוין נישט געקענט זאָגן, אַז ס'איז די זעלביקע יענטע נאָר אין אַן אַנדערן שלייער, וואָרים פאַר יעדן איי־נעם איז געוואָרן קלאָר, אַז די קהילה איז אַרויף אויף נייע וועגן, אויף די וועגן פון אַן אמתער קהילה.

לייענט מען איצט דאָס וואָס פּאַראַנטוואָרטלעכע זשורנאַליסטן האָבן געשריבן אין יענעם מאָמענט ווען ס'איז געקומען צו דער מאַכט די נייע פאַרוואַלטונג אויפן יסוד פון די ערשטע פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, זעט מען וואָס פאַר אַ רושם די דאָזיקע ענדערונג האָט געמאַכט. עפּעס אַ גאַנץ נייע געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספערע האָט זיך גענומען פילן אין קהילה־בנין. אַ נייער אימפּעט פון אַקטיוויטעט האָט פאַרכאַפּט די אַלע נאָענט־שטייענדיקע צו דער קהילה־אינסטי־טוציע און האָט זיך איבערגעגעבן אויך אין די ווייטערע קרייזן. יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע איניציאַטיוועס, נייע פּאַרמעסטן און נייע באַשלוסן. און דאָס וויכטיקסטע: מען האָט דער־פילט, אַז הינטער די אַלע איניציאַטיוועס, פּאַרמעסטן און באַשלוסן שטייט נישט בלויז דער ווילן זיך אַרויסצווייזן מיט אַקטיוויטעט מצד דעם, אָדער יענעם פאַרוואַלטונגס־מיטגליד, נאָר עס שטייט הינטער זיי אַן אויסגעחלומטער ציל וואָס האָט איצט געקריגן מעגלעכקייטן דער־

גרייכט צו ווערן. די אידעישע וויזיע פון אַ יידישער קהילה און אירע אויפגאַבעס פאַרן יידישן לעבן וואָס זענען ביז איצט געווען בלויז בבחינת אגדה זענען געוואָרן קאָנקרעטע הלכה און די פאַרווירקלעכונג פון דער דאָזיקער הלכה האָט סיי אונדזערע היימישע וואָרטזאָגער, סיי די וואָס זענען צו אונדז געקומען פון אויסלאַנד, אויסגעזען ווי אַ שטיק לעגענדאַרע אגדה.

כאַראַקטעריסטיש פאַר די ערשטע שריט פון דער נייער קהילה־פאַרוואַלטונג פון יאָר 1957 איז דאָס וואָס זי האָט אייפעריק גענומען פאַרווירקלעכן יענע אידעאָלאָגישע הנחות וועלכע זענען דורך געוויסע פראַקטישע עסקנים באַטראַכט געוואָרן ווי הוילע בטלנות. היות אין ליכט פון די דאָזיקע הנחות איז דעמאָקראַטיע אַן ערשטראַנגיקער פאַקטאָר פאַר דער ווייטערדיקער



גענעראַל־סעקרעטאַר אליעזר פרידמאַן פאַרטיילט דיפּלאָמען די קינדער וואָס זענען געוואָרן בר־מצווה, צוזאַמען מיט מדינת־ישראל. יאָר 1961.

אַרבעט פון דער לייטונג, ווערט קודם־כל דורכגעפירט דער פּרינציפּ, אַז אַלע פּאַרטייען וואָס זענען געגאַנגען צו די וואַלן, אַ חוץ די קאָמוניסטן, זאָלן האָבן זייער אָרט און זייער השפעה אין דער נייער קהילה־פירונג. דאָס איז טאַקע אַ קאָאַליציע, אָבער נישט כדי איין צד זאָל זיך שאַפן אַ מערהייט, נאָר כדי אַלע צדדים זאָלן זיין באַטייליקט אין דער פירונג פון דער אינסטיטוציע. דערביי ווערן אַלע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער קהילה אַריינגעצויגן אויף אַ דירעקטן אופן אין דעם פּראָצעס פון די אַלערליי פונקציעס וואָס דער קהילה קומט אויס דורכצופירן, אויף אַזאַ אופן, אַז די אָנפירערשאַפט פון די אַלטע און פון די ניי־אַנטשטאַנענע דעפּאַרטאַמענטן ווערט איבערגעגעבן די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג און דאָס באַדייט פּאַקטיש, אַז יעדע פּאַרטיי האָט דורך איר פאַרשטייער אַ באַשטימטע פונקציע אין דער פאַרצווייגטער אַקטיוויטעט פון דער קהילה.

גרויס אין זייער איינדרוק זענען געווען די ערשטע עפנטלעכע זיצונגען פון קהילה־ראַט,

וואָס האָבן דעם בוענאָס־איירעסער ייִד, דעם געקומענעם פון מזרח־איראָפּע, דערמאָנט די בעסטע צייטן פון דער אָרגאַניזירטער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט אין דער אַלטער היים. דער קהילה־זאַל ווערט דאָס אָרט פון אינטערעס פאַרן מיטגליד און ווען ער דערמאָנט זיך די אַמאָליקע אַנאַכראָנישע אַזוי־גערופענע אַלגעמיינע מיטגלידער־פאַרזאַמלונגען, מוז ער מיט סאַטיספאַקציע פעסטשטעלן, אַז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אונדזער ישוב איז נישט נאָר בעסער, נאָר אויך שענער געוואָרן. די זיצונגען פון קהילה־ראַט ווערן פאַרוואַנדלט אין אידעאָלאָגיש־פּאָליטישע דיסקוסיעס, אין פּרינציפּיעלע, געזעלשאַפטלעכע דעבאַטן, אָבער גלייכצייטיק ווערן די פּראַקטישע באַשלוסן דורכגעפירט אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן. נישט אומזיסט קריגן




די פייערונג לכבוד די בר מצוה־קינדער אין יום־העצמאות, מיטן אָנטייל פון די ישראל־אַמבאַסאַדאָרן
יוסף אבידר און יצחק הרכבי.

די זיצונגען פון ראַט די באַצייכענונגען „דער ייִדישער פּאַרלאַמענט פון אונדזער ישוב". אַפילו אין דער אויסערלעכער אויסשטאַטונג פונעם זאַל איז פאַראַן עפּעס פון אַ פּאַרלאַמענט און דער פּאַרלאַמענטאַריזם איז געוויס פאַראַן אין דעם גייסט און אין די מעטאָדן מיט וועלכע די דאָזיקע אסיפות ווערן געפירט.

צום באַדויערן האָט דער קהילה־ראַט נישט באַוויזן צו פאַרנעמען דאָס אָרט וואָס אים איז באַשטימט געוואָרן און דערפאַר איז דער גלאַנץ פון זיינע ערשטע זיצונגען מיט דער צייט פאַרטונקלט געוואָרן. די פּראָיעקטירער פון די נייע סטאַטוטן האָבן זיכער גוט געמיינט מיטן שאַפן דעם ראַט פון דער קהילה. זיי האָבן אָבער נישט גענוי אָנגעצייכנט זיינע פונקציעס און נישט געזאָרגט דערפאַר, אַז זיינע זיצונגען זאָלן האָבן מער קאָנקרעטן אינהאַלט. און לאָמיר דאָ צוגעבן, אַז דווקא דער פאַקט וואָס די עקזעקוטיווע מאַכט פון דער קהילה אַרבעט האַרמאָניש און דעמאָקראַטיש, דווקא דער מאָמענט נעמט צו די אַטראַקטיווקייט פון דעם קאָנסול־

טיוון קהילה־אָרגאַן — דעם ראַט. אַוודאי מיינען מיר נישט, אַז דער קהילה־ראַט דאַרף זיין אַ טעאַטער־ספּעקטאַקל פאַר נייגעריקע צושויער וואָס האָבן ליב אַ ביסל מחלוקה און מיר האַלטן גאָרנישט, אַז די אויפגאַבע פון אַ דעמאָקראַטישער קהילה איז צו באַזאָרגן אירע מיט־גלידער מיט אָפּאָזיציע־פאָרשטעלונגען, אָבער פון דער צווייטער זייט איז אויך קלאָר, אַז עס קענען געפינען ווערן אויפגאַבן פאַר דעם קהילה־ראַט, און דווקא נישט פון ספּעקטאַקולערן מין, וואָס זאָלן דער דאָזיקער אינסטאַנץ געבן לעבן און אינהאַלט לטובת דער קהילה און לטובת אונדזער געזעלשאַפטלעך זיין אינעם ישוב.



די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה מיט די בר מצווה־קינדער וואָס האָבן געוווּנען די רייזע קיין ישראל. פון רעכט אויף לינקס: ד. קולאַקאָווסקי, א. גראָקאָפּ, מ. אבידע, ד״ר ט. קאַמענשטיין, א. פרידמאַן, ד״ר ש. ביקל, מ. האָניק. עס שטייען די צוויי קינדער, די זוכה בגורל.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם נייעם גייסט פון דער קהילה נאָך די ערשטע פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן איז געווען דער באַשלוס און די דורכפירונג פון די עפנטלעכע זיצונגען פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. דורך די דאָזיקע עפנטלעכע זיצונגען איז די אַקטיוויטעט פון דער קהילה אַוועק־געשטעלט געוואָרן אַ גלאָז און עס האָבן במילא אויפגעהערט די אַלע שושקערייען אויפן אויער וואָס זענען אַזוי באַקאַנט געווען אין די אַמאָליקע צייטן ווען וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אין דער קהילה האָט מען זיך דערציילט ביי די קאַפע־טישלעך מיט סודותדיקע מינעס. די אַלע וואָס געדענקען נאָך יענע צייטן ווען אַ יידישער זשורנאַליסט פלעגט אָנהייבן זיין מאמר מיט די ווערטער: „פון גוט־אינפאָרמירטע קרייזן גיט מען אונדז איבער, אַז די קהילה־פאַרוואַלטונג קלייבט זיך צו טאָן דאָס און דאָס״, האָבן געמוזט דערפילן די וויכטיקייט פון די

אָפענע זיצונגען און דאָס נישט בלויז דערפאַר ווייל אַזוי אַרום האָט דער ייִדישער פען־מענטש אויפגעהערט צו זיין אָפהענגיק אין זיין אינפאָרמאַציע און אין זיין אורטייל פון „גוט־אינפאָר־מירטע קוועלן" וועלכע האָבן אָפטמאָל אינפאָרמירט דאָס וואָס איז געווען גוט פאַר זיי, נאָר בעיקר דערפאַר ווייל אָט די אָפענע זיצונגען האָבן געשטימט מיט דעם דעמאָקראַטישן פּרינ־ציפּ וואָס איז די באַזע פאַר יעדער פרייער געזעלשאַפט און זיי האָבן עדות געזאָגט, אַז אויך אין דעם פּרט איז די קהילה אין בוענאָס איירעס אַרויף אויף דעם וועג וועלכן עס האָט שוין געהאַט אויסגעפּלאַסטערט דאָס מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדנטום.

אין אַן אַרבעט וועגן דער קולטור־אַקטיוויטעט פון דער קהילה פון חבר משה קויפמאַן (געדרוקט אין דעם זאַמלבוך) ווערט גענוי און בפרטיותדיק אָנגעוויזן וועלכע שינויִים עס זע־נען אַריינגעפירט געוואָרן אין דער טעטיקייט אויפן קולטור־געביט באַלד נאָך דעם ווי די לייטונג וואָס איז געקומען צו דער מאַכט אויפן יסוד פון די פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, האָט איבער־גענומען דעם קהילה־רודער. לאַקאָניש קען דער דאָזיקער אָנזעעוודיקער שינוי פאָרמולירט ווערן מיט די ווערטער „די קהילה דאַרף נישט בלויז סובסידירן קולטור־אַרבעט, נאָר זי דאַרף אַליין טאָן קולטור־אַרבעט". דאָס איז געווען די באַזע פאַר שפּעטערדיקע גרויסצוגיקע אונ־טערנעמונגען וועלכע האָבן מאָמענטאַנוויז פאַסצינירט דעם גאַנצן ישוב און דאָס איז אויך גע־ווען דער פונדאַמענט פאַר דער ווייטערדיקער קאָנסטרוקציע פון קולטור־טעטיקייט דורך וועל־כער די קהילה איז געוואָרן דער קולטור־אַקטיוויסט נומער איינס אינעם ישוב.

און פונקט ווי די ערשטע לייטונג, געוויילט דורך די פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן אין יאָר 1957, האָט געלייגט אַ נייעם חותם אויף דער טעטיקייט פון דער אינסטיטוציע, אַזוי האָט אויך די צווייטע לייטונג, געוויילט אויפן זעלביקן סמך אין יאָר 1960, דעם דאָזיקן חותם געגעבן נייע פאָרמען און נייע קאָנטורן. דערביי קומט דאָ צום אויסדרוק דאָס וואָס ס'איז כאַראַקטע־ריסטיש פאַר יעדער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט: כאָטש די געזעלשאַפטלעכע כוחות בייטן זיך כמעט נישט אין דעם נייעם פאַרוואַלטונגס־צוזאַמענשטעל, ברענגט דאָך די ענדערונג פון די מענטשן אַריין אין דער אַרבעט נייע נוסחאות און אַ נייעם סטיל. איבעריקנס שטייט יעדע קומענדיקע פאַרוואַלטונג אין דער קהילה פאַר דעם פּראָבלעם פון פאַרטיפערן דאָס אָנגעהויי־בענע דורך אַ פריִערדיקער פאַרוואַלטונג און פאַר פאַרענטפערן נייע פּראָבלעמען וואָס די צייט ברענגט אַרויס.



מען מוז אָבער זאָגן, אַז דאָס וואָס האָט געגעבן הצלחה סיי דער ערשטער, סיי דער צוויי־טער פאַרוואַלטונג, געוויילטע דורך פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, איז דער אידעיִשער איינשטעל, אַז די קהילה איז נישט בלויז קיין אינסטיטוציע וואָס איז אַ צוועק פאַר זיך אַליין, נאָר אַז די קהילה איז אַן אינסטרומענט פאַרן ווייטערדיקן אויפהאַלט און פאַר דער ווייטערדיקער אַנט־וויקלונג פון ייִדישן לעבן. דערהויפּט טראָגט אַזאַ אינסטיטוציע ווי די קהילה אויף זיך אַ גרויסע אחריות אין דעם בין־הזמנים־צושטאַנד וועלכן מיר לעבן איבער און דאָס באַדייט, אַז די קהילה מוז זאָרגן נישט בלויז פאַר דעם היינט פון אונדזער ישוב, נייערט אויך פאַר זיין מאָרגן און פאַר זיין איבערמאָרגן.

ס'איז נאַטירלעך איבעריק צו זאָגן, אַז אין ליכט פון דעם דאָזיקן באַוווסטזיין דאַרף מען זען די גאַנצע חינוך־אַקטיוויטעט וואָס האָט פאַרכאַפּט אַזויפיל שטחים פון היגן עפנטלעכן לעבן. וואָרים אייגנטלעך איז דאָך די גאַנצע מי אַרום דער דערציִונג פון די יונגע דורות אַן אויסדרוק פון אָט דער זאָרג פאַרן מאָרגן פון אונדזער עקזיסטענץ און דאָס זאָגט קלאָר און בולט, אַז ווען די דאָזיקע זאָרג וואָלט נישט באַשעפטיקט אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט וואָלטן בשום אופן ואופן נישט מעגלעך געווען די דערגרייכונגען וואָס זענען ניכר אין אונדזער שול־

וועזן. די נייע קהילה־לייטונגען האָבן אָבער אין דער דאָזיקער מי אַריינגעטראָגן צווי זייער וויכטיקע מאָמענטן: ערשטנס האָבן זיי דורך פיל איניציאַטיווס אַריינגעבראַכט פּלאַנמעסי־קייט אין דער בוי־באַוועגונג פון די שולן. אויף וויפל דאָס איז, פאַרשטייט זיך, מעגלעך געווען אין די באַדינגונגען אין וועלכע אונדזער שול־וועזן האָט זיך געפונען; צווייטנס, האָבן זיי גע־שטויסן דעם ועד־החינוך צו קאָנטראָל און קאָאָרדינאַציע פון שול־וועזן — אויך, נאַטירלעך, אין די ראַמען פון מעגלעכקייטן וואָס די באַדינגונגען האָבן דערלויבט. בכלל גענומען מעג מען זאָגן, אַז דער וויכטיקסטער פאַרדינסט פון די קהילה־לייטונגען איז דאָס וואָס זיי האָבן דורך די פאַרוואַלטונגען פון ועד החינוך געשאַפן דאָס באַוווסטזיין, אַז ס׳איז פאַראַן אַ צענ־טראַלע אינסטאַנץ פאַר דערציִונגס־פּראָבלעמען און דערציִונגס־טעטיקייטן אין אונדזער ישוב, כאָטש מיר אַלע ווייסן זייער גוט, אַז דער דאָזיקער צענטראַלער אָרגאַניזם ווערט אָפט גע־פּענטעט דורך זיין דעמאָקראַטישקייט און דורך דעם וואָס ער וויל נישט רעגירן מיט צירקו־לאַרן. די דאָזיקע „שוואַכקייט״ פון יעדער דעמאָקראַטישער אינסטיטוציע, ווי פון דער דעמאָ־קראַטיע בכלל, דאַרף אונדז אָבער נישט פאַרשאַפן קיין עגמת־נפש, ווייל דאָס איז אַזאַ סאָרט „שוואַכקייט״ וואָס פאַרוואַנדלט זיך אין אַ וווייטערער פּערספּעקטיוו אין אַ גרויסן כוח.

זאָרגנדיק פאַרן מאָרגן פון אונדזער עקזיסטענץ האָט די קהילה וואָס אַמאָל אַלץ שטאַר־קער גענומען אַקצענטירן איר אַרבעט אויף דעם יוגנט־געביט. אין דעם פּרט זענען געווען התחלה־פּרוּוון וועלכע האָבן נישט אויסגעמיטן בלאַנדזשענישן, וואָס האָבן גורם געווען פּאָלעמישע צווישנרופן. מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז די אַרבעט אויף דעם דאָזיקן געביט איז די סאַמע שווערסטע, ווייל זי האָט נישט פאַר זיך קיין שום מוסטערן וואָס וואָלטן געקענט גענומען ווערן וויביישפּילן. אויף וויפל אין אַלע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע געביטן האָבן זיך אָנגעזאַמלט געוויסע דערפאַרונגען פון וועלכע מען האָט געקענט לערנען סיי דאָס פּאָזיטיווע, סיי דאָס נעגאַטיווע, איז די אַרבעט צווישן דער ייִדישער יוגנט געווען אין בראשית־צושטאַנד און דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה האָט דערפאַר געמוזט אַליין אויסטרעטן פאַר זיך וועגן אויף וועלכע צו פירן די יוגנט־טעטיקייט צום געוווּנטשטן ציל.

ביי אַזאַ לאַגע זענען פאַרשטענדלעך די קהילה־בלאָנדזשענישן אויף דעם טעטיקייטס־שטח און ס׳איז אויך פאַרשטענדלעך, אַז אַזעלכע בלאָנדזשענישן וועלן נאָך אפשר האָבן אָן אָרט אין דער קהילה־אַרבעט. פונדעסטוועגן איז קלאָר, אַז דער פונדאַמענט פאַר דער דאָזיקער אַקטיוויטעט איז פאַרט אַוועקגעלייגט געוואָרן און מיר מעגן אויפנעמען מיט צופרידנקייט דעם פאַקט וואָס דער קהילה איז געלונגען סיי צו קאָאָרדינירן אויף אַ באַשטימטן געביט די אַקטי־וויטעטן פון די יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציעס, סיי צו פאַראינטערעסירן מיט ייִדישער פּאַרש־אַר־בעט אַ ריי יונגע ייִדישע אינטעלעקטואַלן. די פּראָבלעמען זענען, פאַרשטייט זיך, ווייט פון צו זיין געלייזט, כאָטש אויף אַ העלפט, אָדער אויב מען זאָגט, אַז אין דער מענטשלעכער גע־שיכטע איז די וויכטיקסטע אַנטדעקונג געווען דאָס ראָד, באַשטייט דער וויכטיקסטער אויפטו פון דער קהילה דערין וואָס זי האָט דאָס ראָד פון דער יוגנט־באַוועגונג געלאָזט אין גאַנג.

אַוודאי דאַרף מען דאָ דערמאָנען די פאַרבינדונגען מיט דער גרויסער ייִדישער וועלט וואָס זענען איינגעשטעלט געוואָרן דורך דער קהילה, נישט בלויז דורך דעם וואָס יעדער גאַסט פון וויכטיקן קאַליבער וואָס קומט פון אויסלאַנד באַזוכט און ווערט אויפגענומען דורך דער קהילה, נאָר אויך דורך דעם וואָס די קהילה גופא האָט געקריגן אַ נאָמען אין דער ברייטער ייִדישער וועלט און האָט אונדזער ישוב פעסטער אַרויפגעשטעלט אויף דער לאַנדקאַרטע פון וועלט־ייִדנטום. דערמאָנען דאַרף מען דאָ אויך די ראָל וואָס די קהילה שפּילט ווי דער אַרביטער אין היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן און ווי די אינסטאַנץ וואָס איר אָנוועזנהייט באַשיינט אַלע וויכטיק־סטע אונטערנעמונגען וואָס קומען פאָר אויף די פעלדער פון אונדזער ציבורדיקער דינאַמיק. וועגן דער ראָל וואָס די קהילה אין בוענאָס־איירעס האָט געשפּילט און שפּילט נאָך איצט אין דער פאַרפעסטיקונג פון ועד הקהילות, איז אָפּגערעדט. די קהילה אין בוענאָס־איירעס איז

ביִשט בלויז קיין וועגווייזער, זי איז אויך אַ וועג־בויער פאַר דעם גאַנצן יִידישן לעבן אין דער אַרגענטינער רעפובליק.

און דאָס אַלץ איז דערגרייכט געוואָרן דורך דעם וואָס די חברה־קדישא אין בוענאָס־איירעס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קהילה און די קהילה איז געשטאַלט און געשטאַלטיקט געוואָרן דורך דעם נייעם גייסט פון דעמאָקראַטישע פרינציפּן און דורך די וויזיעס פון דעם אַלט־נייעם יִידישן לעבנס־דראַנג. נאָך דעם ווי די חברה־קדישא איז געוואָרן אַ קהילה האָט דער סטאַטוטן־רעפאָרם זי אַרויפגעפירט אויף דעם דרך־המלך אויף וועלכן זי גייט און וועט נאָך לאַנג־לאַנג דאַרפן גיין צו דער יִידישער אייביקייט.






דער דעקאָראַטיווער אַריינגאַנג צו דער ביכער־אויסשטעלונג אין שלום־עליכם־יאָר.

**א. א. פּישער**

# די ייִדישע פּאַרטייען אין בוענאָס-אײַרעס

## און זייער ווירקונג אויפן געזעלשאַפטלעכן לעבן

— א. —

בכדי צו קענען ווי געהעריק פאַרשטיין און אָפּשאַצן די ווענדונג און פאַרוואַנדלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אינעם לעבן פון די היגע ייִדישע פּאַרטייען אין משך פון די לעצטע זעקס־זיבן יאָר, מוז מען קודם־כּל וואַרפן כאָטש אַ שנעלן און אויבנאויפיקן בליק אויף זייער אַנט־שטייונג און אַנטוויקלונג אין משך פון העכער זעכציק יאָר. עס גייט דאָ נישט אין שרייבן אַ סיסטעמאַטישע און מער־ווייניקער אויסשעפּנדיקע געשיכטע פונעם ייִדישן פּאַרטיי־לעבן אין אַרגענטינע בכלל און אין בוענאָס־אײַרעס בפרט, — דאָס וועט ערשט דאַרפן אַ מאָל געטאָן ווערן — אָבער אַלגעמיינע שטריכן פון אונדזער היגן פּאַרטיי־לעבן אין פאַרלויף פון די יאָרן, מוזן דאָ דאָך סקיצירט ווערן אַלס אַרײַנפיר צו אָט־דער אַרבעט וועגן דעם הײַנטיקן מצב און דער איצטיקער כאַראַקטעריסטיק פון די היגע ייִדישע פּאַרטייען.

ווי עס ווייזט אויס, פאַלט צוזאַמען די אַנטשטייונג פון אַ ציוניסטישער באַוועגונג אין אַר־גענטינע מיטן סאַמע אָנהייב פון דער ייִקאַ־קאָלאָניזאַציע דאָ אין לאַנד. צווישן די גאָר ערשטע קאָלאָניסטן וואָס זײַנען געקומען זיך באַזעצן אויפן היגן באָדן, זײַנען שוין באַשיימפּערלעך גע־ווען חובבי־ציון, וועלכע האָבן זיך נישט גאָר לאַנג נאָך זייער אָנקומען אַהער אָרגאַניזירט אין אַ געוויסער מאָס. מיר איז אויסגעקומען צו זען, בשעת איך האָב מיך באַטייליקט אין דער צו־גרייטונג פון דער ערשטער גרויסער אויסשטעלונג פונעם היגן ייִוואָ־אָפּטייל אין יאָר 1938, אַ קבלה אויף אַ געוויסן געלט־סכום, וואָס איז פון דאַנען איבערגעשיקט געוואָרן צום ד״ר הערצל פערזענלעך אין די גאָר ערשטע יאָרן נאָכן אַנטשטיין פונעם פּאָליטישן ציוניזם — דאָס איז אַ באַווייז פאַרן פריִער געזאָגטן. און נאָך אַ באַווייז: שוין אינעם צווייטן ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס אין באַזעל האָט זיך באַטייליקט אַ דירעקטער דעלעגאַט פון אַרגענטינע און זײַנער אַ בריוו פון דאָרטן האָט אויך פיגורירט אויף דער פריִער דערמאָנטער אויסשטעלונג. דאָס באַווייזט קלאָר, אַז עס האָט שוין דעמאָלט דאָ־הי געמוזט עקסיסטירן אַ קערפּערשאַפט, וועלכע האָט געשיקט דעם דעלעגאַט.

אין אַ גאָר קורצער צייט אַרום, ביים סאַמע אָנהייב פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין די יאָרן פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מילחמה, פון דער גרויסער פּאָגראָמען־כוואַליע אין בעסאַ־ראַביע און אוקראַיִנע און פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען קיין אַרגענטינע אַ מאַסן־אימיגראַציע פון מערסטנטייל יונגע מענטשן, נישט נאָר אַ קאָלאָניס־טישע, נאָר אויך אַ שטאָטישע. צווישן יענע אימיגראַנטן, וועלכע זײַנען אין אַ גרויסער צאָל אַנטלאָפן פון דאַרפן גיין אויף דער מילחמה, פון די רדיפות אויף ייִדן, אָדער פון די געיעגן פון דער מאַכט נאָך רעוואָלוציאָנערן, איז געווען אַ באַדייטנדיקער פּראָצענט פון באַוווסטזיניקע און אינטעליגענטע מענטשן, וועלכע זײַנען שוין אין די אַלטע היימען מעבר־לים געווען טעטיק אין די ציוניסטישע פּאַרטייען, אָדער אין „בונד״. דער רוב פון יענע מענטשן איז געווען אומפּאַר־הייראַט און זיי האָבן זיך געפילט גאַנץ עלנט און איינזאַם אין דער נייער סביבה. איז דעריבער געווען נאַטירלעך זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן און אויסלעבן אין קולטור־פּאַראיינען מיט ביבליאָ־

טעקן, וואָס יעדע איינע האָט געהאַט אַ געוויסע אידעיִשע אָריענטירונג, אָדער גאָר דירעקט אין פּאָליטישע קרייזן און פּאַרטייען. מיר איז אויסגעקומען צו הערן פון אַ סך עלטערע היגע תושבים, וועלכע האָבן אַליין מיטגעלעבט יענע צייט, שילדערונגען פון דעם דעמאָלטיקן ייִדישן לעבן אין בוענאָס־איירעס, וואָס האָט געשטורעמט און געברויזט כמעט פּונקט אַזוי אינטענסיוו ווי אין די שטעט און שטעטלעך, פון וואַנען מען איז ערשט נישט לאַנג געהאַט אַוועקגעפאָרן און ווו מען האָט געהאַט געוווינט צייט זיך אָפּצוגעבן מיט אַזעלכע זאַכן. פּונקט ווי דאָרטן, האָט מען אויך דאָ גאָר אָפט אָרגאַניזירט רעפעראַטן, דיסקוסיעס, קעסטל־אָוונטן אאַז״וו. אויף פּאָליטישע און קול־טורעלע טעמעס און דאָס אַלץ האָט זיך געוויינטלעך אויסגעוויקלט היפּשליידנשאַפטלעך און טעמפּעראַמענטפול.



די קהילה־פאַרוואַלטונג נעמט אויף די פּאַרלאַמענטאַרישע דעלעגאַציע פון מדינת־ישראל, בראש מיט מאיר ארגוב, וואָס האָט באַזוכט אַרגענטינע אין יאָר 1957.

ביז צו אָט־דער נאָר־וואָס דערמאָנטער צייט, איז די איינציקע פּאַרטיי אויף דער ייִדישער גאַס אין בוענאָס־איירעס געווען די בירגערלעכע אַלגעמיין־ציוניסטישע, וועלכע איז אויך געווען די דאָמינירנדיקע אין משך פון צענדלינגער יאָרן נאָך דעם. זי האָט דעמאָלט פאַרמאָגט זייער איבערגעגעבענע, אינטעליגענטע און פעיִקע פירערס, ווי, למשל, י. יאָסעלעוויטש, ב. געזאַנג, ש. ליבעשוץ, מ. ראָזאָווסקי, י. קאַפּלאַן א״אַנד., וועלכע האָבן באַוויזן זי צו אַנטוויקלען און איר צו פאַרשאַפן גרויס פּרעסטיזש אין גאָר ברייטע קרייזן. זי האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ זייער גוטע צייטשריפט אונטערן נאָמען „די ייִדישע האָפענונג״, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם פריִער־דערמאָנטן יאָסעלעוויטש (בן־יוסף), וואָס האָט זיך געהאַט אַנטפּלעקט אַלס אַ גאָר פיי־נער זשורנאַליסט. די פּראַקטישע אויפטוען סיי פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל, סיי אויף אַנדערע געביטן, זיינען אין יענע צייטן געווען קליינע אומעטום און מכל־שכן אין אַרגענטינע, אָבער דאָך זיינען די ציוניסטן שוין דעמאָלט געווען אַ וויכטיקער טייל פונעם היגן ישוב.

אַרום די יאָרן 1906/7, אַלזאָ כמעט גלייכצייטיק ווי אין אייראָפּע, איז אויפגעקומען אין בוענאָס־איירעס אויך די פּאַרטיי פּועלי־ציון און זי האָט באַלד נאָך איר גרינדונג אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַ גאַנץ וויכטיקע פּאָזיציע. אויסער אַנדערע פּערזאָנען, וואָס זיינען שפּעטער אַוועק־געפאָרן אָדער פאַרגעסן געוואָרן, האָבן זיך דעמאָלט גערעכנט צווישן אירע מיטגלידער און טוערס אַזעלכע יונגע מענטשן, ווי, למשל, פּ. קאָך, י. העלפמאַן און נ. וויטאַל, וועלכע זיינען שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אַלס וויכטיקע בעלעטריסטן, זשורנאַליסטן און עסקנים. אַלס באַוויז פון דער דעמאָלטיקער וויכטיקייט פון די אַרגענטינער פּועלי־ציון קען אויך דינען דער פאַקט, וואָס גערצייילטע עטלעכע יאָרן נאָך זייער אויפקום האָט זיי באַזוכט לעאָן כאַזאַנאָוויטש (כתריאל), איינער פון די באַקאַנטע מנהיגים פון דער וועלט־באַוועגונג פּועלי־ציון אין יענע יאָרן. זיין באַזוך אין אַרגענטינע האָט באַקומען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער יידישער וועלט דערפאַר, ווייל ער איז געווען איינער פון די ערשטע, אויב נישט טאַקע גאָר דער ערשטער, פון די וואָס האָבן



קהילה־אויפנאַמע לכבוד דעם ישראל־מיניסטער אבן אבן (יאָר 1960). פון רעכט אויף לינקס: א. פרידמאַן, געווי ישראל־אַמב׳ א. לבבי, ד״ר ט. קאַמענשיין, צ. פיינגערש, א. גוטקין, אבא אבן, מ. לעווין, ד״ר ד. רויזין, מ. יונגערמאַן, ד. שפיגעל און הרב גליקסבערג.

שאַרף קריטיקירט די מעטאָדן און די אַדמיניסטראַציע פון דער יי־קאַ־קאָלאָניזאַציע. צוליב דעם הפּנים האָט אים עמיצער פון די פאַראינטערעסירטע פאַרקלאָגט פאַר דער מאַכט פונעם לאַנד, אַז ער איז אַ געפערלעכער רעוואָלוציאָנער, און מען האָט אים אַרויסגעשיקט פון דאַנען לערך צוויי יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אויך די פּועלי־ציון האָבן דעמאָלט אַרויסגעגעבן אַ גאָר פיינע צייטשריפט מיטן נאָמען „ברויט און ערד״.

אין דער זעלבער צייט האָט אויך אָנגעהויבן צו זיין טעטיק אויף דער בוענאָס־איירעסער יידישער גאַס דער „בונד״, אָבער נישט אַלס זעלבשטענדיקע פּאָליטישע פּאַרטיי, נאָר אַלס סעקציע פון דער היגער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אויב איך בין זיך נישט טועה. די בונדיסטן האָבן אָבער אַנטוויקלט אַ גאַנץ לעבעדיקע און ענערגישע זעלבשטענדיקע אַרבעט, גרינדנדיק יידישע קולטור־פאַראיינען און ביבליאָטעקן פאַר די „גרינע״, נאָר־וואָס אָנגעקומענע יונגע מענטשן, וועלכע זיינען געווען אָדער דאָ געוואָרן אַרבעטער. פון זייערע אָנפירערס איז שפּע־

טער באַקאַנט געוואָרן אַלס זשורנאַליסט און עסקן פּ. וואַלד, וועלכער איז במשך די אומרוען פון „סעמאַנאַ טראַגיקאַ״ פון יאָר 1919 אַרעסטירט און געפּייניקט געוואָרן, ווייל עמיצער האָט אים אָנגעקלאָגט אַלס פּרעזידענט־קאַנדידאַט פון אַ געפּלאַנטער לינקער רעוואָלוציאָנערער לאַנד־רע־גירונג. אויך די בונדיסטן האָבן דעמאָלט אַרויסגעגעבן אַ גוטע צייטשריפט מיטן נאָמען „דער אַוואַנגאַרד״.

אויך די ייִדישע אַנאַרכיסטן האָבן דעמאָלט פאַרנומען אַ פּלאַץ אין היגן ייִדישן לעבן, און אַ ייִדישער אַנאַרכיסט האָט דעמאָלט אין אַן אַטענטאַט אומגעבראַכט דעם פּאָליציי־שעף.

מיטן גאַנג פון די יאָרן, זיינען אויפן געביט פונעם ייִדישן פּאַרטיי־לעבן אין אַרגענטינע פאַרגעקומען די זעלביקע אַנטוויקלונגען וואָס אין אַנדערע תפוצות. פון די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן זיך צוערשט אָפּגעשפּאָלטן אין יאָר 1918 די יינגערע עלעמענטן, וועלכע האָבן געשאַפן אַן אייגענע מער ליבעראַלע פּאַרטיי מיטן נאָמען „צעירי־ציון״, וואָס האָט עקסיסטירט אַ שטיק צייט זעלבשטענדיק, האָט זיך שפּעטער פאַראייניקט מיט די רעכטע פּועלי־ציון, זיך ווידער אָפּ־געטיילט פון זיי און סוף־כל־סוף זיך נאָך אַ מאָל פאַראייניקט מיט זיי אין איין פּאַרטיי מיטן נאָמען פּועלי־ציון — התאחדות. דערנאָך האָבן זיך אָפּגעטיילט פון די אַלגעמיינע ציוניסטן די מער רעכטע און נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן און האָבן געבילדעט די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי. צו דער צאָל פון די ציוניסטישע פּאַרטייען אין אַרגענטינע איז שפּעטער צוגעקומען די מיזרחי־הפּועל המיזרחי און אויך זי האָט אָפּגעצויגן מענטשן פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. גאַנץ צולעצט איז אַוועק פון אָט־דער עלטסטער פּאַרטיי, אָרגאַניזירט אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע, אַ באַדייטנדיקע גרופּע, צווישן וועלכער עס האָבן פיגורירט גאַנץ וויכטיקע אינטעלעקטועלע כו־חות, און זי האָט זיך קאָנסטיטויִרט אַלס ליבעראַלע ציוניסטישע פּאַרטיי.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה, נאָך זייער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ אין ווין, האָבן זיך די פּועלי־ציון אויך אין אַרגענטינע געשפּאָלטן אין רעכטע און לינקע, אָבער אַ גרוי־סער טייל פון די מענטשן פון ביידע סעקטאָרן איז אַריבער צו די ייִדישע קאָמוניסטן, וועלכע זיינען אין יענער צייט אויפגעקומען מיט אימפּעט און שטורעם און האָבן גלייך פאַרנומען אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין דעם ייִדישן ישוב. אַזוי אַרום זיינען ביידע צווייגן פון די פּועלי־ציון שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן און עס האָט געדויערט אַ היפּשע צאָל יאָרן ביז זיי זיינען געקומען צו זיך פון אָט־דעם קלאַפּ. די רעכטע האָבן זיך פאַמעלעך געשטאַרקט, אונטער דער אָנפירונג פון מ. רעגאַלסקי און י. גלאַזמאַן, קודם דורך דער גרינדונג פון די ליגעס פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, וועלכע האָבן דורכגעפירט די קאַמפּיינען פאַרן פּאַ״פּ (פּאַלעסטינער אַרבעטער־פאָנד), ווי מען האָט דעם פאָנד גערופן אויף ייִדיש, אָדער פאַר קפּא״י (קופּת פּועלי ארץ־ישראל), ווי מען האָט דעם פאָנד גערופן אויף עברית, דערנאָך דורך דער פאַראייניקונג מיט די צעירי־ציון און נאָך שפּעטער דורך דער גרינדונג פון דער פרויען פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע און דער אויסברייטערונג פון דער אייגענער יוגנט־באַוועגונג, וואָס האָט עטלעכע מאָל געביטן איר נאָ־מען. די לינקע פּועלי־ציון האָבן געזוכט שטאַרקונג, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר י. קאָוועגס־קי און אַנדערע, קודם־כל אין זייערע טעטיקייטן פאַרן שולוועזן, וועלכע זיי האָבן פיל פאַר־שטאַרקט מיטן אָנקומען אין לאַנד אַריין פון ח. פינקלשטיין, און דערנאָך אויך אין קולטור־אַר־בעט אויף ייִדיש.

אויסער די ביז איצט שוין דערמאָנטע ציוניסטישע פּאַרטייען, זיינען נאָך צוגעקומען צו דער מחנה צוויי זייער וויכטיקע כוחות: די „וויצאָ״ און דער „השומר־הצעיר״. די גאַנץ צאָלרייכע און טיכטיקע ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע „וויצאָ״ באַלאַנגט נישט פאָרמעל צו קיין שום פּאַרטיי און איז אויך נישט קיין פּאַרטיי פאַר זיך אַליין, אָבער זי האָט גאַנץ מאַרקאַנטע סימפּאַ־טיעס פאַרן בירגערלעכן ציוניזם. זי אַרבעט פאַר ארץ־ישראל סיי דורך קרן־קימת און קרן־היסוד, סיי דורך אייגענע געלט־זאַמלונגען. אויסער דעם פירט זי אָן אַ ייִדישע קולטור־אַרבעט אויף שפּאַניש, דער עיקר צווישן אירע יוגנטלעכע עלעמענטן. דער „השומר־הצעיר״ איז לכת־חילה געווען אין אַרגענטינע די ערשטע חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אָבער מיט דער צייט,

זוען די אין אירע רייען דערצויגענע יוגנטלעכע זיינען נישט אַלע עולה געווען און דאָך זיינען פיל פון זיי געבליבן טריי די אידייען פון דער באַוועגונג, האָבן זיי אויך געגרינדעט אַ פּאַרטיי, וועלכע גייט אין די וועגן אָדער אידענטיפיצירט זיך טאַקע מיט דער מפּ״ם אין מדינת־ישראל.

אויך דער „בונד״ האָט אין פאַרלויף פון די יאָרן פאַרשטאַרקט זיינע פּאָזיציעס דורך טע־טיקייטן פאַרן חינוך, דורך קולטור־אַרבעט אויף ייִדיש און דורכן אויפבוי פון עטלעכע אייגענע אָרגאַניזאַציעס, אָבער זייער שטאַרק אויסגעוואַקסן איז ער דאָך נישט. די קאָמוניסטן זיינען אין זכות פונעם ראַטנפאַרבאַנד ראַפּטום געהאַט אויסגעוואַקסן צו אַן אָנזעעוודיקן גורם אינערהאַלב פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונדזער היגן ישוב און אין משך פון וואָסערע דריי צענדליגג יאָרן האָבן זיי מער־ווייניקער אָנגעהאַלטן זייערע פּאָזיציעס. צוליב באַקאַנטע סיבות, אויף וועלכע עס איז נישט נויטיק זיך דאָ אָפּצושטעלן, איז דער ייִדישער קאָמוניזם אין די גאָר לעצטע יאָרן כמעט אין גאַנצן אַראָפּ פון דער מדרגה און האָט שוין איצט כמעט מער קיין שום השפעה נישט אויפן היגן ייִדישן לעבן.



די אויפנאַמע לכבוד אבא אבן (יאָר 1960).
פון רעכטס אויף לינקס: ישראל־אַמב׳ א. לבבי, צבי פיינגערש, אלימלך גוטקין, אבא אבן, אלתר הירש.

וועגן דער נומערישער גרויס פון אונדזערע היגע ייִדישע פּאַרטייען און וועגן זייער השפעה אויף דער געזעלשאַפט, ווייסט מען כמעט גאָר נישט אויף זיכער, ווייל די פּאַראינטערעסירטע האַלטן עס באַשיימפּערלעך פאַר אַ מין „שטאַט־געהיימעניש״, וועגן וועלכן מען רעדט און מען שרייבט גאָר נישט. אין יענע יאָרן, ווען עס פלעגן פּאָרקומען וואַלן צו די ציוניסטישע קאָנ־גרעסן, האָט מען נאָך בנוגע די ציוניסטישע פּאַרטייען געקענט עפּעס אַרויסדרינגען אויפן סמך פונעם שקלים־פאַרקויף און פונעם רעזולטאַט פון די וואַלן גופא. אין משך פון די לעצטע זעקס־זיבן יאָר, זינט די פּאַרטייען גייען מיט אייגענע ליסטעס צו די וואַלן פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה, קען מען ווידער עפּעס אָפּלערנען וועגן זייער איינפלוס אויף אַ געוויסער פּעריפעריע, אָבער אַלץ נישט וועגן זייער נומערישער גרויס.

ביז צוריק מיט וואָסערע 25 יאָר האָבן די היגע ייִדישע פּאַרטייען אַלס גאַנצע געאַרבעט כמעט אויסשליסלעך פאַרן ייִדישן אויסלאַנד. די ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן קודם־כל פּראָפּאַגאַנדירט זייערע אידעאַלן וועגן דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל, זיך באַמיט צו געווינען וואָס מער אָנהענגער, און אויסער דעם אויך געזאַמלט געלט, וועלכע מער און וועלכע ווייניקער, פאַרן קרן־קימת און קרן־היסוד, פאַרן פּאַ״פ און פאַר אַ גאַנצער ריי אַנדערע מער־ווייניקער וויכטיקע פאָנדן לטובת זייערע ענגערע פּאַרטיי־אַרבעטן און ארץ־ישראל. אָט די זאַמלונגען האָבן זיך דעמאָלט געהאַלטן אין איין מערן און שטערן איינע די אַנדערע, און בכדי עפּעס צו דערגרייכן, האָבן זיך געפּאָדערט מצד די פּאַרטייען גרויסע אָנשטרענגונגען און אַ פאַרשווענדונג פון פיל ענערגיע. דער „בונד״ האָט דעמאָלט געאַרבעט פאַר די ייִדישע וועלטלעכע שולן אין פּוילן, פאַר דער צענטראַלע פונעם ייִוואָ אין ווילנע און פאַר דעם לאָקאַלן קולטור־לעבן אויף ייִדיש. די ייִדישע קאָמוניסטן האָבן דעמאָלט געאַרבעט, מיט דער הילף פון אַן אייגענער אָרגאַניזאַציע



אויפנאַמע אין דער קהילה לכבוד הרב ש. גורן, הויפּט־רב פון דער ישראל־אַרמיי (1959).

אונטערן נאָמען „פּראָקאָר״, פאַר דער קאָלאָניזאַציע צוערשט אין קרים, שפּעטער אין ביראָ־בידזשאַן און נאָך שפּעטער פאַר „אַ ווירדיקער מתנה״ פון שטיוול, דאַכט זיך, פאַרן ראַטנפאַר־באַנד. וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס האָבן געקענט האָבן פאַר דער ריזיקער סאָוועטישער מדינה די געלט־בייטראָגן פון די אַרגענטינער ייִדישע קאָמוניסטן, איז דאָך איבעריק דאָ צו דערקלערן. דער גאַנצער ענין איז ממש געווען קאָמיש, אָבער די ראַטנמאַכט האָט אים דאָך טאָלערירט, ווייל ער איז פאַר איר געווען נוצלעך פונעם פּראָפּאַגאַנדיסטישן און פּאָליטישן שטאַנדפּונקט.

אין יענע צייטן האָבן זיך די היגע ייִדישע פּאַרטייען אַלס גאַנצע לחלוטין נישט באַטייליקט אין דעם אויפבוי און אין דער אַנטוויקלונג פונעם לאָקאַלן ייִדישן לעבן מיט זיינע קהלשע, קולטורעלע, רעליגיעזע, פילאַנטראָפּישע, מעדיצינישע, קאָאָפּעראַטיווע און פינאַנסיעלע אינסטיטוציעס. זיי האָבן אָט־די זייער וויכטיקע טעטיקייטן איבערגעלאָזט פאַר „קאָמיטעטן״ פון סתם ווילע פּאָלקס־ייִדן, וועלכע האָבן זעלטן געהאַט עפּעס אַ שייכות, אָדער זיינען געווען אָנגע־

שלאָסן צו איינער פון די פּאַרטייען. למען האמת דאַרף מען אָבער דאָ פּאַרצייכענען, אַז יחידים פּאַרטיי־מענטשן האָבן זיך פון אָנהייב אָן און אין משך פון דער גאַנצער צייט יאָ באַטייליקט אין אַ נישט גאָר גרויסער מאָס אין אַלע לאָקאַלע אַרבעטן. אפשר האָבן אויך זייערע פּאַרטייען דאָס גאַנץ גערן געזען, אָבער איך ווייס נישט פון דעם, אַז צווישן אַזעלכע יחידים פּאַרטייאישע עסקנים זאָל האָבן געווען עמיצער פון די ערשטע פיגורן, פון די הויפּט־מנהיגים פון די היגע פּאַרטייען.

צוליב וואָס און פאַרוואָס האָבן זיך אונדזערע היגע פּאַרטייען אַזוי אינדיפערענט באַצויגן צום לאָקאַלן יידישן לעבן? האָט דאָך ד״ר הערצל אָנגעזאָגט די ציוניסטן צו דעראָבערן די קהילות, דאָס מיינט צו זאָגן, צו דאָמינירן דאָס לאָקאַלע יידישע לעבן. האָבן דאָך ביידע צווייגן פון די פּועלי־ציון אויפגעשריבן אויף זייערע פענער „קעגנוואַרט־אַרבעט״, אָדער טעטיקייט אין



אויפנאַמע פאַר צבי לוריע און יצחק לעווי פון מדינת ישראל.

גלות. אַז דער „בונד״, די פּאַרטיי פון דאָיקייט, האָט געדאַרפט העלפן בויען און אַנטוויקלען דעם היגן ישוב, דאָס איז דאָך, דאַכט זיך, זעלבסטפאַרשטענדלעך. אויך די יידישע קאָמוניסטן וואָלטן דאָס געווען געדאַרפט טאָן, זאָל זיין כאָטש צוליב מאַכט־ און פּרעסטיזש־מאָטיוון, ווי זיי האָבן דאָס שפּעטער געטאָן, אויך דאָס זעט אויס צו זיין גענוג קלאָר. פאַרוואָס־זשע האָבן אָט־די אַלע פּאַרטייען זיך געפירט אַזוי ווי זיי האָבן זיך געפירט אין משך פון אַזוי פיל יאָרן, ביז ממש צו דער לעצטער צייט? — דאָס קען מען דערקלערן בלויז אויף אַזאַ אופן: אונדזערע פּאַרטייען זיינען, יעדע פאַר זיך און אַפילו אַלע אינאיינעם, שטענדיק געווען אַ מיעוט פונעם היגן ישוב און די באַגרענעצטע צאָל פון זייערע עסקנים האָט געטראָגן אויף זיך די אַחריות פאַר אידעאַלן און טעטיקייטן פון וועלט־באַטייט, פאַר וועלכע קיינער וואָלט אָבער דאָך נישט געווען געטאָן גאָר נישט אויב זיי אַליין וואָלטן עס נישט געטאָן. אויסער דעם איז דער היגער ישוב באַטראַכט געוואָרן פאַרן לעצטן קאַטאַסטראָפאַלן חורבן, ווי אַ קליינער מינדערוויכטיקער טייל פון אונדזער וועלט־פאָלק, וועמענס אַנטוויקלונג און אַפילו קיום, האָט אפשר געקענט אויסזען צו זיין פון אַ

קליינער באַדייטונג אין די אויגן פון די וויכטיקערע היגע פּאַרטיי־פירערס, וועלכע האָבן זיך באַשיימפּערלעך באַטראַכט פאַר אַ מין אַריסטאָקראַטן צווישן די היגע ייִדן. אויב עס האָט זיך ביי עמיצן פון זיי געלאָזט באַמערקן אַפילו אַ ביטול־באַציִונג צום לאָקאַלן לעבן און זיינע בוי־ערס, האָט זי וואַרשיינלעך אויך געשטאַמט פון אָט־דעם מקור.

— ב —

ערשט צוריק מיט 25־30 יאָר לערך האָבן די בוענאָס־איירעסער ייִדישע פּאַרטייען זיך אָנגע־הויבן צו באַטייליקן אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב אינעם לאָקאַלן לעבן אונדזערן. צוערשט איז דאָס געשען אויפן געביט פונעם חינוך דורך דער גרינדונג פון אַלץ מער נייע שולן און דורכן



די קהילה נעמט אויף ד״ר ישראל גאָלדשטיין. פון רעכטס אויף לינקס: עסקריבאַנאָ מאַלער, דר״א גרינבערג, ש. גלאַזערמאַן, ד״ר י. גאָלדשטיין, ד״ר ט. קאַמענשיין, א. גוטקין, הרב פינק.

בויען פון גרויסאַרטיקע שול־בנינים. די פּיאָנערן און טאָן־געבער אויף דעם געביט זיינען גע־ווען די לינקע פּועלי־ציון מיט זייער גרויסער שלום־עליכם שולע אין ווישאַ קרעספּאָ און אַנ־דערע ענלעכע. דערנאָך האָבן עסקנים פון די רעכטע פּועלי־ציון, מיט דער הילף פון בירגער־לעכע ציוניסטן און סתם נאַציאָנאַלע ייִדן, אויפגעבויט די צענטראַלע ח. נ. ביאַליק־שולע אין ווישאַ קרעספּאָ און אַ גאַנצע ריי שולן מיט דעם זעלבן נאָמען און העברעיִש־ייִדישן לערן־פּראָגראַם, אין אַ ריי שטאָט־טיילן און פּאָרשטעט. די אַלגעמיינע ציונים האָבן געשאַפן די ריין־העברעיִשע נחמן געזאַנג־שולע אינעם געגנט פון „אָנסע״ און די בונדיסטן האָבן אין דעם זעלבן געגנט אויפגעבויט די י. ל. פּרץ־שולע מיט אַ ייִדיש־העברעיִשן לערן־פּראָגראַם. אויך אַ גאַנצע נעץ פון תל־אביב־שולן, וועמענס לערן־פּראָגראַמען זיינען ענלעך צו יענע פון די ביאַליק־שולן, זיינען גרעסטנטייל געגרינדעט און געבויט געוואָרן דורך רעכטע פּועלי־ציון און ציוניסטן בכלל.

די קאָמוניסטן האָבן אויך אויפגעבויט די גרעסערע זשיטלאָווסקי־שולע און עטלעכע אַנדערע קלענערע שולן מיט לערן־פּראָגראַמען אין זייער גייסט. די קאָמוניסטן האָבן אויך, מיט געלטער פון סתם־ייִדן, דעמאָלט אויסגעבויט דעם „איפט" (ייִדישער פאָלקס־טעאַטער), וועלכער איז לעצטנס אין גאַנצן אַריבער צו שפּאַניש. אייניקע פּאַרטייען, למשל, דער בונד, די רעכטע און לינקע פּועלי־ציון, די קאָמוניסטן און ראַציאָנאַליסטן (וועלכע זיינען ספק אַ קולטור־אָרגאַניזאַציע, ספק אַן אַנאַרכיסטישע גרופּע) האָבן אויך אויפגעשטעלט אייגענע מער־וויניקער טעטיקע פאַרלאַגן. די צענטראַלע קולטור־אינסטיטוציעס, ווי ייִוואָ און צענטראַלע ביבליאָטעק און אַרכיוו, דער קולטור־קאָנגרעס, ביידע מיט זייערע פאַרלאַגן, און לעצטנס אויך דער נאַציאָנאַלער ייִדישער פאָלקס־טעאַטער, שטיצן זיך אויך אין אַ גרויסער מאָס אויף די ייִדישע פּאַר־



ד״ר יעקב צור אויף אַן אויפנאַמע אין דער קהילה (יאָר 1960). פון רעכטס אויף לינקס: מ. בערמאַן, י. ברמור, א. פרידמאַן, יעקב צור, הרב פינק, ד״ר ט. קאַמענשטיין, א. קליין, ד. קולאַקאָווסקי.

טייען. אין די גאָר לעצטע יאָרן האָבן כמעט אַלע אונדזערע פּאַרטייען געגרינדעט און אַנטוויקלט גמילות־חסדים־קאַסעס און קליינע בענקלעך, וועלכע האַלטן זיך אין איין מערן און זיי וואַקסן גאַנץ גוט. די פּאַרטייען אַליין, אָדער די אינסטיטוציעס אַרום די פּאַרטייען, געפינען אָפט מאָל אין אָט די קליינע פינאַנציעלע אַנשטאַלטן אַ גאַנץ וויכטיקע הילף און שטיצע.

אָט די גרויסע אַנטוויקלונג איז פאָרגעקומען אין אונדזער ישוב אַדאַנק די ייִדישע פּאַרטייען, דער עיקר זינט דעם אָנהייב פונעם צווייטן וועלט־קריג לערך און אַדאַנק איר האָבן די פּערמאַנענט אָרגאַניזירטע פּאַרטיי־כוחות געוווּנען דאָמינירנדיקע און אָריענטירנדיקע פּאָזיציעס און השפּעות אויף אונדזער גאַנצן היגן ייִדישן לעבן, וועלכעס האַלט אין איין וואַקסן און שטייגן און פאַרנעמט אויך אַן אַלץ מער חשובן פּלאַץ צווישן די ייִדישע ישובים איבער דער גאַנצער וועלט.

וואָס מער אונדזערע היגע פּאַרטייען האָבן געבויט אינסטיטוציעס פאַרן לאָקאַלן לעבן, איז אַלץ גרעסער געוואָרן זייער אינטערעס פאַר דער אַמאָליקער חברה קדישא, וועלכע איז שפּע־טער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער קהילה פון בוענאָס־איירעס. דאָס איז נישט געווען קיין סתם טעאָרעטישער אָדער פּלאַטאָנישער אינטערעס, ווייל ער איז אַרויסגערופן, דיקטירט און אַלץ מער פאַרגרעסערט געוואָרן דורך ממשותדיקע פּראַקטישע געזעלשאַפטלעכע און פינאַנציעלע מאָטיוון. דאָס אויסהאַלטן פון די שולן און אַנדערע אינסטיטוציעס און דאָס אויסבויען פון שיי־נע, אָפט מאָל ממש מאָנומענטאַלע בנינים פאַר זיי, האָט געפאָדערט גאָר גרויסע געלט־מיטלען. היפּשע טיילן פון זיי זיינען געשאַפן געוואָרן דורך די ספּעציעלע פאַרוואַלטונגען און בוי־קאָ־מיסיעס פון יעדער אינסטיטוציע באַזונדער. אָבער וואָס גרעסער עס זיינען געוואָרן די השגות און גרויסאַרטיקער דער פאַרנעם, איז עס געוואָרן אַלץ שווערער פאַר די רעלאַטיוו באַגרענעצטע מעגלעכקייטן און כוחות פון די באַזונדערע קאָמיטעטן פון די פּאַרטייען און אַלערליי קרייזן, צו באַפרידיקן די וואָס ווייטער אַלץ גרעסערע באַדערפעניש. די איינציקע אינסטיטוציע פון וועלכער מ'האָט געקענט דערוואַרטן סובסידיעס, ווייל זי איז געווען די גרעסטע וואָס שייך די צאָל מיטגלידער און זי האָט געקענט באַקומען גאַנץ באַדייטנדיקע הכנסות, איז געווען די אַמאָ־ליקע חברה קדישא, די איצטיקע קהילה פון בוענאָס־איירעס. האָט מען זיך אָנגעהויבן באַמיען צו באַקומען דאָרטן אַ דירעקטע דעה. די נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פון די ענינים האָט געפאָ־דערט, אַז אָט די באַמיונגען זאָלן ווערן אַלץ שטאַרקער און ענערגישער און אַלס קאָנסעקווענץ פון דעם זאָלן די פּאַרטייען באַקומען אין דער קהילה אַלץ מער דירעקטע פאַרטרעטער זייערע און אַלץ גרעסערע מאַכט און השפעות.

ווען די פּאַרטייען אונדזערע האָבן זיך אַרומגעזען, אַז זיי דאַרפן גיין אין דער פאַרוואַל־טונג פון דער חברה קדישא, שפּעטער קהילה, איז זיי געווען שווער און אַ מאָל טאַקע אוממעג־לעך אַריינצוברענגען אַהין זייערע דירעקטע פאַרטרעטער און זיי האָבן אָפט מאָל געמוזט זיך באַגנוגענען מיט אומדירעקטע פאַרטרעטער, וועלכע זיי פלעגן באַקומען מיט דער הילף פון קאָמבינאַציעס און שפּיצלעך. דאָס איז געווײנטלעך פאָרגעקומען אַזוי: האָט איינע פון די פּאַר־טייען געהאַט עמעצן פון אירע מער־וויניקער אָנגעזעענע מיטגלידער אין איינער פון די צוויי קאָאָפּעראַטיוועס פון קוענטעניקעס, אין אַ גרעסערן לאַנדסלייט־פאַראיין, אין איינער פון די בענק. אָדער אין אַן אַנדערער אינסטיטוציע פון אַזאַ מין, האָט ער אינאיינעם מיט דער פּאַרטיי אָנגעוויזן אַלע מעגלעכע מיטלען מען זאָל אים פון דער באַטרעפנדיקער אינסטיטוציע אַרויס־שטעלן אַלס קאַנדידאַט אין די קהילה־וואַלן. איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אין דער פאַרוואַל־טונג פון דער קהילה, איז ער שוין אינעווייניק געווען טעטיק לטובת זיין פּאַרטיי און לויט אירע שטילע אָנווייזונגען. ס'האָט טאַקע געדויערט, אָבער דאָך האָבן די פּאַרטייען וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרנומען אין דער קהילה זייער חשובע פּאָזיציעס און שפּעטער אויך די הויפּט־אַמטן.

אין משך פון צענדליגגער יאָרן האָט די היגע חברה קדישא, און אַפילו נאָך דעמאָלט ווען זי איז שוין פאַקטיש געווען די קהילה פון בוענאָס־איירעס, געהאַט אַ גאָר מאָדנעם וואַל־סטאַ־טוט, וועלכער איז גאָר נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ גרויסער, דעמאָקראַטישער, פּאָלקס־טימלעכער יידישער אינסטיטוציע. יעדעס יאָר פלעגן פאָרקומען וואַלן, אין וועלכע עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ האַלבע פאַרוואַלטונג מיט אַן אַבסאָלוטער מערהייט פון שטימען. די מינדערהייט, וועלכע האָט אָפט מאָל געצויגן נישט קיין סך וויניקער שטימען פון דער מער־הייט, איז געבליבן אין גאַנצן אָן אַ השפעה אויף דער לייטונג פון דער אינסטיטוציע. אַזוי איז עס געווען אין בעסטן פאַל, ווען צו די וואַלן זיינען געגאַנגען בלויז צוויי ליסטעס. ווען עס זיי־נען אָבער געגאַנגען דריי קאַנדידאַטן־ליסטעס, למשל, האָט זיך גאַנץ לייכט געקענט מאַכן, אַז צוויי פון זיי זאָלן אינאיינעם באַקומען מער שטימען פון דער דריטער, וועלכע האָט געוונען די וואַלן. דעמאָלט איז אויסגעקומען, אַז אַ פאַקטישע מינדערהייט האָט באַקומען אין די הענט אַריין די גאַנצע לייטונג פון דער אינסטיטוציע און די מערהייט האָט נישט געהאַט קיין מעג־לעכקייט צו האָבן די מינדסטע השפעה אויף איר.

יעדעס יאָר נאָך די וואַלן פלעגן פאָרקומען גענעראַל־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע עס זייַנען פּראָקלאַמירט געוואָרן די אויסגעקליבענע לייטונגען און אויסער דעם זיינען אָפּט מאָל אָנגענומען געוואָרן לעבנסוויכטיקע באַשלוסן פאַר דער אינסטיטוציע. אויך אויסעראָרדנטלעכע גענעראַל־פאַרזאַמלונגען זיינען גערופן געוואָרן, שטענדיק ווען דאָס איז נייטיק געווען. זיינען אָבער געווען גרויסע צרות מיט אָט די תמיד אויסערגעוויינלעך טומלדיקע פאַרזאַמלונגען, וועלכע האָבן נישט איין מאָל פאַרדינט דעם נאָמען פון חרפּהדיקע, ווייל אַפילו דעמאָלט ווען די קהילה האָט שוין פאַרמאָגט עטלעכע צענדלינג טויזנט מיטגלידער, פלעגן צו די גענעראַל־פאַרזאַמלונגען קומען בלויז עטלעכע הונדערט פון זיי, ביי ספּעציעלע געלעגנהייטן אַרום טויזנט און בלויז אין גאָר אויסערגעוויינלעכע פאַלן עטוואָס מער. ריכטיק איבערציילן די שטימען לויט די אויפגעהויבענע הענט, ווי עס האָט זיך דעמאָלט געפירט, איז געווען פאַקטיש אוממעגלעך —




אויפנאַמע פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג פאַרן ישראל־מיניסטער יוסף אלמוני (דער פערטער פון לינקס).

האָט זיך באַקומען, אַז וויכטיקע באַשלוסן זיינען אָנגענומען געוואָרן דורך אומבאַדייטנדיקע מינדערהייטן, לויט אַ פולשטענדיק אומטויגלעכער אָפּשטימונגס־פּראָצעדור. ווען די פּאַרטייען האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען אַ שטיקל שליטה אויף דער קהילה, האָבן זיי גלייך פאַרשטאַנען, אַז דער גילטנדיקער וואַל־סיסטעם דאַרף אומבאַדינגט וואָס פריִער רעפאָרמירט ווערן און מען האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן און דיסקוטירן וועגן דעם ווי אַזוי דאָס דאַרף געמאַכט ווערן. ווען עס האָבן זיך שוין געהאַט אַרויסגעשיילט און אויסגעפורעמט די צוגעפּאַסטע געדאַנקען און פּראָיעקטן פאַר דער סטאַטוטן־רעפאָרם, האָט מען באַשטימט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וועלכע זאָל אויסאַרבעטן און דעפיניטיוו רעדאַגירן די פאָרשלאַגן פאַר דער סטאַטוטן־רעפאָרם. אָט די אויסבעסערונג פון די סטאַטוטן און זייער צופּאַסונג צו מאָדערנע דעמאָקראַטישע נאָרמעס, איז בליספק אַ באַדייטנדיק פאַרדינסט פון אונדזערע היגע פּאַרטייען.

פאַר דער סטאַטוטן־רעפאָרם האָבן זיך די לייטונגען פון דער קהילה רעקרוטירט גרעסטנ־טייל מחוץ פון די אַלערליי פּאַרטייען און זייערע פּעריפעריעס. עסקנים פון די גרעסטע אינס־טיטוציעס, למשל, פונעם יידישן שפּיטאָל, פון מושב זקנים — בית יתומים, פון די קאָאָפּעראַ־טיוועס פון קווענטעניקעס, פון די בענק, פון די גרעסערע לאַנדסמאַנשאַפטן אאַז״וו פלעגן אויס־זוכן פאַרמעגלעכע מענטשן מיט פּרעסטיזש, וואָס זענען געווען מרוצה צו קאַנדידירן אַלס פּרע־זידענט, סעקרעטאַר, אָדער קאַסיר און אויסער דעם בייצוטראָגן געוויסע געלט־סכומים אויף צו באַצאָלן דעם גרעסטן טייל פון די פּראָפּאַגאַנדע־הוצאות. אַרום אָט די הויפּט־קאַנדידאַטן האָט מען שוין נאָך לאַנגע דינגענישן צונויפגעשטעלט די קאַנדידאַטן־ליסטעס אויף די איבעריקע אַמטן מיט מענטשן פון די אייגענע אינסטיטוציעס. נאַטירלעך האָט מען קאָמבינירט און קאַל־קולירט אויף אַזאַ אופן מען זאָל האָבן אַ וואַרשיינלעכקייט צו באַקומען וואָס מער שטימען. אויף אָנצופירן אָט די וואַל־אַקציעס האָט מען באַשטימט ספּעציעלע קאָמיטעטן, וועלכע זיינען גע־




הערצל־אויסשטעלונג אין דער קהילה (יאָר 1960).

וויינלעך באַצייכנט געוואָרן מיט קאָלירן, אָדער מיט קאָמבינאַציעס פון מער ווי איין קאָליר. די פּראָפּאַגאַנדע טעטיקייטן זיינען אָנגעפירט געוואָרן, אין משך פון צוויי־דריי מאָנאַטן פאַר די וואַלן, גענוג טומלדיק און נישט זייער אָפּגעהיט און דזשענטעלמעניש כלפּי די קעגנער, דורך אַנאָנסן אין די צייטונגען, דורך פאַרזאַמלונגען און דורך קערמעשלעך און באַנקעטן.

מענטשן פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, יחידים־מיטגלידער פון דער שורה, האָבן זיך שוין צוריק מיט צענדלינגער יאָרן באַטייליקט אין די פאַרוואַלטונגען פון דער חברה קדישא, שפּע־טער קהילה, און נישט איין מאָל האָבן זיי דאָרטן פאַרנומען אַפילו די העכסטע אַמטן. ווען אויך די איבעריקע פּאַרטייען האָבן איינגעזען, אַז זיי דאַרפן גיין אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, האָבן דאָס געטאָן אַלס ערשטע, צוריק מיט העכער צוואַנציק יאָר, דווקא די צעירי־ציון, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט נאָך נישט געהאַט פאַראייניקט דעפיניטיוו מיט די רעכטע פועלי־ציון. זייערע מענטשן אין דער קהילה האָבן באַלד פון אָנהייב געהאַט אָנצוווייזן אויף וויכטיקע אויפטוען,

ווייל זיי זיינען געווען צווישן די ערשטע איניציאַטאָרן און גרינדער פונעם ועד־החינוך און פו־נעם לערער־סעמינאַר, צוויי אומבאַדינגט נייטיקע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען נישט לאַנג נאָך דעם אין גאַנצן אַריבערגעגאַנגען אונטער דער יוריסדיקציע פון דער קהילה. חברים פון די צעירי־ציון זיינען דעמאָלט טאַקע געווען די ערשטע פּאָרזיצערס פונעם ועד־החינוך. אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען אין די פּאַרוואַלטונגען פון דער קהילה אויך אַריינגעטראָטן מענטשן פון די רעכטע און לינקע פועלי־ציון און נאָך שפּעטער אויך פון אַנדערע פּאַרטייען. אַט אַזוי האָבן אונדזערע היגע ייִדישע פּאַרטייען פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבן אַלץ מער און מער אַריינצו־דרינגען אין דער לייטונג פון דער קהילה און ווען זיי האָבן סוף־כל־סוף אויפגעהערט צו רי־וואַליזירן צווישן זיך און האָבן זיך פּאַראייניקט אין איין וואַל־ליסטע, צו די לעצטע וואַלן לויטן אַלטן סטאַטוט, האָבן זיי געוווּנען די גאַנצע פּאַרוואַלטונג מיט אַ גאָר גרויסער מערהייט. יענע וואַלן פונעם 30סטן אָקטאָבער 1955 זיינען געווען דעצידירנדיק פאַר דער פּאָזיציע פון אונד־זערע היגע פּאַרטייען אינערהאַלב פונעם בוענאָס־איירעסער ייִדישן לעבן אין די קומענדיקע יאָרן. דעריבער דאַרף מען וועגן זיי רעדן אַ ביסל מער באריכות.

צו די וואַלן פונעם יאָר 1955 האָבן זיך צוגעשטעלט פאָלגנדיקע דריי ליסטעס:

ליסטע נר׳ 1. צונויפגעשטעלט דורך אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען, אָנגעשלאָסענע אינעם ציוניסטישן צענטראַל־ראַט, אינאיינעם מיט אַ ריי לאַנדסמאַנשאַפטן, שול־פּאַרוואַלטונגען, אַזוי גערופענע גרעמיאַלע אָרגאַניזאַציעס און אַנדערע גרויסע אינסטיטוציעס. איר פּרעזידענט־קאַנ־דידאַט איז געווען דער ציוניסטישער מנהיג און אינטעלעקטואַל ד״ר אַברהם מיבשן ז״ל.

ליסטע נר׳ 2. צוזאַמענגעשטעלט דורך די ייִדישע קאָמוניסטן און זייערע מיטלויפערס און סימפּאַטיזירער, סיי יחידים, סיי אינסטיטוציעס. זייער פּרעזידענט־קאַנדידאַט איז געווען דער וועטעראַן־זשורנאַליסט פּיניע קאַץ. דאַכט זיך, אַז צום ערשטן מאָל האָט אַ זשורנאַליסט קאַנדי־דירט אויף אַן אַמט אין דער קהילה, דערצו נאָך אויף אַזאַ וויכטיקן.

ליסטע נר׳ 3. צוזאַמענגעשטעלט דורך די בירגערלעכע סעקטאָרן, וואָס האָבן נישט גע־וואָלט גיין צוזאַמען מיט דער ליסטע נר׳ 1, נאָר זיי האָבן געפּרוּווט זייער מזל באַזונדער. זייער פּרעזידענט־קאַנדידאַט איז געווען ד״ר ניקאָלאַס ראַפּאַפּאָרט ז״ל, אַ געבוירענער אין די ייִדישע קאָלאָניעס, דער דירעקטאָר פונעם ייִדישן שפּיטאָל, אַ שרייבער און באַקאַנטער אינטעלעקטואַל. אַט־די ליסטע איז געווען דער לעצטער פּרווו פון די נישט־פּאַרטייִישע אָנצוהאַלטן זייער פּרי־ערדיקן מעמד אין דער קהילה־לייטונג. ווי די אָפּשטימונג האָט באַוויזן, האָט זיך זיי דאָס נישט איינגעגעבן, נישט קוקנדיק אויף זייער שטאַרקן פּרעזידענט־קאַנדידאַט.

פון לערך 27.000 וואַל־באַרעכטיקטע מיטגלידער פון דער קהילה האָבן אין יענע וואַלן אָפּגעגעבן זייערע שטימען 16.526, דאָס הייסט עטוואָס מער פון 61 %. אין פאַרגלייך מיט די וואַלן פון דעם פריערדיקן יאָר, האָבן דאָס מאָל געשטימט 4635 מיטגלידער מער, וואָס עס באַ־ווייזט די גרויסע פּאַראינטערעסירונג מיט די דאָזיקע וואַלן. דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג איז געווען פאָלגנדיקער:

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ליסטע נר׳ 1 | האָט | געצויגן | 10.172 | שטימען, | אָדער | 61,82 | פּראָצענט |
| ליסטע נר׳ 2 | „ | „ | 4.638 | „ | „ | 28,18 | „ |
| ליסטע נר׳ 3 | „ | „ | 1.648 | „ | „ | —,10 | „ |

אין יענע וואַלן האָט זיך פון די פּאַרטייען בלויז דער „בונד״ נישט באַטייליקט. אַ גאַנץ קליינע צאָל שטימען איז אַנולירט געוואָרן. ווי מען זעט, האָט די ליסטע נר׳ 1 פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען אינאיינעם מיט נאָך אַנדערע נאַציאָנאַלע אומפּאַרטייִישע קרייזן געזיגט מיט אַ גרוי־סע מערהייט. אָבער די צאָל שטימען וואָס עס האָט באַקומען די קאָמוניסטישע ליסטע, האָט וואָרענענדיק באַוויזן, אַז אַט־דער סעקטאָר האָט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע וואָג אינערהאַלב פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט פון בוענאָס־איירעס. דער רעזולטאַט פון אַט־די וואַלן באַווייזט

אויך קלאָר, אַז די פּאַרטייען זיינען געוואָרן אַ דאָמינירנדיקער כוח אין אונדזער היגן ייִדישן לעבן און זיי ווען זיך שוין מער נישט נאָכשלעפּן נאָך אַנדערע, ווי פריִער. דאָס איז בפירוש געווען אַ שינוי פון ערשטקלאַסיקער באַדייטונג ביי אונדז.

— ג —

די לייטונג פון דער קהילה, וועלכע איז אויסגעקליבן געוואָרן אין יאָר 1955 האָט סוף־כל־סוף דורכגעזעצט דעם באַשלוס וועגן דער אַזוי נויטיקער סטאַטוטן־רעפאָרעם פון דער קהילה. דאָס איז דער ערשטער וויכטיקער אויפטו, וועלכער איז צו פאַרדאַנקען אונדזערע היגע פּאַר־טייען און זייער נייער קהילה־טעטיקייט. אָט־די רעפאָרעם האָט געהאַט דעם צוועק אָפּצושאַפן



פראַגמענט פון דער הערצל־אויסשטעלונג אין דער קהילה.

אַלטע פעלערן און איינצופירן אויסבעסערונגען, דערמעגלעכנדיק אַזוי אַרום אַ פרייערע און צוועקמעסיקערע אַנטוויקלונג פון אונדזער קהילה, אַ זאַך וואָס זי האָט טאַקע דערגרייכט אין אַ גאָר גרויסער מאָס. אָט־די סטאַטוטן־רעפאָרעם האָט ממש געעפנט נייע וועגן און האָריזאָנטן פאַר אונדזער קהילה־לעבן און מ׳קען נאָך איצט גאָר נישט פאָרויסזען ווי ווייט זי וועט דערפירן די אַנטוויקלונג זיינע אין דער צוקונפט.

אין וואָס־זשע באַשטייט אָט־די סטאַטוטן־רעפאָרעם? — אָט דאָס טאַקע וועלן מיר זיך באַ־מיִען צו סקיצירן בקיצור. די ענדערונגען אין שייכות מיט דער וואַל־אָרדענונג זיינען ממש פונ־דאַמענטאַלע. אָנשטאָט די וואַלן וואָס גיבן די גאַנצע מאַכט צו אַ מאַיאָריטעט, וועלכע איז דאָס אָפט מאָל אַפילו נישט, און וואָס קומען פאָר יעדעס יאָר — ווערן איינגעפירט געהיימע פּראָ־פּאָרציאָנעלע וואַלן איין מאָל אין דריי יאָר, וואָס גיבן אַ מעגלעכקייט צו האָבן אַ פאַרטרעטונג

אין דער לייטונג צו אַלע כוחות וואָס באַטייליקן זיך אין די וואַלן, לויט דער פּראָפּאָרץ פון די שטימען וואָס זיי באַקומען. יעדעס מאָל ווערט אויסגעקליבן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין איר גאַנצן צוזאַמענשטעל. די זעלבע מענטשן קענען אויסגעקליבן ווערן אין דער פאַרוואַלטונג איין פּעריאָד נאָכן אַנדערן. בלויז די גאָר העכסטע אַמטן מוזן באַזעצט ווערן יעדעס מאָל דורך נייע מענטשן. די ליסטעס פון די וואַלן באַשטייען פון 120 קאַנדידאַטן און דאָס דערלויבט נישט קיין גאָר קליינע גרופּקעס זיך צו פּרעזענטירן, אויסמיידנדיק אַזוי אַרום די צעבּרעקלונג פון כוחות.

די גענעראַל־פאַרזאַמלונגען, וועלכע זיינען שטענדיק געווען פּיקטיווע צוליב דער קליינער באַטייליקונג פון די מיטגלידער אין זיי, ווערן אָפּגעשאַפט און אָנשטאָט זיי ווערט אויסגעקליבן אַ ראַט פון 90 מיטגלידער, אַזאַ מין קליינער פּאַרלאַמענט. אָט־דער ראַט קלייבט אויס פון זיין מיט די פאַרוואַלטונג, וועלכע איז פּאַקטיש די אויספיר־מאַכט, און דערנאָך ווערט ער ווידער דערגאַנצט, ביז צו דער צאָל פון 90, מיט די איבעריקע אויסגעקליבענע מיטגלידער. דער ראַט האַלט־אָפּ סעסיעס וויניקסטנס צוויי מאָל דורכן יאָר, בכדי אויסצוהערן באַריכטן וועגן אָפּגעטוענע אַרבעטן און זיי צו דיסקוטירן, בכדי צו באַהאַנדלען און אָננעמען וויכטיקע באַשלוסן אאַז״וו. אין די סעסיעס באַטייליקן זיך נאַטירלעך די פאַרוואַלטונגען. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ פאַרזאַמלונג פון וואָסערע 120 מענטשן, וועלכע פאַרטרעטן די מיטגלידערשאַפט פון דער קהילה, איז גיכער מעגלעך רויִק, זאַכלעך און אין אָרדענונג צו באַהאַנדלען און צו באַשליסן וועגן וויכטיקע ענינים.

שוין אויפן סמך פון אָט־דעם רעפאָרמירטן סטאַטוט זיינען פאָרגעקומען די וואַלן פונעם 14טן אַפּריל 1957, אין וועלכע עס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן 17.818 שטימען, ד״ה מיט 1.292 שטימען מער ווי אין די פאַריקע וואַלן. אַזוי ווי דאָס מאָל זיינען געווען, הפּנים צוליב דער גרעסערער פאַראינטערעסירונג מיט די וואַלן, לערך 38.000 גוטשטייענדיקע מיט זייערע מיטגליד־אָפּצאָלן וואַל־באַרעכטיקטע מיטגלידער, הייסט עס אַז עס האָבן געשטימט לערך 47% פון די באַרעכטיקטע מיטגלידער. עס האָבן זיך באַטייליקט אין די וואַלן צען ליסטעס און די פאָלגנדיקע אויפשטעלונג גיט אָן וויפל שטימען און ראַטמענער יעדע פון זיי האָט באַקומען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| ליסטע נר׳ 1 — פועלי־ציון (רעכטע)־התאחדות — — | 6.004 שטימען | — 30 | ראַטמענער |
| „ נר׳ 2 — השומר הצעיר — — — — — — | 764 „ | — 4 | „ |
| „ נר׳ 3 — ציוניסטן־ רעוויזיאָניסטן — — — | 604 „ | — 3 | „ |
| „ נר׳ 4 — צענטראַל־אייראָפּעיִשע ייִדן — — — | 925 „ | — 5 | „ |
| „ נר׳ 5 — פּאָלקס־דעמאָקראַטן (קאָמוניסטן) — | 2.311 „ | — 12 | „ |
| „ נר׳ 6 — ליבעראַלע ציוניסטן — — — — — | 863 „ | — 4 | „ |
| „ נר׳ 7 — „בונד" — — — — — — — — | 555 „ | — 3 | „ |
| „ נר׳ 8 — אחדות העבודה־פועלי־ציון (לינקע) | 2.490 „ | — 13 | „ |
| „ נר׳ 9 — ציוניסטישע פעדעראַציע — — — — | 2.108 „ | — 11 | „ |
| „ נר׳ 10 — מיזרחי־הפועל המיזרחי — — — - | 1.080 „ | — 5 | „ |

ווי מען זעט, האָט די ליסטע נר׳ 1 באַקומען לערך 34% שטימען. נאָך איר זיינען געקומען נאָך צוויי ליסטעס, מער־וויניקער גלייך שטאַרקע, וואָס יעדע איינע פון זיי האָט באַקומען צווישן 12% און 14% שטימען. נאָך אָט־די דריי ליסטעס איז געווען די, נר׳ 5, די קאָמוניסטישע, וועלכע האָט דאָס מאָל באַקומען אַ העלפט שטימען ווי אין די פריִערדיקע וואַלן און עס איז, אויפן סמך פון דעם געוואָרן קלאָר, אַז אָט־די עקסטרעמיסטישע פּאַרטיי געפינט זיך אין אַ מצב פון שטאַרקער ירידה. די איבעריקע פינף קליינע פּאַרטייען האָבן אינאיינעם אָנגעצויגן היפּש וויניקער שטימען פון די רעכטע פועלי־ציון אַליין, און דאָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז זיי זיינען נישט בכוח אַליין פיל אויפצוטאָן. ווען עס איז געקומען צו דער ערשטער סעסיע פונעם קהילה־ראַט, אויף וועלכער מען האָט געדאַרפט אויסקלייבן די פאַרוואַלטונג פון דער אינסטיטוציע, האָבן זיך אַלע ראַטמענער פון די איבעריקע ניין פאַרטייען געאייניקט מען זאָל

נישט אַריינגענומען אין דער פאַרוואַלטונג אַפילו קיין איין פאַרטרעטער פון די דעספּרעסטיזשירטע קאָמוניסטן, ווייל זיי וואָלטן דאָרטן געווען אַ מין פרעמדער קערפּער, וועלכער וואָלט בלויז געמאַכט אָבסטרוקציעס און געשטערט אין דער אַרבעט. אויסער דעם איז אויך געווען אָפּגעמאַכט בהסכם כולם ווי אַזוי יושרדיק צו פאַרטיילן די אַמטן אין דער פאַרוואַלטונג אויף אַזאַ אופן, אַז די גרעסערע פּאַרטייען זאָלן באַקומען מער־ווייניקער דאָס וואָס עס קומט זיי פּראָפּאָרציאָנעל לויט דער צאָל געצויגענע שטימען און גלייכצייטיק זאָל נישט פאַרבלייבן אַפילו קיין איין ליסטע, וואָס זאָל נישט האָבן כאָטש איין רעפּרעזענטאַנט אין דער קהילה־לייטונג. אָט־דער אופן פון האַנדלען איז געווען זייער אַ טרעפלעכער, ווייל מיט זיין הילף זיינען אויסגעמיטן געוואָרן פאַרדראָסן און עס איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט אין משך פונעם גאַנצן פעריאָד צווישן אַלע סעקטאָרן. בלויז אין ראַט האָבן די קאָמוניסטן געהאַט אַ געלעגנהייט צו מאַכן אומנוצלעכע אָבסטרוקציעס.



ציוניסטישע עסקנים אויף דער הערצל־אויסשטעלונג אין דער קהילה, אין די ראַמען פון די פייערונגען „100 יאָר הערצל". פון רעכטס אויף לינקס: מ. אבידע, נעכע שיין, י. בר־יהודה, מ. דיין, א. גוטקין, ד"ר ט. קאַמענשיין, אינזש' ראַדזשיכאָווסקי, מ. האָניק, ישראל־אַמב' ד"ר אריה לבבי.

זיינען די רעזולטאַטן פון אָט די ערשטע קהילה־וואַלן לויט רעפאָרמירטן סטאַטוט געווען בלויז צופעליקע, אָדער האָבן זיי אָפּגעשפּיגלט די פּאַקטישע לאַגע און די רעאַלע כוחות־פאַרהעלטענישן אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פונעם ייִדישן בוענאָס־איירעס? דעם ענטפער אויף דעם קענען געבן די צווייטע קהילה־וואַלן לויט נייעם סטאַטוט, וועלכע זיינען פאָרגעקומען דעם 24סטן אַפּריל 1960. צו אָט־די וואַלן זיינען געגאַנגען בלויז ניין ליסטעס, ווייל די פאָלקס־דעמאָקראַטן (קאָמוניסטן) האָבן זיך נישט פּרעזענטירט. עס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר אַלע ליסטעס אינאיינעם 16.377 שטימען, ד"ה מיט 1.441 שטימען ווייניקער ווי מיט דריי יאָר צוריק. די הויפּט־סיבה פון אָט־דער פאַרמינערונג פון שטימען, איז מיסתמא געווען די פאַרקלענערונג פונעם וואַל־ענטוזיאַזם צוליבן פעלן פון די קאָמוניסטן אינעם וואַל־קאַמף, אָבער עס זיינען מעגלעך געווען אויך נאָך אַנדערע סיבות. אָט זיינען די פּרטימדיקע רעזולטאַטן פון די וואַלן פונעם 24סטן אַפּריל 1960:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ליסטע נר׳ 1 — אַחדות העבודה־פּועלי־ציון (לינקע) | — 2.889 | שטימען | — 16 | ראַטמענער |
| ״ נר׳ 2 — ציוניסטן־רעוויזיאָניסטן — — — | — 564 | ״ | — 3 | ״ |
| ״ נר׳ 3 — „בונד״ — — — — — — — — | — 615 | ״ | — 4 | ״ |
| ״ נר׳ 4 — השומר הצעיר — — — — — — | — 897 | ״ | — 5 | ״ |
| ״ נר׳ 5 — ליבעראַלע ציוניסטן — — — — | — 1.658 | ״ | — 9 | ״ |
| ״ נר׳ 6 — ציוניסטישע פעדעראַציע — — — | — 1.619 | ״ | — 9 | ״ |
| ״ נר׳ 7 — פּועלי־ציון (רעכטע)־התאַחדות — | — 6.036 | ״ | — 33 | ״ |
| ״ נר׳ 8 — צענטראַל־אייראָפּעיִשע ייִדן — — | — 891 | ״ | — 5 | ״ |
| ״ נר׳ 9 — מיזרחי־הפּועל המיזרחי — — — | — 1.155 | ״ | — 6 | ״ |




לחיים אין קהילה לכבוד דעם 75סטן געבוירנטאָג פון דוד בן־גוריון. פון רעכטס אויף לינקס: ח. פינקעלשטיין, יוסף אבידר, ד״ר ט. קאַמענשיין, ימימה טשערנאָוויץ־אבידר, ד״ר י. גאָלדענבערג, פּראָפ׳ דוכאָווני, מ. האָניק און מ. טורקאָוו.

אָט־די רעזולטאַטן פון די וואַלן באַשטעטיקן, אַז אונדזערע היגע פּאַרטייען זיינען טאַקע בלי־ספק די דאָמינירנדיקע כוחות אינעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון בוענאָס־איירעס און זייערע פּאָזיציעס און השפּעות זיינען מער־ווייניקער סטאַבילע און אומפאַרענדערלעכע. אויב עס זיינען פאָרגעקומען לפי־ערך קליינע ענדערונגען, זיינען זיי נישט קיין צופעליקע, נאָר זיי דאַרפן צוגעשריבן ווערן צום פאַקט וואָס די קאָמוניסטן זיינען נישט געגאַנגען צו די וואַלן. דער־ריבער וואַרשיינלעך האָבן די לינקע פּועלי־ציון און דער השומר־הצעיר באַקומען 399 און 133 שטימען מער רעספּעקטיוו, ווייל זיי זיינען דאָך די אידעאָלאָגיש אַמנאָענטסטן שטייענדיקע צו די אַוועקגייער פון קאָמוניזם.

די פּאַרטיי פּועלי־ציון־התאחדות האָט אויך ווייטער אָנגעהאַלטן איר אומצווייפלהאַפטע דאָמינירנדיקע פּאָזיציע און זי נאָך עטוואָס פאַרבעסערט. די רעליגיעזע פּאַרטיי און דער

„בונד“ האָבן אויך עטוואָס פאַרבעסערט זייער לאַגע. דאַקעגן האָבן די דייטשע יידן און די רע־זוויזיאָניסטן פאַרלוירן יעדער איינער אַ ביסל שטימען. אַ מאָדנע דערשיינונג איז פאָרגעקומען ביי די בירגערלעכע ציוניסטן און עס איז שווער צו דערקלערן פאַרוואָס זי איז פאָרגעקומען. אין די וואַלן פונעם יאָר 1957 האָבן די ליבעראַלע ציוניסטן באַקומען 863 שטימען און די ציו־ניסטישע פעדעראַציע 2.108, ד״ה אַז אינאיינעם האָבן זיי באַקומען 2.971 שטימען. אין די לעצ־טע וואַלן האָבן באַקומען די זעלבע פּאַרטייען 1.658 און 1.619 שטימען, אַלזאָ צוזאַמען 3.277 שטימען. דאָס וויל זאָגן, אַז דער לאַגער פון די בירגערלעכע ציוניסטן אַלס גאַנצער האָט אויך געהאַט אַ צוזואוקס פון 306 שטימען, אָבער דער פאַקט וואָס די שטימען זיינען דאָס מאָל פאַר־טיילט געוואָרן אין צוויי כמעט גלייכע העלפטן, האָט שטאַרק באַגינציקט די ליבעראַלע ציוניסטן, וועלכע האָבן איצט באַקומען 795 שטימען מער ווי אין די פאַריקע וואַלן, וואָס עס באַדייט כמעט אַ פאַרטאָפּלונג פון די שטימען. אין אַלגעמיינע שטריכן האָבן אָט־די אַלע שינויים געהאַט אַ מינ־דערוויכטיקע השפעה אויף דעם צוזאַמענשטעל פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, אין וועלכער יע־דע פּאַרטיי האָט געהאַט ווייניקסטנס איין פאַרטרעטער. אויך אין איצטיקן פעריאָד אַרבעט די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה זייער האַרמאָניש און אָן רייבונגען.

דאָס וואָס אונדזערע היגע יידישע פּאַרטייען האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אינעם בוענאָס־איי־רעסער קהילה־לעבן און זיי האָבן גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער קהילה, דאָס האָט בשום אופן נישט פאַרמינערט זייער אינטערעס פאַר אַנדערע געביטן און אויך נישט פאַרקלענערט זייערע פריערדיקע אַנדערע טעטיקייטן. די ציוניסטישע פּאַרטייען באַטייליקן זיך אַזוי ווי פריער, אָדער נאָך פיל ענערגישער, אין די פינאַנציעלע און עקאָנאָמישע אַקציעס פאַר מדינת־ישראל, אין די אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטישע אַרבעטן פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און אין די טעטיקייטן פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס. זיי זיינען אַזוי אַרום אויך איצט, ווי שטענדיק, די פאַראַנטוואָרטלעכע און דירעקטיווע כוחות אינעם פאַראייניקטן־קאַמפּיין, אינעם באָנאָס־קאַמפּיין, אינעם קרן־קימת־לישראל, אין די אָרגאַניזאַציעס פאַר קאַפּיטאַל־אינ־וועסטיציעס אין מדינת־ישראל אאז״וו. כאָטש עס זיינען לעצטנס צו אָט־די אַלע טעטיקייטן צו־געצויגן געוואָרן אויך פיל ברייטערע קרייזן פון נישט־אָרגאַניזירטע נאַציאָנאַלע יידן. נאָ־טירלעך זיינען אונדזערע ציוניסטישע פּאַרטייען אויך די עלעמענטן וואָס שטעלן צוזאַמען די ציוניסטישע לאַנד־אָרגאַניזאַציע און באַטייליקן זיך אין די אינסטאַנצן פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. אַ חוץ דעם האָבן זיי לעצטנס אויך פאַרשטאַרקט אין אַלגעמיין די חינוך־און קולטור־אַרבעטן וואָס זיי פירן דורך דירעקט אויפן אייגענעם חשבון. זינט די פּאַרטייען אונדזערע פירן אָן מיט דער קהילה, האָבן זיי אויך אַנטוויקלט אין אַ ברייטערן מאַסשטאַב אַלע זייערע טעטיקייטן.

אַ דאַנק דעם נייעם שוווּנג און פאַרנעם וועלכן אונדזערע פּאַרטייען האָבן אַריינגעבראַכט אין דער קהילה און וועלכע האָבן געמאַכט אונדזער אָרטיק יידיש לעבן אינטענסיווער און שע־נער, האָט אונדזער היגער ישוב אַלס גאַנצער און אויך אַלע זיינע פּאַרטייען, אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס, געוווּנען אַ סך פּרעסטיזש און ער איז זייער שטאַרק באַקאַנט געוואָרן אין דער יידישער וועלט. איז נישט קיין חידוש וואָס אין אַלע תפוצות איז לעצטנס אויפגעקומען, ביי מנהיגים און עסקנים קודם־כל, אָבער אויך ביי קרובים און אַפילו סתם טוריסטן, דער ווילן און אינטערעס צו באַזוכן בוענאָס־איירעס און זיך צו באַקענען מיט איר יידישן ישוב. זיינען טאַקע אינעם אַרכיוו פון פרעסע־אויסשניטן ביי דער בוענאָס־איירעסער קהילה אין משך פון די לעצטע פינף יאָר, וועלכע מיר האָבן גענומען אין באַטראַכט, פאַרצייכנט לערך הונדערט געסט און באַזו־כערס יערלעך, מענטשן מיט אַ גרעסערער אָדער קלענערער באַדייטונג, יעדער איינער אויף עפּעס אַ געביט פונעם יידישן לעבן. דאָס זיינען געווינטלעך מנהיגים פון די וועלט־אינסטאַנצן און פּאַרטייען און אויך שליחים פון די אַלערליי אָפּטיילונגען און פאָנדן; שרייבערס און זשורנאַ־ליסטן; רעזשיסאָרן, שוישפּילערס, זינגערס און טענצערס; אַלערליי ספּעציעלע עמיסאַרן פון מדינת־ישראל, לערערס און כל־המינים אַנדערע געסט. אָט־די אַלע באַזוכערס קומען פון אומע־

טום ווו ייִדן וווינען, אָבער קודם־כל פון די לאַטיק־אַמעריקאַנער לענדער, פון די פאַראייניקטע שטאַטן און פון מדינת־ישראל. וועגן פּריוואַטע באַזוכן פון קרובים און טוריסטן רעדן מיר דאָ נישט, אָבער אויך אַזעלכע קומען נישט זעלטן פאָר און זיי האַלטן זיך באַשיימפּערלעך אין איין פאַרמערן.

בכדי צו געבן אַ שטיקל באַגריף וועגן דער חשיבות וואָס עס ווערט צוגעשריבן אונדזער ישוב אין דער ייִדישער וועלט, וועלן מיר ווייטער אונטן אויסרעכענען בלויז עטלעכע פון די חשובסטע פּאָליטישע ייִדישע פיגורן, וועלכע האָבן אונדז באַזוכט אין משך פון די לעצטע פינף יאָר.

אין יאָר 1957 זיינען דאָ געווען: ד״ר יוסף סערלין (געוועזענער מיניסטער פון ישראל און כנסת־דעפּוטאַט, אַלגעמיינער־ציוניסט); זלמן שזר (געוועזענער מיניסטער פון ישראל, לייטער פון דער חינוך־אָפּטיילונג פון דער ייִדישער אַגענץ, מנהיג פון מפא״י); ד״ר נחום גאָלדמאַן (פּרע־



דעלעגאַטן צום צוזאַמענפאָר פון פאַראייניקטן קאַמפּיין אין דער קהילה (1959).

זידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און פונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, אַלגע־מיינער ליבעראַלער ציוניסט); פּינחס ספּיר — האַנדלס־ און אינדוסטריע־מיניסטער פון ישראל, פירער פון מפא״י; אַ כנסת־דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון די דעפּוטאַטן: מאיר אַרגוב (מפא״י), שמחה בבה (אַלגעמיינער־ציוניסט), מ. גרינבערג (מיזרחי־הפועל המיזרחי), יזהר הררי (פּראָג־רעסיווער ציוניסט), בנימין מינץ (פועלי אַגודת ישראל), נחום ניר (אַחדות העבודה), און מ. ליאור (סעקרעטאַר פון דער כנסת־פּרעזידענץ).

אין יאָר 1958 האָבן אונדז באַזוכט: י. אַרטוסקי (בונדישער פירער פון ישראל); ראָוז האַל־פּערין (געוועזענע פּרעזידענטין פון „הדסה" און פּרעזידענטין פון וועלט־פאַרבאַנד פון ליבעראַ־לע ציוניסטן); ד״ר ישראל גאָלדשטיין (פירער פון ליבעראַלע ציוניסטן און פּרעזידענט פון וועלט־דירעקטאָריום פונעם קרן־היסוד); ריכטער לויִס לעווענטאַל (אַלגעמיינער־ציוניסט); הרב א. י. געלמאַן און ד״ר משה קורץ (פירער פון מיזרחי־הפועל המיזרחי); ד״ר יוחנן באַדער (רע־וויזיאָניסטישער כנסת־דעפּוטאַט); ד״ר עמנואל ניומאַן (פּרעזידענט פון דער אַלגעמיינער ציוניס־

טישער אָרגאַניזאַציע אין נאָרד־אַמעריקע); ד״ר שמשון יוניטשמאַן (רעוויזיאָניסטישער כנסת־דעפּוטאַט); ישראל בר יהודה (אינערן־מיניסטער פון ישראל, אַחדות העבודה).

אין יאָר 1959 זיינען ביי אונדז געווען: ד״ר יוסף סערלין (געוועזענער מיניסטער פון ישראל, אַלגעמיינער־ציוניסט, כנסת־דעפּוטאַט); אליהו דאָבקין (קרן־היסוד פּרעזידענט און פירער פון מפּ״ם); ד״ר נחום גאָלדמאַן; פּינחס ספּיר; גאָלדע מאיר (אויסערן־מיניסטער פון ישראל, מפּא״י); ד״ר יוסף בורג (געוועזענער מיניסטער פון ישראל, כנסת־דעפּוטאַט פון מיזרחי־הפּועל המיזרחי); קאָלאָנעל הרב שלמה גורן (הויפּט־רב פון צה״ל); פרוי רבקה זיף (פּרעזידענטין פון וועלט־עקזעקוטיוו „וויצאָ״); יוסף קלאַרמאַן (רעוויזיאָניסטישער וויצע־פּרעזידענט פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט); צבי לוריאַ (הויכער פונקציאָנאַר פון דער סוכנות, השומר הצעיר).

אין יאָר 1960 זיינען דאָ געווען צו גאַסט: ד״ר נחום גאָלדמאַן; אַברהם האַרצפעלד (כנסת־דעפּוטאַט, פירער פון מפּא״י); אבא אבן (מיניסטער פון ישראל, מנהיג פון מפּא״י); ס. נוטקעוויטש (עסקן פון „בונד״ אין די פאַראייניקטע שטאַטן); מנחם געלערטער (הויכער פונקציאָנאַר פון סוכנות, עסקן פון מפּא״י); פּינחס ספּיר; הרב יצחק מאיר לעווין (געוועזענער מיניסטער פון ישראל און כנסת־דעפּוטאַט, מנהיג פון אַגודת־ישראל).

אין יאָר 1961 האָבן אונדז באַזוכט: ד״ר מ. ל. פּערלצוויג (פּאָליטישער דירעקטאָר פון יידישן וועלט־קאָנגרעס); יעקב זרובבל (וועטעראַן־מנהיג פון אַחדות העבודה־פּועלי־ציון [לינקע]); פּראָפ׳ אַרטור לערמער (בונדישער פירער פון קאַנאַדע); זלמן שזר (מנהיג פון מפּא״י); ד״ר יוסף שוואַרץ (דירעקטאָר פונעם באָנאָס־קאַמפּיין אין די פאַראייניקטע שטאַטן); אליהו דאָבקין (מפּא״י).

אין יאָר 1962 האָבן דאָ געווילט: ריכטער טשאַרלז ראָזענבאַום און ריטשמאָנד פּראַסקאַוער פון נאָרד־אַמעריקע, פּ. האָלאַנדער, דער פּאָרזיצער פון דער קהילה אין שטאָקהאָלם, דער זשורנאַליסט ה. לאַזדייסקי פון מעקסיקע, פּראָפ׳ ערנסט חיין, ד״ר ישראל גאָלדשטיין, ישראל־מיניסטער יוסף אלמוגי, ד״ר יעקב צור, לייבל קאָץ פון נאָרד־אַמעריקע, אפרים בריח, יוסף שאַפּיראָ, ישראל הדר (פון ישראל), ראַפאַל ריבאַ (פון פּאַריז) און אַ ריי אַנדערע חשובע געסט.

ווי מען זעט, זיינען אונדזערע היגע יידישע פּאַרטייען, אין די לעצטע געציילטע עטלעכע יאָרן אַרויס אויף אַ ברייטן שליאַך פון אויפטועו און דערגרייכונגען און זיי האָבן גוטע פּערספּעקטיוון וואָס ווייטער צו פאַרנעמען אַלץ וויכטיקערע און בכבודיקערע פּאָזיציעס, סיי אינעם אַרגענטינער ישוב, סיי אינעם וועלט־יידנטום. דאָס איז אָבער גערעדט געוואָרן נאָר אויב זיי וועלן אויסמיידן צווישן זיך איבערגעטריבענע שטרייטן און קאַמפן און וועלן פאַרשטיין, ווי ביז איצט, מיטצואַרבעטן האַרמאָניש איינע מיט דער אַנדערער לטובת הכלל. אין דעם פאַל וועט זייער טעטיקייט זיין מזל־ברכהדיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ישוב.



משה האַניק

# דער זין פון אונדזער גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן המשך

דער שרייבער משה קויפמאַן האָט אין זיין פאַרנעמיקער און וואָגיקער אַרבעט וועגן דער קולטור־טעטיקייט פון דער קהילה, אַנטפּלעקט אַ דעטאַלירט בילד פון קהלישער אַקטיוויטעט אויפן געביט פון ממשיך זיין אונדזערע אַלטע גייסטיקע טראַדיציעס אויפן באָדן פון נייעם לעבן. ער האָט אויך גרינטלעך באַלויכטן די אידעישע ריכט־ליניע פון די קהילה־עסקנים ביים דורכ־פירן די דאָזיקע אַרבעט און אַנגעוויזן אויף איר סאַמע עיקר — אויף דעם, אַז זי שטעלט מיט זיך פאָר אַ סינטעז פון אַלט און ניי, פון טראַדיציע און וועלטלעכקייט, פון גרעאַנגל פאַר אַן אויטאָנאָם געזעלשאַפטלעך לעבן דאָ ווו מיר געפינען זיך און פון קאַמף פאַר די ציוניסטישע אידעאַלן וואָס בינדן אונדז צו צו מדינת־ישראל. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז די קול־טור־אַרבעט פון דער קהילה איז געפירט געוואָרן אין פולן גייסט פון אינטעגראַלער ייִדישקייט און דערין ליגט דער סוד פון איר דערפאָלג און פון איר אָנזען אין היגן ישוב, ווי אויך אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט.

ווי דער סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה, וועלכער האָט דירעקט אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער גאַנצער אַרבעט, וויל איך דאָ מאַכן בלויז איניקע באַמערקונגען אויפן סמך פון דער דערפאַרונג וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון די דריי יאָר, זייט 1960 ביז 1963, ווייל איך מיין, אַז די דאָזיקע דערפאַרונג וועט קענען ברענגען נוצן די נאָכקומענ־דיקע אָנפירער פון דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט, פונקט ווי די דערפאַרונג פון די פריִערדיקע האָט געבראַכט נוצן אונדזער טעטיקייט.

דאָס ייִדישע לעבן, פונקט ווי דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן, שטייט נישט אויף איין אָרט. פאַר אַ קאָלעקטיוויטעט וואָס וויל איינהיטן איר דורותדיקע גייסט־ירושה און דערביי זיין כסדר שעפעריש, ברענגט דאָס די שאַרפסטע פּראָבלעמען. עס האָט נישט קיין שום שוועריקייטן און קיין שום פּראָבלעמען דער וואָס האָט נישט קיין נעכטן און לעבט בלויז מיטן היינט, אַנדערש געזאָגט: דער וואָס זאָרגט בלויז פאַר קיום און נישט פאַר המשך. דאָס דאָזיקע פאָלק וואָס וויל אָבער נישט בלויז עקזיסטירן, נאָר וויל אין זיין עקזיסטענץ אויך מיטטראָגן די אַלטע גייסטיקע ווערטן, דאָס פאָלק וואָס וויל נישט לעבן בלויז מיטן היינט, נאָר וויל אויך איינהאַלטן אין זיין זכרון דעם נעכטן — דאָס־אַ פאָלק האָט נישט קיין לייכטע אויפגאַבע און קיין גרינגן וועג און עס מוז שטענדיק שטיין אויף דער וואַך כדי די לאַסט פון זיין נעכטיקער ירושה זאָל עס נישט אַראָפּשלאָגן פון דעם וועג פון היינט און אַזוי אויך פאַרקערט.

איך וויל דאָ אונטערשטרייכן, אַז ווען מען רעדט וועגן נייע וועגן און נייע מעטאָדן אין דער קולטור־אַרבעט דאַרף מען נישט מיינען, אַז דאָס דאַרף געטאָן ווערן בלויז דערפאַר ווייל די יוגנט פאַרלאַנגט עס. אַוודאי שטויסט אונדז הויפּטזעכלעך די זאָרג פאַר דער יוגנט צו פּרווון נייע מיטלען און נייע מעטאָדן פון קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אָבער עס איז כדאי, אַז מען זאָל דאָס וויסן: ווען מען נעמט נישט אין אַכט די צייט און די געענדערטע באַדינגונגען פון לעבן ווירקט דאָס פאַטאַל אויך אויף דער קולטור־אַרבעט צווישן די עלטערע. אויך דער על־

טערער עמיגראַנטן־דור בייט זיך כסדר אין לויף פון לעבן און אויך מיט אים מוז די קולטור־אַרבעט, ווי בכלל די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, מיטגיין און אין אַ געוויסער מאָס זיך צופאַסן צו זייַנע געענדערטע לעבנס־באַדינגונגען. ווייל מען האָט דאָס דאָזיקע אין אַ געוויסער צייט נישט גענומען אין אַכט און מען האָט אין דער קולטור־טעטיקייט זיך געהאַלטן ביי סטאַטישע מעטאָדן פון פאַר 20־30 יאָר צוריק, זענען אויך גאָר אַ גרויסע צאָל עלטערע ייִדן, ייִדן פון עמיגראַנטן־דור, אַרויסגעפאַלן פון דער קולטור־ספערע און האָבן אויפגעהערט צו זיין אַקטיווע קולטור־קאָנסומענטן. עס איז אַ פאַקט, אַז דער דורכשניטלעכער מאַסן־מענטש קען צוגעוווינט ווערן צו אַן אינטענסיוו געזעלשאַפטלעך קולטור־לעבן און ער קען פון דעם דאָזיקן לעבן אָפּ־געוווינט ווערן.



סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט עפנט דעם חודש פון ייִדישן בוך ביי דער פייערונג אין זאַל „אָפּעראַ״.
פון רעכטס אויף לינקס: ד. קולאַקאָווסקי, ש. גלאַזערמאַן, א. גראָקאָפּ, א. פרידמאַן, ד״ר ט. קאַמענשטיין, מרדכי שטריגלער, טשאַרני.

אַלסביישפּיל וועל איך ברענגען דעם פאַקט פון אונדזערע אונטערנעמונגען. ס׳איז קלאָר, אַז אונדזערע גרויסע אונטערנעמונגען אין זאַל פון דער קהילה, אָדער אין זאַל פון אַ טעאַטער, זענען תמיד דורכגעגאַנגען מיט אַ סך דערפאָלג. שוין אָפּגערעדט פון אַזעלכע אונטערנעמונגען ווען עס איז אַרויסגעטראָטן אַ גאַסט פון אויסלאַנד, פון ישראל, אָדער וואָס איז געווידמעט אַן אַלגעמיינער יום־טוב־דאַטע אין ייִדישן לעבן. אַזעלכע אימפּרעזעס האָבן תמיד צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע צאָל ייִדן, כן ירבו, און די גרעסטע טעאַטער־זאַלן זענען אָפט געווען צו קליין זיי אַלע־מען אַריינצונעמען. אָבער ווען מיר האָבן געטאָן אונדזער קולטור־אַרבעט האָבן מיר נישט בלויז אין זין געהאַט דעם דערפאָלג פון אָט די אויסנעמלעכע אימפּרעזעס, נאָר מיר האָבן שטאַרק אין זין געהאַט דעם דערפאָלג פון אונדזערע געוויינלעכע אונטערנעמונגען אין די פּעריפעריעס פון שטאָט און אין גרויס בוענאָס־איירעס. וואָרים מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז אמתע קולטור־

אַרבעט קען נישט געמאָסטן ווערן דורך דעם אויסערגעווײנלעכן, נאָר דווקא דורך דעם געווײנ־לעכן, דורך דעם טאָג־טעגלעכן. האָבן זיך דאָך אונדזערע אבות געגרויסט דערמיט וואָס נישט נאָר זייערע גרויסע און שיינע שילן זענען געווען געפּאַקט און איבערגעפּולט, נאָר אויך דער־מיט וואָס אין יעדן קלענסטן און פאַרוואָרפנסטן בית־המדרשל זענען ייִדן געזעסן און געלערנט.

ווען מיר האָבן זיך גענומען צוקוקן צו די זונטיק־פרימאָרגן־קורסן אין די געגנטן פון שטאָט, האָבן מיר דערזען, אַז זייער באַזוך קען אונדז נישט צופרידן שטעלן און דאָס האָט אונדז אַלאַר־מירט אויף דער געפאַר. אַז אין די געגנטן לעשט זיך דער אינטערעס צום ייִדישן קולטור־וואָרט. דאָס האָט אונדז באַאומרויִקט צוליב אַ סך טעמים און מיר האָבן צוויי מאָל זיך צונויפגעטראָפן מיט די געגנט־עסקנים, כדי זיך דורכצורעדן וועגן דער לאַגע. מיר האָבן זיך אויך צוזאַמענ־




ביים דערעפענען די ביכער־אויסשטעלונג אין יאָר 1957.

געטראָפן מיט די שרייבער און לעקטאָרן כדי געמיינזאַם צו געפינען אַ תרופה צו דער דאָזיקער געפאַר. און דאָס איז געווען אַ נוצלעכע זאַך, ווייל פון אונדזער דורכשמועסן זיך איז קלאָר גע־וואָרן, אַז אַ גרויסן חלק אין דער שולד פון געפאַלענעם קולטור־אינטערעס אין די געגנטן טראָגט דער אויבן־דערמאָנטער פאַקט פון נישט נעמען אין אַכט די געביטענע לעבנס־באַדינגונגען פון דעם עלטערן ייִדן. קאָנקרעט וויל איך דאָ אָנווייזן, אַז אויב אין די אַמאָליקע צייטן איז דער זונטיק־פרימאָרגן געווען די סאַמע בעסטע צייט אויף איינצואָרדענען קולטורעלע מסיבות, רע־פעראַטן, וכדומה, האָט זיך דאָס אָבער מיט דער צייט געביטן צוליב אַ רייע סיבות וואָס דאָ איז נישט דאָס פּלאַץ זיי אויסצורעכענען. קלאָר איז דערפאַר, אַז אויב מען וויל ווייטער אָנהאַלטן דעם גרויסן מאַסיוו פון די ייִדן וואָס וווינען אין די געגנטן אין דער ייִדישער קולטור־ספערע, דאַרף מען זיך צופּאַסן צו די נייע לעבנס־פאַרהעלטענישן און מען דאַרף די קולטור־מסיבות

איינאָרדענען אין אַזאַ צייט וואָס איז פאַר זיי מער באַקוועם. ווען מיר האָבן דאָס געטאָן האָט זיך דער באַזוך אויף די אונטערנעמונגען שטאַרק געהויבן און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע ייִדן, וואָס מען האָט זיי ביי געוויסע זונטיק־פרימאָרגנס שוין מער נישט געזען, זענען אין אַן אַנדער, מער באַקוועמער צייט פאַר זיי, יאָ געקומען און מיט באַנייטן אינטערעס זיך איינגעשלאָסן אין דעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון זייער געגנט.

צום באַדויערן האָבן מיר זיך דאָ אָנגעטראָפן אויף אַ שוועריקייט וואָס מיר האָבן ביז איצט זי נישט געקענט באַזייטיקן. דער גרעסטער טייל פונעם עולם וואָלט איצט צום גערנסטן געקומען אויף אונטערנעמונגען וואָס ווערן איינגעאָרדנט פרייטיק צו נאַכטס. די קהילה האַלט זיך אָבער ביי אַ תקנה לויט וועלכער זי אָרדנט נישט איין קיין שום אימפּרעזעס, נישט פרייטיק צו



דערעפענונג פון חודש פון ייִדישן בוך אין יאָר 1957.
פון רעכטס אויף לינקס: ד״ר ר. נאָוויק, ד״ר א. מבשן ע״ה, צ. פיינגערש, מ. טורקאָוו.

נאַכטס און נישט שבת אַ גאַנצן טאָג. די קהילה האָט אירע באַרעכטיקטע מאָטיוון פאַר אָט דער תקנה. פון דעסטוועגן, מיין איך, אַז עס וועט להבא מוזן געפינען ווערן אַן אויסוועג ווי אַזוי איינצואָרדענען פרייטיק צו נאַכטיקע אימפּרעזעס אין דער פאָרם פון אַן עונג־שבת, ביי וועלכן עס זאָל אָפּגעהיטן ווערן די שבתדיקע אַטמאָספּערע און געבן דעם רעפּעראַט, אָדער קינסטלערישן אויפטריט זאָל אויך קומען צום אויסדרוק דאָס טראַדיציאָנעל־שבתדיקע.

דאָ האָב איך נאָר געברענגט איין ביישפּיל וואָס ווייזט ווי אַזוי מען מוז זיך אויך אין דער קולטור־אַרבעט צווישן דעם עלטערן דור שטאַרק רעכענען מיט דער צייט און מיט דעם לויף פונעם לעבן. אַזעלכע ביישפּילן וואָלטן געקענט געבראַכט ווערן אַ סך. דאָס וואָס ס׳איז נוגע דער צייט פון די אונטערנעמונגען איז פאַרשטענדלעך, און אפשר נאָך מער, נוגע דעם אינהאַלט פון די אונטערנעמונגען. מען טאָר נישט אונטערשעצן דעם קולטור־געשמאַק פון די ייִדן אין די

בעגנטן און אוודאי טאָר מען נישט גרינגשעצן זייער באַוווסטזיניקייט, ווייל דאָס איז זיך נוקם און ברענגט צו פאַטאַלע רעזולטאַטן פאַר דער קולטור־אַרבעט.

כאָטש די אַרבעט צווישן דער יוגנט פירט די קהילה דורך אַ באַזונדערן יוגנט־דעפּאַרטאַמענט, דאַך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צוזאַמענאַרבעט פון דעם דערמאָנטן דעפּאַרטאַמענט מיט דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט איז אומגעהייער וויכטיק און נוצלעך. אַ דאַנק אַ גאַנצער ריי מסיבות האָט דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט באַוויזן אַריינצוציִען אין דער יידישער געזעלשאַפט־לעכער ספערע יונגע טאַטעס און יונגע מאַמעס, וועלכע זענען שוין צו אַלט אויף צו אונטערליגן דעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט, אָבער זענען נאָך געצוג יונג כדי נישט אַריינגערעכנט צו ווערן אין דער קאַטעגאָריע פון עלטערע מענטשן. די דערפאַרונג האָט דעריבער געוויזן, אַז קיין שטרענגע פאַנאַנדערגרענעצונג צווישן קולטור־דעפּאַרטאַמענט און דעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט קען נישט און דאַרף נישט זיין.ביידע דאַרפן אַרבעטן אין אַ געוויסער קאָאָרדינאַציע, ווייל ביידע אַרבעטן דאָך פאַר דעם זעלביקן ציל.

געוויסע פייערונגען פון טראַדיציאָנעלע יום־טובים, אָדער נאַציאָנאַלע געדענק־דאַטעס וואָס דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט האָט איינגעאָרדנט האָבן טאַקע צוגעצויגן אַ ריזיקן עולם יוגנטלעכע און פון אַ פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז געווען זייער וויכטיק וואָס זיי האָבן אין זעלביקן זאַל, אויף דער זעלביקער אונטערנעמונג, זיך געטראָפן מיט זייערע עלטערן, ווי בכלל מיטן עלטערן דור. די דערפאַרונג זאָגט אונדז, אַז יעדער שריט וואָס איז עלול אָפּצושאַפן די באַריערס צווישן דעם עלטערן און דעם יונגערן דור איז געוואַלטיק וויכטיק און ער פאַרזיכערט דעם אַריינטריט פון אונדזער יוגנט אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן וואָס דער עלטערער עסקן איז אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט ממשיך צו זיין.

ביים איבערנעמען די פונקציע אַלס סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ רייכער טראַדיציע וואָס ס׳האָט איינגעשטעלט דער פריערדיקער קולטור־דעפּאַרטאַמענט מיט דעם סעקרעטאַר אברהם מיטלבערג. עס זענען געלעגן פאַר אונדז אָפן אַ סך אויסגעטרעטענע וועגן און אַ סך אויסגעפּרוווטע אויפטוען. מיר האָבן זיך באַמיט ממשיך צו זיין דאָס פריערדיקע און דערביי אונטערצונעמען נייע איניציאַטיוון. אונדזער לאָזונג איז געווען: פאַרפעסטיקן די דערגרייכונגען פון די וואָס האָבן געפירט די קולטור־אַרבעט פאַר אונדז און דערביי אויסטרעטן נייע וועגן וועלכע קענען אונדז דערפירן צו אונדזער ציל. מיר ווילן האָפן, אַז די וואָס וועלן קומען נאָך אונדז וועלן אויך נישט דאַרפן אָנהייבן פון דאָס ניי, נאָר זיי וועלן זיך געפינען אויף אַ שטאַפּל פון וועלכן זיי וועלן קענען שטייגן העכער און העכער, ווייל דאָס איז דער אמתער זין פון אונדזער קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן המשך.



משה קויפמאַן

# די טעטיקייט פון קולטור דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה

## איבערבליק און אָפּשאַצונג

אַלע ווייסן, אַז כאָטש דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה פאַרנעמט ווייט נישט די גרעסטע פּאָזיציע אין קהלשן בודזשעט, איז ער אָבער דער דאָזיקער וואָס גיט דער קהילה־אינסטיטוציע דעם הילכיקסטן רעזאָנאַנס און פאַרשאַפט איר די ברייטסטע פּאָפּולאַריטעט אין היגן און אין אַלוועלטלעכן ייִדישן לעבן.

די טעטיקייט פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט איז סיי לויט דער פאָרם, סיי לויט אינהאַלט, אַ גייסטיקער אָפּשפּאָר פון די דערפאַרונגען פון אַ פאָר אימיגראַנטן־דורות, וואָס האָבן עקספּערי־מענטירט אויף פאַרשיידענע שטחים און אופנים און זיך צוריקגעקערט צום פאָלקסטימלעכן שורש פון אַ כלל־ישראלדיקער קולטור־אַרבעט; אַ קולטור־אַרבעט וואָס באַטאָנט פּונקט אַזוי אַ ייִדיש־טראַדיציאָנעלן יום־טוב, ווי אַן אַניווערסאַר פון אַ ייִדישן מנהיג און שריפטשטעלער, אַ היסטאָרישע דאַטע, ווי אַ יובילײ פון אַ היינטצייטיקער פערזענלעכקייט, אַ קולטור־געשעעניש אין דער פאַרגאַנגענהייט, ווי אַ ליטעראַרישע דערשיינונג פון אונדזערע איצטיקע טעג.

דאָס אַלץ און אַ סך מער, לויטן פאַרמעסט און די אַספּיראַציעס, גייט אַריין אין גבול פון דער כלל־ישראלדיקער קולטור־אַרבעט פון דער קהילה. אַ סך קינסטלעכע גרענעצן און באַ־גרענעצונגען זיינען דורך דעם אָפּגעווישט געוואָרן, און דער עולם האָט פאַר זיך דערזען אַ סך אַ ברייטערע וועלט פון ייִדישן גייסט, ווי עס האָט ווען עס איז און ערגעץ־ווו, געוויזן אין גע־זעלשאַפטלעכער קולטור־אָרגאַניזם. אין דער אמתן, וואָלט קיין מאָל נישט געקומען צו דעם וואָס עס איז, ווען די קולטור־אַרבעט פון דער קהילה, וואָלט נישט אויסגעפירט דעם רצון פון גאַנצן כלל: — צו שאַפן אַ גאַנצקייט אין דער כאַראַקטעריסטישער צעריסנקייט פון ייִדן אַרום יעדן ענין, וואָס גייט אַרויס פון דער וואָכעדיקער און טאָג־טעגלעכער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. עס וועט דעריבער נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז דאָס סאַמע אייגנאַרטיקסטע פון אונד־זער לעבן, וואָס איז אַמנאָענטסטן צו אַן אייגענעם נוסח, איז די קולטור־אַרבעט וואָס ווערט אָנגעפירט דורכן קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה.

עס גייט דאָ נישט אינעם נוצן קלינגענדיקע סופּערלאַטיוון פאַר דער גרויסצוגיקער נאַציאָ־נאַלער טעטיקייט פון דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט. פון דעסטוועגן, וואָלט געווען אַ יושר צו מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן די קולטור־איניציאַטיוועס פון די בעסטע און דערהויבנסטע קולטור־עסקנים, וואָס זיינען פאָרט געבליבן אָנגעוויזן אויף אַן ענגן קרייז, אַפילו אין דעם גרעסטן גלאַנץ־פּעריאָד, און דעם נאַציאָנאַלן, כלל־ישראלדיקן נוסח פון דער קהילה, וואָס האָט איינגעפירט די סיסטעמאַטישע קולטור־זמנים און פאַרוואַנדלט דעם באַגריף „קולטור־גאַסט" ממש אין אַן אינ־סטיטוציע; האָט אַרויסגעפירט דאָס ייִדישע וואָרט אין די גרויסע טעאַטער־זאַלן און האָט אויפ־געוועקט אַ נויטווענדיקייט פאַר דעם דאָזיקן וואָרט ביים ברייטן עולם פון אונדזער ישוב. חוץ דעב אַראָפּברענגען קולטור־געסט, האָט די קהילה איינגעשפּאַנט אַלע קולטור־מענטשן, שליחים, שרייבער, קינסטלער, מנהיגים און גייסט־מענטשן, אַז זיי זאָלן דורך דער קהילה־טריבונע קומען

אין קאָנטאַקט מיט די אַרגענטינער ייִדן. אַ דאַנק דער טעטיקייט פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט איז בוענאָס־איירעס געוואָרן אַ וויכטיקער אַדרעס אין דער ברייטער ייִדישער וועלט, און דאָס ייִדישע אַרגענטינע — אַ פּלאַץ פון ייִדיש־נאַציאָנאַלער גראַוויטאַציע.

ווען מיר גייען צוריק אויף די שפּורן פון דער עוואָלוציע — פון חברה־קדישא צו קהילה — שטויסן מיר זיך אָן אויפן סאַמע באַגין פון אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט. די בולטע סימנים פון דער דאָזיקער פאַרוואַנדלונג לאָזן זיך אָבער אָנטאַפּן ממש מיט דער האַנט מיטן מאָמענט ווען עס ווערן געענדערט די קהילה־סטאַטוטן און ס׳ווערט אויסגעוויילט די ערשטע פאַרוואַלטונג אויפן יסוד פון פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. די נייע סטאַטוטן זיינען אָנערקענט געוואָרן דורך דער רעגירונג דעם 2טן מאַי 1956, און אויף מאָרגן האָט די קהילה פאַררופן אַ פּרעסע־קאָנפע־




דער דעקאָראַטיווער אַריינגאַנג צו דער אויסשטעלונג פון ייִדישן בוך אין יאָר 1958, אונטערן צייכן פון צען יאָר מדינת ישראל.

רענץ וועגן דער דאָזיקער געשעעניש. די צייט האָט נאָך דעם באַוויזן אַז די וואָס האָבן עס געטאָן זיינען געשטאַנען ביי דער וויג פון אַ נייער ווירקלעכקייט אין דער ייִדישער אַרגענטינע. דעם 30סטן מאַרץ 1957 זיינען אָפיציאַליזירט געוואָרן די וואַל־ליסטעס און דעם 14טן אַפּריל 1957 זיינען פאָרגעקומען די פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. די נייע פאַרוואַלטונג, צוזאַמענגעשטעלט פון די פאַרשיידענע אידעאָלאָגישע ריכטונגען אויף דער היגער ייִדישער גאַס, מיט אלימלך גוטקין, פּרעזידענט, צבי פיינגערש, גענעראַל־סעקרעטאַר, אלתר הירש, קאַסיר, און אברהם מיטלבערג, סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, האָט איבערגענומען די אַמטן דעם 15טן מאַי פון זעלביקן יאָר און זי איז געוועזן דער אמתער רעפּרעזענטאַטיווער אויסדרוק פון ישוב, פון זיינע גייסטיקע בענקשאַפטן און באַגערן.

שוין דעם 20סטן מאַי 1957, 5 טעג נאָכן איבערנעמען די אַמטן, האָט די נייע קהילה־לייטונג באַשטימט ספּעציעלע כּובוּוענצן פאַרן יידישן טעאַטער, כּדי צו דערמעגלעכן אַז אַלע יידן זאָלן זען די פאָרשטעלונגען. דעם 4טן יוני ווערט באַשטימט אַ ביישטייערונג פאַר א. צייטלינס „אַסתּרקע" אין מאָריס שוואַרצס קונסט־טעאַטער און דעם 17טן יולי פאַר „בלאָנדזשענדיקע שטערן". די פאַרוואַלטונגס־זיצונג פון 9טן דעצעמבער 1957 באַשטימט אַ סומע פון 950.000 אַרג. פּעזעס פאַרן חודש פון יידישן בוך, איינקויף פון ווערק ביי היגע מחברים, זונטיק־קורסן אין קהילה־זאַל און געגנטן, סובווענץ פאַרן יידישן טעאַטער, סובסידיעס פאַר יידישע מאָלערס און סטיפּענדיעס פאַר סטודענטן.



הודש פון יידישן בוך אין יאַר 1958. לערער, שרייבער און קהילה־עסקנים ביי די טישן פון ביכער. דער זעקסטער פון לינקס — דער שרייבער־גאַסט, אפרים אויערבאַך.

זאָל דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן אַז מיר נעמען דאָ אַרויס די דאָזיקע ציפער נאָר לדוגמא, ווייל דאָס איז געווען די אָנפאַנגס־פּאַזע פון דער נייער אָריענטאַציע. די דאָזיקע רעלאַטיווע סומע איז שטאַרק אויסגעוואַקסן מיט דער צייט. אַגב איז כּדאי צו באַמערקן, אַז די קהילה מיט איר קולטור־טעטיקייט, איז אַ גרויסע הילף פאַר די היגע פאַרלאַגן און מחברים, זיי פאַרנעמען זייער אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ ביים ביכער־איינקויף און זיי ווערן פאַרשפּרייט מיט גרויס דערפאָלג זוויך אויפן חשבון פון אַ 50־פּראָצענטיקער הנחה, וואָס איז נאָך דעם איינגעפירט געוואָרן אין דעם ביכער־חודש.

אויף דער פאַרוואַלטונגס־זיצונג פון 26סטן דעצעמבער 1957 הערן מיר שוין אַז: „די קהילה דאַרף נישט בלויז סובסידירן, נאָר אויך אַליין טאָן קולטור־אַרבעט". און שפּעטער זעען מיר ווי מ'בלייבט נישט ביים רעדן און ביים אָננעמען באַשלוסן, נאָר עס ווערט אויך געטאָן.

אויף דער זיצונג פון 1טן יאַנואַר 1958 הערן מיר שוין אַ פּאָזיטיוון סך־הכּל פון דער קהי־לה טעטיקייט פון פאַרגאַנגענעם יאָר. מער ווי 50 פּראָצענט פון דער הכנסה איז אויסגעגעבן געוואָרן אויף קולטור און חינוך און דער גענעראַל־סעקרעטאַר צבי פיינגערש שטרייכט אונטער:

„די הוצאות וויזן, אַז מיר זיינען אַ קהילה און די הכנסות, אַז מיר זיינען אַ חברה־קדישא". אויף דער זיצונג פון 19טן מאַרץ 1958 ווערט אָנגענומען אַ בודזשעט פון אַריבער 41 מיליאָן פּעזאָס פאַרן לויפנדיקן יאָר. עס ווערט באַשטימט אַראָפּצוברענגען דעם ערשטן קולטור־גאַסט, מרדכי שטריגלער און צונויפרופן אַ פייערלעכע סעסיע פון קהילה־ראַט לכבוד דעם 10טן אַניווערסאַר פון מדינת־ישראל. די זיצונג פון 21סטן מאַי באַשטימט, אַז די קהילה דאַרף זיך פאַרנעמען מיט די פּראָבלעמען פון דער יוגנט און חינוך. דעם 25סטן יוני ווערן ווידער אַ מאָל באַהאַנדלט טעאַטער־ און יוגנט־פּראָבלעמען און נאָך דעם מיינונגס־אויסטויש און דעבאַטע וועגן יידיש־טעאַטער, ווי אַ וויכטיקער קולטור־פאַקטאָר פון אונדזער ישוב, ווערן אָנגענומען וויכטיקע באַשלוסן פון סובווענצן און עס ווערט געצייכנט אַ וועג צום יינגערן דור, וואָס דאַרף געוווּנען ווערן פאַרן



ד"ר משה מערקין שליסט מיט אַ לעקציע דעם קולטור־זמן אין יאָר 1958.
רעכטס: א. מיטעלבערג; לינקס: א. גוטקין.

אָרגאַניזירטן קהילה־לעבן. פון דער דאָזיקער הנהלה וויקלט זיך אויס די ערשטע מיטאַרבעט פון דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט און די יוגנט־דעפּאַרטאַמענטן אין די וויטערדיקע יאָרן. היינט צו טאָג שטייט די קהילה מיט ביידע פיס אַריינגעטאָן אין דער דאָזיקער גרויסער נאַציאָנאַלער אָנשטרענגונג און עס שאַפט זיך ביסלעכווייז דער וויטאַלער גייסטיקער דרייעק פון דער קהילה־טעטיקייט: חינוך, קולטור און יוגנט־אַרבעט.

אויף דער זיצונג פון 29סטן אָקטאָבער 1958 ווערן געמאַכט די צוגרייטונגען צו פייערן דעם 100סטן אַניווערסאַר פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע און עס ווערט ווידער אַ מאָל דיסקוטירט די אַרבעט פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, און וואָס פאַר אַ יידיש טעאַטער עס דאַרף געשטיצט ווערן. דעם 26סטן דעצעמבער ווערט אויף דער פאַרוואַלטונגס־זיצונג ווידער אַ מאָל גערעדט וועגן שרייבער־געסט און וועגן שלום עליכם־יאָר. אין זעלביקן פּעריאָד ווערט באַשלאָסן צו

שטיצן דעם יידישן ווערטער־בוך, וואָס דערשיינט אין ניו־יאָרק; אַ שטיצע פאַר די פּאָרשטע־לונגען אין טעאַטער „סאָלעיל" (שמעון פינקעלס גאַסטראָלן) מיט 25 און 50־פּראָצענטיקע הנחות אויף די בילעטן; אַ סובווענץ פאַרן געזעגענונגס־אויפטריט פון חזן משה קוסעוויצקי אין פּאַסאָ־טעמפּל. פאַר קולטור־הצטרכותן (קורסן, ביכער־איינקויף א״אַנד.) ווערט באַשטימט 883,011.10 פּעזעס.

אויף דער פאַרוואַלטונגס־זיצונג פון 4טן מאַרץ 1959 ווערט געמאָלדן וועגן יעקב גלאַט־שטיינס אָנקום צו דערעפענען דעם קולטור־זמן. דער קאַסיר אלתר הירש דערקלערט אַז דער בודזשעט פאַרן לויפנדיקן יאָר איז פאַרויסגעזען אויף 69 מיליאָן פּעזעס. דער באַרג־אַרויף פון דער אַנטוויקלונג פון אונדזער קהילה איז כסדר פול מיט שטרויכלונגען פון פינאַנציעלע שוועריקייטן, דאָס צוימט אָבער נישט די קולטור, יוגנט און חינוך־אַרבעט. ווייל וועגן דאַזיקן פונקט איז תמיד פאַראַן אַן איינשטימיקייט צווישן אַלע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. אויף דער זיצונג




ביים אַריינגאַנג צו דער ביכער־אויסשטעלונג אין שלום־עליכם־יאָר.

פון 24סטן יוני ווערט באַשטימט צו סובסידירן אַ וויכטיקע פאָרשונגס־אַרבעט פון אַ יידישן היסטאָריקער. דעם 15טן יולי ווערט אָנגענומען צו שטיצן מיט 25 טויזנט פּעזעס די שלום עליכם־אויסשטעלונג פון די „צווישאָ"־שולעס, און 35 טויזנט פּעזעס אַ חודש פאַרן טעאַטער „מיטרע", און 510,129.18 פאַרן חודש פון יידישן בוך. דעם 26סטן אויגוסט ווערן אויף דער פאַרוואַלטונגס־זיצונג באַהאַנדלט די צוגרייטונגען צום ביכער־הודש. מיט אַ מיינונגס־אויסטויש וועגן דעם אופן צו פאַראינטערעסירן דער יוגנט מיט דעם חודש פון יידישן בוך, און דער נויטיקייט אַרויסצו־געבן אַ קהילה־בולעטין, אָבער עס ווערט דערביי אונטערגעשטראָכן, אַז נישט אַלע גוטע ווונטשן קענען פאַרווירקלעכט ווערן צוליב די פינאַנציעלע שוועריקייטן. דעם 9טן סעפּטעמבער פאַרנעמט זיך די פאַרוואַלטונגס־זיצונג מיט די פייערונגען פון די וויכטיקע דאַטעס פון 100 יאָר פון היגן יידישן ישוב און 70 יאָר יידישע קאָלאָניזאַציע און עס ווערן ווידער אַ מאָל באַהאַנדלט פראַגן פון ביכער־הודש. אויף דער זיצונג פון 25סטן סעפּטעמבער 1959 ווערט באַשטימט, אַז חיים

גראַדע וועט זיין דער קולטור־גאַסט צו דער דערעפענונג פון ביכער־חודש און עס ווערט באַ־שטימט די דאַטע.

אַ וויכטיקער קולטור־אָפּשפּאָר און אַ סימן־מובהק פון דעם באַרג־אַרויף־גאַנג אין דעם אַנט־וויקלונגס־וועג פון היגן קהילה־לעבן זיינען אָן שום ספק די צוויי יאָר ביכער תשי״ד (1953־54) פון איבער 500 זייטן גרויסן פאָרמאַט, און תשט״ו (1954־55) פון קרוב 600 זייטן. אין ערשטן ווערט אָנגעוויזן אויפן שער־בלאַט „אַרויסגעגעבן פון דער ייִדישער קהילה אין בוענאָס־איירעס״. אין צווייטן יאָר־בוך פיגורירט שוין דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה ווי דער אַרויס־געבער. ביידע ביכער זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון אברהם מיטלבערג, מיט דער רעדאַקציאָנע־לער מיטאַרבעט פון מרדכי בערנשטיין און חיים בראַקאַזש, הילע געצייכנט פון יעקב גראַנאַט.



געוו׳ ישראל־אַמבאַסאַדאָר אריה לבבי אויף דער ביכער־אויסשטעלונג (יאָר 1959).

אין יאָר 1960 ווערט נאָך מער באַפעסטיקט די דעמאָקראַטישע, פּראָפּאָרציאָנעלע און רעפּ־רעזענטאַטיווע סטרוקטור פון דער קהילה. דעם 24סטן אַפּריל ווערן דורכגעפירט וואַלן. דעם 10טן מאַי אויף דער לעצטער פאַרוואַלטונגס־זיצונג ווערט פּראָקלאַמירט די נייע פאַרוואַלטונג, מיטן ראש־הקהל: ד״ר טוביה קאַמענשיין, גענעראַל־סעקרעטאַר: אליעזר פרידמאַן, קאַסיר: אָשר גראָקאָפּ און סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט: משה האָניק.

דעם 31סטן מאַי 1960 קומט פאָר די ערשטע זיצונג פון דער נייער פאַרוואַלטונג. דער באַ־טרעף פאַרן חודש פון ייִדישן בוך, זונטיק־קורסן, כאָר, סטיפּענדיעס, רעדנערס און אַנדערע וואַקסט אויס ביז 2,409,440.15 פּעזעס. אויף דער זיצונג פון 9טן יוני ווערן באַשטימט צוויי פּרעמיעס פאַר אַרבעטן לכבוד 100 יאָר ייִדישער ישוב אין אַרגענטינע און 150 יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע.

אויף דער זיצונג פון 3טן אויגוסט ווערט באַשטעטיקט דער אָנקום פון חיים גראַדע און באַשטימט די דאַטע פון 15טן סעפּטעמבער פאַרן אָנהייבן דעם ביכער־חודש. דעם 2טן נאָוועמ־

בער 1960 באַזאָרגט זיך שוין די קהילה־פאַרוואַלטונג מיטן קולטור־גאַסט פאַרן קומענדיקן זמן. עס ווערט געמאָלדן אויף דער פאַרוואַלטונגס־זיצונג אַז ד"ר שלמה ביקל וועט זיין דער קולטור־גאַסט פון דער קהילה פאַרן יאָר 1961.

## דער ביכער־חודש — חברה קדישא — קהילה, אָדער דער גייסטיקער מהות פון אַרגענטינער יידן

דער איבערגאַנג פון דער אַלטמאָדישער חברה־קדישא צו אַ מאָדערנער קהילה אין אַרגענטינע, איז נישט קיין שאַפונג פון איינציקע מנהיגים, אָדער מאָדערניזירער און רעפאָרמאַטאָרס, הגם יחידישע אַקטיוויטעט און יחידישע וויזיע האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער דאָזיקער



לחיים לכבוד דער דערעפענונג פון חודש פון יידישן בוך אין יאָר 1959.

עוואָלוציע. דער דאָזיקער איבערגאַנג איז אַ נאַטירלעכער פּראָצעס אין היגן יידישן לעבן. די חברה־קדישא איז דאָ אפשר בכוונה געגרינדעט געוואָרן לויטן אַלטפּרענקישן באַגריף פון יידישן שטעטל־לעבן, אָבער זי האָט גלייך אָנגעהויבן גיין דעם וועג וואָס איז נאָך ווייט נישט פאַרענדיקט, מחמת בודזשעטאַר איז נאָך אונדזער מאָדערנע קהילה אָנגעוויזן אויף די חברה־קדישא־הכנסות. דער דאָזיקער איבערגאַנג־פּראָצעס האַלט נאָך אָן אין אונדזערע טעג און די טיפסטע שטרעבונג איז דאָס איבערצוגעבן די נייע יונגערע דורות, ווייל דאָס איז אַ לאַנגער פּראָצעס און אַן עוואָלוציע פון אַ נייער יידישער תפוצה, וואָס האָט אָקאָרשט אָפּגעצייכנט דעם ערשטן יאָרהונדערט יידיש לעבן.

די קולטור־אַרבעט פון דער קהילה איז איינע פון די פולבלוטיקסטע אויסדרוקן פון דער דאָזיקער עוואָלוציע, וואָס ציט איר יחוס פון לאַנגע יאָרן. דער חודש פון יידישן בוך האָט זיך אָנגעהויבן אין 1947 מיט אַ 25־פּראָצענטיקער הנחה אויף די ביכער, אָבער דער ווילן פון אַ

ברייטער פאָלקס־אַרבעט פאַר דער יידישער קולטור, האָט געדרימלט אַ סך יאָרן, ביי די בעסטע מענטשן פון אונדזער ישוב, וואָס האָבן געשטרעבט אַרויסצופירן די יידישע קולטור־אַרבעט פון דער קלייזלדיקער ענגשאַפט. די קהילה איז נישט געווען די איינציקע פלאַטפאָרמע פאַר אַזעלכע עקספּערימענטן און פּרוון, זי איז נאָר געווען די געלונגענסטע, וואָס האָט זיך אָנגענומען, ווייל זי איז אויך אָן שום צווייפל געווען די באַרופנסטע פלאַטפאָרמע פאַרן דאָזיקן ציל, לויט דער אייגנאַרטיקייט און גייסטיקער סטרוקטור פון יידישן אַרגענטינע.

די סטאַטיסטישע ציפערן פון די ערשטע פאַר יאָר אַנטפּלעקן פאַר אונדז דעם שווערן באַרג־אַרויף און די לאַנגזאַמע עוואָלוציע פון דעם וואָס איז היינט צו טאָג איינע פון די שענסטע גייסטיקע דערגרייכונגען פון יידישן אַרגענטינע און וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מוסטער מיט אַ שם אין דער ברייטער יידישער וועלט — דער חודש פון יידישן בוך.



דער פאַרשטייער פון דער מוניציפּאַליטעט ד״ר אַרמאַנדאָ קאָקאַ, רעדט בעתן אַקט פון אָנרופן דעם סקווער מיט שלום־עליכם־נאָמען.

אין די ערשטע פאַר יאָר זיינען נאָך נישט אויפגענומען געוואָרן די ציפערן פון דער צאָל קונים און מיר האָבן נאָר דעם אַלגעמיינעם באַטרעף פון פאַרקויף מיט אַ הנחה פון 25 פּראָצענט:

| | | |
|---|---|---|
| יאָר 1947 | — — — — — — — — — | 14,917 פּעזאָס |
| „ 1948 | — — — — — — — — — | 8,274 „ |
| „ 1950 | — — — — — — — — — | 21,751 „ |
| „ 1951 | — — — — — — — — — | 22,339 „ |

די שווערקייט פון די ערשטע טריט באַרג־אַרויף אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדזערע אויגן שוין מיט דעם אַליין, וואָס אין 1948 איז אַפילו פאַראַן אַ היפשער באַרג־אַראָפּ קעגן די ציפערן

פון דעם ערשטן יאָר און די לאַנגזאַמע עוואָלוציע זעט מען פון דעם אַז כאָטש מען האָט איבערגעשפרונגען אַ יאָר צווישן 1948 און 1950, און די ציפער איז מער ווי פאַרטאָפּלט געוואָרן, איז אָבער דער אונטערשייד צווישן 1950־51 אַ גאַנץ קנאַפּער, אַגב קענען מיר קיין סך נישט לערנען פון די ציפערן, מחמת עס ווערן נישט אָנגעגעבן נישט די צאָל קונים און נישט די צאָל פאַרקויפטע עקזעמפּלאַרן. דער באַטרעף אַליין איז אין אינפלאַציע־יאָרן אַ קנאַפּער בעל־מוסמך.

נישט קוקנדיק אויפן שווערן אָנהייב און דער לאַנגזאַמער עוואָלוציע, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט דער דאָזיקער איבערגאַנגס־פּראָצעס, וואָס האָט זיך אויסגערייפט נישט נאָר ביי דעם קהילה־אָנפירונג נאָר אויך ביים ברייטן עולם. ייִדישע ביכער זיינען נישט קיין רעשטלעך שניט־סחורה, וואָס זיינען פאַרקויפלעך בלויז דערפאַר ווייל עס איז אַ מציאה און די סיבה פון אַ פאַר־



אַ פראַגמענט פון דער שלום־עליכם־אויסשטעלונג אין „צווישאַ״, אין שייכות מיט „100 יאָר שלום־עליכם״ און „25 יאָר צווישאַ״.

גרעסערטן אינטערעס, קען בשום אופן נישט זיין די 25 פּראָצענט הנחה אויף די פרייזן. אין די ווייטערדיקע פינף יאָר ווערן שוין אין די סטאַטיסטישע ציפערן אָנגעגעבן אויך די צאָל פאַרקויפטע עקזעמפּלאַרן און די צאָל קונים צוזאַמען מיטן באַטרעף:

| פאַרקויפטע עקזעמפּלאַרן | באַטרעף | קונים |
|---|---|---|
| יאָר 1952 — — — — — 1,083 | 71,185 | 870 |
| „ 1953 — — — — — 2,660 | 93,756 | 1,019 |
| „ 1954 — — — — — 3,015 | 121,569.75 | 1,182 |
| „ 1955 — — — — — 4,133 | 159,633.85 | 1,356 |
| „ 1956 — — — — — 4,346 | 226,831.25 | 1,555 |

פון די דאָזיקע ציפֿערן קענען מיר נאָכפּאָלגן דעם ווייטערדיקן באַרג־אַרויף פון אַ קולטור־עקספּערימענט, וואָס איז דער העכסטער אויסדרוק פון וואָלונטאַרישער עסקנות און אָרגאַניזאַ־ציאָנעלן אָנשטרענג אין אַזאַ גרויסשטאָטישן ייִדישן ישוב, ווי בוענאָס־איירעס מיט איר אוי־סערגעוויינלעך צעשפּרייטער פּעריפּעריע און הינטערשטעליקן טראַנספּאָרט. ייִדישע מענטשן פון גרויס בוענאָס־איירעס דאַרפֿן באמת האָבן אַ טיפֿן אינטערעס צו קומען אין די סוף־וואָך טעג און נאָך מער אין די מיטנוואָכעדיקע אָוונטן צו דעם ביכער־יריד אין דעם קהילה־בנין, און מיר זעען אַז די צאָל פון די וואָס האָבן דאָס געטאָן איז געשטיגן פון יאָר צו יאָר, לאַנגזאַם און מעטאָדיש, ווייל עס זיינען דאָרט נישט בלויז פֿאַרקויפֿט געוואָרן ביכער, נאָר עס איז אויך גע־שאַפֿן געוואָרן די וואַרעמע אַטמאָספֿער פֿון אַ מין מאָדערנעם בית־המדרש, וואָס איז די גרעסטע צוציִונגס־קראַפֿט פֿאַר אַ ייִדישן מענטשן אין זיין גרויער טאָג־טעגלעכער וואָכעדיקייט און אָפּ־געריסנקייט פון גייסטיקע ענינים.



סיום פון די שלום־עליכם־פייערונגען.
עס רעדט: מאַרק טורקאָו. עס זיצן: א. מיטלבערג, י. יאַנאַסאָוויטש, מ. שענדעריי.

אַ גרויסן שריט פאָרויס, איז געמאַכט געוואָרן מיטן איינפירן אַ 50־פּראָצענטיקע הנחה אויף ביכער פון היגע פאַרלאַגן (וואָס איז חל אויף ביכער ביז 400 פעזעס) און 25 פּראָצענט אויף אויסלענדישע ביכער. מיר זעען עס פון די ציפערן אין די ווייטערדיקע דריי יאָר:

| | פאַרקויפטע עקזעמפּלאַרן | באַטרעף | קונים |
|---|---|---|---|
| יאָר 1957 | 12,027 — — — — | 532,425.75 | 3,775 |
| „ 1958 | 12,835 — — — — | 645,746.75 | 3,832 |
| „ 1959 | 15,093 — — — — | 1,296,209.70 | 4,413 |

דער ערשטער איבערגאַנג פון יאָר 1956 צו 1957 ווייזט אַן אונטערשייד פון פאַרקויפטע ביכער פון 4,346 ביז 12,027, כמעט דריי מאָל אַזוי פיל און איבער צוויי מאָל אַזוי פיל קונים,

פון 1,555 אויף 3,775; דער ווייטערדיקער באַרג־אַרויף איז ווידער אַ מאָל אַ לאַנגזאַמער און מעטאָדישער.

פאַרן יאָר 1956 האָבן מיר שוין ווי ס׳איז פריִער צו זען, נישט בלויז די גלאָבאַלע ציפערן, ווי אין די פריִערדיקע יאָרן, נאָר עס ווערן שוין אָנגעגעבן אויך די לשונות פון די ביכער. די צאָל ספרים און אויך דעם קולטור־אָפּצווייג פון די ווערק. מיר קענען פון די דאָזיקע ציפערן נאָכפאָלגן די אָריענטאַציע פון דער קולטור־טעטיקייט אויף אויפן נייעם דור, וואָס איז אפשר איינער פון די שווערסטע און ריזיקאַלישסטע פּאַרמעסטן. צום ערשטן מאָל באַווייזן זיך פאַר אינדז קאָנקרעטע ציפערן פון פאַרקויפטע ביכער אויף שפּאַניש פון ייִדישן אינהאַלט און אויף עברית. די קונים און קאָנסומענטן פון די שפּאַנישע ביכער, זיינען אָן שום ספק די יוגנט. זיי זיינען אויך לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן די הויפּט־אָפּנעמער פון די ביכער אין עברית, און אפשר אויך טיילווייז פון ספרים.

אין 1956 זיינען אויף די 4,346 עקזעמפּלאַרן פאַרקויפט געוואָרן 250 ספרים און 609 ביכער אין עברית. ייִדישע ביכער זיינען פאַרקויפט געוואָרן 2,012 לויט דער פאָנאַנדערטיילונג:

| | |
|---|---|
| בעלעטריסטיק | 1,040 |
| חורבן ליטעראַטור | 161 |
| קולטור־היסטאָרישע | 635 |
| קינדער־ליטעראַטור | 176 |

די 1,466 פאַרקויפטע ביכער אין שפּאַניש פון זעלבן יאָר טיילן זיך:

| | |
|---|---|
| בעלעטריסטיק | 791 |
| חורבן ליטעראַטור | 88 |
| קולטור־היסטאָרישע | 518 |
| קינדער ליטעראַטור | 69 |

אין 1957 מיט דער פאַרגרעסערטער הנחה אויף היגע ביכער, ווייזט די איינטיילונג פון די 12,027 פאַרקויפטע עקזעמפּלאַרן אויף אַ בולטער פאַרגרעסערונג פון דער צאָל שפּאַנישע ביכער, אין דער צייט, וואָס די צאָל ספרים האַלטן אויף די פּאָזיציעס מיט אַ שטייגנדיקער טענדענץ: ספרים — 345; ביכער אין עברית — 720; ייִדישע ביכער — 4395; שפּאַנישע — 6,537.

אין 1958 זיינען אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 12,835 ביכער פאַרקויפט געוואָרן 464 ספרים און 587 ביכער אין עברית; ביכער אין ייִדיש — 5,084; אין שפּאַניש — 6,700. די איינטיילונג פון די ייִדישע ביכער לויט די קולטור־אָפּצווייגן זיינען:

| | |
|---|---|
| בעלעטריסטיק | 2,966 |
| חורבן ליטעראַטור | 472 |
| קולטור־היסטאָרישע | 1,296 |
| קינדער ליטעראַטור | 350 |

די שפּאַנישע ביכער טיילן זיך אין:

| | |
|---|---|
| בעלעטריסטיק | 3,625 |
| קולטור־היסטאָרישע | 2,652 |
| חורבן ליטעראַטור | 423 |

די פונאַנדערטיילונג פון דער אַלגעמיינער צאָל — 15,093 פאַרקויפטע ביכער אין 1959, גייט אין דער זעלבער ריכטונג: ספרים — 638, עברית — 1,155, ייִדיש — 5,621, שפּאַניש — 7,678.

די פונאַנדערטיילונג פון די ייִדישע ביכער איז:

| | |
|---|---|
| בעלעטריסטיק | 3,839 |
| חורבן ליטעראַטור | 410 |
| קולטור־היסטאָרישע | 1,372 |

די שפּאַנישע ביכער טיילן זיך איין:

| | |
|---|---|
| בעלעטריסטיק | 4,563 |
| קולטור־היסטאָרישע | 2,556 |
| חורבן ליטעראַטור | 559 |

דער לעצטער יאָר פון דער פעסטגעשטעלטער סטאַטיסטיק, לויטן יאָר־בוך פון קהילה־אַרכיוו — 1960, ווייזט אָן די זעלבע טענדענץ פון דער אַלגעמיינער צאָל פאַרקויפטע ביכער — 17,035 זיינען 170 ספרים, און 1327 אין עברית; די צאָל שפּאַנישע — 9,994; ייִדישע — 5,004.

מיר נעמען אָן, אַז די הויפּט־קאָנסומענטן פון די שפּאַנישע ביכער זיינען די יוגנט, אָן שום ספק זיינען זיי עס אויך, אין אַ גרויסער מאָס פון עברית. די איינטיילונג פון די שפּאַנישע ביכער איז:

| | |
|---|---|
| בעלעטריסטיק | 6,261 |
| קולטור־היסטאָרישע | 3,186 |
| חורבן ליטעראַטור | 547 |

די ביכער אין עברית ווערן אָנגעגעבן אין זייער אַלגעמיינער צאָל. בכלל קען מען נישט מעסטן לויט די ציפערן פון די ביכער דעם גייסטיקן אומרו און די אָריענטאַציע פון דער יוגנט, פּונקט ווי מען קען פון דעם נישט זיין אין גאַנצן זיכער, אַז אַלע קונים זיינען טאַקע געווען בפועל ממש די יוגנטלעכע גופא, אָדער פאַר מאַנכע פון זיי האָבן עס באַצאָלט די עלטערן. אונדזערע היגע קינדער ווערן איבערהויפּט צופיל פאַרזאָרגט מיט כל גוטס דורכן עלטערן פּיאָנערן־דור, און די קהילה גופא, ווי דער אָרגאַניזירטער אויסדרוק פון ישוב, האָט די לעצטע יאָרן גע־מוזט ווערן אַ גייסטיקער קהלשער טאַטע פון דער יוגנט, וואָס וועט אויסרינען צווישן די פינגער, אויב מען וועט נישט טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך און אַפילו דאָס אוממעגלעכע זיי צו דערהאַלטן ביים ייִדישן לעבן, אויב עס איז אָבער גלייכצייטיק אַ פריידיקער אָנזאָג דער פאַרקויף פון 9,994 שפּאַנישע ביכער פון ייִדישן סך־הכל, ווערט אָבער אַ ביסל אומעטיקלעך פון דער צאָל ייִדישע ביכער — 5,004, וואָס זיינען איינגעטיילט:

| | |
|---|---|
| בעלעטריסטיק | 3,286 |
| חורבן ליטעראַטור | 160 |
| קולטור־היסטאָרישע | 1,558 |

עס איז אָבער פאַראַן אַ באַרעכטיקטע סיבה פאַר דער קליינער צאָל פאַרקויפטע ביכער אין ייִדיש. די היגע ביכער, וואָס זיינען צוגענגלעך אין פּרייז, ווערן גאַנץ אַקטיוו פאַרשפּרייט דורך די פאַרלאַגן גופא און די אויסלענדישע זיינען נישט צוגענגלעך צוליב די הויכע פּרייזן, ספּע־ציעל די וואָס קומען פון נאָרד־אַמעריקע און זיי זיינען טאַקע מיט גאָלד (דאָלאַרן) צוגלייך.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער כלל־ישראלדיקער קולטור־אַרבעט פון דער קהילה זיינען די 170 פאַרקויפטע ספרים, וואָס זיינען אויך אַ טייערער אַרטיקל וואָס איז ממש נישט בנמצא מחמת דאָ־הי דרוקן זיך נישט קיין ספרים און וועגן די אויסלענדישע ביכער האָבן מיר שוין באַמערקט. די אַלגעמיינע צאָל פאַרקויפטע עקזעמפּלאַרן אין 1960 איז — 17.035; קונים — 5.063 און דער אַלגעמיינער באַטרעף — 2.057.726 פעזעס. אין 1961 זיינען צום ערשטן מאָל איינגעפירט געוואָרן קיאָסקן צו פאַרקויפן מיט אַ הנחה יידישע מוזיק־פּלאַטן, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ דערפאָלג, אַז זיי וועלן שוין בלייבן אַ שטענדיקער באַשטאַנדטייל פון ביכער־חודש.



יעקב גלאַטשטיין געזעגנט זיך מיט דער קהילה־פאַרוואַלטונג בעת אַ פייערלעכער מסיבה.

## דער ביכער־חודש ווי אַן אייגנאַרטיקע יידישע קולטור־אינסטיטוציע

אויף אָפּצושאַצן אין זיין גאַנצן פאַרנעם און באַדייט דעם ביכער־חודש און זיין גייסטיקע ווירקונג אויפן ישוב, וואָלט מען געדאַרפט האָבן אין זינען, אַז הינטער די ציפערן פון די פאַר־קויפטע ביכער איז פאַראַן עפּעס מער ווי אַ געוויינלעכער ביכער־יריד. דער פאַרהעלטנישמעסיק קליינער קהילה־זאַל און דער פאַיע, ווערט במשך פון דאָזיקן פעריאָד פאַרוואַנדלט אין אַ מאָ־דערנעם בית־המדרש און קולטור־ווינקל, ווו מען קומט הערן אַ יידיש וואָרט, אַ יידיש ליד, אַ קאָנצערט און מען קומט אויך סתם אַזוי, ווייל די אויסערלעכע דעקאָרירונג פון זאַל פון דער אויסשטעלונג איז אַ מאָדערנע ווערסיע פון יידישער פאַקן־טרעגעריי. און עס ווערט דורך דעם אין קהילה־בנין רעסטאַווירירט אויף אַ מאָדערנעם און געשמאַקפולן אופן דאָס אַלטע און איי־ביקע פון יידישן סטיל און נוסח. אַ שלל יידישע ענערגיע, גייסטיקע בענקשאַפטן און חלומות ווערן אַריינגעלייגט אין דער דאָזיקער ביכער־אויסשטעלונג, וואָס ווערט באַגלייט במשך פון פולן חודש פון קולטור־אימפּרעזעס פון יידישן אינהאַלט. אַ גרויסע גייסטיקע עשירות ליגט אין דאָזיקן קאָלעקטיוון קולטור־אָנשטרענג. סיי די קולטור־געסט פון דער גרעסטער קאַטעגאָריע

ווי אונדזערע לאָקאַלע כוחות קומען אין קאָנטאַקט מיטן ברייטן עולם פון דער קהילה־טריבונע, און מען פאַרזעט נישט דערביי קיין שום שיכט אין ייִדישן לעבן און אַלע קולטור־נויטווענדי־קייטן פון עלטערן און ייִנגערן דור.

די ווירקונג פון ביכער־חודש האָט אויך אָנגעשלאָגן אין די ווייטע פּראָווינץ־ישובים. דורכן וועד־הקהילות זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי לאָקאַלע ביכער־אויסשטעלונגען אין גרעסערע און קלענערע פונקטן. די דאָזיקע טענדענץ שטאַרקט זיך פאַר די לעצטע יאָרן, און הלוואי זאָלטן נאָר געווען אַזוי פיל מעגלעכקייטן, וויפל בעלנים עס זיינען פאַראַן אויף איינצו־אָרדענען ביי זיך אויפן פּלאַץ לאָקאַלע ביכער־אויסשטעלונגען.



דער דעקאָראַטיווער אַריינגאַנג צו דער ביכער־אויסשטעלונג אין הערצל־יאָר (1960).

דער ביכער־חודש פון דער קהילה איז עפּעס מער ווי אַן אָנשטרענגונג צו פאַרשפּרייטן אַ ביסל מער ייִדישע ביכער. ער איז דער לעבעדיקער נערוו פון קולטור־זמן פון דער קהילה, וואָס גיט אויך אימפּולס פאַרן לעבעדיקן ייִדישן וואָרט אויף די זונטיק־קורסן אין קהילה־זאַל, אין צענטער און אין די געגנטן און פאַרשטעט פון גרויס בוענאָס־איירעס. עס איז נישט בלויז אַ סטימול פאַרן ברייטן עולם, נאָר אויך פאַר די עסקנים, און דער קהילה־אָנפירונג גופא. אָן דעם ביכער־חודש, וואָלט נישט געווען קיין כוח און קיין השגה פאַר אַזאַ גרויסצוגיקן קולטור־פאַרמעסט.

זינט 1953 איז צוזאַמען מיט די פאַרקויפטע ביכער, אָנגעגעבן די צאָל באַזוכער אויפן בי־כער־חודש, וואָס שפּיגלען־אָפּ אויף זייער אופן די קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונג פון גאַנג באַרג־אַרויף:

| | | |
|---|---|---|
| 1953 | — — — — — — — — — | 5,259 באַזוכער |
| 1954 | — — — — — — — — — | 5,053 " |
| 1955 | — — — — — — — — — | 4,376 " |
| 1956 | — — — — — — — — — | 5,968 " |

אין יאָר 1957 זיינען שוין אָנגעגעבן באַזוכער אַן ערך — 12,000, אין 1958 אַן ערך פון 13.500, אין די ווייטערדיקע יאָרן ווערט נישט אָנגעגעבן די צאָל באַזוכער, ווייל אין די אָוונטן פון ביכער־חודש ווערן ממש צעשפּאַרט די ווענט פון דעם קליינעם זאַל און פאָיע, וואָס איז אי־בערגעפולט און רוישט ווי אַ בינשטאָק.



דער עולם קויפט ביכער און ספרים. חודש פון ייִדישן בוך אין יאָר 1960.

## קולטור־פּראָגראַמען ביים „חודש פון ייִדישן בוך" אין די יאָרן 62־1956

אין די אַמאָליקע צייטן האָט מען זיך ביי ייִדן נישט באַגנוגנט מיטן לערנען ביחידות. דאָס איז געווען דער קנין פון לומדים — אינדיווידואַליסטן. דער גרויסער פּאַרדינסט איז געווען נישט אַזוי דאָס לערנען אַליין, נאָר מרביץ תורה ברבים צו זיין; לערנען בציבור און שאַפן דאָס וואָס מיר וואָלטן היינט באַצייכנט ווי אַ געזעלשאַפטלעכן אַמביענט אַרום דעם תורה־לערנען. דאָס לערנען אין בית־המדרש בין מינחה למעריב ביי מתנגדים און ביי די חסידישע טישן, די וואַנדערנדיקע מגידים, זיינען פּאַקטיש געווען די וועגווייזער פון דער היינטיקער קולטור־טעטי־קייט. עס איז שוין דאָ אָנגעוויזן, אַז די ייִדיש־וועלטלעכע קולטור, וואָס האָט זיך געהאַט צופיל אָפּגעקערט פון טראַדיציע, האָט זיך גאָר גיך אַרומגעזען אויפן טעות. די עפנטלעכע קולטור־טעטיקייט פון דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה איז אין דער הינזיכט שוין געקומען מיט אַ פּאַרטיקער און אויסגעשטאַנענער אָריענטאַציע, און דאָס וואָס מען האָט נישט געדאַרפט בלאָנדזשען האָט געבראַכט קפיצת־הדרך צו דעם דערפאָלג.

כראָנאָלאָגיש הייבן מיר אָן מיטן קולטור־זמן פון 1956, מיטן דערעפענען דעם „חודש פון ייִדישן בוך", וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 9טן אויגוסט אין קהילה־זאַל מיט די אַרויסטריטן פון סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט אַברהם פּאַליאַקאָוו און ראש־הקהל ד"ר אַברהם מיבשן ז"ל. יעקב באָטאָשאַנסקי האָט רעפערירט א. ד. ט. „דער מצב פון דער ייִדישער ליטעראַטור היינט צו טאָג". די טאָג־צייטונגען און די ייִדישע אויסגאַבעס פון הי און אויסלאַנד זיינען פול מיט אָפּהאַנדלונגען — עס איז פונקט אויסגעפאַלן דער 10טער יאָר פונעם חודש פון ייִדישן בוך. דעם קינסטלערישן טייל האָט אויסגעפירט מיט געזאַנגס־נומערן יעקב פעלער, פּיאַנאָ באַגלייטונג: יאַשאַ גאַלפּערין.

דעם 12טן אויגוסט טרעט אַרויס פּראָפ' שדמי א. ד. ט. „העברעיִשע אויפשריפטן דער־ציילן" (אַרכעאָלאָגיע אין ישראל) און מיט געזאַנג־נומערן — ציפּורה וואַלדמאַן, פּיאַנאָ־באַגלייטונג — מ. סאַרין, אַריינפיר — ד"ר ר. ש. נאָוויק, וויצע־פּרעזידענט פון דער קהילה. דעם 15טן אויגוסט טרעט אַרויס ד"ר בערל פּרימער, וואָס געפינט זיך דעמאָלט אין לאַנד אין שליחות פון איחוד־עולמי, פּועלי־ציון, מפא"י, א. ד. ט. „העברעיִש און ייִדיש אין ישראל, מיט געזאַנג־נומערן — ברוך גראַבאָווסקי, פּיאַנאָ־באַגלייטונג — יאַשאַ גאַלפּערין, און אַריינפיר־וואָרט פון פאַרוואַלטונג־מיטגליד משה האַניק. דעם 19טן אויגוסט טרעט אַרויס ד"ר טוביה קאָמענשיין א. ד. ט. "A. D. Gordon – Un profeta moderno" און ישראל גוטמאַן אויף דער זעלבער טעמע אין ייִדיש: „א. ד. גאָרדאָן, צו זיין הונדערטסטן געבורטסטאָג". דעם אַריינפיר־וואָרט צום גאָרדאָן־אַקט האָלט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קהילה אינזש. נחמן ראַדזיכאָווסקי. דעם 22סטן אויגוסט טרעט אַרויס פּראָפ' שאַלמאַן א. ד. ט. "Literatura Judía en Castellano y Literatura Judía en Idish" און משה שענדעריי א. ד. ט. „דער חינוך און זיין השפּעה אויף דער וועלט־ליטעראַטור". דעם אַריינפיר־וואָרט האָלט דער פאַרוואַלטונג־מיטגליד ברוך ישמח.

דעם 26סטן אויגוסט ווערט דורכגעפירט אַ העברעיִשער פּרימאַרגן. מנשה דובשני טרעט אַרויס א. ד. ט. „איזהו הספר הטובֿ?". דעם קינסטלערישן טייל פירט אויס דער קוואַרטעט „כינור", מיט פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון יאַשאַ גאַלפּערין און אַריינפיר־וואָרט פון ראש־הקהל ד"ר א. מיבשן ז"ל. דעם 29סטן טרעט אַרויס ד"ר מאַטעאָ גאָלדשטיין א. ד. ט. "Problemas legislativas en Israel" און חיים פינקעלשטיין א. ד. ט. „דער ייִדישער לערער אין דער נייסטער ייִדישער ליטעראַטור", מיטן אַריינפיר־וואָרט פון פאַרוואַלטונג־מיטגליד משה גאָראָדיטש.

דעם 1טן סעפּטעמבער האָט אויפגעטרעטן דאָס „יונג ייִדיש טעאַטער" ביים קולטור־קאָנגרעס מיט די איינאַקטערס: „דער בער" פון א. טשעכאָוו, „מיין ווייב מאַכט קראַנק דעם דאָקטער" פון טונקעלער, אונטער דער רעזשי פון יוסף מאָורער און געזאַנג און רעציטאַציע פון משה אייכבוים און שמואל מיאַדאָווניק, פּיאַנאָ־באַגלייטונג — רבקה גוטריימאַן. דעם 2טן סעפּטעמבער איז אַרויסגעטראָטן שמואל ראָזשאַנסקי א. ד. ט. „100 יאָר ד"ר שלמה עטינגער", רעציטאַציעס — זלמן הירשפעלד, אַריינפיר־וואָרט — פאַרוואַלטונג־מיטגליד יואל ווינערמאַן. לויט די אויסגערעכנטע קולטור־אימפּרעזעס במשך פון צוויי חדשים וואָס נעמען אַרום כמעט אַלע ייִדיש־גייסטיקע אינטערעסן, געהאַלטן אין ייִדיש, שפּאַניש און עברית, קען מען זען אַז די קהילה שטייט אין איר קולטור־אַרבעט מיטן פּנים צו אַלע מעגלעכע ייִדישע שיכטן, עלטערע און ייִנגערע. וועגן סיום פון ביכער־חודש פון 1956 איז כדאי אָפּצושטעלן זיך, מחמת דער דע־מאָלטיקער ישראל־אַמבאַסאַדאָר ד"ר אַריה קובאָווי האָט אין זיין פאַרטראַג „וווּנדן פון אַ פריינד" באַרירט געזעלשאַפטלעכע תוך־פּראָבלעמען פון אונדזער ישוב, וואָס האָבן געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין אונדזערע היגע אויסגאַבעס. עס זיינען אויפן אָוונט אַרויסגעטראָטן דער סעקרע־טאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט אברהם פּאָליאַקאָוו, און דער ראש־הקהל ד"ר א. מבשן ז"ל, און יהודית מאָרעצקאַ מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט, באַגלייט אויף פּיאַנאָ פון יאַשאַ גאַלפּעריןֿ. דער סיום איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 9טן סעפּטעמבער און די דערעפענונג דעם 9טן אויגוסט. אַ פולער חודש איז דער פאַרהעלטנישמעסיק באַשיידענער זאַל פון דער קהילה געווען אַן אמתער

יריד. פאַרנאַכט — די ביכער־אויסשטעלונג, און נאָך דעם — די קולטור־אימפּרעזעס, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער פאַרשיידנאַרטיקייט און ברייטן קולטור־האָריזאָנט.

דאָס קולטור־פּראָגראַם פונעם ביכער־חודש פאַרן יאָר 1957, האָט זיך אָנגעהויבן דעם 28סטן אויגוסט. אויפן דערעפענונגס־אָוונט זיינען אַרויסגעטראָטן ד״ר ר. ש. נאָוויק, סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט און דער ראש־הקהל ד״ר א. מיבשן ז״ל. דעם פאָרטראַג „דאָס יידישע בוך און דער יידישער לייענער״ האָט געהאַלטן מאַרק טורקאָוו, און מיט געזאַנג־נומערן איז אַרויסגעטראָטן יהודית מאַרעצקאַ, מיט פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון יאַשאַ גאַלפּערין. זונטיק דעם 1טן איז דורכגעפירט געוואָרן אַ העברעישער פרימאָרגן מיט אַ פאָרטראַג פון פּראָפ׳ שדמי „על חומותיך ירושלים״, געזאַנג פון קוואַרטעט „כינור״, פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון יאַשאַ גאַלפּערין און



דערעפענונג פון חודש פון יידישן בוך אין יאָר 1960.

אַריינפיר־וואָרט פון ד״ר ר. ש. נאָוויק. מיטוואָך דעם 4טן סעפּטעמבער איז אַרויסגעטראָטן ש. ראָזשאַנסקי א. ד. ט. „קולטור־פּאָזיציעס אין פאַרשיידענע ישובים״ (פון אַ רייזע איבער די לענדער), געזאַנג — יעקב פעלער, פּיאַנאָ־באַגלייטונג — יאַשאַ גאַלפּערין, דערעפענונג־וואָרט פון מ. יונגערמאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט. זונטיק דעם 8טן סעפּטעמבער — אַ רעפעראַט פון משה שענדעריי „די טראַגישסטע יידישע ספרים״ (צוויי הונדערט יאָר נאָכן וויכוח אין קאַמעניעץ), רעציטאַל פון מאָריס שוואַרץ, דערעפענונג — ראובן פעפערמאַן, פּראָ־סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט. זונטיק דעם 13 סעפּטעמבער, פאָרטראַג פון משה שטיינבערג־שריג „דער עם־הספר צוריק צום ספר״, מיט געזאַנג פון רבקה קליניצקאַ, פּיאַנאָ־באַגלייטונג — לעאָן וויינער, דערעפענונג — זלמן הירשפעלד, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט. מיט־

זואָך דעם 18טן סעפּטעמבער טרעט אַרויס ד״ר מיבשן ז״ל מיט אַ פּאָרטראַג: „דער אייביקער בונד מיט ישראל״ (100 יאָר פּרע־ציוניסטישע עליות), רעציטאַל — זלמן הירשפעלד, דערע־פענונג — ד״ר ב. לערנער, וויצע־פּרעזידענט פון דער קהילה. זונטיק דעם 22סטן סעפּטעמבער, רעפעראַט פון יעקב באָטאָשאַנסקי: „די בעסטע 24 ייִדישע ביכער״, רעציטאַל פון יוסף בולאָוו, דערעפענונג — יקותיאל בערנשטיין, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

דעם סיום פון ביכער־חודש פאַרן יאָר 1957 איז דורכגעפירט געוואָרן מאָנטיק דעם 30סטן סעפּטעמבער מיטן אַרויסטריט פון סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט ד״ר ר. ש. נאָוויק און ראש־הקהל ד״ר אַברהם מיבשן ז״ל, און דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קהילה צבי פיינ־גערש. דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר ד״ר אַריה ל. קובאָווי האָט געהאַלטן אַ פּאָרטראַג א. ד. ט. „גייסט און סענטימענט אין דער ייִדישער אַרגענטינע״, און סאַראַ גאָרבי מיט דער פּיאַנאָ־באַ־גלייטונג פון יאַשאַ גאַלפּערין איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט. ווידער זעען מיר פאַר זיך אַ גאַנץ פיינעם באַלאַנס פון איבער אַ חודש, וואָס צייכנט זיך אויס מיט די אַרויס־טריטן פון באַרימטע בינע־קינסטלערס — גאַסט־שפּילער און מיט לאָקאַלע כוחות.

דאָס קולטור־פּראָגראַם פון ביכער־חודש פאַרן יאָר 1958 איז געווען ספּעציעל מזלדיק, ווייל עס איז זיך צוזאַמענגעפאַלן מיטן באַזוך פון אַ גרויסן קולטור־גאַסט, דעם באַרימטן דיכטער אפרים אויערבאַך (די קולטור־געסט ווערט געווידמעט אַ ספּעציעלער קאַפּיטל. דאָ ווערט בלויז דערמאָנט זייער מיטווירקונג אין די ראַמען פונעם קולטור־פּראָגראַם פון דעם חודש פון ייִדישן בוך), וועלכער האָט דעם 4טן סעפּטעמבער דערעפנט דעם ביכער־חודש מיט זיין רעפעראַט „ספר און בוך״. זונטיק דעם 7טן סעפּטעמבער איז אַרויסגעטראָטן יעקב באָטאָשאַנסקי מיטן פּאָרטראַג „פון אַגדה ביז הלכה אין אונדזער נייער ליטעראַטור״, מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט פון יהודית מארעצקאַ. מיטוואָך דעם 10טן סעפּטעמבער איז אַרויסגעטראָטן דער ישראל־רעזשיסאָר משה הלוי אד״ט: „די ייִדישע שרייבער אויף דער העברעישער בינע״, מיט אַ רעציטאַל פון דער ישראל־קינסטלערין לאה דגנית. זונטיק דעם 14טן סעפּטעמבער איז אַרויסגעטראָטן משה שענ־דעריי מיטן פּאָרטראַג „אַ בוך וועגן 100 יאָר ייִדיש לעבן אין זיד־אַמעריקע״, מיט אַ רעציטאַל פון קאַטאַלינאַ לעווינטאַן. מיטוואָך דעם 14טן איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ העברעישער אָונט, חיים נבון האָט רעפערירט א. ד. ט. „המאון הרוחני של מדינת־ישראל״, און ברוך גראַבאָווסקי איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט, אונטער פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון יאַשאַ גאַלפּערין.

זונטיק דעם 21סטן איז אויפגעטראָטן דער קולטור־גאַסט אפרים אויערבאַך מיט אַ פּאָר־טראַג א. ד. ט. „ישראל און די תפוצות״, און רבקה קליניצקאַ, פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון לעאָן וויי־נער, מיט געזאַנג־נומערן. דעם 25סטן סעפּטעמבער האָט יצחק הרכבי (איצט ישראל־אַמבאַסאַ־דאָר אין אורוגוויי) געהאַלטן אַ רעפעראַט א. ד. ט. „גייסטיקע פּראָצעסן אין ישראל״, און זלמן הירשפעלד איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ וואָרט־רעציטאַל. זונטיק דעם 28סטן האָט דער ישראל־גאַסט ד״ר ראובן בן־שם געהאַלטן אַ רעפעראַט א. ד. ט. „די אַנטוויקלונג פון ייִדישן פאָלקס־כאַראַקטער״, מיט אַ וואָרט־רעציטאַל פון יוסף מאָורער. זונטיק דעם 5טן אָקטאָבער איז פאָרגע־קומען דער פייערלעכער סיום. עס זיינען אַרויסגעטראָטן אַברהם מיטלבערג — סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, צבי פיינגערש — גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קהילה, און דער ראש־הקהל אלימלך גוטקין. מאַרק טורקאָוו האָט געהאַלטן אַ פּאָרטראַג: „דאָס בוך און דער לייענער״. דער קוואַרטעט „כינור״, מיט דער פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון יאַשאַ גאַלפּערין, איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט.

דער חודש פון ייִדישן בוך פאַרן יאָר 1959, ווי דער גאַנצער קולטור־זמן, איז געווען אונ־טערן צייכן פון שלום־עליכם־יאָר, וואָס האָט זיך אין אונדזער היגן פאָלקסטימלעכן ישוב שטאַרק אָנגעזען און מען קען זאָגן, אַז דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט איז געווען דער הויפּט־מיטווירקער פאַר דעם.

דער חודש האָט זיך דערעפנט דעם 30סטן סעפּטעמבער מיט אַ רעפעראַט פון משה שענ־

דעריי א. ד. ט. „בוך און ספר", און מיטן אויפטריט פון „הזמיר"־כאָר ביי דער קהילה. דעם 5טן אָקטאָבער איז אַרויסגעטראָטן ש. ראַזשאַנסקי מיט אַ פאָרטראַג „קלאַניסטן אין דער יידישער ליטעראַטור" (אין זעלבן יאָר איז אויסגעפאַלן דער 70־יאָריקער יובל פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, אַ דעלעגאַציע פון דער קהילה האָט זיך באַטייליקט אין די פייערונגען אין מאָזעסוויל און אין צענטראַלן יובליי־אָוונט אין אַ גרויסן טעאַטער־זאַל), מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט פון סאַראַ גאַרבי. דעם 5טן אָקטאָבער איז אַרויסגעטראָטן יעקב באָטאָשאַנסקי אויף דער שלום־עליכם טעמע: „אַ פאַרגלייך צווישן טוביה דער מילכיקער און מנחם־מענדל", מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט פון יהודית מארעצקאַ. דעם 14טן אָקטאָבער האָט ד"ר ל. זשיטניצקי געהאַלטן אַ רעפעראַט א. ד. ט. „דאָס יידישע פאָלקס־ליד", מיט געזאַנג־אילוסטראַציעס פון רבקה קליניצקאַ. דעם 19טן אָקטאָבער איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר אַ העברעיִשן אָוונט, מיט אַ




אַן אויפשריפט אין זאַל פון דער אויסשטעלונג פון יידישן בוך.

רעפעראַט פון אליהו אראל א. ד. ט. „העתונות העברית בחיי עמנו", מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון קוואַרטעט „כינור", אָנגעפירט פון יאַשאַ גאַלפערין. דעם 22סטן אָקטאָבער איז אַרויסגעטראָטן פּראָפ' ל. שאַלמאַן אויף שפּאַניש מיט אַ רעפעראַט: „די טעמע פון ליבע אין דער יידישער ליטעראַטור", און אַ געזאַנג־קאָנצערט פון דינה גוטקין אין אַ קולטור־אימפּרעזע געווידמעט דער יוגנט. דעם 26סטן אָקטאָבער איז ד"ר משה מערקין אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעפעראַט א. ד. ט. „חסידיזם, זיין אַנטשטייונג און זיין אָפּשפּיגלונג אין דער יידישער ליטעראַטור", און דאָס „יונג טעאַטער" ביים קולטור־קאָנגרעס האָט פאָרגעשטעלט דעם איינאַקטער „מזל־טוב". דער סיום פון ביכער־חודש פון יאָר 1959 איז פאָרגעקומען דעם 2טן נאָוועמבער מיט דער באַטייליקונג פון אַברהם מיטלבערג, סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, ראָש־

הקהל אלימלך גוטקין, גענעראַל־סעקרעטאַר צבי פיינגערש און קאַסיר אלתר הירש. מאַרק טור־קאָוו איז אַרויסגעטראָטן מיטן פּאָרטראַג: „דאָס ייִדישע בוך אין גאַר דער וועלט", און דער „הזמיר"־כאָר, אונטער דער אָנפירונג פון בערנאַרד פייער, האָט אויפגעפירט דעם קינסטלע־רישן טייל פון אָוונט.

דער חודש פון ייִדישן בוך פאַרן יאָר 1960 האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרויסן קולטור־גאַסט — דער דיכטער און פּראָזאַיִקער חיים גראַדע. אויף דער דערעפענונג אין קהילה־זאַל פון ביכער־חודש דעם 15טן סעפּטעמבער, איז דער חשובער גאַסט אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעפע־ראַט: „ח. נ. ביאַליק". דעם 18טן אָקטאָבער האָט שוין חיים גראַדע אַרויסגעטראָטן אין גרויסן טעאַטער „אַסטראַל" מיט זיין צווייטן פּאָרטראַג: „נוסח מיזרח־אייראָפּע". דעם 25סטן סעפּטעמ־בער האָט משה שענדעריי געהאַלטן אַ רעפעראַט א. ד. ט. „דורך אַ דערנער־שטעג צו ברייטע וועגן" (100 יאָר קיום פון ישוב). אין 1960 איז אויסגעפאַלן דער 100־יאָריקער יובילײ פון ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע; די קהילה און קולטור־דעפּאַרטאַמענט האָבן אָרגאַניזירט אַ גאַנצע ריי פייערונגען, און עס איז אויפגעטראָטן דער נאַציאָנאַל־ייִדישער פאָלקס־טעאַטער. דעם 27סטן סעפּטעמבער איז אויפגעטראָטן חיים פינקלשטיין א. ד. ט. „דער וועקער פון ייִדישן און מענטש־לעכן געוויסן" (45טער יאָרצייט פון י. ל. פּרץ), מיט אַ קינסטלערישן פּראָגראַם פון טעאַטער „אַרטעאַ". דעם 29סטן סעפּטעמבער איז חיים גראַדע אַרויסגעטראָטן אין טעאַטער „סאָלעיל" מיטן רעפעראַט: „שבת און וואָך אין דער ייִדישער ליטעראַטור". דעם 2טן אָקטאָבער (אין קהי־לה־זאַל) האָט יעקב באָטאָשאַנסקי רעפערירט א. ד. ט. „אין יענער בלויער ווייט" (אָפּשאַצונגען אין פערזענלעכע זיכרונות וועגן שמעון פרוג). דעם קינסטלערישן טייל האָבן אויסגעפירט רבקה קליניצקאַ און לעאָן וויינער. דעם 3טן אָקטאָבער איז חיים גראַדע אַרויסגעטראָטן אין טעאַטער „אַסטראַל" מיט זיין רעפעראַט: "מתנגדים און מוסרניקעס" (די ליטווישע ישיבות). דעם 9טן אָקטאָבער איז אַרויסגעטראָטן ד"ר לעאָן דוכאָוונע א. ד. ט. „די פערזענלעכקייט פון שמעון דוב־נאָוו" (שפּאַניש). דעם קינסטלערישן טייל האָט אויסגעפירט לודמילאַ טירער. דעם 11טן אָקטאָ־בער האָט מאַרק טורקאָוו געהאַלטן אַ פּאָרטראַג א. ד. ט. „נחום סאָקאָלאָוו, דער מנהיג און דענ־קער" (צו זיין 100סטן געבורטסטאָג), און זלמן הירשפעלד איז אויפגעטראָטן מיט אַ וואָרט־רע־ציטאַל. דעם 14טן אָקטאָבער איז ש. ראָזשאַנסקי אַרויסגעטראָטן מיטן פּאָרטראַג „דויד פינסקי, דריי דורות, דריי וועלטן".

דעם 17טן אָקטאָבער האָט חיים גראַדע געהאַלטן אין טעאַטער „אַסטראַל" זיין געזעגענונגס־רעפעראַט: „מיינע באַגעגענישן אין רוסלאַנד מיט סאָוועטישע שרייבערס". דעם 17טן אָקטאָבער איז אין קהילה־זאַל פאָרגעקומען דער סיום פון ביכער־חודש. מרדכי בערנשטיין איז אַרויסגע־טראָטן א. ד. ט. „פאַרברענטע פּאַרמעטן — שוועבנדיקע אותיות" (די מאַרטיראָלאָגיע פון ייִדישן ספר), די קינסטלערישע טייל האָט אויסגעפירט זלמן הירשפעלד.

דער ביכער־חודש אין יאָר 1961 האָט זיך אָנגעהויבן דינסטיק דעם 5טן סעפּטעמבער, מיט דערעפענונגס־ווערטער פון משה האָניק, סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, ראש־הקהל ד"ר טוביה קאַמענשיין, אַ פּאָרטראַג פון ימימה טשערנאָוויץ־אבידר א. ד. ט. „מאָמענטן אין דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור", און אַ געזאַנג־קאָנצערט פון סידאָר בעלאַרסקי. אַרום טויזנט מענטשן האָבן אָנטייל גענומען אין דעם אָוונט. און אין די ערשטע טעג האָט דער ביכער־פאַרקויף באַ־טראָפן 150,000 פּעזעס.

דאָנערשטיק דעם 7טן סעפּטעמבער איז אַרויסגעטראָטן יעקב באָטאָשאַנסקי מיטן פּאָר־טראַג: „נחום סאָקאָלאָוו — דער פילזייטיקער היסטאָריקער, בעלעטריסט, זשורנאַליסט און דיפּ־לאָמאַט", מיט רעציטאַציעס פון יוסף מאָורער און אָנפירונג פון מ. יונגערמאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

דאָנערשטיק דעם 14טן סעפּטעמבער האָט מרדכי בערנשטיין רעפערירט אד"ט: „קהילה־תקנות וועגן ייִדישן ספר", מיט געזאַנג נומערן פון קליניצקאַ־וויינער און אָנפירונג פון חנא גאַרבער, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.



חיים גראַדע האַלט איינע פון זיינע לעקציעס אין טעאַטער „אַסטראַל״.



דער עולם אין זאַל בעת חיים גראַדע האָט פאַרענדיקט אַ לעקציע.

זונטיק דעם 17טן סעפטעמבער האָט יצחק יאַנאָסאָוויטש געהאַלטן זיין רעפעראַט: „דער מוסר־השכל פון דער ייִדישער שרייבער־טראַגעדיע אין רוסלאַנד", מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון זלמן הירשפעלד און אָנפירונג פון שלמה ציטרין, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

מאָנטיק דעם 18טן סעפטעמבער — אַ העברעיִשער אָוונט מיט אַ רעפעראַט פון אַברהם פּעסקין: „ספר יונה", און מיטן אויפטריט פון דער העברעיִשער טעאַטער־גרופּע פון נח"ת אין אַן איינאַקטער פון אפרים קישון, רעזשי זלמן הירשפעלד.

דאָנערשטיק דעם 21סטן — חיים פינקלשטיין, אד"ט: „פּראָבלעמאַטיק פון דער היינטצייטיקער ליטעראַטור". אויפטריט (ייִדיש) פון „אַרטעאַ", אָנפירונג פון אַברהם מיטלבערג, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

זונטיק דעם 24סטן, שמואל ראָזשאַנסקי וועגן „ה. לייוויק — דאָס געוויסן פון דער ייִדישער ליטעראַטור". אויפטריט פון נאַציאָנאַל־ייִדישן קונסט־טעאַטער, אָנפירונג — ישראל קאַרפּעס, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

דאָנערשטיק דעם 28סטן — פּראָפ' לאַזאַראָ שאַלמאַן (שפּאַניש) אד"ט: "Sarmiento y su Concepto de Judaísmo" אויפטריט פון קוואַרטעט „כינור" אונטער דער לייטונג פון יאַשאַ גאַלפּערין, אָנפירונג מיטן אָוונט ד"ר דויד רויזין, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

זונטיק דעם 1טן אָקטאָבער — אַ העברעיִשער פרימאָרגן מיט אַ פאָרטראַג פון ישראל־אַמבאַסאַדאָר געגן. יוסף אבידר אד"ט: „פּרשיות בהגנה", מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט פון גראַבאָווסקי־לערער און אָנפירונג פון ראש־הקהל ד"ר טוביה קאַמענשטיין.

דינסטיק דעם 3טן אָקטאָבער — אויפטריט פון נאַציאָנאַלן ייִדישן פאָלקס־טעאַטער מיט דריי איינאַקטערס פון ישראל טייגערס „באָיקאָט, דער „שידוך" פון ש. איזבאַן, און „גנבים" פון א. קאַרפּינאָוויטש, רעזשי דויד ליכט.

מיטוואָך דעם 4טן אָקטאָבער — מאיר עדעלבוים וועגן „שמחת־תורה", אויפטריט פון „הזמיר"־כאָר מיט דער באַטייליקונג פון חזן אַברהם ראָזענמאַכער.

דאָנערשטיק דעם 5טן אָקטאָבער — משה שענדעריי אד"ט: „דער דריטער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס פון ייִדישן וויסן אין ירושלים", מיטן אויפטריט פון טעאַטער „אַברהם גאָלדפאַדען", רעזשי מאַקס בערלינער. אָנפירונג פון פאַרוואַלטונג־מיטגליד ישראל גרינבוים.

זונטיק דעם 3טן אָקטאָבער — סיום פון ביכער־חודש אין טעאַטער „נאַסיאָנאַל", מיט דער באַטייליקונג פון משה האָניק, סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, ראש־הקהל טוביה קאַמענשיין, קאַסיר אָשר גראָקאָפּ, אַ פאָרטראַג פון בצלאל שערמאַן און אויפטריט פון די „הזמיר"־כאָרן פון בוענאָס־איירעס און ראָזאַריאָ, אונטער דער אָנפירונג פון די דיריגענטן ב. פּייער און א. ליין.

לויט די ציפערן, וואָס עס האָט אָנגעגעבן אויפן סיום דער סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, איז דער באַטרעף פונעם פאַרקויף ביים ביכער־חודש פאַרן יאָר 1961 געווען: 2,130,776 פּעזעס מיט 16,200 פאַרקויפטע ביכער, 1000 מוזיק־פּלאַטן אויפן באַטרעף פון260,000 פּעזעס, צווישן זיי: ייִדישע ביכער 4,000; העברעיִשע 2,200 און שפּאַנישע מיט אַ ייִדישן אינהאַלט און טעמע 10,000, די אַלגעמיינע צאָל קונים — 5,400.

דער חודש פון ייִדישן בוך אין 1962, מיט דער קולטור־גאַסטשאַפט פון מרדכי שטריגלער (צום צווייטן מאָל), איז פאַקטיש געווען אַן איבער־חודש פון גאַנצע 42 טעג, איז אַריינגעפאַלן אין אַ אומרויִק־געשפּאַנטער צייט און האָט זיך — אפשר דערפאַר — אויסגעצייכנט סיי מיטן רוב־עם, סיי מיטן הויכן ניוואָ. מוצאי שבת, דעם 15טן סעפטעמבער, 19.30 אַזייגער, האָט זיך דערעפנט די אויסשטעלונג און ביכער־פאַרקויף און זונטיק, דעם 16טן איז אין טעאַטער „אָפּעראַ" פאָרגעקומען די פייערלעכע דערעפענונג מיט אַ פאָרטראַג פון מרדכי שטריגלער, אד"ט „מיטן ייִדישן ספר איבערן גאַנג פון דורות", מיט אַן אַריינפיר פון סעקרעטאַר פון קול־

טור־דעפּאַרטאַמענט, משה האָניק, אַן אַרויסטריט פון ראש־הקהל ד״ר טוביה קאַמענשיין און אויפטריט פון כאָר „הזמיר״.

דאָנערשטיק, דעם 2טן סעפּטעמבער: אַ פאָרטראַג פון משה שענדעריי, אד״ט „פון העבּ־רעיִש צו ייִדיש און צוריק״. אָנפירונג פון אָוונט — שמואל גלאַזערמאַן, וויצע־פּרעזידענט פון דער קהילה; זונטיק, דעם 23סטן, אין קהילה־זאַל: יעקב באָטאָשאַנסקי, אד״ט „דער דיכטער, וואָס האָט זיך פאַרבענקט נאָך ייִדישקייט״ (דוד איינהאָרן, צו זיין 75סטן יובילעאום). אָנפירונג מיטן פרימאָרגן — דוד קולאַקאָווסקי, פּראָ־קאַסיר פון דער קהילה; מאָנטיק, דעם 24סטן איז מרדכי שטריגלער אַרויסגעטראָטן אין טעאַטער „סאָלעיל״ מיט אַ פאָרטראַג אד״ט „דער ייִד אויפן גרויסן וועלט־יאַריד ביי וויליאַם שעקספּיר״. אָנפירונג מיטן אָוונט — מאַניע יונגערמאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.



סיום פון קולטור־זמן אין יאָר 1960. אויף דער בינע דער „הזמיר״־כאָר. רעכטס אין ווינקל: מ. האָניק און ד״ר ל. זשיטניצקי. לינקס: דיר׳ ב. פּייער.

מאָנטיק, דעם 1טן אָקטאָבער, אין טעאַטער „סאָלעיל״: דער פאָרטראַג פון מרדכי שטריג־לער, אד״ט „דוד בן־גוריון — זיין פּערזענלעכקייט און געדאַנקענגאַנג״. אָנפירונג מיטן אָוונט — אַברהם מיטלבערג, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

דאָנערשטיק, דעם 4טן אָקטאָבער, אין קהילה־זאַל: מאַרק טורקאָוו, אד״ט „ייִדישע קונסט און ייִדישע קינסטלער״, מיטן אַן אויפטריט פון קליניצקאַ־ווײנער. אָנפירונג מיטן אָוונט — שלמה ציטרין, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט; דינסטיק, דעם 9טן: שמואל ראָזשאַנסקי, אד״ט „די היים און דאָס לאַנד פון מאָסקווער „היימלאַנד״, קינסטלערישער אַרויסטריט פון זלמן הירשפעלד. אָנפירונג מיטן אָוונט — ישראל גרינבוים, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַר־טאַמענט.

דאָנערשטיק, דעם 11טן אָקטאָבער: העברעיִשער אָוונט, מיט אַ פּאָרטראַג פון אריה שובל, קולטור־אַטאַשע ביי דער ישראל־אַמבאַסאַדע, אד״ט „תחית השפה העברית״, געזאַנג־קאָנצערט פון גראַבאָווסקי־לערער, אָנפירונג — לייב גאָלד, פּאַרוואַלטונג־מיטגליד פון דער קהילה; מאָנטיק, דעם 15טן: חיים פינקלשטיין, אד״ט „רוים און ירושלים — דער מחבר און זיין ווערק״. מיטן אויפטריט פון נאַציאָנאַלן ייִדישן פאָלקס־טעאַטער און אָנפירונג מיטן אָוונט — ישראל קאַרפּעס, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

דאָנערשטיק, דעם 18טן: משה שענדעריי, אד״ט „פון ייִדיש צו העברעיִש און צוריק״, אָנפירונג מיטן אָוונט שמואל גלאַזערמאַן, וויצע־פּרעזידענט פון דער קהילה; מאָנטיק, דעם 22סטן, אין טעאַטער „סאָלעיל״ — דער רעפּעראַט פון מרדכי שטריגלער, אד״ט „ר׳ נחמן בראַסלאַווער — פּאָעט, דענקער און רבי״, אָנפירונג מיטן אָוונט — ישראל גרינבוים, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט; מאָנטיק, דעם 29סטן אין טעאַטער „אַסטראַל״, דער סיום־אָוונט פון ביכער־חודש, מיט אַ פּאָרטראַג פון מרדכי שטריגלער, אד״ט „דאָס ייִדישע פאָלק אין דער געשיכטע און די היינטיקעווירקלעכקייט״, מיט אַ דערעפענונגס און סך־הכל־וואָרט פון משה האָניק, סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט און אַן אַרויסטריט פון כאָר „הזמיר״, אונטער דער לייטונג פון בערנאַרד פּייער.

## די קולטור־זמנים פון דער קהילה פאַר די יאָרן 1956־62

אין אַמאָליקן שטעטלדיקן לעבן זיינען ייִדן געווען אָנגעוויזן מיט זייער פּרנסה אויפן מאַרק־טאָג. גאָר שטאַרק פלעגן זיי אויסקוקן די אויגן אויפן יאַר־מאַרק. מיט תורה זיינען זיי ברוך־השם געווען באַזאָרגט ביי זיך אין דער היים, און אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר; פון דעסטוועגן פלעגט זיך אויך דער וועד ארבע הארצות צוזאַמענקומען אין די יאַרמערק, ווייל ייִדן פלעגן קומען פון די ווייטסטע מרחקים אויף צו דערהאַלטן דאָס חיות. אין די היגע לעבנס־תנאים האָבן ייִדן צו־ביסלעך זייער פּרנסה בכל יום ויום, אָבער אויף צו דערהאַלטן די נשמה מוזן זיי אָנקומען צו די מאַרק־טעג פון ייִדי־שקייט, וואָס הייבן זיך אָן מיטן קולטור־זמן פון דער קהילה און קומען צו זייער הויך־סעזאָן אין דעם חודש פון ייִדישן בוך, וואָס איז דער קולטור־יאַרמאַרק פון ייִדישן אַרגענטינע.

דער קולטור־זמן פאַרן יאָר 1956 האָט זיך אָנגעהויבן מיט די זונטיק־פּרימאַרגנס אין דער קהילה. דעם 29סטן אַפּריל איז אַרויסגעטראָטן פּראָפ׳ דוכאָווני אד״ט: „די קולטור אין מדינת־ישראל״, מיט אַ פּראָגראַם פון דער גרופּע ישראל־קינסטלער, אַריינפיר־ווערטער: אַברהם פּאָ־ליאַקאָוו. סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, און ראש־הקהל ד״ר א. מיבשן ז״ל. דעם 6טן מאַי האָט געהאַלטן אַ פּאָרטראַג שמואל ראָזשאַנסקי אד״ט: „י. דינענזאָן, די מאַמע צווישן אונד־זערע קלאַסיקער״, מיט רעציטאַציעס פון דויד זאַבלודאָווסקי און אַריינפיר־וואָרט פון וויצע־פּאָרזיצער ד״ר ר. ש. נאָוויק. דעם 13טן מאַי איז אַרויסגעטראָטן יוסף רויזען אד״ט: „שבועות — דער יום־טוב פון קבלת־התורה״, רעציטאַציעס — זלמן הירשפעלד, אַריינפיר־וואָרט פון פּאַרוואַלטונג־מיטגליד יואל ווײַנערמאַן. דעם 20סטן מאַי איז אַרויסגעטראָטן ד״ר מ. גאָלדשטיין א. ד. ט.: "La Independencia Argentina con la Trayectoria" מיטן אויפטריט פון טריאָ גאַלפּעריִן און אַריינפיר־וואָרט פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קהילה אינזש. נחמן ראַדזי־כאָווסקי. דעם 27סטן מאַי טרעט אַרויס ד״ר ציון כ. אימאַטש אד״ט: "La Grandeza y Decadencia del Sefardismo" און ד״ר א. מיבשן ז״ל אד״ט: „די שפּאַנישע באַלאַדע״, אַריינפיר־וואָרט — ד״ר ר. ש. נאָוויק, וויצע־פּאָרזיצער פון דער קהילה.

דעם 3טן יוני טרעטן אויף: מאַרק טורקאָוו מיטן פּאָרטראַג „נחום סאָקאָלאָוו און זיין סביבה״, און משה שענדעריי — „אויף דער גרענעץ פון תקופות״. אַריינפיר — משה האָניק, פּאַרוואַלטונג־מיטגליד פון דער קהילה. דעם 10טן יוני — ד״ר פּאָוועלוקעס אד״ט: „דער ייִדישער דאָקטער

און דער ייִדישער חולה״, און ג. סאַפּאָזשניקאָוו — „מוטער־קאָמפּלעקס אין שלום אַש׳ס שאַ־פונג״, אַריינפיר — ד״ר ר. ש. נאָוויק.

דעם 17טן יוני — אַ העברעיִשער פרימאָרגן מיטן אַריינפיר־וואָרט פון ראש־הקהל ד״ר א. מיבשן ז״ל, אַרויסטריט פון א. טורניאַנסקי, פּרעזידענט פון הסתדרות עברית; אַ פּאָרטראַג פון ד״ר משה גיל אד״ט: „ש. עגנון ויצירותיו״, און געזאַנג פון ל. חיניטש. דעם 1טן יולי טרעט אַרויס מ. קאַכעל אד״ט: „די ישראלדיקע מוזיק און מוזיק אין ישראל״, פידל־קאָנצערט — צבי צייטלין און אַריינפיר פון גענעראַל־סעקרעטאַר אינזש. נחמן ראַדזיכאָווסקי. דעם 8טן יולי טרעט אַרויס באָלעסלאַוו לעווין אד״ט: "Julio Popper y su contribución al progreso del país" און א. יערוזאַלימסקי: „מדינת ישראל צווישן מיזרח און מערב״, אַריינפיר־וואָרט — פּאַרוואַל־



סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, משה האָניק, דערעפנט דעם קולטור־זמן אין טעאַטער „אַסטראַל״ (1961). דער דריטער פון לינקס: ד״ר ש. ביקל.

טונג־מיטגליד ברוך ישמח. דעם 15טן יולי טרעט אַרויס ד״ר בערל פרימער אד״ט: „דאָס גייס־טיקע און קולטורעלע לעבן אין ישראל״, אַריינפיר־וואָרט — פּאַרוואַלטונג־מיטגליד משה גאָ־ראָדיטש. דעם 22סטן יולי האַלט אַ רעפעראַט פּראָפ׳ אַרטור לערמער וועגן „קולטור־פּלוראַ־ליזם און ייִדישער אויטאָנאָמיזם״, מיט אַן אַריינפיר פון פּאַרוואַלטונג־מיטגליד יוסף גראָד־זיצקי ע״ה. דעם 29סטן יולי טרעט אַרויס הרב אַביגדור ציפּערשטיין וועגן „רש״י אַלס מפרש התורה״, מיט אַן אַריינפיר־וואָרט פון ד״ר א. מבשן ז״ל.

נאָך דעם קולטור־„יאַרמאַרק״ פון ביכער־חודש, הייבן זיך אָן צוריק די געוויינטלעכע „מאַרק־טעג״ פון קולטור־זמן. דעם 16טן סעפּטעמבער טרעטן אַרויס: מרדכי דיין מיט אייניקע באַ־טראַכטונגען אין שייכות מיטן נייעם יאָר, און י. ל. גרוזמאַן ע״ה מיט „ייִדיש לעבן אין אַמערי־

קע״ און אַן אַריינפיר פון פאַרוואַלטונג־מיטגליד ה. האַלענבערג. דעם 23סטן סעפּטעמבער איז אַרויסגעטראָטן יעקב זרובבל אד״ט: „דער רוף פון אונדזער צייט״, מיטן אַריינפיר־וואָרט פון פּראָ־סעקרעטאַר אליעזר ראָזענבלום. דעם 30סטן סעפּטעמבער האָט ע. רעלגיס געהאַלטן אַ רע־פעראַט וועגן „א. ל. זיסו, דער מאַרטירער פון רומענישן ייִדנטום״, און ד״ר יואל זינגער ע״ה איז אַרויסגעטראָטן אד״ט: „אַ ייִדישער דאָקטער פאַרט קיין ישראל״, מיט אַן אַריינפיר־וואָרט פון ראש־הקהל ד״ר מיבשן ז״ל. דעם 7טן אָקטאָבער איז דורכגעפירט געוואָרן אַ העברעיִשער פרימאָרגן מיט אַן אַריינפיר פון וויצע־פּרעזידענט ד״ר ר. ש. נאָוויק; ח. רעסקא האָט גערעדט וועגן „אחד־העם המחנך״, און פ. קאַרפּ: „אַחד־העם, אישיותו ומשניתו״, מיט פאָרלעזונגען פון זלמן הירשפעלד. דעם 14טן אָקטאָבער זיינען אַרויסגעטראָטן: ב. טענענבוים אד״ט „דער כנע־



ד״ר שלמה ביקל דערעפנט דעם קולטור־זמן אין יאָר 1961.

ניזם און אונדזער יוגנט״, און יוסף רויזען — „קידוש־השם אַמאָל און היינט״, מיט אַן אַריינפיר־וואָרט פון פאַרוואַלטונג־מיטגליד ב. דענענמאַרק. דעם 21סטן אָקטאָבער האָט משה שענדעריי גערעדט וועגן „הונדערט יאָר ייִדיש לעבן אין ענגלאַנד״, מיט געזאַנג־נומערן — רבקה קלי־ניצקאַ און אַריינפיר פון ראש־הקהל ד״ר א. מיבשן ז״ל. דעם 4טן נאָוועמבער האָט זיך געשלאָסן דער קולטור־זמן מיטן אַריינפיר־וואָרט פון סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט אַברהם פּאָ־ליאַקאָוו, אַרויסטריט פון גענעראַל־סעקרעטאַר אינזש. נחמן ראַדזיכאָווסקי, פאָרטראַג פון אפרים אלני אד״ט: „אַראַבער אין מדינת־ישראל״, און געזאַנג־נומערן פון קאַרלאָס פּעלער.

דער קולטור־זמן פון 1957 האָט זיך אָנגעהויבן דעם 24סטן מאַי מיטן רעפעראַט פון יעקב באָטאָשאַנסקי: „יהואש, דיכטער און תנ״ך־איבערזעצער״, מיט אַריינפיר־ווערטער פון ד״ר ב.

לערנער און ד״ר ר. ש. נאָוויק. דעם 31סטן מאַי האָט גערעדט הרב אַביגדור ציפּערשטיין וועגן „שבועות, דער אייביקער מעמד סיני״, מיט אַן אַריינפיר־וואָרט פון ד״ר א. מיבשן ז״ל. דעם 4טן יוני — אַ פאַרטראַג פון נאַטאַן שאַפּראַן: „ייִדיש לעבן אין אַמעריקע״. דעם 3טן יוני איז אַרויסגעטראָטן משה מערקין אד״ט: „די וועגן פון ייִדישן רענעסאַנס״, מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט פון סאַראַ גאַרבי. דעם 21סטן יוני איז אַרויסגעטראָטן אידוב כהן מיטן רעפעראַט: „דער פינף־יאָר־פּלאַן פאַר ישראל און די תפוצות״. דעם 25סטן יוני — מ. שענדעריי מיטן פאָרטראַג: „סך־הכל פון אַ רייזע איבער ישראל, פראַנקרייך און די פאַראייניקטע שטאַטן״, און געזאַנג פון רבקה קליניצקי. דעם 3טן יולי האָט גערעדט פּראָפ׳ שדמי וועגן „ים־המלח — דער ים פון לעבן״, און ד״ר מ. וואַדאָוואָז: „יונג און אַלט אין ישראל״. דעם 9טן יולי — אַ העברעיִשער פרימאָרגן, מיטן פאָרטראַג פון ד״ר מ. גיל: „יצירתו של דוד שמעוני״. דעם 19טן יולי האָבן רעפערירט: א. שוואַרץ וועגן „כאַראַקטער־שטריכן פון ייִדישן לעבן אין אורוגוויי״, און יואל גאַק: „אַנ־סקי און זיין שאַפונג „דער דיבוק״. דעם 23סטן יולי זיינען אַרויסגעטראָטן מ. שטיינבערג און מ. טורקאָוו וועגן הערצל־ביאַליק, מיט רעציטאַציעס פון ז. הירשפעלד. דעם 2טן אויגוסט איז אַרויסגעטראָטן ג. סאַפּאָזשניקאָוו מיט אַ פאָרטראַג: „שלום אַש׳ס שליחות אין דער ייִדישער ליטעראַטור״, מיט רעציטאַציעס פון זלמן הירשפעלד. דעם 9טן אויגוסט האָט ד״ר ל. זשיטניצקי גערעדט וועגן „ישראל אין ליכט און שאָטן״, און דאָס „אַרטעאַ״־טעאַטער איז אויפגעטראָטן מיט איינאַקטערס. דעם 16טן אויגוסט האָבן גערעדט: ד״ר ראַפּאָפּאָרט ע״ה — „ד״ר ירחי — דער לעגענדאַרישער דאָקטער״, און ש. ראָזשאַנסקי — „מ. אַלפּערסאָן — פּיאָנער פון דער ייִדישער ליטעראַטור און איר געשיכטע״. דעם 30סטן אויגוסט איז אַרויסגעטראָטן פּראָפ׳ שדמי אד״ט: „על חומותיך ישראל״, מיט אַ קאָנצערט פון קוואַרטעט „כינור״, אונטער דער לייטונג פון פּראָפ׳ ל. האַלפּערין.

פון 28סטן אויגוסט ביזן 22סטן סעפּטעמבער איז אָנגעגאַנגען דער חודש פון ייִדישן בוך. דעם 22סטן אָקטאָבער זיינען אַרויסגעטראָטן ד״ר ר. ש. נאָוויק און ד״ר פּאַוועלוקעס וועגן פּראַגן פון סאָציאַלער הילף. דעם 8טן אויגוסט — אַ קאָנצערט־פרימאָרגן, שאַפונגען פון י. ענגעל מיטן טריאָ קלאַצמאַן און ראַקעל סירקין. דעם 25סטן אויגוסט איז אַרויסגעטראָטן יצחק באַשעוויס[*] אד״ט: „גאָט־זוכער ביי ייִדן און נישט־ייִדן אין דער היינטיקער וועלט״. דעם 1טן נאָוועמבער — אַ העברעיִשער פרימאָרגן מיטן פאָרטראַג פון ד. חומסקי: „נפתלי הערץ אימבער — משורר התקווה״, און רעציטאַל פון ז. הירשפעלד. דעם 29סטן דעצעמבער איז געפייערט געוואָרן דער 25סטער יובילעי פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, מיטן אָנטייל פון ד״ר מ. גאָלדמאַן און מ. טורקאָוו, אַריינפיר פון ד״ר רויזין, קאָנצערט פון ברוך גראַבאָווסקי, באַגלייט פון י. גאַלפּערין.

דער קולטור־זמן פאַרן יאָר 1958 האָט זיך אויסגעצייכנט מיטן באַזוך פון מרדכי שטריגלער און איז דערעפנט געוואָרן דעם 3טן אַפּריל אין טעאַטער „סאָלעיל״. דער ראש־הקהל אלימלך גוטקין און סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט אַברהם מיטלבערג האָבן געהאַלטן די אַריינפיר־ווערטער, יעקב באָטאָשאַנסקי — דאָס קבלת־פּנים־וואָרט און מרדכי שטריגלער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ פאָרטראַג אד״ט: „דער משיחיזם־באַוועגונג ביי ייִדן אין ליכט פון מדינת־ישראל״. דעם 10טן אַפּריל איז מרדכי שטריגלער אַרויסגעטראָטן אין טעאַטער „אַסטראַל״ מיט זיין צווייטן רעפעראַט אד״ט: „מדינת־ישראל און די ייִדישע צעשפּרייטקייט״, דעם דריטן רעפעראַט אד״ט: „ייִדישע ווערטן״ האָט מרדכי שטריגלער געהאַלטן דעם 17טן אַפּריל אין קהילה־זאַל, און וועגן „די מוסר־באַוועגונג ביי ייִדן״ דעם 24סטן אַפּריל אין טעאַטער „אַסטראַל״. אויף זיין געזעגענונגס־אָוונט דעם 5טן מאַי אין טעאַטער „אַסטראַל״, איז מרדכי שטריגלער אַרויסגעטראָטן מיטן רעפעראַט „אונדזער וועג צו דער ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור״.

[*] יצחק באַשעוויס באַזוכט אַרגענטינע ווי דער גאַסט פון „די פּרעסע״ און שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג״, און אַרויסגעטראָטן אין טעאַטער „סאָלעיל״ מיטן רעפעראַט „צי קען דאָס ייִדישע פאָלק בלייבן דער עם־הספר״.

זונטיק דעם 11טן מאַי האָבן זיך אָנגעהויבן די קולטור־פרימאָרגנס אין דער קהילה, מיט מאַרק טורקאָווס אַ רעפעראַט „רייכקייט און אָרעמקייט אין די יידישע ישובים פון דרום־אַמעריקע", אין „לשון און כתב" (שפּאַניש) פון מרדכי הערבסט. דעם 14טן מאַי איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעפעראַט דער ישראל־רעזשיסאָר משה הלוי אד"ט: „תנ"ך און טעאַטער". דעם 30סטן מאַי האָבן רעפערירט: י. ל. גרוזמאַן ע"ה וועגן „יידישע קולטור־פּראָבלעמען אויפן אַמעריקאַנער קאָנטי־נענט", און י. רעלגיס (שפּאַניש) — „די אייביקע ווערטן פון יידנטום". דעם 6טן יוני האָבן גע־רעדט: משה שענדעריי וועגן „דער יידישער ישוב וואָס האָט געפורעמט די וועלט", און שלום ראָזענבערג (שפּאַניש) — „דער תנ"ך אין גאַנג פון דורות". דעם 13טן יוני — אַ קאָנצערט פון י. סטוטשעוויסקיס שאַפונגען, אונטער דער לייטונג פון יאַשאַ גאַלפערין. דעם 19טן יוני — אַ



דער אַריינגאַנג צו דער ביכער־אויסשטעלונג אין יאָר 1961.

מאַרק וואַרשאַווסקי־פרימאָרגן מיטן רעפעראַט „פון פריפעטשיק ביז ציון" פון ש. ראָזשאַנסקי, און געזאַנג פון רבקה קליניצקאַ, פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון לעאָן וויינער. דעם 22סטן מאַי איז אַרויסגעטראָטן דער באַרימטער ישראל־אַקטיאָר שמעון פינקעל (גאַסטראָלירט אין טעאַטער „סאָלעיל", געשפּילט יידיש), אד"ט: „התיאטרון העברי בישראל". דעם 25סטן יוני איז אַרויס־געטראָטן י. אַרטוסקי (געווען אין אַרגענטינע ווי דער שליח פון קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פונעם „בונד"), מיטן פאָרטראַג „דאָס פּראָבלעם פון מיזוג־גלויות אין ישראל". דעם 27סטן יוני האָט בערטאַ שענדעריי רעפערירט אין שפּאַניש וועגן „פּאַרגעסענע שטעט אין דער יידישער גע־שיכטע", און קלמן קאָנסטאַנטינער — „אַ שפּאַציר איבער תל־אביב". דעם 11טן יולי איז אַרויס־געטראָטן שמעון פינקעל מיט אַ יידיש־העברעישן רעציטאַל. דעם 24סטן יוני — רעפעראַט פון ד"ר א. ראָזענפעלד: „חכמת החיים ביי יידן".

דעם 18טן יולי — אַ קולטור־פרימאָרגן געווידמעט דעם העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, מיטן אָנטייל פון ד״ר ש. קרעבס און פראָפ׳ ד״ר משה ראַכמילעוויטש. דעם 22סטן יולי — רעפעראַט פון ד״ר א. ראָזענפעלד — „ישראל והמאורעות האחרונים במזרח הקרוב״. דעם 29סטן יולי — פאָרטראַג פון ד״ר רפאל מאהלער אד״ט: „די אידישע ירושה פון חסידות״. דעם 1טן אויגוסט — רעפעראַט פון נחה שיין: „באַגעגעניש צווישן מיזרח און מערב אין ישראל״, מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט פון לייבעלע כיניטש. דעם 8טן אויגוסט האָט בנימין געבינער, סעקרעטאַר פון ניו־יאָרקער אַרבעטער־רינג גערעדט וועגן: „דער וועג און אויסזיכטן אין דער יידישער געמיינדע פון אַמעריקע״. דעם 15טן אויגוסט איז פאָרגעקומען אַ רעציטאַל־אָוונט פון מאַלווינאַ ראַפעל, קאָנפעראַנסיע — זלמן הירשפעלד. דעם 17טן אויגוסט האָט חיים פינקעלשטיין געהאַלטן אַ רעפעראַט אד״ט: „דאָס יידישע לעבן אויף נייע וועגן״, און דער יוגנט־קאָנפערענציסט ד״ר בנימין פרידמאַן (שפּאַניש) — „דער פּאָליטישער מאָמענט אין די נביאות פון ישעיהו און ירמיהו״. דעם 28סטן אויגוסט איז אַרויסגעטראָטן ד״ר אַברהם יהושע העשל אד״ט: „דער קאָצקער רבי״.

צווישן דעם 3טן סעפּטעמבער און 2טן אָקטאָבער איז אָנגעגאַנגען דער „חודש פון יידישן בוך״. דעם 17טן אָקטאָבער — אַ רעפעראַט פון שימחה סנה: „איציק מאַנגערס שניידערישער תנ״ך״, מיט פאָרלעזונגען פון זלמן הירשפעלד. דעם 24סטן — אַ פאָרטראַג פון יצחק איסאַקסאָן — „דער תנ״ך און די העברעישע שפּראַך און זייער השפעה אויף די וועלט־לשונות״, מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט פון סימע קאַפּלאַן. דעם 31סטן אָקטאָבער טרעט אַרויס אַהרן האַלפערין מיטן פאָרטראַג. „פאָרנדיק איבער דער יידישער וועלט״, מיט אַ סצענישער אויפפירונג פון „אַרטעאַ״. דעם 21סטן נאָוועמבער — רעפעראַט פון גרשון סאַפּאָזשניקאָוו: „די פסיכישע פיזיאָנאָמיע פון דער יידישער פערזענלעכקייט״ מיט דאָראַ ווינדלער און יעקב דענקער אין געזאַנג־רעציטאַציעס. דעם 28סטן נאָוועמבער — רעפעראַט פון קלמן קאָנסטאַנטינער: „די אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פונעם ישראל־טעאַטער״, מיט רעציטאַציעס פון דויד זאַבלודאָווסקי. דעם 8טן דעצעמבער — געזאַנג־קאָנצערט פון דער ישראלדיקער קינסטלערין רות מימון. דעם 5טן דעצעמבער — רעפעראַט פון ש. ראָזשאַנסקי: „פינף גליקלעכע עפּאָכעס אין דער יידישער ליטעראַטור״, מיט געזאַנג פון רות מימון. דעם 9טן דעצעמבער טרעט אַרויס מרדכי סורקיס, אינטענדענט פון כפר־סבא, מיטן פאָרטראַג: „די פּאָליטישע און זיכערקייט־לאַגע אין ישראל״, מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט פון רות מימון.

דעם 14טן דעצעמבער — דער סיום פון קולטור־זמן 1958, מיטן אַרויסטריט פון אַברהם מיטלבערג, סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, אלימלך גוטקין, ראש־הקהל. אַ רעפעראַט פון ד״ר משה מערקין אד״ט: „די דראַמע באָריס פּאַסטערנאַק — אַלגעמיינע און מענטשלעכע אַספּעקטן״, און אַ געזאַנג־קאָנצערט פון קהילה־כאָר „הזמיר״, אונטער דער לייטונג פון בערנאַרד פּייער.

צו דעם קולטור־זמן פון 1958 האָט זיך די קהילה פאַרזאָרגט מיט אַ גרויסן גאַסט, דעם באַרימטן יידישן דיכטער יעקב גלאַטשטיין. עס איז אויסגעפאַלן דאָס שלום־עליכם־יאָר, וואָס האָט זיך זייער שטאַרק אָנגעזען אין יידישן אַרגענטינע. שוין דעם 19טן יאַנואַר האָט דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט זיך מקדים געווען מיט אַ לייוויק־אַקאַדעמיע. אברהם מיטלבערג האָט געהאַלטן דאָס אַריינפיר־וואָרט. יעקב באָטאָשאַנסקי איז אַרויסגעטראָטן מיטן רעפעראַט „די הויפּט־יסודות פון ה. לייוויקס שאַפן״; א. זאַק האָט פאַרגלייענט און רבקה קליניצקאַ, באַגלייט פון ל. ווינער, האָט געזונגען לייוויקס לידער.

דער קולטור־זמן האָט זיך דערעפנט מיט יעקב גלאַטשטיינס רעפעראַט „די ירושה פון שלום־עליכם״ (לכבוד דעם שלום־עליכם־יאָר) אין טעאַטער „אַסטראַל״, דעם 20סטן אַפּריל. נאָך דעם צווייטן רעפעראַט פון יעקב גלאַטשטיין, אד״ט: „מיטן פנים צום צוויטן יאָרצענדלינג פון מדינת־ישראל״ אין גרויסן טעאַטער־זאַל, האָט זיך אָנגעהויבן דער פּאַקטישער קולטור־זמן אין דער קהילה מיט גלאַטשטיינס דריטן רעפעראַט: „ווער איז אַ יידז?״. דעם 2טן מאַי און

דעם 8טן מאַי איז יעקב גלאַטשטיין אויפגעטראָטן מיט זיין לעצטן רעפעראַט: „די שליחות פון יידישן שרייבער היינט צו טאָג". דעם 15טן מאַי איז פאָרגעקומען אַ העברעישער פרימאָרגן, מיטן פאָרטראַג פון ד"ר א. ראָזענפעלד: „לקראת העשור השני של מדינת־ישראל", מיט דעקלאַמאַציעס פון ז. הירשפעלד. דעם 29סטן מאַי: ד"ר ב. איסאַיעוו (שפאַניש) וועגן „פסיכאָאַנאַליז פון שלום־עליכמס דראַמאַטישע ווערק", און יוסף רויזען — „אהבת־ישראל ביי שלום־עליכם", אַריינפיר־וואָרט פון פאַרוואַלטונג־מיטגליד א. א. וועג. דעם 5טן יוני — ש. ראָזשאַנסקי וועגן „שלום־עליכמס געלעכטער און טרערן אין יידישן לעבן", רעציטאַציעס — אסתרל פליישמאַן, אַריינפיר־וואָרט — פאַרוואַלטונג־מיטגליד מלך מאָרגנשטערן. דעם 11טן יוני — י. באָטאָשאַנסקיס פאָרטראַג: „דער מענטש וואָס האָט געלאַכט" (100 יאָר שלום־עליכם), מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון י. דענקער און ד. ווינדלער, און אַריינפיר פון פאַרוואַלטונג־מיטגליד מאַניע יונגערמאַן. דעם 19טן יוני — ד"ר ב. פרידמאַן (שפאַניש): „וועגן אַנטיסעמיטן און אַנטיסעמיטיזם אין אַלטערטום", און מ. טורקאָוו: „די יידישע וועלט־פּאָליטיק אויף נייע וועגן", אַריינפיר־וואָרט פון פאַרוואַלטונג־מיטגליד ג. זשעלאַזני. דעם 26סטן יוני טרעט אַרויס ד"ר טוביה קאַמענשיין מיטן פאָרטראַג: „ישראל אין קאַמף און אויפבוי" (איינדרוקן פון אַ לעצטן באַזוך), מיטן אַריינפיר־וואָרט פון פאַרוואַלטונג־מיטגליד משה גאָראָדיטש. דעם 3טן יולי — ד"ר ל. ליאַטשאָ (שפאַניש): „אַנאַלאָגיעס און אונטערשיידן צווישן גלות און ארץ־ישראל", און ד"ר ל. זשיטניצקי: „פרויען־טיפּן ביי שלום־עליכם", אַריינפיר־וואָרט — ז. הירשפעלד. דעם 8טן יולי — ד"ר ה. שאָשקעס אד"ט: „ישראל־פריינדשאַפט מיט די לענדער פון אַפריקע און אַזיע", אַריינפיר־וואָרט — אלימלך גוטקין.



בעת דער דערעפענונג פון חודש פון יידישן בוך אין יאָר 1961.

דעם 10טן יולי איז פאָרגעקומען אַ העברעישער פרימאָרגן. ד"ר אַברהם מיבשן ז"ל האָט

גערעדט וועגן „ביובלה של תל־אביב“, און חיים קריינער — „בעיות החינוך“. דעם 17טן יולי — חיים פינקלשטיין אד"ט: „מיטן פנים צום יידישן קינד“. דעם 24סטן האָבן גערעדט פינחס קאַרפּ וועגן „ביאַליק, דער נאַציאָנאַלער דיכטער“, און מרדכי הערבסט (שפּאַניש): „ביאַליק, דער דיכטער און מענטש“. דעם 26סטן יולי איז אַרויסגעטראָטן דער קהילה־כאָר „הזמיר“ אונטער דער לייטונג פון ב. פייער, מיט אַן אַריינפיר־וואָרט פון יעקב באָטאָשאַנסקי, געווידמעט הערצל־ביאַליק. דעם 31סטן יולי — אַ פּרץ־פרימאָרגן מיט אַ פּאָרטראַג פון גרשון סאַפּאָזשניקאָוו אד"ט: „דער משוגענער בטלן“, און רעציטאַציעס פון זלמן הירשפעלד. דעם 5טן אויגוסט האָט משה שענדעריי גערעדט וועגן „דער מצב און די פּערספּעקטיוון פון די יידישע ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע“. דעם 7טן אויגוסט — אינגזש. א. א. פישער אד"ט: „שלום־עליכם — דער נס פון דער ניסימדיקער יידיש־ליטעראַטור“, מיט רעציטאַציעס פון יוסף מאָורער. דעם 14טן



דערעפענונג פון חודש פון יידישן בוך אין יאָר 1961. ימימה טשערנאָוויץ האַלט אַ לעקציע וועגן דער ליטעראַטור אין ישראל.

אויגוסט — חיים קלמר אד"ט: „תורת הנפש בספרי המקרא“. דעם 21סטן אויגוסט האָבן גערעדט: י. ל. גרוזמאַן וועגן „פון מאָזעסוויל ביז ירושלים“, און אינזש. כאָסע איסאַקסאָן (שפּאַניש): „דער אומקער צו אונדזערע קוואַלן“. דעם 28סטן אויגוסט — אַ רעפעראַט פון ד"ר משה מערקין: „שלום־עליכם און די האַלב־פאַרגעסענע שלום אַש און זלמן שניאור“, מיט געזאַנגנומערן פון סאַראַ גאַרבי. דעם 4טן סעפּטעמבער — שימחה סנה אד"ט: „דאָס בוך פון יידישער גבורה“, מיטן קינסטלערישן טייל פון אסתר ראַפּעל. דעם 10טן סעפּטעמבער האָט גערעדט מאַרק טורקאָוו וועגן „אייראָפּע צווישן מילחמה און שלום“. דעם 11טן סעפּטעמבער — ד"ר בנימין פרידמאַן וועגן „מיסטיקער און געלערנטע אין יידישן רענעסאַנס“, און י. איסאַקסאָן — „יידישע חכמה, הומאָר בכלל, הומאָר פון שלום־עליכם“.

פון 30סטן סעפּטעמבער ביזן 2טן נאָוועמבער איז אָנגעגאַנגען דער „חודש פון יידישן בוך“.

דעם 13טן נאָוועמבער — אַ קאָנצערט פון מאָדערנער ייִדישער קאַמער־מוזיק, אויסגעפירט פון טריאָ קלאָצמאַן. דעם 20סטן — אַ העברעיִשער רעפעראַט פון משה שענדעריי אד״ט: „הכפר והעיר ביהדות ארגנטינה״, מיטן קינסטלערישן אויפטריט פון „מקהלת המכון ללמודי היהדות״. דעם 27סטן נאָוועמבער — אַ רעפעראַט פון א. מיטלבערג אד״ט: „טעאַטער אַלס קונסט־פּאַק־סאַר״, און „שלום־בית״ פון י. ל. פּרץ, „מנחם־מענדל און שיינע־שיינדל״ פון שלום־עליכם, אויפגעפירט פון דויד טשעכאָווסקי מיט פריידל לאַנדאַן, נפתלי לעוו און רבקה רינעק. דעם 6טן דעצעמבער איז פאָרגעקומען דער סיום פון קולטור־זמן מיט אַ רעפעראַט פון שמואל ראָזשאַנסקי: „דאָס ייִדישע בוענאָס־איירעס מיט 35 יאָר צוריק און היינט״, מיטן אויפטריט פון קהילה־כאָר „הזמיר״.

דער קולטור־זמן פון 1960 איז אויסגעפאַלן צום 100סטן געבורטסיאָר פון ד״ר הערצל, הגם דער גרויסער קולטור־גאַסט פון דער קהילה חיים גראַדע איז געקומען ערשט ביים „חודש פון ייִדישן בוך״, האָט דאָס מזל צוגעשפּילט מיט אַ שרייבערישן גאַסט ווי יהודה עלבערג (געקומען אַהער אין פאַרבינדונג מיטן קולטור־קאָנגרעס) און אַנדערע וואָס האָבן געוויילט ביי אונדז אין לאַנד און אַרויסגעטראָטן אויף דער קהילה־טריבונע. דער קולטור־זמן האָט זיך דערעפנט דעם 13טן מאַי מיטן אָנטייל פון ראש־הקהל אלימלך גוטקין, סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט אַברהם מיטלבערג, אַ הערצל־רעפעראַט פון משה שענדעריי און אַן אויפטריט פון „הזמיר״־כאָר אונטער דער לייטונג פון ב. פּייער. דעם 20סטן מאַי — ד״ר נ. לערנער (שפּאַניש) וועגן „150 יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע״, מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט פון ב. גראַבאָווסקי. דעם 3טן יוני — ב. דובדבני אד״ט: „וואָס דערוואַרט די וועלט פון ישראל?״. דעם 10טן און דעם 17טן יוני — רעפעראַטן פון חיים שאָשקעס: „וועגן ייִדן און ייִדישקייט אין ראַטנפאַרבאַנד״, און „מיט אַן אויטאָמאָביל איבער פּוילישע שטעטלעך״. דעם 21סטן יוני — קאָנצערט פון בען באָנוס און מינאַ בערן (גאַסטראָלירט אין בוענאָס־איירעס). דעם 24סטן יוני — ג. סאַפּאָזשניקאָוס רעפעראַט אד״ט: „י. ל. פּרץ — דער דיכטער פון דער ייִדישער פאָלקס־נשמה״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון ז. הירשפעלד.

דעם 1טן יולי — אַ העברעיִשער פּרימאָרגן מיט ד״ר הר־אבן וועגן „הרצל, מאה שנים להולדתו״, און מ. לביא: „החברה הלאומית מימי האמנציפציה״. דעם 18טן יולי — אַ רעפעראָט פון ס. נוטקעוויטש (שליח פון בונדישן קאָאָרדינירקאָמיטעט) וועגן „באַריס פּאַסטערנאַק — זיין לעבן, שאַפן און ירושה״. דעם 21סטן יולי — יעקב באָטאָשאַנסקי אד״ט: „ווין און ירושלים״ (הערצל, דער קינסטלער און וויזיאָנער), מיט געזאַנג פון „הזמיר״־כאָר אונטער דער לייטונג פון ב. פּייער. דעם 22סטן יולי (געווידמעט דער יוגנט) — ד״ר יצחק גאָלדענבערג (שפּאַניש) אד״ט: „דאָס אָרט פון הערצלען אין דער ייִדישער געשיכטע״, געזאַנג־קאָנצערט — נאָרמאַ לערער, מיט פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון יאַשאַ גאַלפּערין.

דעם 29סטן יולי און דעם 3טן און 5טן אויגוסט — דריי לעקציעס פון יהודה עלבערג אד״ט: „ייִדישע עטיק און קיום פון פאָלק״, „תורה שבעל־פה״, און „פּסיכאָלאָגיע און ייִדישע און קריסטלעכע עטיק״. דעם 10טן אויגוסט — הרב פרידמאַן מיטן רעפעראַט: „די נבואישע געשטאַלט אַמאָל און היינט״. דעם 11טן אויגוסט — ד״ר בר־ניר אד״ט: „דער צווייטער דור אין ישראל״. דעם 12טן אויגוסט — געזאַנג־קאָנצערט פון ייִדיש־אַמעריקאַנישן זינגער שמאי שטערנבערג. דעם 19טן אויגוסט — אַ פאָרטראַג פון הרב יעקב פינק: „ישראל בעל־שם־טוב״ (200 יאָר נאָך זיין פּטירה). דעם 9טן סעפּטעמבער, אין טעאַטער „בוענאָס־איירעס״ — רעפעראַט פון משה רון: „ישראל היינט צו טאָג״, מיט אַן אַריינפיר־וואָרט פון יעקב באָטאָשאַנסקי אד״ט: „די פּילשפּראַכיקע פּרעסע אין ישראל״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון זלמן הירשפעלד.

פון דעם 15טן סעפּטעמבער ביזן 17טן אָקטאָבער — דער „חודש פון ייִדישן בוך״. דעם 21סטן אָקטאָבער — פאָרטראַג פון ד״ר משה ווילער אד״ט: „דער אמת וועגן ייִדן אין אַפריקע״. דעם 11טן נאָוועמבער — קאָנצערט פון ייִדישער קאַמער־מוזיק אונטער דער לייטונג פון פּראָפ׳ ל. קלאָצמאַן. דעם 18טן נאָוועמבער — יצחק איסאַקסאָן אד״ט: „הלשון העברית והשפעתה על

לשונות העמים״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון זלמן הירשפעלד. דעם 24סטן נאָוועמבער — דער סיום פון קולטור־זמן, געווידמעט דעם יידישן פאָלקס־ליד, מיטן רעפעראַט: „אונדזער פאָלקס־ליד״ פון ד״ר ל. זשיטניצקי און קינסטלערישן אָנטייל פון „הזמיר״־כאָר אונטער דער לייטונג פון ב. פייער. דעם 15טן דעצעמבער — אַ חנוכה־אָוונט מיט אַ פאָרטראַג פון מ. שענדעריי, מיטן אָנטייל פון אהרן גוטמאַן און געזאַנג־קאָנצערט פון „הזמיר״־כאָר.

דער קולטור־זמן פון 1961 האָט זיך אָנגעהויבן מיטן קולטור־גאַסט ד״ר שלמה ביקל, אַ ליטעראַטור־קריטיקער און עסייִסט.

דעם 2טן מאַרץ האָט דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט דורכגעפירט אַ פורים־פייערונג אין קהילה־זאַל, אָנגעפירט פון מאַניע יונגערמאַן, מיט אַ פאָרטראַג פון משה שענדעריי. זלמן הירשפעלד איז אַרויסגעטראָטן מיט מגילה־פאָרלעזונגען און רעציטאַציעס, און עס האָבן אָנטייל גענומען דער חזן אַברהם ראָזענמאַכער.



דער באַרימטער זינגער סידאָר בעלאַרסקי אויף דער דערעפענונג פון חודש פון יידישן בוך אין יאָר 1961.

דעם 15טן מאַרץ איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעפעראַט ד״ר טוביה קאַמענשיין אד״ט: „יידן און יידישע פּראָבלעמען אויף דער וועלט״. דעם 23סטן מאַרץ איז אָנגעקומען דער קולטור־גאַסט ד״ר שלמה ביקל.

מאָנטיק דעם 27סטן מאַרץ איז אין טעאַטער „אַסטראַל״ דערעפנט געוואָרן דער קולטור־זמן פון 1961 אונטער דער פּאַרזיץ פון סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט משה האַניק, באַגריסונג־וואָרט פון ראש־הקהל ד״ר טוביה קאַמענשיין, אַ געזאַנג־קאָנצערט פון „הזמיר״־כאָר אונטער דער אָנפירונג פון בערנאַרד פייער. ד״ר שלמה ביקל איז אַרויסגעטראָטן מיט זיין ערשטן רעפעראַט: „דער מלך, דער פילאָסאָף, דער קינסטלער״ (דער ריזשינער, דער קאָצקער, דער בראַסלאַווער). דעם 28סטן מאַרץ איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ פאָרטראַג דער רעזשיסאָר יוסף

שיין אין קהילה־זאַל. מאָנטיק דעם 3טן אַפּריל איז דער קולטור־גאַסט ד״ר שלמה ביקל אַרויס־געטראָגן אין קהילה־זאַל מיט אַ פּאָרטראַג אד״ט: „ארץ־ישראל, חוץ־לארץ און גלות״. אָנגעפירט מיטן אָוונט האָט דער מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט אברהם מיטלבערג. זונטיק דעם 9טן אַפּריל איז ד״ר שלמה ביקל אַרויסגעטראָטן אין קהילה־זאַל מיט זיין דריטן רעפעראַט: „נקמה, ליבע, פחד״ (ייִדישע געשטאַלטן אין דער וועלט־ליטעראַטור). דעם 10טן מאַי געזעגנט זיך דער קולטור־גאַסט ד״ר שלמה ביקל.

דעם 29סטן מאַי האָט זיך אָנגעהויבן דער תנ״ך־שיעור פון יוסף רויזען אַלע דינסטיק און דאָנערשטיק אין קהילה־בנין. דאָנערשטיק דעם 18טן יוני האָבן זיך דערעפנט די קורסן פון ייִדישער געשיכטע אויף שפּאַניש פאַר דער יוגנט, וואָס דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט צוזאַמען מיטן יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָבן אָרגאַניזירט. אויסגעשטעלט אויף צוויי יאָר, מיט דער ערש־טער לעקציע פון ד״ר ל. דוכאָוונע: „אַריינפיר אין דער ייִדישער געשיכטע״, מיט אַריינפיר־ווערטער פון ראש־הקהל ד״ר טוביה קאַמענשיין און פונעם דירעקטאָר פון יוגנט־דעפּאַרטאַמענט פּראָפ׳ ל. שאַלמאַן.

דינסטיק, דעם 6טן יוני האָט דער סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט משה האָניק, פאַר־רופן אויף אַ באַראַטונג די קולטור־טוער פון די געגנטן אין שייכות מיט די זונטיק־קורסן און זייער בעסערער און צוועקמעסיקער אָרגאַניזירונג.

דעם 28סטן מאַי הויבן זיך אָן די זונטיק־קורסן אין דער קהילה, מיטן פּאָרטראַג פון משה שענדעריי: „די קולטור־אַקס ניו־יאָרק—ירושלים״. אין די געגנטן טרעטן אַרויס: י. באָטאָשאַנסקי אד״ט: „די גמרא זאָגט״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון קליניצקאַ־ווײַנער; שמואל ראָזשאַנסקי אד״ט: „די העלדישע פרוי ביי דויד פּינסקי״, מיט דער קינסטלערישער מיטווירקונג פון ל. טיערער; מרדכי בערנשטיין מיטן פּאָרטראַג: „אליהו הנביאס געשטאַלט אין ייִדישן פאָלקס־לעבן״, מיט געזאַנג־נומערן פון חיים לעווין; דויד אייזן אד״ט: „ייִדישע דערציִונג אַלס יסוד פון קיום האומה״, מיט רעציטאַציעס פון דויד זאַבלודאָווסקי.

דעם 4טן יוני — די פייערלעכע דערעפענונג פון די תנ״ך־לעקציעס און „שיר של יום בישראל״ מיט אַ פּאָרטראַג פון הרב פינק, אַריינפיר צום תנ״ך פון יוסף רויזען, אָנפירונג פון קולטור־פּרימאָרגן — ישראל גרינבוים, פאַרוואַלטונג־מיטגליד. אין די געגנטן — דב קאָברינס־קי אד״ט: „עלטערן און קינדער״, מיטן קינסטלערישן אויפטריט פון יוסף מאָורער; צבי בראָנ־שטיין וועגן „חינוך ביי ייִדן אַמאָל און היינט״, מיט אַ קינסטלערישער פּראָגראַם — דענקער־ווינדלער; מרדכי בערנשטיין וועגן „אליהו הנביאס געשטאַלט״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון זלמן הירשפעלד; מרדכי הערבסט אד״ט: „פון פסח ביז שבועות״, מיט געזאַנג פון מאַקס פּור־מאַנסקי.

דעם 11טן יוני דער פּאָרטראַג פון יוסף שיין „טעאַטער אין ישראל״; אין די געגנטן: ד״ר ל. זשיטניצקי וועגן „ייִדישער ווידערשטאַנד אין דורות פון דער געשיכטע״; יעקב באָטאָשאַנסקי אד״ט: „די גמרא זאָגט״ (אַ פּאָפּולערע דערקלערונג וועגן תלמוד); מרדכי בערנשטיין — „דער טויזנט־יאָריקער פאַרמעסט צווישן ספרד און אַשכנז״; רעציטאַציעס: אסתרל פליישמאַן.

זונטיק דעם 18טן יוני טרעט אַרויס אין קהילה־זאַל יעקב זרובבל וועגן „ישראל — מדינה און פאָלק״ און אין די געגנטן: משה שענדעריי וועגן „אונדזער אָרט אין אַלוועלטלעכן ייִדנטום״, געזאַנג חיים לעווין; שלום ראָזענבערג אד״ט: „זוכנדיק די עשרת השבטים״ (פון שומרון און יהודה ביז די ייִדישע אינדיאַנער), מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון דענקער־ווינדלער; פאַליק לערנער אד״ט: „פּנים אל פּנים מיט ישראל״, מיט דער קינסטלערישער מיטווירקונג פון זשעני פּאַסטערנאַק.

זונטיק דעם 25סטן יוני איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעפעראַט פּראָפ׳ ארטור לערמער אד״ט „פּעסימיזם און אָפּטימיזם אין ייִדישן לעבן״, מיט אַ דערעפענונגס־וואָרט פון מיטגליד פון קול־טור־דעפּאַרטאַמענט חנא גאַרבער; אין די געגנטן: יעקב באָטאָשאַנסקי — „די גמרא זאָגט״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון קליניצקאַ־ווײַנער; מרדכי הערבסט — „די תורה און לימוד־התורה״,

מיטן אָנטייל פון דענקער־ווינדלער; פינחס קאַרפּ — „וווהין גייט דער יידישער ישוב אין אַר־גענטינע?״, מיט געזאַנג פון חיים לעווין; דויד אייזען — „חינוך ביי יידן אַמאָל און היינט״; שלום ראָזענבערג — „זוכנדיק די עשרת השבטים״, מיט דעם קינסטלערישן אָנטייל פון די ברידער האַלפּערין; שמואל ראָזשאַנסקי — „די העלדישע פּרווי ביי דויד פּינסקי״, מיטן קינסט־לערישן אָנטייל פון זלמן הירשפעלד ־ אסתר ראַפּעל.

זונטיק דעם 2טן יולי איז אויפגעטראָטן אין קהילה־זאַל יצחק יאַנאַסאָוויטש מיטן פּאָר־טראָג „חורבן און גאולה־מאָטיוון ביי פּרצן״, מיט אַן אַריינפיר־וואָרט פון חנא גאַרבער — מיט־גליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט; אין די געגנטן: זלמן וואַסערצוג — „מדינת ישראל אין איר בר־מיצווה־יאָר״, מיט געזאַנג פון זשעני פאַסטערנאַק; משה שענדעריי — „פיר מתנות דער וועלט״, מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון דענקער־ווינדלער; אריה סאַפּראַן — “Viñetas, de Israel” מיט געזאַנג פון חיים לעווין.



אַמב׳ יוסף אַבידר האַלט אַ פּאָרטראָג אויף אַן אימפּרעזע אין די ראַמען פון חודש פון יידישן בוך.

זונטיק דעם 9טן יולי אין קהילה־זאַל: יעקב באָטאָשאַנסקי מיט אַ פּאָרטראָג „הערצל־ביאַ־ליק״, מיט דער קינסטלערישער מיטווירקונג פון אסתר ראַפּעל; און אין די געגנטן: משה שענ־דעריי מיטן פּאָרטראָג „משיחים און משיחיזם״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון יוסף מאַורער.

זונטיק דעם 15טן יולי אין קהילה־זאַל: אַ וואָרט־קאָנצערט פון נתן קלינגער; אין די געגנטן: י. איסאַקסאָן וועגן „הערצל דער חוזה פון ווין״, מיטן אָנטייל פון די ברידער האַלפּערין; ש. וואַסערמאַן וועגן „ביאַליק דעם וווּלקאַן פון דער העברעיִשער פּאָעזיע״, מיט רעציטאַציעס פון אסתרל פליישמאַן; פינחס קאַרפּ אד״ט: „ביאַליק אין ליכט פון דער היינטיקער צייט״, מיטן אַנ־טייל פון קליניצקאַ־ווײַנער; יעקב באָטאָשאַנסקי וועגן „הערצל־ביאַליק״, מיט דער קינסטלע־

רישער מיטווירקונג פון זשעני פאַסטערנאַק; ש. ראָזענבערג אד״ט: „זוכנדיק די עשרת השבטים״, מיטן אויפטריט פון מ. בערלינער.

זונטיק דעם 23סטן יולי: יוסף רויזען וועגן „תשעה באָב — חורבן און גאולה״, מיט דער מיטווירקונג פון זלמן הירשפעלד און אַריינפיר־וואָרט פון ישראל גרינבוים.

זונטיק דעם 30סטן יולי: אין קהילה־זאַל שמואל ראָזשאַנסקי אד״ט „די העלדישע פּרוי ביי דויד פינסקי״, מיט דער אָנפירונג פון חנא גאַרבער; אין די געגנטן: חיים פינקלשטיין וועגן „וויזיאָנערן פון נאַציאָנאַלן און גייסטיקן רענעסאַנס״ (הערצל־ביאַליק), מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון יוסף מאַורער; פאַליק לערנער אד״ט „פנים אל פנים מיט ישראל״, מיט געזאַנג פון חיים לעווין; יוסף בורשטיין וועגן „נביאים און געשטאַלטן״, מיט געזאַנג פון יצחק יאַקובאָוויטש.



פאַרקויף פון יידישע דיסקאָס (פּלאַטן) אויף דער אויסשטעלונג פון יידישן בוך.

זונטיק דעם 6טן אויגוסט אין קהילה־זאַל: דער פאָרטראָג פון אברהם פעסקין אד״ט „די טעזע פון בן־גוריון וועגן יציאת־מצרים״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון „נאַציאָנאַלן פאָלקס־טעאַטער״ מיט דער אָנפירונג פון ישראל קאַרפּעס, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט; אין די געגנטן: יוסף רויזען אד״ט „דער עטישער אימפּעראַטיוו פון תלמוד״, מיטן קינסטלערישן אָנ־טייל פון יוסף מאַורער; זלמן וואַסערצוג וועגן „מדינת ישראל אין איר בר־מיצווה־יאָר״, מיטן קינסטלערישן אויפטריט פון דענקער־ווינדלער; מ. בערנשטיין וועגן „אליהו הנביא־געשטאַלט אין יידישן פאָלקסלעבן״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון קליניצקאַ־ווײַנער; יעקב באָטאָשאַנסקי אד״ט „די גמרא זאָגט״, מיטן אויפטריט פון מ. בערלינער.

זונטיק דעם 13טן אויגוסט אין קהילה־זאַל: אַ פאָרטראָג פון מרדכי בערנשטיין אד״ט „יידיש — די גייסטיקע בריק פון אַ טויזנט־יאָריקער תקופה״, מיטן אויפטריט פון קליניצקאַ־

ווײַנער און אָנפירונג פון חנא גאַרבער; אין די געגנטן: י. באָטאָשאַנסקי אד״ט „די גמרא זאָגט״, מיטן אויפטריט פון „הזמיר״־כאָר; פינחס קאַרפּ אד״ט „וווהין גייט אונדזער ישוב״, מיטן אָנטייל פון אסתרל פליישמאַן.

זונטיק דעם 20סטן אויגוסט אין קהילה־זאַל: י. איסאַקסאָן וועגן „יהדות — קולטור און אַרו־מיקע וועלט״, מיטן קינסטלערישן אויפטריט פון יוסף מאַורער און אָנפירונג פון ישראל גרינ־בוים; אין די געגנטן: אויפטריט פון „הזמיר״־כאָר; יוסף בורשטיין אד״ט „נביאים און געשטאַלטן״, מיטן אויפטריט פון זלמן הירשפעלד; י. באָטאָשאַנסקי „די גמרא זאָגט״, מיטן אויפטריט פון ד. זאַבלודאָווסקי.



חודש פון יידישן בוך, יאָר 1961. יוגנטלעכע קויפן ביכער און ספרים.

צווישן דעם 5טן סעפטעמבער און 8טן אָקטאָבער איז צושטאַנד געקומען דער ביכער־חודש מיטן קולטור־פּראָגראַם אין קהילה־זאַל, אָבער דער קולטור־זמן און די זונטיק־קורסן אין די געגנטן זיינען אָנגעגאַנגען.

זונטיק דעם 3טן סעפטעמבער זיינען אין די געגנטן אַרויסגעטראָטן: אברהם פעסקין „וועגן ציוניזם אויפן שיידוועג״; שמואל ראָזשאַנסקי וועגן „קאָלאָניסטן אין דער יידישער ליטעראַטור״, מיטן אויפטריט פון מאַקס בערלינער; יעקב באָטאָשאַנסקי — „די גמרא זאָגט״, פאָרזעצונג פון ערשטן רעפעראַט, מיטן אויפטריט פון זשעני פאסטערנאַק; שניאור וואַסערמאַן וועגן „ביאַליק און זיינע שאַפונגען״, מיט געזאַנג פון חיים לעווין; אברהם פלאָטקין אד״ט „דער בייטראָג פון יידנטום צו דער קאָלאָניזאַציע״.

זונטיק דעם 17טן סעפטעמבער, משה שענדעריי וועגן „ערנסטע און פריידיקע טעג״, מיטן

אַנטייל פון זשעני פאַסטערנאַק; י. באָטאָשאַנסקי „די גמרא זאָגט״ (פאַרזעצונג), מיטן אויפטריט פון יוסף מאַורער.

זונטיק דעם 15טן אָקטאָבער, נאָכן סיום פון ביכער־חודש, גייט אָן דער קולטור־זמן אין קהילה־זאַל מיטן אויפטריט פון בצלאל שערמאַן אין זיין רעפעראַט „אַלט און ניי אין יידישן לעבן״, מיט דער אָנפירונג פון חנא גאַרבער; אין די געגנטן: שלום ראָזענבערג אד״ט „זוכנדיק די עשרת השבטים״, מיטן אויפטריט פון אסתר פליישמאַן; משה שענדעריי וועגן „אונדזער אָרט אין אַלוועלטלעכן יידנטום״.

זונטיק דעם 22סטן אָקטאָבער טרעט אַרויס בצלאל שערמאַן וועגן „מדינת־ישראל אין דער היינטיקער ווירקלעכקייט״, מיטן קינסטלערישן אויפטריט פון „נאַציאָנאַלן יידישן פאָלקס־טעאַטער״ און אָנפירונג פון ישראל קאַרפעס, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט; אין די געגנטן:



בצלאל שערמאַן האַלט אַ לעקציע אויפן שלוס פון חודש פון יידישן בוך אין יאָר 1961.

שלום ראָזענבערג אד״ט „דער תנ״ך — אַ בוך, אַ זייגער און אַ מאַפּע״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון זלמן הירשפעלד; משה שענדעריי וועגן „אונדזער אָרט אין אַלוועלטלעכן יידנטום״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון זשעני פאַסטערנאַק; יעקב באָטאָשאַנסקי אד״ט „די גמרא זאָגט״, מיטן אָנטייל פון דענקער־ווינדלער; יצחק איסאַקסאָן וועגן „הומאָר בכלל, הומאָר ביי יידן און דער הומאָר ביי שלום־עליכם״, מיטן אָנטייל פון יוסף מאַורער.

זונטיק דעם 29סטן אָקטאָבער איז אין קהילה־זאַל אַרויסגעטראָטן יצחק רימון וועגן „קיבוץ גלויות און מיזוג גלויות אין מדינת־ישראל״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון זלמן הירשפעלד און אָנפירונג פון פראָ־קאַסיר דויד קולאַקאָווסקי; אין די געגנטן: חיים פינקלשטיין וועגן „פּראָבלעמען פון דער היינטצייטיקער ליטעראַטור״, מיטן אויפטריט פון דענקער־ווינדלער; משה

שענדעריי וועגן „אונדזער אָרט אין אַלוועלטלעכן ייִדנטום", מיטן אויפטריט פון קליניצקאַ־ווייַ־נער; און אַ געזאַנג־אויפטריט פון קהילה־כאָר „הזמיר".

מאָנטיק דעם 30סטן אָקטאָבער טרעט אַרויס בצלאל שערמאַן אין קהילה מיט אַ פּאָרטראַג וועגן „ייִדן און קאָמוניזם". מיט דער אָנפירונג פון קאַסיר אשר גראָקאָפּ. און עס קומט פאָר זיין לעקציע־ציקל: דינסטיק דעם 31סטן אד"ט „דער אינעווייניקסטער שמעלצטאָפּ פון דעם אַמעריקאַנישן ייִדישן קיבוץ"; דאָנערשטיק דעם 2טן נאָוועמבער — „דאָס גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע פּנים פון דעם אַמעריקאַנער ייִדנטום"; שבת דעם 4טן נאָוועמבער — „דער ייִד און זיין שכן".



חנוכה־פייערונג פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה אין זאַל „אָפּעראַ", יאָר 1961. בערנאַרד פייער דיריגירט מיטן כאָר און אָרקעסטער.

זונטיק דעם 5טן נאָוועמבער אין טעאַטער „נאַסיאָנאַל" אַ פייערונג פון 75־יאָריקן יובילײַ פון מנהיג הדור דויד בן־גוריון מיט דער באַטייליקונג פון בצלאל שערמאַן, קינסטלערישן אָנטייל פון קוואַרטעט „כינור" אונטער דער אָנפירונג פון יאַשאַ גאַלפּערין, מיט דער אויפפירונג פון ש. איזבאַנס איינאַקטער „קאָנקורענטן", דורך דעם „נאַציאָנאַל־ייִדישן פאָלקס־טעאַטער", און אָנפירונג פון ראש־הקהל ד"ר טוביה קאַמענשיין; און אין די געזאַנגען: יוסף רויזען אד"ט „די וויזיע פון אונדזערע נביאים"; און משה שענדעריי וועגן „רונד־קרייזן אין דער ייִדישער געשיכטע".

זונטיק דעם 12טן נאָוועמבער אין קהילה־זאַל: אַ קאָנצערט פון ייִדישער קאַמער־מוזיק, אונטער דער לייטונג און אַריינפיר־וואָרט פון לייזער קלאַצמאַן. אין די געזאַנגען: משה שענדעריי וועגן „פיר מתנות דער וועלט".

דאָנערשטיק דעם 23סטן נאָוועמבער איז אַרויסגעטראָטן אין קהילה־זאַל הערש מענדל שטאָקפּיש אד"ט „מדינת־ישראל אין אָנבליק פון וועלט־קריזיס", מיט רעציטאַציעס פון אסתרל פליישמאַן, אונטער דער אָנפירונג פון פאַרוואַלטונגס־מיטגליד שלמה ציטרין.

דעם 30סטן נאָוועמבער האָט יצחק רימון געהאַלטן אַ פאָרטראַג: „דער אייכמאַן־פּראָצעס אין די אויגן פון אַ ישראל־קאָרעספּאָנדענט", מיט דער קינסטלערישער מיטווירקונג פון ב. גראַבאָווסקי - לערער, און אָנפירונג פון משה האַניק — סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

זונטיק דעם 2טן דעצעמבער — אַ גרויסע חנוכה־פייערונג אין טעאַטער „אָפּעראַ", מיט דערעפענונג־וואָרט פון ראש־הקהל ד"ר טוביה קאַמענשיין; פאָרטראָג פון ישראל־אַמבאַסאַדאָר גענ' יוסף אבידר; אויפטריט פון „הזמיר"־כאָר און אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פון בערנאַרד פייער; עליזה קאשי מיט חנוכה־לידער, אָנפירונג מיט דער פייערונג מאניע יונגערמאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

צום שלוס פון קולטור־זמן איז דער „הזמיר"־כאָר אַרויסגעטראָטן מיט אַ קאָנצערט אין „בני־ברית"; אויף אַ מסיבה לכבוד דעם קהילה־כאָר צום אָפּשלוס פון זיינע דריי יאָר טעטיקייט איז אַרויסגעטראָטן מיטן אַן אָפּשאַצונגס־וואָרט דער סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, משה האַניק.

די ערשטע סימנים פון קולטור־זמן 1962 האָבן זיך באַוויזן שוין דעם 28סטן פעברואַר, ווען דער קהילה־כאָר „הזמיר" האָט אָנגעהויבן די פּראָבן און צוגרייטונגען. אין דער צווייטער העלפט פון חודש מאַרץ, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן נאָטיצן און אַרטיקלען אין די היגע ייִדישע אויסגאַבן, ווי די באַגינען־קלעפּ פון הילצערנעם האַמער אין די לאָדנס פון אַמאָליקן שטעטל: — צייט אויפצושטיין צו עבודת הבורא.

דעם 8טן אַפּריל איז אין „טעאַטער בוענאָס איירעס" פייערלעך דערעפנט געוואָרן דער קולטור־זמן מיטן היימישן גאַסט יצחק הרכבי (איצט ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין אורוגוויי), וואָס איז אַרויסגעטראָטן מיטן פאָרטראַג: „ארץ־ישראל און גלות — צווישן סטאַגנאַציע און באַניי־טער יצירה"; סאַראַ גאַרבי מיט אַ געקליבענעם פּראָגראַם פון ייִדישע און העברעיִשע לידער; דער „הזמיר"־כאָר אונטער דער לייטונג פון בערנאַרד פייער מיט אַ נייעם רעפּערטואַר, מיט פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון רחל פייער און קאָמענטאַרן פון פּר' ראָק. אָנגעפירט מיטן אָוונט, האָט דער סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט משה האַניק און דער ראש־הקהל, ד"ר טוביה קאַ־מענשיין האָט געהאַלטן דאָס אַריינפיר־וואָרט. עס איז געקומען אַ טויזנט־קעפּיקער עולם.

דעם 10טן אַפּריל האָט דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט פאַרופן אַ פאַרזאַמלונג פון געגנט־עסקנים וועגן דער בעסערער אָרגאַניזאַציע פון די זונטיק־קורסן; דעם 23סטן איז די דאָזיקע באַראַטונג פאַרגעזעצט געוואָרן. עס זענען אָנגענומען געוואָרן אַ גאַנצע רייע פּראַקטישע ענ־דערונגען און עס איז דורכגעפירט געוואָרן אין די זעלבע טעג אַ באַראַטונג פון לעקטאָרן אין דער היים פון סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, משה האַניק.

מיטוואָך, דעם 2טן מאַי, זענען באַנייט געוואָרן די קורסן פון ייִדישער געשיכטע (אויף שפּאַניש) פאַר דער יוגנט, אָרגאַניזירט צוזאַמען מיטן יוגנט־דעפּאַרטאַמענט. די דערעפענונגס־לעקציע מיט אַן אַריינפיר צום שטודיום פון דער ייִדישער געשיכטע פון מיטלאַלטער האָט געהאַלטן דער קולטור־אַטאַשע פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע, אריה שובל. די לעקציעס מיט פאַרשידענע לעקטאָרן זענען געפירט געוואָרן אַלע מיטוואָך.

זונטיק, דעם 15טן אַפּריל איז אַרויסגעטראָטן אין קהילה־זאַל דער באַקאַנטער ישראל־דיכטער אריה שמרי — גאַסט פון דער אַרגענטינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — מיט אַ פאָרטראַג, אד"ט „ניגון און געשטאַלטן פון איציק מאַנגערס פּאָעזיע"; דער נאַציאָנאַלער ייִדי־שער קונסט־טעאַטער האָט אויפגעפירט „נחת פון קינדער" פון י. ל. פּרץ, מיטן אָנטייל פון נפתלי לעוו, פריידל לאַנדאַן, פייגעלע ליבערמאַן און א. שערעשעווסקי. אָנגעפירט מיט דער קולטור־אימפּרעזע האָט אלימלך גוטקין, פּרעזידענט פון דער אַרגענטינער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע.

די זונטיק־קורסן אין די געגנטן פון קולטור־זמן 1962, האָבן זיך אָנגעהויבן זונטיק דעם 15טן אַפּריל. שמואל ראָזשאַנסקי איז אַרויסגעטראָטן אין בית־עם און שול ח. נ. ביאַליק פון דעוואָטאָ, אד״ט „די ערשטע גרויסע ייִדישע קאָמעדיע מיט 100 יאָר צוריק״ (סערקעלע פון שלמה עטינגער, אין 1862), מיטן קינסטלערישן אויפטריט פון קליניצקא־ווײַנער.

זונטיק, דעם 22סטן אַפּריל — אַ פרימאָרגן מיט אַ פסח־פּראָגראַם, אַ פּאָרטראַג פון יעקב באָטאָשאַנסקי, דער „הזמיר״־כאָר, אונטער דער לייטונג פון בערנאַרד פּייער און דער קינדער־כאָר פון שול „מדינת־ישראל״ אונטער דער אָנפירונג פון רחל פּייער, מיט פסח־לידער. פּאָרזיץ פון דער אימפּרעזע — מאַניע יונגערמאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.



ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין אורוגווײַ, יצחק הרכבי, האַלט אַ לעקציע ביי דער דערעפענונג פון קולטור־זמן אין יאָר 1962.

זונטיק דעם 6טן מאַי, אין קהילה־זאַל, אַ „בוקר עברי״, אָרגאַניזירט פון קולטור־דעפּאַר־טאַמענט, צוזאַמען מיט דער „הסתדרות עברית בארגנטינה״ מיט אַ פּאָרטראַג פון אריה שמרי אד״ט „ארץ ישראל אין שפּיגל פון דער העברעיִשער ליטעראַטור״, מיט אַ וואָרט פון דעם ראש־הקהל, ד״ר טוביה קאַמענשיין; קינסטלערישער אויפטריט פון ברוך גראַבאָווסקי; אָנפירונג פון פרימאָרגן — צבי בראָנשטיין, פּאָרזיצער פון הסתדרות עברית.

זונטיק דעם 6טן מאַי, 18.30 אַזייגער איז אַרויסגעטראָטן אין בית־עם „מדינת ישראל״ (פלאָרעסטאַ) אריה שמרי אד״ט „דער פּלמחישער דור אין ליד און פּראָזע״, מיט אַ קינסטלע־רישן אויפטריט פון קליניצקא־ווײַנער און ווערטער פון סעקרעטאַר און מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט משה האָניק און אברהם מיטלבערג; אין דער הרצליה־שול (פּאַטערנאַל) איז 18 אַז. אַרויסגעטראָטן יוסף רויזען אד״ט „עקיבא און די העלדן־עפּאָפּיי פון ל״ג בעומר״, מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון נאַציאָנאַלן ייִדישן קונסט־טעאַטער אין „נחת פון קינדער״ און

אָנפירונג פון חנאַ גאַרבער, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט. אין רינגעלבלום־צענטער (וויזשאַ קרעספּאָ) איז 10 אַז. אַרויסגעטראָטן שלום ראָזנבערג אד״ט „באַפרייונגס־מלחמה אין דער ייִדישער געשיכטע״, מיטן קינסטלערישן אויפטריט פון אסתר פליישמאַן און אָנפירונג פון שלמה ציטרין, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

דאָנערשטיק דעם 10טן מאַי זענען דערעפנט געוואָרן די תנ״ך־קורסן פון יוסף רויזען, וואָס וועלן אָנגעפירט יעדן דינסטיק און דאָנערשטיק; פּאָרזיצער פונעם אָוונט — חנא גאַרבער, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

זונטיק דעם 20סטן מאַי, אין קהילה־זאַל, מאַרק טורקאָוו אד״ט „פּראָבלעמען פון ייִדישן לעבן אין לאַטיין־אַמעריקע״; געזאַנגס־קאָנצערט פון נאָרמאַ לערער; אָנפירונג מיטן פּרימאָרגן — משה האָניק.

אין „רינגלבלום־צענטער״, וויזשאַ קרעספּאָ: יעקב באָטאָשאַנסקי וועגן „100 יאָר מאָריס ראָזנפעלד״; קינסטלערישער אַרויסטריט — יוסף מאָורער; „שפּרינצאַק־שול״, פּאַרקע טשאָ־קאָבוקאָ: שלום ראָזנבערג וועגן „באַפרייונגס־מלחמות אין דער ייִדישער געשיכטע״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון זלמן הירשפעלד; „תל־אביב־שול״, בולאָן: מרדכי הערבסט וועגן „יום העצמאות״, מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון די ברידער האַלפּערן; בית־עם און שול ח. נ. ביאַליק, דעוואָטאָ: דערעפענונג פון די חינוך־קורסן, פּנחס ערליך — „דער מהות פון תנ״ך״ און שמואל גאַניאַנסקי וועגן „אמונה און וועלט־באַשאַף״; בית־עם און שול „מדינת־ישראל״ פלאָרעסטאַ, מוצאי שבת, דעם 19טן 19.30 אַז.: יעקב באָטאָשאַנסקי וועגן „יום העצ־מאות״, און קינסטלערישער אויפטריט פון דענקער־ווינדלער.

דינסטיק, דעם 22סטן מאַי, אין קהילה־זאַל: אַ ל״ג־בעומר אָוונט מיט אַ פּאָרטראַג פון ד״ר מכאל גורן, אד״ט „אין די פוסטריט פון דער ייִדישער געשיכטע״, אַ קינסטלערישער אויפטריט פון דאָראַ ווינדלער; אָנפירונג: מאַניע יונגערמאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

זונטיק דעם 27סטן מאַי: שמואל ראָזשאַנסקי, אד״ט „100 יאָר ייִדישע צייטונגען, פון רוסלאַנד צו דער וועלט״, קינסטלערישער אָנטייל פון קליניצקאַ־ווײַנער, אָנפירונג פון פּרי־מאָרגן — ישראל גרינבוים, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

זונטיק, דעם 28סטן מאַי: בית־עם און ביאַליק־שול דעוואָטאָ: משה שענדעריי „ייִדישקייט ווי אַ לעבנסוועג״, קינסטלערישער אויפטריט — אסתרל פליישמאַן; תל־אביב שול נומ׳ 5, וויזשאַ לינטש, 18 אַז.: יוסף רויזען וועגן „ר׳ עקיבא און די העלדן־עפּאָכע פון ל״ג־בעומר״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון זשעני פּאַסטערנאַק; חיים ווייצמאַן שול, ווי לוגאַנאָ: ש. וואַ־סערמאַן וועגן „יום העצמאות״, מיט געזאַנג־נומערן פון חיים לעווין; מוצאי שבת, אין „משה רובין״־שול, קאָנסטיטוסיאָן: פּנחס קאַרפּ וועגן „יום העצמאות״, קינסטלערישער אויפטריט פון מאַקס פורמאַנסקי.

זונטיק, דעם 3טן יוני: גרשון סאַפּאַזשניקאָוו וועגן „ווערק פון באַשעוויס אין שיין פון פּסיכאָאַנאַליז״, מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון יוסף מאָורער; אָנפירונג פון פּרימאָרגן — חנאַ גאַרבער, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטעמנט.

זונטיק, דעם 3טן יוני, אין „רינגלבלום־וואַרשע צענטער״: ד״ר ל. זשיטניצקי, אד״ט „דער פערטער יאָרצייט פון מ. געבירטיק״, קינסטלערישער אויפטריט פון זלמן הירשפעלד; בית־עם און שול ח. נ. ביאַליק (דעוואָטאָ), קרייז פון תנ״ך־לימוד, מיט אַ לעקציע פון גרשון חסיד, אד״ט „פון געצנדינסט ביז מאָנאָטעיִזם״.

זונטיק דעם 10טן יולי: אַ שבועות פייערונג מיט אַ פּאָרטראַג פון משה שענדעריי, די פּיעסע „שבועות־שפּיל״ אין דער אויפפירונג פון די תלמידים פון שלום עליכם שול, מיט דער רעזשי פון מאַקס בערלינער, פּיאַנאָ־באַגלייטונג — שרה אַלטער, אָנפירונג פון פּרימאָרגן — מאַניע יונגער־מאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

זונטיק, דעם 10טן יוני — בית־עם און שול ח. נ. ביאַליק (דעוואָטאָ): מרדכי הערבסט וועגן „שבועות״, מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון דוד זאַבלודאָווסקי; „וואָלפסאָן־שול״ (בעלגראַנאָ): שלום

ראָזנבערג, מיט געזאַנג פון חיים לעווין; ביאַליק־שול (מאַטאַדעראָס), 18 אַז.: צבי בראָנשטיין וועגן „שבועות־מאָטיוון אין דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור", מיט געזאַנג פון זשעני פּאַס־טערנאַק; תל־אביב שול (ווילאַ לינטש): דוד אייזן וועגן „שבועות", מיט אַ קינסטלערישן אויפ־טריט פון אסתר פליישמאַן; „באַראָן הירש־שול" (אַלמאַגראָ): יוסף רויזען אד"ט „פון פסח ביז שבועות", קינסטלערישער אויפטריט פון דענקער־ווינדלער; בית־עם און שול „מדינת ישראל" (פלאָרעסטאַ) 18 אַז.: מ. שטיינבערג־שריג וועגן דערציונגס־פּראָבלעמען"; געזאַנג — פון רחל ציפּריס.

זונטיק, דעם 17טן יוני: יעקב באָטאָשאַנסקי, וועגן „20 יאָר זינט דער פטירה פון געביר־טיק", קינסטלערישער אויפטריט פון דענקער־ווינדלער. אָנפירונג פון פרימאָרגן — מאיר פרענג־לער, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער קהילה.



הערנדיק די לעקציע פון אַמבּ׳ הרכבי בעת דער דערעפענונג פון קולטור־זמן (יאָר 1962).

זונטיק, דעם 17טן יוני, רינגעלבלום־וואַרשע צענטער (ווו. קרעספּאָ): ד"ר פעדראָ בלאַט, אד"ט „קראַנקייטן ביי יידן" און חנא גאַרבער וועגן „רפואות ביי יידן" (האָמעאָפּאַטיע און פאַר־יינגערונגס־מיטלען); בית־עם און שול ח. נ. ביאַליק (דעוואָטאָ), קרייז פון לימוד התנ"ך: שמואל גאַניאַנסקי, אד"ט: „ווער איז אַ ייד", מיט דעבאַטן.

זונטיק, דעם 24סטן יוני: ד"ר יצחק שלמה סיגאַל, אד"ט „נייע ווינטן אין רעליגיעזן דענ־קען", מיט אַ געזאַנגס־אויפטריט פון רחל ציפּריס. אָנפירער פון פרימאָרגן — דויד קולאָ־קאָווסקי, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער קהילה.

זונטיק, דעם 24סטן יוני — בית־עם און ביאַליק־שול (דעוואָטאָ): יוסף בורשטיין וועגן „שבת, דער סימבאָל פון פרייהייט", מיטן קינסטלערישן אָנטייל פון מאַקס בערלינער; תל־אביב

שול (ווי. לינטש): פאַליק לערנער אד״ט „ישראל אַ ייִדישער פענצטער צו דער וועלט״. קינסט־לערישער אויפטריט פון ברידער האַלפּערין.

מיטוואָך, דעם 27סטן יולי, אין קהילה־זאַל, אַ פאָרטראַג פון מיכאל גרייוועור וועגן „מדינת ישראל און איר געראַנגל פאַר עקאָנאָמישער זעלבסטשטענדיקייט״, מיט אַ קונסט־פּראָגראַם פון עלווירא באַטשקאָווסקאַ, סימאָן נוסבוים און מאַקס נויפעלד. אַנפירונג מיטן אָוונט — חנא גאַרבער, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

זונטיק, דעם 8טן יולי, אין קהילה־זאַל: ד״ר בעדראָ בלאַט, אד״ט: "Conceptos de Salud y Enfermedad" און חנאָ גאַרבער וועגן „די וועלט פון רפואות און דער ייִדישער ביי־טראַג״, מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון קליניצקא־ווײַנער.

זונטיק דעם 8טן יולי, רינגעלבלום־וואַרשע צענטער (ווי. קרעספאָ): יוסף רויזען, אד״ט „דאָס געזאַנג פון דער צוקונפט״, מיטן קינסטלערישן אויפטריט פון חיים לעווין; בית־עם און שול ח. נ. ביאַליק (דעוואָטאָ): פּנחס קאַרפּ וועגן „קולטור און דערציִונג אין די גלות־לענדער״, געזאַנג — זשעני פּאַסטערנאַק; תל־אביב שול (ווי. לינטש), 18 אַז.: יעקב באַטאַשאַנסקי וועגן „מרדכי געבירטיק״.

זונטיק, דעם 15טן יולי, אין קהילה־זאַל: אַ פאָרטראַג פון ישראל־גאַסט, כנסת־דעפּוטאַט חיים לאַנדוי, אד״ט „מדינת־ישראל און דרום־אַמעריקע״ (רייזע־איינדרוקן) און „תזמורת הדי ציון״, מיטן ערשטן אַרויסטריט. אַנפירונג פון פרימאָרגן — מאַניע יונגערמאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

זונטיק, דעם 15טן יולי, אין בית־עם און שול „מדינת־ישראל״ (פלאָרעסטאַ): חיים פינ־קעלשטיין, אד״ט „ייִדן אין דער וועלט און די וועלט פון ייִדן״, מיטן אַן אויפטריט פון „הזמיר״־כאָר, אונטער דער לייטונג פון בערנאַרד פייער.

זונטיק, דעם 22סטן יולי, אין קהילה־זאַל: אַ הערצל־ביאַליק אַקאַדעמיע פון קולטור־דע־פּאַרטאַמענט און אַרג' ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; מנחם געלערטער וועגן הערצל און אברהם פעסקין וועגן ביאַליק. אַנפירונג מיטן פרימאָרגן — אָשר גראָקאָפּ, קאַסיר פון דער קהילה.

זונטיק, דעם 22סטן יולי, בית־יעקב־שול (לאַנוס): דער ישראל־גאַסט יעקב גאָלנער וועגן „הערצל ביאַליק״, מיט אַ געזאַנגס־קאָנצערט פון רחל ציפּריס; רינגעלבלום־וואַרשע צענטער: אברהם זאַק, אד״ט „ווען פרץ איז געוואָרן לעגענדע״, קינסטלערישער אויפטריט פון זלמן הירש־פעלד; תל־אביב שול (ווייזשאַ לינטש), 18 אַז.: מרדכי הערבסט, אד״ט „תורה און לימוד התורה״, מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון דוד זאַבלודאָווסקי; ביאַליק־שול (אָוועזשאַנעדאַ), 20.30 אַז.: אברהם פעסקין וועגן „הערצל־ביאַליק״, קינסטלערישער אויפטריט — קליניצקאַ־ווײַנער; בית־עם און ביאַליק־שול (דעוואָטאָ): אַ ביאַליק־אַקט מיט פאָרטראַגן פון שמואל גאַניאַנסקי און חיים יעלין.

זונטיק, דעם 29סטן יולי — אָנשלוס פון דער קהילה צום 100־יאָריקן יובל פון דער ייִדי־שער קאָנגרעגאַציע אין אַרגענטינע, מיט ווערטער פון ראש־הקהל ד״ר ט. קאַמענשיין, פּרע־זידענט פון דער קאָנגרעגאַציע — אַדאָלפאָ ווייל, פאָרטראַג פון משה שענדעריי, קינסטלערי־שער אויפטריט פון „הזמיר״ און זלמן הירשפעלד.

זונטיק, דעם 29סטן, בית־עם און ביאַליק־שול (דעוואָטאָ): יוסף רויזען וועגן די „דריי וואָכן פון מאָנונג און דערמאָנונג״, מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון מאַקס פורמאַנסקי; תל־אביב שול (ווי. לינטש): שלום ראָזענבערג וועגן „הערצל־ביאַליק״, געזאַנג פון חיים לעווין.

דעם 5טן אויגוסט: פייערונג פון 100 יאָר מאָריס ראָזענפעלד, מיט אַ פאָרטראַג פון יצחק יאַנאַסאָוויטש, אד״ט „מאָריס ראָזענפעלד, זיין ליד און זיין דור״, קינסטלערישער אויפטריט פון קליניצקאַ־ווײַנער. אָנפירונג פון פרימאָרגן — אליעזר פרידמאַן, גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קהילה.

5טן אויגוסט אין „רינגעלבלום־צענטער״ (ווי. קרעספאָ): יעקב פילץ און ישראל אָטיקער וועגן „הערצל־ביאַליק״; בית־עם און ביאַליק־שול (דעוואָטאָ): דעבאַטע אָנגעפירט פון ברוך

ראָכלעווסקי און שמואל גאָניאַנסקי, אד״ט „פּאַרוואָס איז דאָס יידישע פאָלק נישט אונטערגעגאַנגען אין גלות?״.

מיטוואָך, דעם 8טן אויגוסט, אין קהילה־זאַל: אַ תשעה־באב אָוונט — פּאָרטראַג פון משה שענדעריי אד״ט „דורך חורבן און גלות״, זלמן הירשפעלד: קינות און אַרויסטריט פון כאָר „הזמיר״.

זונטיק, דעם 12טן אויגוסט, רינגעלבלום־וואַרשע צענטער (וויזשאַ קרעספּאָ); יעקב פילץ און שניאור וואַסערמאַן וועגן „הערצל ביאַליק״, קינסטלערישער אויפטריט — זלמן הירשפעלד; „ציטלין־שול״ (וו. אורקיסאַ): מרדכי הערבסט וועגן „תורה און לימוד התורה״, געזאַנג פון רחל ציפּריס; הרצליה שול״ (פּאַטערנאַל), 18 אַז.: ד״ר ל. זשיטניצקי, אד״ט: „די יידן און די וועלט סיטואַציע״, געזאַנג — מאַקס פורמאַנסקי; בית־עם און ביאַליק־שול (דעוואָטאָ): גרשון סאַפּאָזשניקאָוו, אד״ט „די פּערזענלעכקייט פון יצחק באַשעוויס״, געזאַנג פון חיים לעווין; אין ראַמאָס מעכיאַ, 18 אַז.: אויפטריט פון „הזמיר״־כאָר אונטער דער לייטונג פון ב. פּייער.

זונטיק, דעם 19טן אויגוסט, אין קהילה־זאַל: אברהם פעסקין, אד״ט „די יידן־פראַגע אין סאָוועטישן רעזשים״. אָנפירונג מיטן פרימאַרגן — ישראל גרינבוים, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער קהילה.

זונטיק, דעם 19טן אויגוסט, תל־אביב שול (וו. לינטש): ד״ר ל. זשיטניצקי אד״ט „די יידן אין דער וועלט און די וועלט פון יידן״ מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון מאַקס בערלינער.

דעם 23סטן אויגוסט אין קהילה־זאַל: פּאָרטראַג פון ראַפאַל ריבאַ, אד״ט „יידיש לעבן היינט צו טאָג אין פראַנקרייך״, אָנפירונג מיטן אָוונט — שלמה ציטרין, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט; מוצאי שבת, דעם 25סטן: ד״ר חיים שאָשקעס, אד״ט „אַ לעצטער גרוס פון יידן אין רוסלאַנד״, אָנפירונג — בועז כמיעל, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט; זונטיק, דעם 26סטן אויגוסט: מנחם געלערטער, אד״ט „דריי רעוואָלוציאָנערע דערשיינונגען אין יידישן לעבן״. אָנפירונג מיטן פרימאַרגן — אלימלך גוטקין, פּרעזידענט פון דער אַרג׳ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מיט אַ געזאַנגס־קאָנצערט פון רחל ציפּריס.

זונטיק, דעם 26סטן אויגוסט, רינגעלבלום־וואַרשע צענטער (וו. קרעספּאָ): משה שענדעריי, אד״ט „דער האַלב־פאַרגעסענער שלום אַש״.

זונטיק, דעם 2טן סעפּטעמבער, אין טעאַטער „נאַסיאָנאַל״: אַ פּאָרטראַג פון נחמן תמיר־מירסקי, אד״ט „אתה בחרתנו אָדער אַ מדינה ווי אַלע מדינות?״, מיט אַ רעציטאַל פון בערטאַ זינגערמאַן. אָנפירונג פון פרימאַרגן — מאַניע יונגערמאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

זונטיק, דעם 9טן סעפּטעמבער, אין דער ווייצמאַן־שול (פלאָרעס): יוסף רויזען וועגן „דער חודש אלול און די ימים נוראים״, מיט אַ קינסטלערישן אויפטריט פון אסתרל פליישמאַן; בית עם און שול ח. נ. ביאַליק (דעוואָטאָ): יעקב באָטאָשאַנסקי, אד״ט „דער דיכטער, וואָס האָט זיך פאַרבענקט נאָך יידישקייט און יידן״; ביאַליק־שול (סאַן פערנאַנדאָ): אויפטריט פון „הזמיר״־כאָר.

דעם 15טן סעפּטעמבער האָט זיך דערעפנט דער חודש פון יידישן בוך, מיט אַ באַזונדער קולטור־פּראָגראַם במשך פון 42 טעג. דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט האָט, אויסער דעם, דורכגעפירט צוזאַמען מיטן ועד החינוך אין זיצונגס־זאַל פון דער קהילה צוויי לעקציעס פון מרדכי שטריגלער וועגן מהר״ל פון פראָג, פאַר פּראָפעסאָרן, לערער און סטודענטן, מיט אַ דערעפענונגס־וואָרט פון משה שריג־שטיינבערג, דירעקטאָר פון ועד החינוך און זונטיק, דעם 21סטן, מוצאי שמחת תורה: אַ סוכות פּאָרטראַג פון אברהם פעסקין, מיטן אָנטייל פון די תלמידים פון דער צענטראַלער ביאַליק־שול, דעם חזן אברהם ראָזענמאַכער און אָנפירונג פון מאַניע יונגערמאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט.

מיטוואָך, דעם 7טן נאָוועמבער — שוין נאָכן סיום פון ביכער־חודש — אין קהילה: אַ פּאָרטראַג פון בן־ציון ראָזין, אד״ט „פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַספּעקטן פון מדינת־ישראל״,

מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט פון רחל ציפּריס. אָנפירונג פון אָוונט — מאַניע יונגערמאַן, מיטגליד פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט; דינסטיק, דעם 13טן נאָוועמבער — אַ פאָרטראַג פון אהרן חרסינה, אד״ט „נייע פאָרמען פון קאָלאָניזאַציע אין ישראל״; זונטיק, דעם 11טן נאָוועמבער: אַ פריי־מאָרגן פון קאַמער־מוזיק, אונטער דער אָנפירונג פון לאַזאַר קלאַצמאַן און זיין אַריינפיר־וואָרט, אד״ט „יידישע מעלאָדיעס און טעמאַטיק ביי וועלט־באַרימטע קאָמפּאָזיטאָרן״. אָנפי־רונג — שמואל גלאַזערמאַן, וויצע־פּרעזידענט פון דער קהילה; זונטיק דעם 18טן נאָוועמבער: אַ העברעיִשער פרימאָרגן פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט, צוזאַמען מיט דער הסתדרות העברית: אַ פאָרטראַג פון אברהם פעסקין, אד״ט „די ישראל־יוגנט אין דער אָפּשפּיגלונג פון דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור״. אָנפירונג — יוסף גירשפעלד, פאָרזיצער פון הסתדרות העברית; זונטיק, דעם 25סטן נאָוועמבער: פאָרטראַג פון בערל פרימער, אד״ט „קולטור און קונסט פון מדינת־ישראל״. אָנפירונג מיטן פרימאָרגן — מאַניע יונגערמאַן.

זונטיק, דעם 2טן דעצעמבער, אין טעאַטער „סאָלעיל״: סיום־פרימאָרגן פון קולטור־זמן, מיטן אָנטייל פון „הזמיר״־כאָר, אונטער דער לייטונג פון בערנאַרד פייער; „הזמיר״ פון ראָ־זאַריאָ, אָנגעפירט פון וויקטאָר ליין און קינדער־כאָר פון שול און בית־עם „מדינת ישראל״, אָנגעפירט פון רחל פייער. פאָרזיץ און סך־הכל־וואָרט פון משה האָניק, סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה.

## די קהילה-קורסן אין די געגנטן און גרויס-בוענאָס-איירעס אין 1956-60

די קהילה־קורסן אין די געגנטן און אין דער פעריפעריע פון גרויס־בוענאָס־איירעס, קענען נאָך דעם חודש פון יידישן בוך און דעם קולטור־זמן אין יידישן שטאָט־צענטער פאַר־רעכנט ווערן צו די לאָקאַלע אייגנאַרטיקייטן פון היגן ישוב. אין 1956 זיינען דורכגעפירט גע־וואָרן 23 קולטור־אימפּרעזעס אין 3 פונקטן פון גרויס־בוענאָס־איירעס און אין 5 שטאָט־געגנטן. אין 1957 איז די צאָל געשטיגן ביז 34, אין אַכט שטאָט־געגנטן און דריי פונקטן פון גרויס־בוענאָס־איירעס. אין 1958 — 39 קולטור־אימפּרעזעס, אין זעקס שטאָט־געגנטן און פיר פונקטן פון גרויס־בוענאָס־איירעס. 1959 איז אַ יאָר פון גרויסער עקספּאַנסיע פאַר דעם דאָזיקן מין קולטור־טעטיקייט פון דער קהילה, וואָס דערגרייכט צו 119 קולטור־אימפּרעזעס אין 13 שטאָט־געגנטן און 12 פונקטן פון גרויס־בוענאָס־איירעס, וואָס שפּאַרן אָן צו אַזאַ וויטן מהלך פון דער הויפּטשטאָט, ווי לאָמאַס דע סאַמאָראַ, סאַן פערנאַנדאָ, בולאָן, גאָוולאַנד (הכשרה „בערל קאַ־צענעלסאָן״), ווייל אַזעלכע פונקטן ווי לאַנוס, אַוועזשאַנעדאַ און פלאָרידאַ באַגעגענען מיר שוין אין די ערשטע יאָרן. אין 1960 זיינען פאָרגעקומען 76 קולטור־אימפּרעזעס אין 15 שטאָט־געגנטן און 7 פונקטן פון גרויס־בוענאָס־איירעס.

די וואַנדלונגען אין די ציפערן זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַרן היגן יידישן לעבן, וואָס האַלט זיך נאָך כסדר אין פאָרמירן, געשטאַלטיקן און איבערגרופּירן. נייע יידישע ישובים אין גרויס־בוענאָס־איירעס קומען אויף, פאַרפעסטיקן זיך און זוכן אַ ביסל גייסטיקע עקספּאַנסיע. אין 1960 באַמערקן מיר צוויי נייע פונקטן אין גרויס־בוענאָס־איירעס: מאָראָן און קאַסעראָס, דאַקעגן ראַנגלען זיך אַנדערע פונקטן פון גרויס בוענאָס־איירעס און אַפילו פון דער הויפּט־שטאָט פאַרן אויפהאַלטן זייערע קולטור־פּאָזיציעס און די אַמאָליקע דערגרייכונגען. פאַראַן פונקטן, וואָס האָבן מיט אַ פּאָר צענדלינג יאָר צוריק געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין לאָקאַלן יידישן לעבן, און היינט הערט מען פון זיי כמעט נישט, און פאַרקערט — עס קומען אויף נייע און עס צייטיקן אַרום זיי אַפילו יוגנט־צענטערס. די בתי־עם און שולעס שפּילן דערביי אַ גרוי־סע ראָל, און פאַרשטייט זיך, אַז הינטער דעם איז אויך פאַראַן אַן עקאָנאָמישער הינטערגרונט. אַמאָליקע יידישע פאַכן, בראַנזשעס און קליינהאַנדל־צווייגן זיינען איצט אין דעקאַדענץ, און די נייע אויפגעקומענע שאַפן אַן איבערגרופּירונג נישט נאָר אין דעם מענטשן־עלעמענט, וואָס

שעפט חיונה פון זיי, נאָר אויך אין דער איינוווינערשאַפט און קאָנצענטראַציע אין די באַשטימ־טע געגנטן, ווו די דאָזיקע עקאָנאָמיע־אָפצווייגן פלעגן זיך אויסוויקלען.

כדי זיך נישט אויסצושטעלן אויף דער ריזיקע, אַז די דאָזיקע אַרבעט זאָל האָבן דאָס פנים פון אַ טעלעפאָן־בוך, ווערן דאָ נישט אויסגערעכנט די טעמעס פון די קורסן און פון געגנטן אין גרויס בוענאָס־איירעס. עס וועט זיין גענוג אָנצומערקן, אַז צווישן די פּראָגראַמען פיגורירן די בעסטע רעדנער און קינסטלערישע כוחות און די טעמעס זיינען פּאַראַלעלע מיטן קולטור־זמן און ביכער־חודש פון דער קהילה, וואָס וויקלען זיך אויס — חוץ זעלטענע אויסנאַמען — אין רעלאַטיוו גאַנץ באַשיידענעם קהילה־זאַל און ביז צו טויזנטער צוהערער אויף די פאַרשיידענע זונטיק־פרימאָרגנס, קולטור־אָוונטן און ביכער־אויסשטעלונגען, במשך פון די לאַנגע חדשים פון



ישראל־אַמבאַסאַדאָר יוסף אבידר און זיין פרוי די שרייבערין ימימה טשערנאָוויץ, צוזאַמען מיט דער קהילה־פאַרוואַלטונג, אויף דער אויסשטעלונג פון יידישן בוך אין יאָר 1962.

קולטור־זמן. לעצטנס האָט דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן ספּעציעלע קולטור־אימפּרעזעס לכבוד די יידישע ימים־טובים, וואָס זיינען סיי טראַדיציאָנעל, סיי וועלט־לעך צוגעפּאַסט צו דער צייט און האָבן זייער אַ גוטן אויפנעם פון דעם ברייטן עולם.

## קולטור־געסט פון דער קהילה און געסט בכלל

די קהילה באַמיט זיך כסדר צו האָבן דעם באַזוך פון גרויסע יידישע שרייבערס אין צו־זאַמענהאַנג מיטן קולטור־סעזאָן און ביכער־חודש. קולטור־געסט איז אַן אַלטע טראַדיציע פון יידישן אַרגענטינע, זינט פּרץ הירשביין, ה. ד. נאָמבערג, לאַצקי בערטאָלדי א״אַנד. זיינען געקו־מען צו די היגע ברעגן. זייער השפּעה האָט געלאָזט טיפע שפּורן אויפן היגן ישוב און האָט אויך

בעהאַט אַן אָפּקלאַנג אין דער ברייטער יידישער וועלט. שפּעטער האָבן יידישע קולטור־אינסטי־טוציעס זיך באַמיט אַראָפּצוברענגען אַהער אויף אַ באַזוך באַרימטע יידישע שרייבערס, ווי די בעזעלשאַפט פאַר יידיש־וועלטלעכע שולן — שמואל ניגערן, און דער שרייבער־פאַראיין — י. אָפּאָטאָשו און אַברהם סוצקעווער. אין די לעצטע יאָרן האָט דאָס, ווי אַלע אַנדערע גרויסע זאַכן פון ישוב, גענומען אויף זיך די קהילה מיטן אַראָפּברענגען קולטור־געסט אין צוזאַמענהאַנג מיטן „חודש פאַרן יידישן בוך" און קולטור־סעזאָן. אַ דאַנק דער דאַזיקער אָנשטרענגונג האָבן דאָ גע־ווירקט יעדער איינער מיט זיין וואָרט און אייגנאַרטיקן קולטור־באַגאַזש: אפרים אויערבאַך, מרדכי שטריגלער, יעקב גלאַטשטיין, חיים גראַדע, ד"ר שלמה ביקל און מרדכי שטריגלער צום צווייטן מאָל, במשך פון די יאָרן 62־1958. אָבער אַפילו די וואָס זיינען נישט געווען קיין דירעקטע קול־טור־געסט פון דער קהילה, האָבן אויף אַן אָנגעזעענעם אופן מיטגעווירקט, בעת זייערע באַזוכן ביי אונדז אין לאַנד. אין 1957 איז יצחק באַשעוויס אַרויסגעטראָטן אויף דער קהילה־טריבונע אין פאַרלויף פון ביכער־חודש, נישט קוקנדיק אויף דער קורצער צייט פון זיין באַזוך. אין 1960 האָט מיטגעווירקט יהודה עלבערג בעתן קולטור־זמן נישט נאָר אין קהילה־זאַל פון צענטער, נאָר אַפילו ביי די זונטיק־קורסן אין די געגנטן. דער קולטור־זמן פון דער קהילה האָט צוזאַמענ־געבראַכט אויף דער כלל־ישראלדיקער טריבונע פון קהילה־זאַל נישט בלויז שרייבער־געסט, נאָר יעדן איינעם, וואָס איז אָנגעקומען אַהער פון ישראל און פון די תפוצות מיט אַ חשיבות־דיקן וואָרט, אָדער שליחות, פון די שליחים פון בונדישן קאָאָרדינירער־קאָמיטעט ביז פּראָפ׳ אַברהם יהושע העשל. פון די באַרימטע בינע־קינסטלער גאָסטראָלאָרן, ווי מאָריס שוואַרץ, יוסף בו־לאָוו און שמעון פינקעל, און דער ישראל־רעזשיסאָר משה הלוי ביז די פאַרשיידענע זינגער און קינסטלער פון ישראל און דער גרויסער יידישער וועלט.

די אַרויסטריטן פון אַזעלכע יידישע שרייבערס און קולטור־מענטשן, וואָס סימבאַליזירן גרויסע יידישע אויפטרייסלונגען און טראַגעדיעס אין יידישן לעבן, ווי מרדכי שטריגלער און חיים גראַדע. דאָס דערהויבענע דיכטעריש־ראַפינירטע וואָרט פון יעקב גלאַטשטיין, די ווירקונג פון אַזאַ פיינעם דיכטער ווי אפרים אויערבאַך, פון אַזאַ עסייאיסט און קולטור־מענטש ווי ד"ר שלמה ביקל — דאָס אַלץ האָט אָן שום ספק געלאָזט טיפע שפּורן אויפן היגן ייִד, וואָס נערט זיך מיט די זאַפטן פון יידישן־לשון און ציט זיין גייסטיקע יניקה פון אונדזער מיזרח־אייראָפּעי־שער קולטור־טראַדיציע.

די ספּעציעלע קולטור־געסט פון דער קהילה, די שליחים פון פּאַרטייען און ריכטונגען, די געסט און סתם־באַזוכער פון ישוב, קינסטלער־גאַסטראָליאָרן, זינגער און אַרטיסטן און באַרימטע חזנים — אַלץ וואָס עס פאַראָגט דאָס יידישע וועלט־פאָלק, אַלץ וואָס באַוועגט זיך אין אונדזער גייסטיקן לעבן פון ישוב צו ישוב, קאָנטינענט צו קאָנטינענט, פון מדינה צו די תפוצות, און צוריקוועגס, איז דורך דער קהילה און איר קולטור־דעפּאַרטאַמענט געקומען אין קאָנטאַקט מיטן ישוב און יעדערער לויט זיין מאָס און פאַרנעם האָט געווירקט און משפיע געווען פאַר אונדזער גייסטיקן לעבן.

צו די אָפיציעלע קולטור־געסט פון דער קהילה אין 1958 — מרדכי שטריגלער און אפרים אויערבאַך — קען מען צוגעבן אַנדערע, וואָס זיינען דאָ געווען אויף אַ באַזוך, ווי דער היסטאָ־ריקער ד"ר רפאל מאַהלער און דער רומעניש־יידישער שרייבער עוגען רעלגיס, י. אַרטוסקי־איינבוים פון בונדישן קאָאָרדינירער־קאָמיטעט און פּראָפ׳ אברהם יהושע העשל, דער באַוווסטער פּובליציסט אהרן אַלפערן און דער אַרבעטער־טוער בנימין געבינער פון ניו־יאָרק.

דאָס יאָר 1959 איז געווען איבערגעלאָדן מיט גרויסע יובילייען און היסטאָרישע דאַטעס. יעקב גלאַטשטיין האָט דערעפנט דעם קולטור־זמן מיט זיין שלום־עליכם־רעפעראַט. אונדזערע קולטור־געסט האָבן נישט נאָר געווירקט מיט זייער וואָרט דורך רעפעראַטן, נאָר זיי זיינען במשך פון זייער גאַסטשאַפט געווען מיטבאַטייליקטע אין אונדזער לעבן (האָבן באַזוכט אינסטיטו־ציעס און ספּעציעל — די שולעס). מרדכי שטריגלער, יעקב גלאַטשטיין און ד"ר ביקל זיינען אַרויסגעטראָטן אויף דעם צענטראַלן אזכרה־אַקט נאָך די קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ, און

חיים גראַדע האָט אין 1960 אָנטייל גענומען אין דער אזכרה ביים מאָנומענט פון די קדושים אויפן בית־עולם פון טאַבלאַדאַ, אָרגאַניזירט פון צענטראַל־פאַרבאַנד פון די פוילישע ייִדן אין אַרגענטינע.

פונקט ווי פריִער מרדכי שטריגלער און יעקב גלאַטשטיין, האָט חיים גראַדע במשך זיין באַזוך געלאָזט טיפע שפורן אין געמיט פון ברייטן עולם און צונויפגעבראַכט מאַסן צוהערער. יהודה עלבערג האָט געבראַכט אָריגינעלע געדאַנקען וועגן מהות פון ייִדישקייט, ד״ר חיים שאַש־קעס — גרוסן פון ייִדן אין דער וייטער וועלט. צו דעם באַזוך פון סערגיי גוטקעוויטש, פון בונדישן קאָאָרדינירן־קאָמיטעט, דאַרף צוגערעכנט ווערן די צוויי באַזוכן פון פּראָפ׳ אַרטור לער־מער. פּראָפ׳ משה דייזויס איז געקומען אין אַ וויכטיקער שליחות. משה רון — אין שליחות פון דער ישראל־רעגירונג, און אַלע אַנדערע וואָס זיינען געווען אין אַרגענטינע און אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן געקומען צום אויסדרוק דורך דער קהילה־טריבונע.

אין 1961 האָט דער קולטור־גאַסט ד״ר שלמה ביקל געבראַכט זיין אייגנאַרטיקן טאָן אין זיינע גוט־דורכגעטראַכטע און גייסטרייכע לעקציעס וועגן דער ייִדישער און אוניווערסאַלער קולטור. בצלאל שערמאַן האָט שטאַרק פּאַראינטערעסירט מיט זיין שטרענג־וויסנשאַפטלעכער דיסציפּלין און האָט אַריינגעבראַכט אַ ביסל אומרו וועגן אונדזער לעבן אָן חשבון און אָן חוש פאַר סטאַטיסטיק און געשיכטע, וואָס ער האָט נישט געקענט תופס זיין ווי אַ סאָציאָלאָג. יעקב זרובבל, וואָס האָט שוין עטלעכע מאָל באַזוכט אונדזער ישוב, איז אויך דאָס מאָל געווען דער גאַסט פון דער קהילה־טריבונע. חוץ אים זיינען געווען נאָך געסט, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן פאַרן עולם אויף דער קהילה־טריבונע.

אין יאָר 1962 האָבן מיר דאָ געהאַט מרדכי שטריגלערן צום צווייטן מאָל. עס האָט דאָ אויך געווײלט אין שליחות פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע דער אייגנאַרטיקער ישראל־דיכטער אריה שמרי און אין שליחות פון „בונד״ — ראַפאַל ריבאַ פון פּאַריז.

עס האָבן מיטגעווירקט פאַר די קולטור־זמנים געסט און שליחים, וואָס זיינען אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן אויך געווען די קולטור־אורחים פון דער קהילה, ווי בערל פּרימער, יוסף שיין, ד״ר ראובן בן־שם, ד״ר א. ראָזענפעלד, ד״ר הר־אבן, ב. דובדבני, דויד בר־ניר, ד״ר משה ווײלער, א. פּעסקין, הרב טוביה פרידמאַן, יצחק הרכבי, אידוב כהן, די קינסטלער בען באַנוס און מינאַ בערן, רות מימון, שמאי שטיינבערג און אַ סך אַנדערע.

## דער קולטור-דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה און דאָס שלום-עליכם-יאָר אין אַרגענטינע

איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען פון אונדזער קהילה־לעבן איז געווען די פייערונג פון שלום־עליכם־יאָר אין אַרגענטינע, נישט בלויז מיט זיינע גראַנדיעזע און צאָלרייכע פייערונגען, נאָר מיטן גרויסן פּאַרמעסט פון אַן אמתער פאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגענומען אַבסאָלוט דעם גאַנצן ישוב, און איז אַרויס פון דעם ענגן גבול פון דער ריין־ייִדישער סביבה. דאָס שלום־עליכם־יאָר האָט זיך פּאַקטיש אָנגעהויבן דעם 8טן יאַנואַר 1959 אויף דער ערשטער באַראַטונג אין דער קהילה, ביים שאַפן דעם נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכן שלום־עליכם־קאָמיטעט, און איז דערגאַנגען צו זיין הויכפּונקט דעם 2טן מאַרץ 1960, ווען די בוענאָס־איירעסער מוניציפּאַליטעט האָט באַערט שלום־עליכמען מיטן אָנרופן אַ סקווער אין שטאָט־צענטער אויף זיין נאָמען (דאָס איז דערגרייכט געוואָרן אַ דאַנק די באַמיִונגען פון דער ״דאַיאַ״). אין דאָזיקן טאָג האָט די מוני־ציפּאַלע ראַדיאָ געגעבן אַ ספּעציעלע אוידיציע און אין די פאַרנאַכט־שעהען איז אויפן סקווער צווישן די גאַסן קאָרדאָבאַ, גאַסקאָן און לאַוואַזשע, מיט אַ גרויסאַרטיקער צערעמאָניע אויפגע־דעקט געוואָרן דער טאָוול „פּלאַסאָלעטאַ שלום־עליכם״, אָרדענאַנץ 15.732, דעקרעט 60־366 — 12/1/60. אויף דער ראַדיאָ איז אַרויסגעטראָטן פּראָפ׳ ל. שאַלמאַן און ס׳האָט געזונגען פּערעלע שעכטער. די צערעמאָניע אויפן סקווער האָט דערעפנט דער פּאָרשטייער פון דער „דאַיאַ״ ה׳

שורמאַן. אין נאָמען פון דער מוניציפּאַליטעט איז אַרויסגעטראָטן דער קולטור־סעקרעטאַר ד״ר אַלדאָ אַרמאַנדאָ קאָקאָ און דער פּרעזידענט פון דער „דאַיאַ״ ד״ר אברהם מיבשן ז״ל, האָט גע־בראַכט דאָס וואָרט פון אַרגענטינער יידישן ישוב אין ליכטיקן אָנדענק פון שלום־עליכם.

דער שלום־עליכם־קאָמיטעט, געשאַפן אויף דער איניציאַטיוו פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון דער קהילה, איז אָנגעפירט געוואָרן פון א. מיטלבערג (קהילה) פּאָרזיצער, יעקב באָטאָשאַנס־קי (שרייבער־פאַראיין), ערשטער וויצע־פּאָרזיצער; ד״ר ל. זשיטניצקי (ייוואָ), צווייטער וויצע־פּאָרזיצער; יצחק יאַנאַסאָוויטש (קולטור־קאָנגרעס), סעקרעטאַר; לייב גאָלד (וועד־החינוך), צוויי־טער סעקרעטאַר; פּרעזידיום־מיטגלידער: יוסף מאָורער (אַקטיאָרן־פאַראיין), יעקב גראַבאָווסקי (ח. נ. ביאַליק־שולע), ד״ר יונה קאָווענסקי (ציווישאָ), יוסף האָרן (געזעלשאַפט פאַר יידיש־וועלט־לעכע שולעס).



אויבן אין ווינקל: מרדכי שטריגלער בעת זיין לעקציע אין טעאַטער־זאַל „אַסטראַל״.
אונטן: דער עולם אין זאַל.

אַ דאַנק דעם גוט אָרגאַניזירטן טעכנישן אַפּאַראַט פון דער קהילה, וואָס האָט זיך איינגע־שפּאַנט סיי דורך דער אַרבעט פון זיינע אָנגעשטעלטע, ווי דורכן דעקן די פינאַנסיעלע הוצאות פון אַזאַ פאָלקס־אַקציע, האָט דער דאָזיקער ברייטער קאָמיטעט באַקומען דעם באַלדיקן אָנשלוס פון 45 אינסטיטוציעס, פּאַרטייען, לאַנדסמאַנשאַפטן, קולטור־אינסטיטוציעס, צייטונגען, פּעריאָ־דישע אויסגאַבעס, פאַרלאַגן און שולעס און זיך נאָך דעם אויסגעשפּרייט אין אַזאַ פאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט אָנגעשפּאַרט אין די ווייטסטע ווינקלען פון בוענאָס־איירעס, דער פּעריפעריע אין פּראָווינץ, ווי עס איז זעלטן געזען געוואָרן אין אונדזער ישוב, בפרט ביי אויסגעברייטערטע קאָמיטעטן, וווּ אַלע שליסן זיך אָן בכבוד גדול און קיינער טוט נישט.

דאָס קינסטלערישע שלום־עליכם־בילד, אויסגעפּאַרטיקט דורך א. מירסקי, וואָס איז פאַר־שפּרייט געוואָרן דורכן קאָמיטעט, דעקאָרירט נאָך ביז היינט צו טאָג די ווענט פון די אינסטי־

טוציעס און פּריוואַטע היימען. דער וועד־החינוך האָט געזאָרגט פאַר דעם אַז דער שלום־עליכם־יאָר זאָל זיין ווירקנדיק אין די פאָלקס־ און מיטלשולעס און קינדער־גערטנער. דעם 2טן מאַרץ — אין שלום־עליכמס געבורטסטאָג — זיינעןביידע היגע טאָג־צייטונגען דערשינען מיט שלום־עליכם אויפלאַגעס און עס איז געווידמעט געוואָרן דער דאָזיקער דאַטע די דערעפענונג פונעם קולטור־סעזאָן פון דער קהילה.

דעם אַריינפיר־אָוונט צום שלום־עליכם־יאָר האָט דער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט ביי דער קהילה דורכגעפירט דעם 2טן מאַרץ 1959. אַברהם מיטלבערג האָט דערעפנט די פּראָקלאַמירונג, יצחק יאַנאַסאָוויטש האָט געלייענט די דעקלאַראַציע פון קאָמיטעט וועגן שלום־עליכם־יאָר, יעקב באַטאָשאַנסקי און משה שענדעריי זיינען אַרויסגעטראָטן מיט פאָרטראַגן, יוסף מאַורער, אסתר פליישמאַן און רבקה קליניצקאָ, מיט פּיאַנאָ־באַגלייטונג פון לעאָן ווײַנער — זיינען אויפגע־טראָטן מיט וואָרט און ליד.

דעם 20סטן אַפּריל, האָבן קרוב צוויי טויזנט ייִדן אָנגעפילט דעם טעאַטער „אַסטראַל". דער קולטור־גאַסט יעקב גלאַטשטיין איז אַרויסגעטראָטן מיט זיין פאָרטראַג „די ירושה פון שלום־עליכם". עס איז געווען אַן אָוונט פון דערהויבונג און אַן אויטענטישע מאַניפעסטאַציע פאַר דער ייִדישער פאָלקס־קולטור און דער גייסטיקער אַחדות פון אונדזער ישוב. עס זיינען אַרויסגע־טראָטן מיט ווערטער: דער ראש־הקהל אלימלך גוטקין, דער סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַר־טאַמענט אַברהם מיטלבערג, און יצחק יאַנאַסאָוויטש מיט אַן אָפּשאַצונג־וואָרט וועגן קולטור־גאַסט יעקב גלאַטשטיין.

נאָכן דאָזיקן אָנפאַנג פון קולטור־זמן זיינען געקומען די זונטיק־לעקציעס אין קהילה־זאַל (ביז דעם חודש פון ייִדישן בוך) מיט זיינע שלום־עליכם־פאָרטראָגן צווישן מאַי און סעפּטעמ־בער. דעם 26סטן מאַרץ האָבן זיך אָנגעהויבן די שלום־עליכם־פאָרטראָגן אויף די זונטיק־קורסן אין די זעקס געגנטן און וויטערדיקע 21 במשך פון קולטור־זמן — סך־הכל 36 שלום־עליכם־פאָרטראָגן (אַחוץ דעם חודש פון ייִדישן בוך). אונדזערע בעסטע לעקטאָרן האָבן אָנטייל גענו־מען אין דער דאָזיקער קולטור־אימפּרעזע. יעקב באַטאָשאַנסקי האָט זיינע פאָרטראָגן „דער מענטש וואָס האָט געלאַכט" און „וועגן שלום־עליכמען" געהאַלטן אין קהילה־זאַל און אין אַכט געגנט־קורסן; ד"ר משה מערקין — פינף; שמואל ראָזשאַנסקי — פיר; עס זיינען אַרויסגעטראָטן צווישן אַנדערע — ד"ר ל. זשיטניצקי, ד"ר ב. איסאַיעוו (שפּאַניש) און יוסף רויזען. „דער חודש פון ייִדישן בוך" איז געווען דעקאָרירט מיט דער שלום־עליכם געשטאַלט ביים אַריינגאַנג און יעקב באַטאָשאַנסקי האָט דעם ניינטן אָקטאָבער דאָרט געהאַלטן זיין שלום־עליכם־פאָרטראַג „אַ פאַרגלייך צווישן טוביה דער מילכיקער און מנחם־מענדל" אין די ראַמען פון לעקציע־ציקל פונעם ביכער־חודש. די קהילה האָט אויף דער בקשה פון שלום־עליכם־קאָמיטעט איינגעאָרדנט פיר ראַדיאָ־אוידיציעס אין די זונטיק־טעג מיט אַן אויפפירונג פון „טוביה דער מילכיקער", רעזשיסירט פון יוסף מאַורער און מיטן אָנטייל פון בעלאַ אַריעל, פּאַולינא טאַכמאַן, שושנה זאַנד, יוסף מאַורער, דויד קאַפּלאַן, דויד לעדערמאַן, מאַקס קלאָס און חיים לעווין, וואָס איז דערעפנט געוואָרן מיט אַ וואָרט פון ראש־הקהל אלימלך גוטקין.

אין פּראָווינץ זיינען דורכן וועד־הקהילות איינגעאָרדנט געוואָרן שלום־עליכם־פייערונגען מיט דער הויפּט־באַטייליקונג פון יעקב גלאַטשטיין, יעקב באַטאָשאַנסקי, שמואל ראָזשאַנסקי און ד"ר משה מערקין אין אַכט וויכטיקע פונקטן; אין אַנדערע אַכט פונקטן זיינען אַרויסגעטראָטן יוסף ליבערמאַן און ברוך טענענבוים; אין פינף פונקטן זיינען אויפגעטראָטן מיט שלום־עליכם־פאָרטראָגן דאָס קינסטלער־פּאָרל דאָראַ ווינדלער ־ יעקב דענקער; און אין עלף פונקטן (איינ־שליסלעך אַסונסיאָן — פּאַראַגוויי) די אַרטיסטן יעקב לעוו און יצחק ליכטנשטיין. חוץ דעם זיי־נען אין אַ סך גרויסע און קלענערע פונקטן איינגעאָרדנט געוואָרן שלום־עליכם־פייערונגען מיט אָרטיקע אינטעלעקטועלע און קינסטלערישע קרעפטן.

דער סיום פון שלום־עליכם־יאָר איז פאָרגעקומען אַ פאָר שעה נאָכן דערעפענען דעם שלום־עליכם־סקווער (דעם 2טן מאַרץ 1960) אין קהילה־זאַל מיט אַ קורצן סך־הכל־וואָרט פון

אברהם מיטלבערג, פאָרזיצער פון שלום־עליכם־קאָמיטעט; דער סעקרעטאַר יצחק יאַנאָסאָוויטש האָט אין זיין באַריכט־רעדע געזאָגט „דער קאָמיטעט האָט באַוויזן צו שאַפן אַ שלום־עליכם־באַוועגונג. איבער הונדערט געזעלשאַפטן האָבן זיך אָנגעשלאָסן און אַקטיוו באַטייליקט. די קהילה אַליין האָט דורכגעפירט 36 לעקציעס, דער וועד־הקהילות — לעקציעס אין 40 פּונקטן און נאָך 40 אָרגאַניזאַציעס האָבן דורכגעפירט שלום־עליכם־פייערונגען. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אויסשטעלונגען, קאָנקורסן, ראַדיאָ־אוידיציעס, אַקטיאָרן און ליבהאָבער האָבן געשפּילט שלום־עליכם־ווערק".

עס זיינען נאָך דעם אַרויסגעטראָטן תלמידים פון „ח. נ. ביאַליק־שול", „י. ל. פּרץ־שול" אין צענטער און „שלום־עליכם־שולן". אַ שלום־עליכם־פּלאַט, וואָס איז גראַווירט געוואָרן ניין חדשים פאַרן טויט פון גרויסן פאָלקס־שרייבער, האָט געלאָזט הערן זיין לעבעדיקע שטים און די שלוס־ווערטער האָבן געהאַלטן מאַרק טורקאָוו און משה שענדעריי.

אָנזעעוודיק זיינען געוועזן די אויפטועון פון ועד החינוך המרכזי, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל דידאַקטישע מאַטעריאַלן, און האָט איינגעאָרדנט אַ שול־קאָנקורס פון שלום־עליכם־פאָרשטעלונגען מיטן אָנטייל פון 16 שולן, וואָס האָבן אויפגעפירט אַכט איינאַקטערס און עס זיינען אויסגעטיילט געוואָרן דריי פּרעמיעס. אַ ראַדיאָ־קאָנקורס פון קאָמפּאָזיציעס וועגן שלום־עליכם און זיינע ווערק. דאָס שלום־עליכם־יאָר איז אַריינגעפירט געוואָרן אין קינדער־גאָרטן און געלאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק ביי די פּיצעלעך קינדער, וואָס וועט אפשר ביי אייניקע פון זיי פאַרבלייבן אויפן גאַנצן לעבן.

צווישן די גרעסערע שול־פאַרמעסטן פון שלום־עליכם־יאָר קומט די בכורה דער צווישאָ מיט איר גראַנדיעזער שלום־עליכם־אויסשטעלונג צווישן 11טן און 19טן יולי 1959; די צענטראַלע ביאַליק־שול האָט איינגעאָרדנט אַ גאַנצע ריי מסיבות און האָט געווידמעט שלום־עליכם אַ גרויסן טייל פון דעם סוף שול־יאָר־פאָרשטעלונג. די פּרץ־שול אין צענטער האָט אַ חוץ אַלע אינערלעכע שול־איניציאַטיוון דורכגעפירט אַ גרויסן שלום־עליכם־פרימאָרגן אין טעאַטער „סאָלעיל" זונטיק דעם 29סטן אויגוסט 1959. די מיטל־שול־תלמידים האָבן אויפגעפירט „קאַסרילעווקער רעסטאָראַנען".

די „העבראַיקאַ" האָט דורכגעפירט צוויי גרויסע שלום־עליכם־אַקאַדעמיעס; דער שרייבער־פאַראיין ה. ד. נאָמבערג האָט איינגעאָרדנט אַ שלום־עליכם־אַקאַדעמיע; דער קולטור־קאָנגרעס האָט זיינע יערלעכע קאָנקורסן פאַר מיטלשולן און אָנהייבשולן אין אַרגענטינע געווידמעט דער שלום־עליכם־טעמאַטיק און אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן העפט מיט די פּרעמירטע אַרבעטן. דער ייווא האָט געווידמעט דעם גאַנצן קולטור־זמן דעם שלום־עליכם־יאָר און איינגעאָרדנט אַן אויסגעצייכנטע שלום־עליכם־אויסשטעלונג און האָט פּראָקלאַמירט אַ קאָנקורס פאַר יוגנטלעכע אויף שלום־עליכם־טעמעס, האָט אַרויסגעגעבן אַן אויסגאַבע א"נ שלום־עליכם אין בילד, האָט איינגעאָרדנט צוויי שלום־עליכם־אימפּרעזעס און ניין שבת־פאַרנאַכטיקע אוידיטאָריעס מיט שלום־עליכם־לעקציעס און קינסטלערישע אויפטריטן.

יידישע אינסטיטוציעס פון אַלע מינים: קולטורעלע, לאַנדווירטשאַפטלעכע, פאַך און בראַנזשע־קערפּערשאַפטן, יוגנט און פרויען־גרופּירונגען, אוניווערסיטאַריער און דייטש־רעדנדיקע יידן האָבן איינגעאָרדנט שלום־עליכם־אימפּרעזעס.

דאָס יידישע טעאַטער האָט בייגעטראָגן זיין טייל. „מיטרע" האָט אָנגעהויבן דעם סעזאָן מיט „צעזייט און צעשפּרייט", רעזשי יוסף מאַורער, פּראָלאָג און עפּילאָג פון יעקב באָטאָשאַנסקי און „צוויי הונדערט טויזנט" מיט מאַקס פּערלמאַן און גיטאַ גאַלינאַ; „דוד ליכטס טעאַטער" האָט אויפגעפירט דעם שלום־עליכם־ספּעקטאַקל „מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט"; „אַרטעאַ" האָט זיך פּרעזענטירט מיט „מענטשן" און „אַ זעקס און זעכציק אין צווייען", רעזשי פון מאַקס בערלינער; דער אַקטיאָרן־פאַראיין האָט אויף זיין יערלעכער אונטערנעמונג געשטעלט די פּיעסע „שווער צו זיין אַ ייד", רעזשי פון מאַקס קלאָס.

די קהילה האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע אויסגאַבע וועגן שלום־עליכם־יאָר אין

אַרגענטינע, רעדאַקטירט פון יצחק יאַנאַסאָוויטש און אַריינפיר־וואָרט פון אברהם מיטל־בערג, מיט אַלע וויכטיקע מאַטעריאַלן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די פייערונגען.

## דאָס הערצל־יאָר און די אַנדערע דאַטעס, אַניווערסאַרן און יובילייען אין 1960

דאָס פייערן יובילייען, אַניווערסאַרן און היסטאָרישע דאַטעס אין ייִדישן לעבן, וואָס האָבן סיי אַ נאַציאָנאַלע ווי אַ קולטור־אויפקלערערישע באַדייטונג, איז איינע פון די אַלטע און אויס־געפּרוּווטע אינסטרומענטן פון דער ייִדישער גייסטיקייט זינט די אוראַלטע צייטן. אַלץ באַזירט זיך ביי אונדז אויפן פאָלקס־זיכרון פון „מעשי אבות ירשו בנים״, אָן קאָנטינוּיטעט וואָלט אפשר



אַ בליק אינעם זאַל פון דער ביכער־אויסשטעלונג אין יאָר 1962.

נישט געהאַט קיין זין אונדזער גאַנצע ייִדיש־נאַציאָנאַלע קולטור־אַרבעט. די צרה איז אָבער, וואָס אין געוויסע צייטן איז דער פאָלקס־זיכרון געווען אָפּט מאָל אַן איינזייטיקער. וועלטלעכע ייִדן — מיט אַ קאַרגע פּאָר צענדלינג יאָר צוריק — וואָלטן נישט געמאַכט קיין ווען פון אַ יובילי פון ישראל בעל־שם־טוב ז״ל, פונקט ווי שאַרפע ייִדישיסטן וואָלטן זיך נישט צופיל דערמאָנט וועגן פייערן די יאָרצייט־דאַטע פון ח. נ. ביאַליק. דובנאָוו וואָלט געוווען אַן ענין פאַר נישט־ציוניסטן און ד״ר הערצל — אַ דאַטע פאַר אויסגעשפּראָכענע ציוניסטן.

דעריבער איז אין אָנפאַנג פון דער דאָזיקער אַרבעט געזאָגט געוואָרן אַז אין דער כלל־ישראלדיקער קולטור־אַרבעט פון דער קהילה איז אָפּגעשאַפן געוואָרן דער איבל „וואָס פאַר אַ קולטור־טרעגער אַזאַ קולטור״. דאָס יאָר 1960 איז געווען דער בעסטער סימן מובהק פאַר דער

דאָזיקער הנחה, פונקט ווי דער גורל אַליין מיט זיין היסטאָרישן קאַלענדאַר פון ייִדישע דאַטעס וואָלט אָנועקגעשטעלט דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה פאַר אַ נסיון און געוואָלט ייִען צי ער וועט אויסהאַלטן דעם עקזאַמען.

אין 1960 איז אויסגעפאַלן די הונדערטיעריקייט פון ד״ר הערצלס געבורט. דער אַרגענטי־נער ייִדישער ישוב, וואָס איז ייִדיש נאַציאָנאַל אין זיין אַבסאָלוטער מערהייט און ציוניסטיש און פּראָ־ישראלדיק געשטימט, נישט בלויז אין פאַרטייִישן, נאָר אויך אין פאָלקסטימלעכן זין פון וואָרט, האָט פּונקט ווי אין 1959 מיטן שלום־עליכם־יאָר פּראָקלאַמירט אַ „הערצל־יאָר״. די קהילה און דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט זיינען געווען די ריכטיקע אויספירער פון דעם בפירושן פאָלקס־רצון און האָט אין דאָזיקן יאָר אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע בראָשור אין שפּאַניש און ייִדיש מיט די וויכטיקסטע אויסצוגן פון הערצלס אויטאָביאָגראַפיע, ביאָגראַפישע דאַטן און בילדער. דעם 6טן נאָוועמבער איז מיט אַן איינדרוקפולער צערעמאָניע אויפגעדעקט געוואָרן אַ הערצל־ביוסט אין פּאָיע פון קהילה־בנין. דער חודש פון ייִדישן בוך איז אין 1960 געווען דע־קאָרירט מיט דער הערצל־געשטאַלט אויף דעם היסטאָרישן קאָנגרעס אין באַזעל, צוזאַמען מיט די ראשונים פון פּאָליטישן ציוניזם. די דעקאָרירונג האָט סימבאָליש פאַרגעשטעלט, סיי דעם הערצל־געדאַנק און אידייע און סיי זייער פּראַקטישע פאַרווירקלעכונג מיטן אויפקום פון מדינת ישראל.

דער קולטור־זמן פון 1960 איז דערעפנט געוואָרן דעם 13טן מאַי מיט אַ הערצל־פאָרטראַג פון מ. שענדעריי, מיטן אָנטייל פון ראש־הקהל אלימלך גוטקין, סעקרעטאַר פון קולטור־דע־פּאַרטאַמענט אברהם מיטלבערג און אויפטריט פון „הזמיר״־כאָר אָנגעפירט פון ב. פּייער; מיט ספּעציעלע רעפעראַטן וועגן ד״ר הערצל במשך פון קולטור־זמן אין קהילה און אין די געגנטן, און בעת דעם ביכער־חודש, זיינען אַרויסגעטראָטן די בעסטע לאָקאַלע רעדנער. יעקב באָטאָ־שאַנסקי מיט „ווין און ירושלים״ (הערצל דער קינסטלער און וויזיאָנער) און „הערצל צו זיין 100־יאָריקן געבוירנטאָג״; ש. ראָזשאַנסקי: „ד״ר הערצל, זיין פאָרגייער און זיין קאָנקורענט״; ד״ר הר־אבן (אויף עברית): „הרצל מאה שנים להולדתו״; ד״ר יצחק גאָלדבערג (שפּאַניש): „דאָס אָרט פון הערצלען אין דער ייִדישער געשיכטע״. דעם 15טן יולי זיינען אין איין זונטיק געהאַלטן געוואָרן ניין הערצל־פאָרטראַגן אין די געגנטן מיטן אָנטייל פון די בעסטע היגע לעק־טאָרן. דאָס הערצל־יאָר איז געווען נישט בלויז אַ מאַניפעסטאַציע פון ייִדיש־נאַציאָנאַלן גע־דאַנק, נאָר אויך אַן אויסדרוק פון דעם קולטור־ניוואָ פון אונדזער ישוב, און אַ באַווייז אַז דער געזעלשאַפטלעכער דופק פולסירט שטאַרק אין די אָדערן פון אונדזערע ייִדישע מענטשן, וואָס הייבן זיך אויף אין אַ זונטיקדיקן ווינטערדיקן פרימאָרגן צו הערן אַ ייִדיש וואָרט ביי זיך אין געגנט, אָדער פאָרן צו אין ייִדישן צענטער אין קהילה־זאַל.

פּונקט ווי דער קולטור־זמן האָט זיך דערעפנט אונטערן צייכן פון הערצלס הונדערט־יאָ־ריקן געבורט, אַזוי האָט זיך דער ביכער־חודש אָנגעהויבן מיטן אָנדענק צום 25־יאָריקן אַני־ווערסאַר נאָך ביאַליקס פּטירה. דעם 15טן סעפּטעמבער 1960 מיטן ביאַליק־פאָרטראַג פון דעם קולטור־גאַסט חיים גראַדע, אויף דער דערעפענונג פון ביכער־חודש אין קהילה־זאַל.

אין זעלביקן יאָר איז אויסגעפאַלן די הונדערטיעריקייט פון שמעון פרוג, וואָס ווערט אפשר אין אַ סך ייִדישע ישובים פון די תפוצות נישט באַמערקט, אָבער דאָס וואָלט נישט געווען אין גייסט פון כלל־ישראלדיקער קולטור־אַרבעט פון דער קהילה און קעגן דעם פּרינציפּ פון אונד־זער היסטאָרישן פאָלקס־זיכרון. דער דאָזיקער אַניווערסאַר האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין קולטור־זמן. דעם 2טן אָקטאָבער איז י. באָטאָשאַנסקי אַרויסגעטראָטן אין קהילה־זאַל מיטן פאָר־טראַג „אין יענער בלויער ווייס״ (אָפּשאַצונגען און זיכרונות וועגן שמעון פרוג). דעם 9טן אָק־טאָבער איז ד״ר לעאָן דוכאָווני (שפּאַניש) אַרויסגעטראָטן מיטן פאָרטראַג „די פּערזענלעכקייט פון פּראָפ׳ שמעון דובנאָוו״, אין שייכות מיט זיין 100סטן געבורטסטאָג, און דעם 11טן אָקטאָבער — מאַרק טורקאָוו, מיטן פאָרטראַג „נחום סאָקאָלאָוו, דער מנהיג און דענקער (צו זיין 100סטן געבורטסטאָג). אין די זעלבע ציקלען און אין די ראַמען פון די קולטור־אַקטן פון דעם ביכער־

חודש 1960 קומט אויך אַריין חיים פינקלשטיינס רעפעראַט פון 27סטן סעפטעמבער: „דער וועקער פון מענטשלעכן און יידישן געוויסן" (45סטער יאָרצייט נאָך י. ל. פרץ) — דריי 100־יאָריקייטן און צוויי יאָרצייטן וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר גרויסע יידישע עפּאָכעס און אומבאַשטרייטבאַרע ווערטן פאַרן יידישן פאָלקס־זיכרון, זיינען דערמאָנט געוואָרן, און זיי מאַכן אויס גאַנצע פינף צווישן די סך־הכל פופצן קולטור־אימפּרעזעס פון ביכער־חודש.

דעם 200־יאָריקן אַניווערסאַר נאָך דער פטירה פון ר׳ ישראל בעל־שם־טוב, האָט דער ישוב געפייערט סיי רעליגיעז, סיי וועלטלעך און פאָלקסטימלעך, באַלייכטנדיק אי דעם שעפער ווי זיין שאַפונג — דעם בעל־שם־טוב און דאָס חסידות. דעם 19טן אויגוסט האָט געהאַלטן אַ פאָרטראָג הרב הראשי ר׳ יעקב פינק אד"ט: „ישראל בעל־שם־טוב". יוסף רויזען האָט אין דעם זעלבן פּעריאָד אַרויסגעטראָטן אין די געגנטן מיט זיינע פאָרטראָגן: „ר׳ ישראל בעל־שם־טוב", „חסידות", „ר׳ ישראל בעל־שם־טוב און זיין רבי אחיה השילוני", „הערצל ביאַליק", און „ש. פרוג — דער דיכטער פון יידישן צער". מרדכי בערנשטיין איז אַרויסגעטראָטן וועגן דער הונדערט־יעריקייט פון אונדזער ישוב, וואָס פיגורירט אין זעלבן קולטור־זמן (פאַראַן אַ באַזונדערע און ספּעציעלע אַרבעט אין דאָזיקן בוך) מיט: „דובנאָוו — דער גאון פון דער יידישער היסטאָריאָסאָפיע", און „חסידות — די באַוועגונג פון לעגענדאַרער וואָר". יעקב באָטאָשאַנסקי: „געשיכטע אוןווירקלעכקייט" (צום 100סטן געבורטסטאָג פון ש. דובנאָוו), און „חסידות — 200 יאָר נאָך דער פטירה פון בעל־שם־טוב". משה שענדעריי: „200 יאָר נאָך דער פטירה פון בעל־שם־טוב".

אַזוי האָט דער היגער יידישער ישוב דורך דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון דער קהילה געפייערט די הונדערטיעריקייטן, יובילייען, אַניווערסאַרן און וויכטיקע יידיש־נאַציאָנאַלע דאַטעס פון דעם פאַרשיידנאַרטיקסטן מין, וואָס האָבן זיך אַלע באַגעגנט מיט איין יאָר — 1960 — ווי מען וואָלט דורך דעם אונטערגעשטראָכן, אַז אַרגענטינער יידן גייען אויפן ריכטיקן וועג פון דעם נצח־ישראל און אַז גיין אויפן דאָזיקן וועג דאַרף מען צוזאַמען מיטן בעל־שם־טוב און י. ל. פּרץ מיט הערצלען און ביאַליקן, מיט ש. דובנאָוו און ש. פרוג, מיט נחום סאָקאָלאָוו, מיטן גאַנצן יידיש־גייסטיקן באַגאַזש פון אַלע צייטן.

## טעאַטער-סובסידיעס, תנ"ך-קורסן, דער כאָר „הזמיר"

אויפן חשבון און דער טעטיקייט פון דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה קען אויך פאַררעכנט ווערן די סובסידיעס פאַרן יידישן טעאַטער. דער ערשטער באַשלוס וועגן דעם איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער פאַרוואַלטונגס־זיצונג פון 20סטן מאַי 1957. די טעאַטער־סובסידיעס האָבן זיך אָנגעהויבן בהדרגהדיק. צוערשט זיינען געשטיצט געוואָרן אייניקע פאָרשטעלונגען פון קינסטלערישן רעפּערטואַר. נאָך פאַרשיידענע עטאַפּן איז אויסגעברייטערט געוואָרן די דאָזיקע הילף אויף סיסטעמאַטישע סובווענצן, סיי פאַרן פּראָפעסיאָנעלן, ווי פאַרן געזעלשאַפטלעכן יידישן טעאַטער, מיט אַ חודשלעכער הילף במשך פון סעזאָן. במשך פון די לעצטע פּעריאָדן מיט עפנטלעכע זיצונגען, איז אויך דעבאַטירט געוואָרן וועגן טעאַטער־פּראָבלעמען. דאָס איז אויך איינע פון די אייגנאַרטיקייטן פון היגן קהילה־לעבן, וואָס האָט אַ וואַכן אויער און אָפענע אויג פאַר אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט יידישקייט, פון אַ יידיש טעאַטער ביז אַ כשרן רעסטאָראַן.

די תנ"ך־לעקציעס ביי דער קהילה זיינען דערעפנט געוואָרן דעם 27סטן מאַי 1958, און ווערן געפירט צוויי מאָל אין וואָך במשך פון קולטור־זמן. דאָס איז אַן אייגנאַרטיקער אופן צו לערנען תנ"ך, — שמועסן וועגן די נביאים אין שיין פון אַמאָל און דער היינטיקער צייט, — ווי עס טוט עס יוסף רויזען מיט זיינע אָפענע חושים פאַר אינטעגראַלער יידישקייט, וואָס מאַכט

נישט קיין אונטערשייד צווישן יידן און יידישע ריכטונגען און פאַרטייען, נאָר לייגט דעם טראָפ אויף דעם עיקר: זיך אויסלעבן יידיש און שעפן פון אַלע יידישע קוואַלן. אַזאַ מין לערנען תנ״ך איז אין גייסט פון אונדזער קהילה־לעבן און פון אונדזער היגן ישוב. אין די צייטן פון הרב צי־פערשטיין (1957־58) איז געמאַכט געוואָרן אַ פרווו צו לערנען אַ שיעור גמרא אין דער קהילה. די לעצטע פּאָר יאָר ווערט געפירט אַ קורס פון יידישער געשיכטע פאַר דער יוגנט (אויף שפּאַניש), מיט דער מיטווירקונג פון די קולטור־ און יוגנט־דעפּאַרטאַמענטן, און עס ווערט געפייערט אַלע יידישע ימים־טובים.

אַ באַזונדער פאַרדינסט פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה איז די שאַפונג פון „הזמיר״. אין פעברואַר 1958 איז געעפנט געוואָרן אַ קאָנקורס אויפן אַמט פון אַ כאָר־דירעקטאָר.




דער אַריינגאַנג אין זאַל פון דער ביכער־אויסשטעלונג אין יאָר 1962.

ס'איז געפונען געוואָרן ווי פּאַסיק פּאַרן דאָזיקן אַמט ה׳ בערנאַרד פייער — דער שעפער און גרינדער פון פּאָלקס־כאָרן, נישט בלויז דאָ אין בוענאָס־איירעס אַליין, במשך פון לאַנגע יאָרן. אונטער זיין אָנפירונג איז דער קהילה־כאָר „הזמיר״ נאָך די ראַנגלענישן פון די ערשטע גרינ־דונגס־יאָרן, געוואָרן אַן אמתער פּאָלקס־כאָר און איז אַריינגעוואַקסן אין דעם קולטור־לעבן פון אונדזער ישוב, סיי ווי אַ מוזיקאַלישע אינסטיטוציע, וואָס האָט באַוויזן אַריינצוציען יוגנט און דערוואַקסענע, און סיי ווי אַ טרעגער פון יידישער נגינה אויף אַלע גרעסערע און קלענערע קולטור־מאַניפעסטאַציעס פון יידישן אַרגענטינע. אין קולטור־זמן פון 1961 האָט דער „הזמיר״־כאָר צו פאַרצייכענען 31 אַרויסטריטן.

## דער קהילה-אַרכיוו פון פּרעסע-אויסשניטן

איינער פון די כאַראַקטעריסטישע אויפטוען פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה, איז דער אַרכיוו פון פּרעסע־אויסשניטן און זיינע יערלעכע זאַמלונגען, וואָס דערשיינען זינט 1955. דאָס זענען אמתע וועגווייזער פאַר דער צוקונפטיקער געשיכטע־פאָרשונג און פאַרן אויס־געפינען די גענויעסטע דאַטן און פּרטים וועגן דער מינדסטער געשעעניש אין אונדזער ישוב היינט צו טאָג.

ווי אַ סך גוטע זאַכן איז עס אויפגעקומען אויף דער איניציאַטיוו פון אַ יחיד, דעם שריי־בער ברוך האַגער, וואָס האָט אָנגעהויבן די דאָזיקע אַרבעט אין 1953, און עס איינגעפירט, לויט דעם זייער פּשוטן און גלייכצייטיק גענוג קאָמפּליצירטן קעטער סיסטעם, וואָס איז אויפגעקו־מען אין ראַטנפאַרבאַנד, און איז אויך אָנגענומען געוואָרן אין נאָרד־אַמעריקע און אַנדערע פאַר־געשריטענע לענדער פון דער מערב־וועלט. דאָס איז אַ סיסטעם פון קלאַסיפיצירן פּרעסע־אויסשניטן, לויט קאַטעגאָריעס און נומערן, וועלכע מען קאָן אויפן שטעל תיכף אויסגעפינען, לויט דער אָפּצייכענונג אין דעם קאַטאַלאָג. מ׳קאָן אַזוי אַרום אויסגעפינען אַלץ וועגן די אינס־טיטוציעס און יחידים, וועגן זייערע אויפטוען און דערגרייכונגען, עליות און ירידות, וועגן זייער לעבן און טויט, ממש פון אָנפאַנג ביזן סוף.

דאָס איז אַן אַרבעט קאָנצענטרירט אין איין צימער־אָפּטיילונג פון קהילה־בנין וואָס ברוך האַגער מיט דער הילף פון מערי קאַטשערגינסקי און אַ פּאָר יונגע מיטאַרבעטער, האָבן אַנט־וויקלט און פּערפעקציאָנירט, לויט דער מאָס פון אונדזער יידישן קהילה־לעבן און פּרעסע־וועזן, נישט בלויז אין לאָקאַלן לאַנד־מאַסשטאַב, נאָר אויך אין פאַרנעם פון דער ברייטער יידי־שער וועלט, און אַלץ וואָס ווערט געשריבן וועגן אונדז אומעטום ווערט קלאַסיפיצירט און אריינגעצויגן אין אַזעלכע אָפּטיילונגען, ווי: אַרגענטינע — יידישע וועלט, ביבליאָגראַפישע נאָטיצן און אַרגענטינע — ישראל. ווייטער קומען אַריין אַזעלכע וויכטיקע אָפּטיילונגען און קאַטעגאָריעס, ווי קהילה בוענאָס־איירעס; כלל־ענינים — בוענאָס־איירעס, געגנטן, ועד הקהי־לות, פּראָווינץ; חינוך; קולטור־ענינים; געסט אין אַרגענטינע; באַערונגען און באַגריסונגען; פּטירות און אזכרות; וואַלן אין דער קהילה; חודש פון יידישן בוך; רעליגיעזע ענינים.

וועגן פאַרנעם פון דאָזיקן אַרכיוו וועט זיין גענוג אָנצווייזן אַז הגם דער יאָר־בוך פון 1956, האָט שוין די זעלבע 14 קאַטעגאָריעס און אָפּטיילונגען, ווי היינט־צו־טאָג, איז אָבער די צאָל זייטן 113 מיט 3.570 אויסשניטן; אין 1957 — 224 זייטן מיט 6.746 אויסשניטן; אין 1958 — 284 זייטן מיט 9.142 אויסשניטן; אין 1959 — 241 זייטן מיט 7.708 אויסשניטן. די לעצטע זאַמלונג פון 1961 האָט 7.034 אויסשניטן און 206 זייטן.

אַ דאַנק דעם דאָזיקן פּרעסע־אַרכיוו און זיין פּערפעקטן קלאַסיפיקאַציע־סיסטעם וועט גאָרנישט פאַרלאָרן גיין און פאַרגעסן ווערן, מיטן גאַנג פון דער צייט; פון דעם קלענסטן לאַנדס־לייט פאַראיין, ביז דער וויכטיקסטער אינסטיטוציע; פון דעם מנהיג, ביז דעם באַשיידענעם עסקן, — אַלץ, וואָס איז נאָר, וועגן וואָס עס זאָל נאָר נישט זיין אַרויסגעקומען געדרוקט אויף פּאַפּיר, וועט אויסגעפונען ווערן שנעל און דירעקט אין דעם זעלבן מאָמענט, וואָס עס וועט נייטיק זיין, לויטן וועגווייזער פון פּרעסע־אַרכיוו פון דער קהילה, וועלכער איז דער פּאַקטישער ספר־הזכרונות פון היגן ישוב.

## די ווייטערדיקע יאָרן — אונטערן צייכן פון קולטור-חינוך-יוגנט

די קולטור־אַרבעט פאַר דערוואַקסענע, וואָס איז אַזוי ווירקנדיק און כלל־ישראלדיק פאָר־נאַנדערגעוויקלט געוואָרן דורכן קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון דער קהילה, איז פון תמיד אָן גע־גאַנגען האַנט ביי האַנט מיט אַ גרויסער חינוך־אָנשטרענגונג, וואָס האָבן אין די לעצטע יאָרן

אַרויסגערוקט אַ דריטע וויטאַלע נויטווענדיקייט פאַרן גייסטיקן לעבן פון ישוב און אַזוי אַרום, האָט זיך געשאַפן דער דרייעק — קולטור, חינוך, יוגנט.

דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען וואָס ווייטער אַלץ מער פּלאַץ אויף די דיסקוסיעס פון די פאַרוואַלטונגס־זיצונגען און עס האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטעלט אַן ענגער קאָנטאַקט מיטן קולטור־דעפּאַרטאַמענט און עס פירט צו דעם, אַז דאָס מאָל זאָל אויך דערגיין צום וועד־החינוך המרכזי, פאַר דער געמיינזאַמער אָנשטרענגונג צו דער־גיין צו דעם ייִנגערן דור, וואָס קאָנצענטרירט זיך אַרום די בתי־עם און יוגנט־אינסטיטוציעס און ווילן זיך אויסלעבן ייִדיש.




די קהילה־פאַרוואַלטונג און פאַרבעטענע געסט ביי דער געזעגענונג פון מרדכי שטריגלערן.

די דאָזיקע טענדענץ שפּילט זיך אָפּ די לעצטע פּאָר יאָר אין אונדזער קהילה־טעטיקייט. אין 1961 איז איינגעפירט געוואָרן אַ קורס פון ייִדישער געשיכטע אויף שפּאַניש אין קהילה־בנין, פּאַראַלעל מיט אַ ברייטער יוגנט־אַרבעט אין די געגנטן און פּעריפעריע פון גרויס בוענאָס־איירעס און דורכן וועד־הקהילות אין פּראָווינץ. דער חודש פון ייִדישן בוך און דער קולטור־זמן האָט אָנגעהויבן אַרויסצווייזן מער אויפמערקזאַמקייט און פאַרשטענדעניש פאַר דער יוגנט. צוזאַמען מיטן ביכער־פאַרקויף איז איינגעפירט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פאַר מוזיק־פּלאַטן, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין זייער אַ געלונגענער אָנהייב, טראָץ דעם, וואָס אין די פריִערדיקע יאָרן האָט זיך אַן ענלעכער פּרווו מיט דער „זימרה" נישט איינגעגעבן.

די פייערונגען פון דעם בר־מצווה יום־העצמאות פון דער קהילה, מיט אַ רעגיסטראַציע פון די קינדער וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין זעלבן טאָג, חודש און יאָר פון דער מדינה־גרינדונג, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער פאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט נישט נאָר דער־

נענטערט יידישע פאַמיליעס דורך די קינדער צו ישראל, יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק און קהילה־לעבן, נאָר אויך צו דער יידישער קולטור און האָבן געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג, סיי אין דער ברייט ווי אין דער טיף.

## די זעקס יאָר און דאָס זיבעטע

אויב מ'זאָל אָננעמען די הנחה, אַז די געשיכטע פון אַ פאָלק איז קודם־כל די געשיכטע פון זיין קולטור, איז עס גאַנץ באַזונדער חל אויפן יידישן פאָלק. להיפוך צו די אומות־העולם, האָבן מיר נישט אין אונדזער ספר הזכרונות צו פאַרצייכענען קיין טעריטאָריעלע דעראָבערונגען, קיין נעמען פון גרויסע קריגס־פירער און גענעראַלן, ביז דער גאָר לעצטער צייט, ווען דער געשיכטלעכער גורל האָט אונדז ממש אַרויפגעצוווּנגען צו נעמען אויך די שווערד אין האַנט, זענען מיר געווען דער עם־הספר פאַר־עקסעלאַנס, דער אוניקום צווישן די פעלקער, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אויף אַ בלויזער גייסטיקער טעריטאָריע. די דאָזיקע קולטור־טראַדיציע איז דער קנין לעולם ועד פון עם ישראל, און איצט אויך פון מדינת־ישראל, און אַרגענטינער יידן מעגן זיך איבערנעמען מיט זייער קליינער גייסטיקער טעריטאָריע, אין פאַיע פון קהילה־הויז, ביים ביכער־חודש, און אין רעלאַטיוו באַשיידענעם זאַל פון קהילה־בנין; גרויסע זאַכן ווערן נישט געשאַפן דווקא אויף גראַנדיעזע פלעצער און גרויסאַרטיקע טעמפלען, ווייל אין מלכות פון גייסט, איז דער שטח און אומפאַנג — רעלאַטיוו.

רעדן מיר וועגן די זעקס יאָר פון 1956־1961, קאָן מען נאָך זאָגן, אַז דאָס זענען געווען רעלאַטיוו נאָרמאַלע און רויקע יאָרן פאַרן היגן יידישן ישוב, הגם די שפּאַנונג האָט זיך אויס־געוויקלט בהדרגהדיק און געגאַנגען כסדר פאָרויס, אָבער אין 1962 האָבן מיר שוין געפילט די שווערע אונטערערדישע קלעפּ אונטער די פיס און אין סאַמע הויכפּונקט פון דעם קולטור־זמן, האָבן אויך אַרויסגעזעצט די ערשטע פלאַמען פון פיזישן אָנגריף און אַנטי־יידישע אויסברוכן.

דער קולטור־זמן פון 1962, האָט אפשר נישט ווייניקער, ווי דער באַרימטער דאַנערשטיק נאָכמיטיק פון יידישער סאָלידאַריטעט, באַוויזן דעם גייסטיקן כוח פון אונדזער ישוב. גרויסע יידישע קולטור־מאַניפעסטאַציע מיט אַ געדריקטער צייט, סיי עקאָנאָמיש, ווי פּאָליטיש, פאַרן זיך נישט, בפרט אַז די שטימונג האָט געהויערט מיט פּאַניק און שווערע פאָרגעפילן. פון דעסט־וועגן איז דער לעצטער קולטור־זמן, פון אָנהייב ביזן סוף, געווען איינער פון די אינטענסיוו־סטע, סיי אין דער ברייט, ווי אין דער טיף, און האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיטן צווייטן באַזוך פון מרדכי שטריגלער, ווי דער קולטור־גאַסט ביי דעם חודש פון יידישן בוך, און ער האָט צוגעצויגן גרויסע מאַסן אויף זיינע פאָרטראָגן. דער קולטור־זמן 1962, האָט באַשטעטיקט דעם אַלטן כלל, אַז דאָס גייסטיקע כלי־זין איז דער גרעסטער כוח פון יידישן פאָלק אין דער גרויסער וועלט.

ציפערן זענען די בעסטע עדות, זיי רעדן מער חי ווערטער און זיי קאָנען זיין דער בעס־טער מליץ־יושר פאַרן אויסדויער און גייסטיקן ווידערשטאַנד־כוח פון אַרגענטינער יידן. אין דעם שווערסטן יאָר, זענען נישט נאָר אויפגעהאַלטן געוואָרן די דעראָבערטע פּאָזיציעס און מען האָט נישט געדאַרפט אָנקומען, ווי עס פּירט זיך אין אַ שוואַרצן טאָג, צו לעבן פון גרייטן, נאָר מען האָט אַפילו געמאַכט אַ שטיקל שריט פאָרויס און באַרייכערט דעם גייסטיקן רכוש פון אונדזער ישוב. אין לעצטן קולטור־זמן איז אויפן סמך פון די באַראַטונגען מיט די אָרטיקע עסקנים, פּערפעקציאָנירט געוואָרן דער סיסטעם פון די געגנט־קורסן, און עס זענען אַריינגע־בראַכט געוואָרן ענדערונגען אין די שעהן, אַנשטאָט פרימאַרגנס, זענען אין מאַנכע פּונקטן איינגעפירט געוואָרן מוצאי־שבת צוזאַמענקונפטן, זונטיק פאַרנאַכטן און אָוונטן, לויט די נויט־ווענדיקייטן פון יעדער געגנט און עס איז געוואָרן אויס מיט בלויז אַ פּאָר מנינים צוהערער; דאָס זעלבע איז געטאָן געוואָרן מיט דער טעמאַטיק און קולטור־פּראָגראַמען. עדות

זענען די ציפערן פון ביכער־פאַרקויף אין 1962, וואָס שטייגן איבער דעם פאַריקן יאָר, הגם די באַדינגונגען אויפן פלאַץ, ווייזן אָן אויף אַ מוראדיקער עקאָנאָמישער ירידה, וואָס איז פון תמיד אָן אַ צווילינג־ברודער פון גייסטיקער דעפּרעסיע.

עס זענען פאַרקויפט געוואָרן אין 1962:

11.192 ביכער אין שפּאַניש

4.186 ביכער אין יידיש

2.494 ספרים אין עברית.

סך־הכל: 17.672 ביכער און ספרים, אויפן באַטרעף פון 2.596.914 פּעזעס און 1.266 מוזיק, אויפן באַטרעף פון 362.086.

מיר שליסן די דאָזיקע אַרבעט פון אָפּשאַצונג און איבערבליק, מיט דער זיכערקייט אַז 1962 איז געווען דאָס יאָר פון אונדזער גרעסטן נסיון און מיט דער האָפענונג אַז די קומענדיקע יאָרן וועלן מיר נישט נאָר קאָנען ווייטער פאַרזייען, נאָר אויך שניידן די גערעטעניש אין די יונגע דורות, און פּונקט ווי עס איז אין אונדזער דור מקוים געוואָרן דער „שיר־המעלות בשוב ה׳ את שיבת ציון״, זאָלן מיר אויך זוכה זיין צו „הזורעים בדמעה ברינה יקצרו; הלוך ילך ובכה נשא משך־הזרע בא־יבא ברינה נשא אלמתיו״.






כינוס פון חינוך־עסקנים אין יאָר 1957. דערעפענונגס־וואָרט פון ד״ר ר. גאַוויק, פּרעזידענט פון וועד־החינוך.
פון לינקס אויף רעכטס: ח. קאַנאַנאַוויטש, ב. קאָברינסקי, י. בערנשטיין, ח. טשאַלקאָוו, ד״ר ר. גאַוויק, ז. אָרענשטיין, ח. פינקעלשטיין, משה שריג־שטיינבערג, ח. סעפּער.

לייב גאָלד

# אַ ישוב אין גערַאַנגל...

ביים שרייבן דעם אַריינפיר צום באַריכט פון 5 יאָר טעטיקייט פונעם ועד החינוך המרכזי, דאַרף מען קודם־כל באַטאָנען די אַלע ראַנגלענישן און זוכענישן וואָס האָבן געפירט דערצו, אַז דער וועד החינוך הראשי מיטן וועד החינוך ביי דער בוענאָס איירעסער קהילה זאָלן זיך צו־זאַמענגיסן אין איין קערפּערשאַפט, כדי אַלע יידישע שולן פון אַרגענטינע זאָלן אָנגעפירט ווערן פון איין מוסד. דאָס איז געווען נישט גאָר קיין לייכטע אויפגאַבע, ווען מיר נעמען אין באַטראַכט די גרייס פונעם לאַנד, די מרחקים פון איין שול ביז דער צווייטער און במילא אויך די קלימאַטישע, טאָפּאָגראַפישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון די צעשפּרייטע ישובים, וועמעס יידישע באַפעלקערונג מאַכט אויס, אין בעסטן פאַל אַ ברוך־טייל פון אַ פּראָצענט פונעם גאַנצן אַרום. מען דאַרף דערביי געדענקען, אַז אין אַ גרויסער צאָל ישובים איז די שול דער איינציקער פלאַץ וווּ עס ווערן באַנוצט די קוואַדראַטנע אותיות; אַז אין אַ סך ערטער איז יידיש לשון לגמרי פרעמד און דער תלמיד איז דער איינציקער וואָס לערנט אין אַ יידיש, אָדער העברעיש ספר. שאַפן פון די אַלע שולן, צוזאַמען מיט די שולן פון דער הויפּטשטאָט, אַן איינ־הייט, אויסבילדן לערערס און מדריכים פאַר די אַלע אַנשטאַלטן, צוגרייטן דידאַקטישע מאַטער־יאַלן, זיין פאַרבונדן מיט די פאַרוואַלטונגען און דירעקציעס, לערער־אָרגאַניזאַציע און קהילות, נעמען אויף זיך אַזאַ גרויסע אחריות און דער וועד החינוך המרכזי זאָל דאָך נישט זיין קיין אויטאָנאָמע קערפּערשאַפט, איז געווען נישט קיין לייכטער ענין. וויסנדיק דאָס און נאָך עפּעס, אפשר דאָס וויכטיקסטע, אַז די שול איז בעוונותינו הרבים, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, די איינציקע גאַראַנטיע פאַר אונדזער המשך, מוז מען באמת פאַרמאָגן אַ גרויסע דאָזע פון עקשנות ניט נאָכצוגעבן, נישט זיך אונטערצוגעבן, ווייל דער עיקר איז דאָ דער געראַנגל. אַזוי לאַנג מיר וועלן אָנהאַלטן דעם געראַנגל אָן חשבונות, וועלן מיר אויספירן.

מיט 5 יאָר צוריק — 1957 — האָבן מיר נישט געהאַט קיין סך ווייניקער תלמידים אין די שולן ווי איצט. נאָך 5 יאָר אַרבעט, קענען מיר נישט אונטערציען אַ סך־הכל פון אַ פאַר־גרעסערטע צאָל תלמידים אין דער אָנפאַנג־שול. אָבער מאָדנע, מיר האָבן אין פאַרלויף פון די 5 יאָר צו פאַרצייכענען אַן אַנדערן אַקטיוו: אַ גרעסערע צאָל יינגע אינטעליגענטע מענטשן, איבער 1.500, כן ירבו, וואָס פילן אויס אונדזערע תיכונים, סעמינאַרן, מדרשה ווי אויך ישי־בות, נישט נאָר אַלס תלמידים, נאָר אויך ווי לערערס. מיר פאַרמאָגן אַ יינגע אינטעליגענץ, זייער אַ וויכטיקע, וואָס קומט נישט מער צו גרייטע טישן, נאָר זיי גרייטן אַליין די טישן. איי־גענע מועדונים, אייגענע אויסגאַבעס. מיר האָבן אַ יוגנט, וואָס איז שוין מיט אונדז נישט צו־פרידן און כאָדערט, פאַרלאַנגט און קריגט זיך מיט אונדז. די צוזאַמענאַרבעט פון ישראל דורכן מכון גרינבערג און מכון גולד איז נישט אָפּצושאַצן אין דער אויספאָרמירונג פון די דאָזיקע יונגע אינטעליגענטן און לערערס.

מיר פאַרמאָגן איצט אַ סעמינאַר אין מאָזעסוויל, וואָס קען און וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אוניקום אויפן דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט. דער מפעל קרית־משה (מאָזעסוויל), וואָס האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלענדיק, קען זיכער אין גיכן זיך פאַרוואַנדלען אין איינעם פון די וויכ־טיקסטע אַנשטאַלטן פאַר דער אויסבילדונג פון לערערס און מדריכים פאַר אונדזערע ישובים אויף דער פּראָווינץ. ווען מיר קוקן פון איין זייט אויף אונדזער יוגנט, אויסגעבילדעט און דערצויגן אין אונדזערע אַנשטאַלטן און מיר האָבן אין זינען אין וועלכע באַדינגונגען זיי זיינען




2טער חינוך־קאָנגרעס אין יאָר 1960, מיטן אָנטייל פון בן יהודה.
פון רעכטס אויף לינקס: אינזש׳ נ. ראַדזשיכאָווסקי, הרב י. פינק, ד״ר ט. קאַמענשיין, ד״ר י. בן יהודה, ל. גאָלד, ז. אָרענשטיין, י. בערנשטיין, פּ. גרייזער, מ. אַלפּערט.

אויסגעוואַקסן (בימי פּרעאָן); ווען מיר נעמען אין באַטראַכט דעם אַלגעמיינעם קריזיס און אַנאַרכיע וואָס אונדזער לאַנד האָט דורכגעמאַכט און מאַכט דורך, מוז מען מודה זיין, אַז אין די באַדינגונגען האָבן מיר נישט ווינציק דערגרייכט. מיר האָבן אין אונדזער רשות אַ גענוגנדיקע צאָל ייִנגע מענטשן וואָס איז גרייט צו לערנען, וואָס רייסט זיך מיט אַלע כוחות צו פאָרן לערנען קיין ישראל און וויל מאַכן פון לערערײַ אַ קרדום לחפר בו. בלייבט נאָר פאַר אונדז זיי צו העלפן, זיי צו דערמעגלעכן דאָס צו דערגרייכן.



דערעפענונג פון חינוך־קאָנגרעס מיטן אָנטייל פון זלמן שזר.

מיר האָבן נישט באַוויזן צו פאַרגרעסערן די צאָל תלמידים אין די שולן. אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס זיינען צוגעקומען נייע קלאַס־צימערן און מיר פאַרמאָגן אַ גרויסע צאָל שולן, אפשר צו אַ גרויסע צאָל, אַ גרויסע צאָל כתות און אַ קליינע צאָל תלמידים. מיר פאַרמאָגן אַ צו גרויסע צאָל שולן, ביי וועלכע מען דאַרף האָבן אַ גוטן ווילן זיי צו אָנרופן שולן, אויסער 10, זיינען אונדזערע שולן נישט גענוג גוט אָרגאַניזירט. במילא קענען קינדערגערטנער נישט זיין בעסער. די פּיצעלעך קינדער דאַרפן נאָכיאָגן דעם פּולמאַן פון דער שול און פאַרברענגען אין קינדערגאָרטן בלויז די צאָל שעהן וואָס דער פּולמאַן דערלויבט זיי, און נישט וויפל מען וואָלט געדאַרפט. ס'איז אונדז אָבער נישט געלונגען רעדוצירן די צאָל שולן, ווייל יעדעס מאָל וואָס עס האָט דערביי באַקומט זיך, אַז נישט קיין שול דאַרף מען צומאַכן, נייערט אַ צענטער אַ גאַנצן, וואָס איז אָפּהענגיק און אָטעמט בלויז מיט דער שול. אויף דעם געביט פון רעאָרגאַניזירן אונדזער שול־וועזן, האָבן מיר דערוויל ווייניק־וואָס דערגרייכט.

וואָס אונדז איז יאָ געלונגען, איז שאַפן דעם באַוווסטזיין ביי אַלע אַנשטאַלטן, אַז זיי זיינען פאַרבונדן מיטן וועד החינוך המרכזי, אַז ס'איז דאָ אַ געמיינזאַמע פאַראַנטוואָרטלעכקייט

נישט נאָר לגבי דער שול, נייערט לגבי דעם גאַנצן ישוב. אָט־דער געפיל פון „אחד״ וואָס גייט דורך ווי אַ חוט השני אין דער פאַרוואָרפנסטער שול אין די מרחקים פון גענעראַל־ראָקאַ, אין רויום פון אַרגענטינע, ביז דער גרעסטער שול פון בוענאָס־איירעס. פון דעם קלענסטן קינדער־גאָרטן ביז דער מדרשה און מכון גרינברג, איז איינע פון די וויכטיקסטע דערציִונגס־פאַקטאָרן פאַר אונדזער המשך. מיר זיינען נישט אַליין. מיר זיינען פאַרבונדן מיט אַ צענטראַלע וואָס נעמט אַרום דעם גאַנצן ישוב און זי, די דאָזיקע צענטראַלע, איז פאַרבונדן דירעקט מיט ישׂראל, שיקט אַהין אירע תלמידים, ס׳איז דאָ אַ שיתוף פעולה. מיר האָבן בכן אַ ווייטערדיקן גאַנג. ער ענדיקט זיך נישט אין דעם קליינעם ישוב, נישט אַפילו אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס. מיר האָבן אַ ברייטערן האָריזאָנט. מיר קענען רעדן פון אַ תכלית און אַפילו העכערן ציל ווי בלויז וועגן אַ לערער פון אַ פאָלק־שול. די עצם־עקזיסטענץ פון אַ גרעסערער צאָל מיטלשולן, סעמינאַרן, מדרשה, ישיבות, אָוונט־קורסן פאַר בוגרים א״אַ, גיט אַ מעגלעכקייט



די קהילה־פאַרוואַלטונג און דער וועד־החינוך נעמען אויף זלמן שזר, יאָר 1961.

אַן און פאַר זיך, פאַרן יידישן אינטעליגענטן מענטש. אונדזער וועג גייט נאָך ווייטער: ער דער־גייט ביזן אוניווערזיטעט פון ירושלים. אונדזער לעצטער פרווו צו שיקן היינטיקס יאָר לע־רערס מיט אַ פראַקטיק פון לכל הפחות אַ יאָר אָדער צוויי; אונדזער פרווו צו שיקן 3 פון אונ־דזערע בעסטע אַביטוריענטן מיט דעם אויסזיכטן צו שטודירן אין דער ירושלים־אוניווער־זיטעט, בכדי אויסצובילדן ייִנגע כוחות פאַר אונדזערע אַנשטאַלטן, איז אַן עקספּערימענט אויף וועלכן מיר לייגן גרויסע האָפענונגען, און קען אויך דינען פאַר אַ סטימול פאַר אַנדערע.

מיר זיינען געווען געוואַלדיק באַזאָרגט; עס פעלן אונדז אויס עסקנים. מיר האָבן גע־דאַגהט: אונדזער שול הענגט אין דער לופטן, אָפּגעטיילט פונעם אַרום. וואָס האָבן מיר אויף דעם געביט דערגרייכט? דער פאַקט וואָס אין אַ געוויסער צאָל שולן עקזיסטירן שוין עלטערן־קלובן, מיר אונטערשטרייכן עלטערן־קלובן און נישט קאָמיטעטן, איז אַ באַשטעטיקונג, אַז מיר זיינען אויך דאָ געגאַנגען אויפן ריכטיקן וועג. שול און היים האָבן זיך געטראָפן אין קלוב ביי־

דער שול. דער נאָמען בית־עם איז געווען אַ געלונגענער און איז מחייב. אונדזער שול איז נישט נאָר אַ שול, נאָר אַ פאָלקס־הויז: שיל, שול, קלוב פאַר יוגנט און דערוואַקסענע. דער עצם פאַקט וואָס מיר פאַרמאָגן איצט אַ שיכט יינגע מענטשן וואָס האָבן אויפגעהערט זען דעם גאַנצן ענין שול ווי אַ זאַך פון פילאַנטראָפיע, איז ביז גאָר וויכטיק. אַנשטאָט צו דאגהן פאַר אַנדערע, זאָרגן זיי פאַר דער אייגענער אויסלעבונג אין דעם קלוב וואָס ביים בית־עם. באַקומען טאַקע לעצטנס די שולן אַן אַנדער פנים. אַן אייגענע היים בויט מען אַנדערש.

איצט ערשט קענען מיר אָנהייבן אַריינברענגען סדר, זאָרגן פאַר דער אויסבילדונג פון אַ גוטן לערער פאַר דער שול, אַ גוטן מדריך פאַרן קלוב און אַ גוטן דערציער פאַר די זומער־קאָלאָניעס, ווייל מיר האָבן שוין מיט וועמען צו אַרבעטן. אַזוי האָבן מיר טאַקע שוין אינס־פעקציע אין די מיטלשולן, אַ גוטן לערער און מדריך געבראַכט פון ישראל פאַרן מאָזעסווילער סעמינאַר, אינספעקציע און ספּעציעלע קורסן פאַר די מדריכים אין די זומער־קאָלאָניעס, פער



לערער און עסקנים אויף דעם חינוך־קאָנגרעס פון יאָר 1961.

מאַנענטע השתלמות־קורסן פאַר לערערס, און מיר שיקן לערערס קיין ישראל, אין מכון גרינ־ברג, אַנשטאָט אַביטוריענטן, ועל כולם האָבן מיר אויך געבראַכט אַ מנהל פאַרן ועד החינוך המרכזי און אַ מנהל פאַר דעם לערער־סעמינאַר. מיר פאַרמאָגן איצט אַלע אינסטרומענטן און מעגלעכקייטן פאַר דער בעסערער אָרגאַניזירונג פון אונדזער שול־וועזן.

מיר קענען איצט צוטרעטן עפּעס טאָן נישט נאָר אַרום דער שול, נייערט אויך אין די גראַדן. עס איז גוט וואָס כמעט אַלע פאַרשטייען שוין, אַז נאַציאָנאַלע דערציונג פון יינגן דור איז היינט די הויפּט־פּראָבלעם און חוב נישט פון ישוב אַלס אַ כלל, נאָר עס איז די זאַך פון יעדן יחיד וועלכער דאַרף און מוז עס נעמען ווי אַן אינדיווידועלע פּראָבלעם.

אמת איז, הגם אונדז איז געלונגען אַוועקשטעלן דאָס פּראָבלעם פון חינוך אין צענטער פון די זאָרגן פון דער קהילה אין בוענאָס־איירעס, ווי אויך אין אַנדערע קהילות, אויף וואָס עס וויזט אָן די פּאָזיציע וואָס עס פאַרנעמט אין די קהילה־ביודזשעטן דער חינוך־וועזן, איז אָבער וואָס שייך דעם יחיד, זיינען מיר נאָך ווייט הינטערשטעליק. בלויז 10% פון די עלטערן צאָלן געוווּג שכר־לימוד, אַז עס זאָל דעקן די הוצאות, טראָצדעם וואָס מיר זיינען זיכער, אַז זייער עקאָנאָמישער מצב איז אין אַ פאַרקערטער פּראָפּאָרץ. קען זיין, מיר האָבן צו ווייניק געטאָן אויף דעם געביט. ביז איצט זיינען מיר געשטאַנען אין קאָנטאַקט בלויז מיט שול־עסקנים און ווייניק אויפקלערונג־אַרבעט געפירט צווישן די עלטערן.

עפּעס האָבן מיר יאָ געפּרוּווט אויף דעם געביט און דאָס איז, דער פּרוּוו פון אַ סטאַטיס־טישן דעפּאַרטאַמענט, וועלכער איז אונדז נישט איינגאַנצן געלונגען צוליב פעלן פון צוגע־פּאַסטע עלעמענטן. מיר האָבן דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון שול־וועזן אין אַר־גענטינע, קאָנצענטרירט אויף איין פּלאַץ אַלע נעמען פון די תלמידים, ווי אויך פון לערער, פון אַלע אונדזערע לערן־אַנשטאַלטן. אַזוי איז אונדז געלונגען עפּעס לערנען וועגן דעם סאָ־ציאַלן שטאַנד פון די עלטערן, זייער עקאָנאָמישע סיטואַציע, פּאַכן וואָס ווערן פאַרשווונדן ביי אונדז, פּאַכן ביי וועלכע עלטערן אַסימילירן זיך ווייניקער, אָנגעהעריקייט פון די יינגע על־טערן צו דער קהילה. צי זיי רעדן, לייענען און שרייבן ייִדיש און דער עיקר־פּראָבלעם, אויף וויפל די קאָסטן פון דער אָנגעהעריקייט צו די אַנשטאַלטן זיינען בכוח צו פאַרטרייבן דעם יונגן מענטשן מחמת זיי זיינען פאַר אים צו טייער.

און אויף צום סאַמע סוף: ס׳איז גוט מיר זאָלן האָבן פאַר אונדזערע אויגן די אַזוי פּאָפּו־לערע ערשטע לעקציע פון פיזיק וועגן טראָפּן וואַסער, וואָס איז, אין תוך גענומען, דער ערשטער קאָנפליקט צווישן חומש בראשית און פיזיק, דער „יש מאין" און „יש לאין". דער טראָפּן וואַסער דעמפּט אויס, גייט אַרויף אין די הימלען, פאַרוואַנדלט זיך אין וואָלקנס און עס פאַלט אַראָפּ אַ רעגן וואָס באַפרוכפּערט אונדזער מאַמע ערד. אַ טראָפּן וואַסער, נאָר זע וואָס פון אים קען ווערן, מכל שכן, אַ מיליאָן פינף הונדערט טויזנט נשמות פון ייִדישע קינדערלעך וואָס זיינען אויפגעגאַנגען אין פלאַמען און אַרויף אין די הימלען. כ׳ווייס נישט, צי זיי זיינען געפאַלן צוריק אויף אַרגענטינער ערד. אָבער זיכער איז, אַז ערגעצוו, אין די הויכקייטן, האָבן זיי די אבות מקבל פּנים געווען, באַגלייט פון אַלע אונדזערע גיבורים און קדושים פון נעכטן און פון היינט, פון אַלע צייטן, און פון אויבן האָבן זיי אויף אונדז גוזר געווען: לעבן — כי במותם צוו לנו את החיים.

אַזוי און נאָר זאָלט איר אונדזערע באַריכטן לייענען; נישט קיין דין און נישט קיין חשבון, נאָר אַ געראַנגל, אַ געראַנגל פון אַ ישוב וועמען עס איז פאַרזאָגט געוואָרן ער זאָל בלייבן לעבן.



בערל קאָברינסקי

# די אַנטוויקלונג פון אונדזער שול־וועזן במשך די לעצטע זעקס יאָר

## (אַ סינטעטישער באַריכט פון דער שול־אַרבעט אין בוענאָס־איירעס)

אונדזער שול־וועזן האָט במשך די לעצטע 5 יאָר (1957־62) דורכגעמאַכט קענטיקע ענדערונגען. עס זיינען במשך דער צייט באַזייטיקט געוואָרן די סיבות וואָס האָבן געשטערט צו דערפירן אונדזערע דערציִונגס־אַנשטאַלטן צו זייער איצטיקן מעמד, מיט אַ גרינטלעך־ אויסקריסטאַליזירטער, אידעאָלאָגישער און פּראָגראַמאַטישער סטרוקטור.

איינע פון די הויפּט־זאָרגן וואָס באַאומרויִקט אונדזער געזעלשאַפט בכלל און די חינוך־מנהיגים בפרט, איז דאָס פּראָבלעם וואָס צו טאָן, אַז אונדזערע קינדער זאָלן באַקומען אַ קלאָרן באַוווּסטזיין וועגן זייער יידישקייט; ווי מאַכט מען, אַז די דערצויגענע אין אונדזערע דערציִונגס־אַנשטאַלטן זאָלן אויסוואַקסן גוטע ייִדן?

מיר האָבן זיך דאָך געשטעלט זייער אַ וויכטיקע און ריזיקע אויפגאַבע: מיר דאַרפן דורך דער אינעווייניקסטער שול־אַרבעט באַזייטיקן יענע שטרויכלונגען, וואָס שטערן, אַז דאָס ייִדישע קינד, מיט זיין פּסיכיש־קאָמפּליצירטן באַנעם, זאָל זיך קענען אַריינוועבן, טראָץ אַלע פאַרבן און ניואַנסן פון דרויסנדיקן איינפלוס, אין געוועב פון אונדזער לעבן.

מיר האָבן במשך פון פיל יאָרן געבויט שולעס, און זיך אָנגעשטרענגט אויסערלעך צו קאָנסאָלידירן און אינערלעך זיי צו קאָנטראָלירן.

דורך דער שולע האָבן מיר געזוכט די וועגן און די מיטלען צו עפענען פאַרן קינד באַדייטנדיקע קאַנאַלן פון איינפלוס אויף זיין צוקונפטיקן לעבנס־וועג. די שולע האָט זיך אָנגעשטרענגט אונטערצושפּאַרן דעם יונגן דור מיט אַ סאָלידן ייִדישן יסוד, כדי עס זאָל אין דער צוקונפט דערפילן אַ פּסיכישע נויטווענדיקייט צו פאַרבינדן זיינע פּערזענלעכע אַספּיראַציעס בשותפות מיטן ייִדישן ציבור.

די שולע האָט געזוכט די מיטלען צו שאַפן אַטמאָספער, סביבה, און בכלל די אַלע כלים וואָס דורך זיי זאָל דאָס קינד שעפּן וויסן, קענען איינזאַפּן אין זיך די ייִדישעווירקלעכקייט פון אונדזער צייט.

במשך פון די לעצטע פינף יאָר האָט די קהילה און דער וועד־החינוך זיך אויסערגעוויינלעך אָנגעשטרענגט כדי ביי די עקסיסטירנדיקע אומשטענדן און באַדינגונגען צו באַאיינפלוסן די חינוך־אינסטיטוציעס, און זיי צו דערפירן צו דער מדרגה פון קוואַלן אין וועלכע דאָס ייִדישע קינד זאָל קענען שעפּן היסטאָרישע המשכדיקע צוגעבונדנקייט צום פאָלק, נאַציאָנאַלע באַגייסטערונג און גלויבן אין דער אייגענער אומה.

אין 1957 איז רייף געוואָרן דער געדאַנק צו שאַפן אַ צענטראַלן חינוך־אַנשטאַלט פאַרן גאַנצן לאַנד און דעם 13/9/57 איז אויף אַ זיצונג פון דער קהילה באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ

צענטראַלן וועד־החינוך. עס זיינען שוין דאָן דיסקוטירט געוואָרן די יסודות פון זיין צוזאַמענ־שטעל, זיינע צילן און טעטיקייטס־מעטאָדן.

שוין אין משך פון די ערשטע יאָרן פון דער עקסיסטענץ פון צענטראַלן וועד־החינוך, האָט זיך דערפילט אין דער דערציִונגס־אַרבעט אַ נייער אימפעט; און אין פאַרשיידענע שולעס איז סטימולירט געוואָרן דער ווילן צו געוואַגטע עקספערימענטן. אַ סך צוזאַגנדיקע פערספּעקטיוון האָבן אָפּגעפרישט די איבערצייגונג, אַז ס׳זיינען מעגלעך פּאָזיטיווע דערגרייכונגען.

די קהילה האָט נישט געזשאַלעוועט קיין גרויסע סכומים פון איר יערלעכן בודזשעט אויף סובסידיעס פאַרן וועד־החינוך. במשך די יאָרן האָט די קהילה אויסגעגעבן אויף דער חינוך־טעטיקייט:

| | | |
|---|---|---|
| 1957 | 12.574.724,60 | פעזעס |
| 1958 | 15.720.681,90 | „ |
| 1959 | 21.421.000,00 | „ |
| 1960 | 35.300.846,30 | „ |
| 1961 | 37.898.900,00 | „ |

אין 1960 איז די קהילה־סובסידיע פאַרגרעסערט געוואָרן פון 48 % אויף 60 % פאַרן דאָ־צענטן־פּערסאָנאַל פון די קינדער־גערטנער און פאָלקשולעס, און 70 % פאַר די מיטל־שולעס, און דאָס אַלץ בכדי צו דערגרייכן בעסערע רעזולטאַטן אין דער אַרבעט.

וואָרעם עס איז שוין מער קיין סוד נישט, אַז דער שטראָם פון אַלגעמיינעם לעבן פאַר־יצר־הרעט דעם יידישן יוגנטלעכן און רייסט אים אַוועק פון אונדז.

אונדזער יידישע יוגנט אין די אַמעריקאַנער לענדער וויל נאַטירלעך זיין גלייך מיט אַלע, און אָפּט דאַכט זיך זיי, אַז די יידישקייט וועגן וועלכע זייערע עלטערן רעדן, איז נאָר עלול איינ־צושרומפּן זייערע מעגלעכקייטן און שאַפט נאָר אַ שטערונג אויפן וועג פון זייער בירגערלעכער גלייכקייט.

מוזן דעריבער די קינדער אין די דערציִונגס־אַנשטאַלטן אינטים פאַרקנופּט ווערן מיט דער יידישער רעאַליטעט וועלכע איז קעגן אָט די אילוזיעס. די שולע מוז שאַפן די געהעריקע פאַר־שטענדעניש פאַר זייער יידישן פּרעסטיזש און זיי ווייזן דעם וועג ווי אַזוי אויסצונוצן זייער פּאָ־טענציעלע קראַפט אין דער יידישער סביבה, אין יידישן כלל.

די דערציִער מוזן טיף אַריינבליקן אין דער מענטאַליטעט פון דעם נייעם טיפּ יידישן יוגנט־לעכן און דערפירן אים צו באַגרייפן סיי דעם זין און סיי די מערכה פון זיין אָנגעהעריקייט צו אַ מינאָריטעט־גרופּע כדי ער זאָל געטרוי פאַרשטיין זיין אייגענע יידישע פּאָזיציע.

בכדי דאָס קינד זאָל קענען אויף אַ דויערהאַפטיקן אופן איבערנעמען יידישע ווערטן מיט ברען, גלויבן און עקשנות, מוז די יידישע שול באַזיצן אַ באַזונדערן גראַוויטאַציע־כוח און זי מוז זיך אויסצייכענען מיט איר הויכער און פאַרביקער קוואַליטעט.

ווען דאָס קינד געפינען אין שולע אַ זין און אַ פאַראינטערעסירנדיקן אינהאַלט, וועט ער, אַ נישט־וואַקלנדיקער, שוין אויף שטענדיק בלייבן אונטער איר איינפלוס, און די דירעקטע דער־ציערישע השפּעה וועט פאַרטרייבן דאָס בין־השמשותדיקע ליכט אין וועלכע ער דערזעט די יידישע פּראָבלעמאַטיק.

* * *

די קהילה און דער וועד־החינוך האָבן אויסגעשפּרייט זייער ווירקונג, הן אויף דער סטרוק־טורעל־אָרגאַניזאַציאָנעלן פאַרנעם פון אונדזערע דערציִונגס־אַנשטאַלטן און הן אויף די דער־ציִעריש־פּעדאַגאָגישע קאָנצעפּטן. דער אָרגאַניזאַציאָנעלער צושטאַנד פון אונדזערע דערציִונגס־אַנשטאַלטן פאָדערט אַ פּערמאַנענטע השגחה.



אויפנאַמע פאַר זלמן שזר (דער דריטער פון לינקס).



שלוס פון 6טן חינוך־קאָנגרעס מיט דער באַטייליקונג פון זלמן שזר (יאָר 1961).

אונדזערע כלל־טוער ווידמענען זייער צייט און ענערגיע לטובת די שולעס, אָבער מער ווי־אָפט זיינען זיי אַמביציעז אַריינגעטאָן אין זייערע דורכאויס לאָקאַלע ראַנגלעגנישן און שוועריקייטן.

פאַראַן אָבער יסודותדיקע פּראָבלעמען אין דער לויפנדיקער אַרבעט וואָס פאָדערן אַ געמיינזאַמע אָנשטרענגונג, געפּירט און סטימולירט פון אַ צענטראַלן פאַקטאָר. זייער אָפט ווערט די ביחידותדיקע מיזאַמע אַרבעט און אָנשטרענגונג צעמישט און דעזאָריענטירט.

די קהילה און דער וועד־החינוך האָבן במשך דער צייט אויפגענומען דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פראַגן און געזוכט משפיע צו זיין לטובת זייער פּאָזיטיווער לייזונג.

זיי האָבן געווירקט אין אַלע הינזיכטן, אַז דער אידעאַליזם און די הייליקע עקשנות וואָס עס ליגן אין דער טעטיקייט פון די שול־עסקנים, זאָלן אָריענטירט און געפירט ווערן צו נייע פּאָזיטיווע פּאַרמעסטן. אויף אַזאַ אופן איז דאָס שול־וועזן לאַנגזאַם פאַרבעסערט געוואָרן און שוין אין יאָר 1960 איז דער גרעסטער טייל תלמידים פון אונדזערע שולעס דערצויגן געוואָרן אין אַ געהעריקער שול־אַטמאָספער.

די 55 עלעמענטאַר־שולעס וועלכע האָבן עקסיסטירט אין דעם דאָזיקן יאָר, זיינען דורך אונדז פאַרטיילט געוואָרן לויט זייערע דערציִערישע דערגרייכונגען אין פיר קאַטעגאָריעס:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 1טע קאַטעגאָריע | — — — — — | 9 שולעס | מיט | 3624 | תלמידים |
| 2טע | „ — — — — | 17 „ | „ | 3239 | „ |
| 3טע | „ — — — — | 16 „ | „ | 682 | „ |
| 4טע | „ — — — — | 13 „ | „ | 295 | „ |
| סך־הכל | — — — — — — — | 55 „ | „ | 7.340 | „ |

די ערשטע קאַטעגאָריע שולעס האָבן דערגרייכט זייער הויכפּונקט, און זיי מעגן שטאָלצירן מיט זייערע דערגרייכונגען. אויך די צווייטע קאַטעגאָריע שולעס קענען פאַררעכנט ווערן צו די דאָזיקע דערציִונגס־אינסטיטוציעס, וועלכע פירן אויס נאָרמאַל זייערע דערציִערישע פונקציעס.

די 6863 קינדער דערצויגענע אין די דאָזיקע צוויי שול־קאַטעגאָריעס, זיינען, בראשם וברובם אַריינגעטאָן אין דער געדיכטעניש פון די ייִדישע היסטאָרישע און אַקטועלע געשעענישן.

זיי באַגרייפן די ייִדישע מאַרטיראָלאָגיע, זיינען אַריינגעוועבט אין די גאולה־האָפענונגען וועלכע עס טראָגט זיי אונטער ביד־רחבה די ייִדישע מדינה, און עס שטראָמען פון זיי קוואַלן פון נאַציאָנאַלע געפילן און עמאָציעס.

גאַנץ אָפט זיינען די קינדער די וואָס זיינען גאָר מחזיר למוטב די עלטערן זייערע.

צו די אָרגאַניזאַציאָנעלע סטרוקטור־שוועריקייטן דאַרפן אויך פאַררעכנט ווערן די מיכשולים מצד די עלטערן.

אמת, דער גרעסטער טייל פון זיי, ווערט געטריבן פון אַן אומרו, וועלכער פאַרוואַנדלט זיך אָפט אין אַ פּחד פאַר דער צוקונפט פון זייער קינד.

יעדער פאָטער אָדער מוטער ציטערט איבער דעם גורל פון זייער זון אָדער טאָכטער, בנוגע זייער אויסלעבן זיך אין דער צוקונפט ווי אַ ייִד.

זיי קלאַפּן אָן אין דער טיר פון אַ ייִדישער שולע ווי אין אַ מקום־מיקלט, ווי אין אַ וואַרעמער נעסט פאַר דעם שרעקנדיקן מאָרגן און ייִז זעען, די עלטערן, אין דער שולע, אַ האָפענונג און אַן אויסוועג.

דאָס אומגליק איז אָבער, וואָס עס פעלט די עלטערן דער אָטעם פון אויסדויער, און זיי האָבן נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דעם לאַנגזאַמען פּראָצעס וואָס עס פאָדערן די אַטריבוטן פון דער שולע.



חיים פינקלשטיין רעדט בעת דער דעבאַטע פון חינוך־קאָנגרעס אין יאָר 1961.



אַ מסיבה לכבוד די דעלעגאַטן פון 6טן חינוך־קאָנגרעס (1961).

זייער דערציִערישע עם־האַרצות דערפירט זיי צו דעם, אַז זיי דעזערטירן פון דער שולע, און שלעפּן־מיט זייער קינד וואָס איז לאַנגזאַם אַריינגעצויגן געוואָרן אין איר אַטמאָספער.

די עלטערן וועלכע זיינען שטאַרק פאַרדאגהט פאַר דער קאַריעריסטישער צוקונפט פון זייער קינד, שטרעבן אַז זייערע קינדער וואָס שטודירן די אַלגעמיינע לימודים זאָלן זיך תמיד אויסצייכענען און דאָס פאָדערט צייט און מי.

זיי גלייבן, אויב מען גיט אַוועק צייט אויף פאַר יידישע לימודים, בלייבט צו ווייניק צייט פאַר די אַלגעמיינע לימודים.

אָט די אַלע מיכשולים שטייען אין וועג די וואָס ווילן אַריינברענגען די יידישע קינדער אין אוהל־התורה. די דערציִער דאַרפן זיך קליגן ווי אַזוי אָט די שטערונג בייצוקומען.

אַזוי זיינען טאַקע, צום באַדויערן, נאָך אין יאָר 1960 פונאַנדערגעטיילט געוואָרן אונדזערע 7340 תלמידים לויט די גראַדן אויף פאָלגנדיקן אופן: אין דעם ערשטן ציקל, דאָס הייסט: אין ערשטן גראַד, ערשטן העכערן, צווייטן און דריטן, האָבן געלערנט 5894 תלמידים און אינעם צווייטן ציקל, ד״ה אין דעם פערטן, פינפטן און זעקסטן גראַד — האָבן געלערנט 1446 תלמידים.

| | |
|---|---|
| נידעריקער ציקל — — — — — — — — — — — — | 5894 |
| העכערער ציקל — — — — — — — — — — — — | 1446 |

דאָס פּראָבלעם פון דער איצטיקער און צוקונפטיקער שול־אַרבעט איז, בכן, צו דערפירן אונדזערע שולעס צו דער מדרגה, אַז זיי זאָלן פאַרהאַלטן אין זיך דעם יונגן דור ביז די העכערע יאָרן פון זיין קינדהייט, ווייל נאָר אַזוי אַרום וועט דאָס קינד קענען אויפנעמען און ווייטער שפּי־נען די דורותדיקע יידישע קולטור־ירושה.

* * *

צווישן די פאַרשיידענע אַספּעקטן וועלכע האָבן באַזאָרגט די קהילה און דעם וועד־החינוך איז אויך געווען דער לערער־פּראָבלעם.

אין דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דעם יידישן שול־וועזן ביי אונדז אין ישוב האָט, צווישן אַנדערע פאַקטאָרן, פאַרנומען אַ גאָר וויכטיקן פּלאַץ דער יידישער לערער.

די ערשטע פון זיי, וועלכע האָבן עמיגרירט פון די מיזרח־איראָפּעישע לענדער, האָבן מיט־געבראַכט אַ גייסטיקן באַגאַזש און אַ גרויסע מאָס אידעאַליזם.

אַ טייל פון זיי האָבן געצויגן זייער יניקה פון די אַלטע קוואַלן און זיי זיינען נאָך געווען באַווירקט פון די ישיבה־ווענט. דער גמרא־ניגון האָט באַגלייט זייערע ערשטע שריט אין די נייע לענדער.

אין דעם לעצטן צענדלינג יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מילחמה, האָט אויך אַריינגע־שטראָמט אַ מער מאָדערנער טיפּ לערער, וועלכער האָט שוין דורכגעמאַכט מיטלשול־בילדונג אויף די בענק פון אַ מאָדערנעם יידישן לערער־סעמינאַר. די בויער פון דעם שול־וועזן זיינען געווען זיכער, אַז דער דאָזיקער פּאָזיטיווער לערער־עלעמענט וועט זיין דער צענטראַלער שטיץ־פונקט וואָס וועט באַאיינפלוסן דאָס יידישע קינד במשך פון אַ לאַנגער צייט.

אין דעם סוף פון די דרייסיקער יאָרן פון דעם לויפנדיקן יאָרהונדערט האָט זיך צום באַ־דויערן אָנגערוקט דער חורבן אין איראָפּע. די אימיגראַציע־טויערן זיינען הערמעטיש אָפּגע־שלאָסן געוואָרן און אַזוי אַרום איז פאַרשטאָפּט געוואָרן דער שטראָם וואָס האָט געבראַכט אויס־געשולטע יידישע לערער, וועלכע האָבן מיט זייערע דערפאַרונגען גאַראַנטירט אַ פּרוכטבאַרע דערציִערישע טעטיקייט.

אין שיין פון דער דאָזיקער טראַגיק האָט זיך דער אַקטיוער טייל פון דעם יידישן ישוב מיט ציטער פאַרטראַכט וועגן דעם ווייטערדיקן גאַנג און אַנטוויקלונג פון דעם יידישן שול־וועזן אין אַרגענטינע.

עס איז דאַן רייף געוואָרן דער געדאַנק צו גרינדן אייגענע פעדאַגאָגישע אינסטיטוטן וועל־כע זאָלן צוגרייטן לערער פאַר אונדזערע שולעס.

די ייִדישע לערער און עסקנים זיינען מיט אומזיכערקייט צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק, מען האָט זיך דערביי געשראָקן אַז דער ייִדישער ישוב וועלכער האָט נאָך דע־מאָלט נישט געהאַט אויסגעקריסטאַליזירט זיינע לעבנס־פאָרמען, וועט נישט זיין ביכולת מיט די אייגענע כוחות אויסצופורעמען אַ נייעם לערער־קאָלעקטיוו פון דאָ־דערצויגענע און דאָ־אויסגעשולטע. די פראַגע צי זיי וועלן קענען ממשיך זיין די פיאָנעריש־דערציִערישע טעטיקייט פון דעם אייראָפעיִשן לערער האָט געשראָקן און צעטומלט.



תלמוד־תורה הראשונה „ד״ר הערצל״, בוענאָס איירעס.

עס איז כדאי צו דערמאָנען אַז די רעאַליזירער פון דער נייער יצירה זיינען געווען די בעס־טע דערציִערישע כוחות דאָ אין לאַנד, וועלכע זיינען געקומען צו הילף די חינוך־עסקנים. צו־זאַמען האָבן זיי זיך אַריינגעוואָרפן מיט מסירת־נפש און איבערגעגעבנקייט אין דער נייער אַרבעט.

אָבער אויך זיי זיינען צוגעגאַנגען מיט אַן אומרו אין האַרצן: צי וועט דער נייער עקספע־רימענט זיין אַ געלונגענער? דורכמאַכנדיק ראַנגלענישן און אָנשטרענגונגען האָט זיך אין אַ פּאָר יאָר אַרום אַרויסגעוויזן אַז די ספיקות זיינען געווען אומזיסטע.

דער נייער פעדאַגאָגישער לערן־אַנשטאַלט האָט צוגעצויגן צו זיך צענדליגער ייִדישע יוגנטלעכע וועלכע זיינען געטריבן געוואָרן דורך אַן אומרו און האָבן געזוכט צו באַקומען אַן אחיזה פאַר זייער ייִדיש לעבן.

פון די פרימאָרגן־שעהען ביז שפּעט אין אָוונט זיינען געזעסן דאָ־הי געבוירענע ייִדישע יוגנטלעכע און זיך פאַרטיפט אין ייִדישע מקורות. עס זיינען פאַר זיי אויפגעלעבט געוואָרן ייִדישע געשיכטלעכע געשטאַלטן, תנכישע וויזיע, תלמודישע קאָנצעפּטן — דורך אַגדה און משנה, טראַדיציאָנעלע ווערטן און איבער אַלעמען — די שטרעבונג צו דער נייער ייִדישער גאולה.

דער דאָזיקער געלונגענער עקספּערימענט האָט אויך אָנגערעגט אַנדערע דערציִונגס־אַנשטאַלטן אויסצוברייטערן זייער דערציִערישער השפּעה און זיי האָבן געשאַפן מיטל־שולעס פאַר זייערע תלמידים וועלכע האָבן אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג פאָרצוזעצן זייערע ייִדישע לימודים.

דער פראָנט פון דער שלום עליכם־שול אין מאַטאַדעראָס.

מיט דער צייט איז צוגעגרייט געוואָרן אַ קאַדער פון יונגע אינטעליגענטן וואָס האָבן במשך דער צייט אָנגעהויבן דינען אַלס מקור פאַר דעם נייעם טיפּ לערער וועלכער באַדינט היינט צו טאָג אונדזערע שולעס.

אַזוי אַרום זיינען אין יאָר 1961 געווען טעטיק ביי אונדז אין לאַנד 780 לערער און 221 אָפּטיילונגען פון חינוך־אינסטיטוציעס אין באַשטאַנד פון:

| | |
|---|---|
| קינדער־גערטנער | 83 |
| פאָלקס־שולעס | 120 |
| מיטל־שולעס | 17 |
| מדרשה | 1 |

פון זיי איז דער רוב מנין ובנין געבוירענע און דערצויגענע ביי אונדז אין לאַנד.

זיי פאַרנעמען שוין אַרום עטלעכע און ניינציק פּראָצענט פון די קינדער־גערטנער, פאָלקס־שולעס און אַ באַדייטנדיקע טייל פון די מיטל־שולעס און זיי זיינען שוין אַפילו אַריינגעדרונגען אין דער מדרשה.

אונדזערע מיטל־שולעס האָבן אַרויסגעלאָזט ביז דעם יאָר 1961 — 1013 תלמידים, לויט פאָלגנדיקן אופן:

| | | |
|---|---|---|
| לערער־סעמינאַר — — — — — — — — — — — | 645 | תלמידים |
| מכון ללימודי היהדות — — — — — — — — — | 245 | ״ |
| שלום־עליכם — — — — — — — — — — — | 121 | ״ |
| מאָזעסוויל — — — — — — — — — — — | 90 | ״ |
| ביאַליק־שולע — — — — — — — — — — — | 12 | ״ |

לעצטנס וואַקסן שוין אונטער די ייִנגערע מיטל־שולעס פון וועלכע עס הייבט זיך אַרויס די הרצליה־שולע וואָס וועט שוין היי־יאָר צושטעלן איר ערשטן אַרויסלאָז, די נ. געזאַנג־שולע, די פּרץ־שול און אַנדערע.

דער יונגער לערער האָט אָבער ביי די ערשטע טריט אין זיין דערציִונגס־אַרבעט זיך אָנגעשטויסן אויף קאָלאָסאַלע שוועריקייטן. זיין דערציִערישע פּאָזיציע איז געוואָרן אַן אומזיכערע ווען ער האָט געדאַרפט פאַרוואַנדלען טעאָרעטישע פאָרמולעס אין פּראַקטישע מעשים.

דער יונגער לערער האָט געהאַט פאַר זיך זייער אַ שווערע אויפגאַבע.

אין די לעצטע יאָרן קומען די קינדער אָפּגעפרעמדט פון אַ ייִדישער סביבה, דערווייטערט פון דערציִערישע צילן און פון ייִדישן גייסט. דעם לערערס אַקטיוויטעט אין זיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט שטויסט זיך אָן אין אַ פּערמאַנענטן און עקשנותדיקן קאַמף מיט דער וווּלגאַרער אַסימילאַציע, וועלכע רייסט שטיקער פון אונדזער ייִדיש לעבן.

צוליב דעם איז נויטיק אַז אונדזער לערער זאָל זיין גוט באַוואָפנט מיט ייִדיש וויסן און פּעדאַגאָגישער פאַך־קענטעניש, און זאָל גלייכצייטיק דערפילן די אַחריות פון דער לערערישער מיסיע.

דאָס איז געווען דער גורם דערפון וואָס דער לערער־קאָלעקטיוו איז נישט געווען סטאַביל און זיין דערציִערישע אַרבעט איז געווען אַ צייטווייליקע.

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן אַז פון דעם יאָר 1960/1955 זיינען אַרויסגעפאַלן פון די לערערישע רייען 312 פּערזאָן: 142 לערער אין שטאָט, 100 לערער אין פּראָווינץ און 70 גננות.

די דאָזיקע ציפער האָט געדינט אַלס דראָונג פאַר אונדזער שול־סטרוקטור.

לעצטנס אָבער באַמערקט זיך אַ פאַרבעסערונג אויף דעם געביט, עס האָט אָנגעהויבן וואַקסן דער סענטימענט און דער ווילן פאַרוואָרצלט צו ווערן אין דעם דערציִונגס־וועזן.

די לעצטע צוויי יאָר איז דער אַרויספאַל געווען אַ סך אַ קלענערער און ווערט רעדוצירט צו צען פּראָצענט.

דער לערער־קאָלעקטיוו, וועלכער האָט זיך אין משך פון די לעצטע יאָרן סעלעקציאָנירט, וויזט שוין אַרויס אַ געוויסע סטאַביליטעט און וויטאַליטעט צוליב עקאָנאָמישע, פאַכמענישע און געזעלשאַפטלעכע סיבות.

אין 1961 זיינען 780 לערער אין לאַנד געשטאַנען ווירדיק אויף זייערע פּאָסטנס און מיט זייער מיזאַמער אַרבעט באַדינט מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט די 18.000 קינדער אין אונדזערע לערן־אַנשטאַלטן.

| | | |
|---|---|---|
| קינדער־גערטנער — — — — — — — — — | 5.942 | תלמידים |
| פאָלקס־שולעס — — — — — — — — — | 10.307 | ״ |
| מיטל־שולעס — — — — — — — — — | 1.562 | ״ |
| מדרשה — — — — — — — — — | 76 | ״ |



צענטראַלע ח. נ. ביאַליק־שול אין וויזשאַ קרעספאָ.



סאַרמיענטאָ־שול אין אַוועזשאַנעדאַ (זלמן רייזען־שול).

די דאָזיקע צאָל קינדער און יוגנטלעכע וואָס זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון אַ לעבן, אָפּגעפרעמדט פון יידישע ווערטן, זאַפּן איין צווישן די ווענט פון זייער שולע יידיש וויסן, טראַדיציע און לעבנס־שטייגער.

זיי ווערן דורך די שולעס דערנענטערט צו דער ווירקלעכקייט פון מדינת־ישראל און צום יידישן לעבן אין די תפוצות.

דאָס צוציען אין אונדזער שולע אַ מחנה פון אַן ערך 18.000 יידישע קינדער און דאָס איינשטעלן דעם נויטיקן פעדאַגאָגישן און אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט, איז אַ קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג פון דער קהילה און וועד־החינוך בפרט און פון גאַנצן יידישן ישוב בכלל.

נישט קוקנדיק אויף די אַלע פּאָזיטיווע דערגרייכונגען הערשט דאָך אַן אומרו און צערודערונג בנוגע פיל נעגאַטיווע דערשיינונגען אויף דעם דערציונגס־געביט. און איינע פון זיי איז די דעזערציע פון די תלמידים בעת דעם איבערגאַנג פון איין גראַד אין דעם צווייטן.

ביים איבערגאַנג פון די נידעריקע שול־גראַדן פאַלן אַרויס אַ 30/25 % און אין די העכערע גראַדן פון 20/15%.

זוכנדיק די סיבות פון אָט דער טרויעריקער דערשיינונג, קומען מיר צו פאָלגנדיקע מסקנות:

א) דאָס פעלן פון פאַרשטענדעניש מצד די עלטערן פאַר ערנסטער יידישער דערציונג און זייער עגאָיזם וואָס צווינגט זיי אַרויסצונעמען די קינדער פון דער יידישער שולע מחמת קאַריעריסטישע צוועקן;

ב) די זואַקלדיקייט פון דעם גאָר יונגן לערער ביים אויספירן זיינע דערציערישע פונקציעס.

כדי אָפּצושוואַכן דעם פונקט א) ווערט געפּירט אַ סיסטעמאַטישע אויפקלערונגס־אַרבעט אין שולע, דורך שטעלן זיך אין קאָנטאַקט מיט די עלטערן, וועלכע עס ווערן אויפגעקלערט די דערציערישע צילן פון דער שולע וואָס מוזן דורכגעמאַכט ווערן דורך אַ לאַנגזאַמען פּראָצעס במשך פון די יאָרן וועלכע עס פאָדערט די שול־אַרבעט.

כדי אונטערצוקומען מיט הילף דעם יונגן לערער, אַרבעט אַקטיוו די אינספּעקציע־ און אינסטרוקציע־אָפּטיילונג ביים וועד־החינוך, עס ווערן איינגעאָרדנט סיסטעמאַטישע ימי־עיון און פּערפעקציאָנירונגס־קורסן אין שטאָט און פּראָווינץ.

אַ גאָר וויכטיקע אונטערנעמונג ווערט געפירט צוזאַמען מיט דער מחלקה לחינוך ותרבות בגולה פון דער יידישער אַגענץ. דורך דעם קאַנאַל ווערט דערמעגלעכט אַז שוין עטלעכע יאָר זאָל אַ וואָס גרעסערע צאָל אַבסאָלווענטן פון אונדזערע סעמינאַרן און מיטל־שולעס זיך באַטייליקן אין אַ יערלעכן קורס אין גרינבערג־אינסטיטוט און מכון הרב גאָלד אין ירושלים.

במשך פון די לעצטע זעקס יאָר האָבן באַזוכט דעם גרינבערג־אינסטיטוט 151 יוגנטלעכע, פון וועלכע אַ גאָר גרויסער טייל אַרבעט אין אונדזערע דערציונגס־אַנשטאַלטן.

היי־יאָר איז נאָך מער אויסגעשפרייט געוואָרן די פּערפעקציאָנירונגס־אַרבעט פאַר די אַבסאָלווענטן, עס איז צוגעגעבן געוואָרן נאָך אַ לערן־יאָר אין אַ ספּעציעלן קורס ביי אונדז אין לאַנד און נאָכן דורכמאַכן דעם יערלעכן קורס וועלן זיי פאָרן אין גרינבערג־אינסטיטוט און זיי וועלן אויסברייטערן און פאַרטיפערן זייערע ידיעות במשך פון 1 אָדער 2 יאָר.

די דאָזיקע שול־באַוועגונג, אָנהייבנדיק פון קינדער־גאָרטן, פּאָלקס־שולעס, מיטל־שולעס, סעמינאַרן און מדרשה, וועלכע גרופּירט אַרום זיך קרוב 18.000 יידישע קינדער און יוגנטלעכע ביי אונדז אין לאַנד, האָט געפאָדערט אַן אויסערגעוויינלעכע אָנשטרענגונג מצד דעם ישוב. אין אָט דער אָנשטרענגונג זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן שול־עסקנים, אינסטיטוציעס, ציוניסטישע פּאַרטייען און בפרט די קהילה, וועלכע שפּאָרט נישט קיין מי און מסירת־נפש וואָס מער אויסצוברייטערן און פאַרשטאַרקן די שול־נעץ.

דורך די שולעס האָבן מיר אַריינגעבראַכט אַן אומרו אין די הערצער פון טויזנטער יידישע קינדער, און מיר האָבן דורך אַ פּערמאַנענטן אימפּולס אין אַ געוויסער מאָס רעוואָלוציאָנירט די יידישע היים און אַריינגעפירט דורך די קינדער יידישע טראַדיציעס פון שטייגער לעבן



דאָס לייגן דעם גרונטשטיין פאַרן לערער־סעמינאַר פון דער קהילה (יאָר 1960), אין דער אָנוועזנהייט פון מלוכהשע באַהערדן און ישראל־אַמבאַסאַדאָר לייענט דער גבאי סעקרעטאַר פיינגערש דעם אָפיציעלן אַקט.



דער אַקט פון לייגן דעם גרונטשטיין פאַרן נייעם לערער־סעמינאַר.

אין די יידישע שטיבער, וועלכע ראַנגלען זיך קעגן אַסימילאַטאָרישע שטראָמען וואָס רייסן זיך אַריין דורך אַלע זייטן.

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אַנטוויקלט אין שטאָט בוענאָס־איירעס עטלעכע אינסטיטוציעס אין דער פאָרעם פון „ישיבות", ווו עס לערנען עטלעכע צענדליגג בחורים. פאַראַן אויך אַיין רעליגיעזע שול פאַר מיידלעך, לויטן מוסטער פון די „בנות יעקב"־שולן.

פון די דאָזיקע שולן וועלן האָפנטלעך אויסוואַקסן צוקונפטיקע רבנים און בכלל כלי־קודש אויף צו באַדינען דעם רעליגיעזן טייל פון דער באַפעלקערונג.

די ישיבות „עטרת צבי", „חפץ חיים", די ישיבה אונטער דער אָנפירונג פון הרב הראשי ד"ר יעקב פינק און די „בנות יעקב"־שול ביי דער שול א"נ „חזון איש", זיינען זייער אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג אין אונדזער שול־וועזן.

* * *

געוויס האָט דערצו נישט ווייניק בייגעטראָגן די קהילה און דער וועד החינוך המרכזי, וועלכע האָבן אין די לעצטע פינף יאָר געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט אויסצובררייטערן ביי אונדז אין לאַנד דאָס שול־וועזן.

די צאָל תלמידים וואָס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין אונדזערע שולעס איז אָבער נישט אין איינקלאַנג מיטן וווקס פון אַ יידישן ישוב וועלכער ציילט קרוב אַ האַלבן מיליאָן נפשות.

דער סטאַטיסטישער דעפּאַרטאַמענט ביים וועד החינוך המרכזי האָט צו זיין דיספּאָזיציע אַ פעסטגעשטעלטע טאַבעלע פאַרן שול־יאָר 1960.

די דאָזיקע טאַבעלע נעמט אַרום די תלמידים פון עלעמענטאַר־שולעס, מיטל־שולעס, סעמינאַרן און די מדרשה.

די צאָל תלמידים אין שטאָט האָט אין דעם דאָזיקן יאָר געציילט 13.253 נפשות, פונאַנדערגעטיילט אין:

| | |
|---|---|
| ייִנגלעך | 6.748 |
| מיידלעך | 6.505 |
| סך־הכל | 13.253 |

די דאָזיקע תלמידים זיינען פונאַנדערגעטיילט געווען אין זייערע רעספּעקטיווע דערציִונגס־אַנשטאַלטן לויט פאָלגנדיקן סדר:

| | |
|---|---|
| קינדער־גאָרטן | 5.039 |
| פאָלקס־שולעס | 7.168 |
| מיטל־שולעס, סעמינאַרן און מדרשה | 1.046 |
| סך־הכל | 13.253 |

די תלמידים זיינען געווען אין די פאָלקס־שולעס פונאַנדערגעטיילט, לויט די גראַדן, אויף פאָלגנדיקן אופן:

| | |
|---|---|
| כיתה א1 — א2 | 3.147 |
| כיתה ב' | 1.428 |
| כיתה ג' | 1.037 |
| כיתה ד' | 801 |
| כיתה ה' | 490 |
| כיתה ו' | 265 |
| סך־הכל | 7.168 |

די תלמידים אין אַלע שול־אָפּטיילונגען, פון דעם קינדער־גאָרטן ביז דער מדרשה, זיינען פונאַנדערגעטיילט לויט זייער עלטער אויף פאָלגנדיקן אופן:

| | |
|---|---|
| 2־יעריקע | 149 |
| 3 " | 1.616 |
| 4 " | 1.825 |
| 5 " | 1.516 |
| 6 " | 1.121 |
| 7 " | 1.311 |
| 8 " | 1.261 |
| 9 " | 1.139 |
| 10 " | 1.014 |
| 11 " | 694 |
| 12 " | 579 |
| 13 " | 235 |
| 14 " | 200 |
| 15 " | 155 |
| 16 " | 142 |
| 17 " | 128 |
| 18 " | 72 |
| 19 " | 41 |
| 20 " | 23 |
| 21 " | 13 |
| 22 " | 8 |
| 23 " | 1 |
| סך־הכל | 13.253 |

די 13.253 תלמידים שטאַמען פון 12.919 מישפּחות וועמענס עלטערן טיילן זיך לויט זייער סאָציאַלן צושטאַנד אויף פאָלגנדיקן אופן:

| | |
|---|---|
| סוחרים | 5.516 |
| באַאַמטע | 2.056 |
| בעלי מלאכות | 1.961 |
| פּראָפעסיאָנאַלן | 1.511 |
| אינדוסטריאַלן | 968 |
| אַרבעטער | 907 |

די לעצטע צוויי יאָר זיינען די תלמידים פונאַנדערגעטיילט אין די קינדער־גערטנער און פאָלקס־שולעס אויף פאָלגנדיקן אופן:

קינדער־גאָרטן:

| | |
|---|---|
| 1961 | 5.265 |
| 1962 | 5.582 |

די 5.582 טיילן זיך אין:

| | |
|---|---|
| ייִנגלעך | 2.932 |
| מיידלעך | 2.650 |




תלמידים פון ייִדישע שולן בעתן אַקט פון לייגן דעם גרונטשטיין פון ייִדישן לערער־סעמינאַר.



דער בוי פון נייעם לערער־סעמינאַר ביי דער קהילה. אַ פראַגמענט פון דער גרונטשטיין־לייגונג.

לויט זייער עלטער:

| | |
|---|---|
| אונטער 3 יאָר | 327 |
| פון 3 יאָר | 1.788 |
| „ 4 „ | 1.949 |
| „ 5 „ | 1.518 |

די פונאַנדערטיילונג פון תלמידים אין די פאָלקס־שולעס במשך די לעצטע 2 יאָר:

| גראַדן | 1961 | 1962 |
|---|---|---|
| 1א — 2א | 3.305 | 3.390 |
| 2טער | 1.333 | 1.537 |
| 3טער | 1.151 | 1.217 |
| 4טער | 776 | 914 |
| 5טער | 485 | 553 |
| 6טער | 231 | 297 |
| סך־הכל | 7.271 | 7.908 |

מיטל־שולעס:

די מדרשה אין 1962 איז פונאַנדערגעטיילט לויט פאָלגנדיקן סדר:

| | |
|---|---|
| מחלקה א׳ | 26 |
| מחלקה ב׳ | 24 |
| מחלקה ג׳ | 16 |
| מחלקה ד׳ | 16 |
| סך־הכל | 82 |

בנים — 25; בנות — 57

**
*

אונדזער דאָצענטן־פּערסאָנאַל האָט געציילט אין יאָר 1961 — 328 פּערזאָן און האָט זיך פונאַנדערגעטיילט לויט פאָלגנדיקן אופן:

| | |
|---|---|
| מענער | 69 |
| פרויען | 259 |
| סך־הכל | 328 |

לויטן ציווילן צושטאַנד:

| | |
|---|---|
| פאַרהייראַטע | 115 |
| נישט פאַרהייראַטע | 213 |
| סך־הכל | 328 |



דאָס פרעזידיום פון דער קהילה שרייבט אונטער דעם קאָנטראַקט וועגן בויען דעם לערער־סעמינאַר.



פאָרשטייער פון דער קהילה און וועד־החינוך באַטייליקן זיך אין דער דערעפענונג פון אַ קינדערגאָרטן א. נ. „מרדכי אַנילעוויטש"

לויט די טורנעס־פאַרטיילונג:

| | |
|---|---|
| 2 טורנעס | 75 |
| 1 טורנע | 253 |
| סך־הכל | 328 |

לויט די אַמטן וואָס זיי פאַרנעמען

| | |
|---|---|
| דירעקטיווע אַמטן | 38 |
| לערער־אַמטן | 290 |
| סך־הכל | 328 |

די לערער לויט זייער אויסבילדונג:

| | |
|---|---|
| סעמינאַר ביי דער קהילה | 195 |
| פון אויסלאַנד | 41 |
| שלום־עליכם (מיטל־שולע) | 37 |
| מכון ללימודי היהדות | 20 |
| ישיבה | 6 |
| ח. נ. ביאַליק (מיטל־שולע) | 3 |
| פאַרשיידענע | 6 |
| סך־הכל | 328 |

לערער לויט זייער סטאַזש:

| | |
|---|---|
| 1טער סטאַזש | 77 |
| 2טער " | 125 |
| 3טער " | 52 |
| 4טער " | 11 |
| 5טער " | 7 |
| פון 6טן ביזן 9טן | 18 |
| דירעקטיווע אַמטן | 38 |
| סך־הכל | 328 |

אין יאָר 1962 פאַרמאָגן מיר אין קינדער־גאָרטן:

| | |
|---|---|
| גננות | 141 |
| עוזרות | 93 |
| סך־הכל | 234 |

די פּעדאַגאָגישע צוגרייטונג פון די גננות:

| | |
|---|---|
| פרעבל־סעמינאַר | 74 |
| לערער־סעמינאַר | 23 |
| פרעבל־קורס | 8 |
| מכון ללימודי היהדות | 7 |
| מיטל־שולעס | 12 |
| אויסלאַנד | 2 |
| אָן צוגרייטונג | 15 |
| סך־הכל | 141 |



סיום פון די שלום־עליכם־פייערונגען. אַ גרופּע פון דער שלום־עליכם־שול אין דעם ספּעקטאַקל „מאָטל פּייסי דעם חזנס״.

## פאָלקס־שולעס אין יאָר 1962

| | |
|---|---|
| צאָל אַנשטאַלטן | 61 |
| דירעקטיווע אַמטן | 46 |
| צאָל לערער | 351 |
| צאָל קלאַסן | 434 |
| דירעקציע | 46 |
| מענער | 30 |
| פרויען | 16 |
| אויסלענדער | 26 |
| הי־געבוירענע | 20 |

| | |
|---|---|
| לערער | 351 |
| מענער | 63 |
| פרויען | 288 |
| אויסלענדער | 41 |
| הי־געבוירענע | 310 |

## בתי ספר תיכוניים — 1962

| מס׳ | המוסד | 1961 מס׳ הכיתות | 1961 מס׳ התלמידים | 1962 מס׳ הכיתות | 1962 מס׳ התלמידים |
|---|---|---|---|---|---|
| .1 | סמינר פסטאור | 25 | 435 | 20 | 340 |
| .2 | מכון ללימודי היהדות | 13 | 230 | 12 | 186 |
| .3 | שלום עליכם | 9 | 148 | 9 | 163 |
| .4 | ביאַליק מרכזי | 8 | 124 | 8 | 138 |
| .5 | הרצליה | 6 | 72 | 8 | 95 |
| .6 | ביאַליק דעוואָטאָ | 2 | 44 | 3 | 57 |
| .7 | געזאַנג | 3 | 40 | 4 | 50 |
| .8 | פּרץ | 3 | 28 | 4 | 36 |
| .9 | גננות | 5 | 60 | 1 | 20 |
| .10 | ווייצמאַן | 1 | 10 | 2 | 21 |
| .11 | אַוועזשאַנעדאַ | — | — | 1 | 15 |
| | סך־הכל | 75 | 1.191 | 72 | 1.118 |

| | |
|---|---|
| בנים | 35 % |
| בנות | 65 % |

עס איז במשך דער צייט געשטיגן דער אינטערעס צום שול־וועזן. עס זיינען אויפגעבויט געוואָרן פעסטע און גוט־איינגעשטעלטע שול־בנינים.

די אינטענסיווע שול־בויונג, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט דורך אַן ענערגישער טעטי־קייט, האָט אויך געהויבן די קוואַליטעט פון אונדזערע לימודים, וועלכע באַשטייען פון פאָלגנ־דיקע קעגנשטאַנדן:

ייִדיש
העברעיִש
ייִדישע געשיכטע
תנ״ך
ימים־טובים
טראַדיציע
מולדת
געזאַנג

דאָס אַריינדרינגען פון די דאָזיקע לימודים אויף אַ דערציִערישן אופן, האָט דערפירט אונדזער יונגן דור צו אינערלעכער פאַרטיפונג און פאַראינטערעסירן זיי מיט דעם תמצית פון ייִדישן שאַפן.

עס איז במשך דער צייט געלונגען אויסצושפרייטן די דערציִונגס־אַרבעט אויף אַ ברייי־

טערן און ווייטערן שטח. עס ווערט אויפגעוועקט אין די תלמידים פּאָטענציעלע כוחות כדי זיי זאָלן זיין שווה בשווה מיט דער ייִדישער ווירקלעכקייט. עס ווערט אויף אַ וויסנשאַפטלעכן אופן געפּאָרשט זייער מענטאַליטעט, וועלכע איז גאַנץ אָפט זייער קאָמפּליצירט.

עס ווערן אָנגעווענדעט פּעדאַגאָגישע דערפאַרונגען, וועלכע זאָלן זיין מסוגל צו באַזייטיקן אויסערלעכע און אינערלעכע מניעות.

במשך פון די לעצטע פינף יאָר איז געטאָן געוואָרן אַ פאַרצווייגטע און וויכטיקע אַרבעט וואָס שייך דערציִונג. אַרויפגעשווומענע יסודותדיקע פּראָבלעמען זיינען געלייזט געוואָרן אין אַן אַטמאָספער פון אַרבעט, עקספּערימענטן און באָאָבאַכטונגען, אַקטיוויטעט און שאַפונג.



שול־קינדער אויף דער פייערונג פון אָנרופן אַ סקווער מיט שלום־עליכם־נאָמען.

עס איז אויסגעמיטן געוואָרן דאָס צופעליקע, און עס איז געזוכט געוואָרן דער ענד־ציל, די צענטראַלע אידייע און די דערציִערישע צילן, כדי צו דערפירן דעם יוגנטלעכן אַז ער זאָל תופס זיין וואָס מען וויל פון אים.

די שול־אַרבעט איז במשך פון דער צייט אויסגעברייטערט געוואָרן, דורכן שאַפן פון אַ נייער סטרוקטור פאַרן שול־וועזן, מיט דער מיטהילף פון די עסקנים און פּעדאַגאָגן ביים וועד־החינוך המרכזי.

די שול־אינספּעקציע און אינסטרוקציע, דער שול־צענז און שול־סטאַטיסטיק, די ספּעצ׳ע־לע קורסן פאַר עלטערע קינדער אָנפאַנגערס. דאָס אַלץ האָט באַדייטנדיק געווירקט לטובת דעם פאַרבעסערן פון אונדזער חינוך.



סיום פון די שלום־עליכם־פייערונגען. אַ סצענע אויסגעפירט פון דער י. ל. פרץ־שול אין צענטער.



הלל צייטלין־שול אין ווישאַ אורקיסאַ (שול־כאָר).

די שול־אַרבעט איז באַפּעסטיקט געוואָרן דורך אַ געשאַפֿענעם דערציִונגס־טעאַטער אין פאַרשיידענע שולעס, די פאַרשיידענע קאָנקורסן וועלכע קומען צום אויסדרוק דורך שריפטלע־כער אַרבעט אין פאַרשיידענע טעמעס.

לעצטנס האָבן אָנגעהויבן שפּילן אַ גאָר וויכטיקע ראָל אין דער דערציִונגס־אַרבעט די זו־מער־קאָלאָניעס, וועלכע פונקציאָנירן במשך די זומער־וואַקאַציעס, און וואָס ציִען אַריין טויזנ־טער קינדער.

במשך פון די לעצטע פינף יאָר האָבן זיך די זומער־קאָלאָניעס אויסערגעוויינלעך אָנט־וויקלט.

איבערהויפּט איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן דער דאָזיקער דערציִונגס־צווייג במשך פון דעם יאָר 1961־1962.

ביז די לעצטע יאָרן האָבן אַנטוויקלט אַ פּאָזיטיווע דערציִערישע טעטיקייט אויף דעם גע־ביט די ערשטע זומער־קאָלאָניעס: 1) „קינדערלאַנד״, וועלכע געהערט צו דער שלום־עליכם־שולע, און וועלכע עקסיסטירט שוין צען יאָר, און 2) די „ביאַליקיה״, וועלכע געהערט צו דער ביאַליק־שולע, און עקסיסטירט שוין פינף יאָר.

לעצטנס האָבן זיך אַנטוויקלט אויך אַנדערע קאָלאָניעס ביי פאַרשיידענע דערציִונגס־אַנ־שטאַלטן, ווי: „קינדערוועלט״, 4) „ברידערלאַנד״, 5) „בר־אילן״, 6) „היכל־התורה״, 7) „קינ־דערהיים״, און 8) „למרות הכל״.

לעצטן יאָר איז דורכן וועד־החינוך צוגעגרייט געוואָרן אַ ספּעציעלער קורס פאַר מדריכים, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט 162 לערער:

| | |
|---|---|
| אַקטיווע לערער — — — — — — — — — — — — — | 42 |
| גננות — — — — — — — — — — — — — | 13 |
| היי־יאָר פאַרענדיקט זייערע לימודים אין די סעמינאַרן און מי־טל־שולעס — — — — — — — — — — — — — | 43 |
| נישט געענדיקטע לערער — — — — — — — — — — | 32 |
| גימנאַסטיק־לערער — — — — — — — — — — — | 5 |

עס זיינען דיקטירט געוואָרן פאַרשיידענע לעקציעס, איינגעטיילט לויט פאָלגנדיקע קעגנ־שטאַנדן:

1) פּראָגראַם פון קאָלאָניע
2) דאָס קינד און זיינע פּראָבלעמען
3) די ראָל פון דעם לערער
4) געזאַנג
5) טענץ
6) אָוונט־שפּילן

עס האָבן עקסיסטירט במשך דעם לעצטן זומער 156 גרופּעס אין דער צאָל פון 2.629 תל־מידים, באַאַרבעט דורך 220 לערער און 105 געהילפן.

די תלמידים האָבן באַקומען אין די זומער־וואַקאַציעס אויף דער פרייער לופט אַ ספּעציע־לע דערציִונג, וועלכע האָט זיי באַאיינפלוסט דורך צוגעגרייטע פּעדאַגאָגישע סיסטעמען, און אַריינגעפירט אין אַ יידישער אַטמאָספער וועלכע האָט זיי איינגעוועבט אין אַ יידישער פּראָב־לעמאַטיק, און גלייכצייטיק, האָט עס געדינט אַלס יסוד פאַרן צוקונפטיקן שול־יאָר צווישן די ווענט פון אונדזערע דערציִונגס־אַנשטאַלטן.

אין די זומער־קאָלאָניעס ווערן אַריינגעצויגן אַ באַדייטנדיקע צאָל קינדער וואָס באַזוכן אי־בערהויפּט נישט קיין יידישן דערציִונגס־אַנשטאַלט.

די זומער־קאָלאָניעס באַווירקן די קינדער במשך דער צייט פון זייער זיין דאָרט. זיי געפי־



אַ סצענע פון דער פאַרשטעלונג „מאָטל פייסי דעם חזנס״,
אויפגעפירט פון די שילער פון דער שלום־עליכם־שול.



סיום פון די שלום־עליכם־פייערונגען. כאָר פון דער צענטראַלער ביאַליק־שול זינגט יידישע פאָלקס־לידער.

נען זיך במשך פון 24 שעה אין מעת־לעת אין אַ ייִדישער אַטמאָספער, רעגט דאָס זיי אָן אַז אַ גרויסע צאָל פון זיי זאָלן אַריינגעצויגן ווערן אויפן קומענדיקן יאָר אין די ייִדישע שולעס.

אַ גאָר וויכטיקן אימפּולס אין דער דערציִערישער אַרבעט האָבן געבראַכט די לערער־דע־לעגאַציעס קיין מדינת־ישראל, וועלכע ווערן באַאיינדרוקט פון דער ווירקלעכקייט פון אַ נייעם ייִדישן לעבן.

אַ חוץ דעם באַווירקן צום גוטן די ימי־עיון, כינוסים, וועידות און שול־קאָנגרעסן, צו וועלכע עס זיינען לעצטנס ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן וויכטיקע ייִדישע פּערזענלעכקייטן, ווי: דער מנהיג שזר, די ערשט־ראַנגיקע פּעדאַגאָגן: ד״ר ישראל מעלמאַן, ד״ר ב. בן־יהודה, און דער פּראָפעסאָר א. דושקין. זיי האָבן מיט ראַט און טאַט באַווירקט אונדזער דערציִערישע אַרבעט.




ח. נ. ביאַליק־שול אין ווילשאַ סאַהאַרעס.

לעצטן יאָר איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן דער פּעדאַגאָג מ. שריג אַלס מנהל פון וועד החינוך המרכזי, און צוזאַמען מיטן אינספּעקטאָרן־קאָלעקטיוו איז ער צוגעטראָטן נאָך מער אָרגאַניזירן, אויסברייטערן און פאַרטיפן אונדזער שול־אַרבעט.

און דאָס אַלץ צוזאַמען העלפט צונויפזאַמלען אַלע יצירות וואָס דער ייִדישער גייסט האָט געשאַפן אין זיין לאַנד און אין אַלע גלות־לענדער, און אויף אַ סיסטעמאַטיש־דערציִערישן אופן, איבערגעגעבן דאָס אונדזער יונגן דור.

**
*

טראָץ דער דערציִערישער טעטיקייט און אָנשטרענגונג, געפינען זיך נאָך אַ סך שולעס אין אַ וואַקלדיקן צושטאַנד. ביי היינטיקן טאָג אַקטוויִרן נאָך 56 קלאַסן מיט אַ צאָל פון 5 ביז 9 קינ־דער אין אַ קלאַס, און עס געפינט זיך דאָך אַ גאָר ברייטער קרייז פון אונדזער יוגנט מחוץ די ווענט פון אונדזערע דערציִונגס־אַנשטאַלטן.

עס מאַטערט אונדז די זאָרג וואָס טויזנטער ייִדישע קינדער דרייען זיך אַרום איבער די

גאַסן פון בוענאָס־איירעס און אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין דער אַרגענטינער רעפּוב־ליק אָן ייִדישער דערציִונג.

אונטער דער ווירקונג פון די אַסימילאַציע־כוואַליעס ווערן זיי לחלוטין אָפּגעפרעמדט פון אונדזער שטאַם און זיי ווערן דורך זייער אימפּולסיוויקייט און דינאַמישקייט דערשיטערט און אַריינגעשלעפּט אין די נעצן פון פרעמדע אידייען און סעפּאַראַטיסטישע אינטערעסן.

די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער אָפּגעפרעמדקייט מאַכט שווער אונדזער אינערלעכן לעבן, אין די קעגנזאַצן פירן צו זייער טרויעריקע געשעענישן.

טויזנטער ייִדישע היימען וואַקלען זיך, און ווערן פיזיש און גייסטיק אויסגעמוטשעט.

עס מוז אין די קומענדיקע פינף יאָר געמאַכט ווערן אַ גאַר וויכטיקע אָנשטרענגונג לכל־הפּחות צו פאַרטאָפּלען אונדזער קאָדער תּלמידים, וועלכע זאָלן געשפּייזט ווערן דורך דערציִע־רישע מיטלען אויף אַזאַ אופן, אַז די אינערלעכע קאָנפליקטן זאָלן זיך אויסוויקלען אין אַן אַט־מאָספער פון פאַרשטענדעניש פאַרן ייִדישן קיום.

עס דאַרף באַלויכטן ווערן פאַר נאָך טויזנטער יוגנטלעכע די ייִדישע עטיק און מאָראַלישע אַספּעקטן.

עס דאַרף אויפגעקלערט ווערן פאַר זיי דער גאַנצער ייִדישער געדאַנקען־גאַנג און הויפּט־זאַכלעך מיט וואָס מיר, ייִדן, אונטערשיידן זיך פון די אַנדערע פעלקער.

עס איז פאַר אונדז באַזונדערס בולט אַז דער דור נויטיקט זיך אין אַ שטאַרקערן קשר און אין אַ גרעסערן היסטאָרישן געפיל.

וואָס מער אויפקלערונגען און באַלויכטונגען מיר וועלן צוטראָגן דער בלאָנדזשענדיקער ייִדישער יוגנט וועגן איר שטאַם און אירע אַספּיראַציעס אַלס פאָלק, פאַרן אויפהאַלטן זיין עק־סיסטענץ אין די תּפוצות און אין מדינת־ישראל, וועט זייער שוץ־גאַרטל זיין לברכה און זייער דינאַמיזם וועט אָנהייבן פּולסירן אין דער ריכטיקער צוגעהעריקייט פאַרן אַרגענטינער ייִדישן ישוב.



שרה פישער

# אונדזערע קינדער־גערטנער אין די לעצטע פינף יאָר

דער קינדער־גאָרטן איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט פאַר יעדער שול, ווייל ער איז דער מקור פון וועלכן עס פאָרמירן זיך די ערשטע גראַדן, הגם נישט אַלע 100% קינדער גייען אַריבער אין שול. האָבן זיך טאַקע אין די לעצטע 5 יאָר געגרינדעט ק"ג מיטן ציל צו אָרגאַניזירן אין אַ יאָר אַרום אַן 1טן גראַד און אויף אַזאַ בהדרגהדיקן אופן זאָל געבויט ווערן די שול.

במשך די לעצטע 5 יאָר זענען צוגעקומען 16 ק"ג (14 ניי־געגרינדעטע און 2 ספרדישע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין ועד החינוך). עס זענען געמאַכט געוואָרן נאָך צוויי פּרוּוון צו גרינדן קינדער־גערטנער, אָבער זיי האָבן זיך אין דעם זעלבן יאָר געשלאָסן; עס האָט זיך אויך פאַרמאַכט אַ ק"ג וואָס האָט עקסיסטירט אַ סך יאָרן.

## דער וווּקס פון די קינדער־גערטנער

| | כיתות | | | | פערסאָנאַל | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| יאָר | צאָל ק"ג | פרים. | נאָכמ. | ס"ה | ייִד. | העבר. | גננות | עוזר. | אָנפּערערינס |
| 1958 | 46 | 41 | 83 | 124 | 115 | 9 | 101 | 72 | 3 |
| 1959 | 51 | 41 | 94 | 135 | 125 | 10 | 108 | 84 | 4 |
| 1960 | 53 | 47 | 96 | 143 | 131 | 12 | 120 | 85 | 5 |
| 1961 | 55 | 52 | 105 | 157 | 140 | 17 | 130 | 87 | 6 |
| 1962 | 58 | 54 | 121 | 175 | 146 | 29 | 142 | 91 | 7 |

## צאָל קינדער

| | פרימאָרגן | נאָכמיטאָג | ס"ה |
|---|---|---|---|
| 1958 | 1143 | 3013 | 4156 |
| 1959 | 1093 | 3097 | 4190 |
| 1960 | 1433 | 3528 | 4961 |
| 1961 | 1448 | 3747 | 5195 |
| 1962 | 1444 | 4138 | 5582 |

## דער עלטער פון די קינדער אין יאָר 1962

| אונטער 3 יאָר | 3 יאָריקע | 4 יאָריקע | 5 יאָריקע |
|---|---|---|---|
| 329 | 1786 | 1949 | 1518 |



קינדער־גאָרטן י. ל. פרץ אין צענטער (אין זאַמדקאַסטן).



קינדער־גאָרטן תל־אביב נומער פינף (פרייע שפילן).

מיטן וווקס פון די קינדער־גערטנער איז אויך געשטיגן דאָס פאַרשטענדעניש מצד די עסקנים פאַר דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון די אַנשטאַלטן.

דער וועד החינוך האָט געפירט אַ פּערמאַנענטע אויפקלערונג, אַז דער ק״ג דאַרף זיין אָפּגעזונדערט פון דער שול, עסטעטיש אויסגעשטאַט, און דער עיקר, אַז מען דאַרף אָנהייבן אָרגאַניזירן גאַנצע ק״ג, ווו דאָס קינד זאָל פאַרברענגען אַ פולן טאָג אין אַ יידישער סביבה.

דער פּלאַן צו שאַפן אַזעלכע אַנשטאַלטן הייבט שוין אָן רייף צו ווערן. דער עקאָנאָמישער קריזיס אָבער, וואָס הערשט היינט צו טאָג האַלט אָפּ פון רעאַליזירן פּלענער וואָס זענען פאַרבונדן מיט גרויסע ביודזשעטן.

ס׳איז אויך שווער צו ווירקן אויף די עסקנים, זיי זאָלן זיך רעכענען מיט די אויפנעם־מעגלעכקייטן פון די ק״ג און נישט אָננעמען קיין צופיל קינדער. אמת, וואָס מער קינדער — מער הכנסה פון שכר־לימוד, אָבער קיין מזל־ברכה פאַר דער דערציִונגס־אַרבעט איז עס נישט. ס׳איז „יצא שכרו בהפסדו״.



קינדער־גאָרטן תל־אביב נומער דריי.

דער ק״ג טרעפט זיך אָן מיט נאָך שוועריקייטן צוליב אָביעקטיווע פאַקטאָרן: די היים וואָס היט נישט אָפּ דעם יידישן לעבנסשטייגער, די שפּראַך פון דער היים איז נישט די שפּראַך פון ק״ג; דער נישט־יידישער אַרום און אָפּטמאָל נישט נאָר דער נישט־יידישער, נאָר אויך דער שעדלעכער. צו דעם קומט נאָך צו די פראַגע פון דער אָרגאַניזאַציע פון די ק״ג. זיי זענען צו ענג פאַרבונדן מיט דער שול. דער טראַנספּאָרט איז אַזוי איינגעשטעלט, אַז די קינדער פון ק״ג מוזן קומען און צוריקפאָרן אין איין און דער זעלבער צייט מיט די שול־תלמידים און צוליב דעם פאַרברענגט אַ קינד אין ק״ג $2\frac{1}{2}$ שעה (אין אייניקע אַנשטאַלטן נאָך ווינציקער).

נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן ביי וועלכע עס קומט אויס צו פירן די אַרבעט מיט די קינדער פון פאַר שול־עלטער, האָט דער ק״ג זייער אַ סך דערגרייכט.

וואָס זענען אייגנטלעך די דערגרייכונגען פון ק״ג?

א) דאָס קינד דערנענטערט זיינע עלטערן צום ק״ג און דורך דעם וועג ווערן אייניקע פון זיי אַריינגעצויגן אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ב) דאָס קינד ברענגט אַריין יידישקייט אין דער היים, אַ יידיש וואָרט, אַ יידיש ליד, אַ נאָמען פון אַ יום־טוב, פון אַ יידישן העלד, אאַז״וו. (פון די העברעישע גנים — העברעיש).

ג) דאָס קינד ווערט צוגעגרייט צו דער יידישער שול און אומדירעקט אויך צו דער מלוכה־שול, און דער עיקר: דער גרעסטער טייל פון אָט־די קינדער פאַרענדיקן די פאָלקסשול און זענען ממשיך זייער יידישע בילדונג אין די מיטלשולן.

## דאָס אַריבערגיין פון ק״ג — אין די ערשטע גראַדן

| | צאָל קינדער אין שול־עלטער | אַריבער אין די 1סע גראַדן | אין % |
|---|---|---|---|
| 1958 | 1000 | 850 | 85 |
| 1959 | 1150 | 795 | 69 |
| 1960 | 1198 | 912 | 76 |
| 1961 | 1415 | 1118 | 79 |
| 1962 | 1463 | ? | ? |

אַ געוויסער פּראָצענט פון די קינדער וואָס פאַרענדיקן דעם ק״ג און גייען נישט דירעקט אַריבער אין די ערשטע גראַדן, קומען צוריק נאָך אַ יאָר איבעררייס.

איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון די ק״ג איז דער מאַנגל אין גננות. מצד דעם ועד החינוך זענען שוין געמאַכט געוואָרן פאַרשיידענע פּרוּוון צו לייזן די פּראָבלעם פון צו־גרייטן גננות, אָבער עס איז אים נאָך אַלץ נישט געלונגען אַוועקצושטעלן אַזאַ מין שולע אויף אַ געזונטן יסוד.

מיר געפינען זיך נאָך אַלץ אין אַן עמערגענץ־צושטאַנד. עס פעלן אויס דערציערינס און אַ גרויסע טייל פון די וואָס פּראַקטיצירן אין די ק״ג, פעלט פאַקקענטעניש און שפּראַך.

ווי די טאַבעלע ווייזט אָן, האָבן אייניקע באַקומען זייער צוגרייטונג בלויז אין אַ מיטל־שול און אין בעסטן פאַל זענען זיי מער צוגעפּאַסט פאַר לערערנס ווי פאַר גננות.

## צוגרייטונג פון די גננות

| | |
|---|---|
| פון סעמינאַר פאַר גננות — — — — — — — | 75 |
| ״ לערער־סעמינאַר ביי דער קהילה — — | 23 |
| ״ מכון ללימודי היהדות — — — — — — — | 7 |
| ״ די אַנדערע מיטלשולן — — — — — | 12 |
| ״ אַמאַליקע פּרעבל־קורסן — — — — — — | 8 |
| ״ איראָפּע — — — — — — — — — — | 2 |
| אָן צוגרייטונג — — — — — — — — — — | 15 |
| ס״ה — — — | 142 |

## אַלגעמיינע בילדונג

פון די 142 גננות האָבן 96 געענדיקט אויך אַן אַלגעמיינע מיטלשול.
5 — זענען סטודענטינס פון אוניווערסיטעט.
42 — אָן אַלגעמיינער בילדונג.

## צוגרייטונג פון די עוזרות

| | |
|---|---|
| שילערינס פון סעמינאַר פאַר גננות — — — | 24 |
| " " לערער סעמ. ביי דער קהילה — | 32 |
| " " מכון ללימודי היהדות — — — | 7 |
| " " אַנדערע מיטלשולן — — — — | 20 |
| " " אָן צוגרייטונג — — — — — — — | 8 |
| ס"ה — — — | 91 |



אונטער די גרינינקע ביימעלעך (אַרבעט פון קינדער אין אַ קינדער־גאַרטן).

דער ועד החינוך האָט איינגעזען די נויטווענדיקייט פון אינסטרויִרן און פערפעקציאָנירן די יונגע גננות און אונטערקומען זיי מיט הילף אין דער אַרבעט. האָט דער דעפּאַרטאַמענט פאַר ק"ג איינגעשטעלט אַ פּערמאַנענטן קאָנטאַקט מיט די גננות דורך לעקציעס, שמועסן, אַנווייזונגען און מיטהילף.

עס ווערן אַרויסגעגעבן מאַטעריאַלן פאַר די קינדער צו יעדער אַקטיוויטעט אין ק״ג, און אַ מין „טאַשן־ביבליאָטעק״ אין פאָרם פון קליינע העפטלעך — פּראַקטישע אָנווייזונגען פאַר די גננות.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ דערגאַנצונג־קורס פאַר שפּראַך, וואָס פונקציאָנירט שוין 3 יאָר. מען לערנט איין מאָל אין וואָך, 2 שעה נאָכנאַנד במשך דעם גאַנצן לערניאָר.

8 לעקציעס פון פּאַכקענטעניש ווערן געגעבן די גננות במשך דעם לערניאָר (יעדן ערשטן זונטיק פון חודש).

ס׳איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ רייכער אַרכיוו פון דידאַקטישע מאַטעריאַלן צו קאָפּירן, אויסלייען אאַז״וו; אַן אָנהייב פון אַ קאָנסולטיר ביבליאָטעק; אַ פּערמאַנענטע אויסשטעלונג פון נייע מעטאָדן, לערן־מכשירים א״אַ, וואָס ווערן פּראַקטיצירט אין די ק״ג אין ישראל און אין דער גאָרער וועלט.

אויף אַזאַ אופן פּרוווט דער ועד החינוך צו לייזן די פּראָבלעם פון מאַנגל אין גננות בכדי נישט אָפּצושטעלן די אַנטוויקלונג פון די ק״ג אין איכות און אין כמות.



מאיר בערלסאָן

# לערער־סעמינאַר אינטערנאַט אין מאָזעסוויל

אויף אַ מהלך פון 700 קילאָמעטער פון דער גרויסער שטאָט בוענאָס־איירעס, אין דער באַ־ווזסטער מאָזעסוויל, פונקציאָנירט דער נייער לערער־סעמינאַר אינטערנאַט, געגרינדעט דורך דער קהילה פון בוענאָס־איירעס.

די אינטערנאַטן — איינער פאַר יינגלעך און אַ צווייטער פאַר מיידלעך — געפינען זיך אין צוויי רחבותדיקע בנינים, מיט אַלע מאָדערנע באַקוועמלעכקייטן, זייער שיין איינגעאָרדנטע שלאָף־ און פאַרברענג־צימערן, עס־זאַלן, הויפן, און אַ קיך מיט די נייעסטע אינסטאַלאַציעס. ביידע געביידעס קענען אַריינגעמען ביי די 150 תלמידים, צוזאַמען מיטן טעכנישן און אַדמיניס־טראַטיוון פערסאָנאַל.



ביים אונטערשרייבן דעם קויף־קאָנטראַקט פון נייעם בנין פאַרן לערער־סעמינאַר אין מאָזעסוויל.

רעשט עס טאַקע יעדן טאָג פון 6 אַזייגער אין דער פרי ביז 10 אַזייגער אין אָוונט. לערערס, מדריכים און אַנדערע אָנגעשטעלטע האָבן פאַרשיידענע פונקציעס, אָבער אַן איינאונאיינציקן ציל: אויסבילדן יידישע לערערס פאַר דער אַרגענטינער פראָווינץ און שאַפן יידישע אינטעליגענטן פאַר אונדזער סביבה. אַלע אַרבעטן לויטן אַלטן, אָבער דאָך אַקטועלן כּלל פון „תורה עם דרך־ארץ״. און טאַקע אין גייסט פון דעם כלל ווערן אויסגעפורעמט די צונויפגעזאַמלטע תלמידים פון אַרבע קיצוות אַרגענטינע און נאָענט־ליגנדיקע לענדער, ווי באָליוויע, פּאַראַגווייַ, אורוגוויי און בראַזיל.

אין דעם סעמינאַר האָט זיך געשאַפֿן אַ ווונדערבאַרע ייִדיש־אַטמאָספער אַ דאַנק דעם צו־נויפגאָס פון תורה מיט אַלגעמיינע וועלטלעכע ידיעות. עס איז צו האָפן, אַז פון דעם־אָ אינסטי־טוט וועט אַרויסקומען אַ דור פון ייִדישע יונגעלייט וואָס וועלן דינען דעם ישוב מיט זייער וויסן אין ייִדישער אָריענטאַציע. נעמענדיק אין באַטראַכט די אַרבעט וואָס די אַבסאָלווענטן פון דעם 1טן אַרויסלאָז פירן דורך, האָבן מיר דאָס רעכט פאָרויסצוזאָגן, אַז די אַביטוריענטן פון דעם לערער־סעמינאַר אינטערנאַט אין מאָזעסוויל וועלן זיין די רעטערס פון דעם צעשפּרייטן ייִדישן ישוב אויף דער אַרגענטינער פּראָווינץ.

די קהילה פון בוענאָס איירעס האָט פונעם ערשטן מאָמענט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ לערן־אַנ־שטאַלט טאָר נישט טראָגן דעם חותם פון איין פאַרטיי. אירע אָנפירערס האָבן מסכים געווען. אַז דער אויספאָרמירער פון דעם אַנשטאַלט — דער שרייבער פון די־אָ שורות — זאָל אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פאַרן סעמינאַר אין איינקלאַנג מיט די נויטווענדיקייטן פאַר דער וואָס אַ מאָל מער אויס־געייִדישטער פּראָווינץ, וואָס זאָל געבן די לערערס די נויטיקע עלעמענטן זיי זאָלן זיין בכוח



לערער־סעמינאַר אין מאָזעסוויל. — אין עס־זאַל.

נאָכצוקומען די פאָדערונגען פון די פאַרשיידענע פּראָווינץ־ישובים, וואָס זעען אין דעם ייִדישן לערער נישט נאָר דעם אונטעררעכטער אין די ד׳ אמות פון דער שולע, נאָר אויך דעם טרעגער און פאַרשפּרייטער פון אונדזער קולטור, טראַדיציע, רעליגיע אד״גל׳ פאַרן גאַנצן ישוב.

די תלמידים וואָס קומען פון הייזער וואָס זיינען כמעט אויסגעליידיקט פון ייִדישקייט און האָבן קיין אַנונג פון וואָס עס הייסט ייִדישע טראַדיציע, מינהגים אאַז״וו, נעמען אָבער אויף אַלעס וואָס ווערט זיי געגעבן אין רוח־היהדות. דאָס האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם טראַדיציאָנעלן גייסט וואָס עס הערשט אין דעם אינטערנאַט, אין וועלכן כשרות, תפילה, שבת, יום־טוב א״אַנד שאַפן די פּאַסיקע סביבה כדי די־אָ אויסגעייִדישטע קינדער זאָלן קענען אויסגעפורעמט ווערן ווי עכטע ייִדן, מיט אַ פּאָזיטיוון צוגאַנג צו אַלע קנינים רוחניים וואָס זיינען אונדז אַזוי טייער. אַפילו די קינדער וואָס קומען מיט אַ נעגאַטיוון צוגאַנג צו דעם ייִדישן גייסט, וואָס איז זיי אַזוי פרעמד, נעמען אויך אויף בהדרגהדיק דעם עכט־ייִדישן איינשטעל פון דער אינסטיטוציע. ביסלעכווייז ווערן זיי איינגעגלידערט אין דער הערשנדיקער אַטמאָספער, וואָס מאַכט זיי פילן און אָפּשאַצן

זוי געהעריק די גרויסע ווערטן פון אונדזערע מינהגים און ספּעציפישע געוווינהייטן. בלויז אויבנאויפיק איז זיי ייִדישקייט געווען פרעמד. אין זייער אונטערבאַוווסטזיין אָבער, טיף אין זייער נשמה, האָט נאָך דער סנה געברענט. געווען טאַקע פאַרשאָטן מיטן אַש פון אַסימילאַציע און דאָך נישט אויפגעהערט צו ברענען, און דאָך נישט אויסגעברענט געוואָרן.

אויב עס זיינען פאַראַן פאַלן פון קינדערישער רעאַקציע קעגן געוויסע ייִדישע איינשטע־לונגען, קומט זי מערסטנס פון איגנאָראַנץ און פון אַ שטעלונג וואָס איז זייער פאַרשפּרייט אין אונדזערע צייטן זיך אַנטקעגנשטעלן אַלץ וואָס איז אונדז פרעמד, אָדער וואָס שטימט נישט מיט אונדזערע מיינונגען. די שילערס ווערן אָבער מיט טאַקט, מיט ליבע און מיט פאַרשטענדעניש אַריינגעפלאָכטן אין דעם שטייגער־לעבן וואָס הערשט אין אינטערנאַט; שטייגער־לעבן, וואָס מאַכט אין זיי דערוואַכן די בלויז איינגעשלאָפענע ייִדישע געפילן, וואָס זיינען, נישט קוקנדיק אויף אַלע אויסערלעכע נעגאַטיווע פאַקטאָרן וואָס האָבן געווירקט אויפן קינד, דאָך געבליבן טיף איינגעוואָרצלט אין זיין האַרצן. אין אינטערנאַט ווערט נישט בלויז געלערנט ייִדישקייט, נאָר



לערער־סעמינאַר אין מאָזעסוויל. אַ לעקציע. אין הינטערגרונט — דער דירעקטאָר בן־ציון קאָוועוונסקי.

עס ווערט געלעבט אין ייִדישקייט, אין ייִדישן גייסט. פאַראַפראַזירנדיק דער תורה, קענען מיר זאָגן, אַז דער „נעשה" איז פאַר דעם „נשמע", און אין דעם שטעקט אונדזער איבערצייגונגס־קראַפט.

עס זיינען גוט באַקאַנט די שוועריקייטן מיט וועלכע עס טרעפן זיך אָן די אינטערנאַטן אויף דער גאָרער וועלט, אָן אויסנאַמען. נישט פאַראַן דער אינטערנאַט וואָס זאָל קענען אָנוויזן אויף פולקאָמע דערגרייכונגען. אויף דעם געביט ראַנגלען זיך שוין זינט לאַנגע יאָרן דערציִערס און אַריענטירערס פון אַלע לענדער. די ערשטע אינסטיטוטן פון דעם מין אין די לעצטע יאָרהונ־דערטער געפינען מיר אין ענגלאַנד (און אויב מיר ווילן זיך דווקא אַריבערטראָגן אויפן ווייטן נעכטן, מוזן מיר אָנהייבן פון ספּאַרטאַ), שפּעטער אין אַנדערע לענדער. מיר קענען אָבער נישט אַראָפּנעמען קיין מוסטער פון זיי, ווייל די באַדינגונגען, די באַדערפעענישן און די צילן זיינען גאָר אַנדערע. וואָס מיר קענען יאָ לערנען פון זיי איז, אַז עס קומט נישט אָן אַזוי גרינג אַרויפ־צופירן אַזאַ מין אַנשטאַלט אויף דעם גלייכן וועג. פון זייער דערפאַרונג דערוויסן מיר זיך, אַז

שטענדיק זיינען אַנשטאַנען אומפאָרויסגעזעענע פּראָבלעמען, אַפילו ווען דער פּערסאָנאַל איז געווען צוגעגרייט אויף דעם געביט.

דער „מכון ללימודי היהדות״ איז געווען דער ערשטער אַנשטאַלט פון דעם מין אין אַרגענטינע און האָט דורכגעמאַכט עליות און ירידות. נישט געפינענדיק די נויטיקע מיטלען פאַרן אָנהאַלטן און פאַרבעסערן דעם אינטערנאַט, האָט ער אים געמוזט אָפּשאַפן. אויך אין מאָזעסוויל האָבן מיר נאָך נישט געפונען קיין ענד־פאַרעם פאַרן אינטערנאַט. צום 4טן יאָר פון זיין עקסיסטענץ האָבן מיר אַריינגעבראַכט פאַרשיידענע פאַרבעסערונגען אין שיין פון אונדזער דערפאַרונג, וואָס וועלן זיכער זיך אָפּרופן צום גונסטן פון סעמינאַר.

עס ווערט ספּעציעל געזאָרגט, אַז דער קאָנטאַקט פון די תלמידים מיט זייערע היימען זאָל אָנגעהאַלטן ווערן כסדרדיק, סיי דורך בריוו ווי דורך פערזענלעכע באַזוכן פון די עלטערן, וואָס קומען פאַר צוויי מאָל אין יאָר. די תלמידים אָבער, לעבן אין אינטערנאַט במשך כמעט אַ גאַנץ



לערער־סעמינאַר אין מאָזעסוויל. — אַ תלמיד ביים עמוד.

יאָר, אַזוי אַז אין אים דאַרפן זיי געפינען זייער היים. מיר זאָרגן עס זאָל טאַקע אַזוי זיין און מיר האָבן עס דערגרייכט. עס האָט זיך געשאַפן אין אינטערנאַט אַזאַ היימישע סביבה, ווו די תלמידים לעבן זיך אויס און געפינען אין זייערע מדריכים אמתע חברים און פריינד, צו וועלכע זיי האָבן דעם גרעסטן צוטרוי און קאָמענטירן מיט זיי אַלע פּראָבלעמען.

כמעט אַלע שילערס זיינען מחויב צו באַזוכן די אָרטיקע נאַציאָנאַל־מיטלשולע, בכדי יעדער שילער זאָל האָבן אַ באַזישע צוגרייטונג און עס זאָל אים נישט פרעמד זיין אַלץ וואָס הייסט קולטור. די קאָאָרדינאַציע פון די אָנפירערס פון די־אַביידע טיילן — יידישע און וועלטלעכע — איז אַ פּערפעקטע. די מיטאַרבעט איז אַ קעגנזייטיקע.

די תלמידים באַזוכן די נאַציאָנאַל־מיטלשולע „ד. פ. סאַרמיענטאָ״, באַקומענדיק, נאָכן פאַרענדיקן דעם גאַנצן קורס, דעם טיטל „באַטשיזשער״.

פאַר יידישע לימודים, האָבן די תלמידים 20 לערן־שעהען אַ וואָך. דער צוזאַמענשטעל פון די תלמידים איז נישט געווען קיין איינהייטלעכער: זיי זיינען געקומען פון נישט ווייניקער ווי 48 ישובים, איינגעשלאָסן 2 פון באָליוויע, אין וועלכער עס זיינען קיין מאָל נישט געווען קיין יידי־

שע שולעס. זייער עלטער איז געווען פון 10 ביז 17 יאָר. די גרעסטע צאָל פון זיי האָבן געענ־דיקט אַ יידישע אָנהייב־שולע; מיר האָבן אָבער אויך אָנגענומען תלמידים וואָס האָבן נישט גע־זען פאַר זייערע אויגן קיין צורת אַלף. איז טאַקע לכתחילה געווען זייער שווער צו פאַרוואַנדלען דעם קאָנגלאָמעראַט פון פאַרשיידנאַרטיקע קינדער אין איין גאַנצקייט. דער־אָ משונה־מאָדנער צוזאַמענשטעל פון די תלמידים האָט איבערגעשראָקן אַ סך עסקנים ווי אויך אַרויסגערופן סקעפּ־טיציזם וועגן די רעזולטאַטן, הגם עס האָט נישט געפעלט קיין קריטיק און נעגאַציע פון דער צוקונפט פונעם אינסטיטוט. אַנטקעגן די נעגאַטיווע מיינונגען, האָבן די אָנפירנדיקע עסקנים פון דער קהילה זיך געשטעלט מיט זייער טיפן גלויבן אין דער נויטווענדיקייט פון דעם אינס־טיטוט, דער לערער־פּערסאָנאַל און מדריכים מיט זייער איבערגעגעבענער און אַחריותפולער



סעמינאַר אין מאָזעסוויל. — ראש הקהל ד״ר טוביה קאַמענשיין און פּרעזידענט פון ועד החינוך לייב גאָלד גיבן איבער דיפּלאָמען די תלמידים פון ערשטן אַרויסלאָז.

אַרבעט. אַ דאַנק דעם האָט מען געקענט מיט דערפאָלג איבערקומען די חבלי־לידה און פאַר־וואַנדלען די נישט־דעפינירטע יצירה אין אַ גוט אויסגעפורעמטן אינסטיטוט פאַר יידישע לע־רערס.

דער געדאַנק פון שאַפן אַזאַ סעמינאַר איז געבוירן געוואָרן ביי דעם דעמאָלטיקן גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קהילה, ה׳ צבי פיינגערש. זיין אַרגומענטאַציע איז געווען באַזירט אויף דעם היסטאָריש־געזעלשאַפטלעכן אַרגענטינער הינטערגרונט: די שטאָט האָט איינגעשלונגען די אינטעליגענטע כוחות פון דער פּראָווינץ; די שטאָט האָט צוגענומען די בעסטע און קוואַליפי־צירטסטע לערערס פון דער פּראָווינץ און זיי באַשטימט פאַר די גרויס־אויסגעוואַקסענע יידישע שולעס פון שטאָט. איז אַנטשטאַנען די סכנה, אַז די 25 אָדער 30 % פון דעם יידישן ישוב וואָס וווינט אויף דער פּראָווינץ זאָל פאַרפרעמדט ווערן צוליבן פעלן פון גייסטיקע פירערס און ספּעציעל פון יידישע לערערס. ביים סוף 1958 האָט דער וועד־הקהילות אַרומגענומען וואָס אַ ניאָל מער אַקטיוויטעטן אויף דער פּראָווינץ, און זיינע ביישטייערונגען און שטיצעס פאַרן שול־וועזן אויף דער פּראָווינץ זיינען געוואָרן וואָס אַ מאָל גרעסער. דער וועד־הקהילות האָט אָבער נישט געקענט געבן די הויפּט־לייזונג פון דער־אָ פּראָבלעם — דער מענטשן־מאַטעריאַל. די־

לערערס וואָס זאָלן זיך אָפּגעבן מיט פאַרשפּרייטן ייִדישקייט אין אינערן פון לאַנד. ישובים האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו וועלקן: איינגעוואָרצלטע ייִדישע קאָלאָניסטישע צענטערן זייַנען פאַרדאַרט געוואָרן און זייערע ביבליאָטעקן, שולעס, שולן, קולטור־אונטערנעמונגען זייַנען צו ביסלעך פאַרשוווּנדן צוליבן פעלן פון לערערס.

דער וועד־הקהילות האָט אויך געמוזט הערן דעם וויי־געשריי פון די פאַראייינזאַמטע ישובים — ישובים פון 1 ביז 10 פאַמיליעס — וואָס האָבן נישט געקענט חלומען אַפילו וועגן עפּעס נען אַ שולע. זייער הויפּט־פּראָבלעם איז געווען „זיין אָדער נישט ווערן". פאַר די־אָ אַלע ישובים, פאַר די אַלע נויטן, פאַר די פאַראייינזאַמטע ייִדישע מענטשן, פאַר די פאַריתומטע ייִדישע קינדער, — פאַר זיי אַלע איז געשאַפן געוואָרן דער נייער סעמינאַר אין מאָזעסוויל — אַ באמת נייע יצירה אין דעם שול־וועזן פון אַרגענטינע. אַ יחיד במינו ביי אונדז און דאָך באַוווּסט אין אַנדערע לענדער — נישט קוקנדיק אויף זיין קורצער עקסיסטענץ — מיט זיינע גוטע רעזול־



סעמינאַר אין מאָזעסוויל. — אַליין־באַדינונג פון די תלמידים.

טאַטן. עס איז דאָ כדאי צו דערמאָנען עטלעכע ישובים וואָס פאַרנעמען נישט קיין אָרט אין דער מאַפּע פון אונדזער ייִדישן לעבן, ווייל עס וווינען דאָרט צו 1 אָדער 2 פאַראייינזאַמטע מישפּחות, און פון דעסטוועגן האָבן זיי געשיקט זייערע קינדער לערנען אין מאָזעסוויל. דאָס זיינען: קיטי־ליפּי. הערערראַ, פּערנאַנדעז, קאָנסעפּסיאָן, סאַן־בערנאַרדאָ, ניארקין, אַלגאַראָבאָ א״אַנד. אַפילו קינדער פון גרעסערע ישובים זיינען געקומען קיין מאָזעסוויל לערנען תורה.

חינוך האָט נאָך נישט געהאַט אַזאַ ברייט פעלד פון דערגאַנצונג ווי אין דעם נייעם לערער־סעמינאַר פון מאָזעסוויל. דער עול־התורה איז טאַקע גאַנץ שווער פאַר די תלמידים, וועלכע מוזן דורכמאַכן אַ צווייפאַכיקן קורס פון ייִדישע און אַלגעמיינע לימודים. עלטערן וואָס זעען אין לערנען בלויז אַ קאַריערע פאַר זייערע קינדער ווערן גלייך אַנטמוטיקט, און קינדער וואָס באַזיצן נישט קיין שטאַרקן כאַראַקטער און ווילן, מוזן פאַרלאָזן דעם סעמינאַר. ווי עס איז דער שטייגער מיט ייִדישקייט בכלל, בלייבן נאָר די שטאַרקע, די וואָס האָבן אַ ווילן־קראַפט און אויסדויער וואָס דערמעגלעכט זיי אַריבערצוטראָגן אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט ייִדישע ווערטן.

אין מאַרץ 1959 איז געעפנט געוואָרן דער סעמינאַר מיט 63 תלמידים. במשך דעם יאָר זיי־

נען אַרויסגעטראָטן (אויסגעשלאָסן געוואָרן אָדער זיך צוריקגעצויגן) נישט מער ווי 9 תלמידים. אַ נישטיקע צאָל, ווען מען נעמט אין באַטראַכט די נייע און פרעמדע אומשטענדן מיט וועלכע די תלמידים האָבן זיך אָנגעטראָפן.

אין 1960 — 2טער לערניאָר — האָבן זיך פאַרשריבן 80 תלמידים און פאַרלאָזט דעם סעמינאַר האָבן בלויז 10; אין 1961 — 3טער לערניאָר — האָבן זיך פאַרשריבן 120 תלמידים און צום סוף יאָר האָט דער סעמינאַר געהאַט זיין 1טן אַרויסלאָז פון 48 אַבסאָלווענטן, פון וועלכע עס אַרבעטן 38. די אַנדערע 10 האָבן באַדאַרפט באַלייגן צוגאָב־עקזאַמענעס, און אַזוי ווי זיי האָבן דאָס נישט געטאָן, האָבן זיי אָנגעווירן זייער רעכט צו אַרבעטן.



סעמינאַר אין מאָזעסוויל. — דער מדריך ח. חסין, פון ישראל, מיט דער יוגנט.

היי־יאָר — 4טער יאָר עקסיסטענץ פון דעם נייעם לערער־סעמינאַר — האָבן מיר אויפגענומען נישט מער ווי 74 תלמידים, ווייל מיר האָבן געוואָלט זיך צופאַסן נאָך מערער צו די נייטיקע באַקוועמלעכקייטן און אויך אַוועקשטעלן די אינסטיטוציע אויף בעסערע דערציִערישע יסודות ווי פריִער — אַלס רעזולטאַט פון 3 יאָר דערפאַרונג אויף דעם געביט.

מאָזעסוויל איז אַ ישוב וואָס מאַכט דורך אַ שקיעה. האָט זיכער אַרויסגערופן גרויס וואונדער דער פאַקט וואָס מען האָט אין אַזאַ ווייטן ישוב, אין אַזאַ קליין דערפל, געגרינדעט דעם נייעם סעמינאַר. געוויסע פעדאַגאָגן האָבן געטענהט — און עס האָט זיי נישט געפעלט קיין אַרגומענטאַציע — אַז דער היינטיקער יוגנטלעכער מוז האָבן די גרויסע שטאָט מיט אירע מאָדערנע באַקוועמלעכקייטן, כדי צו קענען אין זיך איינזאַפּן אַלע דערגרייכונגען פון אונדזער ציוויליזאַציע. לויט זייער מיינונג, נויטיקט זיך דער יוגנטלעכער אין די אַלע געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן וואָס זאָלן אים באַווירקן אין זיין פאָרמירונגס־פעריאָד. די טענה איז נישט געווען אין גאַנצן טעותדיק. מיר האָבן אָבער געהאַלטן, אַז צווישן אויסקלייבן דעם לייכטערן וועג צו שאַפן תלמידים קיין בוענאָס איירעס — ווו עס איז קאָנצענטרירט דער רוב מנין און רוב בנין פון אונדזער ישוב מיט אַלע ווירקונגס־פאַקטאָרן — און אויסקלייבן דעם שווערערן, אָבער דערפאַר פאָזיטיוון וועג צו שאַפן דעם סעמינאַר אין מאָזעסוויל, איז כדאי געווען דאָס לעצטע, און אָט פאַרוואָס:

אַז אין די קליינע שטעטלעך קען מען שאַפן קולטור־צענטערן, איז קיין ספק נישט: וואָ־לאָזשין, סלאָבאָדקע, מיר, טעלז א״אַנד, זיינען זיכער נישט געווען קיין גרויסע שטעט און פון דעסטוועגן האָבן זיי אַרויסגעגעבן אויספאַרמירער פון אונדזער פאָלק במשך די לעצטע 200 יאָר. מאָזעסוויל איז טאַקע אַ קליין שטעטל. זי פאַרמאָגט נאָך אָבער דאָס זאַפט פון אַן עכט־יידישן ישוב, ווו מען קען זיך אויסלעבן יידישלעך אַפילו איצט, ווען דאָס שטעטל האָט שוין פאַרלוירן פון זיין אַמאָליקן גלאַנץ. דאָס איז געווען אונדזער מיינונג, און די ווירקלעכקייט האָט באַשטעטיקט אונדזערע השערות: אין דער רויקער סביבה פון דער אַמאָליקער „ירושלים דארגנ־טינה״ איז טאַקע מעגלעך דורכצוזעצן און אויספירן אַ סך מער ווי אין דער גרויסער שטאָט.



דער נייער בנין פון סעמינאַר אין מאָזעסוויל.

דער קאָנטאַקט מיט יעדן שילער באַזונדער איז דירעקטער און עפעקטיווער ווי אין דער שטאָט. די אינטערעסן פון יעדן תלמיד ווערן באַהאַנדלט מיט מער אויפמערקזאַמקייט, מיט מער אַכטונג, און דאָס באַווירקט דעם תלמיד מקבל צו זיין בסבר פנים יפות די אָנווייזונגען וואָס ער באַקומט פון זיינע דערציִערס.

די מיטלען וואָס מיר ווענדן אָן זיי אויסצופורעמען ווי גאַנצע מענטשן און יידן זיינען פאַר־שיידנאַרטיקע: יידישע מינהגים, גוטע מאַנירן ביים טיש און אין לעבן בכלל; חברישע באַציִונג צווישן די אינטערנירטע, זאָרג פאַר זייערע פערזענלעכע אינטערעסן, פאַראינטערעסירן זיי מיט די טעגלעכע פּראָבלעמען, זיי מאַכן הערן אָפטע שיחות אויף פאַרשיידענע טעמעס, ווו זיי באַ־טייליקן זיך פרייוויליק און מען גיט זיי די מעגלעכקייט זיך פריי אויסצודריקן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן; אַ סך איניציאַטיוועס ווערן געבראַכט פון די אייגענע תלמידים און זיי אַליין באַ־שטימען די מערהייט פּראָגראַמען פון זייערע אַקטן און אַרבעטן זיי אַליין אויס. די ביבליאָטעק און די דיסקאָטעק פאַרנעמען אַ זייער וויכטיקן פּלאַץ אין זייער לעבן; די ספּאָרט־פאַרמעסטונ־גען, שפּאַצירן, פאַרווילונגען אד״גל זיינען די בעסטע מיטלען צו דערגרייכן די אינטעגראַלע פאָרמירונג פון אונדזערע שילערס, סיי גייסטיק ווי פיזיש, הן אַלס יידן און הן אַלס מענטשן.

עס איז צו דערוואַרטן אַז אונדזערע אָנשטרענגונגען, פאַרשטאַרקטע מיט אונדזער וואָס אַ מאָל גרעסערע דערפאַרונגען, וועלן ברענגען צו דערפאָלגרייכע רעזולטאַטן, ד״ה, אַז די יונגע



לערער־סעמינאַר אין מאָזעסוויל. — אַ תלמידה בענטשט ליכט.



סעמינאַר אין מאָזעסוויל. — אַ תלמיד מאַכט קידוש ביי קבלת־שבת־פייערונג.

לערערס וואָס מיר פאָרמירן היינט אויס, זאָלן ווערן אונדזערע דירעקטע יורשים און זיין די מאָרגנדיקע יידישע קולטור־געזעלשאַפטלעכע מנהיגים פון אונדזער ישוב.

ווען עס ווערט גערעדט פון קולטור־אימפּרעזעס וואָס זיינען פאַרבונדן מיט ריזיקע אויס־גאַבן, שטעלן זיך שטענדיק האַרבע פראַגעס: וועלן די עקאָנאָמישע אָנשטרענגונגען געבן די דערוואַרטע רעזולטאַטן? וועט דער פּרווו זיך גוט אויסלאָזן מען זאָל קענען דערנאָך זאָגן, אַז די „אַוואַנטורע״ איז געווען כדאי?

לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז ווען די קהילה פון בוענאָס איירעס האָט זיך אונטערגענומען דורכצוזעצן די איניציאַטיוו פון מאָזעסווילער סעמינאַר, האָט דאָס לאַנד, פּונקט ווי איצט, דורכ־געמאַכט אַ פּעריאָד פון עקאָנאָמישן קריזיס וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף די פינאַנסיעלע מעג־



סעמינאַר אין מאָזעסוויל. — טאַנצנדיק אַ ישראל־טאַנץ.

לעכקייטן פון דער קהילה. באַשליסן דורכצופירן אַזאַ אויסערגעוויינלעכע אונטערנעמונג אין אַ פּעריאָד ווען דער עקאָנאָמישער אַספּעקט איז אַ פּראָבלעם, איז באמת געווען אַן ענין פון ווייט־זעעוודיקייט.

די דאָזיקע ווייטזעעוודיקייט האָט געפונען איר פאַרזעצונג אין דער איצטיקער פאַרוואַל־טונג פון דער קהילה בראש מיט ד״ר טוביה קאַמענשיין — פּרעזידענט, אליעזר פרידמאַן — גענעראַל־סעקרעטאַר, און אָשר גראָקאָף — קאַסיר. די דאָזיקע קהילה־פאַרוואַלטונג האָט נאָך מער אויסגעברייטערט דעם פאַרנעם פונעם סעמינאַר און אים געגעבן זיין דעפיניטיווע פאָרעם. מיט גרויס פאַרשטאַנד זיינען זיי צוגעטראָטן צו דער לייזונג פון אַלע פּראָבלעמען וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן סעמינאַר, און פון דעם ערשטן מאָמענט אָן האָבן זיי דערשפּירט אַז זיי שטייען פאַר אַ היסטאָרישער דערשיינונג אָן פּאַראַלעל אין דער געשיכטע פון חינוך־וועזן אין אַרגענ־טינע. אין זייער פּעריאָד האָט מען איינגעקויפט עטלעכע הייזער פאַר די אינטערנאַטן פון סע־מינאַר, זיי באַאָרגט מיט די מאָדערנסטע איינריכטונגען און געזאָרגט, אַז עס זאָל נישט פעלן קיין שום דעצידירנדיקער פאַקטאָר צו דער נאָרמאַלער און שנעלער אַנטוויקלונג פונעם אינס־טיטוט. די ציפערן וואָס מיר וועלן דאָ ווייטער אָנגעבן, וועלן קלאָרער מאַכן דאָס געזאָגטע.

## הוצאות פון דעם נייעם סעמינאַר אין מאָזעסוויל, געדעקטע דורך דער קהילה פון בוענאָס איירעס

### יאָר 1959

| חודש | אויפנטה' | אַדמיניסטר' | לערער | סעקרעטאַר' | אַלגעמיינע אויסגאַבן | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| מערץ | 71.500.— | 18.500.— | 21.600.— | 4.655.80 | 3.400.— | 119.655.80 |
| אַפּריל | 70.400.— | 13.900.— | 21.600.— | 1.610.20 | 3.400.— | 110.910.20 |
| מאַי | 71.500.— | 9.700.— | 23.100.— | 1.723.65 | 3.400.— | 109.423.65 |
| יוני | 128.800.— | 9.700.— | 23.100.— | 1.409.20 | 3.400.— | 166.409.20 |
| יולי | 115.200.— | 9.700.— | 23.100.— | 1.738.— | | 153.138.— |
| אויג' | 115.200.— | 10.866.— | 23.100.— | 2.880.70 | 4.180.— | 156.226.70 |
| סעפּט' | 111.600.— | 8.200.— | 23.100.— | 3.156.— | 3.400.— | 149.456.— |
| אָקט' | 128.400.— | 11.927.— | 46.100.— | 3.188.10 | 3.400.— | 193.015.10 |
| נאָוו' | 116.000.— | 12.500.— | 59.216.— | 2.103.40 | 3.400.— | 161.303.40 |
| דעצ' | 116.000.— | 17.816.— | 27.300.— | 1.933.70 | 3.400.— | 198.365.70 |
| יאַנ' 1960 | — | 9.200.— | 26.500.— | — | — | 35.70.— |
| פעב' 1960 | — | 9.200.— | 26.500.— | — | — | 35.700.— |
| סך־הכל | 1.044.600.— | 141.209.— | 344.316.— | 24.398.75 | 34.780.— | 1.589.303.75 |

## הוצאות פון דעם נייעם סעמינאַר אין מאָזעסוויל, געדעקטע דורך דער קהילה פון בוענאָס איירעס

### יאָר 1960

| חודש | אויפנטה' | אַדמיניסטר' | לערער | סעקרעטאַר' | אַלגעמיינע אויסגאַבן | נייע דירה | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| מערץ | 76.394.— | 22.500.— | 44.400.— | 3.778.— | 4.500.— | 50.000.— | 201.572 |
| אַפּריל | 120.950.— | 27.500.— | 44.400.— | 8.154.— | 4.500.— | 50.000.— | 255.504.— |
| מאַי | 146.462.— | 25.500.— | 58.400.— | 3.362.— | 4.500.— | 100.000.— | 347.211.— |
| יוני | 108.365.— | 28.800.— | 44.400.— | 12.349.— | 18.087.— | — | 202.214.— |
| יולי | 78.041.— | 28.800.— | 44.400.— | 6.394.— | 43.335.— | 50.000.— | 250.170.— |
| אויג' | 117.206.— | 25.500.— | 44.400.— | 27.268.— | 25.740.— | 50.000.— | 290.510.— |
| סעפּט' | 111.985.— | 26.200.— | 44.400.— | 4.306.— | 5.200.— | 50.000.— | 242.091.— |
| אָקט' | 99.360.— | 26.200.— | 44.400.— | 10.932.— | 5.260.— | 50.000.— | 236.152.— |
| נאָוו' | 99.028.— | 26.200.— | 44.400.— | 3.214.— | 11.579.— | 50.000.— | 234.421.— |
| דעצ' | 121.622.— | 46.466.— | 83.358.— | 10.088.— | 21.139.— | 50.000.— | 332.673.— |
| פעב' 1961 | — | 26.200.— | 44.400.— | 1.270.— | 26.000.— | 50.000.— | 147.870.— |
| יאַנ' 1961 | 49.943.— | 32.200.— | 53.500.— | 11.788.— | 10.911.— | 50.000.— | 208.342.— |
| סך־הכל | 1.129.752.— | 340.466.— | 594.858.— | 102.903.— | 180.751.— | 600.000.— | 2.948.730.— |

# הוצאות פון דעם נייעם סעמינאַר אין מאָזעסוויל, געדעקטע דורך דער קהילה פון בוענאָס איירעס

## יאָר 1961

| חודש | אויפנטה׳ | אַדמיניסטר׳ | לערער | סעקרעטאַר׳ | אַלגעמיינע אויסגאַבן | רעמאָנט | אינוועסט׳ | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| מערץ | 115.215.— | 29.700.— | 54.600.— | 6.140.— | 4.500.— | 5.906.— | 127.716.— | 343.777.— |
| אַפּריל | 167.268.— | 30.150.— | 53.100.— | 14.860.— | 4.500.— | 9.445.— | 8.019.— | 287.342.— |
| מאַי | 162.871.— | 33.150.— | 53.100.— | 13.073.— | 16.444.— | 2.375.— | 2.030.— | 283.043.— |
| יוני | 142.990.— | | 81.000.— | 12.477.— | 4000.— | — | 896.— | 282.513.— |
| יולי | 110.284.— | 35.150.— | 60.075.— | 25.060.— | 4.200.— | 1.675.— | — | 236.444.— |
| אויג׳ | 162.034.— | 35.150.— | 60.075.— | 14.012.— | 4.500.— | 9.135.— | — | 284.906.— |
| סעפּט׳ | 169.919.— | 35.150.— | 60.075.— | 27.604.— | — | 8.224.— | — | 300.972.— |
| אָקט׳ | 131.341.— | 35.150.— | 72.450.— | 20203.— | — | 2.470.— | 7.316.— | 268.930.— |
| נאָוו׳ | 181.341.— | 35.150.— | 72.450.— | 27.604.— | — | 5.000.— | 7.316.— | 328.861.— |
| דעצ׳ | 181.341.— | 35.150.— | 72.450.— | 27.604.— | — | 5.000.— | 7.316.— | 328.861.— |
| יאַנ׳ 1962 | — | 35.150.— | 60.075.— | 22.047.— | 300.— | 1.348.— | 25.300.— | 144.220.— |
| פעב׳ 1962 | — | 35.150.— | 60.075.— | 22.047.— | 648.— | 1.000.— | 25.300.— | 144.220.— |
| סך־הכל | 1.524.604.— | 415.350.— | 759.525.— | 232.731.— | 39.092.— | 51.578.— | 211.209.— | 3.234.089.— |

## יאָר 1962

| חודש | אויפנטה׳ | אַדמיניסטר׳ | לערער | סעקרעטאַר׳ | אַלגעמיינע אויסגאַבן | אינוועסט׳ | רעמאָנט | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| מערץ | 68.389.— | 32.000.— | 61.775.— | 8.970.— | 4.030.— | 5.575.— | 800.000.— | 980.739.— |
| אַפּריל | 145.210.— | 37.600.— | 69.787.— | 5.679.— | 15.687.— | 14.028.— | — | 287.991.— |
| מאַי | 147.210.— | 37.600.— | 69.787.— | 5.679.— | 15.687.— | 14.532.— | — | 290.485.— |
| סך־הכל | 360.799.— | 107.200.— | 201.349.— | 20.328.— | 35.404.— | 34.135.— | 800.000.— | 1.559.215.— |

ד״ר דוד רויזין

# די דערנענטערונג פון דער יוגנט צום ייִדישן לעבן

אונדזער קהילה קאָן זיך באַרימען מיט אַ רייכן, אַ קאָלירפולן ייִדישן לעבן.

די שול־נעץ וואָס איז אַ כבוד פאַרן אַרגענטינער ייִדנטום, די „עליה״־באַוועגונגען וועלכע שאַפן פאָזיטיווע חלוצישע דערגרייכונגען, די גרינדונג פון אַרגענטינער „קיבוצים״ אין ישראל, די פאַרדינסטפולע טעטיקייטן פון די פילע הילפס־אינסטיטוציעס, רעליגיעזע אַנשטאַלטן, קלובן אד״גל׳ זיינען דערויף עדות און באַצייכענען אונדזער קהילה פאַר דער וויכטיקסטער אין לאַטיין־אַמעריקע.

אָבער, ווי שטענדיק, איז נישט אַלץ גאָלד וואָס גלאַנצט; צום באַדויערן פעלן אויך נישט אין אונדזער קהילה־לעבן קיין טונקעלע שטריכן און צווישן זיי דאַרף מען איבערהויפּט אונטערשטרייכן דעם פאַקט, וואָס אַ גרויסער פּראָצענט קינדער און יוגנטלעכע באַקומען נישט קיין שום ייִדישע דערציִונג.

עס איז געוויס פּיינלעך צוצוזען ווי די אַסימילאַציע שלעפּט אַוועק מיט זיך אַ גרויסן סעקטאָר פון אונדזער יוגנט, דערווייטערנדיק זי סיי פון אונדזער קולטור ווי פוןביידע טראַדיציאָנעלע שפּראַכן. מיר האָבן, צום באַדויערן, אַ טעות געהאַט, ווען מיר האָבן געמיינט, אַז דער אויפקום פון מדינת־ישראל וועט זיין אַ באַריערע פאַר דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס פונעם יונגן ייִדישן דור.

נישט אַריינגייענדיק אין אַ ברייטערן אַנאַליז פונעם עקזיסטירנדן מצב, קענען מיר אָנווייזן, אין זייער אַלגעמיינע טערמינען, אויף צוויי פאַקטאָרן וואָס דערקלערן דעם דערווייטערונג־פּראָצעס פון די יוגנטלעכע פונעם ייִדישן לעבן.

פריִער פאַר אַלץ איז באַוווּסט, אַז זייער ייִדישער קולטור־באַגאַזש איז פיל קלענער און אָרעמער ווי פון זייערע פאָטערס און זיידעס. די מערהייט פון די יוגנטלעכע באַזיצט נישט מער ווי קנאַפּע באַגריפן פון דער ייִדישער געשיכטע אָדער ייִדישער טראַדיציע און מער ווי דער איפּער צו די ווערטן פון אונדזער טויזנט־יאָריקער קולטור האָט זיי אָנגערעגט זייער פרייהייטס־ליבע און באַוווּנדערונג פאַרן ייִדישן רענעסאַנס אין ישראל.

אָבער דאָס לעבן האָט זיינע פאָדערונגען און טראָץ דעם וואָס אונדזער יוגנט פילט זיך אידענטיפיצירט מיט מדינת־ישראל, האָט זיך אָבער אַ גרויסער טייל געלאָזט אַבסאָרבירן פונעם שטודיום אָדער פון קאַמף פאַרן לעבן און נאָר אַ באַגרענעצטער סעקטאָר האָט זיך געווידמעט אינגאַנצן דעם ציוניסטישן מיליטאַנטיזם אָדער דעם אַקטיוון אָנטייל אין אַנדערע קולטורעלע אָדער רעליגיעזע ספערעס פון דער געמיינדע.

עס זיינען אויך דאָ יוגנטלעכע, אינדיפערענטע, וואָס ווערן אַסימילירט נישט מחמת מאַנגל אין ייִדישן וויסן אָדער מחמת זייער קנאַפּער ייִדישער קולטור, נאָר פשוט: זיי לאָזן זיך פאַרשלעפּן מיטן שטראָם, באַהערשט פון דער אינערציע, אָדער מחמת מאַנגל פון וועלכן ס׳איז סטימול.

פון דער אַנדערער זייט, איז אויך באַקאַנט אַז די אָנפירונג פון דער מערהייט קהילות און

דער מערהייט פון אונדזערע אינסטיטוציעס ליגט אין די הענט פון אַ דור וואָס גייט אַוועק און וואָס האָט נישט ווער עס זאָל אים פאַרטרעטן. עס איז טאַקע ריכטיק, אַז אין די לעצטע יאָרן מערקט זיך אַ געוויסער פאַרלאַנג צוצוציִען יונגע עלעמענטן צו די לייטנדיקע אינסטאַנצן. אָבער דער דור צו וועלכן די יוגנטלעכע געהערן, איז אין זיין מערהייט, ווייט פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און עס איז זייער ווינציק געטאָן געוואָרן אויף צו פאַראינטערעסירן אים אין דעם. עס געפינען זיך אַפילו אין דער קאָלעקטיוויטעט געוויסע קרייזן, וואָס זיינען ווי צופרידן מיטן אָנהאַלטן די דאָזיקע דערווייטערונג.



סעקרעטאַר פון דעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה, ד״ר יוסף רויזין, דערעפנט די קורסן פון געשיכטע פאַר יוגנטלעכע.

אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן איז גאָרנישט געטאָן געוואָרן אָדער ס'איז זייער ווייניק געטאָן געוואָרן אויף צו דערציִען די טויזנטער יידישע אוניווערזיטאַריער וואָס זיינען דאָ ביי אונדז. און מען מוז אָנערקענען אַז נאָך אַפילו היינט באַט די קאָלעקטיוויטעט זייער ווייניק אָן אָדער זי באַט כמעט ווי גאָרנישט אָן אירע טויזנטער יונגע פּראָפעסיאָנאַלן.

דאָס שאַפן פונעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה אין 1958 איז געווען אַ באַווייז אַז ענדלעך האָט מען אָנגעהויבן פאַרשטיין די ערנסטקייט פון דעם פּראָבלעם און די נויטווענדיקייט צו באַהאַנדלען מיט אַנטשלאָסנקייט זיין בהדרגהדיקע לייזונג.

מיר האָבן געוווּסט, אַז ס'וועט זיין נאַיִוו צו דערוואַרטן באַלדיקע רעזולטאַטן פון אונדזער אַרבעט צו דערנענטערן די יוגנט צום יידישן לעבן און צו באַפעסטיקן די שוין עקזיסטירנדיקע יוגנט־גרופּירונגען. מיר האָבן געוווּסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און מען האָט געדאַרפט דורכפירן אַ מיזאַמע, סיסטעמאַטישע אַרבעט, אַן אמתע מוראַשקע־אַרבעט.

מיר זיינען אויך געווען איבערצייגט אַז עס לוינט נישט צו זוכן קיין ספּעקטאַקולאַרע און גראַנדיעזע לייזונגען, ווייל צום סוף לאָזן זיי זיך אויס מיט גאָרנישט.

מיר זיינען אויך געקומען צום באַשלוס, אַז צו דער יוגנט קאָן מען נאָר צוקומען אין אירע אייגענע סאָציאַלע ראַמען אין וועלכע זי איז טעטיק, זאָל עס זיין אין ציוניזם אָדער וועלכע אַנדערער קולטורעלער, אָדער סאָציאַלער סביבה.

מיר זיינען געווען איבערצייגט אַז די קהילות דאַרפן נישט שאַפן קיין נייע סטרוקטורן, נאָר אונטערשפּאַרן און באַפעסטיקן די שוין עקזיסטירנדיקע; סטימולירן אויף אַלע אופנים די טעטיקייטן פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און העלפן זיי שאַפן דאָרט ווו זיי עקזיסטירן נאָך נישט.

מיר האָבן אויך געהאַלטן אַז די קהילות דאַרפן איינשליסן אין זייערע פּערמאַנענטע טעטיקייטס־פּלענער אינפאָרמאַטיווע און אויפקלערערישע אַרבעט צווישן דער יוגנט, איבערהויפּט אין שפּאַניש, די שפּראַך וואָס זי רעדט און פאַרשטייט. און אויך צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים דאַרפן די קהילות אונטערשטיצן די חלוצישע באַוועגונגען, מיטהעלפן די יוגנטלעכע אין אַלע זייערע טעטיקייטן; גרינדן בעקאָס פאַר טעכנישע שטודיומס און פאַרטיפונג פון דער ייִדישער קולטור, סטימולירן אויסגאַבעס, טעאַטער־פאַרשטעלונגען פון ייִדישן אינטערעס אאַז״וו.

נאָך פיר יאָר אַקטיווער טעטיקייט, באַגייסטיקט דורך דער פאַרשטענדעניש און סטימול פון די קהילה־לייטער און די הויפּט־קהילות אין לאַנד, קאָן מען באַהויפּטן אַז ס׳איז דערגרייכט געוואָרן די פאַרווירקלעכונג און ס׳איז דערפילט געוואָרן אַ גרויסער טייל פון די כוונות און צילן וואָס האָבן אינספּירירט די שאַפונג פונעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט, ווי עס ווייזט אָן דער באַריכט וועגן דעם, פאַרעפנטלעכט אין דעם פנקס. עס זיינען באַזיגט געוואָרן פיל שטערונגען מיט וועלכע מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן ביים אָנהייב און עס אַנטוויקלט זיך איצט אַ ריי סיסטעמאַטישע טעטיקייטן וועמעס רעזולטאַטן עס זעען זיך אָן יעדן טאָג.

עס דאַרף ספּעציעל אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אַ דאַנק דער פאָרמירונג פון אַ שטאַב מדריכים האָבן אויפגעלעבט אָדער זיך באַפעסטיקט פיל יוגנט־צענטערס, וואָס האָבן ביז דאַן נאָר פיגורירט נאָמינעל. מ׳האָט דערנענטערט צום ייִדישן לעבן הונדערטער ייִדישע יוגנטלעכע וואָס האָבן געלעבט פולשטענדיק דערווייטערט פון אים. עס ווערן אַרויסגעגעבן אויסגאַבעס פון הויך־קולטורעלן ניוואָ וואָס ווערן געלייענט און קאָמענטירט אין די יוגנט־קרייזן. עס איז איינגעפירט געוואָרן צו פייערן אין פיל יוגנט־צענטערס קבלת שבת און ייִדישע ימים־טובים; עס יוערן דורכגעפירט אין פיל פון זיי פּעריאָדישע קאָנפערענצן, טעאַטער־פאַרשטעלונגען אויף ייִדישע טעמעס אד״גל. עס איז די יוגנטלעכע געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט בייצוזיין סיסטעמאַטישע קורסן פון דער ייִדישער געשיכטע און ישראלישער ליטעראַטור, ס׳איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן זיי דער פאָלקלאָר און די ייִדישע און ישראל־לידער. אין סך־הכל: עס איז געטאָן געוואָרן און עס ווערט געטאָן אַלדאָס מעגלעכס, כדי צו דערנענטערן די יוגנט צום ייִדישן לעבן און אַריינצוברענגען אין איר דעם ייִדישן באַוווסטזיין.

אפשר לוינט זיך צום סוף אויך אָנצווייזן אַז די אַנטי־ייִדישע געשעענישן אין די לעצטע חדשים האָבן געווירקט ווי אַ גייסטיק עמאָציאָנעלער שאָק אויף די יוגנטלעכע, איינגעשלאָסן אַפילו די גענצלעך דערווייטערטע פונעם ייִדנטום. און מען באַמיט זיך זיי צו אויפקלערן, אַז נישט דאָס איז דער מאָטיוו פאַר אונדזער שטרעבונג זיך אומצוקערן צום ייִדישן לעבן. אויף וויפל ס׳איז נאָר מעגלעך וויל מען אין זיי אויפוועקן און אַנטוויקלען אַ ייִדישן באַוווסטזיין, באַזירט אויף די פּערמאַנענטע ייִדישקייט־ווערטן וואָס זיינען נישט אין קעגנזאַץ און ווידערשפּרעכן נישט זייער צושטאַנד אַלס אַרגענטינער און זייער ליבע צום געבוירנלאַנד.



# פיר יאָר טעטיקייט פונעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה

דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט איז דער יינגסטער פון די קהילה־אָרגאַניזמען. ער איז נאָך אַפילו קיין פינף יאָר נישט אַלט, ווייל ער האָט אָנגעהויבן זיין סיסטעמאַטישע טעטיקייט ערשט אין יאָר 1959.

די יוגנט־סובקאָמיסיע האָט זיך אין דער ווירקלעכקייט פאָרמירט דעם 18טן אַפּריל 1958. אויסער דעם סעקרעטאַר, ד״ר דוד רויזין האָבן אָנטייל גענומען אין דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג און אין די צוויי נאָכפאָלגנדיקע: די ה״ה משה פערלמאַן, ד״ר בערנאַרדאָ לערנער, גרעגאָריאָ זשעלאַזני, יעקב בערקאָוויטש און זלמן גאָטליב.

בעת די ערשטע פאַרזאַמלונגען זיינען באַטראַכט געוואָרן די פאַרשידענע אַספּעקטן פונעם פּלאַן וואָס ד״ר רויזין האָט פאָרגעלייגט. דער טעטיקייט־פּלאַן האָט איינגעשלאָסן פאַרשידענע איניציאַטיוון וואָס האָבן געצילט צו דערנענטערן די יוגנט צום געמיינדע־לעבן און אויפוועקן איר אינטערעס פאַר די ישראל־פּראָבלעמען און אירע גרויסע פאַרווירקלעכונגען.

צו דעם צוועק האָט מען געפּלאַנט דורכצופירן אַ גרויסן שריפטלעכן קאַמפּיין צווישן דער יוגנט; די אויסגאַבע פון אַ ווערק פון גרויסן גייסטיקן אינטערעס פאַר די יוגנטלעכע; שאַפן אַ בעקאָ אויף פּראָפעסיאָנעלער השתלמות אין ישראל; אויסבילדונג און פּערפעקציאָנירונג פון אַדמיניסטראַטיווע באַאַמטע; שאַפן פאַרבינדונגען מיט אַלע יוגנט־אינסטיטוציעס; קאָאָרדינאַציע מיטן קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה; סטימולירן די כאָראַלע און טעאַטראַלע טעטיקייטן צווישן די יוגנטלעכע אד״גל׳.

צו דער זעלבער צייט האָט מען גענומען אין אַכט די נויטווענדיקייט צו העלפן און סטימולירן די שוין עקזיסטירנדע יוגנט־גרופּירונגען, איבערהויפּט פון חלוצישן כאַראַקטער.

די אַלע איניציאַטיוועס זיינען געוואָרן אַנאַליזירט און באַטראַכט און אָנגעהויבן פאַרווירקלעכט צו ווערן שטופּנווייז, לויט די אומשטענדן. איצט נאָך דריי יאָר אָנגעשטרענגטער אַרבעט קאָן מען באַהויפּטן אַז עס האָט זיך איינגעגעבן צו דורכפירן אַ גרויסן טייל פון די איניציאַטיוועס און צוגעבן צו זיי אייניקע אַנדערע נישט־ווייניקער וויכטיקע, צו דער טעטיקייט פון דער יוגנט־קאָמיסיע.

די דאָזיקע טעטיקייט איז געווען אָריענטירט אין צוויי ריכטונגען: סטימולירן, פון איין זייט, די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזירטער יוגנט און פון דער צווייטער זייט, אַרויסרופן די שאַפונג פון גרופּירונגען פון די יוגנטלעכע וואָס זיינען דערווייטערט פונעם יידישן לעבן, כדי צו דערנענטערן זיי צום יידנטום און צו דער געזעלשאַפטלעכקייט.

## די אָרגאַניזירטע יוגנט

די אָרגאַניזירטע יוגנט שטעלט מיט זיך פאָר צוויי אַנטשיידענע סעקטאָרן: איינער מיט אַ קלאָרער ציוניסטישער אָריענטאַציע, דער אַנדערער — פון אַ ריין קולטורעלן, סאָציאַלן, אָדער ספּאָרטיוון כאַראַקטער. ביידע סעקטאָרן זיינען געהעריק סטימולירט געוואָרן.

## די חלוצישע באַוועגונגען

ס'איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אינעם יוגנטלעכן ציוניסטישן סעקטאָר שטייען אין דער ערשטער ריי די חלוצישע באַוועגונגען מיט זייערע אייגענע אָרגאַניזאַציעס: „תנועות", „קנים" און „הכשרות".

געמענדיק אין אַכט זייערע קנאַפּע מיטלען און וועלנדיק סטימולירן און פאַרגרעסערן זייער אַקטיוויטעט האָט די בוענאָס־איירעסער קהילה דורכגעפירט אַ ריי איניציאַטיוועס וועלכע דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט רעקאָמענדירט.



דער ראש־הקהל ד"ר ט. קאַמענשיין מיט אַ גרופּע ייִדישע סטודענטן פון בראַזיל (יאָר 1960).

צווישן זיי דאַרף מען פאַרצייכענען פאָלגנדיקע:

א) ס'איז באַשטימט געוואָרן אַ צושטייער פון 20 פּעזעס טעגלעך אויף דער אויפהאַלטונג פון יעדן יוגנטלעכן וועלכער מאַכט דורך אַ קורס פון אַגריקולטורעלער צוגרייטונג אין די „הכשרות".

ב) ס'זיינען אויך באַשטימט געוואָרן באַדייטנדע סומעס כדי די בעסערע עלעמענטן אין די „הכשרות" זאָלן קענען פאָרן קיין ישראל און דאָרטן פאָרזעצן די פּערפעקציאָנירונג־קורסן, פאַרפליכטנדיק זיך אָבער צו דינען אַלס אינסטרוקטאָרן נאָך זייער אומקערן זיך אין לאַנד.

ג) ס'איז באַשטימט געוואָרן אַ בייטראַג פון 50 % צו דעם סכום וואָס די ייִדישע אַגענץ שטייערט ביי פאַר די אינסטרוקטאָרן פון די חלוצישע באַוועגונגען. די דאָזיקע ביישטייערונג וואָס איז אין 1959 געווען פון 1.250 פּעזעס, איז פאַרטאָפּלט געוואָרן אין יוני 1962, צוליב דער גרויסער פאַרטייערונג פון די לעבנס־מיטלען. פון דאַן באַקומט יעדער איינער פון די „מדריכים" אין די חלוצישע באַוועגונגען אַ חודשלעכע סובסידיע פון 2.500 פּעזעס און ס'איז אויך געגעבן געוואָרן 1.200 פּעזעס די מדריכים וואָס האָבן ביז איצט נישט באַקומען קיין אונטערשטיצונג. אויף דעם פאַרברויכט איצט די קהילה מאָנאַטלעך 203.500 פּעזעס.

ד) די קהילה האָט אויך מיטגעהאָלפן צו אָרגאַניזירן פאַר די יוגנטלעכע אין די „הכשרות״ קורצע קורסן פון ייִדישער געשיכטע, זי האָט דערמעגלעכט דאָס סיסטעמאַטישע לערנען העברעיִש און דאָס ווייַזן פילמען פון די פאַרשיידענע אַספּעקטן פון דער ערד־אַרבעט אין ישראל.

ה) די קהילה האָט אויך באַשטימט אין די לעצטע יאָרן באַדייטנדע באַשטייערונגען אויף צו פאַרריכטן די געביידעס און די פאַרשידענע איינריכטונגען אין די הכשרות, כדי די יוגנט־לעכע זאָלן קענען אַנטוויקלען נאָרמאַל, אָן שטערונגען, זייערע אַרבעטן אין די פאַרשידענע טעטיקייט־צווייגן, ווי: גאָרטן, פּרוכט־ביימער, הינער־צוכט, קו־שטאַל אאַז״וו.

ו) דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט קאָאָרדינירט זיין טעטיקייט מיט דער ציוניסטישער יוגנט־קאָנפעדעראַציע, ברית ארגונים חלוציים און מחלקת הנוער והחלוץ פון דער ייִדישער אַגענץ.

ז) אויך האָט די קהילה מיטגעהאָלפן מיט אַלץ וואָס זי איז געווען בכח דער יוגנט־עליה און ס'איז שוין געוואָרן אַ טראַדיציע דאָס געזעגענען די עולים אין איר זיצונג־זאַל.



געזעגענונג פון אַ גרופּע יוגנטלעכע עולים (1960).

## די אוניווערזיטאַרישע יוגנט

דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט געווידמעט ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט צו דערנענטערן די אוניווערזיטאַרישע יוגנט צום ייִדישן לעבן. באַלד נאָך זיין אַנטשטייונג האָט ער געהאַט צוזאַמענקונפטן מיט די אָנפירער פון די פאַרשידענע אוניווערזיטאַרישע גרופּירונגען פון דער הויפּטשטאָט, באַמיִענדיק זיך צו קאָאָרדינירן זייער טעטיקייט און פאַרלייכטערן זייער אויסברייטערונג אין דער גרויסער אוניווערזיטאַרישער מאַסע.

צו דעם צוועק האָט די קהילה אַסיגנירט דעם „סענטראָ אוניווערסיטאַריאָ סיאָניסטאַ" אַ מאַנאַטלעכע ביישטייערונג, און צו דער זעלבער צייט דערמוטיקט מיט איר מאָראַלישער און מאַטעריעלער מיטהילף די אויסשפּרייטונג פון זיין טעטיקייט אינעם אינערן פון לאַנד. נאָך אַ פאַרשטאַרקטן אויפקלערונגס־קאַמפּיין האָבן זיך געגרינדעט אוניווערזיטאַרע ציוניסטישע קרייזן אין די שטעט פון דער רעפּובליק: ראָזאַריאָ, קאָרדאָבאַ, סאַנטאַ־פע, פּאַראַנאַ, באַהיאַ־בלאַנקאַ אאַז״וו. זיי האָבן זיך פאַרבונדן אין איין צענטראַלער קאָנפעדעראַציע („פוסאַ": פעדעראַסיאָן אוניווערסיטאַריאַ סיאָניסטאַ אַרכענטינאַ) מיט דער צענטראַלע אין בוענאָס־איירעס.

## קולטורעלע, סאָציאַלע און ספּאָרטיווע אָרגאַניזאַציעס

איינע פון די הויפּט־אויפגאַבעס פונעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט איז געווען צו באַפעסטיקן די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פון די פאַרשיידענע יוגנט־גרופּירונגען, וואָס האָבן ביז דאַן עק־זיסטירט בלויז נאָמינעל. ווי נאָר מען האָט געקראָגן אַ מדריך, האָט ער אָנגעהויבן די פּעריאָ־דישע באַזוכן אין די פאַרשיידענע צענטערס, באַצוועקנדיק צו באַנייען זייער טעטיקייט און אָריענטירן זיי אין נאַציאָנאַל־קולטורעלן ייִדישן גייסט.

ס'איז קלאָר, אַז אַזאַ אינטענסיווע אַרבעט צווישן די יוגנט־גרופּן וואָלט נישט געווען מעג־לעך אָן אַ שטאַב פון אַקטיווע און פעיִקע מדריכים. דאָס איז געווען נאָך מער נייטיק, ווייל דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט זיך אָנגעצייכנט אַלס נאָרמע נישט אַרויפצוצווינגען קיין קריטער־יומס, נישט קיין אַרבעטס־פּלענער וועלכן ס'איז צענטער, נישט צוגעבן קיין פונקציעס וואָס עס פירן אויס אַנדערע אינסטיטוציעס. פון דאַנען — די דרינגלעכע נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ שטאַב פון גוטע, קאָמפּעטענטע מדריכים אויף צו אַנטוויקלען אַ פּרוכטבאַרע אַרבעט.

אין 1961 האָט דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט געהאַט פאַר דער דאָזיקער אויפגאַבע נישט מער ווי צוויי מדריכים און דאָך האָט ער דערגרייכט באַדייטנדע דערפאָלגן, ווי ס'האָט זיך אַרויס־געוויזן ביי דער פאַרזאַמלונג פון כמעט אַלע יוגנט־גרופּירונגען פון הויפּטשטאָט און גרויס בוענאָס־איירעס אַרום איין געמיינזאַמען טיש.

ס'קען אויסזען אומגלויבלעך, אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז נישט אַלע קולטורעלע, סאָציאַלע און ספּאָרטיווע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן אָריענטירט זייער אַקטיוויטעט אין ייִדיש־נאַציאָ־נאַלן גייסט. נישט אַלע האָבן אַפילו אַרויסגעוויזן אינטערעס פאַר די הויפּט־מאַניפעסטאַציעס פון דער ייִדישער קולטור און אין איניקע פאַלן נישט פאַרבאָרגן אַ געוויסע סימולירטע שנאה צו זיי, אָדער איבעררעשנדע אומפאַרשטענדעניש פאַר דער ישראל־ווירקלעכקייט.

ס'איז קלאָר אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פון אַ גענצלעכער אומוויסנהייט פונעם ייִדישקייט מהות, פונעם פעלן פון ייִדישער קולטור און מאַנגל אין אינפאָרמאַציע וועגן די פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען פון דעם געמיינדע לעבן.

דערפאַר איז זייער וויכטיק די אויפקלערונג־טעיִקייט וואָס עס האָבן געדאַרפט דורכפירן די מדריכים.

אָבער ס'איז געווען און עס איז פאַראַן נאָך אַ ייִדישער יוגנט־סעקטאָר וואָס נייטיקט זיך נאָך מער אין דער אויפקלערנדיקער אַרבעט, און דאָס זיינען די פיל הונדערטער, אָדער טויזנ־טער יוגנטלעכע וואָס געהערן נישט צו קיין אָרגאַניזאַציע, צו קיין באַוועגונג און געפינען זיך אין דער ווירקלעכקייט אָפּגעזונדערט פון דער געזעלשאַפט. עס אינטערעסירט זיי נישט קיין ייִדיש פּראָבלעם, זיי לעבן נישט און אַקטויִרן נישט צווישן ייִדן; דאָס זיינען אָפּגעפאַלענע צווייגן פונעם ייִדישן לעבנס־בוים, איבער דערווידערנדע אומשטענדן אָדער איבער דער זאָרגלאָזיקייט פון די עלטערן אין באַצוג צו דער ייִדישער דערציִונג.

דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט אָנגעצייכנט איניקע ריכטליניעס צו דערנענטערן די דאָזיקע עלעמענטן צו עפּעס אַ ייִדישער קערפּערשאַפט, כדי מיט דער צייט אויסצווירקן זייער אומקערן זיך צום ייִדנטום. עס איז נישט קיין לייכטע אויפגאַבע; אויך קען מען נישט שטרעבן,

אַז זי זאָל זיך תיכף פאַרווירקלעכן, אָבער עס זיינען געמאַכט געוואָרן אייניקע צופרידנשטעלנדע טריט און מען גייט אָן אין דער ריכטונג מיט דער צוזאַמענאַרבעט פונעם מדריכים שטאַב.

## מדריכים־שטאַב

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן די וויכטיקייט פון אַ גרופּע מדריכים וואָס זאָלן באַזוכן רעגל־מעסיק די צענטערס וואָס נייטיקן זיך אין טעכנישער אָנפירונג און דיסציפּלין אין זייער אַרבעט. דערפאַר האָבן מיר זיך באַמיט אַזאַ גרופּע צו פאָרמירן, איבערהויפּט פון די יוגנטלעכע וואָס באַזיצן אַ גרינטלעכע יִדישע צוגרייטונג, ד״ה: יוגנטלעכע וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם סעמינאַר, אָדער אַן אַנדער יִדישע מיטלשול, אָדער דעם מדריכים־קורס אין ירושלים.

עס מוז אונטערגעשטראָכן ווערן אַז די קהילה־לייטונג האָט מיט פיל פאַרשטענדעניש און מיטהילף פאַר דער זאַך, אויטאָריזירט אין אַפּריל 1962 די געהעריקע באַשטימונגען. אַזוי האָט זיך פאָרמירט דער מדריכים־קאַדער אין באַשטאַנד פון צען יוגנטלעכע.

באַלד נאָך דעם ווי ער האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט האָט ער גלייך אָנגעהויבן זיין טעטיקייט, אָריענטירט אין דריי מיטווירקנדיקע ריכטונגען:

א) באַפעסטיקן די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פון די פאַרשיידענע גרופּירונגען וואָס האָבן ביז דאַן נאָר עקזיסטירט נאָמינעל. צוגעוווינען זייערע מיטגלידער צו באַזוכן רעגולער און סיסטעמאַטיש זייער צענטער און מיטאַרבעטן אין זיינע קולטורעלע און סאָציאַלע טעטיקייטן.

ב) פאַרשפּרייטן דאָס יִדישע און ישראל־געזאַנג אין אַלע צענטערס; שאַפן ווו עס איז נאָר מעגלעך כאָרן. צוליב דעם האָבן מיר באַשטימט אַלס איינעם פון די מדריכים ווי אַ מוזיק־לערער, ספּעציאַליסט אין כאָר־געזאַנג.

ג) פאַרשפּרייטן די ישראלישע טענץ אין אַלע צענטערס, צוליב דעם זיינען באַשטימט געוואָרן צווישן די מדריכים צוויי מיידלעך, ספּעציאַליזירט אין די טענץ.

איבערהויפּט האָט יעדער איינער פון די מדריכים געדאַרפט מיטאַרבעטן אין דער אַלגעמיינער אויפגאַבע און קאָאָרדינירן די טעטיקייט אין די צענטערס פון יעדער געגנט אין דעם קעגנזייטיקן אויסטויש פון רעדנער, מוזיק, כאָרן, טענץ, אַנסאַמבלען, אאַז״וו.

## אַ נ ק ע ט ע

כדי מעגלעך צו מאַכן דעם קולטורעלן, סאָציאַלן און ספּאָרטיוון אויסטויש צווישן די פאַרשיידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס וועלכע האָבן אַרטיסטישע עלעמענטן, רעדנער, כאָרן, פילאָדראַמאַטישע קאַדערן אאַז״וו, האָבן די מדריכים אָנגעהויבן צו מאַכן אַן אַנקעטע וואָס האָט געדאַרפט באַקאַנט מאַכן די פאָלגנדע אינפאָרמאַציעס:

א) וויפל מיטגלידער ציילט יעדער אַנשטאַלט אין זיין קלאַסיפיצירונג, לויט עלטער און קאַטעגאָריע;

ב) דער גרינדונג־דאַטום, און די אויפגאַבן און צילן פונעם צענטער;

ג) אַ קורצן באַריכט פון די טעטיקייטן פון יעדן צענטער פאַר די יאָרן 1960־1961;

ד) די רעדנער און לעקטאָרן וואָס זיי האָבן און וועלכע וואָלטן געקענט אַקטיווירן אויף פאַרזאַמלונגען אָדער עפנטלעכע אַקטן אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס;

ה) אויב זיי האָבן אַ טעאַטער־קרייז, ווער זיינען זיינע מיטגלידער, ווערק וואָס זיי האָבן פאָרגעשטעלט, וועלכע גרייטן זיי צו און אין וועלכער שפּראַך: שפּאַניש, יִדיש אָדער העברעיִש;

ו) אויב ס׳עקזיסטירט ביי זיי אַ כאָר, וויפל אָנטיילנעמער, ווער דיריגירט אים און זיין רעפּערטואַר: אין יִדיש, שפּאַניש און העברעיִש;

ז) אויב ס׳איז דאָ אין צענטער אַ טאַנץ־אַנסאַמבל פון ישראלישע טענץ, וויפל מיטבאַטייליקטע זיינען דאָ אין אים און וועלכע טענץ זיי אינטערפּרעטירן;

ח) אויב זיי פאַרנעמען זיך מיט ספּאָרטיווע איבונגען, באַריכטן אין וועלכע און צי זיי האָבן אָנטייל גענומען אָדער קאָנען אָנטייל נעמען אין פאַרמעסטן;

ט) צי זיי האָבן אַן אייגענע ביבליאָטעק, וויפל ביכער פאַרמאָגט זי און אין וועלכע שפּראַכן און צי אינטערעסירט זיי, אָדער האָבן זיי די מעגלעכקייט פון אַ ביכער־אויסטויש מיט אַנדערע יוגנטלעכע ביבליאָטעקן.

די באַקומענע אינפאָרמאַציעס האָבן מעגלעך געמאַכט צו קאָאָרדינירן די טעטיקייט אין די צענטערס פון גרויס בוענאָס־איירעס. די דירעקטע, פערזענלעכע מיטאַרבעט פון די מדריכים מיט די יוגנטלעכע פירער האָט פיל מיטגעהאָלפן צו פאַרשטענדיקן זיך און צו אויפקלערן פיל געמיינזאַמע פּראָבלעמען.



די פייערונג פון ישראלס בר־מצוה־יאָר. לחיים אין קהילה לכבוד די צוויי בר־מצווהניקעס וואָס האָבן זוכה בגורל געווען צו מאַכן אַ רייזע קיין ישראל.

## אַרום אַ געמיינזאַמען טיש

עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז לויט דער איניציאַטיוו פונעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט זיינען פאָרגעקומען צווישן די יוגנטלעכע איניקע זייער וויכטיקע צוזאַמענקומען.

נאָך פיל באַמיונגען איז צושטאַנד געקומען דער ערשטער פון זיי, עס איז געלונגען צו־זאַמענצוברענגען אַרום איין געמיינשאַפטלעכן טיש די פאַרטרעטער פון אַזעלכע פאַרשיידנאַר־טיקע אַנשטאַלטן, ווי די ציוניסטישע יוגנט־קאָנפעדעראַציע בני ברית, קלוב נאַוטיקאָ הכח, ציוניסטישער אוניווערזיטעטאַרער צענטער (קוס), יוגנט־דעפּאַרטאַמענט ביי דער יידישער אַגענץ, רמה, אַרגענטינער פעדעראַציע מכבי, חזית הנוער, קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון אַפּאַרטייאישע צענטערס. ספרדישע יוגנט אד״גל׳.

אָט די ערשטע פאַרזאַמלונג האָט געבראַכט נאָך זיך פיל אַנדערע, אָריענטירט אין אַ טאָפּלטן ציל: צו אָרגאַניזירן דעם אַרגענטינער אָנטייל אין דער ערשטער ייִדישער קאָנווענץ אין לאַטײַן־אַמעריקע, פאָרגעקומען אין מאָנטעווידעאָ אין יאָר 1961, און דער צווייטער — צו שאַפן אַן אַלגעמיינע קאָנפעדעראַציע פון אַלע ייִדישע יוגנט־גרופּירונגען אין דער הויפּטשטאָט, גרויס בוענאָס־איירעס און אינלאַנד.

די דאָזיקע אַקציע וואָס דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט אונטערגענומען האָט געבראַכט צו דער שאַפונג פון דעם ייִדיש־אַרגענטינער יוגנט־ראַט, וואָס הייבט אָן צו אַנטוויקלען זײַן טעטיקייט מיט דער מיטהילף און אויפזיכט פון אַלע יוגנט־סעקטאָרן.

ער האָט גלייך אונטערגענומען סיסטעמאַטישע און רעגלמעסיקע צוזאַמענקומען פון די יוגנטלעכע פאָרשטייער וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אונטער אונדזער אויפזיכט אין דעם זיצונג־זאַל פון דער קהילה, דעם 4טן אַפּריל 1962.

די וויכטיקייט פון דעם צוזאַמענקום באַשטייט נישט נאָר אין דער צאָל פון די אָנטייל־נעמער, נאָר אין דער אויפריכטיקייט מיט וועלכער יעדער איינער פון זיי האָט זיך אויסגעדריקט וועגן די פאַרשיידענע פּראָבלעמען פאַר וועלכע זיי זיינען געשטאַנען, אָדער געזוכט אַ לייזונג פאַר די צענטערס און די פעדעראַציעס וואָס זיי האָבן פאָרגעשטעלט.

מען דאַרף אונטערשטרייכן אַז אויף דער פאַרזאַמלונג זיינען געווען פאַרטראָטן מער פון צוואַנציק יוגנט־גרופּירונגען וואָס ציילן אַ מיטגלידערשאַפט פון אַרום 5.000 יוגנטלעכע.

עס זיינען געווען פאָלגנדע צענטערס:

יוגנט־צענטער פון בית־עם „מדינת ישראל“;

חזית יוגנט־פראָנט (אסיבא — בית־ישראל — ס. י. ב. — נ. ס. י. — ווילאַ באַלעסטער — למרות הכול);

צענטער „מאַקס נאָרדוי“;

אחים (מאַר דעל פּלאַטאַ);

צענטער „נחום סאָקאָלאָוו“;

א. ה. א. ס. שלום;

מכבי הצעיר;

בית־עם „יוסף שפּרינצאַק“;

סענטראָ כוּווענִיל איסראַעליטאַ הגנה פון ווילאַ דעוואָטאָ;

סירקולאָ קולטוראַל איסראַעליטאַ פון לאָמאַס דעל פּאַלאָמאַר;

סענטראָ כוּווענִיל איסראַעליטאַ ד״ר הערצל — שולע תל־אביב;

לוחמים;

אַרגענטינער ספרדישער אַטלעטישער קלוב;

אַטענעאָ איסראַעליטאַ אַרכענטינאָ פון לאָמאַס דע סאַמאָראַ;

סענטראָ כוּווענִיל קדימה פון קילמעס.

די באַהאַנדלטע טעמעס אויף דער פאַרזאַמלונג זיינען געווען פון אַ זייער פאַרשיידנאַרטיקן כאַראַקטער. עס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן דאָס פעלן פון דידאַקטישע און דערציִערישע אויסגאַבעס, מאַנגל פון קינאָמאַטאָגראַפישע פילמען וועגן ישראל און דאָס פעלן פון ביב־ליאָטעקן מיט ביכער אויף ייִדישע טעמעס, ווי אויך דאָס פעלן פון באַקוועמלעכקייטן אין גע־וויסע לאָקאַלן. עס זיינען אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף געוויסע קרייזן וואָס רעדן וועגן דערנעענטערן די יוגנט צום געזעלשאַפטלעכן לעבן אָבער זיי לייגן טויזנטערליי שטע־רונגען ביים אַנטוויקלען אַ סיסטעמאַטישע טעטיקייט אין דער הינזיכט. עס איז גערעדט גע־וואָרן וועגן דער נויטווענדיקייט צו באַזאָרגן די צענטערס מיט רעדנערס וואָס זאָלן אינטע־רעסירן די יוגנט אויך פון ספּעציאַליסטן אויף צו לערנען ישראל־טענץ און לידער. אין איין זאַך האָבן זיך אַלע געאייניקט: אַז די יוגנט־גרופּעס נייטיקן זיך אין אַ פּערמאַנענטער מיט־אַרבעט פון אַ מדריך.

דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט אויך צונויפגערופן אַן אַנדער ווייכטיקע פאַרזאַמלונג פון דעלעגאַטן פון יוגנטלעכע אינסטיטוציעס, כדי צו גרינדן אַ פעדעראַציע פון יידישע ספּאָרטיווע קערפּערשאַפטן. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען דעם 19טן יולי, מיטן אָנטייל פון פאָרשטייער פון 23 צענטערס און פעדעראַציעס.

נאָך פיל באַמיִונגען איז געשטיגן אין אַ מערקבאַרער פאָרעם די צאָל פון די אָנגעשלאָסענע קערפּערשאַפטן, ענדגילטיק האָט זיך קאָנסטיטויִרט די נייע קערפּערשאַפט אונטערן נאָמען בעדיבא (פעדעראַציע פון יידישע ספּאָרטיווע אַנשטאַלטן אין בוענאָס־איירעס). עס דאַרף אונ־טערגעשטראָכן ווערן אַז אויסער איר שטרעבן צו אַן אינטעגראַלער אַנטוויקלונג פון דער פיזי־שער, מאָראַלישער און גייסטיקער קולטור פון די מיטגלידער פון די אָנגעשלאָסענע אינסטיטו־ציעס, דאַרף די נייע פעדעראַציע „קעמפן פאַר אַ רעאַלער דערנענטערונג פון דער יידישער יוגנט צו דער מדינת־ישראל, פאַרשפּרייטנדיק די יידישע און ישראלישע קולטורעלע ווערטן". די סטאַטוטן שטעלן אויך פעסט אַז קאָנסעקוועט מיט דער יידישער טראַדיציע, וועט די פעדע־ראַציע נישט אויפנעמען די ספּאָרטיווע פאַרמעסטן אין די שבתים אָדער אַנדערע יידישע גע־דענק־טעג.

דאָס ווייזט אַן אַז אין די לעצטע פאַר יאָר איז געמאַכט געוואָרן אַ גרויסער שריט פאָרויס אין דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע פון דער יוגנט.

עס דאַרף אויך באַמערקט ווערן אַז פון מיטן 1962 האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַ באַדייטנדע דערנענטערונג צו די יידישע אינטערעסן, אַפילו פון קרייזן, גענצלעך דערווייטערטע פונעם יידישן לעבן. דאָס איז געשען, צום באַדויערן, נאָך דעם ווי די אַנטיסעמיטישע אַקטואַציע האָט אויפגערודערט אונדזער לאַנד.

## אויפקלערונגס־מאַטעריאַל

מיט דעם איז אויך צו דערקלערן דעם אינטערעס פון די יוגנטלעכע פאַר אַ סעריע מאַ־טעריאַלן וואָס דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט זיי לעצטנס צוגעשטעלט. צווישן די לייען־מאַ־טעריאַלן איז ווערט צו באַצייכענען פאָלגנדע:

1) Carta a nuestros amigos los argentinos (sobre el caso Adolf Sichman) אַ בריוו צו אונדזערע אַרגענטינער פריינד (וועגן דעם פאַל אייכמאַן) פון שמואל שניצער, פון דער נאָכמיטיק־צייטונג „מעריב" פון ישראל.

2) Adolf Eichman (עדות פון רודאָלף העס) אַרויסגעגעבן פון אידישען וועלט־קאָנגרעס.

3) Puntos de vista שטאַנדפּונקטן (וועגן פאַל אייכמאַן).

4) Principios elementales de derecho internacional en que se basa el proceso Eichman. די עלעמענטאַרע פרינציפּן פון אינטערנאַציאָנאַלען רעכט אויף וועלכע עס באַזירט זיך דער אייכמאַן־פּראָצעס.

5) La Iglesia Católica se define אַרויסגעגעבן פון אידישען אַרגענטינער אינס־טיטוט.

6) La ciencia investiga el antesimitismo (די וויסנשאַפט פאָרשט אויס דעם אַנ־טיסעמיטיזם), אַרויסגעגעבן פונם אידישען אַרגענטינער אינסטיטוט פון קולטור און אינפאָר־מאַציע.

אייניקע פון די אויסגאַבעס האָבן אַרויסגעבראַכט היציקע דיסקוסיעס אין די יוגנט־צענ־טערס, צוגרייטנדיק אַזוי אַרום די נייטיקע גייסטיקע אַטמאָספער, כדי צו לייענען און פאַרשטיין אַנדערע ווערק.

## די אויסגאַבעס פונעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט

צופּאַסנדיק זיך צו דער נויטווענדיקייט צו באַזאָרגן די יוגנטלעכע פירער מיט פּאַסיקן מאַטעריאַל אויף צו אַנטוויקלען אַ סיסטעמאַטישע קולטורעלע טעטיקייט, האָט דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט אונטערגענומען צו אַרויסגעבן אַ ריי פּובליקאַציעס וואָס זיינען אויפגענומען געוואָרן אין אַלע קרייזן מיט אַ מערקבאַרן אינטערעס. מען איז אויסן געווען, אויפן ערשטן פּלאַן, צו שאַפן ביי די יוגנטלעכע די געוואוינהייט צו פייערן דעם שבת אין די דערמאָנונג פון די גרויסע ימים־טובים און יידישע היסטאָרישע דאַטעס.




די קהילה־פאַרוואַלטונג געזעגנט אַ גרופּע עולים צו זייער אָפּפאָרן קיין ישראל.

דערפאַר איז די ערשטע פון די אויסגאַבעס געווען געווידמעט קבלת שבת. אַזוי הייסט זי און אַנטהאַלט נישט נאָר אַ פולע אויפקלערונג פון דעם וואָס עס האָט באַטייט און עס באַטייט נאָך איצט די שבת־טראַדיציע אינעם יידישן לעבן, מיטן גאַנצן צויבער פון איר פּאָעזיע און הייליקייט, נאָר אויך גענויע אָנווייזונגען ווי צו אָרגאַניזירן דעם קבלת שבת אין די יוגנטלעכע צענטערס.

די צווייטע פּובליקאַציע הייסט שבועות־ל״ג בעומר; די דריטע — הערצל־ביאַליק; די פערטע איז אַ שירון, וואָס אַנטהאַלט אַ צוואַנציק יידישע און ישראלישע לידער מיט מוזיק, דעם אָריגינעלן טעקסט, טראַנסקריפּציע און איבערזעצונג אין שפּאַניש; די פינפטע — די גרויסע יידישע ימים־טובים (ראש־השנה און יום־כיפּור).

די אַלע אויבן־דערמאָנטע פּובליקאַציעס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פונעם פּראָפ׳ לאַזאַראָ שאַלמאַן, דירעקטאָר פונעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט.

ווייטער, כדי צו באַקאַנט מאַכן דער יוגנט און אַנדערע קרייזן וועגן דער טראַנסצעדענ־

טאַלער טעטיקייט פון דער יידישער קהילה פון בוענאָס־איירעס, האָט מען אַרויסגעגעבן אַ צוויי־שפּראַכיקע בראָשור (יידיש און שפּאַניש) ווו עס ווערן אַרויסגעבראַכט די דעמאָקראַטישע יסו־דות אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער געמיינדע און די פילפאַכיקע פונקציעס וואָס די קהילה פירט אויס.

## קבלת ־ שבת

עס איז זייער אַנגענעם צו באַצייכענען אַז עס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין איר גרעסטן טייל די אַספּיראַציע פונעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט אַז דער קבלת־שבת זאָל זיך איינבירגערן אין די יוגנט־צענטערס און זאָל געפייערט ווערן מיט גייסטיקער ווירדיקייט. אין מער פון 30 יוגנטלעכע גרופּירונגען איז עס איינגעפירט געוואָרן אַלס אַ וועכנטלעכער אַקט און עס איז אויסער יעדן ספק אַז די קבלת שבת פייערונג דינט ווי אַ גוטער אָנהייב פון דער יוגנט דערנענ־טערונג צו דער יידישער גייסטיקייט.

## אַנדערע דערמאָנונגען

מען דאַרף אויך באַצייכענען אַז אין פיל צענטערס איז היי־יאָר 1962 געפייערט געוואָרן דער יום־טוב פּסח, אָרגאַניזירנדיק ביי זיך אין אייגענעם אַמביענט אַ דריטן סדר; אויך האָט מען אין אייניקע איינגעאָרדנט דערמאָנונגס־אַקטן פונעם יום־טוב שבועות און אין פיל פון זיי הערצל־ביאַליק־פייערונגען.

## אַ קורס פון יידישער געשיכטע

וועלנדיק דערמעגלעכן פאַר דער יידישער יוגנט פון דער הויפּטשטאָט און אָנפירער פון יוגנט־צענטערס דורכצומאַכן אַ סיסטעמאַטישן קורס פון יידישער געשיכטע, האָט דער יוגנט־דעפּאַ־טאַמענט געקראָגן די מיטאַרבעט פון אַ קוואַליפיצירטער גרופּע פון ספּעציאַליסטן אין דער מאַטעריע, האָט צוגעגרייט אַ פּראָגראַם פאַר צוויי יאָר, וואָס ווערט דורכגעפירט נאָרמאַל, מיט אַ צאָלרייכער אַנוועזנהייט פון תלמידים.

דער ערשטער קורס — פולשטענדיק דורכגעמאַכט אין 1961 — האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן אַריינפיר־קלאַס צום שטודיום פון דער יידישער געשיכטע פון פּראָפעסאָר לעאָן דוכאָווניע, וואָס האָט גערעדט וועגן די צוויי גרויסע יידישע היסטאָריקער: גרעץ און דובנאָוו.

דער פּראָגראַם פון ערשטן קורס האָט אַרומגענומען די אַנטיקע עפּאָכע (בּיבּלישער פּער־יאָד) און די גריכיש־רוימישע מיט דער תלמודישער עפּאָכע (דער נאָכביבּלישער פּעריאָד). עס האָבן אים אַנטוויקלט די פאָלגנדע לעקטאָרן: ה' משה שענדעריי, פּראָפ' בערנאַרדאָ גאָרעליק, אינזש' שלמה ראָזענבערג, ה' מאַרקאָס עדערי, ד"ר קאָנראַדאָ פ. וועלער און ה' העריבערטאָ האַבער.

די פּראָגראַם פונעם צווייטן קורס, אַנטוויקלט אין 1962 האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן אַריינ־פיר־קלאַס וועגן דעם יידישן מיטלאַלטער, געגעבן פונעם קולטור־אַטאַשע פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע, ה' אריה שובל, אין דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָגראַם פונעם צווייטן קורס וואָס האָט אַרומגענומען די יידישע געשיכטע אין מיטלאַלטער, אין דער מאָדערנער און מיטצייטיקער עפּאָכעס, האָבן אָנטייל גענומען די לעקטאָרן ה' משה שענדעריי, אינזש' שלום ראָזענבערג, פּראָפ' לאַזאַראָ שאַלמאַן, ד"ר ציון כהן אימאַטש, ד"ר לעאָן דוכאָווניע און ד"ר נתן לערנער.

אומאָפּהענגיק פונעם קורס פון דער יידישער געשיכטע, זיינען געגעבן געוואָרן אין 1961 דריי קורצע קורסן:

1) „די סאָציאַלע, פּאָליטישע און אינסטיטוציאָנעלע פיזיאָנאָמיע פון ישראל", דיקטירט פון ה' גרעגאָריאָ ווערביצקי, פּרעסע־אַטאַשע פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע;

2) „סאַרמיענטאָ און זיין באַגריף וועגן יידנטום", דיקטירט פון פראָפ' לאַזאַראָ שאַלמאַן;
3) „די מיטצייטיקע העברעיִשע ליטעראַטור", דיקטירט פון פראָפ' אברהם פלאָטקין;
פּאַראַלעל מיט זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט ענלעכע קורצע קורסן אין אייניקע צענטערס פון גרויס בוענאָס־איירעס און אינלאַנד.

## דראַמאַטישע ליבהאָבער קרייזן

דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט סטימולירט דאָס באַפעסטיקן זיך פון אייניקע דראַמאַ־טישע ליבהאָבער־קרייזן וואָס האָבן עקזיסטירט אין גרויס בוענאָס־איירעס און שאַפן אַנדערע. די שטערונגען מיט וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן און טרעפן זיך נאָך אָן איצט איז דער מאַנגל אין שפּאַנישע ווערק אויף יידישע טעמעס. כדי אויסצומיידן די שטערונג האָט דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט צוגעגרייט פאַר די קרייזן מימעאָגראַפישע קאָפּיעס אין שפּאַניש פון ווערטפּולע ווערק פונעם יידישן און ישראל־טעאַטער, צווישן זיי: „מיכל בת שאול" פון א. אַש־מאַן; „די דריי מתנות" פון י. ל. פּרץ און „בערבות הנגב" פון יגאל מאָסענזאָן.
אויף וויפל ס'איז געווען מעגלעך האָט מען אויך סטימולירט די טעאַטער־אַרבעט פון „אַרטעאַ" און אַנדערע אַרטיסטישע גרופּן.

## מוזיק, כאָרן און טענץ

כדי צו סטימולירן אין די יוגנט־צענטערס דעם אינטערעס פאַר ישראל־מוזיק, לידער און טענץ, זיינען צוגענומען געוואָרן אַלס מדריכים אייניקע יוגנטלעכע, ספּעציאַליזירטע אין די קעגנשטאַנדן. מיט דעם לערנען די פּאַראינטערעסירטע די ישראל־לידער און טענץ ווערן גע־שאַפן יוגנט־כאָרן וואָס, טוישנדיק זיך אין די פאַרשיידענע צענטערס, שאַפן זיי אַ דערנעענטערונג צווישן זיי און איבערהויפּט ווערט געשאַפן אַ האַרציקער אַמביענט און אַריינדרינגונג אינעם גייסט פון ישראל־פאָלקלאָר.
צוליב דעם צוועק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער פריִער־דערמאָנטער שירון און עס ווערט געטראַכט וועגן איינאָרדענען אַ קאָנקורס פון יוגנט־כאָרן.

## אינפאָרמאַציע וועגן ישראל

עס קאָן אויסוויזן אומגלייבלעך, אָבער אַפילו די פּאַראינטערעסירטע קרייזן אין דער ישראל־ווירקלעכקייט קריגן נישט אַלע מאָל קיין אינפאָרמאַציע פון דער ערשטער קוועלע. כדי אונטערצוהאַלטן דעם עקזיסטירנדיקן אינטערעס און אויפוועקן דעם דאָזיקן אינטערעס אין די קרייזן, דערווייטערטע פונעם יידישן לעבן, האָט דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט אָנגעהויבן אַרויס־געבן אַן אינפאָרמאַטיוון ביולעטין א"נ La Semana de Israel (די ישראל־וואָך). מען האָט געקריגן די מיטאַרבעט פון די קולטור־ און פרעסע־אָפּטיילונגען פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע און עס ווערט איינגעפירט אַלס געוווינהייט, פון איין זייט דאָס לייענען דעם בולעטין בעת די קבלת שבת־פייערונגען, און פון דער צווייטער זייט, — דאָס קאָמענטירן די וויכטיקע נייעס.

## די העברעיִשע יוגנט

דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט שטייט נישט אָן אַ זייט פון פאַרשפּרייטן דעם העברעיִשן גייסט און קולטור וועגן וועלכן עס באַמיִען זיך אַ גרופּע יוגנטלעכע, אַבסאָלווענטן פון די העברעיִשע סעמינאַרן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן פיל אינהאַלטלעכע אויסגאַבעס, ווי Posición און צוהר. עס יוערט אָנגעהאַלטן מיט זיי אַ דירעקטער קאָנטאַקט און די קהילה גיט פאַר דער טעטיקייט איר מאָראַלישע און מאַטעריעלע שטיצע.

## די ספרדישע יוגנט

עס איז אונדז אָנגענעם צו פאַרצייכענען אַז לעצטנס ווערט די ספרדישע יוגנט אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט בייגעטראָגן און געהאָלפן מיט, אַז די באַנייטע אַקטיוויטעט זאָל זיך באַפעסטיקן און עס זאָל דערגרייכט ווערן אַ גרעסערע און פול־שטענדיקע פאַרשטענדעניש צווישן דער אשכנזישער און ספרדישער יוגנט. עס זיינען דאָ ביי די לעצטע געוויסע פּראָבלעמען פון געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער וואָס פאָדערן אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט און וואָס דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט באַמיט זיך צו טאָן, לויט זיינע מעג־לעכקייטן.



אויפנאַמע אין דער קהילה לכבוד דער צווייטער גרופּע יונגע פּאָרפּעלקער, איינגעשריבענע אינעם חתונה־רעגיסטער (1961).

## פּראָבלעם פון די מינדעריעריקע

אַן אַנדער פּראָבלעם וואָס איז ווערט אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג איז, וואָס דער יוגנט־דע־פּאַרטאַמענט קען נישט באַשרענקען זיין טעטיקייט בלויז צו די קרייזן וואָס ווערן גערעכנט פאַר יוגנטלעכע, ד״ה פון 18־17 יאָר און העכער. די מדריכים אין זייערע באַזוכן אין די צענ־טערס,איבערהויפּט די וואָס פונקציאָנירן אין די שול־לאָקאַלן און בתי־עם טרעפן יוגנטלעכע 10, 12 און 14־יעריקע, געגנצלעך פאַרלאָזטע, אָן קיין שום קולטורעלער, גייסטיקער, ספּאָרטי־ווער אָדער פּשוט פאַרוויילנדיקער אַקטיוויטעט. ס׳איז קלאָר, אַז מיר נייטיקן זיך פאַר זיי אין מער מדריכים, ווייל עס וואָלט געווען אומזיניק צו לאָזן אָט־די יוגנטלעכע, אייגנטלעך נאָך קינ־דער, צו גיין אויף זייער אייגענעם באַראָט. ס׳ווערט באַטראַכט די מעגלעכקייט אַז דער ועד החינוך זאָל זיך מיט זיי פאַרנעמען, אָדער זאָל קאָאָרדינירן די אַרבעט מיטן יוגנט־דעפּאַר־טאַמענט.

## די נויטווענדיקייט פון אַ קינטע (זומער־פּלאַץ)

אַן אַנדער וויכטיק פּראָבלעם איז דאָס פעלן פון אַ גערוימער, באַקוועמער קינטע, ווו די יוגנטלעכע זאָלן קענען פאַרברענגען די זונטיקן און די פרייע טעג אין אַ יידישן גייסטיקן אַמביענט. עס זיינען דאָ אייניקע אינסטיטוציעס וואָס האָבן די דאָזיקע באַקוועמלעכקייט, ווי, למשל: דער קלוב אַטלעטיקאָ ספרדי אַרכענטינאָ, וואָס באַזיצט אַ גרויסע קינטע אין ויסענטע לאָפּעז, „לאַ קאַסאַנאַ", ווו עס קומען זיך צונויף אין די זונטיקן און פרייע טעג הונדערטער יוגנטלעכע. איצט האָלטן זיי ביי אויפבויען אַ שווים־באַסיין. אגב־אורחאָ: דער ספרדישער קלוב אַליין גרופּירט ביי אַ 900 יידישע יוגנטלעכע.

דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט שוין עטלעכע מאָל פאַראינטערעסירט מיט דעם פּראָבלעם די קהילה־אָנפירער, זייענדיק איבערצייגט אַז עס לוינט צו מאַכן אַן אָנשטרענגונג כדי צו קויפן, אָדער דינגען אַ גרויסע קינטע, אַ זומער־פּלאַץ, נאָענט צו בוענאָס־איירעס, ווו אונדזערע יוגנט־לעכע זאָלן קענען פאַרברענגען אין אַ יידישן אַמביענט די זונטיקן און פרייע טעג. מען האָפט אַז ס׳וועלן געפינען ווערן די מיטלען כדי צו רעאַליזירן אָט־דעם פּלאַן.

צוליב ענלעכע מאָטיוון איז אויך נייטיק צו גרינדן אין דער הויפּטשטאָט דאָס הויז פון דער יידישער יוגנט.

## דער אַרבעטס־פּאַרנעם און ביודזשעט

ס׳איז כדאי צו אונטערשטרייכן, אַז דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט קומט אין באַרירונג מיט יוגנטלעכע גרופּירונגען וואָס ציילן נישט־ווייניקער פון 8000־9000 יוגנטלעכע, נישט רעכענענ־דיק די חלוצישע באַוועגונגען. דאָס ווייזט דעם פאַרנעם און די אויסערגעוויינלעכע וויכטיקייט פון זיין אַרבעט און אַז עס זיינען באַרעכטיקט איבערגעענוג די אַלע אָנשטרענגונגען וואָס עס מאַכט די קהילה, כדי צו דערמעגלעכן און סטימולירן די אַרבעט.

אָט די אָנשטרענגונג איז אַוודאי פון גרויס פאַרנעם וואָס עס ווייזט דער באַשטימטער ביודזשעט, וואָס איז פון 1.499.391,05 פּעזאָס אין 1958 געשטיגן צו 1.730.087,55 פּעזאָס אין 1959; 4.205.627,35 פּעזאָס אין 1960, 4.897.791,46 אין 1961, דער ביודזשעט פאַרן לויפנדן יאָר 1962 איז פון 6.000.000 פּעזאָס.

## די אַרבעט אין אינערן פון לאַנד

דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט שפּרייט אויס זיין טעטיקייט אויך אין אינלאַנד דורך דער פאַר־מיטלונג פונעם וועד הקהילות.

די טעטיקייט איז אַ שטאַנדהאַפטיקע און סיסטעמאַטישע. אין די לעצטע יאָרן ווערן דורכ־געפירט פאַרשיידענע פּאָזיטיווע ווערק.

א) אויפן ערשטן אָרט דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז אַלע אויסגאַבעס און אויפקלערונג־מאַ־טעריאַלן וואָס מיר האָבן אויבן דערמאָנט, זיינען צעשיקט געוואָרן אויך צו די יוגנט־גרופּי־רונגען אין אינלאַנד.

ב) מיט דער מיטהילף און אויפזיכט פון דיזעלבע גרופּירונגען זיינען דורכגעפירט גע־געפירט געוואָרן און עס ווערן פעריאָדיש דורכגעפירט עפנטלעכע אַקטן מיטן אָנטייל פון רעד־נער און אַרטיסטישע קרעפטן צוגעשיקט פונעם יוגנט־דעפּאַרטאַמענט.

ג) די לעצטע צוויי יאָר זיינען דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ געוויסן דערפאָלג, אַ גאַנצע ריי יוגנט־סעמינאַרן אין כמעט די גרעסטע יידישע קהילות אין לאַנד: טוקומאַן, קאָרדאָבאַ, באַהיאַ בלאַנקאַ, מענדאָסאַ, רעסיסטענסיאַ און קאָנקאָרדיאַ.

די וויכטיקייט פון די סעמינאַרן באַשטייט נישט נאָר אין דעם וואָס זיי שטעלן פאָר באַ־דייטנדיקע שטודיום־טעג און אויפקלערונגען פון יידישע און ישראל־פּראָבלעמען, נאָר זיי

דינען אויך פאַר דער קאָנצענטראַציע פון די יוגנטלעכע פון די שכנישע פראָווינצן. אַזוי איז דער פאַל פונעם דורכגעפירטן סעמינאַר אין טוקומאַן אין וועלכן ס׳האָבן אויך אָנטייל גענומען יוגנטלעכע פון לאַ ריאָכאַ, סאַנטיאַגאָ דעל עסטערא, קאַטאַמאַרקאַ און סאַלטאַ, אָדער דער פון באַהיאַ־בלאַנקאַ, וואָס האָט צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע פון די גרעסערע יידישע געמיינדעס אינעם דרום פון דער רעפובליק.

די דאָזיקע סעמינאַרן זיינען געווען אָנגעפירט פון אַ קוואַליפיצירטער גרופּע לעקטארן: אינזש׳ שלום ראָזענבערג, ה׳ אברהם פלאטקין, ה׳ גרעגאָריאָ ווערביצקי — פרעסע־אַטאַשע פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע, ד״ר טוביה קאַמענשיין, ד״ר אָסיאַס פייגאן, ה׳ עקיבא קאַנאַנאָ־וויטש און ד״ר קאָנראַדאָ פּ. וועלער.

3) מען האָט ספּעציעל גענומען אין אַכט דעם אויסטויש פון אינטעלעקטועלע קרעפטן צווישן דער הויפּטשטאָט און די פראָווינצן. אַזוי האָט מען באַאויפטראַגט דאָס אָנפירן פונעם מענדאָסער סעמינאַר דעם ד״ר קאָנראַדאָ פּ. וועלער פון ראָזאַריאָ.

ה) ווייטער: וועלנדיק סיסטעמאַטיזירן די טעטיקייט אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון אינ־לאַנד, איז באַשטימט געוואָרן אַ יונגער מדריך אויף צו באַזוכן אייניקע קהילות אין די פראָ־ווינצן. ער זאָל אָרגאַניזירן, אָדער רעאָרגאַניזירן די יוגנט־גרופּן, שאַפנדיק אין יעדער איינער פון זיי דעם נייטיקן באָדן פאַר קולטורעלע און סאָציאַלע טעטיקייטן: אינעם פאַרלויף פונעם היינטיקן יאָר האָט ער באַזוכט לאַ ריאָכאַ, קאַטאַמאַרקאַ, כענעראַל ראָקאַ, סאַפּאַלאַ, און סאַן כואַן.

## יידיש־אַרגענטינער יוגנט־קאָנגרעס

שוין צוויי יאָר ווי דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט מאַכט פּלענער אויף צו אָרגאַניזירן דעם ערשטן אַלגעמיינעם קאָנגרעס פון דער יידיש־אַרגענטינער יוגנט. כדי צו פאַרזיכערן זיין דער־פאָלגפ און זיין געזעלשאַפטלעכע ווירקזאַמקייט איז באַשלאָסן געוואָרן אַז עס איז פריער נייטיק דורכפירן אַן אינטענסיווע אויפקלערונגס־קאַמפּיין און באַפעסטיקן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס עס איז אין אַ געוויסער מאָס דערגרייכט געוואָרן. דעריבער ווערט באַטראַכט די מעגלעכ־קייט צו רעאַליזירן דעם קאָנגרעס אינעם יאָר 1963. די אויסערגעוויינלעכע אומשטענדן וואָס דאָס לאַנד מאַכט דורך און במילא אויך די יידישע קאָלעקטיוויטעט, ווייזן אָן אַז ס׳איז איצט דער גינסטיקער מאָמענט צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע איניציאַטיוו.

## שלום

פון דעם דאָזיקן באַריכט קען מען זען, אַז די פּלענער וואָס די יוגנט־סובקאָמיסיע האָט געמאַכט מיט פיר יאָר צוריק, ווען זי האָט זיך קאָנסטיטויִרט, זיינען נישט געווען קיין אוטאָ־פּישע אייניקע פון זיי זיינען גענצלעך פאַרווירקלעכט געוואָרן און אין געוויסע הינזיכטן האָבן זיי איבערגעשטיגן אַפילו אייניקע פון די מער אָפּטימיסטישע האָפענונגען.

דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעזאָנאַנס־קעסטל פון אַלע גייס־טיקע אומרועז, פּראָבלעמען, ווונטשן און באַגערן פון דער יידישער יוגנט אין אַרגענטינע, פון דער הויפּטשטאָט, גרויס בוענאָס־איירעס און אינלאַנד. זיי ווייסן, די יוגנטלעכע, אַז זיי קענען שטענדיק רעכענען אויף דער מאָראַלישער און מאַטעריעלער שטיצע פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה און דעם וועד הקהילות, וואָס זיינען שטענדיק גרייט מיטצוהעלפן, לויט זייערע מעג־לעכקייטן, די לייזונג פון וועלכע ס׳איז נישט קולטורעלע, סאָציאַלע אָדער אינסטיטוציאָנעלע פּראָבלעמען וואָס קענען זיך פאַר זיי אַוועקשטעלן.

די אַרבעט אָבער גייט ווייטער. עס זיינען אָנגעצייכנט נייע פּלענער, אידייען, אָנווייזונגען אויף צו באַפעסטיקן זי, אויסברייטערן און פאַרבעסערן.

א. א. פישער

# איבערבליק איבער דער טעטיקייט פון פיר קהילה־דעפּאַרטאַמענטן

(באַאַרבעט לויט אָפיציעלע דאַטן)

## 1) סאָציאַלע הילף

די אור־אַלטע און הויך־הומאַניטאַרע יידישע מיצווה פון געבן צדקה צו אָרעמעלייט איז דורך יידן בכלל, און גאַנץ באַזונדערס דורך אונדזערע קהילות, פּראַקטיצירט געוואָרן אומעטום און אין אַלע צייטן און עס איז נאַטירלעך, אַז אונדזער גרויסע מאָדערנע קהילה אין בוענאָס־איירעס זאָל אויך פאַר אָט־די טעטיקייטן אָפּגעבן דעם געהעריקן און וויכטיקן פּלאַץ. די אָפּטיילונג פאַר סאָלידאַרישער סאָציאַלער הילף פון אונדזער קהילה פאַר די יידישע אָרעמעלייט פון דער הויפּטשטאָט און פון די פּראָווינץ־ישובים, ווערט טאַקע געפירט מיט אַ היפּשן פאַרנעם און לויט אַ מאָדערנעם קוק אויף צדקה. זי איז זייער פילזייטיק און עס לוינט זיך בלי־ספק צו וואַרפן אַ מער־וויניקער גענויערן בליק אויף אירע פאַרשיידענע אַרבעטס־געביטן. טוען מיר דאָס טאַקע ווייטער אונטן:

קוואַרטיר־געלט. עס ווערן באַזאָרגט מיט קוואַרטירן באַדערפטיקע מענטשן, וואָס קומען פון דער פּראָווינץ זיך צו אינטערנירן אין אַ שפּיטאָל, זיך צו היילן ביי ספּעציאַליסטן און אַמבולאַטאָריעס, צו זוכן אַ באַשעפטיקונג, צו דערליידיקן פאָרמאַליטעטן פאַר זייער עליה אאַז״וו.

הכנסת־כלה־קאַסע. יעדע נישט־פאַרמעגלעכע יידישע כלה, וואָס פאַרלאַנגט דאָס, באַקומט די סומע פון פיר טויזנט פּעזאָס אויף צו העלפן איר איינשאַפן זיך אַ געהעריקן אויסשטייער.

קאָנסטרוקטיווע הילף. נויטבאַדערפטיקע יידן ווערן באַזאָרגט מיט אַ ביסל סחורה, מיט ניי־מאַשינען און מיט אַנדערע מאַשינען און געצייג, אָדער זיי ווערן איינגעאָרדנט מיט שטעלעכלעך (סטראַגאַנעס) מיט סחורות, פּרוכטן, אָדער פּאַפּיראָסן, אין מאַרק־האַלעס און אויף גאַסן־מערק, בכדי זיי זאָלן זיך קענען פאַרדינען זייער פּרנסה.

זומער־קאָלאָניעס. אין די וואַקאַציעס ווערן אָרעמע און שוואַכע יידישע קינדערלעך געשיקט אין די עקזיסטירנדיקע יידישע זומער־קאָלאָניעס, בכדי צו שטאַרקן זייער געזונט־צושטאַנד.

מאָנאַטלעכע, אָדער דריי־מאָנאַטלעכע הילף־קוואָטעס. זקנים, אינוואַלידן, בלינדע, גייסטיק קראַנקע, שוואַכזיניקע און אַלערליי כראָניש קראַנקע, וואָס האָבן נישט קיין אייגענע מיטלען צום לעבן און אויך נישט קיין קרובים וואָס זאָלן זיי קענען שטיצן, באַקומען מאָנאַטלעכע, אָדער דריי־מאָנאַטלעכע הילף־קוואָטעס, אין איינקלאַנג מיט דעם מצב און מיט די באַדערפענישן פון יעדן איינעם פון אָט־די מענטשן.

איינמאָליקע הילף־קוואָטעס. אָרעמע רעקאָנוואַלעסצענטן נאָך אַ שווערער קראַנקייט, אָדער אָפּעראַציע, אָדער פּערזאָנען וואָס זיינען צייטווייליק נישט בכוח צו אַרבעטן צוליב עפּעס אַן אַנדערער סיבה, באַקומען אַן איינמאָליקע הילף־קוואָטע, אין איינקלאַנג מיט זייער לאַגע.

אינטערנירונג פון קראַנקע. גייסטיק קראַנקע, אומנאָרמאַלע, צוריקגעשטאַנענע קינדער אאַז״וו, וועלכע האָבן נישט ווו צו זיין, ווערן אינטערנירט אין סאַנאַטאָריעס און אַנדערע ספּעציאַליזירטע אַנשטאַלטן, ווו זיי ווערן געהיילט און אָפּגעהיט.

אַלערליי אַנדערע הילף פאַר קראַנקע. אומפאַרמעגלעכע קראַנקע באַקומען אומזיסט די נויטיקע רפואות, פּראָטעזן, אָרטאָפּעדישע פאַר־שטולן און אַלע אַנדערע מינים פון אַזעלכע אַפּאַראַטן און הילף־מיטלען.



די קהילה־פאַרוואַלטונג צוזאַמען מיט עסקנים נעמען אויף די ישראל־אַמבאַסאַדאָרן יוסף אבידר און יצחק הרכבי. 1962.

בייט פונעם קלימאַט. רעומאַטיקער, אַסטמאַטיקער, רעקאָנוואַלעסצענטן אאַז״וו, וועלכע דאַרפן וווינען אַ קורצע אָדער אַ לענגערע צייט אין די בערג אָדער ביים ים, באַקומען די נויטיקע הילף צו קענען דאָס טאָן.

אַרבעטס־פאַרמיטלונג. עס ווערט אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקער קאָנטאַקט מיט סוחרים, פאַבריקאַנטן, קאָאָפּעראַטיוועס אאַז״וו, בכדי צו קענען באַזאָרגן מיט באַשעפטיקונגען אַלערליי אַרבעטסלאָזע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, וואָס וווינען פּערמאַנענט אין שטאָט, אָדער זיי קומען אָן פון דער פּראָווינץ. עס ווערט געזאָרגט דערפאַר, אַז פרויען זאָלן אָנגעשטעלט ווערן ביי מיש־פחות אַלס קראַנקן־היטערינס, אָדער אַלס געזעלשאַפטערינס ביי עלטערע לייט.

צייטווייליקע באַשפייזונג. נויטבאַדערפטיקע, אַרבעטסלאָזע, דורכפאָרערס פון דער פּראָווינץ אאַז״וו, ווערן באַזאָרגט מיט מאָלצייטן אין עס־זאַל פון הכנסת־אורחים.

מישפּחה־פּראָבלעמען. געגטע און פּאַרלאָזטע פרויען מיט קינדער, ווערן באַזאָרגט מיט היים־אַרבעט. עס ווערן באַאיינפלוסט ווייניק־איבערגעגעבענע קינדער זיי זאָלן העלפן זייערע אַלטע עלטערן מיט געלט־סומעס, אָדער זיי זאָלן זיי אַריינגעבן אין מושב־זקנים. מען באַמיט זיך אויך צו אינטערווענירן, ווי ווייט מעגלעך, אין אַנדערע מישפּחה־ענינים פון אַן ענלעכן כאַראַקטער.

דירות. עס ווערן געמאַכט באַמיִונגען אויסצוגלייכן סיכסוכים צווישן בעלי־דירות און זייערע לאָקאַטאָרן און צו פאַרמיטלען דירות, אָדער אַרבעטס־פּלעצער מיט וווינונגען.

קינדער־הילף. אויסער די שוין פריִער דערמאָנטע אופנים פון הילף פאַר קינדער, ווערן זיי פון צייט צו צייט אויך באַזאָרגט מיט מלבושים אאַז״וו. אַזעלכע וואָס נויטיקן זיך אין דעם צוליב זייער פיזישער און גייסטיקער אַנטוויקלונג, ווערט געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך איינצושרייבן אַלס מיטגלידער אין קולטור־פאַראיינען און קלובן.

יום־טוב־הילף. יידישע אָרעמעלייט באַקומען הילף צו קענען פייערן אונדזערע ימים־טובים אויף אַ צוגעפּאַסטן און בכבודיקן אופן. אַ גאַנץ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט ווערט געשאָנקען דער פּסח־הילף, וועלכע ווערט געגעבן סיי אין מזומן געלט, סיי אין פּראָדוקטן (מצות, ווײַן, אאַז״וו.).

ווי מען זעט, זיינען די אופנים פון צדקה און הילף, וואָס די בוענאָס־איירעסער קהילה גיט די יידישע אָרעמעלייט, גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקע און פאַרצווייגטע. אָט־די זייער וויכטיקע, שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע טעטיקייטן ווערן אָנגעפירט דורך אַ ספּעציעלער סוב־קאָמיסיע פון דער פאַרוואַלטונג און פּראַקטיש דורכגעפירט דורך אַ רעדוצירטער גרופּע פון טעכנישן באַאַמטן פּערסאָנאַל. צו אָט־די אַרבעטן פאָדערט זיך זייער פיל געדולד, גוטער ווילן, מענטשן־קענטעניש, טאַקט און אורטייל־פעיִקייט, ווייל עס איז גאָר נישט אַזוי לייכט צו אונטערשיידן צווישן אַן אמתן נויטבאַדערפטיקן און אַ פּראָפעסיאָנעלן שנאָרער און שווינדלער, וועלכער איז נישט ווערט מען זאָל אים שטיצן. אָבער סיי די מיטגלידער פון דער סוב־קאָמיסיע, סיי די אָנגעשטעלטע פונקציאָנאַרן, פירן געוויינטלעך דורך זייערע אויפגאַבן אויף אַ גוטן, צוועקמעסיקן און אומפּאַרטייִישן אופן. דערביי ווערט געשענקט פיל אויפמערקזאַמקייט דעם פּרט, אַז די צדקה־נעמערס זאָלן נישט באַליידיקט, פאַרשעמט, אָדער מינדערגעשאַצט ווערן, חס־וחלילה; וואָס ווייניקער זייטיקע פּערזאָנען זאָלן וויסן וועגן דעם, אַז זיי מוזן אָנקומען צו געזעלשאַפטלעכער הילף און זייער מענטשלעכער כבוד און ווירדע זאָלן וואָס ווייניקער אָנגערירט ווערן.

דעריבער ווערן דורכגעפירט אַלע נויטיקע אינפאָרמאַציע־אויספאָרשונגען מיט דער גרעסטער רעזערווירטקייט און פאַרזיכטיקייט און די געלט־סכומים פון די סובסידיעס ווערן צום גרעסטן טייל פון די פאַראינטערעסירטע איבערגעגעבן פּערזענלעך אין זייערע היימען, אָדער אין די אַנשטאַלטן ווו זיי געפינען זיך, דורך אַ ספּעציעלן אָנגעשטעלטן.

אויסער די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייטן און די געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען מיט פּערזאָנען און אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דער צדקה־טעטיקייט פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה, ווערן אויף דעם צוועק אויסגעגעבן אויך גאַנץ אָנזעעוודיקע פינאַנסיעלע מיטלען. די טאַבעלע, וואָס מיר ברענגען אויף זייט 205 וועט געבן אַ באַגריף וועגן די געלט־סכומים אין פּעזאָס, וועלכע די בוענאָס־איירעסער קהילה האָט פאַרווענדעט אויף איר סאָציאַלער סאָלידאַרישער הילף אין משך פון די לעצטע זעקסטהאַלבן יאָר, פון אָנהייב 1957 ביז ענדע 1962. די פאָלגנדיקע טאַבעלע איז גאַנץ אינטערעסאַנט און באַלערנדיק, ווייל זי באַלייכט אַ וויכטיק ווינקעלע פון אונדזער קהילה־לעבן:

בכדי אָט־די טאַבעלע זאָל קלאָרער און פאַרשטענדלעכער ווערן, וועלן מיר מאַכן אין צוזאַמענהאַנג מיט איר עטלעכע באַמערקונגען, אָדער אויפקלערונגען:

א) קודם־כל איז צו מערקן, אַז די געלט־סכומים, וואָס ווערן אויסגעגעבן דורך דער בוענאָס־איירעסער קהילה אויף צדקה, שטייגן פון יאָר צו יאָר. דאָס איז צו דערקלערן דערמיט, וואָס די טעטיקייטן פון דער קהילה אַנטוויקלען זיך אַלץ מער פון יאָר צו יאָר אויף אַ נאַטירלעכן אופן,

| רובריקן | 1957 | 1958 | 1959 | 1960 | 1961 | ערשטע העלפט 1962 | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קוואַרטיר־געלט — — — — — — | 11.500.— | 13.800.— | 12.700.— | 55.600.— | 68.900.— | 76.500.— | 239.000.— |
| הכנסת־כלה־קאַסע — — — — — | 20.000.— | 25.000.— | 30.000.— | 35.000.— | 15.000.— | 16.000.— | 141.000.— |
| קאָנסטרוקט. הילף דורך סחורות | 8.500.— | 10.600.— | 18.500.— | 35.000.— | 25.500.— | 16.000.— | 114.100.— |
| קאָנס. הילף דורך מאַש. און געצייג | — | 9.000.— | — | 17.000.— | — | 16.000.— | 40.0000.— |
| חודשלעכע הילף — — — — — | | | | | | | 8.997.919.— |
| איינמאָליקע קוואָטעס — — — — | 49.161.— | 77.373.— | 142.505.— | 179.965.— | 209.000.— | 162.870.— | 820.874.— |
| קראַנקייטן — — — — — — | 42.645.— | 83.459.— | 213.020.— | 241.009.— | 383.521.— | 97.343.— | 1.060.997.— |
| רייזע־בילעטן — — — — — — | 2.00.— | — | 2.950.— | 13.846.— | — | 800.— | 19.596.— |
| יום־טוב־הילף — — — — — — | 133'583.— | 162.267.— | 342.852.— | 780.614.— | 780.485.— | 332.650.— | 2.532.721.— |
| עלטער־הילף — — — — — — | 1.200.000.— | 1.320.000.— | 1.320.000.— | 1.440.000.— | 1.500.000.— | 1.572.000.— | 8.352.000.— |
| | | | | | | סך־הכל — — — — — — — | 22.368.207.— |

אין איינקלאַנג מיט איר וווקס, און פון דער צווייטער זייט זיינען גראָד די לעצטע יאָרן, וואָס זיי־נען געקומען געוואָרן אין באַטראַכט, געווען קריזיס־יאָרן, ווען די נויטבאַדערפטיקייט איז אויך געשטיגן און עס איז אויך פאָרגעקומען אַ דעוואַלאָריזאַציע פון דער פעזע.

ב) די שפּרונגהאַפטע שטייגערונג פון די סכומים, וואָס זיינען אין די יאָרן 1958, 1959 און 1960 אויסגעגעבן געוואָרן דורך דער קהילה אויף צדקה, איז טאַקע נישט אָרגאַניש און זי איז געקומען אַלס פּועל־יוצא פונעם גאַנץ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, וועלכער האָט זיך מאַניפעס־טירט אין לאַנד נאָכן פאַלן פונעם רעזשים פון גענעראַל פּעראָן. די הוצאות אויף הילף פון אונד־זער קהילה זיינען אין די דערמאָנטע יאָרן ציפערמעסיק כמעט פאַרטאָפּלט געוואָרן.



אויפנאַמע לכבוד פּראָפ׳ משה דייוויס און מנחם געלערנטער.

ג) פון די 9 רובריקן, לויט וועלכע עס ווערט קלאַסיפיצירט די געגעבענע הילף, האָבן גע־פאָדערט בלויז דריי לערך 92 פּראָצענט פונעם אויסגעגעבענעם טאָטאַלן סכום, לויט פאָלגנדי־קער פאַרטיילונג: פּערמאַנענטע קוואָטעס וואָס ווערן אויסגעצאָלט יעדן מאָנאַט, אָדער אַלע דריי מאָנאַטן — כמעט 65 %; יום־טוב־הילף — לערך 19 % און קראַנקייטן — וואָסערע 8 % פונעם גאַנצן באַטרעף און דאָס באַווייזט גענוג קלאָר זייער וויכטיקייט. אַלע איבעריקע זעקס רובריקן אינאיינעם האָבן אויסגעמאַכט וואָסערע 8 % פון דעם גאַנצן אויסגעגעבענעם סכום און דאָס ווי־דער באַווייזט בולט זייער קנאַפּע באַדייטונג.

אין ציפערן און אין פּראָפּאָרץ מיט די אַלגעמיינע יערלעכע בודזשעטן, זעט אפשר די צדקה־טעטיקייט פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה אויס צו זיין נישט גאָר באַדייטנדיק, אָבער אַ גאַנץ היפּשער טייל אירער דריקט זיך גאָר נישט אויס אין קיין ציפערן, נאָר אין אַלערליי פאַרמיט־לונגען צווישן די נויטבאַדערפטיקע און פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, פּריוואַטע געשעפטלייט און פאַבריקאַנטן. די צאָלן פון די פּערזאָנען, וואָס זיינען נהנה פון דער צדקה־טעטיקייט פון אונד־

זער קהילה אילוסטרירן אפשר ריכטיקער איר פאַרנעם און דעריבער ברענגען מיר ווייטער אונטן עטלעכע ציפערן פון דעם מין. עס האָבן באַקומען הילף פון דער קהילה:

אין יאָר 1957 — — — — — — — — — — 3.800 פּערזאָנען
" " 1958 — — — — — — — — — — — 4.200 "
" " 1960 — — — — — — — — — — — 5.882 "
" " 1961 — — — — — — — — — — — 6.200 "
אין דער ערשטער העלפט 1962 — — — — — — 3.700 "

ווען מען זאָל אָפּשאַצן די באַפעלקערונג פון די אַשכנזישע ייִדן אין בוענאָס־איירעס אין לערך 200.000 (צוויי הונדערט טויזנט) נפשות, וואָלט אויסגעקומען אַז וואָסערע דריי פּראָצענט אירע זײַנען אָנגעקומען צו דער קהילה נאָך צדקה אין יאָר 1961. פאַר אַזאַ לאַנד ווי אַרגענטינע, וווּ עס זײַנען פאַראַנען בעסערע פאַרדינסט־מעגלעכקייטן ווי, לאָמיר זאָגן, אין די מיזרח־אייראָפּעיִשע אַמאָליקע קהילות, איז אַזאַ פּראָצענט בלי־ספק אָנזעעוודיק און באַדייטנדיק.

אָבער די צדקה־טעטיקייט וואָס די בוענאָס־איירעסער קהילה פירט דורך דירעקט דורך איר אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף, איז נאָך נישט אַלץ וואָס זי טוט אויף אָט־דעם געביט. אין דער הויפּטשטאָט פון אַרגענטינע עקזיסטירן, אומאָפּהענגיק פון דער קהילה, אַ גאַנצע ריי גרויסע ייִדישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, אַזעלכע אַנשטאַלטן ווי, למשל, אַ שפּיטאָל, אַ מושב־זקנים, אַ בית־יתומים אאַז״וו. וואָס זײַנען מעבר־לים געוויינטלעך פאַרוואַלטעט און אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך די קהילות, אָבער ביי אונדז דאָ איז די אַנטוויקלונג פונעם געזעלשאַפטלעכן און אינסטיטוציאָנעלן ייִדישן לעבן פאַרגעקומען אויף אַן אַנדערן אופן. דאָ זײַנען די אינסטיטוציעס פון דעם מין געשאַפן געוואָרן פולשטענדיק באַזונדער און אומאָפּהענגיק. זיי האָבן אייגענע מיטגלידער, פאַרוואַלטונגען, אַדמיניסטראַציעס און געביידעס. זיי שאַפן פאַר זיך אַליין די געלט־מיטלען פאַר זייערע באַדערפעניש דורך מאַנאַטלעכע אָפּצאָלן, זאַמלונגען אאַז״וו. פון דעסטוועגן באַקומען זיי אויך פון דער קהילה גאַנץ היפשע סובסידיעס, ווי עס באַווייזט די טאַבעלע וואָס מיר ברענגען אויף דער אַנדערער זייט.

ווי מען זעט, האָט פון דעם גאַנצן סכום דער ייִדישער שפּיטאָל אַליין באַקומען העכער 75%. ווען מען נעמט אין באַטראַכט בלויז די פאַרגאַנגענע יאָרן, זעט מען אַז אונדזער קהילה האָט אַליין אויסגעגעבן אויף צדקה דורך איר דעפּאַרטאַמענט פאַר סאָציאַלער הילף דעם סכום פון 22.2368.207 פּעזעס און אויסער דעם האָט זי געגעבן סובסידיעס פאַר זיבן פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין באַטרעף פון —.5.947.000 פּעזעס, וואָס עס מאַכט־אויס עטוואָס וויניקער פון 40 % פון דער צוערשט דערמאָנטער ציפער. אויך פון דער אויבן־געבראַכטער טאַבעלע פון סובסידיעס זעט מען קלאָר, אַז די געגעבענע סכומים ווערן פון יאָר צו יאָר אַלץ גרעסער און פון דעם קען מען ווידער מאַכן דעם אויספיר, אַז סיי די טעטיקייטן פון דער קהילה, סיי דער קריזיס האַלטן אין איין שטייגן.

כאָטש עס איז נישט זייער וויכטיק, איז אָבער דאָך כדאי דאָ צו דערמאָנען, אַז אונדזער קהילה גיט אויך קליינע סובסידיעס פאַר נישט־ייִדישע וווילטעטיקע צוועקן. דאָס קען אפשר העלפן שאַפן בעסערע באַציִונגען צווישן אונדז און דער נישט־ייִדישער באַפעלקערונג, צווישן וועלכער מיר לעבן. אַזעלכע סובסידיעס באַקומען, לויט באַקומענע אינפאָרמאַציעס, 18 קריסטלעכע קערפּערשאַפטן. און אין די יאָרן 1958, 1959, 1960, 1961., און האַלב 1962 האָבן זיי באַקומען צוזאַמען די סומע פון —.40.750 פּעזעס. ווי געזאָגט, ליגט די וויכטיקייט פון אָט־די נתיבות נישט אין זייער פינאַנסיעלן ווערט, נאָר אין דעם וואָס זיי זײַנען אַן אויסדרוק פונעם ווילן צו לעבן אין גוטער שכנהשאַפט מיט די נישט־ייִדן.

וואָס קען מען לערנען פון אָט־דער אָפּהאַנדלונג? — עס ווערט בלי־ספק מיט איר הילף

| סובסידירטע אינסטיטוציעס | 1958 | 1959 | 1960 | 1961 | 1962 | סך ־ הכלען אין פעזעס |
|---|---|---|---|---|---|---|
| הילפס־קאַסע פון אַקטיאָרן־פאַר׳ | 30.000.— | 30.000.— | 50.000.— | 70.000.— | 110.000.— | 290.000.— |
| יידישער שפיטאָל — — — — — | 600.000.— | 700.000.— | 800.000.— | 1.200.000.— | 1.240.000.— | 4.540.000.— |
| קינדער־היים (מאָנטע) — — — — | 10.000.— | 15.000.— | 20.000.— | 70.000.— | 15.000.— | 130.000.— |
| מושב זקנים ובית ילדים — — | 29.00.— | 35.000.— | 75.000.— | 130.000.— | 35.000.— | 304.000.— |
| וויצאָ — — — — — — — — — | 8.000.— | 8.000.— | 10.000.— | 65.000.— | 20.000.— | 111.000.— |
| ביקור־חולים — — — — — — — | 20.000.— | 40.000.— | 40.000.— | 150.000.— | 240.000.— | 490.000.— |
| בית־יתומות — — — — — — — | 12.000.— | 15.000.— | 25.000.— | 25.000.— | 6.000.— | 83.000.— |
| סך־הכלען אין פעזעס | 709.000.— | 843.000.— | 1.020.000.— | 1.710.000.— | 1.581.000.— | 5.947.000.— |

קלאָר, אַז עס איז פאַראַנען אין בוענאָס־איירעס אַ גאַנץ אָנזעעוודיקער סעקטאָר פון יידישע אָרעמעלייט. כאָטש עס איז אמת, אַז ווער עס קען און וויל אַרבעטן, האָט דאָ אַ מעגלעכקייט זיך צו פאַרדינען מער אָדער ווייניקער זיין פרנסה און אַז עס איז צווישן אונדז פאַראַנען אַ געוויסע צאָל פון פאַרמעגלעכע און אַפילו רייכע מענטשן, איז עס אָבער אויך ריכטיק, פון דער צווייטער זייט, אַז עס זיינען ביי אונדז פאַראַנען גענוג נויטבאַדערפטיקע און אָרעמע מענטשן, וועלכע קענען זיך נישט פאַרדינען זייער אויסקומעניש צוליב קראַנקייט, אָדער אַנדערע סיבות, וועלכע האָבן אויך נישט קיין קרובים וואָס זאָלן זיי קענען שטיצן, און זיי מוזן אָנקומען צו דער ברידערלעכער סאָלידאַרישער הילף פון דער קהילה, וואָס דערפילט אָט־די מיצווה ווירדיק און בכבודיק.




פייערונג פון בר־מצווה־יאָר פון מדינת־ישראל .ביים מיקראָפאָן: זלמן הירשפעלד. ביים פרעזידיום־טיש: די קהילה־פאַרוואַלטונג צוזאַמען מיט ישראל־אַמב׳. אין הינטערגרונט: ב. פייער מיט זיין כאָר „הזמיר״.

## 2) אָנפּראָצענטיקע הלוואות פאַר מיטגלידער

צו אַ גאַנץ באַזונדערער קאַטעגאָריע פון דער סאָלידאַרישער סאָציאַלער הילף באַלאַנגען די הלוואות וואָס אונדזער קהילה גיט צו אירע מיטגלידער. כאָטש עס האַנדלט זיך וועגן אַ טעטיקייט, וועלכע נעמט אַרום בלויז אַ קליינע גרופּע מענטשן און זי אָפּערירט אויך נאָר מיט רעלאַטיוו קליינע געלט־סכומים, איז דאָך נייטיק און אינטערעסאַנט צו באַריכטן וועגן איר.

די הלוואות ווערן געגעבן אינגאַנצן אָן פּראָצענט און איידער עס ווערט באַשלאָסן זיי צו געבן, ווערן אָנגענומען אַלע נייטיקע שריט, בכדי זיך געניי צו אינפאָרמירן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פונעם פּעטענט בכלל און גאַנץ באַזונדערס וועגן זיין אָרנטלעכקייט און באַדערפ־

טיקייט. בכדי צו באַקומען די הלוואה, מוזן די פאַראינטערעסירטע פריער צושטעלן אַ סאָל־ווענטע גאַראַנטיע. די הלוואות מוזן אָפּגעצאָלט ווערן אין קוואָטעס אין משך פון נישט לענגער ווי צוואַנציק מאָנאַטן, אָבער אין ספּעציעלע באַרעכטיקטע פאַלן האָט מען איינזעעניש מיט די בעלי־חובות און מען דערלויבט זיי אויסצוצאָלן די באַקומענע סומע אין משך פון נאָך אַ לענ־גערער צייט ווי צוואַנציק מאָנאַטן. ביי דער קהילה איז פאַראַן אַ באַזונדערע קאָמיסיע, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט אָט־די הלוואות. אָבער אין דרינגענדיקע פאַלן ווערט אַ הלוואה געגעבן אויך דירעקט דורך דעם פּרעזידיום פון דער אינסטיטוציע.

מיר ברענגען ווייטער אונטן אַ טאַבעלע וועגן די הלוואות פאַר די מיטגלידער פון אונ־דזער קהילה, וועלכע נעמט אַרום די לעצטע זעקסטהאַלבן יאָר לערך:

| יאָר | צאָל פּערזאָנען וואָס האָבן באַקומען הלוואות | מאַקסימאַלער סכום פאַר איין הלוואה אין § | אויסגעצאָלטע סומעס אין § |
|---|---|---|---|
| 1957 | 18 | 3.000 | 316.459.— |
| 1958 | 32 | 5.000 | 542.585.— |
| 1959 | 80 | 10.000 | 1.101.122.45 |
| 1960 | 75 | 15.000 | 1.586.310.— |
| 1961 | 72 | 20.000 | 1.601.855.— |
| 1962 (8 מ׳) | 16 | 25.000 | 1.705.000.— |

אָט־די טאַבעלע איז געמאַכט געוואָרן אויפן סמך פון די פּראָטאָקאָלן פון דער ספּעציעלער קאָמיסיע און פון די פאַרצייכענונגען אין דער בוכהאַלטעריע־אָפּטיילונג. לויט דער ערשטער קוועלע זיינען באַרעכנט געוואָרן די צאָלן פון די פּערזאָנען, וואָס האָבן באַקומען די הלוואות, און לויט דער צווייטער — די אויסגעצאָלטע סומעס. צו דער אָנגעגעבענער צאָל פּערזאָנען דאַרף מען אָבער נאָך צוגעגעבן ווערן לערך 20% וואָס באַציִען זיך צו פּערזאָנען, וועמענס הלוואות זיינען דערליידיקט געוואָרן דירעקט דורכן פּרעזידיום פון דער קהילה און דורך דער קאָמיסיע זיינען זיי נישט דורכגעגאַנגען, אַזוי אַז פאַקטיש איז די צאָל פון די באַגינסטיקטע פּערזאָנען געווען גרעסער מיט 20% פון דער, וואָס איז אָנגעגעבן אין דער טאַבעלע.

ווי מען זעט, דערגרייכט די צאָל קהילה־מיטגלידער, וואָס האָבן געהאַט אַ טובת־הנאה דורך אַן אָנפּראָצענטיקער הלוואה אין משך פון די לעצטע זעקסטהאַלבן יאָר, ביז צו 350 לערך. דאָס איז נישט קיין גאָר גרויסע צאָל, אָבער דאָך קען מען זי נישט איגנאָרירן אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. דער מאַקסימאַלער סכום, וואָס האָט געקענט געגעבן ווערן פאַר איין הלוואה, שטייגט גאַנץ באַדייטנדיק פון איין יאָר צום אַנדערן, ווייל דאָס זיינען געווען כסדר קריזיס־יאָרן און אויב מען האָט געוואָלט זיי זאָלן האָבן אַ ממשותדיקן ווערט און זיי זאָלן באַדייטן פאַרן פאַראינטערעסירטן אַ רעאַלע הילף, האָט מען זיי געמוזט יעדעס מאָל פאַרגרעסערן. די אַלגעמיינע סומע פון די געגעבענע הלוואות אין משך פון דער באַהאַנדלטער צייט באַטרעפט 5.468.367.45 פּעזעס און דאָס איז בפירוש אַ גאַנץ רעספּעקטאַבלע סומע.

אויפן סמך פון אָט־די אַלע אויספירונגען ווערט קלאָר, אַז אַפילו אַ זייטיק געביט, אַן אומבאַקאַנט און אומבאַמערקט ווינקעלע, פון די פילזייטיקע און פאַרצווייגטע טעטיקייטן פון אונדזער קהילה, ווי עס זיינען די אָנפּראָצענטיקע הלוואות פאַר אירע מיטגלידער, איז גאַנץ באַדייטנדיק, וויכטיק און אויך אינטערעסאַנט.

## 3) סובסידיעס פון דער בוענאָס־אײרעסער קהילה פאַר עולים און קיבוצים אין משך פון די לעצטע יאָרן

די סובסידיעס וואָס די בוענאָס־אײרעסער קהילה גיט צו עולים און קיבוצים אין ישראל, קענען אויך באַטראַכט ווערן ווי אַן אײגנאַרטיקע סאָציאַלע הילף, יאָ, זײ קענען באַטראַכט ווערן ווי די אמתע קאָנסטרוקטיווע הילף, ווייל דורך זיי ווערט פאַרלייכטערט פאַר אַ געוויסער צאָל היגע יידישע מענטשן איבערצובויען זייער לעבן אויף פולשטענדיק נייע יסודות, אויפן אײגענעם באָדן פון מדינת־ישראל. אָט־די אויסערגעווײנטלעך וויכטיקע טעטיקייט פון אונדזער קהילה ווערט דורכגעפירט דורך אַ ספּעציעל פאַר דעם צוועק געשאַפענער קאָמיסיע.

די סובסידירטע עולים קענען אײנגעטײלט ווערן אין פאָלגנדיקע צוויי קאַטעגאָריעס: א) מיטגלידער פון די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פאָרן געווײנטלעך גרופּעסווייז. זיי באַקומען פאַר יעדן אײנציקן מענטשן אַ געוויסע פעסטגעשטעלט סומע אויף אײנצוקויפן די נייטיקע אויסשטאַטונג; ב) פּריוואַטע עולים, משפחות און אומפאַרהייראַטע, וועמענס סובסידיעס ווערן באַשטימט ס׳רוב אין יעדן פאַל באַזונדער, לויט די באַרעכטיקטע באַדערפענישן, אין אײנקלאַנג מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע.

ווייטער אונטן ברענגען מיר אַ טאַבעלע, וועלכע גיט אַ באַגריף וועגן דעם פאַרנעם פון דער הילף דורך סובסידיעס, וואָס אונדזער קהילה האָט געגעבן די ווייניק פאַרמעגלעכע עולים אין משך פוֹן די יאָרן 1957, 1958, 1959, 1960, 1961 און זיבן מאָנאַטן פון 1962:

| יאָר | סכום פאַר אײן עקיפּ אָדער אויסשטאַט | צאָל חלוצים אָדער עקיפּן | צאָל פּריוואַטע עולים | באַשטימטע סכומים אין פּעזאָס | באַשטימטע סכומים אין דאָלאַרן |
|---|---|---|---|---|---|
| 1958 | 1.500 | 203 | 102 | 685.700.— | — |
| 1959 | 2.500 | 210 | 143 | 864.800.— | — |
| 1960 | 4.000 | 166 | 62 | 925.831.50 | 826.— |
| 1961 | 4.000 | 143 | 251 | 1.610.158.25 | 580.50 |
| 1962 (10½ מאָנ׳) | 5.000 | 134 | 334 | 2.092.146.80 | 264.50 |
| סך־הכל | — | 856 | 892 | 6.178.636.55 | 1.671.— |

בכדי צו קענען בעסער פאַרשטיין אָט־די טאַבעלע, דאַרפן דאָ געמאַכט ווערן עטלעכע באַמערקונגען און אויפקלערונגען. קודם־כל דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן, אַז די רובריק „צאָל פּריוואַטע עולים" איז כולל סיי די צאָל נפשות פון די משפחות, סיי פון די אומפאַרהייראַטע. צוליב בעסערער אילוסטראַציע ווערט באַזונדער אויך אָנגעגעבן די צאָל פון די משפחות.

די סכומים וואָס ווערן באַשטימט פאַר דער אויסשטאַטונג פון די חלוצישע עולים זיינען אין משך פון דער צייט דריי מאָל געהעכערט געוואָרן צוליב דעם שטייגנדיקן יקרות אַלס פּועל־יוצא פון די דעוואַלאָריזאַציעס פון דער פּעזע און פון די עקאָנאָמישע קריזיסן. די גאַנצע צאָל געשטיצטע עולים אין משך פון די באַהאַנדלטע זעקסטהאַלבן יאָר באַטרעפט 1.748 נפשות. אַ קנאַפּע העלפט פון זיי לערך באַלאַנגען צו די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און מער פון אַ העלפט זיינען פּריוואַטע עולים. דער יערלעכער דורכשניט באַטרעפט כמעט 276 נפשות, אָבער די עליה איז נישט קיין רעגלמעסיקע. אין די יאָרן 1958 און 1959 שטייגן מיטאַמאָל

אויף אַ גאָר קענטיקן אופן סיי די חלוצישע, סיי די פּריוואַטע עליה און דערנאָך פאַלן זיי ווידער צוריק אַראָפּ. אָבער די גרעסטע געלט־סכומים ווערן דווקא אויסגעגעבן אין די יאָרן 1960 און 1961. אַ באַדייטנדיקע העכערונג פון דער צאָל עולים איז צו מערקן אין דער ערשטער העלפט פון 1962. די סיבות פון אָט־דער דערשיינונג זיינען מסתמא דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער קריזיס און דער פאַרשטאַרקטער אַקטיווער אַנטיסעמיטיזם, וועלכע זיינען גראָד דעמאָלט אויפ־געקומען אין אַרגענטינע.

מיט דער עליה באַטראַכט נאָך די בוענאָס־איירעסער קהילה נישט אַלס אין גאַנצן פאַר־ענדיקט אירע באַציִונגען מיט די אַרגענטינער עולים און נישט אַלס פולשטענדיק דערפילט אירע התחייבותן לגבי זיי. באַזונדערס איז דאָס גילטיק בנוגע די חלוצישע עולים, וועלכע באַ־זעצן זיך ־אָך אין די קיבוצים. עס איז באַוווּסט, אַז די קיבוצים מאַכן דורך פון אָנהייב אַ קיר־



אלימלך גוטקין גיט איבער די אַמטן דער ניי־געוויילטער קהילה־לייטונג, יאָר 1960.

צערן, אָדער אַפילו אָפּטמאָל אַ לענגערן, פּעריאָד פון חבלי־ביסוס, פון פאַרוואָרצלונג — און פאַרפעסטיקונגס־שוועריקייטן ביז זיי שטעלן זיך גוט אַוועק אויף די אייגענע פיס, און אין פאַרלויף פון אָט־דער צייט קומט זיי גוט צונוץ אַ גרעסערע, אָדער אַפילו אַ קלענערע, געלט־שטיצע.

מען איז דאָך אויסגעוואַקסן אין אַ ציוויליזאַטאָריש און קולטורעל גאַנץ הויך אַנטוויקלטער סביבה און פונעם ערשטן מאָמענט אָן פון דער קאָלאָניזאַציע פילט מען גאַנץ שטאַרק דעם מאַנגל פון געוויסע איינריכטונגען, וועלכע פאַרלייכטערן אין אַ גרויסער מאָס דאָס לעבן און העלפן שטאַרק אַריבערצוטראָגן די זייער אָנגעשטרענגטע אַרבעטן; די שטענדיק געשפּאַנטע וואַכזאַמקייט און גרייטקייט זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די אַראַבישע, פון אומעטום לויערנדיקע שונאים; די פינאַנציעלע לאַסטן; די געוויסע אומפאַרמיידלעכע דורכפאַלן אין דער ווירטשאַפט און כלערליי אַנדערע שוועריקייטן, וועלכע מוזן זיך מאַכן און טרעפן זיך טאַקע, אין אַ גרע־

סעריִער אָדער קלענערער מאָס, אויף אַ נאַטירלעכן אופן. איז מען זעלבסטפאַרשטענדלעך זייער דאַנקבאַר, ווען מען קריגט אַ געוויסע געלט־שטיצע פון עמעצן צו קענען וואָס פריִער און בעסער אויסבויען און איינאָרדענען אַ בית־ילדים (קינדער־הויז), אַ בית־התרבות (קולטור־הויז), אַ חדר־האוכל (קאָלעקטיווער שפייז־זאַל), אַ מעכאַניזירטע איינריכטונג פאַר דער קיך און וועשעריי אאַז״וו. דאָס זיינען אַלץ זייער נייטיקע און נוצלעכע אינסטאַלאַציעס און אינסטיטוציעס פאַר ציוויליזירטע און געבילדעטע מענטשן, וועלכע מאַכן פיל דערטרעגלעכער דאָס סיי־ווי־סיי געננוג שווערע חלוצישע לעבן, באַזונדערס אין ערשטן פעריאָד נאָך דער גרינדונג פון אַ נייעם קיבוץ, געוויינטלעך אין אַן אומבאַזעצטער און אומקולטיווירטער געגנט, ערגעץ ביי אַ גרענעץ פון ישראל.

מיטן צוועק צו באַקומען אַזעלכע זייטיקע געלט־מיטלען, סטימולירן אין אַ סך פאַלן די קיבוצים, דאָס גרינדן פון אָרגאַניזאַציעס פון זייערע עלטערן און פריינט אין גלות, וועלכע זאַמלען פאַר זיי פינאַנציעלע מיטלען, נישט נאָר פאַר די פריִער־אויסגערעכנטע געביידעס און אינסטאַלאַציעס, נאָר אויך פאַר קאָמביינען, טראַקטאָרן, גרויסע אַקער־ און שנייד־מאַשינען וכדומה טייער־קאָסטנדיקע מעכאַנישע אַרבעטס־מכשירים. די קיבוצים וואָס זיינען אינגאַנצן, אָדער טיילוויז, באַזעצט דורך אַרגענטינער, אָדער בכלל לאַטיין־אַמעריקאַנער חלוצים בעטן געוויינטלעך סובסידיעס ביי דער בוענאָס־איירעסער קהילה און זיי באַקומען אויך אַזעלכע אויף אַ ווירדיקן און גוטוויליקן אופן.

ווייטער, אונטן, ברענגען מיר אַ טאַבעלע מיט די סובסידיעס, וואָס עס האָבן באַקומען פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה אין משך פון די לעצטע זעקסטהאַלבן יאָר אַכצן קיבוצים פון די פאַרשידענע אידעאָלאָגיש און סטרוקטורעל, חלוצישע קאָלאָניזאַציע־ריכטונגען:

| נאָמען פון קיבוץ | יאָר 1957 | 1958 | 1959 | 1960 | 1961 | האַלב 1962 | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| כיסופים | 20.000 | 20.000 | 10.000 | — | — | — | 50.000 |
| עין־השלושה | 20.000 | 20.000 | 10.000 | 96.500 | 96.500 | 772.000 | 1.015.000 |
| משמר הנגב | 20.000 | 20.000 | 35.000 | 64.000 | 64.000 | 512.000 | 715.000 |
| מפלסים | 40.000 | 40.000 | 20.000 | — | — | — | 100.000 |
| מצר | 20.000 | 20.000 | 10.000 | 126.500 | 126.500 | 1.012.000 | 1.315.000 |
| געש | 20.000 | 20.000 | 10.000 | — | — | — | 50.000 |
| גזית | 20.000 | 20.000 | 10.000 | — | — | — | 50.000 |
| סעד | 20.000 | 20.000 | 10.000 | 15.000 | 15.000 | 120.000 | 200.000 |
| ניצנים | 20.000 | 20.000 | 10.000 | — | — | — | 50.000 |
| גבעות־זייד | 20.000 | 20.000 | 10.000 | — | — | — | 50.000 |
| רבדים | 20.000 | 20.000 | 10.000 | — | — | — | 50.000 |
| ניר יצחק | 20.000 | 20.000 | 10.000 | — | — | — | 50.000 |
| כפר זולד | 20.000 | 20.000 | 10.000 | — | — | — | 50.000 |
| ניר־עם | 20.000 | 20.000 | 10.000 | — | — | — | 50.000 |
| בחן | 20.000 | 20.000 | 10.000 | 51.000 | 51.000 | 408.000 | 560.000 |
| אור־הנר | — | 100.000 | 50.000 | 126.500 | 126.500 | 1.012.000 | 1.415.000 |
| מבואות־ביתר | — | — | — | 15.000 | 15.000 | 120.000 | 150.000 |
| נאות־מרדכי | — | — | — | 5.500 | 5.500 | 44.000 | 55.000 |
| סך־הכלען | 320.000 | 420.000 | 235.000 | 500.000 | 500.000 | 4.000.000 | 5.975.000 |

אַט־די טאַבעלע באַווייזט אונדז, אַז:

א) אין יאָר 1958 איז דער סכום פון די סובסידיעס געשטיגן כמעט מיט איין דריטל לגבי 1957, אָבער אין 1959 (אַ יאָר פון קריזיס און דעוואַלאָריזאַציע) איז דער סכום ווידער היפּש אַראָפּגעפאַלן; אין 1960 איז דער סכום מער ווי פאַרטאָפּלט געוואָרן לגבי 1959 און אַזוי איז ער פאַרבליבן אויך אין 1961. אין דער ערשטער העלפט פון 1962 האָט דער סכום מיט־אַמאָל אַ שטאַרקן שפרונג אַרויף געטאָן. דאָס דערקלערט זיך מסתמא דערמיט, וואָס אין משך פון דער באַהאַנדלטער צייט האָבן באַזוכט ישראל מיטגלידער פונעם פּרעזידיום פון אונדזער קהילה און זיי האָבן פּערזענלעך מיטגענומען דאָס געלט אויסצוגלייכן פאַרעלטערטע חובות. פון דעסט וועגן איז אינטערעסאַנט פעסטצושטעלן, אַז אין 1962 איז מיטאַמאָל באַצאָלט גע־וואָרן מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל ווי אין משך פון די פינף פריערדיקע יאָרן.

ב) די דריי קיבוצים עין־השלושה (הנוער הציוני פון די אַלגעמיינע ציוניסטן), מצר (השומר הצעיר) און אור־הנר (איחוד הבונים פון מפא״י) האָבן באַקומען 1.015.000 פעזעס, 1.315.000 פעזעס און 1.415.000 פעזעס רעספּעקטיוו, וואָס עס מאַכט אויס צוזאַמען 3.745.000 פעזעס, אָדער מער פון 62% פונעם גאַנצן סכום. די צוויי קיבוצים משמר הנגב (השומר הצעיר) און בחן (אומפּאַרטייִישע יוגנט למרחב), ווידער, האָבן באַקומען 715.000 פעזעס און 560.000 פעזעס רעספּעקטיוו, וואָס עס מאַכט אויס אינאיינעם 1.275.000 פעזעס, אָדער עפּעס מער פון 21% פונעם גאַנצן סכום. אויף דעם אופן באַקומט זיך, אַז אַלע איבעריקע דרייצן קיבוצים האָבן באַקומען צוזאַמען בלויז 955.000 פעזעס, אָדער ווייניקער פון 17% פון דעם גאַנצן באַטרעף.

מ׳דאַרף דאָ נאָך אָנווייזן אויף דער בפירוש גערעכטער און אומפּאַרטייִישער פאַרטיילונג פון די סובסידיעס דורך דער פאַרוואַלטונג פון אונדזער קהילה, בעיקר וואָס שייך די גרעסערע סכומים. אין דער קהילה דאָמינירן דאָך די פאַרטרעטער פון די רעכטע פועלי־ציון — התאח־דות (די שוועסטער־פּאַרטיי פון מפא״י) און פון די לינקע פועלי־ציון — אחדות העבודה. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט, אַז דער השומר הצעיר, וועלכער איז אַ גאַר שוואַכע גרופּע אין דער היגער קהילה־פאַרוואַלטונג, אָבער איינער פון די וויכטיקסטע סעקטאָרן פון דער ישראל־דיקער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע, זאָל באַקומען אַזעלכע רעלאַטיוו גרויסע געלט־סכומים אַלס סובסידיעס פון דערזעלבער קהילה. דאָס ווערט אויך נאָך מער אונטערגעשטראָכן דורכן פאַקט וואָס די אומפּאַרטייִישע בחן האָט אויך באַקומען איינע פון די גרויסע סובסידיעס. די סיבה איז מסתמא געווען די וואָס די קיבוצים פון השומר הצעיר און בחן האָבן געהאַט גרעסערע באַ־רעכטיקטע באַדערפעניש, וועלכע מ׳האָט געמוזט באַפרידיקן.

אונדזער קהילה גיט אויך פון צייט צו צייט, קלענערע, אָדער גרעסערע, סובסידיעס פאַר אַלגעמיינע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן נישט קיין דירעקטע שייכות מיט די אַרגענטינער ייִדן, קודם־כל זוערן געגעבן ביישטייערונגען פאַרן אויפבוי פון אייגענע בנינים. אַזוי זיינען געגעבן געוואָרן אין פריערדיקע יאָרן געוויסע געלט־סכומים פאַר די בנינים פונעם ישראלדיקן זשורנאַ־ליסטן־פאַראיין א״נ פון נחום סאָקאָלאָוו ז״ל און פונעם ישראלדיקן ליטעראַטן־פאַראיין א״נ פון שאול טשערניכאָווסקי ז״ל. איצט ווערט אויך געגעבן אַ סובסידיע פאַרן בנין פונעם פאַראיין פון די לאַטיינאַמעריקאַנער עולים, וועלכער וועט געבויט ווערן אין תל־אביב. מיר ברענגען דאָ נישט קיין סכומים פון אַט אַזעלכע ספּאָראַדישע נתינות, ווייל ווען מיר טוען דאָס, וואָלט עס כמעט מיט גאָרנישט געענדערט דאָס פריער־אָנגעצייכנטע בילד פון די טעטיקייטן פון אונדזער קהילה אויף אַט־דעם געביט.

אויך אויף אַט־דעם ספּעציעלן, זייטיקן, אָבער אינטערעסאַנטן, אַרבעטס־געביט פון אונ־דזער קהילה, קומט בולט צום אויסדרוק איר הויכער נאַציאָנאַלער קריטעריום ביים דורכפירן אירע אויפגאַבן, פונקט ווי אויף אַנדערע געביטן.

## 4) סטאַטיסטיקן פון דער חברה קדישא אָפּטיילונג

ברענגען יידן צו קבר־ישראל, לויט אַלע יידישע פאַרשריפטן, מנהגים און דינים, איז געווען די ערשטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער חברה קדישא אשכנזי, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1894 אין בוענאָס־איירעס, ווען דער ישוב פון דער הויפּטשטאָט איז נאָך געווען קליין און אומבאַדייטנדיק. אין משך פונעם ווייט־גרעסטן טייל פון אירע עקזיסטענץ־יאָרן האָט די חברה קדישא אשכנזי זיך פאַרנומען בלויז מיט אָט־דער הויפּט־אויפגאַבע אירער. אָבער אין פאַרלויף פון דער צייט האָט זי אַליין מער זיך אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן אויך מיט אַזעלכע ענינים וואָס זיינען וויכטיק פאַרן אַלטעגלעכן כלל־לעבן פונעם היגן ישוב, ביז זי איז צוריק מיט קנאַפּע פופצן יאָר פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס די פאַקטישע קהילה פון בוענאָס־איירעס. נישט קוקנדיק אָבער אויף די פאַרשידנאַרטיקע פאַרצווייגטע טעטיקייטן פון אונדזער קהילה, בלייבט די חברה קדישאַ־אָפּטיילונג דאָך ביז צום היינטיקן טאָג איר וויכטיקסטער דעפּאַרטאַמענט, צוליב דעם גרויסן סכום אַרבעט וואָס ער פירט דורך, פון איין זייט, און אויך צוליב די גרויסע הכנסות וואָס ער ברענגט אַריין, פון דער אַנדערער זייט. אַ דאַנק די גרויסע געלט־סכומים וואָס די חברה קדישאַ־אָפּטיילונג ברענגט אַריין, ווערט בכלל ערשט מעגלעך די פינאַנצירונג און דורכפירונג פון אַלע אַנדערע קהילה־טעטיקייטן. פאָלגנדיקע טאַבעלע וועט בולט אילוסטרירן די פינאַנציעלע באַדייטונג פון דער חברה קדישא־אָפּטיילונג אין משך פון די לעצטע פינף יאָר:

| יאָר | טאָטאַלע הכנסה $ | הכנסה פון ח. קדישא $ | % פון טאָטאַל |
|---|---|---|---|
| 1957 | 33.740.359 | 28.618.513 | 85.— |
| 1958 | 43.856.409 | 37.414.783 | 85.— |
| 1959 | 72.381.103 | 64.321.800 | 89.— |
| 1960 | 94.258.159 | 83.943.504 | 89.— |
| 1961 | 122.974.886 | 105.039.457 | 85.50 |

פון די אויבן־געבראַכטע ציפערן ווערט קלאָר, אַז די חברה־קדישאַ־אָפּטיילונג פון אונדזער קהילה ברענגט אַריין צווישן 85% און 89% פון אַלע אירע הכנסות. וויאַזוי און פון וואָס ווערן געשאַפן אָט־די געלט־סכומים? די גרעסטע סומעס קומען געוויינטלעך אַריין דורך די אָפּצאָלן פון די יורשים פון פאַרמעגלעכע און רייכע נפטרים. איידער עס ווערן באַשטימט די פּרטים פון דער קבורה (בית־עולם, קרקע, צאָל אויטאָמאָבילן פאַר די מלווים אאַז״וו) קומט פאָר אַ הסכם צווישן די יורשים פון די נפטרים און די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער קהילה, אָדער אירע העכערע פונקציאָנאַרן. דער פּרינציפּ איז אַז אָרעמע נפטרים איז מען מקבר אומזיסט. רייכע יורשים דאַרפן צאָלן לויט דער קרקע וואָס זיי פאַרלאַנגען פאַר זייערע עלטערן. וויטערדיקע הכנסות אין צוזאַמענהאַנג מיט די טעטיקייטן פון דער חברה קדישא־אָפּטיילונג קומען אַריין: פון אָפּצאָלן פאַר די לוויה־הוצאות; פון קאָנצעסיעס פאַר פאַמיליע־קברים (באַוועדאָס); פון דערלויבענישן צו שטעלן מצבות; פון אויפבוי פון פּראָוויזאָרישע קברים; פון קאָנסערווירונג פון די מצבות און אָפּהיטונג פון די בלומען אויף זיי אאַז״וו.

כדי צו קענען ווי געהעריק דורכפירן אירע אויפגאַבן, פאַרמאָגט די קהילה פיר היימלעקע ערטער, אַ גאַראַזש (קאָטשעריאַ) מיט אַ גענוגנדיקער צאָל פון מאָטאָריזירטע עגלות און אויטאָס, אַ שטאַב פון צוגעפּאַסטע אַדמיניסטראַטיווע אָנגעשטעלטע, כלי־קודש, שאָפערן, אַלערליי פיזישע אַרבעטער אאַז״וו. אין דעם הויפּט־בנין פון דער קהילה פונקציאָנירט די צענטראַלע אַדמיניסטראַציע פון דער גאַנצער אָפּטיילונג און אויסער דעם האָט יעדער בית־עולם זיין אַנט־

שפּרעכנדיקע לאָקאַלע אַדמיניסטראַציע. אומעטום ווערן אָן אויפהער געבויט בנינים און וועגן, געפלאַנצט ביימער, באַצירונגס־קוסטן און בלומען אין דורכגעפירט אויך אַנדערע פאַרשענע־רונגען.

דער נאָענטסטער בית־עולם צו דער שטאָט געפינט זיך אין ליניערס, האַרט ביי דער מערבדיקער גרענעץ פון דער הויפּטשטאָט. עס זענען פאַראַן זייער גוטע קאָמוניקאַציעס צו פאָרן אַהין, אָבער ליידער פאַרנעמט ער אַ רעלאַטיוו קליינעם שטח. די גרינדערס פונעם ליניערסער בית־עולם האָבן באַשיימפערלעך נישט פאָרויסגעזען, אַז דער בוענאָס־איירעסער ישוב וועט אַזוי שנעל אויסוואַקסן און די צאָל פון זיינע נפטרים וועט איצט דערגיין צו קרוב צוויי טויזנט אַ יאָר. דעריבער איז אָט־דער בית־עולם יונגערהייט, נאָך איידער זיינע ביימער זיינען רעכט אויסגעוואַקסן, אַלט געוואָרן און מען איז דאָרטן שוין גאַנץ ווייניק מקבר,




ראש השנה מסיבה מיט ספרדישע און דייטש־ריידנדיקע ייִדן אין יאָר 1961.

צוליב דעם וואָס עס ליגן אויף ליניערס אַ סך מיטגלידער פון די איינגעפונדעוועטע, איינגע־זעסנסטע און אָנגעזעענסטע היגע משפחות און אויך צוליב די קאָמוניקאַציע־באַקוועמלעכקייטן, איז אָבער פאַראַן ביי גאָר אַ סך תושבים דער ווילן נקבר צו ווערן נעבן זייערע קרובים און פריינט, אָדער כאָטש אויף דעמזעלבן הייליקן אָרט ווו יענע שלאָפן זייער אייביקן שלאָף. דערי־בער צאָלן די רייכערע מיטגלידער פון דער עדה גאַנץ טייער פאַר אַ קרקע אויפן בית־עולם אין ליניערס און די קהילה באַקומט אויף אַזאַ אופן גאַנץ אָנזעעוודיקע הכנסות.

דער בית־עולם וואָס ווערט היינט־צו־טאָג אַממיינסטן באַנוצט, געפינט זיך אין טאַבלאַדאַ, היפּש ווייט פון דער שטאָט. ער האָט שוין היינט אויך גאַנץ גוטע איינריכטונגען. אויפן בית־עלמין אין טאַבלאַדאַ איז אויסגעבויט געוואָרן אַ מאָנומענט פאַר די קדושים, וועלכע זיינען

אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס ימח שמם וזכרם. אויפן מאָנומענט זיינען אויך באַפּעס־טיקט געוואָרן ספּעציעלע אָנדענק־טאָוולען פאַר איינציקע אומגעקומענע פאַרשיידענע קהילות. עס ווערן דאָרטן ביי פיל געלעגנהייטן איינגעאָרדנט אַלגעמיינע הזכרות און אויך פאַר די באַזונדערע קהילות. נישט ווייט פונעם מאָנומענט זיינען רעזערווירט געוואָרן פּלעצער פאַר די קברים פון די אָרטאָדאָקסישע יידן שומרי־שבת, פון שרייבערס, קינסטלערס און אַנדערע חשובע און פאַרדינסטפולע נפטרים.

צו די בית־עלמינס וואָס באַלאַנגען צו אונדזער קהילה דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן יענער וואָס געפינט זיך אין סיודאַדעלאַ, וועלכער איז אויך ווייט פון דער שטאָט און ער פאַרמאָגט נישט קיין באַקוועמע קאָמוניקאַציעס. ער איז אַ בשותפותדיקער מיט די ספרדים און ווערט



ראש השנה מסיבה פאַר ספרדישע און דייטש־ריידנדיקע יידן.

היינט־צו־טאָג אויך גאַנץ וויניק באַנוצט. צווישן אַלע אַנדערע היגע הייליקע ערטער פון די אשכנזים, איז דער פון סיודאַדעלאַ אַממייניסטנס ענלעך צו די אַלטע בתי־הקברות אין די אַמאָליקע אייראָפּעישע היימען.

דער יינגסטער פון די בית־עלמינס פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה געפינט זיך אין בעראַסאַטעגי. ער איז אויך ווייט פון דער שטאָט און האָט נישט קיין גוטע קאָמוניקאַציעס. אויך דאָרטן קומען דערווייל צו קבורה זייער וויניק נפטרים, אָבער ער דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס דער רעזערוו פאַר דער צייט, ווען עס וועט שוין אָנהייבן ענג צו ווערן אויפן בית־הקברות אין טאַבלאַדאַ. לכתחילה איז דער שטח פאַרן בית־עולם אין בעראַסאַטעגי געקויפט געוואָרן דורך דער אָרגאַניזאַציע פון „אגודת ישראל" און זי האָט אויך באַקומען די געהעריקע דערלויבעניש פון די אָפיציעלע אינסטאַנצן. נישט דאָ איז דאָס אָרט זיך אָפּצושטעלן ברייטער אויף

דעם פּאַרוואָס די דערמאָנטע פּרומע גרופּע האָט עס געטאָן. עס איז דאָ געגוג צו דערמאָנען, אַז זי איז געווען אומצופרידן דערמיט וואָס אירע שטרענג־רעליגיעזע שולן האָבן באַקומען זייער קליינע, אָדער גאָר קיינע סובסידיעס פון דער קהילה, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אָננעמען דעם מינימום־פּראָגראַם אירן פאַר חינוך. מיטן צוועק נישט צו לאָזן אונטערגראָבן און אָפּשוואַכן איר פּרעסטיזש, האָט די קהילה אָנגעהויבן צו אונטערהאַנדלען מיטן צד שכנגד און סוף־כל־סוף איז מען געקומען צו אַ הסכם. אין יאָר 1957 איז דער בית־עולם אין בעראַסאַטעגי אויך אַריבער אין דעם רשות פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה.

די ווייטערדיקע טאַבעלע גיט אַ באַגריף וועגן דער פאַרטיילונג פון קבורות אויף יעדן איינעם פון די פיר בית־עלמינס:

| יאָר | טאַבלאַדאַ | ליניערס | סיודאַדעלאַ | בעראַסאַטעגי | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|---|
| 1957 | 1.746 | 178 | 39 | 31 | 1.994 |
| 1958 | 1.593 | 149 | 37 | 28 | 1.807 |
| 1959 | 1.688 | 160 | 46 | 49 | 1.943 |
| 1960 | 1.711 | 155 | 39 | 69 | 1.974 |
| 1961 | 1.696 | 150 | 35 | 84 | 1.965 |
| 1962 (האַלב) | 928 | 62 | 25 | ? | 1.015 |
| סך־הכלען | 9.362 | 854 | 221 | 261 | 10.698 |

פון אָט־דער טאַבעלע קען מען אָפּלערנען: 1) דער יערלעכער דורכשניט פון די נפטרים פון זעקסטהאַלבן יאָר איז לערך 1.941; 2) אויב מען רעכנט, אַז די שטאַרביקייטס־קוואָטע פון דער בוענאָס־איירעסער יידישער באַפעלקערונג מאַכט אויס לערך 1%, דעמאָלט קען דער אשכנזישער ישוב אין דער הויפּטשטאָט געשאַצט ווערן אין וואַסערע צוויי הונדערט טויזנט נפשות; 3) אויפן בית־עלמין אין טאַבלאַדאַ אַליין ווערן דורכשניטלעך באַערדיקט וואַסערע 87½ % פון אַלע נפטרים און אויף די איבעריקע דריי בית־עלמינס אין איינעם לערך 12½ %.

די ווייטערדיקע טאַבעלע, וועלכע נעמט אַרום צוליב בעסערער איבערזיכטלעכקייט בלויז די צוויי מער באַנוצטע בית־עלמינס, אויסלאָזנדיק די איבעריקע צוויי וואָס קענען קיין שום השפּעה נישט האָבן אויף די אויספירן, אילוסטרירט דעם פּראָפּאָרץ פון שטאַרביקייט ביי מענער, פרויען און מינדעריאָריקע יינגלעך און מיידלעך:

| יאָר | טאַבלאַדאַ: מענער | יינגלעך | פרויען | מיידלעך | ליניערס: מענער | יינגלעך | פרויען | מיידלעך | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1957 | 956 | 76 | 687 | 27 | 91 | 1 | 86 | — | 1.924 |
| 1958 | 885 | 53 | 616 | 39 | 76 | — | 73 | — | 1.742 |
| 1959 | 986 | 36 | 630 | 36 | 76 | 2 | 82 | — | 1.848 |
| 1960 | 988 | 39 | 648 | 36 | 65 | 1 | 88 | 1 | 1.866 |
| 1961 | 959 | 34 | 673 | 30 | 59 | 1 | 90 | — | 1.846 |
| 1962 (האַלב) | 527 | 18 | 356 | 27 | 27 | — | 35 | — | 990 |
| סך־הכלען | 5.301 | 256 | 3.610 | 195 | 394 | 5 | 454 | 1 | 10.216 |

פון אָט־דער טאַבעלע איז שווער עפּעס אָפּצולערנען אויף זיכער. בכדי דאָס צו קענען טאָן, וואָלט מסתמא נייטיק געווען צו האָבן דאַטן פון אַ לענגערן צייט־אָפּשניט. פון דעסט־וועגן קען מען אָננעמען מיט אַ גענוג גרויסער וואַרשיינלעכקייט, אַז די שטאַרביקייט ביי מינ־דעריאָריקע איז בדרך־כלל אַ רעלאַטיוו היפּש קליינע. עס ווייזט אויך אויס, אַז ביי די רייכערע קרייזן, וועלכע זיינען דאָך געקומען צו קבורה אויפן בית־עולם פון ליניערס, איז די שטאַר־ביקייט ביי די פרויען עטוואָס גרעסער ווי ביי די מענער. דאַקעגן איז די שטאַרביקייט ביי די ווייניקער פאַרמעגלעכע באַפעלקערונג־סעקטאָרן, וועלכע זיינען דאָך באַערדיקט געוואָרן אויף דעם בית־עולם אין טאַבלאַדאַ, פיל־פיל גרעסער צווישן די מענער ווי צווישן די פרויען. קיין קלאָרע און באַגרינדעטע סיבות פאַר אָט־די מאָדנע דערשיינונגען איז דאָ פאַר דער האַנט נישט צו זען און עס וואָלט נייטיק געווען זיי גרינטלעכער צו באַטראַכטן און צו פאָרשן.



די קהילה באַערט אירע 50־יאָריקע מיטגלידער, יאָר 1961.

ווייטער אונטן ברענגען מיר דריי טאַבעלן, וועלכע באַלייכטן די צאָלונגס־פאַרהעלטעניש־ פאַר די קבורות און פון דעם ווערט מען אויך קענען עפּעס אָפּלערנען, מיט אַ געוויסער רעלאַטי־ ווער זיכערקייט, וועגן דער פאַרמעגלעכקייט פון די נפטרים, אָדער ריכטיקער, וועגן זייער עקאָ־ נאָמישער לאַגע. מיר האָבן זיך באַנוצט מיט די ווערטער „מיט אַ געוויסער רעלאַטיווער זי־ כערקייט", ווייל נישט זעלטן ווערט פאַר די קבורות באַצאָלט אַ סך ווייניקער פון דעם וואָס די רעאַלע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן פון די פאַראינטערעסירטע וואָלטן זיי דערלויבט צו באַצאָלן, ווייל אין אַ טייל פאַלן געלינגט עס די יורשים נישט ריכטיק צו אינפאָרמירן וועגן זייער פינאַנציעלער לאַגע און די ספּעציעלע קאָנטראָלערן, וואָס דאַרפן פעסטשטעלן דעם אמת,

באַפּן זיך פילמאַל נישט. אין אַנדערע פאַלן באַווייזן די פּראַאינטערעסירטע זיך בעסער אויסצו־דינגען. פון אָט־די טאַבעלן וועט אויך קלאָר ווערן די פּראָפּאָרץ צווישן מיטגלידער און נישט־מיטגלידער ביי די באַערדיקטע נפטרים.

## טאַבעלע פון גענצלעך אומזיסטע קבורות

| יאָר | מיטגלידער | צוריקגעשטאַנענע מיטגל. מיט צאָלונגען | נישט־מיטגליד. | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|
| 1957 | 278 | 144 | 411 | 833 |
| 1958 | 270 | 46 | 330 | 646 |
| 1959 | 102 | 11 | 189 | 302 |
| 1960 | 322 | 1 | 270 | 593 |
| 1961 | 75 | 1 | 116 | 192 |
| 1962 (האַלב) | 19 | 1 | 36 | 56 |
| סך־הכלען | 1.066 | 204 | 1.352 | 2.622 |

פון אָט־דער טאַבעלע איז צו זען, אַז פון דעם טאָטאַל נפטרים פון 10.698 אין משך פון די באַהאַנדלטע זעקסטהאַלבן יאָר, איז לערך אַ פערטל באַערדיקט געוואָרן גענצלעך אומזיסט. צווישן זיי זיינען געווען וואָסערע 52% נישט־מיטגלידער און דער רעשט גרעסטנטיילס גוט־שטייענדיקע און אויך אַ רעלאַטיוו־קליינע צאָל מיט זייערע צאָלונגען צוריקגעשטאַנענע מיט־גלידער. דאָס באַווייזט בלי־ספק, אַז די קהילה האָט זייער אַ סך איינזעעניש מיט די אָרעמע באַפעלקערונגס־שיכטן און זי נעמט ביי זיי נישט קיין שום קבורה־געלט. עס ווערט אויך קלאָר, אַז דערביי ווערט נישט געקוקט דערויף צי דער נפטר איז געווען אַ מיטגליד צי נישט און אַלע אָרעמע מענטשן ווערן באַהאַנדלט אויף אַ גלייכן אופן, לויט די בעסטע ייִדישע טראַדי־ציעס. אָט־אַזוי באַקומט זיך, אַז די חברה קדישא אָפּטיילונג פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה טוט מיט די אָרעמע אַ ריכטיקן חסד־של־אמת אין פולן זינען פון דעם וואָרט, ווייל די פּראָ־פּאָרציאָנעל־גרויסע צאָל נישט־מיטגלידער האָבן דאָך אַפילו קיינמאָל נישט באַצאָלט קיין באַשיידענעם מיטגליד־אָפּצאָל און זיי זיינען אַזוי־אַרום נקבר געוואָרן אַבסאָלוט אומבאַצאָלט. דאָס איז בפירוש אַ גרויסער און שיינער אויפטו פון אונדזער היגער קהילה.

מען דאַרף דערצו נאָך צוגעבן, אַז די קהילה שטעלט יעדעס יאָר אַ גרויסע צאָל מצבות אויף די קברים פון עלנטע נפטרים, וועלכע האָבן נישט קיין יורשים.

## טאַבעלע פון האַלב־באַצאָלטע קבורות

| יאָר | מיטגלידער | צוריקגעשטאַנענע מיטגל. מיט צאָלונגען | נישט־מיטגליד. | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|
| 1957 | 140 | 58 | 126 | 324 |
| 1958 | 225 | 28 | 129 | 382 |
| 1959 | 702 | 15 | 348 | 1.065 |
| 1960 | 356 | 1 | 179 | 536 |
| 1961 | 379 | 3 | 173 | 555 |
| 1962 (האַלב) | 143 | 3 | 102 | 248 |
| סך־הכלען | 1.945 | 108 | 1.057 | 3.110 |

אָט־די טאַבעלע באַווייזט, אַז פון דער טאָטאַלער צאָל נפטרים פון 10.698 אין משך פון די באַהאַנדלטע זעקסטהאַלבן יאָר, זיינען וואָסערע 29% געווען האַלב־באַצאָלטע און מען דאַרף וויסן, אַז אונטער אָט־דעם באַגריף ווערן פאַרשטאַנען אַזעלכע קבורות, פאַר וועלכע עס ווערן קוים באַצאָלט די פּאַקטישע הוצאות וואָס די קהילה האָט דערביי. אין אָט־דער קאַטעגאָריע מאַכן אויס די נישט־מיטגלידער 34% און די איבעריקע 66% זיינען גוטשטייענדיקע און צו־ריקגעשטאַנענע מיט די צאָלונגען מיטגלידער. ווידער ווערט פון דער טאַבעלע קלאָר, אַז דער גאָר ווייניק פאַרמעגלעכער שיכט פון דער אשכנזישער יידישער באַפעלקערונג אין בוענאָס־איירעס איז אַ גאַנץ באַדייטנדיקער און מאַכט וואַרשיינלעך אויס קרוב צו אַ דריטל פונעם גאַנצן ישוב. אינאיינעם מיט די גאָר אָרעמע, וועלכע באַטרעפן לויט דער פריערדיקער טאַבעלע לערך



אויפנאַמע פאַר דעם געוו׳ אַרגענטינער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל, ד״ר ג. טאָפּאָלעווסקי.

25% פון דער גאַנצער אשכנזיש־יידישער באַפעלקערונג, קומט אויס אַז די עקאָנאָמיש־שוואַכ־סטע קרייזן אירע באַטרעפן לערך 54% פונעם באַפעלקערונגס־טאָטאַל. דאָס לייקנט ענדגיל־טיק און קאַטעגאָריש אָפּ די לעגענדע וועגן דער יידישער רייכקייט אין אַרגענטינע, אויב אַזאַ האָט ביי וועמען עס זאָל נישט זיין אַמאָל עקזיסטירט.

איצט ברענגען מיר ווייטער אונטן די דריטע טאַבעלע, וועלכע באַציט זיך צו די פול־באַצאָלטע קבורות, וועלכע דעקן נישט־נאָר די הוצאות, נאָר זיי ברענגען אויך אַריין גרעסערע אָדער קלענערעביישטייערונגען איבער די קאָסטן. פון אָט־דער קאַטעגאָריע באַקומט אונדזער קהילה די געלטער, מיט וועלכע זי דעקט קודם־כל די פאַרלוסטן פון די פריערדיקע צוויי קאַטעגאָריעס און פון וואַנען זי שעפּט אויסערדעם אויך די מיטלען צו סובסידירן דעם חינוך,

אויסצוהאַלטן דעם לערער־סעמינאַר, צו פינאַנצירן די קולטור־אַרבעט, צו העלפן די נויט־באַדערפטיקע און דורכצופירן ווי געהעריק אַלע אירע איבעריקע אַרבעטן.

## טאַבעלע פון פול־באַצאָלטע קבורות

| יאָר | מיטגלידער | צוריקגעשטאַנענע מיטגל. מיט צאָלונגען | נישט־מיטגלידער | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|
| 1957 | 447 | 150 | 240 | 837 |
| 1958 | 530 | 81 | 168 | 779 |
| 1959 | 432 | 15 | 129 | 576 |
| 1960 | 666 | 4 | 175 | 845 |
| 1961 | 882 | 9 | 327 | 1.218 |
| 1962 (האַלב) | 539 | 5 | 167 | 711 |
| סך־הכלען | 3.496 | 264 | 1.206 | 4.966 |

פון די אויבן־געבראַכטע דריי טאַבעלן ווערט אויך קלאָר, אַז פון די 10.698 נפטרים אין משך פון די באַהאַנדלטע זעקסטהאַלבן יאָר זיינען 3.615, אָדער לערך 34%, אינגאַנצן קיין מיטגלידער נישט געווען; 576, אָדער עפּעס ווייניקער פון 5%, זיינען געווען מיטגלידער וואָס זיינען געווען צוריקגעשטאַנען מיט זייערע חודשלעכע מיטגליד־אָפּצאָלונגען און בלויז 6.507, אָדער 61% לערך, זיינען געווען פולע מיטגלידער. דאָס ווייזט אָן אויף דער מעגלעכקייט, אַז ביי אַ געהעריקער און צוגעפּאַסטער ווערבירונגס־אַרבעט וואָלטן צו די שוין פאַראַנענע מיטגלידער געקענט נאָך צוקומען ווייניקסטנס וואָסערע 39% נייע מיטגלידער.

די ביז־איצטיקע טאַבעלעס און באַטראַכטונגען האָבן געהאַט אַ כמעט אויסשליסלעכע און דירעקטע שייכות צו אונדזער קהילה און אירע טעטיקייטן. אין די רעגיסטערס פון דער חברה קדישא־אָפּטיילונגען ווערן אָבער אויך פאַרצייכנט אייניקע פּרטים וועגן די נפטרים, וועלכע האָבן אַ צוזאַמענהאַנג מיט געוויסע אַלגעמיינע אַספּעקטן פונעם לעבן פון די אשכנזישע יידן אין בוענאָס־איירעס. מיט זייער הילף קענען געוואָרפן ווערן עטלעכע ליכטשטראַלן אויף אַ טייל גאַנץ וויכטיקע דערשיינונגען אין אונדזער לאָקאַלן יידישן לעבן.

אַזוי ווערן, למשל, אָנגעגעבן: דער ציווילער שטאַנד פון די נפטרים, זייער עלטער און די קראַנקייטן וואָס האָבן גורם געווען זייער פּטירה. וועלן מיר אויסנוצן אויך אָט־די פאַראַנענע דאַטן און מיר וועלן ווייטער אונטן ברענגען עטלעכע טאַבעלן, וועלכע באַציִען זיך צו די יאָרן 1960, 1961 און די ערשטע העלפט פון 1962. עס איז ליידער נישט מעגלעך געווען צוצוגרייטן די באַטרעפנדיקע דאַטן אויך פאַר די יאָרן 1957, 1958 און 1959, ווייל דאָס וואָלט געצויגן געפאָדערט רעלאַטיוו פיל צייט און דאָס זאַמלבוך פון דער קהילה, פאַר וועלכן אָט־די אָפּהאַנדלונג איז דאָך באַשטימט, האָט אַ פעסטע דאַטע ווען עס דאַרף דערשיינען און דעריבער איז נישט מעגלעך געווען לענגער אָפּצוציִען.

## טאַבעלע וועגן דעם ציווילן שטאַנד פון די נפטרים

| יאָר | פאַרהייראַטע | אומפאַרהייראַטע | פאַר׳אַלמנ׳טע | געג׳טע | אומבאַקאַנטע | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1960 | 1.151 | 126 | 631 | — | 66 | 1.974 |
| 1961 | 1.147 | 129 | 609 | 3 | 77 | 1.965 |
| 1962 (האַלב) | 594 | 98 | 323 | — | — | 1.015 |
| סך־הכלען | 2.892 | 353 | 1.563 | 3 | 143 | 4.954 |

פון אָט־דער טאַבעלע איז צו זען, אַז די צאָל געג׳גט׳ע צווישן די נפטרים איז אַ פאַרשווינדנדיק קליינע און דאָס קען זיין אַן אָנווייז, אַז אין דער באַפעלקערונג בכלל קומט פאָר דאָס־זעלבע. אויך די צאָל אומפאַרהייראַטע איז אַ רעלאַטיוו קליינע, דהיינו — לערך 7%, אָבער די פאַרהייראַטע מאַכן אויס וואָסערע 58½% און די פאַר„אַלמנ׳טע גרייכן צו עפּעס מער פון 32%. דאָס אַלעס באַווייזט, אַז אונדזער בוענאָס־איירעסער אשכנזישער ישוב איז שוין אַרויס פון זיין אומסטאַבילן עמיגראַנטישן סטאַדיום און ער ווייזט שוין אַרויס בולטע כאַראַקטעריסטישע סימנים פון אַ באַלעבאַטישן, פאַרפעסטיקטן, איינגעפונדעוועטן און פאַרוואָרצלטן ציבור. דאָס קען שוין אויף להבא דערמעגלעכן גרעסערע, סאָלידערע און דויערהאַפטיקערע סאָציאַלע, אָרגאַניזאַציאָנעלע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע אויפטוען.

ווייטער אונטן ברענגען מיר אַ טאַבעלע, לויט וועלכער מען קען עפּעס געוווירּ ווערן וועגן די קראַנקייטן וואָס צוליב זיי זיינען די נפטרים אַוועקגעגאַנגען פון צווישן די לעבעדיקע. עס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז די קראַנקייטן זיינען אָנגעגעבן געוואָרן בלויז ביי די נפטרים אין דער עלטער ביז 70 יאָר, ווייל יענע וואָס שטייגן אַריבער אָט־די עלטער, שטאַרבן געוויינטלעך פון עלטער־שוואַכקייט, כאָטש עס קען אויך זיין אַן אומיטלבאַרע סיבה פונעם טויט דורך עפּעס אַ קראַנקייט, וועלכע דער זקן האָט שוין צוליב זיין שוואַכקייט נישט געקענט בייקומען.

## טאַבעלע פון טויט־פאַלן דורך קראַנקייטן

| יאָר | האַרץ און בלוט־געפעסן | סומאָרן (קאַנסער) | אַקצידענט און זעלבסטמאָרדן | פאַרשיידענע | עלטער־שוואַכקייט | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1960 | 666 | 313 | 48 | 185 | 762 | 1.974 |
| 1961 | 902 | 339 | 55 | 235 | 434 | 1.965 |
| 1962 (האַלב) | 481 | 177 | 29 | 105 | 223 | 1.015 |
| סך־הכלען | 2.049 | 829 | 132 | 525 | 1.419 | 4.954 |

אָט־די טאַבעלע באַווייזט, אַז די גרעסטע צאָל פון די נפטרים ביי די אשכנזישע בוענאָס־איירעסער יידן, לערך 41½%, שטאַרבט פון האַרץ־אַטאַקעס, פון מאַרך־דערשיטערונגען און פון אַנדערע בלוט־געפעס־קראַנקייטן און אַן אָנזעעוודיקער טייל, וואָסערע 16½%, שטאַרבט פון קאַנסער און פון טומאָרן בכלל. אָט־די סאָרטן קראַנקייטן, וועלכע זיינען גרעסטנטיילס אַ רעזולטאַט פונעם צופיל אָנגעשטרענגטן און זאָרגפולן לעבן אין אַזאַ ריזיקן כרך ווי עס איז בוענאָס־איירעס, באַטרעפן אַלזאָ העכער אַ העלפט, אָדער 58% פון די טויט־סיבות פון אַלע נפטרים. אַלע אַנדערע פאַרשיידענע קראַנקייטן, וואָס זיינען גורם דעם טויט ביי די אשכנזישע יידן אין בוענאָס־איירעס מאַכן אויס אינאיינעם וואָסערע 10½%. די אומגעקומענע דורך אַלערליי אַקצידענטן און זעלבסטמאָרדן מאַכן אויס עפּעס מער פון 2½%. די געשטאָרבענע אין דער עלטער פון העכער 70 יאָר, אינאיינעם מיט יענע פאַלן, וועגן וועלכע מען ווייסט נישט די סיבה פון זייער פּטירה, מאַכן אויס לערך 29%. כאָטש די אַלע צאָלן, וועלכע זיינען אַ רעזולטאַט פון אָבסערוואַציעס אין משך פון בלויז דריטהאַלבן יאָר, זיינען נישט קיין גענוג זיכערע באַזע צו קענען מאַכן זיכערע, אָדער ווייניקסטנס וואַרשיינלעכע אויספירן און שלוסן, איז עס אָבער דאָך מעגלעך, אַז זיי זאָלן געבן אַ באַגריף וואָס איז נישט גאָר ווייט פונעם אמת, וועגן דער פּאַקטישער זאַכלאַגע אויפן געזונטהייט־געביט פון די בוענאָס־איירעסער יידן פאַר די לעצטע צען־פופצן יאָר. עס קען זיין, אַז אָט־די ציפערן זאָלן אין אַ געוויסער מאָס זיין ניצלעך פאַר אונדזערע יידישע דאָקטוירים, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט פאָרש־אַרבעטן, נעמענדיק אין באַטראַכט אַז עס זיינען פאַראַן זייער ווייניק, אָדער גאָר קיינע דאַטן פון דעם מין.

ווייטער אונטער ברענגען מיר צוויי טאַבעלעס וועגן דער עלטער פון די נפטרים אין משך פון די לעצטע דריטהאַלבן יאָר, איינע ביז 20 און די אַנדערע פון מער פון 20 יאָר.

## ערשטע טאַבעלע וועגן דער עלטער פון די נפטרים

| יאָר | ביז איין יאָר | פון 1 ביז 6 יאָר | פון 6 ביז 14 יאָר | פון 14 ביז 20 יאָר | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|---|
| 1960 | 66 | 7 | 9 | 8 | 90 |
| 1961 | 50 | 11 | 11 | 7 | 79 |
| 1962 (האַלב) | 31 | 7 | 10 | 4 | 52 |
| סך־הכלען | 147 | 25 | 30 | 19 | 221 |



געוו׳ אַרגענטינער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל ד״ר טריסטאַני, אויף אַ באַזוך אין דער קהילה.

מיר ווייסן שוין פון פריִער, אַז דער טאָטאַל פון די נפטרים פאַר די באַהאַנדלטע דריט־האַלבן יאָר דערגרייכט צו 4.954. פון אָט־דער טאַבעלע באַקומט זיך, אַז אין דער עלטער ביז צוואַנציק יאָר זיינען אין דעמזעלבן צייט־אָפּשניט געשטאָרבן 221, אָדער לערך 4½ % פונעם טאָטאַל נפטרים. דאָס ווייזט אויס צו זיין אַ גאַנץ קליינער פּראָצענט און דאָס זאָגט עדות אויפן ווױלשטאַנד, אַ פּועל־יוצא פון וועלכן עס זיינען צופרידנשטעלנדיקע וווינונגס־ און שפּייז־באַ־

דינגונגען און אַ גענוגנדיקע מעדיצינישע אויפזיכט. דאָס איז אויך אַ סימן פון אַ גאַנץ באַ־דייטנדיקער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער הייך פון די אשכנזישע יידן אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס.

## צווייטע טאַבעלע וועגן דער עלטער פון די נפטרים

| יאָר | פון 20 ביז 35 יאָר | פון 35 ביז 50 יאָר | פון 50 ביז 60 יאָר | איבער 60 יאָר | אומבאַקאַנט | פון פריערדי־קער טאַבעלע | סך־הכלען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1960 | 49 | 159 | 351 | 1.312 | 13 | 90 | 1.974 |
| 1961 | 34 | 163 | 367 | 1.240 | 82 | 79 | 1.965 |
| 1962 (האַלב) | 12 | 77 | 186 | 688 | — | 52 | 1.015 |
| סך־הכלען | 95 | 399 | 904 | 3.240 | 95 | 221 | 4.954 |

פון אָט־דער טאַבעלע זעט מען, אַז צווישן 20 און 50 יאָר זיינען געשטאָרבן 494 יידן אָדער כמעט 10% פון אַלע נפטרים. דאָס קען אויך באַטראַכט ווערן אַלס גאַנץ קליינע שטאַרביקייט. ערשט פון 50 יאָר און ווייטער ווערט די שטאַרביקייט באַדייטנדיק גרעסער. אַזוי זיינען צווישן 50 און 60 יאָר שוין געשטאָרבן אַרום 18½ % פונעם טאָטאַל און ערשטע איבער 60 יאָר איז דער פראָצענט פון די געשטאָרבענע 65% פון אַלע נפטרים פון דעם באַהאַנדלטן פעריאָד.

פאַרן יאָר 1960 זיינען גענומען געוואָרן באַזונדער, בשעת עס איז זיינערצייט צוגעגרייט געוואָרן אַ פריערדיקע אַרבעט, די נפטרים פון 60 ביז 70 יאָר (זיי האָבן באַטראָפן 610) און יענע וואָס האָבן דערגרייכט אַ העכערע עלטער פון 70 יאָר (זיי האָבן באַטראָפן 702). די ערשטע באַטרעפן 31% און די צווייטע 36% פון אַלע נפטרים פונעם יאָר 1960. אויב 36% פון אַלע נפטרים האָבן אין יענעם יאָר געלעבט לענגער פון 70 יאָר, הייסט עס בדרך־כלל, אַז ביי אַ גאַנץ באַדייטנדיקן טייל פון די בוענאָס־איירעסער אשכנזישע יידן קען מען אָנטרעפן אַ גאַנץ אָנזעעוודיקע לאַנגלעביקייט בכלל, ד"ה אויך אין אַנדערע יאָרן, אַ חוץ 1960.

ווי מען זעט, לאָזט זיך פיל אָפּלערנען פון די פּרטים וואָס ווערן פאַרצייכנט אין די נפטרים־רעגיסטערס פון דער חברה־קדישא־אָפּטיילונג פון אונדזער קהילה, כאָטש די שלוסן, צו וועלכע מען קומט אויפן סמך פון די דאַטן פון בלויז זעקסטהאַלבן און דריטהאַלבן יאָר זיינען נישט באַזירט און באַגרינדעט אויף אַלע הונדערט פראָצענט. אָבער מען דאַרף זיין צופרידן אויך מיט דעם. נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז עס זיינען סרוב פאַראַן אַזוי ווייניק ריכטיקע סטאַטיס־טישע דאַטן ביי יידן.

אפשר איז דאָ אויך דאָס אָרט אָנצווייזן דערויף, אַז אין די דערמאָנטע נפטרים־רעגיס־טערס וואָלט מעגלעך און כדאי געווען אויסצוברייטערן די פאַראַנענע פּרטים מיט נאָך אַנדערע, וועלכע זאָלן זיך באַציען צו: געבוירן־לאַנד, בירגערשאַפט און באַשעפטיקונג פון די נפטרים, זייערע איבערגעלאָזטע מינדעריאָריקע און פוליעריקע יתומים אאַז"וו. אַזעלכע נייע פּרטים וואָלטן געווען זייער נוצלעך און עס וואָלט פאַרנומען בלויז ווייניק צייט און עס וואָלט געקאָסט נאָר אַ קליינע אָנשטרענגונג זיי צו באַקומען.



דוד קאָלאָקאָווסקי

# די בוררות־קאָמיסיע ביי דער קהילה — אַ מאָראַלי־זירנדיקער פאַקטאָר אין אונדזער לעבן

אין משך פון אונדזער גאַנצער גלות־געשיכטע, לעבנדיק אין אַ נישט יידישער אַרומרינגלונג, האָבן מיר זיך תמיד געראַנגלט, אַז די יידישע באַפעלקערונג זאָל האָבן דאָס רעכט צו דערליידיקן די סיכסוכים וואָס אַנטשטייען צווישן איין יידישן יחיד און אַ צווייטן, אָדער צווישן איין גרופּע און אַ צווייטער, אין איר אייגענער סביבה און דורך אירע אייגענע שופטים און בוררים. דאָס איז געווען אַ טייל פון דער יידישער אויטאָנאָמיע וועלכע איז געווען אין הסכם נישט נאָר מיט אונדזער רעליגיעזן איינשטעל, נאָר אויך מיט אונדזער נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכן ווילן ווייטער צו עקזיסטירן ווי אַ פאָלק. און מיר זען טאַקע, אַז דאָרט ווו די פאַרשידענע מושלים האָבן פאַרזיכערט יידן זייער רעכט און די דאָזיקע רעכט מער־ווייניק אָפּגעהיטן, האָבן די יידן געניאָסן פון דער דאָזיקן זכות. דאַקעגן ווען דער קאַטוילישער קלער האָט געזיגט אין זיין שטרעבונג צו פאַרביטערן יידן דאָס לעבן און שווער מאַכן פאַר יידן דעם ווייטערדיקן וועג פון פאָלקס־אויפהאַלט, דאָרט האָט מען ביי אונדז די דאָזיקע רעכט צוגענומען.

שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס די בית דין־שטוב איז געווען אַ יסוד־אינסטיטוציע אין יידישן לעבן, איז אויך די בוררות־אינסטיטוציע געווען און פאַרבליבן אַ וויכטיקער רעגולירנדיקער און סאַנירנדיקער פאַקטאָר אין אונדזער געזעלשאַפט. דערביי דאַרף מען נישט מאַכן קיין טעות און מיינען, אַז די דאָזיקע בוררות־אינסטיטוציע האָט געהאַט אַ זין נאָר דאָרט ווו דאָס אַלגעמיינע נישט־יידישע געריכט האָט זיך באַצויגן דיסקרימינירנדיק כלפּי דער יידישער באַפעלקערונג. ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך דאָרט ווו אַזאַ דיסקרימינאַציע איז נישט געווען בנמצא, אויך דאָרט איז דאָס דערליידיקן פאַרשידענע סיכסוכים אין דער אייגענער סביבה געווען זייער געזונט און פּאָזיטיוו פאַרן יידישן יחיד, ווי אויך פאַרן יידישן כלל. דערצו האָבן געווירקט פאַרשידענע סיבות, טיילווייז פּסיכאָלאָגישע און טיילווייז מאָראַלישע. אויך דאַרף מען געדענקען, אַז ביים דערליידיקן פאַרשידענע סיכסוכים אין די אַלגעמיינע מלוכהשע געריכטן האָט מען תמיד געמוזט אָנקומען צום מידת־הדין, צום האַרטן אות פון געזעץ. דאָס דערליידיקן דעם זעלביקן סיכסוך אין אַ יידיש בוררות־געריכט האָט שוין געגעבן אַ מעגלעכקייט אים צו לייזן מיט מידת הרחמים און דאָס האָט פון תמיד אָן געווירקט אין אַ מאָראַלישער הינזיכט זייער פּאָזיטיוו אויף די בעלי הסיכסוך, ווייל מיר ווייסן דאָך, אַז עס זענען פאַראַן פאַלן ווען מען מוז האַנדלען נישט בלויז לויטן דין, נישט בלויז לויט צדק, נאָר לויט חסד און לויט יושר. און נישט אומזיסט זאָגט דאָך אַ לעגענדע, אַז ירושלים איז חרוב געוואָרן ווייל די איינוווינער אירע האָבן זיך געהאַלטן בלויז ביים האַרטן אות פון געזעץ.

קומען מיר צו דער טעטיקייט פון דער בוררות־קאָמיסיע ביי דער קהילה אין בוענאָס־איירעס, מוז מען זאָגן, אַז מיר גייען דאָ אָן מיט אַן אַלטער, עיקרדיקער טראַדיציע פון דעם יידיש־געשיכטלעכן לעבן און אין דעם אַליין קען מען זען דעם המשך פון דער מזרח־אייראָפּעישער יידישקייט אויף דעם נייעם באָדן פון אונדזער עקזיסטענץ. געוויס האָט צפון־אַמעריקע

גרויסע יידישע אינסטיטוציעס וואָס טוען וויכטיקע כלל־אַרבעט, אָבער אַזאַ אינסטיטוציע ווו יידן זאָלן קומען דערליידיקן זייערע כיבבוכים אין זייער אייגענעם ווינקל, דאָס איז דאָרט נישטאָ. אין דעם פרט איז די יידישע קהילה אין בוענאָס־איירעס אַן אויסנאָם און דער דאָזיקער אויס־נאָם גיט צו אונדזער קהילה דעם וויכטיקן אינהאַלט פון טראַדיציאָנעלער פאַרזעצונג און פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמישקייט.

נישט אַריינגייענדיק אין די פּרטים פון באַריכט וועגן דער אַרבעט פון דער בוררות־קאָ־מיסיע ביי דער קהילה, וויל איך בלויז אונטערשטרייכן, אַז די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך נישט נאָר דערוואָרבן אָנערקענונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר זי האָט אויך געוווּנען די סימפּאַטיע פון דער יוסטיץ אין לאַנד. פאַראַן פיל פאַלן ווען די ריכטער פון מלוכהשן ציווילן געריכט ראַטן די צדדים זיך צו ווענדן צו דער בוררות־אָפּטיילונג פון דער קהילה, ווייל זיי ווייסן, אַז דאָרט ווו זיי וועלן מוזן משפּטן לויטן דין, וועלן מיר משפּטן לויט יושר און מיר וועלן נישט



געזעגענונגס־מסיבה לכבוד די דעלעגאַטן צום 25סטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

לאָזן פאַלן דעם שוואַכן און דעם אָרעמען אויב ער איז פּאַקטיש גערעכט, הגם פאָרמעל און יורי־דיש איז זיין קעגנער דער שטאַרקערער. חוץ וואָס דער קאָנטאַקט פון די צדדים מיט דער בוררות־קאָמיסיע ביי דער קהילה איז אַ דירעקטער און יעדער קען אַרויסברענגען פולער און אָפענער דאָס וואָס אים טוט ווי, ווייל ער רעדט צו אייגענע מענטשן אויף זיין אייגענער שפּראַך, איז אויך דאָס עצם־משפּטן זיך צווישן אייגענע פּסיכאָלאָגיש גרינגער פאַר די צדדים, עס שאַפט נישט אַזאַ שינאה־פאַרביטערונג און עס ווירקט מאָראַליש צום אָפריינִיקן די אַטמאָספער פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט.

אויף ווי ווייט די בוררות־קאָמיסיע ביי דער קהילה איז פּאָפּולער און אויטאָריטאַטיוו ביי דער יידישער באַפעלקערונג זאָגט עדות דער פאַקט וואָס הגם מיר האָבן נישט קיין פּאָליציי טרעפט דאָך זעלטן, אַז די צדדים זאָלן נישט אָננעמען אונדזער פּסק־דין. די בוררות־קאָמיסיע איז אַזוי אַרום דער מאָראַלישער אינסטרומענט פון דער קהילה וועלכער רעגולירט די באַ־

צווגגען בין אָדם לחברו און דערלאָזט נישט, אַז עס זאָל זיך אין אונדזער לעבן צעוואַקסן דער לית דין ולית דיין און די מאַכט פון דעם שטאַרקן איבער דעם שוואַכן, אָדער די מאַכט פון דעם כיטרען איבער דעם איש תמים.

דאָ ווייטער וועל איך ברענגען ווי אַ ביישפיל דריי סיכסוכים וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן דורך דער בוררות־קאָמיסיע. דאָס זענען דריי פון אַ סך צענדליקער און הונדערטער. אָבער זיי וועלן זייער בולט דערציילן וועגן דער טעטיקייט פון אונדזער קאָמיסיע־אַרבעט און זיי וועלן אויך אונטערשטרייכן די וויכטיקייט פון משפטן זיך צווישן אייגענע, אויף דער באַזע פון יושר און יידישער עטיק.

## אַ סיכסוך צווישן מחותנים

די סיבה: חתן־כלה האָבן זיך צעקריגט און האָבן באַשלאָסן צונישטמאַכן דעם שידוך. פיל סיבות האָבן דערצו גורם געווען. דאָס צופיל אַריינמישן זיך פון די עלטערן, די נישט־נאָכגיביקייט פון די צדדים אאז"וו.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דערפון וואָס חתן־כלה האָבן באַשלאָסן צו פאָרן זיך צו באַזעצן אין ישראל, אָבער די עלטערן פון דער כלה זענען געווען קעגן. האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַמפּעריי און נישט געקוקט וואָס אָט שוין האָט געזאָלט פאָרקומען די חתונה, האָט מען זיך אַזוי צעקריגט, אַז מען איז גרייט צונישט צו מאַכן דעם שידוך און צו דער בוררות־קאָמיסיע קומט מען וועגן דער תביעה אָפּצוגעבן די מתנות פון די תנאים.

דער טריבונאַל פון דער קהילה, וואָס זוכט מיט אַלע מיטלען אָנהאַלטן שלום צווישן די צדדים און גאַנץ מאַכן אַ ריס, בפרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ שידוך. פאַרטיפט זיך אין דעם ענין און באַזייטיקט די אויבערפלעכע דעטאַלן וועלכע האָבן געשאַפן פאַרביטערונג בייביידע צדדים. מען טרעט צו צו לייזן דעם סיכסוך מיטן ציל נישט צו דערלאָזן עס זאָל ווערן אויס שידוך.

עס גייט אָן אַ קאַמף מיט די מחותנים וועלכע האַלטן אין זייער צערייצטקייט אין איין טענהן דער שידוך זאָל ווערן אויס.

דער טריבונאַל זעט איין, אַז פאַקטיש זענען נישטאָ קיין וויכטיקע מאָטיוון וואָס זאָלן באַרעכטיקן דעם דאָזיקן שריט. עס איז נאָך אַן ענין פון די מחותנימס קאַפּריז. די בוררים זאָגן זיי אַביסל אַריין און זיי ווערן ווייכער. זיי הייבן שוין אָן צו אָנערקענען אַז זיי האָבן זיך אפשר טאַקע צופיל אַריינגעמישט צווישן חתן־כלה.

דער טריבונאַל באַשליסט אַרויסצורופן דעם חתן באַזונדער און די כלה באַזונדער. די כלה טענהט אַז דער חתן האָט זי אויפגעהערט צו רופן טעלעפאָניש, ווי ער פלעגט דאָס פריִער טאָן. ער האָט געמאַכט אַ ויברח אין אַ צווייט שטעטל. זי האָט אַ פאַרדאַכט אַז ער האָט זי שוין נישט ליב, ער אַרבעט ווייניק אאז"וו. דער חתן טענהט אַז די כלה טוט נאָר וואָס די עלטערן אירע הייסן איר. ער האָט געוואָלט אויספרווון איר ליבע, איז ער טאַקע אַוועקגעפאָרן, אָבער געקומען צוריק. ער האָט חרטה, ער זאָגט צו אַז ער וועט שוין זיין וווּל און גוט. דער טריבונאַל איבערצייגט זיך נאָך אַמאָל אַז עס זענען נישט פאַראַן קיין וויכטיקע סיבות צונישט צו מאַכן דעם שידוך. מען רעדט מיט דעם חתן באַזונדער און מיט דער כלה באַזונדער און מען דערווייזט זיי די נאַרישקייטן פון זייער קריגעריי.

נאָך שווערע באַמיִונגען איז געוואָרן שלום סיי צווישן די מחותנים און סיי צווישן חתן־כלה. עס איז געשטעלט געוואָרן אַ חופה. חתן־כלה געפינען זיך איצט אין ישראל און זיי לעבן גליקלעך.

## אַ קאָמערציעלער סיכסוך

צוויי גוטע פריינד האָבן געאַרבעט בשותפות, ביי גראָבונגען, ביי געביידע־צעוואַרפונג אד"גל. די הכנסות זענען געווען קליינע. זיי האָבן צעזייט פּובליציטעט־קאַרטלעך וועגן זייער

אונטערנעמונג, ווו זיי האָבן נאָר געקענט .די רעזולטאַטן — שוואַכע. האָבן זיי באַשלאָסן זיך צו שיידן. עס איז געשריבן געוואָרן אַן אָפּמאַך, אַז זיי צעגייען זיך. דער אָפּמאַך איז געמאַכט געוואָרן רעטראָאַקטיוו מיט אַ חודש פון דער דאַטע ווען זיי צעשיידן זיך. זיי דאַרפן נאָר פאַר־ענדיקן אָנגעהויבענע אַרבעטן. דער הסכם איז אונטערגעשריבן געוואָרן פון ביידע צדדים.

אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי זיי זענען זיך צעגאַנגען, האָט דער צד התובע זיך דערוווּסט אַז דער געוועזענער שותף פאַרדינט שווערע הונדערטער טויזנטער פעזאָס. איז ער געקומען צו דער בוררות־קאָמיסיע מיט דער טענה צו זיין געוועזענעם שותף אַז יענער האָט אָנגענומען די באַשטעלונג ביי דעם קליענט ווען זיי זענען נאָך געווען שותפים, דריבער פאָדערט ער כך וכך. דער צד הנתבע ווייזט דעם אונטערגעשרימענעם אָפּמאַך, וועגן דער צעשיידונג, ווו עס ווערט באַטאָנט אַז דאָס צעשיידן זיך איז רעטראָאַקטיוו אויף אַ חודש, אין דאָזיקן חודש איז טאַקע געקומען צו אים דער דאָזיקער קליענט. ער שטרייכט אויך אונטער אַז ער האָט דעם צד התובע אויסגעצאָלט ביזן לעצטן סענט.

דער צד התובע טענהט אַז די דאָזיקע באַמערקונג „רעטראָאַקטיוו מיט אַ חודש" איז גע־שריבן געוואָרן במחשבה תחילה. דער נתבע ענטפערט דערויף אַז דער אָפּמאַך איז געווען אין באַזיץ פון דעם תובע אַ פּאָר וואָכן, עס הייסט אַז ער האָט זיך גוט באַקלערט וואָס ער האָט אונטערגעשריבן.

דער טריבונאַל געפינט זיך אין אַ פאַרלעגנהייט, אַרויסטראָגן אַן אורטייל איז שווער. עס איז פאַראַן אַן אונטערגעשריבענער אָפּמאַך, לויט וועלכן דער תובע האָט נישט קיין רעכט צו פאָדערן, בעסער געזאָגט, דער נתבע איז נישט פאַרפליכטעט צו באַצאָלן.

דער טריבונאַל אַפּעלירט צום נתבע: היות עס האַנדלט זיך וועגן אַ גוטן פריינד און אין דער פאָדערונג פון תובע איז דאָך דאָ „עפּעס" און אַפילו ווען לויט דעם אָפּמאַך איז ער הונ־דערט פּראָצענט גערעכט, קען דאָך זיין אַ פאַרדאַכט און אַן אָפענע טיר צו חושד זיין, דאַרף ער האַנדלען מיט יושר, לפנים משורת הדין.

מען דערקלערט אים „פּטור בלא כלום אי אפשר", זאָל ער כאָטש פאָרלייגן אַ סומע. ער ענטפערט: אין פּרינציפּ דאַרף דער טריבונאַל באַשטימען צי ער איז שולדיק צי נישט; דער ענין געלט איז אַ באַזונדערע זאַך.

זאָגן אים אַז ער איז שולדיק, קען מען נישט, לאָזן אים אינגאַנצן פריי קען מען אויך נישט. עס איז פאַראַן אַ מאָראַלישע באַזע פאַר אַזאַ האַנדלונג. דער תובע, אַן אָרעמאַן, וואָס גרייט זיך צו פאָרן קיין ישראל, טענהט: „אויב דער טריבונאַל האָט דעם מינדסטן פאַרדאַכט אַז ער איז נישט גערעכט, וויל ער גאָרנישט". — ווערט ווידער שווער דער ענין. עס האַנדלט זיך וועגן צוויי אָרנטלעכע מענטשן וואָס פאָדערן גערעכטיקייט. מען רעדט מיט די צדדים באַזונדער. עס ווערט פאַרגעלייגט זיי זאָלן אונטערהאַנדלען צווישן זיך. מען לייגט אָפּ די זיצונג, די געמיטער זאָלן ווערן אַביסל קילער — מען רופט זיי ווידער אַמאָל אַרויס. מען רעדט ווייטער אַליין מיטן נתבע, און מען הייבט שוין אָן צו קומען אויף אַ דרך. עס ווערט פעסטגע־שטעלט: „דאָס צאָלן הייסט נישט אַז ער איז שולדיק", אָבער דאָך... די צדדים רעדן ווידער צווישן זיך און ענדלעך קומט מען צו אַ פּשרה: אָפיציעל הייסט עס: דער טריבונאַל שטעלט פעסט אַז דער נתבע איז נישט שולדיק און עס ווערט נישט געצווייפלט אין זיין אָרנטלעכקייט, און נעמענדיק אין אַכט די באַוויזן וואָס זענען געבראַכט געוואָרן, זאָגט זיך דער תובע אָפּ פון יעטוועדע פאָדערונג.

אומאָפיציעל האָט דער נתבע באַצאָלט דעם תובע אַ גרעסערע סומע.

און דער לעצטער איז טאַקע געפאָרן קיין ישראל.

ביידע צדדים זענען געווען צופרידן און האָבן אַלס אָנערקענונג זיך בייגעשטייערט פאַר דער סאָציאַלער הילף־אָפּטיילונג פון דער קהילה.

# דירות־פּראָבלעמען

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ „קאָנסאָרסיאָ״ צווישן 7 מענטשן. — מען האָט באַשלאָסן צו בייען. מען טרעט צו צו דער אַרבעט, אָבער זי קומט אָן מיט גרויסע שוועריקייטן, מחמת רייסערייען צווישן די קאָנסאָרסיסטן.

זיי זענען הינטערשטעליק מיט די צאָלונגען, נישט ח״ו ווייל זיי האָבן נישט צו באַצאָלן, נאָר ווייל עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט אַז איינער וויל אַריינכאַפּן ביים צווייטן. עס זענען געשאַפן געוואָרן פאַרשידענע גרופּעס צווישן זיי. געגנוי 3. — מען האָט זיך געסיכסוכט. דער וויל נישט צאָלן פאַר דעם פּאָרטעראָ, ווייל ער האָט בעסער אָפּגערייניקט דעם קאָטש פון דעם שכן; דער צאָלט נישט פאַרן עלעקטרישן ליכט, ווייל דער אַסענסאָר אַרבעט נישט. דער צאָלט נישט קיין שטייערן ווייל דער צווייטער האָט נאָך אויך נישט געצאָלט אאַז״וו. דער ענין איז דערגאַנגען צו דער בוררות־קאָמיסיע, וועלכע האָט געהאַט אַ שווערע אַרבעט.

דער טריבונאַל האָט פאַרשטאַנען אַז ראשית כל דאַרפן זיך אַלע גלייכשטעלן מיט די צאָלונגען; האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַן ענין: דער טענהט, אַז ער האָט געצאָלט כך וכך; דער צווייטער לייקנט עס אָפּ; אַ דריטער זאָגט, אַז די חשבונות שטימען נישט, ווייל דער קאָנטאַדאָר טויג נישט אאַז״וו. הכלל, דער טריבונאַל פאָדערט אַלע „פאַקטוראַס״, און צייגענישן, כדי די חשבונות־אָפּטיילונג פון דער קהילה זאָל מאַכן אַ גענויע רעוויזיע און אַרויסברענגען אַ קלאָרן חשבון. ווייטער טענות: דער האָט געצאָלט, אָבער מען האָט אים נישט געגעבן קיין קבלה; אַ צווייטער נעמט אַרויס אַ ביכל טשעקן און ווייזט אויף אַז ער האָט געצאָלט, אָבער וועמען ווייס ער נישט. דער טריבונאַל זאָל אויספאָרשן. מען האָט פשוט נישט געקענט אַרויסקריכן פון דעם פּלאָנטער.

צווישנצייט זענען אונטערגעקומען חובות פאַר „אימפּאָזיטיוואָ״, נישטאָ קיין חכמות — מען מוז צאָלן. דער טריבונאַל אינטערווענירט און שיקט אַ מענטשן און דער ענין ווערט דער־ליידיקט, אַזוי אַרום ווערט אויסגעמיטן זיי זאָלן צאָלן שווערע טויזנטער שטראָף.

נאָכדעם קומען ווידער מחלוקת. עס איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איינער פון זיי האָט געמוזט גיין אין תפיסה. מיט שוועריקייטן איז ער שפּעטער אַרויס.

ביסלעכוויז און אַ דאַנק דער אומדערמידלעכער טעטיקייט און דעם געדולד פון דעם טריבונאַל איז געלונגען צו באַרויִקן די געמיטער און צו פאַרקלענערן די שפּאַנונג אַרום דעם דאָזיקן ענין. דער טריבונאַל קלערט אויף די צדדים, אַז אינגאַנצן גייט עס אין אַ קלייניקייט. די דעפּאַרטאַמענטן וואָס זייער פּאַקטישער פּרייז איז מיליאָנען פּעזעס האָט זיי געקאָסט אַרום 400.000 פּעזעס און אַנדערע ווייניקער און ביי אַזאַ סכום וואָס פאַר אַ ווערט האָבן אַ פּאָר פּע־זעס מערער אָדער ווייניקער? און אויסער דעם, צי דען ברענגט עס כבוד דער יידישער געזעל־שאַפט ווען גוייִשע שכנים טייטלען מיט די פינגער אויף דעם וואָס עס טוט זיך ביי זיבן יידן? מיט שוועריקייטן איז דעם קהילה־געריכט געלונגען זיי זאָלן איינלייגן די געלטער וואָס זיי זענען שולדיק און דער טריבונאַל וועט באַצאָלן די בעלי־חובות. ווידער אַמאָל סיכסוכים, מען אייניקט זיך נישט מיט די מיינונגען, זויפל עס קומט דעם אָדער יענעם, עס ווערט פאַרופן נאָך אַ זיצונג און עס ווערן גענוי פעסטגעשטעלט די חובות פון קאָנסאָרסיאָ. אַ צווייטער ענין וואָס האָלט שוין ביי דערליידיקט ווערן איז וואָס שייך „סובדיוויסיאָן״. עס איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף ווער זאָל עס מאַכן, דער עסקריבאַנאָ אָדער אַ צווייטער. ענדלעך קומט מען צו אַ הסכם אויך בנוגע דעם פּונקט. אַזוי אַרום איז דערליידיקט געוואָרן נאָך אַן ענין וואָס האָט זיך געצויגן אַ פּאָר יאָר און עס איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ יורידישע אינטערוועַנץ.

# פאַמיליע־סיכסוך

מאַן און ווייב האָבן באַשלאָסן זיך צו גטן. ער איז שוין איר צווייטער מאַן. פון דעם ערשטן האָט זי געהאַט אַ זון וואָס איז איצט אַלט עטלעכע און צוואַנציק יאָר. איידער מען גט־

זיך, ווייל מען דערליידיקן דעם ענין דעפּאַרטאַמענט, דאָס הייסט: ווער עס זאָל מיט אים בלייבן.

די קבלות זענען אויפן נאָמען פון מאַן. דער מאַן פאָדערט דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר זיך און די פרוי פאַר זיך.

דער טריבונאַל קומט צום באַשלוס אַז דער דעפּאַרטאַמענט דאַרף בלייבן פאַר דער פרוי מיט איר זון. דער מאַן וועט זיך שוין אַן עצה געבן (אַ סברה אַז ער האָט שוין געהאַט צוגעגרייט אַ צווייט ווייב מיט אַ דעפּאַרטאַמענט).

דער מאַן פאָדערט פאַר דעם דעפּאַרטאַמענט כך וכך, די פרוי וויל נישט געבן, זיי צע־ווערטלען זיך און מען הייבט זיך אָן צו טאָן אויף להכעיס. דער טריבונאַל נעמט אָן אַ שטרענגע שטעלונג און עס ווערט נאָך שווערע באַמיִונגען פעסטגעשטעלט, אַז די פרוי וועט געבן איר מאַן פאַר דעם דעפּאַרטאַמענט די סומע פון 20 טויזנט פעזעס, וועלכע זי מוז איינלייגן אין דער קהילה. דער מאַן דאַרף פועלן ביי דעם בעל־הבית ער זאָל געבן אַ קבלה אויף זיין ווייבס נאָ־מען און מאַכן אַ נייעם קאָנטראַקט וועלכער זאָל זיין אַ פאַרזעצונג פון דעם ערשטן, כדי זי זאָל קענען געניסן פון די פריִערדיקע וווינונגס־געזעצן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די פרוי וועט מוזן געבן אַ הוספה אויף דעם שכר־דירה, נאָכדעם ווען עס וועט דערליידיקט ווערן דער ענין וועט זיי געגעבן ווערן אַ גט אין ראַבינאַט.

ס'איז קלאָר, אַז דורכקומען מיט אַ בעל־הבית, וועלכער קען פּטור ווערן פון אַ שכן, איז נישט קיין לייכטער ענין און בפרט ווען דער בעל־הבית איז נישט קיין ייִד וועלכן מ'קען נישט צווינגען צו קומען אין דער קהילה ווען ער וויל נישט.

דער מאַן האָט גערעדט מיטן בעל־הבית, ער איז מסכים צו געבן אַ נייע קבלה און מאַכן אַ נייעם קאָנטראַקט (אַפילו אַ פאַרזעצונג פון דעם ערשטן), אָבער די פרוי מוז העכערן איר דירה־געלט פון 400 פעזעס אויף 1.000 פעזעס. אייגנטלעך האָט דער באַלעבאָס נישט געפאָ־דערט קיין איבערגעטריבענע סומע, אָבער די פרוי וויל נישט צאָלן מער ווי 600 פעזעס. מען רעדט צו איר איינמאָל און נאָכאַמאָל, זי איז האַרטער פון שטיין, מער ווי 600 פעזעס גיט זי נישט, אַפילו ווען דער גאַנצער ענין ווערט צונישט.

דער פּרעזידענט פון טריבונאַל האָט אַרויסגערופן דעם באַלעבאָס, וועלכער איז געקו־מען אין דער קהילה. גראָד איז עס געווען אַן איידעלער מענטש, וועלכער האָט אויסגע־דריקט אָנערקענונג פאַר די קהילה־טעטיקייטן וואָס זענען אים באַקאַנט דורך די פאַרשידענע מאַטעריאַלן אין שפּאַניש וואָס ער האָט געלייענט און דורך זיין קאָנטאַקט מיט ייִדן. ער פרעגט מיט רעכט: וואָס זענען היינט 1.000 פעזעס אַ חודש דירה־געלט פון אַ דעפּאַרטאַמענט און בפרט ווען ער האָט אַזאַ געלעגנהייט צו העכערן דאָס דירה־געלט אויף פיל מערער? אַוודאי איז ער גערעכט. אָבער די פרוי רירט זיך נישט פון אָרט, מער ווי 600 פעזעס וויל זי נישט געבן. פּלוצים רופט אויס דער באַלעבאָס, אַז מחמת רעספּעקט פאַר דער קהילה גיט ער נאָך די פאָדערונג פון דער פרוי און איז גרייט צו נעמען 600 פעזעס מאָנאַטלעך.

דאָס איז נאָך אַ באַווייז וועגן דער ווירקונג פון דעם טריבונאַל און דעם דרך־ארץ וואָס ער רופט אַרויס אַפילו ביי נישט־ייִדן.



א. א. פישער

# די אַרבעט פון דער בוררות־קאָמיסיע

עס איז פאַראַן אַ נייגונג ביי ייִדישע מענטשן נישט צו גיין מיט זייערע סיכסוכים צו די אָפיציעלע (געוויינטלעך נישט־ייִדישע) געריכטן. נאָר זיי צו דערליידיקן אין אַ פריוואַטן בוררות־געריכט פון דריי (אין וועלכן יעדער צד באַשטימט איין בורר און די ביידע באַשטימען אַ דריטן, אַ שליש), אָדער אין אַן אַרביטראַזש־קאָמיסיע פון אַ ייִדישער אינסטיטוציע. דאָס הייסט אַז אין ביידע פאַלן בלייבט דער ענין צווישן אייגענע. אויף אָט דער ייִדישער נייגונג באַזירט זיך אויך די עקזיסטענץ און טעטיקייט פון דער בוררות־ אָדער אַרביטראַזש־קאָמיסיע ביי דער בוענאָס־איירעסער קהילה. שוין באַלד נאָך איר גרינדונג האָט די חברה־קדישא אשכנזי (אונדזער היינטיקע קהילה) געמוזט דורכפירן בוררותן און דאָס איז טאַקע געווען איינע פון אירע ערשטע טעטיקייטן, אויסער דעם ברענגען די ייִדישע מתים צו קבר־ישראל. אין אָנפאַנג האָט זיך פאַרנומען מיט דעם די גאַנצע פאַרוואַלטונג, אָבער שפעטער איז געשאַפן געוואָרן אַ ספעציעלע פערמאַנענטע קאָמיסיע פאַר דעם צוועק און אויך אַ רעגלאַמענט פאַר אירע טעטיקייטן. כאָטש דער אַרביטראַזש איז, ווי מען זעט, איינע פון די עלטסטע און אויך וויכטיקסטע טעטיקייטן פון אונדזער היגער קהילה, איז בדרך־כלל גאָר ווייניק באַקאַנט וועגן דעם אין דער עפנטלעכקייט. דעריבער איז נייטיק צו אינפאָרמירן עטוואָס אויספירלעכער וועגן אָט־דער בוררות־קאָמיסיע און אירע אַרבעטן.

דער צוועק פון דער בוררות־קאָמיסיע איז צו פאַרמיטלען אין סיכסוכים צווישן מיטגלידער פון דער קהילה, בפירוש און אויסדריקלעך נאָר צווישן מיטגלידער, אין די פאַלן ווען ביידע צדדים ווילן זיך פרייוויליק פאַרלאָזן אויף דער קאָמיסיע. אויב די פאַראינטערעסירטע זיינען נישט קיין מיטגלידער, מוזן זיי דאָס ווערן איידער זייער ענין קען אויפגענומען ווערן. אויפן ערשטן בליק קען דאָס אויסזען ווי ענגהאַרציקייט, צוואַנג, אָדער יאָגן זיך נאָך דער קינסטלעכער אויסברייטערונג פון דער מיטגלידערשאַפט, אָבער אין תוך איז עס אויף קיין פאַל נישט אַזוי. די סיבה איז פשוט די, וואָס אויב די אינסטיטוציע זאָל מעגן און קענען לעגאַל דינען די צדדים, מוזן זיי לויטן סטאַטוט זיין אירע מיטגלידער און זי דאַרף קענען אָנווענדן קעגן זיי אין אַ נויטפאַל, ווען זיי ווילן שפעטער נישט אָננעמען דעם פסק־דין, דיסציפּלינאַרע און אַפילו פינאַנציעלע שטראָפמיטלען. צום גליק טרעפט זיך עס זייער זעלטן, אַז די צדדים זאָלן זיך נישט וועלן אונטערוואַרפן דעם פסק־דין פון דער בוררות־קאָמיסיע, צו וועלכער זיי האָבן זיך דאָך פריִער אַליין געהאַט געווענדעט פרייוויליק.

די זיצונגען פון דער אַרביטראַזש־קאָמיסיע קומען פאָר זייער רעגלמעסיק צוויי מאָל וועכנטלעך און אירע מיטגלידער פעלן ביי זיי זייער זעלטן. אין אַלגעמיין דערפילן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע זייערע פליכטן גאָר געוויסנהאַפט און פינקטלעך. איידער אַ געוויסער ענין ווערט אויפגענומען, מוזן די פאַראינטערעסירטע באַשטעטיקן מיט זייערע חתימות, אַז זיי וואַרפן זיך אונטער דעם אויטאָריטעט און דעם פסק־דין פון דער קאָמיסיע און זיי וועלן פולשטענדיק דורכפירן און נאָכקומען אַלץ וואָס עס וועט זיך פאָדערן צוליב דעם משפט. אין פאַלן ווען דאָס איז נייטיק און צוועקמעסיק, ווערט אויך געפאָדערט די פאַראינטערעסירטע זאָלן אַלס גאַראַנטיע איינלייגן אַ געוויסן געלט־סכום. ערשט נאָכדעם הייבן זיך אָן די פאַרהאַנדלונ־

גען און עס ווערן אויספירלעך אויסגעהערט די טענות פוןביידע צדדים און געמאַכט די נייי־טיקע אויספאָרשונגען אין די פאַלן ווען עס איז נייטיק די אינטערווענץ פון אַ פּראָפעסיאָנעלן בוכהאַלטער, אָפּשאַצער, קאָמערציעלן עקספּערט, אָדער אַנדערן פאַכמאַן אויף צו קאָנטראָלירן געשעפט־ביכער, אָפּשאַצן אייגנטומס, אויסצודריקן עפּעס אַן אַנדערע פאַכמענישע מיינונג אאַז״וו, דעמאָלט דאַרפן ביידע פאַראינטערעסירטע צדדים דעקן די הוצאות, וואָס ווערן דורך אַזעלכע אַקטואַציעס פאַראורזאַכט.

נאָכן אויסהערן די טענות און מאַכן די נייטיקע אויספאָרשונגען און אונטערזוכונגען, ווערן די צדדים אויפגעפאָדערט זיך גוטוויליק און פריינטלעך אויסצוגלייכן. אָט־דער מעטאָד האָט געוויינטלעך דערפאָלג און מיט דער הילף פון די בוררים קומט מען אָפּטמאָל דורך צווישן זיך, נישט דאַרפנדיק אָנקומען צו אַן אַרויסגעצוווּנגענעם פּסק־דין. אין דעם פאַל ווערן די סיכסוכים



ראש־הקהל ד״ר טוביה קאַמענשיין רעדט ביים איבערנעמען די אַמטן פון דער נייער קהילה־לייטונג, יאָר 1960.

דערליידיקט זייער שנעל, נישט זעלטן אויף איין איינציקער זיצונג פון דער קאָמיסיע. ווען עס געלינגט אָבער נישט צו איבערצייגן די פאַראינטערעסירטע זיי זאָלן זיך אויסגלייכן, דעמאָלט פאַרציִען זיך געוויסע ענינים היפש לאַנג, אַמאָל אַ גאַנץ יאָר און אַפילו לענגער.

אין משך פון די לעצטע זעקסטהאַלבן יאָר האָט די בוררות־קאָמיסיע פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה באַהאַנדלט דורכשניטלעך עפּעס וויניקער פון 125 פאַלן אַ יאָר. אָט־די גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל פאַלן באַווייזט, אַז די קאָמיסיע האָט זיך דערוואָרבן אַ גאַנץ חשובע פּאָזיציע צווישן די מיטגלידער פון דער קהילה און זיי רעספּעקטירן זי און שענקען איר אויך פיל צוטרוי. נאַטירלעך, איז דאָס אַ פועל־יוצא פון איר אַבסאָלוט יושרדיקער, טיכטיקער און אחד־דיותפולער אַקטואַציע. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון דעם בוררות־טריבונאַל פון דער קהילה זיינען שוין אויסגעמיטן געוואָרן פיל אומאַנגענעמע סיכסוכים, וועלכע וואָלטן זיכער נישט פאַרשאַפט קיין כבוד דעם נאָמען פון אונדזער יידישער געזעלשאַפט, ווען זיי וואָלטן דערגאַנגען

צו די אָפיציעלע מלוכהשע געריכטן. אגב, ווייסן אַ סך ריכטער וועגן דער עקזיסטענץ פון אונדזער בוררות־קאָמיסיע, וועמענס טעטיקייט זיי שאַצן הויך אָפּ און אַמאָל רעקאָמענדירן זיי אויך געוויסע פּראָצעס־צדדים זיי זאָלן גיין צו איר און איינגיין אויף אַ פּאַרגלייך.

די פאַרמיטלונג פון דער אַרביטראַזש־קאָמיסיע ווערט געוויינטלעך אָנגעווענדט אין אַזעלכע סיכסוכים ווו עס זיינען נישט פאַראַן קיין אונטערגעשריבענע התחייבותן צווישן די צדדים און די תביעות שטיצן זיך בלויז אויף אַ געגעבן וואָרט, אויף אַ צוזאָג אַאַז״וו און עס ווערט געפאָדערט מענטשלעכקייט און יושר. ווי ווייט מעגלעך ווערט דערביי אָנגעווענדט דער לפנים משורת הדין. עס ווערט אויסגעאַיבט אַ דרוק אויפן שטאַרקערן צד ער זאָל מטיב זיין און נאָכגעבן דעם שוואַכערן, אָבער דערביי דערוווייטערט מען זיך זעלבסטפאַרשטענדלעך בשום אופן קיינמאָל נישט פון דער גערעכטיקייט און פון דעם יושר. דאָס צופרידנשטעלנדיקסטע פאַר אַלעמען איז, ווי שוין אויבן געזאָגט, ווען עס קען דערגרייכט ווערן אַ פריינטלעכער אויסגלייך. בדרך־כלל איז די אינטערווענץ פון דער בוררות־קאָמיסיע פריי פון יעטוועדן אָפּצאָל פון דעסטוועגן ווערן די צדדים, נאָכן דערליידיקן פון זייער ענין, אויפגעפאָדערט זיך פרייוויליק צו באַשטייערן פאַר די צוועקן פון דער סאָלידאַרישער הילף, דאָס הייסט פאַר צדקה־צוועקן פון דער קהילה, און געוויינטלעך זאָגט זיך קיינער נישט אָפּ ווירדיק נאָכצוקומען אָט־די פאָדערונג פון דער קאָמיסיע.

די ענינים וואָס עס קומט אויס דער קאָמיסיע צו באַהאַנדלען, זיינען גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקע, אָבער מען קען זיי גרופירן אין זעקס קאַטעגאָריעס, וועלכע קענען אָבער דאָך נישט גאָר שטרענג אָפּגעגרענעצט ווערן איינע פון דער אַנדערער. די קאַטעגאָריעס, אָדער גרופּן, זיינען פאָלגנדיקע: א) קאָמערציעלע אָנגעלעגנהייטן; ב) פאַמיליאַרע ענינים; ג) וווינונג־סיכסוכים; ד) געזעלשאַפטלעכע דיפערענצן; ה) אַרבעטס־קאָנפליקטן און ו) פאַרשיידענע ענינים. ווי געזאָגט, איז עס זייער שווער אָפּצוגרענעצן פולשטענדיק אין איין גרופּע ענינים פון דער אַנדערער. אָט־אַזוי קענען, למשל, די פאַמיליאַרע ענינים אָפטמאָל זיין גלייכצייטיק פאַרבונדן מיט פינאַנציעלע דיפערענצן, מיט וווינונג־סיכסוכים, מיט ירושות און אַפילו מיט שותפות־געשעפטן. די געזעלשאַפטלעכע סיכסוכים קענען טראָגן אויסשליסלעך אַן ערן־כאַראַקטער, אָבער זיי קענען אויך זיין פאַרבונדן מיט געוויסע געלט־ענינים. אויך די אַרבעטס־קאָנפליקטן קענען זיין פאַרמישט מיט פאַמיליאַרע און געלט־ענינים. דעריבער איז די טעטיקייט פון דער אַרביטראַזש־קאָמיסיע זייער אַ דעליקאַטע און זי פאָדערט פון אירע מיטגלידער אַ סך שכל־הישר, מענטשנקענטעניש און טאַקט.

דאָ וויי טער ברענגען מיר אַ טאַבעלע וועגן דער טעטיקייט פון דער בוררות־קאָמיסיע פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה, וועלכע נעמט אַרום די לעצטע זעקסטהאַלבן יאָר:

| יאָר | טאָטאַלע צאָל פון די ענינים | קאָמערצ׳ אין % | פאַמיל׳ אין % | וווינונג־ אין % | געזעלש׳ אין % | אַרבעט אין % | פאַרשיד׳ אין % | טאָטאַל אין % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1957 | 121 | 45 | 35 | 5 | 5 | 2 | 8 | 100 |
| 1958 | 113 | 52 | 28 | 8 | 4 | 5 | 3 | 100 |
| 1959 | 116 | 55 | 23 | 6 | 4 | 7 | 5 | 100 |
| 1960 | 119 | 58 | 17 | 9 | 6 | 4 | 6 | 100 |
| 1961 | 110 | 63 | 12 | 5 | 4 | 10 | 6 | 100 |
| 1962 (האַלב) | 106 | 65 | 15 | 5 | 3 | 8 | 4 | 100 |

די אַלגעמיינע צאָל באַהאַנדלטע ענינים איז מער־ווייניקער דיזעלבע פון יאָר צו יאָר און בלויז אין דער ערשטער העלפט פון 1962 באַטרעפט זי כמעט אַזויפיל וויפל זי האָט באַ־

טראָפּן פריער אין משך פון אַ גאַנץ יאָר. אָט־דער שפּרונג קומט אויס אַביסל מאָדנע, אָבער אפשר קען מען אים דערקלערן מיט דער דעוואַלאָריזאַציע פון דער פּעזע און מיט דעם שאַרפן עקאָנאָמישן קריזיס נאָך די וואַלן פון סוף מערץ 1962. אַלס פּועל־יוצא פון אָט־די דערשיי־נונגען איז מעגלעך, אַז עס איז פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל פון די סיכסוכים, קודם־כל פון די קאָמערציעלע, ווי עס ווייזט עס טאַקע אָן די געבראַכטע טאַבעלע.

די גרעסטע צאָל פון די באַהאַנדלטע ענינים האָט שטענדיק באַלאַנגט צו דער קאָמערציעלער קאַטעגאָריע און זי האָט געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן זיך, ביז זי איז אויסגעוואַקסן פון ווייניקער ווי אַ העלפט אין יאָר 1957 ביז כמעט צוויי־דריטל אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1962. דאַקעגן איז די צווייט־גרעסטע קאַטעגאָריע פון די פאַמיליאַרע ענינים צווישן 1957 און האַלב 1962 פאַרמינערט געוואָרן אויף מער פון אַ העלפט. עס האַלטן זיך אין איין שטאַנד פון יאָר צו יאָר, יעדנפאַלס ווייזן זיי נישט אַרויס קיין בולטע טענדענץ צו שטייגן אָדער צו פאַלן, די רובריקן פון וווינונגס־ענינים, געזעלשאַפטלעכע סיכסוכים און פאַרשיידענע קאָנ־פליקטן. בלויז די קאַטעגאָריע פון אַרבעטס־ענינים ווייזט אַרויס אַ געוויסע, כאָטש נישט־רעג־גולערע טענדענץ זיך צו פאַרגרעסערן, נישט קוקנדיק דערויף וואָס בדרך־כלל פאַרקלענערט זיך יוואַרשיינלעך יעדעס מאָל מער דער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין בוענאָס־איירעס, וועלכע לעבט פון אַ לוין וואָס ער באַקומט פאַר אַרבעט ביי אַן אַנדערן.

אפשר לאָזט זיך עפּעס אָפּלערנען פון די אויבן־ציטירטע ציפערן. קודם־כל באַשטעטיקט די רעלאַטיוו גרויסע צאָל פון קאָמערציעלע סיכסוכים, אַז אין אונדזער ישוב פאַרנעמען וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסערן פּלאַץ די קרייזן פון סוחרים און אינדוסטריאַלן. דאָס קען אויך הייסן, אַז אונדזער ישוב האַלט זיך אין איין פאַרפעסטיקן עקאָנאָמיש. דאָס שטענדיקע פאַלן, און אין גאַנץ אָנזעעוודיקער מאָס, פון דער צאָל פון די פאַמיליאַרע סיכסוכים באַווייזט אפשר, אַז פאַמיליע־לעבן ווערט ביי אונדז וואָס ווייטער אַלץ סאָלידער, געזעצטער און איינגעפונדעוועט־טער, ווייל מיר פאַרלירן אַלץ מער דעם כאַראַקטער פון אַן עמיגראַנטישן ישוב. אין אַלגעמיין געמען קען באַהויפּט ווערן, אַז אונדזער בוענאָס־איירעסער אשכנזישער ישוב איז אַ רוי־קער און פרידלעכער, אויב עס זיינען צווישן לערך פופציק טויזנט מיטגלידער פון דער קהילה פאַראַן דורכן יאָר בלויז וואָסערע 120 פאַלן פון סיכסוכים צו באַהאַנדלען אין איר בוררות־קאָמיסיע און אויב די פאַמיליאַרע סיכסוכים, די וווינונגס־קאָנפליקטן, די אַרבעטס־דיפערענצן, דער עיקר אָבער די געזעלשאַפטלעכע שטרייטיקייטן, זיינען אַזוי פאַרשווינדנדיק קליין אין צאָלצאָל, זאָל דאָס באַדייטן, אַז דער יצר־הרע צו קהלשע מחלוקתלעך, וועלכער האָט אונדז אַמאָל באַהערשט אין אַזאַ גרויסער מאָס, איז ביי אונדז כמעט אויסגעוועפּט געוואָרן, אָדער אויסגעג־יוואָרצלט געוואָרן, אין משך פון די לעצטע יאָרן אין אָט־דעם נייעם ישוב און אויף אָט־דער נייער אַמעריקאַנער ערד?



ב. שטולבאַך

# די קהילה פון בוענאָס איירעס און אירע טעטיקייטן אויפן רעליגיעזן געביט

אין דער געשיכטע פון די קהילות געפינט מען, אַז רבנים, פרנסים און געמיינדע־פירערס האָבן אין אַלע צייטן געשאָנקען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט דער אָרגאַניזירונג פונעם רעליגיעזן לעבן.

די אַמאָליקע קהילות האָבן זיך טאַקע נישט באַגרענעצט בלויז מיט רעליגיעזע פונקציעס. די קהילות האָבן געזאָרגט — אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער מאָס — פאַר פילאַנטראָפּישע ענינים, פאַר דערציִונג, אד״גל. — לויט ווי עס האָבן דאָס געפאָדערט די לאָקאַלע באַדינגונגען, אָבער בראש פון די קהילה־אויפגאַבן איז געווען די זאָרג צו באַדינען די רעליגיעזע הצטרכותן פון קהל.

אויך די בוענאָס־איירעסער קהילה, וועלכע ווערט פאַררעכנט ווי די נאָכפאָלגערין פון די רומרייכע קהילות פון מיזרח־אייראָפּע, האָט נישט אָפּגענייגט פון דעם דאָזיקן וועג, נישט געקוקט וואָס אירע אויפגאַבע אויפן געביט פון חינוך, קולטור, שטיצע פאַר מדינת־ישראל, אאַז״וו זיינען היפּש געשטיגן.

אונדזער קהילה שענקט אין די לעצטע יאָרן אַ סך אויפמערקזאַמקייט די רעליגיעזע פּראָבלעמען פון אונדזער ישוב און באַמיט זיך זיי צו לייזן.

און אויף דעם געביט האָט מען צו פאַרצייכענען אַ ריי פּאָזיטיווע דערגרייכונגען. דאָס איז אַ דאַנק דעם, וואָס די טוערס פון דער קהילה, שאַצן אָפּ די פּאָזיטיווע זייטן פונעם לעבנס־ שטייגער וואָס איז באַזירט אויף די יסודות פון דער תורה־הקדושה.

האָט שוין דער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו ע״ה באַהויפּטעט אין זיין „אויטאָנאָמיע ביי ייִדן", אַז „וואָס מ׳זאָל נישט זאָגן וועגן די פעלערן פון דעם דאָזיקן אַמאָליקן (רעליגיעזן — ב. ש.) לעבנס־שטייגער, האָט ער אָבער אין זיך געהאַט אַ גרויסע מעלה — גאַנצקייט און קאָנטינויִטעט אין דער לעבנס־פירונג".

און אַ פאַקט איז, אַז דאָרט ווו דער דאָזיקער לעבנס־שטייגער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, איז אויך אָפּגעשוואַכט געוואָרן די גאַנצקייט און קאָנטינויִטעט פון די ישובים.

איידער מיר טרעטן צו צו געבן אַן איבערבליק איבער די אויפטוען פון דער קהילה אויפן רעליגיעזן געביט, לאָמיר געבן פריִער אַ רעטראָספּעקטיוון בליק ווי עס האָט אויסגעזען דאָס „ייִדישע" בוענאָס־איירעס מיט יאָרן צוריק, ד״ה ביים סוף פונעם פאָריקן יאָרהונדערט און ביים אָנהייב פונעם 20סטן יאָרהונדערט, וועלן מיר בעסער קענען אָפּשאַצן דאָס וואָס מיר פאַרמאָגן היינט צו טאָג.

ר׳ דוד גאָלדמאַן, אַ ייִד וואָס קען גוט דעם בראשית פונעם אַרגענטינער ייִדנטום, היות ער איז דאָ אָנגעקומען אַלס קינד, זאָגט אין זיין בוך „די ייִדן פון אַרגענטינע" (אַרויסגעגעבן אין 1914), אַז:

„ווען די רוסישע ייִדן זיינען אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס, האָבן זיי דאָ נישט געפונען קיין זכר פון בשר־כשר, קיין שפור פון קיין מיקווה און זיי האָבן אויך נישט געהאַט ווי ימים־נוראים אַ מנין צו מאַכן".

...„בוענאָס־איירעס איז אפשר די איינציקע ייִדישע גרויסע געמיינדע וואָס האָט נישט קיין אייגענע גרויסע שול. דאָס צייגט אונדז, אַז אַפילו דער עלטסטער און שטאַרקסטער באַנד וואָס פאַראייניקט די ייִדן אין דער גאַנצער וועלט איז ביי אונדז שוואַכער ווי ביי אַלע אַנדערע ייִדן".

און ווייטער זאָגט ד. ג.:

...„אין בוענאָס־איירעס האָט מען נישט געקענט אונטערשיידן דעם קבר פון אַ ייִד פון אַ קריסטלעכן קבר. אויף ביידע האָט זיך געהויבן דער צלם מיט זיין לענג און ברייט. קיין ייִדישע רעליגיעזע פאַראיינען, ווי „חברה נושאי המיטה", „חסד של אמת" האָבן נישט עקסיסטירט. קיין באַזונדערן פלאַץ צו באַווינען אַ טויטן איז דעמאָלט נישט געווען, פונקט ווי עס איז נישט געווען קיין מקום־מנוחה פאַר ייִדישע ביינער וואָס האָבן געמוזט אַרומבלאָנקען אויף קאַטוילישע בית־עלמינס".

און אויף צו דערגאַנצן דאָס בילד:

„בוענאָס־איירעס האָט געהאַט אַ „גראַן ראַבינאָ", וואָס האָט געהייראַט אַ קריסט־לעכע פרוי און געפירט די טאָכטער צו דער חתונה אין קלויסטער...".

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס „ייִדישע" בוענאָס־איירעס, איידער עס איז געקומען די גרויסע אימיגראַציע פון מיזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן און די איבערוואַנדערונג פון די ייִדישע קאָלאָניסטן אין דער גרויסער שטאָט.

צווישן די טויזנטער מיזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן וואָס האָבן דערגרייכט די ברעגעס פונעם לאַ־פּלאַטאַ טייך, אין די יאָרן פון צווישן דעם ערשטן און צווייטן וועלט־קריג, האָט זיך אויך געפונען אַ באַדייטנדיקער פּראָצענט וואָס האָט פון זיך נישט אַראָפּגעוואָרפן דעם טלית און תפי־לין און געבליבן טריי יענעם לעבנס־שטייגער וועלכער איז געווען אַזוי טייער און הייליק די פריִערדיקע דורות.

דער שווערער יאָך פון פּרנסה האָט געצוואונגען די דאָזיקע ייִדן צו פאַרנאַכלעסיקן אַזאַ וויכ־טיקן געביט ווי דאָס איז דער רעליגיעזער חינוך, וועלכער האָט ערשט אין די לעצטע יאָרן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען.

עס זיינען אין יענע יאָרן געווען בלויז אייניקע „חדרים", וועלכע האָבן פונקציאָנירט ביי אומפּאַסיקע באַדינגונגען אין שולן און מיט „צופעליקע" מלמדים. עס זיינען נישט געווען קיין שולעס, שוין אָפּגערעדט פון ישיבות, ווי די וואָס מיר פאַרמאָגן היינט צו טאָג.

בכלל איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס מיט דער מאַסן־איינוואַנדערונג קיין אַרגענ־טינע, זיינען נישט געקומען, ווי דאָס איז געשען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, רעליגיעזע מנהי־גים פון גרויסן קאַליבער, אָבער אויך די וועלטלעכע ייִדן האָבן אַזעלכע מנהיגים נישט געהאַט.

אין יענע יאָרן האָבן פרומע ייִדן געהאַט אויסצושטיין אַ קאַמף מיט די וועלכע האָבן באַקו־מען די איבערהאַנט אינעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס זיינען געווען די זעלביקע ייִדן וואָס ביים אימיגרירן קיין אַרגענטינע, האָבן זיי פאַרלוירן דעם גלויבן אין די אַלטע אמונות און שפּעטער זיך מייאש געווען אין די נייע. זיי האָבן זיך שפּעטער איבערצייגט, אַז די אַלטע אמונות זיינען נישט געווען אַזוי שלעכט און די נייע — נישט אַזוי גוט.

דאָך האָבן די פרומע ייִדן געשאַפן אַ ריזיק געזעלשאַפטלעך פאַרמעגן, ווי דאָס זיינען די

הונדערט בתי־כנסיות און בתי־מדרשים וואָס געפינען זיך אין דער הויפטשטאָט און אין גרויס בוענאָס־איירעס, עטלעכע ישיבות, אַ צאָל שולעס, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, אאַז״וו.

ווי זעט אָבער אויס היינט צו טאָג דאָס אָרגאַניזירטע יידישע לעבן, וואָס קאָנצענטרירט זיך בעיקר אַרום דער קהילה?

לאָמיר פאַר אַלעם אָנהייבן מיט דער



ערב יום כיפור לחיים. עס רעדט דער דעמאָלטיקער אב בית־דין הרב אביגדור ציפערשטיין (יאָר 1958).

## טעטיקייט פונעם ראַבינאַט

מ׳קען זיך קוים פאָרשטעלן ווי קאָמפליצירט און שווער עס איז די אַרבעט פון די צוויי רבנים: הרב הראשי ר׳ יעקב פינק* און הרב שמואל גליקסבערג, וואָס דאַרפן באַדינען אַזאַ גרויסע קהילה ווי אונדזערע, וועלכע נעמט אַרום ביי די 50.000 מיטגלידער כ״י. טאָג־טעגלעך ווערן באַהאַנדלט אומצאָליקע פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן, פראַגן פון חתונות, גיטין, כלערליי שאלות און בכלל ענינים וואָס האָבן אַ שייכות מיט די ספּעציפישע אויפגאַבעס פון אַ וועד־הרבנים.

אין משך פון פיל יאָרן האָבן פרומע יידן געהאַט תרעומות, הלמאי עס ווערט גאָר נישט געטאָן צו באַזייטיקן דעם כאַאָס וואָס עס האָט געהערשט אויפן רעליגיעזן געביט. עס זיינען געווען צייטן, ווען „כל הרוצה ליטול את ד׳ יבוא ויטול״, — יעדער איינער וואָס האָט געוואָלט שעכטן, האָט געשאָכטן און ווער עס האָט געוואָלט אַרויסהענגען אויף זיין יאַטקע אַ שילד „בשר־

* די אַרבעט איז געשריבן געוואָרן בעת הרב פינק איז נאָך געווען רב הראשי אין בוענאָס איירעס.

כשר", האָט ער געטאָן אומגעשטערט. עס איז נישט געווען קיין השגחה אין דעם זין. עס איז אָבער איצט געקומען אַ סוף צו דעם דאָזיקן אומהיימלעכן קאַפּיטל.

גלייך ווי הרב פינק איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב־הראשי, איז איינע פון זיינע ערשטע אויפגאַבן באַשטאַנען אין איינפירן אָרדענונג אויפן רעליגיעזן געביט. די דאָזיקע אויפגאַבע האָט אייגנטלעך שוין אָנגעהויבן דורכפירן הרב אביגדור ציפּערשטיין. קאָנקרעט, קען מען אָנ־ווייזן אַז אַ באַדייטנדיקע צאָל יאַטקעס האָבן זיך אונטערגעוואָרפן דער השגחה פונעם ראַבינאַט. היינט צו טאָג קען אַ ייִד עסן אַ שטיקל כשר פלייש מיט דער פולסטער זיכערקייט אַז אויף דעם פלייש איז נישט פאַראַן קיין שום חשש. עס פאַרשטייט זיך, אַז די השגחה נעמט אויך אַרום די שעכט־הייזער. אין דער דאָזיקער אַרבעט זיינען באַשעפטיקט קאַרגע 10 משגיחים, וועלכע ווערן אויסגעהאַלטן דורך דער קהילה.



די דערעפענונג פון דער ישיבה גבוה.

כדי צו באַגרייפן ווי נייטיק עס איז די דאָזיקע השגחה פאַר די ייִדן וואָס עסן כשר פלייש, איז כדאי אָנצוווייזן, אַז אין דער הויפּטשטאָט און גרויס בוענאָס־איירעס ווערן פאַרקויפט טעג־לעך 20.000 קילאָ כשר פלייש אַ חוץ עופות.

אין אַ שמועס וואָס מיר האָבן געהאַט מיטן רב־הראשי, האָט ער אונדז געזאָגט, אַז „די צאָל ייִדן וואָס געברויכן כשר פלייש איז גרעסער ווי מ'שטעלט זיך פאָר" און אַז „די השגחה אויף כשרות איז נישט פון די לייכטע אויפגאַבעס, בכל זאת, הייבט זיך אָן כשרות צו אָרגאַניזירן סיסטעמאַטיש און דער כאַאָס וועט פאַרשווינדן".

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער ראַבינאַט ווערט אונטערגעשטיצט אין דער דאָזיקער אַרבעט דורכן וועד לעניני הדת פון דער קהילה, וועלכער האָט פאָרגעלייגט אַ ריי וויכטיקע אי־ניציאַטיוועס.

אַזוי, צום ביישפּיל, האָט מען מיט העכער אַ יאָר צוריק איינגעפירט אַ רעגיסטער פאַר חופּה־וקידושין. אין וואָס באַשטייט דער דאָזיקער רעגיסטער?

ביז לעצטנס האָט אויך געהערשט אַ כאַאָס אויפן געביט פון מסדר־קידושין זיין. ווער עס האָט געוואָלט האָט דורכגעפירט חופּה־צערעמאָניעס אָן דעם געהעריקן קאָנטראָל פון אַ רבנישער אינסטאַנץ. עס זיינען אַזוי אַרום געווען פאַלן, ווען מ׳האָט מסדר־קידושין געווען יידן מיט נישט־יידן, אָדער אַ כהן מיט אַ גרושה, וואָס איז נישט דערלויבט על־פּי־דין.

היינט צו טאָג איז שווער אַז אַזעלכעס זאָל געשען, ווייל חזנים פירן אויס מיט אַחריות די דירעקטיוון פונעם ראַבינאַט און איידער מ׳גיט חופּה־וקידושין צייגט מען זיך איבער, ווער עס זיינען די עלטערן פון חתן־כלה.



רבנים און תלמידים פון דער ישיבה.

חוץ לזה האָט דער רעגיסטער די מעלה, וואָס די נייע פּאָרלעך ווערן אויטאָמאַטיש איינגעגלידערט אַלס מיטגלידער פון דער קהילה, רעאַליזירנדיק אַזוי אַרום אויף אַ פּראַקטישן אופן דעם לאַנג־יאָריקן ווונטש פון די קהילה־עסקנים צו מקרב זיין די יונגע משפּחות צו אונדזער געמיינדע. עס זיינען שוין אַזוי אַרום פאַררעגיסטרירט געוואָרן ביי די 2000 פּאָרלעך.

עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ מינהג, אַז די ניי־פאַררעגיסטרירטע פּאָרלעך ווערן אויפגענומען ביי אַ צערעמאָניע אין דער קהילה, ביי וועלכער הרב פינק און אָנפירער פון דער געמיינדע קלערן זיי אויף דעם מהות פונעם יידישן פאַמיליען־לעבן און מ׳גיט זיי איבער ביי דער געלעגנהייט, אַלס אָנדענק, אַ בוך וועגן יידישע דינים און מניהגים.

עס איז דעם ראַבינאַט אויך געלונגען צו אָרגאַניזירן אַ ראַט פון שולן, אין וועלכן עס זיינען פאַרטראָטן כמעט אַלע בתי־כנסיות פון דער שטאָט. די פאַרטרעטער פון די שולן האָבן זיך

פאַרפליכטעט מיטצואַרבעטן מיט די רעליגיעזע אויטאָריטעטן כדי נישט דערלאָזן עס זאָל קו־מען צו אַ חילול־הקודש אין זייערע שולן, ווייל עס איז באַקאַנט אַז מ'פלעגט אויסנוצן די שולן צוי זאַלן איינצואָרדענען בעלער, טריפהנע סעודות, אד״גל.

פון באַזונדערער וויכטיקייט פאַר פרומע ייִדן איז דאָס באַזאָרגן דורך ראַבינאַט פון פאַר־שיידענע פסחדיקע פּראָדוקטן און נישט דערלאָזן אַז אומערלעכע סוחרים זאָלן פאַרפירן תמימות־דיקע ייִדן מיט חמץ וואָס מ'שטעלט אַרויס ווי „כשר לפסח״.

צום שלוס זאָל דערמאָנט ווערן, אַז דער ראַבינאַט האָט מיט אַ באַזונדערער זאָרגפעליקייט געהאָלפן דעם קאָמיטעט פאַר טהרת־המישפּחה דורכצופירן דעם פּראָיעקט וועגן בויען אַ מאָ־דערנע מיקווה. דער קאָמיטעט האָט שוין געקויפט אַ פּלאַץ ווו דער בית־הטבילה וועט אויפגע־שטעלט ווערן.



מרדכי שטריגלער רעדט בעת אַן אזכרה פון די נאַצי־קרבנות. די אזכרה איז פאָרגעקומען ערב יום כיפור (יאָר 1962) אויפן בית־עולם סאַבלאַדאַביים אוהל פון די קדושים.

אַ צווייטע מיקווה איז שוין כמעט ווי פאַרענדיקט געוואָרן אין פלאָרעס, מיט דער עקשנות־דיקער אַרבעט פון אַ הייפעלע ייִדן, אין שפּיץ פון וועלכע עס שטייט הרב עקשטיין שליט״א, אַ גייסטיקער מנהיג פון „קהל חרדים״, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן מסירות־נפש פאַר דעם ווערק.

## דער רבנים-סעמינאַר און דאָס רעליגיעזע שול-וועזן

מ'וואָלט אָן צווייפל געקענט זאָגן, אַז איינע פון די שענסטע און פּאָזיטיווסטע דערגרייכונ־גען אויפן רעליגיעזן געביט — די פרוכטן פון וועלכע מ'וועט ערשט זען אין איניקע יאָרן אַרום — איז די גרינדונג פון דער ישיבה גבוהה־בית מדרש לרבנים.

ווען מ'וואָלט מיט יאָרן צוריק געוועזן האָבן געשאַפן אַזאַ מוסד, וואָלט דער איצטיקער מאַנגל

אין גייסטיקע כוחות נישט געווען אַזוי ניכר. שוין העכער אַ יאָר צייט ווי דער רבנים־סעמינאַר עקסיסטירט און די צאָל תלמידים איז געשטיגן.

עטלעכע צענדלינג יונגעלייט, אַרגענטינער געבוירענע, צווישן זיי בחורים און פאַרהייראַ־טע ,וועלכע האָבן געלערנט אין ישיבות פון אויסלאַנד, יונגעלייט מיט אַקאַדעמישער בילדונג און מיט באַדייטנדיקע יידישע ידיעות, קומען זיך צונויף יעדן אָוונט און לערנען גמרא און פוסקים, פאַרטיפן זיך אין שאלות־ותשובות. הרב פינק פירט מיט זיי פעריאָדישע שמועסן אין דברי־תורה און גיט זיי שעורים אין הלכה.

אין די נידעריקע כיתות לערנט מען אויך פרשת השבוע מיט מפרשים, תנ״ך, עברית. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קורס פון שחיטה, אין וועלכן עס לערנען פלייסיק אַ גרעסערע גרופע. אייניקע פון זיי פראַקטיצירן.



בעת אַן אזכרה־אַקט אויף טאַבלאַדאַ.

לשבח פון דער קהילה דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז נישט בלויז סובסידירט זי אַ היפשן טייל פון די הוצאות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער ישיבה, ווי דאָס אויסצאָלן די שכי־רות פון די רביים, נאָר מ׳גיט אויך סטיפענדיעס פאַר די תלמידים, מיט וועלכע זיי זיינען בכוח זיך צו באַפרייען טיילוויז פונעם עול־פרנסה און פריי זיך צו ווידמענען צום לימוד־התורה.

בכלל האָט הרב פינק געשטעלט דעם טראָפּ אויפן ישיבהשן שטייגער פון לערנען. די לי־מודים שטייען אַזוי אַרום אויף זייער אַ הויכן ניוואָ. די עלטערע כיתה, וועלכע לערנט „יורה דעה״ מיט ש״ך און ט״ז, גיט אָפּ וואָכנטלעך עקזאַמענעס פאַר הרב פינקן און אַזוי אַרום טרעטן זיי אַריין מיט זיכערע טריט אין דער וועלט פון הלכה און גרייטן זיך איבערצונעמען רבנישע פונקציעס.

אַז בוענאָס־איירעס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מקום־תורה, קען מען זען פון דעם, וואָס אין

צענדלינגער שולן ווערט געלערנט שבת און אין דער וואָכן עין־יעקב, משניות, די סדרה פון דער וואָך· שלחן־ערוך, גמרא, אאַז״וו. גרופעס יידן זיצן ביי אָפענע ספרים און פאַרטיפן זיך אין לימודי־קודש.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַטאָנען, אַז העכער 1.000 תלמידים לערנען אין ישיבות און רעליגיעזע שולעס פון דער שטאָט. אַ חוץ פון דער דערמאָנטער ישיבה־גבוהה זיינען פאַראַן 3 אַנדערע ישיבות: „חפץ־חיים״, „עטרת־צבי״, און די ישיבה פון הרב עקשטיין. די תורה־אָפּטיילונג ביי דער יידישער אַגענץ שטייט אין ענגן קאָנטאַקט מיטן „מכון ללמודי היהדות״, מיט די הרב קוק־שולעס, מיט דער „יבנה״־שולע פון סאַנטאַ־פע, מיט די ספרדישע שולעס „אַגודת דודים״ און „אור התורה״, און אַ חוץ זיי פאַרנעמען אַ וויכטיק אָרט דער „היכל התורה״ און די „חזון איש״־שולעס.



ביים דערעפענען דעם כשרן רעסטאָראַן „כרמל״. עס רעדט הרב הראשי ד״ר י. פינק.

מיט אָט די תורה־אַנשטאַלטן קען מען זיך שאַפן אַ בילד וועגן דעם דערציערישן פאַרמעגן פון דער מחנה תורה־טרייע יידן.

אמת, פרומע יידן האָבן נישט באַוויזן צו בויען פאַר זייערע שולעס גרויסע געביידעס. די דאָזיקע שולעס האָבן אַן אַנדער מעלה. די קינדער באַקומען אין זיי גרינטלעכע ידיעות אין יהדות, לערנען תפילות, ברכות, דינים און דער עיקר — עס ווערט אין זיי אַריינגעפלאַנצט דער באַוווסטזיין, אַז אַ ייד דאַרף זיין גרייט אויף קרבנות. און וואָס איז שוין שווערער ווי זיין אַ פרומער ייד אין די לענדער? דער רעליגיעזער חינוך האָט נאָך אַ צווייטע מעלה, אַז נישט בלויז לערנען קינדער „וועגן״ יידישקייט, נאָר זיי „פראַקטיצירן״ יידישקייט. שבת, יום־טוב, כשרות, זיינען נישט פאַר זיי קיין אַבסטראַקטע באַגריפן, נייערט אַ רעאַליטעט. און אַ דריטע מעלה האָט

דער דאָזיקער חינוך, וואָס דאָס קינד זעט נישט קיין סתירות צווישן דעם וואָס מ׳לערנט אים אין דער שולע און דאָס וואָס ער זעט ביי זיך אין דער היים.

## די רעליגיעזע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס

אַ באַזונדער קאַפּיטל שטעלט מיט זיך פאָר די רעליגיעזע יוגנט. דאָס איז די יוגנט וואָס איז געבליבן געטריי דעם רעליגיעזן לעבנס־שטייגער פון אירע עלטערן און שמידט ווייטער אויס די גאָלדענע קייט פון תורה ומסורה.

דאָס זיינען אַרגענטינער געבוירענע יונגעלייט, וועלכע מ׳געפינט אויך אין די קיבוצים פון דער ייִדישער מדינה, וואָס דינען אין צה״ל, וואָס לערנען אין די ישיבות פון ישראל און צפון־אַמעריקע, אין „בר אילן״־אוניווערסיטעט און פאַרשאַפן כבוד דעם היגן ישוב.

עס איז כדאי צו באַטאָנען דעם פאַקט, וואָס די ערשטע רעליגיעזע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „יבנה״ איז געשאַפן געוואָרן נאָך מיט 21 יאָר צוריק, איידער עס איז געווען אין אַרגענטינע וועלכע נישט איז רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע. די מיזרחי, אַגודה, פועלי־אַגודה, זיינען געשאַפן געוואָרן מיט יאָרן שפּעטער, ווען די דעמאָלט אומפּאַרטייִשע „יבנה״־אָרגאַניזאַציע האָט שוין געהאַט באַוויזן צו דערציִען קאַדרען פון באַוווסטזיניקע רעליגיעזע יונגעלייט, וואָס האָבן גע־ווידמעט זייער צייט צו פאַרשפּרייטן דעם תורה־געדאַנק צווי׳שן דער פון ייִדיש־אָפּגעפרעמדטער און האַלב־אַסימילירטער יוגנט.

בכלל קען מען זאָגן, אַז אין פאַרגלייך מיט 20 יאָר צוריק, מערקט זיך צווישן דער ייִדישער יוגנט פון בוענאָס־איירעס אַ גרעסערער אינטערעס פאַר ייִדישע ענינים, פאַר לערנען תורה און פאַר באַטייליקן זיך אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. עס איז אָבער פאַראַן אַ שטאַרקער מאַנגל אין אָנפירערישע כוחות. עס זיינען נישט פאַראַן קיין מדריכים און יונגע רבנים, וואָס זאָלן מחנך זיין די דאָזיקע יונגעלייט.

לשבח פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה דאַרף אָנגעוויזן ווערן, אַז זי האָט פיל מאָל גע־ענטפערט פּאָזיטיוו אויף די ווענדונגען פון דער רעליגיעזער יוגנט נאָך הילף. די קהילה האָט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן זיך בייגעשטייערט פאַר יוגנט־אונטערנעמונגען, געשאָנקען ביב־ליאָטעקן, אאַז״וו.

## אַלגעמיינע אויספירן

פון דעם אַלעם איז צו זען, אַז אין די ראַמען פון דער קהילה ווערט געפירט אַ וויכטיקע אַרבעט פאַרן רעליגיעזן סעקטאָר פון דער געמיינדע. די קהילה פון בוענאָס־איירעס גייט אין דעם זין אין די פוס־טריט פון די גרויסע אייראָפּעיִשע קהילות.

אין די לעצטע יאָרן מערקט זיך אין די נישט־רעליגיעזע קרייזן אַ גרעסערער אינטערעס פאַר רעליגיעזע פּראָבלעמען. די נישט־רעליגיעזע ייִדן זעען אין דת אַ וויכטיקן פאַקטאָר פאַר אונדזער קיום אַלס פאָלק.

מיר לעבן אין אַ צייט ווען די יוגנט אין אַלגעמיין, ובתוכה די ייִדישע יוגנט, מאַכט דורך אַ גייסטיקן קריזיס. די געפאַר אַז אין אַ ליאַדע מינוט זאָל אויסברעכן אַ מילחמה, אַז די וועלט זאָל פאַרניכטעט ווערן דורך אַטאָמיש געווער, הענגט ווי אַ „דאַמאָקלעס־שווערד״ איבער אַלע־מענס קעפּ. אין אַזעלכע צייטן פון גייסטיקן קריזיס זוכט מען זיך צו באַהעפטן מיט דער השגחה.

אונדזער יוגנט האָט געלערנט פון דער ביטערער דערפאַרונג וואָס דער עלטערער דור האָט דורכגעמאַכט. ס׳איז צו זען, אַז יוגנטלעכע, וועלכע זיינען געווען גאַנץ ווייט פון ייִדישקייט, זיי־נען אַ דאַנק דער השפעה פון פרומע יונגעלייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גאַנצער מחנה פון „חרדים לדבר ד׳״, — מיר מיינען די באַוועגונג פון בעלי־תשובהס, וועלכע גרופּירן זיך אַרום דעם פאַראיין „שובה ישראל״, און וועגן וועלכע אונדז, אַשכנזים, איז ווייניק־וואָס באַקאַנט. די

דאָזיקע באַוועגונג ווערט אָנגעפירט פון אַ היגן געבוירענעם אַשכנזישן ייִד, וועלכער האָט אויף זיי אַ געוואַלדיקע השפּעה. די יוגנטלעכע זיינען זיך מוסר־נפש פאַר ייִדישקייט, פאַר כשרות, אאַז״וו. אויף אַזוי ווייט, אַז זיי היטן זיך נישט עובר צו זיין אויף אַ קוצו־של־יוד. אייניקע פון זיי האָבן זיך געלאָזט וואַקסן בערד און פּיאות. זייערע פּרויען טראָגן פּאַרוקן און זיי ציילן זיך אין די הונדערטער.

עס איז אויסער ספק, אַז דאָס אַרגענטינער ייִדנטום האָט אַ געזונטן קערן וואָס מ׳דאַרף פּלעגן. פון דאַנען זיינען אַרויס אייגענע שוחטים, מוהלים, חזנים, און דער אַרגענטינער ישוב וועט בקרוב האָבן אייגענע רבנים, וועלכע וועלן אויפהאַלטן דאָס ייִדישע לעבן.

אויף דעם געביט איז פאַראַן אַ גרויס פעלד פון אַרבעט, און די קהילה, וועלכע שטיצט אַלע איניציאַטיוועס וואָס ווערן איר פאָרגעבראַכט, האָט עס פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן.

„זאָלן פרומע ייִדן וועלן אַרבעטן פאַר חיזוק היהדות — האָט אונדז געזאָגט דויד קלימאָווסקי. גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם וועד לעניני הדת — וועט מצד דער קהילה נישט זיין קיין שום מניעה״. אין איר לעצטן בודזשעט האָט די קהילה באַשטימט 3 מיליאָן פּעזעס צו פינאַנסירן די פאַרשיידענע אַרבעטן פונעם ראַבינאַט און פונעם וועד לעניני הדת.

די קהילה אונטערשטיצט מיט געלט און מיט אַלץ וואָס זי האָט צו דער האַנט, יעדע איניציאַטיוו וואָס באַצוועקט צו פאַרשענערן און פאַרבעסערן דאָס רעליגיעזע לעבן, וואָס האָט אין זיך געהאַט די גרויסע מעלה — ווי שמעון דובנאָוו האָט עס טרעפלעך פאָרמולירט — צו פאַרהיטן די גאַנצקייט און דעם המשך אין אונדזער לעבנס־פירונג.



# דער אינסטיטוט פאַר סאָציאַלער פאָרשונג ביי דער קהילה פון בוענאָס איירעס

דער אינסטיטוט פאַר סאָציאַלער פאָרשונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביי דער בוענאָס איירעסער קהילה, באַצוועקט צו שטודירן און אויפצוקלערן די איצטיקע פאַנאָראַמע פון אַרגענטינער ייִדנטום, אויף דער באַזע פון אַן אַנאַליז איבער זיינע היסטאָרישע אַנטוויקלונג און איצטיקע פּראָבלעמען. דאָס וועט געטאָן ווערן כדי צו באַקומען אַ בילד וואָס זאָל דינען ווי אַן אָריענטאַציע פאַר דעם ווייטערדיקן קהילה־לעבן.

די טעטיקייט פון אינסטיטוט וועט זיך געוויס מוזן האַלטן ביי דער נאָרמע פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט־טעכניק און וועט נאָכפאָלגן דעם נייטיקן אינטערנאַציאָנאַלן „שטאַנדאַרט" פאַרן דאָזיקן מין אַרבעטן.

## די פאָרבאַדינגונגען

די שאַפונג פון דער דאָזיקער קערפערשאַפט שטעלט מיט זיך פאָר דעם פּראַקטישן רע־זולטאַט פון דער ערשטער קאָנפערענץ פון ייִדישע פאָרשער און געלערנטע, אויף די שטחים פון געשיכטע און סאָציאַלע וויסנשאַפטן, וואָס איז צושטאַנדגעקומען אין בוענאָס־איירעס אין אָקטאָבער 1961. עס האָבן אָרגאַניזירט די דאָזיקע קאָנפערענץ, וועלכע איז די ערשטע פון דעם מין, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין לאַטיינאַמעריקע, דער מכון ליהדות זמננו ביים העב־רעיִשן אוניווערזיטעט פון ירושלים, בשותפות מיט דער בוענאָס איירעסער קהילה. דער צוועק איז געווען זיך צו באַקענען מיט די איצטיקע לעבנס־פאָרמען פון די ייִדן אין אַרגענטינע, און זיך דערשלאָגן צו זייער אורשפרונג, אינסטיטוציאָנעלע לאַגע און צוקונפטיקע פּערספּעקטיוון, אין די פאַרשידענע אַספּעקטן פון קולטורעלן, סאָציאַלן און עקאָנאָמישן אינטערעס. עס האָבן אָנטיילגענומען אין די באַראַטונגען פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ, צווישן אַנדערע, דער פּראָ־פעסאָר משה דייוויס, דירעקטאָר פון מכון ליהדות זמננו פון ירושלים, דער ד"ר שאול אש, פּראָ־פעסאָר פון העברעיִשן אוניווערזיטעט און דער ה׳ בצלאל שערמאַן, אַן אָנגעזעענער ייִדישער סאָציאָלאָג פון ניו־יאָרק, און עס זענען דאָרט באַטראַכט געוואָרן אַ רייע אַרבעטן וועגן אייניקע פון די פונדאַמענטאַלע אַספּעקטן פון דעם ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע, אַזעלכע ווי די רעלי־גיעזע טראַדיציע, די כאַראַקטעריסטיק פון דעם דריטן דור קאָלאָניסטן, די ייִדיש־אוניווערזי־טאַרע יוגנט, פּראָבלעמען וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער ייִדיש־אַרגענטינער סטאַטיסטיק און דעמאָגראַפיע, פאָרמען פון סאָציאַלער הילף, פאָרשונגס־קוועלן אאַז"וו. עס איז אַזוי אַרום צו־געגרייט געוואָרן די נייטיקע סביבה פאַרן אינסטיטוט פאַר סאָציאַלער פאָרשונג, וועלכער וועט דאַרפן אויסוויקלען זיין אויפגאַבע אויף דריי קרובהשע שטחים.

א) היסטאָרישע און אינסטיטוציאָנעלע פאָרשונג.

ב) סאָציאַלע פאָרשונג מיט אַ סטאַטיסטישער טעכניק.

ג) עקאָנאָמישע פאָרשונג.

# די באַלדיקע צילן

די באַלדיקע צילן פון אינסטיטוט זענען פאָלגנדיקע:

א) אַנטוויקלען די סטאַטיסטישע איינשטעלונג פון די מאַטעריאַלן פון סאָציאַלן אינטע־רעס אין דער קהילה, ביז איצטער, און זייער אינטערפּרעטאַציע אין פאַרבינדונג מיט די איצ־טיקע דאַטן.

ב) די צופּאַסונג פון דער אַדמיניסטראַטיווער מיטאַרבעט פון דער קהילה צו די צוועקן פון סטאַטיסטישער איינשטעלונג.

ג) מיטאַרבעטן מיט די הויפּט־אָרגאַניזמען און קערפּערשאַפטן פון דער קהילה, ווי דער וועד החינוך, וועד הקהילות אאַז״וו. פאַרן איבעראָריענטירן און צופּאַסן די איצטיקע סיסטעמען פאַרן פאָרשונגס־צוועק פון סטאַטיסטישער איינשטעלונג.

ד) שטודיום איבער דער שטעלונג פון פאַרשידענע סעקטאָרן, וואָס עס נעמט אַרום די ייִדיש־אַרגענטינער באַפעלקערונג צו די וועזנטלעכע אַספּעקטן פון ייִדישן לעבן אין לאַנד.

ה) לאָקאַליזירונג און אונטערזוכונג פון די דאָקומענטאַלע קוועלן וועגן אורשפּרונג, עוואָ־לוציע און איצטיקן צושטאַנד פון דעם אַרגענטינער ייִדנטום.

ו) קאָמפּלעטירן די אָנגעהויבענע סעריע פון פּובליקאַציעס, ביי דער געלעגנהייט פון דער קאָנפערענץ פון אָקטאָבער.

ז) די שאַפונג פון אַ ספּעציאַליזירטער ביבליאָטעק ביים אינסטיטוט.

ח) באַקומען קאָפּיעס אָדער „מיקראָפילמס" פון די מאַטעריאַלן פון ייִדיש־אַרגענטינער אינטערעס, וואָס זענען בנמצא אין די אַרכיוון פון אינערן לאַנד און אין אויסלאַנד.

ט) קאָמפּילאַציע פון די סטאַטיסטיש־עקאָנאָמישע דאַטן פון דער באַפעלקערונג: די שאַפונג פון האַנדלס־געזעלשאַפטן, דער איבערגעוויכט לויט אַקטיוויטעטן און סעקטאָרן, אַר־בעטער־אַקטיוויטעטן, פּראָפעסיאָנאַלן גרופּן, סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור אאַז״וו.

# די רעאַליזירטע אַרבעטן

דער אינסטיטוט האָט ביז איצט רעאַליזירט פאָלגנדיקע אַרבעטן:

א) אַ סטאַטיסטישן שטודיום וועגן התונות אויפן יסוד פון די רעגיסטער־צעטלען, וואָס געפינען זיך אין דער קהילה. די דאָזיקע שטודיע ווערט געדרוקט אין זעלביקן יאָרבוך.

ב) רעאָרגאַניזאַציע פונעם סיסטעם פון חתונה־רעגיסטער פאַרן גאַנצן לאַנד.

ג) אַ סטאַטיסטישן אַנאַליז און באַהאַנדלונג איבער דעם צענז פון דער ייִדישער באַפעל־קערונג אין טוקומאַן, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דער אָרטיקער קהילה.

ד) די דורכפירונג פון אַ מוסטער־צענז אין קילמעס, ווי אַ באַזישן פּרווו פאַר אַן אַלגע־מיינעם צענז איבער דער ייִדישער באַפעלקערונג פון דער הויפּטשטאָט און גרויס בוענאָס־איירעס.

# די אַרבעט אין גאַנג

פון דער צווייטער זייט געפינען זיך אויפן מיטן וועג פון זייער רעאַליזירונג פאָלגנדיקע אַרבעטן:

א) שטודיע איבער דער שטערבלעכקייט אויפן יסוד פון דער רעגיסטראַציע פון די לעצטע דריי יאָר.

ב) אַ שטודיע וועגן דער שטעלונג צום ייִדנטום פון די אָקאָרשט חתונה־געהאַטע פּאָרלעך.

ג) דאָס לאָזן אין גאַנג אַ פּערמאַנענטן סיסטעם פון סטאַטיסטיק און וויסנשאַפטלעכן קאָנ־טראָל איבער דעם מעמד פון דער ייִדישער בילדונג, וואָס נעמט אַרום דעם לערער־פּערסאָנאַל און תלמידים.

# דער חתונות־רעגיסטער ביי דער קהילה פון בוענאָס־איירעס

## שטודיע פון קהילה־אינסטיטוט פאַר סאָציאַלער פאָרשונג

### אַ ר יי נ פ י ר

די דאָזיקע אַרבעט איז דער ערשטער רעזולטאַט פון דער טעטיקייט פון דעם אינסטיטוט פאַר סאָציאַלער פאָרשונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער בוענאָס־איירעסער קהילה אין יוני 1962.

די דאָזיקע שאַפונג האָט געבראַכט צום אויסדרוק אַ טיפן באַגער צו זוכן מאַטעריאַלן און אינפאָרמאַציע — פון וויסנשאַפטלעכן ניוואָ — וואָס זאָלן זיין ווערטיק אויף צו אינטערפּרעטירן מיט אַ סאָלידן יסוד די מעשים און די אַנטוויקלונג פון ייִדישן געמיינדע־לעבן אין אַרגענטינע.

אין אַנזיכט פון די הנחות זיינען אָן שום ספק פון אינטערעס אייניקע פאָרבאַדינגונגען.

די אויפפאַסונג פון דער סאָציאַלער רעאַליטעט — אויף אַ פאָרשונגס־ניוואָ — האָט זיך געניייטיקט נישט בלויז אין מאַטעריעלע אָנשטרענגונגען, נאָר אויך אין באַשטימטע צייט־אָפּשניטן, וואָס זאָלן מיטווירקן אין דעם זין פון העלפן צו דער קאָנסאָלידאַציע פון דער טעכניק און פּראָצעדור. די דאָזיקע הנחות קומען אַרויס נאָך בולטער, אין אַנזיכט פון דער רעאַליטעט, וואָס דאַרף אויפגעפאַסט ווערן, אין דעם פאַל די ייִדיש־אַרגענטינער געמיינשאַפט, וואָס ווייזט זיך אַרויס, ווי אַ פאַרוואָרלאָזטע אָדער פאַרנאַכלעסיקטע, פון דער סיסטעמאַטיש־אָפּעראַטיווער סאָציאַלער פאָרשונג.

דאָס איינזען דעם דאָזיקן דעפיציט האָט אינספּירירט צו אָרגאַניזירן די ערשטע קאָנ־פערענץ פון ייִדיש־אַרגענטינער פאָרשער און געלערנטע אויפן געביט פון סאָציאַלער וויסנ־שאַפט און געשיכטע, וואָס איז צושטאַנדגעקומען דאָ הי, אין אָקטאָבער 1961, אונטערן פּאַט־ראָנאַט פון מכון ליהדות זמננו (אינסטיטוט פון היינטצייטיקן ייִדנטום), פון העברעיִשן אוני־ווערזיטעט אין ירושלים און דער בוענאָס איירעסער קהילה.

אָפּרופנדיק זיך אויפן דאָזיקן שטוינענדיקן דעפיציט האָט אי. האָראָוויטש זיך געוויד־מעט דעם שטודיום פון אונדזער געמיינדע, אין סוף 1961, און ער זאָגט אין זיין באַריכט:

„אַבסאָרבירנדיק מער פון אַ העלפט פון דער ייִדישער אימיגראַציע קיין לאַטייןאַמעריקע אין 20סטן יאָרהונדערט, פאַרנעמט אַרגענטינע דעם צווייטן פּלאַץ נאָך די פאַראייניקטע שטאַטן, ווי אַ מקום־מקלט פאַר גלות־ייִדן. אין אַנזיכט פון דער דאָזיקער אימפּרעסיאָנירנדיקער רעאַ־ליטעט שטייט דער פאָרשער פאַר דער איבעראַשונג, וואָס עס זיינען דאָ נאָך נישט אונטערגע־נומען געוואָרן קיין ערנסטע סאָציאָלאָגישע אַנאַליזן וועגן די ייִדן פון בוענאָס־איירעס״.

דעריבער האָט דער אינסטיטוט פאַר סאָציאַלער פאָרשונג, באַלד נאָך זיין קאָנסטיטויִרן זיך, אָנגעהויבן פּראַקטיק צו זוכן מאַטעריאַלן און אינפאָרמאַציע פון דער ערשטער קוועלע, וואָס זאָלן ברענגען צו אָפּעראַטיווע אויספירן, וועלכע זיינען ביכולת אָפּצוצייכענען סאָליד די געמיינדע טעטיקייט.

לויט דער מאָס ווי די פאָרשונגען וועלן דאָס דערמעגלעכן וועלן דערשיינען נייע פּובלי־

קאַציעס, וועלכע וועלן אויספילן דעם בלויז פון אינפאָרמאַציע ,וואָס פאַרשאַפט אַזויפיל באַ־גרענעצונגען דער ראַציאָנעלער טעטיקייט, וואָס עס פאָדערט אַ מאָדערנער קהילה־לעבן.

כדי לייכטער מאַכן צו באַנעמען דעם דאָזיקן מאַטעריאַל וועלן דאָ ווייטער אָנגעצייכנט די באַזישע גרענעצן פון דאָזיקן שטודיום:

1. — וועגן די קוועלן: דער דאָזיקער באַריכט איז אַ רעזולטאַט פון דעם סך־הכל פון די פאַרצייכנטע דאַטן אין די „חתונה וועגדונגען״, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין ראַבינאַט ביי דער בוענאָס־איירעסער קהילה אין דעם פעריאָד צווישן יולי 1960 און יוני 1962.

2. — וועגן די דאַטן: אין קאָנסעקווענץ פון דעם, וואָס די דאַטן שטאַמען פון דורכויס אַדמיניסטראַטיווע ווענדונגען, נישט קיין דירעקט צוגעגרייטע פאַרן סטאַטיסטיק שטודיום, און נישט אונטערגעוואָרפן די שטרענגע רעגיסטער־מעטאָדן, האָט עס נישט דערמעגלעכט דעם סטאַטיסטיק־אַנאַליז פון אַזעלכע רובריקן, ווי: אַלגעמיינע דערציִונג פון חתן־כלה, זייער ייִדי־שע דערציִונג אאַז״וו.

די דאָזיקע באַגרענעצונג קלערט אויך אויף פאַרוואָס אין די טאַבעלן און רשימות פיגורירן אַזוי מערקווירדיק אָפט די אָפּצייכענונג „נישט ספעציפיצירט״.

זאָל אויך אָנגעמערקט ווערן אַז די קאַטעגאָריזאַציעס און די אויסטיילונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן, זיינען געווען לויט די מעגלעכקייטן, וואָס עס האָבן געגעבן די קוועלן, און מען האָט געמוזט אין דער מערהייט פאַלן אָנקומען צו אויסגעברייטערטע קאַטעגאָריזאַציעס אויפן חשבון פון דער פרעציזקייט פון געוויסע אינפאָרמאַציעס.

3. — וועגן אומפאַנג: די שטודירטע באַפעלקערונג, עס הייסט דער אומפאַנג פון דאָזיקן אַנאַליז, איז צוזאַמענגעשטעלט דורך חתונה־פּאָרלעך (חתן־כלה) און זייערע רעספעקטיווע עלטערן (טאַטע־מאַמע פון חתן און טאַטע־מאַמע פון דער כלה).

זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז זיי געהערן אויסשליסלעך צו די פּאָרלעך, וואָס האָבן רעגיס־טרירט זייער חתונה אין ראַבינאַט פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה. עס זיינען דעריבער אויסגעלאָזט די אַלע ייִדישע חתונות, וואָס קאָנען זיין רעגיסטרירט אין גרויסן טעמפּל פון פּאַסאָ, ייִדישער קאָנגרעגאַציע פון ליבערטאַד אָדער אין אַנדערע קלענערע טעמפּלען.

לשם אינפאָרמאַציע זאָל אויפגעקלערט ווערן, אַז די רעגיסטראַציע קוועלן פון ייִדישע חתונות אין דער הויפטשטאָט און גרויס בוענאָס־איירעס זיינען אין אַלגעמיין די בוענאָס־איי־רעסער קהילה, און די טעמפּלען פון פּאַסאָ און ליבערטאַד, אָבער דאָס שטערט נישט, אַז אַנ־דערע געמיינשאַפטן זאָלן אויך קאָנען רעגיסטרירן די חתונות פון זייערע מיטגלידער אין זייערע רעספּעקטיווע געמיינדעס.

פונדעסטוועגן, ווען מען זאָל וועלן אָפּשאַצן די נומערישע רעפּרעזענטאַטיווקייט פון דעם אַנאַליזירטן אומפאַנג, דאַרף גענומען ווערן אין אַכט, אַז זייער צאָל (1,058 פּאָרלעך) באַטרעפט 52,4% פון דעם סך־הכל פון רעגיסטרירטע חתונות אין די טעמפּלען פון פּאַסאָ און ליבערטאַד און דער בוענאָס־איירעסער קהילה אין דעם פעריאָד יולי 1960 — יוני 1962.

אין אַ צווייטן זין קאָנען די דאָזיקע קלאָר־מאַכונגען דינען אויף אַרויסצוהייבן די פונק־ציאָנעלע וויכטיקייט, וואָס עס האָט די „האָמאָגעניזירונג״ פון יעדער מין רעגיסטראַציע וואָס איז פאַרבונדן מיטן קהילה־לעבן, פונקט אַזוי אויפן לאָקאַלן, ווי נאַציאָנאַלן שטח.

4. — וועגן די נאָמענקלאַטורן: כדי צו דערגרייכן אַ גרעסערע ספּעציפיצירונג פון די אַנאַליזירטע גרופּן און סובגרופּן זיינען דעפינירט געוואָרן דער באַשטאַנד פון די טאַטעס און מאַמעס פון חתן־כלה ווי די ערשטע גענעראַציע און זייערע קינדער, דאָס הייסט די חתן־כלה גופא ווי די צווייטע גענעראַציע.

5. — וועגן די פאַרגלייך־אָפּצייכענונגען: אין פאַרלויף פון שטודיום ווערן דערמאָנט לשם

פאַרגלייכונג אָפיציעלע קוועלן (צענזן, אַנקעטעס, אאַז״ו), וואָס הגם זיי פּאַסן זיך נישט אַריין פּינקטלעך אין די פאָדערונגען פון אַ פּאָרזיכטיקן פאַרגלייך, דינען זיי, צוליבן פעלן פון אַנדערע דאַטן, ווי אָנווייזער פון אַלגעמיינע טענדענצן.

## 1. דעמאָגראַפישער אַנאַליז

### 1. 1 דער עלטער פון די חתן־כלה*

1. 1.־1.: די חתנים: דער עלטער צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג, וואָס ווערט דאָ שטודירט ברענגט אַרויס מערקבאַרע אונטערשידן צווישןביידע געשלעכטער.

אַזוי אַרום איז צווישן די מענער אַמאָפטסטן די עלטער פאַרהעלטעניש צווישן 25 און 27 יאָר (32,3%) און דער פעריאָד צווישן 22 און 30, וועלכער נעמט אויך אַריין, פאַרשטייט זיך, דאָס פריִערדיקע, איז דער אַמערסטנס רעגיסטרירטער אין דער צאָל פאַלן: 72,5%.

שטודירנדיק די 1.058 פאַלן, האָט זיך באַקומען אַ דורכשניט־עלטער ביי די מענער פון 28 יאָר.

1. 2.־1.: די כלות: פּאַראַלעל איז די צאָלרייכסטע עלטער־גרופּע פון די כלות פון 22 ביז 24 יאָר, זיי מאַכן אויס 35,9% פון גאַנצן סך־הכל.

מערקווירדיק איז אויך דאָס, וואָס פון דעם דאָזיקן שטודיום ווייזט זיך אַרויס, אַז 82% פון די פרויען האָבן חתונה פאַר די 28 יאָר.

דער דורכשניט־עלטער פון חתונה האָבן ביי זיי איז פון 24 יאָר.

ביים באַטראַכטן די עלטער־פאַרטיילונג, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן דאָזיקן דור מערקט זיך, אַז די אָפטסטע עלטער־פאַרהעלטעניש איז ביי זיי צווישן 22 און 24 יאָר (28,0%).

גרופּירט דעם פולן סך־הכל, ווייזט זיך אַרויס ביי די חתנים און כלות דער פאָלגנדיקער עלטער־צוזאַמענשטעל:

**טאַבעלע 1: עלטער פון חתן־כלה**
(חתונות צווישן דער צווייטער גענעראַציע)

| עלטער־פאַרהעלטעניש | % |
|---|---|
| ייִנגער פון 24 יאָר — — — — | 68,7 |
| 25 יאָר און מער — — — — — | 31,3 |
| סך־הכל — — — — — | 100,0 |
| באַזע — — — — — | (2,116) |

די דאָזיקע עלטער־פאַרהעלטענישן טיילן זיך אויס נאָך בולטער ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט דער מוניציפּאַלער סטאַטיסטיק, מחמת די אונטערשיידן מערקן זיך, אין אַ גרעסערער פּראָפּאָרץ פון יונגע ייִדישע פרויען, וואָס האָבן חתונה, אין פאַרגלייך מיט דעם אַלגעמיינעם סך־הכל פון דער פרויען־באַפעלקערונג, וואָס האָבן חתונה אין דער הויפּטשטאָט (זע טאַבעלע 2).

* זע די טאַבעלן און פאַרגלייך־צעטלען אין טעקסט און אין דער שפּאַנישער אָפּטיילונג.

## טאַבעלע 2: עלטער־פּאַרהעלטעניש פון חתן־כלה
(פאַרגלייך־צעטל)

| עלטער־פּאַרהעלטעניש | מוניציפּאַלע סטאַטיסטיק [1] | | קהילה | |
|---|---|---|---|---|
| | מענער % | פרויען % | מענער % | פרויען % |
| ווייניקער פון 24 יאָר — — — | 24,9 | 48,6 | 22,4 | 65,2 |
| 25 יאָר און מערער — — | 75,1 | 51,4 | 77,6 | 34,8 |
| סך־הכל — — — — — | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

[1] קוועלע: זשורנאַל פאַר סטאַטיסטיק פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס, נומ׳ 7.

אויף אַן אַנדער ניוואָ פון אַנאַליז זיינען וואָגיק די דאָזיקער אונטערשיידן, אויף וויפל זיי דערמעגלעכן אַנצוהייבן אויפצוקלערן די קאָמפּליצירטע און ווידערשפּרעכנדיקע טראַנספאָר־מאַציעס אין דער משפּחה־סטרוקטור.

ג. כערמאַני קלערט אויף אַז „די אָנוועזנהייט פון זייער יונגע פרויען אין די ווייז־צעטלען פון די וואָס האָבן חתונה, האָט חוץ דעם אַ געוויסע וויכטיקייט אין דער דינאַמיק פון דער באַ־פעלקערונג, ווייל ער באַרירט די עוואָלוציע פון דעם געבירטיקייטס־פּראָצענט".

קאָנסעקוועגט מיט דעם ווייזט די טאַבעלע 3 דעם אונטערשיד פון דורכשניט־עלטער אין די פאַרגלייכטע באַפעלקערונגען.

## טאַבעלע 3: דורכשניט־עלטער בייביידע באַפעלקערונגען

| באַפעלקערונג | דורכשניט עלטער | | אונטערשיד |
|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | |
| מוניציפּאַלע סטאַטיסטיק | 29 | 27 | 2 |
| קהילה — — — — — — — — | 28 | 24 | 4 |

3. 1.־1.: די עלטערן: אָנווענדנדיק דעם אַנאַליז אויף די וואָס מיר רופן אָן די „ערשטע גענעראַציע" באַקומט זיך אַ דעמאָגראַפישער אָפּשניט, וואָס איז נוטה צו פאַרשידענע אינטער־פּרעטאַציעס.

נאָכן אָרדענען די 4.232 פּאָלן (2.116 עלטערן פון די חתנים און 2.116 עלטערן פון די כלות) מערקט זיך, אַז דער עלטער־אונטערשיד צווישן מאַן און ווייב פּאַלט זיך צענויף מיט אַ סיסטעמאַטישער נטיה, וואָס איז שוין באַמערקט געוואָרן ביי די פּאָרפּעלקער פון דער „צוויי־טער גענעראַציע": עס הייסט, אַז דער אונטערשיד פון פיר יאָר אויפן חשבון פון די מענער ווידערהאָלט זיך, ווען מען באַרעכנט דעם דורכשניט־עלטער פון די פאַרשידענע חתונה־גרופּן.

די טאַבעלע 4 קאָנסטאַטירט נומעריש די פּאָריקע באַהויפּטונגען.

## טאַבעלע 4: פון די פאַרשידענע חתונה־גרופּן

| גרופּע | דורכשניט־עלטער | | אונטערשיד |
|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | |
| עלטערן פון חתן — — — — | 59 | 55 | 4 |
| עלטערן פון דער כלה — | 56 | 52 | 4 |
| חתן־כלה — — — — — — | 28 | 24 | 4 |

## 2 .1. די נאַציאָנאַליטעט*

2.1.1. די צווי גענעראַציעס: ביים אָנווענדן דעם שטודיום אויף דעם נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם פון די געגעבענע יחידים, מערקט זיך אין ברייטע שטריכן, אַז מיר האָבן פאַר זיך צווי נאַציאָנאַל־פאַרשידענע גענעראַציעס.

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן די אייגנטימלעכע כאַראַקטעריסטיק פון דעם שטודירטן אומפאַנג, אין שייכות צו זייער נאַציאָנאַליטעטן־צוזאַמענשטעל. דער איבערגעוויכט פון דער אשכנזישער עדה, די כמעט פולשטענדיקע אָפּוועזנהייט פון דער דייטש־יידישער עדה אאַז״וו, שטעלן אַרויס געוויסע פּרטים אין אונדזער אומפאַנג, וואָס צווינגען דורכויס צו באַגרענעצן די באַקומענע דאַטן אויף דעם אויבן־דעפינירטן געמיינדע־שטח.

צוריקקערנדיק זיך צו די עווידענצן, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט דורך די גענעראַציע־אונטערשידן, מערקט זיך, אַז די ערשטע גענעראַציע רעקרוטירט זיך צווישן יידן, וואָס שטאַמען פון רוסלאַנד, פוילן און רומעניע (71,1% פון גאַנצן סך־הכל); אין דער צייט, וואָס די צווייטע גענעראַציע איז צוזאַמענגעשטעלט הויפּטזאַכלעך פון הי־געבוירענע יידן (89,1% פון סך־הכל).

### טאַבעלע 5: נאַציאָנאַלער צוזאַמענשטעל (פאַרגלייך־צעטל)

| גרופּע | אַרגי | אויסלי | אומבאַשטימט | סך־הכל | באַזע |
|---|---|---|---|---|---|
| ערשטע גענעראַציע — — — | 16,0 | 78,9 | 5,1 | 100,0 | (4,232) |
| צווייטע גענעראַציע — — — | 89,1 | 10,3 | 0,6 | 100,0 | (2,116) |
| צענז 1960[1] — — — — — | 81,8 | 18,2 | — | 100,0 | — |

[1] קוועלע: נאַציאָנאַלער צענז פון 1960, פּראָוויזאָרישע רעזולטאַטן.

דאָס איינשליסן אין דער פּאַריקער טאַבעלע די ציפערן פון לעצטן נאַציאָנאַלן צענז, ברענגט צום אויסדרוק די כוונה צו געבן אַ פאַרגלייכערישן באַגריף פון דער נאַציאָנאַלער סטרוקטור פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

די טאַבעלע 5, צייכנט אָן מיט אַ בפירושער קלאָרקייט די רעזולטאַטן פון דער נאַציאָנאַלער האָמאָגעניזאַציע פון דער יידיש־אַרגענטינער קאָלעקטיווויטעט, אַ פּראָצעס וואָס איז רייף געוואָרן אין ליכט פון דער אימיגראַציע־איינשרומפּונג.**

פון דעם שטאַנדפּונקט פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, באַקומען די דאָזיקע אונטערשידן אַ גרעסערע וויכטיקייט, לויט דער מאָס וואָס זיי ווענדן אָן די אָרגאַניזאַציאָנעלע סכעמע, לויט דער קולטור, כאַראַקטעריסטיק פון זייערע מיטגלידער (נאַציאָנאַליטעט, שפּראַך, מנהגים אאַז״וו).

2.2.1. די עלטער און די נאַציאָנאַלע כאַראַקטעריסטיק: אין קאָנסעקווענץ פון דעם, נעמענדיק אין אַכט די צייטווייליקע כאַראַקטעריסטיק פון אימיגראַנטישן מיטשטייער אין דער פאַרמירונג פון דער היגער יידישער קאָלעקטיווויטעט, קאָן מען זעלבסטפאַרשטענדלעך אָננעמען, אַז וואָס יינגער עס זיינען די אַנאַליזירטע מענטשן־גרופּן, וועט די באַצייכענונג: אַרגענטינער־אויסלענדער כסדר אַריבערגיין אויפן חשבון פון די אַרגענטינער.

---

* זע טאַבעלע 2 און פאַרגלייך־צעטלען אין שפּאַנישן טייל און אין טעקסט.

** פּ. אי. מאָנטעאַגודאָ פאַרזיכערט אַז „דער גרעסטער אימיגראַציע־צופלוס איז געקומען אין פעריאָד צווישן 1901 און 1910, און עס האָט נאָכגעפאָלגט דער פעריאָד 1921־1930. פון 1930 ביז 1947 קומט אַ מערקבאַרע ירידה, מיטן אויסנאַם פון די יאָרן 1948־1951.

## טאַבעלע 6: נאַציאָנאַלער צוזאַמענשטעל לויט דורכשניט עלטער

| גרופּע | דורכשניט עלטער | אַרגענטינער % | אויסלענדער % | אומבאַשטימט % | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|
| חתנס טאַטע | 59 | 9,1 | 86,1 | 4,8 | 100,0 |
| כלהס טאַטע | 56 | 14,2 | 80,9 | 4,9 | 100,0 |
| חתנס מאַמע | 55 | 17,4 | 77,3 | 5,3 | 100,0 |
| כלהס מאַמע | 52 | 24,0 | 70,7 | 5,3 | 100,0 |
| חתן | 28 | 86,9 | 12,6 | 0,5 | 100,0 |
| כלה | 24 | 91,3 | 8,0 | 0,7 | 100,0 |

## 1. 3. אימיגראַציע [1]

1. 3. 1. פּאַראַלגעמיינערונג: דאָס פאַרנעמען זיך אין דאָזיקן קאַפּיטל מיט דער איינוואַנדערונגס כאַראַקטעריסטיק פון דער שטודירטער באַפעלקערונג, ווערט געטאָן אין אויסשליסלעכער שייכות צו די מיטגלידער פון דער ערשטער גענעראַציע, מחמת זיי זיינען עס די, וואָס דערמעגלעכן אַן אינפאָרמאַציוון מאַטעריאַל מיט אַ גרעסערער פולקייט.

געדענקענדיק די היסטאָריש־פּאָליטישע אויסוויקלונגען, וואָס האָבן פאַראורזאַכט די אימיגראַציע־שטראָמען פון אייראָפּעיִש־ייִדישע מאַסן אין די אַמעריקאַנישע לענדער, איז לייכט צו אינטערפּרעטירן דעם דאָזיקן אַנאַליז, וואָס שטודירט פּאַראַלעל דעם אָנקום־יאָר פון ייִדישן אימיגראַנט, פּונקט אַזוי ווי זיין אָפּשטאַם־לאַנד.

אי. ל. האָראָוויץ פּובליקירט אין זיין שטודיע אַן אינטערפּרעטאַטיווע טאַבעלע פון דער אימיגראַציע־אַנטוויקלונג און באַפעלקערונג־צוּוווּקס פון דער ייִדיש־אַרגענטינער געמיינשאַפט. צוליב דער אינטערפּרעטאַטיווער איינשטעלונג און דער שייכותדיקייט מיט די נאָענטע פאַרגלייך־צעטלען פון אונדזער אַנאַליז האָבן מיר געהאַלטן פאַר אינטערעסאַנט זי איבערצודרוקן.

## טאַבעלע 1: ייִדישע באַפעלקערונג אין דער אַרגענטינער רעפּובליק*

| יאָרן | סטאַבילע באַפעלקערונג | אימיגראַציע | געבורט־ טויט־פּאַלן | אַלגעמיינער וווּקס | פולער צוזאַמענשטעל |
|---|---|---|---|---|---|
| 1890-94 | 2.595 | 7.159 | 365 | 7.524 | 10.119 |
| 1895-99 | 10.119 | 4.536 | 941 | 5.477 | 15.596 |
| 1900-04 | 15.596 | 8.370 | 1.437 | 9.807 | 25.403 |
| 1905-09 (א) | 25.403 | 40.006 | 3.267 | 43.273 | 68.676 |
| 1910-14 | 68.676 | 41.027 | 6.573 | 47.600 | 116.276 |
| 1915-19 (ב) | 116.276 | 1.607 | 9.044 | 10.651 | 126.929 |
| 1920-24 (ג) | 126.927 | 33.963 | 10.513 | 44.476 | 171.403 |
| 1925-29 (ג) | 171.403 | 32.836 | 14.284 | 47.120 | 218.523 |
| 1930-34 | 218.523 | 17.336 | 17.612 | 34.948 | 253.471 |
| 1935-39 (ד) | 253.471 | 26.159 | 25.357 | 51.516 | 304.987 |
| 1940-44 | 304.987 | 8.210 | 27.212 | 35.422 | 340.409 |
| 1945-49 | 340.409 | 7.505 | 30.407 | 37.912 | 378.321 |
| 1950-60 (ה) | 378.321 | — | — | 41.679 | 420.000 |

* אַרויסגענומענע דאַטן פון דער אינפאָרמאַציע ביי סימאָן חעיל ייִדישע באַפעלקערונג אין דער אַרגענטינער רעפּובליק (ב. איירעס, בני־ברית, 1936) און יעקב שאַצקי ייִדישע קהילות אין לאַטיינאַמעריקע (ב. איירעס, ייִדיש־אַמעריקאַנער קאָמיטעט, 1952).

[1] זע טאַבעלע 3 און פאַרגלייך־צעטלען אינעם טעקסט אין דער שפּאַנישער אָפּטיילונג.

רעפערענצן:

(א) אימיגראַציע פון רוסישע יידן פון די פּאָגראָמען, וואָס זיינען אויסגעבראָכן נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905.

(ב) די אימיגראַציע נידערט אַראָפּ במשך פון ערשטן וועלט־קריג.

(ג) צווייטער אימיגראַציע שטראָם: אַ סלאַווישער און פּוילישער.

(ד) יידיש־דייטשע אימיגראַציע, פּאַראַלעל מיטן אויפקום פון נאַציזם.

(ה) אָפּשאַצונג פון דער געווינלעכער באַפעלקערונג ביי מ. קאָטצער: „פּראָבלעמען, פאַר־בונדן מיט דער סטאַטיסטיק מכוח די יידן אין אַרגענטינע".

פון דעם קומט דער אויספיר: א) אַז דער וווקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַר־גענטינע קומט, וואָס אַמאָל אַלץ מער, פון דעם אינעווייניקסטן וווקס פון די היי־געבוירענע, און וואָס אַמאָל ווייניקער פון אימיגראַנטישן מיטשטייער.

ב) אַז עס איז פאַראַן אַ געוויסע פּעריאָדישע איינטיילונג אין די אימיגראַציע־קאָנטינגענטן, און אַז פון רוסלאַנד איז דער עלטסטער און פון דייטשלאַנד — דער סאַמער אָקאָרשטיקער; דער פּוילישער קאָנטינגענט פאַרנעמט דעם מיטן־פּלאַץ.

די דאַטן פון דעם שטודיום באַשטעטיקן די דאָזיקן הנחות. דער פּונקט א) איז בפירוש אָנזעעוודיק אין פאָריקן קאַפּיטל און דער פּונקט ב) ווייזט זיך אַרויס אין די ווייטערדיקער פאַר־גלייך־צעטלען.

אָבער איידער מיר באַציען זיך צו זיי, האַלטן מיר פאַר אונדזער חוב אָנצומערקן צוויי אומפּינקטלעכקייטן אין דער פאָריקער טאַבעלע. דאָס ערשטע מכח דעם יאָר 1890, ווי אַ ווענד־פּונקט אין דער יידישער באַפעלקערונג פון אַרגענטינע. דאָס דאָזיקע יאָר, האָט אַ קנאַפּע באַ־דייטונג אין דעם יידישן אימיגראַציע־פּראָצעס קיין ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ; אַלנפאַלס וואָלט גע־דאַרפט דערמאָנט ווערן דאָס יאָר 1889, ווען עס זיינען אָנגעקומען מיט דער שיף „וועסער" דער ערשטער אָרגאַניזירטער קערן פון 120 יידישע פאַמיליעס — 800 נפשות — פון פּאָדאָליע, וועלכע האָבן געלייגט דעם יסוד פון דער צוקונפטיקער קאָלאָניע מאָזעסוויל (סאַנטאַ פע), אָדער טאָקע דאָס יאָר 1891, ווען עס זיינען אָנגעקומען אין אונדזער לאַנד די ערשטע גרופּן יידישע קאָלאָניסטן, רעקרוטירט אין רוסלאַנד דורך דער דזשויש קאָלאָניזיישן אַסאָסיישן — ייקאַ — וואָס איז פאַרן דאָזיקן צוועק אויפגעשטעלט געוואָרן אין זעלבן יאָר דורכן באַראָן מאָריס דע הירש, אין לאָנדאָן. אָבער נישט די, און נישט די צווייטע, זיינען געווען די ערשטע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אַרגענטינע. זאָל דאָ, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, דערמאָנט ווערן, אַז די ערשטע יידישע חתונה איז דורכגעפירט געוואָרן אין בוענאָס־איירעס דעם 11טן נאָוועמבער 1860 „פאַר צען עדות און נאָך איינעם, וואָס האָט געגאָלטן ווי דער ראַבינער און דעם נאָטאַר דאָן פּעדראָ קאַזשעכאַס", לויט דעם גבית־עדות פון אַן אָנגעזעענעם עד־ראיה.

אין אַ שטודיום וועגן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע דאָקומענטירט אויך ל. שאַלמאַן די צווייטע אומפּינקטלעכקייט וועגן וועלכער ס'ווערט דאָ גערעדט: די מאַסן־אימיגראַ־ציע פון רוסישע יידן האָט זיך נישט אָנגעהויבן „פון די פּאָגראָמען נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905", נאָר מיט צוויי יאָר פריער, אין צוזאַמענהאַנג מיט די בלוטיקע פּאָגראָמען פון קישיניעוו און האָמעל, אין 1903, וועלכע האָבן אונטערגעאיילט אַן אינטענסיווע עמיגראַציע־כוואַליע, וואָס האָט זיך פאַרפעסטיקט מיט צוויי יאָר שפּעטער, צוליב די בלוטיקע שחיטות אויף יידן, אָרגאַ־ניזירט דורך דער „שוואַרצער מאה" אין ביאַליסטאָק און זשיטאָמיר.

## פאַרגלייך־צעטל 7: נאַציאָנאַליטעט פון אימיגראַציע קאָנטינגענטן פונאַנדערגעטיילט לויט פעריאָדן

| לאַנד | פעריאָדן<br>פאַר דעם יאָר 1920 | פון 1920 ביז 1930 | פון 1930 אויף ווייטער |
|---|---|---|---|
| רוסלאַנד — — — — — | 51,6 | 54,4 | 0,3 |
| רומעניע — — — — — | 22,2 | 60,6 | 17,2 |
| פוילן — — — — — — | 4,0 | 62,3 | 33,6 |

פאַראַלעל מיט דעם גיבן אָן ש. ראָזענבערג און ד. נאָוויק, ציטירנדיק אַן אַנקעטע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן די סינאַגאָגן פון ב. איירעס די פאָלגנדיקע דאַטן:

### אָפּשטאַם פון די בתי־כנסת (אויסגערעכנט כראָנאָלאָגיש)

| | |
|---|---|
| רוסישע — — — — — — — | 12 |
| רומענישע — — — — — — | 5 |
| פוילישע — — — — — — | 14 |
| גאַליציאַנער — — — — — | 2 |
| דייטשע — — — — — — — | 5 |

די מחברים קלערן אויף: „עס איז אינטערעסאַנט אונטערצושטרייכן, אַז די מערהייט סינאַגאָגן פון ערשטן פעריאָד (1862־1918), זיינען געשאַפן געוואָרן דורך רוסישע יידן, אין דער צייט, וואָס די לעצטע פינף (1939 און ווייטער) זענען דייטשע".

אָבער זיי פאַרשווייגן דעם מערקווירדיקן פאַקט, אַז די ערשטע סינאַגאָגע, וואָס האָט פונקציאָנירט אין לאַנד, איז געשאַפן געוואָרן דורך יידן, וואָס שטאַמען פון מערב־אייראָפּע: ענגלישע, פראַנצויזישע, בעלגישע, וועלכע האָבן געגרינדעט אין 1862 די יידישע קאָנגרעגאַציע פון דער אַרגענטינער רעפובליק, וואָס פייערט פונקט היינטיקס יאָר (1962) איר ערשטן יאָרהונדערט.

עס איז אויך אינטערעסאַנט צו כאַראַקטעריזירן די אימיגראַציע־קאָנטינגענטן, לויט זייערע פאַרשידנאַרטיקע נאַציאָנאַלע אָפּשטאַמען. די קוואַליטאַטיווע וואָג פון יעדן „סוב־קאָטינגענט", איז נישט אַרויסגעשווומען פון די פריערדיקע אַנאַליזן, און דעריבער איז אויסגעטיילט געוואָרן אין דעם פאַרגלייך־צעטל 8 דער אַנאַליזירטער מאַטעריאַל.

## פאַרגלייך־צעטל 8: אימיגראַציע קאָנטינגענטן, איינגעטיילט לויטן אָפּשטאַם־לאַנד

| אָפּשטאַם־לאַנד | פראָצענט־זאַץ איבער דעם פולן סך־הכל פון די אימיגראַנטן<br>% |
|---|---|
| פוילן — — — — — — — — — | 57,1 |
| רוסלאַנד — — — — — — — — | 29,5 |
| רומעניע — — — — — — — — | 6,0 |
| אַנדערע ניט־אייראָפּעישע לענדער | 4,4 |
| אַנדערע אייראָפּעישע לענדער — | 3,0 |
| סך־הכל — — — — — — — — | 100,0 |
| באַזע — — — — — — — — — | (2929) |

אין קאָנסעקווענץ, אינטעגרירן זיך — טיילוויז — די דאָזיקע קאָנטינגענטן, ביים באַזעצן זיך אין לאַנד, מיט דער הי־געבוירענער יידישער באַפעלקערונג, שאַפנדיק אַזוי אַרום פאַרשידענע נאַציאָנאַלע באַציִונגען אין זייערע חתונה־פאַרבינדונגען און די באַגלייט־דערשיינונג פון דעם איז די נטיה צו אַזאַ פאַרוואַנדשאַפט ביי זייערע קינדער.

דער אַנאַליז פון דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטיק וועט זיין די טעמע פון ווייטערדיקן קאַפּיטל.

## 1.4 נאַציאָנאַלע פאַרהעלטענישן צווישן פאַרפעלקער*

1.4.1. די פאַרפעלקער פון דער ערשטער גענעראַציע: דער פאַרגלייך־שטודיום פון די נאַציאָנאַלע פאַרהעלטענישן צווישן די פאַרפעלקער, עס הייסט, דער אופן פון נאַציאָנאַלע צונויפגוסן, וואָס עס שאַפט זיך ביים מתחתן זיין פון פערזאָנען פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע אָפּשטאַמען, וועט זיין די טעמע פון דאָזיקן קאַפּיטל.

דער דאָזיקער אַנאַליז ברענגט אַרויס, ביים פאַרגלייך פון די צוויי אַנאַליטיש פונאַנדערגעטיילטע גענעראַציע־גרופּן, אַ שטייגנדיקע „האָמאָגעניזירונג" פון דער געמיינדע־סטרוקטור פון שטאַנדפּונקט פון דער נאַציאָנאַלער אידענטיטעט פון אירע פאַרפעלקער.

די דאָזיקע „האָמאָגעניזירונג" קאָן דערקלערט ווערן נישט בלויז מיט דער רעדוקציע פון אימיגראַנטישן צופלוס, נאָר באַזיש, מיט דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פון די הי־געבוירענע יידן.

דער פּראָצעס פון דער אַרגענטיניש־נאַציאָנאַלער אידענטיפיצירונג פון די פאַרפעלקער — פון דעם מין וואָס מיר רופן האָמאָגעניזירונג — קאָן מען זען קלאָר, אין שיין פון די רעזולטאַטן וואָס עס ברענגט אַרויס דאָס פאַרגלייך־צעטל 9.

### פאַרגלייך־צעטל 9: נאַציאָנאַליטעט פון די פאַרפעלקער, פאַרגלייך צווישן די צוויי גענעראַציעס

| אידענטיטעט | 1טע גענעראַציע — % | 2טע גענעראַציע — % |
|---|---|---|
| ביידע מיטגלידער אַרגענטינער — — — | 8,4 | 81,3 |
| ביידע מיטגלידער אויסלענדער — — — — | 69,9 | 2,7 |
| געמישטע (אַרג׳־אויסל׳; אויסל׳־אַרג׳) — — | 15,1 | 15,0 |
| נישט־פעסטגעשטעלט — — — — — — | 6,6 | 1,0 |
| סך־הכל — — — — — — — — — — | 100,0 | 100,0 |
| באַזע — — — — — — — — — — | (2,116) | (1058) |

אַ צווייטע אויפפאַסונג פון פאַרגלייך, וואָס באַלייכט גענויער דעם איבערגאַנגס־כאַראַקטער אין דער נאַציאָנאַלער פאָרמאַציע פון אונדזער געמיינדע־סטרוקטור און צייכנט אָן דעם איבערגעטריבענעם וווּקס — פאַרגלייכעריש — פון דער אימיגראַציע, אין שייכות צו דעם וואָס מיר רופן „די נאַציאָנאַלע געזעלשאַפט", קאָן געבן אַן אויבנאויפיקן באַגריף, מחמת די קוועלן פון צענז נעמען אַרום די טאַטע־מאַמע פון הי־געבוירענע פון יעדער עלטער, בעת אונדזערע דאַטן נעמען אַרום בלויז די עלטערן פון אַרגענטינער און אויסלענדער אין חתונה־עלטער.

* זע טאַבעלע 4 און פאַרגלייך־צעטלען אין טעקסט פון דער שפּאַנישער אָפּטיילונג.

## טאַבעלע 10: נאַציאָנאַליטעט פון די עלטערן (פאַרגלייך־צעטל)

| אידענטיטעט | צענז [1] (1947) % | קהילה (עלטערן פון 2טער גענעראַציע) |
|---|---|---|
| ביידע מיטגלידער אַרגענטינער — — — — — | 64,9 | 8,4 |
| ביידע מיטגלידער אויסלענדער — — — — — | 18,6 | 69,9 |
| געמישטע (אַרג׳־אויסל׳; אויסל׳־אַרג׳) — — | 16,5 | 15,1 |
| נישט־פעסטגעשטעלט — — — — — — — | — | 6,6 |
| סך־הכל — — — — — — — — — — — | 100 0 | 100,0 |

[1] קוועלע: נאַציאָנאַלער צענז, 1947.

1. 4. 2. די פאָרפעלקער פון דער צווייטער גענעראַציע: פון דער דאָזיקער אַנאַליז־גרופּע ווייזט זיך אַרויס פון באַדייטנדיקן אינטערעס דאָס אַרויסברענגען נישט בלויז דעם כאַראַקטער פון „דיפערענצירונג״, וואָס ווירקט אין דער געמיינשאַפטלעכער סטרוקטור, נאָר זיין מערקבאַרע פאַרוואַנדשאַפט מיט דער נאַציאָנאַלער געזעלשאַפט.

מיטן צוועק פעסטצושטעלן די דאָזיקע אונטערשיידנדיקע פאַרגלייכבאַרקייט, זיינען קאָנסולטירט געוואָרן די מוניציפּאַלע דאַטן וועגן חתונות וואָס זענען צושטאַנדגעקומען אין דער הויפּטשטאָט. דער פאַרגלייך־צעטל 11 רעזומירט די דאָזיקע הנחות.

## טאַבעלע 11: נאַציאָנאַליטעט פון די פאָרפעלקער (פאַרגלייך־צעטל)

| | מוניציפּאַליטעט [2] (1960) % | קהילה (2טע גענעראַציע) % |
|---|---|---|
| ביידע מיטגלידער אַרגענטינער — — — — — | 78,0 | 81,3 |
| ביידע מיטגלידער אויסלענדער — — — — — | 8,0 | 2,7 |
| געמישטע (אַרג׳־אויסל׳; אויסל׳־אַרג׳) — — | 14,0 | 15,0 |
| נישט פעסטגעשטעלט — — — — — — — | — | 0,1 |
| סך־הכל — — — — — — — — — — — | 100,0 | 100,0 |
| באַזע — — — — — — — — — — — | (24,072) | (1,058) |

[2] קוועלע: זשורנאַל פאַר סטאַטיסטיק פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס, נומ׳ 7.

כדי צו דערמעגלעכן אַרויסצונעמען די אייגנטלעכע אָפּעראַטיווע אויספירן, פעלט נאָך צוצוגעבן די לעצטע אינפאָרמאַציע צום קאַפּיטל: דאָס באַציט זיך אויף דער פּראָפּאָרץ פון מענער צווישן אימיגראַנטישן באַשטאַנד. דאָס פאַרגלייך־צעטל 12 דערמעגלעכט דאָס צו וויסן.

| גענעראַציע | מענער — % | פרויען — % | סך־הכל — % |
|---|---|---|---|
| ערשטע — — — — — — — | 51,5 | 48,5 | 100,0 (3427) |
| צווייטע — — — — — — — | 6,1 | 39,0 | 100,0 (219) |

אויספּיר: מען קאָן פאַרצייכענען אין שיין פון די אויסגעטייטשטע טענדענצן צוויי אויסגע־שפּראָכענע דעמאָגראַפישע געשעענישן:

1) די יִדישע אימיגראַנטן־באַפעלקערונג אין לאַנד כאַראַקטעריזירט זיך מיט אַ מערקבאַ־רער פאַרעלטערטקייט, כלפּי דער יִדישער הי־געבוירענער באַפעלקערונג (פּאַרגלייך־צעטל 6).

2) דער גרעסערער מענער־באַשטאַנד (פאַרגלייך־צעטל 12) פון דער אימיגראַנטן־באַפעל־קערונג, האָט באַגרענעצט די מעגלעכקייט פון דורכויסיקע חתונות צווישן אויסלענדער, און האָט אויך פּאַראַלעל באַגרענעצט די מעגלעכקייט פון דורכויסיקע חתונות צווישן אַרגענטינער.

די סאָציאָלאָגישע אויסוויקלונג פון די דאָזיקע דערשיינונגען פירט צו דער נויטווענדי־קייט זיך צו פאַרטראַכטן אַז אויב די פּראָצעסן פון „האָמאָגעניזירונג״ (אויב די מערקבאַרע אַראָפּנידערונג פון דער אויסלענדער באַפעלקערונג), וועלן אָנגיין בלויז אויפן דעמאָגראַפישן שטח,, זיינען זיי נוטה, צו פאַראורזאַכן אַ געפערלעכע פּנימלאָזיקייט אויף די איבעריקע שטחים אויף וועלכע עס אַנטוויקלט זיך דאָס געמיינדע־לעבן.

אויסצומיידן די דאָזיקע פּנימלאָזיקייט הייסט געפינען פאָרמען פאַר געמיינשאַפטלעכן אָנ־שפּאַר, וואָס זאָלן רעספּעקטירן די פּראָצעסן, וועלכע שאַפן זיך פון דער אויפקומענדיקער דע־מאָגראַפישער סטרוקטור.

עס האַנדלט זיך, מיט איין וואָרט, אין צופּאַסן דעם „קולטור פאָרמעג״ (נאָרמעס, ווענד־פּונקטן, טראַדיציעס, מנהגים, וכדומה) צו די נויטווענדיקייטן פון דער גרופּע וואָס וועט זיך דאַרפן אויסלעבן מיט דעם, אויסמיידנדיק די „בלויזע איבערפּלאַנצונג״ פון סאָציאַל־קולטורעלע ראַמען, וואָס זיינען פונקציאָנעל געווענדעט פאַרן אויפהאַלט און אַנטוויקלונג פון דעמאָגראַפיש־פאַרשידענע סאָציאַל־קולטורעלע גרופּן, פון די וואָס ווערן דאָ שטודירט.

עס איז כדאי צוצוגעבן — אויף אָפּצוצייכענען די דאָזיקע דערשיינונגען — אַז זיי קומען אויף און צייטיקן זיך מיטן געבאָט אויסצופירן די ראָל פון די „פונקציאָנעלע אָנווייזונגען״ און נישט פון דער „אָביעקטיווער קריטיק״.

## 1. 5 די געאָגראַפישע פאַרטיילונג פון דער באַפעלקערונג*

1. 5. 1. אַלגעמיינע באַטראַכטונגען: דער דאָזיקער קאַפּיטל נעמט זיך פאַר צו מאַכן אַ פאַרגלייך־שטודיום וועגן די דערשיינונגען פון דער געאָגראַפישער פאַרטיילונג פון דעם יִדיש־אַרגענטינער באַפעלקערונג.

עס איז אויך כדאי קלאָר צו מאַכן, אַז אין אַלגעמיין איז דער אַנאַליז פון די טעמעס פון דאָזיקן באַריכט — אין דער מערהייט פאַלן — אַ פּראָדוקט פון „אַרויסגעצויגענע״ דאַטן (לויט ווי עס איז פריִער אויפגעקלערט געוואָרן); אַזוי אַרום זיינען די פלענער פון דאָזיקן אַנאַליז תמיד אָנגעוויזן אויף די עקזיסטירנדיקע דאַטן, דאָס איז אויך דער תנאי פאַר דער טיפקייט און ברייטקייט פון זייערע אויספירן.

באַציִענדיק זיך אָביעקטיוו צו דער טעמע איז לייכט איינצוגעפינען, לויט דער פאַראַנענער אינפאָרמאַציע, די וואָג וואָס עס האָבן געהאַט — אין דער פאָרמירונג פון לאָקאַלן יִדישן ישוב — די אימיגראַנטן קאָנטינגענטן, וואָס האָבן זיך צעוואָרפן באַזעצט אין אינערן לאַנד.

ביים פאַרגלייך־שטודיום איבער די הי־געבוירענע מיטגלידער פוןביידע גענעראַציעס, קומען אַרויף מערקבאַרע אונטערשיידן.

די ערשטע גענעראַציע פון אונדזער אומפאַנג, רעקרוטירט איר וויכטיקסטן קאָנטינגענט, צווישן די יִדן געבוירענע אין דער הויפּטשטאָט, אָדער גלייך נאָך דעם, צווישן ענטרע־ריִאָסער יִדן, די געבוירענע אין די פּראָווינצן בוענאָס־איירעס און סאַנטאַ־פע, פּונקט ווי די אַנדערע

* זע טאַבעלן און פאַרגלייך־צעטלען אין די טעקסטן פון דער שפּאַנישער אָפּטיילונג.

פּראָווינציעלע יידן, שטעלן מיט זיך פאָר צווישן דער שטודירטער באַפעלקערונג אַ פּרעקווענץ פון קלענערער באַדייטונג.

די פּראָווינציעלע קאָנטינגענטן פון דער צווייטער גענעראַציע קאָנדענסירן, אין קעגנטייל, זייערע גרעסטע פּרעקווענצן צווישן די יידן אין דער הויפּטשטאָט און פּראָווינץ בוענאָס־אירעס, און לאָזן די סאַנטאַ־פּעער, ענטרע־ריאָסער און אַנדערע פּראָווינצער אויף די הינטערשטע פּלעצער.

די דאָזיקע גרעסערע „הויפּטשטעטישקייט" פון דער יינגסטער גרופּע, וואָס איז בפירוש דערוויזן אין דעם פאַרגלייך־צעטל 13, דאַרף אינטערפּרעטירט ווערן אין שיין פון כסדרדיקן מיגראַציע־פּראָצעס צו די שטאָט־צענטערס, וואָס עס האָבן דורכגעמאַכט זייערע עלטערן.

דאָס דאָזיקע איבערציען זיך, וואָס מיר רופן אָן „אינערלעכע מיגראַציע", מערקט זיך אויף אַ בולטן אופן, ווען מיר פאַרגלייכן די באַקומענע דאַטן מיט דער צענז־אינפאָרמאַציע פון 1947.

## פאַרגלייך־צעטל 13 פונאַנדערטיילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג לויט יורידיקציעס

| יוריסדיקציע | צענז אין 1947 [1] % | קהילה 1טע גענעראַציע % | קהילה 2טע גענעראַציע % |
|---|---|---|---|
| הויפּטשטאָט — — — — — — | 66,6 | 49,2 | 76,5 |
| פּראָוו' ב. איירעס — — — — | 13,1 | 13,6 | 8,6 |
| פּראָוו' ענטרע־ריאָס — — | 4,7 | 22,7 | 4,5 |
| פּראָוו' סאַנטאַ־פּע — — — — | 6,8 | 7,7 | 4,3 |
| אַנדערע פּראָווינצן — — — — | 8,8 | 6,8 | 6,1 |
| סך־הכל — — — — — | 100,0 | 100,0 | 100,0 |
| באַזע — — — — — — | (249,330) | (689) | (1875) |

[1] קוועלע: נאַציאָנאַלער צענז אין 1947.

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז די גרעסערע צאָל פון ענטרע־ריאָסער יידן אין אונ־דזער מיט, איז נישט קיין אינדיווידועלע באַזונדערקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר איז אַ גורם פון דער אַלגעמיינער מיגראַציע טענדענץ פון דער ענטרע־ריאָסער באַפעלקערונג.

פּ. אי. מאָנטעאַגודאָ דעפינירט די פּראָווינץ ענטרע־ריאָס ווי איינע פון די יוריסדיקציעס, וואָס האָט פונאַנדערגעשפּרייט איבער דער גאַנצער טעריטאָריע פון דער רעפּובליק אַ צאָלרייכערע איינגעבוירענע באַפעלקערונג, ווי דעם גאַנצן באַטרעף פון דער אייגענער באַפעלקערונג אויף איר טעריטאָריע. אין 1947 האָט זיך 14% פון דער ענטרע־ריאָסער באַפעלקערונג געפונען אויסער איר פּראָווינץ.

ווידעראַמאָל שווימען אַרויס די קוואַליטאַטיווע אונטערשידן צווישן די צווי גענעראַציע־גרופּן, און עס קומט אַרויס בולט אין דאָזיקן אַספּעקט, אַז די צוקונפטיקע אַנטוויקלונג פון דער לאָקאַלער יידישער געמיינדע, וועט שוין נישט זיין אויפן חשבון פון די מיגראַטאָרישע מיט־שטייערן. נאָר דורך דעם אינעווייניקסטן וווקס פון דער „הויפּטשטעטישער" יידישער באַפעל־קערונג.

# 2. עקאָנאָמיש־סאָציאַלער אַנאַליז

## 2. 1 די עקאָנאָמיש אַקטיווע באַפעלקערונג*

פאַר די צוועקן פון אַנאַליז, איז באַנוצט געוואָרן, ווי אַ קריטעריום, דער באַגריף: „עקאָנאָמיש אַקטיווע פערזאָן", לויט דער סוגערירונג פון דער „און", און די קלאַסיפיצירונג נעמט אַרום דעם אומפאַנג פון באַשעפטיקטע פערזאָנען מיט געהאַלטן.

די באַקומענע ציפערן — נעמענדיק אין אַכט די באַגרענעצטקייט פון די קוועלן — געהערן צו דער צווייטער גענעראַציע. ער מיינט, אַז די פאַרגלייכן וואָס קאָנען אויסגעשטעלט ווערן מיט די צענז־דאַטן, קאָנען האָבן בלויז אַן אילוסטראַטיוון ווערט, לויט דער מאָס, וואָס די צענז־אינפאָרמאַציע געהערט צו פאַרשונגען פון 14 יאָר און ווייטער, בעת אונדזערע דאַטן, וואָס געהערן צו פאַרשוינען אין חתונה־עלטער, שטעלן אפשר מיט זיך פאָר די „סאַמע אַקטיווסטע" סעקטאָרן פון דער באַפעלקערונג.

עס איז איבעריק מסביר צו זיין באריכות דעם פאַרוואָס פון דער דאָזיקער לעצטער השערה, אָבער עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז די ווירקונג פון דער עקאָנאָמישער שטויס־קראַפט ווירקט זיך אויס זייער שאַרף אויף יונגע פאַרפעלקער, לויט דער מאָס ווי דאָס טרייבט זיי אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן צו אַ „געמיינזאַמען" זוכן פון עקאָנאָמישע רעסורסן, כדי צו דעקן די הצטרכותן פון דער נייער היים.

פון דעם שטאַנדפונקט פון דער „עקאָנאָמישער אַקטיוויטעט", מערקן זיך אין פרינציפּ די פונדאַמענטאַלע דאַטן פון די פאַרגלייכטע באַפעלקערונגען.

### טאַבעלע 14: עקאָנאָמישע אַקטיוויטעטן פון דער באַפעלקערונג
(פאַרגלייך־צעטל)

| צוגאַב | צענז 1947 % | קהילה % |
|---|---|---|
| עקאָנאָמיש אַקטיווע באַפעלקערונג — — | 55,4 | 70,3 |
| עקאָנאָמיש נישט־אַקטיווע באַפעלקערונג | 44,6 (צוג׳) | 29,7 (צוג׳ צוג׳) |
| סך־הכל — — — — — — — — — — | 100,0 | 100,0 |

2. 1. 1. די עקאָנאָמיש נישט־אַקטיווע באַפעלקערונג: דער מער פרטימדיקער אַנאַליז פון די קאַטעגאָריעס באַצייכנט מיט (צוג׳) און (צוג׳ צוג׳), אין דעם פריִערדיקן פאַרגלייך־צעטל, ברענגט אַרויס רעזולטאַטן פון מערקבאַרן אינטערעס.

* זע טאַבעלע 6 און פאַרגלייך־צעטלען אין די טעקסטן פון דער שפּאַנישער אָפּטיילונג.

## פאַרגלייך־צעטל 15: די עקאָנאָמיש ניט אַקטיווע באַפעלקערונג, צעטיילט לויט דעם מין באַשעפטיקונג

| מין פון באַשעפטיקונג | צענז 1947 % | | קהילה % | |
|---|---|---|---|---|
| באַשעפטיקטע | 40,9 | | 28,6 | |
| הויז־אַרבעט | | 34,5 | | 21,6 |
| סטודענטן | | 3,8 | | 6,5 |
| אַנדערע | | 2,6 | | 0,5 |
| נישט־באַשעפטיקטע | 3,7 | | 0,1 | |
| כובילירטע, פענסיאָנירטע | | 1,7 | | 0,1 |
| אַנדערע | | 2,0 | | — |
| נישט־פעסטגעשטעלטע | — | | 1,0 | |
| סך־הכל | (צ) 44,6 | | (צ״צ) 29,7 | |

די באַדייטנדיקע אונטערשידן, וואָס מערקן זיך, אַזעלכע ווי די קלענערע פאַרגלייך־צאָל פון פרויען מיט הויז־באַשעפטיקונג, פון כובילירטע און פאָלגלעך די גרעסערע צאָל סטודענטן דאַרף געזוכט ווערן אין:

דעם אונטערשיד פון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור פון ביידע גרופּן.
דעם אונטערשיד פון עלטער פון ביידע גרופּן און
דער צייט־עלטער פון די צענז־ציפערן.

פון דער שטודירטער באַפעלקערונג געהערט צו דער גרוופּע פון גרעסטן קוואַליטאַטיוון אינטערעס די פון די פרויען, וואָס פאַרנעמען זיך מיט הויז־אַרבעט.

דער רעלאַטיוו־ייִנגערער עלטער־אָפּשניט פון דער ייִדישער פרוי, וואָס האָט זיך אַרויס־געוויזן פונעם פאַרגלייך מיט דער חתונה־סטאַטיסטיק פון דער מוניציפּאַליטעט (זע קאַפּיטל 2), פּאַראַלעל מיטן פאַקט פון געפינען אַ באַדייטנדיקע צאָל סטודענטינס צווישן די חתונה־געהאַטע פרויען, רעדן — ווי פאַקטישע דערשיינונגען — וועגן דער אייגנטימלעכער סאָציאַל־עקאָנאָמי־שער כאַראַקטעריסטיק פון דער לאָקאַלער ייִדישער געמיינדע.

אָבער פּאַראַלעל מיט דער „אָנווייזונג", וואָס עס ברענגען די ציפערן וועגן דער אונטער־גרונטלעכער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון די שטודירטע פּערזאָנען, שווימען אַרויף היפּאָטעט־טישע סימנים, וואָס דערמעגלעכן השערות פון געוויסע פּסיכיש־סאָציאַלע ריכט־ליניעס.

אויב מ׳זאָל אַרויסגיין פון דער הנחה, אַז די איצט־שטודירטע יונגע פּאַרפּעלקער, זיינען אַ טייל פון יסוד פון דער צוקונפטיקער ייִדישער געמיינדע, און אויב מיר נעמען אָן אין דער זעל־בער צייט, אַז די היינט „אָקאָרשט חתונה־געהאַטע פרויען", זיינען די צוקונפטיקע מאַמעס פון די ייִדישע שול־קינדער, און פון די ייִדישע קינדער אין אַלגעמיין, ווערט אויך באַשטעטיקט די וויכטיקייט, וואָס עס טראָגט דער פּרטימדיקער שטודיום איבער די באַשעפטיקונג־שטרע־בונגען פון די קינפטיקע עלטערן אין דער מאָס, וואָס נישט נאָר אַנטפּלעקט עס פאַר אונדז אַן עקאָנאָמישע אָנווייזונג, נאָר עס רעדט — לויט דער מאָס ווי עס וועט אויפגעהאַלטן ווערן די דאָזיקע באַשעפטיקונגס־־שטרעבונג — וועגן דעם מין פון צווישן־מענטשלעכע באַציִונגען און דעם דערציִונגס־סטאַטוס פון יחיד ביי די צוקונפטיקע קינדער.

קאָנקרעט רעדנדיק, מאַמעס, וואָס האָבן זיך „סעקולאַריזירט", דאָס הייסט, פאַרלאָזן די אייגנטימלעך־טראַדיציאָנעלע באַשעפטיקונגען, ווידערהאָלן נישט די ראָל פון דער פּאַרציי־טיקער הויז־ווירטן, נאָר פירן אויס ראָלן פון פּראָפעסיאָנאַלן, אונטערנעמער, אָרגאַני־

זאַטאָרן וכדומה, דאָס דאַרף באַוועגן — אין שייכות צום געמיינשאַפטלעכן אַספּעקט — צו אַ נייעם אויסדרוק־לשון, אַן אַקציע, אַ וועלטבאַנעם, „אַריינגעפּאַסט” אין זייערע סאָציאַלע ראַמען, פון די וואָס געפינען זיך אַן און פאַר זיך אַליין — לויט דעם אויספיר פון די דאַטן — אין אַ כסדרדיקער פאַרענדערונג און פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג.

די פונאַנדערטיילונג פון דער פרויען־אַרבעט, לויט דער מדרגה פון באַשעפטיקונג ווערט כאַראַקטעריזירט אין פאָלגנדיקן פאַרגלייך־צעטל:

## פרויען־באַפעלקערונג צעטיילט לויט דער מדרגה פון באַשעפטיקונג

| מדרגה פון באַשעפטיקונג | צענז 1947 % | קהילה % |
|---|---|---|
| עקאָנאָמיש־אַקטיוו — — — — | 22,6 | 47,9 |
| עקאָנאָמיש נישט־אַקטיוו — | 77,4 | 52,1 |
| סך־הכל — — — — — — — | 100,0 | 10,0 |

2. 1. 2. די עקאָנאָמיש־אַקטיווע באַפעלקערונג: מיר קערן זיך צוריק צו דער פרויען־באַפעלקערונג און איר מדרגה פון באַשעפטיקונג, כדי צו אַנאַליזירן — לשם אָפּשפּיגלונג — די באַשעפטיקונגס־כאַראַקטעריסטיק פון דאָזיקן עקאָנאָמיש־אַקטיוון פאַקטאָר פון דער שטודירטער באַפעלקערונג.

פון פאַרגלייך־שטאַנדפּונקט און כדי צו דערגרייכן אַ גרעסערע פּינקטלעכקייט, ווען מיר די צענז־אינפאָרמאַציע באַגרינדן מיט אונדזערע דאַטן, באַנוצנדיק די פונאַנדערטיילונג, לויט די פאַרשידענע עלטער־גרופּעס. די צענז־אינפאָרמאַציע (1947), באַציט זיך אויסשליסלעך אויף דער הויפּטשטאָט.

## פאַרגלייך־צעטל 18: עקאָנאָמיש־אַקטיווע פרויען אויף 100 פרויען פון יעדער עלטער גרופּע

| עלטער גרופּע | צענז 1947 % | קהילה % |
|---|---|---|
| פון 14 ביז 17 יאָר — — — — | 33,9 | ? |
| פון 18 ביז 29 יאָר — — — — | 46,5 | 47,3 |
| פון 30 ביז 49 יאָר — — — — | 29,9 | 38,3 |
| פון 50 יאָר און עלטער — — | 14,8 | ? |
| סך־הכל — — — — — | 31,2 | 47,9 |

הגם דער מערקבאַרער וווקס אין דער „אַקטיוויטעט” פון דער יידישער פרוי כלפּי דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט, קאָן דערקלערט ווערן אין די טערמינען פון אַ גרעסערן אַרבעטס־דראַנג, מחמת דער נויטווענדיקייט צו דעקן די פאַמיליע־בודזשעטן פון די אָקאָרשט אויפגעשטעלטע היימען, אָדער ווען מען זאָל עס אַפילו דערקלערן אין טערמינען פון אַנדערע עקאָנאָמישע אָפּווייכונגען, פאַרשטאַרקט זיך פונדעסטוועגן די היפּאָטעטישע השערה, וואָס מיר האָבן פריער אַנטוויקלט אין דעם זין, אַז די אָנוועזנהייט פון שטאַרקע „עקאָנאָמיש אַקטיווע” פרויען־קאָנטינגענטן, וועט אַרויסברענגען סטרוקטורעלע ענדערונגען אין יידישע פאַמיליען־לעבן, אין

דער מאָס ווי עס וועלן אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן, זיך אויסווירקן „נישט־טראַדיציאָנעלע דרכים".

אין שלוס: וועט די אינסטיטוציאָנעלע טעטיקייט, נעמענדיק אין אַכט די אינפאָרמאַציע, וואָס רעגיסטרירט די אַפּעראַציע פון סטרוקטורעלע טראַנספאָרמאַציעס אין די שטודירטע גרופּן, זיין אין אַ בעסערן מעמד צו געפינען מער אָפּעראַטיווע פאָרמען פאַר אַ צוניפּשליסנדיקער אינטעגרירונג פון די פאַרשידענע טיילן פון דעם „אַל־געמיינשאַפטלעכן".

## 2. 2 די באַשעפטיקונגס סטרוקטור*

2. 2. 1. די קלאַסיפיצירונג פון סאָציאַלע שיכטן: ערנסטע באַגרענעצונגען שטעלן אַוועק די קוועלן פאַר דעם וואָס פרווט סאָציאַל קלאַסיפיצירן דער שטודירטער באַפעלקערונג, מחמת די ווענדונגען (דער קהילה־רעגיסטער פאַר חתונות) האָבן זיך נישט פאַרגענומען צו ענטפערן אויף באַשטימטע טעאָרעטישע פאָרמאַליטעטן. די סכנה, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאַר די שאַפונג פון רעאַלע גרופּן, אַרויסגייענדיק פון דער מאַניפּולאַציע מיט סטאַטיסטישע ציפערן, צווינגט פאַרצולייגן אין דאָזיקן פאַל השערותדיקע און ריין־היפּאָטעטישע קלאַסיפיקאַציעס, צוליב דער אָרעמקייט פון די פאַראַנענע דאַטן.

נישט קוקנדיק אויף דעם איז דער קלאַסיפיקאַציע־קריטעריום, רעספּעקטירנדיק די אַרויסגעבראַכטע הנחות, צוניפּגעשטעלט געוואָרן אויפן סמך פון סטרוקטורעלע און פסיכיש־סאָציאַלע קאָנצעפּטן. אין רעזולטאַט פון דעם זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן דריי עסטראַקטן (דער האַלב אומאָפּהענגיקער שיכט, האַלב אָפּהענגיקער שיכט און דער נידעריקער), פּאַראַלעל מיטן אויפשטעלן אַ פערטן, גרופּירט אונטער דער באַצייכענונג פון „אַנדערע", וואָס קאָנדענסירט די נישט־באַלזינטע באַשעפטיקונגען.

דער סך־הכל פון דער שטודירטער באַפעלקערונג האָט אין גאַנצן צוזאַמענגעשטעלט די פאַנאַנדערטיילונג, וואָס עס שטעלט אַרויס דער ווייטערדיקער פאַרגלייך־צעטל, וועלכער ברענגט אַרויס, אין דעם פאַרגלייך מיט אַ דורכגעפירטער אַנקעטע פון סאָציאָלאָגישן דעפּאַרטאַמענט פון דער בוענאָס־איירעסער מוניציפּאַליטעט, אַ קלאָרן באַגריף וועגן דער אינערלעכער „האַרמאָנישקייט" פון אונדזער אומפאַנג.

### פאַרגלייך־צעטל 18: די עקאָנאָמיש אַקטיווע באַפעלקערונג פונאַנדערגעטיילט לויט סאָציאַלע עסטראַקטן

| עסטראַקטן | קהילה % | סאָציאָלאָגישע אַנקעטע % |
|---|---|---|
| הויכער שיכט — — — — — — | 4,2 | |
| אומאָפּהענגיקער שיכט — — — | 54,1 | 51,5 |
| אָפּהענגיקער שיכט — — — — | 41,7 | 45,0 |
| פאָלקס־שיכט — — — — — — | — | 3,5 |
| סך־הכל — — — — — — | 100,0 | 100,0 |
| באַזע — — — — — — | (2262) | (1481) |

* זע טאַבעלע 7 און פאַרגלייך־צעטלען אין די טעקסטן.

אַרויסגייענדיק פון פאַריקן פאַרגלייך־צעטל, איז לייכט צו זען בפירוש, אַז די שטודירטע באַפעלקערונג פון די מיטעלע עסטראַקטן (אָפּהענגיקער און אומאָפּהענגיקער) נעמען אַרום 96,5% פּראָצענט פון דער שטודירטער באַפעלקערונג, קעגנאיבער 54,1, וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

אָבער עס איז אינטערעסאַנט אונטערצושטרייכן, אַז דער אינערלעכער צוזאַמענשטעל פון די עסטראַקטן (פאַרגלייך־צעטל 7) ברענגט אַרויס די אָנוועזנהייט פון אַ שטאַרקן קאָנטינגענט ייִדישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע (48,5%) פון דער אַקטיווער באַפעלקערונג, גרופּירט אין די עקסטראַקטן אָפּהענגיקע און נידעריקע שיכטן.

מ. קאָטצער האָט שטודירנדיק די באַשעפטיקונגס־סטרוקטור אויף אַ מוסטער פון קהילה־מיטגלידער, און פון די עלטערן פון די ייִדישע תלמידים אין 33 שול־אַנשטאַלטן, דערמעגלעכט דורך זיינע דאַטן צו רעקאָנסטרויִרן דעם פאַרגלייך־צעטל 19, ווו עס ווידערהאָלט זיך די פריִערדיקע אָבסערוואַציעס, וועלכע פאַרזיכערן וועגן דעם איבערגעוויכט פון די מיטעלע עסטראַקטן פון דער ייִדיש־אַרגענטינער באַשעפטיקונגס־סטרוקטור.

עס איז אויך ווערט אונטערצושטרייכן, אַז די אונטערשידן, וואָס מערקן זיך אין דעם נאָכפאָלגנדיקן פאַרגלייך־צעטל דאַרפן אויך אינטערפּרעטירט ווערן אין שייַן פון דעם פאַרשידנאַרטיקן סאָציאַל־עקאָנאָמישן צוזאַמענשטעל פון די געמוסטערטע אומפאַנגען, פונקט ווי פון די צופעליקע פאַרשידנאַרטיקייטן פון אונדזערע מוסטערן.

**פאַרגלייך־צעטל 19: באַשעפטיקונגס סטרוקטור פון דער באַפעלקערונג מענערישע (עקאָנאָמיש אַקטיוו)**

| עסטראַקט | מיטגלידער מוסטער % | עלטערן מוסטער % | קהילה־שטודיום % |
|---|---|---|---|
| האַלב־אומאָפּהענגיקער שיכט — | 65,4 | 75,8 | 69,6 |
| האַלב־אָפּהענגיקער שיכט — — | 27,2 | 15,7 | 25,6 |
| נידעריק־אָפּהענגיקער שיכט — | 7,4 | 8,5 | 4,8 |
| סך־הכל — — — — — | 100,0 | 100,0 | 100,0 |
| באַזע — — — — — — | (1,035) | (6,433) | (976) |

דאָס אויבנדיקע, געצילט צו כאַראַקטעריזירן די שטודירטע גרופּע, דערמעגלעכט אויסצופירן אין פּרינציפּ, אַז עס האַנדלט זיך אין אַן אידענטיפיצירבאַרער מאַסן־באַפעלקערונג, ווי אַ „מיטלקלאַס אין אויפשטייג״, אין וועלכן עס מערקן זיך קאָנטיקע אונטערשידן אין שייכות צו דעם „סטאַטוס״ צווישן דער באַשעפטיקונגס־סטרוקטור פון די פרויען און די מענער.

די אידענטיפיצירונג צווישן די מיטלשיכט־עסטראַקטן און די דריטראַנגיקע אַקטיוויטעטן (האַנדלס־הייזער, בענק, אַלגעמיינע באַדינונג אאַז״וו), וואָס איז איינשטימיק אַרויסגעבראַכט געוואָרן דורך די געלערנטע פון די מיטלקלאַסן אין לאַטיינאַמעריקע, קאָן נאָכאַמאָל באַשטעטיקט ווערן אין דער ייִדיש־אַרגענטינער געמיינשאַפט דורך אַנדערע אינפאָרמאַציע־קוועלן, נעמענדיק אין אַכט די באַגרענעצטקייט פון אונדזערע אייגענע דאַטן.

אַזוי האָט אי. ל. האָראָוויץ, זאַמלענדיק פאַרשידענע קוועלן צונויפגעשטעלט אַ פאַרגלייך־צעטל פון וועלכער עס ווייזט זיך אַרויס „אַז הגם אַרגענטינע האָט אַ הויכן פּראָצענט פון איר באַפעלקערונג אין די מיטלשיכטן, איז די ייִדישע קאָנצענטראַציע (אין די דריט־ראַנגיקע אַקטיוויטעטן) באַדייטנדיק גרעסער, ווי די נאָרמע. דאָס שליסט נישט אויס די וויכטיקייט פון

דעם יידישן אָנטייל אין די ערשטראַנגיקע אַקטיוויטעטן (אַגריקולטור, פיצוכט אאַז״וו) און צווייטראַנגיקע (קאָנסטרוקציע, כימישע אינדוסטריע, טעקסטיל אאַז״וו).

פון דעם אַלעמען איז אויפגעקומען דער אינטערעס צו דעטעקטירן די דאָזיקע ראיות פון דער סאָציאַלער עסטראַקטיפיצירונג פון דער יידיש־אַרגענטינער געמיינשאַפט, כדי צו דערגרייכן אַזוי אַרום — פון דעם פונקציאָנעלן שטאַנדפונקט — די צופּאַסונג פון דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט צו די סטרוקטורעלע אייגנשאַפטן און הצטרכותן פון אירע מיטגלידער.

2. 2. 2. איינציקע אָנווייזער: חוץ די ציטירטע באַשעפטיקונגען פון די מיטגלידער, און זייער עסטראַקטיזירונג, לויט דער אויסגעשטעלטער מעטאָדאָלאָגיע איז „אַרויסגעצויגן״ געוואָרן אַן אָנווייזער, וואָס וועט דערמעגלעכן צוצוגעבן אַ געוויסן צוזאַמענהאַנג צו די רעאַליזירטע אַקטיוויטעטן.

אַזוי אַרום האָט מען געפּרוווט אויסצוטיילן די פּראָפּאָרץ פון די פּאַרפעלקער, וואָס בייטן די פריערדיקע דירה (פון זייערע עלטערן) אויף אַ באַזונדערער ביים פאַרלייגן אַ נייע היים.

דער פאַרגלייך־צעטל 8 באַווייזט די פונאַנדערגעטיילטע רעזולטאַטן לויט צוויי גרויסע באַשעפטיקונגס־גרופּן: אָפּהענגיקע און אומאָפּהענגיקע.

ווייניקע זיינען די שטודיומס וועגן חתונה, און נאָך ווייניקער, זיינען די וואָס נעמען אויף די דאָזיקע ווענדפונקטן, אָבער אַן אָקאַרשטיקע קאָמערציעלע אַנקעטע פאַרזיכערט אַז ביי דעם מיטלקלאַס אין אויפשטייג, איז די פּראָפּאָרץ פון דירה־טויש ביי די יונגע פּאָרלעך וואָס גייען חתונה האָבן פון 60%.

די דאָ שטודירטע באַפעלקערונג ווייזט אין סך־הכל אַ פאַרהעלטעניש פון „דירה־טויש״ פון 67,8% פּראָצענט, דער דאָזיקער ווענדפונקט דערמעגלעכט, ביים פאַרגלייך מיט דער שוין אָנגעוויזענער דערפאַרונג, זיין באַנוץ ווי „אַן אָנווייזער״.

די אונטערשידן צווישן די באַשעפטיקונגס־קאַטעגאָריעס (עס בייטן דירות אָפּהענגיקע; 66,1%; אומאָפּהענגיקע: 73,2%), ווייזן אָן אויף אַ געוויסן אופן דעם אינערלעכן צוזאַמענהאַנג פון דער דאָזיקער פאַנאַנדערשיידונג.

## 2. 3 די פּראָפעסיאָנאַלן־גרופּעס*

2. 3. 1. אַלגעמיינע באַטראַכטונגען: די שטייגנדיקע וויכטיקייט, וואָס עס נעמען אָן די פאַרשידענע פּראָפעסיאָנאַלן גרופּן אין דער אויספירונג און אָנפירונג פון דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, האָט אַרויפגעבראַכט די נויטווענדיקייט צו באַלויכטן זייער באַשעפטיקונגס־כאַראַקטעריסטיק.

אין דעם לויפנדיקן קאַפּיטל, זיינען גרופּירט אונטער דער באַצייכענונג פון „פּראָפעסיאָנאַלן גרופּעס״, נישט בלויז די גראַדוירטע אוניווערזיטעטאַריער, נאָר אויך די איבעריקע פּראָפעסיאָנעלע גרופּן, אין געוויינלעכע טעטיקייט, צום ביישפּיל: קאָמערציאַנטן, אינדוסטריאַלן אאַז״וו.

2. 3. 2. די אוניווערזיטעטאַרע פּראָפעסיאָנאַלן: עס קאָן געשען, אַז די נויטווענדיקייט צו שאַפן איינשליסלעכע קאַטעגאָריזאַציעס זאָל פאַרטונקלען געוויסע אינערלעכע פאַרשידנאַרטיקייטן פון דער קאַטעגאָריע. אין פאַל פון די „אוניווערזיטעטאַריער״ נעמט אָן די דאָזיקע הנחה אַן אויסגעשפּראָכענע באַדייטונג, און דערפאַר, דער פּרטימדיקער אַנאַליז.

פאַרשידענע שטודיומס וועגן „באַשעפטיקונגס פּרעסטיזש״ האָבן אַרויסגעבראַכט געוויסע היפּאָטעזעס מכח דעם באַשעפטיקונגס־אויסוואַל. ג. מורמיס פאַרזיכערט אַז „דער באַגריף פון

* זע פאַרגלייך־צעטל 19 און די טאַבעלעס אין טעקסט פון דער שפּאַנישער אָפּטיילונג.

געזעלשאַפטלעכן פרעסטיזש איז ענג פאַרבונדן מיט פאַקטאָרן פון עקאָנאָמישן שטאַנד״... „די פרייע פראָפעסיעס, זיינען דער מיטלפונקט פון „פרעסטיזש״, אָבער זיי פאַלן אַרונטער די אייגעזויניקסטע אונטערשידן, לויט די פאַרשידנאַרטיקע קאַריערעס״, אַזוי אַרום פאַלט אויס אויפן חשבון פון די מעדיקער און אַדוואָקאַטן די העכסטע מאָס פון באַשעפטיקונגס־פרעסטיזש.

כדי בעסער צו פאַרשטיין די פראָפעסיאָנעלע כאַראַקטעריסטיק פון די יידישע אוניווערזיטאַריער, זיינען מיר אָנגעקומען צום פאַרגלייך־מעטאָד מיט דעם וואָס מיר רופן אָן „די נאַציאָנאַלע געזעלשאַפט״.

דער שטודיום פון דעם די־טעליאַ־אינסטיטוט וועגן אָנבאָט פון ספּעציאַליזירטע אַרבעטסהענט אין אַרגענטינע דערמעגלעכט אַרויסצוברענגען באַזישע דאַטן מכוח די גראַדוירטע פראָפעסיאָנאַלן פון בוענאָס־איירעסער אוניווערזיטעט, אין דעם פעריאָד 1960־1955. אַזוי אַרום האָבן מיר וועגן 18.854 פאַלן אויפגעשטעלט די פאָלגנדיקע טאַבעלע, ווו עס זיינען — לויט מען קאָן מערקן — גרופירט געוואָרן די קאַריערעס פון גרויסע קאַטעגאָריעס:

- וווקס לטובת די יידישע פראָפעסיאָנאַלן.
- וווקס לטובת דעם אַלגעמיינעם סך־הכל פון פראָפעסיאָנאַלן.

**פאַרגלייך־צעטל 20: פאַרטיילונג פון פראָפעסיאָנאַלן, לויט קאַריערעס**

| קאַריערע | פראָפעסיאָנאַלן אין אַלגעמיין % | יידישע פראָפעסיאָנאַלן % |
|---|---|---|
| מעדיצין — — — — — — — | 26,8 | 30,4 |
| אינזשינעריע — — — — | 15,9 | 16,2 |
| עקאָנאָמ׳ וויסנשאַפטן — — | 11,5 | 16,2 |
| פאַרמ׳ און ביאָכימיע — — | 5,2 | 9,0 |
| עקזאַקטע וויסנשאַפטן — — | 5,3 | 6,3 |
| וווקס פון פראָפ׳ אין אַלגעמיין | | |
| רעכטסוויסנשאַפט — — — | 12,3 | 6,9 |
| אַדאָנטאָלאָגיע — — — — | 11,6 | 6,9 |
| אַרכיטעקטור — — — — | 4,4 | 2,5 |
| אַבסטעטריק — — — — — — | 5,5 | — |
| אַנדערע — — — — — — — | 1,5 | 0,4 |
| נישט־פעסטגעשטעלט — — | — | 3,4 |
| סך־הכל — — — — — | 100,0 | 100,0 |
| באַזע — — — — — | (18,854) | (204) |

די פאַנאַנדערטיילונג פון די פראָפעסיאָנאַלן פירט אַרויף אויפן געדאַנק, אַז עס הערשט אַ געוויסער אויסוואַל — ביי יידישע פראָפעסיאָנאַלן — פאַר אַזעלכע קאַריערעס ווי מעדיצין, עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן און אינזשנעריע, וואָס הגם דאָס קאָן אויפגעקלערט ווערן באַנוצנדיק די הנחות וועגן „באַשעפטיקונגס־פרעסטיזש״, דאַרף עס זיין אַ טעמע פאַר מער אויפמערקזאַמע און ספּעציאַליזירטע שטודיומס.

היפּאָטעטיש איז מעגלעך זיך משער צו זיין, אַז די ריכטליניע פון אַ פּאַראַלעליזם, וואָס באַציט זיך אויף דער פאַרמינערונג פון יידישע אַדוואָקאַטן דאַרף צוגעשריבן ווערן אויפן פאַקט,

וואָס די דאָזיקע „ריכטליניע״ (דאָס פאַרנעמען זיך מיט אַדוואָקאַטור), אויף דעם „געפאַלענעם פּרעסטיזש״ פון דעם צווייג, וואָס איז אייגנטימלעך־טראַדיציאָנעל, און שטאַמט נישט פון מיטלקלאַס־סעקטאָר.

די גרופּעס ייִדישע פּראָפעסיאָנאַלן ברענגען אַרויס קאָנטיקע אונטערשידן לויט דעם געשלעכט. די דאָזיקע עווידענצן באַווייזט די טאַבעלע 9.

**3. 3. 2.** די קאָמערציאַנטן און אינדוסטריאַלן: זייער שווער קומט אָן אויסצושיידן געגנוי די דאָזיקע קאַטעגאָריע, אין אָנזיכט פון דער צאָל באַשעפטיקונגס־רובריקן, וואָס קלערן נישט אויף, די בראַנזשע אָדער אַקטיוויטעט פון קאָמערציאַנט אָדער אינדוסטריאַל, נישט קוקנדיק אויף דעם ווייזט זיך אַרויס צו זיין אינטערעסאַנט אָנצומערקן דעם אינערלעכן צו־זאַמענשטעל פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע.

די אַזוי אַרום אָנגעגעבענע דאַטן באַציִען זיך אויף די באַשעפטיקונגס־אָנגאַבן פון די חתנים און כלות.

צוליב דער מאָגערקייט פון געוויסע קאַטעגאָריעס וועלן די דאַטן רעגיסטרירט ווערן אין זייערע אַבסאָלוטע באַשעפטיקונגען און די פּראָצענטועלע.

### פאַרגלייך־צעטל 21: קאָמערציאַנטן און אינדוסטריאַלן, פאַרטיילט לויט דער אַקטיוויטעט

| אַקטיוויטעטן | אַבסאָלוטע באַשטימטקייטן | % |
|---|---|---|
| קאָמערציאַנטן און אינדוס־טריאַלן (אָן מערערע פּרטים) | 340 | 76,7 |
| מאַראָקינעראָס — — — — | 14 | 3,1 |
| שניידער און פאַרבערס — | 16 | 3,6 |
| מאָדיסטנס — — — — — — | 12 | 2,7 |
| פוטערוואַרג — — — — — — | 8 | 1,7 |
| סטאָלער און מעבל־פּוצער | 5 | 1,1 |
| בעקער און קצבים — — — | 5 | 1,1 |
| טאַפּיצירער — — — — | 4 | 1,0 |
| שוסטער — — — — — — — | 2 | 0,7 |
| סך־הכל — — — — — | 443 | 100,0 |

ווי עס מערקט זיך, באַוועגט די צודרינגלעכקייט פון אַ געוויסער גרופּע טיפּיש־בעל־מלאכהשע אַקטיוויטעטן צו פאַרשאַרפן די פאַרזיכטיקייט אין דער באַשעפטיקונגס־גרופּירונג, מחמת ווען מיר זאָלן דאָס נישט טאָן, וואָלט עס באַדייט אָפּצוקערן זיך פון דעם פּראָבלעם פון דער „דעספּראָלעטאַריזירונג פון דעם ייִדישן אימיגראַנט״, וואָס באַזאָרגט אַזויפיל און האָט באַזאָרגט אונדזערע סאָציאָלאָגן.



# די וואָס זיינען געשטאַנען בראש און די וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער קהילה

אין „יאָרבוך תשט״ו" — דעם עלטערן ברודער פון דעם דאָזיקן „פנקס" — איז געווען פאַרעפנטלעכט אַן אַרבעט פון דוד גאָלדמאַן וועגן די פאָרזיצערס און די פאַרוואַלטונגען פון דער קהילה אין בוענאָס־איירעס, זייט דער אַנטשטייונג פון דער אינסטיטוציע ביז צום יאָר 1955. דאָ געבן מיר די רשימה פון די פאַרוואַלטונגען פון יאָר 1955 ביז צום יאָר 1963. חוץ דעם ברענגען מיר אויך קורצע ביאָגראַפישע פרטים וועגן די דריי פרעזידענטן פון דער אינסטיטוציע וועלכע זיינען געשטאַנען בראש פון איר אַרבעט אין דעם דערמאָנטן צייט־אָפשניט. מיר פאַרצייכענען אויך די מיטגלידער פון די פאַרשיידענע קהילה־קאָמיסיעס אין די יאָרן 1957־1963 און די מיטגלידער פון ביידע קאָנסולטיווע ראַטן אין דער זעלביקער צייט.

רעד.

## ד״ר אברהם מבשן

במשך די 24 יאָר וואָס ער האָט געלעבט אין אונדזער ישוב, האָט ד״ר מבשן רעאַליזירט זייער פּאָזיטיווע אַרבעטן, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דעם יידישן לאָקאַלן לעבן און לטובת דער פאַרשטענדעניש פאַר דעם ציוניסטישן געדאַנק אויך אין נישט־יידישע קרייזן.

ד״ר אברהם מבשן איז געווען אַ מענטש מיט אַ ברייטער קולטור, מיט שפראַכן־קענטעניש, מיט איניציאַטיוו און מיט אחריות. ער איז געקומען צו אונדז אין יאָר 1936, ווי דער שליח פון נחום סאָקאָלאָוו, דעמאָלטדיקער פרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. זיין קומען איז געווען פאַרבונדן מיט צוגרייטן דעם באַזוך פון נחום סאָקאָלאָוו קיין אַרגענטינע. דער דאָזיקער באַזוך איז נישט צושטאַנדגעקומען, ווייל נחום סאָקאָלאָוו איז נפטר געוואָרן דעם זעלביקן יאָר. עס איז אָבער פאַרבליבן שוין צווישן אונדז ד״ר מבשן, וועלכער האָט זיך במשך דער צייט אידענטיפיצירט מיט אונדזער ישוב און איז געוואָרן אַן אייגענער, האָבנדיק דערגרייכט צו פאַרנעמען דעם אַמט פון יושב ראש פון דער קהילה און פון ועד הקהילות.

ד״ר אברהם מבשן איז געבוירן אין 1890, אין יאַסי, רומעניע. אין 1912 דיפלאָמירט ער זיך אַלס דאָקטאָר אין פילאָזאָפיע אויפן בערלינער אוניווערזיטעט. דאָרט און אין ווירצבורג, זעצט ער פאָר זיין שטודיום, ספּעציאַליזירנדיק זיך אין אָריענטאַלישע און הויפּטזעכלעך יידישע וויסנשאַפטן.

אין 1913 קומט ער קיין ארץ־ישראל, וווּ ער ווערט פּראָפעסאָר אין גימנאַזיע „הרצליה". נאָך עטלעכע יאָר פאָרט ער צוריק קיין רומעניע און אין 1919 באַזעצט ער זיך צום צווייטן מאָל אין תל־אביב, וווּ ער ווערט באַשטימט אַלס סעקרעטאַר פון דער מוניציפּאַליטעט דורך מאיר דיזענגאָף. ער פאַרנעמט דעם אַמט ביז 1924, ווען ער פאָרט

קיין רומעניע אַלס דירעקטאָר פון קרן היסוד און פאַרבלייבט דאָרט ביז 1936.

אין דעם זעלבן יאָר קומט ער קיין אַר־גענטינע אין שליחות פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, ווו ער באַזעצט זיך דע־פיניטיוו און פאַרבלייבט ביז צום סוף פון זיין שעפערישן לעבן.



די יאָרן וואָס ד״ר מבשן איז פאַרבליבן אין אונדזער ישוב, זיינען די פרוכטבאַרסטע אין שעפערישסטע יאָרן פון זיין לעבן. די דאָזיקע ציוניסטישע און געזעלשאַפטלעכע אַקטואַציע ביי אונדז, איז אַ רייך קאַפּיטל פון טעטיקייט און פּאָזיטיווע דערגרייכונגען.

ד״ר מבשן שטייט בראש פון דער אַקציע פון קרן היסוד במשך פיל יאָרן. ער איז דער פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ אין אַרגענטינע און איז מיט לייב און לעבן אַריינ־געטאָן אין ציוניסטישער אַרבעט. אַ גרויסער אויפטו איז בשעתו געווען די גרינדונג פון פּראָ־פּאַלעסטינע קאָמיטעטן, אַזוי דאָ ביי אונדז ווי אין אַנדערע זיד־אַמעריקאַנער לענ־דער, וועלכע האָבן מאָביליזירט די אָנגע־זעענסטע אינטעלעקטואַלן און שטאַטסלייט, פאַר אונדזערע רעכט אין ארץ־ישראל.

ד״ר מבשן איז אויך דער גרינדער פון דער אַרגענטינער אָפּטיילונג פון דעם וויצ־מאַן־אינסטיטוט און האָט פאַרנומען אָנפירנ־דיקע פּאָזיציעס אין „בני־ברית״, אין וועלט־קאָנגרעס, אין דער ציוניסטישער פעדעראַ־ציע, אין מכון לתרבות ישראל, און פיל אַנ־דערע.

ער איז אויך געווען פּאָרזיצער פון דער „דאַיאַ״ און יושב־ראש פון דער קהילה אין די יאָרן 1955־56. אויף די אחריותפולע אַמטן האָט ער אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו און ווירדע און בייגעטראָגן צו הייבן די חשיבות פון אונדזער ישוב.

ד״ר אברהם מבשן איז נפטר געוואָרן דעם 29סטן מערץ 1960.

## אלימלך גוטקין

אלימלך גוטקין איז אַ ווירדיקער רעפּרע־זענטאַנט פון דעם צווייטן יידישן דור אין אַרגענטינע. ער איז געבוירן געוואָרן דעם 18טן אָקטאָבער 1895 אין באַסאַווילבאַסאָ, אַ יאָר נאָך דעם ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע קאָלאָניזאַציע אין ענטרע ריאָס. ער איז טאָקע פון די ערשטע יידישע קינדער וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין יענער פּראָ־ווינץ.

זיין טראַדיציאָנעלע יידישע דערציִונג האָט גוטקין צו פאַרדאַנקען זיין היים, טראַ־דיציאָנעל־אָפּגעהיטענע עלטערן, דער שול ווו ער האָט געלערנט און נישט ווינציקער דער יידישער סביבה אין באַסאַווילבאַסאָ, וואָס האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון אַ פרום שטעטל אין מזרח־אייראָפּע. אַלס קינד געדענקט גוטקין, ווי ער האָט געטראָגן שבת דעם טלית אין שול אַריין פאַר דעם אַלטן ווינאָקור. און די דאָזיקע שפּורן פון דער איינגעזאַפּטער יידישקייט, זיינען אים פאַרבליבן אויף אייביק.

גוטקין דערמאָנט מיט דאַנקבאַרקייט זיין לערער אלתר בראַסלאַווסקי. אַ גוטער און געטרייער לערער וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט די קינדער. נאָך דער שול האָט ער מיט

די בעסערע קינדער פּריוויליק געלערנט תנ"ך, גמרא, פּוסקים.

אין באַסאַווילבאַסאַ איז ער פאַרבליבן ביזן 14טן יאָר. ער קומט דערנאָך קיין בוע־נאָס איירעס און דאָ טרעט ער אַריין אין קאָלעכיאָ מיליטאַר אין קאַמפּאָ דע מאַזשאָ, וווּ ער איז פאַרבליבן ביזן 18טן יאָר. גלייכ־צייטיק פאַנגט ער אָן זיין ציוניסטישע אַק־טואַציע אין פאַראיין „תפארת ציון", דאָס איז דער ערשטער ציוניסטישער פאַראיין אין בוענאָס־איירעס, פון וועלכן עס איז שפּע־טער אַרויסגעקומען די ציוניסטישע פעדע־ראַציע. טאַקע אין מיליטערישן מונדיר פלעגט גוטקין קלייבן געלט פאַר ציוניסטי־שע צוועקן.

צוריק אין באַסאַווילבאַסאַ ווערט ער סע־קרעטאַר פון דער ציוניסטישער אגודה און צוליב מאַנגל אין לערערס, פאַרטרעט ער צען חדשים אַ לערער אין דער דאָרטיקער שולע, וווּ עס איז געווען דירעקטאָר בנציון פייגאָן. אין דעם זעלבן יאָר ווען עס האָט זיך געשאַפן די פראַקציע צעירי ציון, ווערט ער איינער פון די ענטוזיאַסטישע עסקנים.

אין 1919 קומט ער ווידער קיין בוענאָס־איירעס וווּ ער פאַנגט אָן אַ פאַרצווייגטע און סיסטעמאַטישע ציוניסטישע טעטיקייט אין דער צעירי ציון פאַרטיי, וואָס איז געווען דער צענטער פאַר יידישע אינטעלעקטואַלן. אַלע געקומענע אימיגראַנטן פון איירָאָפּע האָבן דאָ געפונען זייער גייסטיקע היים.

זיינע ציוניסטישע מדריכים זיינען געווען דוד לאַמאַנאַסאָוו ע"ה, און צו לאַנגע יאָר הלל מאַלימאַוּוקאַ און יוסף פיין. זיי האָבן זיך פּול־קאָם אויסגעלעבט און אויסגעטראָגן דעם קאַמף וואָס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען מיט די אַלגעמיינע ציונים.

גוטקין האָט אַ רייכע געזעלשאַפטלעכע און ציוניסטישע אַקטואַציע. ער האָט אַק־טוּירט אין אימיגראַנטן־שוץ פאַראיין, אין מכבי, און איז אויך איינער פון די גרינדער פון דער ביאַליק־שול אין 1930. ער איז אויך געווען טעטיק אין דער יידישער פאָלקס־באַנק, וווּ ער האָט רעגונסירט אין יאָר 1951 פאַר נישט זיין איינשטימיק מיטן אופן ווי די באַנק איז אָנגעפירט געוואָרן. ער איז אויך געווען פאָרזיצער פון דער צעירי ציון פאַר־טיי ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן די ענדגילטיקע פאַראייניקונג אין 1945. אין יאָר 1949 איז ער געווען אין דער פאַרוואַלטונג פון דער חברה קדישא אַלס רעכענונג־אי־בערזעער. פאָרזיצער פון קאָמיטעט פאַר הס־תדרות, וויצע־פאָרזיצער פון קרן קימת און וויצע־פאָרזיצער פון מגבית.



אַלס יושב־ראש פון דער קהילה איז דער פעריאָד פאַרבונדן מיט אַ ריי פּאָזיטיווע דער־גרייכונגען. זיין קאַדענץ פאַלט אויס נאָך דעם דורכגעפירטן רעפאָרם פון די סטאַטוטן און נאָך די ערשטע פראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. עס דאַרף גאָר באַזונדער באַטאָנט ווערן ווי אַ וויכטיקער אויפטו די גרינדונג פון לערער־סעמינאַר אין מאָזעסוויל, וואָס איז געוואָרן אַ לייזונג פון לערער פאַר דער פראָווינץ, ווי אויך דאָס לייגן דעם גרונטשטיין פאַרן בנין פון לערער־סעמינאַר ביי דער קהילה.

# ד״ר טוביה קאַמענשיין

ד״ר טוביה קאַמענשיין, וועלכער האָט פאַרנומען דעם פרעזידענטן־אַמט פון דער קהילה און פון ועד הקהילות במשך די לעצ־טע דריי יאָר, איז פון די ייִנגסטע פרעזידענ־טן אין אונדזער קהילה און אין דער ייִדי־שער וועלט בכלל. דאָס רעדט אַמבעסטן וועגן דעם גייסט וואָס עס הערשט אין אונדזער קהילה, וועלכע צעעפנט ברייט אירע טירן פאַר די יונגע דורות.



קאַמענשיין, הגם ער איז געבוירן אין פוילן, אָסטראָג־וואָלין, אין יאָר 1918, דאַרף ער אָבער באַטראַכט ווערן ווי אַ פּראָדוקט פון אונדזער סביבה. ער איז אָנגעקומען אַהער אַלס קינד צוזאַמען מיט די עלטערן זיינע, וועלכע האָבן געבראַכט מיט זיך די טראַדיציע פון דער אַלטער קהילה אין אָס־טראָג, וואָס איז געווען אַ מקום־תורה און אַן אָרט פון באַרימטע ישיבות.

ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ טראַדי־ציאָנעלער ייִדישער היים. ער האָט נאָך באַ־וויזן צו לערנען אין חדר אין זיין געבורט־שטאָט. זיין ייִדישע דערציִונג האָט ער דאָ באַקומען אין דער העברעיִשער שול ביי דעם ציוניסטישן פאָלקס־פאַרבאַנד. נאָכן האָבן פאַרענדיקט די שול, האָט ער פאָרגעזעצט צו לערנען ייִדישע לימודים ביי יעגערן, דירעק־טאָר פון דער שול. ביי אים האָט ער זיך דערוואָרבן סיסטעמאַטישע ידיעות אין תנ״ך, תלמוד און העברעיִשע ליטעראַטור. אַ צוויי־טער לערער זיינער וואָס האָט געזאָרגט פאַר זיין ייִדישן וויסן, איז געווען ד״ר צבי וויינ־שטיין ע״ה, פּראָפעסאָר פון לערער־סעמינאַר.

ד״ר קאַמענשיין האָט אָנגעהויבן גאַנץ פרי זיין ציוניסטישע טעטיקייט צו פערצן יאָר איז ער געוואָרן אַ מיטגליד אין השומר הצעיר, ווו ער איז באַלד געוואָרן ראש־הקן. אַלס סטודענט איז ער איינער פון די איני־ציאַטאָרס פון דער גרינדונג פון דער ייִדיש־סטודענטישער אָרגאַניזאַציע „אבוקה״ און „אַטענעאָ סיאָניסטאַ אוניווערסיטאַריאָ״.

שפּעטער, אין די סטודענטישע יאָרן נאָך, טרעט ער אַריין אַלס חבר פון דער באַוועג־גונג פועלי־ציון־התאחדות, ווו עס ווערן אים אָנפאַרטרויט וויכטיקע אַמטן און ער ווערט אַ מיטגליד אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט.

נאָך אַלס יונגערמאַן ווערט ער דעלעגירט צו פאַרנעמען דעם אַמט אַלס סעקרעטאַר פון קרן קימת. שפּעטער פירט ער אָן מיטן סעק־רעטאַריאַט פון קרן היסוד און דערנאָך — מיטן פאַראייניקטן קאַמפּיין, אַמטן ווו ער צייכנט זיך אויס מיט איניציאַטיוו און די־נאַמישקייט.

במשך דריי פעריאָדן איז ער געווען סעק־רעטאַר פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיי, איז דעלעגירט געוואָרן צו ציוניסטישע קאָנגרעסן און איז אַ מיטגליד פון אַקציאָנס־קאָמיטעט.

אויף דעם פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט אַלס ראש־הקהל — דער העכסטער געזעלשאַפט־לעכער אַמט פון אונדזער ישוב — האָט ער געהאַט אַ ברייט פעלד פאַר געזעלשאַפטלע־כער אַרבעט און האָט אַ סך בייגעטראָגן צו פאַרטיפערן דעם ציוניסטישן גייסט פון דער קהילה.

אין דער צייט פון זיין פרעזידענץ דאַרף גאָר באַזונדער אויסגעטיילט ווערן, אַ חוץ אומצאָליקע איניציאַטיוועס — די גרינדונג

פון דער ביוראָ פאַר סטאַטיסטיק און סאָציאַלע פאָרשונגען, דאָס שאַפן די ישיבה פאַר רבנים און אַנדערע.

ד״ר קאַמענשיין האָט ווירדיק פאַרטראָטן די קהילה און דעם ועד הקהילות ביי אינטערנאַציאָנאַלע יידישע אַסיפות.

# צוזאַמענשטעל פון די פאַרוואַלטונגען פון דער בוענאָס איירעסער קהילה פון דעם יאָר 1954 ביז 1957

## 61סטע קאַדענץ, סעפּטעמבער 1954 — אויגוסט 1955:

פאָרזיצער — שמואל ראַבינאָוויטש; 1טער וויצע־פאָרזיצער — אברהם פּאָליאַקאָוו; 2טער וויצע־פאָרזיצער — כוליאָ לעווין; גענעראַל־סעקרעטאַר — אינזש׳ נחמן ראַדזשיכאָווסקי; אַקטן־סעקרעטאַר — אליהו גלאַזבערמאַן; 1טער פּראָ־סעקרעטאַר — נחום אייזענבערג; 2טער פּראָ־סעקרעטאַר — שמחה הערמאַנאָוויטש; קאַסיר — חיים טשאַלקאָף; 1טער פּראָ־קאַסיר — אליעזר פרידמאַן; 2טער פּראָ־קאַסיר — חיים לעווין. פאַרוואַלטונג־מיטגלידער: יעקב כאַניש, יעקב יאַקובאָוויטש, ד״ר בערנאַרדאָ לערנער, לעאָן ראַבינאָוויטש, ד״ר דוד רויזין, משה טקאַטש, הערש זלמן, ברוך דענעמאַרק, בערנאַרדאָ עדענבורג, משה גאַראַדיטש, בערנאַרדאָ גראָדזיצקי, שמואל קעמפּער, זעלמאַן פּרוזשאַנסקי, משה האַניק, יואל וויינערמאַן; רעכענונג־איבערזעער: דוד קולאַקאָווסקי, משה קאַלטאַן; פאַרטרעטער פון רעכ׳־איבערזעער: יצחק יאַקובאָוויטש, לאַזאַראָ סאַוועלסקי.

## 62סטע קאַדענץ, סעפּטעמבער 1955 — דעצעמבער 1956:

פאָרזיצער — ד״ר אברהם מבשן; 1טער וויצע־פאָרזיצער — אברהם פּאָליאַקאָוו; 2טער וויצע־פאָרזיצער — ד״ר ראַול נאָוויק; גענעראַל־סעקרעטאַר — אינזש׳ נחמן ראַדזשיכאָווסקי; אַקטן־סעקרעטאַר — אליהו גלאַזבערמאַן; 1טער פּראָ־סעקרעטאַר — אליעזר ראָזענבלום; 2טער פּראָ־סעקרעטאַר — יוסף מענדל גליקסמאַן; קאַסיר — חיים טשאַלקאָף; 1טער פּראָ־קאַסיר — לייב שלמה קוועלער; 2טער פּראָ־קאַסיר — חיים לעווין. פאַרוואַלטונג־מיטגלידער: ברוך דענעמאַרק, בערנאַרדאָ עדענבורג, משה גאַראַדיטש, יוסף גראָדזיצקי, שמואל קעמפּער־פּרוזשאַנסקי, משה האַניק, יואל וויינערמאַן, לעאָן אַרענזאָן, בערנאַרדאָ באַרקאַן, הערמאַן האָלענבערג, ברוך ישמח, דוד קאָהאַן, מאַנועל רעצעפּטער, לייב שמולעוויטש. רעכענונג־איבערזעער: משה קאַלטאַן, הערמאַן גאָלדשמידט. פאַרטרעטער פון רעכ׳־איבערזעער: לאַזאַראָ סאַוועלסקי, יחזקאל רובינשטיין.



# פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער

## פעריאָד 1957 — 1960

| | |
|---|---|
| פּאָרזיצער — — — — — — — — — — — — | אלימלך גוטקין |
| 1טער וויצע־פּאָרזיצער — — — — — — — — | בערנאַרדאָ לערנער |
| 2טער וויצע־פּאָרזיצער — — — — — — — — | אליהו וועג |
| גענעראַל־סעקרעטאַר — — — — — — — | צבי פיינגערש |
| אַקטן־סעקרעטאַר — — — — — — — — — | ד״ר דוד רויזין |
| ערשטער פּראָ־סעקרעטאַר — — — — — | אברהם מיטלבערג |
| צווייטער פּראָ־סעקרעטאַר — — — — — — | ישראל זאַנג |
| קאַסיר — — — — — — — — — — — — — | אלתר הירש |
| 1טער פּראָ־קאַסיר 1958/59 — — — — | משה פּערלמאַן |
| 1טער פּראָ־קאַסיר 1959/60 — — — — | זלמן גאָטליב |
| 2טער פּראָ־קאַסיר 1958/59 — — — — | ראובן פּעפּערמאַן |
| 2טער פּראָ־קאַסיר 1959/60 — — — — | מנחם יונגערמאַן |

ווֹאָקאַלן:

| | |
|---|---|
| יעקב בערקאָוויטש | עמנואל מאָרגנשטערן |
| יקותיאל בערנשטיין | לעאָן ראַבינאָוויטש |
| חיים פּעפּער | פּנחס מ. ראָזענבערג |
| משה פישמאַן | מאיר טאָקער |
| משה גאָראָדיטש | יוסף כ. וועגנראָוויער |
| | גרעגאָריאָ זשעלאַזני |

רעכענונגס־איבערזעער:

| | |
|---|---|
| דוד שפּיגעל | ד״ר דוד טאַבאַקמאַן |

פּאַרטרעטער:

| | |
|---|---|
| מאַנפרעדאָ אנספּאַטש | אהרן ווילנער |

# סוב־קאָמיסיעס

## 1957 — 1960

### קולטור

| | |
|---|---|
| סעקרעטאַר: אברהם מיטלבערג | יעקב בערקאָוויטש |
| פּראָ־סעקרעטאַר: מנחם יונגערמאַן | אליהו גאָראָדיטש |
| יקותיאל בערנשטיין | זלמן הירשפעלד |
| דוד רויזין | קורט ווילק |
| | י. ב. גוטמאַן |

## יוגנט

סעקרעטאַר: ד״ר דוד רויזין
פראָ־סעקרעטאַר: יעקב בערקאָוויטש
ד״ר בערנאַרדאָ לערנער
זלמן גאָטליב
גריעגאָריאָ זשעלאַזני

## סאָציאַלע הילף

סעקרעטאַר: מאיר טאָקער
פראָ־סעקרעטאַר: גרעגאָריאָ זשעלאַזני
חיים פעפער
ישראל זאַנג
דוד כשר
ישראל ראָזענפאַרב
יצחק בענעק
מרדכי בערנשטיין

## הלוואות

סעקרעטאַר: יוסף חיים װענגראָװער
פראָ־סעקרעטאַר: עמנואל מאָרגנשטערן
לעאָן ראַבינאָוויטש
משה פישמאַן
מאיר טאָקער
ישראל גרינבוים

## עליה

סעקרעטאַר: יעקב בערקאָוויטש
פראָ־סעקרעטאַר: ד״ר דוד רויזין
חיים יוסף װענגראָװער
זלמן גאָטליב
פישל אייזנבערג
ישראל גרינבוים
פנחס ראָזענבערג

## בוררות - קאָמיסיע

פאָרזיצער: משה גאָראָדיטש
וויצע־פאָרזיצער: לעאָן ראַבינאָוויטש
עמנואל מאָרגנשטערן
יוסף חיים װענגראָװער
שמעון רובינס
יצחק רייף
משה טורניאַנסקי
דוד קולאַקאָווסקי

## רעליגיעזע ענינים

סעקרעטאַר: אליהו וועג
פראָ־סעקרעטאַר: ישראל זאַנג
יוסף חיים װענגראָװער
מאַנפרעדאָ אנספאַטש
אהרון סלינין
יוסף האַמבורגער
חיים דוד רעטהאוסער

## בתי - עלמינס

סעקרעטאַר: חיים פעפער
פראָ־סעקרעטאַר: משה פישמאַן
אהרון ווילנער
דוד שפיגעל
אליהו וועג
פנחס מ. ראָזענבערג

## קאָטשעריאַ

סעקרעטאַר: פנחס מ. ראָזענבערג
פראָ־סעקרעטאַר: חיים פעפער
דוד שפיגעל
אליהו וועג
ישראל זאַנג

## איינקויף-קאָמיסיע

סעקרעטאַר: משה פישמאַן
פראָ־סעקרעטאַר: מאַנועל מאָרגנשטערן
משה גאָראָדיטש
מאַנפרעדאָ אנספאַטש
אהרון ווילנער

## אינטעראינסטיטוציאָנעלע

סעקרעטאַר: זלמן גאָטליב
פראָ־סעקרעטאַר: אברהם מיטלבערג
ד״ר בערנאַרדאָ לערנער
יקותיאל בערנשטיין
ד״ר דוד רויזין

## מיטגלידער

סעקרעטאַר: ד״ר בערנאַרדאָ לערנער
פראָ־סעקרעטאַר: דוד שפיגעל
פנחס מ. ראָזענבערג
משה גאָראָדיטש
לעאָן ראַבינאָוויטש
נאַום קאַצאָוויטש
בנימין לעמפערט
אַלעכאַנדראָ טאָלטשינסקי
יעקב פיינזילבער

# מיטגלידער פון ראַט

## פעריאָד 1957 — 1960

### ליסטע נומער 1

ד״ר טוביה קאַמענשיין
דר״א קלאַראַ ס. דע פּילער
אליעזר פרידמאַן
אינזש׳ נחמן ראַדזיכאָווסקי
חיים סיקאָרסקי
שמעון רובינס
ישראל גרינבוים
משה בערמאַן
ענריקע קאַופמאַן
דוד כשר
אפרים פּערלאַ
פישל אייזנבערג
אינזש׳ חיים בלאַנק
אלקנה ברייטפעלד
עמנואל צעדערבוים
לייב גאָלד
יעקב גראַבאָווסקי
משה העכט
קוליאַ האָפמאַן
זלמן הירשפעלד
גרשון אינלער
איסר קאַמינסקי
זוסיא קרעמער
בנימין לעמפערט
קאַרלאָס פּאָדאָלסקי
אליהו רייף
אַלעכאַנדראָ טאָלטשינסקי
משה טורניאַנסקי
אהרון וויינערמאַן
הלל מאַלימאָווקאַ

### ליסטע נומער 2

ישראל קופערמינץ
ישראל אָוסעכעוויטש
ענריקע צוויק
שלמה כ״ץ

### ליסטע נומער 3

יצחק באָקסער
שמעון שוסטערמאַן
יעקב מילער

### ליסטע נומער 4

ערנעסטאָ אָפּענהיימער
כאָסע האַמבורגער
קורט ווילק
זיגפריד כוואַט
גיזשערמאָ גאָלדבערגער

### ליסטע נומער 5

ד״ר שמשון דרוקאַראָוו
סערכיאָ ליפשיץ
איסאַק ביכאָווסקי
לעאָן פּייערמאַן
ישראל וואַסילקאָווסקי
ישראל פּורילעס
דוד פרידלאַנד
לעאָן קאָלבאָווסקי
וואָלף קאָלבאָווסקי
מיגעל בעסערמאַן
סאַלאָמאָן זילבערבערג

### ליסטע נומער 6

בערנאַרדאָ ווייסנשטיין
אינזש׳ אָסקאַר גלאַזערמאַן
ישראל לעילען
ד״ר מאַרקאָס וואַדאָוואָז

### ליסטע נומער 7

יוסף האָרן
מרדכי בערנשטיין
ד״ר מרדכי פּרץ

### ליסטע נומער 8

חיים פינקלשטיין
ד״ר יונה קאָוועגסקי
אהרון יורקאָוויטש
אינזש׳ גרעגאָריאָ פייגאָן
לעאָן אַברוך
דוד קולאַקאָווסקי
נאַום קאַצאָוויטש
יוסף באַנעט
ישראל ראָזענפאַרב

יצחק בעניעק
קאַסינטאָ קאַרפּ
סאַלאָמאָן אימאַר
קאָסע פאַראַסאָל

**ליסטע נומער 9**

אברהם פּאָליאַקאָוו
משה ליפשיץ
יעקב פיינזילבער
יעקב פּיעטשאַנסקי
משה ראַבין
חיים ב. גוטמאַן

אהרון סלינין
יעקב אַווערבאַך
מתתיהו גאָלדוואַסער
מאַרקאָס מאַראָזאָווסקי
וואָלף גלוקסמאַן

**ליסטע נומער 10**

נתן גיטטער
חיים ראַטאַיזער
לעאָן פעלדמאַן
יוסף יאַקובאָוויטש
אליהו זאַגראַניטשנע

# פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער

## פּעריאָד 1960 — 1963

פּאָרזיצער — — — — — — — — — — — — — ד"ר טוביה קאַמענשטיין
1טער וויצע־פּאָרזיצער — — — — — — — — שמואל גלאַזערמאַן
2טער וויצע־פּאָרזיצער — — — — — — — — אַנטאָניאָ קליין
גענעראַל־סעקרעטאַר — — — — — — — — אליעזר פרידמאַן
אַקטן־סעקרעטאַר — — — — — — — — — — ד"ר דוד רוויזין
1טער פּראָ־סעקרעטאַר — — — — — — — — משה האָניק
2טער פּראָ־סעקרעטאַר — — — — — — — — דוד קלימאָווסקי
קאַסיר — — — — — — — — — — — — — — אָשר גראָקאָפ
1טער פּראָ־קאַסיר — — — — — — — — — דוד קולאַקאָווסקי
2טער פּראָ־קאַסיר — — — — — — — — — קדיש וויים

**וואָקאַלן:**

ישראל קאַרפּעס
שלמה ציטרין
משה פישמאַן
יוסף מענדל גליקסמאַן
לייב גאָלד

ישראל גרינבוים
מאיר פרענגלער
לעאָן ראַבינאָוויטש
שמאי טראַכטער
דוד רעזניק
מאיר זעליגמאַן

**רעכענונגס־איבערזעער:**

דוד שפיגעל
פעליפּע לאַי

**פאַרטרעטער:**

מאַנפרעדאָ אנספאַטש
משה קאַפּלאַן

# אינערלעכע סובקאָמיסיעס

## קולטור

סעקרעטאַר: משה האָניק
שלמה ציטרין
ישראל קאַרפעס
ד״ר דוד רויזין
מנחם יונגערמאַן
חנא גאַרבער (אין ישראל)
נח כהן
אברהם מיטלבערג
כוליאָ בערנאַרדאָ כמיעל
אינזש׳ אָסקאַר גלאַזערמאַן

## יוגנט

סעקרעטאַר: ד״ר דוד רויזין
משה האָניק
דוד קלימאָווסקי
אברהם גאָרבאַט
אַדאָלפאָ דיווינסקי
סאַלאָמאָן סוכאָוו
דוד רעזניק
לעאָן בערנשטיין

## סאָציאַלע הילף

סעקרעטאַר: מאיר זעליגמאַן
ישראל קאַרפעס
ישראל גרינבוים
משה קאַפּלאַן
סאַלוואַדאָר סטעפּאַנסקי
לאַוראַ ב. דע אייזנבערג
שמואל גדוד
כאָסע פּאַראַסאָל
ישראל לעילען
מרדכי בערנשטיין
אברהם קליין

## הלוואות

סעקרעטאַר: משה פישמאַן
מאיר פרענגלער
משה קאַפּלאַן
משה דוד מישענער
דוד שפיגעל ע״ה
עליאַס פעלדמאַן
קדיש ווייס

## עליה

סעקרעטאַר: שמואל גלאַזערמאַן
ד״ר דוד רויזין
שמאי טראַכטער
ראובן לעווין
אברהם טורניאַנסקי
כוליאָ מאיראָוויטש
אריה פעדער
ישראל ראָזענפאַרב

## בוררות-קאָמיסיע

פאָרזיצער: דוד קולאַקאָווסקי
משה קאַפּלאַן
יוסף ראָגאָווסקי
אליהו רייף
לעאָן מענין
ברוך ישמח
אַרמאַנדאָ גאָלדשמידט ע״ה
קדיש ווייס

## רעליגיעזע ענינים

סעקרעטאַר: דוד קלימאָווסקי
שמואל גלאַזערמאַן
יוסף מענדל גליקסמאַן
מרדכי איצקאָוויטש
מאַקסימאָ לעווין
כואַן האַרף
כאַקאָבאָ מורמיס
פישל בלומענצווייג

## בתי-עלמינס און קאָטשעריאַ

סעקרעטאַר: דוד שפיגעל
ישראל גרינבוים
שמואל גלאַזערמאַן
מאיר פרענגלער
לעאָן ראַבינאָוויטש
גרעגאָריאָ וואלא
מאַנפרעדאָ אנספאטש
דוד רעזניק

## איינקויף-קאָמיסיע

סעקרעטאַר: ישראל גרינבוים
דוד שפיגעל

מאיר פרענגלער
פעליפע לאָי
משה טורניאַנסקי
חיים לעווין
כאַסינטאָ קאַרפּ

## אינטעראינסטיטוציאָנעלע

סעקרעטאַר: אַנטאָניאָ קליין
דוד קלימאָווסקי
מאַנפרעדאָ אַנספּאַטש
אברהם מיקיי
ידידיה אפרון

נחמיה גאָלדבאַרט
הערש נחמן נאָוואָדוואָרסקי

## מיטגלידער

סעקרעטאַר: פעליפע לאָי
ישראל גרינבוים
דוד שפּיגעל
אהרון וויינערמאַן
מתתיהו גאָלדוואַסער
כוליאָ שוואַנדער
גרשון געסטעל
ענריקע הימלבלוי
הערמאַן קלינגער

# מיטגלידער פון ראַט

## פעריאָד 1960 — 1963

### ליסטע נומער 1

חיים פינקלשטיין
אברהם מיטלבערג
נאָום קאַצאָוויטש
כאַסינטאָ קאַרפּ
כוליאָ שוואַנדער
כאָסע באַנעט
בערנאַרדאָ עדענבורג
ישראל ד. ראָזענפּאַרב
בענעדיקטאָ ישמח
עליאַס פעלדמאַן
זעליק מעכאַניק
כאָסע פּאַראַסאָל
ידידיה אפרון
אליעזר קופמאַן
הערש זעלמאַן
גרעגאָריאָ נימצאָוויטש

### ליסטע נומער 2

משה דיין
משה בערנשטיין
חיים לעווין

### ליסטע נומער 3

יוסף האָרן
גרשון ה. געסטעל
באָריס פּיק
יקותיאל בערנשטיין

### ליסטע נומער 4

כוליאָ מאַיראָוויטש
נחמן נאָוואָדוואָרסקי
ענריקע הימלבלאַו
כוליאָ בערנאַרדאָ כמיעל
אהרון פּיודיק

### ליסטע נומער 5

ד״ר מאַרקאָס וואָדאָוואָז
שבתאי אינגער
מתתיהו גאָלדוואַסער
ישראל לעילען
נחמיה גאָלדבאַרט
אינזש׳ אָסקאַר גלאַזערמאַן
לעאָן טאַרנאָפּאָלסקי
פּאַבלאָ שמידבערג
מאַנועל פליישער

### ליסטע נומער 6

מאַקס אהרון שטאַרקמאַן
יוסף לוצקי
ערמינדאָ דאָברי

יעקב מורמיס
ד״ר כואַן פעליטש
מרדכי דיין
אברהם קליין
וואַלענטין קאַופמאַן
מיגעל פרעסמאַן

### ליסטע נומער 7

אלימלך גוטקין
מאַקסימאָ לעווין
צבי פיינגערש
ד״ר לעאָן פּאָדהאָרצער
שלמה גוטמאַן
מנחם יונגערמאַן
ד״ר אברהם גאָרבאַט
לאַוראַ ב. דע אייזנבערג
שמואל גדוד
פעדעריקאָ שטראַוס
משה ד. מישענער
מרדכי פילאַרענט
אליהו רייף
הנא גאַרבער (אין ישראל)
יצחק וואָליניעץ
סאַלוואַדאָר סטעפּאַנסקי
יעקב גראַבאָווסקי
אברהם מיקעי
לעאָן מענין
אברהם טורניאַנסקי
שלמה סוכאַי
אהרון וויינערמאַן
נח כהן
אַדאָלפאָ דיווינסקי
בערל משה קליינער
דוד שפיגעל ע״ה
מאַרקאָס וויינטראַוב
ראובן לעווין
משה טורניאַנסקי
ישמעאל דוד ליפינא
יצחק פיאָלקאַ
ישראל עפשטיין
הלל מאַלימאָווקאַ

### ליסטע נומער 8

הערמאַן קלינגער
פעדעריקאָ סאַממער
קורט ווילק
כואַן האַרף
זיגפריד כוואַט

### ליסטע נומער 9

אַ־מאַנדאָ גאָלדשמיט ע״ה
פישל בלומענצווייג
מרדכי איצקאָוויטש
בעריש דענעמאַרק
אריה פעדער
ישראל יאַבלקאָווסקי
משה גאָלדמאַן



# ועד החינוך המרכזי

## 1960 — 1957

| | |
|---|---|
| פּאָרזיצער — — — — — — — — — — — | ד"ר דוד טאַבאַקמאַן |
| 1טער וויצע־פּאָרזיצער — — — — — — — | י. בערנשטיין |
| 2טער וויצע־פּאָרזיצער — — — — — — — | א. דיין |
| סעקרעטאַר — — — — — — — — — — — | ז. אָרענשטיין |
| 1טער פּראָ־סעקרעטאַר — — — — — — — | ל. גאָלד |
| 2טער פּראָ־סעקרעטאַר — — — — — — — | א. טאַבאַטשניק |
| אַקטן־סעקרעטאַר — — — — — — — — — | מ. מייערן־לאַזער |
| קאַסיר — — — — — — — — — — — — | ד. מאַלקעס |
| פּראָ־קאַסיר — — — — — — — — — — — | ד. שפּיגעל |

וואָקאַלן:

אינזש' ח. בלאַנק
י. גראַבאָווסקי
א. הירש
ג. זשעלאַזני
א. טאַבאַטשניק
ג. טאַפּעט
א. טורניאַנסקי
ד"ר ב. לערנער
י. מלמד
י. מענדעלסאָן
צ. מאַרמאָר
צ. פּיינגערש
ח. פינקעלשטיין
ד"ר י. קאָווענסקי
נ. ראַדזשיכאָווסקי
מ. שטיינבערג

## 1963 — 1960

| | |
|---|---|
| פּרעזידענט — — — — — — — — — — — | לייב גאָלד |
| 1טער וויצע־פּרעזידענט — — — — — — — | טוביה גובקין |
| 2טער וויצע־פּרעזידענט — — — — — — — | ד"ר ישראל עטלים |
| סעקרעטאַר — — — — — — — — — — — | זלמן אָרענשטיין |
| סעקרעטאַר פון שטאָט־דעפּ' — — — — — | ישראל האָניק |
| סעקרעטאַר פון פּראָווינץ־דעפּ' — — — — — | יקותיאל בערנשטיין |
| אַקטן־סעקרעטאַר — — — — — — — — — | מאיר לאַזער |

וואָקאַלן:

ישראל לייזשען
משה רובין
בערל באַרקאַן
אריה טאַבאַטשניק
ישראל לעוויטע
ישראל עפּשטיין
פּנחס קאַרפּ
א. שפּילפויגל (ע. ריאָס)
חיים פינקעלשטיין
חיים גלעמבאָצקי
שולמית יונאָוויטש
יוסף מענדעלסאָן
מיכאל פּרעסמאַן
לייב ראַבינאָוויטש
דוד קרישקאַוצקי (ראָזאַריאָ)
י. באַנעט
יעקב גראַבאָווסקי
אברהם מיטלבערג
נתן ציגמאַן
דוד שפּיגעל
משה זשוראַוולעוויקער (לאַ פּלאַטאַ)

# איניקע דאַטן פון אונדזער קהלשן לעבן

— 1957 —

11.1 פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער טעקסט פון אָפּמאַך צווישן וועד־הקהילות און דער יידישער קאָנגרעגאַציע וועגן דעם אַז דער וועד־הקהילות וועט איבערנעמען דאָס שול־וועזן אין דער פּראָווינץ.

5.3 פּראָקלאַמירט דעם יערלעכן פּאַראייניקטן קאַמפּיין אין לונאַ־פּאַרק.

14.3 זלמן שזר אָנגעקומען קיין בוענאָס איירעס צום חינוך־קאָנגרעס.

16.3 דערעפנט דעם חינוך־קאָנגרעס מיטן אָנטייל פון זלמן שזר.

10.4 געקויפט אַ פּלאַץ פאַרן לערער־סעמינאַר.

14.4 פאַרגעקומען וואַלן צו דער קהילה (דאָס ערשטע מאָל אויפן יסוד פון נייעם פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־סיסטעם.

24.4 ערשטע סעסיע פון קהילה־ראַט. אויסגעוויילט די נייע פאַרוואַלטונג; פּרעזידענט — אלימלך גוטקין.

26.4 אָנגעקומען ד״ר נחום גאָלדמאַן.

15.5 אַקט פון איבערנעמען די אַמטן פון דער נייער קהילה־לייטונג.

23.5 קהילה דערעפנט איר קולטור־זמן.

15.6 פאַרגעקומען די ערשטע פּעדאַגאָגישע קאָנפערענץ פון רעליגיעזע שולן.

21.6 געזעגנט די אַרגענטינער מיטגלידער פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט.

26.6 פּעדאַגאָגישער צוזאַמענקום פון וועד־החינוך.

1.7 די קהילה און וועד־הקהילות באַגריסן דעם מאָנסעניאָר דע אַנדרעאַ צו זיין 80־יאָריקן געבוירנטאָג.

24.7 די קהילה שליסט זי אָן אין סאָלידאַריטעט־אַקט מיטן רומענישן יידנטום.

20.8 ד״ר ערנעסט דוד בערגמאַן פון ירושלים אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס.

28.8 דערעפענונג פון „חודש פון יידישן בוך״.

31.8 די קהילה דערמאָנט דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל (1897).

10.9 אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס דער ישראל־מיניסטער פּנחס סאַפּיר.

11.9 קהילה באַשליסט צו שאַפן אַ צענטראַלן וועד־החינוך פאַרן גאַנצן לאַנד.

12.9 גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון קהילה־ראַט.

13.9 געשטעלט 26 מצבות פאַר עלנטע נפטרים אויפן בית־עולם אין בעראַסאַטעגי.

17.9 ספּעציעלע סעסיע פון קהילה־ראַט לכבוד דער כנסת־דעלעגאַציע בראש מיט מאיר ארגוב.

19.9 געשטעלט 211 מצבות פאַר עלנטע נפטרים אויף די בית־עלמינס פון ליניערס, סיודאַדעלאַ, טאַבלאַדאַ.

7.10 אָנגעקומען דער שרייבער יצחק באַשעוויס.

1.11 טעלעגראַפישע באַגריסונג צום נשיא יצחק בן־צבי צו זיין 2טער ווידערדערוויילונג.

27.11 ערשטע זיצונג פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אונטער דער פּרעזידענץ פון אלימלך גוטקין.

11.12 אָנגענומען אַ באַשלוס צו שיקן 36 תלמידים פון לערער־סעמינאַר, שלום־עליכם־שולן און מכון ללימודי היהדות קיין ישראל אויף השתלמות.

24.12 חנוכה־פייערונג אין דער קהילה.

דעצ. דערשינען דער באַריכט און באַלאַנס פון דער קהילה.

— 1958 —

4.1 קהילה דערעפנט אַ רעגיסטער פון יוגנטלעכע רעפערענטן אין יידיש, העברעיש און שפּאַניש.

18.3 אָנגענומען דעם בודזשעט פאַרן לויפנדיקן יאָר אין דער הייך פון 41 מיליאָן פּעזעס.

2.4 אָנגעקומען מרדכי שטריגלער.

3.4 דערעפנט דעם קולטור־זמן מיטן אָנטייל פון מרדכי שטריגלער.

22.4 סטיפּענדיעס פאַר ייד. יוגנטלעכע צו פּערפעקציאָנירן זיך אויף פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע געביטן.

23.4 אויסעראָרדנטלעכע סעסיע פון קהילה־ראַט לכבוד 10 יאָר מדינת־ישראל.

28.4 אָרדנטלעכע סעסיע פון קהילה־ראַט.

12.5 באַשלוס, אַז פּרעסע־פאַרשטייער זאָלן ביייוינען די עפנטלעכע זיצונגען פון דער קהילה און וועד־הקהילות.

20.5 באַנייט די שעורים פון תלמוד, געלערנט דורכן אב״ד פון דער קהילה, הרב אביגדור ציפּערשטיין.

27.5 דערעפנט די לעקציעס פון תנ״ך געלערנט פון יוסף רויזען.

29.7 די קהילה באַטייליקט זיך מיט 50 טויזנט פּעזעס פאַר די געליטענע פון דער פאַרפּלייצונג אין בוענאָס־איירעס און פירט דורך אַ זאַמלונג פון געלט, וועש און מלבושים.

3.9 דערעפנט דעם „חודש פון יידישן בוך".
19.9 געשטעלט 215 מצבות פאַר עלנטע נפטרים אויף די בית־עלמינס פון סיודאַדעלאַ, ליניערס און טאַבלאַדאַ.
22.10 חענדונגען פון דער דאַיאַ צום שרייבער־קאָנגרעס אין מענדאָסאַ אין שייכות מיט די רדיפות אויף דער יידישער קולטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד.
13.11 אָרדנטלעכע פאַרזאַמלונג פון קהילה־ראַט.
דעצ. ספעציעלער נומער פון אילוסטרירטן זשורנאַל „ארץ ישראל" (185) געווידמעט דער קהילה.
דעצ. דערשיינען דער באַריכט און אַלגעמיינער באַלאַנס פון דער קהילה.

## — 1959 —

8.1 געשאַפן אַן אויספיר־קאָמיטעט ביי דער קהילה צו גרייטן די פייערונגען פון „100 יאָר שלום־עליכם".
2.3 דערעפנט דאָס שלום־עליכם־יאָר מיט אַ פייערונג אין זאַל פון דער קהילה.
מערץ באַגריסונג צום דיכטער ה. לייוויק, צו זיין 70־יאָריקן געבוירנטאָג.
3.4 אָנגענומען פרעלימינאַר בודזשעט אויף 59 מיליאָן פעזעס.
18.4 דערעפנט דעם קולטור־זמן מיטן אָנטייל פון יעקב גלאַטשטיין.
20.5 באַגריסונג פאַר גאָלדע מאיר, אויסערן־מיניסטאָרין פון ישראל, לכבוד איר אָנקומען אין אַרגענטינע.
24.5 אויפנאַמע לכבוד גאָלדע מאיר.
3.6 באַשטימט אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ צוויי רייען פאַר עסקנים, וואָס האָבן געבויט אונדזער ישוב.
27.7 גענעראַל־סעקרעטאַר צבי פיינגערש און קאַסיר אלתר הירש — דעלעגאַטן צו דער קאָנפערענץ פון ייוו"ק אין שטאָקהאָלם.
14.8 די קהילה דערמאָנט דעם 70־יאָריקן יובל פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.
18.9 פרעסע־קאָנפערענץ פון געני' סעקרעטאַר צבי פיינגערש און קאַסיר אלתר הירש וועגן דער קאָנפערענץ פון ייוו"ק.
25.9 דעלעגאַציע פון דער קהילה קיין מאָזעסוויל צו די פייערונגען פון 70 יאָר יידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.
29.9 דערעפנט דעם „חודש פון יידישן בוך".
7.10 געקויפט אַ דירה פאַרן צוגאָב־סעמינאַר אין מאָזעסוויל.
21.10 אַקט אין דער קהילה לכבוד דעם 70־יאָריקן יובל פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.
21.10 באַגריסונג צו דוד בן־גוריון צו זיין 73־יאָריקן געבוירנטאָג.
24.11 דאַיאַ געפייערט איר 25סטן יובילײ.

## — 1960 —

8.3 קהילה פאַררופט אַ פרעסע־קאָנפערענץ וועגן די צוגרייטונגען צו די פייערונגען פון „100 יאָר יידישער ישוב אין אַרגענטינע".
23.3 פראָקלאַמירונגס־פייערונג „100 יאָר יידישער ישוב" אין זאַל פון דער קהילה, מיטן אָנטייל פון ד"ר נחום גאָלדמאַן.
אַרויסטריט פון געני' סעקרעטאַר צבי פיינגערש אין ראַדיאָ וועגן די פייערונגען.
מערץ באַריכט און אַלגעמיינער באַלאַנס פאַרן יאָר 1959.
6.4 איבערגעגעבן דעם כתב־הרבנות דעם רב־הראשי יעקב פינק. מען וועט פלאַנצן אַ „יער מבשן" לזכרון דעם געוועז' ראש־הקהל.
10.4 געלייגט דעם גרונטשטיין פאַרן בנין פון נייעם לערער־סעמינאַר.
24.4 פאַרגעקומען די וואַלן צו דער קהילה.
13.5 דערעפנט דעם קולטור־זמן, געווידמעט דעם הערצל־יאָר.
19.5 אָנגעקומען ישראל־מיניסטער אבא אבן.
26.5 פראָקלאַמירט אַ ליטעראַרישן קאָנקורס אד"ט: „פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט פון אַרגענטינער יידנטום אויף דער שוועל פון צווייטן יאָרהונדערט".
27.5 סעסיע פון קהילה־ראַט איבערגעגעבן די אַמטן דער נייער פאַרוואַלטונג.
3.6 פראָגראַם־רעדע פון ראש־הקהל ד"ר טוביה קאַמענעצקי ביים איבערנעמען די אַמטן.
9.6 באַשטימט צוויי פרעמיעס לכבוד 100 יאָר ייד. ישוב אין אַרגענטינע און 150 יאָר מאַי־רעוואָלוציע.
9.7 זיך אָנגעהויבן דער 2טער חינוך־קאָנגרעס מיטן אָנטייל פון ד"ר בן־יהודה.
15.7 די קהילה שליסט זיך אָן צום הערצל־יאָר מיט דער פייערונג כ' התמוז, אָרגאַניזירט דורך דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט.
12.8 איינגעפירט אַ חתונה־רעגיסטער ביים ראַבינאַט.
27.8 פייערלעך דערעפנט דעם צוזאַמענפאָר פון ועד־הקהילות.
9.9 ראַדיאָ־אוידיציע געווידמעט „100 יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע"; אַרויסטריט פון ראש־הקהל, ד"ר ט. קאַמענעצקי.
15.9 דערעפנט דעם „חודש פון יידישן בוך", מיטן אָנטייל פון חיים גראַדע.

25.9 געשטעלט 51 מצבות פאַר עלנטע נפטרים אויפן בית־עולם אין בעראַסאַטעגי.

6.11 אַקט פון אויפדעקן אַ הערצל־ביוסט אין פּאַיע פון דער קהילה.

6.11 געשטעלט 117 מצבות פאַר עלנטע נפטרים אויף די בית־עלמינס פון סיודאַדעלאַ, ליניערס און טאַבלאַדאַ.

10.11 פאַרזאַמלונג פון קהילה־ראַט.

14.11 באַערונגס־מסיבה פאַר געוו׳ פּרעזידיום־מיט־גלידער פון צענטראַלע אינסטיטוציעס (אין שייכות מיט 100 יאָר ייִד. ישוב).

14.11 אזכרה־אַקט אויפן בית־עולם אין ליניערס, אין אָנדענק פון די בויער פון ישוב (אין די ראַמען פון די פייערונגען: „100 יאָר ייִדי־שער ישוב״).

15.12 זיצונג פון קהילה־פּרעזידיום מיט אָנפירער פון בית־יתומות און היימען פון בורסאַקאָ. פּלאַן פון צונויפגיסן ביידע אַנשטאַלטן און אָפּטיילן דעם מושב זקנים.

15.12 חנוכה־פייערונג.

21.12 קהילה וועט אונטערנעמען אַ ווערבירונגס־אַקציע פאַר נייע 10 טויזנט מיטגלידער; גע־שאַפן אַ קוראַטאָריום פאַרן ישיבה־סעמינאַר.

24.12 אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך אַנצוהייבן בויען דעם בנין פאַרן לערער־סעמינאַר.

## — 1961 —

6.3 פורים־פייערונג אין דער קהילה.

10.3 אָנגעהויבן די איינשרייבונגען פון קינדער וואָס ווערן בר־מצווה דאָס יאָר (געבוירן אין יאָר פון דער אַנשטייונג פון דער מדינה).

26.3 דערעפנט דעם קולטור־זמן מיטן אָנטייל פון ד״ר ש. ביקל.

6.4 גורל־ציִונג פון צוויי בר־מצווה קינדער, וואָס ווערן געשיקט קיין ישראל (גורל געפאַלן אויף די קינדער ישראל ס. בראַמבערג און סאַראַ רובינשטיין). אַנדערע פינף קינדער גע־קראַגן פּרעמיעס (צו 5 טויזנט פּעזעס).

12.4 געענדערט דעם סיסטעם פון סובסידירן די שולן.
די קהילה וועט דעקן 60 פּראָצענט פון די לערער־געהאַלטן אין די אָנפאַנג־שולן און 70 פּראָצענט אין די מיטל־שולן.

20.4 די קהילה און ועד־הקהילות צום 13טן יום־העצמאות.

8.6 דערעפנט קורסן פון ייִדישער געשיכטע פאַר יוגנט.

9.6 עסקנים־באַראַטונג וועגן די זונטיק־קורסן אין די געגנטן.

30.6 פייערלעכער קבלת־פנים לכבוד זלמן שזר.

9.7 זיך דערעפנט דער צווייטער חינוך־קאָנגרעס מיטן אָנטייל פון זלמן שזר.

1.9 געשטעלט 20 מצבות פאַר עלנטע נפטרים אויפן בית־עולם אין בעראַסאַטעגי.

5.9 דערעפנט דעם „חודש פון ייִדישן בוך״.

15.9 געשטעלט 146 מצבות פאַר עלנטע נפטרים אויף די בית־עלמינס פון סיודאַדעלאַ, ליניערס און טאַבלאַדאַ.

18.9 מסיבה פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג מיט אָנ־פירערס פון ספרדיש און דייטש־רעדנדיקע ייִדישע צענטערן.

19.9 פייערלעכע דערעפענונג פון ישיבה־סעמינאַר ביי דער קהילה.

29.9 זשורנאַליסטן־מסיבה מיט פּראָפ׳ שאול אַש פון ישראל וועגן דער וויסנשאַפטלעכער קאָנ־פערענץ, וואָס ווערט דאָ דערעפנט פון דער קהילה, צוזאַמען מיטן מכון ליהדות זמננו פון ישראל.

2.10 לחיים אין דער קהילה לכבוד דעם 75־יאָריקן געבוירנטאָג פון דוד בן־גוריון.

11.10 דערעפענונג פון דער וויסנשאַפטלעכער קאָנ־פערענץ מיטן אָנטייל פון ש. דייוויס, בצלאל שערמאַן און ד״ר שאול אַש.

26.10 פאַרזאַמלונג פון קהילה־ראַט.

3.11 דוד בן־גוריון אַקאַדעמיע צו זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג (טעאַטער נאַסיאָנאַל).

15.11 די קהילה באַערט אירע ערשטע מיטגלידער, בויערס פון ישוב, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן מיט 50 יאָר צוריק.

30.11 די קהילה און ועד־הקהילות באַגריסן דעם נשיא יצחק בן־צבי צו זיין 75־יאָריגן געבוי־רנטאָג.

3.12 חנוכה־פייערונג.

7.12 דעלעגאַציע קיין מאָזעסוויל צו די פייערונגען פון ערשטן אַרויסלאָז פון לערער־סעמינאַר.

14.12 אַקט פון איבערגעבן די פּרעמיעס דעם ד״ר כ. ליבערמאַן און ד״ר ב. איסאַיעוו — געווי־נער פון ליטעראַרישן קאָנקורס, אד״ט: „פאַר־גאַנגענהייט, קעגנוואַרט, און צוקונפט פון די ייִדן אין אַרגענטינע״.

דעצ. אין יאָר 1961 — צוגעקומען 1.600 נייע מיטגלידער.

דעצ. באַריכט און אַלג׳ באַלאַנס פון דער קהילה (67סטער פעריאָד).

## — 1962 —

12.1 באַזוך פון טשילענער סטודענטן אויף זייער וועג קיין ישראל.

19.2 קבלת־פנים פאַר משה שריג־שטיינבערג, צום איבערנעמען דעם אַמט אַלס מנהל פון ועד החינוך המרכזי.

25.3 מסיבה לכבוד דעם קאַפּיטאַן און אָפיצירן פון דער ישראל־שיף „טעאָדאָר הערצל״.

10.4 ס׳ווערן געהעכערט די סובסידיעס פאַר חינוך.

24.4 באַראַטונג מיט עסקנים וועגן די קולטור־אַקטן אין די געגנטן.
30.4 פאַרזאַמלונג פון קהילה־ראַט.
4.5 באַראַטונג מיט זשורנאַליסטן און לעקטאָרן וועגן דער קולטור־אַרבעט אין דער קהילה.
8.5 מעלדונג צו דער מיטגלידערשאַפט, אַז ס׳ווערט געהעכערט דעם מינימום־אָפּצאָל אויף 40 פּעזעס חודשלעך.
13.5 צענטראַלע יום־העצמאות פייערונג אין טעאַטער „אָפּעראַ״.
10.6 שבועות־פייערונג.
12.6 געשאַפן אַן אינסטיטוט פאַר סאָציאַלע פאָרשונגען; פּרעסע־קאָנפערענץ אין דער קהילה.
13.6 סטיפּענדיעס פאַר אַספּיראַנטן אויף שוחטים.
26.6 אויפנאַמע פאַר דעם יוגנט־ראַט פון לאַטיין־אַמעריקע.
19.7 אויפנאַמע לכבוד פּראָפ׳ ערנסט ב. חיין.
28.7 דער ישוב האָט דורכגעפירט דעם גראַנדיעזן פּראָטעסט־שטרייק קעגן די נאַצישע אָנפאַלן אויף יידן.
29.7 אָנשלוס־אַקט פון דער קהילה צום 100־יאָריקן יובל פון דער יידישער קאָנגרעגאַציע אין אַרגענטינע.
5.8 צענטראַלער אַקט געווידמעט 100 יאָר מאָריס ראָזענפעלד.
8.8 אַקט צום נאַציאָנאַלן טרויער־טאָג תשעה־באב.
16.9 דערעפענונג פון חודש פון יידישן בוך, מיטן אָנטייל פון מרדכי שטריגלער.
23.9 געשטעלט 300 מצבות פאַר עלנטע נפטרים אויף די בתי־עלמינס פון סיודאַדעלאַ, ליניערס און טאַבלאַדאַ.
7.10 צענטראַלער אזכרה־אַקט נאָך די אומגעקומענע קהילות אין פוילן.
11.10 באַזוך פון לייבל כ״ץ, פּרעזידענט פון בני־ברית (פּאַר׳ שטאַטן).
29.10 פּרעסע־קאָנפערענץ וועגן פינאַנציעלן מצב פון דער קהילה.
30.10 פאַרזאַמלונג פון קהילה־ראַט. באַשטעטיקט עמערגענץ־קאַמפּיין פאַר די לאָקאַלע הצטרכותן פון ישוב.
1.11 מסיבה אין דער קהילה לכבוד די עסקנים און מנהיגים פון די ספרדישע און דייטש־רעדנדיקע קהילות.
14.11 באַערונגס־אַקט לכבוד די מיטגלידער, וואָס האָבן פאַרענדיקט פופציק יאָר זינט זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַמאָליקער חברה־קדישא.
14.11 די קהילה־פאַרוואַלטונג אונטערגעשריבן דעם קויף־שיין אויף אַ שטיק באָדן פאַרן בית־עולם פון טאַבלאַדאַ.
19.11 פאַרזאַמלונג פון שול־עסקנים וועגן דער לאַגע פון היגן יידישן שול־וועזן.
22.11 דערשינען „באַריכט פון אינסטיטוט פאַר סאָציאַלע פאָרשונגען און סטאַטיסטיק ביי דער קהילה. — די קהילה האָט אַרויסגעלאָזט געשאַנק־באָנאָס ווי אַן אָנהייב פון קאַמפּיין פאַר די דרינגלעכע הצטרכותן פון ישוב.
28.11 געזעגענונגס־מסיבה אין דער קהילה לכבוד הרב פינק צו זיין עולה זיין קיין מדינת ישראל.
3.12 געשלאָסן דעם קולטור־זמן פון דער קהילה.



זלמן וואַסערצוג

# צען יאָר עקסיסטענץ פון וועד־הקהילות

## אַ סך־הכל פון דערגרייכונגען

— 1 —

דער וועד־הקהילות, וואָס צייכנט איצט אָפּ דעם צען־יאָריקן יובילײ פון זיין עקסיסטענץ, איז אַרויסגעקומען פונעם קאָנגרעס פון די לאַנדעס־קהילות, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין די טעג פון 4טן ביזן 7טן סעפטעמבער 1952. דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז עס זיינען אויך פריער נישט געמאַכט געוואָרן פרווון צו גרינדן אַ פאַרבאַנד פון אַרגענטינער קהילות.

אַזאַ פרווו איז בפירוש געמאַכט געוואָרן נאָך אין יאָר 1945, ווען עס איז געפייערט געוואָרן דער חנוכת־הבית פונעם קהילה־הויז, און עס זיינען פאַרבעטן געוואָרן פאָרשטייער פון די פראָווינץ־קהילות, צו באַטייליקן זיך מיט דער וויכטיקער געשעעניש. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף דער נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ צענטראַלע פון די קהילות, כדי צו העלפן לייזן די קהילות אין דער פראָווינץ זייערע וויטאַלע פּראָבלעמען. פון יענעם פרווו אָדער פרווון איז אָבער גאָר נישט אַרויסגעקומען.

ביי דעם פריער דערמאָנטן קאָנגרעס זיינען געווען פאַרטראָטן 36 קהילות דורך 97 דעלעגאָטן. צבי פיינגערש, דעמאָלטיקער סעקרעטאַר פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה, וועלכער האָט ביי דעם קאָנגרעס געהאַלטן אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „דער וועד־הקהילות, זיינע צילן און זיין אָרגאַניזאַציע", האָט ביים רעזומירן די מיינונגען געזאָגט:

„און בכדי צו קענען געבן אַ לייזונג די אַלע באַריכטע פראַגן, גלייבן מיר, אַז עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ צענטראַלער אָרגאַניזם — דער וועד־הקהילות. מען האָט מיר געפרעגט צי מיר האָבן נישט צוגעגרייט אייניקע קאָנקרעטע פּראָיעקטן פאַר דעם. ענטפער איך, אַז פונקט ווי פאַר אַ קהילה איז נישט גענוג, וויפל סטאַטוטן מען זאָל נישט מאַכן, ווייל דאָס וואָרט קהילה אַליין פאַר זיך איז אַ סטאַטוט, וואָס פאַרפליכטעט צו גרעסערע רעאַליזירונגען, אַזוי זיינען אויך די צוויי ווערטער „וועד־הקהילות", וואָס באַטייט פאַראייניקן אַלע צעשפּרייטע ישובים, וואָס לעבן ביז איצט אַלס אָפּגעזונדערטע שבטים, און פאַרפליכטן צו אַ פאַרצווייגטער אַרבעט, בכדי צו פאַרפעסטיקן אונדזער ייִדיש לעבן".

ביים שליסן דעם דאָזיקן גרינדונגס־קאָנגרעס, האָט דער פּרעזידענט פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה און פון קאָנגרעס, ד"ר משה גאָלדמאַן, בפירוש אָנגעוויזן, אַז דאָס איז נישט דער ערשטער קאָנגרעס פון דעם מין. ד"ר גאָלדמאַן האָט אין זיין וואָרט געזאָגט:

„עס איז מיין אויפגאַבע איצט צו שליסן אָט־דעם קאָנגרעס, וואָס אויב ער איז נישט דער ערשטער פון דעם מין, איז ער בלי־ספק דער ערשטער וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן ביי אונדז אין לאַנד מיט אַזעלכע גוטע וווּנטשן און פּערספּעקטיוון. אין פאַרלויף פון אונדזערע דעבאַטן, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט עטלעכע מאָל צו פאַרשטאַרקן מיין צוטרוי אין דער צוזאָגנדיקער צוקונפט פון אָט־דעם אָרגאַניזם, וואָס עס איז אונדז מעגלעך געוואָרן צו פאַרוואַנדלען

אין אַ שיינער ווירקלעכקייט, אַ דאַנק די געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען פונעם יידנטום פון אונדזער גאַנצער רעפובליק״.

אין זיין ווייטערדיקן וואָרט רופט ד״ר גאָלדמאַן צו פאַראייניקן זיך אַרום דעם וועד־הקהילות און ער ברענגט אַרויס אַ פּראָגראַם פאַר דער נייער אָרגאַניזאַציע:

„מיר בויען אַ גרויסע ברודערשאַפט, וועלכע ווייסט נישט פון קיין אונטערשיידן צווישן אָרעמע און רייכע ברידער: עס זיינען נישטאָ קיין דעלעגאַטן פון דער הויפּטשטאָט אָדער פּראָווינץ. פון גרויסע אָדער קליינע קהילות. מיר זיינען באַזעלט פון אַ געמיינזאַמער שטרעבונג פון אַחדות פון אונדזער ישוב, צו באַפעסטיקן און צו פאַרזיכערן זיין קיום, צו העלפן יענע וואָס נויטיקן זיך אין אונדזער הילף. איך בין זיכער, אַז איר אַלע וועט איבערגעבן צו אייערע קהילות דעם דעמאָקראַטישן גייסט וואָס האָט געהערשט אויף אָט־דעם קאָנגרעס און די אידייען וואָס האָבן איצט באַלעבט. אויב מיר וועלן זיך פעסט האַלטן אין דעם גייסט און אין די אידייען, וועט דער וועד־הקהילות דערגרייכן די פרוכטן וואָס מיר אַלע ווינטשן אים״.

דעריבער איז פון יעדן שטאַנדפּונקט באַרעכטיקט צו רעכענען דעם בראשית פון וועד־הקהילות, זינט ער האָט אָנגעהויבן זיין ווירקלעכע טעטיקייט, זינט ער איז געוואָרן אַ בר־קיימא, אַ לעבעדיקער פאַקטאָר אין אונדזער לעבן.

— 2 —

צען יאָר עקסיסטענץ פאַר אַזאַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע מיט דערצי׳ערישע און קולטורעלע אויפגאַבן, איז באמת זייער ווינציק בכדי צו קענען מאַכן אַ סך־הכל פון אירע קאָנקרעטע דערגרייכונגען. מען דאַרף אָבער זאָגן, אַז די ערשטע צען יאָר עקסיסטענץ איז דער סאַמע שווערסטער פעריאָד. במשך די יאָרן איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט און ס׳איז אַפילו אויפגעהייבן געוואָרן דער סקעלעט פון בנין פון וועד־הקהילות, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר היינט צו טאָג אַ סאָלידן אָרגאַניזאַציאָנעלן בנין.

פאַר אַלעם איז נויטיק געווען צו געווינען דעם צוטרוי פון די קהילות. אין דער פּראָווינץ האָט מען זיך תחילת באַצויגן מיט אומצוטרוי און חשד צו דער נייער אָרגאַניזאַציע, וואָס פּרעטענדירט צו ווערן דער דעה־זאָגער און בעל־הבית פון אַלע קהילות פון לאַנד.

ווען מ׳איז געקומען פאַרלייגן אַ קהילה זיך אָנצושליסן אין וועד־הקהילות, האָבן די עסקנים געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. „מ׳וועט זיך פרי׳ער אַרומקוקן, נאָכפרעגן זיך, געוואויר ווערן ווי אַנדערע קהילות וועלן זיך נוהג זיין״... דאָס איז טאַקע אַ גוטער שטריך, וואָס רעדט צום גוטן פון די קהילות. איידער מען גייט זיך אָנשליסן אין אַ צענטראַלער אָרגאַניזאַציע, מוז מען פרי׳ער וויסן וועגן דעם כאַראַקטער און די צילן פון דער אָרגאַניזאַציע.

דאָס איז אפשר די סיבה פאַרוואָס די פרי׳ערדיקע פרווון האָבן נישט פּראָספּערירט. ס׳איז נויטיק געווען צו ברעכן די דאָזיקע רעזיסטענץ און אָפּרייניקן די אַטמאָספער פון דעם אומצוטרוי צו דער נייער אָרגאַניזאַציע.

זיכער האָט מען היינט טענות צום וועד־הקהילות, און אַ סך פון זיי זיינען גאַנץ באַרעכטיקטע, קיינער אָבער וועט היינט נישט חושד זיין דעם וועד־הקהילות אין האָבן זייטיקע, באַהאַלטענע כוונות, ווי, למשל — וועלן לייגן אַ האַנט אויף די סופּעראַוויטן פון די קהילות...

עס האָבן אויך נישט געפעלט אידעאָלאָגישע חשדים. אַ צאָל קהילות, ווו די אָנפירונג האָט געהאַט אַ לינקיסטישע שטעלונג, האָבן פשוט נישט דערלאָזט אַז זייערע קהילות זאָלן פאַרשטאַרקן אַ רעאַקציאָנערע כלל־ישראל אָרגאַניזאַציע מיט ציוניסטישע צילן...

מיט נישט ווינציק אַרבעט, און דורך פּערזענלעכער ווירקונג, זיינען די אַלע חשדים באַזייטיקט געוואָרן. היינט צו טאָג איז נישטאָ קיין איין וויכטיקער ישוב, וועלכער זאָל נישט זיין אָנגעשלאָסן אין דעם וועד־הקהילות. אָפיציעל האָבן מיר 120 קלענערע, גרעסערע און גאָר קליינע

קהילות; אומאָפיציעל אָבער זיינען מיר אַן אַדרעס פאַר אַלע פונקטן פון ישוב, וווּ עס וווינען נאָר יידן, איינגעשלאָסן אויך די יעניקע פונקטן, וווּ עס לעבן נאָר געציילטע יידישע משפחות וואָס זיינען צעוואָרפן איבער דעם ריזיקן שטח פון דער אַרגענטינער טעריטאָריע.

פאַר די 10 יאָר עקסיסטענץ פון וועד־הקהילות, זיינען צושטאַנד געקומען, איינגעשלאָסן דער לעצטער — זעקס קאָנגרעסן פון די קהילות. לויט דעם פאַרנעם פון יעדן פון די קאָנגרעסן, לאָזט זיך אָבסערווירן דער וווּקס פון וועד־הקהילות.

די וויכטיקסטע קאָנגרעסן זיינען געווען דער 4טער און 5טער. עס זיינען דאָרט געווען פאַר־טראָטן העכער 60 קהילות. דער 4טער קאָנגרעס, אין יאָר 1959, האָט זיך אויסגעטיילט דערמיט וואָס דער ערן־גאַסט פון קאָנגרעס איז געווען גאָלדע מאיר, די אויסערן־מיניסטאָרין פון מדינת־ישראל.




4טער קאָנגרעס פון ועד הקהילות מיט דער באַטייליקונג פון ישראלס אויסערן מיניסטאָרין גאָלדע מאיר. אלימלך גוטקין ביים דערעפענען דעם קאָנגרעס.

די פראָבלעמען וואָס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן דורך די קאָנגרעסן זיינען כמעט די זעלבי־קע. די פראָבלעמען פון חינוך, יוגנט, קולטור, זיינען שטענדיק לאַטענט און ווערן נישט אָראָפּ־גענומען פון טאָג־אָרדענונג. דאָס זיינען אייביקע פראַגן וואָס האַלטן אונדז פערמאַנענט באַשעפ־טיקט, אַזוי ביי אונדז, ווי אין אַלע אַנדערע תפוצות. דאָס זיינען פראַגן מיט וועלכע עס איז פאַר־בונדן אונדזער ווייטערדיקער קיום.

אויף אַלע דערמאָנטע קאָנגרעסן זיינען געהאַלטן געוואָרן אויסשעפנדיקע רעפעראַטן אויף די פריער־דערמאָנטע טעמעס. ביי אַלע כמעט קאָנגרעסן זיינען דורכגעפירט געוואָרן ביי דער דערעפענונג־זיצונג, באַערונגען פאַר די קהילות און קדושים אומגעבראַכטע דורך די נאַציס. דערמיט איז באַטאָנט געוואָרן אונדזער גייסטיקער קשר מיט יענע אַמאָליקע קהילות, יידישע פעסטונגען פאַר אונדזער המשך.

אויפן 2טן קאָנגרעס איז ברייט אַרומגערעדט געוואָרן די פראַגע פון קאָאָרדינירן די דע־מאָלט בײדע עקסיסטירנדיקע וועדי־החינוך, פון דער שטאָט און פאַר דער פּראָווינץ. דערמיט איז רייף געוואָרן דער געדאַנק און ס׳איז צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן צונויפצוגיסן דעם „וועד החינוך הראשי״ מיטן „וועד החינוך״ אין איין־איינציקע צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פאַר אונדזער חינוך־וועזן.

ביים 2טן קאָנגרעס, אין יאָר 1955, האָט די אָרגאַניזאַציע ערשט געהאַלטן אין דער ערשטער פאַזע פון איר גרינדונג. די אַרבעט האָט ערשט געהאַלטן ביי איר סאַמע אָנהייב. שמואל ראַבי־נאָוויטש, דער פּרעזידענט פון דער קהילה און פון וועד־הקהילות, האָט עס אין זיין רעדע קלאָר פאָרמולירט:

„מיר האָבן ביז איצט נישט אָנצוווייזן אויף גרויסע אויפטוען, אָבער מיר שטרעבן צו זיי. שוין איצט איז דער וועד־הקהילות, פאַר די צוויי יאָר פון זיין עקסיסטענץ, געוואָרן אַ פּערמאַ־נענטער אַדרעס פאַר אַלע אונדזערע קהילות און פונקטן פון דער אַרגענטינער פּראָווינץ — צי זיי זיינען יאָ אָדער נישט אָנגעשלאָסן אין אונדזער צענטראַלע. און דאָס אַליין באַדייט שוין אַ סך. די ישובים פון דער פּראָווינץ פילן זיך עלנט און פאַרגעסן. אין אונדזער ישוב איז נישטאָ די אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט זייערע טאָג־טעגלעכע זאָרגן און נויטן. מיר האָבן באַוויזן צו לייגן דעם יסוד פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע״.

אין זיין רעפעראַט וואָס דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט פון דער קהילה און פון וועד־הקהי־לות, ה׳ אלימלך גוטקין, האָט געהאַלטן אויפן 4טן קאָנגרעס אויף דער טעמע: „אָרגאַניזאַציע און פונקציע פון וועד־הקהילות״, האָט ער פעסטגעשטעלט אַז דער וועד־הקהילות איז געוואָרן אַ וויכטיקער יש אין דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן פון אונדזער ישוב. די עקסיסטענץ זיינע דאַרף מען נישט באַרעכטיקן מיט קאָמפּליצירטע טעאָריעס. נאָר זי ווערט באַרעכטיקט פון זיך זעלבסט דורך קאָנקרעטע, טאָג־טעגלעכע מעשים.

„ווען דער וועד־הקהילות זאָל מער נישט האָבן אָנצוווייזן ווי אויף זיין פּערמאַנענטער זאָרג און סיסטעמאַטישער אַרבעט אויפן שטח פון יידישן חינוך, וואָלט דאָס אַליין שוין גענוג געווען צו באַרעכטיקן זיין עקסיסטענץ. בפרט נאָך, ווען די פונקציע אונדזערע איז אַ פאַרצווייגטע און נעמט אַרום די וויכטיקסטע געביטן פון אונדזער לעבן. דער אויספירלעכער און אַנאַליטישער באַריכט פון ה׳ פיינגערש האָט אייך געגעבן אַ גאַנץ בילד פון די דאָזיקע אָנשטרענגונגען פאַר דעם אויפהאַלט און חיזוק פון דעם יידישן לעבן אין די פּראָווינץ־ישובים.

„ס׳איז היינט נישט מעגלעך צו רעדן וועגן אונדזער ישוב און זיינע אָרגאַניזאַציעס, נישט צו דערמאָנען אויפן ערשטן אָרט דעם פאַרבאַנד פון די אַרגענטינער קהילות.

אין איר אַנטוויקלונג איז אונדזער אָרגאַניזאַציע געגאַנגען אויף אַ נאָרמאַלן וועג. ס׳איז בפירוש גוט וואָס דער וועד־הקהילות האָט אָנגעפאַנגען זיין פונקציע נישט מיט טעאָריעס נאָר מיט מעשׂים, איבערלאָזנדיק די אָרגאַניזאַציאָנעלע סטרוקטור אויף שפּעטער. איצט, נאָכן האָבן געלייגט אַ סאָלידן יסוד, איז די צייט צו בויען דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן בנין אין אַלע זיינע דע־טאַלן. די אַרבעט, די פּראַקטיק אַליין, האָט אונדז געלערנט ווי אַזוי דער בנין דאַרף זיין״.

אינזש. נחמן ראַדזיכאָווסקי, גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קהילה און פון וועד־הקהילות, וויזט אָן אין זיין באַריכט אויפן 3טן קאָנגרעס פון די קהילות אין יאָר 1957, אויף אַ וויכטיקן פּרינציפּ וואָס ווערט אָפּגעהיט ביי דער אָנפירונג פון וועד־הקהילות. ראַדזיכאָווסקי זאָגט:

„איינער פון די הויפּט־פּרינציפּן, וואָס מיר האָבן זיך באַמיט אָפּצוהיטן אין אונדזער אַר־בעט, איז האַלטן דעם וועד־הקהילות ווייט פון וועלכער ס׳איז פּאַרטייאישער באַפּאַרבונג. נישט געקוקט וואָס איך אַליין און די חברים מיינע פון פּרעזידיום זיינען אָנגעהעריקע פון ציוניסטישע פּאַרטייען, האָבן מיר אָבער פאַרשטאַנען אַז דער וועד־הקהילות דאַרף געהאַלטן ווערן ווייט פון יעטוועדער פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע. דאָס איז אַ פּרינציפּ, וואָס דאַרף אויך אָפּגעהיט ווערן אין יע־דער קהילה, מעג זי זיין די קלענסטע, און אַוודאי איז דאָס צענפאַכיק נאָך וויכטיקער, לגבי דעם

פאַרבאַנד פון קהילות. במשך די דרייסיק חדשים אַקטואַציע איז אונדז אויסגעקומען בייצושטיין אַ סך ניסיונות, אָבער מיר זיינען פון זיי אַרויס בשלום.

„היינט צו טאָג — פרייט מיך צו באַטאָנען — געפינט זיך דער וועד־הקהילות אויף דעם ברייטן שליאַך פון כלל־ייִדישע זאָרגן, פילבאַר פאַר יעדער איניציאַטיוו, וואָס קען מיט עפּעס בייטראָגן אויסצובעסערן דעם מצב פון אונדזערע קהילות — פאַר דעם גאַנצן ייִדישן לעבן, אין אַלע זיינע מאַניפעסטאַציעס".

אין זיין דערעפענונג־וואָרט ביים 5טן קאָנגרעס, צו דעם הונדערט־יאָריקן יובילײ פון ישוב, וויזט אָן ד״ר טוביה קאַמענשיין, פרעזידענט פון וועד־הקהילות, אויף איניקע עיקר־פּראָבלעמען פון אונדזערע ישובים. ד״ר קאַמענשיין האָט צווישן אַנדערן געזאָגט:

„אונדזערע לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישע ישובים פעלט נאָך אַלטע טראַדיציע און קולטור־רעלע אומאָפּהענגיקייט. מיר זיינען נאָך פאַראייניקט מיט אונדזער שטאַם. מיר לעבן נאָך מיט אַ סך זיכרונות און חלומות, וועלכע פילן אויס אַ גרויסן טייל פון אונדזער לעבן, און גיבן צו אונדזערע ישובים אַ גרויסע אינטימקייט און האַרציקייט.

„אָבער מיר גלייבן אַז עס איז געקומען דער מאָמענט ערנסט אַ טראַכט צו טאָן ביז ווען מיר וועלן קענען אויפהאַלטן אָט דעם מצב. מיר זיינען נאָך ישובים, וועמענס אָנפירונג געפינט זיך אין די הענט פונעם ערשטן דור און מיר דאַרפן ערנסט זיך באַטראַכטן וועגן דער קומענדיקער תקופה און זאָרגן פאַר די דורות, פאַר וועלכע אונדזערע זיכרונות קענען שוין נישט האָבן קיין גרויסע נשמהדיקע באַדייטונג. מיר טאָרן נישט פאַרגעסן אַז די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבן די ייִדישע ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע, זיינען גאָר אַנדערע ווי אין יענע אין וועלכע עס האָבן געלעבט די ישובים פון מיזרח־איראָפּע, וועמענס המשך מיר דאַרפן זיין.

„כמעט אין גאַנצן דרום־אַמעריקע זיינען מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטאָטישע ישובים, דערמאָנען לענדער און שטעט איז כמעט דאָס זעלבע פון געאָגראַפישן שטאַנדפּונקט. דערמאָנען טשילע איז פאַר אונדז דאָס זעלבע ווי סאַנטיאַגאָ, אָנרופן אורוגווײ איז פאַר אונדז דאָס זעלבע ווי מאָנטעוידעאָ, פּערו ווי לימאַ, אאַז״וו. דער גרעסטער טייל פון די מיזרח־איראָפּעישע ייִדן האָבן געלעבט אין קליינע שטעטלעך, וועלכע זיינען געווען אַן אמתער גייסטיקער רעזערוו פאַר די גרעסערע קהילות.

„די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון יענע קהילות זיינען געווען אין גאַנצן אַנדערע ווי די אונדזעריקע. אָט־די און אַנדערע פאַקטאָרן שטעלן אַוועק אונדזערע ישובים פון לאַטיין־אַמעריקע פאַר שווערע פּראָבלעמען, וועלכע וועלן נאָך מער קאָמפּליצירט ווערן אין די קומענדיקע צען יאָר. דער אומקום פון דעם גרויסן גייסטיקן ייִדישן צענטער, פון וואַנען מיר האָבן באַקומען אונדזער השפעה, דער אויפקום פון די נייע ייִדישע צענטערס און דער שטאָטלעכער ייִדישער ווידערגעבורט, האָבן געשאַפן נייע קוואַלן פון עקסיסטענץ און קיום פאַרן ייִדישן פאָלק".

די זאָרגן פון חינוך פון יונגן דור און די אויפגאַבע צו באַרייכערן אונדזער לעבן מיט טראַדיציאָנעלע ווערטן, פאַרנעמען אַ הויפּט־אָרט אין די אויפגאַבן פון וועד־הקהילות.

מיט אַ פאַרשטאַרקונג פון די פּרינציפּן פון דער קהילות־צענטראַלע, איז לעצטנס ערשט דורכגעפירט געוואָרן דער זעקסטער קאָנגרעס פון די קהילות, צו דער געלעגנהייט פון צענטן אַניווערסאַר פון ועד הקהילות. דער דאָזיקער כנוס האָט באַקומען אַ באַזונדערע חשיבות דורך דער באַטייליקונג אין אים פון אַזעלכע חשובע געסט, ווי ד״ר יעקב צור, פאַרזיצער פון אַקציאָנס־קאָמיטעט און פון קרן קימת לישראל, און דער קולטור־גאַסט מרדכי שטריגלער.

ס׳איז זיכער געווען אַ גוטע איניציאַטיוו, וואָס דער קאָנגרעס איז דורכגעפירט געוואָרן אין די טעג, ווען עס איז דערעפנט געוואָרן ביי דער בוענאָס־איירעסער קהילה דער „חודש פון ייִדישן בוך און ספר". דער־אָ מאָמענט האָט אַריינגעבראַכט פייערלעכקייט. סיי דאָס באַקענען זיך מיט דער אויסשטעלונג און סיי דאָס אויסהערן שטריגלערס באַלערנדיקן רעפעראַט —




4טער קאָנגרעס פון ועד הקהילות מיטן אָנטייל פון ישראלס אויסערן מיניסטאָרן גאָלדע מאיר. אַ מאָמענט פון דער פייערלעכער דערעפענונג פון קאָנגרעס בעת גאָלדע מאיר האַלט איר באַגריסונגס־רעדע.

„מיטן ייִדישן ספר אין גאַנג איבער דורות״ — איז געווען אַ מאָמענט פון נחת־רוח פאַר די דעלעגאַטן פון דער פּראָווינץ.

אויפן סדר־היום פון קאָנגרעס האָבן, פאַרשטייט זיך, פאַרנומען אַ הויפּט־אָרט די וויטאַלע פּראָבלעמען פון די קהילות. עס איז אויך באַערט געוואָרן דער אָנדענק פון דעם לעגענדאַרישן ייִדישן דאָקטער פון דער קאָלאָניע, ד״ר נח ירחי ע״ה, צו זיין פופציקסטער יאָרצייט. דאָ איז אויך געהערט געוואָרן די אויטענטישע שטים פון דער פּראָווינץ, דורך אירע דעלעגאַטן ביי דעם קאָנגרעס, וועלכע האָבן אַלזייטיק באַריכטעט וועגן דעם גערוּאַנגל פאַרן אויפהאַלט פון ייִדישקייט אין זייערע ישובים.

*****

פאַר די צען יאָר עקזיסטענץ זיינען געשטאַנען ביי דער אָנפירונג פון וועד־הקהילות מענטשן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דער פונקציע פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע, מיט אויפגאַבן צו פאַרשטאַרקן דאָס ייִדישע לעבן אין די פּראָווינץ־ישובים.

יעדער פון זיי האָט פּערזענלעך ביי געטראָגן אויף זיין אופן פאַר דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער צענטראַלער קהילות־אָרגאַניזאַציע.

צום לויב פון די קהילות דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אירע עסקנים זיינען שטענדיק געקומען אויף אונדזער רוף. דערמיט האָבן זיי אַרויסגעוויזן זייער פאַרשטענדעניש פאַר די קהילה־פּראָבלעמען און זייער גרייטקייט מיטצואַרבעטן פאַר זייער לייזונג.

ווי אַ וויכטיקער באַשלוס פון 5טן קאָנגרעס, דאַרף דערמאָנט ווערן דאָס גוטהייסן די אָנשליסונג פון וועד־הקהילות אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, אַלס מיטגליד מיט באַראַטונג־רעכט. אין איינקלאַנג מיט דעם באַשלוס איז דער וועד־הקהילות געווען באַטייליקט מיט אַ דעלעגאַציע אין דעם 25סטן קאָנגרעס, וואָס איז פאַרגעקומען אין ירושלים.

די אויפגאַבע איז אויפצוהאַלטן, פאַרשטאַרקן דאָס ייִדישע לעבן אין דער אַרגענטינער פּראָווינץ דורך דער דערציִונג פון יונגן דור, דורך ייִדישער קולטור־אַרבעט, דורך פאַרשטאַרקן דאָס ייִדישע טראַדיציאָנעלע לעבן. דאָס זיינען געוואַלדיק שווערע אויפגאַבן, באַזונדער נאָך ווען מען נעמט אין אַכט דעם מאַנגל אין נויטיקן מענטשן־מאַטעריאַל, מאַנגל אין כלי־קודש, און איבער־הויפּט די ריזיקע דיסטאַנץ וואָס טיילט אונדז אָפּ פון יענע ווייטע ישובים אויף דרום אָדער אויף צפון פון דער רעפּובליק. עס זיינען פאַראַן קהילות וועלכע ליגן אויף אַ דיסטאַנץ פון 2,500 קי־לאָמעטער פון דער הויפּטשטאָט. אין אַזעלכע באַדינגונגען שטעלט מיט זיך פאַר אַ פּראָבלעם דאָס אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די צעוואָרפענע און ווייטע קהילות.

אַ קאָנקרעטער מיטל אָנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די ווייטע ישובים און וועקן דעם צוטרוי אין זייערע אייגענע כוחות, און ממילא פאַרקלענערן זייער עלנט, איז געווען דאָס שאַפן די ראַיאָן־קאָמיטעטן, אָדער פיליאַלן פון וועד־הקהילות אין פאַרשיידענע זאָנעס פון לאַנד. מיט די דאָזיקע פיליאַלן ווערט באַצוועקט אַרויפצולייגן מער אַחריות און איניציאַטיוו אויף די גרעסערע קהילות אין אינערן פון לאַנד, ווי אַ מיטל צו קאָאָרדינירן די אַרבעט, העלפן די קלענערע קהי־לות, און נישט דאַרפן זיין אָפּהענגיק אין זייערע הצטרכותן נאָר פון דער גרויסער און אַזוי ווייטער בוענאָס־איירעס.

היינט צו טאָג האָבן מיר זעקס ראַיאָן־קאָמיטעטן, וועלכע זיינען:

1. ראָזאַריאָ, וואָס נעמט אַרום די פּראָווינצן סאַנטאַ־פע און קאָרדאָבאַ — צוזאַמען 13 פונקטן.

2. טוקומאַן, וואָס נעמט אַרום די צפון־פּראָווינצן: טוקומאַן, סאַנטיאַגאָ־דעל־עסטעראָ, סאַלטאַ, לאַ־ריאָכאַ, קאַטאַמאַרקאַ און כוכוי — צוזאַמען 8 ישובים.

3. רעסיסטענסיאַ, נעמט אַרום טשאַקאָ, קאָריענטעס, פאָרמאָסאַ און מיסיאָנעס — צוזאַמען 8 ישובים.

4. מענדאָסאַ — נעמט אַרום די פּראָווינצן מענדאָסאַ, סאַן־כואַן און סאַן־לויס — צוזאַמען 4 ישובים.

5. באַהיאַ־בלאַנקאַ. דאָס איז דער גרעסטער פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן. ער איז כולל די דרומדיקע קהילות, פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, לאַ־פּאַמפּאַ, ריאָ־נעגראָ, נעוקען און טשובעט — צוזאַמען 38 ישובים.

6. קאָנסעפּסיאָן־דעל־אורוגווײַ. ער נעמט אַרום די ישובים פון ענטרע־ריאָס — סך־הכל 28 פּונקטן.

די ראַיאָן־קאָמיטעטן האָבן אַ ברייט פעלד פון פּאָזיטיווער און קאָנסטרוקטיווער אַרבעט. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע זיינען טעטיק אין דער זעלביקער מאָס, אַזוי ווי מיר וואָלטן געוואָלט. זיי זיינען אָבער דאָך וויכטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע אינסטרומענטן און זיי פאַרגרינגערן אין אַ גרויסער מאָס אונדזער אויפגאַבע.

ביי די ראַיאָן־קאָמיטעטן קומען פאָר לכל־הפחות איין מאָל אין יאָר ראַיאָן־צוזאַמענפאָרן, וואָס ווערן באַזוכט פון דער גרעסטער צאָל ישובים פונעם ראַיאָן. די דאָזיקע צוזאַמענפאָרן האָבן אַן אומגעהויער וויכטיקן דערציִערישן באַטייט און זיי זיינען קודם־כל אַ גרויסער סטימול צו וועקן צוטרוי אין די אייגענע כוחות. דאָס איז אַ געלעגנהייט פאַר די גרעסערע קהילות צו וועקן זייער געפיל פון אַחריות און סאָלידאַריטעט מיט די קליינע ישובים.

די טעמעס וואָס ווערן באַהאַנדלט ביי די צוזאַמענפאָרן זיינען די אייביקע פּראָבלעמען אונדזערע, ווי חינוך, יוגנט, קולטור־אַרבעט, באַציִונגען צווישן די קהילות, אָרגאַניזאַציאָנעלע ענינים אָדער ספּעציעלע פראַגן. עס קומען צו די ראַיאָן־צוזאַמענפאָרן אַ פאַרשטייער פון צענטראַלן וועד־הקהילות, שטענדיק אָבער באַטייליקט זיך אין זיי דער רייזנדיקער אינסטרוקטאָר, וועלכער העלפט פּערזענלעך צוגרייטן די צוזאַמענפאָרן.

נישט שטענדיק איז מעגלעך אָנצווייזן וועלכע עס זיינען די קאָנקרעטע דערגרייכונגען פון אַזעלכע כינוסים. די באַגעגעניש בלויז פון צענדלינגער דעלעגאַטן פון קהילות, וועלכע באַהאַנדלען מיטן פולן ערנסט פּראָבלעמען פון זייער קהילה־לעבן, איז שוין פאַר זיך אַ דערגרייכונג און אַן אויפטו. די וויכטיקסטע דערגרייכונג באַשטייט אין דעם: נישט צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און אַרויסקוקן אַז די גאַנצע הילף זאָל קומען פון בוענאָס־איירעס, נאָר אַליין טאָן, האָבן אייגענע איניציאַטיוו. די באַטייליקטע עסקנים אין די צוזאַמענפאָרן פאָרן צוריק אַ היים אין זייערע ישובים דערמוטיקט און געשטאַרקט.

עס וואָלט געווען אַן אומרעכט פון אונדזער זייט נישט אָנצווייזן אַז דער ראַיאָן־קאָמיטעט פון ענטרע־ריאָס איז דער סאַמע טעטיקסטער און צום בעסט־אָרגאַניזירטער. אָבער אויך די אַנדערע ראַיאָן־קאָמיטעטן אַרבעטן זיי מיט מיט דער צענטראַלע און פירן אויס וויכטיקע פונקציעס ווען נאָר דאָס איז נייטיק.

אין די ראַמען פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן באַנוצן מיר זיך אויך מיטן סיסטעם פון קהילה־צענטערס. דאָס מיינט, אַז די גרעסטע אין צאָל און בעסערע אָרגאַניזירטע קהילות, זאָלן נעמען אויף זיך די אַחריות דירעקט צו זאָרגן פאַר די קליינע ישובים אין זייער אומגעגנט. ס׳איז פאַר זיי אַ פליכט צו באַזאָרגן זיי מיט אַ רעדנער פאַר אַ קולטור־אַקט, העלפן אָרגאַניזירן ביי זיי אַ שולע, כאָטש איין מאָל אין דער וואָך, און בכלל העלפן צו דערהייבן זייער גייסטיק לעבן און לאָזן פילן יענע איינצלנע יידישע מישפּחות, אַז זיי זיינען נישט אין גאַנצן פאַרגעסן פון דעם יידישן כלל. אַזאַ מין אַקטיוויטעט איז פּראַקטישע יידישע סאָלידאַריטעט און שטעלט איין אַ גייסטיקן קאָנטאַקט צווישן די קהילות.

אַ פּראַקטיש און ווירקזאַם מיטל אויפצוהאַלטן אַ פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט די צעוואָרפענע קהילות, איז דער רייזנדיקער אינסטרוקטאָר אונדזערער. ער איז דער וואָס פאָרט פּערמאַנענט איבער די קהילות און גרייכט אַפילו צו די ווייטסטע ישובים. אומעטום קומט ער אין קאָנ־

טאַקט מיט די לאָקאַלע עסקנים, האַלט אָפּ מיט זיי באַראַטונגען, נעמט אויף זייערע פּראָבלעמען און זאָרגן און ברענגט זיי צו דער צענטראַלע.

נעמענדיק אין אַכט אַז דער רייזנדער דאַרף באַזוכן יעדן פון די ישובים כאָטש איין מאָל אין יאָר און פאַרבלייבן עטלעכע טעג, קען ער ביים בעסטן ווילן איינער אַליין נישט באַאַרבעטן די גאַנצע פּראָווינץ. מיר נויטיקן זיך אין צוויי אָדער דריי אַזעלכע אינסטרוקטאָרן. אויב מיר האָבן זיי ביז איצט נישט, איז עס דערפאַר ווייל מיר האָבן נישט די פּאַסיקע קאַנדידאַטן פאַר זיי.

דער רייזנדיקער־אינסטרוקטאָר האָט פאַר זיך אַ ברייט פעלד פאַר דאַנקבאַרער אַרבעט. די הויפּט־פונקציע איז נישט אַזוי אין די גרעסערע קהילות, מיט אַן איינגעשטעלטן אַפּאַראַט, ווי דער עיקר אין די גאָר קליינע ישובים, וווּ זיי האָבן גאָר נישט און זיי לעבן אין אָפּגעלאָזנקייט און עלנט. דאָ איז זיין קומען און זיין אַרבעט בכלל זייער און זייער אָנגעלייגט.



גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קהילה צבי פיינגערש פירט אָן מיטן דערעפענונג־אַקט פון 4טן קהילות־קאָנגרעס, מיטן אָנטייל פון גאָלדע מאיר.

די באַזוכן פון דעם רייזנדיקן־אינסטרוקטאָר האָבן אַ געוואַלדיק וויכטיקן מאָראַלישן באַטייט. זיין אויפגאַבע באַשטייט אייגנטלעך אין אַנטדעקן די וויט־פאַרוואָרפענע יידישע שבטים און זיי פאַרבינדן מיטן גרויסן יידישן ציבור. ער קומט נישט מאַכן קיין קאַמפּיין, נאָר אויסשליסלעך צו באַקענען זיך אויפן אָרט ווי עס לעבט זיך יידן, באַהאַוונט ווערן מיט זייערע פּראָבלעמען און אָריענטירן, העלפן זיי, אָדער צוזאַמען מיט זיי זוכן אַ פּאַסיקע לייזונג.

קאָנקרעט איז די אויפגאַבע פון דעם רייזנדיקן־אינסטרוקטאָר אָפּצוהאַלטן פאַרזאַמלונגען מיט יונג און אַלט, שמועסן מיט זיי וועגן באַטייט פון דער קהילה און פון וועד־הקהילות; זאַמלען סטאַטיסטישע דאַטן און ציפערן; דערמאָנען זיי אין זייערע יידיש־נאַציאָנאַלע פליכטן; סטימולירן זייער קולטור־לעבן און טאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך אַריינצוברענגען אַ ביסל אומרו אין דעם פאַרגליווערטן לאָקאַלן לעבן.

אַ הויפּט־וויכטיקע אויפגאַבע איז צו שטעלן זיך אין יעדן ישוב אין קאָנטאַקט מיט דער

יוגנט. פאַרשטאַרקן זייער צענטער און שאַפן אַזאַ אויב עס איז נישטאָ, און גאָר באַזונדערס — דערנענטערן זיי צו די פונקציעס פון דער קהילה. ס׳איז אונדזער שטרעבונג צו שאַפן ביי יעדער קהילה אַ יוגנט־אָפּטיילונג, ווי אַ מיטל זיי זאָלן זיך אויסלעבן אין דער ראַם פון דער קהילה און מיטאַרבעטן מיט איר.

ס׳איז די אויפגאַבע פונעם אינסטרוקטאָר צו ווערבירן יוגנטלעכע פאַר דעם לערער־סע־מינאַר אין מאָזעסוויל און צורעדן עלטערן, אויב זיי אַליין מוזן דאָרט ווייטער בלייבן — אַרויס־צושיקן זייערע קינדער אין גרעסערע יידישע צענטערס.

ווי ס׳איז צו זען, האָט פאַר זיך דער רייזנדיקער־אינסטרוקטאָר אַ ברייט פעלד פאַר אַקטי־וויטעט און איניציאַטיוו. זיינע באַזוכן האַלטן מיר פאַר אויסערסט וויכטיק.

— 3 —

וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די 120 קהילות אין דער פּראָווינץ? וועלכע איז די צאָל פון זייער מיטגלידערשאַפט, זייער פאַרנעם און מהות?

פאַרשטייט זיך אַז נישט אַלע קהילות האָבן דעם זעלביקן פּנים, כאַראַקטער און גרויס. שוין דערמיט אַליין וואָס די קהילות זיינען אָנגעשלאָסן אין דעם פאַרבאַנד פון אַרגענטינער קהילות, פאַרקלענערט דאָס זייער געפיל פון עלנט. דורך אונדז זיינען זיי פאַרבונדן מיטן יידישן כלל.

פון די לערך 450 טויזנט יידן וואָס לעבן אין אַרגענטינע, איז אַ פערטל פון זיי, אָדער 30 פּראָצענט, געפינען זיך אין דער פּראָווינץ. דאָס גיט שוין אַ באַגריף וועגן דער אימפּאָרטאַנץ וואָס דער פּראָווינץ־ישוב שטעלט מיט זיך פאָר.

וואָס שייך די קהילות, קלאַסיפיצירן מיר זיי קודם־כל לויט דער צאָל פון זייערע מיטגלי־דער. די אמתע קהילות, וואָס פילן אויס די קהילה־פונקציעס און פאָרדינען אָנגערופן צו ווערן קהילה, זיינען אין אַ קליינער מינדערהייט.

די גרעסטע מערהייט בילדן די קהילות, וואָס האָבן אַ מיטגלידערשאַפט מיט ווייניקער פון 50 מיטגלידער. זיי זיינען 65, דאָס מיינט, העכער אַ העלפט פון אַלע קהילות.

קהילות ביז 100 מיטגלידער האָבן מיר 25.

קהילות מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 100 ביז 300 — האָבן מיר 15.

קהילות פון 300 ביז 500 מיטגלידער — האָבן מיר 4.

קהילות פון 500 ביז 800 מיטגלידער — 6.

די העכסטע קאַטעגאָריע בילדן די קהילות וועמענס מיטגלידערשאַפט שטייגט אַריבער די 800, אַזעלכע קהילות האָבן מיר 7.

אין דער קאַטעגאָריע איז אויך אָנגעשלאָסן די קהילה פון בוענאָס־איירעס, וואָס האָט אַ מיטגלידערשאַפט פון לערך 50 טויזנט.

פון דער קלאַסיפיקאַציע איז צו זען, אַז די ערשטע צוויי קאַטעגאָריעס קהילות — אונטער 50 און ביז 100 מיטגלידער — זיינען צוזאַמען 90, אָדער 75 פּראָצענט פון אַלע אָנגעשלאָסענע קהילות.

און זאָגן דאַרף מען, אַז די דאָזיקע קליינע קהילות זיינען אונדזער הויפּט־זאָרג, ווייל זיי זיינען איבערגעלאָדן מיט פּראָבלעמען. ביים בעסטן ווילן זיינען זיי נישט ביכולת אַליין צו אָר־גאַניזירן זייער קהילה־לעבן און אויסטראָגן זייערע הצטרכותן. זיי נויטיקן זיך אין אונדזער ברו־דערלעכער מיטהילף און מיטאַרבעט.

די קליינע ישובים ווייזן אַרויס די טענדענץ צו ווערן קלענער און איינגעשרומפּענער. ביס־לעכווייז לייזן זיי זיך אויף. די באַפעלקערונג קלייבט זיך אַריבער אין די נאָענטע, גרעסערע ישובים פון דער געגנט. פאַר אַלעם בלייבן זיי פאַרלאָזט פון דער יוגנט, וועלכע האָט דאָרט נישט קיין שום פּערספּעקטיוו. פון יאָר צו יאָר ווערט זייער באַפעלקערונג קלענער. ס׳איז אָבער טראַ־גיש דער פּעריאָד פון צאַנקען פאַר די נאָך פאַרבליבענע מישפּחות.



די דעלעגאַטן צום 4טן קאָנגרעס פון ועד הקהילות.

גלייכצייטיק טרעפן מיר אויך אָן אויף אַ פּראָצעס ווען עס קומען אויף נייע קהילות. אַזאַ דערשיינונג האָבן מיר לעצטנס אין וויזשאַגווי, פּראָווינץ פון ענטרע־ריאָס. וויזשאַגווי האָט אַמאָל געהאַט געציילטע יידישע מישפחות נאָר, און איצט זיינען זיי אויסגעוואַקסן צו אַ ישוב פון הונדערט מישפחות. דער אויפקום פון דער נייער קהילה איז פאַרשטייט זיך אויפן חשבון פון די קליינע ישובים. די מישפחות וואָס האָבן פאַרלאָזט די קליינע פונקטן האָבן זיך באַזעצט אין וויזשאַגווי. דאָס איז אין אַ געוויסן זין אַ פאַרגיטיקונג, ווען דער פאַרגאַנג ווערט רעקאָמפּענסירט אויך מיט אויפגאַנג.

אַגב, די קהילה פון וויזשאַגווי ווייזט אַרויס אַ ווילן זיך אויפצובויען און אָרגאַניזירן דאָס יידישע לעבן. אין אַ קורצער צייט האָבן זיי זיך איינגעשאַפט אַ קהילה־הויז, האָבן אַ יידישע שולע און ווייזן אַרויס איניציאַטיוו און אומרו.

מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף דער אַלטער דערשיינונג פון רייסערייען, מחלוקות אין די קהילות, וואָס האָבן געדראָאַט צו צערייסן די ישובים. די מחלוקות זיינען נישט געווען אידעאָלאָגישע, לשם שמים, נאָר פּערזענלעכע, צווישן יחידים. דאָס האָט אונדז פאַרשאַפט נישט ווייניק זאָרג און עגמת־נפש. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אָנגעווענדעט אונדזער גאַנצן איינפלוס צו באַזייטיקן די קריגערייען און פאַרזיכערן דעם שלום, אָבער נישט שטענדיק איז דאָס אונדז געלונגען. דערביי האָבן מיר געמוזט זיין זייער געוואָרנט נישט צו פאַוואָריזירן איינעם פון די צדדים. אין אַזעלכע פאַלן האָבן מיר זיך אָריענטירט אויף וויפל אונדזער אינטערווענץ קען העלפן צו שטאַרקן די פּאָזיציע פון דער קהילה.

מען דאַרף אָבער זאָגן, אַז בדרך־כלל איז די אַטמאָספער אין די ישובים אַ ריינע און מאָראַליש אַ געזונטע. אַפילו ווען יידן פירן מחלוקות — ווערן זיי געפירט מיט אַחריות. מען טרעט זעלטן אַריבער די גרענעץ אויף צו זוכן הילף מחוץ פון אונדזער סביבה. ס'איז נישט פאַרצייכנט ביי אונדז קיין איין־איינציקער פאַל פון אַ מסירה. נישטאָ אין אונדזערע קהילות קיין משומדים, וועלכע פלעגן אונדז אַמאָל פאַרשאַפן אַזוי פיל צרות. אומקערנדיק זיך צו דער קהילה פון בוענאָס־איירעס, דאַרף מען זאָגן, אַז זי בילדעט אַ קאַטעגאָריע פאַר זיך. און ביי דער געלעגנהייט דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז נאָר אַ דאַנק דער בוענאָס־איירסעער קהילה עקסיסטירט דער וועד־הקהילות. פון דער קהילה איז אַרויסגעקומען די איניציאַטיוו צו שאַפן די פעדעראַציע פון די קהילות און זי איז דער מאָראַלישער און אויך דער מאַטעריעלער אָנשפּאַר אין איר אַקטיוויטעט און עקזיסטענץ.

אַ חוץ די 120 אָנגעשלאָסענע קהילות, זיינען צעוואָרפן איבער דעם ריזיקן שטח פון דער רעפּובליק אַ סך צענדלינגער און טאַקע הונדערטער פונקטן, וווּ עס לעבן איינצלנע אָדער צו עטלעכע יידישע מישפחות. דאָס זיינען די סאַמע איינזאַמסטע „אַרענדאַרן" אונדזערע. זיי לעבן אָפּגעריסן פון יידן און יידישקייט און זיי ווערן פאַרגרעבט, פאַרטעמפּט, מישן זיך אויס און פאַרשווינדן גייסטיק און פיזיש.

עס זיינען פאַראַן צענדלינגער פאַלן פון אַזעלכע יידישע מישפחות וואָס וווינען איינע־אַליין אין אַ שטעטל צווישן הונדערטער מישפחות נישט־יידן. די דאָזיקע איינצלנע, איינזאַמע יידישע מישפחות האָבן זיך גאָר נישט צו באַקלאָגן אויף דער באַציִונג מצד די אַרגענטינער שכנים. מען ווייזט זיי אַרויס רעספּעקט און מען וויל זיי זען ווי אייגענע אויף אַלע אונטערנעמונגען און אַקציעס — זיי און זייערע באַחנטע קינדער...

ווער קען זיך פאָרשטעלן, ווי שטאַרק עס איז דער צער פון יענע מישפחות און ווי שטאַרק עס איז זייער געפיל פון איינזאַמקייט. אויף אַ סך קילאָמעטערס ווייט אַרום איז נישט בנימצא נאָך אַ ייד, מיט וועמען צו קענען אויסרעדן אַ וואָרט, אַ שמועס טאָן היימישלעך, יידישלעך — מיט אַ קרעכץ, מיט אַ ווונק, אַזוי ווי נאָר יידן קענען שמועסן און זיך פאַרשטיין. אַ שטענדיקע דערדריקנדיקע איינזאַמקייט און לויערנדיקע סכנות לויערן דאָרט אויף יענע עלנטע יידישע היימען.

מיר איז באַקאַנט אַזאַ פאַראיינזאַמטע יידישע מישפחה, וואָס לעבט אין שטעטל עטלעכע



די דעלעגאַטן פון 5טן ועד הקהילות־קאָנגרעס לייגן אַ בלומען־קראַנץ ביים מאָנומענט פון סאַן מאַרטין.

צענדלינג קילאָמעטער פון בוענאָס־איירעס. ווען דער פאָטער פון דער מישפּחה קומט אין שטאָט אַריין, ברענגט ער מיט זיך אַ הונגער נאָך יידן. קומט ער צו אונדז אין ביוראָ אַריין און זאָגט:
— איך בין אַ גאַנצע יידישע קהילה...

לויט זיין אומרו וואָס ער ברענגט מיט זיך, איז דאָס קיין האָר נישט איבערגעטריבן. דער איינציקער ייד פירט דאָרט אויס אין זיין ישוב די פונקציע פון אַ קהילה. אין דעם באַשטייט די אייגנאַרטיקייט פון דער יידישער עדה. יעדער איינצלנער ייד איז בבחינת אַ גאַנץ פאָלק, אין מיניאַטור. יעדער ייד טראָגט אויף זיך די פליכטן פון אַ גאַנצער עדה. ווען נישט דער־אָ באַוווּסטזיין און די־אָ שליחות פון דעם יידישן יחיד, וואָלטן מיר אפשר פאַרפאַלן געוואָרן אויף דעם לאַנגן וואַנדער־וועג פון אונדזער געשיכטע. דאָ שטייען מיר זיכער פּנים־אל־פּנים מיט איינעם פון די סודות פון אונדזער קיום.

וואָס קען מען טאָן פאַר די דאָזיקע יידן? דאָס ווירקזאַמסטע וואָלט געווען זיי צו סטימו־לירן זיי זאָלן אַריבער אין גרעסערע יידישע צענטערס. לאָזט זיך אָבער דאָס נישט אַזוי גרינג פאַרווירקלעכן, ווייל זייער זיצן דאָרט איז פאַרבונדן מיט עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

מיר וואָלטן זיך צופרידנגעשטעלט ווען מען זאָל לכל־הפּחות קענען אַרויסראַטעווען זייערע קינדער פון דער סכּנה פון אומקום וואָס לויערט אויף זיי. מיר קומען טאַקע צו די דאָזיקע יידן מיט דער לאָזונג: גיט אונדז אייערע קינדער!

דער וועד־הקהילות האָט אויך טיילווייז מצליח געווען אַריינצוציען די ספרדישע ברידער אין אַ געמיינזאַמער מיטאַרבעט און שותּפות. פון דעם ערשטן מאָמענט אָן האָבן מיר געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט די ספרדישע קהילות, און ס'איז אונדז געלונגען צו שאַפן אַ דערנענטערונג מיט זיי, אַזוי אין בוענאָס־איירעס ווי אין דער פּראָווינץ. די געלונגענע פּרוּוון גיבן אונדז אַ גרונט צו האָפן אַז מיט דער צייט וועלן אונדזערע ספרדישע ברידער וואָס דערגרייכן דאָ צו אַ ציפער פון לערך 60 טויזנט נפשות, פאַרנעמען אַ גלייכבאַרעכטיקט אָרט אין דעם וועד־הקהילות.

מיר האָבן געפונען פאַר אונדזער פליכט גאָר באַזונדערס צו פאַרבעטן די ספרדישע גע־מיינדעס צו די קאָנגרעסן פון די קהילות. די באַטייליקונג זייערע איז גאָר שטאַרק געווען ניכּר אויפן פערטן קאָנגרעס (אין יאָר 1959), ווו עס זיינען געווען פאַרטראָטן דורך זייערע דעלעגאַטן די גרעסטע ספרדישע קהילות פון דער הויפּטשטאָט און אויך אַ צאָל פון דער פּראָווינץ. איינע פון די סעסיעס פון קאָנגרעס איז געווען אָפּגעגעבן די ספרדישע קהילות און זייערע פּראָבלעמען.

ווי אַ קאָנצעסיע פאַר די ספרדישע ברידער אונדזערע, זיי זאָלן זיך נישט פילן געטראָפן, ווי עס פּאַסירט מיט זיי, ווען מען רעדט יידיש אין זייער אָנוועזנהייט, האָבן מיר אויף דעם קאָנ־גרעס איינגעפירט, אַז די רעדעס געהאַלטן אין יידיש זאָלן גלייך אויפן אָרט איבערגעזעצט ווערן אויף שפּאַניש, דורך דעם סיסטעם פון פּריוואַטע אוריקולאַרעס, ווי עס פירט זיך אויף די אינ־טערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן.

לאָמיר דאָ דערמאָנען, אַז דאָ אין בוענאָס־איירעס האָבן מיר צווישן די אָנגעשלאָסענע איינע פון די חשובסטע ספרדישע קהילות — די „אַסאָסיאַסיאָן קאָמונידאַד איזראַעליטאַ דע בוענאָס־איירעס", אויף דער גאַס קאַמאַרגאָ, וואָס ציילט 2.700 משפּחות. זיי שאַצן אָפּ די וויכטיקע ראָל פון וועד הקהילות און קומען נאָך פּינקטלעך מיט זייערע התחייבותן. הלוואי וואָלטן אונדזערע גרויסע קהילות אַרויסגעוויזן אַזאַ פאַרשטענדעניש און דיסציפּלין בנוגע די עלעמענטאַרע אָר־גאַניזאַציאָנעלע פליכטן.

אַ ריי פון אונדזערע קהילות אין דער פּראָווינץ, באַזונדערס די פון צפון, ווי סאַלטאַ, קאַ־טאַמאַרקאַ, לאַ ריאָכאַ, אויך סאַן לויס, האָבן צווישן זייערע מיטגלידער אַ באַדייטיקע צאָל ספר־דים. דאָס זיינען די אַזוי־גערופענע „געמישטע חתונות". ס'איז פאַראַן אַ האַרמאָנישע גאַנצקייט אין דעם איינלעבן זיך פון די ביידע שבטים.

אין יענע צפון־פּראָווינצן זענען די ספרדים געווען די ערשטע צו באַזעצן זיך. איז דעריבער נאַטירלעך אַז זיי האָבן געגרינדעט קהילות, און די בית־עלמינס געפינען זיך אין זייערע הענט. אין די ישובים, ווו די אשכּנזישע יידן האָבן שפּעטער געשאַפן אייגענע קהילות, זיינען זיי אָבער

געבליבן אָפּהענגיק מיט דעם בית־עולם פון די ספרדים, ווייל נישט שטענדיק איז גרינג צו באַקומען ביי די פּראָווינציעלע און מוניציפּאַלע באַהערדן אַ דערלויבעניש אויף אַ בית־עולם. דאָס אָבער איז נישט קיין סיבה אַז עס זאָל צעשטערן דעם שלום־בית צווישן די ספרדים און אשכנזים.

— 4 —

אָרגאַניזאַציאָנעל האָבן מיר זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו שטאַרקן די קהילה, אויסצו־ברייטערן אירע פונקציעס און געבן איר וואָס מער פּרעסטיזש. אין יעדן ייִדישן פּונקט, ווי גרויס אָדער ווי קליין ער זאָל נישט זיין — מוז די קהילה זיין דער צענטראַלער פונקט פונעם ישוב, ווייל ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער לייזונג ווי בויען דאָס ייִדישע לעבן דורך דער קהילה, אַ מאָ־דערנע ייִדישע קהילה, מיט דער אויפגאַבע צו שטאַרקן דאָס ייִדישע לעבן אויף די פּלעצער און מיטן פּנים צו ישראל. אונדזער קהילה באַדאַרף דינען אַזוי דעם יחיד ווי דעם כלל און שטיין צו דינסט די אינטערעסן פון דער מדינה.

דעריבער האָבן מיר זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרוואַנדלען די איצטיקע חברה־קדישאס, פאַראיינען, צענטערס, אוניאָנען אָדער אַסאָציאַציעס — אין אמתע דעמאָקראַטישע קהילות, אויפן מוסטער פון אונדזער קהילה אין בוענאָס־איירעס. מיר ווייסן אַז דאָס איז אַ שווערע אויפ־גאַבע, אַ פּראָצעס, וואָס פאָדערט צייט, מי און אויסדויער. עס זיינען פאַראַן פאַלן, ווו עס איז נייטיק צו פירן אַ קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ פון דער קהילה, ווייל די עלטערע עסקנים ווילן נישט אויפגעבן, רעזיגנירן פון זייערע פּריוּערדיקע פּאָזיציעס.

דאָס שאַפן די קהילה איז פאַרבונדן מיט אָנשטרענגונגען, מיט קאַמף, אָבער ס׳איז כדאי. דאָס ייִדישע לעבן קען פון אַזאַ איבערגאַנג צו דער קהילה אַ סך געווינען. ס׳איז שווער צו ווירקן אויף יונגע הי־געבוירענע ייִדן, זיי זאָלן קומען אַקטיוּירן אין דער חברה־קדישא, מען קען אָבער יאָ אויף זיי ווירקן און זיי פאַראינטערעסירן מיט די אויפגאַבן, וואָס עס האָט אַ דעמאָקראַטישע קהילה.

די סטאַטוטן פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה מיט איר׳ פּאַרצווייגטער אַקטיוויטעט דינט אונדז ווי אַ מוסטער אין דער אויפגאַבע. די יורידישע אַסעסאָרן אונדזערע העלפן מיט די קהילות אין צוגרייטן די נייע סטאַטוטן. דאָס שאַפן אָבער די קהילה איז נישט קיין יורידישער, נאָר אַ געזעלשאַפטלעכער ענין, וואָס פאָדערט צייט און פאַרשטענדעניש.

מיר האָבן אָנצווייזן אויף אַ צאָל קאָנקרעטע דערגרייכונגען. אַ דאַנק אונדזער אינטער־ווענץ און מיטהילף, איז באַוויזן געוואָרן צו טראַנספאָרמירן חברה קדישאס אין קהילות. דאָס איז דער פאַל מיט סאַנטאַ־פע, מאָזעסוויל, באַסאַווילבאַסאָ, באַהיאַ־בלאַנקאָ און אַ צאָל קלענערע ישובים, ווו מיר האָבן מיטגעהאָלפן און סטימולירט צו אָרגאַניזירן די קהילה. עס בלייבט נאָך אָבער גאָר אַ סך צו טאָן אויף אָט דעם שטח און מיר האַלטן ערשט אין סאַמע מיט אָדער ערשט ביים סאַמע אָנהייב פון דעם פּראָצעס.

אין אונדזער שטרעבונג צו שטאַרקן מאָראַליש און אָרגאַניזאַציאָנעל די עקזיסטירנדיקע קהילות, האָבן מיר אויסגענוצט יעטוועדע געלעגנהייט צו פאַרגרעסערן זייער פּרעסטיזש און באַטאָנען זייער געזעלשאַפטלעכע חשיבות.

אַזוי, למשל, אָריענטירן מיר די עסקנים, אַז די ייִדישע שול דאַרף זיך געפינען אונטער דער אויפזיכט און אַפּוטרופּסות פון דער קהילה. די עקזיסטענץ גופא פון דער שול דאַרף נישט זיין נאָר די זאָרג פון די עלטערן וואָס שיקן די קינדער אין שול אַריין, נאָר דאַרף זיין פון די ערשטע אויפגאַבן פון דער קהילה.

כדי אויסצומיידן שוועריקייטן מיט די עקזיסטירנדיקע שול־פאַרוואַלטונגען, דאַרף דער איבערגאַנג געמאַכט ווערן בהדרגהדיק. לכל הפחות, מוז די קהילה זיין פאַרטראַטן אין דער אָנ־פירונג פון דער שול דורך אירע פאָרשטייער, ביז זי וועט מיט דער צייט אינגאַנצן איבערגענומען

יוערן פון דער קהילה. אומעטום ווו עס זיינען אַנטשטאַנען סכסוכים אויף דעם שטח, האָבן מיר געשטיצט די קהילה אין איר רעכט צו האָבן אונטער איר אויפזיכט דעם חינוך פונעם יונגן דור. דאָס איז אַ רעכט און אַ פליכט פון דער קהילה, באַזונדערס איצט, ווען דאָס אויסהאַלטן אַ שול פאָדערט מאַטעריעלע אָנשטרענגונגען.

מיר האָבן אויך אָריענטירט די קהילה צו העכערן דעם מיטגליד־אָפצאָל. נישט פאַרלאָזן זיך און שטיצן דעם ביודזשעט פון דער קהילה אויף קבורה־געלטער, נאָר אויך אַ פערמאַנענטן חודשלעכן אָפצאָל, וואָס זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט איר אַקטיוויטעט און די פליכטן וואָס זי



אויפן 4טן קאָנגרעס פון ועד הקהילות.

טראָגט פאַר דעם גאַנצן יידישן לעבן. דאָס העכערן דעם חודשלעכן מיטגליד־אָפצאָל האָט אויך אַ דערציִעוּדישן באַטייט. דאָס לערנט אויס, אַז די אָנגעהעריקייט צום יידישן ציבור קען מען נישט אָפּקומען מיט סענטן, נאָר איז באַרעכטיקט צו פאָדערן לכל הפחות אַ מינימאַלע אָנשטרענגונג.

אַ דאַנק אונדזערע אָנווייזונגען איז באַדייטיק געהעכערט געוואָרן דער מיטגליד־אָפצאָל אין די מערסטע פון די קהילות.

מיר האָבן אויך סטימולירט און מיטגעהאָלפן די קהילות צו שטעלן מאָנומענטן אויף זייערע בית־עלמינס נאָך די זעקס מיליאָן קדושים אונדזערע פון דער היטלער־עפּאָכע. די קהילה איז די וואָס דאַרף אויפהאַלטן און אָפּהיטן אין דעם נאַציאָנאַלן זכרון דעם גרויסן חורבן פון אונדזער דור און עפּעס לערנען פון די טראַגישע געשעענישן. אַזעלכע מאָנומענטן זיינען געשטעלט געוואָרן דורך די גרעסערע און אויך קלענערע קהילות, און זיי פילן אויס דעם חלל פון אויסגעלייידיקטער יידישקייט מיט טראַגישן יידישן אינהאַלט.

מיר האַלטן אויך, אַז די קהילה איז באַרעכטיקט אָנצוהאַלטן אַ קאָנטראָל אויף די זאַמלונגען וואָס ווערן דורכגעפירט אין דער פּראָווינץ. עס טאָר נישט דורכגעפירט ווערן קיין שום קאַמפּיין אָדער זאַמלונג אין די פּראָווינץ־ישובים, אָן דער גוטהייסונג און אויטאָריזירונג פון דער לאָקאַלער קהילה. דאָס גלייכן דאַרף די קהילה קאָנטראָלירן די פונקציעס פון די אַזוי־גערופענע סוב־קאָמיטעטן פון די אינסטיטוציעס אין בוענאָס־איירעס. זיי דאַרפן זיך אונטער־וואַרפן דער אויפזיכט פון דער לאָקאַלער קהילה. דאָס איז אין איינקלאַנג מיט אונדזער שטאַנד־פונקט אַז דער איינציקער אַדרעס פון יעדן ישוב איז נאָר די קהילה.

אין אונדזער באַגער צו שטאַרקן די קהילות, האָבן מיר געזוכט אַ פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט די עסקנים פון דער פּראָווינץ. אין אַפּטע צירקולאַר־בריוו האָבן מיר זיי געראָפן, אַז ווען זיי קומען קיין בוענאָס־איירעס זאָלן זיי זיך שטעלן אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט אונדז. דורך




קאָנגרעס פון ועד הקהילות אין יאָר 1960.

אַזאַ דירעקטן שמועס באַוויזן מיר שטענדיק צו סטימולירן די עסקנים און דערליידיקן ענינים וואָס דורך קאָרעספּאָנדענץ קען מען דאָס נישט באַוויזן. מיר רופן אויך די עסקנים פון די פּראָ־ווינץ־קהילות זיי זאָלן קומען צו די עקזעקוטיוו־זיצונגען פון ועד־הקהילות און אַפילו פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה. דאָס באַטייליקן זיך אין אַזאַ זיצונג, ווו ער קען אויך קומען צום וואָרט און עקספּאָנירן עפנטלעך די פּראָבלעמען פון זיין ישוב, האָט אַ געוואַלדיקן מאָראַלישן באַדייט פאַר יענע ווייטע עסקנים, וואָס טראָגן דעם שווערן עול פון זייערע ישובים אין אַ סביבה פון אַפּאַטיע און אָפּגעלאָזנקייט.

מיר זיינען איצט באַשעפטיקט מיט דער פּראָבלעם פון שאַפן אַ פאָנד צו הילף פאַר די

קליינע קהילות, וועלכע זיינען נישט אימשטאַנד ביי זייער בעסטן ווילן נאָכצוקומען די קהילהשע הצטרכותן פון זייערע קליינע ישובים, מיט אַ באַגרענעצטער באַפעלקערונג וואָס דערגרייכט נישט צו די 50 משפחות. אַזאַ פאָנד וואָלט געווען אַ גרויסער סטימול פאַר די קליינע ישובים און וואָלט אויך פאַרגרינגערט פינאַנציעל דעם עול פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה, צו וועלכער מען ווענדעט זיך נאָך מאַטעריעלער הילף פון דער גאַנצער רעפובליק. נעמענדיק אין אַכט, אַז עס איז פאַראַן אַן איינפאַרשטענדעניש דורכצופירן ביי אונדז אַ קאַמפיין פאַר די לאָקאַלע הצטרכותן, וועט אויך אַזוי אַרום דער געפּלאַנטער פאָנד באַקומען אַ תיקון.

— 5 —

אַ הויפּט־וויכטיקע פונקציע שרייבן מיר צו דער יידישער שול אין דער הויפּטשטאָט און נאָך דאָפּלט וויכטיק איז זי אין דער פּראָווינץ. דער מאַקסימום וואָס לאָזט זיך טאָן פאַר יענע ווייטע, פאַרוואָרפענע ישובים, איז עפענען אַ יידישע שול, זי פילט אויס דעם ליידיקן חלל און שאַפט אַן אַטמאָספער פון יידישקייט. דורך די קינדער שטראַלט די שול אויס איר יידישקייט אויף אויף די דערוואַקסענע און דרינגט אַריין אין זייערע היימען.

דער חינוך, דאָס שולוועזן, וואָס ווערט אויפגעהאַלטן אין דער פּראָווינץ דורך דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן אַפּאַראַט פון ועד־החינוך און ווערט דורך אונדז סובסידירט, שטעלט פאַר מיט זיך אַ גרויסן אויפטו און איז אַ גאַראַנטיע פאַרן המשך פון יידישקייט אין די פּראָווינץ־שטעט.

וויפל חסרונות מען זאָל נישט אַנווייזן אויף די פּראָווינץ־שולן, ווערט אָבער נאָך אַלץ נישט פאַרמינערט זייער באַדייט און דערגרייכונג. די ערגסטע שול איז נאָך אַלץ בעסער ווי אין גאַנצן אָן אַ שול. און דער אמת איז, אַז די פּראָווינץ־שול איז באמת נישט אַזוי שלעכט ווי מיר מיינען. אין די מערסטע פאַלן שטייט זי נישט אָפּ סיי פּעדאַגאָגיש און סיי מיט איר ווירקונג פון די שולן אין דער הויפּטשטאָט. אַן אויסנאַם זיינען, פאַרשטייט זיך, די יעניקע שולן מיט איין־אײנציקן לערער. אָבער אויך די דאָזיקע שול, וואָס איז פון פּעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט אַנאָרמאַל, האָט אָבער אַן אומגעהויערע באַדייטונג, ווי אַן אָאַזיס פון יידישקייט אין דעם מדבר פון אָפּגעלאָזנקייט און פרעמדקייט.

דאָס זעלביקע לאָזט זיך אויך זאָגן בנוגע דעם באַזוך פון די קינדער. בשעת דאָ אין דער הויפּטשטאָט דיסקוטירט מען נאָך אַלץ וויפל פּראָצענט פון יידישע קינדער אין שול־עלטער באַזוכן די שול — 25 אָדער 30 — גרייכט דער באַזוך אין דער פּראָווינץ ביז 90 און אַפילו צו די סאַמע הונדערט פּראָצענט.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז די קהילה פון ראַזאַריאָ היט אָפּ דעם פּרינציפּ פון נישט נעמען קיין שכר־לימוד ביי די עלטערן, און די טירן פון דער שול שטייען אָפן פאַר יעדן קינד, אַפילו ווען דאָס איז פאַרבונדן פאַר דער קהילה מיט מאַטעריעלע אָנשטרענגונגען.

מען רעדט כסדר וועגן די גרויסע אויפגאַבן וואָס מ׳לייגט אַרויף אויף דער שול. צי מיינט דאָס נישט, אַז מען לייגט אַרויף צופיל לאַסט אויף דער יונגער פּלייצע פון דעם לערער? דער יונגער לערער אָדער לערערין דאַרף דעקן אַלע בלויזן, אויספילן דאָס פעלן פון יידישן שטייגער, דאָס פעלן פון רעליגיעז־טראַדיציאָנעלן לעבן — דאָס אַלץ דאַרף דער יונגער, אומדערפאַרענער לערער איינער אַליין דעקן, מתקן זיין.

מיר האָבן געהאַט אַ שטאַרקן מאַנגל אין לערער פאַר דער פּראָווינץ. אין אַ צאָל ישובים האָבן נישט געקענט דערעפנט ווערן יידישע שולן נאָר דערפאַר, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט די נייטיקע לערער פאַר זיי. די אָפטע הילפס־רופן פון דער פּראָווינץ „שיקט אונדז אַ לערער, וואָס זאָל ראַטעווען אונדזערע קינדער פון גייסטיקן אומקום!‟ — האָבן מיר ליידער נישט געקאָנט נאָכקומען. מיר האָבן די לערער נישט געהאַט. די לערער וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון לערער־סעמינאַר ביי דער בוענאָס־איירעסער קהילה — זיינען אָדער פאַרבליבן אין שטאָט, אַ

טייל פון זיי זיינען עולה געווען, אָדער האָבן זיך בכלל נישט פאַרנומען מיט לערעריי און האָבן ווייטער געלערנט.

דערפאַר איז דאָס שאַפן דעם לערער־סעמינאַר אין מאָזעסוויל, געווען אַ געוואַלדיק פּאָזי־טיזוער אויפטו אויף צו באַזאָרגן די פּראָווינץ מיט לערער. אַחוץ די גרויסע מאַטעריעלע מיט־לען, וואָס זיינען אינוועסטירט געוואָרן אין דעם דאָזיקן אינסטיטוט, וואָס ווערט אינגאַנצן אויס־געהאַלטן דורך דער בוענאָס־איירעסער קהילה, איז אויך דאָ אַריינגעלייגט געוואָרן אַ סך פּיעטעט און ליבשאַפט. און די דאָזיקע פלאַנץ גיט שוין אַרויס אירע ערשטע פרוכט. דער ערשטער אַרויס־לאָז פון יונגע, הי־געבוירענע לערער איז מיט זייער גאַנצער אומדערפאַרנקייט און קנאַפּער איינ־געוואָרצלטקייט אין יידישקייט, דאָך אַ ברכה פאַר אונדזער שול־וועזן אין דער פּראָווינץ. מאָ־זעסוויל האָט געלייזט דעם מאַנגל אין לערערס פאַר די פּראָווינץ־ישובים.




פּרעזידענט פון דער דאַיאַ, ד״ר יצחק גאָלדענבערג, באַגריסט דעם 6טן צוזאַמענפאָר פון ועד הקהילות (1962)

ס׳איז נישט אונדזער אויפגאַבע דאָ זיך אָפּצושטעלן אויספירלעך אויף דער אימפּאָרטאַנץ פון דעם מאָזעסווילער סעמינאַר; דאָס ווערט געטאָן אין אַ באַזונדער אַרבעט. דאָ ווילן מיר נאָר אָנווייזן וואָס דער סעמינאַר באַדייט דער עיקר פאַר דער פּראָווינץ, ווי אַ רעטונג פאַר די יוגנט־לעכע. די תּלמידים פון סעמינאַר רעקרוטירן זיך פון צענדליקער ישובים איבער דער אַרגענטינער פּראָווינץ. די דאָזיקע יוגנטלעכע ווערן ממש אָפּגעראַטעוועט דורך דעם סעמינאַר, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַן עיר־מקלט אויף אָפּראַטעווען וויכטיקע טיילן פון אונדזער יוגנט, וואָס וואָלט פאַרלוירן געוואָרן פאַר אונדזער לעבן.

אַ וויכטיקע געשעעניש און דערגרייכונג פאַר דעם חינוך־וועזן אין דער פּראָווינץ, איז גע־ווען דאָס איבערנעמען מצד דעם ועד־הקהילות די שולן פון דעם „ועד־החינוך הראשי״ ביי דער

קאָנגרעגאַציע. דער דאָזיקער אָפּמאַך איז ראַטיפיצירט געוואָרן דורך דעם דריטן קאָנגרעס פון די קהילות אין מערץ 1957. נאָך אַ קורצן איבערגאַנגס־פעריאָד זיינען ענדלעך פאַראייניקט געוואָרן ביידע ועדי־החינוך אין איין צענטראַלער אָרגאַניזאַציע פון דעם ועד החינוך. דערמיט זיינען אויסגעגליכן געוואָרן די פּראָווינץ־שולן מיט די שולן פון דער הויפּטשטאָט. דערמיט איז געהויבן געוואָרן דער פּעדאַגאָגישער ניוואָ פון די שולן.

אַ צווייטע וויכטיקע דערגרייכונג דאַרף דערמאָנט ווערן, וואָס דער ועד הקהילות האָט איינגעשטעלט די סובסידיעס פאַר די פּראָווינץ־שולן אויף אַ ווירדיקער באַזע. אונדזער סובסידיע טראָגט נישט דעם כאַראַקטער פון סתם אַ הילף און אַוודאי נישט פון קיין נדבה, נאָר ווי אַ פליכט און סאָלידאַריטעט מצד דעם שטאָטישן ישוב בכדי צו באַטייליקן זיך אין די זאָרגן פאַר אונדזער המשך. די סובסידיע דערגרייכט היינט ביז 40 פּעזעס פאַר יעדן קינד. דאָרט ווו דער ישוב איז אַ קליינער און אָן מיטלען, דעקן מיר ביז 40 פּראָצענט פון דעם שול־בודזשעט. אַנדערע פאָרמען פון סובסידיעס זיינען אויך פאַראַן, ווו עס ווערט דערגאַנצט דעם לערערס געהאַלט.

די סובסידיעס פאַר די פּראָווינץ־שולן צוזאַמען מיט אויסהאַלטן דעם סעמינאַר אין מאָזעסוויל, באַטרעפט יערלעך די סומע פון פינף און אַ האַלבן מיליאָן פּעזעס.

עס פונקציאָנירן ביים היינטיקן טאָג אין דער פּראָווינץ 62 פאָלקס־שולן, 28 גני־ילדים, 9 מיטל־שולן און סעמינאַרן און 14 אָוונט־קורסן, צוזאַמען 113 שולן מיט 4.521 תלמידים, וואָס ווערן באַדינט פון 160 לערערס און פּראָפעסאָרן.

די לערערס פון די פּראָווינץ־שולן זיינען ביז 90 פּראָצענט הי־געבוירענע לערערס און זיי זיינען אַ פּראָדוקט פון אונדזער סביבה. ווי הי־געבוירענע, זיינען זיי פּסיכאָלאָגיש און שפּראַכלעך נאָענט צום היגן קינד און ממילא קען זייער דערציערישע השפעה זיין ווירקזאַמער.

דער ועד־הקהילות האָט באַזונדערע און ספּעציעלע פאָדערונגען פון דעם לערער. עס גייט נישט אין סתם פאַרגרעסערן די לאַסט וואָס מ׳לייגט אויף אים אַרויף, נאָר זיי זיינען אַ פּועל־יוצא פון דער סביבה אין וועלכער עס קומט זיי אויס צו אַקטויִרן. די פאָדערונגען זיינען געזעלשאַפטלעכע. דער לערער פון אַ פּראָווינץ־ישוב קען זיך נישט דערלויבן צו באַגרענעצן זיין פונקציע נאָר צו די ד׳ אמות פון דער שול. ער מוז אויך געזעלשאַפטלעך זיין אַקטיוו, ווירקן, אָריענטירן, זיין דער וועקער און מאָנער, און ווען עס איז נייטיק — אויך אַ מוכיח.

— 6 —

פאַר די צען יאָר עקזיסטענץ פון ועד הקהילות האָבן מיר אָנצווייזן אויף אַ ריזיקן סכום פון אַרבעט, אָנשטרענגונגען אויף צו הייבן דעם קולטור־ניוואָ פון די ישובים. מ׳קען אָנווייזן אויף הונדערטער קולטור־אַקטן און קאָנצערטן. מיר האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל דורכצופירן אין יעדן ישוב במשך דעם קולטור־זמן לכל הפחות צוויי קולטור־אַקטן. גאָר באַזונדער האָבן מיר גענומען אין אַכט די קליינע ישובים. נישט נאָר האָבן מיר געהאָלפן אָרגאַניזירן די אַקטן, נאָר אויך געדעקט די הוצאות מיט וועלכע דאָס איז פאַרבונדן.

אין אונדזער זאָרג, אַז דאָס לעבעדיקע יידישע ווערט זאָל דערגיין צו די ווייטע און דער עיקר קליינע ישובים, האָבן מיר סובסידירט פאַרשיידענע אַרטיסטן־טרופּעס, וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער פּראָווינץ, מיט אַ בעסערן רעפּערטואַר פון טעאַטער־פּיעסן אָדער קליינקונסט־נומערן. די דאָזיקע סובסידיעס באַטרעפן פיל צענדליקער טויזנטער פּעזעס. מיר האָבן דערפאַר די סאַטיספאַקציע, וואָס דאָס האָט דערמעגלעכט צענדליקער יידישע ישובים צו זען אַמאָל אַ בעסערע פאָרשטעלונג.

מיר האָבן אויך געגעבן אַ געלעגנהייט דער פּראָווינץ צו זען גוטע ישראל־פילמען. צו דעם צוועק האָבן מיר איינגעקויפט אַ פּראָזשעקטאָר און אָנגעשטעלט אַ מענטשן וואָס זאָל פאָרן מיט די פילמען איבער דער פּראָווינץ. די דאָזיקע פילמען, וואָס זיינען געוויזן געוואָרן אין העכער 40

ישובים, אינגאַנצן אומזיסט — האָבן פאַרשאַפט אַ נחת־רוח פיל טויזנטער ייִדן. אין די מערסטע פון די ישובים האָבן אויך נישט־ייִדן די פילמען. דאָס איז אַ מיטל צו וועקן סענטימענט און פריינטשאַפט פאַר מדינת־ישראל.

אַ נייע קולטור־דערשיינונג וואָס מיר האָבן איינגעפירט אין די גרעסערע קהילות, זיינען די ביכער־אויסשטעלונגען אויפן מוסטער פון דער קהילה פון בוענאָס־איירעס. ווען אַפילו נישט מיט דעם זעלביקן גלאַנץ און פאַרנעם, ברענגען די אויסשטעלונגען דאָך אַריין אַ קולטור־אויפ־לעבונג און וועקן אינטערעס פאַר דעם ייִדישן בוך.



הר"ב הראשי ד"ר יעקב פינק באַגריסט דעם 6טן צוזאַמענפאָר פון די קהילות אין 10טן אַניווערסאַר פון ועד הקהילות (יאָר 1962).

די אויסשטעלונגען ווערן דורכגעפירט יעדעס יאָר מיט אַ שטייגנדיקן דערפאָלג, וואָס דריקט זיך אויס אין דער צאָל פאַרקויפטע ביכער. די ביכער־אויסשטעלונג ווערט אויך באַגלייט פון רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע, געשיכטלעכע אָדער אַלגעמיינער קולטור־טעמעס. אַזעלכע אויס־שטעלונגען ווערן לעצטנס דורכגעפירט אין אַלע גרעסערע קהילות פון לאַנד און זייער אָפּקלאַנג שטייגט אַריבער די גרענעץ פון דער קהילה און ווערט אַן אַלגעמיינע קולטור־דערשיינונג.

מיר האָבן אויך איינגעפירט ווי אַ נייעס, בילדער־אויסשטעלונגען פון היגע ייִדישע מאָלער אין אַ צאָל גרעסערע קהילות. צווישן די בילדער־אויסשטעלונגען האָבן זיך אויסגעטיילט די בילדער פון ישראל־פייזאַזשן און טיפן פון ישראל־שבטים, און זיינען באַוווּנדערט געוואָרן דורך טויזנטער באַזוכער. צווישן די קויפערס פון די בילדער זיינען אויך געווען קריסטלעכע גייסט־לעכע און אַרגענטינער מיליטער־לייט.

ס'איז געווען אונדזער גרעסטע זאָרג, אַז דאָס ייִדישע לעבעדיקע וואָרט און ייִדיש־העברעיִשע געזאַנג זאָל גרייכן צו די ווייטסטע ישובים, ווי אַ סטימול און דערציִונג פאַקטאָר אויפצוהאַלטן ייִדישן סענטימענט ביי גרויס און קליין. דערביי האָבן מיר געהאַט גרויסע שוועריקייטן צוליב דעם גרויסן מאַנגל אין דעם פּאַסיקן מענטשן־עלעמענט.

אין אונדזער באַגער צו הייבן דעם קולטור־ניוואָ פון די פּראָווינץ־ישובים, האָבן מיר זיך געהאַלטן ביים פּרינציפּ אַז דאָס וואָס מיר גיבן דער פּראָווינץ, מוז זיין פון דער בעסטער קוואַליטעט. אויב מיר האָבן נישט די מעגלעכקייט דורכצופירן אַ סך קולטור־אַקטן אין די קהילות, מוז כאָטש די ווינציקע וואָס ווערן יאָ דורכגעפירט, זיין קוואַליטאַטיוו פון אַ הויכן ווערט.

מיר האָבן אויך אַרויסגעשיקט אַ באַדייטנדיקן סכום ביכער־מתנות, צו באַרייכערן די ביבליאָטעקן ביי די קהילות. די דאָזיקע ביכער־מתנות זיינען דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה.

אָפּשאַצנדיק ווי אַ נייטיקע און פּאָזיטיווע אַקטיוויטעט פאַר די גרעסערע קהילות, האָבן מיר סטימולירט צו שאַפן וועכנטלעכע ראַדיאָ־אוידיציעס. אַזעלכע אוידיציעס — עס פונקציאָנירן איניקע — זיינען אַ גוטער אויפקלערונגס־אינסטרומענט פאַר ייִדן און נישט־ייִדן איבער ייִדישע פּראָבלעמען און וועגן ישראל.

אַזעלכע אוידיציעס זיינען אויך אַריינצוציִען יוגנטלעכע און דערנענטערן זיי צו דער קהילה־אַקטיוויטעט. אומעטום ווו עס פונקציאָנירן אַזעלכע ראַדיאָ־אוידיציעס ווערן זיי דורך אונדז סובסידירט און מען באַזאָרגט זיי מיט מאַטעריאַלן. אין אַלע פאַלן פאָדערן מיר, אַז אַזעלכע אוידיציעס מוזן זיך געפינען אונטער דעם קאָנטראָל פון דער קהילה.

— 7 —

אַ גאָר שווערע פּראָבלעם פאַר וועלכער מיר האָבן ביז איצט נישט געפונען קיין לייזונג, זיינען די געמישטע מישפּחות. די דאָזיקע פּראָבלעם איז פאַראַן און איז לאַטענט אין יעדער איינער פון די קהילות, ווו מערער ווו ווינציקער.

ס'איז כדאַי צו באַטאָנען, אַז די פּראָבלעם פון געמישטע מישפּחות דאַרף נישט אידענטיפיצירט ווערן מיט דער פּראָבלעם פון געמישטע חתונות. דאָס זיינען צוויי באַזונדערע ענינים. דאָס פאַרמיידן אָדער פאַרקלענערן די צאָל געמישטע חתונות, איז אַ פראַגע פון ייִדישער דערציִונג. דאָרט ווו עס איז פאַראַן אַ ייִדישע שול און ווו אין די היימען ווו מ'היט אָפּ ייִדישקייט, ייִדישע טראַדיציעס, איז די געפאַר פון געמישטע חתונות אַ סך קלענער, ווו די עלעמענטן זיינען נישט בנמצא.

אונדז גייט אָבער דאָ אין די געמישטע מישפּחות, וועלכע זיינען פאַראַן אין אַלע ישובים און וועלכע זיינען אַ פּועל־יוצא פון די געמישטע חתונות. עס זיינען פאַראַן ישובים, ווו די געמישטע חתונות דערגרייכן ביז צו אַ דריטל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, און אפשר נאָך מער. דער דאָזיקער מצב דאַרף אונדז באמת אַלאַרמירן.

די מערסטע פון די געמישטע מישפּחות, ווו דער פאָטער איז אַ ייִד — ווייזן אַרויס אינטערעס און אַ ווילן צו זיין און בלייבן ייִדן. זיי שיקן די קינדער אין דער ייִדישער שול אַריין, צאָלן פאַרן פאַראייניקטן קאַמפּיין און קומען נאָך בכלל אַלע אַנדערע ייִדיש־נאַציאָנאַלע התחייבותן. איז די פראַגע: דאַרף מען זיי באַטראַכטן ווי ייִדן, אָדער נישט?

דאָס איז אַ פּראָבלעם פאַר וועלכער עס מוז געפונען ווערן אַ פּאַסיקע לייזונג, וואָס זאָל זיין אין הסכם מיט די אומשטענדן און מיט דער רעאַליטעט. די פראַגע איז: ווי אַזוי זאָלן מיר זיך באַציִען צו זיי און צו זייערע קינדער? דאַרף מען זיי פאַררעכענען פאַר פולקאָמע ייִדן אָדער נישט? צי דאַרף מען זיי אַריינעמען אין דער קהילה ווי גלייכבאַרעכטיקטע און גאַנצע מיטגלידער?

מיר האָבן די דאָזיקע פּראָבלעם אויפגענומען און איר געווידמעט אייניקע זיצונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך אויך באַטייליקט די רבנים פון ראַבינאַט. אונדזערע קאָנצעפּטן גייען זיך אָבער פונאַנדער. די רבנים באַציִען זיך אין די אַלע פאַלן שטרענג לויטן ייִדישן דין, און דער ייִדישער דין איז קאַטעגאָריש און אומבויגזאַם. אויב די פרוי איז אַ נישט־ייִדישע, דאַרפן די קינדער פון אַזאַ מישפּחה באַטראַכט ווערן ווי נישט־ייִדן, און עס דאַרפן פאַר זיי פאַרמאַכט ווערן די טירן פון דער קהילה.

דאָס איז אָבער אַ שווערע פּראָבלעם פאַר די קהילות, באַזונדער דאָרט ווו די געמישטע מישפּחות בילדן אַ באַדייטנדיקן פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. זיי קענען זיך נישט דער־לויבן אַרויסצושטויסן די אַלע מישפּחות פון ייִדישן תחום. כסדר באַקומען מיר ווענדונגען פון די קהילות· אָנפראַגן ווי זיי דאַרפן האַנדלען לגבי די געמישטע מישפּחות, די פראַגע בלייבט אָבער שטיין אויף איר אָרט אָן אַ לייזונג.



פּובליקום ביים 6טן ועד הקהילות־צוזאַמענפאָר אין יאָר 1962.



דער מצב פון רעליגיעזן לעבן אין די פּראָווינץ־ישובים האַלט אונדז שטאַרק באַזאָרגט. דאָס איז נישט נאָר אַ פראַגע פון פרומער רעליגיעזער ייִדישקייט, נאָר פון ייִדישקייט בכלל. ביי דער פוסטקייט פון דעם ייִדישן לעבן דאָרט, אָן ייִדישן שטייגער, אָן שום טראַדיציע, אָן אַ שפּור פון שבת־יום־טובדיקייט אין דער היים, האָבן די נאָך פאַרבליבענע רעליגיעזע שפּורן אַ גרויסן דערציִערישן באַדייט. עס טוט וויי צוזעענדיק, ווי די רעליגיעזע ייִדישקייט וואָס האָט אויפגעהאַלטן במשך לאַנגע דורות אונדזער קיום, ווערט ממש אָפּגעווישט אין דער פּראָווינץ.

און די שוועריקייט פון דער לאַגע איז די, וואָס עס לאָזט זיך כמעט גאָרנישט טאָן מיט עפּעס אויסצובעסערן דעם מצב. מיר האָבן אַ שטאַרקן מאַנגל אין כלי־קודש. עס פעלן שוחטים

און מוהלים. אָפט קומען צו אונדז פון פראָווינץ — ישובים מען זאָל זיי העלפן באַזאָרגן מיט אַ שוחט אָדער מוהל. ביים בעסטן ווילן אָבער איז נישט מעגלעך נאָכצוקומען זייער בקשה. אַזאַ פראָווינץ ווי ענטרע־ריאָס, ווו ס'איז פאַראַן אַ געדיכטע ייִדישע באַפעלקערונג, איז פאַרבליבן אָן אַ שוחט און אַ מוהל. אַזוי איז עס אויך אין אַנדערע פראָווינצן.

אין דער גאַנצער פראָווינץ איז נישטאָ קיין איין רב. עס פעלט דער רב סיי אַלץ רעליגיעזער און סיי אַלץ גייסטיקער מנהיג, וואָס זאָל לערנען, אָריענטירן און משפיע זיין אויף יוגנט און דערוואַקסענע. האָבן אַ רב איז נישט נאָר אַ רעליגיעזע נויטווענדיקייט, נאָר אַ נאַציאָנאַלער ענין. דאָס פעלן פון רבנים אין פראָווינץ האָבן מיר געפרווט ממלא זיין דורך די פעריאָדישע באַזוכן פון הרב פינק, דער אָב בית־דין, אין פאַרשיידענע קהילות.

במשך די צען יאָר האָבן מיר עטלעכע מאָל געמאַכט ווענדונגען צו די גרעסערע פראָווינץ־קהילות וועגן אָנשטעלן אַ רב. אויב זיי זיינען באמת גרייט אויפצונעמען אַ רב, וועלן מיר אים אַראָפּברענגען פון די פאַראייניקטע שטאַטן. די קהילות אָבער האָבן זיך נישט געאיילט צו באַשליסן וועגן דעם. ס'איז געמאָלט, אַז די נויטווענדיקייט אין האָבן אַ גייסטיקן מנהיג, איז מיט דער צייט אַטראָפירט געוואָרן.

אַ געוויסע לייזונג וואָלט געווען אָנצושטעלן ביי יעדן פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן אַ שוחט־מוהל און אויך אַ רב, וואָס זאָל באַדינען די ישובים פונעם ראַיאָן. דאָס וואָלט געווען אַ פראַקטישער אופן אויפצוהאַלטן די לעצטע שפּורן פון רעליגיעזער ייִדישקייט אין די ווייטע פראָווינץ־קהילות.

ווי די זאַך זאָל נישט זיין, זיינען די פראָווינץ־ישובים אויסגעליידיקט פון יעדן שפור פון רעליגיעזער ייִדישקייט. מיר שיקן אַרויס מוהלים אין דער פראָווינץ, אומעטום ווו מ'נייטיקט זיך אין זיי. אָפטע באַזוכן מאַכט אונדזער מוהל אין די ישובים פון ענטרע־ריאָס און אין אַנדערע פונקטן פון לאַנד. מיט אַ שוחט אָבער קען מען דאָס זעלביקע נישט באַווייזן. עס זיינען פאַראַן אין די פראָווינץ־ישובים אַ צאָל מישפּחות וועלכע עסן נישט קיין פלייש, ווייל עס איז ביי זיי קיין שוחט נישטאָ.

אַ צאָל קהילות באַזאָרגט מען אויף ימים־נוראים מיט חזנים אָדער בעלי־תפילות. מיר העלפן אויך איינשאַפן די קליינע קהילות אַ ספר־תורה. דאָס בייט אָבער אויף אַ האָר נישט דעם שווערן מצב פון רעליגיעזער ייִדישקייט אין דער פראָווינץ.

לעצטנס, מיט דער גרינדונג פון דער ישיבה, איז פאַראַן אַן אויסזיכט אַז עס זאָלן ביי אונדז אויסגעבילדעט ווערן רבנים און כלי־קודש. דאָס איז ערשט אַן ענין אויף עטלעכע יאָר שפּעטער. צווייטנס, וועלן די גראַדויִרטע רבנים נישט זיין אין אַזאַ צאָל אַז זיי זאָלן קענען אָנקומען פאַר די פראָווינץ־קהילות. נישט געקוקט דערויף וואָס אַ כלי־קודש איז געזיכערט מיט אַ בכבודיקער פרנסה, זיינען אָבער אונדזערע יונגעלייט נישט גענייגט צו ווידמען זיך דעם דאָזיקן געציט, אַפילו נישט די רעליגיעזע יוגנט.

— 9 —

די פראָבלעם איינצוהאַלטן די יוגנט אין אונדזער תחום האָלט אונדז שטאַרק באַזאָרגט. עס פעלט דעם יונגן דור די באַזע פון ייִדישן חינוך און ייִדישן וויסן, און דאָס פאַרגרעסערט נאָך מער די סכנה.

די יוגנט־צענטערס אין די ישובים, ווו אַזעלכע זיינען פאַראַן, נייטיקן זיך אין מדריכים. ליידער אָבער האָבן מיר אַ גרויסן מאַנגל אין מדריכים פאַר דער יוגנט. ס'איז אַפילו לעצטנס ביי אונדז אַרויפגעשוווּמען די איניציאַטיוו צו שאַפן אַ סעמינאַר פאַר אַזעלכע מדריכים, אָבער די איניציאַטיוו לאָזט זיך נישט אַזוי גרינג פאַרווירקלעכן.

ס'איז אָבער נייטיק פעסטצושטעלן, אַז נישט געקוקט אויף די שווערע באַדינגונגען, ווערט דאָך געטאָן אַ פאָזיטיווע אַרבעט פאַר דער יוגנט צו אָריענטירן זי אויפן וועג וואָס פירט צו

יידישקייט. דער יוגנט־דעפּאַרטאַמענט פירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט, וואָס מילדערט אַ ביסל די פאַרלוירנקייט פון דער יוגנט. די סעמינאַרן פאַר יוגנט וואָס ווערן דורכגעפירט אין פאַרשיי־דענע געגנטן פון לאַנד, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ווירקזאַם.

צווישן זיינע קאָנקרעטע אויפגאַבן, דאַרף אונדזער רייזנדיקער ספּעציעל זיך פאַראינטע־רעסירן מיט דער יוגנט און ער דאַרף זיך באַמיִען צו שאַפן אַ יוגנט־צענטער ביי יעדער קהילה און סטימולירן זיי דורך פאַרזאַמלונגען, האָבן מיט זיי שמועסן. און איז דער ישוב אַ קליינער, דאַרף ער סטימולירן די יוגנטלעכע זיי זאָלן אַריבערפאָרן אין גרעסערע צענטערס.



די דעלעגאַציע פון וועד הקהילות צום ציוניסטישן קאָנגרעס ביים נשיא יצחק בן־צבי. — פון רעכטס אויף לינקס: ד״ר פסח, גרמ״זא (ראָזאַריאָ), ד״ר קאָמענשיין, נשיא יצחק בן־צבי, דעם פּרעזידענטס מיליטערישער דעקאַן קאָלאָנעל כרמל, הרב פינק און ד״ר דינער.

לעצטנס טרעפט מען אָן אין דער פּראָווינץ אויף ישובֿ־ים, ווו עס זיינען טעטיק יונגע עסקנים אין די קהילות. דאָס זיינען הי־געבוירענע יונגעלייט, וועלכע וויזן אַרויס גרויס אינ־טערעס און פאַרשטענדעניש מיטצובאַטייליקן זיך אין טראָגן די זאָרגן פאַר דעם יידישן קהילה־לעבן. די דאָזיקע יונגע עסקנים צוזאַמען מיט עסקנים פון עלטערן דור, איז פאַר זיי די קהילה אַ גלענצנדיקע געזעלשאַפטלעכע שול, ווו זיי טרעפן זיך אָן אויף פאַרשיידנאַרטיקע יידישע פּראָ־בלעמען. דאָס זיינען אָבער נאָר געציילטע דערשיינונגען.

די זיצונגען פון עקזעקוטיוו פון ועד־הקהילות זיינען עפנטלעכע. זיי קומען פאָר לכל הפּחות איין מאָל אין חודש. דאָ ווערן דעבאַטירט מיט דער פולער ערנסט פּראָבלעמען פון קהילה־לעבן און די ווענדונגען צום ועד־הקהילות פון די ישובים, שפּיגלט זיך אָפּ ווי אין קאַליידאָסקאָפּ דאָס לעבן, די שווערע זאָרגן און דער עלנט פון די פאַרוואָרפענע ישובים.

די זיצונגען באַקומען אויטענטישקייט דורך דער אָנוועזנהייט פון פאָרשטייער פון פּראָ־

ווינק. כמעט אין יעדער זיצונג באַטייליקן זיך דעלעגירטע פון די קהילות פון אינערן פון לאַנד, ספּעציעל געקומענע אָדער וועלכע געפינען זיך צוליב פּריוואַטע ענינים אין דער הויפּטשטאָט. דורך די באַריכטן הערט מען פון די דירעקטע שטים פון דער פּראָווינץ. אַזעלכע אויטענטישע גרויסן וואָס זיינען רעטונגס־רופן צו דעם גרויסן יידישן צענטער, מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק.

די זיצונגען פון ועד הקהילות פאַרוואַנדלען זיך אין קליינע כינוסים. די דעבאַטעס ווי די באַשלוסן ווערן דאָ אָנגענומען, באַקומען שטענדיק אַן אָפּקלאַנג אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן, אויך מחוץ פון אַרגענטינע.

די אָנפירונגען פון ועד־הקהילות האָבן פאַרשטאַנען אַז די אָרגאַניזאַציע טאָר נישט בלייבן באַגרענעצט אין אירע פּאָזיציעס צו די גרענעצן פון אַרגענטינע. אַרגענטינע איז דער גרעסטער און צאָלרייכסטער ישוב אין לאַטיין־אַמעריקע, האָט די פליכט אויסצושטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט צו די קלענערע ישובים אויפן קאָנטינענט און פאַרגרינגערן זיי אין די כלל־יידישע זאָרגן און אויפגאַבן. אַ צאָל פון זיי האָבן זיך באַטייליקט אין די קאָנגרעסן פון די קהילות, און ביי יעדער געלעגנהייט ווערט זיי פאָרגעלייגט אונדזער מאָראַלישע הילף און מיטאַרבעט.

מיר זיינען די איינציקע וואָס זאַמלען ווערטפולע סטאַטיסטישע דאַטן און ציפערן דורך די קהילות וועגן יידיש לעבן אין די פּראָווינץ־ישובים. דאָס איז ביז איצט אַ שטאַרק פאַרנאַכלע־סיקטער געביט ביי אונדז. הגם די באַקומענע דאַטן זיינען נישט קיין קאָמפּלעטע, איז דאָס אָבער אַ ווערטפולער אויטענטישער מאַטעריאַל, אויף וועלכן מיר קענען זיך שטיצן, צו באַקומען אַ בילד פון דער פּראָווינץ.

דער נייער אַנקעטע־בויגן, אַן אויסגעברייטערטער, נעמט אַרום די געביטן פון קהילה, באַ־פעלקערונג, חינוך, יוגנט, רעליגיע, קולטור־לעבן, פאַרבינדונגען מיט ישראל, קרעדיט־אינס־טיטוציעס און קאָנטאַקט מיט דער הויפּטשטאָט. דער אויסגעברייטערטער פראַגע־בויגן האָט ביז אַכציק פראַגן. ווען מיר האָבן אַלע ענטפערס, אַפילו נאָר פון אונדזערע אָנגעשלאָסענע קהילות, וועט דאָס זיין אַן אויסשעפּנדיקער מאַטעריאַל וועגן יידיש לעבן איבער דער כמעט גאַנצער אַרגענטינער פּראָווינץ. אויפן סמך פון די מאַטעריאַלן וועט מעגלעך זיין אָנצושרייבן אַן ערנסטע פאָרש־אַרבעט.

נעמענדיק אין אַכט, אַז די קלענערע קהילות האָבן נישט קיין אָנגעשטעלטע וואָס זאָלן ענט־פערן אויף די אַלע געשטעלטע פראַגן, איז דאָס אויך איינע פון די אויפגאַבן פון אונדזער רייזנ־דיקן אינסטרוקטאָר, צו ברענגען פון זיינע באַזוכן די אויסגעפולטע פראַגע־בויגנס.

נישט געקוקט אויף באַדייטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע דערגרייכונגען פון ועד הקהילות, האָבן מיר אָבער נאָך נישט באַוויזן צו דיסציפּלינירן די קהילות בנוגע אַריינצוטראָגן רעגולער זייער מיטגליד־אָפּצאָל. פון יאָר צו יאָר איז אויף אָט דעם שטח צו פאַרצייכענען אַ שריט פאָרויס, אָבער בדרך־כלל איילן זיך נישט די קהילות נאָכצוקומען מיט דער קאָנקרעטער התחייבות.

אין אָנהייב איז דער אָפּצאָל געווען פופציק סענט פאַר יעדן מיטגליד חודשלעך. איצט גרייכט דער אָפּצאָל שוין צו צוויי פּעזעס, חודשלעך. אַפילו ווען אַלע קהילות זאָלן רעגולער אַריינשיקן זייער מיטגליד־אָפּצאָל, וואָלט דערמיט קוים געדעקט געוואָרן אַ קליינער טייל פון אונדזער ביוּ־דזשעט. מיר באַשטייען אָבער אויף אונדזער פאָדערונג אַז די קהילות זאָלן נאָכקומען זייערע פאַרפליכטונגען. דער מיטגליד־אָפּצאָל מצד די קהילות האָט פאַר אונדז מער אַ מאָראַלישן ווי אַ מאַטעריעלן באַדייט. אויב מען צאָלט פאַר עפּעס, איז דאָס אַ באַוויז פון נייטיקן זיך אין דעם, אַן אויסדרוק פון פאַרשטענדעניש פאַר דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע.

די קהילות, ווי די פּראָווינץ בכלל, האָט ביז איצט געהאַט אַ טראַדיציע פון נעמען און נישט געבן, און דערפאַר איז נישט גרינג איבערצוברעכן די טראַדיציע.

ס׳איז פאַראַן אין דער פּראָווינץ אַ טענדענץ צו נעמען ביי דער שטאָט וואָס און וויפל עס לאָזט זיך. דאָס איז אַ טראַדיציע, אַן איבערבלייבעניש נאָך פון יענע בראשית־יאָרן, ווען די איק״א־דירעקציע האָט געהאָלפן די קאָלאָניסטן. די דאָזיקע טענדענץ וואָס קומט צום אויסדרוק

אין דער קולטור־אַרבעט און מערער נאָך אין אויסהאַלטן די לאָקאַלע יידישע שול, איז אַ שטער אין דער אַרבעט. דאָס נעמט צו ביי די פּראָווינץ־ישובים זייער איניציאַטיוו און געפיל פון זעלבסטשטענדיקייט.

עס ווערן איצט געמאַכט פּרוּוון צו פאַרוואַנדלען זיי אין זעלבסטשטענדיקע ישובים, נישט צו דאַרפן זיין אָפּהענגיק פון דער גרויסער שטאָט, אויף אירע נתינות. דעם דאָזיקן פּרינציפּ ווילן מיר קודם־כל אָנווענדן לגבי די גרעסערע קהילות. אַ קהילה מוז אַליין דעקן אירע הצטרכותן. נישטאָ קיין אָרעם קהל. דאָס מיינט, אַז די קהילה איז באַרעכטיקט צו פאָדערן מאַטעריעלע אָנשטרענגונגען פון אירע מיטגלידער.

דורך אונדזער אַקציע צו דערהייבן דעם פּרעסטיזש פון דער קהילה און זי אַוועקשטעלן אין דעם צענטער פון יעדן ישוב, איז אַרויסגערוקט געוואָרן די פראַגע: ועד הקהילות אָדער



די דעלעגאַטן און דאָס פּרעזידיום פון 6טן קהילות־קאָנגרעס צוזאַמען מיט מרדכי שטריגלער.

„דאַיאַ" ווער פון זיי ביידע איז וויכטיקער און מער באַרעכטיקט צו ריידן אין נאָמען פון דעם אָרגאַניזירטן יידישן ציבור.

אמת, אונדזערע קהילות זיינען נישט פּערפעקט, אָבער אַפילו אַזוי ווי זיי זיינען, מיט זייערע אַלע בלויזן, זיינען זיי פאַר אונדז אינסטרומענטן דורך וועלכע מ׳קען ווירקן אויף צו שטאַרקן דאָס יידישע לעבן פון די פּראָווינץ־ישובים. די עסקנים זייערע זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן ביי זייער אָנפירונג נישט דורך אַ באַשטימונג פון דער וויטער בוענאָס־איירעס, נאָר דורך וואַלן פון דער לאָקאַלער יידישער באַפעלקערונג. דאָס האָט געגעבן אָרט עס זאָלן זיך שאַפן געוויסע סיכסוכים צווישן די פאַרשטייער פון דער „דאַיאַ" און דער לאָקאַלער קהילה.

מיט ז'ער צייט אָבער איז אָנגעצייכנט געוואָרן די ליניע פאַר יעדער איינערס טעטיקייט, און דערמיט זיינען אויסגעמיטן געוואָרן מעגלעכע סיכסוכים און רייבונגען צווישן די צוויי פּאַראַלעלע אָרגאַניזאַציעס. זוכנדיק אַן איינפאַרשטענדעניש מיט דער אָנפירונג פון דער „דאיא״ איז מען געקומען צו דעם באַשלוס: עס זאָל געשאַפן ווערן ביי יעדער קהילה אַ ספּעציעלע סובקאָמיסיע פאַר פּאָליטישע ענינים, דאָס מיינט ענינים אַזעלכע וואָס זיינען פאַרבונדן מיט פאַרטיידיקן די רעכט פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס עס איז די אייגנטלעכע אויפגאַבע פון דער דאַיאַ.

דאָס מיינט, אַז עס איז אָנגענומען געוואָרן דער פּרינציפּ אַז די קהילה פון יעדן ישוב איז דער אינסטיטוציאָנעלער כוח וואָס באַרעכטיקט זי צו ריידן אין נאָמען פון דעם לאָקאַלן ישוב. וואָס שייך די פיליאַלן פון דער „דאַיאַ״ אין די גרעסערע קהילות, פאַרנעמען זיי זיך נאָר מיט די ספּעציפישע „דאיא״־ענינים.

— 10 —

די אויפגאַבע צו פאַרוואַנדלען די עקזיסטירנדיקע כמו־קהילות אין אמתע, גאַנצע און דעמאָקראַטישע קהילות, איז אַ ברייטע פּראָגראַם פון אַרבעט. דורך דער אַרבעט פון ועד־הקהילות איז רייף געוואָרן דער געדאַנק פאַר דער קהילה, אַז די קהילה מוז אַוועקגעשטעלט ווערן אין צענטער פון יידישן לעבן, אַזוי אין דעם גרעסטן ווי אין דעם קלענסטן ישוב. די קהילה איז נישט נאָר אַן אויסערלעכע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרעם, נאָר אַ וויכטיקער און ווירדיקער אינסטרומענט פאַר דעם יידישן לעבן און זיין קיום.

עס איז נישט די אויפגאַבע פון דער קהילה צו מאָנאָפּאָליזירן און פאַרכאַפּן פּאָזיציעס. זי דאַרף אָבער שטענדיק זיין די טרייב־קראַפט, דער סטימולירנדיקער כוח, וואָס רופט און מאָנט. עס מוז אויסגעמיטן ווערן די צעשפּליטערונג פון כוחות און דובלירונג פון ענלעכע אינסטיטוציעס מיט דער זעלביקער פונקציע.

די קהילה איז נישט נאָר באַרעכטיקט, נאָר זי האָט די פליכט צו קאָנטראָלירן דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן און זאָרגן פאַר דעם פיזישן און מאָראַלישן געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג.

קיין איין ייד טאָר נישט בלייבן מחוץ פון דער פרייוויליקער קהילה אונדזערע, די קהילה, וואָס האָט אין אַלע צייטן און אין אַלע גלותן געהאַט די פונקציע פון אַ מלוכה אין אַ מיניאַטור. עס מוז ווערן אַן עלעמענטאַרער אמת, אַז די יעניקע וואָס שטייען מחוץ פון דער קהילה — דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון אונדזער אָרגאַניזירטן ציבור־לעבן — געפינען זיך מחוץ פון דעם יידישן כלל, מחוץ למחנה.

די קהילות אונדזערע איבער דער גאַנצער פּראָווינץ, צוזאַמען מיט דער קהילה פון בוענאָס־איירעס, שטעלן מיט זיך פאַקטיש פאַר אונדזער גאַנצן דעמאָקראַטיש־אָרגאַניזירטן ישוב. אויף אַ נאַטירלעכן אופן איז דער ועד הקהילות אַרויסגערוקט געוואָרן אויף דער ערשטער פּאָזיציע, ווי אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע מיט כלל־זאָרגן און אויפגאַבן.



# פּראָבלעמען פון יידישן לעבן אין אַרגענטינע

רעפעראַטן וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן אויפן 5טן קאָנגרעס
פון די קהילות, אין אויגוסט 1960

ד״ר טוביה קאַמענשטיין

## אונדזער ישוב אינעם ליכט פון זיינע 100 יאָר עקזיסטענץ

„1960 איז אַ יאָר פון גרויסע אַניווערסאַרן אין לעבן פון אונדזער פאָלק. 100 יאָר זינט עס איז געבוירן געוואָרן ד״ר טעאָדאָר הערצל; די 200סטע יאָרצייט פון דעם בעל־שם־טוב, גרינדער פון איינער פון די שענסטע יידישע באַוועגונגען — דאָס חסידות, וואָס האָט איבער־געלאָזן זייער טיפע שפורן איבעם כאַראַקטער פון אונדזער פאָלק; דער 100־יאָריקער געבוירנ־טאָג פון אונדזער גרעסטן מאָדערנעם היסטאָריקער, שמעון דובנאָוו; דעם 100־יאָריקער גע־בוירנטאָג פונעם גרויסן יידיש־רוסישן פּאָעט שמעון פרוג. היינטיקס יאָר איז אויך פּראָקלאַ־מירט געוואָרן ווי דאָס יאָר פון רבי שלמה איבן גבירול, דער גרויסער פילאָסאָף און דיכטער פון דער שפּאַנישער גאָלדענער עפּאָכע, מחמת עס ווערט איצט 900 יאָר זינט זיין פּטירה. עס ווערט אויך 100 יאָר זינט עס איז געבוירן געוואָרן איינער פון די גרעסטע פיגורן וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דאָס פּוילישע יידנטום, דאָס איז נחום סאָקאָלאָוו. דאָס יאָר 1960 איז אויך אַ גלאָרייכע דאַטע ביים אַרגענטינער פאָלק, וואָס פייערט איצט 150 יאָר פון זיין מאַי־רעוואָלוציע, וואָס איז געווען דער אָנהייב פון דער אַרגענטינער דעמאָקראַטיע.

„די גאַנצע יידישע וועלט דערמאָנט די 100יאָריקע עקסיסטענץ פונעם אָרגאַניזירטן יידישן לעבן אין אַרגענטינע. אין יאָר 1960 האָט שוין געלעבט ביי די ברעגן פונעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ אַ צאָל יידישע משפחות, און דעם 11טן נאָוועמבער פון יענעם יאָר איז פאָרגעקומען די ערשטע געזעצלעך אָנערקענטע יידישע חתונה, לויט אַ ספּעציעלן דעקרעט פונעם העכסטן געריכט פון דעם לאַנד. אין יאָר 1870, נאָך דער פראַנצויזיש־פּרייסישער מילחמה, האָבן שוין דאָ געלעבט וואָסערע טויזנט יידישע נפשות. אָבער מיר דאַרפן זאָגן, אַז דאָס יאָר 1889 איז געווען דער אָנהייב פון אַן אָרגאַנישער איינוואַנדערונג פון יידן קיין אַרגענטינע, ווייל אין יענעם יאָר זענען אָנגעקומען 136 פאַמיליעס פון פוילן, וועלכע זיינען געווען דער אָנפאַנג פון אונדזער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע.

„אין די קומענדיקע יאָרן האָט אונדזער ישוב זיך באַמיט צו פאַרפעסטיקן זיין אָרגאַ־ניזאַציע דורך דעם וואָס ער האָט געגרינדעט זיינע ערשטע וויכטיקע אינסטיטוציעס, די קאָנ־גרעגאַציע און שפּעטער די חברה־קדישא, אונדזער היינטיקע קהילה. אונדזער ישוב האָט אין די פאַרשיידענע עטאַפּן פון זיין אַנטוויקלונג אויך געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען צו אָרגאַ־ניזירן זיינע צענטראַלע אינסטיטוציעס. דער ערשטער פּונקט אין דעם זינען איז געווען די פעי־דעראַציע פון יידישע אינסטיטוציעס, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1909 לערך, וועלכע

איז אָבער אונטערגעגאַנגען נאָך צוויי יאָר עקסיסטענץ. שפּעטער מיט צען יאָר, אין יאָר 1920, איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו צו שאַפן אַ צענטראַלע קהילה — די אַליאַנס — וועלכע האָט עקסיסטירט ביז דעם יאָר 1926.

„ווען עס איז אויפגעקומען דער היטלעריזם, האָט אונדזער ישוב אָרגאַניזירט די „דאיא", וועלכע האָט זיך מיט דער צייט פאַרוואַנדלט אין אונדזער צענטראַלער רעפּרעזענטאַנץ.

„אין יאָר 1949 איז די חברה קדישא פון בוענאָס־איירעס, וועלכע האָט שוין אין משך פון צענדלינגער יאָרן דורכגעפירט די פונקציעס פון אַ קהילה, פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס אָפּיציעלע קהילה פון אונדזערע אשכנזים, און אין עטלעכע יאָר אַרום איז געגרינדעט געוואָרן דער ועד־הקהילות, וועלכער פירט היינט דורך אָט־דעם פייערלעכן קאָנגרעס צו די הונדערט יאָר פון קיום פונעם ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע. פון די ווייטע אַנדן־בערג ביז צום ברייטן לאַ פּלאַטאַ־טייך, פון די בערג אויף צפון ביז צו די סטעפּעס פון פּאַמפּאַ אין דרום, זיינען געקומען




די בינע־דעקאָרירונג בעתן אַקט פון פייערן 70 יאָר ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

אַהער פאַרטרעטער פון די גרויסע און קליינע קהילות, וועלכע שטעלן צוזאַמען דאָס אַרגענטינער ייִדנטום, וואָס איז צעשפּרייט איבער דער אומגעהייער גרויסער אַרגענטינער טעריטאָריע.

„אַ סך קאַפּיטלען פון אונדזער לעבן זיינען געשריבן געוואָרן מיט בלוט און שוויס אין משך פון אָט־די הונדערט יאָר: עס איז געווען ליכט און שאָטן, אויפבוי, קאַמף און עקשנות, ביז עס האָט זיך קאָנסאָלידירט אונדזער גרויסער ישוב, וועלכער פאַרנעמט היינט צו טאָג איינע פון די וויכטיקסטע פּאָזיציעס אין דער ייִדישער וועלט.

„עס וואָלט געווען זייער אַ סך צו דערציילן וועגן דעם אַלעמען. מיר פאַרענדיקן די ערשטע הונדערט יאָר מיט אַ גרויסן באַלאַנס פון דערגרייכונגען אויף אַ סך געביטן פון אונדזערע טעטיקייטן: קאָלאָניזאַציע און אַגריקולטור, קאָאָפּעראַטיוויסטישע באַוועגונג, חינוך און

אָרגאַניזירט קהילה־לעבן, צענטראַלע ייִדישע רעפּרעזענטאַנץ, גרויסע אָנשטרענגונגען און בייטראָגן פאַר דעם אויפבוי און קאָנסאָלידאַציע פון מדינת־ישראל און ענגע פאַרבינדונגען מיטן גאַנצן ייִדישן פאָלק.

„מיר האָבן אויך אַ סך בייגעטראָגן צו דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון אַרגענטינע. ייִדישע פּיוערים האָבן געאַקערט און געזייט צענדליקער און הונדערטער טויזנטער העקטאַר פון די אַרגענטינער פעלדער. ייִדישע אַרבעטער און אונטערנעמער האָבן געלייגט די פונדאַמענטן פאַר גרויסע אינדוסטריעס. מיר האָבן אויך באַרייכערט די אַרגענטינער קולטור מיט שרייבערס, קינסטלערס, אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן און פּאָליטיקער. די ייִדישע פעיִקייט האָט אַרויפגעלייגט איר שטעמפּל אויף אָט דעם היסטאָרישן עטאַפּ אונדזערן.

„נאָך אַלעמען זיינען מיר נאָך איינער פון די ייִנגסטע ייִדישע ישובים אין דער וועלט. אַנדערע ישובים האָבן שוין אַ לאַנגע טראַדיציע, וועלכע גיט זיי אַ ספּעציפישן כאַראַקטער און אַספּעקט. לאָמיר דאָ נאָר דערמאָנען דעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישן ישוב, וועלכער האָט שוין אַ טראַדיציע פון 300 יאָר און אייגענע אָריגינעלע שטריכן, וועלכע האָבן די טענדענץ זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ נייעם ייִדישן נוסח.

„אונדזערע לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישע ישובים פעלט נאָך אַלטע טראַדיציע און קולטורעלע אומאָפּהענגיקייט. מיר זענען נאָך פאַראייניקט מיט אונדזער שטאַם. מיר לעבן נאָך מיט אַ סך זיכרונות און חלומות, וועלכע פילן אויס אַ גרויסן טייל פון אונדזער לעבן און געבן צו אונדזערע ישובים אַ געוויסע אינטימקייט און האַרציקייט.

„אָבער מיר גלייבן אַז עס איז געקומען דער מאָמענט ערנסט אַ טראַכט צו טאָן ביז ווען מיר וועלן קענען אויפהאַלטן אָט דעם מצב. מיר זיינען נאָך ישובים, וועמענס אָנפירונג געפינט זיך אין די הענט פונעם ערשטן דור און מיר דאַרפן ערנסט זיך פאַרטראַכטן וועגן דער קומענדיקער תקופה און זאָרגן פאַר די דורות, פאַר וועלכע אונדזערע זיכרונות קענען שוין נישט האָבן קיין גרויסע נשמהדיקע באַדייטונג. מיר טאָרן נישט פאַרגעסן אַז די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבן די ייִדישע ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע, זיינען גאָר אַנדערע ווי יענע, אין וועלכע עס האָבן געלעבט די ישובים פון מיזרח־אייראָפּע, וועמענס המשך מיר דאַרפן זיין.

„כמעט אין גאַנץ דרום־אַמעריקע זיינען מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטאָטישע ישובים, דערמאָנען לענדער און שטעט, איז כמעט דאָס זעלבע פון אונדזער געאָגראַפישן שטאַנדפּונקט. דערמאָנען טשילע איז פאַר אונדז דאָס זעלבע ווי סאַנטיאַגאָ, אָנרופן אורוגוויי איז פאַר אונדז דאָס זעלבע ווי מאָנטעווידעאָ, פּערו ווי לימאַ אאַז״וו. דער גרעסטער טייל פון די מיזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן האָבן געלעבט אין קליינע שטעטלעך, וועלכע זיינען געווען אַן אמתער גייסטיקער רעזערוו פאַר די גרעסערע קהילות.

„די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון יענע קהילות זיינען געווען אין גאַנצן אַנדערע ווי די אונדזעריקע. אָט די און אַנדערע פאַקטאָרן שטעלן אַוועק אונדזערע ישובים פון לאַטיין־אַמעריקע פאַר שווערע פּראָבלעמען, וועלכע וועלן נאָך מער קאָמפּליצירט ווערן אין די קומענדיקע צען יאָר. דער אומקום פון דעם גרויסן גייסטיקן ייִדישן צענטער, פון וואַנען מיר האָבן באַקומען אונדזער השפעה, דער אויפקום פון נייע ייִדישע צענטערס און דער שטאָטלעכער ייִדישער ווידערגעבורט, האָבן געשאַפן נייע קוואַלן פון עקזיסטענץ און קיום פאַרן ייִדישן פאָלק.

„מיר הייבן אָן אַ ניי יאָרהונדערט פון אונדזער לעבן אין אַ וועלט, וואָס איז איבערגעלאָדן מיט סתירות און פאַרוויקלטע פּראָבלעמען, אין אַ וועלט וועלכע קעמפט מיט איר גורל, ווען עס זיינען נאָך נישט פאַרהיילט געוואָרן די ווונדן וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט געליטן אין דער לעצטער קאַטאַסטראָפע. אָבער דאָס ייִדישע פאָלק האָט אויך אַ גלאָרייכע קעגנוואַרט און האָפענונגען אויף אַ בעסערער צוקונפט אין זיין נייעם היסטאָרישן עטאַפּ פון אויפבוי פון דעם דריטן בית־המקדש.

„מיר האָבן דערמאָנט דאָס יאָר 1960 אַלס אַ יאָר פון היסטאָרישע זיכרונות, אָבער צום

באַדויערן האָט דאָס יאָר זיך אָנגעהויבן מיט דראַענדיקע סימפּטאָמען פון דער באַנייונג פון שנאה־געפילן צו אונדזער פאָלק, וועגן וועלכער מיר האָבן געהאַלטן אַז זיי זיינען שוין גאָר וויט פון דער מענטשהייט. אַ נייע כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם האָט פאַרפלייצט אַ גרויסן טייל פון דער וועלט און אָט די דערשיינונג צווינגט אונדז זיך ערנסט צו פאַרטראַכטן אין אָט די פייערלעכע טעג. אונדזער ישוב פאַרנעמט היינט אַ צענטראַלן פּלאַץ אינעם לעבן פונעם יידישן פאָלק, זייענדיק דער צווייטער אין דער פרייער וועלט. מיר באַדויערן וואָס מיר קענען נישט רעכענען אויף די יידישע ישובים הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, וועלכע קענען נישט דער־הערן אונדזער שטים. מיר זיינען אַ פאַקטאָר וואָס באַקומט יעדעס מאָל מער וואָג אינעם יידישן לעבן אין דער וועלט. מיר פאַרנעמען ערשטראַנגיקע פּאָזיציעס אויף די געביטן פון חינוך, חלוציות און קולטור. מיר באַטייליקן זיך אין אַלע גרויסע אונטערנעמונגען פון אונדזער פאָלק און מיר זיינען אַ וויכטיקער טייל פון יענע וואָס באַמיִען זיך איינצושליסן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין אַ וועלט־ראַם. אָט די פּאָזיציע לייגט אויף אונדז אַרויף גרויסע אחריותן.

„אונדזער מאָדערנע געשיכטע האָט אַוועקגעשטעלט שוין צוריק מיט 60 יאָר אונדזער ישוב אַנטקעגן דעם ישוב פון ארץ־ישראל אין אַ דיסקוסיע צווישן ד״ר הערצל און באַראָן הירש, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן. די חלומות פון ד״ר הערצל האָבן זיך אין אונדזער דור פאַרוואַנדלט אין מדינת־ישראל, מיט וועלכער אונדזער ישוב איז פאַרבונדן מיט טויזנט פעדים און פון דעם אומפאַרשטענדעניש פונעם באַראָן הירש פאַר הערצלס אידעאַלן איז געבוירן געוואָרן אַ פאַרוואָרצלטע יידישע קאָלעקטיוויטעט, וועלכע פייערט היינטיקס יאָר דעם 100־יאָריקן געבוירנטאָג פון הערצל און די ערשטע 100 יאָר פון איר עקזיסטענץ. אָט־אַזוי באַגעגענען זיך איצט אויפסניי די צוויי גרויסע פיגורן פון אונדזער מאָדערנער געשיכטע, אין אַ גליקלעכן מאָמענט פון פאַרווירקלעכונג פון זייערע שטרעבונגען.

„חשובע געסט פון ישראל און פון די אַמעריקאַנער ישובים, דעלעגאַטן פון דער הויפּט־שטאָט און פון די פּראָווינצן! מיר באַגריסן אייך האַרציק אין אָט־דעם מאָמענט פון פייערלעכ־קייט און דערהייבונג!״.

# וואָרט פון גענעראַל־סעקרעטאַר ה׳ אליעזר פרידמאַן

איך בין זייער צופרידן, וואָס עס איז מיר געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט צו טרעפן זיך מיט די פאַרשטייער פון אונדזערע קהילות. דער דאָזיקער קאָנטאַקט איז פאַר אונדז זייער וויכ־טיק און וועט ברענגען פיל נוצן דער צוקונפטיקער צוזאַמענאַרבעט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע — דעם „ועד הקהילות״.

מיר וויסן זייער גוט וויפל שוועריקייטן עס האָבן די קהילות פון דער פּראָווינץ, איבער־הויפּט די וויטע ישובים אויף אָנצוהאַלטן דאָס יידישע לעבן. מיר, דאָ, האָבן די בעסטע כוונות אויף צו העלפן אייך, אויף וויפל נאָר עס דערלויבן אונדז אונדזערע מעגלעכקייטן, צו געפינען אַ לייזונג צו אייערע פּראָבלעמען. מיר זוכן מיטלען און די ריכטיקע וועגן אויף דורכצופירן די דאָזיקע אַרבעט, אָבער מיר שטעלן אויך זיך אַליין די פראַגע, צי זיינען די דאָזיקע וועגן די ריכטיקע, אָדער אפשר קענען מיר געפינען בעסערע? צוליב דעם האָבן מיר געפונען פאַר נייי־טיק צו רופן דעם איצטיקן צוזאַמענטרעף. ס׳איז דאָ אַ יידישער שפּריכוואָרט אַז „דער בעס־טער דאָקטאָר איז דער חולה אַליין״. מיר ווילן צוזאַמען מיט אייך זיך באַראַטן ווי אַזוי צו לייזן אייערע פּראָבלעמען און עס קומט אייך באמת אַ יישר־כוח וואָס איר האָט איבערגעלאָזן אייערע

פאַרשיידענע באַשעפטיקונגען און אויך אונדזער רוף געקומען צו אונדז אַפילו פון די ווייטסטע ישובים.

בעט איך אייך דעריבער אונדז אויסצוהערן מיט אויפמערקזאַמקייט, אַרויסטראָגן אייערע מיינונגען און אויב נייטיק אונדז אויך קריטיקירן. אייערע מיינונגען קענט איר אַרויסטראָגן צו די פאַרשיידענע קאָמיסיעס, וואָס וועלן אויסגעקליבן ווערן אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר. איר קענט דאָרט אויך איבערגעבן אייערע איניציאַטיוון און פּראָיעקטן.

עס וועלן אויסגעקליבן ווערן אויף דעם צוזאַמענפאָר די פאָלגנדיקע קאָמיסיעס:

1) פאַרבינדונגען מיט די תפוצות און מדינת ישראל;

2) די אָרגאַניזאַציע פון אונדזער קהילה;

3) אַרבעטן און אַקטיוויטעטן פון „ועד הקהילות״ (בילדונג, קולטור און דער צוקונפטיקער דור);

4) רעליגיעזע פּראָבלעמען;

5) פּראָבלעמען פון די ספרדישע קהילות, וואָס מיר ווילן אַז זיי זאָלן צוזאַמענאַרבעטן מיט אונדז.

ווען מיר האָבן געהאַלטן אין צוגרייטן דעם דאָזיקן קאָנגרעס, האָבן מיר צעשיקט ציר־קולאַרן צו די קהילות, בעטנדיק אונדז צו מעלדן, וועלכע זיינען די פּראָבלעמען, וואָס זיי האָבן אַן אינטערעס אַז זיי זאָלן באַהאַנדלט ווערן אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר. מיר האָבן געוואָלט אַז די פּראָווינץ־קהילות זאָלן זיין גלייכע שותפים מיט אונדז ביים צוגרייטן דעם קאָנגרעס, אָבערליידער, האָבן נאָר געציילטע קהילות אונדז געענטפערט אויף אונדזער רוף. איך שטרייך אונטער אַז זייער צאָל איז זייער אַ מינימאַלע. איך רעד דאָ נישט אין אַ טאָן פון אַ באַשולדי־קער, אָבער איך וויל עס זאָל קלאָר זיין פאַר אַלעמען, אַז מיר ווילן אייער מיטאַרבעט און אַריינטאַציע, ווען עס ווערן באַהאַנדלט וויכטיקע ענינים פון געמיינזאַמען אינטערעס.

אָבער, עס איז נאָך נישט צו שפּעט, און איר קענט קלאָר אַרויסזאָגן אייערע מיינונגען. דאָס איז דאָך די סיבה צוליב וועלכער איר זענט אַהער געקומען. די פּראַקטישע אַרבעטן פון צוזאַמענפאָר הייבן זיך פאַקטיש איצט אָן.

אַלס סעקרעטאַר פון דעם „ועד הקהילות״ וואָלט איך געדאַרפט אָפּגעבן אַ באַריכט וועגן די דורכגעפירטע אַרבעטן, אָבער נעמענדיק אין אַכט אַז ערשט מיט דריי מאָנאַטן צוריק האָבן מיר איבערגענומען אונדזערע אַמטן, וועט מיין באַריכט צוליב דעם זיין אַן אַלגעמיינער און איך וועל נישט אַריינגיין אין קיין פּרטים. די לעצטע עטלעכע מאָנאַטן זיינען די אַרבעטן דורכ־געפירט געוואָרן לויט די אָנגעצייכנטע נאָרמעס פון דער פריערדיקער פאַרוואַלטונג. אויף אונ־דזערע זיצונגען ווידמען מיר תמיד צייט צו באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פון די קהילות פון אינערן פון לאַנד. איך שטרייך אונטער מיט פרייד אַז אונדזער אַדרעס איז אַ פּלאַץ ווו עס ווענדן זיך נישט נאָר די קהילות פון די פּראָווינצן פון לאַנד, נאָר אויך פון די שכנותדיקע לענדער וועגדט מען זיך צו אונדז אויף צו באַהאַנדלען די פאַרשיידענע פּראָבלעמען, וועלכע פאָדערן אַ לייזונג. איך וויל אַז איר זאָלט וויסן אַז מיר באַציִען זיך צו די אַלע פּראָבלעמען מיט דעם פולסטן ערנסט און סיי מיר, ווי אויך דער טעכנישער פּערסאָנאַל ווידמען אַ סך צייט און ענערגיע אויף צו פאַרלייכטערן אייער שווערע אַרבעט. אייערע פּראָבלעמען זיינען אונדז באַקאַנט און באַאומרויִקן אונדז און מיר טוען וואָס נאָר מיר קענען אויף צו ברענגען צו אייך דאָס יידישע וואָרט און ליד. אָבער, אונדזער אַרבעט איז נישט קיין לייכטע, ווייל מער ווי עס פעלן אונדז עקאָנאָמישע מיטלען אויף צו רעאַליזירן אונדזערע פּלענער, פעלט אונדז פאַסי־קער מענטשן־מאַטעריאַל. עס זיינען אויך דאָ אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבלעמען, ווייל ליידער פעלט אין דער פּראָווינץ ווער עס זאָל קאָאָרדינירן די אַרבעטן פון די קהילות אין די פאַר־שיידענע ראַיאָנען. איך מיין דאָ די ראַיאָן־קאָמיטעטן, וואָס צום באַדויערן פילן זיי נישט אויס די מיסיעס צוליב וועלכע זיי זיינען געגרינדעט געוואָרן.

רעדנדיק וועגן די ראַיאָן־קאָמיטעטן, וואָלט געוואָלט געוועזן אַן עוולה פון מיין זייט נישט צו דער־מאָנען דעם ראַיאָן־קאָמיטעט פון ענטרע־ריאָס, מיט זיין זיץ־פּלאַץ אין קאָנסעפּסיאָן דעל אור־רוגווײַ, וואָס אונטער דער פּרעזידענץ פון ד״ר אברהם זאַלצמאַן קען ער דינען אַלס מוסטער פאַר די איבעריקע קאָמיטעטן, צוליב דער פּרוכטבאַרער אַרבעט וואָס ער רעאַליזירט. אָבער, אַזוי ווי ד״ר זאַלצמאַן אַליין וועט רעדן אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר, באַגנוגן איך זיך נאָר מיטן אונטערשטרייכן אַלס אַ יוצא מן הכלל דעם דאָזיקן קאָמיטעט.

אין מיין אַריינפיר־וואָרט מוז איך אויך דערמאָנען אַ ווייטיקלעכן פּראָבלעם. איך מיין דאָס פעלן פון עקאָנאָמישע מיטלען אויף אָנצוגיין מיט די אַקטיוויטעטן פון ועד הקהילות און די נישט־רעגולערע מיטאַרבעט פון די פּראָווינץ־קהילות אין דעם דאָזיקן זין. איך וויל אַז עס זאָל קלאָר זיין פאַר אייך אַז יעדע אָרגאַניזאַציע, כדי זי זאָל קענען אָנגיין מיט אירע אַקטיוויטעטן, מוז זי האָבן די נייטיקע מיטלען צו דעם. און איר אַלס מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע מוזט טראָגן די אחריות און זאָרגן אַז מיר זאָלן האָבן די דאָזיקע מיטלען. איך וויל דאָ איבערגעבן איניקע ציפערן:

אין משך פון יאָר 1959 האָבן נאָר 25 פון די 120 קהילות, אָנגעשלאָסענע אין ועד הקהילות, אַריינגעשיקט צו אונדז זייערע מיטגלידס־קוואָטעס; דאָס איז נאָר אַ קליינער פּראָצענט, קוים 20 פּראָצענט, די איבעריקע 80 פּראָצענט האָבן אַפילו נישט געפונען פאַר נייטיק אַריינצושיקן אַ סימבאָלישע קוואָטע. דער סך־הכל הכנסות פון די קהילות גרייכט קוים צו 64,847 פּעזעס.

דעם לויפנדיקן יאָר — 1960 — האָבן נאָר 5 קהילות אַריינגעטראָגן זייערע קוואָטעס, די סומע איז 21.000 פּעזעס. זייט אַזוי גוט און באַרעכנט וואָס פאַר אַ פּראָצענט איז אַזאַ הכנסה פאַר הוצאות פון קרוב 5 מיליאָן פּעזעס? עס וואָלט זיין לעכערלעך צו טראַכטן אַז נאָר מיטן צאָלן מיטגליד־אָפּצאָל דערפילט אַ קהילה אירע פליכטן צום „ועד הקהילות״, אָבער דאָס צאָלן מיטגלידס־אָפּצאָל ווירקט אויך מאָראַליש, ווייל אַזאַ קהילה ווייזט אַרויס איר אינטערעס אין פאַרשטיין די פּראָבלעמען און איר גרייטקייט מיטצואַרבעטן מיט אונדז.

דער „ועד הקהילות״ האָט דעם מזל, וואָס די בוענאָס־איירעסער קהילה דעקט תמיד זיינע דעפיציטן. אָבער איז אַזאַ סיטואַציע אַ נאָרמאַלע, און ביי אַזאַ פּאַסיוויטעט מצד די קהילות, קען דען דער „ועד הקהילות״ אָנגיין מיט זיינע אַקטיוויטעטן?

איך בין נישט געקומען ווי אַ באַשולדיקער, און איך וועל נישט אָנגעבן קיין נעמען פון די קהילות, וואָס ווייזן נישט אַרויס קיין שום אינטערעס אין אונדזערע אַרבעטן. אָבער איך וויל בעטן די חשובע דעלעגאַטן, אַז זיי זאָלן זיך ערנסט באַציִען צו דעם פּראָבלעם און העלפן גע־פינען אַ לייזונג.

אונדזער קאָלעקטיוויטעט האָט אַ ריי פּראָבלעמען, וואָס דאַרפן געלייזט ווערן, צווישן זיי־פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און אָרגאַניזאַציאָנעלע; רעליגיעזע און קולטור־פּראָבלעמען — און אויפן ערשטן פּלאַץ דעם פּראָבלעם פון די פּראָבלעמען, דאָס דערציִען דעם יונגן דור.

די היינטיקע זיצונג איז געווידמעט דעם פּראָבלעם פון אונדזער קהילה־לעבן; יעדער פּראָבלעם וועט באַהאַנדלט ווערן איינער נאָכן אַנדערן, לויט ווי עס איז באַשטימט אין טאָג־אָר־דענונג; יעדער איינער פון די חשובע רעדנער וועט זיי זען אין אַן אַנדער ליכט און לויט זיין מיינונג. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז די דעלעגאַטן מוזן נישט זיין איינשטימיק מיט יעדער איינער פון די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען און זיי וועלן האָבן אַ מעגלעכקייט אַרויסטראָגן זייערע אייגענע מיינונגען צו יעדן פּונקט, אָבער ווי אַ נייעס איז אויף דעם קאָנגרעס איינגעפירט גע־וואָרן די אויסדערוויילונג פון קאָמיסיעס און די פאַרשיידענע מיינונגען וועלן אַרויסגעטראָגן ווערן אין די דאָזיקע קאָמיסיעס, ווו עס וועט געגעבן ווערן די מעגלעכקייט צו באַהאַנדלען ברייטער יעדן איינעם פון די פּונקטן. איידער איך גיב איבער דאָס וואָרט צו די רעדנער, וויל איך רופן אייער אויפמערקזאַמקייט צו דער פּראָבלעם פון די „געמישטע חתונות״. דאָס איז זייער אַ ווייטיקלעכער פּראָבלעם פאַר די קהילות און ער נעמט אַרום אַלע פּראָווינציעלע קהילות און

אַ צאָל פון הונדערטער משפחות, וואָס געפינען זיך „אין קיינעמס לאַנד" צווישן די יידן און די קריסטן. אַ טייל פון די דאָזיקע משפחות וואָלטן געוואָלט זיין מיטגלידער אין די קהילות און דינען גרייט אָפּצוהיטן אַלע יידישע פליכטן, אַ טייל פון זיי שיקן זייערע קינדער אין די יידישע שולן, עס וואָלט נישט געווען פּראַקטיש פון אונדזער זייט צו באַציִען זיך צו זיי מיט דער גאַנ־צער שטרענגקייט וועלכע די רעליגיע פאָדערט, און אַרויסשטויסן זיי פון אונדזער סביבה. ס'איז אַ שווערער פּראָבלעם פאַר די קהילות, וואָס ווייסן נישט קלאָר צי דאַרפן זיי די דאָזיקע משפחות באַטראַכטן אַלס יידישע אָדער נישט, צי דאַרפן זיי דערלויבן די דאָזיקע משפחות פייערן זייערע בר־מצוות אין אונדזערע שולן אָדער נישט. שווערער איז דאָזיקע סיטואַציע פאַר די געמישטע משפחות גופא, וועלכע שטייען ביי דער שוועל פון ביידע סעקטאָרן.

אויף איינער פון די לעצטע זיצונגען פון אונדזער עקזעקוטיוו, איז אויף מיין איניציאַטיוו געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיסיע בראש פון אונדזער חשובן רב, ד"ר יעקב פינק, וועלכע וועט אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט אויף צו געפינען אַ דעפיניטיווע לייזונג צום דאָזיקן פּראָבלעם.

אויב דער דאָזיקער אויסעראָרדנטלעכער צוזאַמענפאָר וועט נישט לייזן קיין שום פּראָ־בלעם, אָבער ער וועט עפּעס אויפטון אויף צו געפינען אַ לייזונג צו דעם דאָזיקן ווייטיקדיקן פּראָבלעם, וועלן מיר דאַרפן עס פאַררעכענען פאַר אַ גרויסן דערפאָלג, הלוואַי!

## מאַרק טורקאָוו

# פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַספּעקטן פון די קהילות

„דער איצטיקער אויסעראָרדנטלעכער קאָנגרעס פונעם ועד־הקהילות איז אַ פייערלעכער, ווייל ער איז פאַררופן געוואָרן צו פייערן הונדערט יאָר אָרגאַניזירט יידיש לעבן אין אַרגענ־טינע. דאָס אַליין איז שוין אַ גענוגנדיקע סיבה פאַר אַזאַ מאָביליזאַציע, אָבער עס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע סיבות אויך.

„בשעת איך בין געזעסן ביי דער יום־טובדיקער דערעפענונג נעכטן אין אָוונט, און האָב מיך צוגעקוקט צו דעם גרויסן און אויפמערקזאַמען עולם, האָב איך מיך דערמאָנט אין אַ קאָנגרעס פון 50 יידישע קהילות אין פוילן, וועלכער איז פאַררופן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1933. ער האָט נישט געהאַט קיין טאָג־אָרדענונג און זיין איינציקער צוועק איז געווען צו זיין אַ מאַניפעסטאַציע פון אַלע כוחות אין יידישן לעבן קעגן דער אויפקומענדיקער אַנטיסעמיטי־שער און היטלעריסטישער געפאַר, קעגן דער געפאַר וואָס מען ווייסט נאָר ווען זי הייבט זיך אָן, אָבער מען ווייסט נישט ווען זי פאַרענדיקט זיך. די אזכרה, וואָס איז פאָרגעקומען היינט אינדערפרי אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ, ביים מאָנומענט פון די קדושים, האָט אויך גע־זאָלט זיין אַ מאַניפעסטאַציע פון דעם מין, אָבער צום באַדויערן האָט זי נישט געהאַט אַזאַ גרויסן אָפּקלאַנג ווי זי וואָלט געווען געדאַרפט האָבן לויט אַלע דערוואַרטונגען.

„מען דאַרף דאָ דערמאָנען דריי גאַנץ וויכטיקע פּאָליטישע מאָמענטן, וועלכע זיינען פאָר־געקומען אין לאַנד אין משך פונעם לעצטן יאָר. דער ערשטער איז געווען די אַנטיסעמיטישע האַקנקרייץ־כוואַליע פון די חדשים דעצעמבער 1959 און יאַנואַר 1960, וועלכע האָט זיך אָנ־געהויבן אין דייטשלאַנד און האָט זיך אויסגעשפּרייט ווי אויף אַ באַפעל אָדער סיגנאַל, איבער

אַ סך לענדער פון אייראָפּע און צפון־ און דרום־אַמעריקע, נאַטירלעך אויך איבער אַרגענטינע. דער גרעסטער טייל פון די דורכפירערס פון אָט־די אַנטיסעמיטישע עקסצעסן זיינען אומעטום געווען יוגנטלעכע פון וואָסערע זעכצן־אַכצן יאָר, אָבער די אמתע אָרגאַניזאַטאָרן זיינען זיכער געווען אַנדערע פּאַרשוינען, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן הינטער די פּלייצעס פון אָט־די יונגלעך. ייִדן אומעטום זיינען אויפגערודערט געוואָרן, ווייל זיי האָבן נישט געגלייבט אַז אין דער איצטיקער צייט וועלן נאָך קענען פאָרקומען אַזעלכע באַשיימפּערלעך אָרגאַניזירטע אַנטי־סעמיטישע אויפברויזן כמעט אין דער גאַנצער וועלט. קיין וויכטיקע ייִדישע רעאַקציע איז אָבער אין דעם פאַל נישט געקומען.

„דערנאָך איז געקומען דער צווייטער מאָמענט, ווען מען האָט געכאַפּט אין אַרגענטינע דעם קריגס־פאַרברעכער און ייִדן־מערדער אַדאָלף אייכמאַן און מען האָט אים אַוועקגעפירט קיין ישראל, בכדי ער זאָל דאָרטן געשטעלט ווערן פאַר אַ געריכט. עס האָט זיך דאַן אָנגע־



אויף אַ פייערונג פון 70 יאָר ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. פון לינקס אויף רעכטס: פרוי בערטאַ גערשונאָוו, די פרוי פון שרייבער אַלבערטאָ גערשונאָוו; נעבן איר — די טאָקטער פון אַלבערטאָ און בערטאַ גערשונאָוו, פרוי אַננאַ גערשונאָוו דע קאַנטאָר.

הויבן דער באַקאַנטער דיפּלאָמאַטישער סיכסוך צווישן אַרגענטינע און ישראל, וועלכער האָט אונדז ייִדן, פאַרשאַפט אַ סך ביטערניש. עס האָט זיך ביי דער געלעגנהייט קלאָר אַרויסגע־שטעלט מיט ווי וויניק פאַרשטענדעניש און מיטגעפיל מיר קענען זיך רעכענען אין אַזעלכע פאַלן און אויף וויפל מיר זיינען איזאָלירט. אין דאָזיקן מאָמענט האָבן די ייִדיש־נאַציאָנאַלע כוחות אין לאַנד באַוויזן צו שטיין אויף דער געהעריקער הייך. אָט דער פאַל האָט אָבער אויך באַוויזן ווי שטאַרק דער ישוב דאַרף זיין אָרגאַניזירט כלפּי פנים און כלפּי חוץ, בכדי צו קענען זיך פאַרטיידיקן קעגן פרעמדע און אויך אייגענע „פריינט". מיר אונטערשטרייכן דאָ בפירוש די בגידה וואָס עס זיינען באַגאַנגען קעגן אונדזער כלל די זייער רעדוצירטע קרייזן פון די ייִדישע לינקע.

„דער דריטער וויכטיקלעכער מאָמענט איז געווען דער אויסברוך פון ממש ווילדן כוליגאַ־

נישן אַנטיסעמיטיזם און זאָאָלאָגישן האַס צו ייִדן אין געוויסע קרייזן פון דער סטודענטישער יוגנט פון די מיטלשולן, וועלכער האָט דערפירט ביז צום עקסטרעם אַז איין ייִדישער יונגער־מאַן איז גאַנץ ערנסט פאַרווונדעט געוואָרן דורך אַ רעוואָלווער־קויל. די פאַראַנטוואָרטלעכע באַהערדן האָבן לײַדער נישט געװען אַנטשלאָסן און ענערגיש געצווימט אָט־דעם אויסברוך און דעריבער האָבן די ייִדישע עלטערן אַ שטיקל צייט מורא געהאַט צו שיקן זייערע קינדער אין די מיטלשולן. עס איז עפּעס נישט אין אָרדענונג ווען אין אַזאַ לאַנד ווי אַרגענטינע, ווי די באַ־פעלקערונג איז פּראַקטיש כּמעט ווי נישט אַנטיסעמיטיש, און די געזעצן זײַנען געוואַג ליבע־ראַלע, קומט אויס צו הערן אַזעלכע לאָזונגען ווי אין אַמאָליקע היטלער־דײַטשלאַנד. דאָס באַ־ווײַזט אויך, אַז מיר דאַרפן זײַן אויף דער וואַך און זיך באַמיִען אונטערצונעמען די געהעריקע שריט דאָרט ווו מען דאַרף, בכדי אַזעלכע פאַלן אויסצומײַדן, לויט מעגלעכקייט. אויך אין דער פּראָווינץ עקסיסטירן די זעלביקע פּראָבלעמען. אויך דאָרטן זײַנען פאַראַן אַנטיסעמיטישע אַרויסטריטן פון צײַטונגען און פון געוויסע דעפּוטאַטן.

„דעריבער דאַרף מען פון אָט־דער טריבונע פונעם אָרגאַניזירטן ייִדנטום לאָזן הערן די שטימע פון פּראָטעסט און פון אַנטשלאָסענעם ווילן צו פאַרטיידיקן דאָס ייִדישע לעבן און דעם ייִדישן כּבֿוד. מיר דאַרפן טאָן אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגלעך אַרײַנצוציִען די יוגנט אין אונ־דזערע רייען און זי מאַכן פאַרן שטענדיקן אַוואַנגאַרד פון אונדזערע אַקטיוויטעטן. מיר דאַרפן איבערצייגן די יוגנט אַז זי דאַרף זײַן מיט אונדז אין אַלע ענינים פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן און נישט בלויז אין מאָמענט פון געפאַר און קאַמף.

„עס דאַרף דאָ אויך זײַן אַן ענין פון ספּעציעלן שטודיום די פּראָבלעם פון פּערפעקציאָ־נירונג פון דער ייִדישער רעפּרעזענטאַנץ. אויב עס איז נאָך נישט געקומען דער מאָמענט פאַר דער אויפלייזונג פון דער „דאַיא", איז שוין אָבער זיכער די העכסטע צייט זי צו רעפאָרמירן און ענג קאָאָרדינירן אירע טעטיקייטן מיטן ועד הקהילות. מען דאַרף אויך טראַכטן וועגן שאַפן די נײַע פּערמאַנענטע קערפּערשאַפט אַרום דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס זאָל זיך אַנשליסן אויך דער היגער ועד־הקהילות און וועלכע זאָל שטיין אויף דער וואַך פון די ייִדישע אינטערעסן קעגן אַלע אונדזערע שונאים, און זאָרגן פאַר דער אויפבוי־אַרבעט אין מדינת־ישראל.

„עס דאַרפן פאַראייניקט און קאָאָרדינירט ווערן אַלע אונדזערע כּוחות לטובֿת אונדזער ייִדישן לעבן, וועלכעס טרעט איצט אַרײַן אין צווייטן יאָרהונדערט פון זײַן קיום".

## ד"ר אבֿרהם זאַלצמאַן

# די פונקציע פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן

„עס איז זייער ריכטיק וואָס די פראַגע וועגן דער פונקציאָנירונג פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן און אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן טאָג־אָרדענונג פונעם איצטיקן קאָנגרעס, ווײַל די ענינים פון דער פּראָווינץ דאַרפן גרינטלעך אַרומגערעדט ווערן. אַמאָל זײַנען אין דער פּראָווינץ, דער עיקר אין די ייִדישע קאָלאָניעס, געווען צענטערן פון אינטענסיוון ייִדישן לעבן און פון דאָרטן זײַנען אַרויסגעקומען אַ סך היינטיקע פירערס פונעם אַרגענטינער ייִדישן ישוב. און איצט זײַנען מיר דערגאַנגען צו אַ פאַרקערטן פּראָצעס: די שטאָט מוז קומען צו הילף די פּראָווינץ־ישובֿים, באַזונדערס יענע אין דער פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, וועלכע זײַנען אין די לעצטע יאָרן שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַ גוטער אינסטרומענט פאַר דעם וואָלטן געקענט זײַן די ראַיאָן־קאָמיטעטן פונעם ועד־הקהילות, וועלכע האָבן דעריבער אויסצופילן אַ וויכטיקע מיסיע, אויב עס זעלן נאָר געפונען ווערן די פּאַסיקע מענטשן און פונעם צענטער וועט מען מיטהעלפן.

„עס איז נישט ריכטיק צו ריידן וועגן דער פּראָווינץ אין אַן אָפּטימיסטישן טאָן, ווייל זוען מען הערט אויס די באַריכטן פון די פאַרשיידענע דעלעגאַטן און פון דעם רייזנדן אינסטרוקטאָר פונעם ועד הקהילות, זעט מען אַז כמעט אין אַלע פּראָווינץ־קהילות זיינען פאַראַן סיי ליכט־ און סיי שאָטן־זייטן. אַ סך ליכט ברענגט אַריין אין אונדזער לעבן מדינת־ישראל, אָבער אויך דאָ אין לאַנד האָבן מיר אָנצוווייזן אין אַ סך ערטער אויף גאַנץ פּאָזיטיווע דערגרייכונגען. עס זיינען אָבער פאַראַן אַ סך קהילות, וועלכע פירן אַ ביטערן געראַנגל פאַרן אויפהאַלט פונעם יידישן לעבן און זיי דאַרפן האָבן הילף און אָנווייזונגען פונעם ועד הקהילות. עס איז קיינמאָל נישט צופיל ביי יעדער געלעגנהייט צו דערמאָנען, אַז עס טאָר נישט דערלאָזט ווערן דאָס יידישע לעבן זאָל אויסגעלאָשן ווערן אַפילו אין די קלענסטע קהילות.

„ס׳דאַרף פאַרשטאַנען און אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די פונקציע פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן איז נישט אויסצוטיילן בכבודיקע אַמטן, נאָר צו טון וויכטיקע ממשותדיקע אַרבעט לטובת הכלל. אויף אַ סך ערטער זיינען נישטאָ אינגאַנצן קיין עסקנים, אָבער עס זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס אַרבעטן שוין אין משך פון צענדליקער יאָר אויף זייערע אַמטן און זיי זיינען שוין מיד. דאָס איז זייער אַ האַרב פּראָבלעם, וואָס פאָדערט אַ דרינגענדיקע לייזונג. עס מאַכט זיך אָפּט, אַז ווען דער ראַיאָן־קאָמיטעט רופט ערגעץ אויף אַ פלאַץ אַ פאַרזאַמלונג, קומען בלויז געציילטע מענטשן, ווייל דער רוב פילט שוין נישט אויף זיך קיין אחריות און שאַצט נישט אָפּ די וויכטיקייט פון אַרבעטן פאַרן יידישן קיום. ליידער זיינען גאַנץ באַזונדער דערווייטערט פון אונדז די קרייזן פון די פּראָפעסיאָנאַלן, אוניווערסיטאַריער און פון דער יוגנט בכלל.

„אַ באַזונדערס וויכטיק פּראָבלעם זיינען די געמישטע חתונות, כאָטש עס באַרירט נישט בלויז די פּראָווינץ און עס איז דאָרטן מסתמא נישט שווערער ווי אין שטאָט. אָבער צוליב דער קליינער צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אינעם גרעסטן טייל פון די פּראָווינץ־קהילות זעט עס זיך מער אַרויס, פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט באַמיט מען זיך אָפּט וועגן דעם ווייניק און אומקלאָר צו ריידן, ווייל מען קאָן אַמאָל נישט וועלנדיק אָנרירן און ווי־טאָן אַ נאָענטן, אָדער אַ קרוב.

„די קולטור־אַרבעט אויף דער פּראָווינץ איז באַזונדערס שווער, ווייל גענוג אייגענע אינטעלעקטועלע כוחות זיינען נישטאָ און אויך די וואָס וואָלטן געקענט קומען אין באַטראַכט, ווערן אָפטמאָל נישט אויסגענוצט צוליב זייער אָפּגעפרעמדקייט, אָדער צוליב אַפּאַטיע. ברענגען כוחות פון בוענאָס־איירעס קאָסט זייער טייער און עס איז אויך גאָרנישט לייכט זיי צו באַקומען. די טענה, אַז די פּראָווינץ־ישובים זיינען פאַרמעגלעך און זיי קאָנען אַליין שאַפן די נייטיקע מאַטעריעלע מיטלען צו פינאַנצירן זייערע טעטיקייטן, איז ווייט פון צו זיין אינגאַנצן ריכטיק. דעריבער קומט שוין אָן זייער שווער אַפילו אויסצוהאַלטן די שולן אין די פּראָווינץ־קהילות, ווו אַזעלכע זיינען פאַראַן, כאָטש דאָס איז דאָך דאָס וויכטיקסטע פאַר אונדזער קיום.

„נאָך שאַרפער איז די לאַגע אויפן געביט פון רעליגיעזן און טראַדיציאָנעלן לעבן. שוחטים זיינען פאַראַן זייער ווייניק איבערן לאַנד. קיין רב איז, אויסער דער הויפּטשטאָט, אין ערגעץ נישטאָ. אין גאַנץ ענטרע־ריאָס איז נישט פאַראַן קיין איין מוהל און אַראָפּברענגען אַזעלכן, ווען מ׳דאַרף אים האָבן, קומט אָן זייער שווער. קיין בעל־קורא קען מען שוין באַלד נישט קריגן און אַפילו צונויפשטעלן אַ מנין איז אויף אַ סך ערטער שוין גאָרנישט לייכט. איך בין נישט קיין רעליגיעזער מענטש, אָבער איך פיל אַז אַזאַ סיטואַציע טאָר אויף דעם געביט אויף ווייטער בשום אופן נישט אָנהאַלטן. דער קאָנגרעס וועט זיך דאַרפן זייער ערנסט פאַרנעמען מיט דעם ענין, וועלכער האָט צו טאָן ממש מיט נאַציאָנאַלן פּרעסטיזש.

„דאָס וואָס עס קען נישט אויפטאָן אין דער פּראָווינץ פאַר די אויבנדערמאָנטע פּראָבלעמען די צענטראַלע פונעם ועד־הקהילות דערפאַר ווייל זי געפינט זיך אין דער הויפּטשטאָט, ווייט פון די ערטער וואָס נייטיקן זיך אין מיטאַרבעט, וואָלטן פיל לייכטער געקענט אויפטאָן די ראַיאָן־קאָמיטעטן. בעיקר ווען זיי וואָלטן געהאַט גינסטיקערע באַדינגונגען פאַר זייער אַרבעט״.

הרב יעקב פינק

# רעליגיעזע ענינים

„די פראַגע וועגן די רעליגיעזע פּראָבלעמען וואָלט געווען געדאַרפט אפשר איינגעשלאָסן ווערן אינעם סימפּאָזיום וועגן דער צוקונפט פונעם ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע. דאָס וואָס אַ סך פריִערדיקע רעדנערס האָבן שוין זיך באַצויגן צו די רעליגיעזע פּראָבלעמען באַוויִזט, אַז די באַאומרויִקן אַ סך פון אונדזערע עסקנים און מען מוז זיך באַמיִען צו געבן אויף זיי אַ ריכטיקן ענטפער. אַזוי לאַנג ווי עס טוט וויי, איז נאָך נישט צום פאַרזינדיקן און עס איז פאַראַן אַ האָפענונג צו קענען זייער אַ סך אויסבעסערן.

„מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז ווען מען האָט אַ רב אין שטאָט, האָט מען שוין במילא געלייזט אַלע פּראָבלעמען. דער בעש״ט זצ״ל, וועמענס 200סטן יאָרצייט מען פייערט הייִנטיקס יאָר, האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אַ רב ווערט אָנגערופן מרא דאתרא און דאָס האָט אַ טאָפּלטן באַ־טייט. עס קען הייסן, אַז ער איז דער באַלעבאָס פונעם פּלאַץ און אויך אַז ער איז דער רידל וואָס דאַרף אויסגראָבן דאָס גאַנצע ביסל אומריינקייט פונעם פּלאַץ. אין די צייטן פון גלות בבל האָבן ייִדן געדינט דער עבודה־זרה, אָבער זיי האָבן אויפגעהאַלטן אַן אייגן ייִדיש לעבן, — איז פאַר זיי דאָך געווען אַ האָפענונג. ס׳זיינען אָבער אויך געווען אַנדערע צייטן, ווען ייִדן האָבן דווקא קיין עבודה־זרה נישט געדינט, זיי האָבן נאָר קיין אייגן ייִדיש לעבן נישט געהאַט און זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט די אַרומיקע פעלקער — האָבן זיי קיין אויסלייזונג שוין מער נישט געקענט האָבן, ווייל מער ווי אַ רעליגיע האָבן מיר אַ תורה, אַן אייגענעם לעבנסוועג.

„מען דאַרף פאַרמאָגן דאָס אינערלעכע ייִדישע געפיל, וואָס אַ סך פריִערדיקע דורות האָבן אַנטוויקלט און איינגעפלאַנצט אין אונדזער לעבן. מען דאַרף זיין דורכגעדרונגען מיט דער ספּעציעלער ייִדישער לעבנס־מאַראַל, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך אונדזערע על־טערן אין משך פון הונדערטער יאָרן. מען דאַרף זיין ייִדן מיט ייִדישע קעפּ, מיט ייִדישע אברים און מיט אַ גאַנצער ייִדישער נשמה. דער אונטערבאַוווסטזיין דאַרף זיין ייִדיש, ווייל אַ קינסטלעך און מעכאַניש ייִדיש לעבן איז נישט מעגלעך צו פירן. מען דאַרף זיין ייִדן מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה.

„מען טאָר נישט זיין ווייכהאַרציק און צוליב רחמנות, אָדער אַנדערע מאָטיוון, זיך איילן מגייר צו זיין פאַרליבטע יונגע געמישטע פּאָרלעך, ווייל דאָס קען ברענגען דערנאָך שווערע קאָנסעקווענצן. אין שייכות מיט די געמישטע חתונות דאַרף מען זאָגן, אַז עס איז בכלל אומ־געזונט פאַר אונדזער פאָלקס־אָרגאַניזם מגייר צו זיין אויף איינמאָל צופיל און צו שנעל נישט־ייִדישע מענטשן און מען דאַרף די אַלע פאַלן פריִער גאַנץ גענוי און גרינטלעך שטודירן און פאָרשן. בכדי אויסצומיידן געמישטע חתונות, דאַרף מען זיך אַליין שטאַרקער פאַרפאַנצערן מיט אמונה און דאָס וועט אויך זיין אַ מיטל צו דערנענטערן און איינצוהאַלטן די יוגנט אַרום אונדז. מען דאַרף זיך שטעלן דעם ציל מיר זאָלן זיין וואָס נעענטער צום לעבנס־שטייגער פון אונדזערע עלטערן און דעמאָלט וועלן מיר קענען אויסמיידן אַ סך שטרויכלונגען. אויב אָבער מען דאַרף דעם רב, בכדי אויף אים אַרויפצולייגן אַזעלכע שווערע פּראָבלעמען ווי געמישטע חתונות, איז עס אפשר זיין פליכט דאָס צו נעמען אויף זיך, אָבער מ׳דאַרף וויסן אַז עס איז אומ־מעגלעך מיטאַמאָל מתקן צו זיין דאָס וואָס די עלטערן האָבן אין משך פון אַ לענגערער צייט קאַליע געמאַכט מיט דעם נישט דערפילן די פליכטן צו געבן די קינדער אַ גוטע ייִדישע דער־ציִונג. אַזעלכע זאַכן קען מען בלויז מתקן זיין בהדרגהדיק.

„די פראַגע פונעם מאַנגל אין כלי־קודש, באַזונדערס אין דער פּראָווינץ, וואָלט מען שוין מסתמא געקענט שנעלער פאַרענטפערן, טיילווייז דורך ברענגען זיי אַהער פון אויסלאַנד און

טיילווייז דורך אויסבילדן זיי אין אַ היגער ישיבה, אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, איז עס אַן ענין פון געװנוגנדיקע געלטמיטלען, ווייל אויך כלי־קודש האָבן אַ רעכט צו קענען פירן אַ באַלעבאַטיש אָנשטענדיק לעבן אין פינאַנציעלן זינען.

„יעדנפאַלס דאַרף מען פאַרשטיין, אַז די רעליגיעזע פּראָבלעמען מוזן אינטערעסירן נישט בלויז דעם רב אַליין און נישט אַפילו נאָר אַ באַגרענעצטן קרייז פרומע יידן. עס טאָר נישט בלייבן קיין ווינקל־פּראָבלעם, נאָר עס דאַרף זיך פאַרוואַנדלען אין אַ קאַרדינאַלער פראַגע פונעם גאַנצן ישוב און דעמאָלט וועט מעגלעך זיין צו ענדערן לטובה די איצטיקע לאַגע, וועלכע פאַרשאַפט אונדז נישט קיין איבעריקן כבוד".

## חיים פינקלשטיין

# אונדזער קולטור־ און דערציונגס־פּאָליטיק

„כאָטש מיר האָבן ערשט צוריק מיט געציילטע וואָכן דאָ באַהאַנדלט אויפן חינוך־קאָנגרעס די פּראָבלעמען פון דערציונג און קולטור, האָט דער ועד־הקהילות דאָך גוט געטאָן וואָס ער האָט איצט ווידער אַוועקגעשטעלט אויפן סדר־היום אָט־די וויכטיקע פּראָבלעמען. ווייל פון זייער גוטער לייזונג איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק דער קיום פונעם יידישן פאָלק.

„אונדזער ישוב האָט צו זיין הונדערטסטן יאָרטאָג צו פאַרצייכענען אַ סך וויכטיקע דערגרייכונגען אויפן דערציונגס־געביט, מיט וועלכע מיר באַווייזן זיך פאַר געסט וואָס קומען צו אונדז פון אויסלאַנד. מיר קומען דעריבער צו דער איצטיקער פייערונג נישט מיט קיין ליידיקע הענט. אונדזערע שולן זיינען איצט אין אַ גרעסערער צאָל און זיי זיינען אויך איצט בעסערע ווי מיט צוואַנציק־דרייסיק יאָר צוריק זיי אַרבעטן אויך איצט אין פיל בעסערע באַדינגונגען ווי דעמאָלט, אָבער אויך די נויטן זיינען איצט גרעסערע ווי דעמאָלט. מיר האָבן זיכער אַ סך אויפגעטאָן און דערגרייכט, אָבער דאָך באַשיימפּערלעך נישט גענוג. ווייל אין מאָמענט ווען דער נייער דור דאַרף טיילווייז אָדער אינגאַנצן אַריבערנעמען די אָנפירונג פונעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, זעען מיר אַז ער איז דערצו נישט גענוג צוגעגרייט און קען נישט אַרויסגעבן פון זיך אַ יידיש־קוואַליפיצירטע אינטעליגענץ וואָס זאָל אָנפירן מיט אונדזער לעבן.

„מיר ליידן פון אַ מאַנגל אין צוגעפּאַסטע שעפערישע יונגע מענטשן, עס זיינען דאָך שוין פאַראַן פלעצער אין דער פּראָווינץ ווו עס איז נישטאָ קיינער וואָס זאָל קענען רעדאַגירן און אָנשרייבן קאָרעקט אַ יידיש בריוול. אונדזער יוגנט איז צו רויק און דער איצטיקער קאָנגרעס דאַרף זיין אַ רוף צו אומרו, נישט נאָר פאַר דער יוגנט, נאָר אויך פאַר אונדז, דערוואַקסענע אַליין. ביז נישט לאַנג האָבן מיר געשעפּט אונדזער אינטעליגענץ און גייסטיקע יניקה פון מזרח־אייראָפּע, וועלכע איז אויף אַזאַ גרויזאַם־בעסטיאַלישן אופן פאַרניכטעט און אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל. היינט אָבער קענען מיר זיך מער אויף קיינעם נישט פאַרלאָזן און מיר מוזן דרינגענדיק אַליין שאַפן די נייטיקע כוחות. מיר האָבן אַ היפּשע צאָל שיינע אינסטיטוציעס, מיר קענען זיי אָבער אָפּט נישט אָנפולן מיטן ריכטיקן אינהאַלט צוליב מאַנגל אין צוגעפּאַסטע כוחות. אונדזער שטאַרקייט איז קיינמאָל נישט געלעגן אין פיזישער קראַפט, נאָר אין גייסטיקער און מאָראַלישער, און לעצטנס איז ביי אונדז ליידער גייסט און מאָראַל היפּש אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

עס רופט ביי אונדז אַרויס אומרו דער שאָס אין דער סאַרמיענטאָ־שול קעגן אַ יידישן יוגנטלעכן. אָבער אָט־דער אומרו איז צו אונדזער יוגנט כמעט נישט דערגאַנגען און זייער רויקייט דאַרף וועקן ביי אונדז אומרו. מיר מוזן אונדזער יוגנט אויפוועקן און געבן איר צו פאַרשטיין וואָס עס איז יידישקייט, פאַרוואָס האָט מען אונדז פיינט און וואָס עס מיינט אויך אין געוויסע קרייזן די כלומרשטע ליבע צו אונדז. מיר מוזן אָנגעמען די געהעריקע מיטלען צו פאַרפאַנצערן אונדזער יוגנט נישט נאָר קעגן דער יידן־שנאה, נאָר אויך קעגן די אָפענע אָרעמס פון דער אַסימילאַציע. אַ גרויסער טייל פון אונדזער יוגנט איז באַווירקט פון אַ נייעם קאָסמאָפּאָליטיזם און א נייע אינטעגראַציע־שטרעבונג. עס ציט שוין נישט די יעווסעקציע פון




אַקט געווידמעט דעם אָנדענק פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. עס רעדט ד״ר שלמה ביקל.

אַמאָל, אָבער עס איז אַ מין נייער שמד, נישט דווקא קיין רעליגיעזער. מוזן מיר זייער ענער־גיש און אַנטשלאָסן קעמפן קעגן דעם.

„עס איז בלי־ספק אַ שווערע אויפגאַבע צו קעמפן קעגן דער אַסימילאַציע, ווייל עס איז פאַראַן צווישן דער יוגנט פיל אומוויסנקייט און עם־הארצות און אויך די געמישטע חתונות דינען אַ שטערונג. אַ גרויסע געפאַר איז אויך די אינטעגראַציע אין נאָמען פון אַ כלומרשטן אידעאַל, וועלכער מען דאַרף זיך אַנטקעגן שטעלן מיט אַלע כוחות. דער וועג דערצו איז אָן צוויפל דערציונג. עס ווערט אָבער ביז איצט נישט געלייגט גענוג אַכט אויף דעם. אינעם וועד הקהילות זיינען אָנגעשלאָסן 120 קהילות, אָבער בלויז 60 פון זיי האָבן יידישע שולן, בעסערע אָדער ערגערע. דאַרף מען אַוועקשטעלן ווי אַ מינימאַלן באַדינג, אַז יעדע קהילה דאַרף האָבן אַ שולע. זאָל זיין אַפילו נאָר מיט אַ האַלבן לערער, אָדער זאָל מען כאָטש לערנען איינמאָל אין דער וואָך. אויב מען קען פאָדערן אַ ביישטייערונג פאַרן פאַראייניקטן קאַמפּיין, אַפילו ביי

אַזעלכע ייִדן וואָס ווילן נישט געבן, פּאַרוואָס זאָל מען נישט שטעלן אויף דער זעלבער מדרגה אויך דעם ייִדישן חינוך?

„מיר דאַרפן אויפהערן צו האָבן טענות צו דער וועלט און מיר מוזן אַלע טענות ווענדן צו זיך אַליין. מיר דאַרפן אָנווענדן דעם שטאַרקסטן געזעלשאַפטלעכן און מאָראַלישן דרוק אויף אַלע ייִדישע עלטערן, זיי זאָלן זייערע קינדער שיקן אין די ייִדישע שולן און זיי זאָלן אויך ברענגען פאַרן ייִדישן חינוך די גרעסט־מעגלעכע מאַטעריעלע קרבנות. וואָס פאַר אַ זין קען שוין האָבן אונדזער גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, אויב מיר גיבן נישט אונדזערע קינ־דער קיין ריכטיקע ייִדישע דערציִונג און גרייטן זיי נישט צו זיי זאָלן זיין אונדזערע גייסטיקע יורשים, אויך נישט בלויז די פיזישע?

„מען דאַרף אויסמיידן דעם קעגנזייטיקן קאַמף צווישן די פאַרשיידענע חינוך־טענדענצן וועלכע דאַרפן זיך אַלע באַזירן אויפן ענגן בונד מיט ישראל און מען דאַרף נישט פאַרגעסן אַז די ווערטן פון דער ייִדישער קולטור האָבן אויפגעהאַלטן ביז איצט אונדזער ווייטערדיקן קיום. מען דאַרף אויך אויפהערן צו באַווייגען דעם ייִדישן חינוך, נאָר מען דאַרף זיך נעמען צו דער אַרבעט אויף דעם געביט מיט אַלע כוחות און מען דאַרף אָנהייבן אַ שטאַרקע אָפענסיווע אויפן קולטור־ און דערציִונגס־געביט, בכדי אַריינצוציִען אַלע קינדער וואָס זיינען נאָך איצט אויסער דער ייִדישער שול, וועלכע זיינען צום באַדויערן אין איצטיקן מאָמענט נאָך די מער־הייט. אויב מיר וועלן ווייטער שמידן אונדזער צוקונפט, וועלן מיר באַווייזן צו מאַכן אונדזערע נייע דורות פאַר גוטע ייִדן, איבערגעבנדיק זיי אונדזערע אויסערגעוויינטלעכע רייכע גייסטיקע אוצרות.

„מיר זיינען דער דור, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פונעם לעצטן גרויליקן מבול און מיר דאַרפן אויך ראַטעווען דעם ייִדישן גייסט און אים איבערפלאַנצן אין די קומענדיקע ייִדישע דורות. אונדזער קאָנגרעס איז זיך צוזאַמענגעקומען צו פייערן אַ היסטאָרישן מאָמענט פון אונדזער ישוב. איינער פון אונדזערע וויכטיקסטע ווערטן איז ביז איצט געווען דער גייסטיקער בייטראָג, טאָ לאָמיר אים איבערגעבן ווי אַ פאַקל צו אונדזערע קינדער פאַר די ווייטערדיקע דורות״.

## פּראָפ׳ לאַזאַראָ שאַלמאַן

# דער נייער דור

„דער פערטער קאָנגרעס פונעם וועד־הקהילות האָט רעקאָמענדירט אַלע קהילות פונעם לאַנד, זיי זאָלן אָריענטירן זייער אַרבעט אין שייכות מיט דער יוגנט, נעמענדיק אין באַטראַכט אַז עס עקסיסטירט אַ נייער דור מיט אַן אייגענער מענטאַליטעט, וואָס איז אין איינקלאַנג מיט דער תקופה אין וועלכער ער לעבט. סיי אין דער קהילה פון בוענאָס־איירעס, סיי אין עטלעכע קהילות פון דער פּראָווינץ — קודם־כל פון ראָזאַריאָ, לאַ־פּלאַטאַ און קאָרדאָבאַ — האָט יענע רעקאָמענדאַציע געפונען אַן אָפּקלאַנג און זיי האָבן סטימולירט די טעטיקייט פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, געהאָלפן די חלוצישע באַוועגונגען: אָרגאַניזירט קורסן פון ייִדישער געשיכטע, ייִדיש און עברית; באַשטימט סטיפּענדיעס פאַר ייִדישע שטודיעס און זיי האָבן זיך באַמיט צו דערנענטערן די יוגנט — באַזונדערס די אוניווערסיטעט־סטודענטן — צום ייִדישן קהילה־לעבן.

„אָט אַזוי זיינען געמאַכט געוואָרן עטלעכע עפעקטיווע שריט און אַנדערע האַלטן ביים

דורכגעפירט ווערן, למשל, דאָס אָרגאַניזירן פון קורסן פאַר יוגנט־אינסטרוקטאָרן; די צוגרייטונג־זיצונגען פאַרן יוגנט־קאָנגרעס; די פאַרשפּרייטונג פון אויפקלערונג־מאַטעריאַלן וועגן אַקטועלע יידישע פּראָבלעמען אאַז״וו. אָבער עס איז נישטאָ קיין ספק, אַז גאָרנישט איז אויפגעטאָן געוואָרן, כל־זמן עס בלייבט נאָך איבער עפּעס צו טאָן און דאָס עס דאַרף נאָך געטאָן ווערן איז אומגעהויער פיל.

„קודם־כל איז נייטיק צו געפינען אַ ווירקזאַם מיטל צו באַזיגן די אומפאַרשטענדעניש צווישן די דורות און צו דערגרייכן אַן איינפאַרשטענדעניש צווישן די אַלטע און די יונגע מיט די מיטעלע, שאַפנדיק פון זיי אַ מין בריק.

„דער תמצית פון דעם פּראָבלעם איז דאָס פעלן פון יידישן גייסט און קולטור. די יונגע מענטשן פון אונדזער צייט, און אַפילו די וואָס זיינען עס נישט מער, דערגייען צום עקסטרעם צו פאַרגעסן דאָס פינפטע געבאָט פון די עשרת־הדיברות: „גיב אָפּ כבוד דיין פאָטער און מוטער״. עס איז נאָך ערגער וואָס אַפילו די עלטערן רעספּעקטירן אָפטמאָל נישט זייערע קינדער.



דער גרויסער עולם אין זאַל בעת דעם אַקט געווידמעט דעם אָנדענק פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

דורך דעם וואָס זיי לערנען זיי איין זאַך און אַליין טוען זיי עפּעס אַנדערש. און עס איז דאָך גוט באַקאַנט, אַז עס האָט נישט קיין שום ווערט צו פּרעדיקן עפּעס וואָס מען באַקרעפטיקט נישט אַליין מיטן ביישפּיל. אַ דעלעגאַט פון דער פּראָווינץ האָט זיך באַקלאָגט מיט פאַרשטענדלעכער ביטערקייט, אַז אין זיין געגנט וויל די מערהייט אָריענטירן זייערע קינדער אויף רעליגיע, אָבער אַליין האַלטן זיי אָפן זייערע געשעפטן אַפילו אין די טעג פון ראש־השנה און יום־כיפור. דאָס איז אַ מינדערשאַצונג פאַר די קינדער און אַן אומווירדיקייט, אויסער דעם איז עס קעגן דעם וואָס מען וויל דערגרייכן, ווייל אָנשטאָט צו דערנעענטערן די קינדער צו דער טראַדיציע פון יידישקייט, שטויסט מען זיי אָפּ פון איר און אַפילו פון זייערע אייגענע עלטערן.

אַזוי לאַנג ווי עס וועט נישט געשאַפן ווערן אין זייערע היימען אַן אַטמאָספערע פון ייִדישער גייסטיקייט וועט זיין אומניצלעך דאָס באַקלאָגן זיך און דאָס פּרעדיקן.

אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט און באַזונדערס אין די פּאַראיינִיקטע שטאַטן, איז צו מערקן אַ געוויסע אויפלעבונג פונעם רעליגיעזן געפיל און אַפילו געוויסע קולט־פּראַקטיקעס. אַט דאָס הייבט זיך אויך אָן צו מערקן צווישן אונדז.

„באַציִענדיק זיך צום אינטענסיוון מיסיאָנערן־קאַמפּיין וואָס עס פירן דורך די פּראָטעס־טאַנטן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, האָט דער באַקאַנטער דיכטער דוד איינהאָרן געשריבן ניט לאַנג אין אַן אַרטיקל אין „פאָרווערטס", אַז די אומוויסנקייט פון דער ייִדישער יוגנט וואָס שייך רעליגיע איז אַזוי גרויס, אַז עס איז לייכט איר איינצורעדן אַז דאָס קריסטנטום איז אַ מער אַנטוויקלטע פאָרעם פון ייִדישקייט. די ריזיקע מען זאָל גלייבן אין אַזאַ פאַלשקייט איז נאָך גרעסער אַפילו ביי אונדז אין אַרגענטינע, ווייל אַזאַ זאַך האָט אויך ביי אונדז גאַנץ ערנסט באַהויפּטעט נישט קיין קלענערער ווי אַלבערטאָ גערשונאָוו, דער מייסטער פון די „ייִדישע גאוטשן", וועלכער זאָגט אין אַן עסיי, אַז „דער קאַטאָליציזם איז אַן אָרגאַניזירטע ייִדישקייט". נאָך מער: לויט דעמזעלבן, איז דער קאַטאָליציזם „אַ טריִומפירנדיקע ייִדישקייט". דאָס איז נאַטירלעך פּונקט אַזוי פאַלש ווי די באַהויפּטונג פון אַן אַנדערן ייִדן וואָס איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער קאַטעדרע פון בּיִאָלאָגישער פיזיק פון דעם ליטאָראַל־אוניווערסיטעט, דער ד״ר מ. ס. ניישלאָס, וועלכער פאַרזיכערט „אַז דאָס גרעסטע פאַרדינסט פונעם ייִדנטום איז צו האָבן געבוירן דאָס קריסטנטום מיט אַלע זיינע היסטאָרישע אָפּצווייגונגען". און גלייך ווי דאָס וואָלט געווען צו ווייניק צו דעמאַסקירן די שטודירנדיקע יוגנט, און נאָך מער די נישט־שטו־דירנדיקע, טרעפן מיר זיך אָן מיט דער איבערראַשונג אַז אַלפּרעדאָ ל. פּאַלאַסיאָס, דער אָנער־קענט לערער פון דער יוגנט, פאַרזיכערט אויך אין זיין שיינעם בוך וועגן סאָציאַלן יושר, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1954, אַז „דער הויכפּונקט פונעם ייִדנטום איז דאָס קריס־טנטום".

„מען וואָלט געקענט ברענגען נאָך אַ סך באַהויפּטונגען פון דעמזעלבן מין, וועלכע וואָלטן אַלאַרמירט נישט נאָר איינהאָרנען, נאָר אַלע יענע וואָס האַלטן פונעם אמת און ווייסן, אַז דאָס ייִדנטום און דאָס קריסטנטום שטעלן מיט זיך פאָר גייסטיק, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי צוויי אַנטקעגנגעזעצטע וועלטן.

„עס איז דעריבער אונדזער חוב אויפצוקלערן, קודם־כל די אוניווערסיטעט־יוגנט, וועגן דעם תמצית פונעם ייִדישן גייסט, וועלכער איז גאַנץ פאַרשידן פון די עוואַנגעלישע נאָרמעס.

„עס איז כדאי דאָ צו ברענגען נאָך איין באַמערקונג פון אַ פּראָווינץ־דעלעגאַט: די ייִדישע יוגנטלעכע באַקלאָגן זיך וואָס עס זיינען נישט פאַראַן צווישן אונדז אויך קיין גייסטלעכע. דאָס איז נאָך אַ שלאָגנדיקער באַווייז וועגן דער פונדאַמענטאַלער אומוויסנהייט פון אונדזער יוגנט וועגן דעם גייסט פון ייִדישקייט, וועלכער אונטערשיידט זיך פון דער קריסטלעכער דאָקטרין דורך דעם וואָס דער ייִד דאַרף נישט האָבן קיין שום פאַרמיטלער צווישן זיך און דעם בורא־עולם. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאַרף מען דערמאָנען, אַז ר' מענדעלע קאָצקער האָט אַמאָל געענטפערט אַ ייִדן וואָס האָט ביי אים געבעטן ער זאָל פאַר אים זיין אַ מליץ־יושר ביים רבונו־של־עולם אַז ער איז שוין געגנוג דערוואַקסן זיך אַליין איינצופאַרשטיין מיטן רבונו־של־עולם, נישט דאַרפנדיק אָנקומען צו אַ פאַרמיטלער.

„עס איז דעריבער נישטאָ קיין ספק, אַז מען דאַרף אונטערנעמען אַ קאַמפּיין צו ייִדישן אונדזער יוגנט און נישט דווקא בלויז אין דער הינזיכט פון רעליגיע.

„דאָס פעלן פון ייִדישער קולטור איז צו מערקן אַפילו אין די חלוצישע באַוועגונגען און עס איז איבערראַשנדיק פעסטצושטעלן, אַז אַ סך גלויבן הפנים, אַז דאָס ייִדנטום איז ערשט געבוירן געוואָרן מיט דעם ציוניזם און אַ גרויסער סעקטאָר פון אונדזער יוגנט ווייסט גאָר נישט וועגן רבי עקיבא, אָדער וועגן רבי יוחנן בן זכאי.

„נישט קוקנדיק אויף דעם, איז צו מערקן ביי אַ סך יוגנטלעכע נישט נאָר אומרויקייט, נאָר אויך אומצופרידנקייט און שטאַרקער ווילן צו לערנען. דאָס איז אַ גוטער סימן, ווייל די אמתע געפאַר שטעקט אין דער רוטין, אינעם פעלן פון אומרויקייט, אין דער אָפּגעלאָזנקייט און אינדיפערענץ.

„אויסערדעם איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז חוץ די טעטיקייטן וואָס קומען פאָר אין די חלוצישע באַוועגונגען, איז אויך פאַרשטאַרקט געוואָרן אין דער לעצטער צייט די דערנענטערונג פון אונדזערע אוניווערסיטאַריער צום יידישן לעבן. עס איז וויכטיק וואָס זיי האָבן זיך גרופירט נישט נאָר אין דער הויפּטשטאָט, נאָר אויך כמעט אין אַלע אוניווערסיטעט־צענטערן, דאָס הייסט אין ראָזאַריאָ, קאָרדאָבאַ, טוקומאַן, באַהיאַ בלאַנקאַ און אַז״וו. מיר שטייען פאַר אַ קאָנגרעס פון יידישע אוניווערסיטאַריער פונעם גאַנצן לאַנד, וועלכער וועט וואַרשיינלעך פאָרקומען אין ראָזאַריאָ, אין מאָנאַט אָקטאָבער, און עס איז נאַטירלעך אַז די באַטרעפנדיקע קהילות וועלן אים קרעפטיק שטיצן.

„לעצטנס באַמערקט מען אויך דאָס אויפקומען פון גרופּעס אָן אַ ציוניסטישער באַפאַרבונג אָדער דעפיניציע, פון רעליגיעזע אָדער קולטורעלע גרופּעס, אָדער סתם סאָציאַלע. דאָס זיינען עלעמענטן וואָס זיינען עלול זיך צו דערנענטערן צום יידישן לעבן און זיך דורכדרינגען מיט אונדזער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מדינת־ישראל, אויב מען וועט זיי נאָר ריכטיק אָריענטירן.

„אָבער עס איז פאַראַן עפּעס וואָס עס דאַרפן געדענקען יענע וואָס פּרעטענדירן צו דעראָבערן דעם גוטן ווילן פון דער יוגנט און זי צו אָריענטירן און דהיינו: מען דאַרף זיי שטענדיק זאָגן דעם אמת און מען דאַרף זיי איבערצייגן מיטן גוטן ביישפּיל. וואָס די יוגנטלעכע זיינען קיינמאָל נישט מוחל איז, מען זאָל זיי אָפּנאַרן, אָדער ליגן זאָגן״.

## ז. וואַסערצוג

# אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָגן פון די קהילות

„כדי אויסצומיידן די אַלע פּראָגן און שוועריקייטן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער אָרגאַניזאַציאָנעלער זייט פון די קהילות, וואָלט איך געמאַכט אַ פאָרשלאַג: אַז אַלע קליינע און מיטעלע קהילות וואָס מיר האָבן אין דער פּראָווינץ, זאָלן דערהייבן ווערן צו דער מדרגה פון דער קהילה אין בוענאָס־איירעס.

„דער פאָרשלאַג איז זיכער אַ גוטער, עס איז נאָר שווער דאָס דורכצופירן אין דער פּראַקטיק. אַלנפאַלס, איז עס אונדזער שטרעבונג, אונדזער ציל. וואָס טוט מען אָבער ביז מען דערגרייכט דעם דאָזיקן ציל?

„די קהילה פון בוענאָס־איירעס, אין דעם מצב ווי זי געפינט זיך היינט צו טאָג, איז אַ פּראָדוקט, ווי מיר אַלע ווייסן — פון העכער אַ האַלבן־יאָרהונדערט אַרבעט, פלייס, מי פון אירע עסקנים, זוכן, עקספּערימענטן, קאַמפן און בלאָנדזשענישן.

„די קהילה פון בוענאָס־איירעס וואָס איז מיט איר אָרגאַניזאַציע, מיט איר דעמאָקראַטישן כאַראַקטער און מיט איר אינהאַלט וואָס שליסט איין אַלע שטחים פון יידישן לעבן — אַ מוסטער און אַן אוניקום אין דער גאַנצער יידישער וועלט, איז דער פאָלקס־שעפערישער פּראָדוקט פון עטלעכע דורות יידן, וועמענס זאָרג איז געווען ממשיך צו זיין דאָס יידישע לעבן אין די נייע היימען אויפן קאָנטינענט.

„ס׳איז מער נישט ווי נאַטירלעך אַז די קהילות אונדזערע אין דער פּראָווינץ זאָלן אָנטרעפן

אויף שטרויכלונגען, שוועריקייטן אויפן וועג פון זייער עוואָלוציאָנעלער אַנטוויקלונג, אין דער נערעכטער שטרעבונג פון די עסקנים אַוועקצושטעלן די קהילה אינעם צענטער פאַרן המשך פון אונדזער לעבן.

„שוועריקייטן, פּראָבלעמען, זיינען אַ סימן פון לעבן. יעדער לעבעדיקער אָרגאַניזם האָט זיך זיינע פּראָבלעמען. מען דאַרף זיך נאָר פאַר זיי נישט אָפּשרעקן. פאַר יעדער פּראָבלעם איז פאַראַן אַ פּאַסיקע לייזונג. אויב די לייזונג איז נישט מעגלעך שוין איצט, וועט זי מעגלעך זיין מאָרגן.

„וואָס שייך זאָרגן, פּראָבלעמען, צרות — קענען מיר אַ סך לערנען פון אונדזערע אַמאָליקע קהילות מיט הונדערטער יאָרן צוריק, אין די צייטן פון פינצטערן מיטלאַלטער און אויך אין שפּעטערדיקע תקופות.

„אונדזער קהילה, ווי אַן אוראַלטע יידישע אינסטיטוציע, וואָס האָט פאַרטראָטן דעם יידן זיין מלוכהשע זעלבסטשטענדיקייט און איז געווען פאַר אים אַ גייסטיקער פאַנצער, האָט אָנגעקליבן אַן אומגעהויער רייכע דערפאַרונג, פון וועלכער מיר קענען און דאַרפן לערנען — לעקציעס פון יידישן מוט, יידישן שטאָלץ און מסירת־נפש.

די דעלעגאַטן וואָס קומען אין שטאָט אַריין ברענגען מיט זיך שווערע זאָרגן, ערנסטע פּראָבלעמען אין דעם קאַמף פאַרן אויפהאַלט פון יידישקייט אין יענע ווייטע ישובים. די עסקנים דאַרפן אָבער וויסן און געדענקען אַז אויך די אַמאָליקע קהילות האָבן געהאַט שווערע זאָרגן אויף זיך, זאָרגן, וואָס האָבן מיט זייער ערנסט און די סכנות וואָס זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט, ווייט, ווייט אַריבערגעשטיגן די זאָרגן וואָס מיר האָבן היינט פאַר זיך.

„די עסקנים דאַרפן געדענקען אַז דער אויפהאַלט, דער קיום פון יידישקייט האָט שטענדיק געפאָדערט קרבנות און איז אָפטמאָל געווען פאַרבונדן מיט קאַמף און מסירת־נפש.

„די פּראָבלעמען פון די אַמאָליקע קהילות אונדזערע זיינען געקומען פון דרויסן, מצד די שכנים, מצד די רעגירער, אין דער פאָרעם פון כלערליי נגישות, גזירות, באַשרענקונגען און פאָדערונגען. אינערלעך אָבער זיינען די קהילות געווען גאַנץ, גוט־אָרגאַניזירט, מיט אַ הויכער־נאַציאָנאַלער דיסציפּלין און פעסטער מאָראַל.

„דערפאַר זיינען אונדזערע היינטיקע קהילות ברוך־השם פריי פון דער שרעק, פון די סכנות וואָס קענען קומען פון דרויסן, מצד דער אָנפירנדיקער מאַכט. און לאָמיר טאַקע ביי דער געלעגנהייט באַטאָנען די אומגעהויערע טאָלעראַנץ, פולשטענדיקע פרייהייט און ברייטהאַרציקע פאַרשטענדעניש, וועלכע אונדזערע קהילות טרעפן אָן ביי די נאַציאָנאַלע, פּראָווינציעלע אָדער מוניציפּאַלע באַהערדן, ביים אויספירן זייערע פונקציעס.

„די הויפּט־פּראָבלעמען פון אונדזער קהילה־לעבן היינט צו טאָג קומען פון דעם אינערלעכן פראָנט. עס האָט אויפגעהערט די פערזענלעכע אחריות פון דעם יידישן יחיד פאַר קיום־האומה. עס זיינען לויז געוואָרן די רעליגיעזע פליכטן וועלכע פלעגן אַמאָל האַלטן דיסציפּלינירט דעם יידן ביי זיין יעדן טראָט. דער יונגער דור וואַקסט אויס אין אַ סביבה און אין אַ היים וואָס איז אויסגעליידיקט פון יידישער טראַדיציע און פון יידישן שטייגער.

„בשעת די פּראָבלעמען פון די אַמאָליקע קהילות אין מיטלעלטער האָבן געשטעלט אין סכנה די פיזישע עקזיסטענץ פון די יידן, באַדראָען די היינטיקע פּראָבלעמען נישט די פיזישע, נאָר דעם גייסטיקן קיום אונדזערן אַלס יידן.

„און ס'איז פון יעדן שטאַנדפּונקט כדאי צו כאַפּן אַ בליק אויף די אַמאָליקע יידישע קהילות אונדזערע. פון זיי קענען מיר אַ סך לערנען און שעפּן דערמוטיקונג, אינספּיראַציע אין אונדזער היינטיקן קאַמף פאַר קיום היהדות.

„אוודאי איז שווער היינט צו זיין דער ראש־הקהל פון אַ צאַנקענדיקער קהילה, צו שטיין בראש פון אַ לויזער עדה, פאַר וועלכער ער קען גאָרנישט טאָן. דאָס איז פאַרבונדן מיט אַ שיוערן עול און מיט מאָראַלישע פּיין. דאָס איז אָבער גאָר קיין פאַרגלייך נישט מיט די פּראָבלעמען און סכנות פאַר וועלכע עס זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן די אַמאָליקע ראשי הקהל

אין שפּאַניע, איטאַליע, דייטשלאַנד, פראַנקרייך און אין אַלע אַנדערע ישובים פון דער אַמאָ־ליקער אייראָפּע.

„די קעניגן און אַלערליי פירשטן האָבן זיי תמיד שאַנטאַזשירט און טעראָריזירט דורך געלט־פאָדערונגען און עקסטראַ־אָפּצאָלן און קאָנטריבוציעס. אין פאַל פון ריטועלע בילבולים פלעגט מען זיי די ערשטע אַריינשליידערן אין די תפיסות, אינקוויזיטאָריש פּייניקן. אָפטמאָל האָבן זיי באַצאָלט מיט זייערע לעבנס פאַר די כלומרשטע חטאים פון די קהילות און זיי זיי־נען אומגעקומען על־קידוש־השם אויף די שייטערהויפנס.

„אַחוץ די כסדרדיקע שרעק פאַר בילבולים און פּאָגראָמען, איז געווען אַ גרויסע צרה פאַר די קהילות דאָס דאַרפן צאָלן דעם קעניג הויכע שטייערן. יידן האָבן באַזונדער געמוזט צאָלן פאַר דעם שוץ וואָס זיי האָבן באַקומען ביים קעניג. זיי האָבן זיך גאָרנישט געקענט אויסצאָלן פאַר דעם דאָזיקן חסד.

„פון די קעניגלעכע אַקטן פון אַראַגאָניע, שפּאַניע, ווערט מען געוווירר, אַז אין יאָר 1285 האָבן יידן געצאָלט דעם קעניג פּעדראָ דעם ווטן אַ שטייער פון 12 מיט אַ האַלבן פּראָצענט פון די הכנסות פון קאַפּיטאַל, פון גיטער און פון כלערליי פאַרדינסטן.

פון די אָפּצאָלן זיינען די קהילות אַזוי פאַראָרעמט געוואָרן, אַז זיי זיינען געווען געצוווּנגען צו לייען געלט ביי קריסטן אויף גרויסע פּראָצענטן. דער באַרצעלאָנער רב, רשב״א, האָט אין יענער צייט געשריבן, אַז אָפט איז די גערעטעניש פון די בעסטע פעלדער נישט גענוג אויף צו באַצאָלן די שטייערן דעם קעניג.

„רייכע יידן וואָס האָבן געהאַט אַ צד ביי די הויפן פון די קיסרים אָדער פון די פעאָדאַלע פירשטן, פלעגן אויספועלן אַז מען זאָל זיי באַפרייען פון צאָלן שטייערן, און מחמת דעם איז די שוועריקייט פון די שטייערן געפאַלן אויף דער אָרעמער מאַסע. דאָס איז געווען אַ שווערע פּראָבלעם פאַר די קהילות. די צוזאַמענפאָרן פון די רבנים האָבן זיך באַשעפטיקט מיט די האַרבע פראַגן.

„אין דעם באַרצעלאָנער אַרכיוו זיינען פאַרבליבן צוויי טויזנט קעניגלעכע אַקטן וואָס האָבן אַ שייכות צו יידן, אין דעם אָפּשניט פון 15 יאָר נאָר. דער קעניג האַלט אין איין קאָרעספּאָנדירן וועגן יידן אָדער מיט די יידישע קהילות פון צענדליקער שטעט אָדער מיט אָרטיקע אָרגאַנען מכוח יידן. דעם גרעסטן אָרט אין די אַקטן פאַרנעמען חשבונות צווישן דעם קעניג און די קהילות וועגן שטייערן אָדער אַנדערע געלט־געשעפטן, פאָדערונגען פון אַוואַנסן על חשבון פון קומענדיקע אָפּצאָלן, אָדער מעלדונגען וועגן אויסערגעוויינטלעכע אָפּצאָלן.

„די יידישע קהילות אונטער זייער שוץ זיינען געווען מעלקעדיקע קי פאַר די מלכים פון אַראַגאָניע און קאַסטיליע. זיי האָבן געבויט זייער מלוכה־בודזשעט דער עיקר אויף די הכנסות פון די יידן.

„און נאָך ערגער איז געווען וואָס דער קעניג מישט זיך אָפט אַריין אין די אינעווייניקסטע ענינים פון די קהילות. ער נעמט אויף זיך די ראָלע פון אַ בורר אין סיכסוכים צווישן צוויי קהילות אָדער צווישן אַ קהילה־פאַרוואַלטונג און פּריוואַטע מענטשן. אין זייער געלט־גייציקייט בכדי אויסצופּרעסן וואָס מער געלט פון די קהילות, גייען די קעניגן אַזוי ווייט, אַז זיי שטעלן זיך אָפט איין פאַר יידישע דינים.

„דאָס כסדרדיקע אַריינמישן זיך פון קעניג אין די אינערלעכע קהילה־ענינים, איז געוואָרן אַן אמתע צרה און האָט פאַרשאַפט די פּרנסי הקהל גרויסע זאָרגן.

„אַוודאי האָבן אונדזערע קהילות עקאָנאָמישע זאָרגן, פינאַנציעלע שוועריקייטן. אָבער ווי קליין און נישטיק עס זיינען די זאָרגן אין פאַרגלייך מיט די פאָדערונגען און צודרינגלעכקייט פון די קעניגן, וועלכע האָבן געזויגן פון די קהילות ווי די פּיאַווקעס, ביז צום לעצטן ביסל חיות.

„אַבי די קהילות אונדזערע פאַרדריסט וואָס דער וועד־הקהילות שיקט זיי אַריין פון צייט צו צייט אַ בריוול און דערמאָנט זיי וועגן די הינטערשטעליקע צאָלונגען. אמת, די עסקנים

מאַכן זיך נישט קיין וועזן פון אַזעלכע בריוולעך און זיי צאָלן נישט דאָס וואָס זיי דאַרפן צאָלן דעם וועד־הקהילות, אָבער ווי בליין, ווי אומשולדיק דאָס קוקט אויס מיט יענע פּאָדערונגען און די קאָנטריבוציעס וואָס די קעניגן פלעגן אַרויפלייגן אויף די קהילות.

„ווען עס איז געווען אַ מחלוקת אין די קהילות, און דאָס האָט ב״ה קיינמאָל נישט געפעלט — פלעגט טרעפן אַז דער שוואַכערער צד האָט געזוכט אַן אונטערשטיצונג ביי דער אָרטיקער קריסטלעכער מאַכט. דאָס איז געווען אַן אַקט פון מסירה, וואָס האָט פאַרשאַפן די קהילות גרויסע צרות.

„איינמאָל האָט געטראָפן אַז דער קעלנער אַרציבישאָף האָט געוואָלט באַשטעטיקן זיין קאַנדידאַט פאַר אַ חזן אין אַ שיל. נאָר דער חזן גופא, אַ ייד מיט מוט האָט זיך געווענדעט צו



דער קבלת־פנים באַנקעט לכבוד אַמבאַסאַדאָר יוסף אבידר. (1960).

דעם אַרציבישאָף און אים געזאָגט: איך וועל פון דיר נישט אָננעמען קיין דערלויבעניש אויף דער עבודת־הבורא.

„געווען פאַלן, ווען די רעגירונגען האָבן באַשטימט און געוואָלט אימפּאָנירן זייערע רבנים. דאָ אָבער האָבן די קהילות באַוויזן זייער נאַציאָנאַלע דיסציפּלין, און די פון אויבן־באַשטימטע רבנים זיינען אינגאַנצן נישט געוואָרן געוואָרן אין אַכט. קיינער האָט זיי נישט געפאָלגט און קיינער איז נישט געקומען צו זייערע דרשות וואָס זיי האָבן געהאַלטן. דערפאַר אָבער, איז פאַר זיי געווען הייליק יעדעס וואָרט פון די גייסטיקע פירערס וואָס זיי אַליין האָבן זיך אויסגעקליבן.

„אַ צרה און אַ געפאַר זיינען אַמאָל געווען פאַר די קהילות די כסדרדיקע טענות פון די גלחים און בישאָפן קעגן דער תורה פון יהדות. זיי פלעגן פּראָוואָצירן און אַרויסרופן די קהילות אויף עפנטלעכע וויכוחים.

„אַ באַזונדער שווער קאַפּיטל פאַר די קהילות זיינען געווען די משומדים. זיי זיינען אַרויס־געקומען מיט מסירות אַז יידן זאָלן כלומרשט אין זייערע תפילות שענדן דעם קריסטלעכן גלויבן. דאָס פאַרטיידיקן זיך קעגן אַזעלכע בילבולים האָט געפאָדערט אַ סך טאַקט, אינטעליגענץ און אַ סך יידישן וויסן.

„אַ סך פון די ראשי הקהילה האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס פאַר אַזעלכע בילבולים. ס'איז אונדז גוט באַקאַנט דער וויכוח וואָס דער פּראַגער רב רבי יום־טוב ליפּמאַן מילהויזן, האָט געהאַט מיטן משומד פסח־פּעטרוס אין יאָר 1399, און פון וועלכן ער איז אַרויסגעקומען בשלום. דריי אָבער פון די אַרעסטירטע יידן פון זיין קהילה איבער דעם בילבול, זיינען פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטערהויפן.

„אונדזערע קהילות היינט האָבן פאַר זיך די ערנסטע פּראָבלעם פון געמישטע מישפּחות, פאַלן ווען קריסטלעכע פרויען וואָס זיינען פאַרהייראַט מיט יידישע מענער און זיי זיינען געוואָרן טועדנס פון „וויצאָ" און זיי מאָנען פאַרן פאַראייניקטן קאַמפּיין. דאָס איז די פּראָבלעם פון געמישטע מישפּחות וואָס וואַרטן אַז זייער סיטואַציע, זייער געפינען זיך אויפן קיינעמס לאַנד, צווישן ייד און גוי, זאָל דעפיניטיוו רעגולירט ווערן. אַזעלכע צרות אָבער פון משומדים וואָס האָבן געבראַכט אומגליקן אויף גאַנצע קהילות — גאָט צו דאַנקען ווייסן מיר היינט נישט דערפון.

„די אַמאָליקע קהילה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט זייער אַ קאָמפּליצירטע אינסטיטוציע, ממש אַ מלוכהשע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט רעגולירט דאָס גאַנצע לעבן פונעם יידן. די קהילה האָט רעגולירט דעם יידנס לעבן דורך רעליגיעזע פליכטן, דינים, תקנות און מנהגים — פון וויגל ביז צום קבר. און אַלע פאַרשריפטן, אַלע תקנות האָבן געצילט צו איין איינציקן פּונקט: צו קענען לעבן, קענען אויפהאַלטן דעם קיום אין אַ ים פון שנאה, סכנות און גזירות.

אונדזערע היינטיקע קהילות זיינען פּאַקטיש מער נישט ווי אַן עכאָ פון יענע אַמאָליקע קהילות. עס מאַכט דעם איינדרוק אַז די פאַרשטייער פון אונדזערע קהילות, אָנשטאָט טראָגן אויף זיך דעם שווערן עול און פליכטן פאַר דעם יידישן לעבן — וואַרטן זיי און האָפן אַז דאָרט, אין דער וויטער בוענאָס־איירעס וועט מען לייזן זייערע פּראָבלעמען. מיר לעבן היינט אין פרייע ציטן, מען האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַלע רעליגיעזע פליכטן און אַפילו די אָנגעהעריקייט צו דער קהילה איז אַ פרייע זאַך פאַר דעם יידן.

„כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ כיוון אויספירלעכער און געצויגן אַ פּאַראַלעל מיט די אַמאָליקע קהילות כדי צו באַווייזן אַז ווי שווער די פּראָבלעמען זאָלן נישט זיין איז מעגלעך צו געפינען פאַר זיי לייזונגען אין דער ראַם פון דער קהילה, וואָס מיינט אינעם גייסט פון אונדזער ציבור און אונדזערע כלל־אינטערעסן.

„ס'איז דאָ אַן אַלט־יידיש פאָלקס־וואָרט וואָס זאָגט: נישטאָ קיין אָרעם קהל. און פּאַראַפראַזירנדיק מען מען זאָגן: נישטאָ קיין אוממעגלעכעס פאַר קהל. די קהילה האָט אַלע מעגלעכקייטן צו געפינען אַ לייזונג פאַר אירע פּראָבלעמען, ווי שווער זיי זאָלן זיך אונדז נישט אויסווייזן.

„אָבער מיט איין באַדינג: די קהילה דאַרף זיין אַ קהילה אין דעם פולן זין פון דעם באַגריף. און די עסקנים אירע דאַרפן האָבן דעם נייטיקן באַוווסטזיין וועגן דער הויכער שליחות וואָס זיי דאַרפן דורכפירן.

„אַ גוט־אָרגאַניזירטע קהילה מיט די ברייטע פונקציעס פאַר דעם גאַנצן יידישן לעבן, טראָגט שוין ממילא אין זיך די מעגלעכע לייזונגען. די קהילה אַליין אין אַ גרויסער מאָס שוין די לייזונג.

„און דערפאַר זיינען די לעצטע יאָרן געמאַכט געוואָרן מצד דעם וועד הקהילות ערנסטע באַמיונגען צו הייבן דעם פּרעסטיזש פון דער קהילה און שטאַרקן איר מאָראַליש־סאָציאַלער פּאָזיציע.

„וואָס שייך די קהילות אונדזערע אין דער פּראָווינץ, איז די לאַגע אַזאַ: פון די 120 קהילות

וואָס זיינען היינט צו טאָג איינגעשלאָסן אין וועד הקהילות, איז פאַראַן אפשר אַ מנין צווישן זיי, וועלכע פאַרדינען און זיינען ראוי צו טראָגן דעם אַלט־ייִדישן יחוס־נאָמען — קהילה.

„דעריבער האָבן מיר זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרוואַנדלען די אַלע פאַראיינען, אַסאָציאַציעס, צענטערס, חברה־קדישאס — טאַקע אין אמתע קהילות, אַז זיי זאָלן ווערט זיין צו טראָגן דעם דאָזיקן נאָמען וואָס איז מחייב צו מעשים.

„איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון אונדזערע רייזנדע אינספּעקטאָרן איז אַוועקצושטעלן די פראַגע אויפן סדר־היום פון יעדן ישוב, אָנרעגן צו פאַראייניקן די כוחות און שאַפן די קהילה, אַז זי זאָל ווירקלעך זיין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער שעפערישער אויסדרוק פון יעדן ישוב. ווי גרויס אָדער קליין ער זאָל נישט זיין.

„ס'איז אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ יורידישע קאָמיסיע ביים וועד־הקהילות, וואָס זאָל שטיין צו דינסט צו הילף דער טראַנספאָרמאַציע און יורידיש אָריענטירן די עסקנים אין די אַלע ענינים, און דער עיקר ביים דעפינירן די אויפגאַבעס און פונקציעס פון דער קהילה.

„אין איניקע שטעט האָבן מיר דערגרייכט, אַז די פראַגע פון דער קהילה איז געשטעלט געוואָרן אויפן סדר־היום און איז דעבאַטירט געוואָרן מיט גרויס אינטערעס. עס זיינען פאַרגעקומען פאַרזאַמלונגען מיט דער באַטייליקונג פון די פאַראינטערעסירטע לאָקאַלע אינסטיטוציעס. עס זיינען געשריבן געוואָרן פּראָטאָקאָלן, אין וועלכע עס איז געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק אַלעמענס איינשטימיקייט אַז די קהילה זאָל געשאַפן ווערן.

„און דאָך זיינען אויפגעשווומען שוועריקייטן, שטרויכלונגען וואָס האָבן נישט דערלאָזט עס זאָל רעאַליזירט ווערן די שאַפונג פון דער קהילה. די הויפּט־שולדיקע זיינען די פּאַטריאָטן פון די אינסטיטוציעס, וועלכע וואָלטן געדאַרפט אויפלייזן זייער עקזיסטענץ און אָפּטרעטן דאָס אָרט פאַר דער קהילה. זיי, די פּאַטריאָטן, די בויערס פון די אינסטיטוציעס, מיט אומצוויופלהאַפטע פאַרדינסטן פאַר דעם לאָקאַלן ייִדישן לעבן, ווילן נישט רעזיגנירן פון זייערע פּאָזיציעס. זיי שרעקן זיך פאַר דעם איבערגאַנג, וואָס וואָלט געקאָנט זיין אַ ברכה פאַר די ישובים.

„דאַרף מען זאָגן, אַז מיר באַטראַכטן נישט די דאָזיקע איניציאַטיוו פאַר אַ דורכפאַל. חלילה וחס! די געוואָרפענע לאָזונג, אַפילו ווען זי טרעפט אָן אויף מאָמענטאַנע אומפאַרשטענדענישן און שטרויכלונגען, וועט דאָך מיט דער צייט שלאָגן וואָרצלען און וועט באַווייזן צו עפענען זיך אַ וועג צום באַוווסטזיין פון אונדזערע עסקנים. אַ דאַנק אונדזער אַקטואַציע איז אַ סך רייפער געוואָרן דער געדאַנק וועגן דער אימפּאָרטאַנץ פון דער קהילה, ווי אַ פּאַסיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרעם אויפצוהאַלטן דאָס ייִדישע לעבן אין די פּראָווינץ־ישובים.

„אגב, דער פּריווילעגירטער כאַראַקטער פון די קהילות, דערציילט וועגן דעם הויכן באַוווסטזיין פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, וועלכע וויל זיין אָנגעשלאָסן אין דער אינסטיטוציע וואָס טראָגט אויף זיך דעם אַלטן חותם פון דעם אָרגאַניזירטן ייִדישן כלל־לעבן.

„מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז די קהילות אין דער פּראָווינץ — די וואָס זיינען עס יאָ — קומט אויס אָנצופירן זייער אַקטיוויטעט אין אַן אַרומיקן מדבר פון נאַכלעסיקייט, פרעמדקייט און אַפּאַטיע; אין אַ סביבה ווו די אַסימילאַציע איז אַ דראָענדיקער כוח, ווייט פון אַ גרויסן ייִדישן צענטער, אויסגעליידיקט פון דער ייִדישער אינטעליגענץ און אינטעלעקטועלע כוחות.

„אין אַזעלכע אומשטענדן איז נייטיק, אַז די עסקנים פון יענע קהילות זאָלן זיין באַוואָפנט מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט וויל, מיט עקשנות, אויסדויער און מיט אַ טיפן באַוווסטזיין און גלויבן וועגן דער וויכטיקער און נויטווענדיקייט פון זייער אַרבעט.

„אַוודאי איז נישט גרינג צו טראָגן טאָג־טעגלעך דעם שווערן עול פאַר אונדזער לעבן, אין אַ גרויסן ייִדישן צענטער, אָבער זיבן מאָל שווערער נאָך איז דער עול אין די קלענערע ישובים — דאָרט איבער דער ווייטער פּראָווינץ, אָפּגעריסן, פאַרלאָזן און פאַרגעסן פון דער ייִדישער וועלט.

„וואָס קלענער דער ישוב, — אַלץ גרעסער זיינען די גייסטיקע נויטן, אַלץ שווערער די אַפּאַטיע און פאַרצערנדיקער דער עלנט וואָס קוקט אַרויס פון יעדן ווינקעלע.

„וואָס שייך אונדזער אויפגאַבע אַוועקצושטעלן די קהילה אינעם צענטער פון יידישער אַקטיוויטעט און לעבן, דאַרף זיין אונדזער שטאַנדפּונקט, אויב דאָס איז שווער צו דערגרייכן אָרגאַניזאַציאָנעל, דאַרף מען צו דעם צוקומען — פונקציאָנעל, בהדרגהדיק. מעג די קהילה ווייטער הייסן חברה קדישא, סענטראָ, צי אוניאָן — אויב זי טראָגט נאָר דעם עול און די פליכטן פאַר דעם יידישן לאָקאַלן לעבן, איז זי די פּראַקטישע קהילה, די אָרגאַניזאַציאָנעלע אייסבעסערונגען וועלן מיט דער צייט קומען. פיל וויכטיקער פון דעם נאָמען איז דאָך דער אינהאַלט פון דער קהילה.

„און דערפאַר האַלטן מיר כסדר אין סוגערירן די קליינע כמו־קהילה־אינסטיטוציעס זיי זאָלן אויסברייטערן זייערע פונקציעס און בהדרגהדיק נעמען אויף זיך דעם עול פאַר דעם לאָקאַלן יידישן לעבן. פאַר אַלעם סטימולירן מיר די עסקנים איבערצונעמען די אויפזיכט איבער דער הויפּט־וויכטיקער אַקטיוויטעט, וואָס איז דער חינוך פון יונגן דור — די יידישע שול.

„געוועזן פאַלן פון מחלוקת אין ישובים צווישן דעם צד וואָס האָט אויסגעהאַלטן די יידישע שול מיטן צד פון די עסקנים אַרום דער קהילה. הגם, מיר האָבן אויסגעמיטן צו שטעלן זיך אויף דער זייט פון איינעם פון די צדדים, האָבן מיר אָבער באַרעכטיקט די פאָדערונג פון דער קהילה צו נעמען אונטער איר אפּוטרופסות דעם יידישן חינוך.

״און דאָס איז די דערשיינונג וואָס מען טרעפט אין אונדזערע מערסטע פּראָווינץ־ישובים, וועלכע ציילן נאָר עטלעכע צענדליק יידישע משפּחות. די עקזיסטירנדיקע חברה־קדישא אָדער סענטראָ, איז טאַקע נישט קיין קהילה לויט אונדזערע באַגריפן וואָס אַ קהילה דאַרף זיין, זי איז דאָס אָבער יאָ לויט די פונקציעס אירע. אויב זי טראָגט אויף זיך די זאָרגן פאַר דעם לאָקאַלן יידישן לעבן, אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס — פאַרדינט זי צו טראָגן דעם אַלט־יחוסדיקן נאָמען קהילה.

„די חברה קדישא אָדער וואָסער אַנדערן נאָמען זי טראָגט — זאָל מען זי רופן כמו־קהילה — איז זי אָבער דער אַדרעס און די היים פון דעם ביסל צאַנקנדיקן יידישקייט. זי איז דער אַדרעס פאַר דער „מגבית״, פאַר דעם צוגעפאָרענעם רעדנער און פאַר דעם יידישן אַקטיאָר, וואָס פאַרבלאָנדזשעט אַמאָל אַהין אין יענע ווייטע, פאַרוואָרפענע, בלאָטיקע מקומות.

„און דערפאַר איז פאַראַן ביי די דאָזיקע נישט דערבאַקענע קהילות — אַ פאַרדרוס און הערשנדער אַנטאַגאָניזם צווישן דער לאָקאַלער קהילה און דער פיליאַל פון דער דאַיאַ.ביידע פּרעטענדירן זיי צו רעדן אין נאָמען פון ישוב.

„צי אָבער זיינען די עסקנים פון דער קהילה נישט גערעכט מיט זייער פאָדערונג, אַז דער וואָס טראָגט די פליכטן פאַר דעם יידישן לעבן אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר — דער איז אויך באַרעכטיקט צו רעדן אין נאָמען פון דעם לאָקאַלן ישוב?

„אין דער ערגסטער לאַגע זיינען די גאָר קליינע פונקטן, ווו עס לעבן געציילטע יידישע מישפּחות. אַזעלכע פונקטן זיינען פאַראַן אין די צענדליקער, צעוואָרפענע איבער דער ריזיקער לענג און ברייט פון דער רעפּובליק.

„די דאָזיקע יידן זיינען צווישן די עלנטע פּראָווינץ־יידן די סאַמע עלנטסטע. וואָס קענען מיר טאָן פאַר יענע פאַרגעסענע יידן — דער אמת פאַרגעסענער שבט — צו וועלכע עס פאַרבלאָנדזשעט זעלטן אַהין די שטים פון אונדזער ישוב?

זיי ווערן דאָרט פאַרגרעבט און זייערע קינדער פאַרפרעמדט.

„אויב אין די אַנדערע קליינע ישובים פון דער פּראָווינץ האַלט נאָך אָן דער יידישער פונק זיין פייער, וואָס איז מעגלעך נאָך אויפצולעבן, אויפצובלאָזן, איז דער פונק אין די עלנטע ישובים פאַרדעקט מיט אַ דיקער שיכט פון אַש און ער לעשט זיך אויס, אויב ער איז שוין נישט פאַרלאָשן אינגאַנצן.

„וואָס קאָנען מיר דאָך טאָן פאַר די דאָזיקע פאַרגעסענע אַרענדאַרן אונדזערע? עס וואָלט געזיען אַ זינד פון דעם ייִדיש־נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט אינגאַנצן זיי צו פאַרגעסן אָדער זיך מייאש זיין פון זיי.

„קודם־כל וואָלט מען געדאַרפט אונטערנעמען אַן אַקציע אויף אָפּצוראַטעווען זייערע קינ־דער און יוגנטלעכע. אויב די מישפּחות מוזן שוין דאָרט בלייבן, דאַרף מען לכל־הפּחות זעען צו ראַטעווען זייערע קינדער. דאָס איז אַן אמתע הצלת נפשות.

„די ראַיאָן־קאָמיטעטן אונדזערע האָבן אין די צעשפּרייטע ייִדישע מישפּחות אַ דאַנקבאַר פעלד פאַר אַקטיוויטעט. פאָרט אַמאָל אַרויס צו זיי, אָדער פאַרבעט זיי צו זיך. דאָס אַנהאַלטן בלויז אַ קאָנטאַקט מיט די פאַרוואָרפענע ייִדן וועט זיין פאַר זיי אַ געשעעניש. אייער אויסגע־שטרעקטע ברידערלעכע האַנט וועט זיין אַ סטימול אין זייער עלנט.

„מיר ווייזט אויס, אַז עס וואָלט נייטיק געווען צו סטימולירן די איינצלנע ייִדישע מישפּ־חות זיי זאָלן עוואַקוירן די איינזאַמע וווין־ערטער און זיך באַזעצן אין ישובים מיט אַ גרעסע־רער ייִדישער באַפעלקערונג. דערמיט וואָלטן זיי אויסגעלייזט געוואָרן פון זייער איינזאַמקייט און וואָלטן אויך אָפּגעראַטעוועט זייערע קינדער.

„פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ עוואַקואַציע איז נישט גאָר גרינג דורכצופירן. דאָס איז פאַר־בונדן מיט עקאָנאָמישע אינטערעסן, מיט איינגעוואָרצלטע פּרנסות. ווייסן מיר אָבער, אַז עס גייט אַן אַזאַ עקסאָדוס. עס האַלט אַן אַ וואַנדערונג־שטראָם מצד דער ייִדישער באַפעלקערונג וואָס ווייזט אַרויס די טענדענץ צו באַזעצן זיך אין גרעסערע ישובים, בכדי צו לעבן צווישן ייִדן.

„אונדזער אויפגאַבע וואָלט נאָר געווען צו סטימולירן און צואיילן דעם עוואַקואַציע־פּראָ־צעס פון די קליינע ישובים.

„ס׳איז אַ שווערע אויפגאַבע? — זיכער איז עס נישט גרינג. דער פּראָצעס אָבער פון קיבוץ גלויות איז נאָך טויזנט מאָל שווערער און קאָמפּליצירטער, און דאָך שטעלט מען זיך נישט אָפּ דורכצופירן אַזאַ סכנותדיקע אויפגאַבע.

„אין שייכות מיט יענע ייִדן וואָס בלייבן פאַרדאַרטע צווייגן פון אונדזער שטאַם, ווילט זיך דאָ ציטירן איין שטעל נאָר פון דער צוואה וואָס דער רב ר׳ אליעזר הלוי, רב פון דער קהילה אין מיינץ אין 16טן יאָרהונדערט, האָט איבערגעלאָזט צו זיינע קינדער. צווישן פיל אַנדערע עצות און רעקאָמענדאַציעס, שרייבט ער אויך אין זיין צוואה אָט־די ווערטער:

„«...זאָלן מיינע זין און מיינע טעכטער זיך פלייסן צו וווינען אין אַ שטאָט, ווו עס איז פאַראַן אַ ייִדישע קהילה, בכדי זייערע קינדער זאָלן איבערנעמען ייִדישע מנהגים. זאָלן זיי מיט זייערע קינדער לערנען תורה, אַפילו ווען זיי זאָלן צוליב דעם מוזן אַרומגיין איבער די הייזער נאָך נדבות».

„אָט אַזוי הויך האָבן אונדזערע אַמאָליקע ייִדן געהאַלטן די זאָרג פאַר זייערע קינדער, פאַר דער ייִדישקייט פון די קומענדיקע דורות, אַז עס איז צוליב דעם כדאי צו גיין איבער די הייזער און קלייבן נדבות.

„אָט אַזוי געוואַלדיק הויך האָבן ייִדן אַמאָל געשטעלט די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, די זאָרגן פאַר קיום־האומה איבער די אייגענע פּערזענלעכע קליינע ענינים.

„אַן אייביק ליכט שטראַלט אַרויס צו אונדז פון יענע ווייטע ייִדישע דורות. וויפל מיר האָבן פון זיי צו לערנען!״.



מ. יאַנופּסקי

# דער ספרדישער בײַטראַג צום קהילה־לעבן אין די תפוצות

„אַט־דער קאָנגרעס פונעם וועד־הקהילות וואָס ווערט אָפּגעהאַלטן אין דער צייט ווען עס ווערט דערמאָנט און געפייערט דער ערשטער יאָרהונדערט פונעם ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע, ווייזט אויס צו זיין דער דעפיניטיווער קריסטאַליזאַציע־פּונקט פון אונדזער געמיינדע אין אַט־דעם לאַנד. די אַנשטרענגונגען וואָס ווערן געמאַכט איינע נאָך דער אַנדערער מיטן צוועק זי צו אָרגאַניזירן לויט צוגעפּאַסטע פאָרמען, דאַרפן דערקלערט ווערן ווי צייכנס פון דער נטיה אויסצופורעמען דעפיניטיוו איר פיזיאָנאָמיע. בכדי אַט־דאָס צו דערגרייכן, נישט דאַרפנדיק שפּעטער אָנקומען צו אָפּהאַלטנדיקע רעקטיפיקאַציעס, איז נייטיק צו נעמען אין באַטראַכט, אַז צוויי היסטאָרישע שטראָמען פונעם טראַדיציאָנעלן ייִדנטום האָבן זיך גלייכצייטיק צענויפגעגאָסן אין דעם פלוס פונעם אַרגענטינער ייִדישן טייך, נעמענדיק אַ סאָציאָלאָגישן און קולטורעלן אָנטייל אין זיין אויספורעמונג. אַט־די שטראָמען פונעם ייִדנטום זיינען יענע וואָס ווערן היסטאָריש אָנגערופן כוללדיק ספרדים און אשכנזים. דער אשכנזישער שטראָם, וואָס איז אַלט העכער טויזנט יאָר, האָט זיך אויסגעבילדעט אין צענטראַל־ און מיזרח־אייראָפּע, הויפּטזאַכלעך ביי די טייכן ריין, דניעפּער, וואָלגאַ, ווייסל און ביים שוואַרצן ים. אַט־די ייִדן, וואָס האָבן אָנגענומען דייטש אַלס זייער טעגלעכע שפּראַך און וואָס האָבן זיך ביסלעכווייז צעשפּרייט, אין גרעסערע אָדער קלענערע באַפעלקערונג־מאַסן, אין יענע רחבות־דיקע געגנטן פונעם אַלטן קאָנטינענט, האָבן געשאַפן אַ רעליגיעזע קולטור אויף לשון־קודש און אויך אַ פאָלקס־קולטור אויף דער פריִער דערמאָנטער וועלטלעכער שפּראַך. פון אַט דעם מין איז אויך פאַרבליבן די רייכע ליטעראַטור אויף ייִדיש. צוליבן דרוק פון די היסטאָרישע באַדינגונגען, וועלכע זיינען געווען אין אַלגעמיין אומגינסטיק פאַר דער ציווילער און רעליגיעזער פרייהייט, האָט דאָס אשכנזישע ייִדנטום זיך אָפּגעזונדערט פונעם רעשט פון דער באַפעלקערונג, אַ זאַך וואָס עס האָט זיך קלאָר אָפּגעשפּיגלט אין זיינע גייסטיקע שאַפונגען. די קולטור פונעם אשכנזישן ייִדנטום איז געווען ביז צו דער עמאַנציפּאַציע, וואָס איז געווען אַ פועל־יוצא פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַן אויסשליסלעך ייִדישע קולטור.

„אַ גאַנץ אַנדער מזל האָט געהאַט דער ספרדישער שטראָם. עס ווערן אַזוי אָנגערופן די ייִדן, וועלכע זיינען לויט דער געשיכטע אָנגעקומען אויפן איבערישן האַלב־אינדזל, אין פאַרשיידענע עטאַפּן, אַרום דעם יאָר 300 פון דער געוויינטלעכער ציטרעכענונג, און זיינען דאָרט פאַרבליבן ביז צום 15טן יאָרהונדערט. ווען עס איז אויפגעקומען די אינקוויזיציע און עס איז פאָרגעקומען דער גירוש שפּאַניע. אַרום דעם 9טן יאָרהונדערט האָט אַט־דאָס ייִדנטום שוין געהאַט אַן אייגענע פיזיאָנאָמיע. אין משך פון פינף הונדערט יאָר האָט עס געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָלע אַ דאַנק זיינע הויכוויכטיקע אינטעלעקטועלע שאַפונגען און צוליב דעם איינפלוס וואָס עס האָט געהאַט אַלס קולטור־גרופּע, אויף דער אַנטוויקלונג פון אייראָפּע. אָנגעקומען אויף יענער ערד נאָך פאַר די וואַנדאַלן און וויזיגאָטן, זיינען זיי געווען טעטיק מיט די מוסולמענער, און אַן אַנדערש מאָל מיט די קריסטן, באַמיִענדיק זיך שטענדיק צו דינען אַלס קולטור־פאַרבינדונג צווישן דעם מזרח און דעם מערב, צווישן דער גריכיש־רוימישער ציוויליזאַציע און יענער נייער וואָס איז דעמאָלט אויפגעקומען אויפן האַלב־אינדזל, אונטער דעם שטאַרקן איינפלוס פון דער דאָפּלטער גייסטיקער ירושה, דער אייגענער מיטגעבראַכטער מיטן תנ״ך און תלמוד, און דער העלענישער, מיט וועלכער עס איז געווען דורכגעזאַפּט די מוזולמאַנישע

אינטעלעקטועלע עליט. האַבנדיק אַ בעסערן גורל פון זייערע אשכנזישע ברידער, האָבן די ספרדים געגאָסן פון בירגערלעכע רעכט און האָבן נישט געליטן פון קיין שום געזעצלעכע דיסקרימינאַציעס. זיי האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין הויפן פון די קאַליפן און דערנאָך אויך פון די קריסטלעכע קעניגן. ספרד (שפּאַניע), איז געוואָרן ווי עס פאַרזיכערט אַ היסטאָריקער, „די ערד וווּ עס האָבן זיך דערהויבן טראַנען אויך פאַר די יידן, איידער זיי זיינען פון דאָרטן אַרויסגעריסן געוואָרן דורך דער בייזקייט און דער שינאה". אָבער פון אָט־די כמעט טראַנען פאַר די יידן איז אויפגעקומען אַ נייַ ליכט פון יידישער קולטור, וועלכעס האָט געקענט לייכטן אינעם מערב אין משך פון לאַנגע יאָרהונדערטער. צווישן די אַרכיטעקטן פון אָט־דעם נייעם יידנטום דאַרפן דערמאָנט ווערן דער גרויסער חסדאי אבן שפרוט, קודם־כל, און שמואל הלוי הנגיד נאָך אים.

„אָט־די געמיינדע האָט זיך אָרגאַניזירט לויט כללים, וועלכע זיינען הפנים שפּעטער קאָפּירט געוואָרן אינטויטיוו דורך דער אַרגענטינער קהילה. די געמיינדע איז געווען אַן אומאָפּהענגיקע קערפּערשאַפט מיט יוריסדיקציע איבער אירע מיטגלידער. זי איז באַשטאַנען פון אַ ראַט, איינגעטיילט אין צוויי טיילן: איין טייל, אָדער מעמד, איז געבילדעט געוואָרן דורך זעקס מיטגלידער און דער צווייטער — באַראַטנדיקער טייל — איז באַשטאַנען פון דרייסיק מיטגלידער וועלכע האָבן געהייסן „די זקנים". אין בוענאָס־איירעס הייסן זיי היינט־צו־טאָג „די־רעקטיווער ראַט", און „קאָנסולטיווער ראַט". יענע געמיינדע האָט געהאַט אַ ספּעציעל הויז, וועלכעס איז געווען דער זיצפּלאַץ פונעם ראַט, פּונקט ווי עס פאַרמאָגט היינט אַזעלכעס, אונדזער קהילה אויף דער גאַס פּאַסטעור. ביי געוויסע געלעגנהייטן האָבן זיך די פאַרשיידענע דיסטריקט־ראַטן פאַרזאַמלט, בכדי צו שאַפן אַ גרעסערן אָרגאַניזם, מיט אַ יוריסדיקציע אין דעם גאַנצן דיסטריקט; עפּעס ענלעכס צו אונדזער אַרגענטינער וועד־הקהילות.

„אויסערדעם האָט פונקציאָנירט אַ ראַבינאַט, אָדער בית־דין, וועמענס פולמאַכטן זיינען נאַטירלעך געווען אַנדערע ווי פון ענלעכע אינסטיטוציעס היינט־צו־טאָג, נעמענדיק אין באַטראַכט די גאַנץ פאַרשיידענע היסטאָרישע באַדינגונגען. אין דער ספרדישער סינאַגאָגע פון לאָנדאָן, וועלכע איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אַלט געוואָרן 250 יאָר, ווערן קאָנסערווירט אייניקע אָרגאַנען פון סאָציאַלער הילף, וועלכע שטאַמען נאָך פון יענער גאָלדענער תקופה און וואָס זיינען זייער ענלעך צו די פונדאַמענטאַלע אינסטיטוציעס וואָס ווערן אויפגעהאַלטן פון אונדזערע קהילה אין אַרגענטינע. אויסער אָט־די קערפּערשאַפטן פאַר סאָציאַלער הילף, האָבן געגאָסן פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס זינט די צייטן פון אבן שפרוט און שמואל הנגיד די צעלעמענטאַרע און העכערע דערציִונג־אַנשטאַלטן. עס זיינען געווען באַרימט די שולעס פאַר יידישע לימודים אין קאָרדאָבאַ, גראַנאַדאַ און מאַלאַגאַ, אָבער דאָס וואָס איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַרן ספרדישן יידנטום, זיינען נישט אַזוי די גינציקע תנאים פאַרן אויפקום פון גרויסע שטודיר־צענטערן, נאָר דאָס וואָס אָט־די צענטערן האָבן געפונען די וועגן צו אַ גרעסערן אוניווערסאַליזם אין יידישן וויסן און זייערע לערנערס און געלערנטע האָבן געוווּסט ווי אַזוי צו געפינען די באַרירונג־פּונקטן צווישן דער יידישער וועלט־אַנשויונג און דער פילאָסאָפיע פון די גריכישע מייסטערס, קודם־כל פון פּלאַטאָן און אַריסטאָטעלעס. דער אַריסטאָטעלישער ראַציאָנאַליזם עפנט נייע האָריזאָנטן פאַר דער אויסטייטשונג פונעם תנ"ך און תלמוד און די פּלאַטאָנישע וויזיע פּראָיעקטירט זיך אויפן יידישן גייסטיקן פאַרמעגן, בכדי צו באַפרוכפּערן אײַנעם יידנטום די מיסטישע זריעות, וואָס געפינען זיך אין אים. אָט־די שולעס געפינען די האַרמאָניע צווישן די רבנישע סטודיעס און די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. די אינטעלעקטועלע וואָרטזאָגערס פון די קהילות אונטערשטיצן די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. די אינטעלעקטועלע וואָרטזאָגערס פון אָט־די קהילות אונטערשטיצן די קונסט, אַפּלאָדירן די נייע פּאָעטישע אויסדרוקן און שרעקן זיך נישט אָפּ פאַר די וועלטלעכע טעמעס, וועגן וועלכע עס הייבן אָן צו זינגען אין דער הייליקער העברעישער שפּראַך אַזעלכע בארדן און פּאָעטן ווי יהודה הלוי, אבן גבירול און משה אבן עזרא. דיכטערס און דענקערס פון אָט־דער גאָלדענער תקופה פאַר

דער העברעיִשער קולטור האָבן געוואָרפן די ערשטע זוימען פון די אידייען וועגן דער ייִדישער נאַציאָנאַלער גאולה, וועלכע האָט שפּעטער מיט הונדערטער יאָרן באַקומען אין דער אייראָפּעיִשער אשכנזישער סביבה דעם פאַרנעם פון אַן אידעאָלאָגיע פון אַ פּאָליטישער שטויס־קראַפט, וועלכע האָט סוף־כל־סוף דערפירט אין אונדזערע צייטן צו דער שאַפונג פון דער נייער מדינת־ישראל.

„אַ דאַנק די געאָגראַפישע, היסטאָרישע, קולטורעלע און סאָציאַלע נייע תנאים אין אָט־דער נייער וועלט, האָבן זיך היינט צו טאָג די גרויסע צוויי ייִדישע שטראָמען פאַמעלעך צונויפגעגאָסן אויף אָט־דער ערד, ביז זיי האָבן געשאַפן אַן אָנהייב פון אַ פאַראייניקטן ייִדנטום. ביי ספרדים און אשכנזים הערשט אַלס אויסדרוק־אינסטרומענט די שפּאַנישע שפּראַך. אשכנזים און ספרדים פון אָט־דעם לאַנד ווערן צוגלייך באַגייסטערט פון דער זעלבער אידייע, פון דער אידייע פון אַ קאָנסאָלידירטער און פאַרפעסטיקטער ציון און פון אַ שטענדיק פראָגרעסירנדיקן ייִדנטום. דאָ האָט הפנים באַקומען אַ פּראַקטישע באַדייטונג די לעגענדע פון מדרש, אַז די פאַר־ייִדענע שטיינער וואָס האָבן געדינט אַלס צוקאָפּנס פאַר יעקב אָבינו, האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן אין איינעם אַ דאַנק דער וואַרעמקייט פון די אידעאַלן וועמענס אויסדרוק און פירשפּרעכער עס איז טאַקע אונדזער פאַטריאַרך״.

ד״ר בכור איסאַיעוו

# פּראָבלעמען פון די ספרדישע קהילות

„אויפן פאַרגאַנגענעם קאָנגרעס פונעם ועד הקהילות האָב איך גערעדט וועגן אַלגעמיינע ענינים און היינט וואָלט איך געוואָלט רעדן וועגן תכלית־ענינים, עס איז אָבער נישט מעגלעך אָפּצוטיילן איינס פונעם אַנדערן.

„ייִדן זיינען דאָ געווען אַ סך פריִער, ווי מען רעכנט. די ערשטע ייִדן זיינען דאָ געווען די מאַראַנעס, וואָס האָבן אין אַ געוויסער צייט אויסגעמאַכט וואָסערע 25% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. די אינקוויזיציע האָט דאָ געוואָלט שאַפן אירן אַ טריבונאַל, אָבער דאָס איז נישט דערגרייכט געוואָרן און עס זיינען בלויז באַשטימט געוואָרן אירע קאָמיסאַרן, וועלכע האָבן געדאַרפט אַכטונג געבן אויף די ייִדן. יענע אַנוסים אָבער זיינען אומגעקומען, אָדער זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און האָבן נישט געלאָזט קיין שפּורן נאָך זיך. עס ווערן בלויז דערמאָנט עטלעכע מאַרטירער פון זיי, ווי ד״ר דאַ סילוואַ, וועלכער איז צוזעלף יאָר געפייניקט געוואָרן אין די אינקוויזיציע־קאַמערן.

„היינט איז דאָ נישטאָ קיין דרוק און פאַרפאָלגונגען קעגן ייִדן, אָבער גראָד די צופיל גוטע באַדינגונגען זיינען אַ געפאַר אַז גרויסע טיילן פון אונדזערע ייִדן זאָלן זיך אַסימילירן, די מיטלען צו באַקעמפן די אַסימילאַציע זיינען, לויט מיין מיינונג, די ייִדישע דערציִונג און אַ גרעסערע צוזאַמענאַרבעט מיט די אשכנזים, ווייל די ביז איצטיקע צוזאַמענאַרבעט איז געווען נישט גענוגנדיק. צוליב דעם, וואָלט אַפילו כדאי געווען, אַז געוויסע ספרדישע קינדער, באַזונדערס אין דער פּראָווינץ, זאָלן לערנען די ייִדישע שפּראַך. ייִדן לערנען בדרך־כלל אַלערליי שפּראַכן, זיי שרעקן זיך נישט פאַר לערנען זייערע קינדער ענגליש און אַפילו מוזיק און מאָלעריי. אויף צו לערנען ייִדיש וואָלטן די ספרדים בלויז געדאַרפט האָבן אַ ביסל מער גוטן ווילן. דאַרף מען זיי איבערצייגן אַז דאָס איז כדאי, בכדי זיי זאָלן זיך קענען בעסער פאַרשטענדיקן מיט זייערע אשכנזישע ברידער.

„די יידישע דערציִונג פון די ספרדישע קינדער דאַרף אויך אויסגעברייטערט און פאַר־טיפט ווערן און עס זיינען נייטיק ספּעציעלע אינספּעקטאָרן פונעם ועד החינוך פאַר די ספרדישע שולן. אויך ביי די ספרדים איז די פּראָבלעם פון דער יוגנט אַ גאַנץ שווערע. אין די פאַמיליעס הערשט אַ שווערער קאַמף צווישן די פרומע עלטערן און די יוגנטלעכע וואָס ווילן נישט גיין אין זייערע וועגן. עס איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל קלובן, ווו עס ווערט געפירט אַ צוגעפּאַסטע אַר־בעט, אָבער די צעטיילונג אויף פאַרשיידענע סעקטאָרן האָט נישט קיין גוטע ווירקונג.

„אויך די צעטיילונג צווישן ספרדים און אשכנזים און די קעגנזייטיקע אומקענטעניש איז געוויס שעדלעך. דעריבער איז נייטיק אַ גרעסערע צוזאַמענאַרבעט און בעסער צו דערקענען איינער דעם אַנדערן.

„אויך דאָס פּראָבלעם פון ביכער איז געוויס וויכטיק. די אשכנזים געבן אַרויס אַ צאָל ביכער, אָבער די ספרדים קענען דאָס נישט באַווייזן צו טאָן, כאָטש זיי האָבן אַ געוויסע צאָל שרייבער, וועלכע וואַרטן אויף אַ מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן זייערע ביכער, אָבער זיי געפינען נישט קיין פאַרשטענדעניש און נישט קיין מיטהילף אויף דעם געביט און אויך די קליימס־קאָנפערענץ גיט נישט קיין שטיצע פאַר די קולטורעלע באַדערפענישן פון די ספרדים. דערוויייל געפינען זיי אין ערגעץ נישט קיין הילף און קיין פאַרשטענדעניש, אָבער עס איז נייטיק דאָס זאָל סוף־כל־סוף קומען, ווייל מיר לעבן אין אַ מאָמענט נישט בלויז פון קיבוץ־גלויות נאָר אויך פון חיזוק גלויות און אָט די פאַראייניקונג פון אַלע יידן דאַרף פאָרקומען נישט נאָר אין ישראל, נאָר אויך דאָ אויפן פּלאַץ.

## אינזוש׳ אַלפרעדאָ אַבולאַפיאַ

# די ספרדים אין אַרגענטינע

„קודם־כל אונדזער דאַנק דעם וועד־הקהילות פאַר דער געלעגנהייט, וואָס ער גיט אונדז, ספרדים, זיך צו באַטייליקן אין דעם הונדערט־יאָריקן אַניווערסאַר פון אונדזער ישוב און דאָס איז טאַקע אין איינקלאַנג מיט דער שטרעבונג פון די ספרדישע קהילות מיטצואַרבעטן מיט אונדזערע אשכנזישע ברידער.

„מען דאַרף דאָ אָנגעבן עטלעכע דאַטעס וועגן די ספרדישע יידן אין אַרגענטינע. זיי האָבן אָנגעהויבן איינצוואַנדערן אַהער אין אָנהייב פונעם איצטיקן יאָרהונדערט פון דער טערקיי און די באַלקאַנען. היינט לעבן דאָ אין לאַנד וואָסער 70 טויזנט ספרדישע יידן און זיי מאַכן אויס לערך 15% פונעם היגן יידנטום. די ערשטע ספרדישע קהילה איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1914 און אירע מיטגלידער זיינען גרעסטנטייל געווען געקומענע פון טערקיי. אין יאָר 1918 האָט די קהילה באַקומען „פערסאָנעריאַ כורידיקאַ״ און אין יאָר 1923 האָט זי אויסגעבויט איר טעמפּל אויף דער גאַס קאַמאַרגאָ. היינט ציילט זי 2.800 פאַמיליעס און פירט דורך זייער וויכטיקע טעטיקייטן.

„אויסער מיט אַלגעמיינע יידישע ענינים און מיט אַ בית־עולם אין באַנקאַלאַרי, פאַרנעמט זי זיך אויך מיט סאָציאַלער הילף וואָס ווערט אויסגעטיילט פאַר אָרעמעלייט און עלטערע מענטשן לויט מעטאָדן וועלכע געבן זייער גוטע רעזולטאַטן. זיי געבן אויס אויף אָט־דעם צוועק לערך אַ האַלבן מיליאָן פּעזאָס און זיי שטיצן אויך אַזעלכע אשכנזישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס ווי דער יידישער שפּיטאָל, אָרט־אָזע א״אַ. זיי האָבן אויך אַן אייגענע „מוטואַליסטאַ״ מיט אַן אייגענעם בודזשעט פון 300 טויזנט פּעזאָס. לעצטנס אַרבעטן זיי אויך מיט דער אשכנזישער קהילה פון בוענאָס־איירעס אויף פאַרשיידענע געביטן. אָט די מיטאַרבעט, באַזונדערס אויפן

שול־געביט, וואָלט געקענט דינען אַלס מוסטער פאַר אַזעלכע קהילות אין דער פּראָווינץ, ווו עס זיינען פאַראַן סיי אשכנזים, סיי ספרדים.

„זייער פיל ווערט אויך געטאָן אויפן רעליגיעזן געביט אונטער דער אָנפירונג פונעם ראַ־בינער ד״ר אַנדזשעל, וועלכער גיט אויך רעליגיעזע לעקציעס פאַר לערך 300 תלמידים. אויך פאַרן פּאַראַייניקטן קאַמפּיין און פאַר אַנדער ציוניסטישע צוועקן אַרבעטן מיט די ספרדים. אין דער דאַיאַ שפּילן זייערע מענטשן אַ גאַנץ וויכטיקע ראָלע.

„צוויי וויכטיקע פּראָבלעמען שטייען ביי זיי אויפן טאָג־אָרדענונג, וועלכע זיי באַמיִען זיך צו לייזן אויף אַ פּאַסנדיקן אופן. קודם־כל, שטרעבן זיי צו פאַראייניקן די פאַרשיידענע ספרדישע סעקטאָרן, וואָס לעבן נאָך מיט רעגיאָנעלע אַטאָמיזמען און איינצופלאַנצן אין זיי דעם געדאַנק פון אַ געמיינזאַמען קהילה־לעבן. אַ זייער וויכטיקע פּראָבלעם איז אויך צו דערציִען די יוגנט און זיי צוצוגרייטן זיי זאָלן מאָרגן קענען איבערנעמען די אָנפירונג פונעם ייִדישן לעבן בכלל און פון די ייִדישע אינסטיטוציעס, בפרט אין דעם ספרדישן סעקטאָר.

# סימפּאָזיום אויף דער טעמע „פּערספּעקטיוון פאַרן ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע״

### איינלייטונג פון ד״ר טוביה קאַמענשטיין

„מיר האָבן נאָרוואָס פאַרענדיקט אַ קאָנגרעס, וואָס איז פאַרופן געוואָרן אונטערן צייכן פון הונדערט יאָר ייִדיש לעבן ביי אונדז אין לאַנד. אַזאַ קאָנגרעס קאָן זיך נישט שליסן איידער מיר שאַפן פאַר זיך אַ פּערספּעקטיווע פון דער צוקונפט עס גייט דאָ נישט וועגן קיין וויזיע. אונדזערע נביאים האָבן אַמאָל געשאַפן אַ גרויסע וויזיע פאַר אונדזער פאָלק און פאַר דער גאַנ־צער וועלט. מיר קענען בלויז פאָרמולירן מיינונגען און געדאַנקען. אויסערדעם לעבן מיר אין אַ צייט פון אַזעלכע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, וועלכע קענען אַריינברענגען אין איין אויגנ־בליק אַן איבערקערעניש אינעם לעבן פונעם יחיד און פונם גאַנצן דור. דאָס ייִדישע לעבן אין די תפוצות — אין אונדזער פאַל, אין לאַטיין־אַמעריקע און אין אַרגענטינע — איז פּראָבלעמאַ־טיש, אָבער די צוויי טויזנט יאָר ייִדישע וואַנדערונגען האָבן באַוויזן, אַז מיר האָבן געשאַפן אַ גאַנצע ריי פון גלות־צענטערן מיט גרויסע קולטור־ווערטן.

„דעם נייעם יאָרהונדערט פון ייִדישן לעבן אין לאַטיין־אַמעריקע און אַרגענטינע הייבן מיר אָן מיט אַ סך דערגרייכונגען און אויפטוען, אָבער אויך מיט אַ סך זאָרגן וועגן אונדזער קומענדיק ייִדיש לעבן אין אָט־די לענדער. עס איז פאַראַן אַ כלל, אַז קולטור־צענטערן זיינען נישט אייביק, ווי בליִען אויף און פאַרוועלקן. דאָס איז אַ סאָציאָלאָגיש לעבנס־געזעץ. אָבער דאָס ייִדישע לעבן איז נישט אונטערגעגאַנגען אין משך פון טויזנטער יאָרן. איצט לעבן מיר אין אַ מאָמענט ווען נאָכן חורבן פונעם ייִדישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע הייבן זיך אָן אויסצופורעמען נייע ייִדישע צענטערן אין אַמעריקע. די ייִדישע צענטערן אין לאַטיין־אַמעריקע וועלן מסתמא זיך אויסבילדן אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן ווי דער גרויסער ייִדישער צענטער אין נאָרד־אַמעריקע.

„קולטור־צענטערן דאַרפן האָבן אַ טראַדיציע פון לאַנגע דורות און מיר זיינען אַ ישוב, וועלכער פאַרמאָגט נישט קיין טיפע קולטור־וואָרצלען. אין אַ געוויסער מאָס זיינען מיר ווי אַ מין איפּראָוויזאַציע אויף דעם געביט, ווייל מיר זיינען פון די ייִנגסטע ישובים אין דער ייִדי־שער צעשפּרייטקייט. עס זיינען פאַראַן פאַקטאָרן לטובת און אויך קעגן אונדזער ווייטערדיקער

אַנטוויקלונג אין אָט־די לענדער. דאַרפן מיר זיך באַמיִען קלאָר צו מאַכן און פרעגן: וועלכע פון אָט־די פאַקטאָרן וועלן זיגן און וואָס זיינען אונדזערע אויסזיכטן פאַר דער צוקונפט? וועגן אָט־דעם אַלעמען דאַרפן זיך אונדזערע עסקנים פאַרטראַכטן און דעריבער שליסט זיך נישט אָט־דער קאָנגרעס אונדזערער מיט אַ רוטינערן סך־הכל וועגן דערגרייכונגען, נאָר מיט דער לעבנס־וויכטיקער פראַגע: וווּהין גייען מיר? פאַר אונדז איז קלאָר, אַז מיר זיינען אַ פאָלק וואָס שפּאַנט, טראָץ אַלעמען, אין דער אייביקייט אַריין און דעריבער האָבן מיר דעם מוט אַוועק־צושטעלן אַזעלכע פראַגן די אָנטיילנעמער פון דעם סימפּאָזיום. אינזש׳ שלום ראָזענבערג, שלמה סוסקאָוויטש, ד״ר נתן לערנער און ד״ר לעאָן דוכאָוונע, געהערן צו פאַרשיידענע דורות און קולטור־ספערן — וועלן זיי מסתמא זוכן דעם ענטפער אויף פאַרשיידענע אופנים און פון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן״.

## רעפעראַט פון ד״ר נתן לערנער

„ביים באַהאַנדלען די טעמע וועגן די פּערספּעקטיוון פאַרן ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע, איז עס נאַטירלעך זיך אויסצוהיטן פון אַריינפאַלן אין אַ טאָן פון נביאות־זאָגעריי. עס האַנדלט זיך ־יועגן אַ פּרווו צו מאַכן אַ רעאַליסטישן פּראָגנאָז וועגן דער עוואָלוציע פונעם היגן ייִדישן לעבן, אין דער נאָענטערער אָדער ווייטערער צוקונפט, פאַרשטייענדיק אונטער דעם דעם סאָ־ציאָלאָגישן פּראָדוקט פון אַ באַשטימטער סביבה, וואָס אַקטוּירט אויף אַ געוויסער מענטשן־אָנזאַמלונג.

„וועלכער איז געווען דער סוד פונעם ייִדישן קיום אין דער פאַרגאַנגענהייט? דערמאָנענדיק געדאַנקען וואָס עס האָט אַרויסגעזאָגט חיים גרינבערג, קען מען באַהויפּטן, אַז אָט דער סוד שטעקט אינעם פאַקט וואָס ייִדן זיינען נישט געווען, ביז צו די לעצטע צענדליקער יאָרן, קיין מינאָריטעט. די ייִדן זיינען געווען אַ מינאָריטעט פונעם נומערישן, סטאַטוסטישן שטאַנדפּונקט, אָבער נישט פונעם קוואַליטאַטיוון, פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, פּונקט אַזוי ווי עס איז נישט קיין מינאָריטעט דער סאָליסט פון אַן אָרקעסטער. די מינאָריטעטן אונטערשיידן זיך פון די מינאָריטעט. די ייִדן זיינען געווען אַ מינאָריטעט פונעם נומערישן, סטאַטיסטישן שטאַנדפּונקט, אַזאַ הייליקייט איז געווען פאַר די ייִדן דער באַזיץ פונעם אַריסטאָקראַטישן באַוווּסטזיין פון דער בחירה, דאָס פילן זיך ווי אַ „קהילה קדושה״. דעריבער האָט מען אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונ־דערטער נישט געקענט רעדן וועגן די ייִדן ווי וועגן אַ מינאָריטעט. היינט אָבער האַלטן זיך די ייִדן אין פאַרוואַנדלען אין אַן עטנישער מינדערהייט, וועלכער עס פעלט אויס די גייסטיקע דראַמאַטישע שפּאַנונג וואָס וואָלט געקענט גאַראַנטירן זייער קיום.

„אָט דאָס איז גילטיק פאַרן אַרגענטינער ייִדנטום, ווען עס איז אומזיניק צוצושרייבן די פאַרדינסטן פון אַ נייער בבל. אָט דאָס ייִדנטום געפינט זיך אין אַזעלכע באַדינגונגען, וועלכע דערלויבן נישט צו האָבן קיין זייער גינציקע און אָפּטימיסטישע האָפענונגען וואָס שייך זיין צוקונפט. עס ווירקן אויף אים סביבהדיקע אָביעקטיווע באַדינגונגען, די וויכטיקסטע פון וועלכע עס איז די אונטערדריקערישע קאַטויליש־שפּאַנישע טראַדיציע וואָס טאָלערירט די רעליגיעזע, אָדער קולטורעלע מינדערהייטן, איז אָבער נישט געניי‍גט צו טיילן זיך מיט זיי מיט אַזעלכע לעבנס־פאָרמען, און וועלכע אַלע סעקטאָרן פון דער באַפעלקערונג זיינען גלייכע שותפים. אָט־די טראַדיציע איז גורם, אַז נישט קוקנדיק אויף די לויטן בוכשטאַב און גייסט ליבעראַלע געזעצן אין לאַטיין־אַמעריקע, זיינען די בירגער פון די מינאָריטעט־גרופּן פאַקטיש בירגער פון אַ צווייטן קלאַס. אין אַרגענטינע איז געווען אַן ענערגישע רעאַקציע קעגן אָט דעם מאָנאָליטישן דרוק, פון דער זייט פון אייראָפּעיזירנדיקע און פּראָגרעסיסטישע טענדענצן, וועלכע האָבן צום אומגליק אָנ־געהויבן צו קעמפן אין ריקצוג זינט וואָסערע דרייסיק יאָר. היינט פעלט צונויף אָט דער אונטער־

דריקערישער דרוק מיט ראַסיסטישע, נאַציסטישע און נישט־דעמאָקראַטישע לינקיסטישע טענדענצן, וועלכע שפּרייטן זיך אויס אַלץ מער אין די יוגנטלעכע קרייזן.

„צו דעם קומט נאָך אויסערדעם צו דער ספּעציעלער קלימאַט, וואָס הערשט אין אונטעראַנטוויקלטע לענדער, וועלכע מאַכן דורך אַן אויפוואַכונג־פּראָצעס און ליידן פון באַזונדערס שעדלעכע און שאַרפע אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקסן.

„דער הויפּט־העלד פון אָט דעם ספּעציעלן מאָמענט אינעם אַרגענטינער ייִדישן לעבן, איז דער דריטער ייִדישער דור אין לאַנד. דער ערשטער דור האָט איינגעוואַנדערט ביים סוף פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און, וווינענדיק אין דאָרף אָדער אין שטאָט, האָט ער אָפּגעגעבן זיין גאַנצע ענערגיע און זאָרג פאַר דער אויפגאַבע צו פאַרדינען אויפן לעבן. די צווייטע ייִדישע גענעראַציע, וועלכע איז שוין אויפגעצויגן געוואָרן דאָ אין לאַנד, האָט געזוכט זיך צו אינטעגרירן אויף אַלע געביטן פונעם אַרגענטינער לעבן, אויפן פעלד פון דער קולטור, פון דער אוניווערסיטעט, פון די פּראָפעסיעס, פון דער ליטעראַטור און קונסט. היינט האָבן מיר צו טאָן מיטן דריטן דור, וועלכער וואַקלט זיך צווישן דער דערוויטערונג און אויפלייזונג, פון איין זייט, און דער צוריק־טרעפונג מיטן ייִדישן לעבן, מיט דער הילף פון מיטלען און אינסטרומענטן וואָס ער קען נישט שטענדיק געפינען, פון דער צווייטער זייט. עס ווירקט אויף אים אויסערדעם דאָס מאָדערנע לעבן, וועלכעס איז וויניק צוגעפּאַסט פאַר נישט פאַראינטערעסירטער באַטראַכטונג און וועלכעס מאַכט אָפּטמאָל צונישט די קראַפט פון די ווידערשטאַנד־פאַקטאָרן.

„וועלכע זיינען אָט די ווידערשטאַנד־פאַקטאָרן? דער וויכטיקסטער איז אין אַנדערע צייטן בלי־ספק געווען די רעליגיע, אָבער היינט געפינט זי זיך אין דעפענסיווע, באַזונדערס צווישן דער יוגנט. אַן אַנדערער פאַרטיידיקונג־פאַקטאָר איז געווען די שפּראַך, אָבער היינט איז נישט מעגלעך אָנצונעמען על־פּי־שכל, אַז די יונגע דורות אין אָט די לענדער וועלן רעדן אַן אַנדערע שפּראַך ווי די לאַנד־שפּראַך, נישט קוקנדיק דערויף וואָס עס זיינען געמאַכט געוואָרן באַדייטנדיקע פאָרשריטן אין דער פאַרשפּרייטונג פון עברית. דאָס איז בדרך־כלל גילטיק פאַר אַלע מאַניפעסטאַציעס פונעם קולטור־לעבן.

„עס זיינען פאַראַן נאָך דריי ווידערשטאַנד־פאַקטאָרן. דער ערשטער פון זיי, דורכויס אַ נעגאַטיווער, איז די פיינטלעכע סביבה. די אַנדערע צוויי, העכסט פּאָזיטיווע, זיינען די פאָרשריטן אויפן געביט פון ייִדישער דערציִונג — וועלכע זיינען נישט אינגאַנצן באַפרידיקנדיק, דאָך אָנזעעוודיק — און גאַנץ באַזונדערס דער קיום, די פאָרשריטן און אויפטוען פון מדינת־ישראל. אין דער פאַרבינדונג מיט ישראל, קולטורעל און אויף אַלע געביטן פון די מענטשלעכע טעטיקייטן, קען געפונען ווערן אַ גרויסע פעסטונג פון ווידערשטאַנד און פאַרטיידיקונג קעגן דעם אָנגריף פון די דערמאָנטע נעגאַטיווע פאַקטאָרן.

„דאָס ייִדישע לעבן אַנטוויקלט זיך היינטיקס יאָר אונטערן צייכן פון גרויסע אַניווערסאַרן: הונדערט יאָר ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע; הונדערט יאָר זינט הערצלס געבורט; הונדערט יאָר זינט דער שאַפונג פון דער פראַנצויזישער „כל ישראל חברים״; צוויי הונדערט יאָר זינט דער פּטירה פונעם גרינדער פון חסידות. עס וואָלט נייטיק געווען זיך צו אינספּירירן אין אַזאַ התלהבות ווי יענע, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט דאָס חסידות, בכדי אין דער העכסטער מאָס אויסצונוצן די ווידערשטאַנד־פאַקטאָרן, וועלכע עס האָט היינט צו זיין דיספּאָזיציע דאָס אַרגענטינער ייִדנטום״.

## רעפעראַט פון אינזש׳ שלום ראָזענבערג

„אַלץ וואָס איך פאַרמאָג האָב איך דערוואָרבן אין אַרגענטינער ישוב, אין אָט דעם ישוב וואָס איז מיר ליב און טייער און פאַר וועלכן מען שטעלט איצט אַוועק די פראַגע ווי אַזוי ער וועט אויסזען און ווי ער וועט זיך אַנטוויקלען אין משך פון די קומענדיקע הונדערט יאָר. כדי

צו קענען רעדן וועגן דעם עתיד, איז נייטיק צו כאַפּן אַ בליק אויפן עבר און אין אונדזער געשיכטע איז די תקופה פון בית־שני געווען ענלעך צו אונדזער צייט אין אַ סך פּרטים.

„אויך אין יענער צייט איז געווען אַ מלוכהשער צענטער אין ישראל און אויסערדעם צוויי גרויסע תפוצות: איינע אין אַלעקסאַנדריע של מצרים און די צווייטע אין בבל. אין אַלעקסאַנדריע האָט געלעבט זייער אַ גרויסע צאָל יידן, וועלכע האָבן גערעדט גריכיש, פּאַרמאָגט גרויסע טעמפּלען און אַרויסגעגעבן פון זייער מיט גרויסע פילאָסאָפן, אָבער קיין אייגן יידיש לעבן אין אַ ברייטערן זינען האָבן זיי נישט געפירט. דער יידישער ישוב פון בבל ווידער האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ גלות־מאַסע אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען זייער געוועזענער קעניג. מיט דער צייט האָט ער פאַר זיך געשאַפן אַן אינערלעכע אויטאָנאָמיע קהילה־אָרגאַניזאַציע מיט אַ ריש־גלותא בראש און מיט ישיבות צו לערנען און אויסטייטשן די אייגענע תורה. בעת אַלעקסאַנדריע האָט אַרויסגעגעבן דעם באַרימטן פילאָסאָף פילאָן (ידידיה), עס איז דאָרטן געמאַכט געוואָרן די גריכישע איבערזעצונג פונעם תנ״ך (וואָס ווערט גערופן „סעפּטואַגינטא״) און עס זיינען דאָרטן געשאַפן געוואָרן אויך אַנדערע נישט קיין ריין־יידישע קולטור־ווערטן, איז אין בבל געשאַפן געוואָרן דער גראַנדיעזער תלמוד בבלי וועלכער האָט געהאַט און האָט נאָך היינט אַ געוואַלדיקע השפּעה אויפן יידישן לעבן פון אַלע שפּעטערדיקע דורות.

„מען קען זען אַ פּאַראַלעל צווישן די יידישע געמיינדעס פונעם אַמאָליקן אַלעקסאַנדריע און דעם היינטיקן ניו־יאָרק, פון דעם אַמאָליקן בבל און דעם היינטיקן אַרגענטינער. די גרויסקייט פון די שעפער פון תלמוד בבלי איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן זיך באַטראַכט אַלס שליחים, וואָס האָבן אויסגעפירט די געזעצן פון ירושלים און זיי האָבן נישט געוואָגט גאָרנישט צו ענדערן אין דעם יידישן דת. דער אַרגענטינער יידישער ישוב, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער באַראָן הירש קאָלאָניזאַציע, האָט געשאַפן פאַר זיך אַ גוטע קהילה־אָרגאַניזאַציע און האָט אין אַ היפּשע מאָס קאָנסערווירט זיין אייגנאַרטיק יידיש לעבן, בעת דער גרויסער נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום האָט נישט באַוויזן אויפצוטאָן דאָס זעלבע. אויפן סמך פון דעם פּאַראַלעל קענען מיר נאָך דערוואַרטן צו שאַפן וויכטיקע גייסטיקע ווערק. ווער ווייסט צי עס איז אונדז באַשערט צו שאַפן עפּעס אַזעלכעס וואָס זאָל אין אַ געוויסער מאָס דערמאָנען אינעם תלמוד בבלי.

אויב אין גלות בבל איז אויפגעקומען די קראים־סעקטע, וועלכע האָט געבראַכט מיט זיך אַ שפּאַלטונג, דראָט אונדז די געפאַר מיר זאָלן פאַרלירן געוויסע טיילן פון אונדזער יונגן דור דורך דער פאַרפרעמדונג און דערווייטערונג. דעריבער פאַלט אויף אונדזערע מנהיגים אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר זיינען זיכער קלענער ווי די אַמאָליקע יידן פון בבל. מיר זיינען אָבער ווי קליינע קינדער וואָס זיצן אויף די אַקסלען פון זייערע עלטערן און דעריבער זעען זיי ווייטער.

„אין קומענדיקן יאָרהונדערט וועט געשטעמפּלט ווערן אונדזער צוקונפט און מיר דאַרפן האָבן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון יענע לערער וואָס קאָנען נישט רויק זיצן אין גן־עדן און זייערע תלמידים זאָלן זיך געפינען אין גיהנום.

„איינס פון די וויכטיקסטע געבאָטן פון אונדזער תורה איז כיבוד אב ואם. איז ישראל אונדזער מוטערלאַנד, געגליכן צו אַ גייסטיקע מוטער און אין אַ מוטער גלייבן אַלע, בנוגע אַ מוטער זיינען נישט פאַראַן קיין אַפּיקורסים. אָבער דער פאָטער איז אונדזער תורה, ביי וועלכער מיר דאַרפן געטריי זיך האַלטן אין אַלע צייטן. אין אָט די ביידע וועט דער נייער דור געפינען זיין נשמה רו און דעם פולן אויסדרוק פון זיין יידישקייט. אָן זיי וועט אונדזער נייער דור זיין אין דער בחינה פון יענעם העלד פון אונדזער געניאַלן שלום עליכם, וועלכער האָט געהאַלטן אַז „מיר איז גוט, איך בין אַ יתום״. ער וועט טאַקע זיין גייסטיק פאַריתומט.

„פאַראַן אַזעלכע וואָס געדענקען אין זייערע עלטערן אין מאָמענט פון יזכור. אויך אונדזער גאַנצער ישוב האָט אָנגעהויבן זיין יידיש געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט מיט אַ חברה־קדישא. מען דאַרף אָבער שטענדיק געדענקען אויך אין אַנדערע און לעבעדיקע מאָמענטן פון יידישקייט. מען דאַרף למשל געדענקען צו געבן אונדזערע קינדער אין די הענט אַריין אַ תנ״כל וואָס זאָל נישט זיין גענומען פון די מיסיאָנערן. דאָס איז בלויז לדוגמא איין איינצלהייט פון אַ סך ענלעכע,

וועגן וועלכע מען רעדט ביי אונדז זעלטן, אָדער קיינמאָל נישט. מען דאַרף, נאַטירלעך, אויך געדענקען וועגן חינוך, וועגן קולטור־לעבן און וועגן אַנדערע כדומה וויכטיקע זאַכן. אויב מיר וועלן דאָס אַלץ געדענקען, קענען מיר דערוואַרטן אַז אויך דעם צווייהונדערט יאָריקן אַניווערסאַר פון אונדזער ישוב וועלן פייערן אַ סך גוטע יידן. עס איז אַ פראַגע וויפל זיי וועלן זיין אין צאָל, אָבער דאָס איז אָפּהענגיק פון אונדז און פון דער מאָס פון אונדזער אחריות־געפיל. מיר ווילן האָפן, אַז צום צוויי הונדערט יאָריקן אַניווערסאַר פון אונדזער ישוב וועלן אין אַרגענטינע זיין גאָר אַ סך גוטע יידן, פולבלוטיקע און גאַנצע יידן, ווייל נצח ישראל לא ישקר!״.

## רעפעראַט פון שלמה סוסקאָוויטש

„דאָס אַרגענטינער יידנטום איז נישט קיין באַזונדער שבט וואָס טיילט זיך אויס פון די איבעריקע ישובים. מיר זיינען אַנדערש בלויז אין דעם פרט וואָס מיר האָבן נאָך אין אַ געוויסער מאָס די זאַפטן און די ירושה פון דעם מיזרח־אייראָפּעישן יידנטום. און אויך מיט דעם וואָס דער גרעסטער טייל פון אונדז באַטראַכט זיך פאַר וועלטלעך. מיר זיינען אָבער דאָך פאַרבונדן מיטן גאַנצן פאָלק. מען קאָן נישט זאָגן קיין נביאותן, בפרט וועגן אַזאַ דינאַמישן עלעמענט ווי יידן, אָבער עס איז נישט אויסגעשלאָסן אַז די אַרגענטינער יידן זאָלן באַווייזן אויך אויף ווייטער אויפצוהאַלטן זייער גייסטיקע נאָענטקייט צום מיזרח־אייראָפּעישן יידנטום. דער באַגריף וועלטלעכקייט דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אין אַזאַ זינען, אַז מען לייגט נישט דעם טראָפּ אויף אַ רעליגיעזער טראַדיציאָנעלער יידישקייט, נאָר אויף אוניווערסאַלער וועלטלעכער קולטור. אויב אַזוי, איז עס היפּש אומפאַרשטענדלעך פון וואַנען עס האָט זיך גענומען צו די אַרגענטינער יידן אַזאַ ליבע צו וועלטלעכקייט.

„די יידישע מאַסן־איינוואַנדערונג קיין אַרגענטינע קען איינגעטיילט ווערן אין דריי שטראָמען. די ערשטע זיינען געווען די קאָלאָניסטישע פּיאָנערן, זיי זיינען נישט אַנטלאָפן פון דער יידישקייט, וואָס זיי האָבן אַריבערגעבראַכט אַהער פון די אַלטע היימען מעבר לים און זיי האָבן באַוויזן צו שאַפן אויף אָט דער נייער ערד אַ מער־ווייניקער געטרייע קאָפּיע פון דעם אַמאָליקן לעבנסשטייגער. זייערע קינדער זיינען גרעסטנטיילס געגאַנגען אין זייערע וועגן און זיינען געבליבן נאָענט צו זייערע עלטערן. דער צווייטער עמיגראַציע־שטראָם איז געקומען אַהערביים אָנהייב פונעם היינטיקן יאָרהונדערט. בשעת און נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מילחמה און די רעוואָלוציאָנערע אויפברויזן וואָס זיינען געקומען אַלס איר פועל־יוצא. דעמאָלט איז געקומען אַ ראַדיקאַלער עלעמענט מיט לאָזונגען פון אוניווערסאַלער קולטור און קעגנעריש צו דער כלומרשטער קלעריקאַלער רעאַקציע. זייערע היימען זיינען שוין גרעסטנטיילס אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידישקייט און זייערע קינדער זיינען אויך געוואַקסן אינגאַנצן אָן דעם. דער דריטער שטראָם איז געקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה. ער איז געווען גרייט אויפצוהאַלטן אַ סך טראַדיציעס פון די עלטערן אין אַ וועלטלעכער פאָרעם, אָבער עס האָבן אים לײדער נישט געסטייעט קיין כוחות זיך אַנטקעגנצושטעלן דער שלעכט־פאַרשטאַנענער וועלטלעכקייט פון די פריער געקומענע.

„דער דריטער חורבן האָט ערשט געשאַפן אַ נייע סענסיביליטעט און אויפגעוועקט אַ נייעם ווילן, אויפצובויען לויט מעגלעכקייטן, דאָס פאַרשניטענע — דאָס געזעץ פון דער קאָמפּענסאַציע האָט נישט אָפּגענאַרט. האָט מען אָנגעהויבן צו זוכן וועגן ווי אַזוי אויפצוהאַלטן דאָס יידישע לעבן. פאַר די פרומע יידן איז דאָס נישט שווער, ווייל זיי האָבן דאָך זייער רעליגיעזע פּראָגראַם. וואָס דאַרפן אָבער טאָן די וועלטלעכע יידן? וועלכע מיצוות קענען און דאַרפן זיי איבערנעמען פון דעם רעליגיעזן שטייגער? ד״ר שמואל מאַרגאָשעס האָט נישט לאַנג רעקאָמענדירט פּערזענלעכע מצוות, אַ קאָמבינאַציע פון רעליגיעזע און וועלטלעכע, וועלכע הייבן זיך אָן מיט דער מילה, חתונה און קבורה און לאָזט זיך אויס מיט קויפן אַ בוך וועגן יידישע ענינים. דער וועלט־

לעכער ייד האָט טאַקע נישט קיין מורא פאַרן גיהנום, אָבער אויך ער איז נישט פריי פונעם פחד פאַרן נישט־זיין און האָט אַפילו די זעלבע מעטאַפיזישע באַדערפענישן ווי דער רעליגיעזער ייד. עס מאַכט נאָך אַלעמען נישט אַזויפיל אויס וואָס דער וועלטלעכער ייד גלייבט נישט אין גאָט, ווייל יידישקייט איז מער ווי אַ רעליגיע, אַ לעבנס־שטייגער, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן מיטן באַקעמפן דעם פּאַגאַניזם. דעריבער זאָגט דער נביא, אין נאָמען פון גאָט, אַז הלוואי וואָלטן די יידן אים פאַרלאָזט אָבער געהאַלטן זיין תורה. און אָט די יידישקייט מיט גרענעצלאָזער אהבת־ישראל איז דער גרעסטער פּרינציפּ פון אונדזער וועלטלעכקייט. וועלטלעכע יידן קענען דעריבער איבערנעמען די גרונט־יסודות, בעיקר די עטישע, פון דער יידישער רעליגיע, וואָס איז נישט קיין דאָגמאַטישע, און זיי קענען זיי אויך איבערגעבן צו זייערע קינדער.

„עס נעמט אָן אַ שרעק צו טראַכטן אַז אַכציק פּראָצענט פון די יידישע קינדער ביי אונדז באַזוכן נישט קיין יידישע שולע, דעריבער וועלן זיי גאָרנישט באַקומען פון די זייער גרויסע אָנגעזאַמלטע יידישע אוצרות. וועלן זיי אפשר נישט קענען ווערן אינגאַנצן אויס יידן אָבער זיי וועלן זיין זייער טראַגישע יידן. פון די גרעסטע קאָלעקטיווע שאַפונגען פון אונדזער פאָלק, זיינען אפשר די וויכטיקסטע און גרעסטע אונדזערע צוויי שפּראַכן, העברעיש און יידיש; דאַרף מען זיי אייפערדיק אָפּהיטן, כדי זיי זאָלן ביי אונדז נישט פאַרלוירן ווערן, כאָטש אָפּטמאָל מיינט מען אַז עס לוינט זיך נישט צו מאַכן אָנשטרענגונגען אויפצוהאַלטן די יידישע שפּראַכן. אָבער האָבן דען אַמאָליקע יידן פיל געטראַכט וועגן דעם וואָס עס לוינט זיך און וואָס נישט? העברעיש איז כאָטש פאַרזיכערט מיט איר עקסיסטענץ אין מדינת־ישראל, אָבער יידיש איז געבליבן נאָכן חורבן פאַריתומט און דאָס אויפהאַלטן יידיש און נישט לאָזן עס אונטערגיין, איז איינע פון די גרעסטע נאַציאָנאַלע מצוות פונעם וועלטלעכן יידנטום.

„מיר זיינען מתפלל פאַרן קיום פונעם אַרגענטינער יידנטום און מיר האָפן אַז אויב מיר וועלן דערפילן אונדזערע נאַציאָנאַלע פליכטן ווי עס געהער צו זיין, וועלן אונדזערע תפילות אויך אָנגענומען ווערן״.

## רעפעראַט פון ד״ר לעאָן דוכאָווניע

„איך וועל רעדן וועגן קאָנקרעטע זאַכן און וועל מיך נישט פאַרנעמען מיט זאָגן נבואות. ווייל קיינער האָט אין יאָר 1914 נישט געקענט פאָרויסזאָגן די זאַכן וואָס זיינען געשען מיט איינע פיר־פינף יאָר שפּעטער — איז דאָך קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַז מיר קענען היינט נישט פאָר־אויסזאָגן וואָס עס וועט געשען אין הונדערט יאָר. אויב מיר קענען נישט וויסן וואָס עס וועט געשען, ווייסן מיר אָבער וואָס מיר ווילן און מיר ווילן עס זאָל זיין יידן אומעטום ווי זיי זיינען פאַראַן, און נאַטירלעך אויך אין אַרגענטינע. בכדי דאָס זאָל קענען געשען, זיינען פאַראַן סיי פּאָ־זיטיווע, סיי נעגאַטיווע פאַקטאָרן, וועלכע מיר וועלן דאָ גאַנץ בקיצור דערמאָנען. די פּאָזיטיווע פאַקטאָרן זיינען:

„1) דער פאַקט וואָס עס זיינען פאַראַן ביי אונדז אין לאַנד צווישן פיר הונדערט און פינף הונדערט טויזנט יידן. אָט אַזאַ באַדייטנדיקע צאָל יידן קאָן אויף קיין פאַל נישט אַזוי שנעל פאַרשוואונדן ווערן.

„2) דאָס וואָס אונדזער ישוב האָט מאָדעלירט זיין לעבן לויטן ביישפּיל פונעם מיזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום און עס איז אויך וויכטיק דאָס וואָס די גרעסטע מערהייט פונעם אַרגענטי־נער יידנטום לעבט קאָנצענטרירט אין בוענאָס־איירעס.

„3) וואָס מיר לעבן אין גאַנץ גינציקע עקאָנאָמישע באַדינגונגען און דעריבער האָבן מיר מעגלעכקייטן צו שאַפן שולן, ביבליאָטעקן, פאַרלאַגן אאַז״וו. עס איז שוין היינט נישט ווי אַמאָל, ווען אַרויסגעבן אַ יידיש בוך איז געווען כמעט אומעגלעך.

„4) דער פאַקט וואָס אויף דעם זעלביקן קאָנטינענט געפינט זיך דער גרויסער יידישער

ישוב פון נאָרד־אַמעריקע, וואָס האָט שוין באַוויזן, אָדער האַלט אין באַווייזן, ווי אַזוי מען קען איבעדגיסן יידישע קולטור אין אַ פרעמדער שפּראַך, אין דעם פאַל אין ענגליש. מיט אָט־דעם שטאַרקן ברודער־ישוב דאַרפן אונדזערע באַציִונגען ווערן וואָס אַמאָל אַלץ ענגערע.

די נעגאַטיווע פאַקטאָרן פאַרן קיום פון אונדזער היגן ישוב זיינען פאָלגנדיקע:

„1) דאָס וואָס עס איז פאַרשוואונדן, אָדער שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן, אין דער לעצטער צייט די ווירקונג אויף אונדזער כלל־לעבן פון יידישע קאָלאָניעס, וועמענס באַדייטונג עס איז געווען אומאָפּשאַצבאַר פאַר דער אויספורעמונג פון אונדזער ישוב. עס קענען דאָס ריכטיק אָפּ־שאַצן אַלע יענע, וועלכע זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין די יידישע לאַנדווירטשאַפט־לעכע קאָלאָניעס.

„2) דאָס וואָס פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר לערך קומט נישט מער אַהער קיין יידישע עמיגראַציע און דעריבער זיינען מיר אָנגעוויזן בלויז אויף די אייגענע כוחות און צוליב דעם איז אויך אונדזער אחריות גרעסער געוואָרן.

„3) אונדזער גאַנצע עקאָנאָמישע לאַגע האָט אויך דערפירט דערצו, אַז עס זיינען אויפ־געקומען צווישן אונדז אַ גרויסע צאָל פון נייע גבירים, וועמענס איבערגעטריבענע רייכקייט ווירקט נעגאַטיוו — גרעסטנטיילס האַנדלט עס זיך וועגן אומגעבילדעטע פשוטע מענטשן, וועלכע ווערן שטאַרק פאַרריסן ביי זיך און זייער אָפּט אומטאַקטישע אויפגעבלאָזנקייט שטויסט־אָפּ די יוגנט בכלל און אַפילו זייערע אייגענע קינדער. וועגן אַזעלכע אויפגעקומענע גבירים האָט שוין אַמאָל געזאָגט דער באַרימטער דענקער און שרייבער חיים גרינבערג ז״ל, אַז זיי פאַרלירן זייער יידישן לעבנס־שטייגער און קיין אַנדערן געפינען זיי נישט.

„4) אונדזערע באַציִונגען מיט די נאָרד־אַמעריקאַנער יידן זיינען דערווייל נישט אַזוי ווי זיי וואָלטן געדאַרפט זיין. עס קען זיין, אַז די אין אַלגעמיינע אומפריינטלעכע באַציִונג וואָס איז פאַראַן אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער לגבי נאָרד־אַמעריקע, ווירקט אויך אויף די באַציִונ־גען פון די יידישע ישובים אין אָט־די לענדער.

„מיר האָבן ביז איצט זייער ווייניק געטאָן אויף צו פאַראינטערעסירן אונדזער יוגנט מיט אונדזערע פּראָבלעמען בכלל און מיט מדינת־ישראל בפרט, דעריבער איז זי דערווייטערט פון אונדז און פון אונדזערע אינסטיטוציעס. ווען די „העבראַיקאַ״, למשל, האָט אַמאָל געהאַט נאָר 400 מיטגרינדער, פלעגן 300 פון זיי קומען צו אַ קאָנפערענץ וואָס איז דאָרטן איינגעאָרדנט געוואָרן. איצט האָט די זעלבע יוגנט־אינסטיטוציע 25 טויזנט מיטגלידער, און עס קומען בלויז געציילטע עטלעכע צענדלינג אויסהערן אַ קאָנפערענץ. די רעליגיע און דאָס קולטור־לעבן זיי־נען בלי־ספק פּאָזיטיווע פאַקטאָרן אין אונדזער לעבן, אָבער אויך דער אַנטיסעמיטיזם איז עס אין אַ געוויסער מאָס, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען. אויב אין מיטלעלטער איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען אַ פאַקטאָר וואָס האָט בלויז געפירט צום אומברענג פון יידן, פירט ער היינט אָפּטמאָל צו דער אויפהאַלטונג פון יידנטום.

„דאַרף מען זיך אָנשטרענגען צו פאַרשטאַרקן די פּאָזיטיווע פאַקטאָרן און לויט מעגלעכ־קייטן צו נייטראַליזירן די נעגאַטיווע. אויב מיר וועלן אַזוי טאָן, אויפריכטיק, און מיטן גאַנצן האַרצן, קענען מיר האָפן און עס זיינען פאַראַן אויסזיכטן צו פייערן דעם צוויי הונדערט־יאָריקן אַניווערסאַר פון אונדזער היגן ישוב, אַפילו אין בעסערע באַדינגונגען פון די, אין וועלכע מיר געפינען זיך איצטער.



מאיר בערלסאָן

# ייִדיש שול־וועזן אין פּראָווינץ אין די לעצטע 5 יאָר (1958–1962)

אַ ר יי נ פֿ י ר:

זייט דער וועד־החינוך הראשי האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן וועד החינוך המרכזי, האָט דער חינוך־וועזן אין אינערן פון לאַנד אָנגעהויבן דורכמאַכן אָרגאַניזאַציע־ און אינהאַלט־שינויים וואָס קומען אַרויס בולטער פון יאָר צו יאָר.

די עקאָנאָמישע מיטלען וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן צו דער דיספּאָזיציע פון צענטראַלן וועד החינוך האָבן דערמעגלעכט דורכצופירן אַן אַרבעט פון אַ גרעסערן פאַרנעם ווי פריִער. ימי עיון פאַר עסקנים און לערערס, פּערפעקציאָניר־קורסן, רעגיאָנעלע צוזאַמענפאָרן, אויסאַר־בעטונג פון דידאַקטישע מאַטעריאַלן, אָפטערע באַזוכן מצד דער צענטראַלע אין די גרעסערע ישובים און אויך אַ גרעסערע שטיצע פאַרן שול־וועזן אויף דער פּראָווינץ האָבן פיל מיטגע־ווירקט, אַז עס זאָל אַרויס אויף אַ ברייטערן שליאַך. און אחרון־אחרון מוזן מיר דערמאָנען דעם נייעם סעמינאַר פון מאָזעסוויל, אַ ריזיקע אונטערנעמונג וואָס איז געקומען ווי אַ דבר בעתו, מחמת ער איז געשאַפן געוואָרן ווען עס זיינען אונטערגעגאַנגען די אַלע אינסטיטוציעס וואָס האָבן בשעתם צוגעשטעלט לערערס פאַר דער פּראָווינץ.

די צענטראַלע ביוראָ פון וועד החינוך המרכזי האָט אין איר אַרבעט צו פאַרצייכענען גרויסע דערגרייכונגען אין די לעצטע 5 יאָר: לערן־טעקסטן פאַר תלמידים און ביכער פאַר זעלבסטפּערפעקציאָנירונג פונעם לערער, כסדרדיקע מעטאָדישע אָנווייזונגען פאַר דירעקטאָרן און לערערס און אַ שריפטלעכער קאָנטאַקט מיט די צענדלינגער און צענדלינגער וואָס געפינען זיך צעשפּרייט און פאַראיינזאַמט אין דער אומענדלעך גרויסער אַרגענטינער פּראָווינץ זיינען די טאָג־טעגלעכע אַרבעט מיט וואָס די ביוראָ איז באַשעפטיקט. די הונדערטער בריוו וואָס די ביוראָ באַקומט און שיקט אַרויס שטעלן מיט זיך פאָר אַ פאַפּירענעם בריק וואָס פאַרבינדט אונדז מיט די אַלע מקומות.

עס וואָלט אָבער אַ טעות געווען צו דענקען, אַז די אויסגערעכנטע מיטלען זיינען גענוגנ־דיקע. עס דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן די מיזאַמע טעטיקייט פון די אַרומפאָרערס פון צענטראַלן וועד החינוך: אינספּעקטאָרן, פּעדאַגאָגישע אינסטרוקטאָרן און אַנדערע פאַרבינד־מענטשן וואָס באַזוכן די ישובים און ברענגען פּראַקטישע אָנווייזונגען פאַרן לערער, אָריענטאַציע פאַרן עסקן און אויפקלערעריש וואָרט פאַרן ישוב. דער באַזוך פון אַזאַ פּערזאָן איז טאַקע אַ ברכה און זייער דערציִעריש פאַר די אויסגערעכנטע גורמים.

ס׳איז אומבאַדינגט נייטיק פעסטצושטעלן גלייך ביים אָנהייב אַ פּאָר גרונטשטריכן פון די ישובים אין אינערן פון לאַנד אין קעגנזאַץ צום ייִדישן ישוב פון דער גרויסער בוענאָס־איירעס, כדי מען זאָל קענען פאַרשטיין און האָבן אַ קלאָר בילד פון דער סביבה אויף דער פּראָווינץ אין וועלכע עס קומט אויס דעם לערער צו אַרבעטן

דער אַלגעמיינער וועלט־פּראָצעס אַריבערצוגייען פון דאָרף אין שטאָט האָט זייער שטאַרק געטראָפן אונדזער ישוב. אַמשטאַרקסטן איז אויפגעטרייסלט געוואָרן די קאָלאָניזאַציע־באַוועגונג און אין די לעצטע פאָר יאָר, ווען די שטאָט מיט אירע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען האָט

איינגעזאַפּט די ייִדישע יוגנט, איז די קאָלאָניע אויסגעליידיקט געוואָרן פון דעם ייִדישן איינוווינער. די נאָענט־ליגנדע שטעטלעך וואָס זיינען געווען וויכטיקע צענטערס פון ייִדישקייט זיינען אויך שיטערער געוואָרן און ס׳האָבן זיך אין זיי באַזעצט נישט־ייִדן. צום סוף האָבן מיר די גרויסע שטעט פון פּראָווינץ: זייער ייִדישער איינוווינער איז פאַראייניזאַמט און דערווייטערט פון דעם גרויסן ייִדישן צענטער בוענאָס־איירעס.

אין די־אָ פּונקטן קומט אויס אונדזער שול־וועזן אויף דער פּראָווינץ זיך צו אַנטוויקלען און דורכמאַכן אַ פּראָצעס וואָס איז גאַנץ פאַרשיידן פון דעם וואָס עס קומט פאָר אין בוענאָס־איירעס, ביי אַ קאָמפּאַקטער ייִדישער מאַסע מיט אַן אָרגאַניזירט ייִדיש קהילה־לעבן.

אם כן, מוזן מיר קוקן אויפן חינוך־וועזן פון דער פּראָווינץ מיט גאָר אַנדערע אויגן און האָבן אַן אַנדערן צוגאַנג צו איר פּראָבלעמאַטיק, וועלכע מיר וועלן ווייטער אַנאַליזירן.

## סטרוקטור און אינהאַלט פון דער שול אויף דער פּראָווינץ

קיין שום שוואַרצזעער וואָלט נישט געקענט פאָרויסזאָגן, אַז אין פאַרלויף פון אַזאַ קורצער צייט וועט די גאַנצע אַנגעהויפנטע ייִדישע קולטור, טראַדיציע און וויסן אַזוי אכזריותדיק אַרויסגעשטויסן ווערן פון דער ייִדישער היים, ווי דאָס איז פעסטצושטעלן אין איצטיקן מאָמענט. נישט איינמאָל פרעגן מיר זיך די פראַגע: „הזאת נעמי?״, איז דאָס אַ ייִדישע מאַמע? נישט נאָר וויסט זי נישט דעם אינהאַלט פון אַ ייִדישן יום־טוב, נאָר זי איגנאָרירט אַפילו דעם עטישן און עסטעטישן ווערט פון אַ שבת. ייִדישע ווערטן זיינען איר אינגאַנצן פרעמד און שטעלן מיט זיך פאָר אַ ספר חתום. די־אָ מאַמע שיקט דאָס קינד אין דער ייִדישער שול, נישט האָבנדיק די אינערלעכע איבערצייגונג, אַז המשך פון ייִדישן פאָלק איז פאַרבונדן מיט מצוות מעשיות.

אויסגעוואַקסן אין אַזאַ סביבה, קומט דאָס ייִדישע קינד אין דער ייִדישער שול אָן אַ שפּראַך, אָן באַגריפן פון ייִדישקייט און אָן ייִדישע עמאָציעס. דאַרף די שול דורכפירן די שווערע אַרבעט פון אַריינצופירן בהדרגהדיק דאָס קינד אין אַ ייִדישער אַטמאָספער ווו ער זאָל זיך פילן היימיש און זאָל אויך אָנהייבן ליב באַקומען ייִדישקייט.

די אויסגעייִדישטע ייִדישע מאַמע, דערווייטערט — ווי געזאָגט — פון אַלץ וואָס איז אונדז אַזוי טייער, הן אין וואָרט און הן אין טאַט, הייבט אַזוי אַרום אָן אויפצוואַכן פון איר לעטאַרגישן שלאָף, ספּעציעל ווען זי דערהערט אַ ייִדיש וואָרט אין איר קינדס מויל און הייבט אויך אָן מיטגעריסן ווערן מיט די שיינע מסיבות וואָס די ייִדישע שול אָרדנט איין.

די ישובים אויף דער פּראָווינץ זיינען אין זייער כמות זייער פאַרשיידן און די שולן שפּיגלען עקזאַקט אָפּ די־אָווירקלעכקייט. יעדע שול האָט איר אייגנאַרטיקן אויסזען לויט די באַדינגונגען פון דעם פּלאַץ, זי האָט דורכגעמאַכט עליות און ירידות לויט דער צאָל איינוווינערס וואָס געפינט זיך אויפן אָרט. מיר קענען אָנווייזן אויף ישובים וואָס האָבן אַמאָל געשפּרודלט מיט ייִדיש לעבן און אין וועלכע מען האָט אויסגעבויט שיינע בנינים און היינט פּוסטעווען זיי, און אויב עס איז נאָך אין אַזאַ אָרט פאַראַן אַ שול איז זי נישט מער ווי אַ קליינער איבערבלייב פון דער אַמאָליקער פאַרגאַנגענהייט, אַ שאָטן פון דעם אַמאָליקן שיינעם עבר.

צוזאַמען מיט דעם אָנגעוויזענעם כמות־פאַקטאָר, איז אויך אַ גורם פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון דער ייִדישער שול דער אָפּשטאַם פון די ייִדישע איינוווינערס אין די באַטרעפנדיקע ישובים. ערטער וואָס פאַרמאָגן נאָך אַן עמיגראַנטן עלעמענט, ביי וועלכע די ייִדישע שפּראַך לעבט נאָך און ווערט כסדר באַנוצט, ווו אַ ייִדיש ספר פאַרנעמט דעם אויבנאָן און יום־טובים ווערן ווי געהעריק אָפּגעהיט, פאַרמאָגן אַ שטאַרקע ייִדישע שול ווייל די אַלע אויסגערעכנטע פאַקטאָרן זיינען גורמים געזונט צו מאַכן די קרוין־אינסטיטוציע פון אונדזער קהילה־לעבן און זי צו באַשיצן פון אַלדאָס בייז. אין די־אָ שולן איז דער באַזוך פון די קינדער כמעט פון אַ הונדערט פּראָצענט.

מאידך איז כמעט אומגלייבלעך די גרויסע טראַנספאָרמאַציע וואָס אייניקע ישובים האָבן

דורכגעמאַכט אין די לעצטע יאָרן. די נויטווענדיקייט פון דער ייִדישער שול איז פאַר זיי געוואָרן אַן אַקסיאָמע, די באַציִונג צו איר האָט זיך לגמרי געביטן צום גוטן און מען זאָרגט כסדר פאַר איר פאַרשטאַרקונג און פאַרבעסערונג. עס איז אַנטשטאַנען די געזונטע פאָדערונג, אַז די ייִדישע שול זאָל אין איר סטרוקטור און אינהאַלט שטיין אויף אַ העכערן ניוואָ ווי די אַלגעמיינע מלוכה־שול.

עס זיינען ווערט פאַרצייכנט צו ווערן די וויכטיגייענדיקע שריט וואָס די הי־געבוירענע עסקנים האָבן דורכגעזעצט לטובת דער ייִדישער שול: עס זיינען אויפגעבויט אָדער איינגעקויפט געוואָרן מאָדערנע געביידעס מיט די נייעסטע איינריכטונגען; עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן דירעקטאָרן מיט אַ פּרייער דירעקציע און מען האָט באַזאָרגט שולן מיט אַ טעכניש־אַדמיניסטראַטיוון פּערסאָנאַל, וואָס דאָס זיינען גאָר נייע איינפירן אויפן שול־וועזן פון פּראָווינץ; דער ענין איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די גרעסערע ישובים שטעלן אַוועק טראַנספּאָרט־מיטלען וואָס פירן די קינדער אין שול און אַהיים.

ווי עס איז שוין אונטערגעשטראָכן געוואָרן, לויערן אויפן ייִדישן לעבן פון פּראָווינץ גרעסערע געפאַרן ווי אויפן ייִדישן לעבן אין דער גרויסער שטאָט. די ייִדן אין פּראָווינץ בילדן נישט קיין קאָמפּאַקטע מאַסן און זיינען דערצו אַרומגערינגלט פון אַ נישט־ייִדישער סביבה; עס פעלט דער גייסטיק־אָריענטירנדיקער פאַקטאָר וואָס זאָל כסדר רופן צו ייִדישקייט; אין די קליינע ישובים מערקט זיך דאָס פעלן פון אחדות; מען באַקומט נישט טעגלעך קיין ייִדישע צייטונג וואָס זאָל פאַרבינדן מיט כלל־ישראל. דאָס אַלעס און נאָך אַ סך אַנדערע פאַקטאָרן שטעלן אַוועק דעם לערער פאַר דער דילעמע, וועלכן מעטאָד ער זאָל אָנווענדן בכדי דער שילער זאָל אַרויסטראָגן פאַר זיך און פאַר זיין היים אַ קלאָרע פאַרשטעלונג פון ייִדישקייט.

אַ סך מאָל איז דער לערער געצוווּנגען מוותר צו זיין אויפן פאָרשריט פון די לימודים און זיך פאַרוואַנדלען אין אָנפירער פון מסיבות און פייערונגען, ווייל דאָס איז דער איינציקער דערציִערישער וועג וואָס פאַרבינדט די שול מיט דער היים.

ווען מיר קוקן זיך איין אין דער טאַבעלע נומ׳ 2* וואָס טיילט איין די שולן אין קאַטעגאָריעס געפינען מיר, אַז פון דער אַלגעמיינער צאָל שילערס פון יאָר 1962, 4.521 בסך־הכל, געפינען זיך 3.439 (איבער 76%) אין דער 1טער און 2טער קאַטעגאָריעס שולן גוט־אָרגאַניזירטע מיט אַ דירעקטאָר אָדער מער ווי איין לערער — אין וועלכע עס ווערט אויסגעפירט אַ לערן־פּראָגראַם לויט די אָנווייזונגען פונעם וועד החינוך המרכזי. די שולן פון דער גרופּע 4 אין דער זעלבער טאַבעלע — שטעטלעך ביי ייִדישע קאָלאָניעס — זיינען אויך נישט איינהייטלעך אין זייער אינהאַלט. ווי באַוווּסט, האָט די ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין די פאַרשיידענע אַרגענטינער פּראָווינצן נישט באַזעצט קיין איינהייטלעכן עלעמענט. דאָס רופט זיך פאַרשטענדלעך אָפּ אויף דעם געבוי פון דער ייִדישער געזעלשאַפט און ממילא אויך אויף דער ייִדישער שול. למשל: מאָזעסוויל און די שטעטלעך וואָס אַרום איר שטעלן מיט זיך פאָר כמעט אַן אוניקום. דאָרט געפינט מען אַ חותם פון ייִדישער אייגנאַרטיקייט. דאָס זעלבע געשעט אין ווידשאַ קלאַראַ — פּראָווינץ ענטרע־ריאָס — און אין בערנאַסקאָני — פּראָווינץ לאַ פּאַמפּאַ —. פון די אַנדערע שטעטלעך מעגן מיר זיך דערלויבן צו זאָגן, אַז די שכינה האָט זיך פון זיי אָפּגעטאָן.

ווען מיר מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן די יאָרן 1958 און 1962 באַמערקן מיר, אַז די באַציִונג צו דער שול איז געוואָרן פּאָזיטיווער דווקא ביי דער מאַמען וואָס האָט קיין ייִדישע דערציִונג נישט באַקומען און אַז די עסקנים זיינען היינט צו טאָג מער ענטוזיאַסטיש פאַר דער ייִדישער שול ווי זייערע פאָרגייערס און די פאָדערונגען צו דער ייִדישער שול זיינען פיל גרעסער ווי מיט 5 יאָר צוריק.

אַלס פּועל־יוצא פון דעם געזאָגטן קומען מיר צום אויספיר, אַז עס האָט זיך געביטן די גאַנצע פּאַנאָראַמע פון שול־וועזן אין אינערן פון לאַנד. מיר האָבן אַ נייעם טיפּ עסקן, אַ הי־געבוירע־

---

* זע זייטן 3־362.

נעם. דער תלמיד פון אונדזערע שולן איז אויך נישט דאָס וואָס מיט 5 יאָר צוריק און דאָס זעלבע איז חל אויפן לערער, וועלכער איז אַ פּראָדוקט פון דער נייער ווירקלעכקייט.

ווען מיר קוקן זיך איין אין די טאַבעלעס נומ׳ 1 און 2 — שולן איינגעטיילטע לויט קאַטעגאָריעס אין די יאָרן 1958 און 1962 — און אין דער טאַבעלע נומ׳ 3 וואָס פאַרגלייכט די־אָ דאַטן, באַמערקן מיר אינטערעסאַנטע דערשיינונגען: די שולן פון דער 1טער און 2טער קאַטעגאָריעס פאַרשטאַרקן זיך ביסלעכווייז: עס קומען צו נייע מיטלשולן, אַ נייע רובריק „חוג עברי״ און צו דער 1טער קאַטעגאָריע אַ נייע שול — סאַן־כואַן — וואָס איז פריִער געווען אין דער 2טער קאַטעגאָריע. די אַלגעמיינע צאָל תלמידים פון די ביידע קאַטעגאָריעס גייט איבער פון 2.934 אין יאָר 1958, צו 3.439 אין יאָר 1962, ד״ה פון 72% צו 76% רעספּעקטיוו פון דער אַלגעמיינער צאָל תלמידים. די צאָל שילערס פון די סעמינאַרן פאַרטאָפּלט זיך כמעט (פון 190 צו 357) און אין די אָוונט־קורסן ווערן די תלמידים כמעט 3 מאָל אַזוי פיל (פון 125 צו 337).

מיט די שולן פון די קאָלאָניעס און שטעטלעך ביי די קאָלאָניעס איז דער אומבייט כמעט אַ כּאַרקערטער: פון 7 שולן אין די קאָלאָניעס אין יאָר 1958, בלייבן איבער בלויז 3 צום יאָר

טאַבעלע 3

## פאַרגלייך־טאַבעלע פון שולן לויט זייערע קאַטעגאָריעס, און צאָל שילערס יאָרן 1958 — 1962

### צאָל שולן לויט קאַטעגאָריע

| קאַטעגאָריע | יאָר 1958 | יאָר 1962 | באַמערקונגען |
|---|---|---|---|
| קאָלאָניעס | 7 | 3 | |
| שטעטלעך | 13 | 12 | |
| 3טע | 21 | 28 | |
| 2טע | 9 | 8 | |
| 1טע | 10 | 11 | |
| סך־הכל | 60 | 62 | |

## צאָל שילערס אין די שולן, קינדערגערטנער, מיטלשולן, אָוונט־קורסן און חוגים עבריים אין די יאָרן 1958 — 1962

| קאַטעגאָריע | שולן 1958 | שולן 1962 | גנים 1958 | גנים 1962 | מיטלשולן 1958 | מיטלשולן 1962 | אָוונט־קורסן 1958 | אָוונט־קורסן 1962 | חוג עברי 1958 | חוג עברי 1962 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| קאָלאָניעס | 110 | 27 | — | — | — | — | — | — | — | — |
| שטעטלעך | 425 | 297 | 52 | 56 | — | — | — | — | — | — |
| 3טע | 458 | 549 | 72 | 44 | — | — | — | 109 | — | — |
| 2טע | 535 | 363 | 112 | 73 | — | — | 43 | 78 | — | — |
| 1טע | 1.463 | 1.870 | 509 | 523 | 190 | 357 | 82 | 150 | — | 25 |
| סך־הכל | 2.991 | 3.106 | 745 | 696 | 190 | 357 | 125 | 337 | — | 25 |

1962 און פון 110 שילערס ווערן 27. אין די שטעטלעך ביי די קאָלאָניעס, פון 447 שילערס אין 1958, ווערן 353 צום יאָר 1962. נעמענדיק אין באַטראַכט ביידע קאַטעגאָריעס צוזאַמען זעען מיר אַז זיי האָבן אין יאָר 1958, 587 תלמידים, ד״ה איבער 14% פון דער אַלגעמיינער צאָל תלמידים. אין 1962 אָבער, פאַרמאָגן זיי נישט מער ווי 380 שילערס אָדער אַנדערש גע־רעדט, ביי די 9% פון דער אַלגעמיינער צאָל.

אין יאָר 1958 האָבן מיר אין דער 3טער קאַטעגאָריע 530 תלמידים — איבער 13% פון דער אַלגעמיינער צאָל —. אין 1962 זיינען פאַראַן 702 שילערס, ד״ה איבער 15% פון דער אַלגעמיינער צאָל שילערס און עס קומט נאָך צו אַ נייע רובריק: אָוונט־קורסן, מיט 109 תלמי־דים. אויך די צאָל שולן איז פאַרגרעסערט געוואָרן. פון 21 אין 1958 זיינען געוואָרן 28 צום יאָר 1962.

טאַבעלע 4

## פאַרגלייך־דאַטן פון די שולן אויף דער פראָווינץ אין די יאָרן:
## 1957, 1958, 1959, 1960, 1961, 1962

| צאָל | 1957 | 1958 | 1959 | 1960 | 1961 | 1962 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| שולן | 66 | 61 | 55 | 57 | 56 | 62 |
| קינדערגערטנער | 26 | 25 | 30 | 29 | 27 | 28 |
| מיטלשולן | 3 | 5 | 6 | 7 | 8 | 9 |
| אָוונט־קורסן | 4 | 6 | 9 | 10 | 10 | 14 |
| לערער־פערסאָנאַל | 148 | 138 | 125 | 120 | 121 | 160 |
| **צאָל שילערס** | | | | | | |
| אין די גראַדן | 2.746 | 2.991 | 2.656 | 2.755 | 2.876 | 3.106 |
| אין קינדערגאָרטן | 709 | 745 | 637 | 785 | 747 | 696 |
| אָוונט־קורסן | 51 | 125 | 52 | 121 | 128 | 337 |
| חוג עברי | — | — | — | — | — | 25 |
| אין מיטלשולן | 110 | 190 | 319 | 277 | 302 | 357 |
| ס״ה צאָל שילערס | 3.616 | 4.051 | 3.664 | 3.938 | 4.053 | 4.521 |

## עוואָלוציע פון דעם שול־וועזן אין אינערן פון לאַנד לענגוים די יאָרן 1962 — 1957

די טאַבעלע נומ׳ 4 ברענגט אונדז פאַרגלייך־דאַטן פון די אויבנדערמאָנטע יאָרן. למראות עין זיינען דאָס טרוקענע ציפערן וואָס געבן אונדז אַ באַגריף פונעם פּראָצעס וואָס די פּראָווינץ האָט דורכגעמאַכט אין דעם־אָ צייט־אָפּשניט פון 6 יאָר.

פון דעסטוועגן וויפל ראַנגלענישן, וויפל זוכענישן אין דער פינצטער ביז מען האָט גע־פונען דעם ריכטיקן וועג, וויפל ענערגיע און וויפל אוממיטלבאַרער האָפענונג שטעקן אין די־אָ „טרוקענע״ ציפערן! זיי זיינען אַ סינטעטיזירטער עדות־זאָגן פון דעם ריזיקן קאַמף וואָס עס איז דורכגעפירט געוואָרן פאַר דער אויפהאַלטונג און אויסבעסערונג פונעם שול־וועזן אין דער פּראָווינץ. אַן אַרמיי פון הונדערטער עסקנים, לערערס, עלטערן, מיט דער אָריענטאַציע פון דעם

וועד החינוך המרכזי האָט באַוויזן בייצוקומען דעם שונא אין באַשטאַנד פון כלערליי שטרויכ־לונגען און פּראָבלעמען פון אַלזייטיקן כאַראַקטער — פון עקאָנאָמישע ביז ריין־פּעדאַגאָגישע — וואָס האָבן געדראָעט חרוב צו מאַכן דעם דורך שווערער אַרבעט אויפגעשטעלטן חינוך־בנין פון אינערן אַרגענטינע. דער קאַמף איז נאָך נישט פאַרענדיקט, אָבער די פּאַנאָראַמע האָט זיך זייער געביטן און די אויסזיכטן זיינען זייער גוטע.

צוליבן מאַנגל אין לערערס, האָט זיך די צאָל שולן פאַרקלענערט צווישן די יאָרן 1957־1961. היי־יאָר האָבן מיר דערגרייכט צו דער צאָל שולן וואָס מיר האָבן געהאַט אין 1957 (4 פון די 66 וואָס מיר האָבן דעמאָלט פאַרמאָגט, זיינען געווען אין דער הויפּטשטאָט. ווען דער אַמאָ־ליקער וועד החינוך הראשי האָט זיך פאַראייניקט מיטן צענטראַלן וועד החינוך, זיינען די־אָ שולן אַריבער אין רשות פון דער אָפּטיילונג פאַר הויפּטשטאָט־שולן).

פון קינדערגערטנער מערקט זיך נישט קיין עליה. די צאָל בלייבט מער־ווייניקער סטאַטיש. דאָס איז צוליב דעם וואָס מיר האָבן נישט קיין ספּעציאַליזירטן פּערסאָנאַל אויף דעם געביט ווי אויך נישט קיין קינדערגערטנער־אינסטרוקטאָרנס ווי עס איז פאַראַן אין הויפּטשטאָט. אויף דער אָפּטיילונג דאַרפן מיר טאַקע לייגן דעם טראָפּ, בכדי די גנים זאָלן דורכמאַכן די זעלבע עליה ווי אַלע אַנדערע געביטן פון אונדזער שול־וועזן אין פּראָווינץ.

אָונט־קורסן זיינען געוועזן אַ זעלטנקייט אויף דער פּראָווינץ. גאָר ווייניק יוגנטלעכע צו דערוואַקסענע האָבן געהאַט אַן אינטערעס צו לערנען אין אַזעלכע קורסן. ביסלעכווייז אָבער האָבן מיר באַוויזן צו פאַרוואַנדלען די דאָזיקע אַפּאַטיע אין אַ וואָס אַמאָל גרעסערן אינטערעס. אין 1957 האָבן מיר געהאַט 4 אָונט־קורסן. היינט פאַרמאָגן מיר 14, ד"ה איבער 3 מאָל אַזוי פיל און די צאָל שילערס וואָס לערנט אין זיי איז געשטיגן אין אַ נאָך גרעסערער פּראָפּאָרץ: פון 51 אין יאָר 1957 האָבן מיר איצט — 1962 — 337, איבער 6 מאָל אַזוי פיל שילערס ווי דעמאָלט. אַ חוץ דעם איז נאָך צוגעקומען אַ חוג עברי אין באַשטאַנד פון 25 מיטגלידער.

די גרעסטע דערגרייכונגען האָבן מיר געהאַט מיטן מיטלשול־וועזן וועלכער, ווי עס ווערט שוין געזאָגט אין אַן אַנדער אָרט פון דער־אָ אַרבעט, דאַרף און וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין דער באַזאָרגער פון לערערס פאַר דער פּראָווינץ.

אין 1957 האָבן מיר געהאַט 3 מיטלשולן. דאָס זיינען געווען — אויסער דער יהדות־סע־מינאַר פון מאָזעסוויל — די ערשטע טריט פון דער פּראָווינץ אויף דעם שווערן וועג. די צאָל שילערס איז דעמאָלט געווען 110. נעמענדיק אין אַכט די נויטווענדיקייטן פון אַזעלכע אַנ־שטאַלטן אויף צו בילדן לערערס און פאַרמירן יידישע אינטעליגענטן וואָס זאָלן גיין ווייטער אויף אונדזערע דרכים, האָבן ביסלעכווייז די גרעסערע ישובים געשאַפן ביי זיך התחלות פון סעמינאַרן־מיטלשולן. און די פּרווו האָט געהאַט דערפאָלג.

נישט לייכט איז אָנגעקומען צו גיין דעם ווייטן מהלך וואָס פירט פון אַ העכערן קורס צו אַ גוט־אָרגאַניזירטער מיטלשול. מיט דער צייט און מיט דער דערפאַרונג וואָס די צייט גיט, האָט מען באַוויזן צו דערגרייכן פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. די גרעסערע ישובים האָבן אָנגעהויבן נאָכטאָן דעם ביישפּיל און די געזונטע דערשיינונג האָט געגעבן אירע פּרוכטן: היינט צו טאָג האָבן מיר 9 מיטלשולן־סעמינאַרן (3 מאָל אַזוי פיל ווי אין 1957) פון וועלכע 4 האָבן שוין דעם גאַנצן קורס און אירע אַבסאָלווענטן אַרבעטן אין אונדזער שול־וועזן. דאָס דערפרייענ־דיקסטע פון דעם פאַקט איז אַז עס זיינען פאַראַן גוטע אויסזיכטן אין די קומענדיקע יאָרן — און אפשר טאַקע אויף איבעראַיאָר — 1963 — זאָלן אַנדערע גרעסערע ישובים עפענען הע־כערע קורסן וואָס מיט דער צייט וועלן זיי פאַרוואַנדלט ווערן אין מיטלשולן.

איינע פון די האַרבסטע פּראָבלעמען אין אינערן פון לאַנד איז דאָס פעלן פון אַ גענוגנדיקע צאָל לערערס. צוליב דער־אָ סיבה בלייבן יאָר־יערלעך אַ סך שולן געשלאָסן, אָדער עס איז אונדז אוממעגלעך צו עפענען נייע שולן אין ישובים וואָס האָבן אַזעלכע נאָך קיינמאָל געהאַט. איז פון תמיד אָן געווען אונדזער ציל דאָס האָבן אַ גענוגנדיקע צאָל לערערס פאַר אַלע אונ־דזערע באַדערפענישן. היי־יאָר האָבן מיר דעם ציל כמעט דערגרייכט, איבערהויפּט, אַ דאַנק

די לערערס וואָס עס האָט אונדז צוגעשטעלט דער נייער לערער־סעמינאַר פון מאָזעסוויל. בלויז צוליב זיין בייטראָג האָבן מיר היי־יאָר דערגרייכט צו אַ צאָל לערערס אָן פרעצעדענטן אין דער געשיכטע פון חינוך־וועזן אויף דער פראָווינץ: 160.

דאָך איז די צאָל נישט גענוגנדיק. ווי עס ווערט אָנגעוויזן אין דער טאַבעלע נומ׳ 6, וואָלטן מיר היינטיקס יאָר געקענט עפענען נאָך 8 שולן ווען מיר האָבן די לערערס. דאַרפן מיר אינ־טענסיפיצירן אונדזער אַרבעט און פאַרשטאַרקן די סעמינאַרן פון פראָווינץ בכדי זיי זאָלן דעם מאָרגנדיקן טאָג אונדז צושטעלן די נייטיקע צאָל לערערס, אויב נישט נאָך העכער. דאָס לעצטע וואָלט געווען זייער כדאי, ווייל מיר וואָלטן געקאָנט אויסקלייבן די בעסטע פון צווישן זיי.

די סך־הכלען פון דער צאָל שילערס אויף דער פראָווינץ זאָגן עדות ווי שווער עס איז אָנ־געקומען דאָס פאַרשטאַרקן דעם דאָזיקן שול־וועזן. מיט אַלע מיטלען האָבן מיר געזען צוציִען תלמידים צו אונדזערע לערן־אַנשטאַלטן און דער סוף איז געווען „יגעתי ומצאתי״. היינטיקס



אַ שילערין בענטשט ליכט ביי אַ קבלת־שבת אין דער שול פון פאָסאַדאַס (1960).

יאָר האָבן מיר 905 שילערס מער ווי אין 1957. ווען מיר רעכענען צו די 4 אויבנדערמאָנטע שולן פון דער הויפטשטאָט וואָס זיינען פריִער געווען אונטער אונדזער רשות, וואָלט די דיפע־רענץ געשטיגן צו אַ 1.200 שילערס, אַ גאַנץ בכבודיקע צאָל אין דעם איצטיקן מאָמענט.

מיר ווענדן ווייטער אָן אונדזערע מיטלען צו פאַרשטאַרקן און פאַרבעסערן ווי ווייט מעגלעך אונדזער טעטיקייט לטובת דעם שול־וועזן אין אינערן פון לאַנד. לאָמיר האָפן, אַז אונדזער אַרבעט וועט ווערן געקרוינט מיטן געהעריקן דערפאָלג.

ווי אַזוי ציִען מיר צו אויסגעייִדישטע ייִדישע קינדער צו אונדזערע שולן? מיר פאַר־אינטערעסירן זיי און ברענגען זיי צוביסלעך אַריין אין אַ ייִדישער אַטמאָספער. מען אָרדנט איין שיינע יום־טובים און ס׳ווערן ביים קינד אַרויסגערופן ייִדישע עמאָציעס. ער ווערט באַ־גייסטערט פון ייִדישע העלדן און הייבט אָן ווערן אַן אוהב־ישראל און אַלץ וואָס הייסט ייִדיש־קייט ווערט אים ליב. די ווירקונג וואָלט אָבער געווען אַ סך גרעסער ווען די היים וואָלט דער־

גענצט דאָס וואָס די שול גיט אים. אויב די היים וועט נישט פאַרייִדישט ווערן, וועט זיין ווי שלמה עטינגער זאָגט אין איינעם פון זיינע משלים:

„נו, לאָמיך שוין אַמאָל הערן,
לאָמיך שוין אַמאָל געוויר ווערן,
איר ברענגט דאָ מיך אַריין אין צאָרן,
איך בין דאָך שוין, כ׳לעבן, גאָר פאַרמישט!
זאָגט מיר שוין, וואָס איז אויס דעם קינד געוואָרן?
עס איז אויס אים געוואָרן טאַקע — אַ נישט!

און אויב די היים וועט נישט פאַרייִדישט ווערן וועט דער יום־טוב אין שול בלייבן ווי אַ סוראָגאַט, אָדער באַנוצנדיק אַ טעכניש וואָרט, אַן „ערזאַץ״ וואָס וועט נישט קענען באַווירקן דאָס קינד, ווייל אַ יום־טוב דאַרף מען נישט בלויז דערציילן, מאַכן פון אים נישט מער ווי ליטע־ראַטור, נאָר טאַקע אים איבערלעבן. דער ציל פון אונדזער שול איז דערציִען דאָס קינד אַלס נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקן ייִד, בכדי ער זאָל נישט וואַקסן קיין גייסטיקער קריפּל, נאָר ער זאָל זיין גאַנץ מיט זיך אַליין, ער זאָל וויסן פון וואַנען ער קומט און וווהין ער גייט. דערצו מוז מען האָבן די מיטהילף פון דער היים און צו דעם שטרעבן מיר.



פאָרשטעלונג „אגדת מודיעין״, „טאַנץ פון די מכבייערנס״ — „ד״ר הרצל״־שול פון באַהיאַ בלאַנקאַ — יאָר 1958.

אונדזער לימודים־פּלאַן ליידט פון צוויי־שפּראַכיקייט. די מערהייט שולן וואָס זיינען נישט גוט אָרגאַניזירט זיינען אויך נישט ביכולת דורכצופירן דעם לימוד פון די 2 שפּראַכן אויף אַזויפיל, אַז אין 6טן גראַד, נאָך 7 יאָר לערנען, זאָל דער תלמיד באַזיצן גענוג ייִדיש און העב־רעיִש עד זאָל אין זיי קענען אויסדריקן זיינע געדאַנקען און געפילן. מאַכט אָבער דאָס קינד דורך נאָרמאַל 2 יאָר קינדערגאָרטן און שפּעטער 7 לערניאָר אין דער אָנפאַנג־שול מיט גענוג מע־טאָדישע מיטלען פאַר די־אָ לימודים, באַקומט מען צופרידנשטעלנדע רעזולטאַטן. צום באַ־דויערן, קענען מיר נישט אָנווייזן דאָס דאָזיקע, נישט אויף די שלעכט־אָרגאַניזירטע שולן מיט

1 לערער און נישט אויף די ווייניק צאָל יאָרן וואָס די מערהייט פון אונדזערע שילערס לערנען. דערפאַר זיינען טאַקע די כמותדיקע דערגרייכונגען גאַנץ באַגרענעצטע. מיט דער כוונה קעגנ־צווירקן די אויסגערעכנטע נעגאַטיווע פאַקטאָרן, האָבן מיר זיך אָנגעצייכנט אַן ענד־ציל פאַר אונדזער דערציִערישער אַרבעט און ער איז, אַז דער גייסט פון אונדזער פאָלק מיט די נייע שטרעמונגען וואָס אונדזער נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט געשאַפן, זאָלן זיין די באַגלייט־מיטלען פאַרן לימוד און שאַפן אַ פּערמאַנענטע פאַרבינדונג צווישן דעם קינד און די הויכע אידעאַלן פון אונדזער פאָלק דורך שול־פייערונגען, אַן אויסוואַל פון העלדן פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט און פון היינט, וואָס דינען ווי אַ סימבאָל פון די אייביקע ייִדישע נבואות־קאָנצעפּטן און — נישט־קוקנדיק אויף די שוועריקייטן און צווייפלהאַפטע מעגלעכקייטן פאַר גרויסע רעאַליזאַ־ציעס — וואָס זיינען די איינציקע מיטלען ביי אונדז אין די תפוצות אין איצטיקן מאָמענט, מיר זאָלן קענען דערגרייכן אונדזער ציל.

מיר שטייען פאַר גרויסע רעאַליזירונגען אויף דעם געביט און ס׳איז צו דערוואַרטן, אַז גאָר אין גיכן וועט דער ענטפער זיין גאַנצער און מעטאָדישער לגבי דער צוקונפט פון דעם קינדס נשמה אין די תפוצות.

## מ י ט ל ש ו ל ן

צוזאַמען מיטן אַלגעמיינעם ווילן אויסצובררייטערן און פאַרטיפן די ידיעות פון אונדזערע תלמידים אין דער הויפּטשטאָט האָט זיך געמערקט אויך אויף דער פּראָווינץ די זעלביקע שטרעבונג: עסקנים האָבן זיך אָנגעהויבן איבערצייגן, אַז די ידיעות וואָס די קינדער באַקומען אין דער עלעמענטאַר־שול זיינען נישט גענוגנדיק. האָט זיך כמעט ווי אין יעדן גרעסערן ישוב אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו עפענען פריִער העכערע קורסן פאַר די שילערס וואָס האָבן געענ־דיקט דעם 6טן גראַד און דערנאָך פאַרוואַנדלען די־אָ קורסן אין מיטלשולן אָדער סעמינאַרן.

ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן, זיינען די מיטלשולן געשאַפן געוואָרן אין די גרעסערע ישובים — אַחוץ מאָזעסוויל, וואָס האָט „געוואַגט״ צו שאַפן דעם „יהדות״־סעמינאַר און דער־נאָך איז צוגעקומען דער נייער לערער־סעמינאַר — וואָס געפינען זיך זייער ווייט איינער פון אַנדערן. דעריבער האָבן זיי געמוזט זיין זעלבסטשטענדיק און זיך באַזאָרגן מיט אייגענע כוחות. נאָר אַזוי אַרום האָבן זיי געקענט דעקן זייערע נויטן פאַר דער עקזיסטענץ פון די באַטרעפנדיקע מיטלשולן.

דער אידעאַליסטישער לערער יוסף דראַזנין ע״ה איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אין אין „זיין״ מאָזעסוויל געגרינדעט אַ סעמינאַר. ער האָט געהאַט אויסצושטיין גענוג קריטיק פאַר זיין „העזה״. זיין דערפאָלג איז אָבער געווען אומאָפּפרעגבאַר; דער סעמינאַר „יהדות״ האָט שוין אַרויסגעגעבן הונדערטער לערערס פון וועלכע אַ גרויסער טייל אַרבעט אין אונדזערע שולן ווי אויך אין אויסלאַנד. אין דער פרוי פרידאַ גוטמאַן האָט דער סעמינאַר געפונען אַ קאָאָפּעראַציע וואָס איז געווען אין לשער. און אויב מאָזעסוויל איז נישט אַראָפּ פון דער מאַפּע אַלס ייִדישער צענטער איז דאָס אַ דאַנק דעם סעמינאַר, וואָס איז געוואָרן אַ שם־דבר אין אַר־גענטינע און אין אויסלאַנד.

ראַזאַריאָ איז געווען דער צווייטער ישוב אין דער פּראָווינץ וואָס האָט באַשלאָסן צו עפע־נען אַ סעמינאַר. אין זייער אָנפאַנג־שול אַרבעטן היינט 5 לערערס — אַביטוריענטן פון דעם־אָ לערער־סעמינאַר. אין דעם ישוב איז מערקווירדיק דער דראַנג פון די שילערס פון 6טן גראַד פאָרצוזעצן זייערע לימודים אין דעם סעמינאַר.

נאָך ראַזאַריאָ איז געקומען קאָרדאָבאַ, דערנאָך לאַ פּלאַטאַ, באַהיאַ בלאַנקאַ, רעסיסטענ־סיאַ, סאַנטאַ פע. די אַלע העכערע אַנשטאַלטן זיינען גענוגנדע עדות וועגן באַוווסטזיין פון עסקנים און עלטערן, וועלכע האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט צו פאַרשפּרייטן

אונדזער קולטור, — מיט אַ העכערן ניוואָ — צווישן די יוגנטלעכע און זיי אָריענטירן אין זייער זוכענישן פון עלעמענטן וואָס זאָלן זיי מאַכן פילן שטאָלץ צו געהערן צום ייִדישן פאָלק.

אין די דערמאָנטע ערטער באַנוצט מען זיך מיטן לערן־פּראָגראַם פון דעם לערער־סעמינאַר ביי דער קהילה פון בוענאָס־איירעס אַלס יסוד. די וואָס האָבן געענדיקט אונדזערע מיטלשולן זיינען נישט נאָר דערגאַנגען צו וויסן תנ״ך אין מקור, נאָר אויך די יסודות פון משנה, אגדה אין אַלגעמיינע באַגריפן פון תלמוד. אויך ווערט אינטענסיוו געלערנט ייִדישע געשיכטע, נאַציאָנאַלע שטרעמונגען ביי ייִדן, ציוניזם און בכלל אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט אונדזער רייכער, פיר־טויזנט־יאָריקער קולטור.

אין די מערהייט פון די דערמאָנטע מיטלשולן ווערט אויך געזאָרגט, אַז די דערציִערישע טייל פון די לימודים זאָל ווערן באַגלייט מיט מעשים און אַז אין די יאָרן פון זייער לערנען זאָלן די יוגנטלעכע דורכמאַכן אַ טעטיקייט־פּלאַן וואָס זאָל זיי מדריך זיין אין דער פּראָבלעמאַטיק פון אונדזער ייִדיש־לעבן.

נישט אַלע אַבסאָלווענטן פון די סעמינאַרן ווערן טאַקע לערערס, אָבער זיי ווערן יאָ באַוווּסטזיניקע ייִדישע אינטעליגענטן וואָס טראָגן צו צו דער פאַרשטאַרקונג פון אונדזער ישוב.

וועגן דעם נייעם סעמינאַר אין מאָזעסוויל, אַן אוניקום אין גאַנץ אַרגענטינע און אפשר אויך אין גאַנץ זיד־אַמעריקע, און וואָס איז געשאַפן געוואָרן און ווערט אויסגעהאַלטן דורך דער קהילה פון בוענאָס־איירעס, איז פאַראַן אַ באַזונדער אַרבעט וואָס באַהאַנדלט אים בהרחבהדיק.

## אינטעגראַלע שולן

מיטן אויפקום פון הי־געבוירענעם עסקן, ווען די היגע מאַמע האָט אָנגעהויבן שיקן אירע קינדער אין דער ייִדישער שול און דער פּראָפעסיאָנאַל האָט אָנגעהויבן זיך פאַראינטערעסירן מיטן ייִדישן לעבן, האָבן די השגות און איינשטעלונגען לגבי דער ייִדישער שול זיך ראַדיקאַל געביטן. אָנשטאָט ביודזשעטן פאַר איין לערער און געדונגענע געביידעס פאַר דער ייִדישער שול זיינען אויסגעוואַקסן ריזן־ביודזשעטן פון מיליאָנען פאַר געביידעס, געהאַלטן, פּערסאָנאַל, טראַנספּאָרט־מיטלען א״אַ. צוזאַמען מיט דעם האָבן די פרייִער־דערמאָנטע פאַקטאָרן פאַרשטאַנען אַז ס׳איז נישט מעגלעך פאַרצוזעצן דעם לימוד אין דער ייִדישער שול ווען זי איז נישט מער ווי אַ צוגאָב צו דער מלוכה־שול, ווו דאָס קינד פאַרברענגט איין טורנע, דאַרף צוגרייטן די לימודים אינדערהיים, לערנען אַנדערע קענטשטאַנדן און באַזוכן נאָך צוויי מאָל אין וואָך אין דער מלוכה־שול כדי צו קענען דערגענצן די אויסגעברייטערטע לערן־פּראָגראַם וואָס די מלוכה אַרבעט אויס פון יאָר צו יאָר. דאָס האָט געבראַכט דעם געדאַנק וועגן שאַפן אינטעגראַלע שולן.

די שטאָט קאָרדאָבאַ איז אויף דעם געביט געווען נחשונדיק און האָט די ערשטע געעפנט אַ שול ווו די ייִדישע לימודים זיינען געלערנט געוואָרן צוזאַמען מיט די אַלגעמיינע. דער אָנהייב איז געווען זייער אַ שווערער. ווי געוויינלעך, זיינען די דערגרייכונגען לכתחילה געווען זייער באַגרענעצטע, און דער ייִדישער לימוד איז געווען דער געליטענער צד. מען האָט געזוכט וועגן, מען איז געווען בספק צי עס לוינט אַזאַ טיפּ שול וואָס באַלאַסט זייער שטאַרק די קאַסע פון דער קהילה, אין דער צייט ווען די דערגרייכונגען זיינען נישט פון די גרויסע. די ייִדישע געזעלשאַפט, די ברייטע מאַסן האָבן אויך אויפגענומען מיט צווייפל די־אָ איניציאַטיוו, נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס זיי אַליין זיינען געווען די וואָס האָבן געבראַכט דערצו מיט זייער נישט שיקן די קינדער אין דער ייִדישער שול, ווייל דער נישטיקער פּראָצענט ייִדישע קינדער וואָס האָבן באַקומען אַ ייִדישע דערציִונג האָט באַוויזן דער אָרטיקער קהילה צו עפענען אַן אינטעגראַל־שול.

מען האָט על פּי טעות גערופן דעם־אָ אַנשטאַלט „אינטעגראַל־שול״. זי איז אָבער נישט אינטעגראַל אין אירע ערשטע יאָרן, ווייל טראָצדעם וואָס די קינדער לערנען טאַקע אַלגעמיינע

און יידישע לימודים אין דער זעלבער צייט, איז אָבער די צאָל שעהן וואָס ווערן געווידמעט יידישע לימודים אַזוי קליין, אַז עס דערמעגלעכט נישט אָנצוצייכענען דערציערישע פּלענער אין איינקלאַנג מיט דעם וואָס דער קאָנצעפּט „אינטעגראַלע דערציונג" איז מחייב.

די ערשטע שריט פון קאָרדאָבער ישוב אויף דעם געביט פון אינטעגראַלע שולן האָבן באַווירקט אַנדערע גרעסערע ישובים, וועלכע האָבן געליטן פון אַ קליינער קינדער־אַסיסטענץ, פון אַפּאַטיע מצד די עלטערן און פון אַ שטאַרקער קריטיק מצד די יעניקע וואָס האָבן געטענהט, אַז די שול אין אַזאַ לאַגע באַפרידיקט נישט. פריער מענדאָסאַ און שפּעטער טוקומאַן און אַסונ־סיאָן (פּאַראַגוויי), זיינען געגאַנגען אין די וועגן פון קאָרדאָבאַ און אין די דאָזיקע ישובים האָט



שילערינס פון דער ח. נ. ביאַליק־שול אין ראָזאַריאָ.

זיך אַנטוויקלט אַ נייער סאָרט שול וועגן וועלכן ס'איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אַביסל ברייטער, היות אַנדערע ישובים אויף דער פּראָווינץ ווילן פאַרוואַנדלען זייערע צוגאָב־שולן אין אינ־טעגראַלע לערן־אַנשטאַלטן.

לאָמיר גלייך ביים אָנהייב פעסטשטעלן, אַז במשך די יאָרן עקזיסטענץ פון די 4 שולן, איז די צאָל שילער כסדר געשטיגן, דערגרייכנדיק אין קאָרדאָבאַ צו דער קאָלאָסאַלער ציפער פון 600 תלמידים, כן ירבו! דער אַרגומענט פון די עלטערן איז געווען, אַז צוויי שפּראַכן אין אַ שול איז צופיל און פאָלגלעך, מוז מען אויסקלייבן איין שפּראַך. פאַר זיי איז העברעיש געווען די בכורה־שפּראַך צוליב זייער נישט זיין פאַרבונדן מיט יידיש. עס זיינען אויך צוגעטראָטן צו דער שול די ספרדים, אַן עלעמענט וואָס איז, צום באַדויערן, זייער ווייט פון שיקן זיינע קינדער אין דער יידישער שול.

עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז דער „ונהיה ככל הגוים בית ישראל!" איז געווען דער אונ־טערבאַוווסטזיניקער פאַקטאָר וואָס האָט באַוויגן די ערשטע גרינדערס פון דער אינטעגראַלער שול. ווען מיר מאַכן אָבער אַן אָביעקטיוון אַנאַליז פון די־אָ 4 שולן, זייערע דורכפאַלן און דער־גרייכונגען, זעען מיר אַז די לעצטע זיינען געווען פיל מערער ווי די ערשטע. עס זיינען רעאַ־

ליזירט געוואָרן איניציאַטיוון דורך די אָרטיקע פּאַרוואַלטונגען מיט גרויס דערפאָלג. די שול איז געוואָרן ביי די הי־געבוירענע עלטערן, שפּאַניש־ריידנדיקע, דער צענטער פון זייער קול־טור־לעבן, זייער אָנשפּאַר. דורך די שולן איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אויפקלערונג פון יידיש־קייט־עניינים און אַ דאַנק זייער איבערגעגעבנקייט איז זייער פּעדאַגאָגישער ניוואָ שטאַרק געשטיגן, אַריבעריאָגנדיק די אָרטיקע מלוכה־שולן. נאַטירלעך איז עס געקומען פון דעם באַוווסטזיין פון די עסקנים וואָס האָבן צוגעטיילט דעם יידישן טייל די געהעריקע פּאָזיציע, נאָך לאַנג זוכן און זיך ראַנגלען מיט כלערליי שוועריקייטן. ווען עלטערן האָבן דערזען אַז מען קען לערנען יידישקייט און אַלגעמיינע לימודים נישט פּאַרמינערנדיק די דערגרייכונגען פון די לעצטע, האָבן זיי אַלץ מער געזוכט צו דערנעענטערן זיך צו דעם שול־וועזן און האָבן פיל ביי־געשטייערט פאַר איר פאַרשענערונג און דערפאָלג. אַזוי איז אויך געשאַפן געוואָרן די ערשטע



אינטעגראַל־שול פון אַסונסיאָן דעל פּאַראַגוויי — יאָר 1961.

אינטעגראַלע מיטלשול אין קאָרדאָבאַ. מענדאָסאַ האַלט ביים מאַכן אַזאַ שריט און דורך דעם וועלן אויך די יוגנטלעכע בלייבן מיט אונדז במשך די פינף יאָר וואָס עס דויערט דער ציקל פון מיטל־בילדונג אין אַרגענטינע.

עס איז צו דערוואַרטן אַז דער אמתער זין פון אינטעגראַלער דערציִונג זאָל אויך ווערן אַ רעאַליטעט מיטן איינפירן אַ לימוד פון צוויי טורנעס — אינדערפרי און בייטאָג — כדי דאָס קינד זאָל באַקומען זיין אַלגעמיינע און יידישע פאָרמירונג אין דער יידישער שול און נישט אויסער איר. אָן דעם טייל קען מען נישט ריידן פון קיין אינטעגראַלער דערציִונג און אָן דער טייל קען דער אַנשטאַלט נישט אָנגערופן ווערן „אינטעגראַל־שול".

כדי צו דערגענצן כאָטש טיילוויז דעם איינשטעל האָבן די שולן איינגעפירט אַ דערגענ־צונג־לערע פאַר פאַרשיידענע קעגנשטאַנדן. קינדער וואָס האָבן נייגונגען צו מוזיק, האַנט־אַר־

טאַבעלע 1

# רשימה פון שולן איינגעטיילטע לויט קאַטעגאָריעס — יאָר 1958

| נומ׳ | קאָלאָניעס |
|---|---|
| 1. | קאָלאָניע לאַפּין |
| 2. | קאָלאָניע ראָקאַ |
| 3. | קאָלאָניע אַבּיגדור |
| 4. | לאַ קאַפּיזשאַ |
| 5. | סאַן אַנטאָניאָ |
| 6. | קאַפּיוואַראַ |
| 7. | ראַבאָן |
| | שול — — — 110 |

| נומ׳ | שטעטלעך ביי די קאָלאָניעס |
|---|---|
| 1. | סערעס |
| 2. | לאָס פּאַלמעראַס |
| 3. | מאָניגאָטעס |
| 4. | רייוועראַ |
| 5. | בערנאַסקאָני |
| 6. | מעדאַנאָס |
| 7. | אַלקאַראַס |
| 8. | באַסאַווילבאַסאָ |
| 9. | דאָמינגעז |
| 10. | וויזשאַ קלאַראַ |
| 11. | סאַן סאַלוואַדאָר |
| 12. | פּעדערנאַל |
| 13. | אובאַדזשי |
| | שול — — — 425 |
| | גן — — — 52 |
| | ס״ה — 477 |

| נומ׳ | 3טע קאַטעגאָריע*** |
|---|---|
| 1. | קאַטאַמאַרקאַ |
| 2. | לאַ ריאָכאַ |
| 3. | סאַן ראַפאַעל |
| 4. | סאַן מאַרטין |
| 5. | סאַן לויס |
| 6. | וויזשאַ מאַריאַ |
| 7. | ריאָ קואַרטאָ |
| 8. | סאַן ניקאָלאַס |
| 9. | סאַן קריסטאָבאַל |
| 10. | סאַראַטע |
| 11. | קאַמפּאַנאַ |
| 12. | מאָנטע גראַנדע |
| 13. | אַדראָגע |
| 14. | בעריסאָ |
| 15. | ק. קאַסאַרעס |
| 16. | טאַנדיל |
| 17. | סאַפּאַלאַ |
| 18. | גענעראַל ראָקאַ |
| 19. | גואַלעגואַיטשו |
| 20. | וויזשאַגואַי |
| 21. | וויזשאַ אַנכעלאַ |
| | שול — — — 458 |
| | גן — — — 72 |
| | ס״ה — 530 |

| נומ׳ | 2טע קאַטעגאָריע** |
|---|---|
| 1. | סאַלטאַ |
| 2. | ס. דעל עסטעראָ |
| 3. | קאָריענטעס |
| 4. | פּאָסאַדאַס |
| 5. | קאָנקאָרדיאַ |
| 6. | פּאַראַנאַ |
| 7. | סאַן כואַן |
| 8. | מאַר דעל פּלאַטאַ |
| 9. | ק. דעל אורוגואַי |
| | שול — — — 535 |
| | גן — — — 112 |
| | א׳־קורס — 43 |
| | ס״ה — 690 |

| נומ׳ | 1טע קאַטעגאָריע* |
|---|---|
| 1. | קאָרדאָבאַ |
| 2. | ראָזאַריאָ |
| 3. | לאַ פּלאַטאַ |
| 4. | באַהיאַ בלאַנקאַ |
| 5. | רעסיסטענסיאַ |
| 6. | טוקומאַן |
| 7. | מענדאָסאַ |
| 8. | מאָזעסוויל |
| 9. | לאָמאַס דע סאַמאָראַ |
| 10. | סאַנטאַ פע |
| | שול — — — 1.463 |
| | גן — — — 509 |
| | א׳־קורסן — 82 |
| | מיטלשול — 190 |
| | ס״ה — 2.244 |

**צאָל שילערס אין יאָר 1958**

| קאַטעגאָרי | שולן | גנים | א. ק. | חוג עברי | מיטלשולן |
|---|---|---|---|---|---|
| קאָלאָניעס | 110 | — | — | — | — |
| שטעטלעך | 425 | 52 | — | — | — |
| 3טע | 458 | 72 | — | — | — |
| 2טע | 535 | 112 | 43 | — | — |
| 1טע | 1.463 | 509 | 82 | — | 190 |
| ס״ה | 2.991 | 745 | 125 | — | 190 |

שולן — — — — — — — — — — — 2.991 שילערס
גנים — — — — — — — — — — — 745 „
מיטלשולן — — — — — — — — — 190 „
אונט־קורסן — — — — — — — — — 125 „

סך־הכל — — — — — — 4.051 שילערס

אַלגעמיינע צאָל תלמידים אין די קאָלאָניעס — — — — — — — 110 שילערס
„ „ „ שטעטלעך ביי די קאָלאָניעס — 447 „
„ „ „ שולן 3טער קאַטעגאָריע — — 530 „
„ „ „ „ 2טער — — 690 „
„ „ „ „ 1טער — — 2.244 „

סך־הכל — — — — — — — 4.051 שילערס

* גוט אָרגאַניזירטע שולן מיט אַ דירעקטאָר.
** שולן מיט אַ קינדערגאָרטן און מער ווי איין לערער.
*** שולן מיט אומנאָרמאַלע אַרבעטס־באַדינגונגען.

טאַבעלע 2

# רשימה פון שולן איינגעטיילטע לויט קאַטעגאָריעס — יאָר 1962

| נומ׳ | קאָלאָניעס |
|---|---|
| 1. | קאָלאָניע לאַפּין |
| 2. | קאַפּיוואַראַ |
| 3. | אַרקאַראַניטאַ |
| | שול — — — 27 |

| נומ׳ | שטעטלעך ביי די קאָלאָניעס |
|---|---|
| 1. | סערעס |
| 2. | לאָס פּאַלמעראַס |
| 3. | מאָניגאָטעס |
| 4. | רייוועראַ |
| 5. | בערנאַסקאָני |
| 6. | מעדאַנאָס |
| 7. | אַלקאַראַס |
| 8. | באַסאַווילבאַסאָ |
| 9. | דאָמינגעז |
| 10. | וויזשאַ קלאַראַ |
| 11. | סאַן סאַלוואַדאָר |
| 12. | פּאַלאַסיאָס |
| | שול — — — 297 |
| | גן — — — 56 |
| | ס״ה — 353 |

| נומ׳ | 3טע קאַטעגאָריע*** |
|---|---|
| 1. | קאַטאַמאַרקאַ |
| 2. | לאַ ריאָכאַ |
| 3. | סאַן מאַרטין |
| 4. | סאַן לויס |
| 5. | אַלטאַ גראַסיאַ |
| 6. | סאַן ניקאָלאַס |
| 7. | סאַן לאָרענסאָ |
| 8. | ראַפאַעלאַ |
| 9. | סאַן קריסטאָבאַל |
| 10. | סאַראַטע |
| 11. | קאַמפּאַנאַ |
| 12. | מאָנטע גראַנדע |
| 13. | אַדראָגע |
| 14. | בעריסאָ |
| 15. | טאַנדיל |
| 16. | פּונטאַ אַלטאַ |
| 17. | וויזשאַ מיטרע |
| 18. | טרעס אַראָזשאָס |
| 19. | סאַפּאַלאַ |
| 20. | גענעראַל ראָקאַ |
| 21. | סיפּאָלעטי |
| 22. | וויזשאַגואַי |
| 23. | וויזשאַ אַנכעלאַ |
| 24. | פּינעדאַ |
| 25. | ראָקע סאַענס פּעניאַ |
| 26. | פּאָרמאָסאַ |
| 27. | אַסונסיאָן |
| 28. | כוכוי |
| | שול — — — 549 |
| | גן — — — 44 |
| | א׳־קורס — 109 |
| | ס״ה — 702 |

| נומ׳ | 2טע קאַטעגאָריע** |
|---|---|
| 1. | סאַלטאַ |
| 2. | ס. דעל עסטעראָ |
| 3. | קאָריענטעס |
| 4. | פּאָסאַדאַס |
| 5. | קאָנקאָרדיאַ |
| 6. | פּאַראַנאַ |
| 7. | מאַר דעל פּלאַטאַ |
| 8. | ק. דעל אורוגואַי |
| | שול — — — 363 |
| | גן — — — 73 |
| | אונט־ק׳ — 78 |
| | ס״ה — 514 |

| נומ׳ | 1טע קאַטעגאָריע* |
|---|---|
| 1. | קאָרדאָבאַ |
| 2. | ראָזאַריאָ |
| 3. | לאַ פּלאַטאַ |
| 4. | באַהיאַ בלאַנקאַ |
| 5. | רעסיסטענסיאַ |
| 6. | טוקומאַן |
| 7. | מענדאָסאַ |
| 8. | מאָזעסוויל |
| 9. | לאָמאַס דע סאַמאָראַ |
| 10. | סאַנטאַ פע |
| 11. | סאַן כואַן |
| | שול — — — 1.870 |
| | גן — — — 223 |
| | א׳־קורסן — 150 |
| | מיטלש׳ — — 357 |
| | ס״ה — 2.925 |

**צאָל שילערס אין יאָר 1962**

| קאַטעגאָרי | שולן | גנים | א. ק. | חוג עברי | מיטלשולן |
|---|---|---|---|---|---|
| קאָלאָניעס | 27 | — | — | — | — |
| שטעטלעך | 297 | 56 | — | — | — |
| 3טע | 549 | 44 | 109 | — | — |
| 2טע | 363 | 73 | 78 | — | — |
| 1טע | 1.870 | 523 | 150 | 25 | 357 |
| ס״ה | 3.106 | 696 | 337 | 25 | 357 |

שולן — — — — — — — — — — — 3.106 שילערס
קינדערגערטנער — — — — — — — — — 696 „
מיטלשולן — — — — — — — — — — 357 „
אונטקורסן — — — — — — — — — — 337 „
חוג עברי — — — — — — — — — — — 25 „

סך־הכל — — — — — — 4.521 שילערס

צאָל תלמידים אין די קאָלאָניעס — — — — — — — — 27 שילערס
„ „ „ שטעטלעך ביי די קאָלאָניעס — — — — 353 „
„ „ „ שולן 3טע קאַטעגאָריע — — — — 702 „
„ „ „ 2טע קאַטעגאָריע — — — — 514 „
„ „ „ 1טע קאַטעגאָריע — — — — 2.925 „

סך־הכל — — — — — — 4.521 שילערס

* גוט אָרגאַניזירטע שולן מיט אַ דירעקטאָר.
** שולן מיט אַ קינדערגאָרטן און מער ווי איין לערער.
*** שולן מיט אומנאָרמאַלע אַרבעטס־באַדינגונגען.

בעט, צייכענונג א״אַנד קענען אַנטוויקלען פריי זייערע פעיקייטן, כאָטש נאָך נישט אין דער געהעריקער מאָס און פאָרעם. ווי געזאָגט, זיינען די בנינים נאָך נישט גענוג צוגעפּאַסט צו אַזעלכע פאָדערונגען און בהדרגה ווערט איינגעפירט יעדע נייע איניציאַטיוו וואָס קען ווירקן לטובת דער פולקאָמער דערציִונג פון דעם קינד און שפּעטער פון דעם יוגנטלעכן.

די היינטיקע מלוכה־שול אין אַרגענטינע דערמעגלעכט טאַקע אָנצוהאַלטן די צוגאָב־שולן אין אירע איצטיקע פאָרמען. עס איז אָבער פאָרויסצוזען אַ ראַדיקאַלער אומבייט מצד די מלוכה־באַהערדן און דאַן וועט די יידישע געזעלשאַפט דאַרפן אויפנעמען די איניציאַטיוו צו שאַפן די אינטעגראַל־שולן אַלס זעלבשטענדיקע לערן־אַנשטאַלטן מיט אונדזערע קעגנשטאַנדן און אינהאַלט אַלס באַזע פאַר זייער עקזיסטענץ.

פאָרלויפיק זיינען מיר נאָך נישט ביכולת אָנצונעמען אַן ענדגילטיקע שטעלונג וועגן דעם וועלכער טיפּ שול איז צוגעפּאַסטער פאַר אונדזער ישוב. דאָס לעבן שאַפט אָבער געוויסע סיורפּריזן וואָס מיר זיינען נישט אימשטאַנד זיי פאָרויסצוזען.



יצחק הרכבי, ישראל־אַמבאַסאַדאָר, באַזוכט די שול פון אַסונסיאָן (פּאַראַגוויי).

ס׳איז נאָך נישט מעגלעך צו מאַכן אַ באַלאַנס פון די אינטעגראַל־שולן אין די פריִער דערמאָנטע ערטער, אָבער מיר קענען יאָ פעסטשטעלן אַז מיט אַנדערטהאַלבן צענדליגג יאָר צוריק איז די צוגאָב־שול אין קאָרדאָבאַ געווען באַגרענעצט הן אין כמות און הן אין איכות. דווקא עלטערן געקומענע מעבר לים האָבן נישט געשיקט זייערע קינדער אין דער יידישער שול, ווי אויך נישט אַרויסגעוויזן קיין באַציִונג צו איר. היינט צו טאָג איז נישט נאָר די קהילה — וועלכע האָט במשך פון די לעצטע צען יאָר זיך גוט אָרגאַניזירט און איז די איניציאַטיוו־געבערין פאַר אַלע דערציִערישע שריט פון ישוב — נאָר אויך די יונגע מאַמעס, כמעט אַלע הי־געבוירענע, ענטוזיאַסטן פון דער אינטעגראַל־שול און די צאָל תלמידים איז היפש געשטיגן.

דער אינהאַלט פון דער אינטעגראַל־שול, אויסער דעם יידיש־לימוד, איז דער זעלבער ווי אין אונדזער אָנפאַנג־שול. די גוט־אָרגאַניזירטע גראַדן, די דירעקציע מיט איר מלוכהשן איינ־

שטעל, דער פינקטלעכער באַזוך פון די תלמידים במשך אַלע לערנטעג פון יאָר, דער זיבן־יעריקער קורס וואָס עס מאַכן דורך די תלמידים אויף אַ נאָרמאַלן און בהדרגהדיקן אופן, דער קעגנזײַטלעכער רעספּעקט וואָס עס הערשט צווישן די לערערס פון אַלגעמיינע לימודים און די לערערס פון די יידישע לימודים שאַפט אַ האַרמאָנישע גאַנצקייט ווו אין טייל שטערט נישט דער אַנדערער נאָר פאַרקערט, זיי דערגענצן זיך קעגנזייטיק. ס'איז כדאַי דאָ אונטערצושטרייכן, אַז אין די 4 אינטעגראַל־שולן אויף דער פּראָווינץ, זיינען סיי די דירעקטאָרן און סיי די לערערס פון אַלגעמיינעם לימוד יידן און אין אַ סך פאַלן אונטעריכטן זיי אויך יידישע לימודים, היות זיי האָבן געענדיקט די מלוכה נאָרמאַל־שול און אַ יידישן לערער־סעמינאַר.

אָט־די האַרמאָנישע גאַנצקייט דערמעגלעכט דער שול צו געבן דעם קינד אַן איינהייטלעכע און האַרמאָנישע דערציִונג, פריי פון קעגנזעצלעכע השגות וואָס שעדיקן אַזוי שטאַרק די צאַרטע נשמה פון קינד, וועלכע איז אַ פּרוכטבאַרער באָדן פאַר דער אַסימילאַציע פון כלערליי אידייען און באַגריפן, צווישן זיי אויך אידייען און באַגריפן וואָס זיינען ווייט פון אונדזער יידישער טראַדיציאָנעלער און נאַציאָנאַלער וועלט־אָנשויונג.

ס'איז פאַר אַלעמען קלאָר, אַז מיטן שיקן דאָס קינד אין אַן אינטעגראַלער שול, ווו עס הערשט אַן איינאונאיינציקע ריכט־ליניע, ווערן אויסגעמיטן פיל פראַגע־צייכנס ביים קינד אין זיין פאָרמירונג־עפּאָכע.

די צען וועכנטלעכע לעקציעס פאַר יידישע לימודים ווערן אין די העכערע גראַדן דערגענצט מיט באַזונדערע 3—4 לעקציעס אַ וואָך. ספּעציעל דאַרפן אונטערגעשטראָכן ווערן די עקזיסטירנדיקע קינדער־קלובן וואָס זיינען אַ דערציִערישער פאַקטאָר, ווייל זיי דינען פאַר אַ דערגענצונג צום לימודים־פּלאַן.

די אינטעגראַל־שול איז אַ דערציִערישער פאַקטאָר אויך פאַר דער געזעלשאַפט, ווייל די מוטער־קאָמיטעטן ווערן וויכטיקע קרייזן וואָס דינען די דערציִערישע וועגן פון דער שול. די קאָמיטעטן באַקומען פּראַקטישע אָנווייזונגען פון די לערערס און אַ סך מאָל ווערן איינגעאָרדנט ספּעציעלע לעקציעס פאַר די מוטערס לויט דעם איינשטעל פון די גראַדן.

ווען די יידישע מאַמע ווערט איינגעלאַדן אין דער שול, ווו איר קינד באַקומט זיין גאַנצע דערציִונג, ווערט איר פאַרבינדונג מיטן אַנשטאַלט גאַנצער, פעסטער און ער פאַרוואַנדלט זיך אין דעם צענטער פון גייסטיקן אינטערעס אין איר לעבן. אַ דאַנק דעם עפענען זיך אומענדלעכע מעגלעכקייטן פאַר דער שול, וועלכע באַקומט די עקאָנאָמישע שטיצע פון די עלטערן — און זי קען שטראַלן מיט אירע דערציִערישע דערגרייכונגען.

## די לערער־פראַגע אויף דער פּראָווינץ

די האַרבע פּראָבלעם פון פאַסיקע לערערס איז צום שטאַרקסטן אָנזעעוודיק אויף דער פּראָווינץ. וואָלט די מערכה פון לערער אין אינערן פון לאַנד געווען איינגעשלאָסן אין די ד' אמות פון זיין לערערישער טעטיקייט, וואָלט זיכער די פּראָבלעם נישט געווען אַזוי שאַרף. צום באַדויערן איז דער יידיש־אינטעלעקטועלער כוח אויף דער פּראָווינץ, היינט־צו־טאָג, כמעט ווי פאַרשווונדן. דעריבער ווערן די נויטן פון יעדן ישוב אַרויפגעלייגט אויפן לערער, וועלכער איז נישט אימשטאַנד זיי נאָכצוקומען.

היינט איז פאַרשוווּנדן פון דער פּראָווינץ דער אייראָפּעישער לערער. הונדערט פּראָצענטיק פאַרנעמט זיין אָרט דער הי־געבוירענער, אויסגעבילדעט אין די היגע מיטלשולן ווי דאָס זיינען דער מכון ללימודי היהדות, יהדות־סעמינאַר פון מאָזעסוויל און דער נייער לערער־סעמינאַר פון דער „ירושלים דארגנטינה".

די טאַבעלע נומ' 5 פאַרגלייכט די לערערס וואָס זיינען צוגעקומען צום שול־וועזן אין אינערן פון לאַנד און זייער אויסבילדונג אין די יאָרן 1958 און 1962. פון איר קען מען לערנען

דעם אינטערעסאַנטן אומבייט וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם 5־יעריקן צייט־אָפּשניט (1958־1962) אין שייכות מיט די סעמינאַרן וואָס האָבן אונדז באַזאָרגט מיט לערערס.

דער מכון ללימודי היהדות האָט אונדז אין יאָר 1958 צוגעשטעלט די מערהייט לערערס וואָס זיינען דעמאָלט אַריינגעטראָטן אין די שולן פון פּראָווינץ. יאָר־יערלעך איז די צאָל געוואָרן קלענער: פון 23 אין יאָר 1958 (איבער 47% פון די אַריינגעטראָטענע לערערס) איז די צאָל פאַרקלענערט געוואָרן ביז 9 אין יאָר 1962 (ביי די 11%).

## טאַבעלע 5

### פאַרגלייך־רשימה פון לערערס וואָס זיינען צוגעקומען צום שול־וועזן אויף דער פּראָווינץ און זייער אויסבילדונג. יאָרן 1958 — 1962

| נומ׳ | געלערנט אין | צאָל 1958 | צאָל 1962 | באַמערקונגען |
|---|---|---|---|---|
| 1. | נייער סעמינאַר מאָזעסוויל | — | 36 | |
| 2. | יהדות־סעמינאַר, מאָזעסוויל | 13 | 10 | |
| 3. | מכון ללימודי היהדות | 23 | 9 | |
| 4. | סעמינאַר פון קאָרדאָבאַ | — | 9 | |
| 5. | ישראל | 7 | 3 | |
| 6. | זעלבסטבילדונג | 3 | — | |
| 7. | אייראָפּע | 2 | — | |
| | ס״ה — — — — — — — — | 48 | 67 | |

### פאַרגלייך־רשימה פון לערערס וואָס האָבן אונדז פאַרלאָזט און סיבות. יאָרן 1958 — 1962

| נומ׳ | ס י ב ה | צאָל 1958 | צאָל 1962 | באַמערקונגען |
|---|---|---|---|---|
| 1. | פאַרלאָזט לערעריי | 15 | 12 | |
| 2. | אַריבער אין שטאָט | 10 | 7 | |
| 3. | אַרבעטן אין אויסלאַנד | 2 | 5 | |
| 4. | קיין ישראל | 2 | 1 | |
| 5. | געוואָרן אינסטרוקטאָרן | 2 | — | |
| 6. | משפּחה־אָנגעלעגנהייטן | — | 1 | |
| 7. | אָפּרו | — | 1 | |
| 8. | אָנטזאגט | — | 1 | |
| | ס״ה — — — — — — — — | 31 לערערס | 28 לערערס | |

דער „יהדות״־סעמינאַר פון מאָזעסוויל שטעלט יעדעס יאָר צו די זעלבע צאָל לערערס מיט קליינע וואַריאַנטן.

פון ישראל באַקומען מיר לערערס לויט די יאָרן און לויט די נויטווענדיקייטן און מעג־לעכקייטן פון די ישובים. שווער נאָכצוקומען זייערע געהאַלטן, מחמת זייער חשבון איז לויט

דער װערט פון דעם דאָלאַר. בלויז די גרעסערע קהילות קענען זיך דאָס דערלויבן (ראָזאַריאָ, למשל), אָדער דער נייסטער סעמינאַר פון מאָזעסוויל צוליב דער אפּוטרופּסות פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה.

טאַבעלע 6

1. — נייע שולן און ערטער — יאָר 1962

1. — אַלקאַראַסיטאָ
2. — גענעראַל פּינעדאָ
3. — דאָמינגעז
4. — טרעס אַראָזשאָס
5. — מעדאַנאָס
6. — סאַענס פּעניאַ
7. — פּאָרמאָסאָ
8. — פּונטאָ אַלטאַ
9. — כוכוי

2. — געשלאָסענע שולן — יאָר 1962

1. — גואַלעגואַיטשו
2. — סאַן ראַפּאַעל
3. — קאַרלאָס קאַסאַרעס

3. —

| | |
|---|---|
| צאָל ניי־געעפנטע שולן — — — — — — — — | 9 |
| געשלאָסענע שולן — — — — — — — — — | 3 |
| צוגעקומען — — — — — — — — — — — — | 6 שולן |

4. — שולן וואָס וואָלטן געקענט געעפנט ווערן אין יאָר 1962.

1. — לאַ קאַפּיזשאַ
2. — קאָלאָניע אביגדור
3. — טשאַכאַרי
4. — גענעראַל קאַמפּאָס
5. — טשאַראַטאַ
6. — סאַן ראַפּאַעל
7. — אָבעראַ
8. — קרעספּאָ

זינט דעם יאָר 1958 זיינען צוגעקומען אַלס קוואַל פון לערערס דער סעמינאַר פּונקאָרדאָבאַ, פון וועלכן מיר האָבן באַקומען היי־יאָר 9 לערערס וואָס באַזאָרגן שולן פון זייער פּראָווינץ און איבערהויפּט דער נייער סעמינאַר פון מאָזעסוויל וואָס האָט ממש געלייזט די פּראָבלעם פון מאַנגל אין לערערס פאַר דער פּראָווינץ. צום יאָר 1962 האָט דער דאָזיקער סעמינאַר צוגעשטעלט 36

לערערס, ד״ה איבער 53% פון דער אַלגעמיינער צאָל לערערס וואָס זיינען היי־יאָר צוגעקומען ווען נישט דער סעמינאַר, וואָלטן היי־יאָר געווען צוגעקומען נישט מער ווי 31 לערערס קעגן 28 וואָס האָבן אונדז פאַרלאָזט. אַנדערש גערעדט: מיר וואָלטן היי־יאָר געציילט נישט מער ווי 3 לערערס מער ווי פאַראַיאָרן. דאָס וואָלט זיך אויסגעווירקט זייער נעגאַטיוו אויף אונדזער פּראָווינצער שול־וועזן: עס וואָלטן געשלאָסן געבליבן ביי 16 שולן (וואָס ווערן באַזאָרגט פון אַבסאָלווענטן פון דעם נייעם סעמינאַר) און ביי די 17־16 גרעסערע שולן וואָלטן געזען פאַרמינערט זייער לערער־פּערסאָנאַל.

עס איז אינטערעסאַנט דער פאַקט וואָס אין 1962 האָבן אונדז די סעמינאַרן פון פּראָווינץ צוגעשטעלט 82% פון די ניי־צוגעקומענע לערערס: דער נייער סעמינאַר פון מאָזעסוויל 36 אַבהאָלווענטן; דער יהדות־סעמינאַר 10 און דער סעמינאַר פון קאָרדאָבאַ 9. אינײנעם: 55 לערערס. דאָס איז אַ זייער דערפרייענדיקע דערשיינונג, ווייל עס איז אַ באַוויז אַז דער שול־וועזן פון פּראָווינץ האָט דערגרייכט צו אַזאַ הויכער מדרגה, אַז ער קען זיך אַליין באַזאָרגן מיט לערערס, נישט דאַרפנדיק כמעט אָנקומען צו אַנדערע לערן־אַנשטאַלטן וואָס זיינען אויסער זיין יוריסדיקציע.

אויך דאַרף מען זייער אין אַכט נעמען, אַז אונדזערע אַבסאָלווענטן זיינען געבוירן געוואָרן אויף דער פּראָווינץ און זיינען גוט באַקאַנט מיט אַלע אייגנשאַפטן, פעלערן און מעלות פון די ישובים אין וועלכע זיי וועלן דאַרפן אַנטוויקלען זייער דערציִערישע אַרבעט. אַ חוץ דעם זיינען זיי קאַנדידאַטן אויף לאַנגע יאָרן און דאָס רופט זיך אָפּ פּאָזיטיוו אויף די רעזולטאַטן.

אין דער טאַבעלע נומ׳ 5 זעען מיר אויך אַ פאַרגלייך־רשימה פון לערערס וואָס האָבן אונדז פאַרלאָזט אין די יאָרן 1958—1962 און די סיבות צוליב וועלכע זיי האָבן דאָס געטאָן. די צאָל לערערס וואָס פאַרלאָזן אונדזער שול־וועזן יאָר־איין יאָר־אויס איז מער־ווייניקער די זעלבע: ביי די 30. די מערהייט פון זיי פאַרלאָזט אינגאַנצן לערעריי אָדער גייט אַריבער אַרבעטן אין שטאָט נאָך 2—3 יאָר פּראַקטיק אויף דער פּראָווינץ. ווען מיר וואָלטן די־אָ לערערס געקאַנט באַזאָרגן מיט צוגעפּאַסטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואָלטן מיר זיי געקאָנט אָנהאַלטן מער צייט, ווי אויך געהאַט די מעגלעכקייטן צוצוציִען יונגע און ווירדיקע כוחות פון דער הויפּטשטאָט.

אין דער טאַבעלע נומ׳ 6 באַמערקן מיר אינעם 1טן פונקט „נייע שולן און ערטער — יאָר 1962״, אַז היינטיקס יאָר זיינען צוגעקומען 9 שולן, נייע. אין 2טן פונקט זעען מיר, אַז עס זיינען געשלאָסן געוואָרן 3 שולן, ד״ה: אַז לגבי פאַראַיאָרן האָבן מיר 6 שולן מער. ווען מיר וואָלטן געהאַט מער לערערס, וואָלטן מיר געקענט עפענען נייע שולן אין נאָך 8 ישובים וואָס פיגורירן אין 4טן פונקט פון דער טאַבעלע נומ׳ 6.

## אינספּעקציע און אינסטרוקציע

דער לערער וואָס געפינט זיך אין די ווייטע פאַרוואָרפענע ישובים פון פּראָווינץ איז זייער פאַראיינזאַמט און האָט נישט מיט וועמען זיך צו באַראַטן. טיילמאָל אַנטשטייען שווערע פּראָבלעמען און דער לערער ראַנגלט זיך אַפילו מיט זיך אַליין. נישטאָ די פּערזאָן וואָס זאָל אים אָריענטירן אין זיין שול־אַרבעט. די גרעסטע צאָל שולן אין אינערן פון לאַנד פונקציאָנירט אָן דירעקטאָרן און די יונגע לערערס, אָן דערפאַרונג, ווייסן אָפטמאָל נישט ווי מען דאַרף שטיין אין אַ קלאַס פאַר די תלמידים און ווי אַזוי זיי דערלאַנגען די עלעמענטאַרסטע ידיעות.

אַממיינסטנס איז עס אַן אינפאָרמאַטיוו לערנען און נישט קיין דערציִערישער לימוד. די יונגע לערערס ווייסן נאָך נישט ווי אַזוי מען דאַרף פון יעדער לעקציע אַרויסכישופן דעם מאי קא משמע לן. דעם יונגן לערער זיינען אומבאַקאַנט די דערציִערישע צילן פון אונדזער שול און עס זיינען פאַראַן נאָך אַ סך פּראָבלעמען וואָס פאָדערן פון אים אַ געוויסע פּראַקטיק וואָס

ער פאַרמאָגט נישט. איז נייטיק אים — דעם יונגן לערער — צו געבן די נייטיקע אָריענטאַציע אין אינסטרוקציע ער זאָל וויסן ווי אַזוי זיך אומצוגיין ביי דער אַרבעט אין שול און אַרום איר.

די פערפעקציאָניר־קורסן און ימי־עיון וואָס מיר אָרדענען איין גיבן אים אַ סך עלעמענטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון זיין טעטיקייט. מיט דעם אַליין קען מען אָבער נישט יוצא זיין. עס איז נייטיק דורכצופירן אַ געוויסע קאָנטראָל אויף זיין אַרבעט און אים געבן די הדרכה טאָקע אייפן אָרט, אין דעם פאַסיקן מאָמענט, ביי די באַטרעפנדע אומשטענדן נאָכדעם ווי עס איז געמאַכט געוואָרן בכובד ראש אַ פאַסיקער אַנאַליז פון דער סיטואַציע. דאָס איז די פונקציע פון



אַ יום־טוב פון דער ח. נ. ביאַליק־שול אין ראָזאַריאָ.

דעם אינספּעקטאָר אין שול־וועזן פון דער פּראָווינץ, וועלכער איז גלייכצייטיק אויך אַן אינס־טרוקטאָר וואָס אָריענטירט דעם לערער אין דער דורכפירונג פון זיין מיסיע.

די דערמאָנטע פונקציעס באַגרענעצן אָבער נישט די אַרבעט פונעם פּראָווינץ־אינספּעקטאָר. זיינע אויפגאַבעס פאַרנעמען אַ פיל ברייטערן שטח. נישט איינמאָל קומט אויס דיי־אָ אינספּעקטאָרן צו לייזן קהילה־פּראָבלעמען און פאַרמיטלען צווישן פאַרשיידענע געזעלשאַפט־לעכע כוחות. אויך מוז ער אָפטמאָל געבן רעפּעראַטן ווי נאָר עס איז פאַראַן אַ געלעגנהייט דערצו, ווייל דער באַזוך פון דעם אינספּעקטאָר־אינסטרוקטאָר וואָס קומט פון דער גרויסער שטאָט בוענאָס־איירעס איז אַ וויכטיקע געשעעניש אין לעבן פון די פּראָווינץ־ישובים, וועלכע שאַצן אָפּ יעדן באַוויז אַז די מוטער־שטאָט האָט זיי זייער אין זין.

דער לערער פון אינערן אַרגענטינע טרעפט זיך אָן אויך מיט אַנדערע שוועריקייטן מחוץ די ווענט פון דער שול. ער ווערט פאַרוואַנדלט אין דער צענטראַלער פיגור אַרום וועלכע עס דרייט זיך דאָס גאַנצע יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן. מען פאָדערט פון אים ער זאָל זיין טעטיק אויך געזעלשאַפטלעך און ווערן דער אָנרעגער פאַר אַלע יידיש־נאַציאָנאַלע אַקטיוויטעטן. אַממיינסטן איז ער דערצו נישט צוגעגרייט. איז חל אויפן אינספּעקטאָר צו געבן הדרכה אויף דעם געביט און אָנווייזן פאַרשיידענע וועגן פאַר אַ פּאָזיטיווער טעטיקייט אויף דעם ברייטן

פעלד פון געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן. דער אינספּעקטאָר איז געוואָרן פאַר דער פּראָווינץ אַן אַ־ממיטלבאַרע נויטווענדיקייט און לערערס וואַרטן מיט אומגעדולד אויף זיין באַזוך, אין וועלכן זיי נייטיקן זיך אַזוי שטאַרק.

מיט אַ 5—6 יאָר צוריק האָבן מיר געהאַט פאַר דער אַרגענטינער פּראָווינץ — אומענד־לעך גרויס — 4 רייזנדע אינספּעקטאָרן וואָס האָבן קוים געקענט נאָכקומען די הצטרכותן פון דעם שול־וועזן וואָס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אַזוי צעוואַקסן. ביי היינט צו טאָג, ווען לויט דער לאָגיק וואָלטן מיר באַדאַרפט האָבן אַ גרעסערע צאָל אינספּעקטאָרן־אינסטרוקטאָרן, איז די אַנגעוויזענע צאָל פאַרקלענערט געוואָרן אויף אַ העלפט: דער שרייבער פון די שורות און דער ה׳ עקיבא מאָזעס. זיכער זיינען געווען אַ סך בלויזן אין דער דאָזיקער אַרבעט צוליבן פעלן פון גענוגנדיקן פּערסאָנאַל. איז מען געפאַלן אויף אַ המצאה: דירעקטאָרן פון די גרעסערע שולן באַזוכן די אַנשטאַלטן פון זייערע באַטרעפנדע געגנטן.

דאָס איז אָבער נישט מער ווי אַ צייטווייליקער פּרוּוו וואָס קען נישט געבן קיין גאָר גוטע רעזולטאַטן, ווייל די דאָזיקע דירעקטאָרן האָבן גענוג אַרבעט אין און אַרום זייערע שולן זיי זאָלן זיך קענען צופרידנשטעלנדיק אָפּגעבן אויך צו דער־אַ שווערער אַרבעט.

די איינציקע לייזונג אויף דעם געביט, איז אויסצוברייטערן די אינספּעקציע מיט פּאַסיקע מענטשן צו דער פונקציע, וואָס זאָלן זיך אָפּגעבן נאָר און אויסשליסלעך צו דער אַרבעט. נאָר אַזוי אַרום וועט יעדע שול האָבן פאַרזיכערט א מינימום פון 3—4 באַזוכן אַ יאָר מצד די באַ־טרעפנדע אינספּעקטאָרן.

## פּערפעקציאָניר־קורסן און ימי־עיון פאַר לערערס פון דער פּראָווינץ

כדי צו פאַרפולקאָמען די לערערס אין זייערע ידיעות און דערגענצן זייער מעטאָדישע צוגרייטונג ווערן יאָר־יערלעך איינגעאָרדנט פאַר זיי פּערפעקציאָניר־קורסן אין וועלכע עס באַטייליקן זיך די בעסטע לעקטאָרן וואָס מיר פאַרמאָגן פאַר די נייטיקע קעגנשטאַנדן.

די השתלמות־קורסן זיינען שוין ביי אונדז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאָזיטיווער אינס־טיטוציע. איינגעפירט זיי צום 1טן מאָל — אויף אַ גוט־פּלאַנירטן אופן — אין יאָר 1958, טראָגן מיר אַריין ביי יעדן נייעם קורס פאַרבעסערונגען אויפן סמך פון אונדזערע דערפאַרונגען אויף דעם געביט. זיי ווערן דורכגעפירט מערסטנס אין דער צייט פון די זומער־וואַקאַציעס, במשך לערך אַ חודש צייט. אויך האָבן מיר דורכגעפירט קורצע פּערפעקציאָניר־קורסן אין די ווינ־טער־וואַקאַציעס.

די קורסן ווערן דורכגעפירט אין ערטער וואָס זיינען דערווייטערט פון די גרעסערע ישו־בים, ווו די לערערס־תלמידים האָבן די געלעגנהייט צו זיין אין דער נאָענטקייט פון דער פרייער נאַטור און גלייכצייטיק זיך ווידמענען אינטענסיוו צו די לימודים, אָן קיין שום שטערונגען. דאָס צונויפטרעפן זיך פון די לערערס מיט זייערע חברים נאָך אַ יאָר אַרבעט איז זייער פּראָ־דוקטיוו: עס שאַפן זיך מיינונג־אויסטוישונגען וועגן דער אַרבעט, זיי דערנעענטערן זיך איי־נער צום אַנדערן און פילן זיך ווי איין גרויסע משפחה וואָס איר הייליקע אויפגאַבע איז צו פאַרשפּרייטן אונדזער קולטור אין אַלע עקן פון אַרגענטינע און דורך דעם פילן זיי זיך נישט פאַרא־ינזאַמט. די עלעמענטן וואָס זיי באַקומען אויפן קורס דינען ווי אַ יסוד און אַן אָנרעגונג צו זעלבסט־פּערפעקציאָנירונג, וואָס דאָס איז זייער נייטיק פאַרן לערער.

די פּערפעקציאָניר־קורסן דינען אויך די לערערס פאַר אַ מין „וואַקאַציעס״, מחמת מיר קלייבן שטענדיק אויס צוגעפּאַסטע ערטער פאַר דעם צוועק. בערגיקע פלעצער מיט אַ טייך פון דורכזיכטיקע וואַסערן, מיטביימער און אַלערליי געוויקסן, מיט פרישע לופט צום אָטעמען, דערווייטערט פון דער פינצטערניש און גרויקייט פון די צעמענט־תפיסות, זיינען די בעסטע סביבה דורכצופירן אַזאַ סאָרט טעטיקייט און דיווירקלעכקייט האָט עס טאָקע באַ־

שטעטיקט: די לערערס גענ‍יסן זייער פון דער נאַטור, זאַפּן אין זיך אַריין די שיינקייטן פון אונדזער קולטור און פון גאָטס וועלט און גייען אַרויס דערפרישטע, מיט נייע כוחות, מוט און אָריענטאַציע פאָרצוזעצן מיט זייער אַרבעט לטובת אונדזער שול־וועזן.

כדאי דאָ צו באַמערקן, אַז די קורסן זיינען פאַרבונדן מיט ריזיקע אויסגאַבן וואָס ווערן פולשטענדיק געדעקט דורך דער קהילה פון בוענאָס־איירעס, וועלכע צאָלט אויך אַ העלפט פון די אויסהאַלט־אויסגאַבן פון די לערערס בעת זייער בייזיין די קורסן .



2טער פּערפּעקציאָניר־קורס פאַר לערערס — אונקיזשאַ (קאָרדאָבאַ) — דעצעמבער 1958.

די רעזולטאַטן פון די פּערפּעקציאָניר־קורסן זיינען זייער פּאָזיטיוו: מיר האָבן דאָס פעסט־געשטעלט מיט אונדזערע באַזוכן אין די שולן. לערערס וואָס האָבן זיך אין זיי באַטייליקט האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרעסערע און בעסערע צוגרייטונג צו דער דורכפירונג פון זייער אַרבעט, ווי די לערערס וואָס האָבן עס נישט געטאָן.

די השתלמות־קורסן זיינען געוואָרן אַ פּערמאַנענטע אינסטיטוציע פאַר דעם שול־וועזן פון פּראָווינץ און ווערן אויפגענומען מצד די לערערס נישט ווי אַ לאַסט וואָס אונדזער צענ־טראַלע לייגט אויף זיי אַרויף, נאָר להיפוך, באהבה, ווייל זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען וויפל פּאָ־זיטיווע עלעמענטן זיי האָבן באַקומען אויף די קורסן, וויפל אָנשטרענגונג מצד די צענטראַלע אינסטאַנצן עס ווערט אין זיי אַריינגעטאָן, און אַז דאָס איז דער איינציקער און עפעקטיווסטער אויסוועג צו פּערפּעקציאָנירונג און דורך דעם צו גרעסערע פּערזענלעכע דערגרייכונגען.

די דאָזיקע קורסן ווערן דערגענצט דורך ימי־עיון, אַללענדישע און אויך רעגיאָנעלע אויף וועלכע עס ווערן באַטראַכט אַלע פּראָבלעמען פון אונדזער שול־וועזן און עס ווערן באַהאַנדלט בכובד־ראש די אַלע שוועריקייטן וואָס דראָען צו צעשטערן דעם שול־וועזן פון פּראָווינץ. לערערס ברענגען אַליין אַרויס די מיטלען און איניציאַטיוועס וואָס מען קען אָנווענדן קעגן די געשאַפענע פּראָבלעמען און באַקומען אָריענטאַציע פון די עלטערע חברים, דירעקטאָרן פון שולן, אָדער פאָרשטייערס פון וועד החינוך המרכזי וואָס נעמען אין זיי אַן אַקטיוון אָנטייל.

דאָס באַהאַנדלען די אַלע פּראָבלעמען ברענגט אַ סך מאָל צו גוטע רעזולטאַטן, צו נייע איניציאַטיוועס און שריט, ווי אויך צו אַנדערע ריכטונגען אין אונדזער חינוך־וועג. זיי ברייטערן אויס דעם האָריזאָנט פונעם לערער און זיין אַרבעט און בכלל זיינען זיי אַ ברכה פאַרן שול־וועזן.

מיר שטרעבן צו פאַרוואַנדלען אויף די ימי־עיון אין אַ פּערמאַנענטער אינסטיטוציע און ביי דעם האַלטן מיר טאַקע.

## זומער־קאָלאָניעס

זומער־קאָלאָניעס זיינען איינגעפירט געוואָרן אויף דער פּראָווינץ ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק. אין אונדזער שול־וועזן איז עס כמעט אַ נייע דערשיינונג: ביז נישט־לאַנג האָט מען אין אינערן פון לאַנד נישט געוווּסט פון קיין קינדער־קאָלאָניעס וואָס זאָלן ווערן אָרגאַניזירט דורך די שולן, ווי עס פירט זיך אין דער הויפּטשטאָט.



4טער פּערפעקציאָניר־קורס פאַר לערערס פון פּראָווינץ, דורכגעפירט אין לאַ פּאַיסאַניטאַ — קאָרדאָבער בערג — אין די חדשים דעצעמבער 1961 — יאַנואַר 1962.

טיילווייז איז עס געווען אַ פּאַרזען, אַ בלויז אין אונדזער חינוך־בנין. אָבער עס איז אויך געווען אַ צו שווערע אונטערנעמונג פאַר די פּראָווינץ־כוחות, מחמת דאָס איז פאַרבונדן מיט דיזיקע אויסגאַבן וואָס זייער ווייניק — אַפילו פון די גרעסערע — ישובים זיינען אימשטאַנד צו דעקן. קודם־כל דאַרף מען איינקויפן אַ פּלאַץ אויף אַ צוגעפּאַסט אָרט און דערנאָך אַלע נייטיקע איינריכטונגען און מכשירים. וואָס פאַראַ אויסערגעוויינטלעכע אָנשטרענגונגען דאָס אַלעס שטעלט מיט זיך פאָר איז פאַר אַלעמען קלאָר.

ביסלעכווייז האָט מען איינגעזען, אַז אין אונדזער שול־וועזן קומט אָבער פאָר דער פאָלגנדיקער קוריאָז: במשך דעם לערן־פּעריאָד האָבן מיר ביי זיך דעם תלמיד בלויז אַ האַלבן טאָג און דעריבער איז אונדזער השפעה אויף אים נישט אַזוי גרויס ווי עס וואָלט געווען גע־

ווינטשן. אין די זומער־וואַקאַציעס דאַקעגן וואָלטן מיר געקאָנט האָבן דעם תלמיד אונטער אונדזער רשות נישט נאָר גאַנצע טעג, נאָר אַפילו גאַנצע וואָכן און שאַפן אַרום אים אַ באמת עכטע ייִדישע סביבה, אין וועלכער ער זאָל זיך אויסלעבן ייִדישלעך גאַנצע מעת־לעתן אָן קיין שום אומגעזונטשענע אויסערלעכע שטערונגען פון גאַס און אַטמאָל... פון זיין אייגענער משפחה.

מען איז געקומען צום אויספיר, אַז דער צייט־אָפּשניט פון די זומער־וואַקאַציעס איז אַן אומדערשעפּבאַרער קוואַל פון מעגלעכקייטן פאַר אַ פּאָזיטיווער אַרבעט צום גונסטן פון אונדזערע חניכים, וועלכן מיר האָבן ביז איצט נישט גענוצט. מען האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין אַז זומער־קאָלאָניעס אין פּראָווינץ פאַר דער פּראָווינץ זיינען אַ מוז און אַז די שוועריקייטן זיינען אַ קלייניקייט אַנטקעגן דאָס ניצלעכע וואָס מען קען פון אַזעלכע אונטערנעמונגען אַרויסבאַקומען. אין אַנדערע ווערטער: זומער־קאָלאָניעס זיינען אַ זייער לוינבאַרע אינוועסטיציע, אַ „גוט געשעפט" וואָס קען געבן זייער גרויסע פאַרדינסטן, אויב מען וועט עס ווי געהעריק עקספּלואַטירן.

און מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. מיט דער אָריענטאַציע פון פּראָווינץ־דעפּאַרטאַמענט ביים וועד החינוך המרכזי זיינען געשאַפן געוואָרן ענדע 1960 און אָנהייב 1961 די ערשטע זומער־קאָלאָניעס פאַר קינדער פון דער פּראָווינץ אין סטראַטעגישע ערטער וואָס זיינען געשטאַנען צום דינסט פון די באַטרעפנדיקע געגנטן. די געעפנטע קאָלאָניעס זיינען געווען:

1) באַהיאַ בלאַנקאַ: פאַר קינדער פון דרום־אַרגענטינע.

2) לאַ פאַיסאַניטאַ (קאָרדאָבאַ): פאַר קינדער פון צענטער־געגנט (פּראָווינצן קאָרדאָבאַ און סאַנטאַ פע).

3) רעסיסטענסיאַ (טשאַקאָ): פאַרן צפון־מזרח אַרגענטינע (טשאַקאָ, קאָריענטעס, פאָרמאָסאַ, מיסיאָנעס).

4) מענדאָסאַ: פאַרן אַרגענטינער „קויאָ"־געגנט.

די גרינדונג פון די קאָלאָניעס האָט מאָביליזירט אַלע ייִדישע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע כוחות פון דער פּראָווינץ, וועלכע האָבן אָנגענומען די איניציאַטיוו מיט פאַרשטאַנד און ברייטוויליקייט. עס האָט אַפילו נישט געפעלט דער מעצענאַט וואָס האָט געשאָנקען אַ פּלאַץ פאַר אָט דעם צוועק (קאָלאָניע פון באַהיאַ בלאַנקאַ). אַנדערע קהילות, האָבן איינגעקויפט ספּעציעלע פּלעצער, אָדער זיך באַנוצט מיט ליידיקע ערטער וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט.

די דערגרייכונגען פון די קאָלאָניעס זיינען געווען צופרידנשטעלנדע. די בלויזן אין דער אַרבעט צוליבן פעלן פון אַ גענוגנדער עקספּעריענץ האָבן די דירעקטאָרן און מדריכים, עסקנים און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע כוחות אויסגעפילט מיט זייער איבערגעגעבענער טעטיקייט לטובת די קאָלאָניעס מיט זייער אחריותפולן באַשלוס בייצוקומען אַלע שטרויכלונגען ווי שווער זיי זאָלן נישט זיין. האָט מען טאַקע פיל דערגרייכט, נעמענדיק אין אַכט די אַלע נעגאַטיווע פאַקטאָרן וואָס האָבן אונדז געשטערט ביים אָרגאַניזירן און דורכפירן די־אָ וויכטיקע איניציאַטיוו.

עס האָבן באַזוכט די קאָלאָניעס 163 קינדער פון גאַנץ אַרגענטינע. דורכשניטלעך מאַכט עס אויס 40 קינדער אין יעדער איינער פון זיי און געאַרבעט האָט אַ פּערסאָנאַל פון 17 מענטשן, צווישן זיי דירעקטאָרן און מדריכים.

די דערגרייכונגען זיינען געווען פילזייטיקע: קהילות האָבן זיך מאָביליזירט, דערוואַכט פון זייער אַפּאַטיע. עס האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַ פרישער ווינט וואָס האָט אויפגעוועקט דעם פונק פון ייִדישן נאַציאָנאַל־באַוווסטזיין. דעם גרעסטן דערפאָלג האָבן מיר אָבער צו פאַרצייכענען אויפן רייַן־דערציִערישן געביט: אָפּגעפרעמדטע ייִדישע קינדער זיינען בהדרגה אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ טראַדיציאָנעלער ייִדישער אַטמאָספער און זיי האָבן גאַנצע 24 שעה אַ טאָג געלעבט אין אַ ייִדישער סביבה. זיי האָבן דורכגעמאַכט אומפאַרגעסלעכע מאָמענטן און אין זייערע הערצלעך האָבן זיך איינגעקריצט זייער שיינע איבערלעבונגען. קינדער האָבן אָנגעהויבן ווי געהעריק אָפּצושאַצן זייער אָפּשטאַם און זיינען אָנגערעגט געוואָרן צו באַזוכן אַ

יידישע שול, אָדער זיך אָפּגעבן מערער מיט יידישע לימודים. אונדזער פּראָבלעמאַטיק האָט זיי שטאַרק פאַראינטערסירט און זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרשטיין פאַרוואָס מיר רופן זיך דאָס אייביקע פאָלק, און דער עם־הספר. זיי האָבן זיך געפילט שטאָלץ מיט דעם וואָס זיי געהערן צו אַ פאָלק וואָס האָט הינטער זיך אַזאַ גלאָררייכע פאַרגאַנגענהייט און האָט פאַר זיך אַזאַ ליכטיקע צוקונפט.

אויך סוף 1961 און אין אָנהייב 1962 זיינען דורכגעפירט געוואָרן זומער־קאָלאָניעס און מיר דענקען צו פאַרוואַנדלען דעם ענין אין אַ פּערמאַנענטער אינסטיטוציע, ווי אויך צו אינטענסיפיצירן אונדזער אַרבעט אויף דעם געביט און אַריינברענגען די נייטיקע אויסבעסערונגען וואָס די דערפאַרונג און די סיטואַציע פאָדערן.

## זומער־שולן

עס זיינען פאַראַן אויף דער פּראָווינץ אַ סך ישובים וואָס האָבן נישט קיין גענוגנדע צאָל קינדער אָנצוהאַלטן במשך אַ גאַנץ יאָר אַ נאָרמאַלע אָנפאַנג־שול, אָדער אַזעלכע וואָס פאַרמאָגן נישט די עקאָנאָמישע מיטלען אויסצוהאַלטן אַ שול. זייער אינטערעס אין חינוך־הבנים איז געווען גרויס, אָבער גרעסער זיינען געווען די שוועריקייטן וואָס האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער־אָ רעאַליזאַציע. ס'זיינען געווען אויך ישובים אין וועלכע דער אינטערעס איז נישט געווען אַזוי גרויס. און אַפילו אויך אַפּאַטישע ישובים וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערנעמען צו מאַכן אַזעלכע גרויסע אָנשטרענגונגען ווי עס פאָדערט דאָס שאַפן און אויפהאַלטן אַ שול.

דער וועד החינוך המרכזי, אַלס צענטראַלע אינסטאַנץ פון יידישער דערציִונג אין אַרגענטינע האָט געזוכט די וועגן ווי אַזוי צו ענדערן די סיטואַציע פון די אויבנדערמאָנטע ישובים און זיי אָנרעגן צו עפענען נאָרמאַלע שולן וואָס זאָלן פונקציאָנירן אַ גאַנץ יאָר.

האָט מען געפונען אַ מיטל: שאַפן אין די ערטער שולן, וואָס זאָלן פונקציאָנירן בלויז אין די זומער־חדשים און וואָס זאָלן אין דעם קורצן צייט־אָפּשניט פון 2—3 מאָנאַטן אויפוועקן דעם אינטערעס פאַר אַ גאַנציאָריקער שול ביי די נישט־פאַרמעגלעכע ישובים; זיי זאָלן זוכן מיטלען — עקאָנאָמישע — פאַר אַזאַ אונטערנעמונג און זיי זאָלן פאַרשטיין אַז זייערע אָנשטרענגונגען זיינען כדאי און ביי די אַפּאַטישע ישובים, אויפצוּוועקן זייערע יידיש־נאַציאָנאַלע געפילן.

דורכצופירן די־אָ איניציאַטיוו איז דווקא נישט געווען פון די לייכטע אויפגאַבעס, ווייל עס זיינען אַנטשטאַנען אַ סך שוועריקייטן: קודם־כל, די אידייע גופא וואָס קלינגט אַביסל פרעמד. צווייטנס, אַרויסרופן אינטערעס ביי די ישובים וואָס האָבן קיינמאָל געהאַט קיין שול און האָבן נישט געוווּסט פון קיין פּראָבלעמען אויף דעם געביט. דריטנס, די דאָזיקע קורסן האָבן געזאָלט פאָרקומען אין די זומער־חדשים, ווען קינדער מיט זייערע עלטערן פאָרן אַרויס אויף וואַקאַציעס אאַז״וו, אאַז״וו. נישט קוקנדיק אויף די אַלע שטערונגען האָבן מיר דורכגעזעצט דעם ענין. נאָכן לערניאָר 1960 האָבן מיר געעפנט (אין אָנהייב 1961) 9 זומערשולן אין וועלכע עס האָבן געלערנט 153 תלמידים, ד״ה אַז אין דורכשניט האָט יעדער קורס געציילט 17 שילערס. די דאָזיקע שולן האָבן פונקציאָנירט אין פאָלגנדיקע ערטער:

1. — לאַ קאַפּיזשאַ (ענטרע־ריאָס)
2. — זאַנענפעלד 〃 〃
3. — אביגדור 〃 〃
4. — גענ. קאַמפּאָס 〃 〃
5. — סאַן פראַנסיסקאָ (קאָרדאָבאַ)
6. — קאָראָנעל סואַרעס (בוענאָס־איירעס)

7. — לאַ ריִאָכאַ (הויפּטשטאָט פון פּראָווינץ)
8. — טשאַראַטא (טשאַקאָ)
9. — סאַן מאַרטין „

גענויסע טעכנישע שוועריקייטן האָבן אונדז נישט דערמעגלעכט פּאַרצוזעצן אין די ווייטערדיקע יאָרן די איניציאַטיוו, וואָס האָט געגעבן רעזולטאַטן, אָבער נישט אין אַזאַ מאָס ווי מיר האָבן עס דערוואַרט. אַלנפאַלס איז עס געווען אַ זייער אינטערעסאַנטער פּרווו וואָס דאַרף גענומען ווערן אין אַכט און באַהאַנדלט ווערן בכדי צו דערגיין ווי אַזוי ס׳איז מעגלעך צו דערגרייכן בעסערע רעזולטאַטן.

## שלוס־וואָרט

פון די ייִקאַ־שולן אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער ישוב ביז דער היינטיקער שול איז אַ גרויסער מהלך, אַ לאַנגער וועג וואָס אונדזער ישוב איז דורכגעגאַנגען מיט שנעלע טריט. דער ישוב איז במשך פון אַ גאַר קורצער צייט געוואָרן זעלבסטשטענדיק אויף אַלע געביטן: אויפן עקאָנאָמישן, קולטורעלן, דערציִערישן א״אַנד׳. מיר מוזן אָנערקענען אַז אין אַרגענטינע האָט זיך געשאַפן אַ ישוב מיט אייגנאַרטיקע שטריכן וואָס טיילן אים אויס פון אַנדערע ישובים. דער שול־וועזן אונטערשיידט זיך פון ענלעכע דערציִונג־אָרגאַניזאַציעס אויף דער ייִדישער וועלט. ביי אונדז האָט דער שול־עסקן, דער יוגנטלעכער הי־געבוירענער לערער, די לאָקאַלע סעמינאַרן מיט זייערע ספּעציפישע דערגרייכונגען אויפן געביט פון ביידע שפּראַכן, ייִדיש און העברעיִש און אַפילו די אָפּגעפּרעמדטע סביבה וווּ עס קומט אויס צו אַרבעטן, געשאַפן אַזאַ לאַגע ווו די שול איז אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַ יש מיט אייגענע איינשטעלונגען און אפשר אויך מיט אַן אייגנאַרטיקן פּראָגראַם פון לימוד וואָס שטייט געגוג הויך מיט זיינע דערגרייכונגען, נישט קוקנדיק אויף זיינע פעלערן און נישט דעפינירטע צילן. מיט איין וואָרט: אַ שול־וועזן וואָס קען זיך גרויסן מיט זיינע דערגרייכונגען, האָבנדיק די פּרעטענזיע צו זאָגן, אַז ער איז גענוג זעלבסטשטענדיק אָנצוהאַלטן אויך אויף ווייטער זיין דרך, וואָס איז דער וועג וואָס פירט צו אהבת עם ישראל און מדינת־ישראל.





די פראָקלאַמירונג פון די פייערונגען פון 100 יאָר אַרגענטינער ישוב, מיטן אָנטייל פון ד״ר נחום גאָלדמאַן, אַמבאַסאַדאָר אריה לבבי און געוועז׳ מיניסטער ד״ר וויטאָלאָ.

פאַליק לערנער

# די פייערונגען פון הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע

## (פאַקטן און סך־הכלען)

### 1960 — אַ יאָר פון אָפּשלוס און פאָרזעצונג

דאָס יאָר 1960 וואָס איז פאַר אונדז געווען אַ יאָר פון פייערן 100 יאָר ישוב אין אַרגענטינע, איז אויך געווען אַ יאָר פון אונטערציִען סך־הכלען פון אַ יאָרהונדערט ייִדיש לעבן דאָ אין לאַנד.

אונדזער ישוב איז אַנטשטאַנען אין דעם אַלגעמיינעם פּראָצעס פון אַ שטורמישן יאָרהונדערט אין דער ייִדישער געשיכטע, אַ יאָרהונדערט פון טיפע גייסטיקע און קולטור־טראַנספאָרמאַציעס און פון דעמאָגראַפישע איבערוואַנדערונגען, וואָס האָבן אין גאַנצן געענדערט די צורה פון אונדזער פאָלק, אין עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און פּאָליטיש־רעכטלעכן זין. אויב די געשיכטע, (און די ייִדישע געשיכטע קען נישט זיין קיין אויסנאַם), טיילט זיך אין תקופות, קען דער גרעסטער טייל פון דעם לעצטן יאָרהונדערט ביז צו דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל באַצייכנט ווערן אַלס די אַמעריקאַנער תקופה און דערפאַר זיינען הונדערט יאָר ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע אַ וויכטיקער מיילשטיין אויף דעם דאָזיקן געשיכטלעכן וועג.

אין משך פון די דאָזיקע הונדערט יאָר, האָט אונדזער ישוב דורכגעמאַכט פאַרשיידענע גילגולים, אָבער שטענדיק מיט אַ טענדענץ צו אויפשטייג, הגם נישט שטענדיק מיט דער זעלבער הצלחה. די אַנטוויקלונג פונעם ישוב איז געווען אָפּהענגיק פון אַ סך פאַקטאָרן, פון ייִדישן און אַלגעמיינעם כאַראַקטער, און די אַרומיקע באַדינגונגען זיינען געווען אַזעלכע, אַז אָפטמאָל האָט מען געמוזט אימפּראָוויזירן, אַנשטאָט צו בויען פּלאַנמעסיק און דער דאָזיקער שטריך ווירקט נאָך אין אַ געוויסער מאָס ביז היינט צו טאָג אין אונדזער היגן לעבן. דער עכט־פאָלקסטימלעכער כאַראַקטער פון אונדזער ישוב האָט זיך אויסגעווירקט אין צווייענדיקן זין אויף דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ישוב: פון איין זייט פרייוויליקע קרבנות־גרייטקייט פון הונדערטער ייִדן, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייער צייט און אַרבעט לטובת הכלל, לשמה, אָן שום פּרעטענזיעס פון וועלכן עס איז שכר; און פון דער צווייטער זייט, אַלטע מעטאָדן, לויט וועלכע דאָס ייִדישע לעבן פון מיזרח־אייראָפּע איז פּשוט און פּראָסט אַריבערגעטראָגן געוואָרן אַהער ווי עס שטייט און גייט, נישט רעכענענדיק זיך מיט דער נייער סביבה און אָן וועלכער עס איז וויזיע פאַר דער צוקונפט. די דאָזיקע מעטאָדן זיינען אפשר די הויפּט־גורמים וואָס היינט, בעת מיר געפינען זיך אין דעם סאַמע ווירבל־שטראָם פון אַ שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, איז כמעט נישטאָ קיין גייסטיק און קולטור־לעבן פון ייִדישן אינהאַלט אויף דער לאַנדשפּראַך, ווי עס איז דער פאַל פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע. עס איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט אַז בעת דער קאָנסומענט פון קולטור־ווערטן אויף דער ייִדישער שפּראַך ווערט ביי אונדז וואָס אַ מאָל וויניקער, איז כמעט ווי נישט צוגעקומען קיין קאָנסומענט פון די זעלבע קולטור־ווערטן אין דער שפּאַנישער שפּראַך.

מיר האָבן געמאַכט די דאָזיקע דרך־אגבדיקע באַמערקונג, נישט סתם אין דער וועלט אַריין. ביים אונטערצייִען סך־הכלען פון הונדערט יאָר ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע זיינען פאַר־צייכנט געוואָרן גרויסע דערגרייכונגען און דערפּאָלגן. מיר האָבן דאָ אויסגעבויט וויכטיקע אינ־סטיטוציעס פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער, וואָס זיינען אַן אויסדרוק פון אונדזער דראַנג פאַר־צוזעצן אונדזער אייגנאַרטיק לעבן. אונדזער ישוב האָט אין עקאָנאָמישן זין געמאַכט גרויסע פאָרשריטן און זעט זיך אַן אַלס אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פונעם לאַנד. מיר וואָלטן אַפילו געזאָגט, אַז דער דאָזיקער פאַקטאָר איז אין דעם זין אפשר איינע פון די גע־זונטסטע דערשיינונגען דאָ אין לאַנד, ווייל ער איז אַ ריינער אויסדרוק פון פריוואַט־איניציאַטי־ווע, וועלכע די לאַנד־עקאָנאָמיק האָט נייטיק ווי לופט צום אָטעמען. מיר קענען זיך באַרימען מיט אַ סך דערגרייכונגען, אָבער איין זאַך האָבן מיר נאָך נישט דערגרייכט, טראָץ די אָנשטרענ־גונגען וואָס ווערן אין דעם זין כסדר געמאַכט: מיר זיינען נישט זיכער מיט דעם המשך פון אונ־דזער לעבן אַזוי ווי מיר האָבן עס שטענדיק געוואָלט זען. אונדזער יונגער דור ווייזט נישט אַרויס דעם גענוגנדיקן דראַנג פאַרצוזעצן אונדזער לעבן אין דער מאָס ווי מיר האָבן עס געטאָן, זינט עס האָט אָנגעהויבן אויפצוגיין ייִדיש לעבן ביי די ברעגן פונעם לאַ פּלאַטאַ־טייך. וועגן אַ ייִדיש לעבן ווי מיר האָבן עס געקענט, קען שוין אַפילו קיין רייד נישט זיין. דער געראַנגל וואָס גייט ביי אונדז אָן ביז צום היינטיקן טאָג צו געווינען די יוגנט פאַר אונדזער לעבן, האָט נאָך ביז איצט נישט געגעבן די געהעריקע רעזולטאַטן. די יוגנט און איר צוקונפט — דאָס איז דאָס טונקעלע פינטעלע אין דער פּאַנאָראַמע פון אונדזערע דערגרייכונגען פון הונדערט יאָר לעבן דאָ אין לאַנד.

## דער בראשית פון ייִדיש לעבן אין לאַנד

ווי באַוווסט, שטיצט זיך די קיילעכדיקע ציפער פון הונדערט יאָר ייִדיש לעבן אין אַר־גענטינע אויף אַ פּריוואַטער עפנטלעכער ייִדישער פּאַסירונג אין 1860, וואָס האָט לויט איר כאַראַקטער און אין די באַדינגונגען פון יענער צייט, פאַרגעשטעלט מיט זיך אַן אויסדרוק פון ייִדישן באַוווסטזיין און פון ייִדישן מוט, צו באַווייזן זיך עפנטלעך מיט דעם ייִדישן אייגנאַרט. דעם 11טן נאָוועמבער פון 1860, האָט אַ ייִדיש פּאָרפּאָלק זיך געווענדט צום ציווילן געריכט און געפאָדערט אַ חתונה־שיין אויפן סמך פון חופה־וקידושין, לויטן ייִדישן דין. אויף צו פאַרשטיין די טראַסצעדענטאַלקייט פון דער דאָזיקער האַנדלונג, דאַרף מען נעמען אין אַכט אַז די השפעה פון דער קאַטוילישער קירכע איז דאַן געווען אַן אַבסאָלוטע אין אַרגענטינע און אַז דאָס לאַנד האָט זיך אָקאָרשט אָנגעהויבן באַפרייען פון דעם אַבסאָלוטיסטישן קירכלעכן רעזשים אונטער דער השפעה פון דער נייער קאָנסטיטוציע וואָס איז דעמאָלט אָנגענומען געוואָרן, נאָך יאָרנ־לאַנגער דיקטאַטור און פּאָליטישן קאַמף, נאָך דעם וואָס די ראָסאַס־טיראַניע איז צעשמעטערט געוואָרן אין 1852, דורך דעם אויפשטאַנד פון גענעראַל אורקיסאַ. מען קען דעריבער זאָגן, אַז די דאָזיקע ערשטע ייִדישע עפנטלעכע חתונה צייכנט אָן נישט נאָר דעם בראשית פון עפנטלעכן ייִדישן לעבן דאָ אין לאַנד, נאָר בכלל דעם אָנהייב פון ליבעראַליזם. עס איז געווען אין גאַנצן איין חודש נאָך דעם וואָס די נייע קאָנסטיטוציע איז אָנגענומען געוואָרן און שוין האָט דאָס ייִדישע פּאָרפּאָלק — סאַלאָמאָן און עליזאַבעט לעווי האָבן זיי געהייסן און זיי זיינען געווען פראַנצויזישע בירגער — זיך דערוועגט צו גיין פאָדערן אַ חתונה־שיין לויטן ייִדישן דין. ביז דעמאָלט, וואָלט מיסתמא קיין איין ייִד פון די וואָס האָבן שוין דעמאָלט געלעבט אין אַרגענ־טינע, נישט געוואַגט צו גיין בעטן אַזאַ דאָקומענט. מען דאַרף געדענקען אַז ביז העט־שפּעט אין פאָריקן יאָרהונדערט זיינען אין די מערסטע לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער, אַרגענטינע בתוכם, נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן די געזעצן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, הגם די מערסטע אומ־אָפּהענגיקייטס־רעוואָלוציעס האָבן זיך געשטיצט אויף די ליבעראַלע פּרינציפּן פון דער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע. די האַנדלונג פון סאַלאָמאָן און עליזאַבעט לעווי זיינען בכן געווען דער ערשטער עפנטלעכער אויסדרוק פון ייִדיש לעבן, כאָטש זיי האָבן גאָר דערפון נישט געטראַכט

אַפילו. עס איז אומבאַוואוסטזיניק געווען דער אויסדרוק פון ייִדישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און דערפאַר איז דער דאָזיקער עפּיזאָד געגומען געוואָרן אַלס דער אָנהייב פון ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע.

דער דאָזיקער, אין פלוג אומבאַדייטנדיקער עפּיזאָד, באַווייזט אונדז, אַז אומעטום איז ייִדיש לעבן געווען פאַרבונדן מיט די אַלגעמיינע באַדינגונגען פון דער סביבה. און אַז די באַדינגונגען זיינען שוין געוואָרן רייף פאַר דעם אָנהייב פון ייִדיש לעבן אויף אַן עפנטלעך־אָרגאַניזירטן אופן, באַווייזט אונדז דער פאַקט, וואָס מיט צוויי יאָר שפּעטער איז אין בוענאָס־איירעס געגרינדעט געוואָרן די ערשטע ייִדישע אינסטיטוציע: די „ייִדישע קאָנגרעגאַציע" וואָס פייערט היינטיקס יאָר איר הונדערט־יאָריקן אַניווערסאַר. די נייע קאָנסטיטוציע וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1860 האָט געשאַפן די באַדינגונגען און געעפנט דעם וועג פאַרן אָנהייב פון אַ ייִדיש־עפנטלעכן לעבן אין לאַנד.

מען דאַרף אָבער נישט מיינען אַז דאָס ייִדישע לעבן צווישן 1860 און 1889, ווען עס איז אָנגעקומען די ערשטע גרופּע ייִדישע אימיגראַנטן פון מיזרח־אייראָפּע צו קאָלאָניזירן זיך דאָ אין לאַנד, האָט געהאַט אַ דוגמא צו דעם וואָס מיר רופן היינט אַן ייִדיש לעבן. לויִס ברי און הענרי דזשאָסעף (דער אַזוי גערופענער „גרויסראַבינער" פון דער געגרינדעטער „קאָנגרעגאַציע"), די ערשטע ייִדן וואָס האָבן זיך דאָ „געקהלט", זיינען געווען מערב־אייראָפּעיִשע ייִדן, וואָס האָבן פון דער אַלטער היים געבראַכט אַ קנאַפּן באַגאַזש פון ייִדיש וויסן. די עטלעכע מנינים ייִדן וואָס האָבן זינט 1862 מאַניפעסטירט זייער ייִדישקייט אויף אַן עפנטלעכן אופן, זיינען געווען פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך, עלזאַס, בעלגיע, ענגלאַנד און זייער ייִדישער באַוואוסטזיין איז ווייטער פון אַ ביסל רעליגיעזער ייִדישקייט נישט געגאַנגען. דאָך, קען מען זיי נישט מבטל זיין אַלס די פאָרגייער פונעם ציבורדיקן ייִדישן לעבן דאָ אין לאַנד. די דערמאָנטע לויִס ברי און הענרי דזשאָסעף, זיינען אגב געווען די מיטגרינדערס נישט נאָר פון דער „קאָנגרעגאַציע", נאָר אויך פון דער חברה קדישא אין 1894 און פון דער „עזרה" אין 1900. דער פאַקט אַליין וואָס זיי האָבן זיך געראַנגלט מיט זייער ייִדישקייט און נישט געוואָלט פאַרלוירן גיין אין דעם נישט־ייִדישן ים וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט, גיט זיי דעם ערנהאַפטיקן טיטל פון פאָרגייער פון דעם ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע. היינט זעט אונדז זייער ייִדישקייט אויס מאָדנע, אָבער אין זייער צייט איז דאָס מאַניפעסטירן זיך אַלס ייִד אין אַרגענטינע געווען עפּעס אַזוינס ווי אַ העלדיש־קייט. עס זיינען דאָך גוט באַקאַנט די געריכטלעכע שוועריקייטן וואָס דאָס אויבנדערמאָנטע פּאָרפאָלק האָט אָנגעטראָפן ווען זיי האָבן געוואָלט באַקומען אַ חתונה־שיין אויפן סמך פון ייִדישן דין. זיי האָבן עס באַקומען נאָך לאַנגע געריכטלעכע פּראָצעדורן און זייער זיג איז אין דער אונ־טערשטער שורה געווען אַ זיג פון ייִדישע רעכט. דער בראשית פונעם ייִדישן לעבן אין אַר־גענטינע, האָט הינטער זיך דראַמאַטישע מאָמענטן. די עפּיזאָדן וואָס ווערן איבערגעגעבן פון די ערשטע יאָרן פון ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע ברענגען אַרויס די בענקעניש צו אַן אייגן ייִדיש לעבן פון די עטלעכע ייִדישע יחידים וואָס האָבן דעמאָלט געלעבט אין בוענאָס־איירעס. די ראשונים פון יעדער באַוועגונג זיינען שטענדיק געווען דראַמאַטישע פיגורן און אויך אין דעם פאַל האָט נישט געקענט זיין קיין אויסנאַם.

## דער אָנהייב פון ייִדיש מאַסן-לעבן

אויב מיר באַטראַכטן די הונדערט יאָר ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע אַלס אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם איבערוואַנדערונגס־פּראָצעס וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין ייִדישן לעבן אין די לעצ־טע פאַר צענדלינג יאָר פון פאָריקן יאָרהונדערט, דאַן איז דאָס יאָר 1889 אַ וויכטיקער עטאַפּ אין דער געשיכטע פון אונדזער ישוב. דעם 14טן אויגוסט פון 1889 איז צו די אַרגענטינער ברעגן אָנגעקומען די ערשטע גרויסע ייִדישע גרופּע, וואָס מען קען באַטראַכטן אַלס דעם אָנ־הייב פון דעם ייִדישן מאַסן־לעבן דאָ אין לאַנד. די דאָזיקע גרופּע ייִדן האָט געשטאַמט פון

פּאָדאָליע, אוקראַינע, און געקומען זיינען זיי זיך קאָלאָניזירן דאָ אין אַרגענטינע, איידער דער באַראָן הירש האָט אונטערגענומען זיין גרויסן פּלאַן פון יידישער קאָלאָניזאַציע דאָ אין לאַנד. די רייזע פון די דאָזיקע יידן — 824 נפשות זיינען דאָס געווען — איז אַליין און פאַר זיך אַ דראַמאַטיש קאַפּיטל געשיכטע פון יידישער מיגראַציע און נישט דאָ איז דאָס פּלאַץ זיך ברייטער אָפּצושטעלן אויף דעם. בכל אופן, איז אויסער שום ספק אַז די דאָזיקע ערשטע גרופּע אימיגראַנטן פון 136 מישפּחות איז דער קערן פון דעם מאַסן־ישוב וואָס איז שפּעטער אויפגעקומען דאָ אין לאַנד. די דאָזיקע יידן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַ דראַמאַטישע עפּאָפּייע דאָ, אין דעם פאַר זיי ווייטן און פרעמדן לאַנד, זיינען פּאַקטיש געווען די ערשטע וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך די הויפּט־עלעמענטן פון וועלכע עס האָט זיך שפּעטער אויסגעפורעמט אונדזער ישוב — די עלעמענטן פון דעם מיזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום, וואָס פּרעדאָמינירן נאָך ביז היינט צו טאָג אין אונדזער לעבן.



דער אַקט פון פּראָקלאַמירן 100 יאָר יידישער ישוב. עס רעדט ד״ר נחום גאָלדמאַן. (יאָר 1960).

דער דאָזיקער עפּיזאָד איז אויך פון גרויסער וויכטיקייט וואָס נוגע דעם פּראָצעס וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין יידישן לעבן פון מיזרח־אייראָפּע. עס איז געווען דער בלי־פּעריאָד פון וואַנדערונגס־לוסט צווישן די יידישע מאַסן פון מיזרח־אייראָפּע, וואָס האָבן געזוכט אַן אויסגאַנג פון זייער רעכטלאָזער לאַגע און פון דער עקאָנאָמישער מיזעריע אין וועלכער די מערהייט האָט געלעבט. עס זיינען דעמאָלט אויפגעקומען אין די ישובים פון מיזרח־אייראָפּע אַזעלכע באַוועגונגען ווי די „חובבי ציון״ און די באַוועגונג „עם עולם״, די ערשטע מיט אַ טענדענץ אויף ארץ־ישראל און די צווייטע אויף די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואָס זיינען דעמאָלט געעפנט געוואָרן פאַר אַ ברייטער איינוואַנדערונג פון דער אַלטער וועלט. פון די דאָזיקע מיגראַציע־באַוועגונגען האָט זיך דעמאָלט צום ערשטן מאָל אויסגעפּיקט דער געדאַנק פון פאָרן אין דער ווייטער אַרגענטינע, ווו מען האָט געהאָפט איבערצובויען דאָס לעבן אויף פּראָדוקטיווע יסודות. די דאָזיקע רייזע פון די 136 יידישע משפּחות, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן

טיילוויז, מיט דער הילף פון דער „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל״, איז געווען דער אָנזאָג פון אַ שפּעטערדיקער איניציאַטיווע פון דעם באַראָן הירש, וואָס האָט געעפנט אַ ברייט קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישער מיגראַציע בכלל און איז געוואָרן דער גרונטשטיין פון דעם יידישן מאַסן־ישוב דאָ אין לאַנד. די דערמאָנטע ערשטע גרופּע, און שפּעטער די מחנות יידן וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן פאַר דער קאָלאָניזאַציע פונעם באַראָן הירש, זיינען געווען די ערשטע ציגל פון דעם בנין וואָס הייסט היינט יידישער ישוב פון אַרגענטינע. די מערהייט פון זיי זיינען טאַקע געבראַכט געוואָרן פאַר קאָלאָניזאַציע און זיינען קאָלאָניזירט געוואָרן אין פאַרשיידענע פּונקטן פונעם לאַנד. עס זיינען אָבער געווען נישט ווייניק וואָס האָבן פון דעם ערשטן מאָמענט אָן נישט געקענט צופּאַסן זיך צו דער קאָלאָניזאַציע און זיי זיינען עס געוואָרן דער ערשטער קערן פון דער יידישער מאַסן־באַפעלקערונג אין די שטעט, איבערהויפּט אין בוענאָס־איירעס. אָט די דאָזיקע „דיזידענטישע״ עלעמענטן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע און די איינוואַנדערונג וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן דירעקט אין שטעט אַריין, האָבן זיך שוין אַזוי אָנגעהויבן אָנזען אַז עס איז נייטיק געוואָרן צו שאַפן די נייטיקע מוסדות פאַר די עלעמענטאַרע הצטרכותן, ווי קבורה אָדער אַנדערע ענינים פון יידישן רעליגיעזן באַדאַרף. אין פינף יאָר אַרום נאָך דעם וואָס עס זיינען אָנגעקומען די ערשטע יידישע אימיגראַנטן פון מיזרח־אייראָפּע — אין 1894 — איז געגרינדעט געוואָרן די חברה קדישא, וואָס איז געווען די פאַרגייערין פון אונדזער היינטיקער קהילה.

מיר שרייבן נישט קיין געשיכטע פון דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע און אַפילו נישט קיין מאַטעריאַלן צו דער דאָזיקער געשיכטע, אָבער מיר האָבן געפונען פאַר נייטיק צו ברענגען די דאָזיקע קורצע דאַטן וועגן דעם בראשית פונעם ישוב, בכדי צו קענען מאַכן די וויטערדיקע אויספירן פון הונדערט יאָר יידיש לעבן דאָ אין לאַנד. די דאָזיקע הונדערט יאָר האָבן געהאַט נישט נאָר מאָמענטן פון אויפשטייג, נאָר אויך שאָטנדיקע מאָמענטן, וואָס האָבן דעם ישוב אַוועקגעשטעלט אין אַ זייער מיאוסן ליכט, ווי דאָס איז געווען דאָס באַדויערלעכע קאַפּיטל פון די „טמאים״, קעגן וועלכע דער ישוב האָט געקעמפט ביז ער האָט זיך פון זיי באַפרייט, דורך איזאָלירן זיי און שפּעטער זיי אין גאַנצן אַרויסשטויסן פון זיין מיט.

## די שפּעטערדיקע איינוואַנדערונגען

דער יסוד פונעם ישוב איז שוין געווען פאַרלייגט און די געשעענישן אין דעם יידישן וועלט־לעבן האָבן געטאָן זייערס. אין רוסלאַנד איז די לאַגע פון די יידן געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער און סאָציאַל־עקאָנאָמיש אומדערטרעגלעכער און דאָס האָט געפירט צו אַ שטאַרקערן דראַנג פון אויסוואַנדערן. אַרגענטינע האָט, פון יידישן שטאַנדפּונקט, אָנגעהויבן ווערן וואָס אַ מאָל אַלץ מער צוציִענדיקער און „נעענטער״. די פּאָגראָמען פון די לעצטע יאָרן פון נייצנטן יאָרהונדערט און פון די ערשטע יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט און דער דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905, זיינען געווען אַ מעכטיקער שטויס פון יידישער אויסוואַנדערונג און אַ טייל פון דער דאָזיקער מיגראַציע איז געגאַנגען קיין אַרגענטינע. די דאָזיקע עלעמענטן זיינען על פי רוב געווען דער קערן פון דער יידישער קולטור־טעטיקייט וואָס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן. דער נייער איינוואַנדערונגס־שטראָם האָט מיט זיך געבראַכט מענטשן וואָס זיינען אין דער אַלטער היים געווען טעטיק אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן, אין די קרייזן פון דער רוסישער און יידישער אינטעליגענץ און זיי האָבן געהאַט, אויסער דאגות־פּרנסה, אויך קולטור־הצטרכותן. די דאָזיקע עלעמענטן זיינען עס געווען די וואָס האָבן פאַרלייגט דעם יסוד פון דעם היגן יידישן קולטור־לעבן דורך שאַפן קולטור־קרייזן, ביבליאָטעקן, אָנגעהויבן אַרויסגעבן צייטונגען און פאַרלייגט דעם יסוד פון אַ דערציִונגס־וועזן. דער פּעריאָד צווישן 1905 און 1914, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מילחמה, איז געווען אַ צייט פון קולטור־געזעלשאַפטלעכער פערמענטאַציע, וואָס האָט געלאָזט באַדייטנדיקע שפּורן אין דעם היגן ישוב. צווישן

די דאָזיקע עלעמענטן זיינען שוין אַפילו געווען אַזעלכע וואָס האָבן מיט זיך געבראַכט שעפע־רישן אומרו אַלס פּען־מענטשן און קינסטלערס און אייניקע פון זיי זיינען געווען די פּיאָנערן פון דעם היגן ייִדישן צייטונגסוועזן און פון דער היגער ייִדישער ליטעראַטור.

וועגן דער דאָזיקער איינוואַנדערונג פון נאָך דער דורכגעפאַלענער רוסישער רעוואָלוציע, געפינען מיר אַן אינטערעסאַנטע שילדערונג אין דער אויספירלעכער געשיכטלעכער אַרבעט וועגן פּופּציק יאָר ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע פון פּיניע כ״ץ, דערשינען אין דעם בוך „אַר־גענטינע״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן לכבוד דעם 20סטן אַניווערסאַר פון „די פּרעסע״, אין 1938. פּיניע כ״ץ האָט עס נישט געדאַרפט זוכן אין קיין דאָקומענטן, ווייל ער איז געווען איי־נער פון די ייִדישע אינטעליגענטן וואָס האָבן איינגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע אין יענער צייט. דערציילט ער צווישן אַנדערן:

„אויף די איינגעוואַנדערטע אין די דערמאָנטע יאָרן (נאָך 1905), ליגט דער שטעמפּל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, פון די פאַרשיידענע באַוועגונגען און ריכטונ־גען, וואָס האָבן באַהערשט די ייִדישע מאַסן אינעם צאַרישן רוסלאַנד פאַר און נאָך דער רעוואָלוציע. דאָס זיינען מערסטנס געווען בעל־מלאכות, אַרבעטער, האַנדלס־אָנגעשטעל־טע און האַלב־אינטעליגענץ, וואָס האָבן געשטעלט דער רעוואָלוציע די פאַרשיידנסטע פאָדערונגען, אָנהייבנדיק פון דער עלעמענטאַרסטער זיכערקייט פאַרן לעבן און פון דער עלעמענטאַרסטער גלייכבאַרעכטיקונג פאַר ייִדן, ביז דער בונדישער פאָדערונג פון נאַ־ציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע אָדער פרייע שול־פאַראיינען, ווי די ס״ס האָבן דאָס געזאָגט, ביז צו דער פרייער זעלבסטבאַשטימונג פאַר דער ייִדישער נאַציע צוגלייך מיט די אַנדערע נאַציעס פון דער רוסישער אימפּעריע, ווי דאָס האָבן געפאָדערט די פּועלי־ציון, און ביז צו נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע (סיים), ווי עס האָבן גע־פאָדערט די ייִדישע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, מיט בן־אדיר און חיים זשיטלאָווסקי אין דער שפּיץ; פון ציוניסטן, בונדאָווצעס, עס־עס, און פּועלי־ציון, ביז איסקראָווצעס, עס־ער, אַנאַרכיסטן און סינדיקאַליסטן.״

די מערסטע פון זיי, ווייזט אָן כ״ץ, זיינען געפאָרן קיין אַרגענטינע מיטן אידעאַל צו ווערן ערדאַרבעטער, און נישט סתם־ערדאַרבעטער, נאָר טאַקע אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות און לויט די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. עס זיינען אין דעם זין געמאַכט געוואָרן פאַרשיידענע פּרוּוון, אָבער די מערסטע פון זיי זיינען דורכגעפאַלן צוליב די גרויסע שוועריקייטן וואָס זיי האָבן אָנ־געטראָפן אין דעם נייעם, ווייטן און פרעמדן לאַנד. אַ סך פון זיי האָבן נישט געקענט דערגרייכן דעם אידעאַל פון ווערן ערדאַרבעטער, ווייל זיי זיינען על פּי רוב געווען בחורים און ביי דער „ייִקאַ״ איז געווען אַ פּרינציפּ צו קאָלאָניזירן בלויז פאַמיליעס. די וואָס זיינען דורכגעפאַלן אין זייערע פאַרשיידענע פּרוּוון האָבן אויסגעוואַנדערט אין די שטעט אַריין און אַנדערע זיינען פון לכתחילה פאַרבליבן אין די שטעט און זיי זיינען געוואָרן דער קערן פון דער ייִדישער שטאָטי־שער באַפעלקערונג, איבערהויפּט אין דער הויפּטשטאָט בוענאָס־איירעס. געאַרבעט האָט מען ביי וואָס עס האָט זיך געלאָזט, אַלס שוואַרצאַרבעטער און אַלס בעל־מלאכות, ביי די טיפּיש־ייִדישע פאַכן, ווי שניידעריי, קליידער־קאָנפעקציע, מעבל־סטאָלעריי, וואַליזעס א״א. אַ גרויסער טייל האָט זיך באַשעפטיקט מיט „קלאַפּעריי״, דאָס הייסט זיי זיינען געוואָרן „קועטעניקעס״, אַ פּאָפּולערע פּראָפעסיע ביי די ייִדן אין די נייע איינוואַנדערונגס־לענדער אין לאַטיין־אַמעריקע. די דאָזיקע עלעמענטן, מערסטנס אַזעלכע ווי עס שילדערט זיי פּ. כ״ץ, אַלס מענטשן מיט אַ געוויסן גייסטיקן און קולטורעלן אומרו, האָבן זיך גענויטיקט אין די געהעריקע אינסטיטוציעס און ער דערציילט וועגן דעם אָט־וואָס:

„אין דער הויפּטשטאָט, גרינדעט זיך דעמאָלט די „ביבליאָטעקאַ רוסאַ״ (1905) אין דעם שמאָלן געסל לאַ פּאַס 43, צווישן די גאַסן מאָנטעווידעאָ און ראָדריגעס פּעניאַ. די גרינדערס זיינען איסקראָווצעס, עס־ערן און בונדאָווצעס. עס גרינדעט זיך אין זעלבן יאָר

אַ פאַראיין „חרות" פון סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן, וואָס בייט אין 1906 זיין נאָמען אויף עס־עס (ציוניסטן־סאָציאַליסטן), וואָס מאַכן אַ פּרווו אַרויסצוגעבן אַ צייטונג מיטן נאָמען „נאַכריכטן", און שפּעטער פועלי־ציון, באַראָכאָווצעס. די אַרבעט זייערע איז מערסטנס אַ קולטור־אַרבעט, רעפעראַטן, דיסקוסיעס איבער פּראָגראַם־פראַגן, ליבהאָבערישע ספּעקטאַקלען, אָבער אויך פאַרטיי־פּראָפּאַגאַנדע, פאַרשפּרייטונג פון פאַרטיי־ליטעראַטור, אָנטייל אין סאָציאַליסטישע מאַניפעסטאַציעס, פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע. די אַנאַרכיסטן גרינדן די גרופּע „אַרבעטער־פריינד" און זי פאַרשפּרייט דעם לאָנדאָנער „אַרבעטער־פריינד" און די ניו־יאָרקער „פרייע אַרבעטער שטימע". אין 1906 גרינדעט זיך אויך דער ערשטער יידישער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין, דער פאַראיין פון די היטלמאַכער־אַרבעטער. אין 1907, גרינדעט זיך די אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד" (אַרגענטינער „בונד"). שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרן דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון די שניידער־אַרבעטער, אַ יידישע סעקציע ביי דעם אַלגעמיינעם סטאָליער־פאַראיין, אַ פאַראיין פון יידישע בעקערס א"אַ. אין 1908 דערשיינט די ערשטע סאָציאַליסטישע אויסגאַבע אין יידיש „דער אַוואַנגאַרד" (פון „בונד"), די „שטימע פון אַוואַנגאַרד", אַרויסגעגעבן פון די איסקראָווצעס, און אין 1909 דערשיינט „ברויט און ערע" פון די פועלי־ציון".



דער פּראָקלאַמירונג־אַקט: 100 יאָר יידישער ישוב אין אַרגענטינע (יאָר 1960).

כ"ץ ווייסט אונדז אויך צו דערציילן פון די ערשטע שפּראָצן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, אומגעפער אין יענע פריע יאָרן פון דעם אָרגאַניזירטן יידישן לעבן אין אַרגענטינע. אין דער דערמאָנטער אַרבעט, זאָגט ער, צווישן אַנדערן:

„אויך צווישן די ציוניסטן ברענגט דער נייער שטראָם אַריין אַ פאַריינגערונג. עס גרינדעט זיך אין אַפּריל פון 1906 דער פאַראיין „תפארת ישראל" פון יונגעלייט האַרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן נישט געקענט פאַרליידן דעם אומאויפריכטיקן און אַוואַנטוריס־

טישן גייסט פון דער „ליגע טעאָדאָר הערצל״. עס שטייט צו צו דעם יונגן פּאַראיין דער וועטעראַן פונעם ציוניזם אין אַרגענטינע, יעקב יאָסעלעוויטש, וואָס האָט נאָך אין 1905 אַרויסגעלאָזט אינדיווידועל ציוניסטישע פלוג־בלעטלעך קעגן דעם שרייערישן ציוניזם, און אַנדערע שטילע ציוניסטן, ווי ש. ליבעשוץ, כ. כוריין, און עס הייבט אָן דערשיינען אַ ציוניסטישע וואָכנבלאַט „די ייִדישע האָפענונג״ (אויגוסט 1908)״.

פּ. כ״ץ דערציילט אויך פון אַנדערע טעטיקייטן פון יענער צייט, וואָס האָבן געבראַכט צום אויסדרוק אַ באַדייטנדיקן קולטור־אומרו פון די ניי־איינגעוואַנדערטע. ער דערציילט אונדז וועגן ייִדיש טעאַטער וואָס מען האָט שוין דעמאָלט געשפּילט אין בוענאָס־איירעס און וועגן אַן אינ־טענסיווער קולטור־טעטיקייט. עס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן נייע ווינטן אויף דער ייִדישער גאַס, ווינטן וואָס האָבן געלייגט אָן ענדגילטיקן חותם אויפן כאַראַקטער פון דעם ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע.

## אַ וועלטלעכער ייִדישער ישוב

דער קענצייכן פונעם ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע, איז זיין וועלטלעכער כאַראַקטער. אַפילו אין די אַספּעקטן ווו ער איז רעליגיעז אָדער נאַציאָנאַל־טראַדיציאָנעל, איז ער אַ דורכויס־וועלט־לעכער ישוב. דעם דאָזיקן גרונטשטריך זיינעם, דאַרף מען זוכן נישט אין זיינע בראשית־יאָרן, נאָר אין דער עפּאָכע פון נאָך דער דורכגעפאַלענער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס האָט געבראַכט אַהער אַן עלעמענט וואָס איז אין זיין גרעסטן טייל געווען וועלטלעך־רעוואָלוציאָנער. די וואָס האָבן דאַן אויסגעוואַנדערט פון רוסלאַנד קיין צפון און דרום־אַמעריקע, זיינען על פּי רוב גע־ווען אַזעלכע וואָס האָבן מער נישט געקענט בלייבן אונטער דער רעאַקציע וואָס האָט זיך אויפ־געהויבן אין רוסלאַנד נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע און זיי זיינען געפאָרן זוכן ברייי־טערע האָריזאָנטן פאַר זייערע נייע אידייען. פון די סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע עלעמענטן איז דאָך אָפּגערעדט, אַז פאַר זיי איז ייִדישע רעליגיע און אַלץ וואָס האָט מיט איר געהאַט אַ שייכות, געווען טריף; אויך די נאַציאָנאַל־געשטימטע עלעמענטן, מיט קליינע אויסנאַמען, זיינען געווען וועלטלעך געשטימט און זיי האָבן דעם חותם פון אָט דער אידעאָלאָגיע אָפּגעשטעמפּלט אויף דעם געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן וואָס זיי האָבן מיט אימפּעט גענומען אָרגאַניזירן. דער רעליגיעזער טייל פון דעם ישוב איז על פּי רוב געווען אַ סטאַטישער, אָן דעם גויטיקן די־נאַמיזם פון אָרגאַניזאַציע אין ברייטן און טיפן זין פון וואָרט. דאַקעגן זיינען די וועלטלעכע עלע־מענטן געווען דינאַמיש, פול מיט איניציאַטיוו און דראַנג, ווי עס באַווייזן די צאָלרייכע קולטור־אינסטיטוציעס וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן צווישן 1906 און 1914, ווען עס האָט אויסגע־בראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. יענע צייט האָט דעפיניטיוו באַשטימט דעם וועלטלעכן כאַ־ראַקטער פון אונדזער ישוב.

דער דאָזיקער דראַנג צו וועלטלעכקייט האָט נישט אויפגעהערט אַפילו אין די יאָרן פון רעאַקציע, וואָס האָט באַגלייט די פייערונגען פונעם הונדערטסטן אַניווערסאַר פון דער אַרגענ־טינער מאַי־רעוואָלוציע, אין 1910. ווי באַוווּסט, האָט דער דעמאָלטיקער אויפגעבלאָזענער פּאַט־ריאָטיזם, באַגלייט פון אַ שאַרפער פּאָליטישער רעאַקציע, געבראַכט צו איבערפאַלן און פּאָג־ראָמען אויף אַלע אינסטיטוציעס וואָס האָבן אַרויסגעוויזן סימנים פון פּראָגרעסיווקייט, און די ייִדישע אינסטיטוציעס, איבערהויפּט די ביבליאָטעקן און קולטור־צענטערן, זיינען דעמאָלט פּאָ־גראָמירט געוואָרן און זיי האָבן געמוזט איינשרומפּן זייער טעטיקייט. ערשט נאָך דעם וואָס דער פּרעזידענט ראָקע סאַענס פּעניאַ האָט איבערגענומען די מאַכט, האָבן אין לאַנד אָנגעהויבן בלאָזן ליבעראַלע ווינטן און די טעטיקייט פון די פאַרשיידענע ייִדישע ביבליאָטעקן און קולטור־צענ־טערן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן מיט אַ פאַרשטאַרקטן ריטעם. עס איז אָבער אונטערגעקומען די וועלט־מלחמה, וואָס האָט דאָס לאַנד איזאָלירט פון דער וועלט און דער היגער ייִדישער ישוב איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער איבעריקער ייִדישער וועלט. די מלחמה מיט אירע נאָכוויי־

ענישן פון ייִדישע צרות אויפן אַלטן קאָנטינענט, האָט מיט זיך געבראַכט אַ שפּאָגל־נייע טעטי־קייט: די הילפס־טעטיקייט פאַר די מלחמה־ליידנדיקע. די דאָזיקע טעטיקייט האָט אַרויסגערופן צום לעבן צענדלינגער לאַנדסלייט־פאַראיינען, וואָס זיינען מיט דער צייט געוואָרן אַ גרויסער פאַקטאָר אין דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־אַרבעט פונעם ישוב. די צווייגרעסטע לאַנדסלייט־פאַראיינען וואָס זיינען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געגרינדעט געוואָרן — דער פאַראיין פון פּוילישע ייִדן און דער בעסאַראַבער לאַנדסלייט־פאַראיין — האָבן שפּעטער געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָל אויפן געביט פון הילפס־אַרבעט פאַר די נויטליידנדיקע ייִדן פון אייראָפּע און זיינען גלייכצייטיק געוואָרן די באַדייטנדיקסטע צענטערס פון אַן אָרטיקער טעטיקייט. שפּעטער איז אויפגעקומען דער פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער ייִדן און צענדלינגער קליינע לאַנדסלייט־פאַראיינען פון די באַטרעפנדיקע שטעט און שטעטלעך, וואָס זיינען געוואָרן אַנגעזעענע פאַקטאָרן אין דער מאָזאַיִק פון אונדזער ציבורדיקן לעבן.



100 יאָר ייִדישער ישוב אין אַרגענטינע. צוזאַמענטרעף אין דער קהילה פון געוועזענע און איצטיקע מיטגלידער פון די קהילה־פאַרוואַלטונגען.

דאָס אַלץ, ווי געזאָגט, האָט געטראָגן אַ וועלטלעכן כאַראַקטער און האָט געהאַט אַ דעפיני־טיווע השפּעה אויף דער געשטאַלטונג פונעם ישוב. דער רעליגיעזער טייל, וואָס האָט נאַטירלעך קיין מאָל נישט געפעלט, איז בדרך־כלל געווען אַ פּריוואַטער ענין אָדער אַן ענין פון באַשרענק־טע גרופּעס, וואָס האָט זיך נישט אָפּגעשפּיגלט אויף דעם אַלגעמיינעם פּנים פונעם ישוב. די כשרות־פראַגע, וואָס שפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל אין דעם לעבן פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדנטום, האָט דאָ קיין מאָל נישט געטראָגן קיין ציבורדיקן כאַראַקטער. אַפילו היינט צו טאָג,

ווען דאָס רעליגיעזע לעבן פונעם ישוב איז שוין מער־וויניקער אָרגאַניזירט און אויסגעבריי־טערט, איז אַ כשרער רעסטאָראַן נאָך אַלץ אַן ענין פון אויסנאַם. טראָץ דעם וואָס דאָס וועלט־לעכע דערציִונגס־וועזן האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן אַ סך שפּעטער און די ערשטע דערציִונגס־מוסדות זיינען על פּי רוב באַשטאַנען פון תלמוד־תורות אָדער פון שולעס מיט אַ רעליגיעזן אונטערשלאַק, באַזונדערס די מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט די „יִקאָ" אין די יידישע קאָלאָ־ניעס און אין די ישובים פון אינערן פון לאַנד, האָט עס אָבער מיט גאָר נישט געשטערט אַז דער ישוב זאָל זיך אַנטוויקלען אויף וועלטלעכע יסודות. פונקט פאַרקערט, דאָס יידישע לעבן פון די קאָלאָניעס, וואָס איז לכתחילה געווען ענלעך אויפן יידישן לעבן פון די יידישע שטעטלעך אין מיזרח־אייראָפּע, ווו די רעליגיעזע טראַדיציע האָט געשפּילט אַ היפּשע ראָל, האָט זיך אויך אָנגעהויבן פאַרוועלטלעכן. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן קולטור־אינסטיטוציעס פון וועלט־לעכן כאַראַקטער, ביבליאָטעקן, וועלטלעכע שולעס און גראָד אין די קאָלאָניעס האָט זיך אָנ־געהויבן אַנטוויקלען אַן אינטענסיוו קולטור־לעבן וואָס האָט אין משך פון אַ סך יאָרן געהאַט אַ השפּעה אויפן ישוב און האָט אַרויסגעגעבן אַ באַדייטנדיקע צאָל פּירנדיקע פיגורן. אין פאַר־שיידענע קאָלאָניעס זיינען געווען קאָאָפּעראַטיוועס און אונטערן איינפלוס פון אָט דער וועלט־לעכקייט, האָט דער קאָאָפּעראַטיוויסטישער גייסט זיך אָנגעהויבן צו מאָדערניזירן און פאַרפּעס־טיקן און דאָס האָט שפּעטער געהאַט אַ דעפיניטיוון איינפלוס אויף דער אָרגאַניזאַציע פון אַ סך צווייגן פונעם עקאָנאָמישן און פינאַנציעלן טייל פון אונדזער ישוב, מיט אַ קענטיקער השפּעה אויף דעם אַלגעמיינעם יידישן לעבן אין לאַנד.

## נייע איינוואַנדערונג — אַ נייער אימפּולס

אין משך פון פיר יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דער ישוב געווען אָפּגעזונ־דערט פון די הויפּט־רעזערוואָרן פון יידישער איינוואַנדערונג: די מיזרח־אייראָפּעיִשע ישובים. ווי עס איז שוין פריִער דערמאָנט געוואָרן, האָט זיך דאָס יידישע לעבן דאָ נישט אָפּגעשטעלט, נאָר זיך ווייטער אַנטוויקלט מיט אייגענע, הגם שוואַכע כוחות. דער יידישער ישוב האָט זיך געמוזט אָריענטירן און קאָנצענטרירן אויף די אייגענע כוחות און דווקא אין יענער צייט זיינען פאַרלייגט געוואָרן די יסודות פון אייניקע צענטראַלע אינסטיטוציעס, צווישן זיי, פונעם יידישן שפּיטאָל און תיכף נאָכן וועלט־קריג, אין 1918, פונעם מושב זקנים און בית יתומים. וועגן דער הילפס־אַרבעט וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן מיר שוין דערמאָנט. מען האָט זיך געריכט אויף אַ גרויסער יידישער איינוואַנדערונג אויף נאָך דער מלחמה, אָבער עס האָט געדויערט היפּשע עטלעכע יאָר ביז די דאָזיקע מאַסן־איינוואַנדע־רונג האָט זיך אָנגעהויבן. תיכף נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אַ רעאַקציאָנערער קורס קעגן דער איינוואַנדערונג פון מיזרח־אייראָפּע, אויס מורא פאַר דעם באָל־שעוויסטישן איינפלוס און — פאַרשטייט זיך — יידן האָבן געליטן אויפן ערשטן פּלאַץ פון אָט דעם קורס. אין די ערשטע פאַר יאָר נאָך דער מלחמה איז די איינוואַנדערונג פון יידן געווען אַ קליינע, אָבער אַרום 1921, האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרעסערע איינוואַנדערונג פון יידן, איבער־הויפּט יענע וואָס זיינען אַנטלאָפן פון די פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע און פון פּוילן, ווו עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן דער אָרגאַניזירטער אָפיציעלער און האַלב־אָפיציעלער אַנטיסעמי־טיזם, וואָס האָט שפּעטער רויִנירט דאָס יידישע לעבן אין פּוילן. די דאָזיקע איינוואַנדערונג איז ווידער אַ מאָל, ווי בעת די פאָריקע איינוואַנדערונגס־שטראָמען, געווען אַ פּועל־יוצא פון דראַ־מאַטישע אויפטרייסלונגען אין יידישן לעבן און זי האָט מיט זיך געבראַכט אַן עלעמענט וואָס איז געקומען מיטן דראַנג איבערצובויען זיך און שאַפן פאַר זיך אַ נייע היים אין בעסערע באַ־דינגונגען פון אַרבעט און גייסטיקער אויסלעבונג. דאָס איז איבערהויפּט געווען אַ יונגער עלע־מענט, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט נישט נאָר נייע וועלטלעכע אידייען, נאָר אויך אַ גרויסע דערפאַרונג אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע און אָנפירונג פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער

דאָזיקער עלעמענט האָט געגעבן אַ שטאַרקן שטויס פּאָרויס דעם ישוב און אים אָנגעהויבן פּאַר־פּעסטיקן אויך עקאָנאָמיש. דער דאָזיקער שטראָם האָט מיט זיך געבראַכט טויזנטער ייִדישע בעלי־מלאכות און ספּעציאַליזירטע אַרבעטער פון פאַרשיידענע בראַנזשעס, וואָס זיינען געוואָרן די פּיאָנערן פון וויכטיקע אינדוסטריעלע צווייגן דאָ אין לאַנד, איבערהויפּט פון מעבל־פאַבריקאַציע, טעקסטיל, שטריקערײַ און קאָנפעקציע פון פאַרטיקע קליידער און וועש.

גלייכצייטיק איז דער דאָזיקער עלעמענט, פּונקט ווי דער פון 1905, געקומען מיט אַ דראַנג זיך אויסצולעבן גייסטיק און קולטורעל ייִדיש און ער האָט דאָ אָנגעהויבן פאַרפלאַנצן די ער־שטע שפּראָצן פון דער גרויסער קולטור־באַוועגונג וואָס איז אויפגעקומען אין מיזרח־אייראָפּע צווישן ביידע וועלט־מלחמות. עס קומט אויך פאָר אַ גרויסע אידעאָלאָגישע דיווערסיפיקאַציע אין דעם היגן ייִדישן לעבן, אונטערן איינפלוס פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און פון דער רו־



100 יאָר ייִדישער ישוב אין אַרגענטינע. געוועזענע און איצטיקע מיטגלידער פון קהילה־פאַרוואַלטונגען.

סישער רעוואָלוציע. דאָס ברייטע ייִדישע קולטור־לעבן און די אויסזיכטן פון פּראָדוקטיוויזאַציע פון די ייִדישע מאַסן אין סאָוועטן־רוסלאַנד דעראָבערט דאָ אַ סך אָנהענגער און אין דער זעלבער צייט ברייטערט זיך אויס די ציוניסטישע באַוועגונג אונטער די נייע באַדינגונגען פון דעם ענגלישן מאַנדאַט און דער פאַרשטאַרקונג פון דער עליה נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער ייִדישער ישוב פון אַרגענטינע, הויבט אָן „אַנטדעקט" צו ווערן פאַר דער ייִדישער וועלט, צום ערשט דורך ה. ד. נאָמבערג, וואָס האָט באַזוכט דאָס לאַנד אין 1922 און שפּעטער פון פּרץ הירשביין, וואָס האָט באַזוכט אַרגענטינע שוין צום צווייטן מאָל. שפּעטער, אַרום 1928, באַזוכט אַרגענטינע זלמן רייזען און דערנאָך קומען אַהער אַנדערע וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, איבער־הויפּט פון פּוילן, וואָס קומען זאַמלען הילף פאַר די ייִדישע וועלטלעכע שולעס פון פּוילן און העלפן דערוויל גרינדן דאָ־הי ענלעכע שולעס. די צוויי ייִדישע צייטונגען, „די אידישע צייטונג", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1914, אין סאַמע ברען פונעם וועלט־קריג, און „די

פּרעסע" וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דעם 1טן יאַנואַר פון 1918, איבן אויס אַ מעכטיקן איינפלוס אויפן ישוב און אין דער זעלבער צייט קומט פאַר אַן אינטענסיווע זשורנאַליסטישע און ליטעראַרישע טעטיקייט פון עלעמענטן וואָס די מילחמה־אימיגראַציע האָט געבראַכט. מען פילט אַ גייסטיקן אומרו און אַ יוגנטלעכן אימפּולס און עס זעט אויס אַז אַרגענטינע וועט ווערן אַ דריטער ייִדישער ליטעראַרישער צענטער. אין דער זעלבער צייט, ברייטערט זיך אויס די קולטור־טעטיקייט מיט פאַרשיידענע פיזיאָנאָמיעס, אָבער כמעט דורכויס מיט אַ וועלטלעכן כאַראַקטער. דער ישוב הייבט אָן זיין אויפשטייג מיט ברייטע שריט ביז צו אַ נייער ווענדונג אין דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע און אין דעם ייִדישן לעבן, ווען ער וועט ווידער מוזן מוותר זיין אויפן איינפלוס פון דרויסן און זיך קאָנצענטרירן אויף אייגענע כוחות. דער דאָזיקער פּעריאָד האָט זיך אָנגעהויבן אין 1933, ווען דער נאַציזם איז געקומען צו דער מאַכט, און האָט באַקומען זיין קלימאַקס אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מילחמה, ווען דאָס ייִדישע לעבן אין אייראָפּע איז חרוב ונחרב געוואָרן. דאָס איז געווען די צייט ווען עס האָט זיך פּאַקטיש פאַרענדיקט די צייט פון ציִען יניקה פון „דער אַלטער היים" און דער ישוב איז איבערגעגאַנגען, פון גייסטיקן און קולטור־שטאַנדפּונקט, „אויף אייגענע קעסט".

אין אָט דעם פּעריאָד איז אויפגעקומען די נייע פאַזע פון אונדזער קאָלעקטיווער אָרגאַניזאַציע מיט דער „דאַיאַ" אַלס די צענטראַלע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט פונעם ישוב כלפּי די לאַנד־באַהערדן. די דאָזיקע רעפּרעזענטאַנץ איז אויפגעקומען נאָך אַ ריי פּרווון צו אָרגאַניזירן דעם ישוב קעגן די העפטיקע שפּראָצן פון אַנטיסעמיטיזם וואָס זיינען דאָ אין לאַנד געבוירן געוואָרן אונטערן איינפלוס פונעם נאַצי־פאַשיזם אין אייראָפּע.

## אויף די אייגענע פיס

עס איז געקומען די צייט ווען אונדזער ישוב האָט זיך געמוזט שטעלן אויף די אייגענע פיס. די צווייטע וועלט־מילחמה האָט דעם ישוב אין גאַנצן אָפּגעשניטן פון די מיזרח־אייראָפּעיִשע ישובים פון וועלכע ער האָט שטענדיק געצויגן די יניקה און שפּעטער, ווען די מילחמה האָט זיך פאַרענדיקט און דער חורבן פונעם ייִדישן לעבן האָט זיך אַנטפּלעקט אין גאַנצן שוידערלעכן פאַרנעם, האָט דער ישוב זיך אָנגעהויבן רעאָרגאַניזירן מיט אַ שנעלן טעמפּאָ און האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף די אייגענע פיס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערשאַצונג פון אונדזערע אייגענע כוחות און אַ פאַרווירקלעכונג פון צוויי עיקרדיקע געביטן פון אונדזער לעבן, וואָס האָבן שוין פריִער עקסיסטירט, אָבער וועלכע האָבן געדאַרפט באַקומען זייער קאָנקרעטן סטאַטוס, כדי זיי זאָלן האָבן די געהעריקע ווירקונג אין די נייע אומשטענדן און באַדינגונגען: די דעמאָקראַטישע אָרגאַניזירונג פונעם ישוב אויף אַ רעפּרעזענטאַטיווער באַזע און די אויסברייטערונג פון אונדזער דערציִונגס־וועזן. דאָס ערשטע איז דערגרייכט געוואָרן דורכן פאַרוואַנדלען די געוועזענע חברה־קדישא אין דער היינטיקער קהילה און דאָס צווייטע — דורך אַן אויפגעוועקטן דראַנג צו בויען פאַסיקע בנינים פאַר אונדזערע שולעס.

פלענער וועגן שאַפן אַ קהילה אין בוענאָס־איירעס זיינען געווען אַ סך און זיי האָבן זיך נישט איינגעגעבן, ווייל די חילוקי־דעות און דער אינטערעסן־שפּיל זיינען שטענדיק געווען אַזוי גרויס, אַז וויפל מאָל מען האָט אונטערגענומען די איניציאַטיוו צו שאַפן אַ צענטראַלע אינסטיטוציע (די „פעדעראַציע" אין 1908 און די „אַליאַנץ" אין 1920), האָט זיך עס נישט איינגעגעבן. סיי־ווי־סיי אָבער, האָט די חברה־קדישא דערפילט די ראָל פון אַ קהילה, לויט די פונקציעס וואָס זי האָט דערפילט אין דעם לעבן פון דער הויפּטשטאָט און לויט דער צאָל מיטגלידער וואָס איז פון יאָר צו יאָר געוואָרן גרעסער. מען האָט בלויז געדאַרפט האָבן דעם געהעריקן מאָמענט און די אַנטשלאָסנקייט צו דערקלערן זי אַלס אַזעלכע און דאָס האָט פּאַסירט דעם 31סטן מאַרץ פון 1949, בעת פּרעזידענט פון דער חברה־קדישא איז געווען דער ד"ר משה סלינין. אין די ייִדישע צייטונגען איז דעמאָלט דערשינען אַ מעלדונג אַז די חברה־קדישא איז פּראָקלאַמירט

געוואָרן אַלס קהילה, אָנגעבנדיק דעם הויפטמאָטיוו אַז די חברה־קדישא האָט סיי־ווי דערפילט די פונקציעס פון אַ קהילה און אַז לויט דער פּראַפּאָרץ יידישע משפחות וואָס זיינען אין איר אָנגעשלאָסן איז זי ראוי צו ווערן די קהילה פונעם ישוב פון דער הויפטשטאָט. אין דער זעל־בער מעלדונג זיינען אויך אויסגערעכנט געוואָרן אַ ריי באַשלוסן וואָס די פּאַרוואַלטונג האָט אָנגענומען, בכדי צו שאַפן די באַדינגונגען און די מעגלעכקייטן אַז די קהילה זאָל קענען אויס־ברייטערן איר טעטיקייט אויף די פאַרשיידנסטע געביטן און הצטרכותן פונעם ישוב. באַזונ־דערס, האָט זיך די אינסטיטוציע אין איר נייעם עטאַפּ אָנגעצייכנט גרויסע פּלענער אויפן גע־ביט פון שולוועזן און קולטור־טעטיקייט און זי האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויפגעטאָן באמת קאָלאָסאַלע זאַכן אויף די דאָזיקע געביטן.

דער גרויסער אויפשוווּנג פון אונדזער שולוועזן האָט אייגנטלעך זיך אָנגעהויבן אַ סך פריִער איידער די קהילה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן. דער אָנהייב פון דעם דאָזיקן אויפשוווּנג דאַרף מען רעכענען פון דעם מאָמענט ווען עס איז פאַרלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון דער שלום עליכם־שולע אויף דער גאַס סעראַנאָ. דאָס איז געווען דער ערשטער אָנרעג צו די נייע גרויסע השגות אויפן געביט פון שולוועזן. דער ווייטערדיקער וווּקס איז אָבער מעגלעך געווען טאַקע אַ דאַנק דער ניי־פּראָקלאַמירטער קהילה, וועלכע האָט אויף אַן אַנטשיידנעם אופן אָנ־געהויבן צו שטיצן דעם בוי פון נייע שולעס און זייערע בודזשעטן. מיט דער צייט זיינען די איניציאַטיוועס צו בויען שול־געביידעס אַזוי אויסגעוואַקסן ביי אונדז, אַז אונדזער ישוב קען מיט רעכט שטאָלצירן מיט דעם וואָס ער האָט אויפגעטאָן אויפן געביט פון בויען שולעס. די נייע שול־געביידעס האָבן מיט זיך געבראַכט נייע הצטרכותן און נייע פּלענער, אַזוי אַז היינט צו טאָג איז אונדזער שולוועזן איינער פון יענע געביטן, אַרום וועלכן עס דרייט זיך די מערהייט פון אונדזער טעטיקייט אויף צו פאַרזיכערן אונדזער גייסטיקן קיום. איינער פון די בולטסטע קענצייכנס פון אונדזערע שולעס איז דאָס, וואָס די מערהייט פון די לערערס זיינען היינט צו טאָג היי־געבוירענע, אויסגעבילדעטע אין דעם לערער־סעמינאַר ביי דער קהילה. אונטערן אייג־פלוס פון אונדזער קהילה, האָבן די גרעסערע ישובים פון אינלאַנד אויך אויסגעברייטערט זייער שולוועזן און היינט צו טאָג קען מען אין אייניקע שטעט פון אינלאַנד טרעפן ממש יידישע מוס־טער־שולעס. דער וועד־הקהילות, וואָס איז שפּעטער געשאַפן געוואָרן, איז איינער פון די רע־סאָרטן פאַר אַ קאָאָרדינירטער טעטיקייט פון אַלע ישובים פון לאַנד און ער דערפילט אויף דעם געביט אַ וויכטיקע פונקציע. אונדזערע שולעס האָבן אויסגעברייטערט זייער טעטיקייט מיט זו־מער־קאָלאָניעס, אַזוי אַז די דערציִונגס־טעטיקייט פון די יידישע שולעס שטעלט זיך כמעט נישט אָפּ אין משך פון אַ גאַנץ יאָר.

## די שלוסן פון הונדערט יאָר יידיש לעבן

אין 1960 האָט אונדזער ישוב געפייערט הונדערט יאָר יידיש לעבן דאָ אין לאַנד. מיט וואָס האָבן מיר אָפּגעשלאָסן די דאָזיקע הונדערט יאָר יידיש לעבן און ווי אַזוי האָבן מיר זיי גע־פייערט? מיר ווערלן זיך באַמיִען אין די ווייטערדיקע שורות צו געבן אַ סינטעטישן איבערבליק. צו די הונדערט יאָר יידיש לעבן, האָבן מיר אין דער הויפטשטאָט געהאַט אַ קהילה מיט כמעט פופציק טויזנט מיטגלידער. אין יענעם יאָר האָט דער יערלעכער בודזשעט פון דער קהילה באַטראָפן אַרום זיבעציק מיליאָן פעזעס, פון וועלכע גאַנצע פערציק פּראָצענט זיינען אויסגע־געבן געוואָרן אויף דערציִונג און קולטור־אַרבעט.

אין עקאָנאָמישן זין, האָט אונדזער ישוב אָפּגעשלאָסן די הונדערט יאָר מיט גאָר גרויסע דערגרייכונגען, איבערהויפט אויפן געביט פון פינאַנציעלן קאָאָפּעראַטיוויזם. אין דעם דערמאָנטן יאָר זיינען אין גאַנצן לאַנד געווען ביי צוויי הונדערט קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס, וואָס נעמען אַרום צענדליגער טויזנטער מיטגלידער און האָבן אַן אומזאַץ פון טויזנטער מיליאָנען פעזעס. די דאָזיקע פינאַנציעלע פאָלקס־אינסטיטוציעס, שפּילן אַגב אַ וויכטיקע ראָל אין אונדזער גע־

זעלשאַפטלעכן לעבן בכלל און זיי זיינען אַן אָנשפּאַר פּאַר אַ סך פון אונדזערע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס. פּאַר די לעצטע יאָרן האָט זיך די יידישע עקאָנאָמיק אין לאַנד אַזוי געענדערט, אַז יידן זיינען פּאַקטיש פּאַרטראָטן אין אַלע ווירטשאַפטלעכע צווייגן און אין אייניקע בראַנזשעס, ווי די אויטאָמאָביל־בראַנזשע, אין בויוועזן, אין דער באַקלייד־אינדוסטריע און אין דעם צווייג פון עלעקטרישע הויז־מכשירים, שפּילן זיי אַן ערשטראַנגיקע ראָל. אויך אויפן געביט פון פרייע פּראָפעסיעס זעען זיך יידן שטאַרק אָן אין אַרגענטינע.

און אויב עס איז צורייד געקומען וועגן קאָאָפּעראַטיוויזם, דאַרף מען בעת אַן איבערבליק פון הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע, דערמאָנען אַז יידן זיינען געווען פון די ערשטע קאָאָפּעראַטיוויסטן דאָ אין לאַנד. די ערשטע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס, פון וועלכע מען געפינט



100 יאָר יידישער ישוב אין אַרגענטינע. פיר פּרעזידענטן פון דער קהילה: פון רעכטס אויף לינקס: אלימלך גוטקין, ד״ר טוביה קאַמענשטיין, איידעלמאַן און ד״ר משה גאָלדמאַן.

היינט אַ סך אין לאַנד, זיינען געשאַפן געוואָרן פון יידן. אויך גרויסע האַנדלס־אינסטיטוציעס אויף קאָאָפּעראַטיוויסטישע יסודות זיינען געשאַפן געוואָרן פון יידן און היינט צו טאָג זיינען זיי גרויסע אונטערנעמונגען מיט אַן אומזאַץ פון הונדערטער מיליאָנען פּעזעס. אויך די גרויסע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס, ווי דער יידישער שפּיטאָל, דער מושב זקנים און בית ילדים, די ליגע קעגן טובערקולאָז, דער ביקור חולים און אַנדערע אַנשטאַלטן, קענען פאַררעכנט ווערן צו די גרויסע דערגרייכונגען מיט וועלכע מיר האָבן אָפּגעשלאָסן הונדערט יאָר דאָ אין לאַנד. דאָס פּאַרלאַג־וועזן מיט וועלכן אונדזער ישוב שמט היינט צו טאָג אין דער יידישער וועלט, איז אויך געווען איינער פון יענע אָנשטרענגונגען וואָס אונדזער ישוב האָט געמאַכט נאָך דעם צווייטן וועלט־קריג צו שטעלן זיך אויף די אייגענע פיס און דער דאָזיקער צווייג פון אונדזער קולטור־לעבן האָט נושא־פירות געווען. צו די הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע, האָט אונדזער

ישוב אויך געקענט אָנגעבן אַ פיינעם באַלאַנס וועגן זיין מיטאַרבעט פאַרן בוי פון דער יידישער מדינה דורך ליפערן אַ באַדייטנדיקע צאָל חלוצים, וואָס געהערן היינט צו די אויסגעצייכנטע בויער און פאַרטיידיקער פון דער מדינה. אונדזער קולטור־פּאַטרימאָניום, סטימולירט און געשטיצט פון דער קהילה, איז אויך אַ וויכטיקע דערגרייכונג און אייניקע קולטור־אימפּרעזעס, ווי די קולטור־אַקטן אין דער קהילה און אין די אומגעגנטן, ווי דער חודש פון יידישן בוך, זיינען שוין געוואָרן טראַדיציעס, אָן וועלכע מיר וואָלטן אויסגעזען אַ סך אָרעמער. אַלס אַ סך־הכל פון הונדערט יאָר עוואָלוציע און גערעגנגל פאַר דעם קיום, איז דער אַרגענטינער ישוב היינט צו טאָג אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דעם יידישן וועלט־לעבן.

## די פייערונגען פון הונדערט יאָר יידיש לעבן

אונדזער ישוב האָט געפייערט דעם הונדערטסטן אַניווערסאַר פון יידיש לעבן דאָ אין לאַנד מיט אַ ברייטער פּראָגראַם פון פאַרשיידענע פאַראַנשטאַלטונגען וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די פולע גאַמע פון דעם היינטיקן מעמד פון אונדזער היגן ציבור. די ערשטע אָפיציעלע מעלדונג פון די פייערונגען, איז געקומען צום אויסדרוק אויף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ דעם 7טן מאַרץ פון 1960 אין דעם זיצונגס־זאַל פון דער קהילה, ווו עס איז געמאָלדן געוואָרן דער צוזאַמענשטעל פון דער ספּעציעלער קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן די פייערונגען. די דאָזיקע קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון דער קהילה, וועד־הקהילות, „דאַיאַ", ציוניסטישע לאַנד־אָרגאַניזאַציע און יידישע קאָנגרעגאַציע, מיט דער באַוואָרעניש אַז מען וועט אויף להבא קענען צוציִען פאָרשטייער אויך פון אַנדערע אינסטיטוציעס, אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן פאַר נויטיק און צוועקמעסיק. אויף דער דערמאָנטער פּרעסע־מסיבה, האָט דער פּרעזידענט ה׳ אלימלך גוטקין, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט אומגעקערט פון אַ שליחות צו פאַרטרעטן אונדזער ישוב אויף אַ ריי יידישע וועלט־אַסיפות, ווי די פון דער קליימס־קאָנפערענץ, פון יידישן וועלט־קאָנגרעס און פון יידישע אָרגאַניזאַציעס, איבערגעגעבן אַז די פייערונג פון הונדערט יאָר יידיש לעבן האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס אין דער יידישער וועלט, ווו מען האָט עס קאָמענטירט אַלס אַ וויכטיקע געשעעניש אין דעם יידישן וועלט־לעבן. ער האָט איבערגעגעבן זיינע איינדרוקן פון דעם אָפּקלאַנג וואָס דאָס האָט געהאַט און אַ גאַנצע ריי איינצלהייטן פון געשעענישן אין דעם יידישן וועלט־לעבן, וואָס זיינען פאַרבונדן געוואָרן מיט דער פייערונג פון הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע, דער עיקר דער פּלאַן פון פאָרשן די היינטצייטיקע יידישע געשיכטע, מיט דעם פאָרשונגס־צענטער אין ירושלים.

דער סעקרעטאַר פון דער קהילה, ה׳ צבי פיינגערש, האָט ביי יענער פּרעסע־קאָנפעַרענץ אינפאָרמירט אויספירלעך וועגן די צוגרייטונגען צו פייערן דעם וויכטיקן אַניווערסאַר און האָט אויסגערעכנט אַ גאַנצע ריי איינצלהייטן, צווישן זיי אַז דער ערשטער עפנטלעכער אַקט וועט פאָרקומען דעם 23סטן מאַרץ און עס וועט זיך אין אים באַטייליקן דער פּרעזידענט פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס ד״ר נחום גאָלדמאַן און אַ הויך־געשטעלטע פערזענלעכקייט פון דער אַרגענטינער רעגירונג, וואָס האָט שפּעטער זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דער דעמאָלטיקער אינערן־מיניסטער ד״ר אַלפרעדאָ ר. וויטאָלאָ. אייגנטלעך, האָבן די פייערונגען זיך געזאָלט אָנהייבן מיט עטלעכע טעג פריִער, נאָר מען האָט זיך געמוזט צופּאַסן צו די מעגלעכקייטן פונעם ד״ר גאָלדמאַן, וועלכער האָט פאַר דעם 23סטן נישט געקענט קומען צו אונדז. פאָלגלעך, האָבן די פייערונגען זיך אָנגעהויבן פאַקטיש אין דער פּראָווינץ, אין ראָזאַריאָ, סאַנטאַ־פע און קאָרדאָבאַ, וווּהין עס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן ספּעציעלע רעדנערס אויף צו באַטייליקן זיך אין די אָרגאַניזירטע אַקטן. עס זיינען אויך פאָרויסגעזען געוואָרן ספּעציעלע קאָנצענטראַציעס אין וויכטיקע פּונקטן פון די יידישע קאָלאָניעס. עס איז אויך געווען פאָרויסגעזען די אָרגאַניזירונג פון ספּעציעלע פייערונגס־קאָמיטעטן אין אַלע ישובים וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אין דעם וועד־הקהילות און אַ פאָרשונגס־אַרבעט וועגן הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע, בראש מיט דעם

שרייבער און געשיכטע־פאָרשער ה׳ משה שענדעריי. עס זיינען אויך געמאָלדן געוואָרן אויף די חדשים יוני, יולי און אויגוסט ספעציעלע כינוסים וועגן חינוך, פון דער יידישער יוגנט פונעם גאַנצן לאַנד און פון די קהילות פונעם גאַנצן לאַנד, מיט פאָרשטייער פון אַנדערע לאַטיין־אַמע־ריקאַנער ישובים, בכדי געמיינזאַם צו באַהאַנדלען עיקרדיקע פראַגן פונעם יידישן לעבן אין לאַטיין־אַמעריקע, ווי די באַציִונגען מיט ישראל, חינוך־וועזן, קולטור־טעטיקייט און רעליגיעזע פראַגן. אין די ראַמען פון די פייערונגען, איז אויך באַשטימט געוואָרן אַ פרעמיע פאַר אַ ליטע־ראַרישער אַרבעט אויף איינער אָדער צוויי טעמעס וועגן הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַר־גענטינע, מיט דריי קאַטעגאָריעס, פון 50, 30 און 10 טויזנט פעזעס. אונטער דער השגחה פונעם וועד־החינוך, זיינען באַזאָרגט געוואָרן ספעציעלע לעקציעס אין די יידישע שולעס וועגן דער



ביים איבערגעבן די פרעמיע וואָס די קהילה האָט איינגעשטעלט לכבוד הונדערט יאָר יידישער ישוב אין אַרגענטינע. — וויצע־פרעזידענט ש. גלאַזערמאַן גיט איבער די פרעמיע דעם געווינער ד״ר ליבערמאַן

באַדייטונג פון הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע, עס זיינען צוגעגרייט געוואָרן ספע־ציעלע פראָגראַמען וועגן דעם זעלבן ענין דורך ראַדיאָ און טעלעוויזיע און פאַרשיידענע אַנדערע קולטור־אַקטן, צווישן זיי, דעם אויסדריקלעכן באַשלוס צוצוגעבן דעם „חודש פון יידישן בוך״ פון דעם יאָר אַ ספעציעלן כאַראַקטער, דורך פאַרקויפן אויסער ביכער אויך פלאַטן פון יידישער מוזיק און בילדער פון יידישע קינסטלערס. צווישן אַנדערע ווערק פון דערציִערישן כאַראַקטער, איז באַשלאָסן געוואָרן צו לייגן דעם גרונטשטיין פון דעם נייעם בנין פון דעם לערער־סעמינאַר.

מיט אָט דער פרעסע־מסיבה האָבן זיך פאַקטיש אָנגעהויבן די פייערונגען פון הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע.

# דער פּראָקלאַמירונגס־אַקט פון די פייערונגען

די אייגנטלעכע פייערונגען האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דעם אָפיציעלן פּראָקלאַמירונגס־אַקט פון 23סטן מאַרץ פון 1960, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אַלס גאַסט פונעם וועלט־יידנטום, דער ד״ר נחום גאָלדמאַן; ישראל איז געווען פאַרטראָטן דורכן אַמבאַסאַדאָר אַריה לבבי, און די אַרגענטינער רעגירונג איז אויף דעם פּראָקלאַמירונגס־אַקט געווען פאַרטראָטן דורך דעם ד״ר אַלפרעדאָ ר. וויטאָלאָ, וואָס איז דעמאָלט געווען אינערן־מיניסטער, באַגלייט פונעם סוב־סעקרעטאַר, גיזשערמאָ אַקוניאַ אַנסאָרענאַ, פונעם ראַטגעבער פון דער פּרעזידענץ, ד״ר מאַריאַנאָ ווײַנפעלד און פונעם דעפּוטאַט איסאַק ברייטער. עס זיינען ביי דער געלעגנהייט אויפגעטראָטן מיט רעדעס דער פּרעזידענט פון דער קהילה, ה׳ אלימלך גוטקין, דער אַמבאַסאַדאָר לבבי, דער ד״ר נחום גאָלדמאַן און דער אינערן־מיניסטער, ד״ר וויטאָלאָ.

דער ד״ר גאָלדמאַן האָט אין יענעם אָוונט געהאַלטן איינעם פון זיינע גייסטרייכסטע פאָרטראַגן, אין וועלכן ער האָט אַנאַליזירט די באַדייטונג פון הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע אין דעם ליכט פון די געשעעענישן וואָס זיינען פאָרגעקומען אין משך פון די דאָזיקע הונדערט יאָר אין דעם יידישן לעבן בכלל. אין משך פון די דאָזיקע הונדערט יאָר, האָט ער אָנגעוויזן, האָט דאָס יידישע לעבן געליטן אַ סך מפּלות, אָבער עס האָט אָפּגעהאַלטן צוויי פונדאַמענטאַלע ניצחונות: די יידישע גלייכבאַרעכטיקונג אין דער מערהייט פון די ציוויליזירטע לענדער, צווישן זיי אַרגענטינע, און די אַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה. „דער דאָזיקער יאָרהונדערט — האָט ד״ר גאָלדמאַן געזאָגט צווישן אַנדערן — איז, היסטאָריש, איינער פון די גרעסטע אין דער יידישער געשיכטע און די דאָזיקע צוויי ניצחונות האָבן אין גאַנצן פאַרענדערט די פיזיאָנאָמיע און די פּראָבלעמאַטיק פון אונדזער פאָלק און די פראַגע איז איצט: וועלכע זיינען די פּראָבלעמען פון היינט? דער ענטפער איז: אויפצוהאַלטן די מדינה איז אפשר שווערער ווי דאָס שאַפן זי און דאָס וועט פאָדערן אַ סך הילף און סאָלידאַריטעט, פינאַנציעל און עקאָנאָמיש. אויף אַלע געביטן און אַלע וועלן מיר זיין גליקלעך, אויב דער דור וואָס האָט געשאַפן די מדינה, וועט עס קענען איבערגעבן דעם צווייטן דור אַ פאַרזיכערטע און אַ באַפעסטיקטע״.

וועגן דעם צווייטן אַספּעקט פון אונדזערע ניצחונות אין די הונדערט יאָר, האָט דער ד״ר גאָלדמאַן אָנגעוויזן אַז דער פּראָצעס פון אונדזער עמאַנסיפּאַציע איז נאָך נישט קיין גאַנצער. כל־זמן עס זיינען פאַראַן לענדער אין וועלכע יידן זיינען דיסקרימינירט אויפן געביט פון זייער גייסטיקן און קולטור־לעבן, ווי עס איז דער פאַל מיט די יידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אַנווייזנדיק אַז בכלל האָבן אונדז די דאָזיקע צוויי דערגרייכונגען פון מלוכהשער אומאָפּהענגיקייט און רעכטלעכער עמאַנסיפּאַציע געקאָסט אַ צו טייערן פּרייז, קומענדיק צום אויספיר אַז די צוקונפט פונעם יידישן לעבן אין די תפוצות איז איצט אָפּהענגיק פון דעם אויף וויפל עס וועט זיין אַן ענגע און פּערמאַנענטע צוזאַמענאַרבעט צווישן דעם וועלט־יידנטום און מדינת־ישראל, וועלכע דאַרפן זיך קעגנזייטיק באַווירקן און העלפן.

אַ זייער וואַרעמע רעדע האָט אין יענעם אָוונט געהאַלטן דער ד״ר וויטאָלאָ, וואָס האָט געבראַכט די אָפיציעלע באַגריסונג פונעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און האָט אונטערגעשטראָכן דעם יידישן ביישטייער צו דער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד אויף פאַרשיידענע פונדאַמענטאַלע געביטן, ווי די אַגריקולטור, קאָמערץ און אינדוסטריע אין משך פון די דאָזיקע הונדערט יאָר. דער ד״ר וויטאָלאָ האָט צווישן אַנדערן געזאָגט: „אייערע זין און אייניקלעך האָבן זיך אַריינגעוואַקסן אין אונדזער לעבן און אונדז געבראַכט אַ וואונדערבאַרן מוסטער פון איבערגעגעבנקייט צו עלטערן, לאַנד און פאָלק. זיי האָבן געבראַכט כבוד אונדזער קונסט און ליטעראַטור. ווייל די דאָזיקע זין אייערע זיינען קודם־כל אַרגענטינער פּאַטריאָטן און געטרייע מענטשן. אַרגענטינע איז שטאָלץ מיט אירע יידישע בירגער״.

# די לאַנד-צוזאַמענפאָרן פון חינוך און וועד הקהילות

די פייערונגען פון הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע זיינען אָנגעהויבן געוואָרן דורך דער קהילה־פאַרוואַלטונג אונטער דער פּרעזידענץ פון אלימלך גוטקין און סעקרעטאַר צבי פיינגערש און זיי זיינען פאָרגעזעצט געוואָרן דורך דער נייער קהילה־פאַרוואַלטונג אונטער דער פרעזידענץ פון ד״ר טוביה קאַמענשיין און סעקרעטאַר, ה׳ אליעזר פרידמאַן. אַלע פאַראַנשטאַלטונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען איז פאַרשטייט זיך נישט מעגלעך אויסצורעכענען. וועלן מיר דעריבער דערמאָנען בלויז צוויי וואָס זיינען, לויט אונדזער מיינונג, געווען די עיקר־דיקסטע פון אַלע פייערונגען: דער צוזאַמענפאָר פון אונדזער חינוך־וועזן און דער כינוס פון דעם וועד־הקהילות, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די חדשים יולי און אויגוסט, רעספּעקטיוו, פון 1960. מיר דערמאָנען בעיקר די דאָזיקע צוויי לאַנד־אַסיפות, ווייל אויף זיי זיינען באַהאַנדלט געוואָרן די וויכטיקסטע אַספּעקטן פון אונדזער ציבורדיקן לעבן, וואָס האָבן אַן אָרגאַנישע שייכות מיט דעם המשך פון אונדזער ישוב.




ד״ר ב. איסאַיעוו, געווינער פון דער קהילה־פּרעמיע, רעדט וועגן דער פאָרשונג פון אַרגענטינער יידישן ישוב.

אינעם צוזאַמענפאָר פון וועד־החינוך האָט זיך באַטייליקט דער גאַסט ד״ר בן־יהודה, וועלכער האָט תיכף געגעבן דעם טאָן פאַר דעם הויכן ניוואָ פונעם צוזאַמענפאָר. ער האָט צווישן אַנדערן געלויבט די אָנשטרענגונגען פון דער קהילה אויפן געביט פון חינוך, צוגעבנדיק: „איך פיל מיך זייער באַערט צו רעדן דאָ אין נאָמען פון אונדזער חינוך־אָפּטייל (פון ישראל) און אייך ברענגען אויפקלערונג. ווייל אַזאַ קהילה, וואָס לייגט אַריין אַזוי פיל אָנשטרענגונג איז ראוי פאַר אַזאַ ריי ערנסטע געדאַנקען און איבערהויפּט פאַר בשותפותדיקייט מיט ישראל און מיר וועלן די דאָזיקע געדאַנקען אַרויסברענגען, אַפילו ווען זיי וועלן זיין ערנסט און ווייטגייענדיק“.

אין זיין רעפעראַט האָט ער צווישן אַנדערע גייסטרייכע געדאַנקען אַרויסגעבראַכט דעם קענטיקן פאַקט, וואָס דאָס יידישע פאָלק באַזיצט אַזאַ גייסטיקע קראַפט, אַז עס באַווייזט שטענדיק צו באַזיגן די פרעמדע איינפלוסן וואָס שפּאַרן זיך צום יידישן לעבן פון אַלע זייטן מצד אַנדערע קולטורן, באַגרינדנדיק זיין טעזע מיט פאַקטן פון דער יידישער געשיכטע אין פאַרשיידענע עפּאָכעס, ווען דער אויסערלעכער איינפלוס האָט זיך אַממערסטן געמערקט.

אויף די ווייטערדיקע זיצונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט שול־עסקנים און פּעדאַגאָגן, זיינען ברייט באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשיידענע אַספּעקטן פון אונדזער שולוועזן אויף דער באַזע פון אויספירלעכע באַריכטן וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן סיי פון דער הויפּטשטאָט און סיי פון דער פּראָווינץ. דער סיום פון דעם כינוס איז פאָרגעקומען ביי אַ מסיבה אין דעם זאַל פון הכנסת־אורחים און ביי דער געלעגנהייט האָט מען אונטערגעצויגן סך־הכלן פונעם צוזאַמענפאָר און דער גאַסט ד״ר בן־יהודה, האָט ביי דער געלעגנהייט געהאַלטן אַ רעדע, אַרויסברענגענדיק זיינע איינדרוקן און מיינונגען וועגן דעם גייסט וואָס הערשט אַרום אונדזער חינוךוועזן, וואָס איז לויט זיין מיינונג אַ פּאָזיטיווער, פול מיט גוטן ווילן און מיט דראַנג צו איבערשטייגונג. אין זיין שלוס־וואָרט פון דער מסיבה האָט דער פּרעזידענט פון וועד־החינוך, לייב גאָלד געזאָגט אַז דער כינוס האָט באַוויזן איין זאַך אַ בולטע: אַז די שולע איז אין אונדזער ציבורדיקן לעבן אַן עיקר העיקרים און — דאָס איז זייער וויכטיק.

דער קאָנגרעס פונעם וועד־הקהילות איז דערעפנט געוואָרן שבת דעם 27סטן אויגוסט פון 1960 ביי דער אָנוועזנהייט פון דעלעגאַטן פון די ווייטסטע פונקטן פון לאַנד. דער קאָנגרעס איז פייערלעך דערעפנט געוואָרן מיט אַ פאָרטראַג פונעם פּרעזידענט פון דער קהילה, ד״ר טוביה קאַמענשטיין, אויף דער טעמע „אונדזער ישוב אינעם ליכט פון זיינע הונדערט יאָר עקסיסטענץ״, אָנווייזנדיק אויף די וויכטיקסטע עטאַפּן פון דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ישוב און זיין ביישטראָג צום אַלגעמיינעם לעבן פונעם לאַנד אויף פאַרשיידענע געביטן, באַטאָנענדיק גלייכצייטיק די וויכטיקע פּראָבלעמען וואָס אונדזער ישוב וועט האָבן צו לייזן אין די קומענדיקע יאָרן פון זיין עקסיסטענץ. ביי דער דאָזיקער דערעפענונג זיינען איבערגעלייענט געוואָרן באַגריסונגען פאַר אונדזער ישוב פונעם נשיא יצחק בן־צבי, גאָלדע מאיר, ד״ר יעקב צור, געוועזענער אַמבאַסאַדאָר פון ישראל אין אַרגענטינע, פון ד״ר נחום גאָלדמאַן, ד״ר ישראל גאָלדשטיין, פונעם פּאָרזיצער פון דער כנסת, קדיש לוז, און פון אַ גאַנצער ריי אָנגעזעענע אַנדערע יידישע פּערזענלעכקייטן פון דער וועלט און פון ישראל. דאָס וואָרט פון ישראל האָט געבראַכט דער מיניסטער־ראַטגעבער, ד״ר מרדכי אַבידע.

דאָס שלוסוואָרט פון דעם פייערלעכן אַקט, האָט געהאַט דער ד״ר מנחם געלערטער, שליח פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף פאַרשיידענע אַספּעקטן פון דעם יידישן וועלט־לעבן און געקומען צום אויספיר אַז צו זיינע הונדערט יאָר, שטעלט אונדזער ישוב מיט זיך פאָר אַ וויכטיקן פאַקטאָר אין דעם יידישן לעבן, אַלס המשך פון דעם פאַרשניטענעם יידישן לעבן אין מיזרח־אייראָפּע און אַלס שטיצפונקט פאַר דער יידישער מדינה.

די סעסיעס פונעם קאָנגרעס זיינען פאָרגעקומען זונטיק דעם 28סטן און מאָנטיק דעם 29סטן אויגוסט פון 1960 און זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ערנסט. עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אַלזייטיקע פּראָבלעמען פונעם ישוב. איינע פון די וויכטיקסטע פראַגן וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט געהאַט צו באַהאַנדלען איז געווען דער אָנשלוס פון אונדזער ישוב צו דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און נאָך אַ ברייטער דעבאַטע איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, לויט וועלכער אונדזער ישוב האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. עס זיינען אָנגענומען געוואָרן נאָך אַנדערע רעזאָלוציעס וועגן פאַרשטאַרקן די יידישע דערציִונג, וועגן פאַרטיפן און אויסברייטערן דאָס רעליגיעזע וועזן און וועגן אַ מער־אינטענסיווער אָרגאַניזאַציע פון אונדזער ציבורדיקן לעבן. די דעלעגאַטן זיינען אויך אויפגענומען געוואָרן פייערלעך אין דער אַמבאַסאַדע פון ישראל און עס איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכע אזכרה

ביים דענקמאָל נאָך די קדושים אויפן בית־עולם פון טאַבלאַדאַ. איינער פון די וויכטיקסטע אַספּעקטן פון דעם דאָזיקן צוזאַמענפּאַר איז געווען די אויפמערקזאַמקייט וואָס מען האָט גע־שענקט דער פראַגע פון דער יוגנט און איר צוקונפט. עס איז אויף דעם כינוס אויך אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט וועגן דעם ציבורדיקן לעבן פון די ספרדים און זייער בייטראָג צו אונדזער קאָלעקטיוון לעבן.

פון דעם דאָזיקן צוזאַמענפּאַר פון אונדזערע קהילות אין דעם יאָר פון פייערן הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַרגענטינע, האָט זיך באַקומען דער אויספיר פון אַ ברייט, פאַרצווייגט יידיש לעבן אויף אַלע געביטן, וואָס האָט צו פאַרצייכענען אַ סך וויכטיקע דערגרייכונגען, אָבער וואָס געפינט זיך אין פּראָצעס פון אָרגאַניזאַציע און קאָאָרדינאַציע און עס איז נייטיק צו שטיין פּערמאַנענט אויף דער וואַך און ווייטער ציען דעם פאָדעם פון אונדזער יידישן לעבן אין נישט גאָר קיין לייכטע באַדינגונגען פון אַ סביבה וואָס לאָקט מיט אירע מעגלעכקייטן און רופט אַרויס אַ באַוועגונג פון אַ לייכטזיניקער אַסימילאַציע, אָן פּערספּעקטיוון פון אַ העכערן קולטור־ניוואָ.

## קאָנפערענצן, קולטור־אַקטן, פּרעמיעס

ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, זיינען אין צוזאַמענהאַנג מיטן פייערן הונדערט יאָר יידיש לעבן דאָ אין לאַנד, דורכגעפירט געוואָרן קאָנפערענצן און קולטור־אַקטן וואָס האָבן פּאַקטיש אַרומגענומען אַלע ישובים פונעם לאַנד, אָן אויסנאַם. עס איז נישט נייטיק אויסצו־רעכענען אַלע נעמען פון די ישובים, אָבער מיר ווען יאָ ברענגען די רשימה פון די וואָס האָבן מיט זייער וואָרט און טאַלאַנט בייגעטראָגן צום דערפאָלג פון דער דאָזיקער אויפקלערונגס־אַקציע. עס זיינען אויפגעטראָטן מיט רעפעראַטן און לעקציעס אין דער הויפּטשטאָט און פּראָ־ווינץ די ווייטערדיקע פּערזאָנען: ד״ר טוביה קאַמענשיין, יעקב באָטאָשאַנסקי, משה שענדעריי, פּנחס קאַרפּ, סאַלאָמאָן וואַפּניר, ד״ר כוליאָ קעסעלמאַן, אינזש. ש. ראָזענבערג, אינזש. טענענ־בוים, אליהו טאָקער, גרעגאָריאָ ווערביצקי, ד״ר ל. מ. פּערעס, כ. אימאַטש, א. פלאַטקין, אל־בערטאָ גייסער, פּראָפ. לאַזאַראָ שאַלמאַן, ד״ר ב. איסאַיעוו, י. ל. גרוזמאַן ע״ה, מאַרק טורקאָוו, ד״ר חיים שאָשקעס, ד״ר בנימין פרידמאַן, נחמיה צוקער, חיים גראַדע (וועלכער איז געווען דער גאַסט פונעם ישוב) און אַנדערע רעדנערס און פּרעלעגענטן.

אין די קינסטלערישע פּראָגראַמען וואָס האָבן באַגלייט די קאָנפערענצן און אויפקלערונגס־אַקטן זיינען אויפגעטראָטן די קינסטלערס בען באַנוס און מינאַ בערן (פון נאָרד־אַמעריקע), סאַראַ גאָרבי, י. דענקער, דאָרע ווינדלער, מ. פורמאַנסקי, זלמן הירשפעלד, די טעאַטער־טרופּע „אַרטעאַ״, די זינגערין זשעני פאַסטערנאַק און אַנדערע קינסטלערישע קרעפטן פונעם ישוב. די קאָנפערענצן האָבן געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג און האָבן אַריינגעבראַכט אַן אויפלעבונג אין די ווייטסטע ישובים פון לאַנד.

וואָס שייך די פּרעמיעס פאַר די באַשטימטע ליטעראַרישע אַרבעטן אויף דער טעמע „די פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט פון דעם אַרגענטינער יידנטום״, זיינען זיי געווונען געוואָרן פון דעם ד״ר ב. איסאַיעוו און ד״ר יוסף ליבערמאַן. די זשורי פון דעם קאָנקורס איז באַשטאַנען פון יעקב באָטאָשאַנסקי, ד״ר לעאָן דוכאָווני, פּראָפ. לאַזאַראָ שאַלמאַן, יוסף מענדעל־סאָן און זלמן וואַסערצוג. דעם 24סטן נאָוועמבער פון 1961 האָט די דערמאָנטע זשורי אָפּגע־האַלטן אַ זיצונג, אויף וועלכער עס זיינען רעווידירט געוואָרן די באַטרעפנדיקע צוגעשטעלטע מאַטעריאַלן. עס זיינען געווען דריי אַרבעטן, איינע אין יידיש און צוויי אין שפּאַניש. נאָך אַ גע־העריקן ישוב־הדעת, האָט די זשורי איינשטימיק באַשלאָסן אַז די אַרבעט אין יידיש באַזיצט נישט די נויטיקע קאָנדיציעס פונעם קאָנקורס און זי קען איבערהויפּט נישט גענומען ווערן אין באַטראַכט. וואָס שייך די אַנדערע צוויי אַרבעטן, אין שפּאַניש, האָט זיך די זשורי געאייניקט אויף דער מיינונג אַז זיי זיינען ראוי צו באַקומען די צווייטע פּרעמיע, אין באַטרעף פון 30 טויזנט

פעזעס, יעדע איינע. נאָכן עפענען די קאָנווערטן, ווי די מחברים האָבן פיגורירט מיט פסעוודאָ־נימען, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די געווינערס זיינען דער ד״ר ב. איסאַיעוו און דער ד״ר יוסף ליבערמאַן.

וואָס שייך דער אַרבעט וואָס מען האָט באַאויפטראָגט דעם ה׳ מ. שענדעריי וועגן דער געשיכטע פונעם ישוב, האָט ער די אַרבעט רעאַליזירט, לויט עס איז צו דרינגען פון די נאָכאַנאַנדיקע ווענדונגען צו די אינסטיטוציעס פונעם ישוב, אַז זיי זאָלן צושטעלן די נויטיקע דאַטן וועגן זיך, און עס איז צו גלויבן אַז די דאָזיקע אַרבעט וועט פריִער אָדער שפּעטער דערשיינען.




אַן אזכרה אויפן בית־עולם ליניערס פאַר די בויער פון ישוב, אין די ראַמען פון די פייערונגען 100 יאָר יידישער ישוב אין אַרגענטינע.

צווישן דער סעריע אַקטן וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט די פייערונגען פון הונדערט יאָר יידיש לעבן דאָ אין לאַנד, איז דער אַקט פון לייגן דעם גרונטשטיין פאַרן בנין פונעם לערער־סעמינאַר, געווען איינער פון די וויכטיקסטע פונעם שטאַנדפּונקט פון ווייטערדיקן המשך פון אונדזער לעבן דאָ. להיפוך צו אַנדערע פייערונגען וואָס האָבן געהאַט

צו טאָן מיט דער פאַרגאַנגענהייט און מיט דער קעגנוואַרט, האָט דאָס לייגן דעם גרונטשטיין פונעם נייעם בנין פאַרן סעמינאַר אויף דער גאַס אַזשאַקוטשאָ 632, געטראָגן אַן אויסדריקלעכן כאַראַקטער פון אונדזער זאָרג פאַר דער יידישער דערציִונג אין דער צוקונפט. דער אַקט איז פאָרגעקומען דעם 10טן אַפּריל פון 1960 און האָט געטראָגן אַ פייערלעכן און מאַסן־כאַראַקטער. אונדזער גאַנצער ישוב איז געווען פאַרטראָטן ביי דער דאָזיקער קולטור־שימחה און די רעגי־רונג איז געווען פאַרטראָטן פונעם בילדונגס־ און יוסטיץ־מיניסטער אין יענער צייט, ד״ר לוויס ר. מאַקקעי; פון דעם העכסטן יוסטיץ־אינספּעקטאָר, ד״ר סאַנטיאַגאָ בערקאָוויטש, און פון אַנדערע הויכע באַהערדן. ישראל איז געווען רעפּרעזענטירט פון דעם דעמאָלטיקן אַמבאַסאַדאָר אין אַרגענטינע, ד״ר אריה לבבי און דעם מיניסטער־ראַטגעבער, ד״ר מרדכי אַבידע. עס האָבן ביי דער געלעגנהייט געהאַלטן פייערלעכע רעדעס דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט פון דער קהילה, ה׳ אלימלך גוטקין; דער פאָרזיצער פונעם וועד החינוך המרכזי, ד״ר דוד טאַבאַקמאַן, דער די־



100 יאָר יידישער ישוב אין אַרגענטינע. אַלטע און יונגע מיטגלידערינס פון דער קהילה אויף אַ פייערונג.

רעקטאָר פונעם לערער־סעמינאַר, ה׳ יוסף מענדעלסאָן, דער דירעקטאָר פון דער שלום עליכם־שולע, חיים פינקעלשטיין, וועלכער האָט גערעדט אין נאָמען פון אַלע יידישע שולעס, דער אַמ־באַסאַדאָר ד״ר לבבי און אויך אין נאָמען פון די תלמידים פונעם סעמינאַר האָבן באַגריסט די שילערינס שרה פּראַגער און רחל מענדעלסאָן. די קוואַטערס ביים לייגן דעם גרונטשטיין, זיינען געווען דער בילדונגס־מיניסטער, ד״ר מאַקקעי און דער אַמבאַסאַדאָר פון ישראל, ד״ר א. לבבי. אָנגעפירט מיט דער צערעמאָניע האָט דער דעמאָלטיקער סעקרעטאַר פון דער קהילה, צבי פיינ־גערש.

אין זייערע רעדעס האָבן אַלע רעדנערס אָנגעוויזן וואָס עס באַדייט פאַר דער צוקונפט פון

דער יידישער דערציִונג דאָ אין לאַנד דאָס לייגן דעם גרונטשטיין פון אַ לערער־סעמינאַר. עס זיינען ביי דער געלעגנהייט אויך אָנגעקומען באַגריסונגען פון ישראל און פון יידישע אָרגאַני־זאַציעס פון פאַרשיידענע לענדער.

## דער סיום פון די פייערונגען פון הונדערט יאָר יידיש לעבן

ווי מיר האָבן שוין פריִער געזאָגט, זיינען אין משך פון דעם יאָר פאָרגעקומען אַ סך געזעל־שאַפטלעכע און קולטור־אַקטן וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטע שייכות מיט דער פייערונג פון הונדערט יאָר יידישע לעבן. צווישן די פייערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער פּראָווינץ איז באַזונדערס כדאי צו דערמאָנען דעם אַקט אין מאָזעסוויל, ווו מען האָט באַערט די פּיאָנערן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

דער סיום פון די פייערונגען פון הונדערט יאָר יידיש לעבן דאָ אין לאַנד איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דריי סימבאָלישע אַקטן: 1) אַ פייערלעכער קבלת־שבת אין דעם טעמפּל פון דער גאַס פּאַסאָ, פרייטיק דעם 11טן נאָוועמבער פון 1960, פונקט צו די הונדערט יאָר ווען עס איז פאָרגעקומען די אויבן־דערמאָנטע יידישע חתונה, וואָס סימבאָליזירט דעם אָנהייב פון עפנטלעכן יידישן לעבן דאָ אין לאַנד; 2) אַן אויפנאַמע אין דער קהילה פאַר די עסקנים פון אונדזערע צענטראַלע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געלייסטעט זייער מי און אַרבעט פאַר אונדזער ציבורדיקן לעבן און האָבן דערלעבט דעם מאָמענט ווען אונדזער ישוב פייערט הונדערט יאָר זיינט זיין אַנט־שטייונג; 3) אַ פייערלעכע אַזכרה אויפן בית־עולם פון ליניערס, זונטיק דעם 13טן נאָוועמבער, ביים קבר פונעם ערשטן פּרעזידענט פון דער חברה־קדישא, ה׳ מנחם ענקין, נאָך די פּיאָנערן און כלל־טוערס פון אונדזער ישוב.

ביי די אַלע דריי סימבאָלישע אַקטן זיינען דערמאָנט געוואָרן וויכטיקע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון אונדזער ישוב, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַ פאַרפלאַנצטער אויף אַ נייעם און פרעמדן באָדן, אין צייטן ווען דאָס יידישע לעבן האָט דורכגעמאַכט דראַמאַטישע פאַרפאָלגונגען אין לענ־דער ווו יידיש לעבן איז אַלט געווען הונדערטער און אַפילו טויזנטער יאָרן. עס זיינען דערמאָנט געוואָרן די שוועריקייטן און ניסיונות וואָס די ראשונים זיינען דאָ אויסגעשטאַנען, אַרויסווייזנדיק אויסדויער און אידעאַליזם און ברענגענדיק גרויסע קרבנות אויף צו אַנטוויקלען דעם ישוב. עס זיינען אָנגערופן געוואָרן נעמען פון מענטשן וואָס האָבן זיך מוסר־נפש געווען אין אַ צייט ווען דאָס יידישע לעבן איז נאָך דאָ געווען אין די וויקעלעך, ווען דער ישוב איז עקאָנאָמיש נאָך געווען שוואַך און דאָס גרינדן און בויען יידישע אינסטיטוציעס איז געווען פאַרבונדן מיט גאָר גרויסע שוועריקייטן. מען האָט אונטערגעצויגן סך־הכלען און דער אונטערצי פונעם חשבון האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גאַנץ היפשער. די פייערונגען פון הונדערט יאָר יידיש לעבן דאָ אין לאַנד און דער אונטערצי, זיינען געווען מער ווי אַלץ אַ דערמאָנונג פאַר די וואָס שטייען בראש פון אונדזערע אינסטיטוציעס, אַז מיטן פייערן הונדערט יאָר יידיש לעבן האָבן מיר בלויז גע־מאַכט אַ גרעסערע סטאַנציע און אַז אונדזער חוב איז דאָס דאָזיקע לעבן ווייטער צו ציִען און אַנטוויקלען.



י. צודיקער

# „דאַיאַ" - די פּאָליטישע רעפּרעזענטאַנץ פון אַרגענטינער ייִדנטום

### קורצער אַריינפיר

ס'וואָלט געווען אפשר אַ סך בעסער, ווען מען הייבט אָן צו דערציילן וועגן די ברייט־פּאַר־צווייגטע טעטיקייטן פון דער „דאַיאַ", פון דעם וואָס מיר וועלן דערציילן ביים סוף. מיר וואָלטן דאַן אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן דער געוואַלדיק־גרויסער אַרבעט, וואָס די „דאַיאַ" האָט אָפּ־געטאָן אין חודש יוני פון יאָר 1962, אין צוזאַמענהאַנג מיט די וואַנדאַליש־אַנטיסעמיטישע אַקטן, וואָס האָבן זיך פונאַנדערגעפלאַקערט ביי אונדז אין לאַנד און מיט דעם ווירדיקן ווידער־שטאַנד, וואָס אונדזער ישוב האָט געגעבן אויף די אַנטיסעמיטישע פּראָוואָקאַציעס — אַ זאַך וואָס איז אָרגאַניזירט און דורכגעפירט געוואָרן, אין גרעסטן טייל, אָדער כמעט אויסשליסלעך, דורך דער צענטראַלער ייִדישער רעפּרעזענטאַנץ, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דעלעגאַציע (אָדער רעפּרעזענטאַנץ) פון ייִדישע אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע", (פאַרקירצט: „דאַיאַ").

אָבער כאָטש אַזאַ אופן פון דערציילן, וואָלט געווען אַ לייכטערער, וואָלט ער אָבער פאַר קיין פאַל נישט געווען קיין ריכטיקער. ווייל דאָס וואָלט געקענט שאַפן דעם איינדרוק, אַז די איינציקע, און אפשר אויסשליסלעכע, אַרבעט פון דער „דאַיאַ" איז דער קאַמף קעגן אַנטיסעמי־טיזם און קעגן אַנטיסעמיטישע איבערפאַלן. דאָס וואָלט געווען בלויז אַ טיילווייזער אמת, אָבער ווייט נישט דער גאַנצער אמת.

און דער גאַנצער אמת איז דער, אַז כאָטש דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און פאַר ייִדי־שע רעכט און ייִדישער ווירדע, איז אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון דער טעטיקייט פון דער „דאַיאַ", איז דאָס אָבער נישט די גאַנצע אַרבעט אירע. ווייל וואָלט די גאַנצע טעטיקייט פון דער „דאַיאַ" באַשטאַנען בלויז אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, וואָלט געווען גענוג די אַמאָליקע קער־פּערשאַפט, וואָס איז געווען דער אורשפּרונג פון דער „דאַיאַ" — דער „קאָמיטעט קעגן אַנטיסע־מיטיזם", וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1933 און פון וועלכן עס האָט זיך טאַקע שפּעטער אויסגעטיילט די איצטיקע קערפּערשאַפט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דאַיאַ".

און וואָלטן מיר אַרויסגעגאַנגען פון דער הנחה, אַז די איינציקע אַרבעט פון דער „דאַיאַ" איז בלויז דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, וואָלט מען געדאַרפט גלויבן, אַז אין מאָמענט ווען דער אַנטיסעמיטיזם וועט פאַרשווינדן — און מיר זיינען טיף איבערצייגט אַז פריער, אָדער שפּעטער וועט דער אַנטיסעמיטיזם מוזן פאַרשווינדן — וועט נישט בלייבן קיין פּלאַץ פאַר קיין „דאַיאַ"־טעטיקייט.

אַזאַ איינשטעלונג איז דורכאויס אַ פאַלשע.

די „דאַיאַ", נאָך דעם ווי זי איז געוואָרן אויס בלויזער „קאָמיטעט קעגן אַנטיסעמיטיזם" און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ „רעפּרעזענטאַנץ פון ייִדישע אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע", שטעלט

פאַר זיך אַ סך ברייטערע צילן און אויפגאַבן; שטרעבט צו ווערן און איז אין אַ גרויסער מאָס געוואָרן די פאָרשטייערשאַפט און רעפּרעזענטאַנץ פון אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע, וועלכע זי באַמיט זיך צו פאַרטרעטן און פאַרצושטעלן, אַזוי אין פריידן, ווי אין ליידן.

## 1. עפּעס וועגן די צילן און אויפגאַבן פון דער „דאַיאַ״

מיר קלייבן זיך דאָ נישט צו שרייבן קיין אויספירלעכן טראַקטאַט, אָדער אַ פולשטענדיקע געשיכטע פון דער „דאַיאַ״. מיר ווילן דאָ בלויז איבערגעבן די וויכטיקסטע טעטיקייטן פון דער „דאַיאַ״ פאַר די לעצטע פינף־זעקס יאָר.

זאָל דאָ אָבער פון אָנהייב באַמערקט ווערן, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ קנאַפּע באַקאַנטשאַפט מיט די צילן און אויפגאַבן פון דער „דאַיאַ״, אַז מיר געפינען פאַר נויטיק וועגן דעם צו דער־מאָנען, אויף אַ קורצן, זאָל זיין סכעמאַטישן אופן.

עס איז פאַראַן אַ געוואַלדיקע אומבאַקאַנטשאַפט דערמיט וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די „דאַיאַ״; מיט אירע צילן און אויפגאַבן, און אויב מען איז נישט באַקאַנט מיט די צילן פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט, קען פאַרשטענדלעך נישט זיין קלאָר איר טעטיקייט.

נישט לאַנג האָט איינער, אַן אָנגעזעענער פירער פון דער „דאַיאַ״ זיך געקלאָגט אויף דעם, אַז אין דער נישט־ייִדישער וועלט קען מען זייער ווייניק דאָס וואָס עס קומט פאָר אויף דער ייִדישער גאַס און מען קלייבט זיך דאָרט ווייניק פונאַנדער אין דעם וואָס אַזוינס עס איז די „דאַיאַ״, „אַמיאַ״ און ענלעכע ראשי־תיבות. דאָס דאָזיקע קען אויסגעברייטערט ווערן אויך אויף דער ייִדישער גאַס, ווו עס איז פאַראַן אַ קליינע באַקאַנטשאַפט מיט דער „דאַיאַ״ און אין גרעסטן טייל האַלט מען זי פאַר אַזאַ מין קערפּערשאַפט, וואָס — הלוואי מען זאָל זי נישט דאַרפן... דאָס הייסט פאַר אַזעלכע, וואָס איז טעטיק בלויז אין צייטן, ווען עס זיינען דאָ צרות אָדער איבער־פאַלן אויף ייִדן.

מען ווייסט אָבער זייער ווייניק וועגן דער דאָזיקער טעטיקייט פון דער „דאַיאַ״, וועלכע עס איז כדאי באַקאַנט צו מאַכן און בעטן, אַז הלוואי זאָלן אַזעלכע טעטיקייטן זיך וואָס אָפטער אי־בערחזרן.

קודם־כל, איז די „דאַיאַ״ די פּאָליטישע רעפּרעזענטאַנץ פון דער אַרגענטינער ייִדישער קאָלעקטיווּיטעט, סיי כלפּי פּנים, פאַר דער אייגענער ייִדישער קאָלעקטיוויטעט און סיי כלפּי חוץ, פאַר די אויטאָריטעטן פון לאַנד און פאַר אויסלאַנד.

מיר פאַרמאָגן אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ייִדישע קאָלעקטיוויטעט אין אַרגענטינע, וואָס איז די גרעסטע אין גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע און איינע צווישן די וויכטיקסטע אין דער וועלט. אַזאַ מין קאָלעקטיוויטעט האָט אירע אינסטיטוציעס און קערפּערשאַפטן פון פאַרשיידנאַרטיקן כאַראַקטער: עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, קולטורעלע, פילאַנטראָפּישע אאַז״וו. אָט די אַלע אינסטיטוציעס דאַרפן האָבן זייער פאָרשטייערשאַפט וואָס זאָל זיי פאַרטרעטן און אַרויסברענגען זייערע פּראָבלעמען. אַזאַ פאַרטרעטערשאַפט איז טאַקע די „דאַיאַ״, וואָס ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון פאָרשטייער פון ייִדישע אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע.

אין איצטיקן מאָמענט זיינען אין דער „דאַיאַ״ אָנגעשלאָסן איבער 120 אינסטיטוציעס פון דער הויפּטשטאָט און זי פאַרמאָגט 54 פיליאַלן, אָדער פאָרשטייערס אין דער גרויסער אַרגענ־טינער פּראָווינץ.

ווי אַזעלכע, פאַרטרעט די ״דאַיאַ״ די ייִדישע קאָלעקטיוויטעט אין אַלע פּאַטריאָטישע פייע־רונגען פון נאַציאָנאַלן באַטייט, וועלכע ווערן דורכגעפירט אין לאַנד. באַלד נאָך איר גרינדונג האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַקציע צו שטעלן אַ מאָנומענט דעם גענעראַל כוליאָ א. ראָקאַ, וועלכער איז געווען דער ערשטער אַרגענטינער פּרעזידענט (אין די יאָרן 1880—1886 און שפּע־טער 1898—1904) וואָס האָט געעפנט די טויערן פון לאַנד פאַר דער ייִדישער איינוואַנדערונג.

אין יאָר 1950 האָט די „דאַיאַ" גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די באַערונגען פון דעם ייִדישן ישוב פאַר דעם באַפרייער פון אַרגענטינע, גענעראַל סאַן מאַרטין, צום הונדערטסטן יאָרצייט נאָך זיין טויט. צווישן אַנדערע באַערונגען, האָט די „דאַיאַ" איינגעפאַסט אַן אָנדענק־טאָוול אין נאָמען פון דער אַרגענטינער ייִדישער קאָלעקטיוויטעט אויף דעם „סעררא דע לאַ גלאָריאַ" אין די אַנדן־בערג — דער באַרג פון דעם באַפרייער.

די „דאַיאַ" האָט אויך אָרגאַניזירט די באַטייליקונג פון דעם ישוב אין דער באַערונג וואָס די אַרגענטינער רעגירונג האָט דורכגעפירט אין אָנדענק פון דעם גרויסן ייִדיש־אַרגענטינער שרייבער, מחבר פון „די ייִדישע גאַוטשן" אַלבערטאָ גערשונאָוו, אָנרופנדיק אויף גערשונאָווס נאָמען אַ באַן־סטאַנציע אין סאַמע מיט פון די ייִדישע קאָלאָניעס אין דער פּראָווינץ ענטרע־ריאָס.



חודשלעכער מיטיק פון דאַיאַ דעם 31סטן אויגוסט 1961. „דער רעליגיעזער ראַסן־האַס אין דער פּענאַל־רעפאָרם", עס האַלט אַ פאָרטראַג ביי דעם דאַזיקן מיטיק דער ד"ר סעבאַסטיאַן סאָלער. עס זענען אויך בייגעווען דעם מיטיק די אינטעלעקטואַלן: ד"ר ל. מ. באפּי באגערא (מיניסטער פון דער סופּרעמאַ קאָרטע), ד"ר פראַנציסקאָ לאַפּלאַסאַ (דעקאַן פון יורידישן פאַקולטעט), ד"ר ענריקע בולי־גאַני (עקס דעפּוטאַט).

די „דאַיאַ" האָט פּאַטראָניזירט דאָס פלאַנצן אַ וואַלד אויפן נאָמען פון סאַן מאַרטין אין ישראל, צוזאַמען מיטן קרן־קימת; האָט פּאַטראָניזירט אַלע פייערונגען לכבוד די פופציק יאָר ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין לאַנד און האָט ביי דער געלעגנהייט אַרויסגעגעבן אַ ווערטפול בוך מיטן נאָמען „פופציק יאָר ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע" און אַ בראָשור מיטן נאָמען „אַ האַלבער יאָרהונדערט אויפן אַרגענטינער אַקער"; האָט בכלל אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע צאָל ביכער און בראָשורן, וואָס האָבן אַלס ציל צו באַקענען די נישט־ייִדישע וועלט מיט דעם וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די ייִדישע קאָלעקטיוויטעט.

די „דאַיאַ" האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו־קאָמיסיע פון 150־סטן אַניווערסאַר פון דער מאַי־רעוואָלוציע, מיט וועמען זי איז געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט

און צוזאַמען מיט די וויכטיקסטע יידישע אינסטיטוציעס פון לאַנד, האָט זי געשאַפן די ספעציעלע קאָמיסיע אויף צו פייערן דעם אַניווערסאַר פון דער מאַי־רעוואָלוציע און האָט געשיקט צו דעם דעמאָלטיקן אַרגענטינער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל, ד״ר ראָדאָלפאָ גאַרסיאַ אַריאַס, אַ ביוסט פון גענעראַל סאַן מאַרטין, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין רמת־גן. זי האָט ביי דער געלעגנהייט דורכגעפירט אַן עמאָציאָנעלע צערעמאָניע, אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט דער דעמאָלטיקער אינערן־מיניסטער ד״ר וויטאָלאָ, וואָס איז געווען פרעזידענט פון דער צענטראַלער קאָמיסיע פון די מאַי־פייערונגען.

צוזאַמען מיט דער קהילה פון בוענאָס־איירעס, האָט די „דאַיאַ" איינגעשטעלט אַ פרעמיע פאַר דער בעסטער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, אָדער פון סטימול פאַר דער וויסנשאַפט. די דאָזיקע פרעמיע טראָגט דעם נאָמען פון דעם פאַרשטאָרבענעם עקס־פרעזידענט פון דער „דאַיאַ",



אַקט פון פאַרטיילן די מבשן־פרעמיע אין יאָר 1960.

ד״ר אברהם מיבשן ז״ל, און ווערט אָנגעפירט פון דעם באַוווסטן פּראָפעסאָר און נאָבעל־פּרעמיע־לאַורעאַט ד״ר בערנאַרדאָ הוסאַי.

מיר האָבן אויסגערעכנט בלויז אַ טייל פון די טעטיקייטן פון דער דאָזיקער וויכטיקער קערפערשאַפט און מיר וועלן שפּעטער דערמאָנען אַנדערע.

אין אַ דאָקומענט אַרויסגעגעבן פון דער „דאַיאַ", ווערן איבערגעגעבן די הויפּט־צילן פון דער קערפּערשאַפט אין פיר פאָלגנדיקע פונקטן:

1) פאַרזיכערן די פולשטענדיקע פאַראייניקונג פון אונדזער קאָלעקטיוויטעט, אומאָפּהענגיק און איבער די פאַרשיידענע אידעאָלאָגישע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן אַרום אין טיש, וואָס זאָל מיט זיך פולשטענדיק פאָרשטעלן אונדזער ישוב, סיי אויפן אינערלעכן געביט און אויך אויסערלעך לגבי די נאַציאָנאַלע אויטאָריטעטן;

2) ביישטייערן צו דער בעסערער איינפאַרשטענדעניש פון אונדזער קאָלעקטיוויטעט מיט דער באַפעלקערונג פון לאַנד, פון וועלכע מיר זיינען אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל, דורך אַ כסדרדיקער

אויפקלערונג פון אונדזערע פּראָבלעמען, וואָס זיינען אייגנטימלעך פאַר אַלע בירגער און איינ־וווינער פון לאַנד;

3) אַרבעטן אויף אַ כסדרדיקן פּערמאַנענטן אופן אין פאַרטיידיקונג פון אונדזערע אינטע־רעסן ווי יחידים און ווי בירגער און הויפּטזאַכלעך ווען עס באַווייזן זיך די סימפּטאָמען פון אַנ־טיסעמיטיזם, וואָס קומען פון גרופּעס, וואָס באַמיִען זיך צו פאַרשפּרייטן שינאה פון איין סעק־טאָר, אָדער איין טייל פון דער באַפעלקערונג קעגן אַ צווייטער;

4) זיך באַמיִען צו געבן די לעגאַלע פאָרמען אין פאַרטיידיקונג פון אונדזערע רעכטן, דורך דער איינשליסונג פון יורידישע רעסורסן, אָנהייבנדיק פון געזעצן, ביז דער קאָנסטיטוציע גופא, זאָלן באַדייטן אַ גאַראַנטיע צו רעספּעקטירן די פּערזענלעכע און מענטשלעכע רעכטן. דאָס וואָס



דער עולם אין זאַל בעתן אַקט פון פאַרטיילן די מבשן־פּרעמיע (1960).

עס שטעלט מיט זיך פאָר די בעסטע פאַרטיידיקונג פון מענטשלעכע רעכטן, שטעלט אויך מיט זיך פאָר די פּערפעקציאָנירונג פון אונדזערע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס".

די דאָזיקע פיר פונקטן האָבן פאַקטיש זייער אַ סך יורידישע טערמינען. מיר דאַרפן אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דער גרעסטער טייל אַקטיווע טוערס אין דער „דאַיאַ" זיינען יוריסטן, און דאָס איז זייער שפּראַך...

## 2. פאַרשיידענע אַספּעקטן פון דער „דאַיאַ"־טעטיקייט

פון די אויבן אויסגערעכנטע צילן און אויפגאַבן פון דער „דאַיאַ", איז קלאָר אַז איר אַר־בעטס־פעלד איז אַ גרויסער און באַדייטנדיקער און נעמט פאַקטיש אַרום כמעט אַלע שטחים פון יידישן לעבן און עס איז אַ פאַקט, אַז אין אַט די אַלע שטחים האָט די „דאַיאַ" אָנטייל גענומען

אין די ראַמען פון אירע מעגלעכקייטן און זייער אָפּט זיך פאַרוואַנדלט אין דער שטויס־קראַפט, וואָס האָט גרופּירט און אָרגאַניזירט די יידישע קאָלעקטיוויטעט און די יידישע אָרגאַניזאַציעס אויף דורכצופירן געוויסע אַקציעס און אונטערנעמונגען.

מיר שרייבן דאָ נישט קיין געשיכטע פון דעם יידישן ישוב פון לאַנד, אַפילו נישט די געשיכטע פון דער „דאַיאַ". מיר מיינען אָבער, אַז דער קומענדיקער היסטאָריקער וואָס וועט זיך יאָ צורירן צו דער דאָזיקער געשיכטע, וועט זיך דאַרפן היפּש גריבלען אין די אַרכיוון פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט, כדי זיך צו דערוויסן אַ סך געשעענישן אין יידישן לעבן פון די היינטיקע יאָרן.



חודשלעכער מיטיק פון דער דאַיאַ דעם 28סטן סעפּטעמבער 1961 (צטער מיטיק). „טאָטאַליטאַריזם און פּאַרלאַמענטאַריזם". מיט דער באַטייליקונג פון די עקס סענאַטאָרן און דעפּוטאַטן: ד"ר אַנסעלמאָ מאַריני (עקס דעפּוטאַט), ד"ר אַניבאַל דאַווילאַ (עקס סענאַטאָר) און ד"ר מאַנועל בעלניקאָף (עקס דעפּוטאַט).

זיי זיינען פאַראַן פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע. צום באַדויערן מער נעגאַטיווע ווי פּאָזיטיווע. אָבער איןביידע האָט די „דאַיאַ" גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל, ווי דאָס דאַרף טאָן אַ פאָרשטייערשאַפט, אָדער אַ רעפּרעזענטאַנץ פון יידישע אינסטיטוציעס.

מיר וועלן פאַרצייכענען אייניקע געשעענישן ביי אונדז אין לאַנד פאַר די לעצטע פינף יאָר.

אין יאָר 1957 איז אין אַרגענטינע צוזאַמענגערופן געוואָרן די קאָנסטיטואַנטע, וואָס האָט געהאַט אַלס ציל דורכצופירן געוויסע רעפאָרמען אין דער אַרגענטינער קאָנסטיטוציע און זי צופּאַסן צו דער איצטיקער צייט.

די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע רעכנט זיך פאַר איינע פון די דעמאָקראַטישסטע קאָנסטיטוציעס אין דער וועלט. זי איז אינספּירירט געוואָרן פון דעם גייסט פון דעם גרויסן אַרגענטינער דענקער און הומאַניסט כואַן באַוטיסטאַ אַלבערדי; זיינע באַרימטע „באַזעס" זיינען אין אַ גרויסער מאָס געווען די הויפּט־באַזעס פאַר דער אַרגענטינער קאָנסטיטוציע. ווען מען האָט אין אַמאָ־

ליקן דעמאָקראַטישן דייטשלאַנד געשאַפן די קאָנסטיטוציע פון וויימאַר, האָט מען גענומען אַלס מוסטער די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע.

די שלעכטע זייט פוןביידע קאָנסטיטוציעס און פון אַלע קאָנסטיטוציעס אין דער וועלט בכלל, איז דאָס וואָס מען היט זיי נישט אָפּ און מען פירט זיי נישט דורך, אָדער מען פירט זיי דורך אויף אַ שלעכטן אופן. שוין דער באַרימטער ייִדיש־דייטשישער סאָציאַליסט פערדינאַנד לאַסאַל, האָט אין זיין באַקאַנטער בראָשור „דער עיקר פון דער קאָנסטיטוציע״ פעסטגעשטעלט, אַז „דער עיקר איז נישט דער טויטער אות פון דער קאָנסטיטוציע, נאָר די לעבעדיקע דורכפי־רער״.

עס איז אויך געווען פאַרשטענדלעך, אַז אין יאָר 1957 זיינען די לעבנס־באַדינגונגען אַנ־דערע ווי אין יאָר 1853, דאָס יאָר ווען די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע איז אָנגענומען געוואָרן. אויך די „דאַיאַ״ האָט פאַרשטאַנען אַז עס דאַרפן דורכגעפירט ווערן געוויסע רעפאָרמען אין דער אַרגענטינער קאָנסטיטוציע, בכדי זי צוצופאַסן צו דער איצטיקער צייט. הויפּטזאַכלעך האָט די „דאַיאַ״ געהאַלטן, אַז עס דאַרפן געמאַכט ווערן רעפאָרמען אין דעם אַרטיקל 16 פון דער אַרגענ־טינער קאָנסטיטוציע, אין וועלכן עס ווערט פעסטגעשטעלט, אַז „די אַרגענטינער מלוכה אָנער־קענט נישט קיין פאָרצוגלעכע רעכטן פון יחוסדיקן בלוט אָדער געבורט: נישטאָ אין איר קיין פּערזענלעכע פּריווילעגיעס און קיין אַדל־טיטלען. אַלע אירע איינוווינער זיינען גלייך פאַרן גע־זעץ און ווערן אָנגענומען אויף אַמטן אָן אַ שום אַנדער באַדינגג אַ חוץ זייער פעיִקייט. די גלייכ־הייט איז די באַזע פון שטייער און פון די מלוכה־לאַסטן״. צום דאָזיקן אַרטיקל, האָט די „דאַיאַ״ געוואָלט צוגעבן די אַרטיקלען 2 און 7 פון דער אוניווערסאַלער דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון דער „אונ״ און אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן דער גלייכהייט פון אַלע מענטשן פאַרן געזעץ, אָן אונטערשייד פון ראַסע און גלויבן.

די דאָזיקע צוגאָבן פון דער „דאַיאַ״ צו דער רעפאָרם פון דער אַרגענטינער קאָנסטיטוציע, האָבן געהאַט אַלע שאַנסן אָנגענומען צו ווערן. אַלע דעמאָקראַטישע כוחות פון לאַנד, וואָס זיי־נען געווען פאַרטראַטן אין דער קאָנסטיטוּאַנטע, האָבן צוגעזאָגט זייער אָנשלוס צו די געבעטענע ענדערונגען. די רעדאַקציע־קאָמיסיע האָט דאָס שוין געהאַט אָנגענומען. עס איז אָבער געשען דער באַדויערונגסווערטער פאַל מיטן צוריקציִען זיך פון געוויסע פאַרטייען פון דער קאָנסטי־טואַנטע־פאַרזאַמלונג וואָס איז געבליבן אָן אַ קוואָרום און עס זיינען פאַקטיש נישט דורכגעפירט געוואָרן קיין שום רעפאָרמען אין דער קאָנסטיטוציע, אויך נישט די פאָרגעלייגטע רעפאָרם פון דער „דאַיאַ״.

די „דאַיאַ״ האָט אויך אינטערווענירט וועגן דעם ענין ייִדישע אימיגראַציע קיין אַרגענטינע. עס איז פאַקטיש אין ערגעץ נישטאָ קיין פאַרבאָט קעגן ייִדישער איינוואַנדערונג אין לאַנד און קיין שום העכערער באַאַמטער האָט קיין מאָל נישט גערעדט וועגן פאַרווערן ייִדן אַריינצוקומען אין לאַנד; עס איז נישטאָ קיין געזעץ און קיין איינוואַנדערונגס־פאַרבאָט, עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז די אימיגראַציע פון ייִדן אין לאַנד ווערט כסדר שטאַרק באַשרענקט.

בכלל גענומען, האָט אַרגענטינע אויפגעהערט צו זיין דאָס לאַנד פון איינוואַנדערונג, ווי דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק. עס קומען בכלל אַריין ווייניק אימיגראַנטן, אָבער גאָר ווייניק, אָדער כמעט גאָר נישט קיין ייִדן, מיסתמא זיינען שוין פאַראַן אַזעלכע וואָס „זאָרגן״ זיך דער־פאַר אַז קיין „צו פיל״ אָדער אין גאַנצן קיין ייִדן זאָלן אין לאַנד נישט אַריינקומען.

די „דאַיאַ״, צוזאַמען מיט דעם אימיגראַנטן־שוץ־פאַראיין „סאָפּראָטימיס״ האָט זיך באַטיי־ליקט אין דער דעלעגאַציע, וואָס עס האָט אויפגענומען דער דעמאָלטיקער מלוכה־פּרעזידענט אַרטוראָ פראָנדיסי. אין דער דאָזיקער דעלעגאַציע האָט זיך אויך באַטייליקט ד״ר טשאַרלעס ל. איזראַעלס, פּרעזידענט פון דעם „האיאַס״. די דעלעגאַציע האָט אַוועקגעשטעלט אין דער גאַנ־צער ברייט די פראַגע פון אַריינלאָזן ייִדן אין לאַנד און האָט אָנגעוויזן אַז דאָס שכנותדיקע בראַ־זיל האָט געגעבן אַ דערלויבעניש דריי טויזנט ייִדישע פאַמיליעס, אָפּשטאַמיקע פון צפון־אַפרי־קע, אויף צו באַזעצן זיך אין לאַנד.

צום באַדויערן איז אויך אויפן דאָזיקן געביט כמעט גאָר נישט דערגרייכט געוואָרן. דער מלוכה־פרעזידענט האָט נישט אָפּגעזאָגט, אָבער אויך גאָר נישט צוגעזאָגט און אַלץ איז געבליבן ביים אַלטן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן איבערצוגעבן די דאָזיקע ענינים די קאָנסולן אויף די פלעצער, וואָס דאָס מיינט — אַ פּאַקטישער אָפּזאָג.

עס איז בלויז עפּעס דערגרייכט געוואָרן וועגן די אַזוי־גערופענע „אומלעגאַלע אימיגראַנטן", וועמענס צאָל עס האָט דערגרייכט צו עטלעכע טויזנט. דאָס זיינען געווען אַנטלאָפענע און גע־ראַטעוועטע פון אַלע פייערן און אַלע געטאָס, וואָס האָבן דערגרייכט צו די ברעגן פון אַרגענטינע, טאַקע אויף אַן אומלעגאַלן אופן. די רעגירונג האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, וואָס האָט די אַלע „אומלעגאַלע אימיגראַנטן" געגעבן אַ מעגלעכקייט אין פאַרלויף פון זעקס חדשים צו רע־גילירן זייער סיטואַציע און באַקומען אַרגענטינער דאָקומענטן.



מיטיק פון דער דאַיאַ דעם 17טן מאַי 1962. „די פעלקער אין זייער שטרעבונג צו אומאָפּהענגיקייט". עס האָבן זיך באַטייליקט די אינטעלעקטואַלן: ד"ר כאָסע פּעקאָ, ד"רא מאַרגאַריטאַ ארוגאס, ד"ר ל. מ. באַפּי באַגערא.

עס ווערט אויך דערלויבט די איינוואַנדערונג פון יחידים, קרובים פון ערשטן גראַד (ווי קינדער, עלטערן, ברידער און ענלעכע). צום באַדויערן זיינען נאָך די שרעקלעכע שחיטות אויף יידן אין מיזרח־אייראָפּע געבליבן זייער ווייניק קרובים פון דעם קלאַס און פּאַר עפּעס ווייטערע קרובים ווערן אָנגעהאַלטן די פריערדיקע באַשרענקונגען.

אַ סך מער איז דערגרייכט געוואָרן אויפן געביט פון אָפּשרייען די גזירה אויף דער יידישער שפּראַך.

עס איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט קלאָר, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען דער פאַרבאָט צו רעדן יידיש אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען. עס איז אַפילו נישט זיכער צי ס'איז טאַקע גע־

ווען אַזאַ פאַרבאָט, אָדער עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ פשוטן ווילקיר פון אַ פּאָליציי־באַאַמטן, עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז מען האָט אַ לאַנגע צייט נישט דערלויבט צו רעדן קיין יידיש אויף עפנטלעכע אַקטן, סיידן עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויסלענדישע געסט. מיט אַזעלכע געסט האָט מען געוואָלט לעבן בשלום.

עס איז ביז היינטיקן טאָג שווער צו פאַרגעסן די חרפה, וואָס יידן האָבן געפילט ביים פאַר־באָט צו רעדן אויף דער שפּראַך וואָס זיי רופן אָן „מאַמע־לשון". באַזונדערס האָט דער דאָזיקער ענין געשמעקט מיט נאָך עפּעס ערגערס. מיר געדענקען אַלע גוט ווי און מיט וואָס עס פלעגן זיך פאַרענדיקן די פאַרבאָטן קעגן רעדן יידיש. אויך ביי אונדז האָט מען אַמאָל געמאַכט אַ פרווו צו פאַרבאָטן יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, און וואָלט זיך דאָס איינגעגעבן, וואָלט מען מיס־תמא געגאַנגען נאָך ווייטער; עס איז געווען אין דער צייט פון שווידערלעכן היטלעריסטישן אויפ־שטייג, ווען היטלער האָט געהאַט אונטער זיין בלוטיקן שטיוול גאַנץ אייראָפּע און זיך געקליבן צו ווערן דער באַלעבאָס פון דער גאַנצער וועלט.




דער בראָנדז־טאָוול וואָס די מוניציפּאַליטעט האָט צוגעפּעסטיקט אויפן סקווער וועלכער האָט באַקומען דעם נאָמען „שלום־עליכם".

צום גליק איז דער „דאַיאַ" געלונגען צונישט צו מאַכן די דאָזיקע שענדלעכע גזירה קעגן יידישן לשון, וואָס האָט פאַקטיש באַדייט אַ גזירה און אַן אַטענטאַט קעגן דער גאַנצער יידישער קאָלעקטיווויטעט.

עס איז אויך געלונגען אין סוף פון 1957 דורכצופירן אַז עס זאָל אויפהערן צו דערשיינען אין בוענאָס־איירעס דער נעאָ־נאַצישער זשורנאַל „דער וועג", וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין לאַנד און פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט.

מען האָט נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, כאָטש מען האָט אינטואיטיוו געפילט, אַז אַרגענ־טינע איז איינע פון די נאַצישע הויפּט־צענטערן אין דער וועלט. די מעשה אייכמאַן איז פאָרגע־קומען ערשט אַ צייט שפּעטער. עס איז אָבער געווען שטאַרק דערווידער די יידישע און מענטש־

לעכע געפילן פון דעם היגן ישוב, וואָס גראָד פון אַרגענטינע, פון דעם לאַנד וואָס האָט די גרעס־טע ייִדישע קאָלעקטיוויטעט, וואָס האָט אַ סך בייגעטראָגן פאַר דער אַנטוויקלונג פון לאַנד, אַז גראָד פון דאַנען זאָל פאַרשפּרייט ווערן דער נאַצישער און אַנטיסעמיטישער סם איבער דער וועלט. „דער וועג" און זיין רעדאַקטאָר עינאַר אַלבערג, זיינען סוף פון יאָר 1957 אַוועק פון אַר־גענטינע קיין שוועדן. אָבער דאָרטן האָט דער אַנטיסעמיטישער זשורנאַל לאַנג נישט אָנגעהאַלטן און איז אונטערגעגאַנגען.

עס איז אונטערגעגאַנגען דער אַנטיסעמיטישער זשורנאַל אָבער בשום אופן נישט דער אַנ־טיסעמיטיזם גופא, וואָס האָט זיך גראָד אין די לעצטע יאָרן פאַרשטאַרקט איבער אַ גאַנצע ריי לענדער און אויך ביי אונדז אין אַרגענטינע.

די „דאַיאַ" האָט אויך אינטערווענירט אין אַ גאַנצע ריי פאַלן אין פּראָווינצן וועגן דעם ענין פון קאַטוילישער דערציִונג אין די אָפיציעלע מלוכה־שולעס.

עס איז פאַר אַלעמען באַקאַנט, אַז איינע פון די זאַכן מיט וועלכע עס האָט זיך אויסגעצייכנט די אַרגענטינער פאָלקס־שולע, וואָס איז די שולע פון גרויסן שטאַטסמאַן און דערציִער דאָמינגאָ פאַוסטינאָ סאַרמיענטאָ, איז געווען איר וועלטלעכער כאַראַקטער. דאָס האָט אויך דערמעגלעכט, אַז קינדער פון אימיגראַנטן, וואָס פון זיי באַשטייט די גרעסטע מערהייט פון דער אַרגענטינער באַפעלקערונג, זאָלן זיך נישט פילן צעטיילט צוליב רעליגיעזע מאָטיוון.

אָבער שוין אַ לענגערע צייט ווי עס בלאָזן אַנדערע ווינטן אין אַרגענטינע. נאָך אין יאָר 1931, ווען עס איז איינגעשטעלט געוואָרן די אורובוריסטישע דיקטאַטור אין לאַנד, האָט מען אָנגעהויבן צו רעדן וועגן איינפירן רעליגיעזן, אין דעם פאַל — קאַטוילישן אונטעררי‌כט אין די שולעס. אין אַ גאַנצע ריי פּראָווינצן און אויך אין דער הויפּטשטאָט, האָט מען איינגעפירט די לערע פון „מאָראַל", אַ זאַך וואָס עס איז גאַנץ שווער צו דעפינירן, וואָס אַזוינס מען מיינט ד'ער־מיט. אַ פאַקט איז אָבער, אַז ייִדישע קינדער און אויך קינדער פון אַנדערע גלויבנס פילן זיך גאַנץ שלעכט בעת די דאָזיקע „מאָראַל"־לעקציעס און דערפאַר זיינען זיי נישט אָבליגאַטאָריש. אָבער דער פאַקט גופא פון דאַרפן אַוועקגיין בעת די לעקציעס, שאַפט אַן אונטערשייד צווישן די קינדער און אַ געוויסן איפּערודער אין דער קינדערשער נשמה.

אין די לעצטע פינף יאָר האָט זיך די אָפענסיווע קעגן דער וועלטלעכער פאָלקס־שולע פאַר־שטאַרקט. פון אָנהייב האָט זיך דאָס געהאַנדלט וועגן שאַפן „פרייע" (לייען: קאַטוילישע) אוני־ווערסיטעטן, שפּעטער איז דאָס איבערגעגאַנגען צו איינפירן רעליגיעזע (לייען נאָך אַ מאָל: קאַ־טוילישע) דערציִונג אין די שולעס. דער לעצטער עטאַפּ איז דאָס אַרויסנעמען די פאָלקס־שולעס פון דער נאַציאָנאַלער יוריסדיקציע און זיי איבערגעבן די פּראָווינצן.

און ווער עס קען די אַרגענטינער פּראָווינצן און ווייסט דעם שטענדיקן פינאַנסיעלן קריזיס וואָס די דאָזיקע פּראָווינצן מאַכן דורך, דער ווייסט אויך, אַז דאָס איבערנעמען די דערציִונגס־אַנשטאַלטן באַטייט פאַר די דאָזיקע רעגירונגען אַ שטאַרקע פינאַנסיעלע לאַסט, מיט וועלכע זיי וועלן זיך נישט אַזוי לייכט ספּראַווען און דעריבער וועלן זיי מוזן אָנקומען נאָך מאַטעריעלע הילף צו די דאָרטיקע פינאַנץ־קרייזן: צו די תקיפים און צום קלער, וועלכע וועלן משפיע זיין און לייגן זייער שטעמפּל אויף דעם גייסט און כאַראַקטער פון די פאָלקס־שולעס.

דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז די דאָזיקע שולעס וועלן זיין אַנטיסעמיטישע, אָדער אַנטי־ייִדישע, זיי וועלן אָבער שאַפן אַן אַטמאָספער, וואָס וועט זיין שווער פאַרן ייִדישן קינד.

די „דאַיאַ" האָט רעאַגירט קעגן דעם, אָבער אַ ביסל צו שפּעט און האָט דערביי נישט גע־האָט די געהעריקע מיטהילף פון די פיליאַלן אין דער פּראָווינץ. אַ גאַנצע ריי פּראָווינץ־פיליאַלן האָבן נישט געענטפערט אויף די ווענדונגען פון דער „דאַיאַ", אָדער געענטפערט צו־שפּעט. און עס האָט זיך גאַנץ ריכטיק אויסגעדריקט איינער פון די הויפּט־פירער פון דער „דאַיאַ": „פּונקט ווי מיר זיינען זיכער, אַז אין איצטיקן מאָמענט איז שוין אוממעגלעך אָפּצושרייען די דורכגע־פירטע ענדערונגען אין דעם שול־וועזן פון געוויסע פּראָווינצן, אַזוי זיינען מיר זיכער, אַז מען

וואָלט געקענט די דאָזיקע ענדערונגען יאָ אָפשרייען, ווען מען וואָלט אָנגענומען די מיטלען אין דער געהעריקער צייט".

אַלס רעזולטאַט פון נישט אָננעמען די מיטלען אין דער געהעריקער צייט, זיינען אין די פּראָווינצן קאַטאַמאַרקאַ, קאָרדאָבאַ, סאַלטאַ, סאַנטאַ־קרוז און טוקומאַן איינגעפירט געוואָרן די רעליגיעז־קאַטוילישע לימודים אין די דאָרטיקע מלוכה־שולעס. אין דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס האָט מען איינגעפירט דעם לימוד פון „מאָראַל" אין די שולעס. אין אָט די אַלע פאַלן גיט מען אַ מעגלעכקייט די יִדישע שול־קינדער און די קינדער פון די אַנדערש־גלויביקע קאָ־לעקטיוויטעטן אַרויסצוגיין בעת די לעקציעס און אין די אַנדערע פּראָווינצן האָט מען דערווייל די דאָזיקע פראַגע אַראָפּגענומען פון טאָג־אָרדענונג.

## 3. פּאָזיטיווע דערגרייכונגען פון דער „דאַיאַ"

מיר האָבן ביז איצט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ריי ווענדונגען וואָס די „דאַיאַ"־אויטאָריטעטן האָבן געמאַכט צו די פאָרשטייער פון דער רעגירונג אין לאַנד. עס זיינען אויך געווען ווענדונגען צו פאַרשיידענע אַנדערע רעגירונגען, ווי צו דער רעגירונג פון ראַטנפאַרבאַנד, רומעניע, צו די פאָרשטייער פון די רעגירונגען פון מאַראָקאָ, טוניס און עגיפּטן, וועגן אַנטי־יִדישע אַרויסטרעטונגען אין זייערע לענדער, וואָס כאָטש מען האָט געוווסט פאָרויס דעם רעזולטאַט וואָס די ווענ־דונגען וועלן האָבן, האָט מען דאָך געהאַלטן פאַר דעם יִדישן חוב די דאָזיקע ווענדונגען צו מאַכן.

מיר וועלן אָבער אויך דערמאָנען אַ גאַנצע ריי פּאָזיטיווע דערגרייכונגען, וואָס עס האָבן געהאַט די „דאַיאַ"־ווענדונגען צו די מלוכה־אינסטאַנצן און וואָס זיינען אין אַ גרויסער מאָס גע־וואָרן אַ כבוד פאַר דער יִדישער קאָלעקטיוויטעט אין לאַנד.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די גרויסע פייערונגען, וואָס דער יִדישער ישוב אין לאַנד, צוזאַ־מען מיט דער יִדישער באַפעלקערונג פון דער גאַנצער וועלט האָבן דורכגעפירט צום הונ־דערטסטן געבוירן־יאָר פון גרויסן פאָלקס־שרייבער שלום־עליכם, האָט די „דאַיאַ" געמאַכט אַ ווענדונג צום שטאָט־ראַט פון בוענאָס־איירעס, אַז עס זאָל באַשטימט ווערן אַ פּלאַץ אויפן נאָמען פון דעם גרויסן יִדישן פאָלקס־שרייבער.

די דאָזיקע ווענדונג האָט באַקומען אַ גינסטיקן ענטפער און אָפּקלאַנג. אין דעם היגן שטאָט־ראַט, וואָס האָט פאַרטראָטן די פאַרשיידנאַרטיקסטע ריכטונגען פון דער אַרגענטינער באַפעלקע־רונג, זיינען נישט געווען קיין שום קעגנער צו דער געמאַכטער ווענדונג. פאַרקערט, מען האָט אין דעם איינגעזען אַ מיטל צו קולטור־דערנענטערונג צווישן די פעלקער, מיטן אַרויסהייבן אַזעלכע ווערטן ווי עס שטעלט מיט זיך פאָר דער גרויסער יִדישער שרייבער און הומאָריסט שלום־עליכם.

עס איז אויסגעטיילט געוואָרן דער פּלאַץ, אָדער „פּלאַסאָלעטאַ" וואָס געפינט זיך צווישן די גאַסן לאַוואַזשע־קאָרדאָבאַ און גאַסקאָן, און די פייערונג וואָס עס איז פאָרגעקומען ביים געבן די דאָזיקע „פּלאַסאָלעטאַ" דעם נאָמען שלום־עליכם און דאָס אָנשלאָגן דעם טאָוול מיט דעם נאָמען פון גרויסן יִדישן פאָלקס־שרייבער, האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אמתדיקער מאַניפעסטאַציע פון פאַרערונג פאַר דעם גרויסן יִדישן שרייבער און פאַר דער יִדישער קאָלעקטיוויטעט.

אויף דער פייערונג פון געבן דעם סקווער דעם נאָמען שלום־עליכם, האָבן גערעדט דער סעקרעטאַר פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער מוניציפּאַליטעט, ד"ר אַלדאָ אַרמאַנדאָ קאָקאָ, וואָס האָט געזאָגט וואַרעמע ליב־ווערטער פאַר דער יִדישער קאָלעקטיוויטעט און פאַר דעם שרייבער שלום־עליכם, און עס האָט אויך גערעדט דער געוועזענער פּרעזידענט פון דער „דאַיאַ", ד"ר אַברהם מיבשן ז"ל. עס איז אויך געווען אַ קינסטלערישער פּראָגראַם געווידמעט שלום־עליכמען, דורכגעפירט פון דעם אַרטיסט יוסף מאַורער, וואָס האָט רעציטירט שלום־עליכמס ווערק אין יִדיש און שפּאַניש.

פון נישט קיין קלענערער באַדייטונג, איז דאָס אָנרופן אַ גאַנצע ריי גאַסן מיט דעם נאָמען מדינת־ישראל, אָדער אויף שפּאַניש „עסטאַדאָ דע איזראַעל". איינע פון די גאַסן גרענעצט זיך טאַקע מיט דעם שלום־עליכם־פּלאַץ און ציט זיך פון דער גאַס גאַסקאָן ביז קאָרריענטעס. אויך דאָס איז געטאָן געוואָרן אויף אַ ווענדונג פון דער „דאַיאַ".

אויף וויפל די דאָזיקע גאַס איז אַ פרייד און שטאָלץ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, אויך אַזוי פיל איז זי אַ דאָרן אין אויג ביי אַלע יידישע שונאים. און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטיסעמיטישע כוואַליע פון די צעבושעוועטע „טאַקואַראַ"־באַנדעס, האָבן שמוציקע הענט פאַראומרייניקט די שילדלעך פון דער דאָזיקער גאַס מיט סמאָלע־באָמבעס.



אויפנאַמע פון דער דאַיאַ פאַר פּראָפ' באָריס כיין. פון רעכטס צו לינקס: ד"ר ב. הוסאַי, פאָרשטייער פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע י. ענוג, פּראָפ' אַלעכאַנדראָ קעסאַבלאַסי, געוועזענער מיניסטער ד"ר קאַרלאָס אַדראָגע, פּרעזידענט פון דער דאַיאַ ד"ר יצחק גאָלדענבערג, פּראָפ' ב. כיין (רעדט), פּראָפ' סאַראַ דע דעקאָורגעז און ד"ר משה גאָלדמאַן.

און עס איז פאַר אונדז אַלעמען געווען אַ פרייד זיך צוצוקוקן, ווי עס האָט אויף דעם רעאַגירט די געזונטע אַרגענטינער געזעלשאַפט. דער באַקאַנטער שפּאַניש־וואַסקישער גייסטלעכער און הומאַניסט לאַנסאַ דעל וואַסטאָ האָט געבראַכט אַ לייטערל און האָט מיט די אייגענע הענט אָפּגעוואַשן די סמאָלע־פלעקן פון די שילדלעך מיט דעם נאָמען „עסטאַדאָ דע איזראַעל". דאָס איז פאַר אונדז געווען אַ סך מער טרייסט, ווי דער פאַרדרוס וואָס עס האָט געקענט אַרויסרופן די שמוציקע אַרבעט פון אַ גרופּע אַנאָנימע כוליגאַנעס.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז גאַסן און פּלאַצעס אויפן נאָמען פון מדינת־ישראל, געפינען זיך

אין אַ ריי שטאַט פון דער פּראָווינץ, ווי סאַן־מאַרטין, באַהיאַ־בלאַנקאַ, פּאָסאַדאַס א״אַנד. דאָס איז אַלץ צו פאַרדאַנקען די אינטערווענץ פון די „דאַיאַ״־פּיליאַלן אין די געגעבענע ערטער.

די „דאַיאַ״ איז גוט באַקאַנט אין די רעגירונגס־קרייזן, ווו מען באַטראַכט זי אַלס די אָפּי־ציעלע אויטאָריטעט און פאָרשטייערין פון דער יידישער קאָלעקטיווויטעט.

מיר האָבן שוין דערמאָנט דעם 150סטן אַניווערסאַר פון דער מאַי־רעוואָלוציע. ווען עס איז געשאַפן געוואָרן די צענטראַלע קאָמיסיע אויף דורכצופירן די דאָזיקע פייערונגען, האָט די דאָזיקע קאָמיסיע זיך געווענדעט צו דער „דאַיאַ״, אַז זי זאָל זיך באַ־טייליקן ווי אַ פאָרשטייערין פון דעם יידישן ישוב. אַ זאַך וואָס די „דאַיאַ״ האָט מיט פאַרגעניגן אָנגענומען און מיט גרויס אַחריות דורכגעפירט. עס זיינען אין צוזאַמענהאַנג דערמיט דורכגע־פירט געוואָרן אַ ריי פייערונגען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג און אינסטיטוציעס. אויף איינע פון די דאָזיקע פייערונגען, וואָס איז אויך פאַרבונדן געוואָרן מיט דעם הונדערטסטן אַני־ווערסאַר פון דעם היגן יידישן ישוב, האָט זיך, ווי דערמאָנט, באַטייליקט דער דעמאָלטיקער אינערן־מיניסטער אַלפרעדאָ ראָקע וויטאָלאָ, וואָס האָט געהאַלטן אַ פּרעכטיקע רעדע מיט אַ סך פאַרדינטע לויב־געזאַנגען פאַר דער יידישער קאָלעקטיוויטעט.

די „דאַיאַ״ איז אויך גוט באַקאַנט אין די אַרגענטינער וויסנשאַפטלעכע קרייזן, מיט דער איינגעשטעלטער פּרעמיע פון הונדערט טויזנט פּעזעס יערלעך, פאַר דער בעסטער וויסנשאַפט־לעכער אַרבעט. די דאָזיקע פּרעמיע ווערט געגעבן צוזאַמען מיט דער קהילה פון בוענאָס־איירעס און טראָגט דעם נאָמען פון דעם וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען פּרעזידענט פון דער „דאַיאַ״ און אויך פון דער קהילה — פון פאַרשטאָרבענעם ד״ר אַברהם מיבשן ז״ל. יאָר־יערלעך קומען זיך צוזאַמען צענדלינגער אַרגענטינער וויסנשאַפטסלייט בעת דעם אויסטיילן די דאָזיקע פּרעמיע.

די אַרגענטינער וויסנשאַפטלעכע און פּאָליטישע וועלט קען אויך די „דאַיאַ״ אַ דאַנק די חודשלעכע צוזאַמענקונפטן, אין דער פאָרעם פון מיטאָגן, וואָס ווערן אין די לעצטע צוויי יאָר דורכגעפירט און צו וועלכע עס ווערן איינגעלאַדן אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן פון דער אַרגענ־טינער פּאָליטישער, קולטורעלער און וויסנשאַפטלעכער וועלט.

ערב די ימים־נוראים און אויך ערב פּסח ווענדט זיך די „דאַיאַ״ צו די געהעריקע אינס־טאַנצן, אַז מען זאָל באַפרייען אויף די טעג די יידישע סאָלדאַטן און אַז די יידישע שילער זאָל נישט פאַררעכנט ווערן דאָס פעלן צו די לימודים אין די דאָזיקע טעג.

די דאָזיקע און ענלעכע ווענדונגען, ווערן שטענדיק גענומען אין אַכט.

## 4. דער אַנטיסעמיטיזם אין אַרגענטינע

עס וואָלט געווען ווייט נישט ריכטיק, ווען מיר וואָלטן געזאָגט, אַז אין אַרגענטינע איז קיין מאָל נישט געווען קיין אַנטיסעמיטיזם. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין אַר־גענטינע איז נישט קיין איינגעוואָרצלטער, ווי ער איז דאָס, צום באַדויערן געווען (און איז דאָס אפשר נאָך ביז היינט) אין אַ גרויסן טייל לענדער פון מיזרח־אייראָפּע.

דער אַנטיסעמיטיזם אין אַרגענטינע, איז נישט קיין איינגעוואָרצלטער און נישט קיין גע־בוירענער ביי אונדז אין לאַנד, נאָר אַן אימפּאָרטירטער פון אַנדערע און פרעמדע לענדער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס געוויסע טיילן פון די אַנטיסעמיטישע גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס ווילן זיך דווקא קליידן אין פּאַטריאָטישע מאַנטלען און גיבן זיך אַלטע היסטאָרישע נעמען.

נאָך איינע פון די אייגנשאַפטן פון אַרגענטינער אַנטיסעמיטיזם, איז דאָס וואָס ער איז דער־ווייל נישט קיין אָפענער, ווי אין די אַלטע אייראָפּעיִשע היימען, נאָר אַ באַהאַלטענער. עס איז דאָ זעלטן צו געפינען אַ פּערזאָן, אָדער פּאַרטיי, וואָס זאָל זיך אָפן דערקלערן ווי אַן אַנטיסעמי־טישע; אַפילו די טרויעריק־באַרימטע „טאַקואַראַ״־באַנדע, דערקלערט אָפט מאָל — ווען עס לוינט איר — אַז זי האָט גאָרנישט קעגן יידן, זי איז בלויז „קעגן דעם וואָס אַרגענטינער געבוירענע פאָרן אַוועק און מאַכן דורך מיליטער־דינסט אין ישראל״...

עס זיינען פאַרשטייט זיך אויך פאַראַן אויסנאַמען; עס איז געווען דער טרויעריק־באַרימטער אַנטיסעמיט הוגאָ וואַסט, דער מחבר פון די עקלדיקע ביכער „אָראָ״ (גאָלד) און „קאַהאַל״; עס איז געווען און איז נאָך אפשר פאַראַן דער זאַאָלאָגישער אַנטיסעמיט קאַרלאָס סילוועיראַ, רע־דאַקטאָר פון דער שמוציק־פּאָרנאָגראַפישער „שטירמער״־אויסגאַבע, די „קלאַרינאַדאַ״ און עס איז אויך פאַראַן דער „גייסטלעכער״ כוליאָ מעינוויעללע, דער מחבר פון דעם פּאַסקוויל „דער ייד אין דער מיסטעריע פון דער געשיכטע״ און רעדאַקטאָר פון דער אַנטיסעמיטישער אויסגאַבע פון דער „גוואַרדיאַ רעסטאַווראַדאָראַ נאַסיאָנאַליסטאַ״ — „קאָמבאַטע״. אָבער די פּאָר אויסגע־רעכנטע, צו וועלכע מען קען צורעכענען נאָך אייניקע, זיינען די אויסנאַמען וואָס באַשטעטיקן דעם כלל.

און דער כלל אין דעם פאַל איז: אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין אַרגענטינע איז נישט קיין איינ־געוואָרצלטער, איז אַ פרעמדער און עקזאָטישער אַנוווקס, וואָס אַרבעט באַהאַלטן און וואַגט זעלטן אַרויסצוגיין אויף דער אויבערפלאַך און אין דער עפנטלעכקייט.

אָט די אַלע זאַכן האָבן פאַרשטייט זיך זייערע גוטע און שלעכטע זייטן: עס איז גוט צו וויסן, אַז דאָס אַרגענטינער פאָלק, אַלנפאַלס דער גרעסטער טייל פון דאָזיקן פאָלק, איז ווייט פון די אַנטיסעמיטישע פרעדיקונגען און „תורהס״. עס איז אָבער אויך שלעכט די פעסטשטעלונג, אַז דאָס אַרגענטינער פאָלק קען אונדז ווייניק, און אין אַזאַ פאַל קענען זיך צו אַ גרויסן טייל צו־קלעפּן אַ סך זאַכן און איינרעדענישן, וואָס מען דערציילט וועגן אונדז.

און גאַנץ אָפט קלעפט זיך עס צו! ספּעציעל קלעפּט זיך עס צו אין שלעכטע עקאָנאָמישע צייטן און אין צייטן פון פּאָליטישן כאַאָס און אומרו. אַזעלכע צייטן האָבן זיך אָנגעהויבן איז די דרייסיקער יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט.

אין דער צייט פון נאַצישן אויפשוווּנג אין דייטשלאַנד, ווען איבער די גאַסן פון בערלין, מינכען, נירענבערג א״אַנד. דייטשישע שטעט האָט מען אָנגעהויבן צו זינגען דאָס באַרימטע ליד: „היינט געהערט צו אונדז דייטשלאַנד, מאָרגן די גאַנצע וועלט״, האָט זיך אויך ביי אונדז אָנגע־הויבן צו פאַרשפּרייטן, אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, דער אַנטיסעמיטיזם.

סתם אַנטיסעמיטישע אויסברוכן, האָבן מיר שוין געהאַט אַ צייט פריִער. שוין אין די יאָרן פון די „סענטענאַר״־פייערונגען זיינען אין אַרגענטינע פאָרגעקומען ספּאָראַדישע אַנטיסעמיטי־שע אַרויסטרעטונגען. אין יענער צייט זיינען די אַרויסטרעטונגען געווען קעגן די „רוסאָס״ (אַזוי פלעגט מען אין יענער צייט רופן די יידן). נאָך שאַרפער זיינען די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען געווען אין דער טרויעריק־באַרימטער „סעמאַנאַ טראַכיקאַ״ (טראַגישע וואָך) פון יאַנואַר 1919. אָבער אָט די אַרויסטרעטונגען זיינען געווען פאַראיינצלטע און נישט געהאַט קיין שום אָפּקלאַנג און קיין שום פאַרבינדונג צווישן זיך.

אָרגאַניזירטע אַנטיסעמיטישע און ספּעציעל אַנטי־יידישע אַקציעס האָבן זיך אָנגעהויבן אין ערשטן טייל פון די דרייסיקער יאָרן און די זעלביקע הענט, וואָס האָבן דאָרטן, אין דייטשלאַנד, אויפגעשריבן, אַז: „ווען דאָס יודן־בלוט שפּריצט אויפן מעסער, איז דאָס אַלץ בעסער״; די זעל־ביקע האָבן דאָ געמאַכט זייער שלעכטע שפּאַנישע איבערזעצונג פון „האַגאַ פּאַטריאַ אי מאַטע און כודיאָ״, וואָס דאָס מיינט — אַרבעט פאַרן פאָטערלאַנד און הרגע אַ יידן.

און זינט יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן דער אַנטיסעמיטישער קאַמף, וואָס האָט אין פאַר־שיידענע צייטן אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרמען. און אין יענער צייט האָט זיך, ווי געזאָגט, גע־שאַפן דער „קאָמיטעט קעגן אַנטיסעמיטיזם״, פון וועלכן עס האָט זיך שפּעטער אויסגעבילדעט די פּאָליטישע רעפּרעזענטאַנץ פון אַרגענטינער יידנטום, די „דעלעגאַציע פון יידישע אינסטי־טוציעס אין אַרגענטינע״, אָדער די „דאַיאַ״.

## 5. אַנטיסעמיטישע אַרויסטריטן אין די לעצטע צוויי יאָר

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פלאַץ ווען מען זאָל ווען אויסרעכענען אַלע אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען אין אַרגענטינע. מיר וועלן דערפאַר בלויז דערמאָנען איניקע אַנטיסעמיטיש־בוליגאַנישע אַקציעס פון די לעצטע צוויי יאָר.

און זאָל דערביי באַמערקט ווערן, אַז עס איז נישט ריכטיק די מיינונג, אַז די אַנטיסעמיטישע „אַקציעס" האָבן זיך אָנגעהויבן ערשט נאָך דעם „אייכמאַן־פאַל". אין יענער צייט האָבן זיי זיך בלויז פאַרשטאַרקט, נאָר אָנגעהויבן האָבן זיי זיך נאָך מיט אַ פּאָר חדשים פריִער (מעגלעך, אָנגעפירט פון דעם זעלביקן אייכמאַן), בעת דער האַקנקרייץ־מגיפה ביי אונדז אין לאַנד, וואָס איז געווען אַ טייל פון דער אַלגעמיינער „מגיפה" איבער דער גאַנצער וועלט.

עס איז דעמאָלט געלונגען צו מאָביליזירן די אַרגענטינער עפנטלעכע מיינונג קעגן די „אַנאָנימע" פאַרשפּרייטער פון דאָזיקן שענדלעכן קרייץ, וואָס זיינען כלל נישט אַזוי אַנאָנים. עס האָבן זיך דעמאָלט אַרויסגעזאָגט קעגן די האַקנקרייצן און זייערע פאַרשפּרייטער, אַ גרויסע צאָל לעגיסלאַטאָרן, מלוכה־באַאַמטע, מיניסטאָרן און די גאַנצע בעסערע אַרגענטינער עפנטלעכע מיינונג. און אַ גרויסער טייל פון דער אַרבעט צו באַוועגן די דאָזיקע מיינונג איז געווען פון דער „דאַיאַ".

אומגעפער אין דער זעלביקער צייט הייבט זיך אָן צו באַווייזן דאָס ווילדע באַשעפעניש, וואָס גיט זיך דעם עכט־אַרגענטינער נאָמען „טאַקואַראַ" (לויט די טאַקואַראַ־שטעקנס וואָס עס האָבן באַנוצט די גאַוטשן פון גענעראַל גועמעס אין קאַמף קעגן די שפּאַניער). פאַקטיש האָט די דאָזיקע פאַרברעכערישע אָרגאַניזאַציע שוין עקסיסטירט מיט אַ צייט פריִער, נאָך אין די יאָרן 1958, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף קעגן דער וועלטלעכער שולע פון סאַרמיענטאָן. אָבער זייער אַנטי־ייִדישן פּרצוף האָט די דאָזיקע גרופּע אָנגעהויבן אַרויסצווייזן ערשט אין אָנהייב פון יאָר 1960, טאַקע נאָך דער האַקנקרייץ־מגיפה און ערב דעם „פאַל אייכמאַן".

אין יענער צייט זיינען פאָרגעקומען די עפנטלעכע מיטינגען פון אָט־דער באַנדע. זיי זיינען פאָרגעקומען אין די סאַמע באַפעלקערטסטע טיילן פון שטאָט און פון אינלאַנד: די אַקטן זיינען פאָרגעקומען אויף פּלאַסאַ אָנסע, פּלאַסאַ קאָנסטיטוסיאָן, אין מאַטאַדעראָס און אין די גרעסערע שטעט פון לאַנד.

פון רייד זיינען זיי איבערגעגאַנגען צו מעשים: עקלדיקע מעשים, ברוטאַלע מעשים, וואָס זיינען אויסן געווען צו שאַפן אַ פּאַניק־שטימונג אין לאַנד, ספּעציעל צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג. דער סאַמע ברוטאַלסטער אַקט איז געווען דאָס שיסן אויף קינדער פון דער נאַציאָנאַל־שולע סאַרמיענטאַ, פון וועלכע איניקע זיינען פאַרוווּנדעט געוואָרן. איינער פון די פאַרוווּנדעטע, מאַנועל טרילניק, איז אַ צייט לאַנג געווען אין לעבנס־געפאַר.

ביז עס איז אונטערגעקומען דער „פאַל אייכמאַן". אין יענער צייט האָבן אַנטיסעמיטן פון אַלע מינים, קריאָזשאַ־אַנטיסעמיטן, אַנטלאָפענע נאַציס וואָס האָבן דאָ געפונען זייער שוץ־פּלאַץ, אָפּפאַל פון די קראָאַטישע פּאַוועליטשעס באַנדע, צוזאַמען מיט בוליגאַנעס פון אַנדערע אומות געבילדעט אַ מין פאַראייניקטן פראָנט קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג פון לאַנד.

און די איבערפאַלן אויף ייִדישע אינסטיטוציעס, ייִדישע געשעפטן, ייִדישע צייטונגען זיינען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אָט די אַלע איבערפאַלן ווערן קיין מאָל נישט געמאַכט עפנטלעך, נאָר ווי פאַרברעכערישע אַקטן ווערן זיי געמאַכט אין דער שטיל און דערפאַר איז אין גרעסטן טייל שווער צו אינדיווידואַליזירן די דורכפירערס פון די דאָזיקע אַקטן.

דער קולמינאַציע־פּונקט פון אָט די אַלע פאַרברעכנס איז געווען דער באַרבאַריש־וואַנדאַלישער אַקט קעגן דער ייִדישער מיידל סיראָטאַ, וואָס „טאַקואַראַ"־בוליגאַנעס, אָדער סתם בוליגאַנעס האָבן דורכגעפירט קעגן איר אַ שענדלעכן אַקט, פאַרטויבנדיק איר און אויסשניידנדיק אויף איר קערפער מיט אַ ספּעציעלן אינסטרומענט דעם שענדלעכן צייכן — דעם האַקנקרייץ.

שפּעטער האָבן זיך אַזעלכע וואַנדאַלישע אַקטן איבערגעחזרט אין אַנדערע שטעט און אויך אין שכנותדיקן אורוגוויי.

— אָבער דאָ קומען מיר צום לעצטן קאַפּיטל פון אונדזער אַרבעט, וואָס טראָגט דעם שטאָלצן נאָמען: „אָפּוועהר־קאַמף פון דער „דאַיאַ״.

## 6. דער אָפּוועהר-קאַמף פון דער „דאַיאַ״

דער וואָס וועט אַמאָל שרייבן די געשיכטע פון אונדזער ישוב, וועט מוזן ווידמען אַ באַזונדער קאַפּיטל דעם העראָישן אָפּוועהר־קאַמף פון דער „דאַיאַ״, הויפּטזעכלעך אין די לעצטע צוויי יאָר.

גראָד אין די דאָזיקע צוויי יאָר האָט זיך צום בולטסטן אַרויסגעוויזן די נויטווענדיקייט פון דער „דאיא״ אַלס פּאָליטישע רעפּרעזענטאַנץ־אינסטיטוציע פון אַרגענטינער יידישן ישוב, אַן אינסטיטוציע וואָס זאָל דעם דאָזיקן ישוב רעפּרעזענטירן פאַר די געהעריקע מאַכט־אָרגאַנען און זאָל קאָנען דעם ישוב מאָביליזירן אין אַ מאָמענט ווען עס וועט זיין נייטיק אָנצופירן דעם אָפּוועהר־קאַמף.

שטאַרק צוגעהאָלפן צו דער ווירקזאַמער אַרבעט פון דער „דאַיאַ״, האָט די רעסטרוקטוראַציע פון דאָזיקן אָרגאַניזם און דאָס אַריינציען אין אים יונגע כוחות און יונגע עלעמענטן אין דער אָנפירונג, אַזוי, אין דער הויפּטשטאָט און אויך אין די וויכטיקסטע פיליאַלן אין דער פּראָווינץ.

די רעסטרוקטוראַציע פון דער „דאַיאַ״ איז געקומען אַלס פּועל־יוצא פון אַ לעבהאַפטיקן וויכוח אין דער געזעלשאַפטלעכקייט, וועלכער האָט אַרויסגעבראַכט די נויטווענדיקייט צו רעפאָרמירן דעם אופן פון ווילן די „דאַיאַ״־לייטונג און אויך אַריינברענגען נייע אופנים אין איר טעטיקייטס־ספערע, סיי אין דער הויפּטשטאָט און באַזונדערס אין דער פּראָווינץ. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען און באַטראַכטונגען פון פאַרשיידענע צוגעשטעלטע פּראָיעקטן איז לסוף אָנגענומען געוואָרן די איצטיקע לייטונגס־סטרוקטור פון דער „דאיא״, וואָס איז בכל־אופן מער צוגעפּאַסט צו די ניי־אַנטוויקלטע לעבנס־תנאים פון אונדזער ישוב, ווי אויך צו די נייע באַדינגונגען אין וועלכער דער „דאיא״ קומט אויס צו פירן איר טעטיקייט.

נאָך מיט אַ צייט פריער איידער עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַנטיסעמיטישע אַרויסטריטן אין אַ גרויסן מאַסשטאַב, האָט די „דאיא״ צוגעגרייט דעם געהעריקן אַפּאַראַט, וואָס זאָל קאָנען אָריענטירן די עפנטלעכע מיינונג; עס זיינען געשאַפן געוואָרן די קאָמיסיעס, פאַר פּרעסע און עפנטלעכע פאַרבינדונגען, פאַר אויספאָרשן די עפנטלעכע מיינונג און פאַר אויפקלערונג.

די חודשלעכע צוזאַמענקונפטן, מיט די פאָרשטייער פון דער אַרגענטינער פּאָליטישער און אינטעלעקטועלער וועלט, אויף וועלכע עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אַ רייע וויכטיקע ענינים, זיינען געווען צוזאַמענקונפטן פון אויסערגעוויינלעך וויכטיקער באַדייטונג, סיי צוליב די פראַגן וואָס זיינען דאָרטן באַהאַנדלט געוואָרן און נאָך מער, צוליב די אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך אין זיי באַטייליקט, צווישן זיי דער גרעסטער טייל אַזעלכע, וואָס זיינען אפשר דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן, געווען אויף אַ באַגעגעניש מיט יידן.

אויך דער צוזאַמענפאָר פון די „דאיא״־פיליאַלן, וואָס איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 13טן ביזן 15טן אַפּריל, איז געווען אַ צוזאַמענפאָר וואָס האָט געהאַט אַלס ציל, צו סיגנאַליזירן און רופן די אויפמערקזאַמקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אויף דער אָנקומענדיקער געפאַר און אויף דער נויטיקייט צו שטיין אויף דער וואַך, כדי אָפּצושלאָגן די מעגלעכע אַטאַקעס קעגן דעם יידישן ישוב און פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד.

און ווען די אַנטיסעמיטישע געשעענישן זיינען שפּעטער געקומען אונטער כלומרשטן אויסרייד, ווייל מען האָט אין ישראל באַשטראָפט, איינעם פון די שווידערלעכסטע נאַצי־מערדער;

ווען אין לאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן אַ ריי באַנדיטיש־קרימינעלע אַנטיסעמיטישע איבערפאַלן, וואָס האָבן געהאַט זייער קולמינאַציע־פונקט, אין דעם שענדלעכן איבערפאַל אויף דעם ייִדישן מיידל גראַסיעלאַ נ. סיראָטאַ, האָבן זיי געטראָפן דעם ייִדישן ישוב אַ צוגעגרייטן וואָס האָט אויפגענומען די געשעענישן מיט דעם גאַנצן ערנסט, אָבער אָן פּאַניק און וואָס עס איז זיכער דאָס וויכטיקסטע, זיי האָבן געטראָפן אַ גוט־צוגעגרייטע פירערשאַפט, וואָס האָט געוווּסט ווי אַזוי צו לענקען דעם אָפּוועך־קאַמף און געבן דעם ווירדיקן ענטפער, וואָס זאָל אָפּשטעלן די שענדלעכע אַטאַקעס און נישט דערלאָזן אַז די „איזאָלירטע" אַנטיסעמיטישע איבערפאַלן, זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אַנטיסעמיטישע מגפה.

עס איז דער „דאַיאַ" געלונגען אין געציילטע טעג, צו אָרגאַניזירן די ווירדיקסטע ייִדישע מאַניפעסטאַציע, וואָס איז ווען עס איז פאָרגעקומען ביי אונדז אין לאַנד — די גרויסע פּראָטעסט־מאַניפעסטאַציע פון 28סטן יוני, וואָס וועט זיכער באַטראַכט ווערן ווי דער העראָישסטער אַרויסטריט פון אונדזער ישוב, אין וועלכן עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן נישט בלויז אַלע ייִדן, אָן אויסנאַם, נאָר אויך אַ גרויסער טייל פון דער נישט־ייִדישער דעמאָקראַטישער וועלט.

***

מיר וואָלטן געקאָנט אויסרעכענען אַ ביז גאָר לאַנגן צעטל פון די „דאַיא"־טעטיקייטן אין די לעצטע צוויי יאָר, אָנהייבנדיק פון איר אינטערווענץ ביים פּאָליציי־שעף פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, קעגן דעם וואַנדאַליש־אַנטיסעמיטישן איבערפאַל אויף דער הכשרה א"נ „בערל קאַצענעלסאָן" און ענדיקנדיק מיט דער אינטערווענץ ביי די פּאָליציייִשע און מלוכה־אויטאָריטעטן, וואָס האָט דערפירט צו דער דערקלערונג פון אינערן־מיניסטער ד"ר פּערקינס, קעגן די אַנטיסעמיטישע און ראַסן־אַרויסטרעטונגען. מיר וואָלטן אויך געקאָנט איבערגעבן אַ גאַנצע ריי אינטערווענצן פון דער „דאַיאַ" קעגן אַנטיסעמיטישע פּובליקאַציעס און טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

אָבער דאָס וואָלט דערפירט דערצו אַז מיר זאָלן פאַרוואַנדלען אונדזער איבערזיכט אין אַ צו לאַנגער מגילה און צו דער מיינונג, אַז די „דאַיא" איז בלויז אַ קאַמפּס־אינסטרומענט קעגן אַנטיסעמיטיזם, וואָס מיר האָבן שוין אין אָנהייב באַצייכנט ווי אַ פאַלשע.

סיי ווי ווערט פון אָט דער אַרבעט, האָפנטלעך, קלאָר, אַז די „דאַיאַ" איז די לעגיטימע פּאָליטישע רעפּרעזענטאַנץ פון דעם אַרגענטינער ייִדנטום, כלפּי־חוץ און כלפּי־פנים, אַזוי אין לייד און אַזוי אין פרייד.

— און הלוואי זאָל דאָס אויך ווייטער קומען צום אויסדרוק מער אין פרייד, ווי אין לייד!



משה שענדעריי

# דער ישוב אין אַרגענטינע און זיינע פאַרבינדונגען מיט דער ייִדישער וועלט

ווי ווייט דאָס לאַנד אַרגענטינע איז געווען אַמאָל פון די ייִדישע צענטערס אין אייראָפּע, איז דאָך איר ייִדישער ישוב אַ צייט־לאַנג געווען אַ שם־דבר און אַ צענטער פון ייִדישן פאָלקס־אינטערעס, אַרום וועלכן עס האָבן זיך געפירט די וויכוחים צווישן „פּאַלעסטינצעס" און „אַר־גענטינצעס".ביידע לענדער זענען אין די אויגן פון ייִדישע פירער און דענקער געווען די פאַרזעצונג פון דעם צוריקקער צו „עבודת־האדמה", דער אידעאַל פון די „משכילים", וואָס האָט אָנהייב ניינצנטן יאָרהונדערט אָנגעהויבן רעאַליזירט צו ווערן דורך די רוסישע צאַרן אויף די ווייטע פעלדער פון דרום־רוסלאַנד און איז צום סוף פון דעם זעלביקן יאָרהונדערט אין זיינע אַכציקער און ניינציקער יאָרן, אַריבערגעטראָגן געוואָרן ווייטער אויף דרום, קיין ארץ־ישראל און אַרגענטינע, ווו ער האָט אָנגעהאַלטן. דער פּרווו צו אַנטוויקלען ייִדישע ערד־אַרבעט אויף צפון, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז דורכגעפאַלן באַלד, ביי די ערשטע פּאַזן פון זיין אויפקום.

## 1) „אַליאַנס"

דער אַרגענטינער ייִדישער ישוב איז אויפגעקומען אין 1860, דעם זעלבן יאָר ווען עס איז אין פּאַריז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע ייִדישע אינסטיטוציע וואָס האָט הויך פּראָקלאַמירט דעם פּרינציפּ פון ייִדישער סאָלידאַריטעט אין וועלט־מאַסשטאַב; דאָס איז געווען די חברה „כל ישראל חברים" — ווי מען האָט זי גערופן מיט איר העברעיִשן נאָמען — וועלכע איז מער באַקאַנט אונטער איר פראַנצויזישן נאָמען „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל". מיט אָט דער אינסטיטוציע איז פאַרבונדן דער אָנפאַנג פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, וואָס איז שפּעטער אָנגעפירט געוואָרן פון איר שוועסטער־אינסטיטוציע, די יק"א. אַ דריטל פון זיין קיום איז דער ייִדישער ישוב אין אַרגענטינע געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דער „אַליאַנס".

אין סוף 1888 שיקט די „אַליאַנס" קיין אַרגענטינע אַכט ייִדישע משפּחות, וואָס גרינדן, אָנהייב 1889, די ערשטע ייִדישע קאָלאָניע ,די קליינע „מאָניגאָטעס וויעכאָ", וואָס וועט שפּע־טער אָנגעשלאָסן ווערן אין דער ערשטער גרויסער קאָלאָניע מאָזעסווילע, וואָס ווערט גע־גרינדעט צום סוף פון זעלביקן יאָר. די גרינדער פון מאָזעסווילע, די אַזוי גערופענע פּאָדאָליער גרופּע, האָט באַקומען אַ היפּשע שטיצע פון דער „אַליאַנס", וואָס האָט דערמעגלעכט איר אַרי־בערפאָרן קיין אַרגענטינע. די „אַליאַנס" האָט אויך מיטגעאַרבעט מיט דער יק"א אויפן געביט פון איר שול־וועזן אין די קאָלאָניעס. די „אַליאַנס" האָט געשיקט אַהער תּלמידים פון אירע נאָרמאַל־שולן אַלס דירעקטאָרן און לערער פון אַלגעמיינע לימודים אין די שולעס פון די יק"א־קאָלאָניעס. עס פאַרשטייט זיך, אַז די לערער האָבן געהאַט אַ השפּעה אויף די קאָלאָניסטן, כאָטש אַפילו קיין גאָר גוט לעבן איז צווישן זיי נישט געווען, דאָך קען מען זייער איינפלוס נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט.

די „אַליאַנס"־לערער זענען געווען ספרדים און זייער אָנוועזנהייט אין די קאָלאָניעס איז געווען אַ התחלה פאַר קעגנזייטיקער באַקאַנטשאַפט צווישן ספרדים און אשכנזים. ספרדים זענען אויך געווען צווישן די אַדמיניסטראַטאָרן פון דער יק"א; עס פלעגן אָפטער טרעפן „גע־מישטע" חתונות צווישן ספרדישע לערער און יק"א־באַאַמטע מיט קאָלאָניסטישע אשכנזישע טעכטער. עס איז געווען אַ מין מיזוג־גלויות אין קליינעם מאַסשטאַב.

די דאָזיקע השפעה דורך די יק"א־שולעס האָט אויפגעהערט אין די יאָרן 1918־20, ווען די יק"א האָט איבערגעגעבן איר שול־וועזן די רעגירונגען פון די פּראָווינצן ווי אירע קאָלאָ־ניעס האָבן זיך געפונען. אָבער דאָך איז נאָך געווען אַ געוויסע השפעה פון דער „אַליאַנס" דורך די „רעליגיעזע קורסן", געגרינדעט פון ראַבינער ד"ר ש. חלפן ז"ל, און געשטיצט פון דער קאָנגרעגאַציע. אַ קאָמיטעט פאַר דער „אַליאַנס" עקזיסטירט ביז היינט אין אַרגענטינע, כאָטש זיין טעטיקייט איז נישט צופיל אָנזעעוודיק אין לעבן פון דעם ישוב.



אויפנאַמע פאַרן ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין אַרגענטינע, ד"ר אריה לבבי. יאָר 1958.

## 2) ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע

כמעט איינצייטיק מיטן פאַרשווינדן פון דער „אַליאַנס"־השפעה דורך די יק"א־שולעס, שטעלט איין דער ישוב אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע.

דער ציוניזם אין זיין חובבי־ציוניסטישער פאָרם איז אויפגעקומען אין אַרגענטינער ישוב כמעט איינצייטיק מיט דער קאָלאָניזאַציע. צווישן די קאָלאָניסטן זענען געווען חובבי־ציון. אין די קאָלאָניעס זענען געגרינדעט געוואָרן חובבי־ציוניסטישע קרייזלעך. אין בוענאָס־איירעס

זענען אויך געווען חובבי־ציוניסטן פון אָדעסער נוסח, וואָס האָבן געגרינדעט אַ קלוב מיטן רוסישן נאָמען „נאדיאזשדא" („התקוה" — די האָפענונג) אין וועלכן מען האָט מער גערעדט און געלייענט רוסיש...

אין 1897, צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, צו וועלכן דער ישוב איז איינגעלאַדן געווארן דורך מאַקס נאָרדוי ז"ל, איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע ציוניסטישע אגודה אין בוענאָס־איירעס. די חובבי־ציוניסטישע קרייזלעך זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ציוניסטישע פאַראיינען. עס איז אַפילו געשאַפן געוואָרן עטוואָס ענלעכעס אויף אַ לאַנדעס־פעדעראַציע. דער אימיגראַציע־שטראָם פון אָנפאַנג צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט געבראַכט ציוניסטן פון די פאַרשידענע שאַטירונגען. געווען באַלעבאַטישע ציוניסטן (דורשי ציון), פאָלקסטימלעכע ציוניסטן (תפארת ציון) אויך פועלי־ציון און מזרחי. דער ישוב איז אַפילו אַ פּאָר מאָל געווען פאַרטראָטן אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן, דורך צופעליקע דעלעגאַטן, ד"ה סוחרים ציוניסטן,



ד"ר א. כּבשן ז"ל געזעגנט די דעלעגאַטן צום שטאָקהאָלמער קאָנגרעס, צבי פיינגערש און אלתר הירש.

וואָס זענען געפאָרן קיין איראָפּע צוליב געשעפט און זיך בדרך־אגב באַטייליקט אין קאָנגרעס. אַזעלכע זענען געווען אַדאָלפאָ קרענאָוויטש ע"ה, א. יאַקובאָוו ע"ה, א"אַנד'. אין אַכטן קאָנגרעס האָבן זיך באַטייליקט צוויי דעלעגאַטן פון אַרגענטינע, די חלוצים בצר און באברין, וואָס האָבן זיך אויף זייער רייזע קיין ארץ־ישראל פאַרהאַלטן ביים קאָנגרעס אין האַאַג.

אָבער די ציוניסטישע טעטיקייט איז נאָך געווען אַ גאַנץ שוואַכע, די מחלוקתן זענען געווען אָפטע און שטאַרקע. די ערשטע ציוניסטישע לאַנדעס־פעדעראַציע, געגרינדעט אין 1905 איז זיך שנעל צעפאַלן, ערשט אין 1913 איז געגרינדעט געוואָרן אַ צווייטע פעדעראַציע וואָס האָט געהאַט מער אריכת־ימים, און עקזיסטירט ביז היינט. אָבער ביז 1917 האָט דער ישוב נישט געהאַט קיין דירעקטן דעלעגאַט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. אין 1917 איז אָנגעקומען דער ערשטער דעלעגאַט, שליח, ד"ר ב. עפּשטיין ע"ה, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה, זיין באַזוך איז צוזאַמענגעפאַלן מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע, און דאָס

האָט געגעבן אַ שטאַרק אימפּולס דער באַוועגונג. אין 1918 איז געקומען פון די פּאַר׳ שטאַטן דער פּועלי־ציוניסטישער טוער און זשורנאַליסט מאַרקאָס רעגאַלסקי ע״ה, וועלכער האָט אַנטוויקלט די פּועלי־ציוניסטישע באַוועגונג אין לאַנד, און איז שוין פאַרבליבן אַ תושב אין ישוב, באַ־ווירקנדיק די אַנטוויקלונג פון זיין פּאַרטיי.

די אָנוועזנהייט פון די שליחים, ווי אויך די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט דעם ציוניזם געגעבן פליגלען. איז אין 1918 אָפּגעפאָרן אַ גרופּע יידישע לעגיאָנערן וואָס האָבן געזאָלט קעמפן אין ארץ־ישראל, אָבער דער וואָפנשטילשטאַנד האָט זיי פאַרכאַפּט אויפן וועג אַהין. אין 1919 איז דורכגעפירט געוואָרן דער ערשטער גרעסערער קאַמפּיין (עמערגענץ). אין 1920 דער ערשטער קרן־היסוד קאַמפּיין, און פון דאַן זענען שליחים פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און ציוניסטישע פּאַרטייען געוואָרן אַן אָפטע דערשיינונג. עס האָט מער ווי איינמאָל גע־



די דעלעגאַציע פון אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט אויף אַן אויפנאַמע אין דער קהילה. עס רעדט דזשייקאָב בלאוסטיין.

טראָפן אַז אין ישוב זאָלן זיך איינצייטיק געפינען, אַ מנין, און אַ מאָל טאַקע עטלעכע מנינים שליחים. אין יאָר 1921 איז געשיקט געוואָרן אַ דירעקטער דעלעגאַט צום 12טן ציוניסטישן קאָנגרעס, דער קאָלאָניסטישער טוער ש. י. הורוויץ.

אייניקע שליחים האָבן אויסער זייער דירעקטער מיסיע זיך באַמיט צו באַאיינפלוסן דעם ישוב אויך אויפן געביט פון הויבן זיין קולטור־ניוואָ און יידישן באַוווסטזיין. עס לאָזט זיך זאָגן, אַז דער ציוניזם האָט דורך אייניקע פון זיינע שליחים היפש בייגעטראָגן צו הייבן דעם קולטור־ניוואָ אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער ישובים, בעיקר אין אַרגענטינע.

דער אַרגענטינער ישוב ווערט באַטראַכט ווי אויסדריקלעך ציוניסטיש אין זיין גרעסטן טייל, זינט דעם אויפקום פון מדינת־ישראל איז ער מקיים די מצווה פון עליה און פון עליה־לרגל (טוריזם) און באַטייליקט זיך דירעקט דורך זיינע זין און טעכטער אין בנין־הארץ, איי־

ניקע פון זיי זענען אַפילו געפאַלן אויף די פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס פון דער יידישער מדינה.

דער עלטסטער ישוב וואָס אַרגענטינער יידישע יוגנטלעכע האָבן אויפגעשטעלט אין ישראל איז „מפלסים"; נאָכהער זענען געקומען „עין־השלושה", „ניצנים", „כסופים", „מבואות ביתן", „בחן", „געש", א"אַנד'. קליינע גרופּעס פון אַרגענטינער חלוצים געפינען זיך אויך אין אַ רייע אַנדערע קבוצים; אין „משמר־הנגב", „מצר", „גזית", „בית־נשף", „כרמיה", „כפר־סזאלד", „הראל", „רשפים", „ניר־יצחק", „מגידו", „רבדים", „שמרת", „להבות חביבה", „רמת־השופט", „מסילות", „גן־שמואל", „בית־זרע", „עין־השופט", „הזורע", „יד־מרדכי" (וואָס טראָגט דעם נאָמען פון מרדכי אַנילעוויטש, דער קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד), „עין־שמר", „רמות מנשה", „חצור", „יקום", „עין־החורש", „גבולות", „גשר", „שדה־נחום", „גינוסר", „בארי", „נען", א"אַנד'.

די צאָל פּערזאָנען פון אַרגענטינע וואָס זענען פאַרבונדן מיט די קבוצים איז פיל גרעסער, ווייל אויסער חלוצים וווינט אין זיי אַ צאָל פון חלוצים־עלטערן, וואָס לעבן זיך אויס אין לאַנד.

די חלוצישע עליה פון אַרגענטינע איז פאַרטיילט צווישן די ציוניסטישע פּאַרטייען. לויט אַ סטאַטיסטיק פון דער ציוניסטישער לאַנדעס־אָרגאַניזאַציע האָבן פון 1949 עולה געווען דורך די פּאַרטייען 3.765 חלוצים, פאַרטיילט אַזוי:

| | |
|---|---|
| איחוד הבונים — — — — — — — | 1.350 |
| השומר הצעיר — — — — — — — — | 580 |
| הנוער הציוני— — — — — — — | 800 |
| דרור — — — — — — — — — — | 800 |
| למרחב — — — — — — — — | 100 |
| החלוץ העצמאי — — — — — — | 60 |
| בית"ר — — — — — — — — — | 30 |
| בני־עקיבא — — — — — — — | 30 |
| קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון אומ־פּאַרטייִישע — — — — — — — — | 15 |
| סך־הכל — — — | 3.765 |

מען קען נאָך צוגעבן אַ צאָל עלטערן וואָס האָבן עולה געווען מיט זייערע קינדער, חלוצים.

## 3) אַגריקולטור און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען

דער אַרגענטינער ישוב האָט אויפגעשטעלט אין ישראל אַ רייע אונטערנעמונגען, וואָס פאַרבינדן דעם ישוב מיט דער מדינה אויפן עקאָנאָמישן געביט.

אַזוי האָט די געזעלשאַפט „קאַיראַ" (איצט קאיסא) אויפגעשטעלט דעם אַגריקולטורעל־אינדוסטריעלן ישוב „כפר ארגנטינה", וואָס אַנטוויקלט זיך גאַנץ גוט. דער אָפיציעלער נאָמען פון ישוב איז „ניר־צבי" אין זכר פון באַראָן הירש ע"ה (צבי־הירש).

די טוריסטן־געזעלשאַפט „מאַריס" האָט געגרינדעט אַ מעטאַלורגישע פאַבריק אין באר־שבע.

די געזעלשאַפט „אפיקים", האָט אַ וועבעריי (אף־אר) אין אפיקים.

די „אריזה" געזעלשאַפט גיט זיך אָפּ מיט בוי־אַרבעט אין ישראל.

„זמורות" איז אַן אונטערנעמונג פון אַרגענטינער יידן, וואָס איז טעטיק אויפן אַגריקולטור־געביט, בעיקר פּרדסים און כרמים אין צפונדיקן נגב. „עלה" איז אַן אינדוסטריעלע אונטערנעמונג פאַר פּלאַסטיק, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין רמלה.

אַרגענטינער יידן האָבן אויפגעבויט דעם האָטעל „אקאדיא" און האָבן זיך אויך באַטיי־ליקט אין דעם אויפבוי פון האָטעל נאָרדוי, איצט „שרתון", בײדע האָטעלן זענען אַריבער אין אַמעריקאַנער הענט, וואָס זענען גרעסערע מאַדימס אויף דעם געביט.

אַרגענטינער יידן האָבן אויך געגרינדעט דעם אַגראָבאַנק, וואָס זיי האַלטן איצט בשות־פות מיט דער הסתדרות. פאַראַן אויך אַ פריוואַטער באַנק פון די ברידער מירעלמאַן.

די געזעלשאַפט „ארפאלסא" איז פון זינט דעם אויפקום פון דער מדינה אַקטיוו אויפן געביט פון האַנדלס־אויסטויש מיט ישראל, אין די ערשטע צייטן איז דער הויפט־עקספּאָרט־אַרטיקל געווען פלייש, וואָס האָט פיל אַרויסגעהאָלפן דעם ישוב אין ישראל אין די צייטן פון צנע.

אויף צו סטימולירן דעם האַנדלס־אויסטויש צווישן אַרגענטינע און ישראל האָט דער ישוב געגרינדעט אַן אַרגענטינע־ישראל האַנדלס־קאַמער, וואָס פירט דורך אַ זייער פאַרצווייגטע און אינטענסיווע טעטיקייט, אויף די געביטן פון עקספּאָרט און אימפּאָרט.



די קהילה־פאָרשטייער שענקען דער שיף „ד״ר הערצל" אַ בילד פון ד״ר הערצל.

דער אַרגענטינער ישוב האָט אויך היפּש בייגעטראָגן צו דער קולטור־אַנטוויקלונג פון דער מדינה, דורך היפּשע צענדליקער לערער, אויסגעבילדעטע אין אַרגענטינע, וואָס פאַרנע־מען איצט פּאָסטנס אין די שולעס פון ישראל. אַלס אויסטויש האָט ישראל געשיקט קיין אַר־גענטינע לערער פון אַ העכערער קאַטעגאָריע פאַר די מיטל־שולעס און „מדרשה". אַרגענטינער יידישע סטודענטן שטודירן אין דער העברעישער אוניווערזיטעט, פאַראַן אַ פּאָר אַרגענטינער פּראָפעסאָרן, אויך פאָרשער אין וויצמאַן־אינסטיטוט. מיט איין וואָרט: די צוזאַמענאַרבעט פון ישוב מיט ישראל איז אַ פולקאָמע.

דער דירעקטער קאָנטאַקט מיט מדינת־ישראל, האָט נישט אָפּגעשוואַכט דעם קאָנטאַקט מיט דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און דער יידישער אַגענץ.

פאַרן אויפקום פון דער מדינת־ישראל זענען די דעלעגאַציעס פון אַרגענטינע צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן געווען זייער קליינצאָליק. אין משך פון לאַנגע יאָרן פלעגן פאָרן צו אַ קאָנגרעס איינער, אָדער העכסטנס צוויי דעלעגאַטן. נ. געזאַנג ע״ה האָט פאַרטראָטן דעם ישוב און זיין ציוניסטישן סעקטאָר אויף מערערע קאָנגרעסן. עס זענען אויך געפאָרן דעלעגאַציעס פון צוויי פערזאָן, אַזוי, למשל: ד״ר א. מבשן ע״ה און, יבדל לחיים, י. לוצקי, מ. קאָסטרינסקי און ח. פינקעלשטיין, מ. רעגאַלסקי ע״ה און הרב י. ל. זלאָטניק ז״ל, וואָס איז דערווײלט געוואָרן אַלס דעלעגאַט פון אַרגענטינע, בשעת זיין באַזוך אין 1935.

מיטן אויפקום פון דער מדינה, האָבן די דעלעגאַציעס צו ציוניסטישע קאָנגרעסן געשטיגן אין צאָל. מיר וועלן דאָ נישט אויסרעכענען באַזונדער יעדע דעלעגאַציע צו יעדן קאָנגרעס, עס איז אָבער כדאי צו געבן אַ רשימה פון די דעלעגאַטן וואָס האָבן זיך באַטייליקט



די קהילה־פאַרוואַלטונג נעמט אויף די אָפיצירן פון דער שיף „ד״ר ט. הערצל״. יאָר 1962.

אין איינעם אָדער מערערע קאָנגרעסן: ד״ר י. גאָלדענבערג, ד״ר ט. קאַמענשיין, צ. פיינגערש, נ. ראַדזיכאָווסקי, ד״ר י. פּדהצור, ח. פינקלשטיין, ל. גאָלד, א. פיודיק, ד״ר מ. וואָדאָוואָז, ה. געזאַנג, ד. קלימאָווסקי, י. באָקסער, י. בראָנפמאַן, מ. שטאַרקמאַן, מ. רעגאַלסקי ע״ה, מ. קאָסטרינסקי, נתן צוגמאַן, ד״ר נתן לערנער, יוסף ווענטוראַ, אברהם גאַרבאַט און י. לייבאָוויטש.

אַ גרעסערע דעלעגאַציע איז געשיקט געוואָרן צום חנוך־קאָנגרעס פון 1961, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די חינוך־עסקנים: ד״ר ט. קאַמענשיין, ל. גאָלד, מ. האָניק, א. גראָקאָפּ, ז. אָרנשטיין, י. בערנשטיין, ד. קלימאָווסקי און די לערער: ח. פינקלשטיין, פּ. קאַרפּ, מ. קליין, ג. טאַפּעט, ד. אייזן און מ. טורניאַנסקי.

## 4) „אָ ר ט״

אַזוי פרי ווי אין 1937, ווערט געגרינדעט אַ פיליאַלע פון „אָרט־אָזע״ אין אַרגענטינע. די הויפּט־טוער מצד דעם „אָרט״ זענען געווען די זשורנאַליסטן אליהו טראָצקי און ד״ר משה

מערקין. די ערשטע פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון י. זאַסלאַווסקי, ד. גרויסמאַן, מ. אווינבורג, מ. עליזאַבעצקי ע״ה א״אַנד.

דער ישוב האָט זיך באַטייליקט אין דריי וועלט־צוזאַמענפאָרן פון „אָרט״. אין 1946, אין פאַריז, דעלעגאַט: י. וועגנגראָווער; אין 1953, דעלעגאַטן: משה אווינבורג און מ. מערקין; אין 1960, אין לאָנדאָן, דעלעגאַטן: יעקב וועגנגראָווער, מיטגליד פון דער וועלט־עקזעקוטיווע פון „אָרט״, משה וויינטרויב און ג. ווערטהיים ע״ה. די „אָזע״ האָט זיך אָפּגעטיילט פון „אָרט״ און איר טעטיקייט טראָגט אַ מער לאָקאַלן כאַראַקטער.



געזעלשאַפטלעכע טוער פון די פאַראייניקטע שטאַטן ד״ר ישראל גאָלדשטיין און לייבל קאַץ, אויף דער אויסשטעלונג פון יידישן בוך מיט עסקנים פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג.

## 5) יידישער וועלט קאָנגרעס

אין אָנפאַנג פון צווייטן וועלט־קריג קומט קיין אַרגענטינע, אין שליחות פון יידישן וועלט־קאָנגרעס ד״ר יעקב העלמאַן ע״ה, וועלכער זוכט אויפצושטעלן אַ קאָמיטעט און ביוראָ פאַר גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע.

דער ישוב אין אַרגענטינע האָט זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון יידישן וועלט־קאָנגרעס דורך אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון דוד גרויסמאַן, יצחק מזרח, משה טוב, עזרא טעובאַל און יעקב דאָם, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט יעקב העלמאַן ע״ה אין זיין מיסיע. אָנפאַנג 1940 ווערט אָרגאַניזירט די ביוראָ פון יידישן וועלט־קאָנגרעס וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער לייטונג פון ד״ר העלמאַן ע״ה ביז זיין פטירה, אַ שטיקל צייט שפּעטער האָט איבערגענומען די לייטונג פון דער ביוראָ מאַרק טורקאָוו, וואָס פירט אָן מיט איר ביז היינט צו טאָג.

דורכן ייִדישן וועלט־קאָנגרעס האָט זיך דער ישוב פאַרבונדן מיטן גרויסן ייִדישן ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אין 1941 באַטייליקט זיך דער אַרגענטינער ישוב אין דער „קאָנפערענץ פון אַמעריקאַנער ישובים", וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין באַלטימאָר, און האָט אומדירעקט געדינט ווי אַן ערשטער פּרווו נענטער צו ברענגען די לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישע ישובים. דעלעגאַטן צו דער קאָנפערענץ זענען געווען: מאַרקאָס רעגאַלסקי ע"ה, יהודה גלאַזמאַן ע"ה, ד"ר נ. ראַפּאַפּאָרט ע"ה, יעקב העלמאַן ע"ה, און יבדל לחיים, דוד גרויסמאַן.



לייבל קאַץ פאַרשרייבט זיך אין אָנדענק־בוך פון דער קהילה.
עס שטייען פון ביידע זייטן: ד"ר ט. קאַמענשטיין און א. פרידמאַן; עס זיצט מרדכי שטריגלער.

אין 1944 באַטייליקט זיך דער ישוב אין דער „וועלט־קאָנפערענץ פאַר רעטונג און רע־קאָנסטרוקציע", וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַטלאַנטיק־סיטי (פאַר' שטאַטן), און האָט געדאַרפט אויסאַרבעטן די פאָדערונגען און סיסטעמען פון דער רעקאָנסטרוקציע פון די רוי־נירטע ייִדישע ישובים אין אייראָפּע. מיט דער באַטייליקונג אין דער קאָנפערענץ איז דער אַרגענטינער ייִדישער ישוב אַריינגעטראָטן אין דער ספערע פון די פּאָליטישע און בעסער־אָרגאַניזירטע גרויסע ייִדישע ישובים וואָס טראָגן די זאָרג פאַר די קלענערע און שוואַכערע ייִדישע גרופּעס און ישובים.

דעלעגאַטן צו דער וועלט־קאָנפערענץ זענען געווען: ד"ר מ. גאָלדמאַן, ד"ר י. וואלאך, הירש טריוואַקס, מ"ם בערטאַ גערשוואָוו און להבדיל בין החיים והמתים, הרב י. פאַניזשעל, מ. רעגאַלסקי און מ. שטירבו — אַלע ע"ה.

אין 1945 איז דער ישוב געווען פאַרטראָטן אויף דער קאָנפערענץ אין סאַן־פראַנסיסקאָ דורך ד. גרויסמאַן. די קאָנפערענץ איז אויך בייגעווען אַלס זשורנאַליסט ה' יעקב באָטאָשאַנסקי.

דעם זעלבן יאָר באַקומט דער ישוב אַ פאָרשטייער אין העכסטן ראַט פון דער יק״א, ד״ר ר. דובראָווסקי.

אין 1946 פאָרן צו דער „דזשאָינט״־קאָנפערענץ אין אייראָפּע די ה״ה: יעקב מורמיס און לעאָן קאַזשאַני, טוער פון קאָמיטעט פאַר הילף די יידישע מלחמה־געליטענע.

דעם זעלבן יאָר באַזוכט די פאַראייניקטע שטאַטן דער זשורנאַליסט משה שענדעריי, וואָס איז דאַן געווען טעכנישער לייטער פון דער חברה־קדישא. ער שטעלט אין אַ קאָנטאַקט מיטן אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט. „דער אַמעריקאַנער יידישער קאָמיטעט״, דורך זיין מיטאַר־בעטער, דעם אַרגענטינער מאיר (מאַקסימאָ) יאַגופּסקי, איז אויך געווען אַקטיוו ביים פאַראינ־טערעסירן יידישע אינטעלעקטואַלן פון די פאַראייניקטע שטאַטן צו באַזוכן אַרגענטינע.

די פאַרבינדונג פון ישוב מיטן אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט האַלט אָן ביז היינט דורך דעם ביוראָ וואָס דער קאָמיטעט האָט איינגעשטעלט אין בוענאָס־איירעס, אַ ביוראָ בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען מאיר (מאַקסימאָ) יאַגופּסקי, און וועלכער גיט אַרויס דעם ביולעטין „ידיעות״ אויף יידיש. דער „קאָמיטעט״ האָט אויך באַאיינפלוסט די גרינדונג פון דעם „אינס־טיטוט פאַר אינפאָרמאַציע און קולטור״, וואָס גיט אַרויס דעם זשורנאַל „קאָמענטאַריאָ״, וועל־כער דערשיינט אין שפּאַניש און אין וועלכן עס אַרבעטן מיט אַרגענטינער און יידיש־אַרגענ־טינער שרייבער און זשורנאַליסטן. אַ רייע אָנגעזעענע טוער האָבן זיך באַטייליקט אין די צו־זאַמענפאָרן פון אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט: ס. מירעלמאַן, אינזש. א. קליין, ד״ר א. ווי־ניצקי, ד״ר י. שטיינהאַרט.

אַ דעלעגאַציע פון „אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט״ מיט זיין ערן־פּרעזידענט, ה׳ יעקב בלוישטיין און דאַן־אַמטירנדיקן פּרעזידענט, ה׳ אירווינג ענגעל, האָט באַזוכט אַרגענטינע אין 1958.

אין 1947 באַטייליקט זיך דער ישוב אין דעם צוזאַמענפאָר פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין מאָנטרע. דעלעגאַטן צום צוזאַמענפאָר זענען געווען: ד״ר מ. גאָלדמאַן, מ. טוב, א. ל. שוס־היים ע״ה.

אין 1959, אויפן צוזאַמענפאָר אין שטאָקהאָלם זענען געווען אַלס דעלעגאַטן: א. הירש, ד. הירש און צ. פיינגערש.

אין 1952 ווערט געגרינדעט די קליימס־קאָנפערענץ אין וועלכער אַרגענטינע איז פאַר־טראָטן דורך צוויי דעלעגאַטן, ד״ר ר. דובראָווסקי און ד״ר י. שוואַרצבאַרד ע״ה. אין די יאָרן 1856־8, נאָך דער פּטירה פון ה׳ י. באַרו, רוקט אַרויס ה׳ טריוואַקס די פאָדערונג אַז דער אַר־גענטינער ישוב זאָל באַקומען אַ פּלאַץ אין עקזעקוטיוו פון דער קליימס־קאָנפערענץ. עס אַנט־שטייט אַן אָפּאָזיציע, ווייל דאָס אַריינגעמען אַן אַרגענטינער דעלעגאַט, וואָס איז נוטה צום וועלט־קאָנגרעס וואָלט געשטערט דעם גלייכגעוויכט מיט די אַנדערע פאַקטאָרן אין עקזעקוטיוון ראַט. דאָך זיגט דער פאָרשלאַג פון ה׳ טריוואַקס, וועלכער באַקומט די שטיצע פון באַראָן ראָט־שילד און ה׳ טריוואַקס ווערט אָנגענומען ווי דער ערשטער פאַרטרעטער פון אַרגענטינער ישוב אין ראַט פון דער קליימס־קאָנפערענץ.

אין 1957, ווען עס ווערט געגרינדעט די קאָנפערענץ פון די יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס באַשטייט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, אַמעריקאַנער יידישער קאָמיטעט, אַמעריקאַנער אַרבעטער־קאָמיטעט, בני־ברית, קאָנגרעס פון קאַנאַדער ישוב, באַטייליקן זיך אין דער אָר־גאַניזאַציע אויך פאָרשטייער פון אַרגענטינע. דער ישוב איז אויך פאַרטראָטן אין דער „קליימס־קאָנפערענץ״. דער פּרעזידענט פון ועד־הקהילות באַטייליקט זיך אין די זיצונגען פון דעם אַזוי־וויכטיקן פאַקטאָר אין יידישן לעבן.

אין די סעסיעס אָפּגעהאַלטן אין קאָפּענהאַגען און אַמסטערדאַם, האָבן זיך באַטייליקט: א. גוטקין און א. לוצקי.

דער ישוב איז אויך פאַרבונדן מיטן „דזשאָינט״, וואָס האָט איינגעשטעלט אין אַרגענטינע

זיין צענטראַלע ביוראָ פאַר לאַטיין־אַמעריקע אין 1940 און זי פונקציאָנירט אָן איבעררייס, ביז היינט.

דער אַרגענטינער ישוב איז אויך פאַרבונדן מיט די ישובים פון לאַטיין־אַמעריקע דורך פעדעראַציעס וואָס האָבן באַזוכט די מקומות אין ציוניסטישע שליחותן, ווי אויך דורך לערער וואָס פירן אָן אַ וויכטיקע קולטורעלע און דערציִערישע טעטיקייט אין פערו, פאַראַגוואַי, אור־רוגוואַי, באָליוויע, פאַנאַמאַ, קאָסטאַ־ריקאַ א״אַ.

צום לאַטיין־אַמעריקאַנער צוזאַמענפאָר, אָפּגעהאַלטן אין סאַן־פּאַולאָ אין 1962, איז געפאָרן אַ צאָלרייכע דעלעגאַציע.

מיטן פנים צו דער היינטצייטיקער ייִדישער ווירקלעכקייט און פאַרבונדן מיט אַלע פּאַק־טאָרן וואָס דערהאַלטן און אַנטוויקלען דאָס ייִדישע וועלט־פּאָלק, איז דער אַרגענטינער ייִדישער ישוב געבליבן זעליש פאַרבונדן מיט דער טראַדיציע פון די אַלטע עקזיסטירנדיקע און אומ־געבראַכטע ייִדישע קהילות, וואָס באַאיינפלוסן דאָס ייִדישע לעבן אין אַרגענטינע, דורך זייער היסטאָרישער, גייסטיקער השפעה.

עס איז אַ דאַנק דעם אַלעמען וואָס עס האָט זיך געקענט אויסקריסטאַליזירן אַן אייגנ־אַרטיק ייִדיש לעבן, וואָס מען הייבט אָן מיט רעכט צו באַצייכענען ווי נוסח אַרגענטינע, אַ נוסח וואָס הייבט אָן משפיע צו זיין אויף איניקע ישובים פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט.



י. י. לערמאַן

# ייִדישע קאָנגרעגאַציע פון אַרגענטינע

די ייִדישע קאָנגרעגאַציע פון אַרגענטינע, וואָס האָט אין 1962 געפייערט דאָס 100סטע יאָר פון איר גרינדונג, איז געווען די ערשטע ייִדישע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט עקזיסטירט אין לאַנד, און מיט איר האָט אָנגעהויבן צו באַקומען אַן אויסדרוק דאָס ייִדישע קאָלעקטיווע לעבן אין אַרגענטינע.

גלייכצייטיק מיט דער נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג, מיט דעם פּראָצעס פון שטאַטלעכער אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע און אונטערן שוץ פון קולט־ און אַסאָסיאַציע־פרייהייט, ווי אויך פון פרייער לערע, גאַראַנטירט דורכן 4טן אַרטיקל פון דער נאַציאָנאַלער קאָנסטיטוציע פון יאָר 1853, האָבן די געקומענע ייִדן פון פאַרשיידענע אייראָפּעיִשע לענדער געפונען אין היגן לאַנד אַ צוגעפּאַסטן באָדן צו גרינדן אין 1862 זייער ערשטע אָרגאַניזאַציע, די „ייִדישע קאָנגרעגאַציע פון בוענאָס־איירעס". דאָס איז געווען ביים אָנהייב פון דער פּרעזידענץ פון גענעראַל באַרטאָלאָמע מיטרע.

אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די נייע אינסטיטוציע — זייער באַשיידן אין איר אָנהייב — אין וועלכער עס זענען געווען אָנגעשלאָסן נאָר 20 משפחות, דאָס הייסט, כמעט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון אַרגענטינע אין יענער צייט, וואָס האָט במשך הזמן זיך אַנטוויקלט, פאַרגרעסערט און אויסגעבילדעט די איצטיקע צאָלרייכע ייִדישע באַפעלקערונג.

אין יאָר 1868 האָט די ייִדישע קאָנגרעגאַציע פון בוענאָס־איירעס געביטן איר נאָמען אויף „ייִדישע קאָנגרעגאַציע פון אַרגענטינע", אונטערן פּאַרזיץ פון ה' סעכיסמונדאָ אַוערבאַך.

דער רעגיסטער פון געבורטן, חתונות און טויט־פאַלן איז געפירט געוואָרן דורך דער קאָנגרעגאַציע אין אָפיציעלע רובריקירטע ביכער, ביז עס איז גילטיק געוואָרן דער געזעץ פון ציווילן רעגיסטער אין 1886.

די דורך דער קאָנגרעגאַציע דורכגעפירטע טעטיקייט אויף אירע פאַרשיידענע געביטן האָט שנעל געשאַפן די נויטווענדיקייט צו פאָרמאַליזירן די־אָ אינסטיטוציע, אין איינקלאַנג מיט די פאָרשריפטן פון געמיינשאַפטלעכן רעכט.

אין 1871 זענען געענדערט געוואָרן אייניקע טיילן פון דעם סטאַטוט מיטן ציל אים צוצופּאַסן צו דער אומאויפהערלעכער אַנטוויקלונג פון דער קאָנגרעגאַציע און אין יאָר 1892 איז דער אינסטיטוציע אָנערקענט געוואָרן איר יורידישע פּערסאָנאַליטעט. עס שרייבט אונטער דעם באַטרעפנדן דעקרעט, דער דעמאָלטדיקער פּרעזידענט פון אַרגענטינע, ד"ר קאַרלאָס פּעלעגריני, און עס לעגאַליזירט עס דער ד"ר כואַן באַלעסטראַ, יוסטיץ־ און דערציִונגס־מיניסטער.

איינצייטיק, פון יאָר 1888, פאַרגרעסערט זיך די ייִדישע באַפעלקערונג פון אַרגענטינע מיט משפחות, געקומענע פון אייראָפּע, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשיידענע קאָלאָניעס (מאָניגאָטעס און מאָזעסוויל, אין פּראָווינץ סאַנטאַ־פע) אויף אָפּצוגעבן זיך מיט ערד־אַרבעט.

די קאָלאָניזאַציע האָט זיך פאַרשטאַרקט מיט דער מיטהילף פון דער „דזשויִש קאָלאָניזיישן אַסאָסיעישן" (ייִקאָ), געגרינדעט דורכן פילאַנטראָפּ באַראָן מאָריס הירש, און דערנאָך האָט זי זיך פאַרשפּרייט אויף די פּראָווינצן פון ענטרע־ריאָס און בוענאָס־איירעס.

די קאָנגרעגאַציע האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אויף דער גאַס כונין, צווישן וויסענטע לאָפּעס און גידאָ. נאָך אַ צייט־אָפּשניט פון צוויי יאָר האָט זי זיך איבערגעצויגן אויף דער גאַס בעלגראַנאָ 1275. איר שול איז געווען אויף בעלגראַנאָ 837 — אין יאָר 1892 — און זי־

האָט געקענט אויפנעמען נישט מער ווי 50 מתפללים; ראַבינער איז דעמאָלט געווען דער ה׳ הענרי דזשאָזעף.

די יידישע קאָנגרעגאַציע פון אַרגענטינע גיט זיך דעמאָלט אָפּ מיט די פאַרשיידענע באַדערפענישן פון דעם אַרגענטינער יידישן ישוב, און די־אָ טעטיקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין דער גרינדונג פון נייע אינסטיטוציעס וואָס האָבן גענומען אונטער זייער רשות פאַרשיידענע ספּעציפישע אַספּעקטן פון יידישן לעבן. צווישן אַנדערן קענען מיר דערמאָנען די חברה קדישא — היינט יידישע קהילה פון בוענאָס־איירעס (א.מ.י.א.) — און די ערשטע רעליגיעזע שול „תלמוד תורה הראשונה".



פייערונג פון דער קהילה לכבוד דער הונדערטיאָריקייט פון דער יידישער קאָנגרעגאַציע. יאָר 1962. עס רעדט דער ראש הקהל ד״ר ט. קאַמענשיין.

דער ערשטער יידישער טעמפּל אין דער הויפּטשטאָט, וואָס האָט דורכגעפירט זיין טעטיקייט אין אַ ספּעציעל־אויפגעבויטן בנין, האָט געהערט צו דער קאָנגרעגאַציע, און ער איז באַנייט געוואָרן אין 1897 אויף דער גאַס ליבערטאַד 785.

אין יאָר 1905 האָט אָנגעהויבן דורכצופירן זיין גייסטיקע טעטיקייט דער גרויס־ראַבינער ד״ר שמואל חלפון, וועלכער האָט פאַרנומען דעם אַמט במשך 25 יאָר.

אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו זענען געגרינדעט געוואָרן די וווילטעטיקייט־געזעלשאַפט פון יידישע פרויען, די שול־נעץ פון ועד החינוך הראשי, די שוץ־געזעלשאַפט פאַר יידישע אימיגראַנטן, די שוץ־געזעלשאַפט פאַר יידישע קינדער און פרויען, און אַ סך אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס זייער טעטיקייט האָט זיך פאָזיטיוו אויסגעווירקט אויף אונדזער יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אויך דער ייִדישער שפּיטאָל „עזרה" האָט געציילט צווישן זיינע גרינדער און זיינע שפּע־טערדיקע אַנטוויקלער די פירער פון דער ייִדישער קאָנגרעגאַציע. דאָס זעלביקע דער בית־יתומות און מושב זקנים ובית ילדים.

ביזן סוף פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז די גרעסטע טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג געווען פאַרשפּרייט איבער די קאָלאָניעס פון אינערן פון לאַנד. אין דעם ערשטן יאָרצענדליק פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט, האָט דער צופלוס פון דעם קאָלאָניסטן־עלעמענט אין דער הויפּטשטאָט געבראַכט דערצו, אַז אַ נייער דור זאָל איבערנעמען די אָנפירונג פון דער ייִדישער קאָנגרעגאַציע.

די אַלטע שול אויף דער גאַס ליבערטאַד 785 איז שוין געוואָרן קליין אויפצונעמען די אַלץ־שטייגנדיקע צאָל מתפּללים. אַלס פּועל־יוצא דערפון האָט מען באַשלאָסן איבערצובויען דעם טעמפּל אויף דער זעלבער גאַס. דער טעמפּל איז באַנייט געוואָרן אין קודש יולי פון יאָר 1932.

די ראַסן־פאַרפאָלגונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין איראָפּע האָבן געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין אונדזער לאַנד און האָבן געבראַכט צו דער אומפאַרמיידלעכער גרינדונג פון פאַרטיידיקונגס־אָרגאַניזמען וואָס האָבן פאַרטראַטן דעם גאַנצן ייִדישן ישוב. אין די דאָזיקע אָרגאַניזמען האָט די קאָנגרעגאַציע גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל (קאָמיטעט קעגן אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער ד.א.י.א.).

פון דעם 15טן יוני 1937 האָט איבערגענומען די גייסטיקע לייטונג פון דער ייִדישער קאָנגרעגאַציע דער ראַבינער ד"ר גיזשערמאָ שלעזינגער.

די 2טע וועלט־מלחמה מיט אירע גרויליקע פאָלגן פון פאַרניכטונג פון דעם גרעסטן טייל פון דעם איראָפּעיִשן ייִדנטום, האָט שטאַרק געווירקט אויף דעם היגן ייִדישן ישוב און אויף די מיטגלידער פון דער קאָנגרעגאַציע.

מיטן פאַרשווינדן פון די אַמאָליקע איראָפּעיִשע ישיבות און סעמינאַרן האָט זיך אָנגע־הויבן פילן דער מאַנגל פון ייִדישע לערערס און דאָס האָט געברענגט צו שווערע דאגות. אויך די קאָנגרעגאַציע האָט אויף איר אופן געזוכט אַ לייזונג פאַר דער פּראַגע. אירע אָנ־שטרענגונגען האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט מיט דער גרינדונג פון מכון ללימודי היהדות, וואָס איז איצט טעטיק אין דעם בנין פון דער גאַס טוקומאַן 3177.

דער מכון ללימודי היהדות האָט שוין אויסגעבילדעט 283 לערערס — פון ביידע גע־שלעכטער — לערערס פון העברעיִש און רעליגיע, וועלכע זענען טעטיק אין אונדזער לאַנד און אין כמעט גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע.

די וויכטיקע אַרבעט וואָס די ייִדישע קאָנגרעגאַציע האָט דורכגעפירט אין אַרגענטינע איז געווען די סיבה פון דער איינלאַדונג וואָס זי האָט באַקומען פון דעם קאָנסולטיוון ראַט פון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס אָנטייל צו נעמען אין דער קאָנפערענץ וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין לאָנדאָן, אין פעברואַר 1946, מיטן ציל צו באַהאַנדלען פּראָבלעמען פון הילף פאַר ווידער־אויפבוי פון די ייִדישע קהילות אין איראָפּע.

פונעם יאָר 1943 אָן דערשיינט רעגלמעסיק דער ביולעטין „די קאָנגרעגאַציע", וואָס ווערט פאַרטיילט צווישן דער מיטגלידערשאַפט און אינסטיטוציעס פון אַרגענטינע און אויסלאַנד.

די ייִדישע קאָנגרעגאַציע האָט אויך איינגעקויפט דעם בנין אויף ליבערטאַד 773, ווו עס פונקציאָנירט איר רעליגיעזע שול און עס פירט דורך אירע אַקטיוויטעטן די יוגנטלעכע אָר־גאַניזאַציע.

די אַנטשטייונג פון מדינת־ישראל, וואָס האָט פאַרווירקלעכט דעם צוויי טויזנט יאָריקן חלום פון אונדזער פאָלק, האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער און מוחות פון די קאָנ־גרעגאַציע־פירערס און זייער באַציִונג צו דער מדינה איז אָפט געקומען צום אויסדרוק אויף אַ פּאָזיטיוון אופן.

ווען ס'איז נפטר געוואָרן דער ערשטער פּרעזידענט פון מדינת־ישראל, ד"ר חיים ווייצמאַן ע"ה, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ טרויער־אַקט אין דעם טעמפּל פון דער ייִדישער קאָנגרעגאַ־

ציע, אויף וועלכן עס זענען בייגעווען די נאַציאָנאַלע באַהערדן און מיטגלידער פון דער דיפּלאָ־מאַטישער קערפּערשאַפט אין אַרגענטינע.

אין דער פאַרזאַמלונג פון דער „יונייטעד סינאַגאָג אָוו אַמעריקא“, אויף וועלכער עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „וועלט־ראַט פון שולן“ אין ניו־יאָרק, האָט זיך באַטייליקט די קאָנ־גרעגאַציע, — פאַרטראָטן דורך איר גרויס־ראַבינער, ד״ר גיזשערמאָ שלעזינגער — אַלס מיטגרינדערן פון דער דערמאָנטער אינסטיטוציע.

מיטן ציל צו פאַרשטאַרקן דאָס יידיש־רעליגיעזע און גייסטיקע לעבן פון די אַנדערע קהילות פון לאַטיין־אַמעריקע, האָט די יידישע קאָנגרעגאַציע פון אַרגענטינע פאַררופן אין חודש אויגוסט 1958 די ערשטע באַראַטונגס־קאָנפערענץ פון לאַטיין־אַמעריקאַנער שולן, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין בוענאָס־איירעס.

די קאָנגרעגאַציע האָט אין יאָר 1959 געשאַפן אַ ספּעציעלע יוגנט־אָרגאַניזאַציע מיט וועל־כער עס פירט אָן דער געהילף־ראַבינער, מאַרשאַל ט. מאַיער.

אין דער זעלבער צייט, און מיטן צוועק אויסצוברייטערן איר קאָמוניטאַרן צענטער, האָט די קאָנגרעגאַציע איינגעקויפט די געביידע אויף ליבערטאַד 769/761, פאַר די אַקטיוויטעטן פון איר יוגנט־פאַראיין „רמה“, און פאַר די פאַרשיידענע קורסן פאַר קינדער, יוגנטלעכע און דערוואַקסענע, פאַר דעם דאַמען־קרייז („בנות ישראל“) און פאַראיין „עמיקם“.

די יידישע קאָנגרעגאַציע פון אַרגענטינע האָט זיך אין יאָר 1960 אָנגעשלאָסן צו דער פייערונג פון דעם 150סטן אַניווערסאַר פון דער מאַי־רעוואָלוציע און האָט דורכגעפירט אַ ספּעציעלן אַקט, אויף וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט רעגירונגס־באַהערדן און פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע. אין דעם אַקט האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן די וויכטיקסטע יידישע אינס־טיטוציעס פון לאַנד, מיט דער קהילה בראש.

די טעטיקייט פון דער קאָנגרעגאַציע האָט פאַרדינט די אָנערקענונג פון דער רעגירונג פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, וועלכע האָט איר געגעבן אויף קאָנצעסיע אַ פּלאַץ וואָס פאַרנעמט אַ 5 העקטאַר, אויף די ברעגן פון דער אָזיערע „לאָס פּאַדרעס“, נאָענט פון מאַר דעל פּלאַטאַ, ווו עס זענען אויפגעבויט געוואָרן די נייטיקע איינריכטונגען פאַר אַ זומער־קאָלאָניע. די־אָ קאָלאָניע פונקציאָנירט שוין צוויי יאָר, מיט אַ וואָס אַמאָל גרעסערן דערפאָלג אין אירע דערציִערישע אַספּעקטן. היי־יאָר האָבן די באַטייליקטע דערגרייכט צו דער צאָל פון 350, איינ־געטיילט אין צוויי טורנעס.

היי־יאָר פייערט די יידישע קאָנגרעגאַציע דאָס 100סטע יאָר פון איר גרינדונג (1862) און עס זענען פּראָגראַמירט געוואָרן פאַרשיידענע אַקטן וואָס באַצוועקן צו פאַרלייכטערן די באַטייליקונג פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

דעם 31סטן מאַרץ 1962 איז געשאַפן געוואָרן אַ לאַטיין־אַמעריקאַנער ישיבה, וואָס איז טעטיק אין דער קאָנגרעגאַציע־געביידע און ווערט געשטיצט דורך דער ס.ע.ב.ט.ר.א. — געזעל־שאַפט פון לאַטיין־אַמעריקאַנער קהילות און אָרגאַניזאַציעס און דער וועלט־ראַט פון שולן.

די יידישע קאָנגרעגאַציע האָט זיך באַטייליקט אין אַלע איניציאַטיוון פון געזונטן פּאַטריאָ־טיזם (מאָנומענט פאַר בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ, א״אַנד׳).

פּרעזידענטן פון דער קאָנגרעגאַציע זענען געווען די ה״ה סעכיסמונדאָ אוערבאַך, יצחק קראַמער, אַקיל לוי, שמעון קראמער, לויִס בריע, מאַרקס רע, ראָדאָלפאָ אָרנשטיין, מאָריס לאַזער, מ. סיגאַל, גוסטאַוואָ ווייל, גוסטאַוואָ גלאַזער, הערמאַן גאָלדענבערג, מאַקס גליקסמאַן, ראָבערטאָ מירעלמאַן, מאַקסימאָ ווייל, מאַקס מאַזאַר־באַרנעט.

די איצטיקע פאַרוואַלטונג באַשטייט פון:

פּרעזידענט: אַדאָלפאָ ווייל; ערשטער וויצע־פּרעזידענט: לעאָן מירעלמאַן; 2טער וויצע־פּרעזידענט: אַדאָלפאָ דיין; סעקרעטאַר: נאַטאַליאָ קאַטייפע; פּראָ־סעקרעטאַר: משה עטליס; קאַסיר: ישראל לעוויטע; פּראָ־קאַסיר: אברהם קליין; וואָקאַלן: מאַקס מאַזאַר־באַרנעט, חיים סקאָראַפּיץ, ישראל עטליס, יצחק פריימויער, יעקב אָטמאַן, יוסף ענגלאַנדער, יעקב מורמיס,

כאָרכע ראָזענפעלד, יצחק גאַרפונקעל, ל. בערענשטיין; געהילפס־וואָקאַלן: ישראל מייזועלס, פּאַבלאָ עטינגער, קאַלמאַן האַרטמאַן, לילי וו. דע בערענשטיין האהן, פּעדראָ גוטמאַן, יעקב פּאָווערענע; רעכענונגס־איבערזעערס: מאַקסימאָ קליין, יצחק ג. פּרייזער.

דער קאָנסולטיווער ראַט איז צוזאַמענגעשטעלט פון די ה״ה:

פּרעזידענט: ראָבערטאָ מירעלמאַן; וויצע־פּרעזידענט: מאַקסימאָ ווייל; סעקרעטאַר: אַל־בערטאָ קליין; וואָקאַלן: גיזשערמאָ אייזנשטיין, פּאַבלאָ גוטמאַן, יעקב גרייץ, גיזשערמאָ קראַקאָווסקי.

דער גרויס־ראַבינער ד״ר גיזשערמאָ שלעזינגער און דער געהילפס־ראַבינער ה׳ מאַרשאַל מאַיער זענען דער קאָנגרעגאַציעס גייסטיקע וועגווייזערס *.

## די ייִדישע קאָנגרעגאַציע „כנסת ישראל״ אַלס פאַקטאָר אין דעם ייִדישן חינוך פון אַרגענטינע

די ייִדישע קאָנגרעגאַציע „כנסת ישראל״, ווי די ערשטע ייִדישע אינסטיטוציע פון אַר־גענטינע, האָט תמיד געהאַט אַלס צענטראַלן ציל די דערציִונגס־פּראָבלעמען פון דער ייִדישער יוגנט און האָט מיטגעווירקט בכדי אונדזערע יוגנטלעכע זאָלן זיין דורכגעדרונגען מיט ייִדישן באַוווסטזיין און טריי די ווערטן פון ייִדישקייט, פון אונדזער טראַדיציע און פון דער ירושה פון אונדזערע אבות.

נאָך אין איר בראשית־תקופה, איז די ייִדישע קאָנגרעגאַציע געווען אַ שותפטע צו דער דערציִערישער אַרבעט פון דער יִקא און האָט באַוויזן אויפצוקלערן די פליכט פון יעדן ייִדן מחנך צו זיין זיינע קינדער אין דעם ייִדישן גייסט.

אויף דעם געביט זענען ווערט דערמאָנט צו ווערן די לעקציעס פון ייִדישער געשיכטע און דערציִונג פון דער יוגנט, וואָס עס האָט געגעבן דער דעמאָלטדיקער גרויס־ראַבינער פון דער ייִדישער קאָנגרעגאַציע, ד״ר שמואל חלפון ע״ה דעם 5טן יאַנואַר 1917, ביי אַ קבלת־שבת דורכגעפירט אין דער דערמאָנטער אינסטיטוציע.

דעם 8טן אַפּריל פון דעם זעלבן יאָר (2טער טאָג פּסח) און דעם 25סטן סעפּטעמבער 1917 (פאַר ״כל־נדרי), האָט דער ד״ר שמואל חלפון רעפערירט אויף דער טעמע: „ווידערגעבורט פון ייִדישן פאָלק און די פּראָבלעם פון דער ייִדישער דערציִונג״.

די טעטיקייט פון דער ייִדישער קאָנגרעגאַציע לטובת דער דערציִונג פון דער ייִדישער יוגנט אין אַרגענטינע איז כסדר פאַרגעזעצט געוואָרן און אין יאָר 1939 גיט די יִקא איבער דער אינסטיטוציע איר גאַנצן דערציִערישן אַפּאַראַט און די לעצטע רעאָרגאַניזירט דעם ועד החינוך הראשי. זיינע אינספּעקטאָרן לייגן דעם טראָפּ אויף דעם גוטן גאַנג פון די לימודים, עס ווערן געעפנט נייע שולן, מ׳דרוקט דידאַקטישן מאַטעריאַל פאַר די לערערס, מ׳שטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון די תלמידים טעקסט־ביכער, מען אָרדנט איין פערפעקציאָניר־קורסן פאַר לערערס און מען שטיצט אויך עקאָנאָמיש די שולן פון דער הויפּטשטאָט און פּראָווינץ וואָס זענען געווען אָנגעשלאָסן אין ועד החינוך הראשי.

אויסער דעם, פירט די ייִדישע קאָנגרעגאַציע דורך בר־ און בת־מצוה־קורסן ווי אויך פון העברעיִש, העברעיִשע ליטעראַטור און געשיכטע, רעפעראַטן פאַר יוגנטלעכע און דערוואַק־סענע און עס פאַרזאַמלען זיך אין איר צענטער „רמה״ הונדערטער ייִדישע יוגנטלעכע, אין וועלכע זי הויכט אַריין אונדזערע מאָראַלישע ווערטן.

אין חודש נאָוועמבער 1943 באַשליסט דער דירעקטיווער־ראַט פון דער ייִדישער קאָנגרע־גאַציע צו גרינדן דעם מכון ללימודי היהדות.

פון דעם באַשלוס איז מען אַריבער צו טאַט, און גלייך ביי זיינע ערשטע יאָרן פון עק־

---

* אין יאַנואַר 1963 איז ראַביי מאַרשאַל מאַיער צוזאַמען מיט אַ ריי עסקנים אַוועק פון דער קאָנגרעגאַציע און געשאַפן אַן אייגענע געמיינדע אונטערן נאָמען „בית אל״.

זיסטענץ, האָט דער מכון ללימודי היהדות זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ערנסטקייט, אָרגאַניזאַציע, דיסציפּלין און הויכן לימודים־ניוואָ, דורכזעצנדיק אויף אַ פולשטענדיקן אופן דעם פּלאַן וואָס עס האָבן אויסגעאַרבעט זיינע גרינדערס.

די באַנייונג פון מכון ללימודי היהדות איז פאָרגעקומען דעם 24סטן מאַי 1945 און די לימודים האָבן זיך אָנגעהויבן דעם 25סטן יוני פון זעלבן יאָר.

אין חודש נאָוועמבער 1944, בעת עס ווערט אָנגענומען דער באַשלוס צו גרינדן דעם מכון ללימודי היהדות, ווערט גלייכצייטיק באַשטימט אַ דירעקטאָריום פאַר דעם לערן־אַנשטאַלט אין באַשטאַנד פון די ה״ה:

פרעזידענט: ידידיה אפרון (ע״ה); סעקרעטאַרן: ד״ר גיזשערמאָ שלעזינגער, מאַקס מאַזאַר־באַרנעט; וואָקאַלן: אינזשיניער אַלבערטאָ קליין, שמעון מירעלמאַן, ד״ר מאַריאָ שטיינגאַרט; מאַקסימאָ וויל און מאַקסימאָ יאַגופּסקי.



אַבסאָלווענטן פון מכון ללימודי היהדות און נאָרמאַל־שול פאַר לערערינס, נאָכן באַקומען די דיפּלאָמען.

אַלס דירעקטאָר פון דעם לערן־אַנשטאַלט איז באַשטימט געוואָרן דער ראַבינער ה׳ יעקב פינק.

דער מכון ללימודי היהדות איז אַ טראַדיציאָנעלער אַנשטאַלט און האָט זיך געשטעלט דעם ציל: אויסצובילדן יידישע לערערס, כלי־קודש, צוקונפטיקע גייסטיקע פירערס פון אונדזער געזעלשאַפט, דורכגעדרונגען מיט אונדזערע אידעאַלן, אונדזערע עטישע און גייסטיקע ווערטן, צוגרייטן זיי פאַר זייער וויכטיקער שליחות אין די פאַרשיידענע קהילות, דערמעגלעכן דאָס שאַפן אַ פרע־ראַבינישן סעמינאַר און אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלן קורס פאַר מיידלעך וווּ זיי זאָלן אויסגעבילדעט ווערן אַלס לערערקעס פון העברעיש, טראַדיציע און רעליגיע פאַר אונדזערע שולן.

אין דעם לערן־אַנשטאַלט הערשט אַ טראַדיציאָנעלער גייסט. פאַר די לימודים דאַוונען די תלמידים בציבור און דאָס זעלבע געשעט אויך אין די שבתים און יום־טובים.

דער פּראָגראַם פאַרנעמט איין צוגרייטונגס־קורס נאָך 6 יאָר און ער איז אויסגעברייטערט געוואָרן אין 1960.

חוץ דער אויסברייטערונג פון לימודים־פּראָגראַם איז אויך איינגעפירט געוואָרן דער ענדע־קורס־עקזאַמען (בחינת הבגרות): ביים פאַרענדיקן דעם לעצטן יאָר, באַקומען דער תלמיד בלויז אַ באַשטעטיקונג, אָבער בכדי צו באַקומען דעם דיפּלאָם וואָס דערלויבט אים צו אַרבעטן אַלס לערער, דאַרף ער באַלייגן דעם לעצטן עקזאַמען וואָס באַשטייט פון אַ שריפטלעכער אַרבעט



די ביבליאָטעק פון מכון.

און מינדלעכע פּראָגעס פון די באַזישע קעגנשטאַנדן וואָס ער האָט געלערנט אין דעם אַנשטאַלט זינט זיין אַריינטריט אין אים.

בכדי צו פאַרשטאַרקן דעם קאָנטאַקט צווישן היים און שול, ווערן פּעריאָדיש פאַררופן זיצונגען פון עלטערן, אויף וועלכע די פּראָפעסאָרן טיילן זיי מיט די אויפפירונג און פליייסיקייט פון זייערע קינדער.

וועגן דער הויכער מדרגה אויף וועלכער עס שטייט דער מכון ללימודי היהדות זאָגט עדות דער דאָזיקער פאַקט: צווישן די יאָרן 1953־1959, זענען אין הויפטשטאָט דורכגעפירט געוואָרן

15 ליטעראַרישע קאָנקורסן פאַר שילערס פון אונדזערע סעמינאַרן און מיטלשולן. אויף די דאָזיקע קאָנקורסן האָבן זיך באַטייליקט 51 שילערס פון מכון ללימודי היהדות פון וועלכע 33 זענען פרעמירט געוואָרן:

מיטן 1טן פרייז — 16; מיטן 2טן — 9; מיטן 3טן — 5; מיט אַ סטימול־פרייז — 3.

פון די 15 דורכגעפירטע ליטעראַרישע קאָנקורסן זענען פיר (4) געווען אויף העברעיִש און די אַנדערע 11 אויף ייִדיש און נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס אין מכון ללימודי היהדות אין ייִדיש בלויז אַ קעגנשטאַנד (אַלע אַנדערע קעגנשטאַנדן ווערן געלערנט אויף העברעיִש), זענען די תלמידים פון דעם־אָ אינסטיטוט געווען די וועלכע האָבן געוואונען אַ גרויסן טייל פון די פרייזן פאַר שריפטלעכע אַרבעטן אויף ייִדיש.

דער מכון האָט אין זיינע ערשטע יאָרן געהאַט אַן אינטערנאַט און מען האָט געלערנט די קעגנשטאַנדן פון באַזישן ציקל פון די רעגירונגס־מיטלשולן. דער תלמיד פון מכון האָט אַזוי אַרום באַקומען אַן אַלגעמיינע קולטור וואָס האָט אים דערלויבט צו פאָרזעצן זיינע לימודים אין אוניווערזיטעט. אייניקע שילערס באַקומען אַ ספּעציעלע סטיפּענדיע זיי זאָלן קענען ווייטער לערנען אַן שום עקאָנאָמישע שוועריקייטן.

אין יאָר 1950 איז געגרינדעט געוואָרן די נאָרמאַל־שול פאַר לערערנס פון רעליגיע און העברעיִש מיט אַ פּראָגראַם פון 4 יאָר ייִדישע לימודים און 3 יאָר אַלגעמיינע (באַזישער ציקל פון נאַציאָנאַל־שולן). גלייכצייטיק מיט דער גרינדונג פון דער־אָ שול איז געשאַפן געוואָרן אַן אינטערנאַט פאַר די שילערנס.

אין די פרימאָרגן־שעהן ווערן געלערנט אין דער געביידע פון אינטערנאַט די אַלגעמיינע לימודים, דורך דיפּלאָמירטע פּראָפעסאָרן. אין די נאָכמיטאָג־שעהן לערנען די שילערנס די ייִדישע קעגנשטאַנדן.

ביזן יאָר 1958 האָבן דער מכון ללימודי היהדות (פאַר ייִנגלעך) און די נאָרמאַל־שול (פאַר מיידלעך) פונקציאָנירט באַזונדער. פון דעם יאָר און ווייטער לערנען ייִנגלעך און מיידלעך צוזאַמען, מיט אַ פאַראייניקטן לערן־פּראָגראַם.

די ביבליאָטעק פון מכון ללימודי היהדות באַזיצט 1.500 עקזעמפּליאַרן, צווישן זיי טעקסטן־, לערן־ און אַלגעמיינע ביכער. זי איז ספּעציעל געשאַפן פאַר די תלמידים פון אינסטיטוט וועלכע מען באַרגט אויס אַהיים די ביכער. אויף צו באַרייכערן די ביבליאָטעק אויף אַלע געביטן פון יודאַיִסטיק ווערן יעדעס יאָר איינגעקויפט נייע ביכער, אויך ווערן זיי איינגעשאַפן אין ישראל, מיט דער פאַרמיטלונג פון דער מחלקה תורנית לגולה (טעקסט־ביכער אויף זייער ביליקע פרייזן פאַרן לערערטום און דעם שילער־עלעמענט וועלכע באַנוצן זיך מיט זיי במשך די פאַרשיידענע לערן־פּעריאָדן).

ביים גרינדןביידע לערער־אַנשטאַלטן, האָט די גרעסטע טייל פון די תלמידים געשטאַמט פון דער פּראָווינץ און בלויז אַ קליינער חלק איז געווען פון הויפּטשטאָט און אומגעגנט. אין איצטיקן מאָמענט שטאַמען 80% פון די תלמידים פון דער הויפּטשטאָט און בלויז אַ 20% קומט פון דער פּראָווינץ.

אין 1טן יאָר פון מכון ללימודי היהדות (1945) האָבן זיך פאַרשריבן 19 תלמידים און אין דער נאָרמאַל־שול (1958) — 31 תלמידות.

היינט צו טאָג ציילט דער לערן־אַנשטאַלט 582 תלמידים פון ביידע געשלעכטער, איינגעטיילט אין 2 טורנעס.

זייט דער גרינדונג פון ביידע לערן־אַנשטאַלטן האָבן זיך אין זיי פאַרשריבן אַ קימאַ־לן פון 843 תלמידים: 419 ייִנגלעך און 424 מיידלעך.

ביזן יאָר 1960 האָבן ביידע אינסטיטוטן אַרויסגעלאָזט 200 אַבסאָלווענטן:

| יאָר | ייִנגלעך | מיידלעך |
|---|---|---|
| 1950 | 12 | — |
| 1952 | 11 | 32 |
| 1953 | 8 | 6 |
| 1954 | 7 | 16 |
| 1955 | — | 22 |
| 1956 | 14 | — |
| 1957 | 12 | 17 |
| 1958 | 11 | 17 |
| 1959 | 13 | 2 |
| סך־הכל | 88 + | 112 = 200 אַבסאָלווענטן |

23 אַביטוריענטן האָבן באַקומען סטיפּענדיעס פאַר אַ פּערפעקציאָניר־קורס אין ישראל אין מכון „הרב גולד״ (15 ייִנגלעך און 8 מיידלעך).

די מערהייט אַבסאָלווענטן זענען טעטיק ביי דערציִערישער אַרבעט און פאַרנעמען וויכטיקע פּאָסטנס אין שולן פון אַרגענטינע, אַלס דירעקטאָרן פון אָנפאַנג־שולן, פּראָפעסאָרן אין די פאַרשיידענע סעמינאַרן און מיטלשולן, אין דעם מכון לתרבות ישראל, אין דעם זעלבן מכון ללימודי היהדות, אין דער מדרשה העברית און אויך אין לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער ווי אורוגוויי, פּאַראַגוויי, טשילע, קובאַ, קאָסטאַ־ריקאַ, פּאַנאַמאַ, א״אַנד׳.

אַלע אַבסאָלווענטן פון מכון וואָס זענען איצט טעטיק אַלס פּראָפעסאָרן אין סעמינאַרן און מיטלשולן האָבן פאַרגעזעצט זייערע לימודים אין דער מדרשה העברית, אין פּערפעקציאָניר־קורסן פון ישראל און אייניקע אויך אין דער ירושלימער אוניווערזיטעט.

די לייטונג פון מכון ללימודי היהדות און פון דער ייִדישער קאָנגרעגאַציע פון אַרגענטינע זאָרגן פאַר דער כסדרדיקער פאַרבעסערונג פון מכון, בכדי זיינע אַבסאָלווענטן זאָלן זיין צוגעגרייט צו פאַרנעמען דירעקטיווע אַמטן אין אונדזער געזעלשאַפט און פון די־אָ אַמטן זאָלן זיי קענען פאָרזעצן זייער טעטיקייט לטובת דער גייסטיקער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדנטום.

# אייניקע דאַטן וועגן ביידע אַנשטאַלטן

## צאָל תלמידות פון דעם יאָר 1950:

| | | |
|---|---|---|
| 1950 | — — — — — — — | 21 תלמידות |
| 1951 | — — — — — — — | 50 „ |
| 1952 | — — — — — — — | 56 „ |
| 1953 | — — — — — — — | 63 „ |
| 1954 | — — — — — — — | 82 „ |
| 1955 | — — — — — — — | 87 „ |
| 1956 | — — — — — — — | 90 „ |
| סך־הכל | — — — | 449 תלמידות |

## אַבסאָלווענטנס פון דער נאָרמאַל־שול פאַר לערערס פון רעליגיע און העברעיִש

| יאָר | צאָל אַבסאָלווענטנס |
|---|---|
| 1952 | 13 |
| 1953 | 6 |
| 1954 | 16 |
| 1955 | 19 |
| סך־הכל | 54 |

| אַרבעטן אין | צאָל אַבסאָלו־ |
|---|---|
| שטאָט | 9 |
| פּראָווינץ | 35 |
| קיין ישראל | 4 |
| ייִד' אינסטיטוציעס | 1 |
| סך־הכל | 49 |

## צאָל תלמידים פון מכון ללימודי היהדות פונעם יאָר 1945

| | | |
|---|---|---|
| 1945 | 19 | תלמידים |
| 1946 | 30 | ״ |
| 1947 | 34 | ״ |
| 1948 | 49 | ״ |
| 1949 | 64 | ״ |
| 1950 | 53 | ״ |
| 1951 | 62 | ״ |
| 1952 | 66 | ״ |
| 1953 | 60 | ״ |
| 1954 | 66 | ״ |
| 1955 | 71 | ״ |
| 1956 | 81 | ״ |
| סך־הכל | 655 | תלמידים |

## אַבסאָלווענטן פון מכון ללימודי היהדות

| | | |
|---|---|---|
| 1950 | 13 | אַבסאָלווענטן |
| 1952 | 11 | ״ |
| 1953 | 7 | ״ |
| 1954 | 7 | ״ |
| 1956 | 14 | ״ |
| סך־הכל | 52 | אַבסאָלווענטן |

| אַרבעטס־אָרט | צאָל אַבסאָלווענטן |
|---|---|
| פּראָווינץ | 12 |
| פּראָפעסאָרן | 6 |
| דירעקטאָרן | 4 |
| קיין ישראל | 3 |
| זעצן פאָר לימודים אין הויפּטשטאָט | 12 |
| אויסלאַנד | 2 |
| סך־הכל | 39 |

משה פריידע

# אונדזערע אינסטיטוציעס פאַר סאָציאַלער הילף

די יידישע וווילטעטיקייט אין אַרגענטינע איז אַזוי אַלט ווי דער אָרגאַניזירטער ישוב. אַ סאָלידאַריטעט־געפיל פון מענטשן וועלכע עס האָט פאַראייניקט די זעלביקע הילפלאָזיקייט, די זעלבע אומזיכערקייט אין נייעם לאַנד, אין דער פרעמדער סביבה, ווי אַלץ: דער אָרום, די געוווינהייטן, די שפּראַך זיינען געווען ניי און אומבאַקאַנט — איז געווען די טרייב־קראַפט וואָס האָט דערפירט צו דער שאַפונג, בוי און אַנטוויקלונג פונעם סאָציאַלן ווערק וואָס עס שטעלן מיט זיך פאָר די וווילטעטיקע אינסטיטוציעס פונעם ישוב.

מער ווי וווילטעטיקייט האָט כאַראַקטעריזירט די טעטיקייט פון אונדזערע סאָציאַלע אַנשטאַלטן די נייגונג צו קעגנזייטיקער הילף, צו העלפן איינער דעם אַנדערן. דעריבער טראָגן אונדזערע הילף־אָרגאַניזאַציעס דעם כאַראַקטער פון מוטואַליסטישע קערפּערשאַפטן וואָס העלפן דעם יחיד אין אַן עת־צרה, אָבער ווו דער זעלבער הילף־נעמער שטייערט צו אין זיין נאָרמאַלן צושטאַנד צו די מיטלען און שאַפט די מעגלעכקייט פון אַזאַ הילף. אויף אַזאַ אופן באַקומט ער זי נישט ווי אַ נדבה, ווי אַ נויטבאַדערפטיקער הילפלאָזער מענטש ווען עס קען קומען נאָר דאָס וואָס עס ווערט דיקטירט פון רחמנות־געפיל, נייערט ווי אַ באַרעכטיקטער מיטגליד.

די יידישע סאָציאַלע הילף אין אַרגענטינע ווערט היינט צו טאָג געפירט דורך פאָלגנדיקע אינסטיטוציעס: יידישער שפּיטאָל „עזרה״, מושב זקנים ובית ילדים, ביקור חולים, הכנסת אורחים, יידישע ליגע קעגן טובערקולאָז, בית־יתומות און קינדער־היים. פון דעם חשבון נעמען מיר אַרויס די אָפּטיילונג פון סאָציאַלער הילף ביי דער קהילה, וועגן וועלכער עס ווערט גערעדט באַזונדער. אַנטשטאַנען זיינען זיי אַלע אין דער זעלביקער תקופה, כמעט אין די זעלביקע יאָרן, אויב מיר זאָלן מאַכן אַן אויסנאַם פאַרן „ביקור חולים״, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן נאָך ביים סוף פון פריערדיקן יאָרהונדערט.

דער יידישער שפּיטאָל ביי דער „עזרה״ האָט דערעפנט צום ערשטן מאָל זיינע טירן דעם 25סטן מאַי 1921, דער גרונטשטיין איז געלייגט געוואָרן דעם 9טן אָקטאָבער 1916, דעם באַשלוס וועגן קויפן דעם באָדן אויף וועלכן דער שפּיטאָל איז אין יאָרן אַרום אויפגעבויט געוואָרן, האָט מען אָנגענומען אויף אַ מיטגלידער־פאַרזאַמלונג וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין חודש יולי פון 1910.

פינף יאָר איידער דער „עזרה״־שפּיטאָל איז דערעפנט געוואָרן איז געגרינדעט געוואָרן דער מושב זקנים ובית יתומים. דער בית יתומות אין דריי יאָר אַרום, אין 1919. דער הכנסת אורחים — אין 1922, די יידישע ליגע קעגן טובערקולאָז — אין 1916. די יינגסטע פון אונדזערע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס: די יידיש־אַרגענטינער קינדער־היים האָט געעפנט אירע טירן אויפצונעמען אָרעמע קינדער, אין 12 יאָר אַרום, דאָס הייסט אין 1928.

### דער יידישער שפּיטאָל

דער יידישער שפּיטאָל איז, אָן ספק, די גרעסטע סאָציאַלע אינסטיטוציע פון יידישן אַרגענטינע. בכדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן דעם וווּקס פון דער אינסטיטוציע, איז גענוג צו וויסן, אַז אינעם יאָר פון איר גרינדונג, דאָס הייסט במשך די זיבן חדשים פון 1921, זיינען אינטערנירט געוואָרן אין יידישן שפּיטאָל 589 קראַנקע און אין די אויסערלעכע קאָנסולטאָריעס

זיינען באַהאַנדלט געוואָרן 10.973 חולאים. אין 1939, דאָס הייסט אין 18 יאָר אַרום, זיינען שוין געזען 2.898 אינטערנירטע חולאים און 86.267 באַהאַנדלטע אין די אויסערלעכע קאָנסולטאָריעס אין דער זעלביקער צייט וואָס די שפּיטאָל־אַפּטייק האָט אַרויסגעגעבן 108.060 רפואות.

ווי זעט אויס די לאַגע היינט צו טאָג?

די סאָציאַל־מעדיצינישע טעטיקייט פון דער אינסטיטוציע ווערט געפירט אין 28 אָפּטיילונגען אין וועלכע עס ווערן באַשעפטיקט העכער הונדערט דאָקטוירים, אַ טייל פון זיי מיט אַ גוט פאַרדינטן פּרעסטיזש אין דער אַרגענטינער וויסנשאַפטלעכער וועלט.



דער ערשטער פּאַוויליאָן פון ייִדישן שפּיטאָל.

דער ייִדישער שפּיטאָל „עזרה”, וועלכער נעמט אויף קראַנקע פון דער שטאָט און פון דער גאַנצער פּראָווינץ, איז דער גרעסטער פון אונדזערע וווילטעטיקע אַנשטאַלטן. דער שפּיטאָל קען זיך נישט פאַרשעמען לגבי אַנדערע ענלעכע אינסטיטוציעס, אַפילו מלוכהשע, הן וואָס נוגע דער באַדינונג, הן וואָס נוגע דער צאָל קראַנקן־סאַלעס און קאָנסולטאָריעס וואָס נעמען אַרום אַלע ספּעציאַליטעטן פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, שוין אָפּגערעדט פון זיין מעדיקער־קאָרפּוס, אין וועלכן עס זיינען פאַראַן אַ צאָל אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָרן, מיט אויסערגעוויינלעכע וויסנשאַפטלעכע לייסטונגען.

ס'האָט גענומען יאָרן ביז צום היינטיקן פּאַנאָראַמע פון ייִדישן שפּיטאָל. כדי דורכצומאַכן דעם באַרג־אַרויף וועג זינט זיין באַשיידענעם אָנהייב, מיט דעם איינציקן פּאַוויליאָן און מיט בלויז צוויי סאַלעס, ביז צו דעם איצטיקן ריזן־פּאַרנעם, מיט צענדליקער קראַנקן־סאַלעס, קאָנסולטאָריעס און כלערליי מעדיצין־באַדינונגען, איז געווען נייטיק אַ שלל ענערגיע, אַרבעט און אָנשטרענגונגען.

דער וווקס פונעם שפּיטאָל „עזרה" איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיטן וווקס פונעם ישוב.

די געזעלשאַפט „עזרה" ביי וועלכער עס איז מיט יאָרן שפּעטער געשאַפן געוואָרן דער שפּיטאָל, האָט לכתחילה זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע מאַטעריעל בייהילפיק צו זיין די אומבאַמיטלטע מענטשן. זי איז געגרינדעט געוואָרן דעם 25סטן דעצעמבער 1900, אין די יאָרן פון גרויסן אימיגראַציע־שטראָם. איר ערשטער פאָרזיצער איז געווען יעקב זשאַבאָטינסקי. דעם 29סטן אָקטאָבער איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון יידישן שפּיטאָל. דער ערש־טער פּאַוויליאָן זיינער טראָגט דעם נאָמען „סענטענאַריאָ", דאָס הייסט יאָרהונדערט, טאָקע דערפאַר וואָס זיין בוי איז אונטערגענומען געוואָרן צום הונדערטסטן יאָר פון דער אַרגענטינער אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע, און ווי אַ באַערונג פאַרן לאַנד וואָס האָט אַזוי גאַסטפריינטלעך אויפגענומען גרויסע מאַסן יידישע אימיגראַנטן און האָט פאַר זיי געשאַפן די מעגלעכקייט אויפצובויען נייע היימען.

אָבער ערשט דעם 25סטן מאַי 1921 האָט דער „עזרה"־שפּיטאָל געעפנט צום ערשטן מאָל זיינע טירן פאַרן יידישן חולה וועלכער האָט ביז דעמאָלט געמוזט אָנקומען צו קריסטלעכע הייל־אַנשטאַלטן אין אַ סביבה ווו ער האָט זיך געפילט פרעמד. צום יאָר נאָך דער דערעפענונג פונעם שפּיטאָל האָבן זיינע עסקנים שוין געטראַכט וועגן צובויען אַ נייעם פּאַוויליאָן, ווייל אַזוי האָבן עס דעמאָלט דיקטירט די נויטן פונעם ישוב. דאָס ווערט אַ ווירקלעכקייט אין זיבן יאָר אַרום, און דעם 4טן נאָוועמבער 1928 ווערט דערעפנט דער צווייטער פּאַוויליאָן. דער 3טער און 4טער פּאַוויליאָן ווערן דערעפנט דעם 31סטן אָקטאָבער 1948.

היינט צו טאָג איז דער שפּיטאָל „עזרה" דער גרויסער הייל־אַנשטאַלט, די פאַרצווייגטע מעדיצינישע אָרגאַניזאַציע פון אַרגענטינער יידישן ישוב.

דער שפּיטאָל פאַרמאָגט פיר הונדערט בעטן און 13 קראַנקן־סאַלעס; צוויי סאַלעס פון מעדיצין־קליניק פאַר מענער, צוויי — פון מעדיצין־קליניק פאַר פרויען, איינער פון אַלגעמיינער כירורגיע פאַר מענער, צוויי — פון אַלגעמיינער כירורגיע פאַר פרויען, איין סאַלע פאַר גינע־קאָלאָגיע, איינע — פאַר מוטערשאַפט, איינע — פון אָרטאָפּעדיע און טראַומאַטאָלאָגיע פאַר ביידע געשלעכטער, איינע — פון אויגן־קראַנקייטן אויך פאַר ביידע געשלעכטער, איינע פאַר האַרץ־ליידנדיקע, איינע — פאַר קינדער פון ביידע געשלעכטער. חוץ לזה איז פאַראַן אַ פּענ־סיאָנאַט וועלכער איז איינגעטיילט אין דריי קאַטעגאָריעס.

די אויסערלעכע קאָנסולטאָריעס פאַר חולאים וואָס קומען אַהין אויף קוראַציע זיינען פאָלגנדיקע: קאָנסולטאָריע פון מעדיצין־קליניק פאַר מענער; קאָנסולטאָריע פון מעדיצין־קלי־ניק פאַר פרויען; פאַר מעדיצינישער קליניק־כירורגיע, גינעקאָלאָגיע, אָרטאָפּעדיע און טראַו־מאַטאָלאָגיע, מוטערשאַפט, אויגן־קראַנקייטן, ציין־קאָנסולטאָריע, פיזיאָטעראַפּיע, מאַסאַזש־היילונג.

די קאָנסולטאָריעס וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דער כירורגישער אָפּטיילונג פונעם שפּי־טאָל, זיינען פאָלגנדיקע: קאָנסולטאָריע פאַר נערוון־כירורגיע, פאַר פּלאַסטישער כירורגיע, פאַר ברוסטקאַסטן־כירורגיע און פאַר נירן־קראַנקייטן.

חוץ לזה זיינען פאַראַן פאָלגנדיקע מעדיצין־באַדינגונגען: פאַר הויט־קראַנקייטן, פאַר נאָז־האַלדז און אויערן־קראַנקייטן, פאַר נערוון־קראַנקייטן, פאַר ענדאָקרינאָלאָגיע, פאַר פלעגונג־קראַנקייטן, פאַר רעוומאַטיזם, באַדינונג פאַר ראַדיאָלאָגיע, ראַדיאָטעראַפּיע און די אָפּטיילונג פאַר בלוט־טראַנספוזיע און פּלאַסמאָטעראַפּיע.

אַנדערע וויכטיקע אָפּטיילונגען פון גרויס באַדייטונג פאַר דער מעדיציניטער טעטיקייט פונעם אַנשטאַלט זיינען: די ביאָכעמישע צענטראַלע לאַבאָראַטאָריע, די לאַבאָראַטאָריע פאַר פּאַטאָלאָגיע, דער קינסטלעכער האַרץ און לונג, די אַפּטייק און די אָפּטיילונג פאַר האַרץ־ און בלוט־צירקולאַציע־פאָרשונגען. בסך־הכל באַשטייט דער יידישער שפּיטאָל, ווי עס איז צו זען, פון 29 מעדיצין־באַדינגונגען.

אויסער דעם דאַרף מען צורעכענען די פּערמאַנענטע מעדיצין־וואַך, במשך די 24 שעה פונעם

מעת־לעת פאַר דרינגענדיקער מעדיצינישער הילף, און די אָקערשט געשאַפענע אָפּטיילונג פאַר ענדאָקרינאָלאָגיע־הולאים, און באַזונדערס די איזאָטאָפּאָן־לאַבאָראַטאָריע, מיט וועלכער די מעדיצין־באַדינונגען פון יידישן שפּיטאָל גרייכן צו 32. ווען מען רעכנט צו זיי צו די דרייצן קראַנקן סאַלעס און די דריי קאַטעגאָריעס פונעם פּענסיאָנאַט, האָבן מיר אַ סך־הכל פון 48 אָפּ־טיילונגען וואָס שטעלן צוזאַמען דעם קאָמפּליצירטן אַפּאַראַט פונעם גרויסן אַנשטאַלט פאַרן געזונט־שוץ פון דער בוענאָס־איירעסער יידישער באַפעלקערונג, באַזונדערס פאַר אירע אָרעמ־סטע שיכטן.

צו דינסט די טויזנטער קראַנקע אין די פאַרשיידענע שפּיטאָל־אָפּטיילונגען שטייען 142 דאָקטוירים און 321 אַנגעשטעלטע פונעם טעכנישן און סאַניטאַרן פּערסאָנאַל. די אַדמיניסטראַ־ציע באַשטייט פון 48 באַאַמטע, דער אינקאַסענטן־פּערסאָנאַל פון 12 און די דינערשאַפט — 23. צוזאַמענגענומען זיינען באַשעפטיקט 546 מענטשן.



דער נייעסטער פּאַוויליאָן פון יידישן שפּיטאָל.

די אויפגאַבע פון יידישן שפּיטאָל איז צו היילן די דאָזיקע וועלכע קענען, מחמת זייער מאַטעריעלער לאַגע, זיך נישט דערלויבן צו היילן אויף אַ פּריוואַטן אופן. אין דעם ליגט זיין גרויסע סאָציאַלע שליחות. אָבער דער יידישער שפּיטאָל — דער שפּיטאָל פון יידישע דאָק־טוירים פאַר יידישע הולאים — האָט פון אָנהייב אָן געהאַט נאָך אַ גרעסערע אויפגאַבע: קעמפן קעגן דעם טראַגישן עלנט פון די קראַנקע. נישט נאָר היילן די פּאַציענטן מיט די רפואות און מיטלען וואָס די וויסנשאַפט האָט אַרויסגעבראַכט, נייערט צו שאַפן פאַר אים אַ היימישע סביבה און אַ מענטשלעכע באַציונג, צו שטאַרקן דעם הולהס גייסט, ווי אַ באַדינג צו היילן און קרעפ־טיקן זיין גוף.

דורך דער צייט איז די אינסטיטוציע באַרייכערט געוואָרן מיט נייע דאָקטוירים. מאַסן יונגע דאָקטוירים האָבן אין שפּיטאָל דורכגעמאַכט זייערע פּראַקטישע אויסשולונג און דער שפּיטאָל גופא איז מיט דער צייט געוואָרן אַ וויכטיקער פאַרש און לערן־אַנשטאַלט.

דער יידישער שפיטאָל איז אַ וויכטיק בלאַט אין דער געשיכטע פון דער יידישער סאָציאַלער אַרבעט אין אַרגענטינע. אין דאָזיקן בלאַט שיינען די נעמען פון געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן לאַנגע יאָרן אַרבעט פאַר דער אינסטיטוציע, און עס שיינען אויך די נעמען פון מעדיצינער וואָס דער ישוב פאַרגעסט אין זיי נישט און וועט אין זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

גרויס איז די חולאים־מאַסע וואָס קומט טאָג־טעגלעך אינעם ריזיקן הייל־אַנשטאַלט. מען קען זיי זען מיט זייער זאָרג, מיט ווייטיק אין גוף, מיט מורא אינעם געמיט, אַריינקומענדיק און אַרויסקומענדיק פון די גערוימע סאַלעס, פון די מאָדערן־אויסגעשטאַטעטע קאָנסולטאָריעס.

וויפל טויזנטער לעבנס האָט דער יידישער שפיטאָל געראַטעוועט במשך זיין לאַנג־יאָריקער עקזיסטענץ? אין וויפל היימען האָט דער יידישער שפיטאָל אַריינגעטראָגן דאָס גליק פון צוריק־געוווּנענעם געזונט? קיין ציפערן און ווערטער קענען עס נישט אָפּשאַצן.

זינט דער יידישער שפיטאָל איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1921 ביזן 31סטן דעצעמבער 1961 האָבן זיינע קראַנקן־זאַלן אַריינגענומען 140.156 פּאַציענטן און די אויסערלעכע קאָנסולטאָריעס האָבן באַהאַנדלט 1.414.145 פאַלן.

אַ קאָלאָסאַלע מי איז נייטיק געווען כדי צוריקצוגעבן דאָס געזונט אַזאַ גרויסע מענטשן־מאַסע. די ברייטהאַרציקייט און די פאַרשטענדעניש פונעם ישוב וואָס האָט אַרויסגעוויזן באַציִונג און אַרומגערינגלט מיט ליבע זיין גרעסטע סאָציאַלע אינסטיטוציע, האָבן דאָס אַלץ דערמעגלעכט.

ווי זעט אויס דער עקאָנאָמישער מצב פון דער אינסטיטוציע אין דער שפּראַך פון די ציפערן?

דער באַלאַנס פאַרן לעצטן פינאַנץ־פּעריאָד וואָס נעמט אַרום דעם יאָרלעכן צייט־אָפּשניט צווישן 1טן יאַנואַר און 31סטן דעצעמבער 1961, מאַכט באַקאַנט אַז די הוצאות פונעם שפיטאָל האָבן געגרייכט צו 55.143.055, דאַן ווען אין יאָר 1954 זיינען די אויסגאַבן דערגאַנגען צו 9.825.984 פּעזעס. אין אַנדערע ווערטער הייסט עס אַז דער ביודזשעט איז געוואַקסן אין קוים זיבן יאָר, זיבן מאָל אַזוי פיל.

איצט, ווי זעען אויס די הכנסות?

אין יאָר 1961 האָבן אַלע איינקונפטן אין די פאַרשיידענע רובריקן דערגרייכט צו 55.062.694.43 פּעזעס אין פאַרגלייך מיט 9.831.775 אין 1954.

צוזאַמען מיטן וווּקס פון די הוצאות איז צו מערקן די גלייכצייטיקע שטייגונג פונעם דע־פיציט וועלכער איז פון 396.167,50 פּעזעס אין 1954 דערגאַנגען צו 994.619,78 פּעזעס אין 1961. איז דעריבער זיך נישט צו וווּנדערן וואָס דער דעפיציט פונעם יידישן שפיטאָל גרייכט היינט צו טאָג, נאָך דער אָנזאַמלונג פון די דעפיציטן פון די לעצטע יאָרן, צו העכער זיבן מיליאָן פּעזעס, וואָס לייגט זיך ווי אַ שווערע לאַסט אויף דער אינסטיטוציע און שטעלט זי אַוועק פאַר אַזאַ שווערן פינאַנציעלן מצב וואָס איז נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. דאָס רופט אַרויס זאָרג ביי דער פאַרוואַלטונג און פאָדערט וועגן דעם זיך צו באַטראַכטן אויב מען וויל אויסמיידן אַן אמתע סכנה.

במשך די לעצטע פינף יאָר זיינען ביים יידישן שפיטאָל געשאַפן געוואָרן פאָלגנדיקע נייע אָפּטיילונגען: סאַלע פאַר ענדאָקרינאָלאָגיע, העמאָאינאַמיע־לאַבאָראַטאָריע, סאַלע פאַר האַרץ־קראַנקייטן, סאַלע פאַר אויגן־קראַנקייטן און די עקספּערעמענטיר־לאַבאָראַטאָריע פון דער בלוט־צירקולאַציע. חוץ לזה איז כדאי אָנצומערקן אַז עס איז פאַרן אַנשטאַלט איינגעשאַפן געוואָרן דער קינסטלעכער האַרץ און לונג.

צום פּרעסטיזש פון יידישן שפיטאָל דאַרף באַטאָנט ווערן אַז אין לעצטן יאָר איז ער אָנער־קענט געוואָרן מצד דעם מעדיצינישן פאַקולטעט ביים נאַציאָנאַלן אוניווערזיטעט פון בוענאָס־איירעס, ווי אַ שפיטאָל־איינהייט, דאָס הייסט ווי אַ הויך־שולע פאַר מעדיצין ווו יידישע פּראַ־פעסאָרן לערנען די פאַרשיידענע צווייגן פון דער מעדיצין־וויסנשאַפט יידישע און נישט־ייִדי־שע אוניווערזיטעט־סטודענטן.

## מושב זקנים ובית ילדים

אָן אייגנאַרטיקע אינסטיטוציע, מיט אַ שם אין אַרגענטינע, איז דער מושב זקנים ובית ילדים, די הילפס־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט שטאַרק געענדערט איר סאָציאַלן פּרצוף זינט זי האָט זיך איבערגעצויגן אין די היימען וואָס די ייִדישע ברייטהאַרציקייט האָט אויפגעבויט אין בורסאַקאָ.

מושב זקנים ובית ילדים איז אפשר די סאָציאַלע אינסטיטוציע, וואָס קריגט דעם גרעסטן סכום ספּאָנטאַנע באַשטייערונגען. זייער אַ סך יחידים וואַרטן נישט מען זאָל זיי וועקן און רופן נאָר זיי שיקן אַליין צו זייערע נדבות, — אין מזומן און חפצים.



פּאַוויליאָן פאַר קינדער אין בורסאַקאָ.

די געשיכטע פון דער אינסטיטוציע איז פאַרבונדן מיט דירנדיקע מאָמענטן פאַרן ישוב, ווי למשל, מיט דער געשעעניש ווען עס זיינען געקומען די הונדערט מלחמה־יתומים פון אוקראַינע, און האָבן געפונען אַ וואַרעמע היים אויף קאַבילדאָ 3642, ווו די אינסטיטוציע האָט געהאַט איר ערשטן בית־יתומים. דער ישוב האָט זיי דעמאָלט, אינעם ווייטן יאָר 1921, אַרום־געריינגלט מיט אַזאַ ליבע ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אייגענע קינדער.

בקיצור איז די געשיכטע פונעם אַנשטאַלט אַזאַ:

17טן סעפּטעמבער 1915 איז פאַרגעקומען די ערשטע זיצונג אויף וועלכער עס איז באַטראַכט געוואָרן די נייטיקייט צו שאַפן אַן אינסטיטוציע פאַר היימלאָזע ייִדישע זקנים.

9טן יאַנואַר 1916. — אָפיציעלע דערעפענונג פונעם מושב זקנים אויף דער גאַס כוראַ־מענטאָ 1719.

אויגוסט 1918. — דערעפענונג פונעם בית־יתומים אויף דער גאַס קאַבּילדאָ 3652.

25סטן דעצעמבער 1918. — עס ווערט באַשלאָסן צו שאַפן דעם קינדער־אָרקעסטער ביים בית־יתומים און עס איז באַטראַכט געוואָרן די לוינבאַרקייט צו שאַפן אַ דרוקעריי פאַר דער פאַך־דערציִונג פון די קינדער. די דאָזיקע איניציאַטיוו איז שפּעטער פאַרווירקלעכט געוואָרן.

22סטן נאָוועמבער 1921. — עס זיינען אָנגעקומען פון אוקראַיִנע קיין בּוענאָס־איירעס, 100 יתומים פון דער צווייטער וועלט־מילחמה: 70 ייִנגלעך און 30 מיידלעך. די ייִנגלעך זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין מושב־זקנים און בית־יתומים. די מיידלעך — אין בית־יתומות ביים ייִדישן וווילטעטיקן פרויען־פאַראיין.

28סטן פעברואַר 1926. — אָפיציעל ווערט דערעפנט די נייע געבּיידע פאַרן מושב זקנים אויף דער גאַס מאָנטע 2049.



דער יערלעכער יום־טוב פון בורסאַקאָ.

25סטער נאָוועמבער 1930. — עס ווערט געדונגען דאָס הויז אויף דער גאַס גרעגאָריאָ דע לאַפערער 1824 פאַר אַן אינוואַלידן־הויז.

29סטער דעצעמבער 1942. — די פאַרוואַלטונג פונעם אַנשטאַלט נעמט צו קענטעניש אַז ה׳ כאָסע איטוראַט, אַ קריסט, האָט באַשלאָסן צו שענקען 18.600 קוואַדראַט־מעטער לאַנד, אין דער בוענאָס־איירעסער ביישטאָט בורסאַקאָ, צוזאַמען מיט די הייזער און איינריכטונגען וואָס זיינען דאָרט פאַראַן, מיטן צוועק אויפצובויען דאָרט די היימען פאַר ייִדישע זקנים און קינדער. שפּעטער איז דער געשאָנקענער באָדן פאַרגרעסערט געוואָרן מיטן איינקויף פון נאָך 18 שכנותדיקע קוואַדראַט העקטאַר, דאָס הייסט נאָך 18 טויזנט קוואַדראַט מעטער לאַנד.

28סטער נאָוועמבער 1943. — עס ווערט געלייגט דער גרונטשטיין פאַר די היימען אין בורסאַקאָ.

13טן אַפּריל 1947. — אָפיציעל ווערן דערעפנט די היימען פון בורסאַקאָ.

15טער יוני 1952. — די אינסטיטוציע בייט איר פריערדיקן נאָמען אויף „יידיש־אַרגענ־טינער היימען פאַר זקנים און קינדער".

בכדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף פון דעם וואָס די בורסאַקאַ־היימען שטעלן מיט זיך פאָר איז כדאי אָנצווייזן אַז די דאָזיקע זקנים־ און קינדער־שטאָט, ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון:

1. — אַ גרויסער פּאַוויליאָן פאַר זקנים.
2. — אַ גרויסער פּאַוויליאָן פאַר זקנות.
3. — זעקס היימען־געביידעס פאַר קינדער.
4. — אַ שפּיטאָל־בנין אין וועלכן עס זיינען טעטיק אַ מעדיצין־קאָנסולטאָריע, אַ צאָן־קאָנסולטאָריע, אַ קראַנקן־סאַלע און אַן אַפּטייק.
5. — אַ שול וואָס דינט אויך פאַר אַ קאָנפערענצן־ און טעאַטער־זאַל.
6. — בנין פאַר דער אַלגעמיינער אָנפאַנג־שולע און פאַר דער יידישער שולע.
7. — בנין פאַר דער טעכנישער פאַך־שולע.
8. — ביבליאָטעק, לייען און מוזיק־זאַל.
9. — קינדער־קלוב.
10. — ברייטער ספּאָרט־פּלאַץ און שווים־באַסין.
11. — בנין פאַר דער אַדמיניסטראַציע און צענטראַלער מאַגאַזין.
12. — שפּייז־ און וועש־מאַגאַזין.
13. — בנין אין וועלכן עס געפינען זיך די קיך, בעקעריי, פריר־קאַמערן און וועשעריי.
14. — אָפּטיילונג פאַר עופות־צוכט.
15. — פעלד פאַר גרינס־ און פרוכט־קולטיווון.
16. — געביידע פאַרן הויז־וועכטער און פאַר דער עלעקטרישער צענטראַלע.

די אינסטיטוציע גייט היינט צו טאָג אויפן וועג פון אַ נאָך מער אויסגעברייטערטער טע־טיקייט ווי דאָס באַווייזט די פּאַראַיאָרן געעפנטע אָפּטיילונג פאַר דערציען מענטאַל־אָפּגעשטאַ־נענע און פּסיכיש־דעפעקטיווע קינדער.

אַ שווער פּראָבלעם איז פאַר דער אינסטיטוציע דאָס אויפהאַלטן יידישע אינוואַלידן — טייל זקנים ווערן אויך פאַרוואַנדלט אין אינוואַלידן מיטן גאַנג פון דער עלטער — ווייל דאָס פאָדערט באַזונדערע זאַלן און איבערהויפּט אַ ספּעציעלע אויפפּאַסונג. אַ סך איניציאַטיוועס זיינען אויפגעקומען פאַר דער לייזונג פון אָט־דער האַרבער פראַגע, און ביי פאַרשיידענע גע־לעגנהייטן זיינען אונטערגענומען געוואָרן אַקציעס אין דער־אָ ריכטונג. מען האָט פאַר דעם דערוואָרט די שטיצע און די מאַטעריעלע מיטלען פון פאַרשיידענע קוועלן. אָבער דערווייל איז מען בלויז געבליבן ביי די גוטע כוונות.

אַ צווייטער פּראָבלעם וואָס האָט אַרויסגערופן זאָרג איז די פראַגע פון דער דערציִונג פון די קינדער וועלכע איז נישט צוגעפּאַסט, לויט דער מיינונג פון באַרופענע פּערזאָנען, צו די פאָדערונגען פון אונדזער חינוך.

אויף דער רעקאָמענדאַציע פון אַ ספּעציעל־באַשטימטער קאָמיסיע פון אָנגעזעענע פּע־דאַגאָגן און דערציִער, האָט די לעצטע מיטגלידער־פאַרזאַמלונג באַשלאָסן, אַז די פאַרוואַלטונג זאָל זוכן אַ פּאַסיקע געביידע אין בוענאָס־איירעס וואָס זאָל דינען פאַר אַ היים פון די קינדער פון בית־ילדים, בכדי זיי זאָלן לערנען צוזאַמען מיט „נאָרמאַלע" קינדער, דאָס הייסט, קינדער פון נאָרמאַלע היימען, באַזונדיק פאַר דעם צוועק געוויינטלעכע יידישע און מלוכהשע שולן.

בשותפות מיטן נאַציאָנאַלן יידישן שול־פאַרבאַנד האָט דער מושב זקנים ובית ילדים אָר־גאַניזירט במשך איניקע יאָרן אַ קינדער־קאָלאָניע אין בורסאַקאַ. אויף אַזאַ אופן האָט מען באַ־צוועקט אַוועקצונעמען ביי די אינטערנירטע קינדער דעם געפיל פון עלנט און פאַריתומקייט, שטעלנדיק זיי אין קאָנטאַקט מיט קינדער פון נאָרמאַלע היימען.

די לעצטע מיטגלידער־פאַרזאַמלונג פון דער אינסטיטוציע האָט באַשלאָסן אָפּצוזונדערן

די קינדער פון די זקנים און פאַר דעם צוועק ווערט געזוכט אַ פּאַסיקע געביידע אין בוענאָס־איירעס, ווו די קינדער וועלן איינגעאָרדנט ווערן און דערצויגן ווערן אין בעסערע באַדינגונגען.

## ביקור חולים

דער הייל־אַנשטאַלט „ביקור חולים" איז די עלטסטע וווילטעטיקע אינסטיטוציע אינעם יידישן אַרגענטינע. נישט געקוקט אויף דעם וואָס איצט איז זי טעטיק אויפן געביט פון גע־זונט־שוץ און הילף פאַר קראַנקע, איז זי אָבער געגרינדעט געוואָרן דעם 24סטן אָקטאָבער 196, ווי אַ „יידישער אַרבעטער פאַראיין". דאָס איז געווען דער ערשטער נאָמען פונעם אַנ־שטאַלט.



מאָדערנער אַפּאַראַט פאַר טיפער אין אויבערפלעכלעכער ראַדיאָטעראַפּיע אין ביקור חולים.

אירע ערשטע מיטגלידער זיינען געווען מענטשן וואָס האָבן געזוכט אין דער ניי־געשאַ־פענער געזעלשאַפט די מיטלען און דעם וועג פאַר קעגנזייטיקער הילף, און אפשר מער דערפון — די מענטשן־דערנענטערונג אינעם נייעם און פרעמדן לאַנד. דעריבער איז פאַרשטענדלעך וואָס אינעם „אַרבייטער־פאַראיין" איז געווען טעטיק אַ ביבליאָטעק, און שפּעטער — אַ שול, און אין יאָרן אַרום האָט מען זיך פאַרטראַכט צו שאַפן אַ קאָנסולטאָריע און אַנגאַזשירן אַ דאָקטער בכדי אונטערצוקומען מיט מעדיצינישער הילף די מיטגלידער אין פאַל פון נויט.

אָט אין דאָזיקן באַשלוס צו אַנגאַזשירן אַ דאָקטער און געבן די ערשטע מעדיצינישע הילף אינעם אַלטן ייִדישן בוענאָס־איירעס ליגט דער שורש פונעם היינטיקן „ביקור חולים" און פון זיינע סאָציאַל־מעדיצינישע אויפגאַבן.

צווישן די גרינדער און די ערשטע עסקנים פון דער אינסטיטוציע געפינען זיך אַזעלכע נעמען ווי אביש שוסטער, פּ. וואָרטמאַן, סאַלי באַראַק, אַלעקסאַנדער גערשטיין, י. ש. ליאַ־כאָוויצקי.

פון 1914 אָן האָט דער „ביקור חולים", וואָס זיינע אויפגאַבן זיינען געווען צו געבן מע־דיצינישע הילף אין אירע קאָנסולטאָריעס און באַזוכן דעם קראַנקן אין זיין היים, אָנגעהויבן גיין פאָראויס מיט ריזיקע שריט. דאָס זיינען געווען יאָרן פון אַן אַלץ וואַקסנדיקן אימיגראַציע־שטראָם, וואָס האָט געבראַכט צו די אַרגענטינער ברעגעס אַן אָרעמע איינוואַנדערער־מאַסע וועלכע האָט געמוזט אָנקומען צום דעמאָלטדיקן איינציקן ייִדישן הייל־אַנשטאַלט אין פאַל פון קראַנקייט.

עס איז כדאי צו באַמערקן אַז אין די יאָרן צווישן 1901 און 1929 האָט דער ביקור חולים געהאָלפן זיינע מיטגלידער און סתם דער ייִדישער אָרעמשאַפט, נישט נאָר מיט מעדיצינישער הילף, נייערט אויך מיט מאַטעריעלער הילף און אַפילו מיט הילף צו דערפילן זייערע רעלי־גיעזע הצטרכותן.

די טעטיקייט פון דער אינסטיטוציע איז כסדר געוואַקסן און אין יאָר 1934 זיינען שוין דורך „ביקור חולים" טאָג־טעגלעך באַהאַנדלט געוואָרן צווישן 90 און 120 חולאים.

דער „ביקור חולים" געפינט זיך איצט אין זיין רחבותדיקן אייגענעם בנין אויף דער גאַס קאַנגאַלזשאָ 3460, ווו עס ווערט געגעבן הילף דעם מיטגליד און דעם אומבאַמיטלטן נישט־מיטגליד, אויף אַלע געביטן פון דער מעדיצין.

נישט געקוקט דערויף וואָס דער „ביקור חולים" איז אַן אָרגאַניזאַציע פון מוטואַליסטישן כאַראַקטער, טיילט זיך אויס זיין אַרבעט דערמיט וואָס ער גיט זיין מעדיצינישע הילף נישט נאָר צו מיטגלידער.

די אויפנעם־שעהן אין די מעדיצינישע קאָנסולטאָריעס — אין דער פרי און פאַרנאַכט — זיינען איינגעשטעלט געוואָרן אויף אַזאַ אופן אַז זיי פאַלן נישט צוזאַמען מיט דער נאָרמאַלער אַרבעטס־צייט פון די פאַציענטן, זיי ווערן דעריבער נישט אָן קיין שכירות, וואָס דאָס וואָלט זיך געלייגט שווער אויפן מצב פון די מענטשן וואָס דאַרפן אָנקומען צו דער אינסטיטוציע. אויך דער פאַמיליען־פרוי, דער מוטער פון קינדער, זיינען זייער באַקוועם די שעהן אין וועלכע עס זיינען איינגעשטעלט די „ביקור חולים"־באַדינונגען.

דער אַנשטאַלט, וואָס האָט זיך לעצטנס איינגעשאַפן די מאָדערנסטע מעדיצין־אַפּאַראַטן, ווי אַן עקיפּ פאַר איקס־שטראַלן, אַן אַפּאַראַט פאַר טיפער און אויבערפלעכלעכער ראַדיאָטע־ראַפּיע — לייסטעט פאָלגנדיקע מעדיצין־באַדינונגען: מעדיצינישע קליניק, כירורגיע, האַרץ־קראַנקייטן, אָרטאָפּעדיע און טראַומאַטאָלאָגיע, הויט־קראַנקייטן, קינדער־קראַנקייטן, גינעקאָ־לאָגיע, נאַז־אויערן־האַלדז־קראַנקייטן, דענטיסטיק, איקס־שטראַלן־קאַבינעט, אויבערפלעכלע־כע און טיפע ראַדיאָטעראַפּיע, ביאָ־כעמישע לאַבאָראַטאָריע און אַפּטייק. עס זיינען באַשעפ־טיקט 22 דאָקטוירים.

די הוצאות האָבן אין יאָר 1961 דערגרייכט צו 2.425.006 פעזעס און די הכנסות צו 2.633.403.62 פעזעס. דער סופּעראַוויט דאַרף נישט צוגעשריבן ווערן די נאָרמאַלע איינקונפטן — פאַר מיטגלידס־אָפּצאָלונגען איז בלויז אַריינגעקומען 706.177 פעזעס — נייערט דער טעטיקייט, מי און זאָרג פון דער פאַרוואַלטונג וואָס האָט געשאַפן דורך פאַרשיידענע וועגן — דורך ביישטייערונגען און אונטערנעמונגען — די איבעריקע טייל.

## ייִדישע ליגע קעגן טובערקולאָז

צוזאַמען מיטן ייִדישן שפּיטאָל און דעם „ביקור חולים" בילדעט די ייִדיש־אָרגענטינער ליגע קעגן טובערקולאָז דעם דריי־עק פון די גרויסע געזונט־שוץ אינסטיטוציעס פונעם ישוב.

געגרינדעט אין יאָר 1916, האָט דער דאָזיקער אַנשטאַלט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל לטובת דער ייִדישער אָרעמשאַפט פון בוענאָס איירעס און פונעם גאַנצן לאַנד, צווישן וועלכער די טובערקולאָז־מחלה האָט געפונען אירע קרבנות, ספּעציעל אין די ענגע היימען פון דער אָרעמער ייִדישער אימיגראַנטן־מאַסע.

פון דעמאָלט ביז היינט האָט די מעדיצין־וויסנשאַפט געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן פּאָר־שריט, אַזוי אַז היינט צו טאָג איז לייכט געוואָרן צו באַקעמפן די אַמאָל שרעקלעכע קראַנקייט. עס איז אָבער טעותדיק צו מיינען אַז טובערקולאָז איז שוין אַן ענין וואָס געהערט צו דער פאַרגאַנגענהייט. די סכנה פון דער געפערלעכער קראַנקייט איז נאָך נישט פאַרשוווּנדן. זי קומט נאָך אַלץ אַריין דאָרט וווּ עס פעלט זון און דאָרט וווּ עס פעלט אַ געזונטע פלעגונג פאַרן גוף, און טובערקולאָז נעמט נאָך אָפּ, הגם אין אַ סך אַ קלענערער מאָס, זיין טראַגישן שטייער פון מענטשלעכע לעבנס יאָר־איין יאָר־אויס.

באַקעמפן די קראַנקייט קען מען נאָר דורך פאַרהיטונג־מיטלען, דורך פּראָפילאַקטישער דערציִונג און דורך אַ קוראַציע וואָס זאָל קומען באַצייטנס. אַנדערש לויערט אַלץ די טויט־דראָונג פון שווינדזוכט.

געשאַפן די אינסטיטוציע — אין יאָר 1916 — האָבן פּאָלקס־מענטשן. די ערשטע עסקנים פון דער ליגע האָבן פאַרשטאַנען אַז נישט נאָר איז נייטיק בייהילפיק צו זיין די ייִדישע טו־בערקולאָז־חולאים אין די שפּיטאָלן, נייערט ס'איז אויך נייטיק אויפצוזוכן דעם קראַנקן אוי־סער דעם ייִדישן שפּיטאָל און אים שטיצן מיט אַלדאָס נייטיקע פאַר זיין געזונטער באַשפּיי־זונג. אָט דער דאָזיקער סאָלידאַריטעט־געפיל איז געקומען צום אויסדרוק מיטן ברענגען דעם אויפגעזוכטן חולה ברויט, מילך, פּוטער, צוקער און אַנדערע שפּייזן וואָס ער האָט אין זיין אָרעמקייט נישט געקענט זיך פאַרשאַפן.

די פראַגע פון אַ סאַנאַטאָריע פאַר ייִדישע שווינדזיכטיקע איז אַרויפגעקומען שפּעטער, און אין פינף יאָר אַרום נאָך דער גרינדונג, אויף דער מיטגלידער־פאַרזאַמלונג פונעם 5טן מערץ 1921, רעדט מען שוין וועגן דער שאַפונג פון אַ פאַרם־סאַנאַטאָריע, אויף באָדן פון דער „איקא".

זינט 1925 פונקציאָנירט דער דיספּענסאַר פון דער ליגע אין בוענאָס־איירעס. שפּעטער איז ער אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער אייגענער געביידע.

אין יאָרן אַרום איז געשאַפן געוואָרן די סאַנאַטאָריע „באַראָן הירש" אין אונקיזשאָ, קאָר־דאָבער בערג, וועלכע איז מיט עטלעכע יאָרן צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער זומער־קאָלאָניע „קינדער־וועלט", וווּ ייִדישע קינדער אָטעמען איין געזונט אין אַ פּרעכטיקער נאַטור־סביבה במשך די זומער־חדשים. זיי ווערן געשטאַרקט פיזיש, צו דער זעלבער צייט ווערט דורך אַ צוגעפּאַסטער דערציִונג, אין זיי געשטאַרקט זייער ייִדישער באַוווּסטזיין.

די חולאים וואָס פאַר זיי איז נייטיק געווען אויפצוהאַלטן די סאַנאַטאָריע אין אונקיזשאָ זיינען געהיילט — אַזוי האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר מער לויטבאַר — אין פאַרשיידענע סאַנאַ־טאָריעס פון די קאָרדאָבער בערג, וווּ די לופט אַליין איז אַ גוטע רפואה, פאַר די קראַנקע וואָס זיינען אָנגעגריפן פונעם קאָך־באַציל.

די פאַרצווייגטע סאָציאַל־מעדיצינישע טעטיקייט פונעם דיספּענסאַר פון דער ייִדישער ליגע קעגן טובערקולאָז אין בוענאָס־איירעס, ווערט דערגענצט מיט אַ וויכטיקער ראַדיאָלאָגישער באַדינונג, אַ דאַנק וועלכער עס ווערן פאַרהיט פון לונגען און אָטעמונג־קראַנקייטן אַ גרויסע צאָל שול־קינדער.

דער ביודזשעט פון דער ייִדישער ליגע קעגן טובערקולאָז וועלכער האָט אין יאָר 1956

געגרייכט צו 2.866.971 פעזאָס איז געשטיגן אין פינף יאָר אַרום, דאָס הייסט אין 1961, צו 7.360.023.28 פעזאָס. אין זעלביקן צייט־אָפשניט זיינען די הכנסות געוואַקסן פון 2.936.629.31 פעזאָס צו 7.326.114.12 פעזאָס.

## הכנסת אורחים

דער „הכנסת אורחים" — געגרינדעט אין יאָר 1922 — האָט אויסגעפילט און פילט נאָך אויס עד־היום אַ וויכטיקע סאָציאַלע פונקציע אין ייִדישן בוענאָס־איירעס. אין די יאָרן פון דער מאַסן־אימיגראַציע, האָבן טויזנטער ייִדן וואָס זיינען היינט גבירים און שטיצן די אינסטיטוציע, גלייך ביים באַטרעטן דעם אַרגענטינער באָדן געשטילט זייער הונגער אינעם הכנסת־אורחים.



הכנסת אורחים — אַ סדר פאַרן עולם.

דער אימיגראַנטן־שטראָם האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָבער די אָרעמשאַפט אין בוענאָס־איירעס איז פאַרבליבן. דער דאָזיקער ברייטער אָרעמקייט־מאַסע — צווישן זיי אינוואַלידן, מענטשן אין טיפן עלטער און אַזעלכע וואָס קענען אַליין זיך נישט העלפן — העלפט דער הכנסת־אורחים ביזן היינטיקן טאָג.

די אַמאָל באַשיידענע אינסטיטוציע פונקציאָנירט היינט צו טאָג אין אַ געראַומען אייגענעם בניז, וווּ טאָג־טעגלעך ווערן באַדינט מיט אַן אומזיסטיקן מיטאָג און אָוונט־ברויט, העכער הונדערט נויטבאַדערפטיקע.

חוץ לזה זיינען פאַראַן אָפּטיילונגען פאַר סטודענטן און אָנגעשטעלטע וועלכע באַקומען זייער באַשפּייזונג אויף זייער ביליקע פרייזן. די אינסטיטוציע באַזאָרגט אויך די נויטבאַדערפטיקע מיט מלבושים און וועש הונדערטער מענטשן.

צווישן די וויכטיקע אויפטוען פונעם הכנסת אורחים במשך די פאַרגאַנגענע פינף יאָר דאַרף מען דערמאָנען דאָס וואָס די אינסטיטוציע האָט געשאַפן אין ישראל, אַ סאַלע פאַר שנעלער מע־דיצין־הילף און האָט מנדב געווען אַן אַמבולאַנס פאַרן מגן דוד אדום.

## בית יתומות

דער וווילטעטיקייט־פאַראיין פון ייִדישע פרויען איז איינע פון די עלטסטע אָרגאַניזאַ־ציעס אינעם ישוב. געבראַכט די איניציאַטיוו צו איר גרינדונג האָט דער דעמאָלטדיקער גרויס־ראַבינער ד״ר שמואל חלפון.



די פראָנט־געביידע פון ייִדישן קינדערהיים.

דער דערמאָנטער פאַראיין האָט געגרינדעט אין נאָוועמבער 1919, דעם בית־יתומות, וועלכער האָט אַריינגענומען אין יאָר 1921 — 30 מילחמה־יתומות וואָס זיינען אין יענעם יאָר געבראַכט געוואָרן פון אוקראַינע.

טויזנטער היימלאָזע ייִדישע קינדער האָט זינט דעמאָלט געשיצט און דערצויגן דער אַנ־שטאַלט וואָס האָט די לעצטע יאָרן, אין זיין גרויסן בנין אויף דער גאַס אַרעוואַלאָ 2040 אויך־

געשאַפן אַ יידישע היים פאַר סטודענטינס וואָס קומען פון דער פּראָווינץ, במשך די לימוד־חדשים.

לעצטן יאָר האָט אינסטיטוציע זיך אַריבערגעצויגן אין איר נייער היים אויף דער גאַס וויזשאַנועוואַ 1361, ווו עס זיינען אינטערנירט יתומות און היימלאָזע יידישע קינדער.

## קינדער־היים

די פריער־אויסגערעכנטע אַנשטאַלטן פאַרנעמען זיך מיט די סאָציאַלע נויטן פון ישוב אויף פאַרשיידענע געביטן.

עס איז אָבער פאַראַן נאָך אַ ווויליטעטיקע אינסטיטוציע וואָס טוט סאָציאַלע אַרבעט אויף אַ גאָר וויכטיקן געביט. זי זאָרגט פאַר דער פרוי וואָס איז געצוווּנגען צו אַרבעטן, צו מפרנס זיין איר משפחה. פאַר דער דאָזיקער פרוי שטעלט זיך אַוועק די פּראָבלעם פון דער דערציִונג פון אירע קינדער וועלכע דאַרפן פאַרבלייבן אַ גאַנצן טאָג אין דער היים, אָן דער געהעריקער השגחה, מיט אַלע סכנות, מאָראַלישע און פיזישע וואָס דאָס שטעלט מיט זיך פאָר.

די יידיש־אַרגענטינער קינדער־היים וואָס האַלט אויס, באַשפּייזט און דערציט קינדער במשך דעם טאָג — איז צו דער זעלבער צייט אַ שולע און אַ קינדער־גאָרטן. דאָרט געפינען אַ היים די קינדער פון עלטערן, טאַטעס און מאַמעס — צומאָל מאַמעס אַליין — וואָס זיינען געצוווּנגען מחמת זייער באַשעפטיקונג טאָג־טעגלעך פון אין דער פרי ביז אין אָוונט אַוועקצוגיין פון שטוב.

די יידיש־אַרגענטינער קינדער־היים האָט איר היים אויף דער גאַס מאָנטע 2150. זי פאַרמאָגט אַן אייגענעם אָמניבוס וואָס ברענגט אין דער פרי די קינדער און פירט זיי צוריק אין אָוונט אַהיים צו זייערע עלטערן.

פאַר העכער הונדערט קינדער יעדעס יאָר באַדייט די דאָזיקע אינסטיטוציע אַן אמתע רעטונג.

די יידיש־אַרגענטינער קינדער־היים ווערט אין די וואַקאַציע־חדשים פאַרוואַנדלט אין אַ זומער־קאָלאָניע פאַר הונדערטער קינדער אין אירע גאָרטנס און געראַמע געביידעס.



# די גרויסע יידישע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע לויטן מאַסשטאַב פון די ציפערן

## זייער וווּקס במשך די לעצטע פינף יאָר

| אַ נ ש ט אַ ל ט | צאָל מיטגלידער צום 31סטן דעצעמבער 1956 | צאָל מיטגלידער צום 31סטן דעצעמבער 1961 | הכנסות פון מיטגלידער צום 31סטן דעצעמבער 1956 | הכנסות פון מיטגלידער צום 31סטן דעצעמבער 1961 | אַלגעמיינע הכנסות צום 31סטן דעצעמבער 1956 | אַלגעמיינע הכנסות צום 31סטן דעצעמבער 1961 | ה ו צ א ו ת צום 31סטן דעצעמבער 1956 | ה ו צ א ו ת צום 31סטן דעצעמבער 1961 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| יידישער שפּיטאָל „עזרה" — — — | 22.323 | 23.492 | 1.840.086 | 8.150.160 | 9.831.775 | 55.062.694 | 9.825.984 | 55.143.055 |
| מושב זקנים ובית ילדים — — — | 23.949 | 28.753 | 2.169.823 | 7.398.603 | 5.835.789 | 23.380.985 | 5.710.040 | 22.686.938 |
| יידישע ליגע קעגן טובערקולאָז — | 35.422 | 39.812 | 1.975.441 | 3.211.357 | 2.936.629 | 7.326.114 | 2.866.971 | 7.360.023 |
| הכנסת אורחים — — — — — — | 8.016 | 9.234 | 532.434 | 711.102 | 890.241 | 2.825.500 | 872.743 | 2.812.390 |
| ביקור חולים — — — — — — | 3.819 | 4.423 | 288.717 | 706.177 | 858.556 | 2.633.403 | 771.543 | 2.425.006 |
| בית יתומות — — — — — — | 2.072 | 2.426 | 436.551 | 793.161 | 879.993 | 2.092.314 | 913.994 | 2.016.124 |
| קינדער־היים — — — — — — | 1.725 | 2.246 | 110.273 | 270.785 | 413.943 | 1.888.532 | 437.638 | 1.896.216 |

אברהם גאָבים

# דער איצטיקער צושטאַנד פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע

מיר שרייבן אונדזער איבערזיכט אין אַ מאָמענט ווען אַרגענטינע לעבט איבער איינעם פון די שווערסטע קריזיסן וואָס דאָס לאַנד האָט ווען אַדורכגעמאַכט; ווען די אַגריקולטור און פי־צוכט פּראָדוקציע גייט פון יאָר צו יאָר באַרג־אַראָפּ און ווען אין דער אַלגעמיינער קאָלאָניזאַציע גייט אָן אַ פאַרקלענערונג און אַן אַנטמוטיקונג איבער פאַקטאָרן וואָס אונדז וועט ווייטער אויסקומען צו דערמאָנען און אויסרעכענען.

מיר האָבן האַיאָר אַן ערנסטע דויערנדיקע טריקעניש אין דער דרום־מזרח טייל פון פּראָווינץ בוענאָס־איירעס און אין אַ היפּשן טייל פון דער פּראָווינץ לאַ־פּאַמפּאַ, אין וועלכער עס געפינען זיך אונדזערע קאָלאָניעס באַראָן־הירש, לאַפּין און נאַרסיס לעווען. די קאָנסעקווענצן פון אָט דער טריקעניש זיינען: דאָס פאַרלירן דריי „קאָסעטשעס", דאָס בלייבן אָן פּאַשע פאַר די בהמות, דאָס פאַרבאָרגן זיך אין די בענק, מחמת דער נייטיקייט צו קויפן פּאַשע און מחמת דער נייטיקייט פון אַריבערפירן די בהמות, אָדער אַ טייל פון זיי אין אַנדערע געגנטן ווו עס איז יאָ פאַראַן פּאַשע. צו דעם קומט צו דאָס דאַרפן צאָלן גאָר הויכע אַרענדע־פּרייזן פאַר פּאַשע־פעלדער; די היפּשע פאַרלוסטן דורכן פאַלן פון די בהמות, אַזוי אַז די קאָלאָניסטן זיינען פּשוט געבליבן אָן מיטלען נישט נאָר צו צאָלן די קוואָטעס פון די חובות, וואָס זיינען אָנגעוואָקסן — נאָר אַפילו די פּראָצענטער זיינען נישטאָ פון וואָנען צו צאָלן.

די טריקעניש ווערט שוין היינט צו טאָג פאַררעכנט אַלס נאַציאָנאַלע פּלאָג, וועלכער די אָנגעזעענסטע פּרעסע פון לאַנד ווידמעט די ערשטע זייטן און די רעגירונג פון לאַנד מוז העלפן מיט דרינגלעכער הילף. די עקאָנאָמישע לאַגע אין דער דערמאָנטער געגנט איז פּשוט אַ פאַר־צווייפלטע מחמת דעם קאָלאָניסט איז נישט מעגלעך נאָכצוקומען די עלעמענטאַרע התחייבותן. דער שאָדן אין ווייץ, האָבער און קאָרן ווערט אין דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס געשאַצט אין 900.000 (ניין הונדערט טויזנט טאָן), וואָס באַטרעפן 4.479.200.000 (פיר טויזנט פיר הונדערט ניין און זיבעציק מיליאָן צוויי הונדערט טויזנט) פּעזעס. אין פּראָווינץ לאַ־פּאַמפּאַ ווערט גע־שאַצט דער שאָדן אין 400.000 (פיר הונדערט טויזנט טאָן), אין באַטרעף פון 3.097.500.000 (דריי טויזנט זיבן און ניינציק מיליאָן פינף הונדערט טויזנט) פּעזעס. דער פאַרלוסט אין בהמות אין די דערמאָנטע צוויי פּראָווינצן צוגערעכנט אויך די פון ריאָ־נעגראָ — באַשטייט פון 1.164.700 (אַ מיליאָן הונדערט פיר און זעכציק טויזנט זיבן הונדערט) קעפּ רינדער, 5.066.000 (פינף מיליאָן זעקס און זעכציק טויזנט) קעפּ שאָף, 19.823 (ניינצן טויזנט אַכט הונדערט דריי און צוואַנציק) טאָן ווייץ וואָס באַטרעפן אויך 8.525.000.000 (אַכט טויזנט פינף הונדערט פינף און צוואַנציק מיליאָן) פּעזעס, וואָס גיט אַ סך־הכל פון 16.101.700.000 (זעכצן טויזנט הונדערט איין מיליאָן זיבן הונדערט טויזנט) פּעזעס — פאַרלוסט.

אין אַזאַ מאָמענט גייען מיר צו מאַכן אַ בליץ־איבערבליק איבערן איצטיקן מצב פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע דאָ אין לאַנד, וועלכער וועט זיין געבויט אויף דער באַזע פון פּערזענ־לעכער לאַנג־יאָריקער דערפאַרונג, אויף דעם פּערמאַנענטן קאָנטאַקט וואָס מיר האַלטן אָן מיט

אונדזערע קאָלאָניעס און קאָאָפּעראַטיוועס, אויף די שמועסן מיט חברים וואָס שטייען נאָענט ביי דער פּירערשאַפט פון אונדזערע קאָאָפּעראַטיוועס, אויף דאַטן און ציפערן פון אייגענעם אַרכיוו און ספּעציעל אויף סטאַטיסטישע דאַטן פון דער היגער יק״אַ־דירעקציע, וועלכע איז די איינ־ציקע וואָס זאַמלט אָט־די דאַטן.

אונדזער פליכט איז פעסטצושטעלן, אַז:

איבער דעם איצטיקן מאַנגל פון פּערזענלעכן, טאָג־טעגלעכן, דירעקטן קאָנטאַקט מיט אונדזערע קאָלאָניעס און קאָלאָניסטן אויפן פּלאַץ — ווי מיט אַכט יאָר צוריק — איז היפּש אי־בערגעריסן געוואָרן דער פאָדעם פון פּינקטלעכער סטאַטיסטיק וועלכע מיר האָבן געזאַמלט ביז דעמאָלט.

מיר וועלן זיך אָבער אָנשטרענגען צו זיין וואָס נענטער צו דערווירקלעכקייט בנוגע דאַטן און ציפערן — אום אָנצוהאַלטן דעם צוטרוי וואָס איז אונדז געשאָנקען געוואָרן אין פאַרלויף פון צענדלינגער יאָרן.

אין דעם שמועס וואָס דער מיטאַרבעטער פון „די אידישע צייטונג״, ה׳ יוסף האָרן, האָט געהאַט מיטן פּרעזידענט פון צענטראַל־ראַט פון דער „יק״אַ״ בעת זיין צווייטן באַזוך דאָ אין לאַנד דעם חודש סעפּטעמבער 1962, אויך בעת די באַזוכן וואָס דער זעלבער פּרעזידענט פון דער „יק״אַ״, ה׳ אביגדור גאָלדשמיד, האָט געמאַכט אין אַלע אונדזערע היגע קאָלאָניעס, האָט ער ספּעציעל אונטערגעשטראָכן זיין גרויסע צופרידנקייט מיט דעם טעכנישן פאָרשריט וואָס ער האָט באַמערקט, דעם צופרידנשטעלנדיקן לעבנס־סטאַנדאַרט וואָס ער האָט געטראָפן, די עקאָנאָמישע בעסערונג, די ווערטפולע עוואָלוציע וואָס די קאָאָפּעראַטיוועס מאַכן דורך, דער אויפשטייג פון דער פּראָדוקציע פון דער אַגריקולטור און פי־צוכט, אאַז״וו.

די צאָל פון ייִדישע היגע קאָלאָניסטן, האָט ה׳ גאָלדשמיד, ביי די געלעגנהייטן געהאַט אָנ־געגעבן אין צוויי טויזנט.

די עקאָנאָמיק פון די קאָלאָניעס האָט ער געפונען און פאַררעכנט אַלס אַ פעסטע, וואָס דערמעגלעכט צו באַוואָרענען די צוקונפט מיט אייגענע מיטלען און אַלזייטיקע מעגלעכקייטן.

געוויס פאַרדינט די מיינונג פונעם פּרעזידענט פון דער יק״אַ גענומען צו ווערן אין אַכט — מיר וועלן אָבער זען אין די וייטערדיקע שורות אין וועלכע פּונקטן זיינען מיר איינשטימיק און אין וועלכע מיר צעגייען זיך.

## דער באַגריף פון אייגענער און ״געדונגענער אַרבעט ביי אונדזער היגער קאָלאָניזאַציע

דער וואָגיקסטער אַרגומענט פאַרוואָס אונדזער אַרגענטינער ייִדישע קאָלאָניזאַציע ווערט פון געוויסע פּערזאָנען געמאַכט צו נישט, איז צוליב דער געדונגענער אַרבעט אויף דער נחלה.

מענטשן האָבן זיך געשאַפן אַ באַגריף אַז קאָלאָניזאַציע איז דאָס באַאַרבעטן אַליין דעם באָדן, ווי אויך טון אַליין פאַרשיידענע פאַרצווייגטע אַרבעטן וועלכע עס נעמט אַרום די ווירט־שאַפט פון קאָלאָניסט.

עס ווערט דערביי געמאַכט דער פאַרגלייך מיט דער אַמאָליקער ערד־אַרבעט אין דער אַלטער היים, וווּ דער פּויער האָט באַאַרבעט אַ האַלבן דעסאַטין ערד, אַ מאָל אויך אַ גאַנצן, כמעט מיט די נעגל, זי געקראַצט און אַרויסגעצויגן פון איר דאָס ביסל אָרעמע פּראָדוקציע וואָס האָט קוים געסטייעט פאַרן אויפהאַלט פון דעם גוף — ווייל ווען ער האָט פון זיין פּראָ־דוקציע אַראָפּגענומען אַ ביסל אויף אויסצובייטן אויף אַנדערע אומבאַדינגט נייטיקע זאַכן פאַר דער שטוב, איז אים שוין נישט געבליבן גענוג פאַר זיך און ער האָט גאַנץ אָפט געמוזט אונ־טערהונגערן.

אַנדערע מאַכן דעם פאַרגלייך מיט ישראל און אַנדערע אַזעלכע לענדער, וווּ דער פּויער

באַקומט אַנדערהאַלבן, צוויי און העכסטנס דריי העקטאַר לאַנד צום באַאַרבעטן און ער טוט עס אַליין, אָדער מיט פאַמיליען־מיטגלידער — פאַרגעסנדיק דערביי אַז דער היגער פויער באַקומט הונדערט און מערער העקטאַרן לאַנד און ביי זיין בעסטן ווילן אַפילו, איז ער פשוט נישט בכח אַליין צו באַאַרבעטן זיי אָן דער הילף פון געדונגענער אַרבעט.

די ערשטע דריי צענדלינג יאָר, ווען די נחלות אין אונדזערע קאָלאָניעס זיינען נאָך געווען קליינע, אַממערסטנס פון 50, 75 און הונדערט העקטאַר לאַנד, איז די ווירטשאַפט געווען אַן אינטענסיווערע. די נויט און באַדערפענישן — גרויסע און שטאַרקע. אין שטאָט אַריינלויפן האָט געפעלט די שפּראַך, אַרבעט און באַשעפטיקונג איז געווען שווער צו באַקומען, איז די טשאַקרע אַממייסטנס באַאַרבעט געוואָרן דורך דער אייגענער פאַמיליע פון קאָלאָניסט; עס האָט געאַר־בעט דער טאַטע, די מאַמע, די זין און אַפילו די מיידלעך און די קליינע קינדער, און נאָר אין אויסנאַם־פאַלן, שניט־צייט, ביים נישט האָבן קיין אייגענע דרעש־ אָדער שנייד־מאַשין, איז מען אָנגעקומען צו פרעמדער אַרבעט, און זעלטענער איז דאַן געווען צו טרעפן דעם פעאָן אין דער נחלה.

שפּעטער איז די נחלה פאַרגרעסערט געוואָרן. דער רוב קאָלאָניסטן האָבן באַקומען ביז צו 150 העקטאַר לאַנד.

די ווירטשאַפט האָט זיך גענומען באַגרענעצן אויף דער גרויס־פּראָדוקציע פון „קאָסע־טשע" אויף דער האַדעוואַניע פון פּי. קאָלאָניסטישע זין האָט די ייִקאַ כמעט ווי נישט קאָ־לאָניזירט, האָט די יוגנט גענומען לויפן אין דער גרויסער שטאָט אַריין.

די לעצטע צוויי צענדלינג יאָרן איז די שטאָטישע אַזוי־גערופענע, אינדוסטריאַליזאַציע געוואקסן. די פּראָספּעריטי האָט זיך פאַרשפּרייט אויף פיל געביטן, האָט די שטאָט גענומען מער לאָקן דעם מענטשן פון דער קאָלאָניע, מערסטנס דער יוגנט, נאַטירלעך, און זי האָט זיי טאַקע געגעבן די מעגלעכקייטן זיך צו דערשלאָגן צו אַן אַרבעט, צו אַ שטעלע אין אַ גע־שעפט, צו אַנדערע באַשעפטיקונגען און דערביי נישט נאָר צו געפינען פּרנסה, נאָר אַפילו גאַנץ אָפט צו דערגרייכן אַ קאַפּיטאַל און דערנאָך אַרויסרופן צו זיך אַנדערע פאַמיליע־מיטגלידער און דערנאָך די עלטערן.

די קאָלאָניע האָט זיך גענומען אַריבערציִען אין נאָנטן שטעטל, איינער האָט געצויגן דעם צווייטן, און דאָס פּלאַץ פון קאָלאָניסט אין דאָרף האָט פאַרנומען דער „פּעאָן", און מער פון אַלעמען — די מאַשין.

די היגע קאָלאָניזאַציע איז נישט געבויט אויף קראַצן די ערד מיט די נעגל, אויף פאַר־גיסן שוויס און בלוט פאַר אַ שטיקל טרוקן ברויט — זי איז געבויט אויף צו ציִען פון איר די פּראָדוקציע דורך וואָס אַ גרעסערער און בעסערער טעכניק. דורך וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן פון עקספּלאָטאַציע, דורך באַקומען פון איר אַן אָנשטענדיק לעבן דורך אייגענער אַרבעט, איי־גענער פאַרוואַלטונג — מעג זי אָנגערופן ווערן אונטערנעמונג אויב זי איז נאָר אַן אַגראָפּע־קואַרע איז זי געווונטשן פאַרן לאַנד און אַ ברכה פאַר דער וועלט.

אַרגענטינער ייִדישע קאָלאָניזאַציע, אַלץ עקסטענסיווע ווירטשאַפט האָט כמעט קיינמאָל נישט געקענט באַאַרבעט ווערן אין גאַנצן מיט אייגענער אַרבעט. ווי מיר וועלן ווייטער זען האָט דער היגער ייִדישער קאָלאָניסט באַקומען פון דער ייִקאַ אַ שטח לאַנד צוליב וועלכן ער האָט געמוזט אָנקומען צו געדונגענער אַרבעט.

היינט צו טאָג איז דער שטח אַ גרעסערער, דער קאָלאָניסט וווינט אין נאָנטן שטעטל אָדער גאָר אין דער גרויסער שטאָט און די געדונגענע אַרבעט איז דערביי אומבאַדינגט.

## וויפל ייִדישע קאָלאָניסטן זיינען איצט פאַראַן אין אַרגענטינע ?

היינט צו טאָג זיינען דאָ אין לאַנד פאַראַן 1.686 ייִדישע קאָלאָניסטן וואָס האָבן באַקומען זייערע נחלות פון דער ייִקאַ און 237 ייִדישע קאָלאָניסטן וואָס האָבן זיי באַקומען דורך איי־

גענוג מיטלען, ד״ה אַ סך הכל פון 1923 יידן וואָס גיבן זיך אָפּ מיט קאָלאָניזאַציע, דירעקט און אומדירעקט.

פון די 1.686 ייקאַ־קאָלאָניסטן וווינען נאָך היינט צו טאָג 782 אויף זייערע נחלות און 904 אין די נאָענטע שטעטלעך און ווייטער פון זיי.

די נישט ייקאַ־קאָלאָניסטן וווינען אויסער זייערע נחלות אין אַ גרעסערער פּראָפּאָרץ ווי די ייק״א־ קאָלאָניסטן.

דאָס וווינאָרט פון די ייקאַ־קאָלאָניסטן לויט דער קאָלאָניע איז ווי פאָלגט:

אין אביגדור וווינען אויף זייערע נחלות 36 קאָלאָניסטן און 10 אין נאָענטן שטעטל און אויסער איר.

אין באַראָן־הירש און אין לאַפּין (ריווערא) וווינען אויף זייערע נחלות 212 קאָלאָניסטן און 69 אין די נאָענטע שטעטלעך און ווייטער פון זיי.

אין קלאַראַ וווינען אויף זייערע נחלות 207 קאָלאָניסטן און 186 אין די נאָנטע שטעטלעך און ווייטער פון זיי.

אין כהן־אונגרע וווינען אויף זייערע נחלות 41 קאָלאָניסטן און 30 אין די נאָענטע שטעט־לעך און ווייטער פון זיי.

אין דאָראַ וווינען אויף זייערע נחלות 4 קאָלאָניסטן און 6 אין די נאָנטע שטעטלעך און ווייטער פון זיי.

אין לוסיענוויל וווינען אויף זייערע נחלות 60 קאָלאָניסטן און 66 אין די נאָענטע שטעט און שטעטלעך.

אין מאַוריציאָ וווינען אויף זייערע נחלות 28 קאָלאָניסטן און 37 אין די שטעטלעך און ווייטער פון זיי.

אין מאָזעסוויל וווינען אויף זייערע נחלות 69 קאָלאָניסטן און 274 אין די נאָענטע שטעט־לעך און אויסער זיי.

אין מאָנטעפיאָרע וווינען אויף זייערע נחלות 29 קאָלאָניסטן און 48 אין סערעס און אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

אין נאַרסיס לעווען וווינען אויף זייערע נחלות 32 קאָלאָניסטן און 72 אין נאָנטן שטעטל און ווייטער פון זיי.

אין ריאָ נעגראָ וווינען אויף זייערע נחלות 2 קאָלאָניסטן.

און אין סאַנטאַ איזאַבעל וווינען אויף זייערע נחלות 62 קאָלאָניסטן און 106 אין נאָנטן שטעטל און אין אַנדערע שטעט.

## פאַרגלייך צווישן יידישע אַרגענטינער קאָלאָניסטן מיט דער אַרגענטינער יידישער באַפעלקערונג

אין דער אַרגענטינער אַגריקולטור און פי־צוכט זיינען פאַראַן: 172.234 אייגנטימערס פון נחלות, 156.633 אַרענדאַטאָרס און 139.813 אַזעלכע וואָס באַאַרבעטן די נחלות אויף דער קאָנדיציע פון באַקומען אַ געוויסן פּראָצענט פון דער פּראָדוקציע, ד״ה אַ סך־הכל פון 468.680 אַגראַר און פי־צוכט פּראָדוצירער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר 1.874.730 נפשות און אַ פּראָ־צענט פון די 21.000.000 איינוווינערס, וואָס באַשטייט פון 8,93%.

יידן ציילן מיר זיך דאָ אין לאַנד אין דער צאָל פון 450.000 נפשות. יידישע קאָלאָניסטן, ווי שוין דערמאָנט, 1923, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר 7.692 נפשות און 1,7% פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג.

אין ישראל גרייכט אונדזער קאָלאָניסטישע באַפעלקערונג צו צען פּראָצענט פון דער דאָרטיקער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און שטייגט עטוואָס איבער די אַרגענטינער פּראָפּאָרץ

פון קאָלאָניסטן. — מיר באַציִען זיך צו די אַלגעמיינע נאַטירלעך. די שלוסן וואָס מיר קענען ציִען פון דעם דאָ געבראַכטן, באַווייזן אונדז, אַז נישט קוקנדיק אויף דעם היסטאָריש־וועלט־באַרימטן אויפטו פון באַראָן דע הירש, מיט דער אַרגענטינער יידישער קאָלאָניזאַציע, שטייען מיר ווייט נאָך מיט אונדזער דערגרייכונג אין דעם זינען און אין פאַרגלייך מיט דער אַלגע־מיינער קאָלאָניזאַציע דאָ אין לאַנד.

אין די בליִענדיקסטע צייטן פון אונדזער יידישער קאָלאָניזאַציע דאָ אין לאַנד, האָבן מיר געהאַט געגרייכט צו דער צאָל פון 2.600 משפחות צווישן ייקאָ־קאָלאָניסטן און אַנדערע. היינט צו טאָג ציילן מיר 1923 אַזעלכע משפחות און דער פאַרלוסט באַשטייט פון 677 קאָלאָניסטן וואָס באַטרעפן 26% פון דעם וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט.

## וויפל ערד באַרבעטן היינט צו טאָג אַרגענטינער יידישע קאָלאָניסטן?

אין פאַרלויף פון די 73 יאָר פון דער ייקאָ־קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, האָט זי איינ־געקויפט 617.822 העקטאַר לאַנד, פון וועלכע זי האָט קאָלאָניזירט 484.410 העקטאַר. 105.890 העקטאַר לאַנד זיינען דורך איר פאַרקויפט געוואָרן פאַר פאַרשיידענע צוועקן, ווי שטעטלעך אאַז״וו און די רעשט איז רעזערוו און שלעכטער באָדן.

די אַנגעהעריקייט ווידער פון יעדער נחלה האָט דורכגעמאַכט אַ פּראָצעס פון טויש און איז נאַטירלעך ביי יעדער אַזאַ געלעגנהייט, געשטאַנען אין געפאַר פון פאַרפרעמדונג, ווייל אויב דער דורשט נאָך אַ שטיקל באָדן מערער איז ביים יידישן קאָלאָניסט געווען אַ גרויסער און אַן אידייִשער — איז עס געווען נאָך פיל מערער ביי נישט־יידן וואָס האָבן שטענדיק געבענקט און געווען גיריק נאָך אַ שטיקל באָדן.

איינע פון די הייליקסטע און נאָבלסטע מיסיעס איז דערפאַר ביי אונדזערע קאָאָפּעראַטי־ווען געווען אונטערצוקומען אין אַזעלכע פאַלן און מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, מאַטע־ריעלע ווי מאָראַלישע, אַז די נחלה וואָס שטייט אין פאַרקויף זאָל דינען צו דער פאַרגרעסערונג פון די נחלות פון די שכנים וואָס נייטיקן זיך אין איר.

זי זאָל דינען פאַר קאָלאָניזירן קאָלאָניסטישע זין און זאָל טאַקע אויך דערגענצן גאַנץ אָפט, די אומבאַדינגטע צאָל העקטאַרן פון דעם יעניקן קאָלאָניסט וואָס קען פשוט אָן דעם נישט קומען צו קיין געהעריקן איינקונפט. צו דער „סטאַנדאַרט טשאַקרע״, וואָס זאָל דער־מעגלעכן דעם נייטיקן פּראָגרעס.

עס איז צוליב דעם געגרינדעט געוואָרן דער „פאָמענטאָ אַגראַריאָ איזראַעליטאַ אַרכענ־טינאָ״, וואָס האָט געדאַרפט דינען — אפשר טאַקע היפש געדינט — מיט די אָרעמע מיטלען וואָס איז אים געגעבן געוואָרן, כדי צו ראַטעווען נחלות פון ליקווידירט ווערן, כדי צו דער־מעגלעכן אַז אַזעלכע נחלות זאָלן אַריינפאַלן אין געוואונטשענע הענט, ווי אויך כדי צו ראַטעווען גאַנץ אָפט דעם קאָלאָניסט אין אַ שווערן מאָמענט וואָס אים קומט, צום באַדויערן, אויס אַדורכ־צומאַכן, הן דורך נאַטור־פּלאָגן, הן דורכן פעלן פון די מיטלען.

אַ שאָד וואָס דער שטאַטישער מענטש האָט אַרויסגעוויזן צו דער אינסטיטוציע אַזוי פיל ביטול, אַזוי פיל שלעכטן ווילן און פעלן פון פאַרשטאַנד און אַזאַ קאַלטע באַציִונג.

און אויב עס איז יאָ פאַרפרעמדט געוואָרן יידישער באָדן צווישן 10 און 15 פּראָצענט, איז נאָנט פון דער צאָל איינגעקויפט געוואָרן פון אַנדערע קוועלן מצד יידן וואָס מיר פאַרעכענען צווישן די וואָס האָבן זיך קאָלאָניזירט דורך אייגענע מיטלען. דערפאַר ווערט גערעכנט אַז אין יידישן באַזיץ זיינען פאַראַן 471.000 העקטאַר לאַנד. נאָענט פון דער צאָל וואָס יידן האָבן פאַר־מאָגט אין דער בעסטער צייט פון אונדזער קאָלאָניזאַציע דאָ אין לאַנד.

## ווו געפינען זיך אונדזערע קאָלאָניעס דאָ אין לאַנד?

דער באַראָן הירש ז״ל איז געקומען, אָדער דערפירט געוואָרן, צום געדאַנק פון פראָ־דוקטיוויזירן יידישע מאַסן, נאָך דעם ווי ער האָט אַ סך יאָרן געלעבט אין אַ פרעמדער וועלט, ווייט פון יידן. ער האָט זיך צופעליק אָנגעטראָפן מיט יידישע מאַסן אין גרויסער נויט און אָרעמקייט וואָס האָבן געוואַנדערט איבער דער וועלט אום צו געפינען אַ טיר וואָס זאָל זיך פאַר זיי עפענען, אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ היים און אַ שטיקעלע פלאַץ ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

ווייל אין די לענדער ווו זיי האָבן יאָרהונדערטער געלעבט און געשאַפן, האָבן זיי קיין מענטשלעכע רעכט נישט געהאַט, זיינען צו קיין פרנסות נישט צוגעלאָזט געוואָרן און שטענ־דיק געווען אין שרעק אינגאַנצן פיזיש אומגעבראַכט צו ווערן.

דערפאַר איז דער פּלאַן פון דער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע פאַרטראַכט געוואָרן אויף אַן אופן, אַז ער זאָל נישט דערלאָזן צו קיין גרעסערער קאָנצענטראַציע פון יידישע מאַסן, — נאָר פון צעשפרייטקייט, וואָס זאָל פירן צו אויסמישונג מיט אַנדערע עטנישע גרופן, צו פריד־לעכן איבערגאַנג צו קאָסמאָפּאָליטיזם.

מעגלעך איז, אַז דער באַראָן־הירש און זיינע ראַטגעבער, האָבן געוואָלט אויסמיידן דעם: „למה יאמרו הגויים״ אויף אַ קאָנצענטראַציע פון יידן אין אַ געוויסן פונקט פון אַ ניי לאַנד.

דערפאַר זאָל דער באָדן אין אַרגענטינע האָבן געקויפט געוואָרן אין פינף פּראָווינצן אָדער גובערניעס, ווו טייל פון זיי האָבן זיך דאַן גערופן און אונדזערע קאָלאָניעס געפינען זיך אין:

פּראָווינץ בוענאָס־איירעס:

קאָלאָניע מאַוריסיאָ: — מאַוריסיאָ הירש.
באַראָן הירש און לאַפּין, ריוועראַ.
די ערשטע ציילט 65 קאָלאָניסטן, די צווייטע 217, און די דריטע 64.
די קאָלאָניע לאַפּין איז היינט צו טאָג די איינציקע קאָמפּאַקטע קאָלאָניע לויט דער צאָל קאָלאָניסטן, ווי אויך לויט דעם עקאָנאָמישן, סאָציאַלן, קולטורעלן און נאַציאָנאַל אייגענעם לעבן.

פּראָווינץ סאַנטאַ־פע:

קאָלאָניע מאָזעסוויל — מאָזעסוויל.
קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע, סערעס.
די ערשטע מיט 343 קאָלאָניסטן און די צווייטע מיט 77.

פּראָווינץ ענטרע־ריאָס:

קאָלאָניע קלאַראַ, דאָמינגעז, קלאַראַ און אַנדערע.
קאָלאָניע סאַן אַנטאָניאָ, לאַ קלאַריטאַ.
ביידע ציילן 393 קאָלאָניסטן.
קאָלאָניע לוסיענוויל, באַסאַווילבאַסאָ, ציילט 126 קאָלאָניסטן.
קאָלאָניע סאַנטאַ איזאַבעל, פּעדערנאַל, לאָפּעז און בערא, סאַן סאַלוואַדאָר, קורבעלאַ און וואַלטער מאָס, גענעראַל קאַמפּאָס.
קאָלאָניע פּאַלמאַר־זשאַטאַי, אובאַכאַי וואָס ציילן 168 קאָלאָניסטן.
קאָלאָניע אונגרע־כהן אַלקאַראַס ציילט 71 קאָלאָניסטן.

פּראָווינץ פּאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ:

קאָלאָניע דאָראַ — 10 קאָלאָניסטן.

פּראָווינץ לאַ פּאַמפּאַ:

נאַרסיס לעוועןָ, בערנאַסקאָני — 104 קאָלאָניסטן.

ריאָ נעגראָ — 2 קאָלאָניסטן.

סך־הכל קאָלאָניסטן פון דער יק״א — 1.686, ווי שוין אויבן דערמאָנט.

די יעניקע וואָס האָבן דערוואָרבן ערד דורך אייגענע מיטלען זיינען מערסטנס צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד.

די הויפּט־פּונקטן ווי אַזאַ קאָלאָניזאַציע איז רעאַליזירט געוואָרן זיינען: טשאַקאָ: „קאָ־לאָניאַ רוסאַ", כענעראַל ראָקאַ, ריאָ נעגראָ, וויזשאַ־אַלבאַ, מעדאַנאָס, וויזשאַלאָנגאַ און אַנד'.

## וועלכע זיינען די פּראָדוקטן וואָס ווערן קולטיווירט אין אונדזערע קאָלאָניעס?

אין אונדזערע קאָלאָניעס פון דער פּראָווינץ ענטרע־ריאָס ווערט אַממערסטנס קולטיווירט ווייץ, ליאָן און מאַיִס. די לעצטע יאָרן פאַרנעמען דאָרט אַ גרויסן פּלאַץ די פוראַזשן הן פאַר פּאַשע, הן פאַרן פאַרקויף אַלס קאָנטראַלירטע זריעות.

דער צווייטער צווייג פון די דאָרטיקע ווירטשאַפטן איז די פּי־האָדעוואַניע פאַרן פאַר־קויף פון פלייש.

די דריטע איז די מילך־פּראָדוקציע און די פּערטע פון עופות־צוכט.

אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ־פע ווו עס געפינט זיך מאָזעסוויל און מאָנטעפיאָרע, פאַרנעמט דאָס אָנגעזעענסטע פּלאַץ אין דער פּראָדוקציע די האָדעוואַניע פון פי און דער קולטיוו פון לוצערן פאַר פּאַשע ווי פאַר זריעה.

אין אַ קלענערן מאַסשטאַב ווערט אויך קולטיווירט ליאָן און לעצטנס פאַרנעמט דאָרט אַן אָנגעזען אָרט דער קולטיוו פון פוראַזשן.

וויכטיק איז דאָרט אויך די מילך־פּראָדוקציע וואָס ווערט אין זעקס־זיבן סמעטענע־פאַבריקן אויסגעאַרבעט אין סמעטענע און ווערט טאָג־טעגלעך איבערגעשיקט אין דער קאָאָ־פּעראַטיווער פּוטער־פאַבריק „סאַנקאָר" וואָס אַרבעט אויס נאָנט פון 54% פון דער גאַנצער פּוטער פון לאַנד.

כדאי דאָ פאַרבייגייענדיק צו באַמערקן, אַז די איניציאַטיוו צו גרינדן אָט די ריזיקע קאָאָפּעראַטיווע פּוטער־פאַבריק איז געקומען מצד די דאָרטיקע סמעטענע־פאַבריקן און איז טאַקע מערסטנס פון זיי פאַרווירקלעכט געוואָרן און זייער באַטייליקונג אין איר איז ביז היינט צו טאָג אַן אָנזעעוודיקע.

אין פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, אין אונדזערע קאָלאָניעס באַראָן הירש, און לאַפּין ווערט אַממערסטנס קולטיווירט קאָרן, גערשטן, האָבער און לוצערן.

די זריעה פון לוצערן איז דאָרט פון גוטער קוואַליטעט צוגלייך מיט דער פון מאָזעסוויל און פון דאָראַ.

די פי־האָדעוואַניע פאַרנעמט דעם צווייטן פּלאַץ אין דער עקספּלאָטאַציע, דערנאָך קומט די מילך און די עופות־צוכט, אין קלענערן מאַסשטאַב.

פון דער מילך ווערט דאָרט אויפן פּלאַץ אויסגעאַרבעט דורך דער קאָאָפּעראַטיווע „באַ־ראָן־הירש" קעזן פון פאַרשיידענע מאַרקעס און קוואַליטעטן, וועלכע געפינען אַ גוטן אָפּזאַץ־

מאַרק אין די נעענטערע שטעט, ווי באַהיאַ בלאַנקאַ און אַנדערע און ווערן זעלטן אַרויסגע־שיקט אויפן מאַרק פון דער הויפּטשטאָט.

די פּראָדוקציע כאַראַקטעריסטיק פון נאַרסיס לעווען איז כמעט די זעלבע ווי פון באַראָן הירש, מיט דעם אויסנעם, וואָס דאָרטן ווערן גאָר ווייניק פּראָדוצירט לוצערן. די מילך־פּראָדוקציע און עופות־צוכט זיינען כמעט נישטאָ.

אין דאָראַ באַקומט זיך גאָר גוטע לוצערן פּאַר פּאַשע און ספּעציעל פּאַרן מאַרק, עס זיינען אויך געווען פּרוון פון וואַטע1קולטיוו אָן גרויסע רעזולטאַטן. די דאָרטיקע גאָרטנוואַרג־פּראָדוקטן צייכענען זיך אויס מיט די גוטע קאַווענעס און אַנדערע אַזעלכע פּראָדוקטן.

מיט די אויסגערעכנטע פּראָדוקטן ווערט יערלעך פּאַרזייט און אָנגעהאַלטן קולטיוון צווישן 200.000 ביז 240.000 העקטאַר לאַנד, די איבעריקע ערד ווערט געלאָזט פּאַר דער בהמות־האָדעוואַניע וואָס ווייזט זיך שטענדיק אַרויס צו זיין ווייניק פּאַר דער צאָל בהמות וואָס זיינען פּאַראַן.

## ווי לעבן זיך אויס עקאָנאָמיש, קולטורעל און סאָציאַל אונדזערע קאָלאָניסטן?

פון די דרייסיק מיליאָן ליטער מילך וואָס מען באַקומט יערלעך פון דער סטאַדע פון דריי הונדערט טויזנט קעפּ בהמות, פון עופות און אייער־פּאַרקויף פון די הונדערט זעכציק טויזנט עופות, ווי אויך פון די קאָסעטשעס פון די פּאַרזייטע 200.000 ביז 240.000, העקטאַרן באַקומען אונדזערע קאָלאָניע ברוטאָ איינקונפט פון 450 מיליאָן פּעזעס יערלעך.

אין פּאַרגאַנגענעם יאָר איז די דורכשניט־פּראָדוקציע געפּאַלן מיט דרייסיק פּראָצענט איבער דער אויבן־דערמאָנטער טריקעניש און אַנדערע פּלאָגן. זי האָט אָבער אין ברוטאָ איינקונפט באַטראָפן נאָנט צו די 450 מיליאָן פּעזעס איבער דער העכערונג פון די פּראָדוקט־פּרייזן, אויב מיר רעכענען אַראָפּ זעכציק פּראָצענט אויסגאַבן, בלייבט הונדערט אַכציק מיליאָן פּעזעס ריינער איינקונפט, פּאַר יעדן קאָלאָניסט דורכשניטלעך — 106.762 פּעזעס.

איבעריק צו דערמאָנען, אַז אַזוי ווי אַ היבשע טייל קאָלאָניסטן האָבן גאָרנישט געהאַט קיין קאָסעטשע האָבן זיי צוגעטראָגן אַרבעט און אויסגאַבן און די אַנדערע האָבן נאַטירלעך באַקומען מערער פון דורכשניט, וואָס איז אָנגעוויזן.

### די ראָל פון אונדזערע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון אין גרעמיאַלן און עקאָנאָמישן לעבן פון קאָלאָניסט

אין דער פּאַרטיידיקונג פון די „גרעמיאַלע״ און עקאָנאָמישע אינטערעסן פון יידישן קאָלאָניסט אונדזערן, פּאַרנעמט די לאָקאַלע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיווע אַ ביז גאָר אָנגעזען פּלאַץ. די צענטראַלע, די „פּראַטערנידאַד אַגראַריאַ״, וואָס האָט איר זיץ־פּלאַץ דאָ אין דער הויפּטשטאָט, דערגענצט די אַלזייטיקע פּאַרטיידיקונג פון די אינטערעסן פון די קאָלאָניעס.

אַזעלכע לאָקאַלע קאָאָפּעראַטיוועס זיינען פּאַראַן אין אונדזערע קאָלאָניעס אין דער צאָל פון עטלעכע און צוואַנציק — 24 פון זיי זיינען אָנגעשלאָסן אין דער אויבנדערמאָנטער צענטראַלע, דורך וועלכער זיי מאַכן זייער איינקויף פּאַרן קאָנסום און נוצן, פּאַרקויפן זייער פּראָדוקציע און טרויען אַלע ענינים וואָס זיינען פּאַרבונדן מיט די אינטערעסן פון דער קאָאָניזאַציע דירעקט צי אומדירעקט.

די אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון ווידמען זיך אַממערסטנס צום אויסטייל פון אַרטיקלען און פּראָדוקטן פּאַרן קאָנסום און נוצן, ווי צום פּאַרקויף פון דער פּראָדוקציע פון די מיטגלידער, איניקע פון זיי גיבן זיך אָפּ ספּעציעל מיטן אויסטייל פון פלייש און טויש פון אַ בהמה וואָס דער מיטגליד שטעלט צו זיין קאָאָפּעראַטיווער יאַטקע.

ניין פון זיי גיבן זיך אָפּ ספּעציעל מיט דעם ערשטן עטאַפּ פון דער מילך־אינדוסטריע, זיי אַרבעטן אויס די סמעטענע און שיקן זי איבער אין „סאַנקאָר“; אַנדערע צווישן די ניין אַרבעטן אויס קעז און פּוטער.

די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוועס זיינען פאַרן מיטגליד ווי פאַר זיין משפחה ווי די צווייטע היים; אַהין ברענגט ער כמעט זיין גאַנצע פּראָדוקציע צום פאַרקויף און דאָרטן ווערט אויף אַ פרידלעכן אופן דערליידיקט יעדער סכסוך צווישן די מיטגלידער ווי צווישן אַ מיטגליד, מיט וועמען עס זאָל נישט זיין.

אין אַ היבשער מאָס האָט דער מיטגליד צו פאַרדאַנקען דער קאָאָפּעראַטיווע דער געזי־כערטקייט פון זיינע עקאָנאָמישע און גרעמיאַלע אינטערעסן, זיין ווירדע אַלס מענטש. אַפילו זיין באַוווסטזיין און פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג.

## דער קרעדיט:

אין אונדזערע קאָלאָניעס איז פאַראַן אַ שטענדיק באַדערפעניש אין קרעדיט פאַרן אַקערן און זייען; פאַרן אַראָפּנעמען די „קאָסעטשע“; כדי אויסצוהאַלטן די פּראָדוקציע אום זי צו פאַרקויפן אין דער פּאַסיקער צייט, ווי אויך כדי נאָכצוקומען די קוואָטעס פון צאָלן די חובות פאַר דער מאַשינעריע, די הויכע שטייערן און קאָסטבאַרע באַדערפענישן. אַפילו דאַן ווען דער פּראָדוקט איז שוין אַ פאַרקויפטער און די באַצאָלונג פאַר אים איז אויף אַ שפּעטערדיקן טער־מין מוז דער קאָלאָניסט אָנקומען נאָך אַ הלוואה.

אמת איז אַז אין אונדזערע יידישע קאָלאָניעס זענען שוין פאַראַן אַזעלכע וואָס קענען אַליין פינאַנצירן זייער ווירטשאַפט, די מערסטע קאָלאָניסטן מוזן אָבער אָנקומען צו קרעדיט, ווייל די אונטערנעמונג איז אַ גרעסערע און פאָדערט גוואַלדיקע קאַפּיטאַלן פאַר איר פינאַנ־צירונג.

## קולטורעל:

אויף וויפל דעם שרייבער פון די שורות, זאָל נישט אויסקומען ווייטיקלעך עס צו אָנער־קענען, מוז דאָך געזאָגט ווערן אַז אַ גרויסע טייל פון אונדזערע קאָלאָניעס זיינען היבש צוריק־געשטאַנען קולטורעל, ווייל ברענגען קולטור און פאַרוויילונג פון דרויסן, טראָגט אויס צו טייער פאַר די קליינע גרופּעס מענטשן וואָס זיינען פאַראַן אין קאָלאָניע אָדער אַפילו נאָענטן שטעטל.

אין אייניקע צענטראַלע פּונקטן פון אונדזערע קאָלאָניעס זיינען פאַראַן שיינע ביבליאָטעקן אין וועלכע עס ווערן אָבער זעלטן באַנייט די ביכער. עס ווערט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע אַפּאַ־טיע. די באַזוכער זיינען מערסטנס די שטודירנדיקע יוגנט און אַנדערע אַזעלכע לייענער און באַזוכער אין אַ באַגרענעצטער צאָל.

ווינציק יידישע צייטונגען ווערן אַבאָנירט און נאָך ווינציקער יידישע ביכער ווערן גע־קויפט; מען שפּייזט זיך גייסטיק מיט דער שפּאַנישער פּרעסע ווו דעם אויבן אָן פאַרנעמט דער ספּאָרט און די פּאָליצי־נייעס און מיט דעם טיפ זשורנאַלן וואָס זיינען שעדלעך פאַר דער יוגנט.

## סאָציאַל:

סאָציאַל איז יאָ פאַראַן אַ טעטיקייט וואָס איז מערסטנס געווידמעט מדינת־ישראל, אָבער זעלטן דער לאָקאַלער אונטערנעמונג אָדער באַדערפעניש.

די אויגן זיינען געווענדעט צו דער גרויסער שטאָט, ווו די מעגלעכקייטן זיינען פיל גרע־סערע און עמעץ נוצט זיי אַמאָל אויס.

די אינדוסטריאַליזאַציע פון דער אייגענער פּראָדוקציע

מיר האָבן שוין פאַרבייגייענדיק דערמאָנט די קאָאָפּעראַטיווע פּוטער־פאַבריק „סאַנקאָר" וואָס פאַרנעמט אַזאַ אָנגעזען אָרט אין דער מילך־אינדוסטריע פון לאַנד.

אין באַסאַווילבאַסאָ, ענטרע־ריאָס, איז אויך פאַראַן אַ קאָאָפּעראַטיווע פּוטער־פאַבריק וואָס געהערט צו דער ענטרע־ריאָסער פעדעראַציע פון קאָאָפּעראַטיוועס, וואָס אינדוסטריאַליזירט די מילך פון אַ היבשער געגנט אַרום, פון וועלכער זי באַקומט אַ גוטע קוואַליטעט פּוטער.

אין פאַרגאַנגענעם יאָר איז אַרויסגעגעבן גענדיקט געוואָרן און אַריין אין פולער פונקציע אַ גרויסע בוימל־פאַבריק וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין דאָמינגעז, ענטרע־ריאָס נעבן דער סטאַנציע מיטן זעלבן נאָמען און אין שכנהשאַפט מיטן עלעוואַטאָר וואָס האַלט אין איבערגיין צו דער דאָרטיקער קאָאָפּעראַטיווער אָדער צו דער צענטראַלע פון די קאָאָפּעראַטיוועס.

די דאָזיקע פאַבריק וואָס אַרבעט אויס דעם בוימל און סוב־פּראָדוקטן פון דעם אייגענעם ליאָן פון די מיטגלידער פון די קאָאָפּעראַטיוועס וואָס האָבן דירעקט צי אומדירעקט זי געבויט, איז באַרופן צו לייזן די פּראָבלעם פון פאַרטיידיקונג פון דער פּראָדוקציע וואָס דער מיטגליד ברענגט אַריין אין דער קאָאָפּעראַטיווע.

מיט דעם ווערט כמעט ווי פאַרענדיקט דער ציקל פון באַקומען די ריכטיקע פּרייז פאַרן פּראָדוקט, עס איז אַזוי אַרום פאַרענדיקט דער ציקל פון דער פונקציע וואָס די קאָאָפּעראַטיווע האָט געהאַט פון צונעמען דעם פּראָדוקטביים מיטגליד און אים פאַרקויפן צום פאַבריקאַנט, צום עקספּאָרטירער, וואָס איז נישט נאָר פאַרבליבן מיטן גרויסן פאַרדינסט נאָר האָט אים שטענדיק פאַרטייערט צום שאָדן פון פּראָדוצירער ווי פון קאָנסומענט און פאַרברויכער.

די בוימל־פאַבריק האָט געקאָסט דרייסיק מיליאָן פעזעס, איז געבויט און איינגעאָרדנט לויטן לעצטן וואָרט פון דער טעכניק און האָט אין ערשטן יאָר שוין באַוויזן צו האָבן אַריינגעבראַכט פאַרן אַגראַ־פּראָדוצירער פונעם ליאָן היבשע מיליאָנען פעזעס פון רווח וואָס פלעגט ביז איצט פאַרבלייבן ביים אומנוצלעכן פאַרמיטלער.

אויב אָט־די אויסגערעכנטע אינדוסטריאַליזאַציע קען אינגאַנצן נישט פאַררעכנט ווערן אַלס אָנגעהעריקע צו אונדזערע יידישע קאָלאָניסטן, האָבן זיי אָבער צו דעם בייגעטראָגן אַזוי פיל ווי עס פאַרדינט דאָ דערמאָנט צו ווערן.

## ווער און וואָס האָט דערפירט צו דעם היינטיקן מצב פון דער יידיש־אַרגענטינע קאָלאָניזאַציע ?

עס איז גאָר קיין צווייפל נישט אַז דער יקאָס טעותן, איר אָפטע איינגעעקשנטקייט, אירע גאָר נישט צוגעפּאַסטע מענטשן וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער קאָלאָניזאַציע, האָבן אַ גרויסן חלק שולדיקייט אין דעם וואָס עס איז געשען מיט דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פאַרלויף פון די 73 יאָר.

דער אָפטער ווייגעשריי פון אַרגענטינער יידישן קאָלאָניסט איז צו דער צענטראַלע נישט דערגאַנגען און איז ער אַמאָל יאָ דערגאַנגען האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף פאַרגליווערטע רעגלען און פּרינציפּן, וואָס זיינען ווייט נישט געווען אין איינקלאַנג מיט דער צייט, מיט די אומשטענדן, מיט דער פאָרעם פון קאָלאָניזאַציע, מיט די מענטשן וואָס האָבן זיך מיט איר באַשעפטיקט ווי מיטן נייעם קורס וואָס די וועלט־געשעענישן, די עקאָנאָמיק און די יידישע אינטערעסן האָבן געפאָדערט.

אין די לעצטע יאָרן איז אין דעם זין פאָרגעקומען אַ געוויסע ענדערונג לטובת דער קאָלאָניזאַציע. עס איז אָבער געשען אַביסל צו שפּעט און איז אויך נישט אַלע מאָל פריי פון צוריקגעהאַלטנקייט. פון דער צווייטער זייט דאַרף אויך געזאָגט ווערן אַז נישט אַלע אָנגענומענע

קאַנדידאַטן פאַר קאָלאָניזאַציע זיינען געווען צוגעפּאַסט פאַר איר, אָדער האָבן באמת געוואָלט ווערן קאָלאָניסטן, אַ סך פון זיי זיינען פשוט פון דער גרויסער נויט און עלנט צו איר גע־שטויסן געוואָרן, האָבן זי באַטראַכט, אַלס איבערגאַנגס־פּעריאָד און האָבן זי לייכט, ביי דער ערשטער געלעגנהייט פאַרלאָזט.

דער אָפּשטעל פון דער יידישער אימיגראַציע קיין אַרגענטינע האָט צוגענומען דעם הויפּט־צופלוס פון פריש בלוט פאַר דער קאָלאָניזאַציע — ווייל טייל אימיגראַנטן זיינען גע־קומען אַלס קאַנדידאַטן פאַר קאָלאָניזאַציע און וויפל דער אָפּפאַל זאָל נישט געווען זיין קיין היבשער — איז דאָך שטענדיק פון אים עפּעס פאַרבליבן און פאַרגרעסערט אָדער אָנגעהאַלטן די קאָלאָניסטן־צאָל.

יידן האָבן לייכט פאַרגעסן דעם צוזאָג צו פאַרלאָזן די אין דער אַלטער היים אַרויפגע־צווונגענע לופט־פרנסות און איבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט — ספּעציעל צו דער ערד־אַרבעט.

פאַר יעדער איינאָרדענונג פון אַ קאָלאָניסט, פאָדערט זיך, היינט צו טאָג, אַ קאַפּיטאַל פון צוויי מיליאָן פּעזאָס. דער איינקונפט איז ווייט פון צו זיין אַ געזיכערטער און אַ ראַציאָנעלער און איז גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט די פאַרדינסטן וואָס ווערן מיט אַזאַ קאַפּיטאַל דערגרייכט אין דער הויפּטשטאָט, ביי אַנדערע אונטערנעמונגען און פרנסות.

די אידיליע פון דאָרפישן לעבן איז ביי אונדז ווי אינגאַנצן פאַרשווונדן, זי איז כמעט ווי נישטאָ אין קאָלאָניע און איז מער נישט צו געפינען אין אונדזער היגער ליטעראַטור.

די קאָלאָניזאַציע, ווי די אַגריקולטור פון לאַנד אין אַלגעמיין, האָט דורכגעמאַכט שווערע און ביטערע יאָרן פון טריקעניש, פון פאַרפלייצונגען, פון האָגל, פון היישעריק, „טוקוראַ ראַזשאַ" ווי פון אַנדערע הונדערטער און אפשר טויזנטער אינזעקטן און פּלאָגן.

אַ שווערע פּלאָג פאַר דער אַגריקולטור איז די אויסערגעוויינלעכע עקספּלאָטאַציע ביים אויפקויף פון דער פּראָדוקציע ווי פון דער פי־צוכט. די אַגראַר־קאָאָפּעראַציע האָט נאָך דער־ווייל ווייניק אויפגעטאָן און דער פּראָדוצירער ווערט באַרויבט און דער קאָנסומירער פשוט באַשווינדלט.

די שטייערן פון דער רעגירונג און אַנדערע אינסטאַנצן גרייכן אָפּטמאָל ביז צו די צוויי דריטל פון באַטרעף פון דער פּראָדוקציע, וואָס קומט פון דער אַגריקולטור און פון דעם פי־צוכט.

די פּראָספּעריטי פון דער הויפּטשטאָט האָט איינגעשלונגען כמעט אַ דריטל פון דער גאַנ־צער באַפעלקערונג פון לאַנד אַ דאַנק דער אויפגעבלאָזענער אינדוסטריאַליזאַציע, אַ דאַנק דעם אָנטרייבן גוואַלדיקע מאַסן מענטשן אין די רעגירונגס־ביוראָען — ווען דער אינערן פון לאַנד איז אינגאַנצן ווי פאַרגעסן געוואָרן, אַ דאַנק דער מעגלעכקייט צו מאַכן וואָס בעסערע געשעפטן און אַ דאַנק דעם בעסערן לעבן און באַקוועמלעכקייטן.

די מאַשין האָט פאַרטראָטן די מענטשן וואָס פעלן אויפן לאַנד — זי טראָגט אָבער אויס גוואַלדיק טייער, טרייבט אַריין אין גרויסע חובות וועלכע קענען פון דער ווירטשאַפט נישט איבערגעטראָגן ווערן און לייגט זיך שווער אויף די פּראָדוציר־קאָסטן.

די געזעצן פאַרן פעלדאַרבעטער זיינען ווייט נישט צוגעפּאַסט צו דער קליינער און מי־טעלער ווירטשאַפט און די באַציִונג מצד דער רעגירונג און אַנדערע אינסטאַנצן מוטיקן גאַנץ ווינציק די אַנטוויקלונג פון דער אַגראָפּעקוּאַרער פּראָדוקציע פון לאַנד.

דאָס אויסגערעכנטע איז ווייט נישט די גאַנצע רשימה פון גורמים וואָס האָבן געטריבן צו דער פאַרקלענערונג פון צאָל קאָלאָניסטן.

## אין וואָס באַשטייט דער פאַרלוסט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע ?

דער פאַרלוסט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע באַשטייט אין דעם וואָס די צאָל קאָלאָניסטן איז פאַרקלענערט געוואָרן מיט 26 פּראָצענט און דער זון איז גאַנץ אָפט נישט געקומען פאַרבייטן דעם אַלטן טאַטן.

אָבער אין אַלגעמיין איז דאָס דער מצב פון דער אַגריקולטור פון לאַנד, און אויף וויפל די טרייסט איז נישט קיין גאָר קלוגע, געפינט מען דאָך אין איר אַ געוויסע פאַרענטפערונג, מיט דעם צוגאָב אַז דעם זיידנס אָדער טאַטנס חלום פון איבערגיין צו פּראָדוקטיוויזאַציע איז היפּש אויסגעוועפּט און פאַרגעסן געוואָרן.

דער שטח באָדן דאַקעגן ווערט אָנגעהאַלטן און דאָס וויל זאָגן, אַז מערסטנס איז עס דער אַלטער טאַטע, דער זון אָדער דאָס אייניקל פון אַ קאָלאָניסט, אָדער גלאַט אַ קליינע צאָל יידן פון די שטעט און שטעטלעך וואָס באַאַרבעטן, פאַרוואַלטן אָדער אינוועסטירן אַ טייל פון זייער קאַפּיטאַל אין קויף פון לאַנד אום צו זיין זיכערער מיטן מאָרגן, אום צו האָבן אַ פאַרבינדונג מיט דער יידישער קאָלאָניזאַציע, אום אויסצולעבן זיך ביי אַ נאָבעלער פּרנסה און זיין נאָענט פון דער נאַטור.

די פּראָדוקציע איז געוואַקסן אין פאַרשיידנאַרטיקייט און האַלט אָן די צאָל אין די הויפּט־פּראָדוקטן ווי ווייץ, ליאָן, גערשטן, קאָרן, האָבער, מאַיס, פלייש, מילך, אייער ווי עופות איז היפּש געפאַלן.

## דער אויספיר

ווען מיר נעמען אין אַכט וואָס עס פּאַסירט מיט דער אַגריקולטור און פיצוכט דאָ אין לאַנד און אויף דער גאַנצער וועלט, ווען מיר לייענען אַז אויך אין מושב פון ישראל — ווו די באַדינגונגען פאַר קאָלאָניזאַציע זיינען גינסטיקערע ווי אין היגן לאַנד, — און דאָך אויך דאָרט געקעמפט ווערן, אַז די קינדער זאָלן פאַרבלייבן אויפן טאַטנס שוין איינגעאָרדנטן און באַצאָלטן מושב; און אחרון אחרון — ווען מיר נעמען אין באַטראַכט אַז היינט צו טאָג דאַרף נאָר די איינאָרדענונג פון 1923 יידישע קאָלאָניסטן אָפּקאָסטן 5.846.000.000 (פינף טויזנט אַכט הונדערט זעקס און פערציק מיליאָן) פּעזעס, שוין נישט רייידנדיק פון דעם וואָס זייער אינווענטאַר שטייגט ווייט אַריבער די סומע, איז לייכט צו פאַרשטיין אַז דאָס וואָס מיר פאַרמאָגן — ווי אַזוי עס איז, שטעלט מיט זיך פאָר הן מאַטעריעל, הן מאָראַליש אַ וויכטיקע יידישע פּאָזיציע.

דערפאַר איז פאַר אונדז יעדער אַרגענטינער יידישער קאָלאָניסט — אויף וואָס פאַר אַ אופן ער זאָל זיין באָדן נישט באַאַרבעטן אָדער פאַרוואַלטן, — טייער און ער פאַרדינט די אַכטונג פון די אַרגענטינער יידן.



משה פריידע

# דער יידישער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוויזם אין אַרגענטינע

אַ מעכטיקער פינאַנציעלער און געזעלשאַפטלעכער כח איז אַנטשטאַנען די לעצטע יאָרן אין יידישן אַרגענטינע, באַזונדערס אין דער הויפּטשטאָט און אין גרויס בוענאָס־איירעס. דאָס איז: דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוויזם וואָס האָט באַדייטנדיק מיטגעווירקט צו דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און דעם מסחר, אָבער האָט זיך גלייכצייטיק פאַרוואַנדלט אין אַ פעסטן אָנשפּאַר פאַר די הצטרכותן פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן, פאַר אונדזערע ווילטעטיקע אָרגאַניזאַציעס, קולטור־אינסטיטוציעס און לערן־אַנשטאַלטן.

צו וויפל גרייכן זיי, די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוועס, וואָס האָבן צוגעגעבן אַ נייע אייגנאַרטיקייט דעם כאַראַקטער פון אַרגענטינער יידישן ישוב?

די אַרגענטינער פעדעראַציע פון קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון ציילט אין דער רשימה פון אירע אָנגעשלאָסענע אינסטיטוציעס — 163 אַזעלכע אַנשטאַלטן, פון וועלכע נישט ווייניקער פון הונדערט פערציק זיינען יידישע.

טייל פון זיי זיינען אָקערשט אַנטשטאַנען, אַנדערע זיינען געגרינדעט געוואָרן אין די סאַמע בראשית־יאָרן פונעם ישוב, נאָך אַנדערע זיינען אויפגעקומען אין די יאָרן פונעם גרויסן יידישן אימיגראַציע־שטראָם. אַ באַדייטנדיקע צאָל איז געשאַפן געוואָרן די לעצטע יאָרן.

אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען געשאַפן געוואָרן ביי לאַנדסלייט־פאַראיינען, ווי באַשיידענע ליי־קאַסעס, אונטערצוקומען מיט אַ הלוואה אַן אָרעמען לאַנדסמאַן אין אַן עת־צרה, אין אַ מאָמענט פון נויט. און אָט די באַשיידענע גמילת חסדים־קאַסעס זיינען, מיטן גאַנג פון די יאָרן, אויסגעוואַקסן צו דער הייך פון גרויסע קרעדיט־אַנשטאַלטן. זייער צאָל איז היינט צו טאָג אַ בכבודיקער און זייער כח, ווי אַן עקאָנאָמישער פאַקטאָר — אַ מעכטיקער. די טראַנזאַקציעס פון די אַמאָל אָרעמע ליי־קאַסעס זיינען אויסגעוואַקסן צו אַזאַ מאַסשטאַב, אַז עס וועט נישט זיין קיין גוזמא צו באַטראַכטן טייל פון זיי ווי בענק. אַזאַ איז געווען דער אָנהייב פון היינטיקע ריזיקע פינאַנץ־אינסטיטוציעס. די גרויסע יידישע פאָלקס־באַנק, די „באַנקאָ איזראַעליטאַ דעל ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ", איז אויך געשאַפן געוואָרן — אויף איר גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פונעם 31סטן אָקטאָבער 1921 — נישט ווי אַ באַנק „אינסטיטוציע", נייערט ווי אַ מין אָרגאַניזאַציע פאַר קעגנזייטיקער הילף, וואָס דאָס מיינט אין דער ווירקלעכקייט אַ קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע.

דער זעלביקער געפיל פון חברשאַפט וואָס האָט פאַרבונדן אַ לאַנדסמאַן צו אַ לאַנדסמאַן, דער געפיל פון מענטשלעכער און יידישער סאָלידאַריטעט האָט דערפירט צו שאַפן ליי־קאַסעס אָדער קאָאָפּעראַטיוון.

לאַנג איז דער אָפּגעגאַנגענער וועג פון אַרגענטינער יידישן קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוויזם, פון זיין באַשיידענער התחלה, ביז צו זיין היינטיקן ריזן־פאַרנעם. אין זייער אָנהייב האָבן זיי געדינט אָרעמע איבערצוקומען נויט; היינט זיינען די קאָאָפּעראַטיוון, אַלע צוזאַמענגענומען, אַ מעכטיקער אימפּולסירנדיקער כח צום מאַטעריעלן פאָרשריט פאַרן יחיד, און אַ וואָגיקער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון אַ ברייטן סעקטאָר פון דער לאַנד־עקאָנאָמיק.

## אַלגעמיינער איבערבליק

לאָמיר געבן אַן איבערבליק וועגן דער ראָל, געשיכטע און ווירקונג פון אַרגענטינער קאָאָ־פעראַטיוויזם בכלל. די טרוקענע, אָבער קלאָרע, שפּראַך פון די ציפערן קען אונדז וויַיזן אַן אַל־געמיינע פּאַנאָראַמע.

עס איז געוווינט צו זאָגן אַז פון יעדע ניַין מענטשן וואָס באַפעלקערן די אַרגענטינער טערי־טאָריע איז איינער אַן אָנגעהעריקער צו אַ קאָאָפּעראַטיוויסטישער געזעלשאַפט פון וועלכן עס איז כאַראַקטער, זאָל עס זיַין: אַגראַר־ קאָנסום־ קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס אָדער אַנדערע, וואָס



פראָנט פון דער קאָאָפּעראַטיווע „פלאָרעסטאַ"

דינען פאַרשיידענע עקאָנאָמישע הצטרכותן און וואָס זייערע אויפגאַבן באַצוועקן צו פאַרבעסערן אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן — דעם מענטשנס לעבנס־באַדינגונגען, אָדער פאַרלייכטערן דעם וועג צו זיַין מאַטעריעלן פּראָגרעס.

די פריִער דערמאָנטע ציפער רעדט וועגן אַן אויסערגעוויינלעכן וווּקס פון אַ קרעפטיקער באַוועגונג.

3.026 קאָאָפּעראַטיוועס פון אַלע מינים זיינען היינט צו טאָג טעטיק אין אַרגענטינע. זיי אַלע צוזאַמען באַדינען אַ מיטגלידערשאַפט וואָס גרייכט צו 2.226.813 יחידים, דאָס הייסט: 10,72 פּראָצענט פון דער גאַנצער אַרגענטינער באַפעלקערונג. ווען מען זאָל נעמען אין באַטראַכט, אַז

מיטגלידער זיינען בלויז די ראשי המשפחה און אַז אַ פאַמיליע באַשטייט אין דורכשניט פון פיר פערזאָן, וועלן מיר קומען צום אויספיר אַז העכער אַ דריטל פון דער אַרגענטינער באַפעלקע־רונג איז איינגעשלאָסן אין דער קאָאָפעראַטיוויסטישער באַוועגונג און ווערט פון איר — אין אַ גרעסערער אָדער אַ קלענערער מאָס — באַדינט און באַגינסטיקט.

דאָס איז אין דיקע שטריכן דער קעגנוואַרטיקער מצב פונעם אַרגענטינער קאָאָפעראַטי־וויזם. לאַנג איז אָבער דער וועג וואָס ער איז געגאַנגען זינט ער האָט אין לאַנד געשטעלט זיינע ערשטע אומזיכערע טריט.

אין 1927 — אין צייטן ווען קיין אָפיציעלע סטאַטיסטיקעס זיינען נאָך נישט באַקאַנט געווען — האָט די צאָל קאָאָפעראַטיוועס געגרייכט, ווי מען שאַצט, צו פופציק בסך־הכל, וואָס אַלע צו־זאַמען האָבן זיי געציילט אומגעפער צוואַנציק טויזנט מיטגלידער, און זייער אַלעמענס קאַפּיטאַל האָט דעמאָלט געגרייכט צו זיבן מיליאָן פעזעס.

פון דעמאָלט ביז היינט — דאָס הייסט נאָך דעם ווי עס איז פאַריבער אַ פערטל יאָרהונ־דערט — איז פאָרגעקומען אַ גוואַלדיקע ענדערונג. די פופציק קאָאָפעראַטיוועס זיינען געשטיגן צו העכער דריי טויזנט. זייער מיטגלידערשאַפט איז פון צוואַנציק טויזנט געוואַקסן צו העכער צוויי מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזנט, און דער קאַפּיטאַל וואָס באַוועגט זייער טעטיקייט גרייכט צו דעם סכום פון 1.658.541.100 פעזעס.

מיט דריי ציפערן, אַרויסגענומענע פון דער מלוכה־סטאַטיסטיק, וועלן מיר פרווון באַווייזן ווי אַזוי דער נעכטיקער קאַרליק איז אויסגעוואַקסן צום היינטיקן ריז: די קאָאָפעראַטיוועס זיינען פאַרגרעסערט געוואָרן, לויט זייער צאָל, אין 6.052 פראָצענט; לויט זייער מיטגלידער־מאַסע — אין 11.134,1 פראָצענט; און לויט זייער קאַפּיטאַל — אין 52.264,9 פראָצענט.

דער וווּקס פונעם אַרגענטינער קאָאָפעראַטיוויזם איז געווען באַזונדערס מערקבאַר אין די לעצטע צען יאָר, ווען פון 1.413 אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן עקסיסטירט אין יאָר 1951, איז אין יאָר 1961 געשטיגן זייער צאָל צו 3.026; זייער מיטגלידערשאַפט איז געוואַקסן מיט 316,8 פראָצענט און זייער פאַרמעג — אין 1,435,4 פראָצענט. די דאָזיקע ציפערן זיינען גענונג־דיק זיך צו שאַפן דעם באַגריף פון דער אַלץ טיפערער איינבירגערונג פונעם קאָאָפעראַטיוויס־טישן געדאַנק און זיין אַריינדרינגונג אין וואָס אַמאָל ברייטערע פאָלקס־שיכטן איבער דער גאַנ־צער לענג און ברייט פון דער אַרגענטינער טעריטאָריע.

אַזוי האָט זיך אויסגעשפרייט אין אַרגענטינע, מיטן לויף פון די יאָרן, זינט זיין באַשיידע־נער התחלה, דער עקאָנאָמישער סיסטעם וואָס וואָרצלט אין אידייען פון ברידערלעכער צוזאַמענ־אַרבעט און מענטשלעכער אחדות, און וואָס האָט אויפגעשפראָצט ווי אַ סאָציאַלע נויטווענדי־קייט אויף דער וועלט, מיט 114 יאָר צוריק אין שטעטל ראָטשדייל, בשכנות פונעם טעקסטיל־צענטער מאַנטשעסטער, אין ענגלאַנד.

## אַ בלעטל געשיכטע

דער קאָאָפעראַטיוויסטישער געדאַנק האָט דערגרייכט אַרגענטינע צום סוף פון פאַרגאַנ־גענעם יאָרהונדערט, ווען די ערשטע אימיגראַנטן־גרופעס פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד און ענג־לאַנד — לענדער וווּ דער קאָאָפעראַטיוויזם האָט שוין דעמאָלט געקראָגן אַ שטאַרקן אימפולס און אַ באַדייטנדיקע אַנטוויקלונג — זיינען אַהער געקומען.

בוענאָס־איירעס, יאָר 1884. דאָס זיינען די שטאָט און די דאַטע פונעם געבורט פונעם אַר־גענטינער קאָאָפעראַטיוויזם. ער איז געבוירן געוואָרן ווען דער ענגלישער אונטערטאַן, דזיהיד עטוויל, האָט געשאַפן אין לאַנד די ערשטע קאָאָפעראַטיווע, אַ שפייז־קרעמער קאָאָפעראַטיווע, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אריכת־ימים. דעריבער ווערט באַטראַכט דער סאָציאַליסטישער פירער כואַן באַוטיסטאַ כוסטאַ ווי דער אמתער פונדאַמענט־לייגער און פאָטער פונעם אַרגענ־טינער קאָאָפעראַטיוויזם. ווייל ער איז געווען דער ערשטער צו ברענגען דעם געדאַנק פון שאַפן

אַ קאָאָפּעראַטיוויסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אויף אַלע הונדערט פּראָצענט זיך סומך זיין, וואָס נוגע איר טעטיקייט און ווירקונג, — אויף די סאָציאַלע און דעמאָקראַטישע פּרינציפּן פון די ראָטשדיילער פּיאָנערן. די קאָאָפּעראַטיווע וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף דער אינספּיראַציע פון כואַן ב. כוסטאַ, האָט געטראָגן דעם נאָמען פון „אַרבייטער־קאָנסום קאָאָפּעראַטיווע", און איז געווען טעטיק זינט איר שאַפונג, אין יאָר 1898, אינעם הויז פון דער גאַס מעקסיקע 2070, אין בוענאָס־איירעס, ווו עס האָט געהאַט איר צענטראַלע די אָקערשט געשאַפענע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אַרגענטינע. די קאָאָפּעראַטיווע איז געווען געצוווּנגען אָפּצושטעלן איר טעטיקייט אין יאָר 1901. אָבער דאָס האָט נישט אָנטמוטיקט אירע גרינדער וועלכן האָבן אין אייניקע יאָרן אַרום געבראַכט צום אויסדרוק זייערע שטרעבונגען אין אַ נייער שאַפונג: די קאָאָפּעראַטיווע „על האָגאַר אָברעראָ" (די „אַרבעטער־היים"), וואָס איר ערשטע פאַרוואַלטונג איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון ניקאָלאַס רעפּעטאָ, כואַן ב. כוסטאַ, ענריקע דיקמאַן, אַטענסיאָ, דע אַרמאַס, פּעט־ראַלי און הערמידאַ.

אַ הערבּיש און וויכטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פונעם אַרגענטינער קאָאָפּעראַטיוויזם, שטעלן מיט זיך פאַר די אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס. אויפן דאָזיקן געביט קען מען זאָגן אַז די ייִדישע קאָלאָניעס פון באַראָן הירש האָבן געוויזן אַביישפּיל פון עקשנות און אויפריכטיקן אי־דעאַליזם. אַזעלכע נעמען ווי אינזש' מיגעל סאַכאַראָוו ע"ה און יצחק קאַפּלאַן, צווישן אַ גאַנצער פּלעיאַדע, זיינען ענג צוזאַמענגעבונדן מיט דער אַנטשטייונג, געשיכטע און אַנטוויקלונג פונעם אַרגענטינער אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוויזם, וואָס איז געווען אַ פעסטער אָנשפּאַר פאַר לאַנדווירטן אין די הערבּישע בראשית־יאָרן פון די אַגראַר־קאָלאָניעס.

און אַזעלכע נעמען ווי „פאָנדאָ קאָמונאַל" פון דאָמינגעז, פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, און די ייִדישע לאַנדווירטן־קאָאָפּעראַטיווע „לוסיענוויל" — וואָס איז געגרינדעט געוואָרן צוויי יאָר נאָך דעם ווי פּראָנצויזן האָבן אויפגעשטעלט די ערשטע אַרגענטינער אַגראַר־קאָאָפּעראַטיווע, אין פּיגוע, פּראָווינץ בוענאָס־איירעס — רעדן וועגן פּיאָנערישקייט און פעסטן גלויבן אין אַן אידייע.

## אַ מעכטיקע באַוועגונג

אין די לעצטע יאָרן האָט אָנגענומען ברייטערע פאָרמען אַ נייע קאָאָפּעראַטיוויסטישע באַ־וועגונג; די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס, וואָס זייער צאָל אין לאַנד דערנענטערט זיך צו די דריי הונדערט, און יוועגן וועלכע מען מעג זאָגן — אָן דער מורא אַריינצופאַלן אין אַ גוזמא — אַז נישט ווינציקער פון ניינציק פּראָצענט זיינען זיי דער פּראָדוקט פון ייִדישער איניציאַטיוו און ייִדישן אונטערנעמונגס־גייסט.

דער ערשטער פּרוּוו צו שאַפן אַ קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע ביי אונדז אין לאַנד, איז געווען די גרינדונג פון דער „באַנקאָ פּאָפּולאַר אַרכענטינאָ", וועלכע האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אין 1887, ווי אַן „אינסטיטוציע פאַר געלט־דעפּאָזיטן, קרעדיטן און היפּאָטעקן־הלוואות". ווען עס איז אין יאָר 1927 אַרויסגעגעבן געוואָרן דער ערשטער אַרגענטינער געזעץ וואָס צייכנט אָן די תקנות פאַר דער שאַפונג און פונקציאָנירונג פון די קאָאָפּעראַטיוועס האָט די דערמאָנטע באַנק זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אַנאָנימער אַקציע־געזעלשאַפט.

זינט יענעם וויטן אומזיכערן שפּאַן ביז היינט צו טאָג איז דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוויזם געוואַקסן בהדרגהדיק אויף אַן אויסערגעוויינלעכן אופן.

לויט דער סטאַטיסטיק פון דער מלוכהשער קאָאָפּעראַטיוון־דירעקציע, האָט די צאָל קרע־דיט־קאָאָפּעראַטיוועס אין לאַנד געגרייכט אין יאָר 1960 צו 197, זייער מיטגלידערשאַפט צו 206.966, דער געצייכנטער קאַפּיטאַל צו 287.781.600 פּעזעס, דער רעאַליזירטער קאַפּיטאַל — צו 266.296.769 פּעזעס און די קרעדיט־אָפּעראַציעס, דאָס הייסט די אַרויסגעגעבענע הלוואות צו 2.485.437.842 פּעזעס.

די דאָזיקע טרוקענע ציפערן: צוויי הונדערט אָרגאַניזאַציעס מיט אַ טאָג־טעגלעכער אַרבעט

פון טויזנטער אָנגעשטעלטע און פאַרוואַלטער; צוויי מאָל הונדערט טויזנט נפשות באַדינט פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס; קרוב צו דריי הונדערט מיליאָן, דער קאַפּיטאַל־פאַרמעג; און קנאַפּע דריט־האַלבן מיליאַרד פּעזעס אַרויסגעגעבענע הלוואות — שאַפן פאַר אונדז די פּאַנאָראַמע פון אַ ריזיק צעצווייגטער באַוועגונג וואָס נעמט אַרום גאָר ברייטע שטחים פון דער לאַנד־עקאָנאָמיק.

אָבער די דאָזיקע ציפערן דאַרפן שוין באַטראַכט ווערן פאַר פאַרעלטערט. זינט די אָפּיציעלע סטאַטיסטיק איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן איז פאַרביי העכער צוויי יאָר, און פון דעמאָלט ביז היינט איז דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוויזם געוואַקסן נאָך מער, מיט דער שאַפונג פון נייע צענדלינגער אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן אַריינגעצויגן אין דער קאָאָפּעראַטיוויסטישער באַוועגונג טויזנטער נייע מיטגלידער.



פראָנט פון דער קאָאָפּעראַטיווע „וועלעס סאַרספיעלד״.

ווי שוין דערמאָנט זיינען נייַנציק פּראָצענט — אויב נישט מער — פונעם קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוויזם דער פּראָדוקט פון יידישער אַרבעט. אויפן דאָזיקן געביט האָבן יידן אין אַרגענטינע אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע שעפערישקייט, איניציאַטיוו, אחריות, אַ פאַרשטענדעניש פאַר סאָלידאַריטעט און אַ געפיל פאַר אחדות.

## וווּקס פון די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס במשך די לעצטע 5 יאָר

| יאָר | צאָל קאָאָפּעראַטיוועס | צאָל מיטגלידער | קאַפּיטאַל — פּעזעס |
|---|---|---|---|
| 1957 | 141 | 151.418 | 134.124.700.— |
| 1958 | 158 | 173.317 | 152.525.450.— |
| 1959 | 182 | 195.319 | 202.755.745.— |
| 1960 | 197 | 206.966 | 287.781.600.— |
| 1961 | 263 | 223.861 | 563.318.900.— |

## געאייניקטער כוח

„דאָס וואָס יעדער איינער באַזונדער איז נישט ביכולת דורכצופירן, זיינען מיר אַלע צוזאַ־מען בכח צו דערגרייכן", — דאָס איז אייגנטלעך דער תמצית פונעם קאָאָפּעראַטיוויסטישן געדאַנק. מיט גלויבן אין דער דאָזיקער אידייע זיינען ממש אויפגעטון געוואָרן וווּנדער.

דער געאייניקטער כח פון הונדערטער און טויזנטער מענטשן האָט געשאַפן אַזעלכע פי־נאַנץ־אַנשטאַלטן וואָס שטייען נישט אָפּ פון בענק — הן אינעם מאַסשטאַב פון זייערע קרעדיט־אָפּעראַציעס, הן לויט זייערע קאַפּיטאַלן. נאָך מער: פאַראַן אַזעלכע יידישע קרעדיט־קאָאָפּע־ראַטיוועס וואָס זייער אומזאַץ, זייער פאַרמעג און זייערע רווחים — וועלכע ווערן פאַרווענדט לטובת די מיטגלידער און פאַר פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן — שטייגן ווייט אַריבער די ציפערן וואָס מען קען לייענען אין די באַלאַנסן פון גאַנץ באַדייטנדיקע בענק־אינסטיטוציעס.

לאָמיר עס באַשטעטיקן מיטן אומאָפּפרעגלעכן אמת פון די ציפערן. עס איז פאַר דעם געניג מיר זאָלן אַריינקוקן אינעם באַלאַנס פון איינער פון אונדזערע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס. לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל די יידישע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע „פּלאַרעסטאַ", וועלכע איז, לויטן מאַסשטאַב פון אירע פינאַנץ־אָפּעראַציעס, די גרעסטע פון איר מין אין אַרגענטינע. וואָס ריידן די פאַרצייכנטע סכומים אינעם לעצטן באַלאַנס פון דער אינסטיטוציע, דעם באַלאַנס וואָס איז געשלאָסן געוואָרן דעם 30סטן יוני 1962?

דער געצייכנטער קאַפּיטאַל גרייכט צו 33.846.900 פּעזעס, די אַרויסגעגעבענע קרעדיטן — צו 609.594.554,96 פּעזעס, און די דעפּאָזיטן אין שפּאָר־קאַסע צו — 287.411.276,94 פּעזעס.

דאָס שאַפט פאַר אונדז אַ בילד וועגן איר איצטיקן מצב. אָבער לאָמיר זיך אויך שאַפן אַ באַגריף פונעם טעמפּאָ ווי אַזוי די קאָאָפּעראַטיווע איז געוואַקסן. פאַר דעם צוועק וועלן מיר אַריינקוקן אין אַ באַלאַנס פון פינף יאָר צוריק. 4.375.1.00 פּעזעס איז דעמאָלט געווען דער גע־צייכנטער קאַפּיטאַל, צו 75.155.140,67 האָבן געגרייכט די אויסגעטיילטע הלוואות, און צו 32.378.997,94 פּעזעס די דעפּאָזיטן אין שפּאָר־קאַסע. דער וווּקס, ווי עס איז בולט צו זען, איז אַן אויסערגעוויינלעכער.

נישט ווייט פון דער דאָזיקער קאָאָפּעראַטיווע, לויט איר פאַרנעם, שטייען די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס „בוענאָס־איירעס", „בעלגראַנאָ", „ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ", „לאַוואַזשעכאַ", „ווע־לעס סאַרספּיעלד", „וויזשאַ לוראָ". אָבער אויך אַנדערע צענדלינגער קאָאָפּע־ראַטיוועס וואָס זיי אַלע אויסרעכענען איז נישט מעגלעך, פירן אַ פינאַנץ־טעטיקייט פון אַזאַ מאַסשטאַב וואָס פאַרדינט אָפּגעשאַצט צו ווערן.

אַ באַזונדער וויכטיק קאַפּיטל פאַרדינען אויך יענע קאָאָפּעראַטיוון וואָס באַזאָרגן פאַרשיי־דענע בראַנדזשעס פון דער אינדוסטריע מיט רוי־מאַטעריאַלן, ווי די קאָאָפּעראַטיוון פון די יידישע שטריקער־פאַבריקאַנטן און פון די האָלץ־ און אייזן־אינדוסטריאַלן. אויך דער יידישער קליין־האַנדל, דער וואָס ווערט געפירט פון די „קווענטעניקעס", איז צענטראַליזירט אין צוויי מעכטיקע קאָאָפּעראַטיוועס, די „ערשטע קאָאָפּעראַטיווע" פון דער גאַס היפּאָליטאָ איריגאָזשען, און די „צווייטע" פון דער קאַנגאַזשאָ־גאַס. זיי, צוגלייך ווי די קרעדיט־אָרגאַניזאַציעס, זיינען דער אויסדרוק פון אַן אויטענטישן קאָאָפּעראַטיוויזם וואָס באַגינסטיקט אַ סך הונדערטער קליינע סוחרים, בעלי־מלאכה און פאַבריקאַנטן.

## געזעלשאַפטלעכער כח

קאָאָפּעראַטיוויזם מיינט צוזאַמענאַרבעט פון מענטש מיט מענטש, פון חבר מיט חבר. קאָאָ־פּעראַטיוויזם מיינט אויך גלייכע רעכט און גלייכע התחייבותן. אָבער איבער אַלץ איז קאָאָפּעראַ־טיוויזם דער אויסדרוק פון עקאָנאָמישער דעמאָקראַטישקייט: נישט וויכטיק איז דער קאַפּיטאַל וואָס יעדערער האָט צוגעטראָגן אין דער אָרגאַניזאַציע. אַ גרעסערער געלט־צושטייער גיט נישט

קיין גרעסערע רעכט. אַ עיקרדיקער דעמאָקראַטישער פרינציפ פונעם קאָאָפעראַטיוויזם איז: איין מיטגליד — איין שטימע, נישט נעמענדיק אין אַכט דעם סכום פונעם צוגעטראָגענעם קאַפּיטאַל, דאָס הייסט די צאָל אַקציעס. דער דאָזיקער פרינציפ דאַרף אָפּהיטן דעם פּאָלקסטימלעכן כאַראַקטער פון די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס און דערמאָנען זייערע אָנפירער, אַז עס איז זייער חוב אָפּצוהיטן די אינטערעסן פון דער מיטגלידערשאַפט וואָס איז דער אמתער באַלעבאָס פונעם פאַרמעג פון דער קאָאָפּעראַטיווע.

די קאָאָפּעראַטיוויסטישע עסקנים אונדזערע פאַרשטייען אָבער אויך אַז די קאָאָפּעראַטיווע איז אַ פאַרמעג פונעם כלל, פונעם ישוב אַלס גאַנצן, פון וועלכן די קאָאָפּעראַטיווע מיטגלידער זיינען אַ טייל. די מער באַוווּסטע יאָרלעכע פאַרזאַמלונגען פון אונדזערע יידישע אינסטיטוציעס זיינען די מיטגלידער־פאַרזאַמלונגען פון די קאָאָפּעראַטיוועס, ווו מען קען זען, ביי אַ סך פאַלן, ווי הונדערט אַקציאָנערן זאָגן זיך אָפּ פון די דיווידענדן וואָס עס קומט זיי, בכדי זיי זאָלן פאַרווענדט ווערן פאַר גרויסע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־הצטרכותן, ווי שטיצן וווילטעטיקע אַנשטאַלטן און בויען שולן.

די פאַרוואַלטונג פון יעדער קאָאָפּעראַטיווע ציילט אין דורכשניט 15 מיטגלידער. אויב מיר זאָלן רעכענען אַז עס זיינען פאַראַן קרוב צו 200 אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס אין דער הויפּטשטאָט, אין גרויס בוענאָס־איירעס און אויף דער אַרגענטינער פּראָווינץ — קומט אויס אַז אין סך־הכל ווערן זיי אָנגעפירט פון אומגעפער דריי טויזנט עסקנים. דאָס איז אַ געזעלשאַפטלעכער אַקטיוו, וואָס פאַרדינט אָפּגעשאַצט צו ווערן.

דער יידישער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוויזם אין אַרגענטינע איז אַ פאַקטאָר אינעם היגן עקאָנאָמישן לעבן, אָבער אויך אַ פעסטער יסוד און וויכטיקער אָנשפּאַר פאַר דער אַלגעמיינער כלל־אַרבעט. דער וווּקס פון אונדזער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוויזם האָט אויך געמיינט אַ גאָר באַדייטנדיקע שטיצע, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, פאַר אונדזערע סאָציאַלע און קולטור־מוסדות. ציפערן וועגן דעם ענין וואָלטן אַנטפּלעקט אַ גאָר אינטערעסאַנט בילד און אָנגעוויזן אויף אַ נייער טענדענץ וואָס וועט מיט דער צייט שפּילן אַ נאָך גרעסערע ראָל אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

## יידישע קאָאָפּעראַטיוועס וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין דער אַרגענטינער פעדעראַציע פון קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס

| | |
|---|---|
| קאַכאַ דעל אָנסע | וואַלענטין גאָמעס 2978 |
| על סאָל | רעפּובליקאַ אָריענטאַל דעל אורוגוויי 327, מאָראָן |
| קאַבאַזשיטאָ | ק׳׳איס וויאַלע 749 |
| וויזשאַ קרעספאָ | ווערא 736 |
| ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ | פּאַסאָ 587 |
| פּערוואַנטעס | ניקאַסיאָ אָראָניאָ 2082 |
| לאָס אַנדעס | קאַנגאַזשאָ 2194 |
| טרעס אַראָזשאָס | טרעס אַראָזשאָס 752 |
| קאַכאַ פּאָפּולאַר פלאָרידאַ | קאַרלאָס פּ. מעלאָ 1853, פלאָרידאַ |
| לאַ אינדוסטריאַל | קאָריענטעס 2783 |
| קאַכאַ פּאָפּולאַר בעלגראַנאָ | אַמענאַבאַר 2968 |
| קאָריענטעס | קאָריענטעס 2791 |
| ליניערס | ראַמאָן פאַלקאָן 6387 |
| פלאָרעסטאַ נאָרטע | מאָראָן 3067 |
| לאַ אוניאָן | גאַאָנאַ 81־2571 |

| | |
|---|---|
| לאָמאַס דע סאַמאָראַ | לאַפרידאַ 432, לאָמאַס דע סאַמאָראַ |
| קאַסאַ קאָמערסיאַל | קאָריענטעס 4720 |
| וועלעס סאַרספיעלד | סעגוראָלאַ 1129־33 |
| אַלמאַגראָ | קאַנינג 122 |
| ווייזשאַ לוראָ | לאָפּע דע וועגאַ 1300 |
| סאַנטאָס לוגאַרעס | אַלפּאַטאַקאַל 1401, סאַנטאָס לוגאַרעס |
| דעל סוד | פּאַוואָן 4635, לאַנוס |
| פּאַרקע טשאַקאַבוקאָ | פּאַוואָן 4219 |
| על ליבערטאַדאָר | אַוועניִדאַ סאַן מאַרטין 6853 |
| נועוואַ טשיקאַגאָ | מאַרטיניאַנאַ לעגיסאַמאָן 1862 |
| ווייזשאַ סאַהאָרעס | גאַווילאַן 2148 |
| סאַן מאַרטין | סאַן לאָרענסאָ 189, סאַן מאַרטין |
| סאַן פערנאַנדאָ | קאָנסטיטוסיאָן 1470, סאַן פערנאַנדאָ |
| פלאָרעסטאַ | סעגוראָלאַ 1595 |
| וואַרעלאַ | וואַרעלאַ 1270 |
| מערקאַנטיל אונידאַ | מאַלאַביאַ 539 |
| פּאַלערמאָ | אַנכעל גאַזשאַרדאָ 752 |
| טוקומאַן | קאָריענטעס 5286 |
| 25 דע מאַזשאָ דע ל. דע סאַמאָראַ | אַוועניִדאַ מעקס 356, לאָמאַס דע סאַמאָראַ |
| מאַלדאָנאַדאָ | פרינגלעס 986 |
| 25 דע מאַזשאָ | כענעראַל מאַנועל א. ראָדריגעס 1162 |
| לאַוואַזשעכאַ | קאַנגאַזשאָ 2672 |
| פּועירעדאָן | פּועירעדאָן 667 |
| ווייזשאַ אורקיסאַ | וואַלדענעגראָ 3470 |
| אַנטעסאַנאַ | אַנטעסאַנאַ 145 |
| לאַ אַמיסטאַד | אַזקוענאַגאַ 278 |
| ווייזשאַ לוגאַנאָ | מיראַזשאַ 2735 |
| ווייזשאַ רעאַל | פּעדראָ לאָסאַנאָ 5276 |
| אָלידען | אָלידען 1245 |
| סענטענאַריאָ | ליִאיס מאַריאַ דראַגאָ 158 |
| לאַ טעקסטילערא | קאָריענטעס 4136 |
| קאַזשאַאָ | קאַנגאַזשאָ 1760 |
| דיאַס וועלעס | דיאַז וועלעז 3964 |
| על האָגאַר דע פּאַרקע פּאַטריסיאָס | סאַאַוועדראַ 344 |
| פּאַרקע | קוענקאַ 2567 |
| על פּאָרוועניר | וועלאַזקאָ 710 |
| באָקאַ אי באַראַקאַס | דאַניעל סערי 1528 |
| לאַ קאָנפיאַנסאַ | סאַנאַבריאַ 2260 |
| אַמעריקאַ דעל סוד | מאַלאַביאַ 229 |
| דעוואָטאָ לינטש | סאַלוואַדאָר מ. דעל קאַריל 2762 |
| קאָאָפּערמאַזשאָר | לאַרעאַ 574 |
| סאָלידאַרידאַד | אינדעפּענדענסיאַ 2880 |
| סעראַנאָ | אַסעוועדאָ 566 |
| לאַ וויקטאָריאַ | בערמודעס 1465 |
| פּאַסאָ | פּאַסאָ 424 |

## דער וווקס פון די 7 גרעסטע יידישע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס
## במשך די לעצטע 5 יאָר

| קאָאָפּעראַטיווע | צאָל מיטגלידער 1957 | צאָל מיטגלידער 1962 | אַקציען־קאַפּיטאַל 1957 | אַקציען־קאַפּיטאַל 1962 | אַרויסגעגעבענע קרעדיטן 1957 | אַרויסגעגעבענע קרעדיטן 1962 | אַקציאָנערן־פּאָנד 1957 | אַקציאָנערן־פּאָנד 1962 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| „פּלאָרעסטאַ" — — — | 3.980 | 8.060 | 3.296.900 | 33.846.900 | 54.055.183 | 609.594.554 | 24.781.534 | 287.411.276 |
| „וויזשאַ לוראָ" — — | 2.419 | 5.510 | 1.958.075 | 26.775.100 | 35.408.249 | 547.606.000 | 15.010.130 | 245.445.000 |
| „וועלעס סאַרספּילד" — | 2.858 | 6.074 | 2.652.650 | 26.302.660 | 42.216.670 | 493.312.718 | 16.433.078 | 196.901.236 |
| „בוענאָס איירעס" — — | 2.351 | 3.750 | 3.859.885 | 32.270.945 | 34.720.824 | 250.802.544 | 11.697.038 | 76.997.755 |
| „בעלגראַנאָ" — — — | 1.711 | 3.146 | 874.800 | 12.305.750 | 16.066.006 | 212.672.150 | 6.210.531 | 86.400.649 |
| „לאַוואַזשעכאַ" — — | 1.792 | 3.987 | 3.280.160 | 18.750.300 | 21.145.200 | 197.460.700 | 7.921.000 | 71.143.200 |
| „ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ" — | 2.290 | 3.147 | 4.749.400 | 11.681.269 | 53.673.487 | 142.225.903 | 37.481.646 | 93.878.775 |

ד״ר ל. זשיטניצקי

# דער ייִדישער אָנטייל אין דער אַרגענטינישער קולטור, קונסט און וויסנשאַפט

## א.

ביז איצט האָט מען נאָך נישט גענוג אָפּגעשאַצט דעם ייִדישן בייטראָג אויף אַלע געביטן פונעם אַרגענטינער פּראָגרעס. מען זעט נאָר די עקאָנאָמישע זייט, די אָרגאַניזאַציע פון די ייִדישע בענק, די ייִדישע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון און אויך פאַרשיידענע מינים קאָרפּאָראַציעס. מען זעט אויך אויסגעבויטע בנינים פאַר פילאַנטראָפּישע, געזעלשאַפטלעכע און דערציִונגס־צוועקן, — מען זעט אַלץ, וואָס מען קען אויפכאַפּן מיטן אויג, אָבער מען זעט נישט די זאַפטן, וואָס גייען אין דער ברייט און גראָבן אין דער טיף. דער אמת איז, אַז ייִדן האָבן אַ סך בייגעטראָגן פאַרן גייסטיקן פּראָגרעס פון אַרגענטינע, — אויפן געביט פון דער אַלגעמיינער קולטור, ווּיסנשאַפט און קונסט. די געשיכטע וועגן דעם בייטראָג איז גאָר נישט קיין קליינע און עס לוינט אַריינצוּבליקן אַ ביסל טיפער אין דער רעאַליטעט פונעם ייִדישן זיין אין אַרגענטינע און צו אַנאַליזירן זיי אַנטוויקלונג פונעם היגן ייִדישן לעבן אין פאַרבינדונג מיטן אַלגעמיינעם פּראָגרעס פונעם לאַנד. דעמאָלט קומט מען צו מסקנות, וואָס ייִדישע שונאים וועלן קיינמאָל נישט וועלן אָנערקענען. האָבן ייִדן בייגעטראָגן פאַר דער אַלגעמיינער ווּיסנשאַפט אין אַרגענטינע? מען האָט ביי אונדז קיינמאָל נישט געפירט וועגן דעם קיין ספּעציעלן רעגיסטער, עס פעלט דער פּינקס פון די אַמאָליקע צייטן, וואָס האָט אַלץ פאַרצייכנט. דאָס איז גאָר אַ גרויסער שאָד, ווייל אַ סך נעמען ווערן פאַרגעסן און אַ סך נעמען קומען נישט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט בכלל, בלייבן ערגעץ־ווו אין די אַרכיוון, אויך מחמת דעם, ווייל דעם ייִדישן בוענאָס־איירעס און דעם ייִדישן אַרגענטינע בכלל פעלט די געהעריקע געזעלשאַפט אָדער אינסטיטוציע, וואָס זאָל פירן דעם חשבון פון דער ייִדישער שעפערישקייט אינעם לאַנד. טיילווייז קען מען עס נאָך וויסן וועגן בוענאָס־איירעס גופא, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז אין די פאַרשיידענע פּראָווינץ־שטעט, ווי קאָרדאָבאַ אָדער מענדאָסאָ, סאַנטאַ־פּע אָדער טוקומאַן זיינען פאַראַן ייִדן וואָס פאַרנעמען אַ געוויסן אָרט אין דער ווּיסנשאַפט און אין דער אוניווערזיטאַרישער אַרבעט, אָבער זייערע נעמען ווערן אַזוי פאַרשלונגען, אַז זיי ווערן פולשטענדיק אַסימילירט אינעם אַלגעמיינעם קאַטאַסטער און ס׳איז אוממעגלעך מען זאָל וויסן אַז עס האַנדלט זיך וועגן מענטשן פון ייִדישן אָפּשטאַם.

האָבן ייִדן אַ חלק אינעם פּראָגרעס פון דער אַרגענטינער ווּיסנשאַפט? דער ענטפער קען זיין נאָר אַ פּאָזיטיווער. אַרגענטינע איז נאָך פאַרהעלטנישמעסיק אַ יונג לאַנד און האָט נאָך נישט געשאַפן קיין גינציקע באַדינגונגען פאַר אַ נאָרמאַליזירטער אַנטוויקלונג פון דער ווּיסנשאַפט. אַזעלכעס קומט פאָר אין יעדן יונגן לאַנד, אָבער דאָס האָט לחלוטין נישט געשטערט, אַז אין די אַרכיוון פונעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון בוענאָס־איירעסער אוניווערזיטעט זאָלן ליגן און פאַרשטויבט ווערן ביי אַ פיר הונדערט דיסערטאַציע־טעזיסן פון ייִדישע מעדיקער, ספּעציעל צוגעשטעלטע אויף צו באַקומען דעם דאָקטאָראַט. צווישן זיי געפינען זיך ביז גאָר וויכטיקע מעדיציניש־ווּיסנשאַפטלעכע אַרבעטן, און נישט נאָר די אַרבעטן, נאָר אַפילו די נעמען פון די דיסערטאַנטן בלייבן אומבאַקאַנט. נישט ווייניק ייִדן צייכענען זיך אָבער אויס אין דער אַרגענטינער מעדיצינישער ווּיסנשאַפט, ווי קאַטעדראַטיקער, אָבער אויך אין דעם פאַל לעבט דער

יידישער מעדיקער־וויסנשאַפטסמאַן אין ספּעציעלע אומשטענדן. געצויג צו דערמאָנען אַזעלכע צוויי נעמען, ווי ד״ר בערקאָנסקי אין קאַרדיאָלאָגיע און ד״ר א. קאַמינסקי אויפן געביט פון הויט־קראַנקייטן. ד״ר בערקאָנסקי האָט דורכגעפירט וויכטיקע פאָרשונגען אויפן געביט פון האַרץ־קראַנקייט ביי יידן און נישט־יידן. זיינע אַרבעטן זיינען געוואָרן אַן אָריענטאַציע פאַר אַ סך מעדיקער. פון דעסט וועגן פעלט דעם ד״ר בערקאָנסקי די קאַטעדרע פון וואַנען ער זאָל



ליובאַ גייכמאַן: דער נביא (סקולפּטור).

קענען אויסבילדן סטודענטן פאַר דער מעדיצינישער וויסנשאַפט. און ענלעכס געשעט מיט ד״ר קאַמינסקי, וועמענס נאָמען אַליין מעדיקער־וויסנשאַפטמאַן האָט אַ רעזאָנאַנס אין דער גאַרער מעדיצינישער וועלט. ביידע דערמאָנטע האָבן אַפילו זייער אָפּשאַצונג אין דער אַרגענטינער נישט־יידישער וויסנשאַפטלעך־מעדיצינישער וועלט, דאָך נישט אין דער מאָס, וואָס זיי פאַרדינען.

מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף צוויי נעמען, וואָס האָבן אויך זייער רעזאָנאַנס אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, אָבער נאָר ווי מעדיקער און נישט ווי פאַרדינסטפולע וויסנ־

שאַפּטסלייט. פאַראַן אויך צווישן יונגע ייִדישע מעדיקער אַזעלכע וואָס צייכענען זיך אויס אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפטלעכער וועלט, אָבער זייערע נעמען בלייבן לחלוטין פאַרטושט און אומבאַקאַנט. די שאַפונג און די אָרגאַניזאַציע פון דער אָדאָנטאָלאָגישער אָפּטיילונג ביים מע־ דיצינישן פאַקולטעט פון בוענאָס־איירעסער אוניווערזיטעט איז די אַרבעט פונעם פאַרשטאָר־



ליובאַ גייכמאַן: דער אַרבעטער" (סקולפּטור).

בענעם פּראָפעסאָר ד״ר זשאַבאָטינסקי. אויך אין דער פּסיכיאַטריע צייכנט זיך אויס דער ייִדי־ שער מעדיקער ד״ר סאַלאָמאָן טשיטשעלניצקי, וואָס האָט אַ סך בייגעטראָגן פאַר דער פּסיכיאַ־ טריע אין אַרגענטינע. ער צייכנט זיך אויס אויף דעם געביט מיט זיינע פאָרשונגען. איינע פון זיינע לעצטע פאָרשונגען אויפן געביט פון פּסיכיאַטריע „סינדראָמעס נעוראָפּסיקיאַטריקאָס דע

לאָס טומאָרעס דעל לאָבולאָ פראָנטאַל" האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער אוניוווער־סאַלער מעדיצינישער וועלט און דאָס ווערק איז אויפגענומען געוואָרן קריטיש־פּאָזיטיוו און אויך ווי אַ לערנווערק פאַר ספּעציאַליזירטע מעדיקער. אויפן געביט פון גינעקאָלאָגישער מע־דיצין פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן דער יונג־פאַרשטאָרבענער ד"ר דובראָווסקי, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ גאַנצע ריי וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, פאַרעפנטלעכטע אין פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן אין לאַנד און אין אויסלאַנד. אייניקע פון זיינע אַרבעטן ווערן אויך באַנוצט אויף דער קאַטעדרע פונעם זעלבן קעגנשטאַנד אין מעדיצינישן פאַקולטעט פון בוע־נאָס־איירעסער אוניווערזיטעט.

אויך דאַרף מען דערמאָנען דאָס ווערק פון ד"ר טעאָדאָר סלאָנימסקי „די משפחה און מענטשלעכע באַציונג", אַ ווערק פון אַ פאָרשונגס־כאַראַקטער, וואָס איז אין דער זעלבער צייט אַ טיפע פאָרשונג פון אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער וועגן דער סטרוקטור פון די משפּחה־באַציונגען צווישן עלטערן און קינדער, צווישן קינדער פון איין פאָטער און מוטער אאַז"וו, גע־זען פון מעדיצינישן שטאַנדפּונקט, — אַ בוך, וואָס הייבט אויף אַ מין פאָרהאַנג איבער דער משפּחה־מיסטעריעזקייט.

אַ ווערק וואָס געווינט אַ באַזונדערע באַדייטונג אויפן געביט פון פּסיכאָ־אַנאַליז איז ד"ר דוד ליבערמאַנס „די קאָמוניקאַציע אין דער פּסיכאָאַנאַליטישער טעראַפּעווטיק", — ס'איז אַן אַרבעט פון אַ טיפן דענקער, וואָס ברייטערט אויס די טעאָריע פון פּסיכאָאַנאַליז און ווייזט אַן אויפן אופן פון איר אַנווענדונג אין דער מעדיצינישער פּראַקטיק אויפן געביט פון פּסיכישע און אַנדערע ענלעכע דעפעקטן.

דאָ ווערן געבראַכט נאָר אייניקע נעמען, הגם די צאָל יידישע מעדיקער, וואָס איבן אויס נישט נאָר אין זייער פּראָפעסיע, נאָר געבן זיך אויך אָפּ מיט מעדיציניש־וויסנשאַפטלעכע פאָר־שונגען, איז אַ סך אַ גרעסערע. צווישן גאָר יונגע מעדיקער, וואָס האָבן זיך דורכגעלייגט אַ פאַר־דינטן וועג אויך צו דער אוניווערסאַלער מעדיצינישער וויסנשאַפט זיינען דער יונגער קאַר־דיאָלאָג ד"ר לעאָנאַרדאָ טשאַיט און דער יונגער קאַנסעראָלאָג ד"ר יוסף שאַוועלזאָן (כאָסע שאַ־וועלזאָן), —ביידע זיינען מיטגלידער פון די אָנגעזעענסטע אינטערנאַציאָנאַלע מעדיציניש־וויסנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. ביידע ווערן גאַנץ אָפט גערופן זיך צו באַטייליקן אין וויכטיקע אינטערנאַציאָנאַלע מעדיצינישע קאָנגרעסן, אויסשליסלעך פאַר זייערע וויכטיקע וויסנשאַפט־לעכע אַרבעטן. צו זיי געהערט אויך ד"ר סאַמועל טאַרנאָפּאָלסקי מיט זיינע מעדיצינישע אַר־בעטן וועגן רעומאַטישע קראַנקייטן, הוץ וואָס ער איז אַן אָנגעזעענער אַרגענטינער שרייבער, טיילווייז אויך אויף היסטאָרישע טעמעס פון גרויסער וויכטיקייט. אַ באַזונדערן אָרט פאַרנעמט ד"ר שטיינגאַרט ווי דער ערשטער יידישער אַקאַדעמיקער. די סאָציאַלע טעמע אין דער מע־דיצין האָט דער ערשטער אין אַרגענטינע באַרירט ד"ר חיים פּאַוועלוקעס.

יידן זענען באַטייליקט אויף אַלע געביטן פון דער אַרגענטינער וויסנשאַפט, נישט נאָר אין דער מעדיצין, און מען געפינט זיי אין דער פילאָסאָפישער און היסטאָרישער וויסנשאַפט. גענוג צו דערמאָנען דעם ד"ר דוכאָוונע, דעם זון פון קאָלאָניסט און אַ קינד פון דער קאָלאָניע, וואָס האָט זיך דורכגעלייגט אַ וועג צו דער פילאָסאָפישער וויסנשאַפט ווי ער פאַרנעמט אַן אָנגע־זעענע פּאָזיציע דורך זיינע פאַרעפנטלעכטע ווערק אויפן געביט פון פילאָסאָפיע צווישן וועלכע עס צייכנט זיך אויס זיין דרייבענדיק ווערק וועגן שפּינאָזאַן, זיין פּאָפּולער ווערק וועגן יידישער פילאָסאָפיע און אַנדערע ווערק פון אַ גרויסן באַטייט פאַר דער אַרגענטינער וויסנשאַפט און קולטור. אין זין פון דער פילאָסאָפישער וויסנשאַפט גייט ד"ר לעאָן דוכאָוונע אין שפּיץ פון אַלע אַרגענטינער וויסנשאַפטסלייט. ד"ר לעאָן דוכאָוונע איז כמעט דער איינציקער צווישן די יידן, וואָס האָבן זיך געווידמעט דער פילאָסאָפישער וויסנשאַפט. ער האָט אויך דורכגעמאַכט דעם יורידישן פאַקולטעט און גיט זיך אָפּ מיט יוריספּרודענץ. אין דערזעלבער צייט האָט ער אויך באַרייכערט דעם אַרגענטינער קולטור־ און וויסנשאַפטס־געדאַנק מיט אַ צאָל איבערזע־

צונגען פון וויכטיקע יידישע ווערק, ווי דובנאָווס „יידישע געשיכטע", און אַנדערע וויכטיקע ווערק פון יידישער היסטאָרישער און פילאָסאָפישער טעמאַטיק.

די יונגע יידישע וויסנשאַפטלערן בערטאַ פּערעלשטיין, אַן איבערצייגטע מאַרקסיסטן פון לינקער ריכטונג, האָט פאַרעפנטלעכט אַן אינטערעסאַנט ווערק „פּאָזיטיוויזם און אַנטיפּאָזיטי־וויזם אין אַרגענטינע". עס איז דאָס ערשטע ווערק וואָס באַטראַכט די פילאָסאָפישע שיטה אין אַרגענטינע פון אַ מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט ביי דער געלעגנהייט זאָל אויך דערמאָנט ווערן דער יונג־פאַרשטאָרבענער ד"ר כאַסקעלעוויטש, אַן איבערצייגטער קאַנטיאַנער, וועמעס ווערק וועגן אַר־סטאָטעלעס לערע וועגן נשמה, שטעלט פאַר דעם דערמאָנטן ד"ר כאַסקעלעוויטש ווי אַ דענקער פון אָריגינאַליטעט און פאַרנעם. ליידער איז ער זייער יונג געשטאָרבן און האָט נישט באַוויזן אויסצונוצן זיינע פילאָסאָפישע קענטענישן לטובת דער וויסנשאַפט און קולטור אין אַרגענטינע.



לאה לובלין: „שטורעם" (איילבילד).

אין די אַרגענטינער היסטאָרישע וויסנשאַפטן טרעפט מען אויך אַ גאַנצע ריי יידן וואָס פאַרנעמען אַ באַדייטנדיקן אָרט. ד"ר אַנכעל ראָסנוואַסער ווערט באַטראַכט פאַרן בעסטן אַר־גענטינער עגיפּטאָלאָג. זיין קליין ביכל „די אַמאַטעירן פאָעזיע אינעם אַלטן עגיפּטן" איז אַ פּאָפּולערער שטודיום, וואָס ווערט באַנוצט פון די אַלע, וואָסווידמענען זיך דער היסטאָרישער וויסנשאַפט פון די אַלטערטימלעכע צייטן. אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַרגענטינער־היסטאָ־רישער פאָרשונג פאַרנעמט ד"ר אַלבערטאָ פּאַלקאָס מיט זיינע ווערק וועגן אַרגענטינער היס־טאָרישע פּערזענלעכקייטן אין ניינצנטן יאָרהונדערט. פאַראַן אויך אַ מיינונג, אַז ריקאַרדאָ לע־יוענע אייגנטלעך דער, וואָס האָט אָרגאַניזירט און געגעבן אַ ריכטונג דער אַרגענטינער היס־טאָרישער וויסנשאַפט און האָט אויך דער ערשטער פאַרפאַסט די גרויסע צענבענדיקע גע־שיכטע פון אַרגענטינע, שטאַמט פון ספרדישע יידן. אַ גאַנץ נייעם טאָן אין דער אַרגענטינער

היסטאָרישער פאָרשונג האָט אַריינגעבראַכט באָלעסלאַוו לעווין. זיין ווערק וועגן יידן אין אַר־גענטינע אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע, ווי אויך וועגן דער אינקוויזיציע אין לאַטיין־אַמעריקע, און באַזונדערס זיין גרויס און אינטערעסאַנט ווערק וועגן „טופּאַק אַמארו" שטעלן אים פאַר ווי דעם געשיכטע־שרייבער פון פאַרנעם, וואָס האָט געשאַפן זיין אייגענע פאָרעם און סטיל פון געשיכטע־פאָרשונג. לעצטנס טיילט זיך אויס אויפן געביט פון אַרגענטינער געשיכטע מאַרקאָס מערטשענסקי. זיין ווערק „די אידעאָלאָגישע ריכטונגען אין דער געשיכטע פון אַר־גענטינע", הגם דאָס ווערק איז שטאַרק קריטיקירט געוואָרן, פאַרדינט דאָך אַן אינטערעס, טאָקע ווייל ער באַטראַכט די אידעאָלאָגישע ריכטונגען אין דער אַרגענטינער געשיכטע פון אַ היינטצייטיקן שטאַנדפּונקט.

נישט ווייניקער צייכענען זיך אויס יידן אין דער יוריספּרודענץ און עקאָנאָמיש־סאָציאַלע וויסנשאַפטן. דער ד"ר י. ווינער געהער צו די וואָס האָט אָרגאַניזירט די מלוכהשע בוכפירונג און האָט אויך געהאַט די קאַטעדרע פאַר דער דאָזיקער וויסנשאַפט. אַ צווייטער יידישער עקאָ־נאָמיסט איז גערופן געוואָרן צו אָרגאַניזירן די מלוכהשע שטייער־אָרגאַניזאַציע. דאָס אָרגאַ־ניזירן דעם שטייער־אַפּאַראַט איז די אַרבעט פון ד"ר ס. ראַפּאַפּאָרט און די אָרגאַניזאַציע איז אָוועקגעשטעלט אויף אַ וויסנשאַפטלעכן יסוד. אויפן געביט פון דער עקאָנאָמיק צייכנט זיך אויס ד"ר שעפּס, וועלכער איז גערופן געוואָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אויף אַ ציקל לעק־ציעס אויף עקאָנאָמישע טעמעס. ד"ר שעפּס פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַרגענ־טינער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט. דער אינזשיניער דאָרפמאַן, באַקאַנט מיט זיינס אַ וויכטיקער אַרבעט וועגן דער אַרגענטינער עקאָנאָמיק, איז פאַרבעטן געוואָרן פון דער „סעפּאַל" ווי אירס אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער און אָקאָרשט נישט־לאַנג איז ער געווען דעלעגירט פון דער דאָ־זיקער אָרגאַניזאַציע קיין מעקסיקע צו רעדן וועגן דער עקאָנאָמיק פון לאַטיין־אַמעריקע.

אויך די אַרגענטינער יוריספּרודענץ האָט צו פאַרצייכענען יידישע יוריסטן, וואָס האָבן מיט זייער וויסן מיטגעשטייערט צו דער באַרייכערונג פון די אַרגענטינער רעכט־וויסנשאַפטן. ד"ר אַנטאָקאָליעץ, אַ ייד פון ליטע, וואָס האָט אגב אין אַרגענטינע אַזוי זיך אַסימילירט, אַז ער האָט אַפילו נישט געוואָלט אָנערקענען זיין יידישקייט, האָט דער ערשטער זיך געווידמעט דעם שטודיום פון אַרגענטינער אַרבעטער־ און אַרבעטס־רעכט און זיין אַרבעט אויף דעם גע־ביט איז דאָס ערשטע ווערק וואָס האָט דעם אַזוי־גערופענעם לאַבאָראַלן רעכט געגעבן איינ־האַלטן און אינטערפּרעטאַציע. דער טראַגיש־אומגעקומענער ד"ר סאַטאַנאַווסקי איז געווען פאַררעכנט פאַרן בעסטן קענער און וויסנשאַפטסמאַן פונעם אַרגענטינער האַנדלס־רעכט. זיינע אַרבעטן אויף דעם געביט זיינען אַ וועגווייזער פאַר סטודענטן ביים שטודירן דעם קעגנשטאַנד. פון די יונגע יוריסטן צייכנט זיך אויס ד"ר איגנאַציאָ וויניצקי, וואָס האָט אַ גאַנצע ריי וויכ־טיקע אַרבעטן און האָט אַ קאַטעדרע אינעם אוניווערזיטעט פון לאַ פּלאַטאַ. ד"ר קרייזעלבורד צייכנט זיך אויס מיט זיינע אַרבעטן וועגן קרימינעלן רעכט און ד"ר איסאַק גאָלדענבערג ווערט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע קענער פונעם רעכט וועגן אַנאָנימע אַקציען־געזעל־שאַפטן.

באַזונדערס אָנזעעוודיק זיינען יידן פאַרטראָטן אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור. דער דריילינג: אַלבערטאָ גערשונאָוו, סאַמועל אייטשעלבוים און צעזאַר טיעמפּאָ פאַרנעמען אַן אויי־בנאָן, — אַלבערטאָ גערשונאָוו אין דער פּראָזע, סאַמועל אייטשעלבוים אין טעאַטער און צעזאַר טיעמפּאָ אין דער דיכטונג אַלע דריי פאַרנעמען זיי אַ באַזונדערן און בכבודיקן אָרט. אַלבערטאָ גערשונאָווס „יידישע גאָוטשאָן" ווערן באַטראַכט ווי אַ קלאַסיש ווערק אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור. גערשונאָוו דערציילט אין זיין בוך „ענטרע־ריאָס — מיין לאַנד" זיין ביאָגראַפיע און אין דעם ווערק אידענטיפיצירט ער זיך מיט אַרגענטינע. חוץ אין זיינע „יידישע גאָוטשאָן" באַרירט ער נישט אין זיינע אַנדערע ווערק די יידישע טעמע. דאָך אין זיין ביכל דערציילונגען „דערציילונגען פון נעכטן", באַזונדערס אין אַ דערציילונג וואָס טראָגט דעם נאָמען „דער טאָג פון גרויסע פאַרדינסטן", שפּירט מען דעם יידישן ווייי פון אַ סטודענט וואָס וויל לערנען און

עס פעלט אים די מיטלען. דעם ייִדישן ווײַ פילט מען אינעם הומאָר, וואָס איז דורכגעדרינגען מיט טרויער די „ייִדישע גאַוטשן״ און „דערציילונגען פון נעכטן״ זיינען די בעסטע פון זיינע ווערק, די אַנדערע ווערק זיינע ווי „דער מאַן וואָס האָט גערעדט אין סאָרבאָנע״, „דער וויכטיקער מאַן״, „דאָס ליבע־לעבן פון ברוך שפינאָזע״ און אַנדערע, טראָגן מער אַ פּובליציסטישן כאַראַקטער. אָבער שוין דאָס ווערק „ייִדישע גאַוטשן״ איז אַזאַ מאָנומענטאַל ווערק, אַז עס מאַכט אַלבערטאָ גערשונאָוון פאַר אַ בכבודיקן בירגער פון דער אַרגענטינער ליטעראַטור מיט אַן אויבנאָן אין איר מזרח־וואַנט. קיינער האָט אַזוי נישט אויפגעכאַפּט דעם ייִדישן מענטש אויפן אַרגענטינער באָדן, איבער די ערדן פון ענטרע־ריאָס, ווי אַלבערטאָ גערשונאָוו. ער שילדערט די ייִדן, וואָס זענען געקומען מיט אַ טיפער אידייע און גרויסער איבערצייגונג צו ווערן אמתע ייִדישע פויערים, — די מענטשן אין וועמענס שוואַרצאַפּלען עס שפּיגלען זיך די טויזנטיאָריקע וואַנדערונגען איבער דער גאָרער וועלט און אומעטום און איבעראַל פירן זיי מיט זיך



לויִסאַ רייסנער־רובינס מיט איר בילד „דאָס פרינצל״; פאָטאָגראַפיע אין סאַלאָן פויסער.

דעם „ספר הספרים״, טראָגן עס אין האַרץ און אין דער נשמה, כאָטש נישט גרינג קומט זיי אָן דאָס פאַרוואָרצלען זיך אינעם נייעם באָדן, דאָך וועלן זיי גובר זיין, — די ייִדישע קלאַסישע עקשנות איז פעיִק אַפילו אייזן צו ברעכן. און ווי שיין איז דער מאָמענט ווען ער שילדערט, ווי דער ייִדישער קאָלאָניסט ניגונט אויס דעם תהילים, וואָס גיסט זיך צוזאַמען מיט דער טרויעריקער מעלאָדישקייט פון דער „ווידאַליטאַ״.

אַלבערטאָ גערשונאָוו פאַרנעמט דעם בכבודיקן אָרט אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור און ווערט באַטראַכט פאַר איינעם פון די בעסטע סטיליסטן פון דער שפּאַנישער שפּראַך אויפן לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנטינענט. זיין סטיל ווערט באַנוצט ווי אַ מוסטער און די מעלה פון זיין שפּראַך איז דאָס וואָס זי צייכנט זיך אויס מיט איר לייכטקייט און שפּילעוודיקייט.

נאָך אַלבערטאָ גערשונאָוו פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור אייטשעלבוים, אַ קאָלאָניסטישער זון. סאַמועל אייטשעלבוים פאַראייניקט דריי זאַכן אויף אַמאָל. דערציילער, דראַמאַטורג און זשורנאַליסט, אָבער מער פון אַלץ ווערט גענומען אין באַ־

טראַכט זיין דראַמאַטורגיע, מחמת מיט איר האָט ער אַריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן אין אַרגענטינער טעאַטער. עקספּרעסיאָניסט אין זיין דראַמאַטורגיע, מיט אַ געוויסער נייגונג צו סימבאָליזם, האָט ער אַריינגעברענגט אינעם אַרגענטינער טעאַטער די דראַמע פון פּסיכאָלאָגישן קאָנפליקט. אָנגעהויבן האָט סאַמועל אייטשעלבוים מיט דער דערציילונג „די שטעטלשע רויִקייט", אָבער ריכטיקע אויפמערקזאַמקייט האָט ער געצויגן מיט זיין ווערק „דער מאָנסטער פון פרייהייט". שוין דאָ ווערט אַרויסגעבראַכט דער פּסיכאָלאָגישער קאָנפליקט, אָדער ריכטיקער געזאָגט, די אינערלעכע באַשרייבונג פונעם פּערסאָנאַזש, דעם סקעפּטיקער, וואָס זוכט זיך אַליין. בכלל צייכענען זיך אויס אייטשעלבוימס ווערק מיט „אינזיכיקייט", הגם דער דיאַלאָג פאַרנעמט אַ באַשטימענדיקן אָרט אין זיינע ווערק. זיינע דערציילונגען „גאָטס שטורעם" און „דער אומבאַוועגלעכער רייזנדיקער" זיינען ווערק וואָס ברענגען אַ גאַנצע ריי קליינע סקיצן אין וועלכע ער אַנאַליזירט אויף אַן איידעלן אופן דעם פּערסאָנאַזש אין דער עקספּרעסיוקייט פון זיין פּערזענלעכקייט, וואָס באַקומט אַ נאָך מער שאַרפן אויסדרוק אין זיינע טעאַטער־ווערק. דאָס נייע וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער אַרגענטינער דראַמע, איז: דאָס פּסיכאָלאָגישע וואָס באַוועגט זיך אין אַ קאָנטראַפּונקט פון אידייען. אין זיינע טעאַטער־ווערק „דער געוואַגטער פון 900", „איינער אַ סערוואַנדאָ גאָמעס", „דער קאַטער און זיין וואַלד", „די בושה ליב צו האָבן", „דער ליימענער פויגל" און אַלע אַנדערע דראַמאַטישע ווערק זיינע איז דער מחבר אויסן צו זאָגן, אַז דאָס לעבן באַווייזט שטענדיק דעם ריכטיקן ווערט פון יעדער זאַך אין אונדז. מען דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי עס צו באַהאַנדלען און עס אַרויסצוברענגען. דערביי שטרייכט ער אונטער אַ באַשטימטע אייגנאַרטיקייט פון די פּערסאָנאַזשן, ווייל גראָד די מער אינטעליגענטע באַהאַלטן זיך אין קאָנווענציאָנאַליזם, פעלשן און מיידן־אויס צו זיין דאָס, וואָס זיי זיינען אין דער ווירקלעכקייט, בעת די פּשוטע מענטשן, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין קולטור באַגרייפן אינסטינקטיוו וואָס זיי האָבן צו טאָן און האַנדלען מיט אַן אויפריכטיקן און גלייכן שכל הישר. סאַמועל אייטשעלבוים איז דער אויסגעשפּראָכענער אינדיווידואַליסט, אייניקע פון זיינע פּערסאָנאַזשן זיינען מעוברת מיט ניטשעאַניזם און די אויבערמענטשלעכקייט מאַכט זיי פאַר שוואַכלינגען, וואָס געפינען נישט קיין אָריענטאַציע.

סאַמועל אייטשעלבוימס דראַמאַטישע ווערק זיינען געווען און געוואָרן דער נייער גייסט פונעם אַרגענטינער טעאַטער. זיינע ווערק האָבן געשאַפן אַ נייע ריכטונג און געגעבן אַ נייע אָריענטאַציע דער אַרגענטינער בינע. פונקט אַזוי האָט עס געטאָן צעזאַר טיעמפּאָ מיט זיין דיכטונג. אין אונטערשייד צו אַלע אַנדערע ייִדן־שרייבער אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור האָט צעזאַר טיעמפּאָ געווידמעט זיין דיכטונג אויסשליסלעך דער ייִדישער טעמע. זיין דיכטונג טראָגט אַן אורבאַניסטישן כאַראַקטער. ער זעט דעם ייִדישן מענטשן אין זיין אורבאַניסטישער מעטאַמאָרפאָזע און דאָס פירט אים אַריין אויך אין אַ סאַטירישן טאָן. צעזאַר טיעמפּאָ איז דער מייסטער פונעם פערז, זיינע שפּראַך־וואַריאַציעס זיינען אַבסאָלוטע קונסט. אַ דאַנק דער סאַטירע מיידט ער אויס די געפאַר פון אַריינפאַלן אין פעליעטאָניסטישקייט און איינס פון זיינע בעסטע שליסל־ווערק צו זיין דיכטערישער פּערזענלעכקייט „פּערזן פאַר פויזע פון שבת" שטעלן אים אַוועק צווישן די מערסט־פּערסאָנעלע דיכטער פון דער אַרגענטינער ליטעראַטור. זיין קאָנצעפּט „סאַבאַדאָמינגאָ" איז אַ דעפיניציע, וואָס האָט געפונען בירגערשאַפט אין דער אַרגענטינער דיכטונג. צעזאַר טיעמפּאָ האָט פּראָבירט מיט דראַמע, אָבער ווייניקער גליקלעך. זיין ווערק „קריאָזשע־ברויט", ווו דער הויפּטפּערסאָנאַזש איז אַ ייִד, וואָס איז געוואָרן אַ ריכטער, פאַרמאָלט שוין נישט די אייגנאַרטיקייט וואָס זיין דיכטונג. זיין אָרט אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור פאַרנעמט ער אַ דאַנק זיין פּאָעזיע און נישט צוליב זיין דראַמאַטישן שאַפן, אגב נישט קיין באַזונדערס גרויסע, — צוויי אָדער דריי דראַמאַטישע ווערק.

סאַמועל גלוזבערג האָט זיך געווידמעט צו שטודירן די שטאָטישע ייִדן. ער האָט זיי שטודירט מיט אַ בליק פון אַ שמייכלענדיקן מענטשן און דעריבער זיינען זיינע פּערסאָנאַזשן סימפּאַטיש און אַ דאַנק דער סימפּאַטישקייט געווינען זיי אויך קאָמוניקאַטיווקייט. ער זעט דעם

יידן וואָס הייבט אָן אַריינצופּאַסן זיך אינעם קרעאָלישן לעבנס־שטייגער, נישט נאָר אויסער־לעך, נאָר אויך אינערלעך. ער פאַרקויפט הייליקע בילדער צו קאַטאָליקן, אָבער די קוויטונג גיט ער די קונים געשריבן מיט העברעישע בוכשטאַבן, ווייל קיין אַנדער כתב קען ער נישט. די פרויען פּאַסן זיך נישט אַריין אַזוי גרינג אינעם קרעאָלישן שטייגער־לעבן און זיי שטאַרבן, ווען אַ טאָכטער האָט חתונה מיט אַ נישט־ייד. איינע פון זיינע פּערסאָנאַזשן מיטן נאָמען פעטאַקאָוסקי איז אין דער אַלטער היים געווען אַ העברעישער לערער און אין אַרגענטינע נעמט ער זיך צו אַלץ. ער מוזן האָבן פּרנסה, ער איז אַן אַרעמאַן אין זיבן פּאָלעס, אָבער די אַרגענטינער „פּאַטריאָטן" קענען אים נישט זען אַנדערש ווי אַ מיליאָנער, קאָמוניסט און זיי דערמאָרדן אים. סאַמועל גלוזבערגס פּערסאָנאַזשן לעבן מיט דער אַלטער טראַדיציע, האָבן מורא אַז מען וועט זיי צווינגען אָפּשערן די בערד און פאַלן אַריין אין אַ שרעק, ביים געדאַנק,



משה פייגענבלום: „ביים לערנען" (איילבילד).

אַז מען קען זיי צווינגען צו עסן חזיר־פליייש. דער יידישער טרויער פאַרשווינדט נישט ביי זיי קיינמאָל. זיי טראָגן אים אַפילו טיף אין זיך, אָבער אַזוי, אַז מען זעט אים. סאַמועל גלוזבערג האָט אַ גאַנצן באַנד אַזעלכע דערציילונגען און דער באַנד טראָגט דעם נאָמען „דאָס גרויע רעקל".

סאַמועל גלוזבערג שרייבט זייער ווייניק, אָבער די אַלע דערציילונגען, וואָס ער האָט פאַר־עפנטלעכט האָבן אַן אויסגעשפּראָכענעם ליטעראַרישן ווערט. זיינע דערציילונגען זיינען שפּראַכ־לעך זייער פּאָלירט, ציכטיק אין דער פּראָזע און אין די אויסדרוקן און מען שפּירט ביי אים אין יעדער דערציילונג אַ ליבע צו זיינע פּערסאָנאַזשן, ממש ווי זיי זאָלן לעבן אין זיין געוויסן און בלוט.

כוליאָ פינגערט איז פּאָרטראַטן סיי אין דער ליטעראַטור־קריטיק, סיי אין דער דערציי־לונג. אין זיין ווערק „רעאַליזם" ברענגט ער אַ רייכן עסייען־מאַטעריאַל וועגן אַזעלכע שריי־בער, ווי וואַלדאָ פראַנק, טאָמאַס מאַן, טעאָדאָר דרייזער און אַנדערע. זיין ליטעראַטור־קריטיק

איז מער אַן אַנאַליטישע, באַגלייט מיט טעאָרעטישע אויפקלערונגען, ווי אויך מיט קאָנצעפּטן וועגן ליטעראַטור. כוליאָ פינגעריט האָט געפּרוּווט אויך אין דער דערציילונג. באַקאַנט איז זיין טרילאָגיע „גורלות". דער אורבאַניזם פאַרנעמט דאָס וויכטיקסטע אָרט אין זיין ליטעראַרישער נאָוועליסטישער שאַפונג. דער עיקר ביי אים איז די געזעלשאַפט ווי אַזעלכע. אויך אין דער נאָוועלע איז ער רעאַליסטיש און די געזעלשאַפט איז פאַר אים אַן ענין פון אָבסערוואַציע, ער שילדערט זי אַזוי ווי ער זעט זי אין די פּענסיאָנען, ווי אויך אין די טרעפונגס־הייזער, קאַפעען, — אין די ערטער זעט מען די געזעלשאַפט אין איר גאַנצער נאַקעטקייט. כוליאָ פינגעריטן אינטערעסירט נישט פסיכאָלאָגיש זיך צו פאַרטיפן אינעם געזעענעם און אויפגעכאַפּטן, — ער איז אויסן נאָר אויסערלעך צו ווייזן די געזעלשאַפט אין איר גאַנצער דעקאַדענץ: מענער באַך ווען עס שלעפט זיך נאָך עפּעס אַ צוטשעפעניש, און פרויען וואָס קענען זיך נישט באַנוגענען מיט איין געליבטן. כוליאָ פינגעריט האָט זיך באַמיט צו געבן אַ בילד פון דער בוענאָס־איירעסער געזעלשאַפט פון אַ געוויסן פעריאָד און ער שטעלט זי פאַר אין אַזעלכע רעליעף־אויסגעברייטערטע פאַרבן, אַז די דעקאַדענץ מיט די פשוט־דעגענערירטע טיפּן וואַרפן זיך ממש אין די אויגן. אינעם זעלבן שטייגער זיינען אויך זיינע „עוואַ גאַמבעטאַ" און „מערסעדעס", וווּ דער פּערסאָנאַזש שפּילט שוין אויך אַ געוויסע ראָל. כוליאָ פינגעריט פאַרמאָגט אַ רייכקייט פון שפּראַך, וואָס גיט אים די מעגלעכקייט צו שאַפן פאַרביקן קאָלאָריט אויף ברייטע לייוונטן.

כדאי אויך צו דערמאָנען יעקב פיכמאַן, הגם זיינע לידער זיינען פון אַן אויסשליסלעכן קאַטוילישן כאַראַקטער און אינהאַלט. די לידער זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ רעליגיעזן מיסטיציזם, ער זעט מלאכים און שרפים אין די ווייטע הימלען. פון דעסט וועגן ווי ער צירט נישט זיין ליד מיט קאַטאָליציזם, שפּירט מען דאָך ווי עפּעס יידישעס וואַרגט אים ממש, — ער וויל זיך פון דעם באַפרייען און קען נישט. אָבער דערפאַר איז דורכויס יידיש און יידישלעך קאַרלאָס מ. גריונבערג. זיין בוך „מאסטער דע כודעריאַ" פאַרמאָגט תפילהדיקייט און אויסגעצייכנט זיינען די תהילים־איבערדיכטונגען. אויך ער איז אויסגעצייכנט אין דער שפּראַך; זיין שפּראַך איז אַ טיף־ליטעראַרישע, פאַרן דורכשניטלעכן ליבהאָבער פון דיכטונג אַ ביסל אַ שווערע און אומפאַרשטענדלעכע. פעדראָ העקטאָר בלאָמבערג צייכנט זיך אויס מיט דער עקזאָטישקייט פון זיינע לידער. ער זינגט וועגן ווייטקייטן און בענקט נאָך ווייטע האַפנס. אילקאַ קרופקין שרייבט לידער, פּאָעמעס און דערציילונגען. צווישן זיינע ווערק צייכנט זיך אויס זיין בוך דערציילונגען „אַ טעצל שאָקאָלאַד", — דערציילונגען, וואָס זיינען אמתע פּאָעזיע אין פּראָזע. ער איז ווייך, צאַרט־ליריש, אָבער ער קען אויך זיין „וווּיליונגעריש" אין ליד.

אויפן געביט פון היסטאָריאָגראַפיע צייכנט זיך אויס אַלבערטאָ פּאַלקאָס. זיין געשיכטעשרייבונג באַזירט זיך אויף דאָקומענטן. ער איז בכלל דער אויסערסט־פּאָרזיכטיקער אין זיין געשיכטלעכער עסייאיסטיק. פון זיינע געשיכטלעכע עסייען צייכענען זיך אויס און זיינען פון באַזונדערן אינטערעס די עסייען וועגן סאַרמיענטאָ און ריוואַדאַוויאַ. מען פילט ביי אים אַ גרויסע ליבע צו די צוויי אַרגענטינער גרויסע פּערזענלעכקייטן און די עסייען גופא זיינען געשריבן אויף אַזאַ אופן, אַז זיי לייענען זיך ממש ווי פאַרכאַפּנדיקע דערציילונגען. באַקאַנט איז אויך זיין ווערק „דער זשעני", — אַ פיינע אַרבעט פון אַ פסיכאָנאַליטישן כאַראַקטער. סאַלאָמאָן וואַפּניר, וואָס גיט זיך לעצטנס אָפּ מיט רעפּאָרטאַזשן וועגן אַרגענטינע איז באַקאַנט אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור מיט זיינע צוויי ליטעראַטור־קריטישע ווערק „פון רעכטס צו לינקס" און „דער רויטער בליישטיפט". לעצטנס האָט סאַלאָמאָן וואַפּניר אויך געפּרוּווט מאַכן אַ סכעמע פון דער „געשיכטע פון דער ליטעראַטור־קריטיק אין אַרגענטינע", אַן אינפאָרמאַטיוו ווערק, וואָס קען דינען אויך ווי אַ פירער איבער דער אַרגענטינער ליטעראַטור־קריטיק.

אַ גאָר אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור פאַרנעמט בערנאַרדאָ ווערביצקי. ווערביצקי איז בכלל פילזייטיק אין זיין ליטעראַרישער אַרבעט. ער שרייבט ראָמאַנען, איז אַן אויסגעצייכנטער דערציילער, אַ דיכטער, אַ קריטיקער און אויך אַ זשורנאַליסט.

זיין ערשטער ראָמאַן „עס איז שווער אָנצוהייבן צו לעבן" האָט גלייך גערופן די אויפ־

מערקזאַמקייט און אים דערוואָרבן אַ בכבודיקן אָרט צווישן די אַרגענטינער דערציילער. זיין הויפּט־טעמע איז דער אורבאַניזם און דער מענטש אין די אומשטענדן פונעם אורבאַניזם. אין זיינע ראָמאַנען איז ער דורכויס סאָציאַל און אויך זיינע פּערסאָנאַזשן שילדערט ער אויפן פאָן פון דער סאָציאַלער מיליע. אין זיין גרעסערער נאָוועלע „די גאַסן פון טאַנגאָ" און „דער עק פון דער גאַס" מאָלט ער די אַרגענטינער יוגנט פונעם אַזוי גערופענעם „אַראַבאַל". אין דיביידע נאָוועלן שילדערט ער דאָס לעבן פון דער יוגנט, איר דעזאָריענטירט־קייט ביים זוכן אַ וועג אין לעבן. ער שטרייכט אונטער, אַז די יוגנט איז אַ פאַרוואָר־לאָזטע, איז אָנגעוויזן אויף זיך אַליין און אָפטמאָל דערפירט עס צו טראַגישע איבערלעבונגען. ער איז אויסן צו באַטאָנען, אַז די יוגנט איז גייסטיק־אומרויק, זוכט און שטרעבט, אָבער זי איז



אברהם באַלאַן: פּייסאַזש.

פאַראורטיילט אויף אַזאַ איינזאַמקייט אַז זי ווערט לחלוטין פאַרלוירן. אין זיין נאָוועלע „די קאַפּע פון די מלאכימלעך" שילדערט ער די דראַמעס און אַוואַנטורעס פון טאָג־טעגלעכן לעבן. די נאָוועלע פאַרמאָגט אַ טיפן פּסיכאָלאָגישן הינטערגרונט און אויף דעם פּסיכאָלאָגישן הינ־טערגרונט אַנימיזירט ער די שטאָט, ווי זי זאָל זיין אַ לעבעדיקער וועזן מיט אַן אייגענער נשמה. אין די דריי דערמאָנטע נאָוועלן גייען אַדורך אַ גאַנצע ריי פּערסאָנאַזשן, על פּי רוב יוגנטלעכע, און יעדער איינער טראָגט זיין טראַגעדיע. אַזוי וויזט ער אין „די גאַסן פון טאַנגאָ" די נשמה־ריינקייט און גייסט־ציכטיקייט פון צוויי יונגע מענטשן, אַ יונגער בחור און אַ יונג מיידל, וואָס האָבן זיך צופעליק געטראָפן און פאַרליבט. דאָס מיידל מאַכט דורך אַ טראַגעדיע, ווען זי שטויסט זיך צופעליק אָן אויפן אופן לעבן פון איר מוטער, דער אלמנה. בכלל קוקט גריגאָריאָ ווער־

ביצקי אַריין אין אַלע ווינקעלעך פונעם שטאָטישן לעבן און זיינע ווערק זיינען אַ רייכער מאַטעריאַל פאַר אַ סאָציאָלאָגישן שטודיום וועגן אורבאַניזם און דער געזעלשאַפט אינעם אורבאַניזם. אין זיין „די קליינע משפחה“ שילדערט ער די ספעקולאַנטן ביים פאַרקויפן פלעצער און דעם אופן און סיסטעם ווי עס ווערט געמאַכט דאָס הייבן די פרייזן ביים פאַרקויפן דורכן אַזוי גערופענעם „לאָטעאָ“. אין זיין גרעסערער נאָוועלע „אַ שידוך“ הייבט ער אויף אַ פאַרהאַנג איבערן לעבן פון זשורנאַליסטן און דעם פעריאָדיזם בכלל. אַן אויסנאַם איז זיין גרעסערע דערציילונג „אין די יאָרן“ — אַ טעמע פון דער שפּאַנישער רעוואָלוציע, דעפינירט אין דער אידייע פון פרייהייט אין דער וועלט און אין גייסט.

אַ גרויסן אינטערעס האָט אַרויסגערופן זיין נאָוועלע „ווישאַ מיזעריאַ איז אויך אַמעריקע“. אין דער היינטצייטיקער אַרגענטינער ליטעראַטור פעלן נישט קיין דערציילונגען פון דעם מין, אָבער בערגאַרדאָ ווערביצקי האָט די טעמע גענומען גאַנץ אַנדערש. ער שילדערט און דערציילט וועגן דער ווישאַ מיזעריאַ מיט אַ באַשטימטן געדאַנק און אידייע: עס איז אַן אָנקלאַגע אויפן גאַנצן הערשנדיקן סאָציאַלן סיסטעם. עס איז אַ באַשולדיקונג קעגן דער גאַנצער געזעלשאַפט. לעצטנס האָט בערנאַרדאָ ווערביצקי פאַרעפנטלעכט אַ סינטעטישע אַרבעט וועגן „דאָס טעאַטער פון אַרטור מילער“ און אַ גרעסערע נאָוועלע „די ערד איז בלוי“. בערנאַרדאָ ווערביצקי פאַרמאָגט אַן אייגענעם סטיל און אויך די קאָנסטרוקציע־פאָרם פון זיינע דערציילונגען איז אַן אייגנאַרטיקע. זיין שפּראַך איז אַ בויגזאַמע, אַ פאָלקישע און פאַרמאָגט אַ סך סענסיביליטעט און מיט רעכט מעג מען אים אָנערקענען פאַר איינעם פון די בעסטע נאָוועליסטן, וואָס די אַרגענטינער ליטעראַטור פאַרמאָגט.

אַן אייגנאַרטיקער דערציילער איז דוד קרייזלבורד. זיינע צוויי ביכער דערציילונגען „די פעדערן פון ניאַנדו“ און „די שאָטנס פון ניאַנדובאַי“ זיינען לייען־שטאָף פאַר עלטערע און פאַר קינדער. באַזונדערס איז אויסגעצייכנט דאָס בוך „שאָטנס פון ניאַנדובאַי“, ווו דער דיכטער גיט אַריין אַ לעבעדיקע נשמה דער הויז־חיה, ווי זי זאָל זיין אַ מענטשלעכער וועזן. דוד קרייזלבורדס שפּראַך איז אַ רייך־פּאָעטישע און די סקיצן וואָס ער ברענגט אין בוך שטעלן פאַר אַ מאָל קינדער און אַ מאָל די הויז־חיה. דער מחבר איז אויסן צו באַווייזן, אַז אויך ביי דער הויז־חיה געפינט מען אַ מאָל טיפע מענטשלעכקייט. אַזוי לאָזט זיך נישט די בהמה מעלקן, ווייל זי וויל די מילך באַהאַלטן פאַר איר קינד. און דערפאַר ווייל זי וויל זיין אַ גוטע מוטער, פאַרמישפּט מען זי אַוועקצושיקן אין שעכטהויז. נאַטירלעך זיינען עס אַלץ אַלעגאָריעס, דורכאויס אינטערעסאַנטע און אייגנאַרטיקע. אייניקע פון די סקיצן לייענען זיך ממש ווי לידער.

פון אַ שטייגער־כאַראַקטער זיינען די ווערק פון סאַמועל טאַרנאָפּאָלסקי. זיינע צוויי ביכער „אינדיאַנישער אַלאַרם אויפן דרומדיקן גרענעץ“ שילדערן דעם שטייגער אין דער פּאַמפּאַ. זיינע ווערק האָבן אויך אַ באַשטימטן היסטאָרישן כאַראַקטער. בכלל פאַרפאָלגט סאַמועל טאַרנאָפּאָלסקי מיט זיין שרייבן אַ באַשטימטע אידייע: ער איז אויסן צו דערוועקן דעם אינטערעס צו די אינדיאַנער פון דער פאַרגאַנגענהייט וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די שפּאַנישע אָקופּאַנטן. אין זיין אַ קלענערן ווערק, אָקאָרשט נישט לאַנג דערשינען, באַטאָנט סאַמועל טאַרנאָפּאָלסקי. אַז די אַרגענטינער געשיכטע־שרייבער זיינען זיך טועה מיטן אָננעמען אַז אַרגענטינע האָט נאָר געירשנט פון די שפּאַניער. ער ווייזט אויף, אַז אינעם אַרגענטינער שטייגער איז פאַראַן אַ סך פונעם אינדיאַנישן לעבן און ער רעגט אָן, אַז אויף דעם געביט דאַרפן אונטערגענומען ווערן ריכטיקע פאָרשונגען. בכלל מערקט מען אין זיינע ווערק אַ סימפּאַטישע באַציִונג צום אינדיאַנער. אין זיין ווערק „דער אַקעראייזן פון סאַלינאַס גראַנדעס“ שילדערט ער די מענטשן פון די גרענעצן, וואָס זיינען אין אַ סך פאַלן אַוועק מיט די אינדיאַנער ווי אַ פּראָטעסט קעגן דעם אומרעכט, וואָס די ווייסע שפּאַניער זיינען באַגאַנגען קעגן דער אינדיאַנישער באַפעלקערונג. דאָס ווערק טראָגט אַ היסטאָרישן כאַראַקטער און שילדערט די באַרימטע עקספּעדיציע קעגן די אינדיאַנער פון דער פּאַמפּאַ. אין דעם ווערק באַווייזט אויך סאַמועל טאַרנאָפּאָלסקי זיין היימישקייט מיטן אופן רעדן פונעם גאַוטש. וואָס שייך דעם צווייטן ווערק, וואָס

טראָגט שוין מער אַ נאַטוראַליסטישן כאַראַקטער, ווערט דערציילט וועגן דעם איפּברוויז צווישן די אינדיאַנער, וואָס טויכט אויף ווען צוויי אויסלענדער, געפּירטע פון אַ גאַוטש באַווייזן זיך אין די געמאַרקן ווו עס וווינען די אינדיאַנער. פאַראַן אינעם ווערק אַ סך אומהיימלעכקייטן, — שיכּרות, אויסוווּרפן, — אַזוי זעט אויס דאָס לעבן אין די געצעלטן, אָבער אין צווישן פאַרבינדן זיך אויך ליבעס. דער מחבר שילדערט אַן אינדיאַניש מיידל וואָס איז הוילער רייץ. זי פאַר־ליבט זיך אין איינעם פון די ווייסע, אַ זאַך וואָס איז אומפאַרשטענדלעך פאַר די אינדיאַנער. אָבער אין דער זעלבער צייט שילדערט ער אויך די רעספּעקטפולע באַציִונג פון אַן אינדיאַנער צו אַ ווייסער געפאַנגענער.



מאַנועל קאַנטאָר: „קינדער אויפן מאַרק״.

סאַמועל טאַרנאָפּאָלסקיס ווערק זיינען אַ בייטראַג צו אַ סאָציאָלאָגישן און פּסיכאָלאָגישן שטודיום וועגן אַרגענטינער שטייגער און נישט ווייניקער געווינען זיינע דערמאָנטע ווערק פון זייער היסטאָרישער וויכטיקייט.

אַ צווייטער יידישער שרייבער, וואָס קולטיווירט אין דער נאָוועלע די אַרגענטינער גע־שיכטע איז כאָסע (יוסף) ווינדערמאַן. ער איז שוין דער דריטער דור יידישע קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע מיט זיין ווערק „רעזיסטענסיאַ״, ווו ער שילדערט די טשאַקאָ־עפּאָפּייע און די גע־שיכטע, ווי עס איז אויפגעבויט געוואָרן די שטאָט רעזיסטענסיאַ. אין אַ צווייטן ווערק זיינעם דערווייזט כאָסע ווינדערמאַן, אַז אורקיסאַ איז נישט געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, נאָר ער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך זשאָרדאַנס אַ פּאַטרול, ווען דער פּאַטרול איז כלומרשט גע־קומען אים צו באַגלייטן צו אַ צוזאַמענטרעף מיט אַ רעגירנדיקער פּערזאָן. כאָסע ווינדערמאַן שרייבט זיינע היסטאָרישע ווערק אינעם אופן פון נאָוועלעס. דערביי באַנוצט ער זיך מיטן מעטאָד

פון „עד־ראיה״, — ער פאָרט איבער דער רעפּובליק און האָט שמועסן מיט די עלטסטע לייט, וואָס דערציילן וועגן זאַכן און געשעענישן פון אַ היסטאָרישן כאַראַקטער.

מאַוריציאָ ראָזנטאַל, אַן אייניקל פון ייִדישע קאָלאָניסטן, איז אַריין מיטן רעכטן פוס אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור. שוין זיין ערשטער בוך דערציילונגען „די פאַרשנייטע פּאַמפּאַ״ האָט איב געגעבן אָנזען צווישן דעם יונגן דור אַרגענטינער דערציילער, אָבער אַבסאָלוטע אנערקענונג האָט ער געווינען מיט זיין גרויסן ראָמאַן „דאָס אַש פון גאָט״, — אַ ראָמאַן אין וועלכן ער שילדערט די גרויסע ערדציטערניש אין מענדאָסאַ אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. געשריבן מיט קראַפט און מיט אַ פּאָלירטן דיאַלאָג, ברענגט ער אַרויס אינעם ראָמאַן אַ גאַנצע ריי כאַראַקטעריסטישע פּערסאָנאַזשן. אין צענטער פונעם ראָמאַן פיגורירט דער הומאַניטאַרער מעדיקער מאַריאַנאָ גאָדאָי, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל מיט זיינע מעדיצינישע קענטענישן צו דינען און זאָרגן פאַרן געזונט פון די פאָלקסשיכטן. אויך זיין פרוי מאַרטאַ דע לאַ מערסעדעס בענאַווידעס איז אַ קרבנות־גרייטע פרוי. זי גיט זיך אָפּ אין דער יוגנט צו רוראַלער אַרבעט כדי אַזוי אַרום צו קענען העלפן איר מאַן אין דער הויכער מיסיע וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. דער מחבר באַווייזט אויך ווי דורך רכילותן און נידעריקע ליידנשאַפטן איז מען אויסן זיך קעגנצושטעלן דעם מאַן, וואָס טראָגט זיין הויכע מיסיע. אַלץ דראָט צוזאַמענברעכן, אָנגעהויבן פון דער ליבע וואָס באַזעלט זיינע האַנדלונגען.

אין זיינע ערשטע ווערק מערקט מען נישט ביי מאַוריציאָ ראָזנטאַל קיין נייגונג צו אַ ייִדישער טעמע אָדער ייִדישע פּערסאָנאַזשן, אָבער לעצטנס האָט ער זיך געווענדט צו דער ייִדישער טעמע. אַזאַ איז זיין ראָמאַן „זיך דערנענטערן צום באָדן״ פאַר דעם ראָמאַן איז אים צוגעטיילט געוואָרן דער פּרייז אינעם קאָנקורס פון פאַרלאַג „איזראַעל״. מאַוריציאָ ראָזנטאַל האָט זיך געפּרוּווט אין דער דראַמע און מיט דערפאָלג.

מאַרסעלאָ מענאַשע האָט אָנגעהויבן מיט קלענערע דערציילונגען. לעאָן מירלאַס איז דער אָפיציעלער איבערזעצער און פּאָפּולאַריזירער פון אָ׳ניילס טעאַטער און האָט אויך אָנגעשריבן אַן אינטערעסאַנט ווערק וועגן אָ׳ניילן בכלל. אויפן געביט פון פּראָזע און דראַמע צייכנט זיך אויס אויך מ. גרייווער. צוויי אינטערעסאַנטע ווערק פון אַ נאַציאָנאַל־ייִדישן כאַראַקטער האָט אָנגעשריבן מ. גידעקעל און אַן אינטערעסאַנטער עסייאיסט און ליטעראַטור־קריטיקער, מען קען זאָגן איינער פון די בעסטע, איז געווען עמיליאָ בעטשער (מיסתמא „בעכער״). זיינע ליטעראַרישע עסייען און אַרטיקלען זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער די פאַרשיידענע אַרגענטינער זשורנאַלן און צייטונגען און ערשט זיבעצן יאָר נאָך זיין טויט איז דערשינען זיין בוך עסייען אונטערן נאָמען „דער דיאַלאָג מיט די שאָטנס״. לויט דעם בוך עסייען קען מען אורטיילן וועגן דער רייכער קולטור וואָס בעטשער האָט פאַרמאָגט. זיין סטיל איז אַן אַבסאָלוט־סערוואַנטישער, חוץ דעם מערקט זיך אַ מין רעליגיעז־דענקערישער שטריך אין זיינע עסייען.

סאַמועל פּעקאַר געהערט צו די גאָר יונגע שרייבער. ער האָט זיך פּרעזענטירט מיט צוויי ווערק אויסשליסלעך אויף ייִדישער טעמאַטיק און זיין ערשט ווערק „די ייִדן פון קליינוויל״ איז דאָס ערשטע ווערק בכלל אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור אין וועלכן עס ווערט כאַראַקטעריזירט די ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט. סאַמועל פּעקאַר האָט אַ חוש פאַר הומאָר און סאַטירע. ער פאַרמאָגט אויך די אייגנשאַפט צו פאַרבינדן הומאָר מיט סאַטירע, אָבער אין אַן איידעלן טאָן. זיין סאַטירע שטעכט נישט, נאָר מען נעמט זי אויף מיט אַ מילדן שמייכל. סאַמועל פּעקאַר ווייזט אויס צו זיין שטאַרק באַאיינדרוקט פון שלום עליכמס הומאָר און פון מענדעלעס בייזער סאַטירע און האָט פון דעם געשאַפן זיין אייגענעם סטיל פון אַ ייִדישלעך־פאַרשפּאַנירטן סאַטירע־הומאָר. ער באַמיט זיך אויך צו האַלטן ביי אַ פאַרשטענדלעך־פּאָפּולערער שפּראַך, אָבער אָן דעם ער זאָל מפקיר זיין סטיל און פאָרם.

ווייניקער זיינען ייִדן פאַרטראָטן אויפן געביט פון דיכטונג, אויב מען נעמט אין אַכט נאָר די דיכטערס און דיכטערנס וואָס האָבן באַקומען אנערקענונג. סאַראַ באָנדאַר האָט פאַרעפנטלעכט אַ פּיינעם באַנד פּאָעזיע, וואָס האָט באַקומען אַ פיינע אנערקענענדיקע קריטיק. צו די

אנערקענטע יונגע דיכטערנס געהער לויִסאַ פּאַסאַמאַניק. לויִסאַ פּאַסאַמאַניק האָט שוין ביים פערטן ביכל לידער. „דער פאַרשיקטער מלאך" און אירע ערשטע דריי ביכלעך לידער „פּאָע־מעס צום מענטש פון מאָרגן", „שווערע בעטענישן" און „אַ חלל פאַר די סטרונעס" האָבן איר צוגעטיילט אַ בכבודיקן אָרט אין דער אַרגענטינער דיכטונג. פאַר איר פאָרלעצטן בוך האָט זי



שמחה שוואַרץ: חסידישער טאַנץ.

באַקומען דעם „ערנבאַנד" פון דער געזעלשאַפט פון אַרגענטינער שרייבער „סאַדע". לויִסאַ פּאַ־סאַמאַניק שרייבט דאָס ליד פון היינט, אָבער אין איר יעדן ליד שפּירט מען אַ פאַרבינדונג מיט אַ פאַרמיסטיציזירטער פאַרגאַנגענהייט וואָס איז אויסן אַריינצודרינגען און דורכצודרינגען דעם מאָרגן. אין אירע לידער איז זי פּערסאָנעל, אינדיווידואַליסטיש און מען שפּירט אין זיי איינ־זאַמקייט און בענקעניש. צו די יונגע דיכטער געהערט אויך ענריקע סווערדליק. זיין ערשט ביכל

לידער „די פאַרברויכטע הונגערס" אָטעמט מיט דיכטערישער אויפריכטיקייט און דיכטערישער אוממיטלבאַרקייט. סווערדליק האָט זיינע לידער צעזייט און צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע זשורנאַלן און אויסגאַבעס און ערשט צונויפגעזאַמלט אין איין באַנד דערוואוסט מען זיך וועגן זיינע דיכטערישע אייגנשאַפטן. דאָס ליד איז פאַר אים אַ מיסיע, אַ שליחות, אינספּירירט פונעם מענטש גופא, און פונקט ווי דער מענטש גופא איז אויך זיין ליד אַן אינספּיראַציע פון פראָבלעמען, וואָס ליגן איבערן מענטש און אינעם מענטשלעכן געוויסן. אַ גאַר באַזונדערן רעזאָנאַנס האָט באַקומען אין דער אַרגענטינער דיכטונג כאַסע איסאַקסאָן. ער איז דער אמתער דיכטער פון דער היינטיקער צייט און אויב די מאָדערנע צייט איז די עפּאָכע פון אָפּגעריסענע פאַרדזשאַזטע מוזיק־טענער און פון פליִענדיקע קאָהעטן, איז דאָס אויך דער סטיל און די פאָרם פון כאַסע איסאַקסאָנס לידער. כאַסע איסאַקסאָן איז דיכטער דורך און דורך, ער פילט די דיכטונג, אָבער ער נעמט זי אויך אויף ווי אַ פילאָסאָפישן קאָנצעפּט און דאָס גיט צו זיין דיכטערישן שאַפן אַ באַשטימטן אינטעלעקטואַליזם. אויך ראַקעל ציפּריס מאַכט זיך דורך איר וועג צו דער דיכטונג און איר ערשט ביכל לידער „דאָס בינעלע" האָט באַקומען די גינציקסטע קאָמענטאַרן. אירע דיכטונגען זיינען אַ מוסטער פון פרוייִשער און יידיש־מאַמעשער צאַרטקייט און זאָרג, געשריבן אין אַ שפּראַך וואָס פאַרמאָגט מוזיקאַלישן ריטם און אוממיטלבאַרקייט. אויפן געביט פון פראָזע איז פאַרטראָטן עטעל קורלאַט מיט צוויי ווערק: „דאָס האַרץ אויפן ווינט" און „טונקעלע טעג". עטעל קורלאַט האָט אַ חוש פאַר שטודירן די פערסאָנאַזשן, וואָס פילן אַ פוסטקייט אין לעבן. דער רוב פון אירע פערסאָנאַזשן מאַכן אַן איינדרוק ווי זיי זאָלן זיין די גליקלעכסטע, אָבער זיי ליידן פון דער אייביקער וואָלגאַריטעט וואָס רינגלט זיי אַרום. אַנדערע פערסאָנאַזשן אירע ווערן ציניקער ווייל זיי האָבן אַ פאַרגעניגן פון אָפּנאַרן זיך אַליין, אָבער אַלע זיינען זיי איינזאַמע מענטשן, פאַרוואָרלאָזטע פונעם לעבן.

ביי דער געלעגנהייט דאַרף אויך דערמאָנט ווערן לאַזאַראָ ליאַטשאָ (ליאַכאָוויצקי), וועמענס אַ באַנד לידער „פּאָעמע צום מענטש" האָט געדופן אַלגעמיינעם אינטערעס און קריטישדיכטערישע אנערקענונג. לאַזאַראָ ליאַטשאָ צייכנט זיך אויס מיטן לירישן סטיל פון זיין דיכטונג. לאַזאַראָ ליאַטשאָ שרייבט אויך פּובליציסטיק, אָבער ער באַווייזט פאַנאַנדערצוטיילן דיכטונג און זשורנאַליסטיק, — אויך זיין זשורנאַליסטיק האָט אַן אייגענעם סטיל, אַ נאָענטן צום קרעאָליזם. זיין ברודער קאַרלאָס ליאַטשאָ איז אַן אָנגעזעענער פּובליציסט און ליטעראַטורקריטיקער.

מיט שפּראַך און פּעדאַגאָגישע פראַגן באַשעפטיקט זיך לאַזאַראָ שאַלמאַן. זיין בוך „טישגעשפּרעכן וועגן דער אַרגענטינעד שפּראַך" איז אַ האַנטבוך פאַר יעדן וואָס וויל דערגרונטעווען דעם סטיל פון אַרגענטינער לשון. לאַזאַראָ שאַלמאַן איז נישט נאָר אַ בקי אין דער שפּראַך ווי אַ גראַמאַטיקער, נאָר אויך ווי איינער, וואָס דרינגט אַריין אין דער פילאָסאָפיע פון דער שפּראַך. אין אַ צווייטן ווערק זיינעם „די הומאַניזירונג פון דער פּעדאַגאָגיק" רעדט אַ דערפאַרענער דערציִער, וואָס זעט די פעלערן פון דער פּעדאַגאָגיק און שטרייכט אונטער די נייטיקייט אַריינצוברענגען אין איר די הומאַניסטישע עלעמענטן. אין דער שאַפונג פון לאַזאַראָ שאַלמאַן קען מען מערקן צוויי פּעריאָדן: איינער אַן אויסשליסלעך אַרגענטינער, ווען אים אינטערעסירט די שפּראַך, די אַרגענטינער שול און די פּעדאַגאָגיק, און דער צווייטער — ווען ער הייבט אָן זיך צו דערנענטערן צום יידישן לעבן. דעם אַריינטריט אינעם יידישן לעבן און יידישער פּראָבלעמאַטיק הייבט ער אָן מיט נוצלעכן ווערק „דיקציאָנאַר פון העברעיִזמען און קרובישע שטימען". ער האָט אויך אָנגעשריבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן סאַן מאַרטין און דעם איינפלוס פון דער ביבל אויף דעם דאָזיקן אַרגענטינער פּראָסער.

ביי דער געלעגנהייט דאַרף מען אויך דערמאָנען שכנא רעזניקן ע"ה, דער ערשטער וועלכער האָט אויף זיך גענומען צו באַקענען די אַרגענטינער וועלט מיט די אוצרות פונעם יידישן געדאַנק. זיין איבערזעצן אייניקע ווערק פון ד"ר חיים זשיטלאָווסקי און שמעון דובנאָוס „קורצע געשיכטע פונעם יידישן פאָלק" זיינען געווען אַ גרויסער אויפטו. וויכטיק זיינען חוץ דעם אויך

זיינע איבערזעצונגען פון דער ייִדישער ליטעראַטור אויף שפּאַניש. אַ וויכטיקע איניציאַטיוו און אידייע איז געווען דער זשורנאַל „כּודאַיִקאַ" און עס איז נאָר צום באַדויערן וואָס מיט זיין פּטירה איז אויך געשטאָרבן דער זשורנאַל, וואָס האָט אין געציילטע נומערן געבראַכט זייער וויכטיקע אַרבעטן פון יודאַיִסטישן וויסן.

אַן ענלעכע אַרבעט טוט אויך לויִס קאַרדונער, וועלכער האָט תּחילת אָנגעהויבן ווי אַ דערציילער, אָבער בהדרגהדיק איז ער אַריבער צו איבערזעצונגען פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין שפּאַניש. ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור י. ל. פּרץ און שלום־עליכם, יוסף אָפּאַטאָשו און אַנדערע שרייבער און זיין פּאַרדינסט איז אויך די מאָנאָגראַפּיע וועגן אַגואַדאַן, דער נאָענטסטער פריינט פון סאַן־מאַרטין, וואָס איז געווען אויב נישט



ליליאַנאַ פּאָרטער: „גראַוויור".

קיין גאַנצער, איז אַ האַלבער ייִד. לויִס קאַרדונער געפינט זיך אינעם אויפבלי פון זיין שעפערישקייט און מען דערוואַרט פון אים נאָך אַנדערע וויכטיקע אַרבעטן.

אַן אָרט אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור האָט זיך דורכגעלייגט דער יונגער שרייבער און עסייִסט יחזקאל (יעזעקיעל) קאָרנבליט. זיינע קריטישע אַרבעטן באַזירט אויף קריטישער ביבליאָגראַפּיע, מיט דעם האָט ער זיך געשאַפן אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין דער אַרגענטינער ליטעראַרישער וועלט. יחזקאל קאָרנבליט האָט אויך אַרויסגעגעבן ווערק אויף אַלגעמיינע טעמעס און פון די ווערק קען מען אורטיילן, אַז דאָס שפּראַכלעכע פּאַרנעמט גאָר אַ גרויסן אָרט אין זיין שאַפן, — ער באַמיט זיך צו קולטיווירן דעם קלאַסישן שפּאַניש און דאָס ווירקט, אַז

זיינע ווערק ווי אויך זיינע עסייען, זאָלן זיין נישט צוגענגלעך פאַר יעדן לייענער. יחזקאל קאָרנבליט געפינט זיך ערשט אין אָנהייב פון זיין ליטעראַרישער קאַריערע און בלי ספק וועט ער נאָך ענדערן דעם סטיל און דעם מאַניר פון זיין שרייבן.

לעצטנס האָט זיך אויך פּרעזענטירט מיט אַ גאַר וויכטיק ווערק דער ד״ר איסאַיעוו. זיין זייער אינטערעסאַנטע און פונדאַמענטאַלע אַרבעט „די פּאַרמענלעכונג פון דער פרוי״ האָט אַרויסגערופן פאַרשיידענע קאָמענטאַרן שטאַרק גינסטיקע פאַרן מחבר. ד״ר איסאַיעווס אַרבעט איז אַ סאָציאָלאָגישער שטודיום, געבויט אויף געשיכטע. מען שפּירט דורכן ווערק די גרויסע ערודיציע פון מחבר און פון סאָציאָלאָגישן אַספּעקט איז זיין ווערק „די פּאַרמענלעכונג פון דער פרוי״ אַ יחיד במינו פאַר דעם אַרגענטינער געדאַנק.

וויניקער זענען יידן פאַרטראָטן אין דער זשורנאַליסטיק. אייגנטלעך קען מען צו די זשורנאַליסטן מיט ווירקונג צורעכענען נאָר צוויי: סאַנטיאַגאָ נודעלמאַן, וואָס האָט געשפּילט אַ ראָל אין דער אַרגענטינער פּאָליטיק, און ליבעשוץ, וואָס איז געווען אַ זייל אין „לאַ פּרענסאַ״.

ב.

אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור זיינען יידן פאַרטראָטן אין אַ גאַנץ פיינער פּראָפּאָרץ, און בכלל איז נישטאָ קיין געביט פון קולטור און קונסט ווו יידן זאָלן נישט זיין אָנזעעוודיק. אין דער אַרגענטינער באַלעט־קונסט זיינען רעפּרעזענטאַטיוו פאַרטראָטן דריי פרויען־פיגורן פון גאָר אַ הויכער קונסט־קאַטעגאָריע: אַניטאַ איטעלמאַן, לויסאַ גרינבערג און מאַריאַ פוקס. אַניטאַ איטעלמאַן לעבט לעצטנס אין די פאַרייניקטע שטאַטן, ווו זי פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער באַלעט־קונסט, אָבער אירע אָנהייבן האָט זי געמאַכט אין אַרגענטינע און אין אַרגענטינע דערגרייכט איר הויכע פּאָזיציע, וואָס האָט איר געעפנט אַ וועג צו די פאַרייניקטע שטאַטן, ווו אַ קינסטלער האָט מער מעגלעכקייטן. לויסאַ גרינבערג, אַ באַדייטנדיקע פיגור אין דער אַרגענטינער באַלעט־קונסט, האָט אויסגעוויילט דעם וועג פון באַלעט־פּעדאַגאָגיק, פירט אַן אַ באַלעט־שול און דערציט אַ דור יונגע טענצער. אויך מאַריאַ פוקס האָט דערגרייכט גאָר אַ הויכע יעראַרכיע אין באַלעט. איר קונסט באַזירט זיך אויפן מאָדערנעם באַלעט און אירע טעמעס נעמט זי פון דער אוניווערסאַלער פּאָעטיק. זי איז די ערשטע וואָס האָט געגעבן אַ קינסטלערישע אינטערפּרעטאַציע פאַר גאַרסיאַ לאָרקאַס פּאָעזיע און זי האָט מאָדערניזירט די קלאַסישע ליניע פון דער באַלעט־קונסט.

אויך אויפן געביט פון מוזיק פעלן נישט קיין יידן. יעקב פיכער איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע פיגור אין דער מוזיקאַלישער וועלט. ער האָט באַקומען אַ סך פּרעמיעס פאַר זיינע מוזיקאַלישע ווערק, — די גלאַזונאָוו־פּרעמיע אין רוסלאַנד און אין צפון־אַמעריקע האָט ער באַקומען אַ פּרעמיע פאַר זיינס אַ מוזיקאַליש ווערק, ספּעציעל אַקצעפּטירט צו פיגורירן איז די פּראָגראַמען פון די פּרעזידענציאַלע ראַטן. אין זיין מוזיק פעלט אויך נישט די יידישע טעמע און אין „תלמודישע סימפּאָניע״ און „חסידישע טענץ״ זיינען פאַרבונדן דאָס אוניווערסאַלע מיטן יידישן. אויך גרעצער שאַפט אויף אַלגעמיינע און יידישע טעמעס און אויפן געביט פון ליד צייכנט זיך אויס ד. פינטאָ. דער יונגער דאַווידאָווסקי האָט פאַר זיין שאַפונג אַ „קוואַרטעט״ באַקומען אַ סטיפּענדיע צו פּערפעקציאָנירן זיין קאָמפּאָזיציע־שטודיום אין די פאַרייניקטע שטאַטן און זיינע ווערק, אָריגינעלע און אַבסאָלוט־מאָדערניסטישע, פיגורירן שוין אין די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנצערט־פּראָגראַמען, אייניקע פון זיי זיינען אויסגעפירט געוואָרן אין היגן טעאַטער „קאָלאָן״ דאַווידאָווסקי איז גאָר אַ יונגער מענטש, אויף וועלכן עס וואַרט אַ רייכע מוזיקאַליש־שעפערישע צוקונפט. מיט לידער־מוזיק צייכנט זיך אויס רות פרידמאַן. פיינע קאָמפּאָזיציעס האָט געשאַפן אָסיאַס ווילענסקי. און די אויסגערעכנטע זיינען נאָר אַ טייל פון דער צאָל יידן, פאַרטראָטענע אין דער אַרגענטינער מוזיק־וועלט מיט זייערע שאַפונגען, אָדער ווי

אָרקעסטער־דיריגענטן, ווי טעאָדאָר פוקס, סימאָן בלעך און דוד באַשאַם, אָדער די פּיאַנאָ־קאָנצערטיסטן ווי א. ספּיוואַק, אָסיאַס ווילענסקי און די יונגע סילוויאַ קערסטנבוים, אָדער די פידלער־קאָנצערטיסטן ווי ליערקאָ שפּילער און אַנדערע.

נישט קליין איז דער ייִדישער אָנטייל אויך אין די פאַרשיידענע מינים פון דער פּיקטאָרישער קונסט, — מאָלעריי, גראַווויור און סקולפּטור. מען קען נישט גענוי וויסן די צאָל פון די ייִדישע מאָלער־קינסטלער, גראַווירער און סקולפּטאָרן, די צאָל שטייגט ווייט אַריבער די הונדערט נאָר אין דער הויפּטשטאָט און אַ גרויסע צאָל געפינט זיך אויך אין די פאַרשיידענע פּראָווינץ־שטעט און זייערע נעמען ווערן זעלטן באַקאַנט אין די קינסטלערישע קרייזן פון דער הויפּטשטאָט. אַזוי אַרום קען מען רעדן נאָר וועגן די קינסטלער, וואָס האָבן שוין געהאַט אויסשטעלונגען און זיינען באַקאַנט געוואָרן דעם עולם דורך די צייטונגען און דורך דער קריטיק.

אין בוענאָס־איירעס זיינען פאַראַן ביז גאָר פעיִקע ייִדישע מאָלער, גראַווירער און סקולפּטאָרן, אָבער אַ סך פון זיי בלייבן אין שאָטן, ווייל אַ קינסטלער קומט נישט צום אויסדרוק ביז מען „טויבט" אים נישט דורך אַן אויסשטעלונג אין אַ סאַלאָן און די ספּעציאַליזירטע קונסט־קריטיק גיט אים נישט קיין אָפיציעלע סמיכות. אַפילו אָנערקענטע מאָלער מאַכן דורך אָדער פלעגן דורכמאַכן שוועריקייטן ביים דורכפירן אַן אויסשטעלונג און אַן אויסשטעלונג פאַר אַ קינסטלער איז דאָסזעלבע וואָס אַ בוך פאַר אַ שרייבער. אַפילו אַזאַ אָנערקענטער סקולפּטאָר ווי ישראל האָפמאַן שטייט נישט איינמאָל פאַר אַ פּראָבלעם, ווען ער וויל זיך פּרעזענטירן פאַר דער עפנטלעכקייט מיט זיינע נייע אַרבעטן. דערביי געהערט ישראל האָפמאַן צו די אָנערקענטסטע קינסטלער־סקולפּטאָרן און דערצו איז ער זייער אַ פּרוכטיקער שעפער.

ישראל האָפמאַן אַרבעט מיט פאַרשיידענע מאַטעריאַלן: גיפּס, מאַרמאָר, בראָנדז. זיינע אַרבעטן געפינען זיך כמעט אין אַלע מוזייען פונעם לאַנד. אָנגעזעענע קונסט־קריטיקער האָבן פאַרעפנטלעכט ספּעציעלע אָפּהאַנדלונגען און ביכער וועגן זיינע סקולפּטורן. ס'פעלן נישט אין אַרגנטינע קיין גרויסע אָנערקענטע סקולפּטאָרן, קינסטלער אין פולן זין פון וואָרט, און ישראל האָפמאַנס נאָמען גייט גלייך מיט די נעמען פון די גרעסטע אַרגענטינער סקולפּטאָרן. ישראל האָפמאַן איז פאַרשיידנאַרטיק אין זיין טעמאַטיק, אָבער ער ווייזט אַרויס אַ גרויסע ליבע צו דער ייִדישער טעמע. צווישן זיינע ווערק געפינען זיך סקולפּטורן אייגנאַרטיקע, סיי אין דער טעמאַטיק און סיי אינעם אופן פון מאָנומענטאַליזירן אַ טיפּ. אין אייניקע פון זיינע סקולפּטור־אַרבעטן שפּירט זיך אַ טיפע רעליגיעזקייט און בולטע מיסטישע נייגונגען לעצטנס גיט זיך ישראל האָפמאַן אָפּ אויך מיט מאָלעריי און גראַווירונגען. אין דער גראַווירונג איז ער שטאַרקער ווי אין דער מאָלעריי, מחמת דעם פשוטן טעם, ווייל צווישן דער גראַווויור און סקולפּטור איז פאַראַן מער נאָענטקייט און מער סמיכת־הפרשה ווי צווישן דער סקולפּטור און דער מאָלעריי. דערפאַר זעען מיר, אַז ווען זיינע גראַווירונגען האָבן אַ פעסטע רעליעפע ליניע, זיינען זיינע מאָלערייען איידל און צאַרט אין דער קאָלאָריסטיק און ווייך אין דער ליניע. אין אַלע דריי מינים קונסט האַלט זיך ישראל האָפמאַן פעסט ביי דער קלאַסישער פאָרעם. ער איז ווייט פון יעדן מאָדערניזם און אָנערקענט בכלל נישט די מאָדערנע אָריענטאַציע אין דער קונסט, זאָל עס זיין די אַבסטראַקטע אָדער די סורעאַליסטישע קונסט, — דאָס רעאַליסטישע און נאַטוראַליסטישע האָבן אין זיין שאַפן דעם אמתן תיקון.

אָבער מען וואָלט באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער, ווען מען זאָל נישט דערמאָנען דעם פאַרשטאָרבענעם גרויסן מאָלער נעמיראָווסקי, וואָס האָט אויף זיין באַלאַנס נישט נאָר גרויסע מאָלעריי־ווערק, נאָר ער האָט ממש אויסגעכאָוועט אַ דור אַרגענטינער קינסטלער. נעמיראָווסקי, מער פייזאַזשיסט ווי פּאָרטרעטיסט, פאַרבינדט אין זיין פּיקטאָרישער קונסט דאָס נאַטוראַליסטישע מיט רעאַליזם, אויסגעצייכנט אין דער דעליקאַטקייט פון קאָלירן, וואָס גיט צו זיי אַן אויסדרוק פון פריידיקייט. נעמיראָווסקי איז אויך געווען קונסט־פּראָפעסאָר אין טוקומאַנער אוניווערזיטעט, ווו אַ צאָל מאָלער האָבן באַקומען זייער קונסט־בילדונג און פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַרגענטינער פּיקטאָרישער קונסט.



רבקה גיטעלזאָן: „איטאָפּאָרטרעט״.

צו די וואָס האָבן פאַרנומען אַ גרויסן און אָנגעזעענעם אָרט אין דער מאָלעריי געהערט דער מאָלער מאַנועל אייטשלבוים, באַקאַנט אויך ווי איטשעלע, בעת ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט יידישער קאַריקאַטוריסטיק. מאַנועל אייטשלבוים האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסע קונסט־ירושה און זיינע בילדער געפינען זיך אין אַרגענטינער מוזייען, צווישן זיי — אין איינעם פון די גרעס־טע מוזייען אין לאַנד, דער מוזיי פון לאַ באָקאַ, חוץ דעם — אין מוזיי פון סאַנטאַ־פּע און אין מינקאָווסקי־מוזיי פון „ייווא״, ווי אויך ביי פּריוואַטע מענטשן און פריינד. אויך מאַנועל אייטשל־בוים האָט געהערט צו די אומדערמידלעכע קינסטלער. מאָלעריי איז געווען זיין סטיכיע און אין זיינע בילדער, באַזונדערס אין די פּייזאַזשן פילט זיך אַ נערוועזקייט. אין תוך איז טאַקע מאַנועל אייטשלבוים געווען אַ פּייזאַזשיסט, דער פּייזאַזש איז געווען זיין קינסטלערישע שטאַרקייט און דאָס איז דערפאַר ווייל מאַנועל אייטשלבוים האָט דאָס פּערסאָנאַלע אַריינגעבראַכט אין זיין פּיקטאָרישער קונסט. און מאָדנע: ווען מען לייענט מאַנועל אייטשלבוימס אַ בילד, און בילד דאַרף מען קענען נישט נאָר זען, נאָר אויך לייענען, דערשפּירט מען, ווי ער ברענגט אַרויס אין זיינע פּייזאַזשן פאַרשיידנאַרטיקע דראַמעס, ממש ווי זיינע אויגן וואָלטן געבוירן געוואָרן צו דערבליקן דאָס דראַמאַטישע אין דער נאַטור, דעם דראַמאַטישן הינטערגרונט פון דער נאַטור. בכלל קען מען באַמערקן צוויי כאַראַקטעריסטישע שטריכן אין מאַנועל אייטשלבוימס מאָלעריי: אימרו און פאַרחלומטקייט. די דאָזיקעביידע אייגנשאַפטן זעען אויס צו זיין אַ רעמיניסצענס אָדער גאָר אַן אַטאַוויזם פון זיין יידישן אָפּשטאַם. אגב גיט דאָס צו זיין מאָלעריי־קונסט אַ גע־וויסע מעלאַנכאָלישקייט וועלכע ווערט אויסגעדריקט מיט אַ טאָן־דעליקאַטקייט פון דער פאַרב און מיט אַ מאָלערישן פּענדזל־שטריך.

חוץ דעם פּייזאַזש האָט מאַנועל אייטשלבוים אויך קולטיווירט דעם קינסטלערישן פּאָר־טרעט און דעם קאַריקאַטור־פּאָרטרעט. צו זיין פּעדער געהערן אַ גאַנצע ריי קאַריקאַטורן פון יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער. דאָך, פּונקט ווי מאַנועל אייטשלבוים האָט געקענט פאָרשטעלן אַ מענטש אין אַ קרומען שפּיגל, אַזוי האָט ער אויך געקענט פאָרשטעלן דעם מענטש אין אַ ליכטיקער קינסטלערישער שיינקייט. דערצו האָט ער זיך באַמיט דורך שטריכן און קאָלאָריס־טיק אַרויסצוברענגען די פּסיכאָלאָגישע זייט פונעם פּאָרטרעטירטן מענטש. אין אַלגעמיין געננ־מען איז מאַנועל אייטשלבוים געווען דער קינסטלער וואָס האָט דורך קלאָרער און פאָרם אַרויס־געבראַכט אין זיין קונסט־שאַפן אַ וויטאַלע דינאַמישקייט.

ענלעך איז אויך געווען די צו פרי און צו יונג פאַרשטאָרבענע קינסטלערין אידאַ וויסמאַן. זי איז אַוועק פון דער וועלט ווען איר מאָלעריש שאַפן האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט מיט אַ באַ־זונדערן קינסטלערישן אימפּעט און די קינסטלערין גופא איז אַרויפגעשטיגן אויף דער העכס־טער טרעפּ פון דעם קונסט־לייטער. אין אַלע אירע בילדער מערקט מען אַן אויסערגעוויינלעכע פרויען־סענסיביליטעט. אין רוב באַנוצט זי זיך מיט העלע פאַרבן: ווייס, בלוי, טיילווייז — רויט. אַלע אירע געמאָלטע געשטאַלטן דריקן אויס טרויער. פאַרבענקטע, יידיש־צניעותדיק אַראָפּגעלאָזטע אויגן כאַראַקטעריזירן דעם רוב פון אירע פרויען־געשטאַלטן, צווישן וועלכע עס צייכנט זיך אויס אַ בילד „מוטער און קינד״. די אויגן פון דער מוטער זיינען געווענדט צו די ווייטקייטן, ווי נישט צו דער וועלט, נאָר צו אַן אומבאַקאַנטער וועלט, אין וועלכער עס איז אוממעגלעך אַריינצודרינגען מיטן שכל, — אַ מיסטעריעזע וועלט, וואָס קיינער ווייסט נישט וואָס זי איז און ווו זי איז. אידאַ וויסמאַן איז געשטאָרבן פאַר דער צייט און זי וואָלט נאָך גע־וויס געקענט באַרייכערן דעם אַרגענטינער פּיקטאָרישן קונסט־אוצר מיט אַ סך שאַפונגען.

וואָלף באַנדורעק האָט אין זיין שעפערישן לעבן דורכגעמאַכט אַ גאַנצע אָריסייע פון וואַנ־דערונגען — פון פוילן קיין פּאַריז, די מעקאַ פון אַלע מאָלערס, ווו ער האָט זיך פּערפעקציאָ־נירט אין זיין מאָלעריי־קונסט. פּאַריז איז דער באַלעבנדיקער גייסט פון יעדן מאָלער. פון פּאַריז האָט אים דער גורל פאַרטריבן קיין פּאַראַגוויי, ווו ער האָט גלייך באַקומען אנערקענונג. אָבער פּאַראַגוויי איז געווען אַ צו באַגרענעצטער קרייז פאַר זיין שאַפן. דעמאָלט קומט ער קיין בוע־נאָס־איירעס, ווערט דאָ אַ תושב און פאַרבינדט זיין קינסטלערישן גורל מיט דער אַרגענטינער

קינסטלערישער וועלט. שוין בעת זיינע אויסשטעלונגען אין פּאַראַגווײַ האָט וואָלף באַנדורעק גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון דער אַרגענטינער פּיקטאָרישער וועלט און טאַקע ביי זיין ערשטער אויסשטעלונג אין „העבראַיקאַ״ און נאָך דעם אין גאַלעריע „פּויסער״ איז ער אויפגענומען געוואָרן ווי אַן אַלטער באַקאַנטער און היימישער. וואָלף באַנדורעק האָט זיך אויסגעאַרבעט זיינס אַן אייגענעם סטיל אין דער מאָלעריי. ער מיידט נישט אויס אויך דעם פּייזאַזש, אָבער זיין ריכטיקע „וואָקאַציאָנעלקייט״ איז צו זיין דער מאָלער פון יידישע און חסידישע טיפּן, ווי ער האָט זיי געזען אין פּוילן, — די פּאַרשניטענע, וואָס וועלן שוין מער קיין מאָל נישט זיין. וואָלף באַנדורעק פּילט די טיפּן, טראָגט זיי אין זיין אימאַזש און שטעלט זיי פּאַר אין התלהבות, פון וועלכן עס דרינגט אַרויס דער ספּעציפיש־ייִדישער טרויער. ער שטעלט זיי פאָר ווי וועזנס, וואָס הייבן זיך אויף העכער פון דער ערד, ווילן מיט זייערע בליקן און איינגעהויקערטע פּי־גורן דערגרייכן דעם הימל. פאַראַן אין זיינע פיגורן עפּעס פון יעקב אבינו וואָס האָט זיך גע־ראַנגלט מיטן מלאך און איז אים בייגעקומען. וואָלף באַנדורעק שאַפט דעם אימאַזש און שטעלט זיין פּיקטאָרישע קונסט אויף דער קאָמפּאָזיציע.

צו די אָריגינעלע מאָלער געהערט מאַנועל קאַנטאָר. ער האָט אָנגעהויבן מיט דער קאַרי־קאַטור און די קאַריקאַטורן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אָריגינעלקייט. זיינע קאַריקאַ־טורן האָט ער געצייכנט נישט מיט סאַטירע אָדער קאָמיזם, נאָר דווקא מיט אַ הומאָר, וואָס פאַרמאָגט אין דעם שמייכל אויך אַ ביסל בייזקייט. מיט דער צייט האָט קאַנטאָר זיך געווידמעט מער דער מאָלערישער קונסט און באַזונדערס די מוראַלן. אייניקע מוראַלן געמאַכט אין ישראל האָבן אַרויסגערופן גרויסע פּאָלעמיקעס. אָבער קאַנטאָר, דער איבערצייגטער קינסט־לער, דערצו דער נישט באַגרענעצטער און נישט איינזייטיקער, האָט געוווסט ווי צוריקצוווייזן די נעגאַטיווע זייטן פון דער פּאָלעמיק. אין זיין מאָלעריי און אַפילו אין זיינע צייכענונגען פּילט מען אַ דיכטערישע אינספּיראַציע, וועלכע ער גיט איבער דורך פאַרב און אינעם אופן פון קאָנ־צענטרירן די פאַרבן דערגרייכט קאַנטאָר אַ הויכן פּונקט אין זיין פּיקטאָרישער קונסט. דאָס איז אויך די סיבה פאַרוואָס קאַנטאָר איז פאַרליבט אינעם בראַזיליענער פּייזאַזש, טאַקע ווייל דער בראַזיליענער פּייזאַזש ליפערט אים אַ פאַרשיידנאַרטיקע פּיל־קאָלירקייט. און קאַנטאָרס אייגנשאַפט באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז שטענדיק דער אומצופרידענער, שטענדיק דער זו־כער פון נייע פאָרמען און סטילן. ער באַנוגנט זיך נישט מיטן דערגרייכטן, נאָר ער ווערט גע־טראָגן פון אַן אומאויפהערלעכן אומרו. קאַנטאָר איז ווייט אַוועק פון דעם פּיקטאָרישן קלאַ־סיציזם און רעאַליזם, ער איז מאָדערניסטיש, אָבער זיין מאָדערניסטישקייט איז נישט פון די אויסגעשריגענע, נאָר אַן אייגענע, ווייל אין אים לעבט די צייט און ער זעט דעם מענטש אין דער נייער פאָרם פון דער היינטצייטיקייט אונטער דער שווערער מאַסע פון פליִענדיקע מאַ־שינען. דער מענטש פּליט צוזאַמען מיט דער פליִענדיקער מאַשין אַרויפבליקנדיק צו איר און דאָס ענדערט די געאָמעטריע פונעם מענטשלעכן קערפּער. די געאָמעטרישע ליניע פאַרנעמט אַ ווירקנדיק אָרט אין קאַנטאָרס קונסט. צוויי באַקאַנטע בילדער זיינע גיבן אַ פולשטענדיקן באַ־גריף ווי אַזוי ער באַנוצט די געאָמעטרישע ליניע און ווי אַזוי עס זעט אויס דער מענטש אין פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער ליניע. „מיידלעך אויפן מאַרק״ און „די דינאַמיק פון פוטבאָל־זיינען אין דעם זין כאַראַקטעריסטיש פאַר קאַנטאָרס באַנוצן די געאָמעטרישע ליניע, וואָס ווערט ביי אים קאָמבינירט אין פאַרשיידענע געאָמעטרישע פיגורן, אָנהייבנדיק פונעם געשלאָסענעם דרייעק ביזן קאָמפּליצירטן ראָמב און קאָנוס.

ענלעך ווי קאַנטאָר איז אַמעריקאָ באלאן אין דער גראַוויור. אַמעריקאָ באַלאַן האָט תחילת אָנגעהויבן מיט מאָלעריי און איז נאָך דעם אַריבער צו דער גראַוויור. די גראַוויור הייבט אָן בכלל צו ווערן די באַליבטע קונסטפאָרם פון אַ סך מאָלער, כאָטש די קונסט פון גראַוויור איז אַ סך קאָמפּליצירטער. און מעגלעך, אַז טאַקע צוליב דעם האָט אַמעריקאָ באַלאַן אויסגעווײלט דעם קונסט־זשאַנער, וואָס פאַרענטפערט מער זיינע שטרעבונגען און ענטפערט אויף זיין אינ־זיכישקייט. עס איז פאַראַן אַן אידענטיפיצירונג צווישן דער גראַוויור און דער פּסיכישער וועלט

פון אַמעריקאָ באַלאַן. ענלעך ווי די גראַוויור איז ער אויסערלעך דער געמיטלעך־רויקער, אָבער אין זיין אינעווייניק שטורעמט ממש אַ ווולקאַן פון אומרו און קאָמפּליצירטקייט. מחמת דעם קען מען אונטערשיידן צוויי מאָמענטן אין אַמעריקאָ באַלאַנס גראַוויור־קונסט: דעם אָנהייב און דעם ווייטערדיקן גאַנג. אין אָנהייב האָט באַלאַן געשטעלט זיין גראַוויור אויפן בורלעסקיש־קאָמישן, אָבער אינעם צווייטן פעריאָד באַפרייט ער זיך פונעם בורלעסק און גייט אַריבער צו ערנסטקייט. דער סאָציאַלער מאָמענט בלייבט איבער אויך אינעם צווייטן פעריאָד, אָבער ער



מאַנועל אייטשעלבוים: פּאָרטרעט (אייל).

ווערט שוין טראַקטירט ערנסט. די גראַוויור באַקומט ביי אים אַ פילאָסאָפיש־עקספּרעסיאָניס־טישן אויסדרוק און ווירקט באַזונדערס עקספּרעסיוו. זיינע גראַווירן זיינען קאָמוניקאַטיוו און מיט דעם האָט אַמעריקאָ באַלאַן אויך געוווּנען זיין אָנזעעוודיקע פּאָזיציע אין דער פּיקטאָרישער קונסט. פון אויסשטעלונג צו אויסשטעלונג געפינט מען ביי אים אַלע מאָל אַ נייעם שטריך, וואָס כאַראַקטעריזירט די דינאַמישקייט פון זיין קינסטלערישער פּערזענלעכקייט און כדאי איז אונטער־צושטרייכן: ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אינטערנאַציאָנאַלער פּיקטאָרישער אויסשטע־

לונג אין יאַפּאַן, איז אַמעריקאָ באַלאַן געווען דער איינציקער זוכה בגורל צו זיין פאַרטראָטן מיט זיינע גראַווורן אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג.

צו די אייגנאַרטיקע מאָדערניסטישע מאָלער געהערט א. ווײַנשטיין. דער באַרימטער מאָלער פעטאָרוטי האָט פון דער ווייטנס אָפּגעשאַצט א. ווײַנשטיינס פּיקטאָרישע אייגנשאַפטן און פעיקייטן און האָט אים איבערגעגעבן זיין אַטעליע און אים אָנגעטרויט די ווייטערדיקע אַטעליע־אָנפירונג. א. ווײַנשטיין האָט זיך פאַר זיין קונסט צוגעאייגנט אַ באַמערקונגסווערטיקע און אינטערעסאַנטע פאָרם: ער דערגרייכט אַ סינטעז צווישן דער קלאַסישער קאָמפּאָזיציע וואָס ווערט ביי אים באַזירט אויף מאָדערניסטישער ליניע. חוץ דעם האָט ער אויך אַ געוויסע נייגונג צו באַנוצן דעם פלעק־סטיל אין זיין מאָלעריי. געוויס האָט עס אַ שייכות מיטן כאַראַקטער פונעם מאָלער גופא. זיינע מאָלערישע אַרבעטן זאָגן עדות וועגן אַ באַשטימטער פילאָזאָפישקייט און אינטעלעקטואַליזירטקייט, באַזונדערס ווען ער רירט זיך צו צו אַ יידישער טעמע. ער האָט זיי אַפילו ווייניק, אָבער מען פילט אַן אומרויקן אינטעלעקט, אַן אומצופרידענעם און ליידנדיקן. אַלץ איז פאַרשאָטנט, דער מענטש פרעזענטירט זיך נישט קיין מאָל אין זיין ריכטיקן געשטאַלט, אָפט מאָל איז דער מענטש בכלל אַ פיקציע. א. ווײַנשטיין שפיגלט עס אָפּ אין זיין קינסטלערישן אימאַזש און קאָמבינירט אַזוי די פאַרבן ווי זיי זאָלן אויסדריקן, אַז די מינדסטע פרייד ווערט פאַרשלונגען אינעם ים פון ליידן. און אויך דאָס איז אַ קינסטלעריש־פילאָסאָפישע טעזע וואָס וויל זאָגן אַז אַפילו ווען די קונסט איז דורכגעדרונגען מיט אַ ים פון ליידן, פאַרשאַפט זי אויך פרייד.

בערנאַרד אָדער בערל סמענער איז אַ מאַדים אין דער גראַוויור. זיין האַנט איז זיכער אינעם שניידן די גראַוויר־ליניע. זיינע טעמעס זיינען אין רוב, און אפשר אויך אויסשליסלעך, יידישע. און שוין דאָס אַליין ווירקט אַז איבער זיינע קונסט־אַרבעטן זאָל שוועבן אַ וואָלקן פון טרויער. דער רוב פון זיינע פערסאָנאַזשן אין דער גראַוויור זיינען איינגעהויקערטע, ווייל זיי געהערן צו דער שכר־יומיקער קאַטעגאָריע. זיינע „יידישע כלי־זמר" אָדער „יידן אין שמחת־תורה", „דער אינוואַליד" אָדער „דער וואַסערטרעגער", — דאָס זיינען אַלץ פערסאָנאַזשן ווו דאָס סאָציאַלע מוז נעמען די אויבערהאַנט איבערן עסטעטישן. בערנאַרד סמענער האָט געהאַט אַ סך אינדיווידועלע אויסשטעלונגען און זיך אויך באַטייליקט אין קאָלעקטיווע אויסשטעלונגען און אַלע מאָל האָבן זיינע גראַווירן זיך אויסגעטיילט צווישן אַנדערע. בערנאַרד סמענער האָט אויך אַ גאַנצע סעריע גראַווירן פון שלום־עליכם־טיפּן און פערסאָנאַזשן, געמאַכטע מיט פאַרשטענדעניש פאַר די אייגנשאַפטן פון שלום־עליכמס „לאַכן מיט יאַשטשערקעס". בערנאַרד סמענער האָט זיך אויך באַטייליקט אינעם פרילינג־סאַלאָן פון סאַנטאַ־פע און איז געווען דער איינציקער „אויסלענדער" (בערנאַרדאָ סמענער האָט דעמאָלט נאָך נישט געהאַט די אַרגענטינער בירגערשאַפט) וועמען מען האָט צוגעטיילט איינשטימיק די ערשטע פרעמיע פאַר גראַווירונגס־קונסט.

צו די אויסשליסלעך יידישע מאָלער האָט געהערט משה פייגנבלום. ער האָט „פאַריידישט" אַפילו דעם „נאַטור־מאָרט". זיינע שבת־ליכט, שבת־טיש, שבת־אויבסט, דער ספר, — דאָס זיינען אַלץ געווען טעמעס פאַר זיין קינסטלערישן פענדזל. דערצו האָט ער פאַראייניקט דאָס מאָלערישע בילד מיט דער גראַוויור. און מערקווירדיק: וואָס מער יידיש ס'זיינען געווען די טעמעס פון זיינע קאָמפּאָזיציעס, אַלץ אַ גרעסערן אינטערעס האָט מען געהאַט צו זיינע ווערק אין דער נישט־יידישער וועלט. געוויס איז עס געווען מחמת דער עקזאָטישקייט פון זיינע קינסטלערישע אַרבעטן. אַלע זיינע ווערק זיינען איינגעהילט אין אַ חסידישער אַטמאָספער, וואָס לאָזט זיך פילן נישט נאָר אין זיינע ווערק פון אַן אימאַזש־כאַראַקטער, נאָר אויך אַפילו אין זיינע „נאַטור מאָרטן". איבער זיי שוועבט דער חסידות־טאָן פון אַ י. ל. פּרץ.

לעאָן פאָך איז לעצטנס ווייניק אַקטיוו אין דער פּיקטאָרישער קונסט, אָבער ער האָט אַ היפּשן פאַרמעגן פון דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט. פאָך איז געקומען צו דער נישט־יידישער וועלט מיט זיין יידישער קונסט, געשעפּט פון ביבלישן קוואַל. זיכער אינעם פענדזל, אויסגעצייכנט אין דער טעכניק פון מאָלעריי געפינט מען אין זיינע אַרבעטן אַ מין תהילימדיקע

צעזונגענקייט, — אַלץ זינגט אין זיין מאָלעריי, אָבער אויף אַן אַלט־ייִדישן שטייגער. אין זיינע מאָלערייען געפינט מען אַ סך ענלעכקייט צו דער ספּעציפיש־ייִדישער מאָלעריי פון די אַלטע הגדות און אַזוי איז ער אויך אין איניקע מוראַלן, וואָס געפינען זיך אין די שלום־עליכם־שולן און אין דער שול „מדינת ישראל". איבער זיינע מוראַלן און מאָלערייען שוועבט, חוץ דעם ביבלישן טאָן, אַ מין גמרא־טאָן און גמרא־ניגון פון אַ ישיבה־בחור, אַפילו איבער אַזאַ ווערק ווי די נאָדלשטעך־צייכענונג „שמשון מיטן לייב". זיין באַזוך אין ישראל האָט באַרייכערט זיין קונסט מיט אַן אויסגעצייכנטן אַלבום גראַווירונגען „24 צייכענונגען פון ישראל", ווו ער שטעלט פאָר דאָס מאָדערנע ישראל מיט תנכישע רעמיניסצענצן.

לעאָן ב. אייכהאָרן האָט פאַרן צווייטן וועלט־קריג זיך באַזעצט אין אַרגענטינע, אַ געצווונגענער צו פאַרלאָזן עסטרייך, זיין געבוירנשטאָט ווין, ווו ער האָט געלערנט און געענדיקט די קונסט־אַקאַדעמיע. לעאָן אייכהאָרן איז געווען די עמינענץ פון דער עסטרייכישער פּיקטאָרישער וועלט. ער איז געווען דער אָפיציעלער מאָלער פונעם עסטרייכישן קייזערלעכן הויף, אָבער אויך אין בוענאָס־איירעס האָט ער גלייך פאַרנומען זיין אָרט. לעאָ אייכהאָרן איז אויסשליסלעך געווען אַ פּייזאַזשיסט, אָבער פון צייט צו צייט האָט ער אויך זיך גענומען צום פּאָרטרעט. אייכהאָרן איז געווען אַ נאַטוראַליסט, טיילווייז גענויגט צום אימפּרעסיאָניזם און זיין אימפּרעסיאָניזם האָט זיך אַנגעהויבן אין אַרגענטינע מיט אַ ריי פּייזאַזשן פון טיגרע. אַלע זיינע פּייזאַזשן האָבן אַ פּערסאָנעלע נאָטע. זיי פאַרמאָגן לעבן, אַ העלקייט פון אַן אָפּטימיסטישן גייסט און דאָס האָט אויף זיינע בילדער אַרויפגעלייגט אַ חותם פון קאָמוניקאַטיווער אויסדריקלעכקייט.

צווישן די סקולפּטאָרן טיילט זיך אויך אויס פּאַול האַנעמאַן. פּאַול האַנעמאַן איז אַ פילזייטיקער קינסטלער. אַליין אַ סקולפּטאָר, פילט ער זיך זיכער און שטאַרק אויך אינעם אַקוואַרעל. אין ביידע פאַלן איז ער רעאַליסטיש מיט אַ חוש פאַר פיגוראַטיווקייט אין דער סקולפּטור. פּאַול האַנעמאַן האָט אויך געשאַפן קאָמפּאָזיציעס אויף דער טעמע פון די היטלעריסטישע גאַז־קאַמערן און אין די קאָמפּאָזיציעס ווייזט ער אַרויס אַ זיכערע האַנט פאַר גרופּן־סקולפּטור. זיינע גרופּן־סקולפּטורן האָבן אַן עפּישן סטיל. אין זיינע אַקוואַרעלן ווידער איז ער רעפּראָדוקטיוו און די פאַרבן זיינען דעליקאַטע, נאָענט צו לירישקייט.

נחום גויכמאַן איז אַ מאַדים אינעם איילבילד און בויט זיין פּיקטאָרישע קונסט אויסשליסלעך אויף דער קאָמפּאָזיציע. אין זיין סטיל איז ער אימפּרעסיאָניסטיש און הויפּטזעכלעך ווענדט ער זיין מאָלעריי צום אימאַזש. אין אַזעלכע בילדער זיינע ווי „דער פישער" אידענטיפיצירט ער דעם מענטש מיט דער נאַטור־סטיכיע און אין זיין „אַ פּרוי פון אַלטן דור" שפּירט מען ביי אים אַ ליבע צו דער פאַרגאַנגענהייט. דורך דעם דערמאָנטן בילד דריקט ער אויס דעם הומאַניזם, וואָס דער אַלטער דור האָט פאַרמאָגט.

יעקב גראַנאַט ווידמעט זיך דעם איילבילד און דעם אַקוואַרעל און איז אַבסאָלוט נאַטוראַליסטיש אין זיינע מאָלערייען. האללע עדווין איז שטאַרקער אין דער צייכענונג ווי אין דער טעמפּערא, אָבער אין ביידע פאַלן מערקט מען אין זיינע ווערק אַ באַשטימטע אידייע, וואָס ווייעט אָן אַ רעליגיעזע שטימונג. איסר האָפמאַן איז אימפּרעסיאָניסטיש אינעם פּייזאַזש און לויס ווייסמאַן פאַרמאָגט אין זיינע גאָלערייען זיכערקייט און מען שפּירט ביי אים ליבע צום געמאָלטן פּערסאָנאַזש. ווי ער זאָל טראָגן דעם פּערסאָנאַזש אין זיך.

וואָלטער ווינד איז דער טיפּישער רעפּרעזענטאַנט פון דער דייטשער נאַטוראַליסטישער־אימפּרעסיוויער שול אין דער מאָלעריי, ווי זי איז אויפגעשטעלט געוואָרן פונעם גרויסן דייטש־ייִדישן מאָלער ליבערמאַן. אָבער מען טרעפט ביי אים אַ מערקווירדיקע דערשיינונג: אויף וויפל ער איז אין זיינע מאָלערייען דער טרייער נאָכפאָלגער פון מאַקס ליבערמאַן איז ער אין דער צייכענונג דאָך נעענטער צו הערמאַן שטרוק. ביידע מעגן אָנשטיין, ווייל ביידע זיינען געווען גרויסע מאָלער און גראַד פון אַזאַ פאַרבינדונג שאַפט אַ גאַנץ אינטערעסאַנטער און פיינער סינטעז. וואָס שייך דער טעכניק פילט מען ביי הערמאַן אַ פולשטענדיקע זיכערקייט, אויך ווייזט ער אַרויס אַ פיינעם חוש פאַר פאַרבן־קאָנצענטרירטקייט.

אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג אין דער אַרגענטינער פּיקטאָרישער וועלט איז ב. לאזאנסקי, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט מאָלעריי און איז אַריבער צו דער גראַווור. בכלל געהער ב. לאַזאנסקי צו אַ מישפּחה קינסטלער. מאַרקאָס לאַזאנסקי איז אַ סקולפּטאָר און אַ סקולפּטאָרן איז אויך שרה־דבורה לאַזאנסקי, אָבער דער אויסנאָם איז ב. לאַזאנסקי. ווי נאָר ער איז אַרויס מיט זיינע ערשטע גראַווירונגען האָט ער געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט. די קונסט־קריטיקער האָבן אים געלויבט און אָנגעוויזן, אַז ער איז אַ געבענטשטער קינסטלער. ב. לאַזאנסקי איז אָבער געקומען אין אַ מאָמענט, ווען אויף דער אַרגענטינער קונסט־גאַס האָט געהערשט מער קנאה־שנאה, ווי חברשאַפט. דאָס האָט אים געצוווּנגען אויף אַ צייט צו פאַרלאָזן אַרגענטינע און אַריבערצופאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ב. לאַזאנסקי איז נישט געפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן צו באַזעצן זיך, נאָר צו פּערפעקציאָנירן זיך מער אין דער גראַוויר־קונסט, אָבער באַלד נאָך זיין ערשטער אויסשטעלונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך אַלץ געענדערט. ב.



פּאַולינע העלער: ווינטער (איילבילד).

לאַזאנסקי האָט גלייך דעראָבערט אַלגעמיינע אָנערקענונג און אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין דער צפון־אַמעריקאַנער קינסטלערישער וועלט. די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אים געמאַכט פאַר אַן אייגענעם און ווען ער איז געקומען דורכצופירן צוריק מיט אַ יאָר אַן אויסשטעלונג אין בוענאָס־איירעס, איז די אויסשטעלונג געווען פּאַטראָניזירט פון דער צפון־אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין אַרגענטינע. איצט איז אַרום ב. לאַזאנסקין אַ פּלוגתא: אַרגענטינע באַטראַכט אים ווי אירס אַ קינד, מחמת זיינע ערשטע טריט אין דער פּיקטאָרישער קונסט האָט ער געשטעלט אין בוענאָס־איירעס, אָבער אין די פאַר׳ שטאַטן האַלט מען אים פאַר אַן אַזאַ אייגענעם, אַז מען באַטראַכט אים פאַרן אויסגעשפּראָכענעם צפון־אַמעריקאַנער קינסטלער און אויך פאַרן רעפּרעזענטאַנט פון דער צפון־אַמעריקאַנער גראַוויר־קונסט.

מאַרקאָס לאַזאנסקי גיט זיך אָפּ מיט סקולפּטור. ער באַהערשט פולשטענדיק די טעכניק, איז פעסט אין אַרויסברענגען רעליעף־סקולפּטאָרישע ליניעס און אין זיינע שאַפונגען פילט זיך

אַ געמיטלעכקייט. אין גרעסטן טייל אַרבעט ער אין גיפּס און בויט אין גרעסטן טייל אויף דער קאָמפּאָזיציע.

אַ געבענטשטע האַנט האָט דער סקולפּטור נחום קנאַפּ. קנאַפּ דערהייבט די סקולפּטור צו דער העכסטער מדרגה פון קינסטלערישקייט, אין זיינע אַרבעטן פילט זיך שאַפנדיקער אומרו און געדאַנקלעכקייט. פאַראַן אוממיטלבאַרקייט אין זיינע שאַפונגען און שטריכן, וואָס באַווייזן די ענגע פאַרבינדונג צווישן שאַפנדיקער אינטויציע און אינטעלעקט.

עס האָט זיך אויך אַרויסגעהויבן יעקב וואָלבערג. יעקב וואָלבערג איז נישט קיין אויטאָדי־דאַקט אין דער פּיקטאָרישער קונסט. שוין אין זיין אַלטער היימשטאָט גראָדנע האָט ער געלערנט מאָלעריי, אָבער ביים אָנקומען קיין אַרגענטינע האָט ער, מחמת דאגות פרנסה, געמוזט אויסנוצן זיין מאָלערישן טאַלאַנט אויף צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. פון דעסט וועגן האָט ער זיך נישט מייאש געווען און שוין אין בוענאָס־איירעס פאַרגעזעצט זיין מאָלערישן שטודיום ביי אָנגעזעענע קינסטלער־פּעדאַגאָגן, צווישן זיי — אויך ביים רוסישן מאָלער אורוואַנצאָוו. זיינע ערשטע אויסשטעלונגען, אין דער גאַלעריע „ראָז־מאַריע" און נאָכדעם אין גאַלעריע פּעוסער, זיינען ממש געווען אַן אַנטפּלעקונג פאַר דער נישט־יידישער מאָלערישער וועלט. די אָנערקע־נונג האָט ער באַקומען דורך זיינע שאַפונגען אויף יידישע טעמעס און אויסשליסלעך אַרגענטי־נער פּייזאַזשן, אַרויפגענומען אויף זיינע לייוונטן, באַזונדערס פון די אָרעמסטע געגנטן, ווי באָקאַ, פון אַלטע אַרגענטינער בנינים וואָס דערציילן די געשיכטע פון די אַרגענטינער קאָלאָניאַלע צייטן. יעקב וואָלבערג האָט אַ חוש פאַר פאַרב און די פאַרבן אין זיין מאָלעריי זינגען ממש, באַ־זונדערס אין די פּייזאַזשן פון די קאָרדאָבער בערג. צוליב שטודיום איז יעקב וואָלבערג אויך געפאָרן קיין ישראל און האָט זיין באַזוך אין ישראל פאַרפיקסירט אין אַ גאַנצע ריי בילדער וואָס שטעלן פאָר דעם ישראל־פּייזאַזש, און אָרטיקע טיפּישע געשטאַלטן. יעקב וואָלבערג איז אין זיין מאָלעריי דורכויס יידיש. זיינע באַגערדלטע חסידישע טיפּן אַנטפּלעקן זיין ליבע צום יידן פון אַמאָל, אָבער אַפילו אין זיינע פּייזאַזשן שפּירט מען, אַז ער זעט די נאַטור מיט אויגן פון אַ ייד און אין אַ שטימונג וועגן וועלכער מענדעלע זינגט אין זיין „פּרק שירה".

ביי דער געלעגנהייט פאַרדינט אויך דערמאָנט צו ווערן אהרן ליפּיעץ, אַ זיכערער אינעם פּייזאַזש, אין דער ליניע און אין פאַרבן־קאָמבינירונג. יוסף קעסעלמאַן פאַרמאָגט אייגנשאַפט טעכניש־פיין צו פאַרווענדן די אייל־פאַרב און קינסטלערישע פאַרשטענדעניש ווייזט אַרויס יואל (כוליאָ) סמענער. כוליאָ סמענער געהערט צו דעם יונגערן דור יידישע מאָלער, אָבער ער איז נישט מיטגעריסן געוואָרן פונעם היינטצייטיקן מאָדערניזם. זיין נסיעה איבער אייראָפּע און ישראל האָבן אין אַ גרויסער מאָס בייגעטראָגן פאַר זיין מאָלערישער אַרבעט. אין זיין קונסט געפינט מען דעם סאָציאַלן שטריך, באַזונדערס דעמאָלט ווען ער ברענגט אַרויס אין בילד די אַזוי־גערופענע „אַראַבאַלן", אָבער אין דערזעלבער צייט איז ער אויך פעסט אינעם פּייזאַזש. דווקא אינעם פּייזאַזש זוכט ער מער דאָס עקספּרעסיאָניסטישע, ווייל דאָס עקספּרעסיאָניסטישע ליפערט אים מער שטאָף פאַרן עסטעטישן און אַפילו ווען ער מאָלט דעם אַרויפגאַנג אין אָרעמ־קייט־הויז, איז ער מקפּיד אויף דער עסטעטיק. דאָס קומט אויך פון דעם וואָס ער פאַרמאָגט אַן געאיידלטן חוש פאַר דער קאָלירן־ציכטיקייט.

די גאַלעריע פון יידישע קינסטלער, פאַרטראָטענע אין דער אַלגעמיינער פּיקטאָרישער קונסט איז גאָר נישט קיין קליינע. עס קומט אויס צו דערמאָנען נאָר די יידישע מאָלער, וואָס האָבן זיך פּרעזענטירט אין דער עפנטלעכקייט דורך אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע אויסשטע־לונגען, אָבער עס זיינען פאַראַן אויך מאָלער, וואָס די מאַטעריעלע אומשטענדן דערלויבן זיי נישט צו פּרעזענטירן זיך אין דער עפנטלעכקייט, מחמת דעם פּשוטן טעם, וואָס דער רוב גאַלעריעס זיינען פּריוואַטע און אַ סאַלאָן אין אַ פּריוואַטער גאַלעריע פאָדערט גרויסע סומעס. לעצטנס איז אויסגעקומען צו פאַרצייכענען די בילדער־אויסשטעלונג פון כואַן אייכלער, אַ יידישער מאָלער גע־קומען פון פּוילן, וועלכער האָט פאַר גאָר אַ קורצער צייט באַוויזן זיך צו אַקלימאַטיזירן אין דער אַרגענטינער קינסטלערישער סביבה. די אויסשטעלונג פון זיינע בילדער האָט געגעבן אַ גע־

לעגנהייט צו קאָנסטאַטירן, אַז זיין מאָלעריי איז אַ פיגוראַטיוו־עקספּרעסיוועו, פאַרמאָגט טיפע דימענסיעס און געהערט צו דער אַזוי־גערופענער מעטאַפיזיש־סוררעאַליסטישער ריכטונג.

אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט האָט לעצטנס געוואונען דער גראַווירער אָסוואַלדאָ רעמבערג. זיינע גראַווירונגען פאַרראַטן אַ שטאַרק־רעליעפן עקספּרעסיאָניזם. זיינע פיגורן פאַרמאָגן קאָמוניקאַטיווקייט און מען זעט ווי ער באַמיט זיך געוויסנהאַפט צו פאַראיינפאַכן די עלעמענטן, וואָס באַשטימען דעם כאַראַקטער פון זיינע גראַווירונגען. דער אימאַזש ביי אים איז אַ געמאָסטענער, אַ האַרמאָנישער און דורך די שטריכן־ליניעס רעדט ממש אַרויס אַ פלאַסטישע עלאָקווענץ. חוץ אַרגענטינע האָט אָסוואַלדאָ רעמבערג שוין אויך באַוויזן צו זיין באַטייליקט אין אַ קאָלעקטיווער אויסשטעלונג אין ישראל. אויך כאָרכע אַבעל קראַסנאָפּאָלסקי האָט באַוויזן צו באַקומען די ערשטע פרעמיע פאַר פיקטאָרישער קונסט אינעם היי־יאָריקן נאַציאָנאַלן סאַלאָן פאַר פלאַסטישער קונסט און אויב אַ זשורי האָט ווען עס איז געהאַנדלט ריכטיק און אויפריכטיק איז עס געשען אינעם פאַל פון כאָרכע אַבעל קראַסנאָפּאָלסקי. כאָרכע אַבעל קראַססנאָפּאָלסקיס מאָלעריי־אַרבעטן אַנטפּלעקן אַן אויסערגעוויינלעכע קינסטלערישע סענסיביליטעט, צוזאַמען מיט אַ ראַפינירטקייט אין באַנוצן די פאַרב, מ׳שפּירט דעם אוממיטלבאַרן שאַפנדיקן פונק אינעם קינסטלער און דאָס האָט באמת אַרויסגעטיילט זיין ווערק צווישן דער גרויסער צאָל ווערק וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אינעם נאַציאָנאַלן פרילינגס־סאַלאָן.

אברהם זילבערמאַן, אַ געבענטשטער פּייזאַזשיסט, איז אַ מאַדים אַרויסצוברענגען דעם זין פון קאָליר און פאַרב. זיינע מאָלערישע אַרבעטן מאַכן אַן איינדרוק פון אינטימקייט, אַן אַריינגעוועבטע אין אַן עקספּרעסיווער, אָבער דעליקאַטער עמאָטיווקייט. אין תוך איז דער סטיל פון זיינע מאָלערייען אַן אימפּרעסיאָניסטישער, אַפילו ווען זיינע קאָמפּאָזיציעס טראָגן אַן אורבאַניסטישן כאַראַקטער. זיין אייגנשאַפט איז צו קענען זען און אויפנעמען שיינקייט אין אַלץ, — אינעם בוים אויף דער קרייצונג פון גאַסן, אין דער איינזאַמער בלום ערגעצוו אין אַ ווינקל פון אַ גערטנדל. דאָס שווייגנדיקע רעדט ביי אים מיט אַ שפּראַך פון עקספּרעסיווער שיינקייט און אַ דאַנק דעם ווייעט אויך פון אַלע זיינע שאַפונגען, אַפילו פון די אורבאַניסטישע, אַן אינטימע דיכטערישקייט, אַרויסגעבראַכט דורך ליניע, פאַרב און קאָליר.

ליבער פרידמאַן איז אַ מאָלער מיט אַ פעסטער טעכניק; זיין סטיל אַ מער נאַטוראַליסטיש־רעאַליסטישער, אָבער מיט דער אייגנשאַפט פון קאָליר־עקספּרעסיווקייט. ראָבערטאָ אייזנבערג ווידער איז דער מאָלער פון אַן אויסגעשפּראָכענער אינדיווידואַליטעט, ער איז פּערסאָנעל אַפילו אין דער צייכענונג, האַלט זיך שטרענג ביים רעאַליזם און מען שפּירט ביי אים דאָס נישט־וועלן מיטגעריסן ווערן פונעם מאָדערניזם. און אויך ראָבערטאָ ראָזנפעלד איז דער אינדיווידואַליסט, זיין עקספּרעסיאָניזם איז אַ נאַטירלעכער און ער שאַפט זיך זיינע אייגענע גרענעצן סיי אין דער צייכענונג און סיי אין דער מאָלעריי גופא.

אַ באַזונדערע דערשיינונג אין דער אַרגענטינער סקולפּטור איז קאַסיטשע. קאַסיטשעס ריכטיקער נאָמען איז אפרים פאַליק און קאַסיטשע איז נאָר דער נאָמען פונעם שטעטל, ווו ער איז געבוירן געוואָרן. מעגלעך, אַז מיט דעם איז דער קינסטלער אויסן אָנצווייזן אויפן שורש, און דער סקולפּטור־אויפוווקס אויפן שורש איז גאָר אַן אייגנאַרטיקער. אַליין דער אָרגאַניזירער פון דער גרופּע „מאַדי״ אין דער קונסט האָט קאַסיטשע אַריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן און אַ נייע דימענסיע אין דער סקולפּטור. מ׳קען נישט דעפינירן גאולה קאַסיטשעס קונסט נאָר ווי מאָדערניזם. דאָס וואָלט באַדייט גאָרנישט זאָגן, אָבער ס׳איז מאָדערניזם אויף וויפל גאולה קאַסיטשע באַזירט זיין קונסט אויף די אַפּליקאַטיווע וויסנשאַפטן, ווי שטח־פיזיק, רעזיסטענץ פון מאַטעריעלער מאַטעריע אידענטיפיצירט ער מיט ענערגיע און די מאַטעריע פאַרמאָגט די אייגנשאַפט צו אימפּאָנירן אייגענע געזעצן. מען קען עס מערקן אין אַזאַ ווערק זיינעם ווי „שטחדיקע געשפּאַנטקייט״, אָדער אין אַזאַ סקולפּטור זיינער ווי „צוויי פאָרמען אומצוטיילבאַרער שטח״.

דאָס אייגנאַרטיקסטע פון גאולה קאַסיטשעס סקולפּטור־קונסט באַשטייט אויך אין דעם, וואָס בשייכות וואַסער, ווי אַ מאַטעריע, האָט מען אויסגעמיטן פאַרגלייכן, און מען האָט בכלל

אויסגעמיטן דעפיניציעס, הגם מען ווייסט, אַז וואסער איז אַ קוואַל פון ענערגיע, אָבער אַז וואַסער איז אויך אַ פאַקטאָר פון עסטעטיק, וועגן דעם האָט מען קיינמאָל נישט גערעדט. און אין דעם באַשטייט קאסיטשעס איינגנשאַפט, — ער האָט אַריינגעפירט די אַזוי גערופענע „אַרכיטעק־טור פון וואַסער". גאולה קאסיטשע, וואָס איז אגב אויך אַ טאַלאַנטירטער דיכטער, אַנטוויקלט דעם קאָנצעפּט אין זיין „הידראַולישער פּאָעמע", און אויך דאָס שטרייכט אונטער, אַז ער פאַר־בינדט זיין קונסט מיט דיכטונג און אין אַזעלכע סקולפּטורן זיינע „די ערשטע הידראַולישע סקולפּטור" און „באַוועגלעכע דעמי־ספּערישקייט" שפּירט מען דאָס דיכטערישע.

גאולה קאסיטשע, — אפרים פאליק, — האָט אויך געוווּנען די אינטערנאַציאָנאַלע סקול־פּטור־פּרעמיע פונעם אינסטיטוט טארקואטא די טעלאַ.



יאָזעפינאַ רובינשטיין־סלאָנימסקי: „די שטאָט".

אַ הויכלעכע איבעראַשונג איז שמחה שוואַרץ, וואָס האָט מיטאַמאָל זיך אַנטפּלעקט ווי אַן אייגנאַרטיקער סקולפּטאָר מיט אַ רעוואָלוציאָנערן גאַנג אין דער סקולפּטור. מיט זיין ערשטער אויסשטעלונג האָט ער נישט נאָר געערופן די אויפמערקזאַמקייט פון דער אַרגענטינער קינסטלע־רישער וועלט, נאָר האָט אויך אַרויסגערופן באַוווּנדערונג. די סקולפּטור האָט ביז די לעצטע יאָרן זיך געהאַלטן ביי איר מקדמוניקן סטיל און פאָרעם. נאַטוראַליזם און רעאַליזם זיינען געווען איר עיקר. ערשט אין די לעצטע יאָרן האָבן איייניקע סקולפּטאָרן אין ענגלאַנד אָנגעהויבן צו רעוואָלטירן קעגן די אַלטע שאַבלאָנען פון דער סקולפּטור־קונסט און נאָך עד־היום גייט אַן אַ שאַרפע דיסקוסיע וועגן די נייע ריכטונגען אין דער סקולפּטור. מיט רעכט קען מען זאָגן, אַז שמחה שוואַרץ דווקא אין בוענאָס־איירעס האָט געפונען די ריכטיקע לייזונג פאַר אַ נייער פאָרעם, נייעם סטיל און נייער טעמאַטיק אין דער סקולפּטור. מיט זיינע אויסגעשטעלטע ווערק האָט שמחה שוואַרץ באַוויזן, אַז מען קען אַנימיזירן גיפּס, שטיין און בכלל יעדן מינעראַל, וואָס קומט אַריין אינעם קינסטלערס האַנט, ווען דער קינסטלער האָט אַן אידייע, ווען דער קינסטלער באַ־

וויזט די אידייע איבערצובורעכן אינעם פאַקום פון זיינע מעדיטאַציעס, ווען דער יסוד פון די מעדיטאַציעס איז דאָס אינטעלעקטועלע אָדער דאָס רעליגיעז־אמונהדיקע. שמחה שוואַרץ באַווייזט צו פאַרייניקןביידע דערשיינונגען אויף אַמאָל. דאָס אינטעלעקטועלע מיטן רעליגיעז־גלויבערישן, — ביידע דרינגען אַריין ביי אים אין אַן אויסגעשפּראָכענעם מיסטיציזם, וואָס באַקומט ביי אים אויסלאָדונג נישט דורך אַ פיגור געשטעלט אויף אַ געוויינלעכן רעאַליזם, נאָר דורכן אַריינברענגען אַ קבלה־קאָנצעפּט אינעם אַנימיזירן דעם מינעראַל. אים איז גענוג אַן אות, אַז דאָס אות זאָל אין פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס אַרויסברענגען זיין אינהאַלט, זיין אין־סופיקייט. און באמת: האָט דען נישט דאָס יידישע אות אַ קבלה־באַדייטונג און קבלה־אינהאַלט? שטאַמט דען נישט דאָס יידישע אות פון די גאָר אַלט־יידישע היעראָגליפן? „די אותיות פון רבי עקיבא״ דערציילן עפּעס וועגן דעם אַלעמען און ביי שמחה שוואַרץ איז עס אַן אַבסאָלוטע אָרגאַנישקייט, אַ שאַפונג וואָס דרינגט אַרויס פון זיין מיסטישער נשמה, וואָס לעבט אין אַן איינסופיקייט, — דער סימבאָל פון די אייביקע זוכונגען און גייסטיקן אומרו. און אויך זיין סטיל איז אַן אייגנאַרטיק־פּערזענלעכער: ריטם, דינאַמישקייט, געבויט אויף געאָמעטרישער ליניע פון אַ דריי דימענסיאָנעלקייט מיט אַ פערטער דימענסיע מחוץ דער ליניע, וואָס האָט געדינט ברוך שפּינאָזאַן ווי אַ יסוד פאַר זיין גרויסן ווערק „די עטיק״ און וואָס איז בכלל געווען דער גאַנצער יסוד פון זיין פילאָסאָפיע.

אויך אַ גאַנצע ריי יידישע פרויען צייכענען זיך אויס אין דער מאָלעריי און פאַרנעמען אַן אָרט אין דער קונסט־קריטיק. ביי איינִיקע פון די פרויען־קינסטלערנס מערקט מען אָריגינעלקייט און שאַרף־אויסגעשפּראָכענע אינדיווידואַליטעט, צוזאַמען מיט דער זיכערקייט און קרעפטיקייט פון דער טעכניק. מרים גאַוועַנסקי, עדיט שרה דבורה לאַסאַנסקי, די פיינע סקולפּטאָרן, אסתר מירקין, אַדעלאַ סארקין, ראָסאַליאַ פּליטשמאַן, שרה שמידט, דבורה קראַוויטש, דאָראַ באַבראַסקינאַס, די סקולפּטאָרן ליובאַ גייכמאַן, די סקולפּטאָרן לאה לובלין, די מאָלערן יענטע, די סקולפּטאָרן נאָעמי גערשטיין, מאַרטאַ גרינבערג, סעסיליאַ אַדלער, מינאַ גאַנדלער, סעסיליאַ מאַרקאָוויטש, זשאָזעפינאַ רובינשטיין, ראָסאַ נעמי, פּאַולינאַ העלער, רבקה גיטעלזאָן, לויסאַ רייסנער, ליליאַנאַ פּאָרטער, שושנה געלמאַן און נאָך אַ סך אַנדערע. ס'איז אַ גאַנצע פּאַנאָראַמע פון יידישע פרויען־קינסטלערנס, וואָס האָבן באַקומען זייער העכסטע אָנערקענונג פאַר זייערע קינסטלערישע שאַפונגען.

ס. אַדלער פאַרמאָגט אַ פיינע טעכניק אינעם געמעל און איז אויך זיכער אין דער צייכענונג. איר סטיל איז אַ געמיש פון רעאַליזם מיט אימפּרעסיאָניזם, אָבער ערטערווייז רייסט זיך אַריין ביי איר אויך דער מאָדערניסטישער עטריך. ד. באַבראַסקינאַס איז די אויסגעשפּראָכענע אימפּרעסיאָניסטן, אינדיווידועל אין דער קאָלאָריסטיק. אַ באַזונדערן אינטערעס האָט אַרויסגערופן אין סאַלאָן פּעוּסער אירס אַן אויסשטעלונג פון פּייזאַזשן פון ישראל, נאָך איר פאַרברענגען עטלעכע חדשים אין ישראל. די אויסשטעלונג האָט אָנגעצייכנט אַ צווייטן עטאַפּ אין איר קינסטלעריש־מאָלערישער אַנטוויקלונג, אָבער דער סטיל איז אַלץ געבליבן אַן אימפּרעסיאָניסטישער, בעת די קאָלאָריסטיק איז שוין אַ גאַנץ אַנדערע, אַ נייע, אַ שאַרפּערע אינעם אויסדרוק און אַ פאַרשיידנאַרטיקע, אַ באַדעקטע מיט ספּעציפיש־בענקנדיקער מעלאַנכאָלישקייט. אַן אייגנאַרטיקן שטריך געפינט מען אויך אין די מאָלערייען פון ראָסאַליאַ פּליטשמאַן. זי איז מער די קינסטלערן פון קאָמפּאָזיציעס. אירע שאַפונגען דערציילן וועגן אַ באַשטימטער ראָמאַנטישקייט, און די ראָמאַנטישקייט וויקלט זי איין אין איידל־פיינע און דעליקאַטע פאַרבן. און באַמערקנסווערט: אינעם רוב פון אירע שאַפונגען מערקט מען שטריכן וואָס זיינען אויסשליסלעך אייגן דעם יידישן כאַראַקטער. פאַראַן אין אירע בילדער אַ פּיליגראַנישקייט פון טרויעריקער בענקעניש, וואָס מען געפינט אויף די בילדער וועגן די אַמאָליקע יידישע פרויען, ביים לייענען אין די שבתים נאָכמיטיק דעם „צאינה וראינה״; ראָסאַליאַ פּליטשמאַן פאַרראַט אין זיך אַזאַ אַטאַוויזם דורך דער פאַרב־ליניע.

אַ באַזונדערן אינטערעס האָט ביי דער אַרגענטינער קונסט־קריטיק אַרויסגערופן די סקולפּ־

טאָרן ליובאַ גייכמאַן, וואָס צייכנט אירע שאַפונגען מיטן נאָמען „ליובאַ״. אַן אויסערגעווייינלעכע שעפערישע און דינאַמישע נאַטור צוזאַמען מיט איר סקולפּטור־קונסט אויך אַ מאָלערן, האָט זי אַרויסגערופן אינטערעס מיט איר עקזאָטישער טעמאַטיק. און איז אַ טשעקאַווע דערשיינונג, וואָס האָט, אגב, ביי אַ געלעגנהייט גערופן אויף די אויפמערקזאַמקייט פונעם כינעזישן אַמבאַסאַדאָר אין אַרגענטינע: ליובאַ גייכמאַן האָט אַריינגעבראַכט אין דער סקולפּטור־קונסט די כינעזישע עקזאָטישקייט און זי ברענגט זי אַרויס מיט אַזעלכע דעטאַלן ווי אין איר גופא זאָל לעבן אַ דור־דורותדיקע כינעזישע נשמה, אָדער אפשר גאָר אַ כינעזישער „דיבוק״, וואָס פירט איר האַנט ביים נעמען דעם סקולפּטאָרישן סקאַלפּעל. בכלל טראָגן אַלע אירע ווערק אַ פיזיאָנאָמיש־אָריענ־טאַלישע סטרוקטור. כינעזישע און אינדישע געטער, כינעזישע קעניגן, אינדישע פּרינצן, און בכלל פאַרשיידענע פאָלקס־טיפּן פון דער מילע־מיליאָסעדיקער כינע באַקומען ביי איר אַ מאַגיש־קינסטלערישן אויסדרוק. עס איז בכלל אַ מערקווירדיקע דערשיינונג: די טעמאַטיק וואָס עס קען אָנבאָטן די געשיכטע און די טראַדיציע פון כינע לעבן אין איר גייסט און ווערן ביי איר אויסגע־לאָדן אין קינסטלעריש־עסטעטישע פאָרמען. און עס איז כדאי צו פאַרצייכענען: בעת איינער פון אירע לעצטע אויסשטעלונגען איז געווען אָנוועזנד אַ כינעזישער קאָלעקציאָנער טשאַן, און נאָכן זען אירע אַרבעטן האָט ער אָפּגעקויפט ביי איר אייניקע פון אירע ווערק פאַר דער פּינאַטעקאַ פון דעם כינעזישן מלוכהשן קונסט־מוזיי. די ווערק פון דער סקולפּטאָרן ליובאַ געפינען זיך אי־נעם קונסט־מוזיי פון לאַ באָקאַ און אין די מוזייען פון ראַפאַעלאַ, טרעס אַראָזשאָס און אַנדערע. די אַרגענטינער שול אין פלאָרידאַ האָט ספּעציעל ביי איר באַשטעלט אַ סקולפּטור פאַרן טאָג פון דער מוטער און דער אַרגענטינער קאָנגרעס האָט אין 1961 ביי אַ ספּעציעלער סעסיע באַ־שטימט צו קויפן איינס פון אירע באַרימטע ווערק פון דער אינדישער מיטאָלאָגיע, די געטין סיוואַ. לעצטנס גיט זיך די סקולפּטאָרן ליובאַ אָפּ מיטן שטודירן די ייִדישע ביבל און ווען מען האָט זי ביי אַ קאָלעקטיווער אויסשטעלונג אין מאַראָן געפרעגט וועגן אירע ווייטערדיקע שעפערישע פּלענער, האָט זי דערקלערט, אַז זי שטודירט די ביבל, ווייל זי פילט אין איר גייסט דעם אימאַזש פון די ייִדישע נביאים און איר אַמביציע איז זיי אַרויסצוברענגען סיי סקולפּטאָריש און סיי מאָלעריש.

פּעסט אין דער סקולפּטור־קונסט איז נעמי גערשטיין. סעסיליאַ מאַרקאָוויטש האָט פאַר איר סקולפּטור־שאַפונג, ביי דער לעצטער אויסשטעלונג פונעם נאַציאָנאַלן סאַלאָן, באַקומען די פּרע־מיע „דזשאָקי־קלוב״. סעסיליאַ מאַרקאָוויטש פאַראייניקט קינסטלערישע צייכענונג, מאָלעריי און סקולפּטור און אין יעדע שאַפונג אירע פילט מען דיכטערישע אינספּיראַציע. מינאַ גאָנדלער, אַ קינסטלערן מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם חוש פאַר שיינקייט, צייכנט זיך אויס מיטן ערנסט פון אירע שאַפונגען; מען שפּירט אין איר יעדער מאָלעריי, ווי דאָס מאָלן זאָל זיין פאַר איר אַ ריכ־טיקע עבודת־הבורא, אַ תפילה אַרויסגעבראַכט דורך קאָליר און פאַרב. אַ דאַנק דעם באַקומט איר מאָלעריי אַ כאַראַקטער פון סימבאָלישע אימאַזשן.

מאַרטאַ גרינבערג באַנוצט זיך אין איר מאָלעריי מיט די פּשוטסטע עלעמענטן. און אינ־טערעסאַנט: אין יעדן מאָלעריי־ווערק שפּירט מען אַ מיסטעריעזן אומרו וואָס פילט זי אָן מיט לעבן דורך זעלטן־שיינע פאָרמען. אַ באַזונדער אייגנשאַפט פון דער קינסטלערן איז אַן איבער־געטריבענע און דאָך מיט דער איינפאַכסטער און זייער פאָרזיכטיקער כראָמאַטיק, געשאַפענע האַלוצינאַציע־אַטמאָספער.

צו די אייגנאַרטיקע מאָלערנס געהערט אויך יענטע (פון דער משפּחה קריינאָוויטש). יענטע איז אַן אויסגעשפּראָכענע מאָדערניסטן. איר מאָלעריי באַזירט זיך אויסשליסלעך אויפן קאָליר, דאָס הויפּטזאַכלעכע איז די קאָנסטרוקציע. דער אימאַזש דאַרף קומען נישט פון דער פיגור, נאָר פון דער קאָנסטרוקציע וואָס נעמט אָן ביי איר פאַרשיידענע געאָמעטרישע פיגורן און אויסדרוקן. צום ערשטן אינטערעסירט זי די האַרמאָניע פון פאַרבן און זי קאָנצענטרירט די פאַרבן אויף אַזאַ שטייגער אַז זיי ווערן ממש אַ געזאַנג, מיט איר מאָלעריי באַשטעטיקט זי די פּאָעמע פונעם געניאַלן דייטשן דיכטער געטע וועגן די פאַרבן, וואָס פאַרוואַנדלען זיך אין אַ האַרמאָנישן געזאַנג.

זוען מען דרינגט אַריין אין דער מיסטעריעזקייט פון זייער סענסיביליטעט, — די קינסטלערן יענטע לעבט אין דער מיסטעריעזער סענסיביליטעט פון די פאַרבן, — דאָס איז איר סטיל און אויך דער יסוד פון אירע שאַפונגען.

ראָסאַ נעמי (ראָסאַ נעמיראָווסקי) געהער צו די גאָר יונגסטע מאָלערנס, אָבער איר ערשטע אויסשטעלונג אין גאַלעריע פועסער האָט אַנטפּלעקט אַ באַגאַבטע קינסטלערן, וואָס האָט שוין אַן אייגענעם טאָן אין דער פּיקטאָרישער קונסט. עס איז געווען גענוג צו אַנאַליזירן נאָר איין בילד, וואָס האָט פיגורירט אויף דער אויסשטעלונג „דריי געשיכטעס", כדי צו דערקענען דעם כאַראַקטער און די אייגנשאַפטן פון דער יונגער מאָלערן. דריי אייגנשאַפטן אין איין בילד: סור־רעאַליזם, רעאַליזם און סוב־רעאַליזם און טאַקע דער סוב־רעאַליזם איז דער נייער טאָן, וואָס



אהרון ליפּיעץ: פּייזאַזש אין קאַטאַמאַרקאַ.

די יונגע ראָסאַ נעמי ברענגט אַריין אין דער מאָלעריי־קונסט. אין דערזעלבער צייט איז אָבער דאָס רעאַליסטישע דער צענטער פון איר מאָלערישן סטיל און דערזעלבער רעאַליזם האָט צוויי קאָנטינוזמעטן, אָדער ריכטיקער געזאָגט, צוויי דימענסיעס, איינע צו די הויכקייטן, די צווייטע צו די טיפענישן, די טיפענישן זיינען דער שורש, דער וואָרצל און די מאָלערן נעמט אָן דעם סוב־רעאַליזם, ווייל זי איז אויסן צו דערגרונטעווען די טיפענישן פון דערשיינונגען און די טי־פעניש פון מענטשלעכן זיין, — עס איז די שטרעבונג צו קענען זיך אַליין, זיך אַליין צו אַנטפּלעקן אין דעם אייגענעם „איך" און פון דעם געווינען ראָסאַ־נעמיס מאָלעריי שאַפונגען אַ פּערסאָנעלע קאַפּריז־שפּילעוודיקייט.

פּאַולינאַ העלער ווייזט אַרויס מער פאַרצוג פאַר דער אַקוואַרעל־מאָלעריי און דער רוב פון אירע מאָלערייען זיינען איינדרוקן פון רייזעס. דערפאַר זיינען אירע מאָלערייען פאַרשיידנאַרטיק, זיינען אַממאָספעריש־פאַרשיידן און אויך קאָלירפול־פאַרשיידן. איינע פון אירע לעצטע אויס־שטעלונגען „איינדרוקן פון אַ רייזע" איז געווען אינעם סאַלאָן פון דער „קולטור־דינסט פון די

פּאַראייניקטע שטאַטן אין אַרגענטינע". אַלע אַקוואַרעלן אירע זיינען געווידמעט די לענדער וואָס זי באַזוכט. אין איר לעצטער אויסשטעלונג האָט זי אַרויסגעבראַכט דורך אַקוואַרעל די פּאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, מעקסיקע און פּאַנאַמאַ, — דער רוב אַקוואַרעלן זיינען אָבער געווידמעט די פּאַראייניקטע שטאַטן, און אויב אַ שרייבער באַשרייבט זיינע רייזע־איינדרוקן, טוט פּאַולינאַ העלער דאָס זעלבע דורך אַקוואַרעליזירן אירע איינדרוקן, — די פּאַרב ווערט איר שפּראַך און די קאָלירן ברענגען אַרויס אויף אַן אימפּרעסיוון אופן אירע שטימונגען.

זשאַזעפינאַ רובינשטיין האָט דורכגעמאַכט צוויי עטאַפּן אין איר מאָלעריי. אין אָנהייב האָט איר מאָלעריי געטראָגן אַ נאַטוראַליסטישן און רעאַליסטישן כאַראַקטער. אייניקע פון אירע ערשטע בילדער ווייזן אויך אַ געוויסן אימפּרעסיאָניזם. אָבער אינעם צווייטן עטאַפּ באַפרייט זי זיך פון די פריערדיקע פאָרמען און גייט אַריבער צו אַן אויסגעשפּראָכענעם מולטי־פאַרביקן עקספּרעסיאָניזם. זשאַזעפינאַ רובינשטיין איז אורבאַניסטיש אין איר מאָלעריי, מעגלעך מחמת דעם ווייל אינעם אורבאַניזם געווינט דער עקספּרעסיאָניזם אַ בולטערן אויסדרוק. זשאָזעפינאַ רובינשטיין פאַרפלאַכט אָבער נישט דעם עקספּרעסיאָניזם און זי פאַרגייסטיקט אים, אַ דאַנק דעם געווינען אירע שאַפונגען אַ פערסאָנעלן סטיל.

צו די יונגע געהערט אויך פעליסאַ ציר. עס איז ווייניק צו זאָגן, אַז זי איז אַן אייגנאַרטיקע מאָלערן. פעליסאַ ציר האָט אידייע אין דער מאָלעריי. פאַר איר איז די מאָלעריי דיכטונג דורך קאָליר. מאָלעריי דאַרף זיין דיכטונג און דיכטונג איז אינטויציע. צוליב דעם מוז דאָס האַרץ שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דער שאַפונג און פּונקט ווי דאָס האַרץ שאַפט נישט קיין פּראָיעקטן, אַזוי איז אויך אין דער מאָלעריי־קונסט. ביים שאַפן אַ בילד קען מען נישט מאַכן קיין פאָרויסיקע פּראָיעקטן, נאָר עס מוז קומען ספּאָנטאַן, ווי עס זאָל אַרויסזינגען פון האַרץ. אין פעליסאַ צירס קונסט־מאָלערייען שפּירט מען ספּאָנטאַנקייט און אַבסאָלוטע אינספּיראַציע און דאָס אינספּיראַטיווע באַשטימט אויך דעם כאַראַקטער פון די באַנוצטע פאַרבן, די אינטויציע זאָגט איר ממש אונטער אַז ווען עס קומט דער גרויער קאָליר זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן די ראָזע־פאַרב, נישט כדי צו קאָמבינירן ליכט און שאָטן, נאָר ווייל דער ראָזער קאָליר איז דער אויפגאַנג פונעם לעבן. און פעליסאַ צירס בילדער האָבן לעבן, ווי אַ ריכטיק־אינספּירירט ליד און פּאָעמע.

רבקה גיטעלזאָן איז די מיסטעריעזע מאָלערן אין פולן זין פון וואָרט. איר אָקאַרשטע אויסשטעלונג אין דער גאַלעריע וואַן־ריעל האָט אַוועקגעשטעלט אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט די וואָס ווילן דעפינירן דעם כאַראַקטער פון אירע שאַפונגען, פאָרעם און סטיל. רבקה גיטעלזאָן רעוואָלטירט אַבסאָלוט קעגן יעדער סימעטרישקייט און ליניע־גלייכגעוויכט אין דער מאָלעריי־קונסט. זי בויט אויסשליסלעך אויף דער דעזעקוויליברירטקייט פון דער ליניע, כדי דער ריטם זאָל זיך שאַפן דווקא דורך דער אַסימעטרישקייט פון דער ליניע. אָבער רבקה גיטעלזאָנס בילדער דאַרף מען נישט נעמען לויט סטיל און פאָרעם און מען דאַרף אויך נישט אָנווענדן צו אירע שאַפונגען די אָנגענומענע געזעצן וועגן האַרמאָניע, אָדער די טעאָריע וועגן ליכט און שאָטן. שאָטן איז פאַר איר מער ווי דאָס ליכט, ווייל אינעם שאָטן גופא איז פאַרבאָרגן דאָס ליכט. פון וואַנען נעמט זיך צו רבקה גיטעלזאָן אַזאַ איינשטעלונג אין דער מאָלעריי־קונסט? ווייל זי איז די אַבסאָלוט־יידישע מאָלערן וואָס קען נישט און וועט זיך קיינמאָל נישט באַפרייען פון איר יידישקייט־אַטאַוויזם. ער לעבט אין איר טיף פאַרוואָרצלט און אין דעם אַטאַוויזם איז אויך טיף פאַרוואָרצלט דער טויזנטיאָריקער יידישער ליידן־וועג. מען דאַרף נאָר זען אירע דריי בילדער „ביי הזכרת־נשמות", „אויך מיר לערנען העברעיש", „געוויסע טעג האָב איך באַגלייט מיין פאָטער" און די בילדער וועלן דערציילן, אַז אינעם אונטערבאַוווסטזיין פון דער קינסטלערין איז פאַרוואָרצלט אַ טויזנטיאָריקע יידישקייט מיט אַלע אירע ליידן. עס איז אַ ספק צו רבקה גיטעלזאָן האָט אַמאָל געלייענט יצחק קאַצענעלסאָנס „דאָס ליד פון מיין אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק", אָבער עס איז פאַראַן אַן אידענטישקייט צווישן דער דאָזיקער פאָעמע און איר מאָלעריי. רבקה גיטעלזאָן גיט נישט קיין נאָמען דעם רוב פון אירע בילדער. לויט דער טעמאַטיק מוז די אַבסטראַקטקייט זיין איר אייגנשאַפטס־סטיל און די אַבסטראַקטקייט ברענגט זי אַריין אין אַ

ספערע פון אויסמיידנדיקער קאָלאָריסטיק. מחמת דעם האָט זי טאַקע דריי פון אירע בילדער באַטיטלט „דאָס גרויע איז געווען זיין קאָליר״ און מיט דעם דריקט זי אויס אויך שטעלונג צו קאָלירן. איר פרעפערענץ זיינען גרוי און שוואַרץ און דאָס פּאַסט זיך אויך צום כאַראַקטער פון אירע שאַפונגען, טיף־מיסטישע און טיף־פסיכאָלאָגישע, אַזוי אַז מען האָט ממש מורא פאַר אַ געוויסער פּאַטאַלאָגישקייט וואָס פאַרפאָלגט די קינסטלערין. ווי געזאָגט, טאָר איר קונסט־שאַפונג נישט באַטראַכט ווערן לויט די אָנגענומענע געזעצן פון האַרמאָניע און טעאָריע וועגן ליכט און שאָטן, אָדער גאָר לויטן מאַסשטאַב פון קינסטלערישער אַנאַטאָמיע. רבקה גיטעלזאָן איז אין איר



לעאָן פּאַך: אַ קרוג.

מאָלעריי דער אַבסאָלוטער רעוואָלט קעגן אַלע פאָרמען, זי נעגירט די אַלע פאָרמען און טעאָריעס, יואַרפט זיי אָפּ, ווייל זי זוכט דעם אמת דורך קונסט און די קונסט איז דער אמת וועגן דער דעזעקווילאַבירירטקייט פון דעם מענטשנס נשמה. דער מענטש אין זיין עקזיסטענץ איז טראַגעדיע און טראַגיק און טראַגעדיע און טראַגיק האָבן נישט קיין סימעטריע, נאָר זיינען אַסימעטריש, אַריטמיש און זיגזאַג־ווירקנדיק. עס איז אַ באַזונדערע אייגנשאַפט פון אַן אויטענטישער קינסטלערין, אָבער אויסשליסלעך פון אַ יידישער אין וועלכער עס לעבט אַ מין אַמביציעזקייט פון „לא ככל הגוים״, וואָס איז צו איר געקומען נישט פון אינטעלעקט און איבערצייגונג, נאָר פון אַטאַוויזם און אינטויציע, וואָס דרינגט אַרויס ממש פון אַ פסיכאָ־פּאַטאָלאָגישקייט.

אָן ענלעכע ריכטונג געפינט מען אויך ביי דער יונגער מאָלערין לויסאַ רייסנער. אויך לויסאַ רייסנער רייסט איבער מיט די אָנגענומענע געזעץ־נאָרמען פון דער מאָלעריי־קונסט. אויך זי מאַכט נישט קיינע פּאָרויסיקע פּראָיעקטן פאַרן מאָלערישן בילד, נאָר עס ווערט ביי איר גע־שאַפן ספּאָנטאַן. ווי נאָר זי נעמט דעם פּענדזל אין האַנט און רירט זי צו צו דער פאַרב, דעמאָלט הייבט אָן ווירקן איר אינספּיראַציע און ממש אַ געטראָגענע פון אַ פאַרבאָרגענע גייסטיקע האַנט מאָלט זי, אָן צו וויסן אויף וואָסער אופן דאָס מאָלערישע וועט זיך אויסוויקלען. וועגן דעם דער־ציילן אירע בילדער וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אין דער גאַלעריע פּעוסער. אויך לויסאַ רייסנער פאַרשאַפט קאָפּברעכענישן ביים דעפינירן איר קונסט, אויך צו איר מאָלעריי קען מען נישט אָנווענדן די אָנגענומענע געזעצן פון דער קונסט. לויסאַ רייסנערס בילדער רעדן קלאָר פאַר זיך אַליין, אַז מען האָט פאַר זיך אַ קינסטלערן פון אַ גוואַלדיקן אינערלעכן אומרו און דער אומרו פאַראורזאַכט די דינאַמיק פון איר מאָלעריי. אירע בילדער רעדן קלאָר וועגן אַן אינטענ־סיוו־אינערלעכער וועלט, וואָס איז פול מיט סימבאָלן און מיסטישקייט. לויסאַ רייסנערס קינסט־לערישער תוך איז די סטיכישקייט וואָס פירט צו אומבאַוווסטקייט. אין דעם פּרט איז איר מאָלעריי פון אַ מעטאַפיזיש־טראַנסצענדענטאַלן כאַראַקטער און אייניקע פון אירע בילדער דרינגען אַריין אין פילאָסאָפישע מעדיטאַציעס. בכלל איז איר קונסט און דער סטיל פון איר קונסט אַ מעדי־טאַט־יווער. דערביי באַנוצט זיך לויסאַ רייסנער מיט די פּשוטסטע מיטלען און רעדוצירטע קאָ־לירן, ווי שוואַרץ און רויט, אין געוויסע פאַלן אויך מיט ווייס און גרין. ווייט פון מאַכן פּאָרויסיקע פּראָיעקטן, שאַפט זי די קאָמפּאָזיציע צוזאַמען מיטן ווערק גופא און דאָס איז אויך נאַטירלעך, מחמת איר קינסטלערישער שאַפן איז כולו אינטויציע און אינספּיראַציע.

ליליאַנאַ פּאָרטער איז די גאָר ייִנגסטע צווישן די מאָלערינס, אָבער שוין מיט דערפאַ־רונג. קוים האָט זי אין 1958 פאַרענדיקט איר שטודיום אין דער קונסט־שול „מאַנועל בעל־גראַנאָ" אין בוענאָס־איירעס, איז זי אין זעלבן יאָר געפאָרן קיין מעקסיקע, וווּ זי האָט אין מעקסיקאַנער אוניווערסיטעט שטודירט אַרכיטעקטור און פּלאַסטישע קונסט. אין דער זעלבער צייט האָט זי זיך אויך ספּעציאַליזירט אין דער גראַווור. ליליאַנאַ פּאָרטער האָט שוין דריי פּער־סאָנאַלע אויסשטעלונגען און זיך באַטייליקט אין פינף קאָלעקטיווע אויסשטעלונגען, און האָט באַקומען צוויי מאָל פּרעמיעס פאַר אירע גראַווורן. אין איר קונסט ברענגט זי אַריין די אַר־כיטעקטור־פּראָעקטירטקייט, און דאָס אַרכיטעקטאָנישע אויף פּעסט־רעליעפע ליניע איז די אייגנשאַפט פון איר גראַווויר־קונסט.

צו די גאָר ייִנגסטע געהער שושנה געלמאַן. איר אייגנשאַפט איז די צייכענונג, אַ פעסטע און זיכערע אין דער טעכניק און מיט באַשטימטע נייגונגען צו מיסטיק און מיסטעריעזקייט.

**
*

דאָס איז בלויז אַ קליינער סך־הכל פונעם אָנטייל פון ייִדן אין דער אַרגענטינער קולטור, וויסנשאַפט און קונסט. ווייט נישט אַלץ איז אויסגעשעפט, סיי אויפן געביט פון דער וויסנשאַפט און סיי אויפן געביט פון דער קונסט. ס׳פעלן נאָך דאַטן וועגן דעם אָנטייל פון ייִדן אין די פיזי־קאַלישע און כעמישע וויסנשאַפטן; מ׳וויסט אויך אַז ייִדן זיינען באַטייליקט אין די ביאָכעמישע וויסנשאַפטן און אין די אַטאָמיש־נוקלעאַרע פאָרשונגען, אָבער דאָס געבראַכטע גיט אַ קלאָרן באַווייז, אַז דער ייִדישער בייטראָג פאַר דער אַרגענטינער קולטור איז גאָרנישט קיין קליינער. מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז דער ייִדישער וויסנשאַפטלער האָט גאָרנישט אַזאַ גרינגן וועג צווישן זיינע נישט־ייִדישע קאָלעגן־וויסנשאַפטלער און דאָס זעלבע אויך דער ייִדישער קינסטלער. עס פעלן נישט קיין ראַסן־דיסקרימינאַציעס און דעם בעסטן ביישפּיל האָט מען געהאַט אין דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווען פּראָפעסאָר נירענשטיין איז געווען רעקטאָר פון בוענאָס־איירעסער אוניווערזיטעט. פּראָפעסאָר נירענשטיין האָט שטענדיק געלייקנט זיין אָנגעהעריקייט צום ייִדישן פאָלק, אָבער די ראַסן־דיסקרימינירנדיקע אוניווערזיטאַרישע עלעמענטן האָבן

איִם עס געגעבן צו פילן און ביי די ערשטע רעקטאָר־וואַלן האָט מען אים באַזייטיקט. פּראָפּע־סאָר נירענשטיין האָט שוין דעמאָלט אָפּן געגומען ריידן וועגן זיין אָנגעהעריקייט צום ייִדישן פאָלק, האָט אַפילו געוואָלט לערנען ייִדיש און העברעיש, כדי זיך צו פילן מער נאָענט און פאַר־אייניקט מיטן ייִדישן פאָלק, אָבער דער טויט האָט אים דאָס געשטערט. עס איז אויך מעגלעך אַז די ראַסן־דיסקרימינאַציע איז געווען איינע פון די סיבות, וואָס האָבן פאַרקירצט זיין לעבן. יעדער אויפריכטיקער געשיכטע־שרייבער פון דער אַרגענטינער קולטור־אַנטוויקלונג וועט אָבער אָנערקענען, אַז ייִדן אין אַרגענטינע האָבן אין גאַר אַ גרויסער מאָס בייגעטראָגן אויף אַלע געביטן פון דער אַרגענטינער קולטור, אָנהייבנדיק פון דער ליטעראַטור און קונסט ביז דער עקזאַקטער און הומאַניסטישער וויסנשאַפט.



פֿאַליק לערנער

# דער בייטראָג פֿון דער קהילה צום אויפֿבוי פֿון בתי־עם

## אַ נייע װענדונג אין ישוב

עס האָט אין דעם דאָזיקן בוך װעגן דער טעטיקייט פֿון דער קהילה נישט געקענט פֿעלן איינער פֿון די בולטסטע אַספּעקטן פֿון אונדזער געזעלשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג, צו וועלכן די קהילה האָט דירעקט און אומדירעקט בייגעטראָגן: מיר מיינען דאָ די בתי־עם וואָס זענען די לעצטע יאָרן אויפֿגעבויט געוואָרן אין דער הויפּטשטאָט און אין די ישובים פֿון גרויס־בוענאָס־איירעס. עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן אַז די דאָזיקע פֿאָלקס־הייזער, אין וועלכע עס קאָנצענטרירט זיך בדרך־כלל די גאַנצע געזעלשאַפֿטלעכע, דערציִערישע און קולטור־טעטיקייט פֿון די באַטרעפֿנדיקע געגנטן, זענען אין אַ גרויסער מאָס אויפֿגעקומען אונטער דער סטימולירנדיקער השפּעה פֿון דער קהילה־טעטיקייט, וואָס האָט ביי אונדז אַרויסגערופֿן צום לעבן אַ סך דרימלענדיקע כּוחות. מיר וועלן זיך באַמיִען אין די ווייטערדיקע שורות איבערצוגעבן איניקע דעטאַלן וועגן דער אַנטשטייונג פֿון די וויכטיקסטע בתי־עם אין דער הויפּטשטאָט און אין אומגעגנט, וואָס וועלן געבן אַ באַגריף וועגן דער פֿונדאַמענטאַלער ראָלע וואָס די דאָזיקע אינסטיטוציעס שפּילן היינט־צו־טאָג אין אונדזער ישוב. מען וואָלט דעם דאָזיקן קאָנצעפּט געקענט אויסברייטערן אויך אויף דער פּראָווינץ, אָבער מיר וועלן זיך באַגנוגענען מיטן צענטער, ווו עס געפֿינט זיך דער רוב מנין פֿון אונדזער ישוב, און דאָס וועט במילא געבן אַ פֿאָרשטעלונג וועגן אָט־דעם אַספּעקט פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן.

דער אויפֿקום פֿון די בתי־עם איז, געמאָסטן אין דער פּערספּעקטיוו פֿון דער צייט און אין ליכט פֿון דער עוואָלוציע פֿונעם ישוב, נישט קיין צופֿעליקייט. דער ישוב האָט געשאַפֿן זיינע אינסטיטוציעס כּמעט פֿון דעם ערשטן מאָמענט אָן זינט עס האָט זיך דאָ אין לאַנד באַוויזן אַ סימן פֿון ייִדיש לעבן אין דער עפֿנטלעכקייט, לויט די באַדינגונגען פֿונעם מאָמענט און לויט זיינע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן. די קהילה פֿון היינט איז נעכטן געווען אַ חברה קדישא, די גרויסע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע, אַ קליינע גמילת־חסד־קאַסע און דער בית־עם אַ קליינע געגנט־אינסטיטוציע אָדער אַ לאַנדסלייט־פֿאַראיין. און ווען עס וועט ווען עס איז געשריבן ווערן די געשיכטע פֿון דער אַנטשטייונג פֿון אונדזערע געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס, וועט דער אויפֿקום פֿון די בתי־עם פֿאַרנעמען דאָס געהעריקע פּלאַץ, ווי אַ ווייטערדיקער עטאַפּ אין אונדזער געזעלשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג, ווי אַ נייער צוגאַנג צו געזעלשאַפֿטלעך־דערציִערישע פּראָבלעמען און טאַקע ווי אַ סימן פֿון אַ העכערער השגה אין אונדזער לעבנס־ניוואָ. אין דער פּערספּעקטיווע פֿון דער צייט, וועט דאָס אויך דערשיינען ווי אַן אויסדרוק פֿון אַ נייעם געזעלשאַפֿטלעכן דינאַמיזם, וואָס איז געבוירן געוואָרן אונטער דער השפּעה פֿון אַ גאַנצער רייע סיבות און צווישן זיי די השפּעה פֿון דער קהילה און איר ברייטע טעטיקייט.

## קעמערלעך פֿון אונדזער געמיינדע־לעבן

די בתי־עם זיינען, לויטן כאַראַקטער און טעטיקייט, עפּעס אַזוינס ווי די „קאָמיוניטי סענטערס" פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. מיר האָבן געזאָגט „עפּעס אַזוינס", ווייל זיי זיינען נישט דאָס

זעלבע. זיי קאָנען נישט זיין דאָס זעלבע, ווייל די אָרגאַניזאַציע פון אונדזער ישוב איז אַנדערש ווי די פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידישן ישוב. אונדזער געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע איז אַ צענטראַליזירטע, דאַן ווען די אָרגאַניזאַציע פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידישן ישוב איז אַ — דעצענטראַליזירטע — אָדער, בעסער געזאָגט, — אַ פּילאַרטיקע. אין די פּאַריייניקטע שטאַטן איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ קהילה. עס זיינען פאַראַן אַ סך יידישע אינסטיטוציעס און גאַנצע אָרגאַניזאַציעס — צווישן זיי די גרויסע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער יידישער אַרבעטער־רינג אָדער דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד — וואָס דערפילן די פונקציעס פון קהילות, אָבער קיין קהילות זיינען זיי נישט. ביי אונדז איז אַנדערש; אונדזער לעבן איז אָרגאַניזירט אין דער פאָרעם פון אַ קהילה און אין לאַנד־מאַסשטאַב פון אַ וועד הקהילות און די בתי־עם, הגם זיי באַדינען באַשטימטע געגנטן, זיינען זיי אין גרונט־גענומען געזעלשאַפטלעכע קעמערלעך פון אונדזער געמיינדע־לעבן, וואָס דערפילן וויכטיקע פונקציעס. זיי זיינען, ווי די אמתע קעמערלעך אין אַ געזונטן, וואַקסנדיקן קערפּער אַנטשטאַנען, ווען אונדזער געזעלשאַפטלעכער קערפּער איז געוואָרן גרעסער, און עס האָט זיך געפאָדערט מער עקספּאַנסיע פאַר זיין טעטיקייט. ווען די חברה קדישא איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער קהילה, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרומנעמען וואָס אַמאָל מער אַספּעקטן פון אונדזער ציבורדיקן לעבן, האָט עס באַקומען אַן אָפּקלאַנג אין די ווייטסטע געגנטן פון דער הויפּטשטאָט און גרויס בוענאָס־איירעס און האָט אַרויסגערופן אַ געזעלשאַפטלעכן דינאַמיזם, וואָס איז פריער געווען אומבאַקאַנט. די השפּעה פון דער קהילה איז אין דעם זין געווען דעצידירנדיק אויך דורך אַן אַנדער קאַנאַל: דורך דער יידישער שול. ווען מען האָט ביי אונדז אָנגעהויבן בויען גרויסע שול־געביידעס מיט דער אַנטשיידענער הילף פון דער קהילה, איז אַנטשטאַנען די אידייע פון אויפבויען געביידעס וואָס זאָלן דינען נישט נאָר פאַר שולעס, נאָר אויך פאַר אַנדערע צוועקן פון געזעלשאַפטלעכן און קולטור־כאַראַקטער. און אַט אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון די בתי־עם, וואָס זענען היינט אמתע צענטערס פון יידישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און פון יידיש־נאַציאָנאַלער דערציִונג. די בתי־עם זיינען די קעמערלעך נישט נאָר פון אונדזער לאָקאַלן געזעלשאַפטלעכן קערפּער, נאָר ממש פון אונדזער נאַציאָנאַלן קערפּער אין ברייטסטן זינען פון וואָרט. אין זיי ווערט קאָנצענטרירט נישט נאָר דאָס לעבן פונעם ישוב, נאָר די טעטיקייט וואָס האָט אַ שייכות מיט אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן בכלל. יעדער איינער פון די בתי־עם איז נישט נאָר אַ שול פאַר יידישע קינדערלעך, וואָס ווערן דאָרט דערצויגן אין יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט, נאָר זיינען שולן אויך פאַר דער יוגנט און זאַמלפּונקטן פאַר די דערוואַקסענע. אין די דאָזיקע פּאָלקסהייזער קומען פאַר די געזעלשאַפט־לעכע מסיבות פון די געגנטן און אויך דאָס יידישע פאַמיליען־לעבן קומט דאָרט צום אויסדרוק אין דער פאָרעם פון פּריוואַטע שמחות. אייניקע שטאָט־געגנטן, ווו עס וווינען צענדליקער טויזנ־טער יידן, זיינען דורך דעם אויפקום פון די בתי־עם פּשוט אויפגעלעבט געוואָרן און היינט צו טאָג זיינען זיי שפּרודלדיקע צענטערס פון יידישער דערציִונג און קולטור.

אַוודאי זיינען די דאָזיקע אינסטיטוציעס אויפגעקומען קודם־כל אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון די אָרטיקע כלל־טוערס און עסקנים. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן אַז אָן דער הילף און דעם סטימול פון דער קהילה, וואָלטן זייערע איניציאַטיוון דורכגעפירט געוואָרן אַ סך לאַנג־זאַמער און מיט מער שוועריקייטן. איז ווען מיר רעדן וועגן די בתי־עם ווי פון אַ גרויסער דער־גרייכונג אין אונדזער ציבורדיקן לעבן, דאַרף מען עס באַטראַכטן ווי נאָך איין דערגרייכונג פון דער קהילה, וואָס איז די מוטער־אינסטיטוציע פונעם ישוב נישט נאָר לויט דער עלטער און דער צאָל מיטגלידער וואָס זי נעמט אַרום, נאָר אויך לויט איר פאַרצווייגטער טעטיקייט און לויט דער השפּעה וואָס זי איבט אויס אויף אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן דורך אירע מעשים און ממשותדיקער הילף. אין די ווייטערדיקע שורות וועלן מיר איבערגעבן אייניקע דאַטן און צי־פערן פון עטלעכע בתי־עם וואָס זענען ביי אונדז אַנטשטאַנען אין משך פון די לעצטע יאָרן, און וואָס זענען היינט צו טאָג גלענצנדיקע אינסטיטוציעס, מיט וועלכע אונדזער ישוב קאָן שטאָלצירן.

## דער בית־עם „מדינת ישראל" — אַן אייגנאַרטיקער פאַל

מיר הייבן אָן מיטן בית־עם „מדינת ישראל" פון פלאָרעסטאַ, נישט מחמת ער געהער צו די עלטסטע אינסטיטוציעס פון דעם מין, נאָר ווייל די דאָזיקע אינסטיטוציע אַנטשפּרעכט אַמ־קלאָרסטן די דערשיינונג פון דעם נייעם געזעלשאַפטלעכן דינאַמיזם וועלכן מיר האָבן אויבן דערמאָנט. דער דאָזיקער בית־עם איז פון די ייִנגסטע אינסטיטוציעס פון אונדזער ישוב, אָבער ער האָט פאַר דער צייט פון זיין קורצער עקזיסטענץ זיך קונה־שם געווען מיט זיין פאַרצווייגטער דערציִערישער און קולטור־טעטיקייט. סיי דער אופן ווי ער איז אויפגעבויט געוואָרן און סיי די מעטאָדישע און פלאַנמעסיקע טעטיקייט וואָס ווערט אין אים דורכגעפירט, דערציילן אונדז וועגן דעם אויפקום פון נייע דינאַמישע כוחות אין אונדזער ישוב, וועגן וועלכע מען האָט פריִער אַפילו נישט געחלומט. עס וועט נישט זיין אויף קיין האָר איבערגעטריבן צו זאָגן אַז די אַנטשטייונג פון דעם בית־עם אויף אַלוואַרעס כאָנטע 4896, האָט פולשטענדיק געענדערט די צורה פון דער דאָזיקער געגנט אין וועלכער עס לעבט אַ גרויסער ייִדישער ישוב פון טויזנטער פאַמיליעס. דער דערפאָלג פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע באַווייזט אונדז, אַז דער באַגער צו אַזאַ פאָלקסהויז האָט עקזיסטירט אין דעם געמיט פון די דאָרטיקע תושבים און עס האָט נאָר געפעלט דער פונק וואָס זאָל אָנצינדן דעם פלאַם פון דעם נייעם פאַקל וואָס באַשיינט היינט אַזוי ווונדערלעך דאָס ייִדישע לעבן פון יענער געגנט.

דער געדאַנק פון אויפבויען אַ בית־עם מיט אַ ייִדיש־העברעיִשער שול איז געבוירן געוואָרן אין דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע „פלאָרעסטאַ", נאָך איידער די דאָזיקע פינאַנץ־אינסטיטוציע האָט אויפגעבויט איר אייגענע פּרעכטיקע געביידע אויף סעגוראָלאַ 1595, און דערנאָך האָבן זיך צו דער איניציאַטיווע אָנגעשלאָסן די אַנדערע צוויי קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס פון דער געגנט „ווילשאַ לוראָ" און „וועלעס סאַרספיעלד". דער בית־עם איז אַזוי אַרום אויסגעבויט געוואָרן אויף דער איניציאַטיווע און מיט די פאָנדן פון די דערמאָנטע דריי פינאַנץ־אינסטיטוציעס. עס דאַרף דערביי באַטאָנט ווערן, אַז די כלל־טוער פון די דערמאָנטע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס, האָבן געוווּסט מיט וואָס עס שמעקט דער פּלאַן פון אויפבויען אַזאַ בנין און די אחריות וואָס זיי נעמען אויף זיך נישט נאָר פאַר זיין אויפבוי, נאָר אויך פאַר זיין ווייטערדיקער פונקציע און ביז היינט צו טאָג זעט מען זיי ביי דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט פונעם בית־עם.

דעם 19טן מאַי פון 1957 איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין און דער בוי פון דער גע־ביידע איז צוגעגאַנגען שנעל. דעם 5טן אַפּריל פון 1959 איז פאָרגעקומען די צערעמאָניע פון דעקן דעם דאַך און זונטיק דעם 12טן יוני 1960 איז פאָרגעקומען דער גראַנדיעזער חנוכת־הבית פון דעם פּרעכטיקן בנין. אין פינף יאָר צייט איז רעאַליזירט געוואָרן איינע פון די שענסטע איניציאַטיוועס וואָס זיינען ווען עס איז אונטערגענומען געוואָרן ביי אונדז, אייגנוויליק און ספּאָנטאַן פון אַ גרופּע פאָלקס־מענטשן.

די ייִדיש־העברעיִשע שול וואָס עקזיסטירט ביים בית־עם האָט אין דריי יאָר צייט דורכ־געמאַכט אַ גרויסן פּראָגרעס און זי געהער היינט צו די בעסטע געגנט־שולן וואָס מיר האָבן. פון 730 קינדער אין 1960, איז די צאָל אין פאַרגאַנגענעם יאָר געשטיגן צו 815 און עס וואָלט געוועזן מער, ווען די געביידע האָט מער פּלאַץ. דער קינדער־גאָרטן איז פון 6 גרופּעס אין 1960 אויסגעוואָקסן צו אַכט גרופּעס אין 1962 און די אָנפאַנגס־שול פון 12 קלאַסן אין 1960 — צו 14 קלאַסן אין 1962. עס האָבן נאַטירלעך געמוזט פאַרגרעסערט ווערן די מיטלען וואָס באַ־דינען די שול, צווישן זיי דעם טראַנספּאָרט. די שול פאַרמאָגט אַ קינדער־אָרקעסטער, אַ קינ־דער־כאָר און אַ קינדער־טעאַטער. אין משך פון די ערשטע דריי יאָר עקזיסטענץ זיינען אין דעם בית־עם דורכגעפירט געוואָרן צענדליקער דערפאָלגרייכע אונטערנעמונגען מיט גרויס דערפאָלג, אַ סך פון זיי מיטן אָנטייל פון די שול־קינדער. עס זיינען אויפגעטראָטן מיט קאָנפערענצן און לעקציעס באַרימטע פיגורן פונעם ישוב און פון אויסלאַנד און עס זיינען אין דעם גרויסן סאַלאָן פאָרגעקומען גרויסע פייערונגען און קולטור־אַקטן. עס עקזיסטירט ביים בית־עם אַ טיכטיקער

יוגנט־קרייז און איינער פון די שענסטע אָקטן און רירנדיקסטע וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין דעם סאַלאָן פונעם בית־עם איז געווען די געזעגענונג פאַר אַ גרופּע יוגנטלעכע פונעם יוגנט־קרייז וואָס האָבן עולה געווען אַלס חלוצים קיין ישראל. עס עקזיסטירט אויך אַ דינאַמישע פרויען־קאָמיסיע.

## די גרינדונג פון בתי־עם אין פאַרשידענע געגנטן

מיר האָבן דעם פאַל פונעם בית־עם „מדינת ישראל" אויסגעטיילט באַזונדערס צוליב צוויי טעמים: 1) ווייל עס האַנדלט זיך וועגן אַ פולשטענדיק ניי־געשאַפענער אינסטיטוציע פון דעם מין; 2) ווייל דער אופן ווי אַזוי די דאָזיקע אינסטיטוציע איז געשאַפן געוואָרן, איז דער אויסדרוק פון אַ נייעם און אייגנאַרטיקן גיזעלשאַפטלעכן דינאַמיזם וואָס האָט זיך באַוויזן אין אונדזער געזעלשאַפט. אויב מיר וועלן וועגן די אַנדערע בתי־עם איבערגעגעבן בקיצורדיקע דאַטן, איז דאָס נישט דערפאַר ווייל מיר מינדערשעצן זייער באַדייטונג, נאָר דערפאַר ווייל דער גרעסטער טייל פון זיי זענען אייגנטלעך דער המשך פון אַלטע אינסטיטוציעס וואָס האָבן זינט אַ סך יאָרן שוין עקזיסטירט אין די באַטרעפנדיקע געגנטן און צווייטנס — ווייל די טעטיקייט און דער כאַראַקטער פון כמעט אַלע בתי־עם איז דער זעלבער און עס האָט נישט קיין זין איבערצוחזרן. מיר ווילן לשם אינפאָרמאַציע בלויז אָנווייזן, אַז אומגעפער אין דעם זעלבן פעריאָד, צווישן די יאָרן 1954 און ווייטער, זענען אין דער הויפטשטאָט און גרויס בוענאָס־איירעס געגרינדעט געוואָרן אַרום צען בתי־עם, פון וועלכע די מערהייט פונקציאָנירן שוין און אַנדערע האַלטן ביים אַרויסענדיקן זייערע געביידעס וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן צו בויען. פאַרשטייט זיך, אַז די פּראָבלעם פון אַרויסענדיקן די בנינים איז איצט אַ סך שווערער ווי פריער, אָבער דאָס איז שוין אַזוי צו זאָגן אַ „טעכנישער ענין". דער עיקר איז דאָ דער סכום פון געזעלשאַפטלעכער איניציאַטיוו און ענערגיע וואָס די נייע ווענדונג האָט אַרויסגערופן. מיר וועלן אָנהייבן מיט אַ צווייטן גרויסן בית־עם פון דער הויפטשטאָט:

## בית־עם „דוד וואָלפסאָן"

דער בית־עם „דוד וואָלפסאָן" פון אַמענאַבאַר 2970־72, אין געגנט בעלגראַנאָ, איז נישט קיין נייע אינסטיטוציע, נאָר אַ המשך פון אַן אַלטער אינסטיטוציע וואָס עקזיסטירט אין יענער שטאָט־געגנט נאָך פון די צוואַנציקער יאָרן. דער יידישער ישוב אין בעלגראַנאָ האָט זיך אָנגעהויבן אומגעפער אין אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט און היינט איז ער אַ דינאַמישער טייל פון אונדזער ישוב פון דער הויפטשטאָט. זיין הויפט־כאַראַקטעריסטיק באַשטייט אין דעם, וואָס די איצטיקע כלל־טוער פון דער געגנט — און פאַלגלעך פונעם בית־עם וואָס איז דער צענטער פון דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט — זיינען יונגע מענטשן, צווישן זיי פּראָפעסיאָנאַלן מיט אַ נייעם צוגאַנג צו געזעלשאַפטלעכע און דערציִערישע פּראָבלעמען. עס דאַרף דעריבער נישט וווּנדערן, וואָס פון דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן די טענדענץ צו פאַרוואַנדלען די שול פונעם בית־עם אין אַן אינטעגראַלער שול, אַן ענין וועגן וועלכן מען האָט אַ סך דיסקוטירט. ווי געזאָגט פריער, האָט זיך דער ישוב אין בעלגראַנאָ אָנגעהויבן אין אָנהייב פונעם יאָרהונדערט, ווען עס האָבן זיך דאָרט באַזעצט איינצלנע פאַמיליעס, וואָס זיינען געוואָרן דער קערן פון דעם שפּעטערדיקן ישוב. די שול „דוד וואָלפסאָן" איז געגרינדעט געוואָרן אין די צוואַנציקער יאָרן פון די אַלטע תושבים. די דאָזיקע שול איז געוואָרן דער צענטער פון דער יידישער־נאַציאָנאַלער טעטיקייט. אין די פערציקער יאָרן איז געקויפט געוואָרן דעם בנין אויף אַמענאַבאַר, ווו עס געפינט זיך דער בית־עם און עס איז געגרינדעט געוואָרן דער יוגנט־צענטער „קדימה", פון וועלכן עס זענען אַרויסגעקומען די מערהייט פון די איצטיקע יונגע און מיטעלעריקע כלל־טוער פון דער געגנט. אומגעפער אין דער זעלבער צייט איז געשאַפן געוואָרן די „קאַסאַ פּאָפּולאַר דע בעלגראַנאָ", וואָס האָט שטאַרק מיטגעהאָלפן ביים אויפבוי פונעם בית־עם.

די געביידע פונעם בית־עם פון פינף גאָרן, איז באַנייט געוואָרן דעם 22סטן נאָוועמבער פון 1959. זי געפינט זיך אויף אַ שטח פון 1.400 קוואַדראַט־מעטער און האָט אַ סאַלאָן מיט זיץ־פּלעצער פאַר 600 פערזאָן און אַ גאַלעריע מיט אַ קאַפּאַציטעט פון נאָך 200 פערזאָן. אין דער געביידע געפינט זיך די שול, וואָס באַשטייט פון אַ קינדער־גאָרטן און אַן אָנפאַנגס־שול מיט אַכט גראַדן. אויך די קרעדיט־קאַסע געפינט זיך אין דער געביידע פונעם בית־עם און ווי געוויינלעך דער יוגנט־צענטער און אַלע נאַציאָנאַלע פאָנדן.

## דער בית־עם פון לאַנוס

דער יידישער ישוב פון לאַנוס איז אַלט כמעט אַזויפיל וויפל דער ישוב פון דער הויפּט־שטאָט און ער האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט זיין געזעלשאַפטלעכן דינאַמיזם און איניציאַטיוועס אויפן קולטור־געביט. אין לאַנוס איז פאַראַן אַ טיכטיקע גרופּע כלל־טוער און דער געדאַנק פון שאַפן אַ בית־עם אין וועלכן עס זאָל זיך קאָנצענטרירן די טעטיקייט פון דעם ישוב פון אַריבער 500 משפחות, איז געבוירן געוואָרן אין אָנהייב פופציקער. אין 1954 איז געקויפט געוואָרן דאָס פּלאַץ אויף דער גאַס איטוסאַינגאָ 650, וואָס פאַרנעמט אַ שטח פון 1.800 קוואַדראַט־מעטער מיט דעם פּלאַן אויפצובויען אַ בנין וואָס זאָל דינען פאַר די געזעלשאַפטלעכע, פאַמיליערע און קולטור־הצטרכותן פונעם גאַנצן ישוב. די הויפּט־זאָרג פון די כלל־טוער וואָס האָבן אונטערגענומען די איניציאַטיווע, איז די יוגנט, וואָס האָט זיך נישט געהאַט וווהין אַהינצוטאָן און זי איז געגאַנגען אין נישט־יידישע קלובן, וואָס עפנט דעם וועג פאַר אַסימילאַציע און אָפּ־פרעמדונג. דער פּלאַן איז דעריבער פון לכתחילה אָן געווען צו שאַפן אַזעלכע באַקוועמלעכקייטן, ווי ספּאָרט־פּלעצער, אַ שווים־באַסיין און אַנדערע, וואָס זאָלן צוציען די יידישע יוגנט. דער גרונטשטיין פונעם בית־עם איז געלייגט געוואָרן דעם 22סטן דעצעמבער 1958 און דעם 25סטן דעצעמבער 1960 איז שוין באַנייט געוואָרן דער גרויסער שווים־באַסיין. דער בית־עם פון לאַנוס איז נאָך נישט פאַרענדיקט געוואָרן לויט די פאָרויסגעזעענע פּלענער, אָבער זינט עטלעכע יאָר איז ער דער צענטער פונעם ישוב און פון דער גאַנצער לאָקאַלער און נאַציאָנאַלער טעטיקייט.

## די פאַרגרעסערונג פון די אַלטע בתי־עם און דער אויפבוי פון נייע אין פאַרשידענע געגנטן

מיר וואָלטן וועגן די איניציאַטיוועס פון שאַפן און אויסבויען בתי־עם געקאָנט ברענגען אויספירלעכע באַשרייבונגען, וואָס וואָלטן אָן שום ספק אַרויסגעבראַכט טיפּישע מאָמענטן פון דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין די שטאָט־געגנטן. מיר קאָנען אָבער נישט פאַרענדיקן די דאָזיקע אַרבעט (וואָס איז נישט קיין געשיכטע, נאָר בלויז אַ קורצער איבערבליק וועגן אײַן אַספּעקט פון אונדזער ציבורדיקן לעבן) אָן דעם אַז מיר זאָלן פאַרבייגייענדיק נישט דערמאָנען די אַלטע בתי־עם, ווי דער פון ווילזשאַ־דעוואָטאָ אויף דער גאַס מאָסקאָני, וואָס איז דער עלטסטער צווישן די בתי־עם־אינסטיטוציעס אין אונדזער שטאָט און איז דערביי דער צענטער פון אַ ברייטער דערציִערישער און קולטור־אַרבעט פון דער געגנט און פון פּערמאַנענטער ציוניס־טישער אַקטיוויטעט, און דעם בית־עם פון פלאָרעס־סוד אויף דער גאַס וואַרעלאַ 850, אונטערן נאָמען „חיים ווייצמאַן‟, ביידע אַלטע אינסטיטוציעס מיט אַ יאָרנלאַנגן סטאַזש פון שול־אַרבעט און קולטור. לעצטנס זיינען אויסגעברייטערט געוואָרן די בנינים פון די ערשטע בתי־עם, מיט שולן, מיטל־שולן. די געשיכטע און די טעטיקייט פון די דאָזיקע צוויי מוסדות זיינען פאַרצייכנט אין דער טאָג־טעגלעכער כראָניק פונעם ישוב און זיי פיגורירן ביי אונדז אויף אַ בכבודיקן פּלאַץ מיט זייער געגנטלעכער געזעלשאַפטלעכער און דערציִערישער אַרבעט.

דאָס זעלבע איז דער בית־עם פון ווילזשאַ־סאַהאָרעס, זיין „ביאַליק‟־שול, קאָאָפּעראַטיווע און יוגנט־צענטער.

וואָס שייך די איניציאַטיוועס פון אויפבויען בתי־עם אין שפּאָגל־נייע געגנטן, וועלן מיר איבערגעבן בקיצור וועגן די פאָלגנדיקע איניציאַטיוועס און רעאַליזירונגען:

## בית־עם פון פּאַלערמאָ

מיט אַ פיר יאָר צוריק איז ביי אַ גרופּע עסקנים פון דער פּאַלערמאָ־געגנט געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון שאַפן אַ בית־עם אין דער דאָזיקער געגנט, וואָס איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ „יידישע", מחמת עס האָבן זיך אַריינגעצויגן אַהין אַ סך יידישע משפחות פון אַנדערע שטאָט־געגנטן. צוריק מיט אומגעפער אַ זעקס חדשים, איז דער חלום פאַרווירקלעכט געוואָרן דורכן קויפן אַ פּרעכטיק הויז אויף אַ באַטרעף פון זעקס מיליאָן פּעזעס. די איניציאַטיווע איז אונטער־גענומען געוואָרן פון אַ גרופּע עסקנים, אָבער עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן די גרויסע שטיצע וואָס זיי האָבן באַקומען פונעם פּרעזידענט פון דער קהילה ד"ר טוביה קאַמענשיין, וואָס האָט אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס צו דער איניציאַטיווע. די אָפּשאַצונג דערפון איז געקומען צום אויסדרוק אויף דעם קבלת־פּנים לכבוד אים אין חודש דעצעמבער.

היינט צו טאָג קאָנצענטרירן זיך אַרום דעם בית־עם צענדליקער יידישע פאַמיליעס פון דער געגנט, צווישן זיי אַזעלכע וואָס זיינען שטענדיק געשטאַנען אָן דער זייט פונעם געזעל־שאַפטלעכן יידישן לעבן. עס איז ביים בית־עם אויך פאַראַן אַ טיכטיקע פרויען־גרופּע, וואָס באַטייליקט זיך אַקטיוו אין אַלע טעטיקייטן פונעם בית־עם. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז, וואָס עס האָט זיך איינגעגעבן צוצוציִען אַ באַדייטנדיקע צאָל קינדער און יוגנט, וואָס זיינען איינגע־טיילט אין דריי פאַרשיידענע גרופּעס און געבן זיך על־פּי־רוב אָפּ מיט ספּאָרט און קולטור־טע־טיקייטן. אין חודש מאַרץ, וועט ביים בית־עם אין פּאַלערמאָ דערעפנט ווערן אַ קינדער־גאָרטן און קורסן פון העברעיִש און פון קונסט און דעקאָראַציע. אויב מען דאַרף עפּעס באַזונדער אונ־טערשטרייכן, איז דאָס די באַציִונג וואָס עס ווייזן אַרויס צום בית־עם די אַזוי־גערופענע אַסי־מילירטע קרייזן, אַ באַציִונג וואָס ווערט וואָס אַמאָל אַלץ וואַרעמער, און דאָס איז אָן איבעריקער באַוויז וועגן דער גרויסער און נוצלעכער ראָלע וואָס די בתי־עם שפּילן היינט צו טאָג אין אונדזער ישוב.

## פּיניעראָ־לאַ מאָסקאַ

דעם 18טן נאָוועמבער פון 1962 האָבן די יידישע תושבים פון פּיניעראָ־לאַ מאָסקאַ גע־פּייערט דעם חנוכת־הבית פון זייער נייעם בית־עם. דער יידישער צענטער פון דעם דאָזיקן ישוב איז נישט קיין נייער. שוין אַ פּאָר צענדליק יאָר אַז ער האָט עקזיסטירט אויף דער גאַס פּאָסאָס 245 אין אַן אַלטן בנין, וואָס האָט מיט דער צייט אויפגעהערט אַנטשפּרעכן די הצטרכותן פונעם ישוב און עס איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון אויסבויען אַ גרעסערן בית־עם מיט מער באַקוועמלעכקייטן. די איניציאַטיווע האָט אָנגעהויבן פאַרווירקלעכט צו ווערן מיט אַ פיר יאָר צוריק, ווען עס זיינען אין דער פאַרוואַלטונג אַריין איינקע פּאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן באַאומרויִקן פון די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן פון דער יוגנט. מען האָט צוגעצויגן צו דער פאַרוואַלטונג עטלעכע יונגע מענטשן און מען האָט רעאָרגאַניזירט די אינסטיטוציע אויף אַנדערע יסודות. מען האָט געקויפט אַ פּלאַץ און מען איז צוגעטראָטן בויען אַ נייעם בנין פון אַ בית־עם, ווו עס קאָנצענטרירט זיך היינט צו טאָג די גאַנצע טעטיקייט פונעם ישוב. די קהילה פון בוענאָס־איירעס האָט פאַרשטאַנען ווי וויכטיק עס איז די איניציאַטיווע און זי האָט אַ סך מיטגעהאָלפן צו רעאַליזירן די אונטערנעמונג.

די קהילה פון פּיניעראָ־לאַ מאָסקאַ האָט 120 מיטגלידער. אין בית־עם פונקציאָנירט אַ יידיש־העברעיִשע שול אין וועלכער עס לערנען 62 קינדער און עס איז דאָרט אויך פאַראַן אַ

קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע און אַ ביבליאָטעק, אַרום וועלכער עס קאָנצענטרירט זיך איבערהויפּט די יוגנט. דער בית־עם איז די אמתע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־היים פון אַלע יידישע איינ־וווינער פון פּיניעראָ־לאַ מאָסקאַ.

## די „העבראַיקאַ״ פון מאַרטינעס

אין מאַרטינעס לעבט אַ גאַנץ היפשער יידישער ישוב, וואָס קאָנצענטרירט זיך געזעל־שאַפטלעך אַרום דער „אַסאָסיאַסיאָן העבראַיקאַ״. די אינסטיטוציע איז געגרינדעט געוואָרן דעם 17טן אַפּריל 1958, אין אַ קליינעם פּראָוויזאָרישן לאָקאַל, אויף דער גאַס ליבערטאַד 349, ווו עס איז באַלד געגרינדעט געוואָרן אַ קליינע שול. אין 1959, האָט מען זיך אַריבערגעצויגן אין אַ נייעם לאָקאַל, ווו עס איז קוים געווען פּלאַץ פאַר 40 קינדער, דאַן ווען עס זענען געווען ביי די 180 קינדער אין שול־עלטער אַלס קאַנדידאַטן. עס האָבן זיך געפאָדערט ראַדיקאַלע מיטלען אויף צו אויסברייטערן די מעגלעכקייטן פון אויפנעמען מער קינדער.

דעם 3טן יאַנואַר 1961, האָט די גענעראַל־פאַרזאַמלונג באַפולמעכטיקט די פאַרוואַלטונג צו קויפן אַ פּלאַץ און צוטרעטן בויען אַ בנין וואָס זאָל אַנטשפּרעכן די הצטרכותן פון דעם אָר־טיקן ישוב. דער קאָסט פון דער אונטערנעמונג איז פאַרויסגעזען געוואָרן אויף דריי מיליאָן פּע־זעס און די קהילה פון בוענאָס־איירעס האָט סטימולירט די איניציאַטיווע מיט אַ סובסידיע פון 875 טויזנט פּעזעס. שפּעטער זיינען אַנטשטאַנען שוועריקייטן צו רעאַליזירן דעם פּלאַן, צוליב דעם יקרות אויף בוי־מאַטעריאַלן, און אויף דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון יוני 1961, איז באַ־שלאָסן געוואָרן צו פאַרקויפן דאָס פּלאַץ אויף וועלכן מען האָט געדענקט צו בויען און קויפן אַ פאַרטיק הויז. דאָס הויז איז טאַקע שפּעטער געקויפט געוואָרן אויף דער גאַס טרעס סאַר־כענטאָס 2067 און דאָרט פונקציאָנירט איצט דער בית־עם פון מאַרטינעס, ווו עס ווערט אָנגע־פירט אַ טיכטיקע דערציִערישע און קולטור־אַרבעט. די פאַרוואַלטונג איז צוזאַמענגעשטעלט פון יונגע מענטשן וואָס ווידמענען זיך צו זייער טעטיקייט מיט ליבע און ענטוזיאַזם.

## די קהילה פון קילמעס

אין קילמעס לעבט אַ יידישער ישוב פון אַרום 350 משפחות. פון שטענדיק אָן, האָבן דאָרט געהערשט סיכסוכים און קריגערייען צווישן די געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האָבן געשטערט צו דער סטאַביליזאַציע פונעם ישוב. מיט פיר יאָר צוריק, איז געקויפט געוואָרן אַן אַלט הויז אויף דער גאַס מאָרענאָ 727, ווו עס האָט זיך געזאָלט קאָנצענטרירן די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, אָבער דאָס הויז איז ווייט נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר אַ ברייטער טעטיקייט. מיט צוויי יאָר צוריק איז דאָרט אונטערגענומען געוואָרן די איניציאַטיווע אויסצובויען אַ גרויסן בנין, וואָס זאָל זיין די היים פון דער אָרטיקער געזעלשאַפטלעכער און נאַציאָנאַלער טעטיקייט. די אונטערנעמונג איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע אָנשטרענגונגען, אָבער די עסקנים האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר די שוועריקייטן און האָבן אויפגעוועקט דעם אינטערעס ביי אַ גרוי־סער צאָל תושבים פאַר דער איניציאַטיווע. די קהילה פון בוענאָס־איירעס האָט די דאָזיקע אָנ־שטרענגונג דערמוטיקט מיט אַ באַדייטיקער הילף און אין 1962 האָבן די יידישע תושבים פון קילמעס געפייערט דעם חנוכת־הבית פון זייער בית־עם, ווו עס איז פאַראַן אַ שול און באַקוועמ־לעכקייטן פאַר דער יוגנט.

אַ שיינער בית־עם איז אויך אויסגעבויט געוואָרן אין ווישאַ לינטש, ווו די נאַציאָנאַלע יידישע געזעלשאַפט האָט שטענדיק געהאַט קעגן זיך די קאָנקורענץ פון די „פּראָגרעסיווע״ מיט זייער טעטיקייט. היינט שטייט אויף דער גאַס קוענקאַ אַ שיינער בית־עם, אין וועלכן עס קאָנ־צענטרירט זיך די גאַנצע נאַציאָנאַלע טעטיקייט פון דער געגנט. זיי האָבן אַ שיינעם סאַלאָן, אַ שול, אַ בית־הכנסת, באַקוועמלעכקייטן פאַר דער יוגנט און אַנדערע טעטיקייטן.

אין מונראָ איז נישט לאַנג באַנייט געוואָרן אַ בית־עם, נישט ווייט פון דעם בית־עם פון פלאָרידאַ, וואָס איז שוין אַן אַלט באַקאַנטע איסטיטוציע מיט אַ פאַרצווייגטער טעטיקייט. אויך אין סאַן פערנאַנדאָ איז באַנייט געוואָרן אַ געבײַדע פון אַ בית־עם, ווו עס פונקציאָנירן אַלע אָרטיקע מוסדות און די פון אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

אין ראַמאָס מעכיאַ, אַ פאָרשטאָט, ווו עס געפינט זיך אַ צאָלרייכער יידישער ישוב, איז זונטיק, דעם 8טן נאָוועמבער 1959 געפייערט געוואָרן די דערעפענונג פון דעם בית־עם, וואָס איז געקויפט געוואָרן אין נאָוועמבער 1958. אין ראַמאָס מעכיאַ ווערט, אגב, געבויט אַ גראַנדיעזע געבײַדע פאַר אַ יידיש־העברעישער שול און עס ווערט דאָרט געפירט אַ גאַנץ דינאַמישע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טעטיקייט. זיי האָבן אויך אַ שווים־באַסיין, יוגנט־צענטער, זומער־קאָלאָניע. עס איז כדאי צו באַמערקן אַז אין יענער געגנט באַשטייען די כלל־טוער על־פי־רוב פון יונגע און מיטליעריקע מענטשן.

אין לאָמאַס דעל פאַלאָמאַר, ווו עס געפינט זיך אַ ישוב פון אומגעפער אַ 250 משפחות פון אשכנזישע, ספרדישע און דייטשע יידן, איז דעם 18טן דעצעמבער פון 1960 דערעפנט געוואָרן אַ בית־עם אויפן נאָמען פון אַלבערטאָ גערשונאָוו, פאַר געזעלשאַפטלעכע און דערציִערישע צוועקן. דאָס הויז האָט געקאָסט צוויי מיליאָן פעזעס און עס עקזיסטירט אויך ביים בית־עם אַ יידיש־העברעישע שול אין וועלכער עס לערנען ביי די 60 קינדער.

אויך דער ישוב פון וויזשאַ פאַרקע־קאַסטראָס האָט געקויפט אַ געבײַדע אויף דער גאַס קאָפעראַטאַ 166 פון יענעם שטעטל און זי פאַרוואַנדלט אין אַ בית־עם וואָס איז דער צענטער פון דעם אָרטיקן יידישן לעבן. אין דעם בית־עם געפינט זיך אַ שול, אַ יוגנט־צענטער און אויך אַ קרעדיט־קאָאָפעראַטיווע. די דאָזיקע ישובים זיינען געזעלשאַפטלעכע קאָלעקטיוון וואָס האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ טענדענץ צו אָרגאַניזירן זיך געזעלשאַפטלעך די לעצטע יאָרן און די דאָזיקע קאָנצענטראַציע פון געזעלשאַפטלעכע כוחות קומט על פי רוב פאָר אַרום דער אידייע פון שאַפן זיך אַ געמיינזאַם פאָלקסהויז פאַר די פאַרשידענע הצטרכותן.

די דינעזאָן־שול פון קאַסיאַ 5830, אין ליניערס, איז אַן אינסטיטוציע וואָס איז שוין אַלט אַ האַלבן יאָרהונדערט. דאָס איז אַן אַלטע אינסטיטוציע, אין וועלכער עס האָבן באַקומען זייער דערציִונג אַ סך איינוווינער פון דער געגנט און זי איז בכלל געווען אַ צענטער פון יידישער טעטיקייט, נאָך אין יענע צייטן, ווען דער ישוב איז געווען קליין און זיינע השגות — באַשרענקטע. דורך דער דאָזיקער שול זיינען דורכגעגאַנגען אַ גאַנצע פלעיאַדע יידישע כלל־טוער פון דער אַלטער שול. זי האָט יאָרנלאַנג עקזיסטירט אויף דער גאַס קאַסיאַ, אָבער אין נאָוועמבער 1959 איז געקויפט געוואָרן אַ הויז אויף דער גאַס ראַמאָן פאַלקאָן 6387, מיטן ציל אויסצובויען אַ בית־עם, אין וועלכן עס זאָל, אויסער דער שול, זיך קאָנצענטרירן די גאַנצע טעטיקייט פון דער געגנט. דאָס איז אין הסכם מיט דער נייער טענדענץ.

---

מיר גלייבן אַז פון די ביז־איצט געבראַכטע דאַטן באַקומט זיך אַ בולט בילד וועגן דער באַוועגונג צו בויען ביי אונדז די דאָזיקע פאָלקסהייזער, אין וועלכע עס זאָל זיך קאָנצענטרירן די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע און דערציִערישע טעטיקייט פון די באַטרעפנדיקע געגנטן. די דאָזיקע טענדענץ איז אַ פועל־יוצא פון אַ סך פאַקטאָרן, אָבער צווישן אַלע אַנדערע דאַרף מען אויסטיילן צוויי: די פאַרגרעסערונג פונעם ישוב און די השפעה וואָס עס האָט אויף דעם אויסגעאיבט די דינאַמישע און ברייטע טעטיקייט פון אונדזער קהילה. אָט דער דאָזיקער צווייטער פאַקטאָר איז געווען און וועט אויף להבא זיין אַ סטימולירנדיקער כוח אין דעם פראָצעס פון דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ישוב. מיר גלייבן, אַז דער דאָזיקער פאַקט דאַרף גוט גענומען ווערן אין אַכט, ווייל עס זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס

מיינען אַז דאָס אַלץ וואָס אונדזער קהילה טוט פאַלט אַראָפּ פון הימל. מיר מאַכן די דאָזיקע באַמערקונג נישט צופעליק, נאָר בכדי פעסטצושטעלן אַ זאַך וואָס אַלע מוזן וויסן; נעמלעך: אַז פונקט אַזוי ווי די קהילה איז געווען און איז אַ סטימולירנדיקער פאַקטאָר אויף צו שאַפן די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע „קעמערלעך" פון אונדזער ישוב וואָס מיר רופן בתי־עם, אַזוי דאַרפן די דאָזיקע קעמערלעך מיט זיך פאָרשטעלן לעבעדיקע פאַקטאָרן אין דעם שטיצן די טעטיקייט פון דער קהילה. אַ געזונטער קערפער קאָן נאָר דעמאָלט לעבן און אָטעמען געזונט, ווען זיינע קעמערלעך אַנטשפּרעכן דעם צענטער פון דעם דאָזיקן דינאַמיזם. די קהילה שטרעבט זיך אָן צו טאָן דאָס בעסטע אַז אונדזער אויסגעברייטערטער ישוב און זיינע אינסטיטוציעס זאָלן זיין שעפעריש און ייִדיש־באַוווסטזיניק. דאַרפן די דאָזיקע אינסטיטוציעס זיין דער צענטער פון דער־ציִונג און פון אויפקלערונג און אַלע, אָן אויסנאַם, דאַרפן מיר זיך באַטייליקן אין דער דאָזיקער געבענטשטער טעטיקייט פון אונדזער צענטראַלער אינסטיטוציע. דער דראַנג צו שאַפן בתי־עם דאַרף זיך נישט אָפּשטעלן בלויז ביי דעם אויסערלעכן אַספּעקט פון אויפבויען שיינע און באַקוועמע בנינים, נאָר זיי דאַרפן ווערן די צענטערס, ווו עס זאָל אַנטוויקלט ווערן דער געזעלשאַפט־לעכער באַוווסטזיין פון אונדזער ישוב בנוגע זיינע אויפגאַבן און פליכטן.



# ייִדיש טעאַטער אין אַרגענטינע

## I

## דאָס פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער און די אַקטיוויטעט פון יידישן אַקטיאָרן־פאַריין אין די יאָרן 1957־1962

דער יידישער אַקטיאָרן־פאַריין, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1932, האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו רעגולירן דאָס יידישע טעאַטער־וועזן אין אַרגענטינע און אין די שכנותדיקע לענדער פון קאָנטינענט; צו שטיין אויף דער וואַך פון נאָרמאַלן גאַנג און סאָלידער עקסיסטענץ פון יידישן טעאַטער; אָפּצוהיטן דעם מאָראַלישן ניוואָ און אינהאַלט פון די ספּעקטאַקלען און די ריינקייט פון יידישן לשון אויף דער בינע; ועל כולם באַשיצן די פּראָפעסיאָנעל־עקאָנאָמישע אינטערעסן פון שוישפּילער.

אויך האָט דער יידישער אַקטיאָרן־פאַריין אין זיינע סטאַטוטן די וויכטיקע אויפגאַבע צו שטיין אין ענגן קאָנטאַקט מיט די צענטראַלע יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס ווי קולטור־קאָנגרעס, ייוואָ, שרייבער־פאַריין „ה. ד. נאָמבערג״, יידישע שולן אאַז״וו און געמיינזאַם מיט זיי, אָדער אויף אייגענער האַנט, אַדורכצופירן קולטור־אונטערנעמונגען, יובל־פייערונגען, דיס־קוסיע־אָוונטן א״א.

אין דעם פּעריאָד פון די פאַרגאַנגענע זעקס יאָר האָט דער אַקטיאָרן־פאַריין אָנגעהאַלטן די ליניע פון אָרגאַניזאַציאָנעל־פּראָפעסיאָנעלער און קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

## יאָר 1957

### טעאַטער „אַרגענטינאָ״

ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן דאָס יידישע קונסט־טעאַטער אונטער דער קינסטלערישער לייטונג פון מאָריס שוואַרץ און אַדמיניסטראַטיווער אָנפירונג פון ווילי גאָלדשטיין אין צענטער־טעאַטער „אַרגענטינאָ״. די טרופּע איז באַשטאַנען פון שוישפּילער, מיטגלידער פון אַקטיאָרן־פאַריין: אהרון אַלעקסאַנדראָוו, בעלאַ אייז, לעאָן ברעסט, קלאַראַ גאָלדשטיין, אַלבערט האָראָוויץ, ציפּורה וואַלדמאַן, מרים לערער, דוד לעדערמאַן, יעקב לעוו, בערנאַרד סאַוער, לעאָניד סאָקאָלאָוו, מאָריס סענד, גאָלדע פלאַמי, אסתר פּערעלמאַן, דוד קאַפּלאַן, מאַקס קלאָס, יעקב קורלענדער און פּרענציס שוואַרץ (טאָכטער פון מאָריס שוואַרץ). בינע לייטער: שלמה צוקער. עס זיינען אויפגעפירט געוואָרן — אונטער דער רעזשי פון מאָריס שוואַרץ פאָלגנדיקע ספּעקטאַקלען: „יאָסעלע סאָלאָוויי״ פון שלום עליכם, „אסתרקע״ פון אהרון צייטלין, „בלאָנדזשענדע שטערן״ פון שלום עליכם, „קידוש השם״ פון שלום אַש, „כעלעמער חכמים״ פון א. צייטלין. די טרופּע אין איר גאַנצן באַשטאַנד האָט אויך געשפּילט אין ראָזאַריאָ און מאָנטעווידעאָ — אורוגוויי.

מאָריס שוואַרץ האָט געשלאָסן מיטן אַקטיאָרן־פאַריין אַן אָפּמאַך אויף 6 חדשים. הגם די אויפפירונגען זיינען געווען דערפאָלגרייך לכל הדעות, האָבן דאָך די גרויסע הוצאות דערפירט צו אַ דעפיציט פון אַן ערך צען טויזנט אַמעריקאַנער דאָלער. אַזוי אַז מ. שוואַרץ האָט זיך געזען געצוווּנגען צו שליסן דעם סעזאָן נאָך 5 חדשים שפּילן. די אַנגאַזשירטע אַקטיאָרן האָבן אָבער פון דעם נישט געליטן מאַטעריעל, ווייל מ. שוואַרץ האָט זיי באַצאָלט פאַר גאַנצע 6 חדשים לויט זיין אָפּמאַך מיטן אַקטיאָרן־פאַריין; דאָס איז געווען אַ נאָבעלער זשעסט — אַ

באַווייז פון זיינע מידות־טובות און ליבשאַפט צום יידישן אַקטיאָר און באַציונג צו זיין אָר־גאַניזאַציע.

כדי די טרופע זאָל נישט בלייבן אַרבעטלאָז אין מיטן סעזאָן, האָט דער אַקטיאָרן־פאַריין באַזייטיקט ווילי גאָלדשטיין ווייטער אָנצוגיין אַליין מיטן טעאַטער „אַרגענטינאַ״; ער האָט אַראָפּ־געבראַכט די שוישפּילער בן־ציון וויטלער און שיפרה לערער, וועלכע האָבן אויפגעפירט די פּיעסן: „מיין גליקלעכע היים״ און „אין אַ רומענישער קרעטשמע״, ביידע — מוזיקאַלישע ספּעקטאַקלען. נאָכן פאַרענדיקן דעם סעזאָן אין בוענאָס־איירעס, האָט ווילי גאָלדשטיין גע־פירט די זעלבע טרופע אין איר גאַנצן באַשטאַנד, צוזאַמען מיט די גאַסטראָליאָרן, אויף אַ טורנע איבער אורוגוויי און בראַזיל.

## טעאַטער „סאָלעיל״

די אונטערנעמער סאָלאָמאָן שטראַמער, ישראל פעלדבוים און לעאָן נאַרעפּקין, האָבן דורכן אַקטיאָרן־פאַריין אָרגאַניזירט אַ טרופע פון פאָלגנדיקע שוישפּילער: פּנחס אַפּעל, סאַ־מועל גולדין, יעקב דענקער, ישכר האַנדפוס, דאָראַ ווינדלער, ענריקע כייקאָווסקי (טשאַי־קאָ), עני ליטאָן, מיכאַל מיכאַלאָוויטש, אַנאַ פעלדבוים, ראָסיטאַ צוקער און קלאַראַ שטראַמער. שפּעטער זיינען צוגעקומען די שוישפּילערינס: מאַרגאָט שטיינבערג, אַניטאַ לאַנג און פעליקס לעווין. ס׳איז אויפגעפירט געוואָרן „די איינזאַמע שיף״ פון דלוזשנאָווסקי אונטער דער רעזשי פון דוד ליכט. דערנאָך איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן יוסף בולאָוו און ער האָט אויפגעפירט די ספּעקטאַקלען „דאָס טאָגבוך פון אַנאַ פראַנק״, „איך און מיין שותּף״ און „דער קיבעצער״. אין אָקטאָבער זיינען אויפגעטראָטן אונדזערע מיטגלידער — די געסט מאַקס פערלמאַן און גיטאַ גאַלינאַ; זיי האָבן אויפגעפירט די מוזיקאַלישע פּיעסע „טשאַרליס מומע״. ס׳איז אויך געפייערט געוואָרן דער בר מצווה יום־טוב פון טעאַטער „סאָלעיל״.

## בראַזיל

אין אַקטיאָרן־פאַריין איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך מיטן בראַזיליאַנער עמפּרעסאַר יצחק לובעלטשיק צו אָרגאַניזירן אַ סטאַבילע טרופע אין בראַזיל; די עמפּרעסע האָט אויס־געהאַלטן דעם גאַנצן סעזאָן און נאָכגעקומען אַלע התחייבותן לגבי די שוישפּילער און דער אָרגאַניזאַציע. די טרופע איז באַשטאַנען פון די גאַסט־שפּילער העברי גערע, ראָסיטאַ לאַנד־נער, פיניע גאָלדשטיין, אַנדזשע ראַפּעל, צוזאַמען מיט די שוישפּילער: הערמאַן קלאַצקין, סאָפיאַ ראַפּאַלאָוויטש, גאָלדבערג, ב. אייז, גאַלפּערין און די פאַמיליע בערנשטיין.

## קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט:

אין אַקטיאָרן־פאַריין איז דורכגעפירט געוואָרן:

אַ פייערלעכע מסיבה לכבוד מאָריס שוואַרץ צום דערעפענען פון קונסט־טעאַטער „אַר־גענטינאַ״.

—אַ קבלת־פנים לכבוד יוסף בולאָוו.
—אויפנאַמע לכבוד דעם טעאַטער־דירעקטאָר יצחק לובעלטשיק פון בראַזיל.
—אַ חברלעכע מסיבה פאַר מאַקס פערלמאַן און גיטאַ גאַלינאַ.
—אַ קבלת־פנים פאַר בן־ציון וויטלער און שיפרה לערער.
—אַ חברלעכע שימחה צום געזונט ווערן פון פאַריינס־פּאָרזיצער יוסף מאָורער.
—אַ יום־טוב לכבוד דעם שרייבער־גאַסט יצחק באַשעוויס.
—בר־מצווה־פייערונג פון טעאַטער „סאָלעיל״.
—געזעגענונג פאַר מאָריס שוואַרץ צום פאַרענדיקן זיין סעזאָן פון קונסט־טעאַטער.
—אַ לחיים ערב ראש־השנה.

די אַלע צוזאַמענקומען זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לעבהאַפטע, אָפטמאָלליידנשאַפט־לעכע דיסקוסיעס וועגן גורל, אויפגאַבן און פערספעקטיוון פון ייִדיש טעאַטער ביי אונדז און אויף דער גאָרער ייִדישער וועלט.

דער פאַריין האָט דורכגעפירט אַ פורים יום־טוב אונטערן פרייען הימל אין דער זומער־היים „לאַ־רעכאַ״, מיטן אָנטייל פון אַלע מיטגלידער. ס׳איז געווען אַ טאָג פון געזאַנג און פּו־רימדיקער פרייד. דער עולם איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער צאָל שרייבער, קולטור־טוער און טעאַטער־פריינד.

אויף דער יערלעכער אונטערנעמונג פון הילפספאָנד, וועלכער קומט תמיד אַנטקעגן די מיטגלידער מיט אַ געהעריקן גמילת־חסד, איז געשפילט געוואָרן ישראל אַשענדאָרפס דראַמע „דער זעלבער גורל״ און די רעווי „אַלדאָס גוטס פאַר ייִדן...״.

סוף יאָר איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין דער זומער־היים אַ פאַרוויילונג — „אַ טאָג אין בייבעריק״.

## יאָר 1958

### טעאַטער „אַרגענטינאָ״

דאָס וואַנדער־טעאַטער — אָרגאַניזירט פון ווילי גאָלדשטיין שפּילט אין מאָנטעווידעאָ די חדשים אַפּריל, מאַי און די ווייטערדיקע 4 חדשים — אין היגן טעאַטער „אַרגענטינאָ״. אין אָקטאָבער מאַכט ער אַ טור איבער דער אַרגענטינער פּראָווינץ. בראש פון דער טרופּע זיינען געשטאַנען: דזשעני לאָוויטש, פּיניע גאָלדשטיין, אַנאַ ראַפּעל און חיים לעווין. עס זיינען גע־שפּילט געוואָרן די פּיעסן: „אַ כלה אָן נדן״. „די קלוגע מיליאָנערשע״, „די מזלדיקע רייזל״, „די וואַרשעווער חזנטע״. די טרופּע איז באַשטאַנען — חוץ די אויבן־אויסגערעכנטע, פון ב. אייז, ק. גאָלדשטיין, א. אַלעקסאַנדראָוו א״אַ.

נאָכן טורנע איז דאָס וואַנדער־טעאַטער אַריבער אין טעאַטער „סאָלעיל״, צו וועלכן ווילי גאָלדשטיין, האָט אַראָפּגעבראַכט הערמאַן יאַבלאָקאָוו; עס זיינען געשפּילט געוואָרן פאָלגנדיקע פּיעסן: „ס׳קאָן אויך טרעפן מיט אייך״, „אוי איז דאָס אַ וועלט״ און „פּאַפּיראָסן״. נאָך אַ חודש שפּילן אין דערמאָנטן טעאַטער, האָט וו. גאָלדשטיין געמאַכט מיט דער טרופּע אַ טורנע איבער מאָנטעווידעאָ און בראַזיל.

### אין טעאַטער „סאָלעיל״

האָט אונטער דער זעלבער דירעקציע גאַסטראָלירט דער שוישפּילער מנחם רובין. אונטער דער רעזשי פון דוד ליכט איז אויפגעפירט געוואָרן: „מיין טאַטנס בית־דין שטוב״ פון יצחק באַשעוויס, „בר־כוכבא״ פון אברהם גאָלדפאַדען (אויף באַאַרבעט פון ד. ליכט), און „אין יעדער היים״ — אויפגעפירט פון מ. רובין.

נאָך מ. רובין איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון ישראל דער הבימה־קינסטלער שמעון פינ־קעל, וועלכער האָט געשפּילט — אונטער דער רעזשי פון דוד ליכט — פאָלגנדיקע פּיעסן: „וועסט ירשענען ווינט״, „אונדזער ערד״ פון א. אשמן, אין דער ייִדישער איבערזעצונג פון זלמן הירשפעלד. נאָך פינקלס אָפּפאָרן קיין ישראל — צוליב דרינגענדיקע פאַמיליע־מאָטיוון, האָט ז. הירשפעלד איבערגענומען צו שפּילן זיין ראָל. דערנאָך ווערן געשפּילט יעקב גאָרדינס „דער פּרעמדער״ און ז. ליבינס „הײנטיקע קינדער״, אויפגעפירט פון סאַלאָמאָן שטראַמער. שפּעטער טרעטן אויף מאַקס פּערלמאַן און גיטאַ גאַלינאַ אין די קאָמעדיעס: „דער פריילעכער אַלמן״, „אַ לעקציע פאַר ווייבער״.

די טרופּע איז באַשטאַנען פון: פּנחס אַפּעל, פּאַולינאַ טאַכמאַן, מיכל מיכאַלאָוויטש, יוסף

מאָורער, דוד לעדערמאַן, דוד קאַפּלאַן, סאַמועל גולדין, בעלאַ אַריעל, חנה פעלדבוים, הערמאַן קלאַצקין, עלזאַ ראַבינאָוויטש, מאַרגאָט שטיינבערג, ראָסיטאַ צוקער, קלאַראַ שטראַמער און ישראל שענקער. בינע־לייטונג: שלמה צוקער.

## אַקטיאָרן־פאַריין

עס זיינען פאָרגעקומען יום־טובים לכבוד די געסט־שוישפּילער מנחם רובין, שמעון פּינקעל און זיין פרוי יאָספּאַ שאָקען, לכבוד דעם שרייבער יעקב פּילאָווסקי פון טשילע.

— אַ מסיבה פאַר די חברים: דזשעני לאָוויטש, חיים לעווין, פּיניע גאָלדשטיין, אַנאַ ראַפּעל.

—אַן אויפנאַמע פאַר דער שוישפּילערין מאַלווינאַ ראַפּעל, וואָס איז געווען צוגאַסט ביי איר משפחה און איז דאָ אויפגעטראָטן מיט איין רעציטאַל אין קהילה־זאַל.

—אַ יום־טובדיקע מסיבה לכבוד די חברים קאַטיאַ פּלאַווינאַ און סאַשאַ ראָזנטאַל, צו זייער איבערגיין אויף עמעריטור.

—אַ געזעגענונג־מסיבה פאַר סאַלאָמאָן און קלאַראַ שטראַמער, ישראל פעלדבוים און מאַרגאָט שטיינבערג, צו זייער אָפּפאָרן קיין ישראל.

—עס איז דורכגעפירט געוואָרן די יערלעכע אונטערנעמונג לטובת דעם הילפספאָנד און אַ יום־טוב אין דער זומער־היים „אונטערן פרייען הימל...״

—עס איז דעם יאָר דורכגעפירט געוואָרן די גענעראַל־פאַרזאַמלונג און ס׳זיינען אויסגעזיילט געוואָרן די חברים יוסף מאָורער — פּרעזידענט; זלמן הירשפעלד — גענ. סעקרעטאַר, און דוד לעדערמאַן —קאַסיר.

—עס איז אין דעם יאָר דורכגעפירט געוואָרן אַ פייערונג לכבוד דער שוישפּילערין עלזאַ ראַבינאָוויטש, צו דער געלעגנהייט פון איר 50 יאָר שפּילן ייִדיש טעאַטער.

## יאָר 1959

## טעאַטער „מיטרע״

אין טעאַטער „מיטרע״ איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ טרופּע פון אַקטיאָרן־פאַריין אונטער דער דירעקציע פון ווילי גאָלדשטיין און מרים לערער.

די טרופּע האָט אָנגעהויבן מיט אייגענע כוחות. לכבוד דעם שלום־עליכם יאָר, איז דער סעזאָן דערעפנט געוואָרן מיט דער טראַגי־קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט״ פון שלום עליכם, אונטער דער רעזשי פון יוסף מאָורער. די צווייטע אויפפירונג: „דער קונצנמאַכער״ פון משה דלוזשנאָווסקי, רעזשי יוסף מאָורער. דערנאָך קומען די געסט פּערלמאַן־גאַלינאַ, וועלכע פירן אויף „פּרנסה״ פון חנא גאָטעספעלד, „צוויי הונדערט טויזנט״ פון שלום עליכם און די מוזיקאַלישע קאָמעדיע „אַ ברודער אין ישראל״, א״אַ.

די טרופּע איז באַשטאַנען פון: קלאַראַ גאָלדשטיין, ציפּורה וואַלדמאַן, סאָניאַ לעמבערג, פּאַולינאַ טאַכמאַן, בעלאַ אַריעל, יוסף מאָורער, דוד קאַפּלאַן, אהרון אַלעקסאַנדראָוו, דוד לעדערמאַן, פּנחס אַפּעל, חיים לעווין. בינע־לייטונג: יוסף ליבערזאָן.

## אַקטיאָרן־פאַריין

עס איז געפּראַוועט געוואָרן אַ יום־טוב אין דער זומער־היים: „צוגאַסט ביי בלאָנדזשנדיקע שטערן״.

—עס איז פאָרגעקומען אַ פּרעסע־קאָנפערענץ, בשייכות מיט דער סכנה, אַז בוענאָס איירעס קאָן בלייבן אָן ייִדיש טעאַטער, צוליב מאַנגל אין אַ פּאַסיקן טעאַטער־זאַל; ביי דער קאָנפערענץ האָט דער אַקטיאָרן־פאַריין אָנגעבאָטן דער געזעלשאַפט זיין אייגנטום אין ווערט פון צוויי מיליאָן פּעזעס אויף אַ פאָנד צו בויען אַ ייִדיש טעאַטער.

—עס איז געפּייערט געוואָרן די גאָלדענע חתונה פאַרן וועטעראַן־שוישפּילער לעאָן ברעסט און זיין פרוי, ווי אויך אַ חברלעכע מסיבה לכבוד ענריקע כייקאָווסקי (טשייקאָ), צו זיין ווערן אַ בן־שבעים.

—ס׳איז געזעגנט געוואָרן די שוישפּילערן נאַטאַליאַ ליפּמאַן צו איר אָפּפאָרן קיין ישראל.

—ס׳איז געשפּילט געוואָרן במשך פון 4 וואָכן, אין פאָרזעצונגען, שלום־עליכמס „טוביה דער מילכיקער״ אויף ראַדיאָ „דעל פּועבלאָ״, אונטער דער רעזשי פון יוסף מאָורער, אָרגאַניזירט און פינאַנסירט פון דער קהילה.

—ס׳איז געשאַפן געוואָרן דער סוב־קאָמיטעט פון מגבית ביים אַקטיאָרן פאַריין.

—דער אַקטיאָרן־פאַריין האָט געפּייערט דאָס שלום־עליכם־יאָר מיט דער אויפפירונג פון „שווער צו זיין אַ ייד״ פון שלום־עליכם; רעזשי: מאַקס קלאָס.

## יאָר 1960

טעאַטער „מיטרע״ האָט אונטער דער זעלבער דירעקציע אָנגעהויבן דעם סעזאָן מיט פּיניע גאָלדשטיין און אַנאַ ראַפּעל, מיט די קאָמעדיעס: „פישל דער גאַראַנטענער״. „דער מזלדיקער שלימזל״, „מנשה ווערט אַ פאַבריקאַנט״. נאָכדעם זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון ניו־יאָרק די רעווי־קינסטלער בען באָנוס און מינאַ בערן, וועלכע האָבן אויפגעפירט די ספּעקטאַקלען: „יידן בויען, יידן זינגען״, „אַמאָל איז געווען אַ מעשה״, „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען״ און פּרץ הירשביינס „דעם שמידס טעכטער״, לידער פון יצחק יאַנאַסאָוויטש, מוזיק פון ש. טענאָווסקי.

צום שלוס פון סעזאָן זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון ישראל די שוישפּילער מרדכי ספּעקטאָר און מרים סאַנדלער, און עס זיינען געשפּילט געוואָרן די פּיעסן „אונדזער רביניו״, „אַ חתונה אין ישראל״, און „דער זינגער פון תל־אביב״.

די טרופּע איז באַשטאַנען פון: א. אַלעקסאַנדראָוו, דוד לעדערמאַן, דוד קאַפּלאַן, פּנחס אַפּעל, ישראל שענקער, סימאָן נוסבוים, קלאַראַ גאָלדשטיין, בעלאַ אַריעל, ציפּורה וואַלדמאַן, רבקה רעבען און סאָניאַ לעמבערג.

## אַקטיאָרן־פאַריין

געפּייערט 84סטן געבוירן־טאָג פון וועטעראַן־קינסטלער בן־ציון פּאַלעפּאַדע.

—מסיבה לכבוד שלמה פריזאַמענט צום דערשיינען פון זיין בוך „בראָדער זינגער״.

—פּייערונג לכבוד דעם שוישפּילער דוד לעדערמאַן צום דערשיינען פון זיין בוך „פון יענער זייט פּאַרהאַנג״. — גרויסע טעאַטער־אונטערנעמונג לטובת דעם יידישן שפּיטאָל, אין טעאַטער „אַסטראַל״. — קבלת־פּנים פאַר די שוישפּילער בן־ציון און שונה בערדיטשעווסקי, צו זייער צוריקקומען פון ישראל. — אויפנאַמע לכבוד דעם שרייבער יעקב פּילאָווסקי.

—אויפנאַמע לכבוד די שוישפּילער בען באָנוס און מינאַ בערן

—מסיבה לכבוד די חברים מאַקס פּערלמאַן, גיטאַ גאַלינאַ, סימאָן נוסבוים, סאָניאַ לעמבערג און סימאָן טענאָווסקי, צו זייער אומקערן זיך פון אַ טורנע איבער אַמעריקאַנער לענדער.

—אונטערנעמונג לטובת דעם הילפספאָנד; אויפגעפירט „דער דיבוק״ (דריטער אַקט), „טאָג נאַכט״ (ערשטער אַקט) פון ש. אַנסקי; רעזשי: זלמן הירשפעלד.

## יאָר 1961

## טעאַטער „סאָלעיל״

דער טעאַטער איז ווידער דערעפנט געוואָרן אונטער דער דירעקציע פון שטראַמער־פעלד־בוים־נאַרעפּקין, מיט דער פאַמיליע בורשטיין. אויפגעפירט די מוזיקאַלישע פּיעסן: „ווער איז

מיין מאַן", „טאַטע האָב חתונה", „לייבקע פון אָריענט", „גאָלדענער שידוך" און „אַ חתונה אין שטעטל".

—די שוישפּילערינס עני ליטאַן, שושנה זאַן און ר. ליכט האָבן אין זעלבן טעאַטער געשפּילט „מיר פּרויען", איבערגעזעצט פון פּויליש. רעזשי: דוד ליכט.

—לכבוד דעם שוישפּילער ישראל פעלדבוים, איז געשפּילט געוואָרן „עקדת יצחק" פון אברהם גאָלדפאַדען. רעזשי: סאַלאָמאָן שטראַמער.

## טעאַטער „מיטרע"

אונטער דער זעלבער דירעקציע: גאָלדשטיין־לערער.

—גאַסטשפּילן: מרדכי ספּעקטאָר־מרים סאַנדלער.

—אויפגעפירט די מוזיקאַלישע פּיעסן: „געזאַנג פון מיין היים", „שטענדיק אין מיין האַרץ", „צווישן צוויי פּרויען" און „די רומענישע חתונה". רעזשי: ישכר האַנדפּוס.

—עס קומען נאָכדעם פּיניע גאָלדשטיין און אַנאַ ראַפּעל וועלכע פירן אויף „פּאַרלאָזט אייך אויף נפתלען", „אַ פינפטע ראָד צום וואָגן". שפּעטער ווערט מיט ספּעקטאָרן אויפגעפירט פון אַלטן יידישן רעפּערטואַר: „שולמית" פון א. גאָלדפאַדען און „אַ מענטש זאָל מען זיין" פון א. שאָר. רעזשי: ישכר האַנדפּוס.

—ס'איז געפייערט געוואָרן דער 70־יאָריקער יובילעאום פון סופליאָר און טעאַטער־מענטש יוסף ליבערזאָן.

## אַקטיאָרן-פאַריין

—קבלת־פּנים מסיבה פאַרן רעזשיסאָר יוסף שיין.

—אויפנאַמע פאַר דער קינסטלער־משפּחה בורשטיין.

—פּורים־פייערונג אונטערן פאָריען הימל, אין דער אייגענער זומער־היים.

—יערלעכע אונטערנעמונג לטובת דעם הילפספאָנד מיט אַ קליינקונסט ספּעקטאַקל.

—יובילײ־פייערונג פון שוישפּילער דוד לעדערמאַן מיט דער אויפפירונג „קרייצער סאָנאַטאַ" פון יעקב גאָרדין. רעזשי: מאַקס קלאָס. אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט.

—יובל־פייערונג לכבוד דער קינסטלערן קלאַראַ שטראַמער. אויפגעפירט: „כאַסיע די יתומה" פון יעקב גאָרדין.

## יאָר 1962

## טעאַטער „סאָלעיל"

אונטער דער זעלבער דירעקציע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ טרופּע פון אַקטיאָרן־פאַריין, בראש מיט מאַקס פּערלמאַן און גיטאַ גאַלינאַ. עס זענען אויפגעפירט געוואָרן: „דער טאַטע בין איך" און נאָך צוויי אַנדערע פּיעסן פון מוזיקאַלישן מין.

דער צווייטער גאַסטראָליאָר איז הערמאַן יאַבלאָקאָוו, וועלכער האָט אויפגעפירט: „איך און מיין זון", „דער פּאַיאַץ" און „דער פאַרכישופטער ניגון".

די טרופּע איז באַשטאַנען פון קלאַראַ שטראַמער, פּאַולינאַ טאַכמאַן, בעלאַ אַריעל, עלזאַ ראַבינאָוויטש, מאַרגאָט שטיינבערג, אַנאַ פעלדבוים, סאָפיאַ ראַפּאַלאָוויטש און רבקהלע רעבען. מענער: יוסף מאַורער, משה אייכבוים, סאַמועל גולדין, לייזער מינצעס, הערמאַן קלאַצקין און סאַלאָמאָן שטראַמער.

## טעאַטער „מיטרע"

ווי אַלע יאָר האָט די עמפּרעסע פון טעאַטער „מיטרע" גאָלדשטיין־לערער, אָרגאַניזירט אַ טרופּע פון יידישן אַקטיאָרן־פאַריין. די גאַסט־שפּילן האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דער משפחה בורשטיין; פּ. בורשטיין האָט אויפגעפירט „דער דאָרפס־יונג" פון ל. קאָברין. שפּעטער אַנדערע מוזיקאַלישע פאָרשטעלונגען פון זיין רעפּערטואַר.

צו דער צווייטער העלפט פון סעזאָן איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן די שוישפּילערן שפרה לערער. צו איר דעבוט האָט דוד ליכט אויפגעפירט דעם מוזיקאַלישן ספּעקטאַקל „סוזי" אין אַ יידישער איבערזעצונג פון ש. זאַק. שפּעטער איז אויפגעפירט געוואָרן „מאַדאַם־פּריילין", רע־זשי: מאַקס קלאַס. צום סוף — די פּיעסע „די מעזינקע", רעזשי: זשאַק אַרנט. עס איז אויך גע־שפּילט געוואָרן פון אַלטן יידישן טעאַטער־רעפּערטואַר, די פּיעסע „דאָס פּינטעלע ייד", רעזשי: ישכר האַנדפוס.

אין דער טרופּע זיינען געווען פאָלגנדיקע אַקטיאָרן: א. אַלעקסאַנדראָוו, מ. קלאַס, ישכר האַנדפוס, אַנאַ, לעאָן און מישאַ בלומענטאַל, בערנאַרד סאַוער, דוד קאַפּלאַן, דער יונגער ישראל־שוישפּילער אינא טאַפּער, קלאַראַ גאָלדשטיין, ציפורה וואַלדמאַן.

## אַקטיאָרן־פאַריין

—מסיבות לכבוד די געסט־שוישפּילער: שפרה לערער און אינא טאַפּער.

—אָנשלוס צו דער פייערונג פון 70 יאָר „צוקונפט".

—יערלעכע אונטערנעמונג פאַרן הילפספאָנד. עס איז אויפגעפירט געוואָרן „אונטער פרייע הימלען" פון זלמן הירשפעלד, רעזשי: יוסף מאַורער.

—אויפנאַמע פאַר הערמאַן יאַבלאָקאָוו.

—געזעגענונג־מסיבה פאַר מ. פּערלמאַן און גיטאַ גאַלינאַ צו זייער פאַרן שפּילן אין ניו־יאָרק — 35־יאָריקע יובליי־פאָרשטעלונג לכבוד דעם שוישפּילער דוד קאַפּלאַן.

—געזעגענונג פאַרן רעזשיסער דוד ליכט צו זיין אָפּפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע.

—געזעגענונג־מסיבה פאַר די יוגנטלעכע יהודה הירשפעלד און יוסף קאַפּלאַן (די קינדער פון אונדזערע מיטגלידער הירשפעלד־ראַפּעל און דוד קאַפּלאַן), צו זייער עולה זיין קיין ישראל. יובל־פייערונג פאַר דער שוישפּילערן עלענאַ שטרייטמאַן, צו איר ווערן 70 יאָר.

—גענעראַל־פאַרזאַמלונג: איז דורכגעפירט געוואָרן אין חודש אָקטאָבער, ביי וועלכער עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן פיל וויכטיקע ענינים בנוגע יידיש טעאַטער. עס זיינען דערוויילט גע־וואָרן די חברים (אויף צוויי יאָר): מאַורער — פּרעזידענט, הירשפעלד — גענ. סעקרעטאַר, לע־דערמאַן — קאַסיר. און די חברים: קלאַס, גולדין, אַלעקסאַנדראָוו, קלאַצקין, ש. צוקער, סאַוער — אין דירעקטיוון ראַט. רעכענונגס־איבערזעער: שושנה בערדיטשעווסקי און מאָריס סענד.

—ס'איז געזעגנט געוואָרן די חברטע סוסאַנאַ זאַן, צו איר עולה זיין קיין ישראל.

—אזכרה־אַקטן: צום דריטן יאָרצייט פון מאָריס שוואַרץ, צו די שלושים פון ישראל פעלד־בוים, בן־ציון בערדיטשעווסקי, בן־ציון פאָלעפּאַדע, לעאָן ברעסט, סאַשאַ ראָזנטאַל.

## יידיש טעאַטער אין דער פּראָווינץ, מיט דער הילף פון ועד הקהילות

גאָר נישט לאַנג צוריק, ס'איז אין דעם אפשר נישט מער ווי לערך צען יאָר, פלעגן יידישע אַקטיאָרן נאָכן פאַרענדיקן דעם סעזאָן אין בוענאָס־איירעס, אַרויספאָרן איבער די קאָלאָניעס און פּראָווינץ־שטעט שפּילן טעאַטער. שטאַרק לוינבאַר איז עס נישט געווען און דערצו נאָך זייער שווער און אָנשטרענגענדיק, אָבער עס האָט געצויגן צו שפּילן פאַרן נאַיוון, פאָלקסטימ־

לעכן און דאַנקבאַרן עולם פון דער פּראָווינץ. לעצטנס אָבער האָט מען אינגאַנצן אויפגעהערט צו פאָרן, מסתמא צוליב די גרויסע הוצאות, וועלכע האָבן נישט געקענט געדעקט ווערן.

דער אַקטיאָרן־פאַריין האָט זיך דעריבער פאַרשטענדיקט מיט ועד הקהילות און מיט דער בוענאָס־איירעסער קהילה און נאָכדעם, ווי עס איז פאַר דעם צוועק באַשטימט געוואָרן אַ סובּ־סידיע, איז מעגלעך געוואָרן עס זאָלן אַרויספאָרן אַ קליינע טרופּע און מהנה זיין די פּראָווינץ מיט ייִדישער קליינקונסט און אויך גאַנצע פּיעסן.

אָנגעהויבן האָט זיך דער טור מיט אַ קליינקונסט־פּראָגראַם אין קאַרהוע, דעם 17טן יאַנואַר 1958. דער מאַטעריעלער און אויך מאָראַלישער דערפאָלג איז געווען אַ גוטער, אָבער די הוצאות גרויסע. שבת, דעם 18טן יאַנואַר האָט די טרופּע מיט דערפאָלג געשפּילט די פּיעסע פון קאָברין „די גרויסע ירושה" אין דער קליינער קאָלאָניע לאַפּין. עס איז צו דער פאָרשטעלונג געקומען אַ היפּשער יוגנטלעכער ייִדיש־ריידנדיקער עולם. אין דעם גרעסערן ישוב ריווערא זיינען גע־שפּילט געוואָרן צוויי פאָרשטעלונגען מיט גאָר אַ גרויסן דערפאָלג דעם 9טן און 21סטן יאַנואַר. די טרופּע איז זייער גוט אויפגענומען און באַהאַנדלט געוואָרן פון די אינסטיטוציעס, דער עיקר, פון דער לאָקאַלער קאָאָפּעראַטיווע. אין באַהיאַ בלאַנקאַ, די באַדייטנדיקסטע קהילה פון יענער געגנט, איז געשפּילט געוואָרן צוויי מאָל, דעם 23סטן און 28סטן יאַנואַר אין ענלעכע באַדינ־גונגען ווי אין ריווערא, כאָטש די פאָרשטעלונגען זיינען פאָרגעקומען אין וואָכנטעג. די צוויי טעג — 25/1 און 26/1, וואָס מען האָט געשפּילט אין בערנאַסקאָני, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אמתע ימים־טובים. דאָרטן האָבן זיך פאַרענדיקט די גאַסטשפּילן אין די פּראָווינצן בוענאָס־איי־רעס און לאַ־פּאַמפּאַ און די טרופּע האָט זיך אַרויסגעלאָזט קיין ענטרע־ריאָס.

## סובסידיעס פון דער קהילה און פּענסיעס פאַר אַלטע שוישפּילער

באַלד נאָכדעם ווי די אָנפירערשאַפט פון דער קהילה, איז אַריבער אין די הענט פון דער פאַרוואַלטונג בראש מיט אלימלך גוטקין אַלס פּרעזידענט און צבי פיינגערש אַלס גענ. סעקרע־טאַר — האָט זיך אונדזער מוטער־אינסטיטוציע, אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן מיטן גורל פון היגן ייִדישן טעאַטער און פון ייִדישן אַקטיאָר. די ייִדישע טעאַטערס באַקומען פון דער קהילה אַ חודשלעכע סובסידיע אין פאַרלויף פון דער צייט וואָס עס האַלט אָן דער סעזאָן.

אויף דער איניציאַטיוו פון קהילה־סעקרעטאַר האָט די קהילה באַשטימט באַשיידענע חודשלעכע פּענסיעס פאַר אונדזערע פאַרדינסטפולע וועטעראַנען. דער אויפטו האָט אַרויס־גערופן דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג אין דער גאַרער ייִדישער קולטור־וועלט אַלס אַן אוני־קום־דערשיינונג. די נייע קהילה־לייטונג האָט אַרויסגעוויזן דעם ייִדישן אַקטיאָר און זיין פאַריין די זעלביקע וואַרעמקייט און אויפמערקזאַמקייט.

## א ב ד ו ת

אין די לעצטע 6 יאָר האָט אונדזער היגע טעאַטער־משפּחה געליטן שווערע אבידות. עס זיינען אַוועק אויפן עולם־האמת גוטע, קרעפּטיקע שוישפּילער; עס זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פעסטע דעמבעס פון אונדזער וואַלד, וואָס ווערט אַלץ שיטערער. זיי זיינען אַוועק און איבערגעלאָזט אַ ווייטיקלעכן בלויז, אַ ליידיק אָרט, וואָס וועט ליידער נישט אַזוי גיך פאַרפולט ווערן... עס איז די טראַגישע סיטואַציע פון דור הולך ודור אינו בא...

נעמען פון די פאַרשטאָרבענע: לעאָניד סאָקאָלאָוו, שמואל זילבערבערג, מרדכי פעלץ, משה גאָלדשטיין, שמואל איריס, מאַרסעלאַ וויס, ענריקע כייקאָווסקי (טשייקאָ), בן־ציון בער־דיטשעווסקי, מינאַ אַקסעלראַד, יצחק און סאָניע לאַכמאַן, אברהם שטרייטמאַן, ישראל פעלד־בוים, סאַשאַ ראָזנטאַל, בן־ציון פאָלעפּאַדע, משה ליפּמאַן און לעאָן ברעסט, ע"ה.

חבל על דאבדין ולא משתכחין...

II

# דאָס נישט־פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער

## נאַציאָנאַלער יידישער פאָלקס־טעאַטער

אין חודש דעצעמבער פון פאַרגאַנגענעם יאָר, 1962, האָט דער נאַציאָנאַלער ייִדישער פאָלקס־טעאַטער אָפּגעשלאָסן דעם דריטן סעזאָן פון זיין עקזיסטענץ. פאַקטיש איז שוין אין יאָר 1959 געמאַכט געוואָרן אַן ערנסטער פרווו, וואָס קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַ פּראָלאָג צו דעם אויפקומענדיקן פאָלקס־טעאַטער.

אין דעם יאָר 1959 האָבן די טוער און די שוישפּילער פון דעם היינטיקן פאָלקס־טעאַטער מיט דוד ליכט בראש, ווי אַ ביישטייער צום שלום עליכם־יאָר, אויפגעפירט דעם ספּעקטאַקל „מעשׂות פון טויזנט און איין נאַכט" פון אומדזער גרויסן הומאָריסט. די דאָזיקע געלונגענע אויפפירונג איז געשפּילט געוואָרן אַלס פּרעמיערע דעם 18טן יולי אין טעאַטער „אַסטראַל" און דערנאָך איז די פּיעסע געשפּילט געוואָרן גאַנצע זעקס וואָכן, יעדן פרייטיק, שבת און זונטיק, ביז צום סוף סעזאָן, אין דעם טעאַטער־זאַל פון דער שלום־עליכם־שול, אויף סעראַנאָ.

די פאַקטישע גרינדונג פון דער טעאַטער־געזעלשאַפט איז פאָרגעקומען אין די ערשטע טעג פון חודש אַפּריל 1960, אין זאַל פון דער שלום־עליכם שול.

אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג זיינען אָנוועזנד געווען געזעלשאַפטלעכע טוער, פאַרשטייער פון אינסטיטוציעס, צווישן זיי: קהילה, וועלט־קאָנגרעס, קולטור־קאָנגרעס, שרייבער־פאַריין און אַקטיאָרן־פאַריין.

ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן פאָלגנדיקע אָנפירערשאַפט: פאָרזיצער — משה לעבענדיקער, וויצע —ד"ר ל. זשיטניצקי, סעקרעטאַר — הערמאַן לאַסטער, פּראָ — משה פלאַמבוים, 2טער פּראָ־סעקרעטאַר — שמואל לאַי, אַדמיניסטראַטיווער סעקרעטאַר — יחיאל פרידמאַן, קאַסיר — ישׂראל קאַרפּעס, פּראָ — יוסף מאַרגאָליס, 2טער פּראָ־קאַסיר — מרדכי פּינקוס. וואָקאַלן: ישׂראל טריסקער, מאַטעס גאָלדפאַרב, אברהם מיטלבערג, פּסח פאָדראַבינעק, משה גאָלדשטיין, א. עפּעל־בוים, אברהם מאָשקאָוויטש, סאַלאָמאָן קריסטאַל, שניאור וואַסערמאַן, מענדל ליפשיץ, יעקב בלאַט, חיים טשאַלקאָף, משה קאָרין, שמואל ווינדלער און י. פּינטשוק.

די דערעפענונגס־פּרעמיערע פון נאַציאָנאַלן ייִדישן פאָלקס־טעאַטער, איז פאָרגעקומען דעם 18טן יוני 1960, אין טעאַטער „אַלוועאַר", מיט דער אויפפירונג: „אַ וועלט מיט ייִדן", לויט די מחברים משה קולבאַק, בערל גרינבערג און רות יואלית; אינסצעניזירט און רעזשיסירט דורך דוד ליכט. דערנאָך איז די פאָרשטעלונג געשפּילט געוואָרן אין טעאַטער־סאַלאָן פון דער שלום עליכם־שול, אַריבער צוויי חדשים.

די צווייטע אויפפירונג אין דעם זעלבן סעזאָן איז געווען „פון אונדזער אוצר" פינף איינ־אַקטערס, לויט די מחברים: י. ל. פּרץ, דוד בערגעלסאָן, יגאל מאָסענזאָן און מענדעלע מוכר ספרים — אינסצעניזירט און רעזשיסירט דורך דוד ליכט. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז ביידע אויפפי־רונגען, דאָס שפּילן ווי די רעזשי, האָבן אַרויסגערופן גרויס אָנערקענונג, סיי ביי די באַזוכער און סיי ביי דער טעאַטער־קריטיק.

ביז גאָר געוואַגט, און מיט גרויס דערפאָלג, האָט דער נאַציאָנאַלער ייִדישער פאָלקס־טעאַטער אָנגעפאַנגען זיין צווייטן סעזאָן אין יאָר 1961, מיטן אַראָפּברענגען אַ רעזשיסער פון ישׂראל.

אין די ערשטע טעג פון חודש אַפּריל, פון דערמאָנטן יאָר, איז אַהער געקומען דער רע־זשיסאָר יוסף שיין. די ערשטע פאָרשטעלונג, פּאַוול קאָהוטס פּיעסע „אַזאַ ליבע", איבערזעצט פון משה קויפמאַן, איז פאָרגעקומען אין חודש מאַי; אין חודש יולי, פון זעלבן יאָר, איז פאָר־געקומען די צווייטע פּרעמיערע — אפרים קישונס קאָמעדיע „זיין נאָמען רעדט שוין פאַר זיך". אין סעפּטעמבער איז געקומען די דריטע אויפפירונג: לאה גאָלדבערגס דראַמאַטישע פּיעסע „די האָרינטע פון שלאָס". אַלע דריי אויפפירונגען, האָבן אַרויסגערופן לויב פאַר די שוישפּילער און

טוער פון נאַציאָנאַלן יידישן פאָלקס־טעאַטער. אַ חוץ דעם, וואָס יוסף שיין האָט אויפגעפירט די דערמאָנטע דריי פּיעסן, האָט אין דעם זעלבן סעזאָן אויך מיטגעאַרבעט אַלס קינסטלעדישער לייטער דוד ליכט, וועלכער האָט איינגעשטעלט מיטן אַנסאַמבל קליין־קונסט־נומערן, כדי צו באַדינען קולטור־אינסטיטוציעס און דעם פּראָגראַם פאַר די קהילה־פּרימאַרגנס. דעם זעלבן יאָר האָט דער נאַציאָנאַלער יידישער פאָלקס־טעאַטער געגעבן אַ סך פאָרשטעלונגען אין פאַרשיידענע געגנטן פון שטאָט און איז אויך אַרויסגעפאָרן שפּילן אין ראָזאַריאָ, סאַנטאַ־פע, פּאַראַנאַ און אין מאָנטעווידעאָ און אויך זיך באַטייליקט, זייענדיק פאַרבעטן פון דער קהילה, צו די פייערונגען פון דעם ערשטן לערער־אַרויסלאָז פון סעמינאַר אין מאָזעסוויל.

אין פאַרגאַנגענעם יאָר, אונטערן צייכן פון אַ פאַרשטאַרקן פּאָליטישן און ווירטשאַפטלעכן קריזיס, האָט דער נאַציאָנאַלער יידישער פאָלקס־טעאַטער דערפאָלגרייך פאַרענדיקט דעם סעזאָן. צום אָנהייב פון סעזאָן האָט מען געשפּילט לאה גאָלדבערגס „די האָרינטע פון שלאָס". דאָן איז געקומען דוד ליכטס אַ גרויסע אויפפירונג „אויך פּחדנים ווערט מען משפּטן" פון לעאָן קרוטשקאָווסקי. אין דער צווייטער העלפט פון סעזאָן אין זאַרבעטן געוואָרן אַלס רעזשיסער זשאַק אַרנט, וועלכער האָט אויפגעפירט די קאָמעדיע „יעקב און קריסטיאַן" פון סאַמי גראָנעמאַן, איבערגעזעצט פון י. פרידמאַן.

אין די אַלע דערמאָנטע אויפפירונגען האָבן אָנטיילגענומען די פאָלגנדיקע שוישפּילער: דוד טשעכאָווסקי, פריידל לאָנדאָן, יעקב לעוו, י. מילשטיין, גאָלדע פלאַמי, זישע גאָלדוואַסער, יוסף קאָבלענץ, רבקה רינעק, סאָניע סילווע, משה יאַבלאָנקאָווסקי (אַגאַשקא), הינדע קאַניעווסקי, נחה באַראַט, אברהם בינדער, סאַמועל סטעל, אַדאָלפאָ קירשמאַן, רבקהלע רעבען, דוד שערעשעווסקי, לויס מינצעס, פייגעלע ליבערמאַן, לויס ראָזענבערג, יצחק ליכטענשטיין, ראָזענפאַרב און ווינטער.

ביים נאַציאָנאַלן יידישן פאָלקס־טעאַטער עקזיסטירט אויך אַ טיכטיקע פּרויען־קאָמיסיע, וואָס פירט אַ ברייטע טעטיקייט.

די פּלענער פון נאַציאָנאַלן יידישן פאָלקס־טעאַטער צום נייעם סעזאָן זיינען: ברענגען אַ פּערמאַנענטן רעזשיסאָר, וואָס זאָל אויך אָנפירן מיט אַ טעאַטער־שול צו בילדן נייע קאַדרען יונגע שוישפּילער פאַר דער בינע. מען טראַכט אויך צו צו ווערבירן מיטגלידער כדי צו פאַרזיכערן די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון נאַציאָנאַלן יידישן פאָלקס־טעאַטער.

## „אַרטעאַ"

די גרופּע יוגנטלעכע טעאַטער־ליבהאָבער אונטער דער קינסטלערישער לייטונג פון מאַקס בערלינער, האָט פאַר די לעצטע יאָרן אויפגעפירט די פאָלגנדיקע פּיעסן:

אין יאָר 1957: „דער ליגנער" פון אברהם גאָלדפאַדען; „משפּט מיך" פון יהודה עלבערג; „דער זאָאָ פון קרישטאָל" פון טענעסי וויליאַמס; „איי לייק מייק" פון אהרן מגד (אין עברית).

אין יאָר 1958: „געוואַלד ווען שטאַרבט ער" פון חנא גאָטעספעלד.

אין יאָר 1959: „מענטשן" פון שלום־עליכם.

אין יאָר 1960: „מיכל בת שאול" פון א. אַשמאַן (אין שפּאַניש); „הם יגיעו מחר" פון נתן שחם (עברית); רעזשי נ. שמילעווסקי.

צוליב אידעישע חילוקי־דעות האָט זיך „אַרטעאַ" געשפּאָלטן. דער רעזשיסער און גרינדער פון דעם טעאַטערל, מאַקס בערלינער, האָט זיך מיט אייניקע יוגנטלעכע אָפּגעטיילט און געשאַפן אַ גרופּע אד"נ „אברהם גאָלדפאַדען". זיי האָבן אויפגעפירט די איינאַקטערס: „מאַסקעס" פון משה דלוזשנאָווסקי; „אורזאַך" פון אברהם רייזען, „שבתי־צבי" פון י. זשולאַווסקי.

די געבליבענע „אַרטעאַ" האָט אויפגעפירט די אַרגענטינער פּיעסע „דער קאָסיר איז אַרויס אויף אַ ווילע" פון אַורעליאָ פערעטי (אין יידיש). שפּעטער זיינען זיי איבערגעגאַנגען אויף

שפּאַניש — ביז די גרופּע איז זיך צעפאַלן און טיילווייז זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן נאַציאָנאַלן יידישן פאָלקס־טעאַטער.

## קינדער־טעאַטער

עס זיינען געווען פאַרשידענע פּרוּוון צו שאַפן אַ סטאַביל קינדער־טעאַטער ביי דער שלום עליכם־שול און ביי דער שול „מדינת ישראל".

אין יעדע שולן איז אונטער דער רעזשי פון מאַקס בערלינער אויפגעפירט געוואָרן:

„די גליקלעכע" פון ע. שטיינבערג; „די מוראַזשקעס"; „טוביה דער מילכיקער" פון שלום עליכם; „מאָטל פייסי דעם חזנס" פון שלום־עליכם; „נאָכן גאָט פון מדבר" פון ק. מאָלאָדאָווסקי; „אויף אַרגענטינער ערד" פון מ. אַלפּערסאָן; „לעבן און שאַפן פון דר. הערצל" פון מ. בערלינער; „13 יאָר מדינת־ישראל" פון מ. בערלינער; „דער אַרענדאַר" פון י. ל. פּרץ; „שולמית" פון א. גאָלדפאַדן.

## „טעס"

אַ גרופּע יונגע לערער און אַביטוריענטן פון סעמינאַר, אונטער דער לייטונג פון שמואל ראָזשאַנסקי האָבן אויפגעפירט:

אין יאָר 1958: „סערקעלע" פון ד"ר שלמה עטינגער.

אין יאָר 1959: „די גאָלדענע קייט" פון י. ל. פּרץ.

אין יאָר 1960: „צווישן פאַלנדיקע ווענט" פון שמערקע קאַטשערגינסקי.

אין יאָר 1962: „פאַמיליע צבי" פון דוד פּינסקי; „מוסר" פון י. ל. פּרץ; „די הייליקע" פון דוד פּינסקי.

## „יונג יידיש טעאַטער"

אַ גרופּע ביים קולטור־קאָנגרעס האָט אויפגעפירט אין 1957:

„מענטשן" פון שלום־עליכם, רעזשי יעקב דענקער; „מזל טוב" פון שלום־עליכם, רעזשי: יעקב דענקער.

## טעאַטער־פּרוּוון אויף העברעאיש

אויף דער איניציאַטיוו פון דעם עקשנותדיקן, אידעאַליסטישן העברעיִסט טוביה בן אפרים אַלייסקער און פון זיין טאָכטער בת־עמי (די משפּחה לעבט היינט אין ירושלים) האָט זיך אין יאָר 1946 געשאַפן אַ גרופּע ליבהאָבער פון העברעיִש טעאַטער, וועלכע האָבן במשך פון יאָרן אויפגעפירט אונטער דער רעזשי פון זלמן הירשפעלד אַ ריי ספּעקטאַקלען.

אין יאָר 1958 האָט דער ישראל־רעזשיסער משה הלוי צוזאַמענגעשטעלט אַ גרופּע און אויפגעפירט זיין אָריגינעלן ביבלישן ספּעקטאַקל, „יעקב ורחל" מיטן פּראָפעסיאָנעלן שוישפּילער זלמן הירשפעלד אין דער ראָל פון לבן הארמי.

שפּעטער האָט זיך די גרופּע רעאָרגאַניזירט אונטערן נאָמען „נחת (נוער חובב תיאטרון) און זלמן הירשפעלד האָט מיט זיי אויפגעפירט די אַקטועלע איינאַקטיקע קאָמעדיעס פון עם ישראלדיקן הומאָריסט אפרים קישון: „זיגי וחבובה", „יד לפה", „אתה האיש".

אויף דער רוב באַטייליקטע אין „נחת" זיינען למזל עולה געווען קיין ישראל.

עס האָט אויך עקזיסטירט אַ קורצע צייט אַ גרופּע „מסך", אָנגעפירט פון פּעדאַגאָג ברוך טענענבוים.

# טעטיקייטן פון אַרגענטינער ייִוואָ פאַר די לעצטע 6 יאָר

דעם קומענדיקן יאָר וועט דער אַרגענטינער ייִוואָ פייערן זיין 35סטן יובילייַ, וואָרום די גרופּע „פריינד פון ווילנער ייִוואָ", וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט זאַמלען געלט און דאָקומענטן פאַרן ייִוואָ אין ווילנע, און איז געווען דער יסוד פונעם היינטיקן „ייִוואָ", האָט זיך געשאַפן אין יאָר 1928 אין בוענאָס־איירעס.

היינט צו טאָג איז דער אַרגענטינער ייִוואָ אַ זעלבשטענדיקע קולטור־אינסטיטוציע מיט אַ ביבליאָטעק (די גרעסטע ייִדישע ביבליאָטעק אויפן דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט), געז' אַר־כיוו, מוזי, פאַרלאַג, לעקציע־אוידיטאָריעס, אויסשטעלונגען אאַז"וו.

מיר גיבן דאָ אין קורצע שטריכן די טעטיקייטן פון די באַזונדערע סעקציעס פון ייִוואָ פאַר די לעצטע 6 יאָר.

## ביבליאָטעק (צענטראַלע און ליי־ביבליאָטעק)

וועגן דעם שנעלן וווקס פון די ביידע ביבליאָטעקן זאָגן עדות די וויטערדיקע ציפערן: ביזן יאָר 1956 זיינען פאַררעגיסטרירט געוואָרן 33.700 איינסן אין דער צענטראַלער און 11.200 אין דער ליי־ביבליאָטעק. היינט צו טאָג פאַרמאָגט די צענטראַלע ביבליאָטעק אַריבער 40 טויזנט ביאָ־ביבליאָגראַפישע איינסן און ביי די 20.000 איינסן פאַרמאָגט די ליי־ביבליאָטעק. די צוגע־קומענע ביכער זיינען אַריין דורך קניות און מתנות. אַזוי זיינען אַריין די עזבונים פון די פאַר־שטאָרבענע משה לייוואַ, (אַריבער 4.000 איינסן), יוסף אַקסענצאָוו, מ. קיפּען, מ. רעגאַלסקי, יוסף העקמאַן און נאָך אַנדערע. די ביכער אין דער צענטראַלער ביבליאָטעק זיינען אין די וויטער־דיקע שפּראַכן: ייִדיש, העברעיִש, שפּאַניש, דייטש, פראַנצויזיש, ענגליש, רוסיש, פּויליש, פּאָר־טוגעזיש, רומעניש, לאַדינאָ, עספּעראַנטאָ און נאָך אַנדערע.

פאַר די לעצטע 6 יאָר איז די צאָל באַזוכער אין ביידע ביבליאָטעקן געווען 30'860 — זיי האָבן זיך באַנוצט מיט 104.578 ביכער.

## אַרכיוו

די 140 געביטן פון געזעלשאַפטלעכן אַרכיוו ביים ייִוואָ זיינען פאַר די לעצטע 6 יאָר באַ־דייטנדיק באַרייכערט געוואָרן מיט נייע דאָקומענטן און קאָלעקציעס פון פּריוואַטע אַרכיוון פון קאָלאָניסטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער, שרייבער, אַקטיאָרן אאַז"וו. פאַר די לעצטע יאָרן זיי־נען אַריין אין אַרכיוו וויכטיקע זאַמלונגען פון מ. קיפּען ע"ה, וועלכע אַנטהאַלטן זעלטענע דאָ־קומענטן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין רוסלאַנד; פון קאָלאָניסטישן עסקן שמואל יואל הורוויטש, פון י. אַקסענצאָוו און נאָך אַנדערע. פון ישראל באַקומט דער אַרכיוו סיסטעמאַ־טישע שיקונגען פון ייִוואָ־זאַמלער (פאַרשיידענע דרוק־זאַכן פון כלערליי ישראל־אינסטיטו־ציעס). בסך־הכל פאַרמאָגט דער אַרכיוו פון אַרגענטינער ייִוואָ העכער אַ מיליאָן און האַלב איינסן.

דער פּעריאָדיק־אַרכיוו איז קאַטאַלאָגירט און פאַרמאָגט 60.449 איינסן (4.035 אויסגאַבעס, צווישן זיי 179 ייִדישע און העברעיִשע און 1.856 פרעמד־שפּראַכיקע), וועלכע זיינען דערשינען אין 5 קאָנטינענטן (42 לענדער, 171 שטעט). די אויסגאַבעס זיינען פאַרצייכנט אין 78 קאַטאַלאָגן.

## מוזיי

דער מינקאָווסקי־מוזיי ביים ייוואָ פאַרמאָגט פאַרשיידענע קונסט־אָביעקטן פון יידישן שטייגער — יקר המציאותן, זעלטענע דרוקן, בריוו פון פערזענלעכקייטן און 59 מינקאָווסקי־בילדער. דער מוזיי פירט דורך יאָר־יערלעך פאַרשיידענע אויסשטעלונגען. פאַר די לעצטע 6 יאָר זיינען דורכגעפירט געוואָרן די וויטערדיקע אויסשטעלונגען: 1) פון יידיש־סאָוועטישע אויסגאַבעס



ביכער אויסשטעלונג אין „ייוואָ".

גאַבעס (באַגלייט פון אַ ציקל לעקציעס וועגן דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד), 2) גראַוויורן פון ישראל האָפמאַן, 3) געטאָ־ און לאַגערן־מאַטעריאַלן (צום 15טן יאָרצייט נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ), 4) 60 יאָר יידיש געדרוקט וואָרט אין אַרגענטינע, 5) שלום־עליכם־אויסשטעלונג (בשייכות מיט זיין 100־יעריקן געבוירנטאָג), 6) בילדער און גראַוויורן פון די היגע קינסטלער־מאָדערניסטן א. וויינשטיין און א. באַלאַן, 7) פון היגע פאַרשטאָרבענע קינסטלער (מ. אייטשעלבוים, לעאָ ב. אייכהאָרן, אידאַ ווייסמאַן, הערש זיידענבייטל, רפאל מאַנדעלצוויג, מאָריץ מינקאָווסקי, בנימין נעמיראָווסקי, משה פייגענבלום), 8) פון סקולפּטאָר ישראל האָפמאַן, 9) מאָריץ מינקאָווסקי צום 30סטן יאָרצייט נאָך זיין טראַגישן טויט, 10) חורבן־מאַטעריאַלן (בשייכות מיטן אייכמאַן־פּראָצעס), 11) גראַוויורן פון בערנאַרדאָ סמענער, 12) פון 14 ישראל־מאָלער, 13) גראַוויורן פון בערנאַרדאָ פעדערמאַן, (סינאַגאָגעס און שולן אין פּוילן און אַנדערע לענדער), 15) רעפּראָדוקציעס פון מאַרק שאַגאַל (צו זיין 75סטן געבוירנטאָג), 16) צייכענונגען פון שול־קינדער.

די אַלע אויסשטעלונגען זיינען געווען גוט באַזוכט און באַגלייט מיט צוגעפּאַסטע רעפע־

ראַטן. בעת דער לעצטער אויסשטעלונג פון די קינדער־צייכענונגען זיינען געווען געווידמעט ספּעציעלע אָוונטן די וויטערדיקע שולן: שלום־עליכם־שול, זלמן רייזען־שול, הרצליה־שול און שולע תל־אביב נומ׳ 3. עס האָבן זיך באַטייליקט אין די אָוונטן די לערער און די שילער.

## פאַרלאַג

פאַר די לעצטע 6 יאָר זיינען דערשינען ביים פאַרלאַג פון אַרגענטינער ייִוואָ די וויטערדיקע אויסגאַבעס:

1) אַרג׳ ייִוואָ־שריפטן נומ׳ 6 — אַ זאַמלונג אַרבעטן צו דער געשיכטע פון היגן ישוב (1956).

2) אַרג׳ ייִוואָ־שריפטן נומ׳ 7 — אַ זאַמלונג אַרבעטן צו דער געשיכטע פון היגן ישוב (1958).

3) אַברהם רעכטמאַן — ייִדישע עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר — זכרונות וועגן אַ עטנאָגראַפישער עקספּעדיציע אויף אוקראַיִנע אין די יאָרן 1912־1914 אָנגעפירט דורך ש. אַנסקי (1958).

4) מינקאָווסקי־אַלבאָם (צווייטע אויפלאַגע) — אַ קונסט אויסגאַבע מיט 37 רעפּראָדוקציעס פון וועלט־באַרימטן מאָלער — מיט אַ פאָרוואָרט פון ד״ר ל. זשיטניצקי (1958).

5) אַ שפּאַנישער זאַמלבוך וועגן ייִדישע טעמעס Estudios y Ensayos sobre los tópicos Judíos (1958).

6) מרדכי וו. בערנשטיין „נישט דערבערענטע שייטן״.

7) ד״ר יעקב שאַצקי־בוך — אַ זאַמלונג פון בריוו און עסייען און אַ פולע שאַצקי־ביבליאָגראַפיע (1958).

8) שלום־עליכם־אַלבאָם — 60 אויסגעקליבענע בילדער פון שלום־עליכמען, וואָס שפּיגלען אָפּ פאַרשיידענע עפּאָכעס פון זיין לעבן; אויך אילוסטראַציעס פון זיינע טעאַטער־פּיעסן און פּערסאָנאַזשן (1959).

9) אַרג׳ ייִוואָ־שריפטן נומ׳ 8 — געווידמעט דער ייִדישער אַגראַר־קאָאָפּעראַציע (1961).

10) סאָוועטישע הרוגי־מלכות פון אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ — אַ זאַמלונג פון עסייען וועגן די ייִדיש־סאָוועטישע אומגעקומענע שרייבער. אַ ריי בריוו פון די שרייבער אין פאַרשיידענע פּעריאָדן. אַנטהאַלט אַ גרויסע צאָל פאָטאָס און ביאָ־ביבליאָגראַפישן לעקסיקאָן פון די סאָוועטישע שרייבער (1962).

עס איז פאָראויסגעזען אַרויסצוגעבן: 9טער באַנד אַרג׳ ייִוואָ־שריפטן.

אַ שפּאַנישע איבערזעצונג פון פּראָפ׳ י. בעערס „תולדות היהודים בספרד הנוצרית״ — אַ נייסטע פאָרשונג וועגן דער שפּאַנישער אינקוויזיציע אויף דער באַזע פון אויטענטישע מאַטעריאַלן.

אַ בוך זכרונות פונעם ייִדישן קאָלאָניסטישן וועטעראַן יצחק קאַפּלאַן.

11) אַן אָפּהאַנדלונג וועגן רמב״ם (אין שפּאַניש) פון יוגנטלעכן אַגיניס.

## לעקציע־ציקל ביים ייִוואָ

די שבת־פאַרנאַכטיקע לעקציעס אין ייִוואָ ציִען צו אַ גרויסן עולם צוהערער. די טעמאַטיק פון די לעקציעס — צוגעפּאַסט צו פאַרשיידענע דאַטעס פון ייִדישן לעבן, זיינען געווידמעט דער ייִדישער ליטעראַטור, טעאַטער, דראַמע, וויסנשאַפט, פאָלקלאָר, דערציִונג, ישראל־פּראָבלעמען אאַז״וו. די וויטערדיקע לעקטאָרן זיינען אַרויסגעטראָטן פאַר די לעצטע 6 יאָר פאַר די ייִוואָ־אוידיטאָריע (לויטן א״ב): רחל אדיב, י. אַשענדאָרף ע״ה, י. איסאַקסאָן, אפרים אויער־

באַך, ישראל אַטיקער, י. ארטוסקי, י. באָטאָשאַנסקי, מ. בערנשטיין, איסר בן־צבי, דב בר־ניר, מאיר בורסוק, ד״ר מיכל גורן, י. ל. גרוזמאַן ע״ה, יואל גאַק, ב. געבינער, ד״ר לעאָן דוכאָווגע, זלמן הירשפעלד, ד״ר יעקב הר־אבן, ברוך הויכמאַן, מרדכי הערבסט, זלמן וואַסערצוג, שניאור וואַסערמאַן, אברהם זאַק, ד״ר ל. זשיטניצקי, א. זאפראן, י. זרובבל, י. ל. חדקל, מאַרק טורקאָוו, יצחק יאַנאַסאָוויטש, א. יורקעוויטש, פּראָפ׳ אַרטור לערמער, ריקל לעוו, י. ליפּסקי, פאַליק לער־נער, ד״ר משה מערקין, ד״ר מנחם געלערטער, ד״ר א. מבשן ע״ה, ד״ר רפאל מאהלער, ש. ניי־הויז, גרשון סאַפּאָזשניקאָוו, שמחה סנה, ד״ר מאיר עדעלביים, ד״ר בערל פרימער, חיים פינ־קעלשטיין, יצחק פּאָדלובנע, יוסף פערלמאַן, אברהם פעסקין, נחמיה צוקער, ד״ר יהודה קאַפּ־



ייוואָ־אויסשטעלונג געווידמעט חורבן און ווידערשטאַנד.

לאַן, מרדכי קויפמאַן, משה קנאַפּהייס, ט. קראַיען, פּראָפ׳ יחיאל קיעל, מ. קאָנסטאַנטינער ש. ראָזשאַנסקי. שלום ראָזענבערג, יוסף רויזען, יוסף שיין, פּראָפ׳ מ. שדמי, מ. שפּרינבערג, ד״ר מ. שטיינבערג, נ. שאַפּראַן, משה שענדעריי, אריה שמרי.

אין די ראַמען פון די לעקציע־ציקלען זיינען אויך פאָרגעקומען אַ ריי קאָנצערטן פון יידישן און העברעישן ליד. עס זיינען אַרויסגעטראָטן מיט זייערע רעפּערטואַרן: רבקה קליניצ־קי — לעאָן ווײנער, כואַניטאַ לעווין, ראַקעל ציפּריס, סימאַ קאַפּלאַן, אסתרל פליישמאַן, די פּיאַנאָ־קאָנצערטיסטין סוסאַנאַ זינגער, ברוך גראַבאָווסקי — נאָרמאַ לערער, דאָראַ ווינדלער, יעקב דענקער, יוסף מאַורער, זלמן הירשפעלד.

מיט ספּעציעלע קאָנצערטן זיינען אויפגעטראָטן: בערטאַ זינגערמאַן, יהודית מאָרעצקי, קוואַרטעט „כינור”, ברוך גראַבאָווסקי, רבקהקליניצקי. עס איז אויך פאָרגעקומען אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג לטובת דעם ייוואָ פון נאַציאָנאַלן יידישן פאָלקס־טעאַטער.

אין יאָר 1961 האָט זיך אין ייוואָ אָנגעהויבן דער קולטור־זמן מיט אַ קורס וועגן דוד פּינסקי

און זיין שאַפן, דיקטירט פון שמואל ראָזשאַנסקי. דער קורס האָט אַרומגענומען 10 לעקציעס, וועלכע זיינען געווען גוט באַזוכט פון שטודירנדיקער יוגנט, לערערס, אַבסאָלווענטן פון יידישע מיטלשולן אאַז״וו.

## טאָג פון יידישן ניגון

דער „טאָג פון יידישן ניגון״, וואָס דער ייוואָ אָרדנט איין יעדן סוף קולטור־זמן איז געוואָרן אַ טראַדיציע אין אונדזער ישוב. דער יום־טוב, וואָס איז אַ פעסטיוואַל פון יידישער און העברעישער נגינה, קומט פאָר אויף דער פרייער לופט, אין זומער־וווינונג פון קאַרלאָס פּאַבריקאַנט. די ווייטערדיקע זינגער, זינגערינס, אַרטיסטן האָבן די לעצטע יאָרן בייגעטראָגן פאַרן פּראָגראַם פון „טאָג פון יידישן ניגון״ (לויטן א״ב): אהרן גוטמאַן, זישע גאָלדוואַסער, יעקב דענקער, זלמן הירשפעלד, לעאָן ווײַנער, דאָראַ ווינדלער, פאַני זאָלזשינסקי, מאַקס זאַלקינד, יצחק ליפּסקי, כואַניטאַ לעווין, סאָפיאַ מאַר, זשעני פּאַסטערנאַק, מאַקס פורמאַנסקי, מאַרקאָס קאַץ, רבקה קליניצקי, אסתר ראַפּעל, דבורה רייזמאַן. דער לייטער פון כאָר ביי דער קהילה, בערנאַרדאָ פייער, זינגט איין מיטן עולם פאַרשיידענע יידישע און העברעישע לידער.

## „ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייוואָ״ פאַר „מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור״

די דאָזיקע געזעלשאַפט איז געגרינדעט געוואָרן דעם 23סטן סעפּטעמבער 1961, אויף דער איניציאַטיוו פון שמואל ראָזשאַנסקי, רעדאַקטאָר פון די „מוסטערווערק״. די געזעלשאַפט אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע אַרבעט, אָרדנט איין יעדן מאָנאַט אין ביבליאָטעק־זאַל פון ייוואָ אָוונטן געווידמעט דער יידישער ליטעראַטור, מיט דער באַטייליקונג פון יוגנטלעכע קרעפטן. די דאָזיקע געזעלשאַפט איז אַן אומאָפּהענגיקע און ווערט אָנגעפירט דורך שמואל ראָזשאַנסקי.

## פרויען־גרופּע ביים ייוואָ

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך געגרינדעט אַ פרויען־גרופּע ביים ייוואָ, וועלכע איז געווען זייער אַקטיוו ביים איינאָרדענען פאַרשיידענע אונטערנעמונגען לטובת דעם ייוואָ און ספּעציעל ביים „טאָג פון יידישן ניגון״.

# פאַרוואַלטונג פון ייוואָ פאַרן פּעריאָד 1962־1964

| | |
|---|---|
| פאָרזיצער — — — — — — — — — — — — | ד״ר ל. זשיטניצקי |
| 1טער וויצע־פאָרזיצער — — — — — — — | אברהם זאַק |
| 2טער וויצע־פאָרזיצער — — — — — — — | מאָטיע מייזליש |
| סעקרעטאַר — — — — — — — — — — — | אהרן יורקעוויטש |
| פראָ־סעקרעטאַר — — — — — — — — — | ש. מ. רעכעס |
| קאַסיר — — — — — — — — — — — — | א. פישמאַני |
| פראָ־קאַסיר — — — — — — — — — — | י. האָפּער |
| אַקטן־סעקרעטאַר — — — — — — — — | דוד גייסט |

מיטגלידער: דוד אייזענבערג, י. בלאַנק, שלום דיאַמענט, ב. עדעלשטיין, מ. פרישמאַן, ש. גדוד, יונה גאָלצבערג, ברוך איסמאַך, ש. קאַמפּעל, ב. קוויאַטעק, מ. קוויאַטעק, מ. מייערן־לאַזער, ז. אָרזשעך, י. פּעקער, וואָלף ווײַנבערג, י. סטאָלאָוויטש, חנן וואָלינסקי, ה. וואַסערמאַן, ב. צוקער.

נ. קריטשמאר

# דער שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג״

## ערשטע יאָרן

געגרינדעט אין יאָר 1922, אויף דער איניציאַטיווע פון הערש דוד נאָמבערג, בעת זיין באַזוך אין אַרגענטינע, איז דער פאַראיין צוערשט געווען אַן אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אויך איינגעשלאָסן די יידישע אַקטיאָרן, נאָר אַ צייט שפּעטער איז ער רעאָרגאַניזירט געוואָרן דעפיניטיוו אונטערן נאָמען „ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַראיין ה. ד. נאָמבערג״, אין צייכן פון אָנערקענונג פאַרן גרויסן יידישן שרייבער, וואָס האָט אינספּירירט זיין גרינדונג.

צו יענער צייט איז נאָך אונדזער ישוב געווען יונג. ווייניק שרייבער, דערהויפּט פּראָפעסיאָנעלע האָבן מיר דאָ געהאַט. דערפאַר איז דער עטישער מאָטיוו, געווען דאָס סאַמע וויכטיקסטע וואָס האָט פאַרבינדן צווישן זיך די קליינע שרייבער־משפחה, וואָס האָט געמאַכט אַ שווער לעבן פון אַלערליי אַרבעטן, אָבער נישט פון שרייבעריי. דער ישוב איז בכלל געווען אָרעם, די צייטונגען האָבן קוים געקענט געבן קאַרג צום לעבן דעם הייפעלע שרייבער, וואָס זייער פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזירטקייט, וואָלט סיי־ווי־סיי ווייניק־וואָס צוגעגעבן.

דאָס אָפּהיטן די עטישע פּרינציפּן פון שרייבעריי איז געווען, אין משך פון יאָרן, דער עיקר טעטיקייט פון די פאַרשידענע פאַרוואַלטונגען.

ס׳איז אויך אָנגעפירט געוואָרן אַ קולטור־אַרבעט און נישט געקוקט אויף די אָנגעוויזענע שוועריקייטן, האָבן די שרייבער דאָך זיך נישט אונטערגעגעבן און אָנגעפירט אַן עקשנותדיקע אַרבעט, אַפילו אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלער פאַרטיידיקונג.

## דער שרייבער־פאַראיין ווערט רעאָרגאַניזירט

אין משך פון קנאַפּע 30 יאָר האָבן זיך געביטן פאַרוואַלטונגען וואָס האָבן געהערט צו איינער אָדער אַ צווייטער גרופּע, לויט איר אָנגעהעריקייט צו די צוויי יידישע צייטונגען. קיין שלום האָט נישט געהערשט. די אַרבעט איז דעריבער געווען אַ באַשרענקטע.

די לעצטע 12־13 יאָר האָט זיך די לאַגע פיל געבעסערט. די פאַרוואַלטונג וואָס איז געוויילט געוואָרן אין יאָר 1951 איז מיט קליינע שינויים איבערגעוויילט געוואָרן אין משך פון דער גאַנצער צייט.

די געוויילטע פאַרוואַלטונג אין יאָר 1951 מיט יעקב באָטאָשאַנסקי אַלס פאָרזיצער, האָט אַקטיוויזירט די קולטור־אַרבעט פון פאַראיין. די ליטעראַרישע אָוונטן וואָס מיר האָבן גלייך אָנגעהויבן דורכפירן, די קולטור־אַקטן, די מסיבות צום דערשיינען פון נייע ביכער פון קאָלעגן, האָבן גענומען ציען אַ גרויסן עולם. גאָר גיך איז צושטאַנד געקומען די פאַרבינדונג מיט דער גרויסער יידישער וועלט. די איניציאַטיוו אַראָפּצוברענגען אַן אָנגעזעענעם יידישן שרייבער איז קאָנקרעטיזירט געוואָרן. דער אויסוואַל איז געפאַלן אויפן באַרימטן שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו ע״ה.

אָפּאַטאָשוס זיין אין אַרגענטינע האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיטן אָנקומען פון די שרייבער־פליטים, וואָס צו זייער קומען צו אונדז האָט דער פאַראיין מיטגעהאָלפן. דער אויפלעב אין אונדזער ליטעראַרישער סביבה איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער. דער גרויסער שרייבער

האָט עפנטלעך דערקלערט אַז „ער האָט זיך דערוואַרעמט אין דער ייִדישער סביבה פון אַר־גענטינע, אַז דאָס דערמאָנט אים אין דער אַלטער היים".

דער קולטור־סעזאָן פון 1952, מיט אָפּאַטאַשון ווי דער שרייבער־גאַסט פון ישוב, האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם און שטאַרק געהויבן דעם פּרעסטיזש פון פאַראיין. אין אַ יאָר אַרום, אין 1953, איז געלונגען אַראָפּצוברענגען פון ישראל דעם באַרימטן דיכטער פון דער גרופּע יונג־ווילנע, דעם מייסטער פון ייִדישן ליד, אברהם סוצקעווער.

אויב אָפּאַטאָשוס זיין דאָ איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג און האָט פאַרשאַפט כבוד דעם שרייבער־פאַראיין, איז סוצקעווערס קומען און זיינע ערשטע רעפעראַטן, פאַרוואַנדלט געוואָרן ממש אין אַ סענסאַציע. סיי דער ברייטער עולם, סיי די פיינשמעקער, זענען אַלע געווען באַ־גייסטערט פון די הויך־פּאָעטישע רעדעס פון יונגן דיכטער און פון זיינע מייסטערהאַפטע קינסט־לערישע שילדערונגען פון דער חורבן־עפּאָכע וואָס ער האָט דורכגעמאַכט.

בעת סוצקעווער איז געווען אונדזער גאַסט, איז ער אַלט געוואָרן 40 יאָר. און אָט די דאַטע איז געפייערט געוואָרן דורך דעם שרייבער־פאַראיין. און ס׳איז דעם פּאָעט פון די געטאָ־לידער צוגעטראָגן געוואָרן אַ מתנה די לוקסוס־אויסגאַבע פון אַן אָפּקלייב פון זיינע ווערק, וואָס דער דיכטער האָט באַטיטלט: „פון דריי וועלטן".

דער ישוב האָט, ווי געזאָגט, די שרייבער־געסט אַרומגערינגלט מיט וואַרעמקייט, ליב־שאַפט, אָנערקענונג און פּיעטעט; מען האָט מאַסנווייז געשטראָמט צו זייערע לעקציעס. דער פאַראיין האָט צו זיי חלילה נישט דערלייגט, נאָר, פאַרקערט, ער האָט נאָך ברייטער געקענט פאַנאַנדערוויקלען זיין קולטור־אַרבעט.

עס האָט אויסגעזען ווי דער שרייבער־פאַראיין וואָלט זיך אונטערגענומען צו באַזאָרגן דעם ישוב מיט אויסלענדישע געסט און גלייכצייטיק אויסברייטערן דעם קרייז אָפּנעמער פון ייִדישער ליטעראַטור. ס׳איז אָבער אונטערגעקומען אַ זייער לויבנסווערטע איניציאַטיווע פון קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער בוענאָס־איירעסער קהילה צו איר ביכער־חודש, אַראָפּצו־ברענגען גרויסע ייִדישע שריפטשטעלער און לעקטאָרן, געבנדיק דעם עולם אַ מעגלעכקייט צו הערן אומבאַצאָלט די בעסטע רעפעראַטן.

פאַרשטייט זיך אַז דער שרייבער־פאַראיין האָט נישט געקענט און אויך נישט געוואָלט, קאָנקורירן מיט דער קהילה, אין אָט דער, מיט גרויסע הוצאות פאַרבונדענער, קולטור־אַרבעט.

פון דעסטוועגן איז נאָך אויסגעקומען מיטצווווירקן, ביים פאַרבעטן שרייבער־געסט פון אויסלאַנד, צום קומען פון יצחק באַשעוויס און אפרים אויערבאַך, וואָס זיינען געווען די חשובע געסט פון שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג".

אויך אַלע אַנדערע אָנגעזעענע פאָרשטייער פון דער ייִדישער ליטעראַטור און וויסנ־שאַפט וואָס האָבן אין דעם לעצטן יאָרצענדליק באַזוכט אַרגענטינע, ווי ד״ר שאַצקי, חיים גראַדע, מרדכי שטריגלער, ד״ר ביקל, יהודה עלבערג און אַנדערע, זיינען געווען די חשובע געסט פון שרייבער־פאַראיין און מ׳האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס כבוד און חברישקייט.

## פאַר דער חשיבות פון ייִדיש־לשון

בלעטערנדיק די אַקטן־ביכער פון פאַראיין, געפינען מיר פאַרפּראָטאָקאָלירט אויף צענדלי־קער און צענדליקער זייטן, דעם כסדרדיקן קאַמף וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פאַר ייִדיש, און די אויפריכטיקע זאָרג וואָס איז אַרויסגעוויזן געוואָרן יעדער פּאָזיטיווער דערשיינונג לטובת ייִדיש און דער שעפערישקייט אין אונדזער מאַמע־לשון.

צוזאַמען מיט אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס האָט דער פאַראיין זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון אַ „ליגע פאַר דער חשיבות פון דער ייִדישער שפּראַך", פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אַ פּרווו איינצופירן „העכערע ייִדיש־קורסן" און אין דער רעאַליזירונג פון גרויסע עפנט־לעכע אַקטן, ווי די פייערונג פון אַ האַלבן יאָרהונדערט טשערנאָוויצער שפּראַכן־קאָנפערענץ,

שלום עליכם־אָוונט, צו זיין הונדערטסטן געבוירנטאָג, אַ פּרץ־דערמאָנונג, מענדעלע־אַקט און אַ סך אַנדערע דערמאָנונגען פון גרויס יידישע בעלעטריסטן און דענקער.

וואָס ס'איז שייך די אַרגענטינער יידישע שרייבער, האָט דער פֿאַראיין איינגעפירט ווי אַ נאָרמע צו דערמוטיקן יעדן שעפערישן מענטשן, נישט־מאַכנדיק קיין שטרענגע סעלעקציע פון קוואַליטעט. כדי צו סטימולירן די קאָלעגן, ווערט געפייערט די דערשיינונג פון יעדן נייעם בוך און דעם שרייבער ווערט צוגעטיילט די געהעריקע אָנערקענונג. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס זיינען נישט קיין אָוונטן פון קריטיק, אין אָנגענומענעם זין פון וואָרט, אָבער דאָך קומט ממילא אַרויס אַן אונטערשייד צווישן דעם אָפּשאַץ פון איין ווערק און אַ צווייטן, אָבער בכלל איז דער איינגעשטעלטער פּרינציפּ אויסן צו דערמוטיקן שעפערישקייט, אין דער זיכערקייט אַז די ווערטפולע ביכער וועלן קומען, דעמאָלט ווען די שעפערישע קאָלעגן וועלן סטימולירט ווערן.

## יובל־פייערונגען פון היגע שרייבער

אַ גאַר באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט איז געשאָנקען געוואָרן וויכטיקע דאַטעס אינעם לעבן פון אַרגענטינער יידישע שרייבער און אויסגאַבעס.

אַזוי איז געהעריק געפייערט געוואָרן דער 25־יאָריקער יובליי פונעם ליטעראַרישן זשורנאַל „דער שפיגל", אונטער דער רעדאַקציע פון י. ל. גרוזמאַן. 20 יאָר „אַרגענטינער ביימער", דער קינדער־זשורנאַל אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט פון זעליק מאַזור. 10 יאָר „דוואָ", דער וואָגיקער ליטעראַריש־פילאָסאָפישער זשורנאַל, אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט פון שלמה סוסקאָוויטש. 7 יאָר „אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער", אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט פון משה קנאַפּהייס. פֿאַר דעם דיכטער שמואל צעסלער, צו זיין יונג ווערן 50 יאָר. מיט דעם זעלביקן מאָטיוו — אַן אָוונט פֿאַרן שרייבער פּאַליק לערנער.

ס'איז סוף 1955 געפייערט געוואָרן דאָס 60סטע געבוירן־יאָר פון פֿאַרזיצער, יעקב באָטאָשאַנסקי, דורך אַן אויסגעברייטערטן געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט. אויך צום פֿאַרענדיקן זיין קאַדענץ, נאָך ניין יאָר זיין דער פּרעזידענט פון פֿאַראיין, איז דורכגעפירט געוואָרן לכבוד אים אַ געזעגענונג־באַנקעט, ווו חברים האָבן אָפּגעצייכנט זיינע וויכטיקע אויפטוען פֿאַרן פֿאַראיין און פֿאַרן ישוב, אין משך פון לאַנגן אַרבעט־פּעריאָד.

עס וואָלט פֿאַרנומען צופיל פּלאַץ אויסצורעכענען אַלע פייערונגען וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אין פֿאַרלויף פון לעצטן יאָרצענדליק, אַלץ מיטן צוועק צו באַקענען דעם ברייטן עולם און טאַקע אויך די חברים שרייבער, מיט די שאַפונגען פון אונדזערע פּען־מענטשן און גלייכצייטיק סטימולירן די שעפערישע קאָלעגן.

## קלוב טלאָמאַצקע 13

מיטן אַראָפּברענגען אַהער די שרייבער־פּליטים, וואָס זענען מערסטנס געווען מיטגלידער פון „טלאָמאַצקע 13" אין אַמאָליקע וואַרשע, איז אויפגעקומען די איניציאַטיוו כאָטש סימבאָליש דאָ אויפצולעבן די פֿאַרשוווּנדענע סביבה און פֿאַראייביקן דעם נאָמען פון באַרימטן ליטעראַרישן קלוב.

אַוודאי האָט דער דאָזיקער קלוב, אויף אַרגענטינער באָדן, קיינמאָל נישט פּרעטענדירט צו פֿאַרטרעטן די וואַרשעווער אינסטיטוציע וואָס האָט זיך קונה־שם געווען איבער דער גאַרער יידישער וועלט. דער פֿאַרבאַנד פון רעזידענטן פון אַמאָליקן וואַרשע און פּראַגע, איז אַ שותף צו „טלאָמאַקע 13" און גיט די אַזוי נייטיקע „פּעריפּעריע", באַלעבט פון דער נאָסטאַלגיע וואָס די דערינערונג פון יענעם קלוב רופט ביי זיי אַרויס.

זיינען אַ סך פון די פריער־דערמאָנטע באַערונג־אָוונטן און ליטעראַרישע מסיבות פֿאַרגעקומען אין קלוב טלאָמאַצקע 13, וואָס האָט אין קולטור־סעזאָן דורכגעפירט יעדן צווייטן פריי־

טיק אַן עונג־שבת. אָונטן וואָס זענען כמעט שטענדיק שטאַרק באַזוכט געוואָרן. די פרויען־קאָמיסיע ביים פאַרבאַנד האָט באַזאָרגט מיט דעם געהעריקן כיבוד און פאַרוואַנדלט די צו־זאַמענקונפטן אין אָנגענעמע פאַמיליאַרע מסיבות.

די דאָזיקע קולטור־טעטיקייט ווערט פאַרגעזעצט.

## טרויער־אַקאַדעמיעס און אזכרה־אַקטן

די פאַרלוסטן וואָס אונדזער ליטעראַטור ליידט די לעצטע יאָרן, — ליידער שוין צו אָפט — ווערן דערמאָנט פון שרייבער־פאַראיין און די ווערק פון די פאַרשטאָרבענע שרייבער ווערן אַרויסגעהויבן ווי די דאָזיקע גייסטיקע שעפער אונדזערע האָבן עס פאַרדינט.

חוץ דער גרויסער צאָל אויסלענדישע יידישע שרייבער, וואָס פאַר זיי אַלע זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן טרויער־אַקאַדעמיעס, זיינען דורכגעפירט געוואָרן פאַר אונדזערע היימישע פאַרשטאָרבענע שרייבער אזכרה־אַקטן און דערמאָנונגס־מסיבות.

דער טראַגיש־אומגעקומענער דיכטער־פאַרטיזאַן, שמערקע קאַטשערגינסקי, דער טאַלאַנטירטער דיכטער, דערציילער און דראַמאַטורג, ישראל אַשענדאָרף, דער זשורנאַליסט בצלאל טערקעל און דער טאַלאַנטירטער אַרגענטינער יידישער שרייבער בערל גרינבערג, וואָס האָט אַליין אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן — זיינען דערמאָנט געוואָרן אויף איינדרוקפולע טרויער־אַקאַדעמיעס, ווו יעדער פון זיי איז אָפּגעשאַצט געוואָרן לויט זיין פאַרנעם און באַדייט פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

אויך די אַנדערע פאַר דער צייט אַוועקגעגאַנגענע קאָלעגן, ווי: א. ל. שוסהיים, מ. רעגאַלסקי, פיניע כ״ץ, יוסף אַקסענצאַוו, יעקב סיגאַל, משה גראַניטשטיין, מנשה קאָנסטאַנטינאָווסקי, אברהם טקאַטש, אפרים גאָלדבערג, אברהם אייזנבערג, אליהו שמערקאָוויטש, זענען פון פאַראיין אין דער געהעריקער צייט דערמאָנט געוואָרן.

אויף אַזאַ אופן האָט די פאַרוואַלטונג דערפילט איר ערנחוב צו דערמאָנען די פאַרשטאָרבענע קאָלעגן, און אַרויסהייבן פון פאַרגעסן־ווערן די ווערק וואָס זיי האָבן געשאַפן.

## פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט און רעפּרעזענטאַנץ

זינט די ערשטע יאָרן פון זיין גרינדונג, האָט דער שרייבער־פאַראיין געהאַט פאַר זיין ציל די פאַרטיידיקונג פון די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער. די ספּעציעלע סיטואַציע — צוויי סטאַבילע טעגלעכע צייטונגען, וואָס איינע פון זיי האָט געהאַט כמעט אַלע אירע מיטאַרבעטער ווי באַלעבאַטים, די דאַן שאַרפע אידעאָלאָגישע אונטערשיידן, — דאָס אַלץ האָט געווירקט, ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, אַז די סינדיקאַלע אַקציע זאָל נישט קענען געהעריק אָרגאַניזירט ווערן. אָבער דער ווילן האָט קיינמאָל נישט געפעלט. אומצייליקע מאָל האָט מען ווידער און אָבעראַמאָל געמאַכט פאַרזוכן די פּראָפעסיאָנעלע סעקציע צו אָרגאַניזירן און געווען יאָרן ווען די דאָזיקע סעקציע האָט רעגולער אָנגעפירט איר אַרבעט מיט באַשרענקטע כוחות און אין דער באַגרענעצטער סביבה. גלייכצייטיק האָט עקזיסטירט אַ חברים־געריכט צו פאַרגלייכן סיכסוכים פון שרייבערישער עטיק.

דאָרט ווו דער פאַראיין האָט זיך נאָר געקענט אימפּאָנירן האָט ער אַפילו באַוויזן צו לייזן געוויסע קאָנפליקטן און איבערהויפּט האַלטן וואַך אין ענינים פון פּראָפעסיאָנעלער מאָראַל.

וואָס שייך די ריין־סינדיקאַלע ענינים פון די יידישע שרייבער וואָס אַרבעטן אין די צייטונגען, געפינען זיי זיך אָנגעשלאָסן אין די אַלגעמיינע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זואָכן אויף דער אָפּהיטונג פון די אַרבעט־געזעצן לויטן סטאַטוט פון זשורנאַליסט. אָבער עס זענען פאַראַן אויסגאַבעס וואָס באַשעפטיקן שרייבער און עס איז נישט פאַראַן קיין איינגע־שטעלטער האָנאָראַר פאַר זייער גייסטיקער אַרבעט. גלייכצייטיק זיינען אויפגעקומען פאַרלאַגן פון גרויסן פאַרנעם וואָס פאַרשאַפן כבוד אונדזער ישוב, אָבער זיי באַשעפטיקן אויך אַ היפּשע

צאָל שרייבער ווי רעדאַקטאָרן און קאָרעקטאָרס, ווו עס איז געווען דרינגנדיק־נייטיק איינצו־שטעלן מינימום־טאַריפן.

האָט דער פאַראיין זיך פאַרנומען מיט אָט דער דאָזיקער וויכטיקער אַרבעט און צוזאַ־מענגעשטעלט, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, טאַבעלעס פאַר די פאַרשיידענע האָנאָראַרן, לויט אַ גרינטלעכער שטודיע פון די אַרבעטן און די הערשנדיקע לוין־טאַריפן וואָס די אַלגעמיינע סינדיקאַטן האָבן איינגעשטעלט. די פאַרלאַגן און אַרויסגעבער האָבן באַקומען צוגעשיקט די דאָזיקע טאַריפן־ליסטעס און די מערסטע פון זיי האָבן געהעכערט די האָנאָראַרן אין הסכם מיט די פאָדערונגען פון פאַראיין.

די ראָל פון פאַראיין ווי די רעפּרעזענטאַנץ פון יידישן פּען־מענטשן אין אַרגענטינע, איז אין לעצטן יאָרצענדליק, זייער אַ סך געשטיגן. אומצייליקע מאָל איז עס געקומען צום אויס־דרוק דורך אָפּרופן פון אויסלאַנד, און קלאָגן אונדזערע וואָס האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו זען זיך מיט יידישע שרייבער אין די וויטסטע לענדער, באַשטעטיקן אַז דער שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג״, איז ברייט באַקאַנט איבער דער גאָרער וועלט.

## דער 40סטער יובליי־יאָר פון פאַראיין און דער זאַמלבוך

אויף דער מיטגלידער־פאַרזאַמלונג פון 1960 איז דערוויילט געוואָרן פאַר פּרעזידענט דער וועטעראַן פון די אַרגענטינער יידישע זשורנאַליסטן, געוועזענער רעדאַקטאָר פון „די איי־דישע צייטונג״, יוסף מענדעלסאָן, וועלכער האָט איבערגענומען די פּרעזידענטשאַפט פון יעקב באַטאַשאַנסקי, וואָס האָט זי אָנגעהאַלטן 9 יאָר נאָכאַנאַנד.

די פאַרוואַלטונג איז מיט גאָר קליינע אויסנאַמען פאַרבליבן די זעלביקע, אַזוי אַז די אַרבעט איז ווייטער אָנגעגאַנגען אויפן אָנגעצייכנטן וועג.

אויף דעם באַנקעט לכבוד דעם אָוועקגייענדיקן פּאַרזיצער יעקב באַטאַשאַנסקי, ווו עס איז געווען פאַרטראָטן די יידישע געזעלשאַפט פון בוענאָס־איירעס, דורך אירע סאַמע וויכטיקסטע פאַרטרעטער פון אינסטיטוציעס, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער פּאַנד אויף אַרויסצוגעבן דעם זאַמלבוך, וואָס זאָל דערשיינען צום 40סטן אַניווערסאַר פון שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג״.

וועגן אָט דער וויכטיקער איניציאַטיווע איז כדאי צו ציטירן פון פּראָטאָקאָל־בוך פאָל־גנדיקע שטעל:

דעם 21סטן אָקטאָבער 1959, שלאָגט פאָר דער פאָרזיצער, יעקב באַטאַשאַנסקי, און זיין פאָרשלאָג ווערט אָנגענומען, אַז אין 1960 זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אַ יאָר־בוך „אַרגענטינער שריפטן״. דער אינהאַלט זאָל זיין מער־ווייניקער אָט־דער: שיינע ליטעראַטור: ליד, נאָוועלע, עסיי; יידישע קולטור־טעטיקייט אין אַרגענטינע; שאַפונגען פון יונגע שרייבער און שול־אַר־בעטן; יידיש־שפּאַנישע ליטעראַטור; ביבליאָגראַפיע פון יידישע און יידיש־שפּאַנישע ווערק; יידיש־שפּאַנישע ליטעראַטור; קאָלאָניסטישע מאָטיוון; יידן אין דער אַרגענטינער ליטעראַטור; איבערזעצונגען; אָוועקגעגאַנגענע שרייבער און שפּאַנישער טייל.

רעאַליזירן דעם פּלאַן פון זאַמלבוך איז געווען זייער שווער. יאָרנלאַנג האָט דער פאַראיין זיך באַשעפטיקט מיט פּראָיעקטן אַרויסצוגעבן אַן אויסגאַבע, אַ זשורנאַל, צי טאַקע אַ יאָרבוך, ווו עס זאָלן קומען צום אויסדרוק די שאַפונגען פון די שרייבער־מיטגלידער, און אַלע מאָל זענען געווען די, צי אַנדערע סיבות, וואָס האָבן געשטערט דעם פּלאַן דורכצופירן. איז שוין דעריבער געוואָרן אַן אַמביציע איינמאָל פאַר אַלעמאָל דורכצוברעכן די שוועריקייטן וואָס שטייען אין וועג.

ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע פון: אברהם זאַק, יוסף מענדעלסאָן און נחמיה צוקער, ס׳איז גלייכצייטיק געשאַפן געוואָרן אַ פינאַנץ און אַדמיניסטראַציע־קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון די חברים: משה שפּרינגבערג, וואָלף ברעסלער, משה טאַבאַקשניידער, נחום קריטשמאַר, מאַרקוס פאַרישעווסקי און נחמיה צוקער.

דאָס יאָר 1960 איז געווען הויפּטזעכלעך געווידמעט דער אַרבעט פאַרן זאַמלבוך. די רע־דאַקציע־קאָמיסיע האָט צונויפגעזאַמלט און סעלעקציאָנירט די מאַטעריאַלן. די פינאַנץ־קאָ־מיסיע, ווידער, האָט זיך אינטענסיוו אָפּגעגעבן מיטן קריגן פאָנדן פאַר דער אויסגאַבע.

דאָס אַרויסגעבן דעם זאַמלבוך איז אויסגעפאַלן אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון שרייבער אברהם זאַק, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פונעם חורבן־אייראָפּע.

## די יובילעי־פייערונג

אין זאַל פון דער קהילה פון בוענאָס־איירעס, איז דעם 6טן אויגוסט 1961, געפּראַוועט געוואָרן דער יום־טוב פון 40 יאָר שרייבער־פאַראיין ה. ד. נאָמבערג. דער פּרעזידענט, אברהם זאַק, דער וויצע־פאָרזיצער יוסף מענדעלסאָן, האָבן אין קורצע רעדעס דערציילט וועגן דעם בייטראָג פון יידישן שרייבער צום אויפבוי פון ישוב.

עס האָט באַגריסט דער פּעדאַגאָג חיים פינקלשטיין, וואָס האָט אַרויסגעהויבן די באַדייטונג פון דעם שרייבערס שעפערישער מי פאַר דער דערציִונג פון יונגן דור.

אָנגעפירט מיטן אָוונט האָט דער סעקרעטאַר, נחמיה צוקער.

אין קינסטלערישן פּראָגראַם איז אויפגעטראָטן דער כאָר פון דער קהילה אונטער דער אָנפירונג פון בערנאַרד פייער און עס זיינען נאָכדעם אויסגעפירט געוואָרן פּאַסיקע קונסט־נומערן פון די באַטייליקטע: זלמן הירשפעלד, אסתר ראַפּעל, יעקב דענקער, דאָראַ ווינדלער, אסתרל פליישמאַן, לעאָן וויינער און רבקה קליניצקי.

יעקב באַטאַשאַנסקי, וואָס האָט זיך צוליב דרינגנדיקע ענינים געפונען אין טשילע, האָט צוגעשיקט אַ וואַרעמען אָנשלוס־בריוו צום יובילעי־יום־טוב.

דער פּרעזענטירטער זאַמלבוך האָט געמאַכט אַ גוטן רושם.

## די פאַרוואַלטונג און אירע ווייטערדיקע אַרבעט־פּלענער

די איצטיקע פאַרוואַלטונג, בעת מיר שרייבן דעם דאָזיקן באַריכט, איז פון פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל:

פּרעזידענט — יעקב באַטאַשאַנסקי; ערשטער וויצע — יוסף מענדעלסאָן; צווייטער וויצע — שמחה סנה; סעקרעטאַר — נחמיה צוקער; פּראָ־סעקרעטאַרן — נחום קריטשמאַר און משה שפּרינבערג; קאַסיר — משה טאַבאַקשניידער; פּראָ־קאַסיר — יעקב פּאַלאַטיצקי. וואָקאַלן: אברהם מאָשקאָוויטש, שמואל צעסלער און צבי בראָנשטיין. רעכנונג־איבערזעער: ברוך הויכמאַן און זלמן הירשפעלד. חברים־געריכט: אברהם זאַק, חיים בראַקאַזש און מענדל מייערן־לאַזער.

די מיטגלידער־פאַרזאַמלונג, וואָס האָט מיט פולער איינשטימיקייט, דעם 19טן אויגוסט 1962, אויסגעקליבן די דאָזיקע לייטונג מיט יעקב באַטאַשאַנסקי בראש, האָט דורך אַקלאַמאַ־ציע באַשטימט פאַר ערן־מיטגליד דעם געוועזענעם וויצע־פאָרזיצער, אין פריִערדיקע פּעריאָדן, קאָלעגע ד"ר משה מערקין.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט שוין דורכגעפירט אַ רייע קולטור־מסיבות און גרייט זיך פאַר־צוזעצן, ווי ביז אַהער, די ווייטערדיקע אַרבעט. אויפן ערשטן פּלאַן: אַרויסגעבן דאָס זאַמלבוך נומער צוויי און זען דערוואַרבן פאַרן פאַראיין אַן אייגענע דירה.

די אַמאָליקע צעשפּליטערטקייט פון דער יידישער שרייבער־משפּחה אין אַרגענטינע גע־הערט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. לאָמיר האָפן, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט וועט די שרייבער־משפּחה דאָ אין לאַנד, דערגרייכן נאָך גרעסערע דערפאָלגן ווי ביז אַהער.

זאָל דאָ באַטאָנט ווערן אַז די יידישע פינאַנץ־אינסטיטוציעס האָבן געשטיצט דאָס אַרויס־געבן דעם זאַמלבוך און אַז אויך פּריוואַט האָבן געזעלשאַפטלעכע טוער און פריינד פון יידישן שרייבער געגעבן אַ ווירדיקן בייטראָג.

די קהילה גיט דעם פאַראיין אַ חודשלעכע סובסידיע און באַשטייערט זיך אַ חוץ ביי יעדער געלעגנהייט.

ב. פּיק

# דער אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס

דער קולטור־קאָנגרעס איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1948, ווי אַן אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק. אין משך פון די קרוב 15 יאָר פון זיין עקזיסטענץ האָט ער באַוויזן צו רעאַליזירן אַ סך פון די אויפגאַבן צוליב וועלכע ער איז גערופן געוואָרן צום לעבן. מיר זאָגן „אַ סך", אָבער ווייט נישט אַלע, ווייל אין גאַנג פון זיין עקזיסטענץ האָבן זיך אַ ריי פאַרהעלטענישן און באַדינגונגען אין יידישן לעבן געביטן און במילא זיינען אַ טייל פון זיינע אָנגעצייכנטע צילן און פּלענער געוואָרן דעאַקטואַליזירט און אַנדערע ווידער, זיינען געוואָרן צו גרויס און צו שווער, אַז אַן אָרגאַניזאַציע, איין אָרגאַניזאַציע, זאָל זיי קענען רעאַליזירן.

ווי די צענטראַלע אין ניו־יאָרק, האָט אויך דער היגער קולטור־קאָנגרעס בשלימות דערפילט זיין אויפגאַבע אויפן געביט פון צעברעכן דעם מאָנאָפּאָל וואָס די יידישע קאָמוניסטן האָבן לאַנגע יאָרן אָנגעהאַלטן אויפן געביט פון יידישער קולטור־אַרבעט צווישן די יידישע מאַסן. ווער עס דערמאָנט זיך ווי אַזוי די לאַגע האָט אויסגעזען מיט 15 יאָר צוריק איידער דער קולטור־קאָנגרעס האָט אָנגעהויבן ווירקן, דער קען ריכטיק אָפּשאַצן דעם ווערט פון דעם דאָזיקן אויפטו און דער דאָזיקער דערגרייכונג.

בנוגע דעם, אַז דער קולטור־קאָנגרעס זאָל ווערן די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פאַר יידישער קולטור־אַרבעט אין דעם יידישן אַרגענטינע, האָט זיך די דאָזיקע אויפגאַבע נאָר טיילוויז איינגעגעבן. פאַקטיש טרעפן זיך ביים טיש און ביי דער אַרבעט פון קולטור־קאָנגרעס די וויכטיקסטע אידעיש־געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען וואָס ווירקן אין היגן לעבן. אָבער צוליב כמה סיבות זיינען אַ ריי יידישע קולטור־פאַקטאָרן געבליבן מחוץ דעם קולטור־קאָנגרעס, לכתחילה מחמת זייער אומדעצידירטקייט אין באַצוג צום יעוווסעקישן לאַגער און שפּעטער מחמת אַ באַשטימטער אינערציע און אַנדערע חשבונות. סיי ווי האָט אָט דער פאַקט צוגענומען ביי דער אָרגאַניזאַציע אַ גרויסן טייל פון איר מעגלעכקייט זיך צו אַנטוויקלען אין דער געהעריקער ריכטונג.

לכתחילה האָט דער קולטור־קאָנגרעס געפּרוווט זיינע כוחות אויף פאַרשידענע שטחים און זיך צעוואָרפן אויף פאַרשידענע טעטיקייטס־געביטן. אין גאַנג פון די יאָרן איז אויסגעקלאָרט געוואָרן זיין אייגנטלעכע באַשטימונג און זיינע וועזנטלעכע אויפגאַבן. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל נישט צו דובלירן קיין אַרבעטן אויפן קולטור־געביט וואָס ווערן שוין פון עמעצן געטאָן און דאַקעגן צו טאָן נאָר דאָס וואָס קיין שום אַנדערע קולטור־אָרגאַניזאַציע אָדער קולטור־קערפּערשאַפט טוט נישט. אין דער ריכטונג איז געפירט געוואָרן די פאַרלעגערישע טעטיקייט, די טעטיקייט אויפן געביט פון ליטעראַטור־פּרעמיעס, שילער־קאָנקורסן, אונטערנעמונגען און דאָס גלייכן.

עס איז דערהויפּט כאַראַקטעריסטיש פאַרן קולטור־קאָנגרעס וואָס ער נעמט זיך נישט צו קיין גרינגע אויפגאַבן, וואָס שאַפן אַ גרויסן פּירסום. זיין טעטיקייט ווערט געפירט אין דער גרעסטער באַשיידנקייט און אין שטילקייט, דערביי ווערט אָנגעהאַלטן דער דאָזיקער קולטור־ניוואָ וואָס מוז זיין אַן אומפאַרמיידלעכע באַגלייט־דערשיינונג פון אמתער קולטור־שעפערישקייט. אין די ביידע מאָמענטן — באַשיידנקייט און אָפּהיטונג פון הויכן קולטור־ניוואָ — דאַרף מען זוכן דעם שליסל צו דעם מאַנגל פון גאַסיקער פּאָפּולאַריטעט פון דער אָרגאַניזאַציע.

אַ חוץ די אַרבעטן אויף די געביטן וואָס וועלן שפּעטער דערמאָנט ווערן, איז דער קולטור־קאָנגרעס כסדר און כסדר דער סטימולירער פון אַ ריי בשותפותדיקע קולטור־אַקציעס, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרן מיט דעם ייִוואָ, שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג״, אַקטיאָרן־פאַראיין און אַנדערע. נאָר אייניקע פון די אַקציעס וועלן דאָ דערמאָנט ווערן, אָבער אויף דער וויכטיקסטער פון זיי איז כדאי זיך אָפּצושטעלן באַזונדער. דאָס איז די אַקציע צו שאַפן העכערע ייִדיש־קורסן וועלכע איז אָנגעהויבן געוואָרן מיט הצלחה און איז איבערגעריסן געוואָרן צוליב דעם פעלן פון לערערישע כוחות וואָס זאָלן קענען נאָכקומען דעם ניוואָ פון אַזאַ לערן־אַנשטאַלט. ווען נישט אָט־די הויכע (אפשר צו־הויכע) פאָדערונג צו זיך אַליין, וואָלטן די העכערע ייִדיש־קורסן עקזיסטירט ביז היינט. דער געדאַנק צו עפענען אַזעלכע קורסן, בייקומענדיק די עקזיסטירנדיקע שוועריקייטן, האָט אָבער נישט פאַרלאָזט דעם קולטור־קאָנגרעס און ער באַשעפטיקט אים ביז היינט.



דערעפענונג פון אַ בילדער־אויסשטעלונג אין קולטור־קאָנגרעס.

אין משך פון דער צייט האָט דער היגער קולטור־קאָנגרעס דורכגעפירט דריי לאַנד־קאָנפערענצן — דעם 6טן, 7טן און 8טן — און האָט זיך אויך באַטייליקט מיט אַן אָנזעעוודיקער דעלעגאַציע אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.

די באַזונדערע פּאָזיציעס פון דער אַרבעט פון קולטור־קאָנגרעס זיינען:

## פאַרלעגערישע טעטיקייט

אין דער צייט צווישן דער זעקסטער און אַכטער לאַנד־קאָנפערענץ, האָט דער קולטור־קאָנגרעס דורכגעפירט אַ פּרוכטיקע פאַרלאַג־טעטיקייט, וואָס האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט מיט פאַרענדיקן דאָס אַרויסגעבן די 10 בענד פון ש. דובנאָווס „די וועלט געשיכטע פון ייִדישן פאָלק״. עס זיינען אין אָט־דער צייט דערשינען אַ ריי וויכטיקע ווערק. לדוגמא, וועלן מיר אָנגעבן אַ קליינע נישט־פולשטענדיקע רשימה פון די וויכטיקסטע ביכער: 3 בענד „געשיכטע פון חסידיזם״ פון

שמעון דובנאָוו; „שלום אַש, זיין לעבן, זיינע ווערק" פון שמואל ניגער; „קריטיק און קריטיקער" פון שמואל ניגער; „תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס" פון י. ראַפּאַפּאָרט; „שריפטן" פון ש. ראַווידאָוויטש; „זוימען אויפן ווינט" פון י. ראַפּאַפּאָרט; „דאָס בוך פון מיין לעבן" פון שמעון דובנאָוו (3 בענד); „לעצטע שריפטן" פון ישראל אַשענדאָרף; „אליהו בחור" פון יעקב שאַצקי, „דאָס טאָג־בוך פון אַנאַ פראַנק" א"אַ.

דער קולטור־קאָנגרעס האָט במשך דער צייט געגרייט אַרויסצוגעבן דאָס מאָנומענטאַלע 10־בענדיקע ווערק פון ד"ר י. צינבערג „ליטעראַטור ביי יידן" און דאָס ווערק וועט טאַקע שוין בקרוב אָנהייבן דערשיינען. דערפון קען מען זיך שאַפן אַ בילד פון דער ערנסטער פאַרלאַג־טעטיקייט, וואָס דער קולטור־קאָנגרעס האָט אין פאַרלויף פון די לעצטע עטלעכע יאָר דורכגעפירט.

## יוסף ליפשיץ־פאָנד

אויפן סמך פון אַן אָפּמאַך, וואָס עס האָט דורכגעפירט פריינט שמואל ראָזשאַנסקי מיטן באַוווסטן קולטור־טוער יוסף ליפשיץ, איז געשאַפן געוואָרן ביים קולטור־קאָנגרעס אַ פאָנד אַרויסצוגעבן מוסטערן פון די בעסטע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור. דער פאָנד האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון ש. ראָזשאַנסקי, 10 ווערק פון באַוווסטע שרייבער.

ש. עטינגער — „אויסגעקליבענע שריפטן"; מ. וואַרשאַווסקי — „יידישע פאָלקס־לידער"; ה. ד. נאָמבערג — „אויסגעקליבענע שריפטן"; מענדעלע מוכר ספרים — „מסעות בנימין השלישי"; לייב ניידוס — „אויסגעקליבענע שריפטן"; יעקב דינעזאָן — „יאָסעלע", „דער קריזיס"; משה בראָדערזאָן — „אויסגעקליבענע שריפטן"; אליהו בחור — „בבא־בוך"; שמעון פרוג — „אויסגעקליבענע שריפטן"; דוד פינסקי — „אויסגעקליבענע שריפטן".

נאָכן אַרויסגעבן דאָס 10טע בוך איז דאָס שותפות אויפגעלייזט געוואָרן און דער פאָנד האָט זיך עטאַבלירט ביים ייוואָ.

# ליטעראַטור - פּרעמיעס :

## 1. האָפּער־לייב פּרעמיע

אין יאָר 1958 האָט זיך פאַרענדיקט די עקזיסטענץ פון דעם ליטעראַטור־פאָנד אויפן נאָמען פון די קולטור־טוער פנחס האָפּער ע"ה און אברהם לייב. דער דאָזיקער ליטעראַטור־פאָנד, וואָס איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן אויף 10 יאָר, האָט אין דער צייט פון זיין עקזיסטענץ פאַרטיילט פּרעמיעס צו אַ ריי פאַרדינסטפולע שרייבער פאַר וויכטיקע ווערק. מירן אויסרעכענען די נעמען פון די פּרעמירטע פאַר די לעצטע יאָרן. אין יאָר 1955 האָבן די פּרעמיעס באַקומען בשותפות — ל. פיינבערג — פאַר זיין פּאָעמע „דער פאַרמשפּטער דור" און אלחנן וואָגלער פאַר זיין בוך לידער „פרילינג אויפן טראַקט"; אין יאָר 1956 — ד"ר מוקדוני פאַר זיין בוך „פון וואַרשע ביז לאָדזש" און אפרים אויערבאַך פאַר דעם עסייען־בוך „געטראַכט מיט עברי־טייטש"; אין יאָר 1957 — נ. ב. מינקאָוו פאַר זיין דריי בענדיקן ווערק „פּיאָנערן פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע"; אין יאָר 1958 האָבן די פּרעמיע געטיילט צווישן זיך — דער עסייסט י. ראַפּאַפּאָרט פאַר זיין בוך עסייען „אָפּגעריסענע בלעטער" און דער דערציילער מ. י. שעלובסקי פאַר זיין בוך דערציילונגען „אין דער וועלט אַריין".

## 2. פּנחס האָפּער־פאָנד

ווען ס'האָט זיך געענדיקט דער צען־יאָריקער טערמין פון האָפּער־לייב־פאָנד, האָבן די יורשים — די פרוי און קינדער — פון דעם פּריציייטיק־פאַרשטאָרבענעם פנחס האָפּער, באַשלאָסן

צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון זייער מאַן און פאָטער מיטן איינשטעלן ביים קולטור־קאָנגרעס אַ פאָנד פאַר אַ נייער ליטעראַטור־פרעמיע.

פאַר די עטלעכע יאָר פון דער עקזיסטענץ פון דאָזיקן פאָנד (1958־1961), זיינען פאַר־טיילט געוואָרן 3 פרעמיעס צו פאָלגנדיקע שרייבערס: חיים גראַדע פאַר זיין בוך „דער שול־הויף"; לייבוש לעהרער פאַר זיין בוך עסייען „מענטש און אידייע" און צו א. מ. פוקס פאַר זיין בוך „די נאַכט און דער טאָג".

## 3. יוסף העקמאַן־פאָנד

דעם דאָזיקן פאָנד האָט די אלמנה נאָכן פאַרשטאָרבענעם יוסף העקמאַן — פרוי חנה העק־מאַן — איינגעשטעלט ביים קולטור־קאָנגרעס לזכר איר מאַן. דער ציל פון דעם פאָנד איז — אויסצוטיילן יעדעס יאָר אַ פרעמיע פאַרן בעסטן בוך פון אַ דרום־אַמעריקאַנער יידישן שרייבער.



שילער־קאָנקורס פון קולטור־קאָנגרעס.

פאַר דער צייט פון דער עקזיסטענץ פון דאָזיקן פאָנד זיינען פאַרטיילט געוואָרן צוויי פרעמיעס: פאַרן יאָר 1960 האָט די פרעמיע באַקומען דער שרייבער מרדכי וו. בערנשטיין פאַר זיין בוך „דאָס איז געווען אשכנז" און אין יאָר 1961 האָט די פרעמיע באַקומען דער שרייבער ב. עפשטיין פאַר זיין בוך „זאַנגען אין ווינט".

## 4. „יונגער דור" — ליטעראַרישע קאָנקורסן פאַר יוגנטלעכע א"נ פון שמערקע קאַטשערגינסקי ע"ה

דער פאָנד פאַר יוגנטלעכע שרייבער איז לכתחילה געשאַפן געוואָרן פון דער משפחה פון מרדכי סטאָליאַר, דעם לאַנגיאָריקן דירעקטאָר פון „די אידישע צייטונג", מיט דער אויפגאַבע

צו „סטימולירן יוגנטלעכע, וועלכע האָבן אין זיך אַ דראַנג צו שרייבן ייִדיש, אָבער האָבן נישט די מעגלעכקייט צו קומען צום אויסדרוק". די ערשטע דריי יאָר זינט דער פּאָגר האָט עקזיסטירט: — 1952־1953־1954 — זיינען פּרעמירט געוואָרן אַ ריי יונגע שרייבער, און די פּרעמירטע אַרבעטן זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין בראָשורן מיטן נאָמען „יונגער דור". צוליב דעם וואָס די פאַמיליע סטאָליאַר ברייטערט אויס די אויפגאַבן פון פאָנד, איינשליסנדיק אין זיין טעטיקייט דאָס פּרעמירן שרייבער אָן באַגרענעצונג פון עלטער, ווערט אויפגעלייזט דער לכתחילהדיקער אָפּמאַך פון דער משפּחה סטאָליאַר מיטן קולטור־קאָנגרעס און דער קולטור־קאָנגרעס שטעלט אײַן די זעלביקע פּרעמיע פאַר יוגנטלעכע שרייבער, וואָס באַקומט דעם נאָמען פון טראַגיש־אומגעקומענעם דיכטער־פּאַרטיזאַן שמערקע קאַטשערגינסקי.

בדרך־כלל דאַרפן פּאַרטיילט ווערן יעדעס יאָר 3 פּרעמיעס — לויט די אָפּשאַצונגען פון אַ זשורי פון שרייבערס, וואָס ווערט באַשטימט פון אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוו׳ ייִדישן קולטור־קאָנגרעס. פאַר די ערשטע צוויי יאָר (1955־1956) האָבן די פּרעמיעס באַקומען די יונגע שרייבערס: שלום ראָזענבערג, אליעזר ראָזענבערג, מנחם גאָרדאָן, גאָלדע הירשמאַן, עקיבא קאָנאָנאָוויטש, רחל ראָזענבאַום, שבע צעסלער, מרדכי הערבסט און אמיתי פּילאָווסקי. אין יאָר 1957 זיינען קיין פּרעמיעס נישט פּאַרטיילט געוואָרן, מחמת עס זיינען נישט אַריינגעקומען קיין אַרבעטן, וואָס זאָלן ראוי זיין פּרעמירט צו ווערן.

פאַרן יאָר 1958 (דריטער ליטעראַרישער קאָנקורס) זיינען פּרעמירט געוואָרן: ירחמיאל ליאָנס פאַר זיין אַרבעט „אין אַ וועלט פון הפקר" (איינאַקטער) — צווייטע פּרעמיע, און בנימין בערקמאַן פאַר זיין עסיי „וועגן ייִדישן אין גלות" — דריטע פּרעמיע. די ערשטע פּרעמיע איז נישט פאַרטיילט געוואָרן, מחמת די זשורי האָט איינגעפונען אַז צווישן די צוגעשטעלטע אַרבעטן האָט זיך נישט געפונען קיין אַרבעט, וואָס זאָל ראוי זיין דער ערשטער פּרעמיע.

אין יאָר 1959 זיינען פּרעמירט געוואָרן: מיט דער צווייטער פּרעמיע — פנינה קליינער, פאַר איר אַרבעט „מיין טאַטנס גראָע האָר"; יוסף בורשטין (צווייטע פּרעמיע) פאַר זיין אַרבעט „דער אַלטער ניקאָלאַס", און שלמה אובפאַל האָט באַקומען די דריטע פּרעמיע פאַר אַן עסיי „וועגן ייִדישער יוגנט„. ווי עס איז צו זען איז אויך אין יאָר 1959 קיינעם נישט צוגעטיילט געוואָרן די ערשטע פּרעמיע.

אין יאָר 1960 זיינען פּאַרטיילט געוואָרן 3 פּרעמיעס: די ערשטע פּרעמיע האָט באַקומען יענטעלע וואַקסמאַן פאַר איר אַרבעט „אין באַן". די צווייטע פּרעמיע האָט באַקומען יחיאל שיינטוך פאַר זיין אַרבעט „וועגן שלום־עליכמס מאָנאָלאָג „אַן עצה"", און די דריטע פּרעמיע האָט באַקומען צוגעטיילט דניאל גאָלדוואַסער פאַר אַ דערציילונג „אקסער נאָס".

אין יאָר 1961 זיינען ווידער נאָר פאַרטיילט געוואָרן די צווייטע און דריטע פּרעמיע, וועלכע עס האָבן באַקומען יוסף כאַצקעל פאַר זיין אַרבעט „הומאַניטאַרע מאָטיוון אין שלום־עליכמס הומאָר" (צווייטע פּרעמיע), און יוסף בורשטין (דריטע פּרעמיע) פאַר „דאָן פּעדראָ".

אַלע פּרעמירטע און אויך רעקאָמענדירטע פון דער זשורי, אַרבעטן, זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ בראָשור א״נ „יונגער דור", וואָס איז דערשינען יעדעס יאָר צום יום־טוב פון פּאַרטיילן די פּרעמיעס.

## 5. שילער־קאָנקורסן

אין די קרייזן פון דער ייִדישער לערערשאַפט און קולטור־טוער זיינען מיט גרויס אָנערקענונג אויפגענומען געוואָרן די שילער־קאָנקורסן וואָס ווערן זינט דעם יאָר 1954 דורכגעפירט דורכן קולטור־קאָנגרעס. אין אָנהייב איז דאָס נאָר געווען אַ פאַרמעסט צווישן די שילער פון די ייִדישע אָנהייב־שולן. זינט 1957 איז דער דאָזיקער פאַרמעסט אויסגעברייטערט געוואָרן אויך אויף די שילער פון די מיטל־שולן.

אין דער דאָזיקער דערציִערישער און זייער וויכטיקער אַרבעט, ווירקן מיט מיטן קולטור־

קאָנגרעס — דער וועד־החינוך און די יידישע לערער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטעלן צוזאַמען די זשורים פאַר די יערלעכע פּאַרמעסטן.

אין די יאָרן 1957 און 1962, ד״ה אין 6 יערלעכע קאָנקורסן האָבן זיך אין די פּאַרמעסטן באַטייליקט 52 אָנהייב־שולן מיט אַ סך־הכל פון 199 שילער און 24 מיטל־שולן מיט אַ סך־הכל פון 196 שילער. די צאָל תלמידים וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע אַרבעטן און זיינען דורך דער זשורי פּרעמירט געוואָרן מיט ווערטפולע ביכער איז אַ גאַנץ גרויסע. אין יאָר 1957 זיינען צוגעטיילט געוואָרן 2 ערשטע פּרעמיעס פאַר תלמידים פון מיטל־שולן. די זוכה בגורל זיינען געווען: בנימין בערקמאַן און מלך גרומער. די צווייטע פּרעמיע פון דאָזיקן פּאַרמעסט האָט באַקומען שולמית פּייערט. די צוויי ערשטע פּרעמיעס פאַר תלמידים פון אָנהייב־שולן האָבן באַקומען: סימע בערנשטיין און פייגעלע ראָזענבערג. די צווייטע פּרעמיע פון דאָזיקע פּאַרמעסט האָט באַקומען בריינדעלע בלוואַל.



אַ מסיבה מיט י. אָפּאַטאָשו ז״ל אין קולטור־קאָנגרעס.

אין יאָר 1958: פּרעמיעס פאַר תלמידים פון מיטלשולן: די ערשטע פּרעמיע — מרים בערנשטיין, די צווייטע פּרעמיע — רבקה גלאַזאָווסקי און צבי שמואל לאופער, די דריטע פּרע־מיע — אורי שטאַרער און רחל מענדעלסאָן.

די פּרעמיעס פאַר תלמידים פון אָנהייב־שולן: ערשטע פּרעמיע — גאָלדעלע ליבערמאַן, די צווייטע פּרעמיע — שושנה ווייסמאַן און די דריטע פּרעמיע — דבורהלע דייטש און רחל שיינוועטער.

אין יאָר 1959: פּרעמיעס פאַר תלמידים פון מיטלשולן: ערשטע פּרעמיע — אלתר ראָזענ־פאַרב, צווייטע פּרעמיע — לאה שור.

פּרעמיעס פאַר תלמידים פון אָנהייב־שולן: ערשטע פּרעמיע — שרה גאָרדאָן, צווייטע פּרעמיע — ברוך אַלטמאַן.

אין יאָר 1960: פּרעמיעס פאַר תלמידים פון מיטל־שולן: ערשטע פּרעמיע — גיסיע לאה ליפשיץ, צווייטע פּרעמיע — אסתר ניבאָרסקי, דריטע פּרעמיע — יצחק ניבאָרסקי.

פרעמיעס פאַר תלמידים פון אָנהייב־שולן: ערשטע פרעמיע — שלמה סלוצקי, צווייטע פרעמיע — אורעלע רובינסאָן, דריטע פרעמיע — דינה פּאָקראָסאַ.

אין יאָר 1961: פרעמיעס פאַר תלמידים פון מיטל־שולן: ערשטע פרעמיע — גיטל עלווי־ראָף, צווייטע פרעמיע — יצחק ניבאָרסקי, דריטע פרעמיע — ורדה שניידלעדער.

פרעמיעס פאַר תלמידים פון אָנהייב־שולן: ערשטע פרעמיע — מירעלע גאָלדמאַן, צווייטע פרעמיע — שמואל קאַוואַן, דריטע פרעמיע — יאַנקעלע זשיטניצקי.

אין יאָר 1962: פרעמיעס פאַר מיטלשולן: ערשטע פרעמיע — פּעסי בליטשטיין, צווייטע — אריה ברזשאָסטאָווסקי, דריטע — גיטל געלווערראָף.

פרעמיעס פאַר אָנהייב־שולן: ערשטע פרעמיע — צבי נח לאַנדוי, צווייטע — בערל גולדין, דריטע — שושנה אורבאַך.

אַלע פרעמירטע אַרבעטן זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין ספּעציעלע העפטלעך, וואָס זיי־נען דערשינען צום יום־טוב פון צעטיילן די פרעמיעס צו די פרעמירטע. אין סך־הכל זיינען ביז היינט דערשינען 9 העפטן.

## אַ קליינע סטאַטיסטיק פון די באַטייליקטע צאָל שולן און שילער

| יאָר | צאָל מיטלשולן | צאָל אָנהייבשולן | צאָל פון שילער<br>מיטלשול | <br>אָנהייבשולן |
|---|---|---|---|---|
| 1957 | 4 | 5 | 22 | 21 |
| 1958 | 4 | 10 | 37 | 36 |
| 1959 | 4 | 6 | 37 | 18 |
| 1960 | 3 | 12 | 30 | 54 |
| 1961 | 5 | 10 | 34 | 43 |
| 1962 | 4 | 9 | 36 | 27 |

### אונטערנעמונגען

חוץ די נאָרמאַלע — ד״ה אונטערנעמונגען וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער אייגנטלעכער טעטיקייט פון דעם קולטור־קאָנגרעס, למשל, פאַרטיילונג פון פרעמיעס פון די פאַרשיידענע פאָנדן וואָס עקזיסטירן ביים קולטור־קאָנגרעס, פאַרטיילונג פון פרעמיעס פון די שילער־פאַר־מעסטן א״אַ, האָט דער קולטור־קאָנגרעס דורכגעפירט אַ גאַנצע רייע אונטערנעמונגען און אַקטן צו געלעגנהייטלעכע געשעענישן אין ייִדישן לעבן. אָפּט, ווי דערמאָנט, זיינען די אונטער־נעמונגען דורכגעפירט געוואָרן בשותפות מיט אַנדערע קרובישע אינסטיטוציעס, ווי: ייִוואָ, שרייבער־פאַראיין, אַקטיאָרן־פאַראיין. אין חודש אויגוסט, צו דער יאָרצייט פון די ייִדישע שריי־בער וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, פירט דורך דער קולטור־קאָנ־גרעס, בשותפות מיט די פריִער־דערמאָנטע אינסטיטוציעס אַ גרויסן דערמאָנונגס־אַקט. פאַר די לעצטע 3 יאָר האָט דער קולטור־קאָנגרעס דורכגעפירט אַרום 20 זייער וויכטיקע אונטער־נעמונגען. לדוגמא וועלן מיר נאָר אויסרעכענען די וויכטיקסטע. צוויי סימפּאָזיומס וועגן מרדכי שטריגלערס בוך „שמועסן מיט דער צייט״. אין די דאָזיקע סימפּאָזיומס האָבן אָנטיילגענומען פאַרשטייערס פון כמעט אַלע ריכטונגען וואָס ווירקן אין ייִדישן לעבן אין בוענאָס־איירעס. עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קבלת־פּנים פאַרן שרייבער יהודה עלבערג פון קאַנאַדע, וועלכער איז געקומען קיין אַרגענטינע אויף דער פאַרבעטונג פון קולטור־קאָנגרעס. עס איז דורכגע־פירט געוואָרן אַן אָוונט צום דערשיינען פונעם בוך פון באַוווסטן דענקער אברהם גאָלאָמב

„אויף די וועגן פון קיום"; אַן אוונט צום דערשיינען פון י. ראַפּאַפּאָרטס בוך „תנך אימפּראָווי־זאַציעס"; אַ דובנאָוו־אָוונט — מיט דער באַטייליקונג פון דיכטער חיים גראַדע, צום דערשיינען פון דובנאָווס „דאָס בוך פון מיין לעבן"; אַן אָוונט צום דערשיינען פונעם בוך „שריפטן" פון באַוווסטן דענקער ש. ראַבּידאָוויטש ע"ה. און נאָך אַ גאַנצע ריי וויכטיקע אונטערנעמונגען.

אַלע אונטערנעמונגען וואָס דער קולטור־קאָנגרעס האָט דורכגעפירט האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ הויכן קולטור־ניוואָ און האָבן שטענדיק אַריינגעבראַכט יום־טובדיקייט אין היגן יידישן לעבן.

דער עקזעקוטיוו, וואָס פירט אָן מיטן קולטור־קאָנגרעס באַשטייט פון די פאָלגנדיקע מיטגלידערס:

יונה גאָראָדיסקי — פּאָרזיצער; יצחק יאַנאָסאָוויטש — סעקרעטאַר; אברהם זאַק — וויצע־פּאָרזיצער. מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג: יעקב באָטאָשאַנסקי, יוסף האָרן, דוד אייזענבערג, הדסה האַלפּערן, שלמה זשיטניצקי, מאָטיע מייזליש, לייזער מילשטיין, יעקב פּאַלאַטיצקי, גאָלדע צוקער, בער קאָרף, חיים קודלאָטש, מענדל דייטש, לייב וואָראָנאַ.



# רשימה פון ביכער און אויסגאַבעס

## דערשינענע אין די יאָרן 1956—1962

באַמערקונג פון רעדאַקציע: די רשימה איז געמאַכט געוואָרן אויפן סמך פון פון די פאַרצייכענונגען פון פרעסע־אַרכיוו ביי דער בוענאָס־איירעסער קהילה. צום באַדויערן איז זי נישט קיין פולע און עס פעלן אין איר געוויסע רובריקן פון ביבליאָגראַפישן כאַראַקטער.

## יאָר 1956 (יידיש און עברית)

**פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום"**

אליעזר וויזל: און די וועלט האָט געשוויגן.

ד"ר יוסף טענענבוים: צווישן מלחמה און שלום.

ש. בערלינסקי: ירושה.

יוסף אָקרוטני: סוף קאַפּיטל.

זיגמונט טורקאָוו: טעאַטער־זכרונות פון אַ שטורמישער צייט.

בער י. ראָזען: פּאָרטרעטן.

א. טענענבוים־ארזי: לאָדזש און אירע ייִדן.

אברהם זאַק: קנעכט זענען מיר געווען.

**פאַרלאַג „ייִדבוך"**

יעקב פּאַט: די לערערן אסתר.

שלמה סיימאָן: וואָרצלען.

משה דלוזשנאָווסקי: האַרבסט אין ווייַנגאָרטן.

מנחם באָריישאָ: עסייען.

ל. בערנשטיין: ערשטע שפּראָצונגען.

**פאַרלאַג „קיום"**

משה גראָס־צימערמאַן: ייִדן צווישן ייִדן.

יצחק בן־צבי: מיט דער צווייטער עליה.

**פאַרלאַג „ייוואָ"**

מרדכי וו. בערנשטיין: נישט־דערבערענטע שייטן.

מאָריס ראָזנפעלד: בריוו.

ד"ר א. ליפּינער: די געשיכטע פון אַ פאַרגעטערט כתב.

**פאַרלאַג „קולטור־קאָנגרעס"**

ש. דובנאָוו: וועלט־געשיכטע פון ייִדישן פאָלק (באַנד 10).

**פאַרלאַג „אונדזער וואָרט"**

חיים פינקעלשטיין: איקוף, דאַיאַ און ייִדיש פאָלק.

**פאַרלאַג „ראַציאָנאַליסטישע געזעלשאַפט"**

אבא גאָרדין: אין געראַנגל פאַר פרייהייט.

**אַרויסגעגעבן פון אַ געז' קאָמיטעט, ל"ל פאַריינען און פון מחבר אַליין**

זאַמלבוך: דער האָלץ־ און אייזן־אינדוסטריאַל (1956).

פנקס וואַרשע
וחי בהם (זאַמלונג פון דינים).
קהת קליגער: פייזאַזשן פון ישראל.
יזכור־בוך נאָך די קהילות גלובאָק, שאַרקויסצענע, דוסינאָוויטש, פאַסטאָוו, דרויע און קאַזאַן.
ל. ראָט: דער יידישער געדאַנק ווי אַ פאַקטאָר פון ציוויליזאַציע.
לכבוד יום־טוב (בראָשור לכבוד ראש־השנה, יום־כיפור און סוכות).
מלך טשעמני: אויסגעוואָרצלטע.
ישראל אַשענדאָרף: דער מלך דוד.
ד״ר נחמן מיזשעריצקי: געקליבענע דערציילונגען.
ז. וואָהל: מחקרי המקרא.
בעסאַראַבער יובליי־אַלמאַנאַך.

## יאָר 1956 (שפּאַניש)

Abraham Cohen: El judaísmo y el surgimiento del cristianismo.
Dr. H. Weil: Maimónides. — Edit. Omega.
Samuel Niger: Literatura y guerra. — Edit. Soc. Racionalista.
J. y D. Kimche: Guerrilleros en alta mar. — Edit. Candelabro
S. Rosenberg: Rabi Meir y Bruria. — Edit. Candelabro.
Dr. A. Granot: La tierra y el labrador. — Edit. Candelabro.
J. Bartov: Ni ángeles, ni demonios. — Edit. Candelabro.
A. Kovner: Cara a cara. — Edit. Acervo Cultural.
Los judíos (su historia, su aporte a la cultura). — Editorial Hebraica.
Mendel Man: En una aldea abandonada. — Edit. Israel.
Síntesis del Schulján Arúj (trad. Dr. N. Lerner). — Edit. Sigal.

## יאָר 1957 (יידיש און עברית)

**אַרויסגעגעבן פון אַ געז' קאָמיטעט, ל״ל פּאַריינען און פון מחבר אַליין**
ב. י. גאָטליב: געזאַנגען צו ישראל.
וו. טשערנאָוועצקי: אַמעריקע דו ביסט גרויס.
ד״ר ש. סאָקאָל: בראָשור וועגן אַרגענטינע אונטער פּעראָן.
י. אָקרוטני: אונטער ליימענע דעכער.
נחמיה צוקער: אויף נייע רעלסן.
דוד גייסט: דאָס לעבן אַליין.
מאיר עדלבוים: די יידן־שטאָט מעזריטש.
ועד החינוך: שבועות־העפט (דידאַקטישער מאַטעריאַל).
פּ. לינק: די יידישע קולטור.
מאיר בעזאָוויק: אויף קרומע וועגן.
א. מידע: עפּיזאָדן פון יידישן טעאַטער.
שמואל מאיר הרכבי: חזון ופתרון.
מיכל ליכט: אַלע לידער אין איין בוך.
אבא גאָרדין: יידיש לעבן אין אַמעריקע.
משה קנאַפּהייס: הונדערט סאָנעטן.
לעאָן חידקל: ספר החזנים.
זאַמלבוך: דער האָלץ־ און אייזן־אינדוסטריאַל (1957).

ועד החינוך: הערצל־ביאַליק־העפט.
נחום בירנצווייג: צו די קומענדיקע ימים־נוראים.
מרדכי הערבסט: צייט־מאָטיוון.
מרדכי וו. בערנשטיין: דער ספר — אונדזער פאָן.
ש. זיידענשטאַט: זכרונות פון מיינע קינדער־יאָרן.
פנקס זאַמאָשטש (רעד.: מ. וו. בערנשטיין).

**א. ראָזענטאַל־פאָנד**

יודל מאַרק: היסטאָרישע געשטאַלטן.

**פאַרלאַג „דער שפיגל"**

תלוש: מיין טאַטנס ניגון.

**פאַרלאַג פון „דאַיאַ"**

יידן און יידישקייט אין סאָוויעטן־רוסלאַנד.

**פאַרלאַג „אונדזער וואָרט"**

שמחה סנה: דאָס געשריי פון דער נאַכט.

**פאַרלאַג „דוקא"**

יהודה אברבנאל־נומער.
זיגמונט פרויד־נומער.
יונגע אינטעלעקטואַלן־נומער.

**פאַרלאַג „יידבוך"**

פ. מינץ: יידישער אומקום און ווידערשטאַנד אין פראַנקרייך.
מ. אייזנבונד: געלעבט הינטער קראַטן.
דוד איגנאַטאָוו: אָפּגעריסענע בלעטער.
ח. גוטמאַן (דער לעבעדיקער): פּאַמפּאַדור.

**פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום"**

מ. קאַגאַנאָוויטש: די מלחמה פון יידישע פּאַרטיזאַנער.
י. גלאַטשטיין: ווען יאַש איז געפאָרן.
ד. פלינקער: נייע צייטן.
מ. וויינרייך: פון ביידע זייטן פלויט.
מ. י. שעליובסקי: אין דער וועלט אַריין.

**פאַרלאַג „קיום"**

ה. לייוויק: אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים.
רחל (בלאָושטיין): לידער (איבערז׳: ז. שזר).

**פאַרלאַג „קולטור־קאָנגרעס"**

ש. דובנאָוו: געשיכטע פון חסידיזם (1טער באַנד).

**ליפשיץ־פאָנד ביים קולטור־קאָנגרעס**

שלמה עטינגער: אויסגעקליבענע שריפטן.

**פאַרלאַג „ראַציאָנאַליסטישע געזעלשאַפט"**

א. אַלמי: אין געראַנגל פון אידייען (עסייען).
א. גאָרדין: זכרונות און חשבונות.

## יאָר 1957 (שפּאַניש)

Marie Sirkin: Al servicio de una causa (La vida de Golde Meir). — Edit. Kium.
Sch. Aleijem: Estrellas errantes. — Edit. Acervo Cultural.
L. Mosley: Gedeon va a la guerra. — Edit. Acervo Cultural.

A. Eban: Frente a una obstinada beligerancia. — Edit. Acervo Cultural.
Antología: Héroes en Israel. — Edit. Candelabro.
Edwin Samuel: Israel por dentro. — Edit. Candelabro.
J. Kaszer: No temas mi ciervo Jacob. — Edit. Candelabro.
Gral. R. Henriquez: La guerra de 100 horas. — Edit. Candelabro.
M. Schamir: Rey de carne y hueso. — Edit. Candelabro.
A. J. Heschel: La tierra es del Señor. — Edit. Candelabro.
Ajad Haam: El sendero del retorno. — Edit. Israel.

## יאָר 1958 (יידיש און עברית)

**אַרויסגעגעבן פון אַ געז׳ קאָמיטעט, ל״ל פאַריינען און פון מחבר אַליין**

א. א. פישער: היסטאָרישע דראַמעס.
מאַשע שטוקער־פּאַיוק: גוט יום־טוב (קינדער־לידער).
א. מידע: עפּיזאָדן פון ייִדישן לעבן.
פאַליק לערנער: אַ בעסאַראַבער שטעטל.
גרשון סאַפּאָזשניקאָוו: פון די טיפענישן (עסייען).
יהושע אַלבערט: ייִדישע וואַרשע דורך פיין, בלוט און טויט.
ד״ר יואל זינגער: דער מענטש און זיין געזונט.
מינאַ באָרדאָ־ריווקין: לידער און איבערבליקן.
קהת קליגער: איך און דער ים (לידער).
יעקב באָטאָשאַנסקי: שבת, יום־טוב און וואָך אין מדינת־ישראל.
פנקס פרוזשענע, בערעזע, מאַלטש, שערעשאָוו און סאַלץ (רעד׳: מ. וו. בערנשטיין).
גאָלדע קרימער: אויפן שיידוועג.
גאָלדע קרימער: דאָס לעבן פון אַ פרוי.
יצחק קאַפּלאַן: אָפּקלאַנגען פון אַלטן חדר.
א. טקאַטש: ארץ־ישראל־געאָגראַפיע.

**פאַרלאַג „דער שורש״**

פנחס שטיינוואַקס: סילועטן פון אַ דור.

**פאַרלאַג „ג. קאַפּלאַנסקי״**

א. אַלמי: חשבון און סך־הכל.

**אַרויסג׳ מועצת המורים פון קק״ל**

פסח־מאַטעריאַלן.
פנחס ערליך: כרעסטאָמאַטיעס פאַרן 3טן, 4טן און 5טן יאָר.

**אַרויסג׳ פון ועד החינוך**

40סטער יאָרצײַט פון י. ל. פרץ און שנת־העשור פון מדינת־ישראל.
שבועות־אויסגאַבע.
העפט געווידמעט כ׳ און כ״א תמוז.
מאַטעריאַלן פאַר ימים־נוראים און סוכות.
זאַמלונג פון אַכט סצענקעס און איינאַקטערס.

**פאַרלאַג „דאָס פוילישע ייִדנטום״**

לעאָן לענעמאַן: דער חשבון בלייבט אָפן.
ד״ר יצחק שוואַרצבאַרד: צווישןביידע וועלט־מלחמות.
שלמה פראַנק: טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ.
מלך באַקאַלטשוק־פעלין: זכרונות פון אַ ייִדישן פאַרטיזאַן.

אלימלך ראַק: זכרונות פון אַ יידישן האַנדווערקער־טוער.
הירש אַבראַמאָוויטש: פאַרשווונדענע געשטאַלטן.
פנחס וועלנער: אין יענע טעג.
בצלאל טערקעל: צווישן שאַקאַלן.
מאַרק טורקאָוו: די לעצטע פון אַ גרויסן דור.

**פאַרלאַג „יידבוך"**

מ. פישמאַן: פריער און שפעטער.
מ. דלוזשנאָווסקי: ווי אַ בוים אין פעלד.
ל. לאַסאָווין: א. חתונה אויפן באַרג לבנון.
ב. שעפנער: אַ בליק אויף ישראל און אויף דער וועלט.
פ. מינץ (אַלעקסאַנדער): לאָדזש אין מיין זכרון.
אברהם זאַק: אויף די שליאַכן פון הפקר.
נח גאָלדבערג: אויף צעוואָרפענע וועגן.

**פאַרלאַג „ייוואָ"**

אַרגענטינער ייוואָ־שריפטן, נומער 7.
אברהם רעכטמאַן: יידישע עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר.

**פאַרלאַג „קולטור־קאָנגרעס"**

ישראל אַשענדאָרף: לעצטע שריפטן.
שמעון דובנאָוו: געשיכטע פון חסידיזם (2טער און 3טער באַנד).

**ליפשיץ־פאָנד**

מאַרק וואַרשאַווסקי: יידישע פאָלקסלידער.
ה. ד. נאָמבערג: אויסגעקליבענע שריפטן.

**פאַרלאַג „קיום"**

מענדל מאַן: די גאַס פון בליענדיקע מאַנדלען.

**פאַרלאַג „דווקא"**

נחמן קראָכמאַל־נומער.
הערמאַן כהן־נומער.

## יאָר 1958 (שפּאַניש)

Ka Tzetnik: La casa de las muñecas. — Edit. Israel.
Azriel Eisenberg: El gran descubrimiento. — Edit. Israel.
Iosef Schejtman: La vida de Yabotinski. — Edit. Candelabro.
Igal Mosinson: Jasambra. — Edit. Candelabro.
Samuel Pekar: La generación olvidada. — Edit. Candelabro.
Dra. Erna Schlesinger: Grandes figuras del judaísmo. — Edit. Candelabro.
Dr. J. Shoshkes: Desde el Kremlin a las pirámides. — Edit. Candelabro.
Mendel Man: En las puertas de Moscú. — Edit. Candelabro.
Aba Berdichew: La estela de un águila. — Edit. Candelabro.
Josef Baratz: En la orilla del Jordán. — Edit. Candelabro.
Dr. N. Rapaport: De tiempos lejanos hasta ayer. — Edit. del Autor.
Dr. N. Lerner: en defensa de los derechos humanos. — Edit. Daia.
Arieh Safran: Democracia y autocracia. — Edit. Autor y Varios.
Dr. J. Goldstraj: Sangre sobre las estrellas. — Edit. Autor y Varios.
David Elnecave: Introducción a la Biblia. — Edit. Autor y Varios

Nissim Teubal: El Inmigrante. – Edit. Autor y Varios
Dr. L. Dujovne: La filosofía de la historia en la antigüedad y edad media. – Edit. Autor y Varios.
Nissim Teubal: Consejos para la mujer. – Edit. Autor y Varios.
W. Chernovetzki: Cosas y fenómenos de la vida. – Edit. Autor y Varios.
Salomón Chichelnitzki: La verdad. – Edit. Autor y Varios.
A. Jerusalimski: ¿Quo vadis Moscú? – Edit. Autor y Varios.
Estudios y ensayos sobre tópicos judios. – Edit. I.W.O.

## יאָר 1959 (יידיש און עברית)

**אַרויסגעגעבן פון אַ געז' קאָמיטעט, ל"ל פאַריינען און פון מחבר אליין**

ל. קלאָצמאַן: אַכט ייִדישע לידער (2טע אויפלאַגע).
פּ. וואַלד: אויף היסטאָרישע וועגן.
ל. וויינער: לידער פאַר פּיאַנאָ און געזאַנג.
י. באָטאָשאַנסקי: וועגן ד"ר זשיוואַגאָ פון פּאַסטערנאַק.
זאַמלבוך: האָלץ און אייזן־אינדוסטריאַל (20סטער יאָרגאַנג).
א. טקאַטש און ש. צעסלער: אונדזער המשך (3טע אויפלאַגע).
וו. טשערנאָוועצקי: ערב דער פערטער וועלט־מלחמה...
אברהם גאָלאָמב: אויף די וועגן פון קיום.
בעלכאַטאָוו — יובילײ־אויסגאַבע.
א. טקאַטש: קינדערלאַנד; לערנבוך, (3טע אויפלאַגע).
יובילײ־בוך „וואַרשעווער ייִדן" (10 יאָר עקזיסטענץ פון וואַרשעווער פאַרבאַנד).

**„איקוף"־פאַרלאַג**

פּ. מאַרקיש: ירושה.

**פאַרלאַג „מוריה"**

מנחם חריף: לעקציעס פון ייִדישער געשיכטע (באַנד 1).

**ראָזענטאַל־פאָנד**

ש. סיימאָן: חכמים, עקשנים און נאַראָנים.

**פאַרלאַג „דוד עדעלשטאַט"**

ד"ר ח. שאָטאַן: פילאָזאָפישע און אידעאָלאָגישע סתירות.

**פאַרלאַג „אונדזער וואָרט"**

לייבל חן (ש. שמעוני): נעכטן.
משה מענאַכאָווסקי: בער באָראָכאָוו — זיין לעבן און שאַפן.
ספר הפלמ"ח (איבער': שמחה סנה).

**פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום"**

י. ל. וואָלמאַן: פּוילישע ייִדן.
צ. כהן: שטורמישע דורות.
נ. שמן: דאָס געזאַנג פון חסידות.
העלענאַ שערעשעווסקאַ: צווישן צלם און מזוזה.
פּנחס שטיינוואַקס: ייִדישע מאַמעס צום געדענקען.
יאָנאַס טורקאָוו: נאָך דער באַפרייונג.

**פאַרלאַג „ייִדבוך"**

סטעפאַן צווייג: די וועלט פון נעכטן (איבער': מ. בראַקאַזש).
וויליאַם נאַטאַנסאָן: קולטור־קוואַלן.

ב. ריווקין: יידישע דיכטער אין אַמעריקע.
פאַרלאַג „ראַציאָנאַליסטישע געזעלשאַפט"
א. גאָרדין: דרייסיק יאָר אין ליטע און פוילן.
מ. בובער: שטעגן און אוטאָפּיע.
שמואל לעווין: צווישן צוויי תהומען.
פאַרלאַג „ייִוואָ"
י. שאַצקי־בוך (רעדאַקט׳: י. ליפשיץ).
שלום־עליכם אין בילד.
פאַרלאַג „קולטור־קאָנגרעס"
אַנאַ פראַנק: דאָס טאָגבוך.
שמואל ניגער: קריטיק און קריטיקער.
ליפשיץ־פאָנד ביים קולטור־קאָנגרעס
מענדעלע מוכר ספרים: מסעות בנימין השלישי.
לייבניידוס: אויסגעקליבענע שריפטן.
יעקב דינעזאָן: יאָסעלע; דער קריזיס.
משה בראָדערזאָן: אויסגעקליבענע שריפטן.
פאַרלאַג „קיום"
א. ל. קובאָווי: וואָרצלען און פליגלען.
שלמה סיימאָן: אין די טעג פון די ערשטע נביאים.
אפרים אויערבאַך: גילדענע שקיעה.
מרדכי שטריגלער: שמועסן מיט דער צייט.
יצחק יאַנאָסאָוויטש: מיט יידישע שרייבער אין רוסלאַנד.
פאַרלאַג „דווקא"
שלמה אבן גבירול־נומער.
נומער וועגן עקזיסטענציאַליזם.
משה מענדעלסאָן־נומער.

## יאָר 1959 (שפּאַניש)

A. N. Poliak: Así se forjó Israel. – Edit. Sión.
S. Pekar: Los rebeldes y los sorprendidos. – Edit. Autor
H. Fast: Moisés. – Edit. Acervo Cultural.
Scholem Aleijem: Retorno de la feria. – Edit. Acervo Cultural.
Dr. D. de Sola Pool: Sé tu mismo. – Edit. Candelabro
M. Banai: El tesoro del Neguev. – Edit. Candelabro.
A. Weissberg: Operación noche y neblina. – Edit. Candelabro.
José Buoi: Predestinado retorno. – Edit. Candelabro.
M. Dluznovski: Las hijas del alfarero. – Edit. Candelabro.
R. San Jean: El rebelde de Jerusalem (2da. edic.). – Edit. Candelabro.
R. Learsi: Historia del pueblo judío. – Edit. Israel.
J. Iadin: Los rollos del Mar Muerto. – Edit. Israel.
M. Senderey: Breve historia del pueblo de Israel. – Edit. Iehuda.

## יאָר 1960 (יידיש און עברית)

אַרויסגעגעבן פון אַ געז׳ קאָמיטעט, ל״ל פאַריינען און פון מחבר אַליין
ח. בושעל־סאַלאַו: לידער און אָפּשאַצונגען.

א. צווייג: מדריך למורה העברית בארגנטינה.
שרה דאַווידאָוויטש: דאָס געוויסער פון בלוט און טרערן.
עברית ברדיו (2טער העפט).
עברית ברדיו (3טער העפט).
עברית ברדיו (4טער העפט).
הערצל־העפט.
מאַרקאָס וויינשטיין: ענציקלאָפּעדיע פון צושניידעריי און קאָנפעקציע.
חיים גאָלדזאַק: אַלע ווילן לעבן.
משה קנאַפּהייס: אַ ייִנגל פון וואַרשע.
ראַשעל אַלפּעראָוויטש: מיין ליד.
אברהם ראַכמילעוויטש: האַנטבוך פאַר סוחרים, בענק און אינדוסטריעלער.
פּנקס זאַמאָשטש.
יוסף אָקרוטני: אַ שטיין צוקאָפּנס.
מענדל אַקערמאַן: אויסגעלאָשענע שטערן.

**א. ראָזענטאַל־פאָנד**

פון אַרגענטינע (פּאָעזיע, פּראָזע, פּובליציסטיק); רעד': ש. ראָזשאַנסקי.

**פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום"**

וו. מערקור: די וועלט פון כעלעם.
ראובן בן־שם: פּוילן ברענט.
י. טורקאָוו־גרודבערג: פּנימער און מאַסקעס.
ש. פּריזאַמענט: בראָדער זינגער.
ד. לעדערמאַן: פון יענער זייט פּאַרהאַנג.
שיינע־מרים בראָדערזאָן: מייןליידנסוועג מיט משה בראָדערזאָן.
פּאָלאַ אַפּענשלאַק: יאַנוש קאָרטשאַק.

**פאַרלאַג „ייִדבוך"**

י. פּערלאָוו: פּלאָרא אינגבער.
ש. איזבאַן: די קעניגן איזבל (ערשטער באַנד).
ש. איזבאַן: די קעניגן איזבל (צווייטער באַנד).
שלמה סיימאָן: צווייגן.
מרדכי וו. בערנשטיין: דאָס איז געווען נוסח אשכנז.

**פאַרלאַג „קולטור־קאָנגרעס"**

י. ראַפּאָפּאָרט: תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס.

**ליפשיץ־פאָנד ביים קולטור־קאָנגרעס**

ש. פּרוג: אויסגעקליבענע שריפטן.

**פאַרלאַג „קיום"**

פּנחס שטיינוואַקס: ציוניסטן.
יעקב גלאַטשטיין: אין תוך גענומען (באַנד 1).
יעקב גלאַטשטיין: אין תוך גענומען (באַנד 2).
שלמה ביקל: אַ שטאָט מיט ייִדן.
חיים גרינבערג: ייִד און וועלט.

**פאַרלאַג „דווקא"**

איוב־נומער.
ר' סעדיה גאון־נומער.
קוהלת־נומער.

## יאָר 1960 (שפּאַניש)

Dr. N. Rapaport: Con el tiempo y los recuerdos. — Edit. Autor.
L. Feuchtwanger: El judío en Roma. — Edit. Acervo Cultural.
Israel vista por ojos argentinos (antología).
Prof. Florencio Escardó: Un pueblo despertado. — Edit. Socied. Amigos Universidad Hebrea.
Prof. Boleslao Lewin: Los judíos bajo la inquisición en Hispanoamérica. — Edit. Dédalo.
Henri Amuru: Yo vi vivir a Israel. — Edit. Acervo Cultural.
José Winderman: La epopeya del Chaco. — Edit. Autor.
Natan Asubel: Historia ilustrada del pueblo judío.
Baruj Garfunkel: Relato mi vida. — Edit. Autor.
I. Daián: Una cara nueva en el espejo. — Edit. Candelabro.
H. Ruskal y M. Banai: Kilómetro 95. — Edit. Candelabro.
I. Glatstein: Cuando Iasch llegó. — Edit. Candelabro.
Dr. T. Hertzl: El Estado judío. — Edit. Israel.
H. A. Hanover: Llegó el Pesaj. — Edit. Israel.
Silverman: Las aventuras de Jabibi. — Edit. Israel.
R. Saint John: David Ben-Gurion. — Edit. Candelabro.

## יאָר 1961 (יידיש און עברית)

**פאַרלאַג „ג. קאַפּלאַנסקי"**
ישראל־מאַפּע אין טאַשן־פאָרמאַט.
**אַרויסגעגעבן פון אַ געז' קאָמיטעט, ל"ל פאַריינען און פון מחבר אַליין**
80 יאָר אָרט — יובילייי־בוך.
א. גאָלאָמב: אונדזער גאַנג צווישן פעלקער.
זאַמלבוך פון שטריקער־פאַבריקאַנטן — רעד. ג. סאַפּאָזשניקאָוו.
משה קנאַפּהייס: אַ ייִנגל פון וואַרשע (צווייטער באַנד).
ברוך הויכמאַן: ייִדישע קאָלאָניזאַציע און אַגראַר־קאָאָפּעראַציע אין אַרגענטינע.
זאַבלודאָווער יזכור־בוך.
פאַליק לערנער: צוגאַסט אויף אַ ווייל.
יעקב שטרייכער (פון עיזבון): קינדער־לידער.
דוד גאַנז: פּרוכטן (קינדער־לידער).
מרדכי הערבסט: באַטראַכטונגען פון דער נאָענט.
מאַשע פעלדמאַן: דער מאַמעס לייכטער (זכרונות פון טאַלנע).
מ. ל. גייסער: כשפים.
**פאַרלאַג „שלום־עליכם־שולן"**
100 יאָר ייִדן אין אַרגענטינע.
**„איקוף"־פאַרלאַג**
דוד בערגלסאָן־אויסגאַבע (1טער באַנד).
**א. ראָזענטאַל־פאָנד**
שלום עליכם: טוביה דער מילכיקער.

**„איקוף"־פאַרלאַג**

צאַלעל בליץ: אַ רייזע צו אונדזער ווייטיק און צו אונדזער פרייד.

צאַלעל בליץ: טריט אויף סאַנמאַרטינישער ערד.

שלמה מיכאָעלס: אַרטיקלען, שמועסן, רעדעס.

**אַרויסג׳ דורך מדרשה עברית**

לקט שירים (פון דער נייער העברעיִשער פּאָעזיע).

**פאַרלאַג „גאַליציע"**

געדענק־בוך „גאַליציע" — רעד. נ. צוקער.

**פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום"**

ש. ברײנסקי: מענטשן פון זעלעכאָוו.

דוד דאַווידאָוויטש: שולן אין פּוילן.

זיגמונט טורקאָוו: די איבערגעריסענע תקופה.

א. אַלמי־בוך.

**פאַרלאַג „ייִדבוך"**

ש. ראָזענבערג: די כוזרים.

יצחק איסאַקסאָן: אַנטאָלאָגיע פון דער וועלט־ליטעראַטור.

י. י. טרונק: משיח־געוויטער.

יוסף ראָלניק־בוך.

אברהם ווייץ: די לעצטע געטאָ.

**פאַרלאַג „ייִוואָ"**

אַרגענטינער ייִוואָ־שריפטן (באַנד 8).

**ליפשיץ־פאָנד ביים קולטור־קאָנגרעס**

דוד פינסקי: אויסגעקליבענע שריפטן.

**פאַרלאַג „קולטור־קאָנגרעס"**

ר. ראַפּאַפּאָרט: זוימען אין ווינט.

ש. דובנאָוו: דאָס בוך פון מיין לעבן.

**פאַרלאַג „קיום"**

חיים גרינבערג: מענטשן און ווערטן.

מ. שטריגלער: שמועסן מיט דער צייט (צווייטער באַנד).

**פאַרלאַג „ראַציאָנאַליסטישע געזעלשאַפט"**

רודאָלף ראָקער: עסייען.

שמואל לעווין: שוואַרצע בערג און בלויע טאָלן.

**פאַרלאַג „דווקא"**

ספר בראשית־נומער.

חסידות־נומער.

## יאָר 1961 (שפּאַניש)

Iehuda Burla: Las hazañas de Acavia. — Edit. Kium.

Josefo Flavio: Obras. — Edit. Acervo Cultural.

David Ben-Gurion: Hacia un rumbo nuevo. — Edit. Acervo Cultural.

Ana Frank: Cuentos, memorias y ensayos. — Edit. Candelabro.

Iaal Daian: Dichosos los que tienen miedo. — Edit. Candelabro.

R. Cansinos Asens: Las luminarias de Januca. — Edit. Candelabro.

Dr. M. Davis: Israel en la civilización moderna. — Edit. Candelabro.
I. Ben-Zvi: Las tribus perdidas (2da. ed.). — Edit. Candelabro.
Aaron Megued: Jana Senesz. — Edit. Israel.
M. I. Cohen: Los caminos de la Biblia. — Edit. Israel.
Los compañeros recordarán a Jimi (en memoria de un jalutz caído). — Edit. Israel.
La ciencia investiga el antisemitismo. — Edit. Inst. Argent.-Judío para Cultura e Información.
Boleslao Lewin: El explorador argentino Julio Popper y la sociedad rumana.
La máquina nazi. — Edit. por D.A.I.A.
Aron Esevich: El destino de Joaquín Acosta. — Edit. Peuser.
Dr. José Lieberman: La tierra soñada.
Dr. Ricardo Lipschitz: Principios elementales del derecho internacional en los que se basa el proceso Eichman. — Edit. Inst. Argent.-Judío para Cultura e Inform.
Estudios. — Edit. por el Inst. de Cultura Israelí.
Rabino M. Moljo: Literatura sefaradí en el oriente.
La iglesia católica se defiene. — Edit. Instit. Argent.-Judío para Cultura e Inform.
L. Dujovne, Menasche y Mosché Konstantinovski: Antiguo testamento en castellano. — Edit. Segal.
Folleto sobre J. N. Bialik. — Edit. Dep. Juvent. del K.K.L.
Raquel Zipris: La pequeña abejita (poemas).
Silvano Santander: El gran proceso.

## יאָר 1962 (יידיש און עברית)

**פאַרלאַג „דאָס פוילישע יידנטום"**

ד"ר יצחק לעווין: יידן אין אַלטן פוילן.
מלך ראַוויטש: דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן.
א. אַלמי־בוך.
ישראל עמיאָט: פאַרדעקטע שפּיגלען (דערציילונגען, סקיצן און לידער).
ישעיה טרונק: געשטאַלטן און געשעענישן (היסטאָרישע עסייען).
אברהם זאַק: אין אָנהייב פון אַ פרילינג (זכרונות).

**פאַרלאַג „יידבוך"**

ק. כצנלסון: דער קריזיס פון מאָדערנעם העברעיש.
גריגאָרי אַראָנסאָן: רוסיש־יידישע אינטעליגענץ.
ד"ר שלמה סיימאָן: אויף אייגענע דרכים.

**פאַרלאַג „קולטור־קאָנגרעס"**

שמעון דובנאָוו: דאָס בוך פון מיין לעבן (2 בענד).
שמעון ראַווידאָוויטש: שריפטן.

**פאַרלאַג „יווא"**

אַלעקסאַנדער פאָמעראַנץ: סאָוועטישע הרוגי־מלכות.

**פאַרלאַג „קיום"**

שלמה ביקל: רומעניע (געשיכטע, ליטעראַטור־קריטיק, זכרונות).
לייב שפּיזמאַן: געשטאַלטן.
משה שענדעריי: דער לעבנסוועג פון ב. דאָבריאַנסקי.
מענדל מאַן: על נהרות פוילן.

**ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייִוואָ**

אליהו בחור: בבא־בוך (איבערדיכטונג פון משה קנאַפּהייס).
י. ל. פּרץ אין 19טן יאָרהונדערט.
י. ל. פּרץ אין 20סטן יאָרהונדערט.
מאָריס ראָזענפעלד — אויסגעקליבענע שריפטן.
דוד האָפּשטיין, איזי כאַריק, איציק פעפער.

**אַרויסגעגעבן פון אַ געז' קאָמיטעט, ל"ל פאַריינען און פון מחבר אַליין**

פנקס זשיראַרדאָוו, אַמשינאָוו און וויסקיט.
יצחק פּאָכאָמאָווסקי: ווי איך האָב געזען ישראל (בראָשור).
70 יאָר הומאַניטאַרע אַרבעט פון דער ייִקאָ.
שניאור וואַסערמאַן: צום מענטש (לידער).
מאַשע שטוקער־פּאַיוק: דער צעדערבוים (מעשהלעך און לידער).
אביגדור שפּריצער: זון און שאָטן (דערציילונגען, לידער און דראַמען).
שלמה רויז: איינדרוקן פון אַ רייזע (מדינת ישראל).
אברהם זאַק: אויף פרעמדער ערד (לידער).
גאָלדע קרימער: פון דאָס ניי (דערציילונגען).
יעקב באָטאָשאַנסקי: די ייִדישע קעניגין פון דרום־אַמעריקע.
זאַמלבוך פון שרייבער־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג".
שרה בירנבוים: פאַר זון־אויפגאַנג (לידער).
אפרים גאָלדבערג: בדמי הליל (שירים).
זאַבלודאָווע — יזכור־בוך.

## יאָר 1962 (שפּאַניש)

A. Eizenberg: El libro de Bar Mitzva. – Edit. Candelabro.
Aaron Megued: Jedva y yo. – Edit. Candelabro.
Olga Heski: Jezabel, la reina pintada. – Edit. Candelabro.
Prof. L. Schallman: Cuentos israelíes. – Edit. Candelabro.
B. Z. Goldberg: Los judíos en la Unión Soviética. – Edit. Candelabro.
Iemima Tscherovitz-Avidar: A casa. – Edit. Israel.
Paddy Chayeffsky: El décimo hombre. – Edit. Israel.
S. Wassertzug (traducción de P. Guler): Janusz Korczak, maestro y mártir. – Edit. Acervo Cultural.
Moisés Hess: Roma y Jerusalem, traducción y prólogo del Dr. León Dujovne. – Edit. Kium.
Ezequiel Schoijet: Jirones de vida.
Isaac Podlubne: Movimiente y desarrollo del cooperativismo mundial.



# יידישע צייטונגען און צייטשריפטן אין אַרגענטינע אין די יאָרן 1962-1956

טעגלעכע:

„די אידישע צייטונג"

„די פּרעסע".

וועכנטלעכע:

„די נייע צייט"

טריבונע"*

„לאַנדסמאַנשאַפטן"

צוויי־וועכנטלעכע:

„אונדזער וואָרט"

„אַרגענטינער לעבן"*

„ראָזאַריער לעבן".

חודשלעכע:

„אונדזער געדאַנק"

„אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער"

„אלף"*

„אַרגענטינער ביימעלעך"

„אַרגענטינער מאַגאַזין"

„דאָס פרייע וואָרט"

„דער שפּיגל"

„דרום"

„ידיעות"

„קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר"

„קהילה און פאָלק"*

דריי־חדשים שריפט:

„איקוף־בלעטער"

„דווקא"

„פּראָבלעמען"

„שריפטן".

אין שפּאַניש:

"Acervo Cultural"

"Amanecer" *

"Adelante"

"Bet Israel "

"Club de la Edad de Plata"

"Comentario"

"Davar"

"Eretz Israel"

"Israel"

"Jerusalem"

"Judische Wochenschau"

---

דאָס שטערנדל (*) באַדייט, אַז די אויסגאַבע דערשיינט שוין נישט מער.

"La Luz"
"La Voz del Centro Isr. de Córdoba"
"La Voz Hebrea"
"Mundo Israelita"
"Nueva Sion"
"Osfa"
"Principios"
"Renacimiento de Israel"
"Revista de la Cám. de Comercio Arg.-Isr."





געזעגענונגס־מסיבה לכבוד ד״ר שלמה ביקל.




יעקב באָטאָשאַנסקי געזעגנט זיין חבר ד״ר שלמה ביקל.

אפרים אויערבאַך

# פאַרשידן זיינען די וועגן

אין די גאָר יונגע יאָרן מיינע האָב איך זיך מיט אַמעריקע לגמרי נישט אָנגעקערט. מיט אַרגענטינע האָב איך יאָ געהאַט אַ שייכות. קיינער פון מיינע קרובים, צי נאָענטע מענטשן, איז קיין אַמעריקע נישט געגאַנגען. נאָר אַרגענטינע ליגט מיר אין טעם זינט איך בין געווען אַ קינד. אַ שטוב זע איך, מיט צעוואָרפן בעטגעוואַנט, מיט קאָרזינעס און קוישן. אַ ייִד, מיט אַ טונקל־רויטער באָרד, אַן איבערגעוואַקסענער, גייט אַרום ווי אַ פאַרטשאַדעטער. ער זעצט זיך אַוועק אויף אַ קאָרזינע און גיט אַ שפרונג־אויף: וואָס הייסט ער וועט זיצן? עטלעכע זין, וואָס פרווון אַריבערוואַקסן דעם טאַטן, וואַלגערן זיך צווישן די אָנגעוואָרפענע זאַכן. דער ייִד איז אַ גליד־שוועסטערקינד מיינער. ער פאָרט קיין אַרגענטינע צו אַרבעטן ערד אין אַ קאָלאָניע. דאָס ווי־דערקול פון „אַרבעטן ערד" האָט זיך געטראָגן פון שטוב־צו־שטוב. די גאַנצע גאַס האָט די מיש־פּחה באַגלייט ביז צו דער בריק און פון דאָרטן ערשט האָבן זיך די וועגענער פאַרקערעוועט צום שאָסיי, וואָס האָט געפירט צום וואָקזאַל.

דער ייִד איז ממש פאַרפאַלן געוואָרן: קיין בריוו זיינען פון אים נישט אָנגעקומען; קיין גרוסן האָט מען פון אים נישט אָפּגענומען. אַרגענטינע, איז אין מיין קינדערשן מוח אויסגעקו־מען, איז אַ לאַנד ווו ייִדן ווערן פאַרפאַלן. נאָר מיסתמא האָבן זיך יאָ דורכגעזיפּט ידיעות פון אים. צו מיר זיינען זיי נישט דערגאַנגען. יאָרן שפּעטער איז מיינער אַ נאָענטער חבר אַוועקגע־פאָרן קיין אַרגענטינע, — אויך צו אַרבעטן ערד. דער חבר מיינער האָט געהאַט אַ טאַטן אַ פּאָ־סעסאָר. ער אַליין האָט זיך מתעסק געווען מיט דער פּאָסעסיע און, כאָטש ער האָט אַ פּאָר יאָר „עקסטערניטשאַיעט" אין אָדעס, איז ער דאָך צוריקגעקומען צו דער ערד. ארץ־ישראל איז גע־ווען זיין חלום, — ס'איז געווען די צייט פון דער צווייטער עליה, וואָס איר ראָמאַנטיציזם האָט זיך דערטראָגן צו אונדז. נאָר אַזוי ווי דעם טאַטנס פּאָסעסיע איז אויסגערונען, איז ער אויף דערווייל געפאָרן מיט דער מישפּחה קיין אַרגענטינע, צו אַרבעטן ערד. דער „דערווייל" ציט זיך שוין איבער פופציק יאָר...

דערנאָך זיינען געווען די צוויי ברידער דוכאָווני, — איציק און שמואל, — העברעיִשע לע־רער, זיינען זיי געווען ביי אונדז. פון בעלץ זיינען זיי „אַוועק קיין אַרגענטינע". ישיעה גאָלד־שטיין, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אונדזער שטוב, געווען יעקב פיכמאַנס און מיין עלטערן ברו־דערס אַ חבר. „שייקעלע" האָבן מיר אים גערופן. ער האָט יאָרן געלערנט אין אָדעס אויף עקס־טערן, איז מגולגל געוואָרן קיין בוענאָס־איירעס און שפּעטער אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט דעם זשורנאַל „דרום". דויד ראַשקאָוואַן, — אין דער היים האָט ער זיך געשניטן אויף שרייבעריי, — האָט חתונה געהאַט מיט יוסף־חיים שוחטס טאָכטער, ביילע, איז אויך יאָרן „פאַרפאַלן" געוואָרן אין אַרגענטינע. דער שוואָגער זיינער, מיין ייִנגערער חבר בוקי (בער) קרימסקי, איז זיי נאָכ־געפאָרן יאָרן שפּעטער. פון אַרגענטינע וואָלט איך געקענט שרייבן זיכרונות, אַפילו נאָך איידער איך בין דאָרטן געווען.

נאָר, אַז איך טראַכט זיך אַריין אין די „זיכרונות" מיינע, איז די פרעמדע אַמעריקע געווען נענטער, ווי אַרגענטינע. אַוודאי, אַמעריקע האָט געהאַט אַ פריִערן ייִדישן אָנהייב. אַמעריקע איז געווען ייִדיש גרעסער. אָבער נישט דאָס איז די איינציקע סיבה, לכל־הפּחות נישט די עיקרדיקס־טע. צוויי שאַרף־אָפּגעטיילטע וועלטן האָבן געפורעמט צפון־אַמעריקע און אַרגענטינע. צפון־אַמעריקע האָט זיך אויסגעפורעמט אין ענגלישן גייסט, אַפילו אַז די „קאָלאָניסטן" האָבן קעגן

ענגלאַנד רעוואָלטירט. אַרגענטינע, ווי גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע, איז געפֿורעמט געוואָרן אין שפּאַ־נישן גייסט. צפון־אַמעריקע איז דערפֿאַר געווען נאָענטער צו איראָפּע, און ממילא איז זי אויך געווען ייִדן נאָענטער. מיר דאַכט זיך, אַז ייִדן אין די קליינע שטעטלעך האָבן נישט געוווסט, אַז אין אַ סך לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער זיינען נאָך געבליבן שפּורן פון דער אינקוויזיציע, וואָס די שפּאַנישע קאָנקיסטאַדאָרן האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט. זיי האָבן אָבער געוווסט, אַז שפּאַניע האָט איבער די לענדער געהערשט און אינסטינקטיוו האָבן זיי געטראָגן אין זיך אַ פרעמדקייט צו זיי. צפון־אַמעריקע איז געווען דאָס לאַנד פון גרויסער פּיאָנערישקייט. די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער זיינען געווען לעטאַרגיש. אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט איז די ייִדישע אימיגראַציע געגאַנגען דורך לאָנדאָן, — פאַר הונדערטער טויזנטער ייִדן איז לאָנדאָן



דערעפענונג פון חודש פון ייִדישן בוך אין יאָר 1958. ראש־הקהל אלימלך גוטקין באַגריסט דעם דיכטער־גאַסט אפרים אויערבאַך און זיין פרוי חנה. דער ערשטער רעכטס: דער קאַסיר אלתר הירש.

געווען די ערשטע סטאַנציע אין זייער איבערוואַנדערונג. אַמעריקע איז געווען די נאַטירלעכע צווייטע און לעצטע סטאַנציע פאַר זיי. אַמעריקע איז דאָך געווען אַן ענגליש לאַנד.

דער עלטערער ייִדישער ישוב אין צפון־אַמעריקע איז לרוב געווען אַ דייטשישער און, ווי ווייט די דייטשישע ייִדן זיינען נישט געווען דעם מיזרח־אייראָפּעיִשן ייִדן, זיינען זיי דאָך אים געווען אַ סך נאָענטער, ווי דער שפּאַניש־ייִדישער ישוב, וואָס איז געווען דער עלטערער אין די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער. זיינען, הייסט עס, געווען אי עקאָנאָמישע, אי פּסיכאָלאָגישע סי־בות פאַרוואָס צפון־אַמעריקע איז געווען נאָענט דעם מיזרח־אייראָפּעיִשן ייִדן, וואָס האָט זיך אַיועקגעלאָזט אין זיין איבערוואַנדער אין נייע לענדער, אין נייע וועלט־טיילן.

גאָר אַ וויכטיקע סיבה איז געווען — די ייִדישע פּרעסע, וואָס האָט ביים סוף פון פריִער־

דיקן יאָרהונדערט אָנגעהויבן צו וואַקסן אין צפון־אַמעריקע. געדענק איך, ווי אַפילו אין אונד־זער שטאָט זיינען אָנגעקומען אויסשניטן פון ייִדישע צייטונגען אין ניו־יאָרק. דער אימיגראַנט אין ניו־יאָרק האָט אויסגעשניטן פון אַ צייטונג אַ שטיקל נייעס, לרוב אַ פעליעטאָן, וואָס האָט אָפּגעלאָכט פונעם צאַר, און געשיקט זיינע קרובים, אָדער פריינט אין רוסלאַנד, גאַליציע און רומעניע. דאָס האָט דעם ייִדן פסיכיש דערנענטערט צו צפון־אַמעריקע.

דער ייִדישער ישוב אין אַרגענטינע האָט שווער געהאָרעוועט, כדי אַריינצוגלידערן זיך אי־נעם וועלט־פאַרנעם פונעם פאָלק אונדזערן. ער האָט שטילערהייט געבויט, געשאַפן, אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פורעמען אַן אייגן פנים, ביז ער איז דערגאַנגען צו דער מדרגה, וואָס ער פאַר־נעמט איצטער. דער חיסרון פון צוריקגעשטאַנענקייט לגבי צפון־אַמעריקע איז מיט דער צייט געוואָרן אַ מעלה פאַר דער נאַציאָנאַלער קוואַליטעט פונעם ישוב. דער ייִד אין אַרגענטינע האָט זיך מיט זיין פאָלקסטימלעכקייט פאַרפאַנצערט קעגן דעם איינפלוס פון דעם שפּאַניזם, וואָס איז אים פּסיכיש געווען אַ סך פרעמדער, ווי דער אַמעריקאַניזם אונדז. אַפילו די טונקעלע דערמאָ־נונג פון דער אינקוויזיציע, פונעם גירוש שפּאַניע, האָבן געווירקט, אַז דער ייִד אין אַרגענטינע זאָל זיך נישט אַריינוואַרפן אין די אָרעמס פון דער אַסימילאַציע.

וואָס איז שייך דעם כלל, איז אויך די אַנטוויקלונג געווען אַן אַנדערע, ווי אין צפון־אַמערי־קע. דער ייִדישער אימיגראַנט, וואָס איז געקומען קיין ניו־יאָרק אין די אַכציקער, ניינציקער און אַפילו צום אָנהייב פונעם איצטיקן יאָרהונדערט, האָט דאָ געטראָפן אַ יאַהודימישע באַפעל־קערונג, וואָס האָט זיך שוין געהאַט איינגעבירגערט זינט דעם מיטן פונעם ניינצענטן יאָרהונ־דערט. עקאָנאָמיש איז דער יאַהודימישער עלעמענט שוין געווען באַפעסטיקט. ער האָט שוין אַפילו פאַרנומען הויכע פּאָליטישע פּאָזיציעס. ער האָט איינגעשטעלט אַן אייגענעם לעבנס־דרך, — רעפאָרם־ייִדישקייט, אָן דעם מינדסטן שפּור פון פאָלקישקייט.

אַז די גרויסע ייִדישע אימיגראַציע האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען צו די ברעגן פונעם האָד־סאָן, האָט די דייטש־ייִדישע באַפעלקערונג פון איין זייט געהאַלטן, אַז זי דאַרף נעמען אונטער אירע פליגלען די „אָרעמע ברידער פון אָסטען״ און פון דער אַנדערער זייט האָט זי זיך אויך געוואָלט באַשיצן קעגן דעם אָנפלייץ פון ייִדן, וואָס האָבן נאָך געקענט קאַליע מאַכן די מערכה זייערע. דערפון איז אַרויסגעוואַקסן די פילאַנטראָפּישע באַציִונג צו די מיזרח־ייִדישע אימי־גראַנטן מצד די יאַהודים. אַפילו דער זייער סימפּאַטישער דזשעיקאָב שיף האָט געוואָלט אי־דעיִש „אויסמענטשלען״ די ייִדישע אימיגראַנטן, דער עיקר אַז זיי זאָלן זיך נישט וואַרפן אין די אויגן פון נישט־ייִדן. ער האָט דערפאַר געגרינדעט אַ באַזונדערע באַנק, — געהייסן האָט זי „סטעיט־בענק״, — זאָלן ייִדן נישט גיין אין די גויִשע בענק און מיט זייער אימיגראַנטישן אויפפיר פאַרשוואַרצן דאָס פּנים פון די יאַהודים... די ייִדן פון „אָפּטאַון״ האָבן אויפגעשטעלט אַן „עדיוקעישאָנעל עלאַיענס״, — אַ בילדונגס־אַליאַנץ, — צו האַלטן די גרינע מיזרח־ייִדן דער־ווייטערט פון דער וועסט־סאַיד און צו דער אייגענער צייט זיי צו לערנען די תורה פון אַמערי־קאַניזאַציע. דער דרך איז געווען ביז די מיזרח־ייִדן וועלן ווערן „מענטשן״, איז גלייכער זיי צו האַלטן דערווייטערט. די יאַהודים זיינען אַראָפּגעקומען צו די ייִדן אויף דער איסט־סאַיד, אָבער זיך געהיט, אַז זיי, די איסט־סאַידער, זאָלן נישט אַרויפקומען, חלילה, צו זיי, אויף דער וועסט־סאַיד.

דערפון איז אַרויסגעוואַקסן, אַז דאָס ייִדישע כלל־לעבן האָט זיך אַנטוויקלט נאָר אין דער ראַם פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, נישט אויפן פאַרנעם פון אַ קהילה. די צדקה־אַנשטאַלטן זיינען כמעט דורכאויס געלעגן אין די הענט פון די יאַהודים, מיט קרקע האָט זיך פאַרזאָרגט יעדער לאַנדסמאַנשאַפט באַזונדער. פון פּאָליטישער שוץ האָט בכלל קיין רייד נישט געקענט זיין, וואָרעם פּאָליטיש איז דער ייִד געווען אַזוי פריי, ווי די אַנדערע אימיגראַנטישע גרופּעס אין לאַנד. דער עיקר אָבער, — די יאַהודים האָבן מורא געהאַט פאַר אַן אָרגאַניזירטן ייִדישן לעבן.

אַנדערש, דאַכט זיך מיר, איז געווען אין אַרגענטינע. דער ייִדישער אימיגראַנט פון מיזרח־איירפּע האָט מיט די שפּאַנישע ייִדן נישט געהאַט די מינדסטע שייכות. די שפּאַנישע ייִדן זיי־

נען געווען אַזוי ווייט פון אונדזערע ייִדן, אַז זיי האָבן אַפילו נישט געטראַכט פון נעמען זיי אונ־טער זייער שוץ. זיי האָבן זיך בכלל מיט זיי נישט אָנגעקערט. האָט דער ייִדישער אימיגראַנט געמוזט אויף אייגענעם אַחריות אויפבויען דאָס כלל־לעבן זיינס. קיינער האָט דעם ייִדישן אי־מיגראַנט קיין טובה נישט געוואָלט טאָן, האָט ער זיך אַליין געמוזט טאָן אַ טובה...

נאָך אַנדערע סיבות זיינען געווען, — דער ייִדישער אימיגראַנט האָט זיך געמוזט באַשיצן קעגן אייגענע עלעמענטן און נאָר אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן האָט ער עס געקענט טאָן. נאָר צו וואָס אַריינגיין אין פּיינלעכע דערמאָנונגען?

את חטאי אני מזכיר: מיט יאָרן צוריק האָב איך אָנגעשריבן אַ ליד, ווו איך האָב אַ ביסל שפּאָ־טיש גערעדט דערפון, וואָס אונדזער לעבן אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן פון טויט, — פון קרקע. מיט די יאָרן, מיט דערוואַקסנקייט, האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, ווי טיף איינגע־וואָרצלט אין אונדזער פאָלקס־טראַדיציע איז די קרקע. זי ציט זיך נאָך פון אַברהם־אָבינו, וואָס האָט ביי עפרונען אויסגעדונגען פאַר פיר הונדערט זילבערשטיק אַ שטיקל ערד, דאָרטן מקבר־צו־זיין די אָפּגעשיידטע פון זיין מישפחה. דאָס איז טאַקע די מערת־המכפלה, ווו אונדזערע אָבות און אמהות רוען. אין דער תנכישער ייִדישקייט איז דער ייִד „איינגעזאַמלט געוואָרן צו זיין פאָלק״ (ויאסף אל עמו) איז די קרקע אַ טיף־איינגעוואָרצלטע טראַדיציע אין אונדזער פאָלק.

זאָג איך עס אַקעגן דעם, וואָס דאָס ייִדישע קהילה־לעבן אין בוענאָס־איירעס האָט זיך אַנט־וויקלט פון דער חברה־קדישא, — פון דער קרקע, ווו דער ייִד איז „איינגעזאַמלט געוואָרן צו זיין פאָלק״. נאָר אַנדערש ווי ביי אונדז אין צפון־אַמעריקע, איז די חברה־קדישא אין בוענאָס־איירעס געווען אַ כללישע, נישט פון באַזונדערע לאַנדסמאַנשאַפטן. דאָס ייִדישע געזעלשאַפט־לעכע לעבן אין אַרגענטינע האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן פון טויט, אָבער ביי אונדז איז טויט — לעבן. אין אונדזער גלותדיקן איבערוואַנדער פון לענדער צו לענדער איז אַ ישוב געוואַקסן דאָרטן, ווו ס׳איז געווען אַ בית־תפילה און אַ בית־עלמין.

די אַנטוויקלונג פונעם כלל־לעבן אין אַרגענטינע איז דערפאַר אַ פאָלקישע, וואָס ער איז געגאַנגען אויפן דרך פון אונדזער פאָלקס־גאַנג אין דער וועלט. די קהילה איז אַרויסגעוואַקסן פון דער חברה־קדישא און האָט שוין ביים סאַמע אָנהייב געהאַט דעם מענטש־אוצר, וואָס איז „איינ־געזאַמלט געוואָרן צו זיין פאָלק״.

אַ ביסל געשלאָגן איז דער ישוב געווען אויפן בית־תפילה. נאָר דאָ איז בייגעשטאַנען דער ייִדישער זאָג: „לעבן צווישן גויים און שטאַרבן צווישן ייִדן״. דאָ איז אויך מערקווירדיק ווי אַנ־דערש ס׳איז געווען דער דרך פונעם ייִדן אין אַרגענטינע, ווי אין צפון־אַמעריקע. צו דער בית־תפילה האָט דער ייִד אין אַרגענטינע אָנגעהויבן צו קומען דורכן פאַרדרייטן שליאַך פונעם בית־עלמין. די קהילה אין בוענאָס־איירעס איז אַ וועלטלעכע, אָבער אַפילו אַז זי האָט זיך נישט אָפּ־געקערט פון איר וועלטלעכקייט, איז זי געקומען צום באַוווסטזיין, אַז אָן דעם שורשדיקן ייִדישן לעבנס־שטייגער, — אָן דער בית־תפילה, אָן דער ישיבה, אָן טראַדיציאָנעלע לעבנס־פירונגען, — פעלט אין ישוב דער אייביקער ייִדישער פונדאַמענט.

אָט־די צעוואָרפענע מחשבות זיינען מיר געקומען בעת איך האָב זיך פאַרטראַכט איבערן פענאָמען פון ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע. פריִער האָב איך געזאָגט, אַז דער ישוב האָט שווער געהאָרעוועט צו געווינען פאַר זיך אַ חשוב אָרט אינעם פאָלקישן וועלט־פאַרנעם אונדזערן. ער האָט געדאַרפט בייקומען אַ סך שטרויכלונגען, אָפּוואַשן פלעקן פון זיך, זיך ראַנגלען פאַרן „ובערת הרע מקרבך״. ער איז פונעם געראַנגל אַרויסגעקומען מאָראַליש ריין און נאַציאָנאַל לויטער. אינעם געראַנגל איז ער פאָלקיש געשטאַרקט געוואָרן.

מיין שוועסטערקינד, וואָס פון מיינע קינדער־יאָרן געדענק איך די צוואַלגערטע שטוב זיינע, איידער ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע, צו אַרבעטן ערד, — און די אַנדערע טויזנ־טער ייִדן, וואָס זיינען „געגאַנגען אויף ערד״, האָבן צוגעטראָגן גאָר אַ גרויסן צוטראָג צום אויס־לייטער פונעם ישוב. געדענק איך אויך די גרויסע קריג קעגן דעם באַראָן הירש, אָבער אינעם היסטאָרישן צוריקקוק, איז אפשר געקומען די צייט איבערצושאַצן די באַראָן הירש־עפּאָכע. דער עיקר: וואָס דער איצטיקער ישוב אין אַרגענטינע האָט פון איר אָפּגעשפּאָרט.

**אהרן אַלפּערין** (ניו־יאָרק)

# די אַלט-נייע יידישע פעסטונג, וואָס איז אָפּגעהיטן געוואָרן אין אַרגענטינע

מיינע ערשטע ווערטער, ווען איך הייב אָן שרייבן וועגן דער יידישער קהילה אין בוענאָס־איירעס און בכלל וועגן דער אָרגאַניזירטער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַרגענטינע, וואָלטן געדאַרפט זיין:

מיר זיינען שולדיק אייך אַ דאַנק, און מיר האָבן דעם חוב אייך אויסצודריקן אונדזער אָנער־קענונג.

אונדזער דאַנק זיינען מיר אייך שולדיק פאַר אייער גרויסן אויפטו אויפצוהאַלטן דעם טיפּ פון דער היימישער יידישער קהילה. עס איז שוין אויפגעשטאַנען ביי אונדז אַ דור, וועלכער האָט נישט קיין פאַרשטעלונג — און פילט נישט קיין טעם — וועגן דעם וואָס עס איז אַמאָל געווען די יידישע קהילה, וועלכע האָט עקסיסטירט במשך פון אַזוי פיל דורות אין יידישן לעבן אין אייראָפּע. ליידער איז אָט די אייגנאַרטיקע צענטראַלע יידישע אינסטיטוציע, אויף וועלכער עס האָט זיך געשטיצט דער אָרגאַניזירטער קיום פון יידישן פאָלק יאָרהונדערטער־לאַנג, איצט שוין בלויז אַן ענין פון פאָרשונגען פאַר היסטאָריקער און סאָציאָלאָגן. די פון אונדז, וועלכע האָבן נאָך געזען די יידישע קהילות אין דער פריערדיקער מיזרח־אייראָפּע ביי זייער אַרבעט, באַזונדערס אין דער תקופה צווישן די צוויי וועלט־מילחמות, וייסן וואָס פאַר אַ ראָל זיי האָבן געשפּילט אין יידישן כלל־לעבן. מיר ווייסן, אַז די קהילה איז געווען אונדזער „נאַציאָנאַלע היים", אַז די קהילה האָט צעמענטירט און דיסציפּלינירט אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט. מיר ווייסן, אַז אַפילו אין די לענדער ווו די יידישע ישובים האָבן אָפיציעל נישט געהאַט קיין קולטורעלע אויטאָנאָמיע און ווו די יסודות פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג זיינען לויט די רעגירונגס־סטאַטוטן נישט געווען אַזעלכע זיכערע — האָט די קהילה פּאַקטיש פאַרגעשטעלט מיט זיך דעם צענטער פון יידישן אויטאָנאָמען לעבן. אין דער אַרבעט פון די קהילות, אויך פון די נישט־דעמאָקראַטיש־געוויילטע, איז אַריינגעבראַכט געוואָרן דער ברייטסטער פאַרנעם, אָפּט מאָל אַ סך איבער די מעגלעכקייטן; אין דער קהילה האָט זיך אויסגעדריקט אונדזער נאַציאָנאַלע אַחריות. נישט בלויז פאַר די לאָקאַלע, קולטורעלע און סאָציאַלע הצטרכותן האָט די קהילה געזאָרגט אויף אַן אָרגאַניזירטן און פאַראַנטוואָרטלעכן אופן. אויך די פּראָבלעמען פון וועלט־יידנטום, און גאָר באַזונדערס אונדזער הויפּט־פּראָבלעם — די אידייע און די זאָרג פאַר דער ווידער־אויפ־ריכטונג פון יידישן היימלאַנד — האָבן געפונען זייער שטאַרקן אויסדרוק אין דער אַרבעט פון די קהילות. נישט איין דיסקוסיע וועגן ארץ־ישראל אין דער אַמאָליקער גרויסער, דעמאָקראַ־טיש־געוויילטער, יידישער קהילה אין וואַרשע קען אין דער פאָרם און אין דעם טאָן — אויב נישט אין תוכן — דערמאָנען אָן אַ דעבאַטע אין דער איצטיקער כנסת אין ירושלים. און איך בין נישט מגזם.

די מערסטע קהילות אין מיזרח־אייראָפּע, אין דער תקופה צווישן די צוויי וועלט־מילחמות, זיינען טאַקע געווען אונטער ציוניסטישער פירערשאַפט. און די ציוניסטישע פאָרשטייער אין די קהילות פלעגן אויך מיט רעכט זאָגן, אַז דעם פאַרלאַמענטאַריזם — וואָס איז געווען דער יסוד פון די פאַרהאַנדלונגען און פון דער פונקציאָנירונג פון די קהילות — האָבן מיר אַראָפּגעלערנט פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן. אין דער אַטמאָספער פון די גרויסע יידישע קהילה־פאַרוואַלטונ־

גען אין דער אַמאָליקער מיזרח־איירָאָפּע, אין די עפנטלעכע פאַרהאַנדלונגען, האָט זיך געפילט עפּעס פון דער סביבה און פון דער שטימונג פון דעם ציוניסטישן קאָנגרעס אין די פריִערדיקע צייטן, פון דעם פאַרלאַמענט פון דער „ייִדישער מדינה אונטערוועגנס״.

געוויס, עס זיינען געווען גוטע און שלעכטע קהילה־פאַרוואַלטונגען און קהילה־ראַטן; איך האָב געקענט ביידע מינים. אָבער איך בין זיכער, אַז איך וועל נישט אַנטוישן קיינעם, ווען איך וועל זאָגן, אַז מיר בענקען שוין איצט נאָך די קהילה־פאַרוואַלטונגען און קהילה־ראַטן, וועלכע זיינען אונדז דעמאָלט נישט געווען באַזונדערס צום האַרצן פון ציוניסטישן און פון נאַציאָנאַל־ייִדישן שטאַנדפונקט.

שרייב איך אָבער נישט די דאָזיקע ווערטער בלויז צוליב נאָסטאַלגיע. עס איז שוין גאָר נישט קיין ענין פון בלויזן בענקען נאָך דעם אַמאָל, וואָס איז שוין מער נישטאָ. עס איז אויך נישט קיין ענין בלויז פון ירושה, וואָס מיר דאַרפן האַלטן טייער און וויסן ווי אָפּצושאַצן. עס איז אַ פראַגע פון אַקטועלן קיום. עס האַנדלט זיך וועגן אַ דרינגנדיקער נויטווענדיקייט פאַר אויפהאַלטן אונדזער ייִדיש לעבן, פאַר פאַרזיכערן אונדזער המשך, וועגן וואָס מיר רעדן אַזוי פיל און טוען אָפט — לײדער — זייער ווייניק.

דעריבער טאַקע האָב איך אָנגעהויבן מיין אַרטיקל מיט אויסדריקן אַ דאַנק און אָנערקע־נונג דער ייִדישער קהילה אין בוענאָס־איירעס — וועלכע איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט און דעם גרויסן נחת צו זען פון דער נאָענט ביי איר אַרבעט. איך מיין, אַז עס וואָלט געווען אַ גוטער און שטאַרק געווונטשענער פּלאַן צו אָרגאַניזירן דעלעגאַציעס פון ייִדישע עסקנים און פאַר־שטייער פון אַנדערע לענדער, וועלכע זאָלן פאָרן באַזוכן די ייִדישע קהילה אין בוענאָס־איירעס און זיך באַקענען מיט דעם אופן פון איר פונקציאָנירונג און מיט דעם פאַרנעם פון אירע טעטי־קייטן. איך גלייב, אַז אַ סך פון זיי וואָלטן שפּעטער באַקומען דעם חשק נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פון דער אָרגאַניזירטער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט אין דער הויפּטשטאָט פון אַרגענטינע.

ווייל מיר פאַרגעסן אַ סך מאָל און גיבן זיך אפשר אין גאַנצן נישט אָפּ קיין דין־וחשבון וועגן דעם, אַז מיר זיינען איצט אין די תפוצות אויף אַ זייער וויכטיקן געביט פון ייִדישן כלל־לעבן, אַ סך צוריקגעשטאַנענער, ווי אין די צייטן פון הערצלען, ווען די שאַרפע און מיאוסע אַסימילאַציע האָט אַרויסגעריסן גאַנצע שטיקער פון די ייִדישע ישובים. הערצל האָט געוואָרפן די לאָזונג: „כבשו את הקהילות!״ היינט צו טאָג האַלטן מיר ביי אַ פיל פריִערער און מער פּרי־מיטיווער סטאַנציע; איצט מוזן מיר ערשט אַרויסקומען מיט דעם רוף: „שאַפט קהילות!״

ציוניסטן האָבן אויפגענומען הערצלס לאָזונג און האָבן אַ סך דערגרייכט אין די ייִדישע קהילות אין מיזרח־איירָאָפּע — באַרייכערנדיק אַ דאַנק דעם דאָס ייִדישע לעבן בכלל און ציו־ניזירנדיק די פאַראַנטוואָרטלעכע ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט, אַז זי זאָל זיך דערהייבן צו דער נויטיקער הויך אין דעם קאַמף פאַר דער ייִדישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל און אין דער אויפגאַבע פאַר בויען דאָס ייִדישע היימלאַנד.

ציוניסטן דאַרפן אויך איצט פאַרשפּרייטן און פאַלגן דעם רוף וועגן שאַפן ייִדישע קהילות. דאָס איז אַ ציוניסטישער חוב און דאַרף אַריינגיין אין פּראָגראַם פון דער אַרבעט פון דער ציו־ניסטישער באַוועגונג און פון די ייִדישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע געפינען זיך אונטערן ציוניסטישן איינפלוס. וואָלט דאָס נישט געווען אַ נויטיקע אויפגאַבע און אַ וויכטיקער ציל פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע, ווי דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס, צו דערמוטיקן און טאַקע העלפן שאַפן פּאַראייניקטע, דעמאָקראַטיש־געוויילטע ייִדישע קהילות אין די ישובים, וועלכע מיר האָבן נאָך איצט אין די לענדער פון דער פרייער וועלט?

דעמאָלט וואָלט דאָס זיכער געמיינט, אַז מען דאַרף זיך אַראָפּנעמען אַ ביישפּיל פון דעם פאַראַנטוואָרטלעכן ייִדישן כלל אין בוענאָס־איירעס, פון דעם אופן, ווי אַזוי ער האָט געשאַפן, אָרגאַניזירט און אַוועקגעשטעלט אויף אַזעלכע זיכערע און ברייטע יסודות אַ פאָלקסטימלעכע ייִדישע קהילה, וועלכע ווייסט וועגן איר אַחריות פאַרן ייִדישן לעבן אין גאַנצן לאַנד און דער־פילט מיט אַזוי פיל ווירדע אירע התחייבותן.

דאָס איז געווען מיין שטאַרקער איינדרוק, ווען איך האָב באַזוכט די יידישע קהילה אין בוענאָס־איירעס. און זינט דעמאָלט בין איך נאָך מער געשטאַרקט געוואָרן אין מיין איינדרוק — און אין דער דאָזיקער פעסטער איבערצייגונג מיינער — נאָכפאָלגנדיק דעם גאַנג פון דער אַר־בעט און דעם גייסט פון דער אַנטוויקלונג פון דער דעמאָקראַטישער פאָלקסטימלעכער יידישער קהילה אין דער אַרגענטינער הויפּטשטאָט, וועלכע האָט אויך אָרגאַניזירט און פאַראייניקט די יידישע קהילות איבער דער גאַנצער אַרגענטינער רעפּובליק.

ווייס איך זייער גוט, אַז יידן אין אַרגענטינע לעבן איצט דורך שווערע צייטן. איך ווייס, שרייבנדיק די דאָזיקע ווערטער, אַז יידן אין בוענאָס־איירעס האָבן איצט דורכגעמאַכט נישט איין שווערן טאָג. אָבער צי זיינען מיר טאַקע שוואַכער אין גייסט און אין מוט פון אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס, וועלכע האָבן ביי די גרעסטע צרות אין יידישן לעבן נישט אָפּגע־לאָזן די הענט, נישט פאַרנאַכלעסיקט זייערע פליכטן לטובת הכלל, נישט פאַרקלענערט די אַר־בעט פון די קהילות, נאָר להיפוך, זי אויסגעברייטערט און פאַרשטאַרקט, בכדי נאָכצוקומען די פאַרגרעסערטע באַדערפענישן און דערפילן די פאַרמערטע התחייבותן?

איך ווייס, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכע מנהיגים פון אַרגענטינער יידנטום וועלן נישט ווערן שוואַכער ביי זיך. איך ווייס, אַז דער יידישער כלל אין אַרגענטינע גיט זיך אָפּ דעם געהעריקן דין־וחשבון וועגן זיין נאָך מער אויסגעוואַקסענער אַחריות.

די זיכערקייט פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע איז שוין שטאַרקער מיט דעם, וואָס עס עקזיסטירט און פונקציאָנירט אין בוענאָס־איירעס און אין די אַנדערע גרויסע און קלענערע שטעט פון לאַנד די אַלט־נייע יידישע פעסטונג, די פאָלקסטימלעכע יידישע קהילה, וועלכע דאַרף קענען — און וועט קענען — זיך אַן עצה געבן מיט די נייע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען. די שאַפער פון דער יידישער קהילה אין בוענאָס־איירעס זיינען געווען עסקנים מיט אַ וויטן קוק. די איצטיקע אָנפירער פון דער קהילה זיינען מנהיגים מיט גרויס אַחריות.

וויסנדיק וועגן דעם, פילט מען זיך אויך זיכערער אין דער ברייטער יידישער וועלט וועגן דעם גורל פון אַרגענטינער יידנטום.

ניו־יאָרק, כ״ד בסיון תשכ״ב (26סטער מאַי 1962)



שלמה ביקל

# די יִידישע אַרגענטינע

## דריי באַמערקונגען פון אַ גאַסט אויף אַ ווייל

### א. די קהילה

אפילו דער אמת קאָן אַמאָל קלינגען ווי אַ גוזמא, דערעיקרשט ווען מען קוקט אויף אים פון דער נאָענט און מען זעט אים נישט אין דער פערספעקטיוו פון צייט.

אַזוי קאָן זיך אַ יִידן, וואָס איז אַ מיטגליד פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה און איז מיט איר היימיש און האָט זיך נישט גענומען די מי זיך אַוועקצושטעלן אין אַ היסטאָרישער דיס־טאַנץ צו איר, אויסדאַכטן אַז עס איז אַ גוזמא ווען איך וועל זאָגן, אַז עס איז נישט געווען אַזאַ קהילה ווי די בוענאָס־איירעסער אין דער יִידישער געשיכטע.

וואָס הייסט, וועט דער היימישער יִיד, וואָס האָט פיינט גוזמאות זאָגן: און די גרויסע אַמאָ־ליקע יִידישע קהילות אין אייראָפּע? די וואַרשעווער, די ווינער, די פּראָגער, די ווילנער און די לעמבערגער קהילה? און ווו זיינען ערגעץ די אַמאָליקע אויטאָנאָמע יִידישע קהילות פון „ועד ארבע הארצות״? און די יִידישע אויטאָנאָמיע פון נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה אין דער אומאָפּהענגיקער ליטע?

זיינען די אַלע דערמאָנטע קהילות נישט געווען גרעסער און היסטאָריש פאַרנעמיקער ווי די קהילה אין בוענאָס־איירעס? אוודאי און אוודאי גרעסער. גרעסער אין כמות און פאַר־נעמיקער מיט זייערע אויפטועון איבער יאָרן און איבער דורות. אָבער קיינע פון זיי קאָן זיך נישט פאַרגלייכן מיט דער בוענאָס־איירעסער קהילה מיטן אופן פון איר אויפקום.

וואָרום אַלע יענע דערמאָנטע גרויסע און נאָך גרעסערע קהילות האָבן אין אַזאַ אָדער אין אַן אַנדערער מאָס אויסגעפילט אַן אָפיציעל־מלוכהשע פונקציע. דער יסוד פון אַלע קהילות איבער דער לענג פון אונדזער נייציייטישער געשיכטע איז געווען אַ פּריווילעגיע מצד דער מלוכה אָדער גאָר אירער אַ קאָסע־אינטערעס. די מלוכה האָט די קהילה באַזאָרגט מיט אַן אָרגאַניזירונג־געזעץ און האָט זי געמאַכט פאַר אַן אַמאָל מער און אַמאָל ווייניקער, אָפיציעלער אינסטיטוציע. אַפילו די קהילות אין דער צאַרישער רוסלאַנד, וואָס האָבן צום ווייניקסטן געהאַט עפנטלעכע פונקציעס, האָבן אויך געקאָנט באַשטיין נאָר ווייל די מלוכה האָט זיי באַזאָרגט מיט אַן אומדירעקטן שטייער אויף בענטשליכט און אויף כשר פלייש.

די קהילה פון די אַרגענטינער יִידן פילט נישט אויס קיין שום מלוכהשע פונקציעס און געניסט נישט פון קיין שום שטאַטלעכע פּריווילעגיעס. זי איז אויפגעקומען דורך דעם פּרייוויליקן אימפּולס פון יִידן צו שאַפן אַ פאָרעם פאַר זייער קהילה־לעבן אין אַ פרעמדן אַרום און זי באַשטייט מיטן דאָזיקן כוח פון פּרייוויליקייט.

ווער עס קוקט אויף דעם בנין פון פּאַסטעור 633 מיט אַ ביסל קענטעניש פון יִידישער היסטאָריע, מוז פריידיק שטוינען איבער דעם ספּעקטאַקל פון דער יִידישער קהילה אין בוענאָס איירעס און אין די אַנדערע אַרגענטינישע שטעט (איך האָב געזען אויך די קהילות אין לאַ פּלאַטאַ און אין קאָרדאָבאַ), וואָס זיינען געוואָרן נישט צענטערן, נאָר די צענטערן פון יִידישן לעבן אַ דאַנק און אויסשליסלעך בלויז אַ דאַנק, דעם פרייען ווילן פון דער יִידישער באַפעלקערונג, צו זיכערן איר קיום דורך געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזירטקייט און דיסציפּלין.

אין אַרגענטינע, וואָס איז מיט אירע פיר הונדערט פופציק טויזנט יידן נאָך צפון־אַמעריקע און נאָך ישראל דער דריט־גרעסטער יידישער ישוב אין דער פרייער וועלט, איז די יידישע קהילה אין איר פולן בלי.

זעכציק פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג צאָלן דער קהילה פרייוויליק זייער יערלעכן שטייער און די חברה־קדישא מיט אירע הכנסות האָט זיך פרייוויליק געשטעלט אין דינסט פון דער קהילה. די חברה קדישה פראַוועט נישט קיין ספּעראַטן שבת פאַר זיך און טוט נישט קיין טובות דער קהילה מיט איר סובסידיע, ווי איך געדענק דאָס פון דער רומעני־שער הויפּטשטאָט בוקאַרעשט, נאָר זי איז אַן אינטעגרירטער, אַקטיווער טייל פונעם קהילה־בודזשעט אָן פּרעטענזיעס אויף אויטאָ־פּאַרוואַלטונג.

עס איז אַן אויסטערליש־שיינער און דערהויבענער אויפטו פון דער יונגער יידישער עמיגראַציע אין אַרגענטינע.

## ב. חינוך

די צענטראַלע פּראָבלעם פון דער יידישער אַרגענטינע איז, פאַרשטייט זיך, ווי אין אַלע יידישע וווין־לענדער, די פּראָבלעם פון יוגנט־דערציונג. איז, לאָמיר דאָ זאָגן פון לכתחילה, אַז שולן פעלן נישט. די שולן זיינען היפש אין צאָל און זיי מאַכן אַן איינדרוק מיט דער גרויס און מיט דער רחבות פון די בנינים און, בלי ספק, אויך מיט די לערן־דערגרייכונגען פון די תלמידים. איז מען נאָך דערצו מוסיף די אינטענסיווע אַטמאָספער פון נאַציאָנאַלן אידעאַליזם מצד די שול־טוער און לערער אַרום די שולן און אַרום די טויזנטער שילער אין עלטער צווישן פיר און זיבעצן, באַקומט זיך אין פלוג אַ בילד פון אַ ישוב, וואָס דאַרף מער אָדער ווייניקער זיין באַוואָרנט קעגן די סכנות פון אַסימילאַציע.

די שלום־עליכם־שול האָט די גרעסטע שילער־באַפעלקערונג און זי מאַכט דעם איינדרוק פון אַן אמתער חינוך־אימפּעריע. דער באַזונדערער ניואַנס פון דער שלום־עליכם־שול איז פאַר מיר געווען דער לימוד פון יידיש־ליטעראַטור אין איינער פון די מיטל־שול־קלאַסן. אין דער שלום־עליכם־שול לייגט מען דעם טראָפּ אויף יידיש. די שילער האָבן נישט נאָר איבערדער־ציילט אין אַ פליסיקן יידיש, וואָס מען האָט געלייענט, נאָר זיי האָבן אין די ענטפערס אויפן לערערס פראַגעס אַרויסגעוויזן אין אַ געוויסער מאָס ליטעראַרישע בקיאות. זיי האָבן אויפגע־כאַפּט דעם לערערס אַסאָציאַציעס צו פריער־געלייענטע ווערק.

אין פּראָצענטן אויסגעדריקט, וואָלט איך געזאָגט, אַז אין דער שלום־עליכם־שול־אימ־פּעריע איז די פּראָפּאָרץ צווישן יידיש און העברעיש זעכציק צו פערציק, בעת אין דער ביאַ־ליק־שול, איז די פּראָפּאָרץ פונקט אַ פאַרקערטע. אין דער ביאַליק־שול בין איך בייגעווען אין אַ קלאַס, ווו מען האָט געקנעלט די חומש־מעשיות וועגן יציאת־מיצרים. און דער קנעלערישער אופן פון לערנען האָט מיך באַאיינדרוקט ווי דער ספּעציפישער שטריך פון די לימודים אין אָט דעם לערן־אַנשטאַלט. סיי דער לערער און סיי דער דירעקטאָר האָבן נישט אויפגעהערט צו פאָדערן ביי די תלמידים דעם „ווי אַזוי שטייט אין פסוק״. מיר איז דער דאָזיקער „ווי אין פסוק שטייט״ ליב געווען. עס האָט מיך פאַרן מאָמענט ערגעצוווּ באַרויִקט, וואָרעם ס'האָט דערמאָנט אַז מיט דעם „ככתוב״ און מיט דעם „כאמור״ האָט מען אין די חדרים אַוועקגעלייגט אויף תמיד דעם יסוד פאַר מיין און מיינסגלייכן יידישקייט.

הינטער דער שלום־עליכם שול שטייט די פּאַרטיי פון לינקע פועלי־ציון; הינטער דער ביאַליק־שול — די מפא״י; די פּרץ־שול געפינט זיך אונטער דער השגחה פון דער בונדישער גרופּע. און דער ניואַנס, וואָס האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אין דער פּרץ־שול איז נישט אַזאַ, וואָס מאַכט די שול אַנדערש ווי די אַנדערע, נאָר פאַרקערט, אַזאַ וואָס באַהעפט זי סיי אין

לערן־פּראָגראַם און סיי אין דער אַטמאָספער מיט אַלע אַנדערע שולן, וואָס הייסן: ביאַליק, שלום־עליכם, ווייצמאַן און מדינת־ישראל.

עס איז געווען אין די יום־טוב־טעג פון „חג־העצמאות״ און די בונדישע פּרץ־שול איז אי מיט די פאַרביקע פּלאַקאַטן אויף די ווענט פון דער אוידיטאָריע, אי מיטן געזאַנג און אי מיט די מעשיות. וואָס די לערער האָבן דערציילט די יינגערע און געלערנט מיט די עלטערע קינדער. נישט אָפּגעשטאַנען מיט גאָרנישט פון די ציוניסטישע אַרבעטער־שולן. מיר איז די דאָזיקע אחדות אין די ייִדישע שולן אַרום דעם אויפקום און קיום פון מדינת־ישראל זייער ניחא געווען. און ס׳איז מיר געווען צום האַרצן דאָס גרויסע פּלאַץ (סטאַטיסטיש, לויט דער אינפאָרמאַציע פון די שול־אינספּעקטאָרן, אַרום 40 פּראָצענט) וואָס העברעיִש פאַרנעמט אין דער פּרץ־שול.



דער פּרעזידיום פון דער קהילה מיטן גאַסט ד״ר שלמה ביקל. עס זיצן פון לינקס צו רעכטס: הרב הראשי יעקב פינק, ד״ר שלמה ביקל, ד״ר ט. קאַמענשטיין, אליעזר פרידמאַן, אשר גראָקאָפּ. עס שטייען: ד. שפּיגעל, משה האָניק, מ. גלאַזערמאַן, ד״ר ד. רויזין, ד. קולאַקאָווסקי.

ייִדיש און העברעיִש זיינען, אין זינען פון דערציִונג, אַבסטראַקציעס. זיי האָבן נישט דעם קאָנקרעטן רעליגיעזן ווערט פון מדינת־ישראל און אוודאי נישט דעם פון ייִדישן דת און פון ייִדישן שטייגער, וואָס איז אונדזער דור און צום טייל די קינדער פון אונדזער דור, נאָכגעגאַנגען אין חדר אַריין און אויך צו דער ייִדיש־וועלטלעכער שול.

איך האָב נישט געקענט נענטער די צישאָ־שולן אין פּוילן. אָבער אויף וויפל איך ווייס, איז זייער אַטמאָספער געווען אַ סאָציאַליסטישע און אַ סאָציאַליסטיש־ארץ־ישראלדיקע. און די אידייע פון סאָציאַליסטישער גאולה איז נאָך אַלץ אַ קאָנקרעטערער רעליגיעזער ענין ווי סתם שפּראַך און ליטעראַטור, ייִדיש אָדער העברעיִש.

דעם ייִדיש־וועלטלעכן חינוך אין אַרגענטינע פּעלט, לויט מיין איינדרוק, און אפשר טאַקע לפי דעתי, די ייִדישע שטוב ווי אַן אַרויספאַר־האַפן און עס פעלט אים אַ רעליגיעזע צענטראַל־אידייע ווי אַ האַפן פון ראַטונעק.

ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט זיין איז עס אָבער פאָרט אַ פאַקט, אַז די ייִדישע שטוב אין אַר־גענטינע איז שפּראַכלעך און שטייגעריש ווייניקער ייִדיש ווי ביי אונדז אין צפון־אַמעריקע, און דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז אָן אַן ערך וועלטלעכער ווי דאָ אין די פאַראייניקטע שטאַטן. לפי ערך זיינען פאַראַן אַ סך מער ייִדיש־רעדנדיקע יונגע טאַטע־מאַמע אין אַרגענ־טינע. אָבער טראָץ דעם איז אין דער פּראַפּאָרץ פאַראַן ווייניקער, אַ סך ווייניקער, ייִדיש לשון און ייִדישער שטייגער אין זייערע שטיבער ווי ביי אונדז אין אַמעריקע. עטלעכע שעה אין טאָג לערנען די קינדער ייִדיש און קנעלן העברעיִש אין די צוגאָב־שולן און פראַוען צו ביסלעך אויך ייִדישן שטייגער (סדרים, חנוכה־יום־טובים און פורים־שמחות), אָבער ווען זיי שפּאַנען אַריבער די שוועל פון טאַטע־מאַמעס שטוב געפינען זיי גאָר נישט, נישט פון ייִדיש לשון און נישט פון ייִדישן שטייגער. זייערע טאַטעס, אַפילו אַז זיי זיינען עסקנים, רעדן זיי בלויז ייִדיש ווען זיי „נעמען אַ וואָרט", אָבער אַזוי צווישן זיך, פּריוואַט און עפנטלעך, רק שפּאַניש.

און ס'איז נישטאָ ווי אין צפון־אַמעריקע די „סאָבוירב"־ייִדישקייט, וווהין ס'פּאַלן אַריין בעל־כרחה טויזנטער און אָבער טויזנטער גראַדואַנטן פון ייִדיש־וועלטלעכע שולן און פון „סאַנ־די־סקולס" און אַפילו די, וואָס זייער איינציקע ייִדישקייט־דערמאָנונג איז בלויז אַ בר־מצווה־פייערונג.

אין אַרגענטינע גייט דער גראַדואַנט אַרויס פון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול און פאַלט אַריין אין לעבן ווי אין אַ חלל אַריין. ס'איז נישטאָ אַפילו יענע סאָציאַלע „סאָבוירב"־ייִדישקייט וואָס זאָל אים קענען פאַרלאָקן אונטער איר שוץ און אים געבן די אילוזיע פון ייִדיש־פאָלקי־שער צוגעהעריקייט.

די פּראָבלעם פונעם ייִדישן חינוך אין אַרגענטינע איז בכן ראשית, וואַרייִרנדיק דאָס באַרימטע הערצלישע וואָרט, דער אומקער צו דער ייִדישער היים פאַרן אומקער צו דער ייִדי־שער שול, און שנית איז די פּראָבלעם צו מאַכן די ייִדישע רעליגיע, אין דער אָדער אין אַן אַנדערער פאָרעם, פאַר דער צענטראַל־אידייע פון דער ייִדישער דערציִונג.

איך מוז זאָגן לשבח פון די קהילה־פירער אין בוענאָס־איירעס, וואָס זיינען דורכויס וועלטלעכע ייִדן, אַז זיי האָבן די ריכטיקע זעונג פון די סכנות, וואָס לויערן אויפן ייִדישן חינוך און זוכן אַן אויסוועג אין דער „קלעריקאַליזירונג" פונעם ייִדישן לעבן. זיי ווילן פאַרשטאַרקן דעם כוח פון דער רבנות און האָבן אַפילו געגרינדעט אַ „רבנים־סעמינאַר". די ריכטיקע נאַ־ציאָנאַלע אינטויִציע זאָגט זיי אונטער אַז צו קיום מוז מען נעמען צו הילף אַחוץ די אידייע פון עם־ישראל און ארץ־ישראל אויך אים אַליין, דעם אלוקי ישראל. בלויז ווען ער, דער צון ישראל, איז אַ שטיק פעסטונג אין אונדזער לעבן, קאָן די וועלטלעכקייט אין קאַמף קעגן דער פעסטונג געדייען אָן שאַדן פאַרן פאָלקס־קיום. דאָס האָט שוין געוווסט דער טאַטע פון דער ייִדיש־ליטעראַטור און דער טאַטע פון דער ייִדיש־וועלטלעכקייט — יצחק לייבוש פּרץ.

## ג. כלל־טוער און עקספּערטן

די ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט אין צפון־אַמעריקע (אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אויך אין קאַנאַדע) איז אַ געזעלשאַפטלעכקייט פון עקספּערטן. אין יעדער אָרגאַניזאַציע, צי גרויס צי קליין, רעגירט דער ביוראָ־אַפּאַראַט. די כלל־טוער זיינען אין תוך נישט מער ווי דעקאָ־ראַטיווע פיגורן. די דירעקטיוון פון דער פּראַקטישער אַרבעט און אויך די דורכפירונג פון דער אידייִישער אָריענטירונג ליגט אין די הענט פונעם ביוראָ־אַפּאַראַט. אַוודאי ווערט די אַלגע־מיינע אידעיִשע ריכטליניע באַשטימט ביי דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון דער אָרגאַניזאַציע.

אָבער די אַלגעמיינע אידייע בלייבט מיט דער צייט נישט מער ווי אַ בלאָט שיינריידעריי פאַרן כלל־טוער, וואָס ברענגט אים אַריין שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. נאָכן כלל־טוער באַווייזט זיך אויף דער טריבונע דער עקספּערט, דער אָנפירער פונעם ביוראָ־אַפּאַראַט, און ער גיט אָפּ זיין אַרבעט־באַריכט. דער באַריכט פונעם עקספּערט רופט אַרויס ווייניקער אַפּלאָדיסמענטן, אָבער איז גורם מער קלאָרקייט וועגן „וואָס" און „וווהין" פון דער אָרגאַניזאַציע.

די אַמעריקאַנישע געזעלשאַפטלעכקייט, די יידישע ווי די נישט־יידישע, איז בדרך־כלל געיווינט צו טראַכטן נישט דעדוקטיוו, נאָר אינדוקטיוו. אויף איינפאַך מאַמע־לשון הייסט עס, אַז מען איז זיך דאָ נוהג צו קומען פון די פאַקטן צו דער אַלגעמיינער אידייע און נישט פאַרקערט, פון דער אידייע צו די פאַקטן.

אויך די גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, די פּאָליטישע און פילאַנטראָפּישע, ווערן דורכאויס געפירט און אידייִש מאָדיפיצירט פון זייערע עקספּערטן, פון זייערע ביוראָ־אַפּאַראַטן. די כלל־טוער הערשן בלויז, אָבער זיי רעגירן נישט. זיי לייענען „טראַן־רעדעס", וואָס ווערן סוגעסטירט און געשריבן פון די עקספּערטן. און וויכטיקער ווי דאָס: זייערע באַשלוסן ווערן נישט בלויז דורכגעפירט, נאָר אויך צוגעגרייט און באַשלאָסן איידער די כלל־טוער, די כלערליי פּרעזידענטן און „טשערלייט", באַשליסן זיי איינשטימיק.

אָבער די עקספּערטן־געזעלשאַפטן האָט אַחוץ אירע חסרונות אויך איר ביסל מעלות. איר הויפּט־מעלה איז, וואָס זי היט אויס פון אידייִשער דעמאַגאָגיע און פון טאַנדעטנע פּאָליטיק־מאַכעריי. און אויף אַ טייל געזעלשאַפטלעכע געביטן, ווי למשל, די געביטן פון דער־ציִונג און פון צדקה, איז דער עקספּערטן־אַפּאַראַט, ווי מיר דאַכט, ממש אַ ברכה.

מיין אַריינפיר איז אפשר אַ צו־לאַנגער צו דעם, וואָס איך האָב דאָ אינזינען צו זאָגן וועגן דעם ענין עסקנים ווערסוס עקספּערטן אין די לענדער פון דרום־אַמעריקע. אָבער מיר דאַכט, אַז דאָס בילד, וואָס איך האָב געפּרווט אויסמאָלן וועגן דער ממשלה פון עקספּערטן אין צפון־אַמעריקע, קאָן ממילא בדרך קאָנטראַסט דערציילן און קלאָר מאַכן וועגן דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין דרום־אַמעריקע, וווּ עס רעגירן די עסקנים.

זי איז פריש און אידייִש ברוויזנדיק די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין אַרגענטינע און נישט בלויז זיינען די עסקנים די וואָרטזאָגער, נאָר אויך די הויפּט־טוער אין די אינסטיטוציעס. איך פלעג אין בוענאָס־איירעס אַלעמאָל אַריינפאַלן אין התפעלות, ווען איך האָב געזען די נישט־באַצאָלטע קהילה־עסקנים (פּרעזידענט, וויצע־פּרעזידענט, גענעראַל־סעקרעטאַר, קאַסירער, סעקרעטאַר פון דער קולטור־סעקציע און קאָנטראָלער) פאַרברענגען טאָג איין, טאָג אויס לאַנגע שעהן אין קהילה־בנין, נישט בלויז ביי זיצונגען און אויפנאַמעס, נאָר טאַקע ממש אַריינגעטאָן אין שווערער רוטינערער ביוראָ־אַרבעט.

טייל פון די עסקנים — האָט מען מיר איבערגעגעבן — זיינען באַקאַנט מיט יעדן פּאַפּיר, וואָס קומט אַריין און גייט אַרויס פון זייער אָפּטיילונג. איך בין געוווינט פון ניו־יאָרק אַז דער ערשטער, וואָס קומט אייך אַנטקעגן אין אַן אינסטיטוציע איז דער אָנפירער פונעם ביוראָ־אַפּאַראַט. דורך אים פירט דער וועג צו די פּרעזידענטן, וויצע־פּרעזידענטן און ערן־סעקרעטאַרן. דאָ אין בוענאָס־איירעס און אין די אַנדערע דרום־אַמעריקאַנישע צענטערן — פּונקט פאַרקערט.

איז דאָס פון איין זייט, בלי ספק, געזונט און אַפילו דערהויבנדיק, וואָס די דרום־אַמעריקאַניש־יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז אין פולן בלי פון איר אידייִשן אידעאַליזם און וואָס אַזאַ גרויסע אינסטיטוציע ווי די קהילה קאָן נהנה זיין פון דער פרייוויליקער און מיט אַזאַ ברייטער האַנט געשענקטער אַרבעט מצד געזעלשאַפטלעכע טוער.

אָבער מקדמונים האָט יעדע אידייע אַ נטיה צו אָפּטימיזם און די וואָרטזאָגער פון אַן אידייע זיינען בדרך הטבע גענייגט צו קוקן דורך ראָזעווע ברילן אויף די פאַקטן, וואָס גייען ביינאַנד מיט דער אידייע און אַפילו אויף די, וואָס שטעלן זיך איר אַנטקעגן. פאַקטן ווידער,

די פאַקטן פון לעבן, וואָס לאָזן זיך גערן באַשיינען פון דער אידייע און בלייבן אין תוך גלייכ־גילטיק צום ליכט פון אידייען און אידעאַלן, זיי זיינען געווייינטלעך היפש פאַרכמורעט און פעסימיסטיש.

אידייען האָבן ליב דעם שפיל פון וואָרט און פון געדאַנקלעכער ספעקולאַציע. פאַקטן פאַר־לאַנגען מען זאָל זיי שטודירן, מען זאָל זיי אויספאָרשן און מען זאָל זיך דערטראַכטן צו זייערע אָפענע און באַהאַלטענע כוונות.

איך בין געווען ביי אַ זיצונג פונעם „וועד החינוך" און האָב געהערט רעדן עסקנים. זיי האָבן גערעדט און געמאַכט אַ פיינע אידייישע עקספּאָזע, אָבער איך האָב מיך אַרומגעקוקט צו די מענטשן ביים טיש און האָב געוואָרט צו הערן אויך אַ וואָרט פון די עקספערטן, פון די שטודירערס פון די פאַקטן, אויף וועלכע עס שטויסט זיך אָן די יידישע דערציִונג אונטער דער השגחה פון דער קהילה.



ד״ר שלמה ביקל רעדט בעת דער אויפנאַמע לכבוד אים אין קהילה.

די עקספערטן, די פאַקטן־קענער, זיינען געזעסן ביים טיש, אָבער גערעדט האָבן נישט זיי, נאָר די עסקנים. ווען ס'איז געקומען מיין ריי צו באַדאַנקען די מסובים פאַר דער פריינט־לעכער אויפנאַמע, בין איך געווען גענוג דרייסט אָנצווויינקען, אַז איך זע פאַר מיר די פּראָבלעם פון עסקנים ווערסוס עקספערטן.

דאָרט ביי דער מסיבה פונעם „וועד החינוך" האָב איך בלויז מרמז געווען. אָבער דאָ, בכתב, קאָן איך עס זאָגן אָפענער און בפירושער. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט באַזוכט אַ היפש ביסל יידישע שולן, און ווי שוין נישט איינמאָל דערמאָנט, האָב איך הנאה געהאַט פון דעם אופן קנעלן און פון די ידיעות, וואָס די תלמידים האָבן אַרויסגעוויזן. געטראַכט האָב איך

דעמאָלט ביי מיינע באַזוכן אַז דאָס אַלץ, וואָס איך זע פאַר מיר, די שולן, די לערער און תלמי־דים און דאָס אַלץ וואָס איך הער מיט הנאה אין די קלאַסן, איז אַ רעזולטאַט פון דער אָפּטי־מיסטישער אידייע. אָבער ווו איז דער פעסימיסטישער פאַקט, וואָס באַהאַלט זיך אויף אַזוי־פיל, אויף וויפל מען רעדט וועגן אים נישט בפרהסיה, נאָר בלויז בין אָדם לחברו? דער פאַקט איז, אַז ווען מען פרעגט אַ געזעלשאַפטלעכן טוער אין די שטעט פון דרום־אַמעריקע: ווהין פירט דער ייִדישער חינוך? ווהין פירט די קנעלעריי פון ייִדיש און העברעיִש און פון די אַנדערע ייִדישע לימודים אין די צוגאָב־ און אין די אינטעגראַלע שולן? — ווען מען פרעגט דאָס, איז אָדער מען באַקומט אַן אידייִש שיינעם ענטפער, וואָס איז קיין ענטפער נישט, אָדער דאָס פנים פון דעם וואָס דאַרף ענטפערן, פאַרכמורעט זיך און די תשובה מיט אַ נידעריק קול איז: מען דאַרף אויספאָרשן וויפיל יוגנט עס פאַרבלייבט דער ייִדישער געזעלשאַפט נאָך דעם גרויסן אידעאַליסטישן אָנשטרענג אירן צו נאַציאָנאַלן חינוך.

מען דאַרף אויספאָרשן די פאַקטן אויף אַן אינדוקטיוון אופן. עס איז נישט גענוג צו קומען מיט די פאַרטיקע אידייען פון העברעיִש, פון ייִדיש און אַפילו פון ארץ־ישראל. עס איז ניי־טיק צו וויסן צי די פאַקטן פון לעבן לאָזן זיך טאַקע איינגעמען מיט די נאָר־וואָס דערמאָנטע אידייען. קודם איז אפשר נייטיק צו וויסן, וואָס מען האָט מיט דער ביז־איצטיקער דערציִונג דערגרייכט און נאָך מער, וואָס עס לאָזט זיך אויפן סמך פון אָט דעם חינוך דערגרייכן, כדי צו קענען אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם מינימום, וואָס זאָל זיין אין הסכם מיט דעם געזעלשאַפט־לעכן אָנשטרענג און אי מיט דער זעונג פון דעם ייִדישן מענטש, וואָס מיר זיינען אויסן צו געשטאַלטיקן אין אונדזערע שולן.

איז אפשר — האָב איך געטראַכט — געמאָלט, אַז דער פעלער ליגט אין דעם, וואָס אין ייִדישן חינוך פון דרום־אַמעריקע הערשן די עקספּערטן און עס רעגירן די עסקנים, אָנשטאָט פאַרקערט.



יצחק באַשעווים (ניו־יאָרק)

# די קהילה אין בוענאָס־איירעס איז אַן איבעראַשונג

די קהילה אין בוענאָס־איירעס איז אַן אַנגענעמע איבעראַשונג פאַר עמעצן וואָס דאָס קהל־שטיבל איז געווען פאַר אים פאַרבונדן מיט אַסימילאַציע, הויכע צילינדערס, סנאָביזם און פאַראַכטונג צו ייִדיש. די קהילה אין בוענאָס־איירעס איז באמת אַ ייִדישע קהילה. אַ ייִדישער שרייבער פילט זיך דאָרט אין דער היים, צווישן אייגענע. ווען איך בין געווען אַ ייִנגל, אין וואַרשע, פלעג איך אָפט לייענען וועגן דער דאָרטיקער קהילה אַז זי איז אָפגעלעבט, אָפגע־פרעמדט. אין דער קהילה אין בוענאָס־איירעס זיצן ייִדישע ייִדן. זי העלפט אַרויסגעבן ייִדישע ביכער. זי נעמט אויף ייִדישע שרייבער. זי אַראַנזשירט פאַר זיי לעקציעס. איך האָף אַז זי וועט ווייטער גיין אויף דעם דאָזיקן וועג, און נאָך פאַרשטאַרקערן די טעטיקייט פאַר דער ייִדישער קולטור.



געוו׳ ישראל־אַמבאַסאַדאָר ד״ר אריה לבבי רעדט אויפן אַקט לכבוד „70 יאָר ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע״. דער ערשטער פון רעכטס איז דער שרייבער גאַסט יצחק באַשעווים.

די קהילה האָט אַ גרויסע און וויכטיקע טראַדיציע ביי ייִדן. זי האָט געזאָרגט אין אַלע צייטן, לויט אירע כוחות, פאַרן ייִדישן גוף און פאַר דער נשמה. דאָס וואָרט קהילה איז אָפט געגאַנגען צוזאַמען מיט קדושה. עס זיינען אויך געווען טעותים און מיסברויכן און יענע וואָס

זיצן אין דער קהילה־שטוב טאָרן דערין נישט פאַרגעסן. די גרעסטע געפאַר פון אַ יידישער קהילה איז לייגן צופיל געוויכט אויף פאַרטייישקייט. די פאַרטיי איבער אַלע פאַרטייען איז דאָס יידישע פאָלק און די יידישע קולטור. פאַר אונדזערע אויגן זיינען אַ רייע פאַרטייען אונ־טערגעגאַנגען און די טעאָריעס זייערע זיינען געוואָרן ניוועלירט, אָבער דאָס פאָלק און זיין לשון לעבן.

איך ווינטש דער יידישער קהילה אין בוענאָס־איירעס גרויס דערפאָלג און אַלץ אַ גרע־סערע צוגעבונדנקייט צו יענע וואָס פרוון אויפהאַלטן יידישקייט, דאָס יידישע לשון, די יידישע קולטור, ווי אויך די פאַרבינדונג מיט די היסטאָרישע אָנשטרענגונגען וואָס ווערן געמאַכט אין מדינת־ישראל. ס׳איז נישטאָ און ס׳קאָן נישט זיין קיין שום ווידערשפרוך צווישן העברעיש און יידיש, צווישן די יידן אין ישראל און אין אַנדערע לענדער. יעדעס געווינס פאַר יידן דאָ אָדער דאָרט, אין יידיש אָדער אין העברעיש, העלפט דעם כלל־ישראל. אַלץ וואָס איז גוט פאַר יידן, איז אויך גוט פאַר דער וועלט.



יעקב גלאַטשטיין

# ישוב אַרגענטינע

דאָס כאַראַקטעריסטישסטע פון גרויסן ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע, פון די ייִדן וואָס אַ ייִדישן גאַסט־שרייבער קומט אויס צו זען, צו הערן און זיך דורכשמועסן מיט זיי, איז וואַרעמקייט. מען דערשפּירט עס גלייך, אַפילו ווען מען רעכנט שוין אַרונטער די יום־טובדיקע שטימונג, וואָס עס הערשט ווען אַ גאַסט קומט אויף אַ ווייל. די וואַרעמקייט איז אַזעלכע וואָס וואַרעמט טאַקע אָן, ווייל זי גייט צוזאַמען מיט גלויבן. די טוערס וואָס זענען עוסק אויף פאַר־שידענע געזעלשאַפטלעכע פראָנטן, טוען זייער אַרבעט בשלימות און מיט חסידישן ברען. אַפילו די זעלבסט־קריטיק, וואָס קומט אָפט צום אויסדרוק איז נישט קיין צעשטערנדיקע, נאָר אַ גלויבעוודיקע, וואָס קומט פון אַ געפיל אַז מען דאַרף עס און מען קאָן עס מאַכן בעסער, אויב מען וועט זיך מער אָנשטרענגען.

דאַרף דאָ גלייך געזאָגט ווערן, אַז מען מוז וואָס גיכער פּטור ווערן פון געדאַנק, אַז מיר דאָ, אין נאָרד־אַמעריקע, זענען דאָס אייבערשטע פון שטייסל, ווען עס קומט צו אינטעליגענץ, אַז זיי דאָרטן זענען די פּראָווינציאַלן — ס׳קאָן גאָר נישט זיין קיין ערגערער פּראָווינציאַליזם, ווי זיך אָפּצונאַרן מיט אַזאַ פאַרפירערישן געדאַנק. די אינטעליגענץ פון ייִדישן ישוב, פון רוב מנין ורוב בנין פון ייִדן, אָדער לאָמיר זאָגן, פון די 45 טויזנט נפשות, וואָס די קהילה קאָנטראָ־לירט, באַשטייט קודם־כל אין דער דיסציפּלין, אין ווען טאָן ייִדישע אַרבעט צוזאַמען, אויף אַ האַרמאָנישן אופן. די דיסציפּלין קלאַפּט ווי אַ גוטער זייגער, און מען זעט עס אויף שריט און טריט — אַנדערש וואָלט נישט מעגלעך געווען אויפצובויען די פּרעכטיקע און קאָלאָסאַלע ייִדישע בנינים, דער עיקר טאַקע די ייִדישע שולעס, וואָס זענען דער פּראַכט און גלאַנץ פון ישוב.

די אַרבעט ווערט געטאָן אויף דעם טאָפּלטן באַזיס: מען דאַרף האָבן נחת פון קינדער און אייניקלעך, מען דאַרף אָבער אויך האָבן נחת — פון זיך. זעט מען דערפאַר די פרייד פון די בויערס, וואָס גלייבן, אַז די צוקונפט איז טאַקע אַ גאַנץ וווילער ענין און מען דאַרף זי באַזאָרגן מיט אַלדאָס־גוטס, אָבער די איצטיקייט איז נאָך אויך אַ וויכטיקער ענין, וואָס מען טאָר נישט פאַרלאָזן און פאַרנאַכלעסיקן. ווען מען קומט צו אַ יוגנט־שמחה, לאָמיר זאָגן צו די סדרים, וואָס אַזעלכע שולעס ווי די ביאַליק־שולע און די שלום עליכם־שולע, אָדער אַנדערע ייִדי־שע שולעס, האָבן דורכגעפירט אויף אַ געהויבענעם און גוט־צוגעגרייטן אופן, מיט געזאַנג, טענץ, דעקלאַמאַציעס, אין ייִדיש און העברעיש, זעט מען, אַז די קינדער האָבן גרויס הנאה פון יום־טוב און זייער הנאה קומט דערפון, וואָס עס איז אינגאַנצן זייער יום־טוב. אָבער די עלטערן וואָס שטראָמען צו אַזעלכע קינדער־יום־טובים, זענען אויך דורכגעדרונגען מיט אַ טיפער פרייד, וואָס קאָן נישט בלויז אויסגעדריקט ווערן מיט די ווערטער — נחת פון קינדער, נאָר זייער באַטייליקונג אין קינדער יום־טוב, איז אַן אייגענער נחת־רוח, וואָס מען דערגרייכט בלויז ווען מען טוט און מען בויט און מען זאָרגט טאָג־טעגלעך, אַז דער המשך זאָל נישט אויפהערן. ס׳איז, מיט אַנדערע ווערטער, נישט נאָר אַן אינדיווידועלע אָדער משפחה־פרייד, נאָר אַ קאָלעקטיווע וואָס שטאַמט פון דער מוסטערהאַפטער דיסציפּלין, וואָס דער וואַרעם־ייִדישער ישוב ווייזט אַרויס ביי אַלע געלעגנהייטן.

אַפילו אַנטוישונג און מאַסן־קריטיק איז אַ דיסציפּלינירטע. מיר איז אויסגעקומען זיך צו באַטייליקן אין דער געטאָ־אויפשטאַנד־פאַרזאַמלונג, וואָס די „דאַיאַ״, די פּאָליטישע רעפּרע־

זענטאַנץ פון ישוב האָט אַראַנזשירט. ס'איז אין בוענאָס־איירעס שווער צו קריגן אַ פּאַסיקן זאַל, אָדער אַ טעאַטער וואָס זאָל אַריינגעמען אַ פיר־פינף טויזנט מענטשן. פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען קומען געוויינלעך פאָר אונטערן אָפענעם הימל, אין גרויסע ספּאָרט־אַרענעס, אַזעלכע פאַרזאַמלונגען ציִען אַמאָל צו אַ 30 טויזנט ייִדן. אָבער ווען מען וויל זיך מתיחד זיין מיט אַ פיר־פינף טויזנט ייִדן, איז שווער צו קריגן אַ זאַל פאַר אַזאַ גרויסער צאָל.

איז דער געטאָ־אָוונט פאָרגעקומען אין אַ טעאַטער, וואָס נעמט קוים אַריין איבער צוויי טויזנט מענטשן. די הונדערטער ייִדן, וואָס זענען געקומען פון אַלע עקן שטאָט און פון אומגעגנט, האָבן געפונען געשלאָסענע טירן — ייִדן וואָס זענען געקומען זיך גוט אויסוויינען און באַקלאָגן דעם חורבן פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום, זענען געווען ביטער אַנטוישט. ווען זיי זענען געבליבן שטיין אין דרויסן, ווייל דאָס טעאַטער איז געווען איבערגעפּאַקט און נישט נאָר פאַרשלאָסן, נאָר ממש פאַרזיגלט, אַזוי אַז אַפילו די רעדנערס האָבן זיך געמוזט אַריינגנבענען דורך אַ הינטער־טיר און פאַרביי דער פּאָליציי־וואַך.

די דאָזיקע אינדרויסן געבליבענע ייִדן האָבן קריטיקירט די אָרדענונג, די אַראַנזשירונג, אָבער זיי זענען געבליבן שטיין און האָבן פאַרפולט די אַרומיקע גאַסן, מיט זייער אַנוועזנהייט. ביז די פּראָגראַם אינעווייניק האָט זיך געענדיקט, די טירן זענען געעפנט געוואָרן און הונדערטער ייִדן פון אינעווייניק האָבן זיך אויסגעמישט מיט די אַנטוישטע ייִדן פון דרויסן, אַזוי אַז אַפילו דאָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָלאָסאַל געדענק־בילד פון יאָמער, קלאָג, פּראָטעסט און כבוד־דעמאָנסטראַציע פאַר די קדושים וטהורים. ס'איז נישט פאָרגעקומען קיין איין סצענע וואָס זאָל חלילה זיין אַ פאַרשוועכונג פון דעם גרויסן יאָרטאָג, וואָס באַצייכנט דעם אומקום, ווי אויך דעם גייסטיקן און פיזישן ווידערשטאַנד פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

ר'עדט זיך דער עיקר וועגן דער דיסציפּלין און וועגן דער אינטעליגענץ פון די גרויסע ייִדישע מאַסן, אַן אינטעליגענץ וואָס דריקט זיך אויס אין אַ צוזאַמענדיקע וואַרעמקייט, אַ מין אינטויִטיווע אינטעליגענץ.

אָבער אַפילו די בוכשטעבלעכע אינטעליגענץ פון סיסטעמאַטישן בויען און שאַפן, פון באַוווּסטזיניקן פּלאַנירן, פון אונדזער נאַציאָנאַלן פּאַרטיי־לעבן, פון שטיין בראש פון אַ סך קולטור־אינסטיטוציעס, סיי די ייִדיש־העברעיִשע, סיי די ריין־ייִדישע, אָדער די שפּאַניש־ייִדישע, איז אַ ממשותדיקע און צענדליקער ייִדישע מענער און ייִדישע פרויען שאַפן אַן אַטמאָספערע פון דערהייבונג און וואַרעמקייט, ווען מען קומט זיך צוזאַמען מיט זיי און מען רעדט אַרום וויכטיקע פּראָבלעמען. מען הערט געוואַגטע מיינונגען, נישט קיין איבערגעקייטע, נאָר פרישע, אַליין־דורכגעווייטיקטע און דורכגעטראַכטע.

פאַראַן ייִדישע היימען אין בוענאָס־איירעס, ווו ס'איז אַ מחיה אַריינצוקומען. מען געפינט זיך תמיד אין אַ קולטורעלער מסיבה. אַפילו דער שיחת חולין איז אַן אינטערעסאַנטער, דער הומאָר איז אַ גוטמוטיקער, נישט קיין בייזער און בייסיקער. אַ מסיבה באַשטייט דאָך נישט בלויז פון הויזגעזינט, יעדע הויז־מסיבה האָט דאָך אויך אירע אייגענע געסט. און אין רעזולטאַט, נאָך אַזאַ פאַרברענגען אין אַ סך ייִדישע היימען, אין דער גרויסער שטאָט בוענאָס איירעס, אָדער ביי טישן אין רעסטאָראַנען, נאָך אַ פאַרזאַמלונג, אַ קאָנצערט, אָדער גלאָט אַ קלענערן אָדער גרעסערן צוזאַמענקום, שאַפט זיך אַ בילד פון אַ שעפערישער און באַוווּסטזיניקער ייִדישער אינטעליגענץ, וואָס קיין סך פון זייער שטייגער געפינט מען נישט ביי אונדז אין ניו־יאָרק. צווישן אַזעלכע טוערס געפינט מען אַ צאָל יונגערע ייִדן, געבוירענע אָדער דערצויגענע אין אַרגענטינע, מענער און פרויען — טאַקע בפירוש שיינע פרויען — וואָס זענען אַקטיוו אין ייִדישן לעבן, וואָס מיינט אין דער ערשטער ריי אין ציוניזם, און נאָך מער אין די רייען פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט געצויגן אַרום 36 פּראָצענט שטימען, אין די קהילה־וואַלן, און איז אַ דאָמינירנדיקער פאַקטאָר אין לעבן פון ייִדישן בוענאָס איירעס.

די אינטעליגענץ פון ישוב איז אַ גאַנץ געדיכטע, און אַ סך ייִדישע מסיבות, אין היימען

און ביי געדעקטע טישן, ביי פאַרשידענע אונטערנעמונגען, פינקלען מיט ליכטיקע ייִדישע רייד און ליכטיקע ייִדישע אינטעליגענטע פנימער.

אין בוענאָס־איירעס און אין אַ גרויסער מאָס אין טייל שטעט און שטעטלעך אין אַרגענטינע, וואָס זיינען פאַראייניקט אין העכער הונדערט קהילות, איז נאָך דאָ אַ געדיכט, פאָלקסטימלעך ייִדיש לעבן, מיט אַ שטאַרקן ווילן אויפצוהיטן אונדזער גרויסע ירושה, נישט גלאַט מיט רייד, נאָר דורך מעשים און גייסטיקע בנינים, אַרום וועלכע דאָס ייִדיש לעבן איז קאָנצענטרירט.

דאָס גאַנצע פאַרטיי־לעבן, דאָס אָרגאַניזאַציאָנעלע לעבן איז באַפעסטיקט, יעדע פאַרטיי אין יעדער אָרגאַניזאַציע לויט אירע אייגענע טענדענצן און געפילן מיט אַ שולע אָדער עטלעכע שולעס, צו גאָר מיט אַ העכערער לערן־אינסטיטוציע. די פאַרטיי האָט אַ האַפט און זי שפילט אויס אירע אַקטיוויטעטן אין ייִדישן לעבן, ווייל זי האָט זיך קודם־כל אויף וואָס אָנצולענען — אויף אַ שולע מיט הונדערטער קינדער, ווו ס׳ווערט דערצויגן דער נייער ייִדישער דור. די לינקע פועלי־ציון זיינען אַ כוח אין בוענאָס־איירעס, ווייל זיי האָבן די שלום־עליכם שולע מיט אירע צוויי טויזנט קינדער. די רעכטע פועלי־ציון זיינען אַ דאָמינירנדיקער כוח, ווייל זיי האָבן זיך אויף וואָס אָנצושפאַרן — אויף דער גרויסער ביאַליק־שולע און אַ גאַנצע נעץ פון אַנדערע ייִדישע לערן־אינסטיטוציעס. דער בונד האָט אָנזען, ווייל ער פאַרמאָגט די שיינע י. ל. פרץ־שולע. די פאַרטייען האָבן פעסטונגען און די פעסטונגען זיינען די שולעס.

די ליבשאַפט צו ייִדיש און העברעיִש ווערט פראַקטיצירט טאָג־טעגלעך. מען קומט נישט גלאַט ריידן צו די עלטערן, אויב מען האָט נישט פריִער באַזאָרגט זייערע קינדער. דאָס איז געוואָרן אַקסיאָמאַטיש אין ישוב אַרגענטינע, איינס גייט נישט אָן אַנדערן.

ס׳מוז דאָ באַטאָנט ווערן, אַז נישט געקוקט אויף דעם וואָס דאָס ייִדישע רעליגיעזע לעבן איז שוואַך אָרגאַניזירט, האָבן די רעליגיעזע ייִדן אויך אויפגעבויט אַ צאָל רעליגיעזע שולעס און תלמוד־תורהס. אין אַזאַ שטאָט ווי ראָזאַריאָ, למשל, איז די ייִדישע שולע אַ מין סינטעז פון וועלטלעכקייט און פרומקייט. די שולע געפינט זיך אין קהילה־בנין און די שול דאָמינירט סיי ווי דעם גאַנצן בנין.

ס׳וואָלט זיך געדאַרפט איינשטעלן אַ שטענדיקער קאָנטאַקט מיט די אַרגענטינער ייִדן, כדי צו העלפן די דאָזיקע האַרציקע ייִדן גיין צו זייער ציל, און דער ציל איז די דערציִונג פון יונגן דור, אַז מיר, דער עלטערער דור, זאָלן אים נאָך דערקענען; אַז מיר זאָלן נאָך קענען זען זיין פנים און נישט די אַנטלויפנדיקע פיס. דער בוענאָס־איירעסער פאָלקס־ייִד מיינט ערנסט מיט דערציִונג, ווען ער זאָגט אַרויס די ווערטער חינוך, קיום, המשך, זיינען זיי נישט גלאַט שפּרוכן אַזעלכע, נאָר חיובדיקע ווערטער, וואָס פאָדערן טאָג־טעגלעכע מעשים.

דערפאַר וואָלטן אַלע ייִדן, וואָס מיינען ערנסט מיט ייִדישער דערציִונג, זיך געמעגט פאַראינטערעסירן מיט די מעשים פון אַרגענטינער ייִדישן ישוב, און דער עיקר מיט דער אָנפירנדיקער ייִדישער אויטאָנאָמישקייט אין בוענאָס־איירעס. ס׳איז אינטערעסאַנט אונטערצושטרייכן, אַז די וויכטיקע באַאַמטע פון דער בוענאָס־איירעסער קהילה זיינען אויך דערווייַלט געוואָרן צו די זעלביקע אַמטן אין דער אָנפירערשאַפט פון ועד־הקהילות.

מען מוז זאָגן דעם אמת, אַז אַפילו אין ישוב אַרגענטינע, האָבן ייִדן שטאַרק ליב ייִדיש פאַר זיך. זיי זיינען אָבער נישט מקפיד, אַז די ליבשאַפט זאָל איינגעפלאַנצט ווערן אין קינד. מען נעמט אָן פאַר ליב די אַזוי־גערופענע געענדערטע היסטאָרישע אומשטענדן, און מען פאַרשטייט נישט, אַז ייִדיש טאָר נישט אונטערגעוואָרפן ווערן קיין אומשטענדן, ווייל ס׳איז אַ תוך־זאַך; ס׳איז נישט קיין שאָלעכץ אָדער אַ קאַפּאָטע וואָס מען טוט אויס, ווען נייע אומשטענדן קלאַפּן אָן אין טיר, נאָר ייִדיש איז אַ היסטאָרישע און האַפטיקע פאַרקנסונג מיטן ייִדישן פאָלק.

זעט מען ווי אַפילו די ווױלע ייִדיש־ליבהאָבנדיקע ייִדן גייען אַנטקעגן די אומשטענדן און זיינען גרייט מוותר צו זיין אויף ייִדיש. זיי מאַכן אַלערליי קאָמפּראָמיסן אויפן חשבון פון ייִדיש, וואָס ווערט אַ קאַרליקל און ווערט נעבעך איינגעשרומפן און איינגעדאַרט פון טאָג צו טאָג.

מען טאָר נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם פאַקט, אַז ס׳איז שווער צו לערנען אַ קינד־

דריי שפראַכן — העברעיִש, יידיש און שפּאַניש, אָבער אויף יידישע קינדער מוז מען אַרויפ־לייגן אַט די שוועריקייט. מען טאָר אויך נישט לייקענען, אַז ווען מען מוז אויף גיך פאַבריצירן אייגענע לערערס, אָדער מען מוז אימפּאָרטירן לערערס פון מדינת־ישראל, וואָס קענען טאַקע נישט אָדער ווילן באַוווסטזיניק נישט קענען קיין יידיש, איז דער ענין יידיש זייער אַ קאָמפּלי־צירטער, אַפילו די שרייערס, וועקערס, מאָנערס און שטראָפערס פאַרן כבוד פון יידיש אין אַר־גענטינע זיינען שוין אַביסל מיד געוואָרן; אויך זיי האָבן אַפּנים זיך געוומען בייגן פאַר די אומ־שטענדן.

אָבער ווידעראַמאָל מוז מען איבערחזרן, אַז די אומשטענדן טאָרן ביי אונדז נישט פאָדערן קרבן־יידיש, מען טאָר די פּרעסערישע אומשטענדן אַזוי פיל נישט נאָכגעבן. מען וועט אונדז אַמאָל משפּטן פאַר אַזאַ לייכטזיניקייט. יידיש געהערט צום תוך און מען טאָר עס בשום אופן נישט אָוועקוואַרפן.

ס׳איז לייכט זיך איינצורייִדן אַז די געשיכטע גייט אויף אונדז, אָבער די יידישע געשיכטע איז חלילה נישט קיין אכזריקער געץ, וואָס מען מוז זיינע נאָזלעכער אָנזעטיקן, מיט אַ שטילן הסכם ביסלעכווייז אומצוברענגען יידיש, וואָס איז אַ טייל פון אונדזער גרויסן אָנגעזאמלטן פאַרמעגן.

אָבער דער דאָזיקער שטילער און, כ׳וואָלט געזאָגט רחמנות־הסכם, שפּילט זיך שוין אָפּ אין ישוב אַרגענטינע, אַפילו דאָרט ווו יידן האָבן באמת אַזוי שטאַרק ליב דאָס יידישע וואָרט. איז עס אונדזער פליכט זיי צו שטאַרקן און וועקן און טאַקע מאָנען אויך, ווייל ישוב אַרגענטינע, איז אין אַ העכערן זין אויך אונדזערס, ווי ער איז זייערס. דאָרט איז אַ פּאַרטיקע יידישע באַשיצונג, פאַרוואָס זאָלן מיר זיי נישט העלפן — נישט צו מאַכן די זעלביקע פאַטאַלע טעותים, וואָס מיר האָבן דאָ אין צפון־אַמעריקע געמאַכט.

און ס׳מוז דאָרט אין ישוב — אַרגענטינע, אויך פאָרקומען אַ צוריקטריט פון דער אומ־רעליגיעזער וועלטלעכקייט, — וואָס הייבט זיך שוין סיי ווי אָן באַמערקן אין דאָרטיקן לעבן, אָבער דער צוריקטריט מוז גיין מיט שנעלערע טריט, אויב מען וויל אַז יידישע דערציִונג זאָל טאַקע פאַרפעסטיקט ווערן. אויך דאָס געהערט צום קאַפּיטל פון אונדזערע פאַטאַלע טעותים, אָבער דאָרט אין אַרגענטינער ישוב זיינען פאַרן יידישן קינד כמעט נישטאָ אַפילו קיין דעקאָ־ראַטיווע סימנים פון יידישער רעליגיע — סיידן די יאַרמעלקע. די יאַרמעלקע איז ווייט נישט גענוג און זי קען נאָר העלפן אָפּצווישן אַ טרערן, ביי אַ יזכור, אָדער אַן אל מלא רחמים, אָבער די טרער איז אַ טרער פון אַלטן ייִד, וואָס לייגט נאָך אַריין אין דער יאַרמעלקע אַלדאָס גוטס, פון זיינע זכרונות און חלומות.

זיינען דאָס ווערטער היוצאים מן הלב, וואָס קומען פון אַ ניי־געוווּנענער ליבשאַפט צו טייערע יידן, וואָס האָבן אַ סך אויפגעטון און האָבן זיך גאָר אַ סך מיט וואָס איבערצונעמען. אָבער אויך זיי, און אפשר דווקא זיי, די אויפריכטיקע און וואַרעמע יידן מעגן זיך צוהערן צו עצות, וואָס זיינען אַ פועל־יוצא פון אונדזערע היגע גרויסע און טראַגישע דורכפאַלן.



חיים גראַדע

# ווי איך זע דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע *

טייערע חברים:

מיט צוויי יאָר צוריק בין איך געווען אייער גאַסט. זינט דעמאָלט איז מיר צוגעקומען אַ רעפעראַט: „די ייִדישע קהילה אין אַרגענטינע"; אַ רעפעראַט וואָס איך האָב געהאַלטן אין אַ סך שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. לויט מיינע באַגרענעצטע כוחות מאַך איך פירסום אייער קהילה, ווייל איך בין איבערצייגט, אַז עס וואָלט געווען אַ ברכה פאַר אַנדערע ייִדישע ישובים ווען זיי ווילן און קענען אייך נאָכטאָן.

לויט מיין מיינונג האָבן דריי הויפּט־סיבות גורם געווען, איר זאָלט האָבן דעם ווילן און כוח צו פאַרוואַנדלען אייער חברה־קדישא אין אַ דעמאָקראַטיש־געוויילטער און צענטראַלער ייִדישער קערפּערשאַפט, אויפן שטייגער פון די ייִדישע קהילות אין פוילן צווישןביידע וועלט־מילחמות. די ערשטע סיבה איז געווען דער באַוווסטזיין, אַז די געשיכטע האָט אויף אייך אַרויפגעלייגט די אחריות צו ווערן דער ממלא מקום פון אויסגעהרגעטן ייִדישן פאָלק אין מיזרח־אייראָפּע. איר האָט פריִער דערפילט און שפּעטער פאַרשטאַנען, אַז איר מוזט ממשיך זיין דעם נצח ישראל. צווייטנס: איר האָט פאַר אייער אויפטו געהאַט גענוג מוט, ענערגיע און עקשנות, ווייל איר זענט געקומענע, אָדער דירעקטע אָפּשטאַמיקע פון מיזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן פון יענע קיבוצים, ווו די קהילה איז געווען אַן אַלטע דורותדיקע טראַדיציע. להיפוך צו די ייִדישע קהילות אין אַלטן בבל, שפּאַניע און אַמאָליקע פראַנקרייך, ווו די ייִדישע פירערשאַפט, דער ריש־גלותא און נשיא, איז געווען באַשטימט פון קעניג אָדער סולטאַן, איז די ייִדישע קהילה אין מיזרח־אייראָפּע געווען אַ געקליבענע פון ייִדן גופא, פון די אנשי מעמדות, נאָך דעם ווי זיי האָבן אָפּגעצאָלט אַ באַשטימטן שטייער פאַר די צרכי־ציבור. און אָט די דעמאָקראַטישע טראַדיציע פון מיזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום האָט איר איבערגענומען, בעת איר האָט גענומען אָרגאַניזירן אייער נאַציאָנאַל ייִדיש לעבן. אָבער דערצו האָט איר נאָך געמוזט האָבן אַ גרויסן אײנערלעכן כוח, אַ געפיל פון גייסטיקער חשיבות און אומאָפּהענגיקייט, וואָס איז, לויט מיין מיינונג, די דריטע און אפשר וויכטיקסטע סיבה, וועלכע האָט מעגלעך געמאַכט אייער אָרגאַניזירט נאַציאָנאַל לעבן.

ערשט איצט, אין טראַגישער פּערספּעקטיוו פון אונדזער חורבן און פאַרשניטנקייט, זעט מען נאָך בולטער אַז דער שענסטער כאַראַקטער־שטריך פון מיזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום בכלל און פון פּוילישן ייִדנטום בפרט, איז געווען דער ייִדישער שטאָלץ, דאָס נישט זיין געפאַלן ביי זיך, דאָס נישט ליידן פון גייסטיקער און פּסיכישער עבדות לגבי די אַרומיקע נישט־ייִדישע שכנים, כאָטש עס האָט קיין מאָל נישט אויפגעהערט די סאָציאַלע און פּאָליטישע אונטערדריקונג. אין אָנבליק און אין פאַרגלייך מיט די מערב־אייראָפּעיִשע ייִדן און מיט די קיבוצים פון די פרענקישע ייִדן אין אָריענט, טיילט זיך אויס אָט די גוואַלדיקע גייסטיקע קראַפט פון די פאַרשניטענע מיזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן און פון זייערע לעבנגעבליבענע ברידער און קינדער. דאָס מיינט לחלוטין נישט, אַז אונדזערע טאַטעס האָבן שטענדיק געלעבט אין קריג און פיינטשאַפט מיט די אַרומיקע נישט־ייִדישע שכנים. אַ סך מאָל זיינען די באַציִונגען צווישן ייִדן און

* אויף אונדזער בקשה אָנצושרייבן זיינע איינדרוקן פון אַרגענטינע האָט דער דיכטער חיים גראַדע אונדז צוגעשיקט די דאָזיקע אַרבעט, געשריבן אין דער פאָרעם פון אַ בריוו צו די אָנפירער פון דער קהילה.

נישט־יידן אין אַלטן פוילן, למשל, געווען אומפּאַרגלייכלעך בעסער ווי צווישן יידן און נישט־יידן אין דייטשלאַנד. אָבער ווי אַ פּועל־יוצא פון אַ לאַנגער און טיפער גייסטיקער דערציונג זיינען די יידן אין מיזרח־אייראָפּע שטענדיק געגאַנגען בקומה זקופה. מיר געדענקען נאָך אַלע די סאָציאַלע און פּאָליטישע שלאַכטן פון יידן אין פוילן ביז צו דער מילחמה פאַר אונדזער רעכט און ווירדע. דאָקטאָר הערצל איז נאָך בשעתו געווען איבערראַשט און פאַרחידושט ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט די שטאָלצע, געבילדעטע, קעמפערישע און נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקע פאָרשטייער פון די רוסישע יידן. גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה האָבן די ליטווישע יידן געהאַט דעם מוט און די איניציאַטיוו צו שאַפן אַ גרויס־פאַרנעמיקע יידישע אויטאָנאָמיע מיט אַן אייגענעם יידישן לעגיטימען מיניסטעריום. אויך אייער לעצטער קהילות־צוזאַמענפאָר קען דינען פאַר אַ ביישפּיל פון קוראַזש און שטאָלץ. בעת די גאַנצע יידישע וועלט איז געווען באַזאָרגט וועגן דער באַנייטער אַנטיסעמיטישער געפאַר אין אַרגענטינע, האָט איר דורכגעפירט אַ גרויסע יידישע אַסיפה צו פאַרשטאַרקן און פאַרטיפן דאָס יידישע קהילה־לעבן אין אייער מדינה.




די קהילה־פאַרוואַלטונג איז מקבל־פּנים דעם דיכטער חיים גראַדע (יאָר 1960).

ווען איך האָב געהאַט דעם זכות און כבוד צו זיין ביי אייך, האָב איך געזאָגט דאָס זעלבע וואָס איז שפּעטער מיר אויסגעקומען איבערצוחזרן אויך אַנדערשווו, אַז אייער קהילה האָט מקיים געווען די פיר תנאים וואָס זיינען, לויט מיין מיינונג, די וויכטיקסטע תנאים פאַר אַ יידישן געמיינדע־לעבן אין אונדזער צייט.

דער ערשטער פּרינציפּ איז: דעמאָקראַטיע. יעדער ייד וואָס דעקלאַרירט זיין אָנגעהעריקייט צום יידישן ציבור און נעמט אויף זיך די אַרויפגעלייגטע התחייבותן, האָט רעכט צו קלייבן זיינע פאָרשטייער אויף אַ דירעקטן און געהיימען אופן; און נישט ווי עס פירט זיך אין די אַלערליי אינסטיטוציעס פון צפון און אויך דרום־אַמעריקע, ווו עס הערשט נאָך דער ווולגאַרער איגנאָראַנטישער צוגאַנג, אַז ווער עס האָט די מאה, דער האָט די דעה. צווייטנס דאַרפן די־

אויסגעקליבענע פּרנסים זיך אויסצייכענען מיט זייער מסירת־נפשדיקער אַרבעט; און נישט בלויז אָפּקומען מיט אַרויסגעבן באַפעלן צו באַאַמטע, וואָס איז ווידער כאַראַקטעריסטיש פאַר ריזיקע געזעלשאַפטלעכע פעדעראַציעס אין די שטאַטן און קאַנאַדע. דריטנס דאַרפן די אויסגעקליבענע ראַטמענער קומען פון פאָלק, פון אינעווייניק, נישט פון דרויסן און פון „אויבן״. מען באַגייט אַ היסטאָריש אומרעכט קעגן די דייטשישע יאַהודים ווען מען טאַדלט אָן אַ מאָס זייער גרויסע הילפס־אַרבעט פאַר די יידישע מאַסן. אָט די דייטשישע יאַהודים זיינען קודם־כל געווען הויך־געבילדעטע מענטשן, זיי האָבן געהאַט אַ סך פּיעטעט פאַר חכמת־היהדות וואָס שטאַמט טאַקע פון דייטשלאַנד, און זיי זיינען אויך געווען גוטהאַרציקע יידן, זיי האָבן אויסגעגעבן פאַרמעגנס צו העלפן זייערע אָרעמע ברידער. אויך די אַסימילאַטאָרישע מנהיגים אין דער אַמאָליקער וואַרשע זיינען געווען געלערנטע און אַליין געגעבן מיט דער ברייטער האַנט. שוין אָפּגערעדט פון די יידי־שע פילאַנטראָפן און געזעלשאַפטלעכע טוער אין אַמעריקע, די אָפּשטאַמיקע פון די דייטשישע יידן. עס איז נאָך זייער ווייט אַז די היינטיקע נדבנים און עסקנים אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, די אָפּשטאַמיקע פון מיזרח־אייראָפּע, זאָלן זיך קענען פאַרגלייכן מיט די שיפס, מיט די וואָרבורגס און מאָרגענטויס אין נדבנות, אין איבערגעגעבענער שתדלנות פאַר יידן און אויך אינטעליגענץ. אָבער אָט די אַלע ווונדערלעכע מענטשן און זייערע געשאַפענע אינסטיטו־ציעס האָבן געהאַט דעם גרינטלעכן חסרון וואָס זייער אַרבעט איז געווען אַ פילאַנטראָפּישע, אַ דערוויילעקע. זי איז געקומען פון „אויבן״ און איז געווען אויסגערעכנט צו העלפן די נויטבאַ־דערפטיקע, די עמיגראַנטן, אָבער נישט ווייטער צו בויען דאָס יידישע לעבן אין גייסט פון דער אייגענער טראַדיציע, וואָס אַנטוויקלט זיך בהסכם מיט דער צייט פון אינעווייניק און ווערט נישט אָנגעוואָרפן פון דרויסן.

דער פערטער פּרינציפּ פון אַ יידישן געמיינדע־לעבן אין אונדזער צייט — נאָך מער ווי ווען־נישט־איז פריער — מוז זיין דער צוגאַנג, אַז די מנהיגים פון אַ יידישער קהילה קענען זיין נאָר אַזעלכע יידן, וואָס זייער איינציקער שטאַנדפּונקט איז די אינטערעסן פון אייגענעם יידישן קיבוץ, די אינטערעסן פון אַלע אַנדערע יידישע קיבוצים און די אינטערעסן פון מדינת־ישראל. פאַרשטייער פון אַ פּאַרטיי און באַוועגונג וואָס זוכן אין דער יידישער קהילה אַ געזעלשאַפטלעכע פּלאַטפאָרמע, אַ פּאָליטישע קאָניוקטור, אַ מיטל צו פּראָפּאַגאַנדירן און אָרגאַניזירן אָנהענגער פאַר דער וועלט־פאַרכאַפּערישער מאַכט וואָס האָט פאַרענדיקט חרוב מאַכן דאָס יידישע לעבן און אויסגעקוילעט אירע שרייבער — פאַרשטייער פון יענער פּאַרטיי און באַוועגונג טאָרן אין אַ יידישער קהילה נישט אַריינדרינגען. טרייף זיינען זייערע כוונות, און זייערע אומריינע כוונות וועלן צעפרעסן אויך זייערע כלומרשטע גוטע מעשים. מיר האָבן מיט זיי אַ לאַנגע ביטערע דער־פאַרונג און מיר ווייסן שוין, אַז יעדע שותפות מיט זיי ברענגט פאַר אונדז חורבן.

זינט איך בין געווען אין אַרגענטינע און צוריקגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז פאַר מיר נאָך קלאָרער געוואָרן, אַז וויפל איר זאָלט זיך מיט רעכט נישט גרויסן מיט דער צאָל קינדער אין אייערע שולן און מיט די גרויסע שיינע שול־בנינים גופא, וואָס מען זעט עס נישט אין דער רייכער ריאָ־דע־זשאַניירא און אין דער שטיין־רייכער צפון־אַמעריקע, באַטראַכט איך פאַר אייער גרעסטן אויפטו דעם עצם אָנזען פון אייער קהילה אין די אויגן פון אייער יידישן ציבור. אָט דער פאַקט וואָס אייער קהילה שטעלט מיט זיך פאָר דעם דעת־הקהל און וואָס אַר־גענטינער יידן אָנערקענען דעם פּסק־דין פון אייער קהילה — אָט דאָס איז דאָס סאַמע וויכ־טיקסטע אין אייער אויפטו פאַרן כלל־לעבן פון יידן אין אַרגענטינע. געוויס האָב איך נישט געזען אַנדערשוו — אויסער אין מעקסיקע — אַזעלכע אימפּאָזאַנטע דורכגעפירטע יום־טובים אין די שולן ווי ביי אייך, אַזעלכע גראַנדיעזע פייערונגען ווי ביי אייך, בעת דעם בוך־חודש, און אויך נישט אַזעלכע ריזיקע פאַרזאַמלונגען פון יידן, קיין עין־הרע, וואָס קומען הערן אַ לעקציע און הערן זי מיט אינטערעס אַ צוויי שעה נאָכאַנאַנד. אָבער ווען אַפילו פּונקט אַזעלכע גרויסע אונטערנעמונגען וואָלטן דורכגעפירט געוואָרן אויך אַנדערשוו — און טיילווייז קומען דאָך פאַר אַזעלכע אונטערנעמונגען אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, כאָטש נישט מיט אַזאַ

פאַרנעם ווי ביי איך — וואָלט עס פון דעסטוועגן נישט געהאַט און האָט נישט קיין חשיבות און נאַציאָנאַלע באַדייטונג ווי אין אַ בוענאָס־איירעס און אויך אין אַ מאָנטעווידעאָ, ווייל ביי איך איז עס אַן אַקט פון גאַנצן ישוב, דורכגעפירט בהסכם כולם, אַ יום־טוב פון גאַנצן אַרגענטינער יידנטום; בעת אין די אַלע שטעט און לענדער ווו עס איז נישטאָ קיין יידישע קהילה, ווערט יעדע סאָרט אַרבעט דורכגעפירט פון בלויז אַ פּאָר אינסטיטוציעס, אין בעסטן פאַל, און פון אַ צאָל איבערגעגעבענע יחידים, און האָט דעריבער נישט די מאָראַלישע קראַפט פון אייערער אַן אַקציע. איך ווייס אַז אויך פריער האָבן ביי איך עקזיסטירט אינסטיטוציעס און קערפּערשאַפטן פאַר סאָציאַלער הילף, פאַר פּאָליטישער אַקטיווּיטעט, פאַר דערציִונג און קולטור. אָבער זיי האָבן בשום אופן נישט געקענט האָבן און האָבן נישט געהאַט די נאַציאָנאַלע באַדייטונג וואָס אייער יעדער מוסד און טעטיקייט האָט איצט, זינט איר האָט אַ געאייניקטן דעת־הקהל און אַ שטעמפּל, אַ חותם „ועד הקהילות בארגנטינה".



לחיים לכבוד דער דערעפענונג פון חודש פון יידישן בוך. יאָר 1960. צווישן ראש־הקהל און דעם הרב הראשי, דער גאַסט חיים גראַדע. דער צווייטער פון רעכטס: משה רון פון ישראל.

ווי איינער וואָס האָט נישט קיין דערפאַרונג פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער און אַזוי ווי איך בין ביי איך געווען בלויז אַ גאַסט אויף אַ ווייל, בין איך נישט דער באַרופענער מענטש אָנצו־ווייזן חסרונות אין אייער אַרבעט, ווי איר פאַרלאַנגט עס אויסדריקלעך אין אייער בריוו און וואָס איז דער בעסטער באַווייז מיט וויפל ערנסט און אחריות איר באַציט זיך צו אייער אַרבעט. אָבער כאָטש איך האָב נישט קיין דערפאַרונג פון אַן עסקן און בין ביי איך געווען נישט לאַנג, וויל איך דאָך אָנווייזן אויף אַ פּאָר בלויזן, וואָס איך האָב געזען בעת איך בין געווען ביי איך און זע עס איצט נאָך בעסער.

אויף מיין צוריקוועגס פון אַרגענטינע בין איך געווען אין בראַזיל און האָב דאָרט אין גע־וויסע קרייזן אַליין קאָליע געמאַכט די גאַסטפריינטלעכע באַציִונג צו מיר, ווייל איך האָב אייער קהילה אַרויסגעשטעלט פאַר אַ מוסטער וואָס די יידן אין בראַזיל דאַרפן נאָכטאָן. אָבער איך

האָב דאָרט אויך געטראָפן עסקנים וואָס פּרוּוון שוין צענדלינגער יאָר אויסקעמפן אַ ייִדישע קהילה אין בראַזיל, און אָט די גינציקע, האַרציקע און אחריותדיקע ייִדן זיינען פול געווען מיט גערעכטע טענות קעגן אייך, אַרגענטינער פרנסים און עסקנים, אַז איר העלפט זיי נישט. דעריבער איז מיין מיינונג, אַז פון אייערע ערשטע און וויכטיקסטע פּונקטן דאַרף זיין דאָס שאַפן אַ קערפערשאַפט וואָס זיין אויסשליסלעכע אויפגאַבע זאָל זיין צו העלפן די ייִדישע ישיבים אין די אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער צו גרינדן ייִדישע קהילות. דורך דעם וועט איר אויך שטאַרקן זיך גופא. און אייער ייִדישלעכע פּאַראינטערעסירונג אין אַנדערע ייִדישע קיבוצים דאַרף זיך קודם־כל אויסדריקן אין גלייך אַרויסשיקן דעלעגאַציעס פון פאַרעקשנטע און קעמפערישע קהילה־טוער אין די לענדער ווו וואַרעמע ייִדן קעמפן פאַר אַ ייִדישער קהילה און נייטיקן זיך אין אייער הילף.

וויבאַלד אין דער קהילה זיצן פאָרשטייער פון גאַנצן ישוב, דאַרף אייער געוויילטע קערפערשאַפט זאָרגן אויך פאַר אַזעלכע גייסטיקע הצטרכותן וואָס די פרנסים אַליין, לאָמיר זאָגן, פּראַקטיצירן נישט אין זייער פּריוואַט לעבן. איך בין געווען ביי אייך ווען אין דער קהילה האָט זיך געפירט אַ הייסער וויכוח וועגן גרינדן אין אַרגענטינע אַ ישיבה. איך בין געווען שטאַרק צופרידן ווען עס האָט געזיגט ביי אייך די שיטה צו גרינדן אין אַרגענטינע אַ מקום־תורה. מען קען נישט פרעגן ביי די ראַטמענער פון דער ייִדישער קהילה אין בוענאָס־איירעס, צי זיי אַליין פרעגן ביי אַ רב אַ שאלה און צי זיי עסן טאַקע בלויז כשר פלייש. דאָס איז נישט קיין שטאַנדפּונקט; דער שטאַנדפּונקט איז, אַז דער ייִדישער ישוב דאַרף רבנים און שוחטים. אַקוראַט אַזוי דאַרפט איר זיך אויך פירן בנוגע אַנדערע קולטור־אויפגאַבן. לאָמיר זאָגן אייער זאָרג פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור. געוויס איז דער משל נישט גלייך צום נמשל, ווייל וויפל פון די פרנסים עס עסן בלויז כשרות האָב איך נישט געציילט, נאָר אַז אַלע ווילער און אויסגעוויילטע אין אייער קהילה קענען ייִדיש און לעבן זיך אויס אין ייִדיש — דאָס ווייס איך זייער גוט. אָבער מיר רעדן וועגן דעם יונגן דור, וואָס וואָלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן דערצויגן געוואָרן בלויז אויף שפּאַניש, ווען ביי אייך איז נישטאָ אַ געפלעגטע און באַוווסטזיניק־געצילטע ייִדישע דערציִונג. נאָר די מערכה פון ייִדיש איז אַ סך אַן ערגערע ווי די מערכה פון העברעיִש. אומאָפּהענגיק פון דעם, צי דער אָן אַן ערך קלענערער אינטערעס צו ייִדיש אין אייערע שולן נעמט זיך פון דעם וואָס די תלמידים זיינען ווייניקער פאַראינטערעסירט אין ייִדיש, אָדער ווייל געוויסע געקומענע לערער באַאַרבעטן שטילערהייט די תלמידים קעגן ייִדיש, אָדער ווייל איר האָט נישט און עס קומען אויך נישט פון אַנדערשווו אַזעלכע באַגייסטערטע ייִדיש־לערער ווי העברעיִש־לערער — נישט געקוקט אויף די אַלע פאַקטן, איז די אויפגאַבע פון דער קהילה און אַלע אירע פּאַרטייִשע פאָרשטייער אָנצוהאַלטן און קעמפן פאַרן פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער פון אייער ישוב. לערנען ייִדיש און קענען די ייִדישע ליטעראַטור איז דער יסוד פון אַ פאָלקסטימלעכן ייִדישן ישוב. ביז איצט האָט נאָך קיינער נישט אָפּגעלייקנט דעם היסטאָרישן פאַקט אַז אומעטום און אַזוי לאַנג ווי אַ ייִדישער ישוב האָט גערעדט ייִדיש, איז דאָרט אויך געווען אַ ייִדיש פאָלק. אָבער אין די ערטער ווו מען רעדט בלויז ענגליש, בלויז שפּאַניש און אַנדערע נישט־ייִדישע לשונות, צי וועט זיך פון די דאָרטיקע ייִדן אויך אויסבילדן אַ ייִדיש פאָלק — דאַרף נאָך באַוויזן ווערן.

איינער פון די האַרבסטע און טרויעריקסטע פּראָבלעמען איז ווי צו פאַרגרעסערן דעם פּראָצענט פון די ייִדישע קינדער אין די ייִדישע שולן. ווען איך בין געווען אין אַרגענטינע האָט עס געהאַלטן, דאַכט זיך, ביי 25 פּראָצענט ייִדישע קינדער וואָס באַקומען אַ וועלכע נישט־איז ייִדישע דערציִונג. איך בין זיכער אַז ווען איר וועט מאַכן אַ סך־הכל פון אייערע קהילה־אַקטיוויטעטן וועלן די חינוך־פּראָבלעמען פאַרנעמען אַ גרויס און וויכטיק אָרט. אָבער ס'איז אויך וויכטיק, אַז פּונקט ווי איר וועט באַטראַכטן ווי צו פאַרגרעסערן און פאַרטיפן די ייִדישע לימודים אין די שולן און לערער־סעמינאַרן, דאַרפט איר אויך טראַכטן וועגן די טאַטעס און זיידעס, די פאַראַדנע קולטור־יום־טובים, אויסהערן אַ לעקציע און אַפילו קויפן אַ ייִדיש בוך איז

נאָך גישט קיין באַוויז אַז מען געהערט צו דער ספערע פון ייִדישער גייסטיקייט. דורך דעם עצם פאַקט וואָס איר האָט געגרינדעט אַ ייִדישע קהילה איז דער אַרגענטינער ייִדישער ישוב מיט איין מאָל עלטער געוואָרן אויף הונדערטער יאָרן. זיין גייסטיקע געשיכטע הייבט זיך מער נישט אָן מיטן ערשטן ייִדן וואָס האָט חתונה געהאַט אויפן אַרגענטינער באָדן. די קהילה האָט אייך איינגעשלאָסן אין דער טראַדיציאָנעלער קייט, אייך פאַרבונדן מיט די עלטסטע ייִדישע קהילות און זייערע טראַדיציעס. אין גייסט און אין סטיל פון אונדזערע אַלטע היימען, כאָטש אין נייע וועלטלעכע פאָרמען, מעג דאָס ייִדישע לעבן אין אַרגענטינע אויך האָבן „אַ קאַלטע שול״, ווו מען דאַוונט בלויז אין די זומער־טעג, דער עיקר שבת און יום־טוב; אַ בערגל אויפן שול־הויף פאַר פאַראַדנע חתונות, אָבער עס מוז אויך זיין אַ בית־מדרש פאַר אין מיטן וואָך, דאָרט ווו מען דאַוונט און לערנט יעדן טאָג. איך בין געווען ביי אייך אין די ימים־נוראים און סוכות־צייט, און איך בין געבליבן מיט אַן איינדרוק פון אַ סך יום־טובדיקע ייִדן וואָס פאַרפאַקן די שולן



חיים גראַדע אויף דער דערעפענונג פון חודש פון ייִדישן בוך אין יאָר 1960.

און די בתי־מדרשים אין די נישט־געוויינטלעכע טעג פון יאָר. און נאָך אַן איינדרוק האָב איך געהאַט — און איך זאָג עס אייך לשבח — אַז אַרגענטינע איז אַ גייסטיקע קאָלאָניע פון מדינת־ישראל. און טאַקע דערפאַר, איר זאָלט ווייטער זיין אַ געבענטשטער ישוב סיי פאַר זיך גופא און כיי אין די אינטערעסן פון מדינת ישראל אין יעדן הינזיכט, דאַרף ביי אייך זיין אָפן דער בית־מדרש אַ גאַנצע וואָך. עס איז נישט נייטיק אַז איך זאָל פאַר אייך אויסאַרבעטן אַ קאָנקרעטן פראָגראַם; איר וועט עס טאָן בעסער פון מיר. דער כלל דאַרף זיין, אַז אויסער גרויסע אונטער־נעמונגען פון ברוב עם, דאַרפט איר לייגן זייער אַ סך געוויכט אַריינצוזדרינגען אין געמיט און געדאַנק פון די יחידים, וואָס אַלע אין איינעם בילדן זיי דעם ציבור. מען זאָל טאַקע לייענען די געקויפטע ביכער, מען זאָל לערנען ייִדישע געשיכטע, מען זאָל זיך מתווכח זיין וועגן ייִדישע פראָבלעמען, עס זאָל געשאַפן ווערן דער גייסט פון תלמידים מיט אַ רבין אַרום אַ טיש, און די

תלמידים מיט אַ רבין אַרום אַ טיש זיינען דאָך געווען נישט קיין חדר־ייִנגלעך, נאָר טאַטעס און זיידעס.

אויף אייך איז מקוים געוואָרן דער „לא יסור שבט מיהודה", פון ייִדישער גייסטיקער אַליינ־הערשאַפט און אויטאָנאָמיע, וואָס דער קדוש און היסטאָריקער שמעון דובנאָוו זאָגט נאָך ווי דעם גרעסטן שבח די פוילישע און ליטווישע ייִדן. ווען איך בין געווען ביי אייך, האָב איך גע־האַט אַ געפיל אַז איך בין צוריקגעקומען אין מיין היימשטאָט, אין ירושלים דליטא. פונקט ווי די ייִדישע געסלעך אין ווילנע האָבן זיך געדרייט אַרום ווילנער שול־הויף, האָט זיך מיר אין בוענאָס־איירעס געדאַכט, אַז אַלע ייִדישע געסלעך דרייען זיך אַרום דער קהילה. יהי רצון, אַז אין בוענאָס־איירעס און אין יעדער אַנדער ייִדישער שטאָט זאָל דער אומקרייז פון די גאַסן און געסלעך אַרום דער קהילה אַלץ גרעסער און ברייטער ווערן.



ד״ר חיים שאָשקעס (ניו־יאָרק)

# אַ פּאָר ווערטער „ממעמקים״ פאַר דער אַרגענטינער קהילה

ווען איך בין מיט זיבעצן יאָר צוריק, אַלס „היאס״־דירעקטאָר, אָנגעקומען צום ערשטן מאָל אין אַרגענטינע, האָבן מיך אויפן לופט־פּלאַץ צווישן אַנדערע אָפּגעוואַרט צוויי אומפאַר־געסלעכע יידישע פּערזענלעכקייטן: מ. ראַזאָווסקי און ידידיה עפרון. דער ערשטער האָט גע־זאָגט, אַז ער באַגריסט מיך אין נאָמען פון דער „חברה קדישא״ און דער צווייטער האָט שפּאַסיק צוגעגעבן. „און די „חברה״ האָט אַפילו די „עגלה״ מיטגעשיקט אייך אָפּצופירן״.

איך מוזט מודה זיין: די רעמיניסצענצן פון דער אַלטער היים, וואָס בינדן זיך מיט די ווערטער „חברה קדישא״ און „עגלה״ זיינען נישט דער בעסטער „ברוך־הבא״ פאַר אַ ניי־אָנ־געקומענעם גאַסט: איז ער דאָך געקומען לעבן און נישט מיט קאָמפאָרט „אָפּגעפירט ווערן מיט דער עגלה״.

זינט דאַן זיינען אַ סך שטורמישע וואַסערן אָפּגעפלאָסן. פון דער „חברה קדישא״ איז אַ „קהילה״ אויסגעוואַקסן, אַ מערקווירדיקער פּראָדוקט, אויסגעפורעמט גאַנץ אייגנאַרטיק אויף דער אַרגענטינער ערד.

איך האָב פיל מאָל אין משך פון די יאָרן באַזוכט בוענאָס־איירעס און פיל אַנדערע שטעט פון אַרגענטינע. איך האָב געהאַט דעם כבוד, ווי פיל יידישע וואַנדערער מיט אַ געזעלשאַפט־לעכער מיסיע, — צו זיין דער גאַסט פון „ישוב״ און פילן די וואַרעמקייט און נאָסטאַלגישן רייץ פון זיין פאַלקסטימלעכקייט.

קום איך דאָך פון ניו־יאָרק ווו קיין „סביבה״ איז נישטאָ, ווו דער ריזיקער מעכאַנישער מאַנסטער, — די גרויסע שטאָט — האָט גאָר נישט קיין פּלאַץ, ווו אַן אורח אויפצונעמען. דאָס הייסט, פּלעצער זיינען פאַראַן אַ סך, — שוין צופיל, — אָבער קיין איין סטאַבילער אַדרעס, קיין איין צענטער אויף וועלכן מען זאָל קענען זאָגן, אַז מען איז אַ גאַסט פון יידישן ישוב, — איז נישטאָ. אַלץ צעפלאָסן, סעפּאַרירט, אָפּגעפרעמדט.

קומט צו אונדז אַ גאַסט מיט אַ נאָמען, בלייבט נישט אַנדערש ווי אויפנעמען אים אָדער אין דער פּאַרטיי, צו וועלכער ער געהערט, אָדער אין אַ פּריוואַטער הויז פון פריינט און באַ־קאַנטע.

דעריבער איז אַזוי ווערטפול דאָס שאַפן אין אַרגענטינער שטעט דעם נאַטירלעכן „אַדרעס״, די קהילה, וועלכע איז דער פאָקוס פון אַלע יידישע אינטערעסן.

איך האָב אין משך פון מיינע אָפטע וויזיטן געהאַט די מעגלעכקייט צו אָבסערווירן דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון די קהילה־אינסטיטוציעס און אויך די אַנטוויקלונג פון דעם מענטשן־מאַטעריאַל, וועלכן דאָס פאָלק האָט אָנפאַרטרויט די פירערשאַפט.

אַביסל בין איך אַ מבין אויף קהילה־אַרבעט, ווייל שוין מיט 45 יאָר צוריק, אין אָנפאַנג פון יאָר 1918 בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד צום ערשטן דעמאָקראַטיש־געווילטן קהילה־ראַט אין דער געשיכטע פון אוקראַינע, — צום ראַט אין כאַרקאָוו (אגב, ווילט זיך אויך דערמאָנען מיינע שוין איצט פאַרשטאָרבענע חברים פון „צעירי־ציון״, וואָס זיינען דאַן, צוזאַ־מען מיט מיר, אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאַרטרעטער אין ראַט. דאָס זיינען: אייזיק ברודני־בראַלי, דער שפּעטערדיקער פּרעזידענט פון „בנק הפועלים״, אברהם לעווינסאָן, — סיים־דע־

פוטאַט און באַרימטער ישראלישער קולטור־טוער און שמואל פרידמאַן־עליאַשעוו, — דער שפּעטערדיקער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע. זאָל געבענטשט זיין זייער אָנדענק!

איך בין אויך געווען אַ מיטגליד אין וואַרשעווער קהילה־ראַט, אין זיין שפּעטערדיקער און געפּערלעכער עפּאָכע. האָט מען זיך אויסגעלערנט אָפּשאַצן די אַרבעט פון אַנדערע קהילות.

איז טאַקע דעריבער צו באַוואונדערן, ווי אַזוי מענטשן פון פשוטן פאָלק, נישט קיין טרע־נירטע „סאָשעל וואָרקערס", האָט זיך איינגעגעבן אין משך פון אַ פאַרהעלטניסמעסיק־קורצער צייט אויפשטעלן די אינסטיטוציע, וואָס ווערט איצט באַוואונדערט אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט.

ווען איר הייבט אָן צו סומירן איר פאַרצווייגטן אַרבעטס־געביט: די קאָנצענטרירטע פּופּ־ציק־טויזנט־קעפּיקע מיטגלידערשאַפט אין בוענאָס־איירעס, וואָס איז אַן און פאַר זיך אַ קאָ־



די קהילה־פאַרוואַלטונג נעמט אויף די געסט לילי מנחם (ישראל), יהודה עלבערג (קאַנאַדע) און ד״ר שאָשקעס (פּאַר' שטאַטן).

לאָסאַלע אָרגאַניזאַציע דערגרייכונג: די העברעיִש־ייִדישע שול־נעץ, וואָס ווערט געשטיצט און רעגולירט דורך דער קהילה; די אייגנאַרטיקע קולטור־טעטיקייט, וואָס ווערט אַמבולטסטן אויסגעדריקט אין דערמעגלעכן לעקטאָרן — אַרגענטינער און אויסלענדישע, — צו באַקאָנען דעם עולם אין בוענאָס־איירעס און אין די פּראָווינץ־שטעט מיט די ברענענדע פּראָבלעמען פון דער ייִדישער ווירקלעכקייט און פאַרגאַנגענהייט; דער „חודש פון ייִדישן בוך", וואָס לאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק ביי אונדז אַלעמען, וועלכע זיינען נישט געוווינט צו זען לאַנגע רייען פון יונגע און עלטערע ייִדן, וואָס שטייען און וואַרטן מען זאָל זיי פאַרקויפן ביכער פון ייִדישן אינטערעס.

איך רעד שוין נישט פון אַזאַ ספּעציעל־נייטיקער אינסטיטוציע, ווי דאָס „מתים־שטיבל" ביי דער קהילה, — די אייגנטלעכע „חברה־קדישא", — וועלכע איז נישט מער די „שינד־ברעטל" פון אָרעמאַן אָדער ווייניק־פאַרמעגלעכן אין די טראַגישע פאַר אים טעג.

איך האָב זיך ספּעציעל צוגעקוקט בעת מיינע וויזיטן אין דער קהילה צו אָט דעם „טרויעריקן ווינקל" אויפן ערשטן שטאָק און טאַקע געזען די גרויסע ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער נייער קהילה, ביים אויספירן די מצוה פון „הלוית המת".

עס איז ווערט אַריינצוגיין אין דער קהילה אין דער שעה פון גרויסן טומל, צווישן איינס און צוויי אַזייגער בייטאָג, ווען די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, צוזאַמען מיטן פּרעזידענט ד"ר קאַמענשיין (פריִער ח' אלימלך גוטקין), זעצן זיך ביי זייערע טישן אויספירן די מלאכת־הקודש. ווי אַ בינענשטאָק זשומעט דאַן אַרום יעדן פון זיי, פּראָבלעמען פון אַלגעמיין־ייִדישער באַדייטונג, אָרטיקע וויכטיקע אַנטוויקלונג. נו, און די טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן פון יחיד, וועלכע קוקן אויס קליין אין פאַרגלייך מיט וועלט־פּראָבלעמען, אָבער גרויס און וויכטיק זיינען פאַר אים, פאַר דעם „יחיד", זייער אָפּט פאַר דעם „קליינעם מענטשל", וואָס האָט זיך נישט ווו צו ווענדן, אויסער צו דער קהילה, און דאָ טאַקע באַקומט ער די תשובה און די אַנטשיידונג פאַר זיין פּראָבלעם.

און דער פאַקט, וואָס די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער רייסן זיך אָפּ פון זייערע פּריוואַטע געשעפטן, כדי דעם געזעלשאַפטלעכן פליכט צו דערפילן, — אָפטמאָל איז דאָס געמאַכט מיט גרויסע פּערזענלעכע קרבנות, — דאַרף אויך אונטערגעשטראָכן ווערן: קיין באַלוינונג, — אויסער דאָס ביסל סאַטיספאַקציע, — און אָפטמאָל דאָס ביסל „בזיונות", וואָס זיינען דער שטענדיקער גורל פון כלל־טוער — באַקומען זיי דאָך נישט.

פאַר מיר זיינען געבליבן אומפאַרגעסלעך מיינע באַזוכן מיט לעקציעס אין נאָמען פון פאַרבאַנד פון אַרגענטינער קהילות אין די פיל פּראָווינץ־שטעט, פון וועלכע איך געדענק: ראָזאַריאָ, קאָרדאָבאַ, מענדאָזאַ, סאַן־כואַן, פּאַראַנאַ, לאַ פּלאַטאַ, באַהיאַ־בלאַנקאַ, סאַנטאַ־פע א"אַ.

אומעטום האָב איך אויפן פּאָסטן געטראָפן גרופּע איבערגעגעבענע פּרנסים, וועלכע זיינען ענג פאַרבונדן מיט זייער צענטער אין בוענאָס־איירעס.

איך האָב אָבסערווירט די אַרבעט פון דאָזיקן צענטער אונטער דער פעיִקער פירערשאַפט פון ז. וואַסערצוג; עס האָט אויסגעקוקט, ווי אַ קהילה־שטאַב אין לאַנדעס־פאַרנעם, וואָס „קלאַפּט" און פירט אויס באַשלוסן.



בצלאל שערמאַן

# יידיש לעבן אין אַרגענטינע

## א.

דער אַרגענטינער ייִדישער ישוב האָט זיך נישט צו באַקלאָגן אין די לעצטע יאָרן, אַז ער קריגט נישט גענוג אויפמערק אין דער ברייטער ייִדישער וועלט. אדרבא, יעדער ייִדישער שרייבער אָדער געזעלשאַפטלעכער טוער, וואָס פאָרט אויף אַ באַזוך — און ווערט דורך דעם דער „גאַסט פון דעם ישוב" — האַלט עס פאַר זיין חוב צו באַשרייבן דאָס דאָרטיקע לעבן בפרטיות. עס איז אָבער אַ ספק, צי פון אָט־די אַלע באַשרייבונגען באַקומט זיך אַ ריכטיק בילד פון דעם צווייטן גרעסטן ייִדישן קיבוץ אין חוץ־לארץ (נישט צו רעכענען סאָוועטן־רוסלאַנד). די סיבה איז אַ פשוטע: אַלע באַריכטן זיינען געבויט אויף די טעטיקייטן פון דעם אַקטיוו אין דעם ישוב, אין וועלכן דער ייִדיש־ריידנדיקער סעקטאָר איז דער דינאַמישסטער פאַקטאָר. זעלטן ווערט גענומען אין באַטראַכט דער ספרדישער סעקטאָר, וואָס עס ווערט געשאַצט, אַז ער מאַכט אויס באַלד אַ פערטל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין בוענאָס־איירעס. מען לאָזט אויך אויס פון די באַריכטן די דייטשיש־ייִדישע עדה, וואָס איז זינט דעם היטלער־חורבן אין אייראָפּע היפשלעך אויסגעוואָקסן; און ענדלעך שטעלט מען זיך נישט גענוג אָפּ אויף די יונגע דורות, וואָס לעבן זיך אויס קולטורעל און געזעלשאַפטלעך אין דער שפּאַנישער שפּראַך. אַנטקעגן דעם סכום פון אָט־די אַלע עלעמענטן איז דער ייִדיש־ריידנדיקער סעקטאָר אַ כסדר קלענער־ווערנדיקע מינדערהייט, הגם ער איז דער נערוון־צענטער אין דער קהלשער טוּאונג פון דעם גאַנצן ייִדישן קיבוץ אין אַרגענטינע.

ווי נישט־גענוגנדיק עס איז דער מאַטעריאַל וואָס מיר האָבן פון דעם ישוב ווערט קלאָר, ווען מיר שטעלן די ערשטע און עלעמענטאַרסטע פראַגע: וויפל ייִדן לעבן היינט אין אַרגענטינע? מיר האָבן נישט קיין פּינקטלעכע אינפאָרמאַציע וועגן דער צאָל ייִדן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, פון דעסטוועגן פאַרמאָגן מיר שוין דאָ סטאַטיסטיק, וואָס דערלויבט גוט־באַגרינדעטע שאַצונגען. די סטאַטיסטיק איז באַזירט אויף די באַפעלקערונג־שטודיעס וואָס ייִדן האָבן אַליין דורכגעפירט אין אַ צאָל שטעט און אויף ציפערן וואָס מען קען אַרויסהויבן פון די רעגירונג־צענזן. אין אַרגענטינע איז פון דעם אַלעם קיין זכר נישטאָ. אַלע ציפערן וועגן דער גרויס פון דעם ישוב זיינען באַזירט אויף אינדיווידועלע שאַצונגען; די שאַצונגען זיינען באַזירט אויף השערות; די השערות זיינען באַזירט אויף פערזענלעכע איינדרוקן; און די פערזענלעכע איינדרוקן זענען באַזירט אויף ווונטשן. ווען גוט־אינפאָרמירטע אַלטע תושבים אָנרופן אַ ציפער פון 400 טויזנט ייִדן; אַנדערע וועלן ריידן פון אַ האַלבן מיליאָן; און פאַראַן געזעלשאַפטלעכע עסקנים וואָס באַשטייען, אַז נישט ווינציקער ווי 600 טויזנט ייִדן געפינען זיך היינט אין אַרגענטינע. אַז איר וועט זוכן כאָטש אַ סימן פון אָביעקטיווער באַשטעטיקונג, וועט איר עס נישט געפינען אין שייכות צו קיין איינעם פון די אָנגעגעבענע ציפערן. בלית־ברירה, וועלן מיר זיך האַלטן ביי דעם ציפער פון 450.000 — אַ ציפער וואָס ווערט צום אָפטסטן דערמאָנט אין די מאַטעריאַלן וועגן אַרגענטינע.

לאָמיר נעמען אַ צווייטן ביישפּיל. נישט געקוקט אויף די פיל זייער דערמוטיקנדיקע זאַכן וואָס מיר הערן פון אַרגענטינע, רופט אָבער איין באַריכט אַרויס אומרו אַפילו ביי די אָפּטימיסטישסטע באַזוכערס. עס ווערט אָנגעגעבן, אַז נישט מער ווי 25 פּראָצענט פון די ייִדישע

קינדער קריגן דאָרטן אַ יידישע דערציִונג. וועגן אָט־דעם ציפער האָט מען שוין געשריבן מאמרים אין גאָר דער יידישער וועלט. מען האָט פון דעם גערעדט אויף ציוניסטישע קאָנ־גרעסן און אויף צוזאַמענקומען פון דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס. מען האָט געבויט טעאָריעס, געזוכט דערקלערונגען און אָנגענומען רעזאָלוציעס. אַזוי טיף האָט זיך דער ציפער איינגע־קריצט אין דעם יידישן אינווענטאַר, אַז מען געפינט אַפילו נישט פאַר נייטיק צו פרעגן: 25 פּראָצענט פון וואָס? וויבאַלד מען ווייסט נישט וויפל קינדער פון שול־עלטער עס געפינען זיך אין לאַנד, און וויבאַלד מען קען דאָס נישט וויסן סיידן מען ווייסט גענוי די צאָל יידן און די גרויס פון דער יידישער משפחה — טאָ פון וואַנען קען מען וויסן, אַז נישט מער אָדער אַז נישט ווינציקער ווי 25 פּראָצענט יידישע קינדער קריגן אַ יידישע דערציִונג? און אַפילו ווען מען זאָל אָננעמען, אַז דער פּראָצענט איז אַ ריכטיקער — צי מיינט עס אַז בלויז 25 פּראָצענט פון דער יוגנט אין לאַנד קריגן אַ יידישע דערציִונג בכלל, אָדער מיינט עס נאָר אַז אין אַ געגעבענעם מאָמענט געפינען זיך 25 פּראָצענט פון די קינדער אין די יידישע שולן? אומזיסט וועט איר זוכן אַן אויטענטישן ענטפער אויף אָט־די פשוטע פראַגעס.

די פירערס פון דעם ישוב געפינען זיך אונטער אַ דרוק אויפצוקלערן די סתירה וואָס ליגט צווישן דעם האָפערדיקן בילד וואָס זיי מאָלן פון דעם בליִענדיקן מצב פון דער יידישער שפּראַך און צווישן דעם קליינעם פאַרנעם פון דער יידישער דערציִונג. לייקענען זיי נישט אָפּ דעם ציפער; זיי פּרווון נאָר אָפּטעמפּן זיין ווידעראַנאַנדיקייט. עס איז אַ בלבול, האָט נישט לאַנג צוריק געשריבן וועגן אָט־דעם ענין דער אָנגעזעענסטער יידישער זשורנאַליסט אין אַר־גענטינע, אַז נישט מער ווי 25 פּראָצענט קינדער קריגן אַ יידישע דערציִונג; וואָס זיינען מיר שולדיק, האָט ער געטענהט, אַז מען רעכנט צו אונדז צו [צו דער יידיש־ריידנדיקער באַפעלקע־רונג, הייסט עס, ב. ש.] די ספרדישע יידן און די דייטשע יידן? אָן זיי וואָלט שוין דער פּראָ־צענט ממילא געווען אַ העכערער. דאָס איז אַ ביז גאָר טשיקאַווער חשבון: דער פּראָצענט וואָלט נאַטירלעך געווען נאָך אַ העכערער ווען מען וואָלט אויך אַראָפּגערעכנט די שפּאַניש־ריידנדיקע עלטערן. אָבער פון אַזאַ חשבון — וויפל יידן וואָלטן פאַרבליבן אין אַרגענטינע? און וויפל יידן וואָלטן היינט בכלל געווען אין דער וועלט, ווען מען זאָל זיך רעכענען נאָר מיט די יידיש־ריידנדיקע און בלויז אויף זיי אַרויפלייגן דעם חוב צו געבן זייערע קינדער אַ יידישע דער־ציִונג? אָין חוץ לזה — די צאָל יידיש־ריידנדיקע יידן אין אַרגענטינע ווייסט מען יאָ? און וויפל פון די יידיש־ריידנדיקע שיקן זייערע קינדער אין אַ יידישער שול איז באַקאַנט? וועל איך נאָך צו דעם ענין יידישע דערציִונג זיך אומקערן. דאָ האָב איך נאָר געוואָלט באַווייזן וואָס פאַר אַ קרומער שפּיגל עס באַקומט זיך פון דעם אַרגענטינער ישוב, ווען מען פאַרלאָזט זיך אויף צופאַליקע ידיעות און אויף אויבן־אויפיקע באַריכטן אין דער פּרעסע מכוח זיין דע־מאָגראַפישן מצב.

## ב.

דרייצן יאָר האָבן אָפּגעטיילט מיין צווייטן באַזוך אין אַרגענטינע פון דעם ערשטן. אַלץ אין לאַנד האָט זיך געביטן אין משך פון אָט־דעם פּעריאָד. קודם־כל האָט זיך ראַדיקאַל געביטן די פּאָליטישע סיטואַציע. בעת מיין ערשטן באַזוך, אין 1948, האָט אין לאַנד געהערשט די פּעראָניסטישע דיקטאַטור, וואָס איר טויטע האַנט האָט זיך געלייגט אויף יעדער איינעם ביי דעם ערשטן טריט וואָס ער האָט געשטעלט אויף דער אַרגענטינער ערד. דעם אָטעם פון דעם פּאַקטיש־פאַשיסטישן רעזשים האָט מען געשפּירט ווו נאָר מען האָט זיך געקערט אָדער געווענדט.

קיין ברוטאַלן אַנטיסעמיטיזם האָט מען, אמת, אונטער דער פּעראָן־דיקטאַטור נישט גע־מערקט. מיר אַליין איז אַפילו אויסגעקומען בייצוזיין דעם חנוכת־הבית פון אַ יידישן פּעראָ־ניסטישן קלוב, ביי וועלכן פּעראָן און זיין פאַרשטאָרבענע ווייב עוואַ, וואָס איז אין יענער צייט געווען אפשר נאָך מער פּאָפּולער ווי ער, האָבן פאַרזיכערט דעם עולם, אַז זיי באַטראַכטן יידן

פאַר גלייכע בירגערס פון לאַנד און װעלן נישט דערלויבן קיין דיסקרימינאַציעס קעגן זיי. קיין צופיל בטחון האָבן פון דעסטוועגן די ייִדן אין די פאַרזיכערונגען נישט געהאַט: זיי האָבן געזען ווי מען האָט אַרויסגעשטויסן אַלע ייִדן פון די מלוכה־אַמטן און פון דער לערערשאַפט אין די היויכשולן; און זיי האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז וועט זיך עס דעם רעזשים לוינען — וועט ער די באַשרענקונגען כלפּי ייִדן אויסשפּרייטן אויף אַלע שטחים פון דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן.

היינט איז די לאַגע אין יעדער פּרט אַ בעסערע. די איצטיקע פּאָליטישע אָרדענונג איז נאָך וויַיט נישט קיין איינגעשטעלטע און רעגירונגס־קריזיסן זיינען אין אַרגענטינע אַ טעגלעכע דערשיינונג. דאָס לאַנד בייגט זיך נאָך אַלץ אונטער דער ירושה פון עקאָנאָמישער דיסלאָקאַציע



די דערעפענונג פון דער וויסנשאַפטלעכער קאָנפערענץ אין יאָר 1961. עס רעדט דער גאַסט בצלאל שערמאַן.

וואָס פּעראָן האָט איבערגעלאָזט, און עס זיינען נאָך פאַראַן גאָר שטאַרקע פּעראָניסטישע שטי־מונגען גראָד צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן. פון דעסטוועגן איז דער פּאָליטישער קלימאַט אַ דעמאָקראַטישער: עס הערשט דאָרט פרייהייט פון וואָרט און פון פּרעסע און עס איז דאָ אַן עפעקטיווע אָפּאָזיציע. נאַטירלעך רופט זיך דאָס אָפּ אויך אין דער ייִדישער סביבה: דאָס מאָל האָב איך געטראָפן אַ גרויסע צאָל ייִדישע פּראָפעסאָרן אין די אוניווערזיטעטן און אַן אַקטיוון אָנטייל מצד די ייִדן אין דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן. די געשפּאַנטקייט האָט אָפּגעלאָזט; און אויב עס שפּירט זיך נאָך אַלץ צווישן ייִדן אַן אומרו, נעמט זיך עס נישט פון מורא פאַר דעם איצטיקן רעזשים אין לאַנד, נאָר פון די קאַסטראָ־סענטימענטן וואָס דרינגען אַלץ טיפער אַריין אין גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע. באַגייסטערונג פאַר קאַסטראָן און האַס פאַר אַמעריקע כאַפּן אַרום די יוגנט, אַריינגערעכנט די ייִדישע; און די שרעק אַז עס רוקט זיך אויף ייִדן דער גורל פון דעם קובאַנער ישוב, איז וויַיט נישט אָן אַ גרונט, בפרט אַז פון דעם עקאָנאָמישן שטאַנד־

פונקט וועלן יידן זיין אויף דעם ערשטן פייער אויב עס וועט קומען צו אַ סאָציאַלער צעטרייסלונג.

וואָרעם עקאָנאָמיש האָט דער ישוב אין אַרגענטינע מער דעם אָנבליק אויף די אַלטע ישובים אין מזרח־אייראָפּע, ווי אויף די ישובים אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין ענגלאַנד אָדער אין קאַנאַדע. יידישע באַנקן, יידישע קרעדיט־געזעלשאַפטן, יידישע האַנדל־קאָאָפּעראַציזון, יידישע געשעפט־פאַרבאַנדן — אָט־דאָס אַלץ נעמט אַרום די יידישע באַפעלקערונג ווי אַ מין עקאָנאָמישע אויטאַרקיע, וואָס איז אי אַ ברכה פאַר דעם ישוב אי אַ פּאָטענציעלער קוואַל פון סכנה. אַ ברכה איז דאָס דערפאַר, ווייל די אינסטיטוציעס זענען וויכטיקע פאַזיציעס אין דעם לעבן פון דעם ישוב. זיי זענען עס אויף אַ דירעקטן אופן מיט דעם וואָס זיי טיילן אויס אַ באַדייטיקן פראָצענט פון זייערע רווחים אויף קהלשע צוועקן; זיי זענען עס נאָך מער מיט דעם וואָס זיי פאַרפעסטיקן די בינדונג צווישן יחיד און כלל אין דער יידישער סביבה מיט דעם צעמענט פון עקאָנאָמישן אינטערעס. זיי קענען אָבער אויך פירן צו זייער ערנסטע קאָנסעקווענצן דערפאַר ווייל זייער עצם־עקזיסטענץ באַווייזט, אַז די יידן זיינען נאָך ווייניק אינטעגרירט אין די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע פּראָצעסן פון אַרגענטינע און אַז ממילא איז נאָך זייער עקאָנאָמישער יסוד נישט סטאַביליזירט. די יידן זיינען צופיל אָפּגעזונדערט פון דער הערשנדיקער עקאָנאָמיע און זיי זיינען דעריבער מער אויסגעזעצט צו דרויסנדיקן דרוק ווי די אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג.

גייט מען אַריבער פון די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען צו דעם אינעווייניקסטן לעבן פון דעם ישוב, ווערט מען קודם־כל באַווירקט פון דער דעמאָקראַטישקייט פון זיין אָרגאַניזאַציע. דאָס איז אפשר דער דעמאָקראַטישסטער ישוב אין די תפוצות.

די קהילה אין בוענאָס־איירעס — און זי איז דער מוסטער פאַר די קהילות אין די קלענערע שטעט אין אַרגענטינע, ווי אויך פאַר מאָנטעווידעאָ, די הויפּטשטאָט פון אורוגוויי — איז, ווי ד״ר מרדכי קאַפּלאַן וואָלט זי אָנגערופן, אַן אָרגאַנישע. זי איז באַזירט אויף אינדיווידועלער מיטגלידערשאַפט, אָבער אין אירע אַקטיוויטעטן דעקט זי כמעט אַלע קאָלעקטיווע הצטרכותן פון דעם קיבוץ. די אויספיר־אָרגאַנען פון דער קהילה ווערן אויסגעקליבן דורך דירעקטע און געהיימע וואַלן. אין די וואַל־אַקציעס ווערן די פּראָבלעמען פון דעם ישוב און די פּלאַטפאָרמעס פון די קאַנדידאַטן ברייט און אָפן דעבאַטירט. וואָלט אָבער ביי דעם געבליבן — ד״ה וואָלט נאָר דער אינדיווידועלער קאַנדידאַט פיגורירט אין די וואַלן — איז אַ ספק צי וואָלט די קהילה געשטאַנען אויף דער מאָראַלער און קולטורעלער הויך וואָס זי פאַרנעמט איצט. וואָס עס פאַרוואַנדלט די קהילה אין אַן אמתן פּאַרלאַמענט פון דעם ישוב איז דאָס וואָס די קאַנדידאַטן אויף די פאַרשיידענע אַמטן ווערן אַרויסגעשטעלט דורך פּאַרטייען. די דאָזיקע פּאַרטייען ווייסן, אַז זיי מוזן קומען צו די וויילערס נישט נאָר מיט די בעסטע מענטשן וואָס זיי פאַרמאָגן, נאָר אַז זיי מוזן אויך פאַרלייגן קלאָרע פּראָגראַמען, וואָס זיי פאַרפליכטן זיך אויסצופירן, אויב זייערע קאַנדידאַטן וועלן אויסגעקליבן ווערן. אַזוי אַרום שטייען די פירערס פון דער קהילה אונטער דעם צווייענדיקן קאָנטראָל פון זייער פּאַרטיי און פון זייערע וויילערס. די צוזאַמענאַרבעט פון די פאַרשיידענע ריכטונגען אין דער קהילה איז נישט קיין מעכאַנישע און נישט אַזאַ, ווי עס איז אָפט דער פאַל אין אַלגעמיינע אינסטיטוציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס פאַרקוקט אידעאָלאָגישע חלוקי־דעות מחמת שלום בית. די קהילה ווערט נישט דערטרונקען אין באַנאַלן פּראַקטיציזם, און זי שענקט געוויסע אויפמערק צו די גייסטיקע אינטערעסן פון דעם ישוב דווקא דערפאַר, ווייל זי איז אויך די אַרענע פאַר אידעישע שטרייטן. די אייניקייט אין האַנדלונג, וואָס ווערט דערגרייכט אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן נאָך דעם ווי די באַזונדערע ריכטונגען ברענגען צום אויסדרוק זייערע ספּעציפישע איינשטעלן, איז די אייניקייט פון אידעישער פאַרשיידנאַרטיקייט און געזעלשאַפטלעכער אחריות.

דאָ האָבן מיר אַ קלאָרן ענטפער אויף דער טענה, וואָס מיר הערן אַזוי אָפט פון די קעגנערס פון אַ רעפּרעזענטאַטיווער יידישער קהילה אין די פאַראייניקטע שטאַטן, מכוח דעם אַז אין אַ וואָלונטאַרער געזעלשאַפט איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַ צענטראַלער אָנפיר־אינסטאַנץ.

וואָס נעמט אָן אירע באַשלוסן אויפן סמך פון מערהייט־אָפּשטימונגען. אין אַט אַזאַ אָנפיר־אינסטאַנץ, גייט ווייטער די טענה, ווערן אונטערגעדריקט מיינונג־פאַרשיידנקייטן און די רעכט פון דער מינדערהייט ווערן אין איר פאַרגוואַלדיקט. נישט נאָר ווערן מיינונג־פאַרשיידנקייטן נישט אונטערגעדריקט אין אַרגענטינע, נאָר, פאַרקערט, די שטאַרקייט פון דער דאָרטיקער קהילה נעמט זיך אַקוראַט פון דעם וואָס זי גיט אַ פּלאַטפאָרמע פאַר חילוקי־דעות.

דער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער פון דער קהילה און דער פּאַרטייִישער צוזאַמענשטעל פון אירע אָנפיר־אינסטאַנצן רוקן אַרויס צו דעם פאָדערגרונט די קאָמונאַלע פּראָבלעמען פון דעם קיבוץ ווי אַ גאַנצן און סובאָרדינירן צו די דאָזיקע פּראָבלעמען די באַזונדערע אינטערעסן פון די אינדיווידועלע יידישע אינסטיטוציעס. אַ דאַנק דעם איז די קאָלעקטיווע סקאַלע פון יידישע ווערטן אין אַרגענטינע אַ פיל־העכערע ווי זי איז אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט ביי אונדז אין די שטאַטן. איין ציפער וועט דאָס אילוסטרירן: זעכציק פּראָצענט פון דעם גאַר גרויסן בודזשעט, וואָס די קהילה האָט, גייט אַוועק אויף סובסידיעס פאַר יידישער דערציִונג. דאָס האָט מעגלעך געמאַכט דעם אויפקום און די אַנטוויקלונג פון די פּרעכטיקע יידישע קינדער־שולן — און גראָד די שולן באַווייזן וויאַזוי עס איז מעגלעך צו גיין אויף פאַרשיידענע וועגן און דאָך קומען צו אַלגעמיינע צילן. סובסידיעס קריגן — אין אַ גערעכטער צעטיילונג — די שולן פון אַלע קאָנסטרוקטיווע ריכטונגען אין דעם ישוב, אָנהייבנדיק מיט די אָרטאָדאָקסישע און ענדיקנדיק מיט דער בונדיש־אָנגעפירטער פּרץ־שול. נאַטירלעך פירט איטלעכע ריכטונג אירע שולן אין איר אייגענעם גייסט און זי ברענגט אַריין די לימודים וואָס זיינען אין הסכם מיט אירע פּרינציפּן; אין דער זעלביקער צייט אָבער מוזן אַלע שולן איינשליסן דעם אַלגעמיינעם קוריקולום וואָס דער וועד החינוך, וואָס ווערט אויך צונויפגעשטעלט פון פאַרשטייערס פון פּאַרטייען, צייכנט אָן. דאָ האָבן מיר אַ בולטן ביישפּיל ווי איינהייט ווערט דערגרייכט דורך צעטיילטקייט.

מיט דער געזעלשאַפטלעכער איינהייט, וואָס די דעמאָקראַטישע קהילה דערגרייכט דורך אידעיִשער פאַרשיידנאַרטיקייט, דערקלערט זיך אויך די דויערנדיקע חשיבות פון יידיש ווי דער שפּראַך־אינסטרומענט פון דעם ישוב. נישט נאָר קען די קהילה דורכפירן — און זי פירט טאַקע הדרך — קולטור־אונטערנעמונגען אויף יידיש אין אַ פאַרנעם וואָס וואָלט געוווען איבער די כוחות אַפילו פון דער גרעסטער פּאַרטיי באַזונדער, נאָר דורך דעם וואָס די קהילה פירט זיי דורך, קריגן די דאָזיקע אונטערנעמונגען דעם סטאַטוס פון ישובדיקע אַקציעס. יידיש איז אַזוי אַרום די אָפיציעלע שפּראַך פון דעם אָרגאַניזירטן אַרגענטינער יידנטום, און די קהלשע אַרויסטריטן אין שפּאַניש זיינען נאָר צוגאָב־אַקציעס, וואָס האָבן נישט דעם זעלביקן פּרעסטיזש ווי די יידישע. פון אָט־דעם שטאַנדפּונקט איז דאָס נישט איבערגעטריבן, ווען מען רעדט פון אַרגענטינע ווי פון דער וויכטיקסטער פעסטונג וואָס די יידישע שפּראַך פאַרמאָגט היינט אין דער וועלט. אָבער ליידער איז די פעסטונג שוין געווען אַ היפּש ביסל דורכגעלעכערט נאָך אין 1948. היינט זיינען די לעכער ברייטערע און טיפערע. עס זעט אויס ווי אַ פּאַראַדאָקס, עס איז אָבער אַ פאַקט: אין דער היינטיקער שטאַרקייט פון דער פעסטונג ליגט איר מאָרגנדיקע שוואַכקייט.

ג.

עס איז גרינג צו פאַרשטיין פאַרוואָס אַ יידישער שרייבער וואָס באַזוכט אַרגענטינע זעט די פעסטונג אין איר פולן גלאַנץ און פאַרקוקט די לעכער. ער האָט זיך פאַר אויסגעצייכנטע שולן מיט טויזנטער קינדער און הונדערטער לערערס וואָס האָבן אַליין געקראָגן זייער יידישע דערציִונג אויף דעם אַרגענטינער באָדן. ער גיט אַ רעפעראַט און עס קומט אַ טויזנט־קעפּיקער עולם. אויב ער נעמט אויס מיט זיין ריידן, וואַקסט דער עולם פון רעפעראַט צו רעפעראַט און עס שטייגט די צאָל צוהערערס וואָס, נישט געפינענדיק קיין פּלאַץ צו זיצן, שטייען זיי געדרענג אויף די פיס די גאַנצע צייט וואָס די „קאָנפערענץ" געדויערט.

ער גייט אַריין אין דעם בנין פון דער קהילה און האָט דעם איינדרוק, אַז ער געפינט זיך אין אַ רעגירונגס־אַמט. צענדליקער אָפּטיילן באַדינען די הצטרכותן פון דעם קיבוץ ווי אַ גאַנצן און די ייִדישע באַדערפענישן פון אָנצאָליקע יחידים. עס קומען אין די ביוראָען יונג און אַלט, רעליגיעזע און אומגלויביקע. די פונקציאָנאַרן זיינען אַלע פרייוויליקע עסקנים, וואָס באַציִען זיך צו די באַזוכערס נישט ווי ביוראָקראַטן און נישט ווי פּאַרקויפערס צו קליענטן, נאָר ווי מענטשן וואָס זיינען אַליין אַריינגעצויגן אין די פּראָבלעמען פון די באַזוכערס. אַלע ריידן ייִדיש; און ייִדיש איז אויך די הערשנדיקע שפּראַך אין די אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

דער גאַסט פון אויסלאַנד לייענט די צוויי ייִדישע טאָג־צייטונגען, און ער זעט, אַז דאָס זיינען ערנסטע אויסגאַבעס וואָס קיצלען נישט די לייענערשאַפט און קוקן נישט אויף איר פון אויבן־אַראָפּ, ווי אויף עפּעס אַ צוריקגעשטאַנענעם המון. די צייטונגען זיינען נאָך נישט אַזוי מעכאַניזירט אָדער אַזוי קאָמערציאַליזירט, אַז עס זאָל אין זייערע באַציִונגען מיט דער לייע־



פּראָפ׳ משה דייוויס רעדט אויף דער דערעפענונג פון דער וויסנשאַפטלעכער קאָנפערענץ.

בערשאַפט פעלן דער עלעמענט פון משפּחהדיקער פאַרוואַנדשאַפט. אויף דעם ייִדיש־אָריענ־טירטן גאַסט איז דער רושם פון דעם אַלעם ממש אַ פאַרשיכורנדיקער.

דאַרף מען זיך נישט וווּנדערן וואָס ער קומט צוריק אַהיים אַ באַגייסטערטער, אַן אָפּגע־פרישטער און אַ דערמוטיקטער. וואָלט ער אָבער געהאַט אַריינגעקוקט טיפער אין די אינגעווייד פון דער פעסטונג — וואָלט ער, אמת, נאָך אַלץ געהאַט גרונט צו זיין באַגייסטערט, אָבער ער וואָלט שוין אויך נישט געקענט פאַרטרייבן פון זיך אַ געפיל פון אומזיכערקייט. ער וואָלט נישט געקענט רויִק פאַרבייגיין דעם פאַקט, אַז דער עולם וואָס פילט אָן די זאַלן ביי די ייִדישע לעק־ציעס און שטעלט צו די אוידיטאָריעס פאַר די אַנדערע קולטור־אונטערנעמונגען אויף דער

יידישער שפּראַך, רעקרוטירט זיך אין גאַנצן פון אין קרייז. די זעלביקע צוויי־דריי טויזנט מענטשן באַטייליקן זיך אין אַלע קולטור־אַקציעס, בעת די ריזיקע מערהייט פון דעם ישוב גע־פינט זיך דרויסן פון די דאָזיקע אַקציעס. ער וואָלט זיך אויך געפרעגט: ווי קומט עס וואָס דער טיראַזש פון דער „יידישע צייטונג״ און דער „פּרעסע״ איז צחאַמען פיל ווינציקער ווי 25.000? און דאָס וויכטיקסטע: אויב מען ווייסט נישט גענוי וויפל קינדער עס קריגן אַ יידישע דער־ציִונג — פּערזענלעך בין איך גענייגט צו גלייבן, אַז דער פּראָצענט איז אַ פּיל־העכערער ווי פינף און צוואַנציק — איז אָבער קיין ספק נישט, אַז די מערהייט יידישע קינדער געפינט זיך נישט אין די יידישע שולן. די פּראָפּאָרציע קינדער וואָס גייען וואו עס איז אין אַ יידישער שול אין דער יידיש־פּעסטונג איז זיכער אַ קלענערע ווי אין דער אַסימילירטער אַמעריקע; און אויך אין אַרגענטינע גייט די יידישע דערציִונג — אַפילו ביי די וואָס באַזוכן שוין יאָ אַ יידישע שול — זעלטן העכער ווי די נידעריקסטע קלאַסן פון אַן עלעמענטאַר־שול — אַקוראַט ווי אין די פּאַראַיינִיקטע שטאַטן. עס איז בפירוש אַ נחת־רוח פאַר דעם גאַסט פון אויסלאַנד צו גיין איבער די רחבותדיקע קלאַס־צימערן פון די פאַרשיידענע שולן; אָבער אויב ער באַמערקט דערביי נישט, אַז די טיילונג פון די גראַדן שטייט אין אַ פאַרקערטער פּראָפּאָרציע צו דער גרויס פון די קלאַסן — וואָס העכער דער גראַד, אַלץ קלענער די צאָל תלמידים — פאַרקוקט ער די עיקרדיקע פּראָבלעם פון דער יידישער דערציִונג אין אַרגענטינע.

איך האָב אין 1961 געפונען אין דער הויפּט־פירערשאַפט פון דער קהילה אַ יינגערן און מער אַרגענטיניזירטן עלעמענט, ווי אין 1948. אין שפּיץ פון די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס שטייען איצט מיטליאַריקע עסקנים פון צווייטן דור, וואָס זיינען שוין ווייט נישט אַזוי איזאָלירט פון דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן אין לאַנד, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט די פריִער־דיקע מנהיגים. דאָס איז די פּאָזיטיווסטע דערשיינונג אין דער אַנטוויקלונג פון דעם ישוב זינט מיין ערשטן באַזוך; אָבער אויך דאָ קען מען זיך נישט באַפרייען פון אַ געפיל, אַז די היינטיקע פירערס געהערן צו אַ פאַרשווינדנדיקער „ראַסע״. עס זעט זיך נישט, אַז דער אויפקומענדיקער דור זאָל אַרויסגעבן קאַדרען פון יידישע עסקנים, וואָס וועלן זיך פאַראייניקן אַ טיפע פאַר־וואָרצלטקייט אין דער מזרח־אייראָפּעיִשער קולטור, אַ ליבשאַפט צו דער יידישער שפּראַך און אַ פאַרשטענדעניש פאַר די לעבנס־פּראָצעסן פון אַרגענטינע מיט זאָרג פאַר יידישן נאַציאָנאַלן קיום און מיט אַ סאָציאַלן פּאַטאָס אין באַציִונג צו דער וועלט. איך האָב מורא, אַז די ספּעצי־פישע פאַרמען, וואָס האָבן אַזויפיל צוגעטראָגן צו דער שאַפערישקייט פון דעם ישוב אין דער פאַרגאַנגענהייט, וועלן, אויב זיי זאָלן בלייבן פאַרפרוירן אין די איצטיקע ראַמען, ווערן שטיי־נער אויף דעם וועג פון אַ קרעאַטיווער צוקונפט.

ד.

אויף די עיקרדיקע אַספּעקטן פון דער ספּעציפישקייט אין דער אַנטוויקלונג פון דעם ישוב אין אַרגענטינע, האָב איך שוין אָנגעדייט אויבן. די גרונטלייגערס פון דעם קיבוץ זיינען געווען אידעיִש־אָריענטירטע עלעמענטן, וואָס האָבן יידיש זיין אויסגעטייטשט אין באַגריפן פון אַ יידיש־וועלטלעכער פילאָזאָפיע וואָס האָט אין איר צענטער געהאַט די נייע יידישע קולטור און די יידישע שפּראַך. מחמת זייער איזאָלירטקייט פון דעם אַרומיקן לעבן איז זיי געלונגען איבערצופלאַנצן קולטור־באַציִונגען פון די אַלטע היימען, און די דאָזיקע באַציִונגען האָבן מחמת דער עקאָנאָמישער סעפּאַראַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג געקראָגן אַ פעסטן געזעל־שאַפטלעכן יסוד. ווי די פּיאָנערן פון דעם ישוב, האָבן די יידישע ראַדיקאַלע עלעמענטן נישט געהאַט צו באַקעמפן, ווי מיר אין די שטאַטן האָבן עס געהאַט, אַ פון פריִער איינגעשטעלט אי־בעווייניקסט לעבן. זיי האָבן דעריבער זייערע אייגענע קולטור־ווערטן געקענט שטעלן אויף דעם ערשטן פּלאַץ אין דעם סדר־היום פון דעם ישוב. אַן אומגעהויער־וויכטיקע ראָלע האָבן דער־ביי געשפּילט די יידישע קאָלאָניעס, וואָס האָבן דעם אַרגענטינער ישוב אַריינגעפירט אין דער

וועלט־באַלעבאַטישקייט פון דעם יידישן פאָלק. די ערשטע קאָלאָניסטן זיינען בדרך כלל געווען פרומע יידן — ווייט פון ספעקולאַטיסטישע טעאָריעס און פון ראַדיקאַלע באַוועגונגען — אָבער דערפאַר טאַקע איז זיי דאָס איבערפלאַנצן זיך פון די קליינע שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע איז דער ווייטער אַרגענטינע אָנגעקומען נאָך גרינגער ווי די אימיגראַנטן וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די שטעט. זיי זיינען נישט נאָר פּאָליטיש און עקאָנאָמיש געווען אָפּגעטיילט פון דער מער־הייט־באַפעלקערונג; זיי זיינען אויך געאָגראַפיש און סאָציאַל געווען אָפּגעגרענעצט. האָבן זיי דעריבער אָן יידישיסטישע מאָטיווירונגען געקענט רעפּראָדוצירן אויף דער נייער ערד לעבנ־פאָרמען וואָס האָבן אויף אַ נאַטירלעכן אופן געגעבן דער יידישער שפּראַך אַ טעריטאָריעלע באַזע. זייערע קינדער זיינען נאָך דעם פאַרלאָזן די קאָלאָניעס געקומען אין שטאָט מיט אַן אָר־גאַנישער פאַרוועבטקייט אין דער יידישער שפּראַך און אין יידישע אינטערעסן. זיי זיינען אויך געקומען מיט אַן אַרגענטינער אויסשולונג און זיינען אַזוי אַרום געוואָרן דער רינג וואָס האָט פאַרבונדן דעם יידישן קיבוץ מיט דעם נישט־יידישן אַרום.

זיי האָבן נישט מיטגעבראַכט פון די קאָלאָניעס די פרומקייט פון זייערע אימיגראַנטישע עלטערן, האָבן זיי זיך גיך געקענט אַריינלעבן אין דער אַטמאָספערע וואָס די וועלטלעכע יידישע פירערס האָבן געשאַפן אין בוענאָס־איירעס; בפרט אַז זיי זיינען געבוירן געוואָרן אין אַר־גענטינע, וואָס הגם עס איז אַ קאַטוילישער לאַנד, איז עס אָבער נישט קיין פרום לאַנד. דאָס האָט נישט ווייניק צוגעטראָגן צו דעם, אַז דאָרט זאָל זיך אויסבילדן דער איינציקער יידישער ישוב אין דער וועלט — מיט דעם אויסנאַם אפשר פון מדינת ישראל — וואָס וועלטלעכע יידישקייט זאָל אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט שטיין העכער פון רעליגיע.

איך האָב ביי מיין צווייטן באַזוך שוין יאָ געפונען אין בוענאָס־איירעס איין כשרן רעס־טאָראַן, עפּעס וואָס האָט נישט עקזיסטירט אין 1948; איך האָב אָבער אויך געפונען, אַז אין גאַנץ אַרגענטינע, וואָס האָט מער יידן ווי שיקאַגאָ און פילאַדעלפיע צוזאַמענגענומען, זיינען דאָ נישט מער ווי 12 רבנים — אַלע געקומענע פון אויסלאַנד. גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע, מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פון אַריבער דריי פערטל מיליאָן, האָט ביז צו דעם היינטיקן טאָג נאָך נישט אַרויסגעגעבן קיין איין אָרטיקן רב. מיך האָט דער ענין אינטערעסירט נישט ווי אַ רע־ליגיעזע פּראָבלעם, נאָר ווי אַ סאָציאָלאָגישע דערשיינונג. איך האָב, ווען איך האָב זיך אומגע־קערט פון מיין ערשטער נסיעה, געפרעגט: וויבאַלד רעליגיע נישט, וואָס וועט האַלטן די קו־מענדיקע דורות ביי יידישקייט, נאָך דעם ווי זיי וועלן אויפהערן זיך צו באַנוצן מיט דער יידישער שפּראַך? איך האָב דעמאָלט פאָראויסגעזאָגט, אַז ווען דאָס וועט געשען — ווי עס איז אומפאַרמיידנדיק אַז עס זאָל געשען — וועט די אַסימילאַציע שפּאַנען אין אַרגענטינע מיט גרע־סערע און גיכערע טריט ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ליידער האָב איך אויף מיין צווייטער נסיעה געהאַט גענוג באַווייזן צו באַשטעטיקן מיין פאָראויסזאָג; און עס וואָלטן זיכער געווען נאָך מער באַווייזן, ווען אין צווישן וואָלט נישט אויפגעקומען מדינת ישראל.

אין 1848 איז מיין באַזוך געווען אַ לענגערער ווי אין 1961, אָבער דער באַזוך איז דע־מאָלט געווען מער קאָנצענטרירט אויף דעם יידיש־סעקטאָר. צו דעם דאָזיקן סעקטאָר האָבן אויך געהערט די געציילטע אין שפּאַניש־אויסגעשולטע אינטעלעקטואַלן וואָס זיינען געווען אַקטיוו אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. איך האָב נישט געהאַט קיין שום שוועריקייט ביים צונויפריידן זיך מיט זיי אויף יידיש. זייער צאָל איז געווען אַזוי קליין, אַז זיי זיינען נאָר געווען די אויסנאַם וואָס האָט באַשטעטיקט דעם כלל, אַז דער אַרגענטינער קיבוץ האָט נאָך נישט גע־האַט אַנטוויקלט קיין אינטעליגענציע וואָס גיט אויסדרוק צו אירע יידישע אינטערעסן אויף שפּאַניש. ביי מיין צווייטן באַזוך האָב איך שוין געזען בולטע סימנים אַז אַזאַ אינטעליגענציע קומט זייער פּאַמעלעכדיק יאָ אויף. איך האָב זי געטראָפן צווישן די צוועלף טויזנט יידישע סטודענטן אין בוענאָס איירעסער אוניווערזיטעט. איך האָב באַגעגנט אינטעלעקטואַלן פון אַ גאָר הויכער אַקאַדעמישער קוואַליטעט, וואָס געפינען זיך אין דער ספערע פון יידישע אינ־טערעסן, אָבער זיי געהערן מער נישט צו דעם יידיש־סעקטאָר. כדי זיך צו פאַרשטענדיקן מיט

זיי, האָב איך שוין געמוזט אָנקומען צו אַן איבערזעצער. דאָס האָט אונטערגעשטראָכן דעם ווייטיקדיקן פאַקט, אַז דער יידיש־אָריענטירטער אַקטיוו פון דעם קיבוץ איז פּאַקטיש אַ צענטער אָן אַ פּעריפעריע; אַ מעטראָפּאָליע אָן אַ הינטערלאַנד. אַריינגעפירט די יוגנט אין דעם קורס פון יידישן לעבן האָבן נישט די פיל־פאַרביקע אַקטיוויטעטן פון דער קהילה אויף יידיש, נאָר דער אינטערעס אין מדינת ישראל.

ערשט אין אַרגענטינע קען מען אין דער פולער מאָס אָפּשאַצן די פאַראייניקנדיקע קראַפט וואָס מדינת ישראל ווירקט אויס אין די תפוצות. מען האָט גאַנץ אָפט טענות קעגן די שליחים וואָס ישראל שיקט צו די יידישע ישובים אין דער וועלט. בדרך כלל זיינען די טענות באַרעכטיקטע: די שליחים צייכענען זיך זעלטן אויס מיט זייער טאַקט, מיט זייער קענטשאַפט פון די באַדינגונגען וואָס הערשן אין די לענדער צו וועלכע זיי ווערן געשיקט, מיט זייער ווילן צו לערנען וואָס עס קומט באמת פאַר אין די דאָזיקע לענדער, אָדער מיט זייער סענסיטיווקייט לגבי די ווערטן וואָס די דאָרטיקע יידישע ישובים באַטראַכטן פאַר דעם יסוד פון זייער עקזיסטענץ. אַ באַזונדער־אומגליקלעכע דערפאַרונג האָבן אויף אָט־דעם שטח געהאַט די אַרגענטינער יידן, צו זיי, וואָס זייער גאַנץ אָרגאַניזירט כלל־לעבן דרייט זיך אַרום דער יידישער שפּראַך, האָט מען געשיקט שליחים וואָס האָבן, חוץ דעם וואָס זיי האָבן בכלל מיטגעבראַכט פאַלשע באַגריפן וועגן דער יידישער שעפערישקייט אין די תפוצות, נאָך געהאַט דעם שלעכטן געשמאַק צו ריידן מיט גרינגשאַץ וועגן דעם באַטייט פון יידיש אין דער יידישער דערציִונג. האָט דאָס, נאַטירלעך, קיין נוצן דעם ישוב נישט געבראַכט און עס האָט אַרויסגערופן דעם פאַרדינטן צאָרן פון דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו. אָבער וועגן וויכטיקע וואָרטזאָגערס פון דעם דאָזיקן אַקטיוו ווילן וואַרפן אויף די דאָזיקע שליחים די הויפּט־שולד פאַר די אָנווערן וואָס יידיש האָט געליטן אין אַרגענטינע — מאַכן זיי שוין דעם ענין אַ ביסל צו פּשוט און באַווייזן נאָר דערמיט ווי ווייט זיי אַליין זיינען אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכקייט. דער אמת איז, אַז זיי האָבן פּשוט קיין קאָנטאַקט נישט מיט די יינגערע יידישע דורות; און אויב עס איז צווישן זיי און דעם רוב פון דעם ישוב וואָס געפינט זיך דרויסן פון דעם יידיש־סעקטאָר דאָך פאַראַן אַ בינדונג — האָט די בריק געוואָרפן דווקא מדינת ישראל. בלויז אין אַקציעס לטובת און אַרום ישראל באַגעגענען זיך אַלע יידן פון אַרגענטינע — די יידיש־רײדנדיקע און די שפּאַניש־ריידנדיקע, די מזרח־אייראָפּעיִשע און די ספרדישע, די דייטשע אימיגראַנטן און די נאַטיוו־געבוירענע, די פרומע און די נישט־פרומע. באַציִונג צו מדינת ישראל איז די קייט וואָס נעמט זיי אַלע אַרום.

איז טאַקע דער קיבוץ אין אַרגענטינע אפשר דער ציוניסטישסטער אין דער וועלט. פון קיין גרויסער עליה פון דאָרטן קען דערווייל אַפילו קיין רייד נישט זיין, עס איז אָבער אַ פאַקט אַז מיט ווינציקער ווי אַ צענטל יידן גיט אַרגענטינע מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל עולים ווי צפון־אַמעריקע. נאַטירלעך זיינען די אויבן־דערמאָנטע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאַקטאָרן גורמים דערצו, אָבער נישט אין אַ קליינער מאָס איז דאָס אויך דער פועל־יוצא פון די ציוניסטישע שטימונגען וואָס הערשן אין דעם ישוב.

ה.

מחמת אַן אידעאָלאָגיע פון איבערגעטריבענעם יידישיזם וואָס אידענטיפיצירט דאָס באַנוצן זיך מיט יידיש ווי אַן אומגאַנג־לשון מיט צוגעהעריקייט צו דעם יידישן פאָלק, ווערן די יונגע יידישע אינטעלעקטואַלן וואָס האָבן זיך אַ קער געטאָן מיט דעם פנים צו דער יידישער ווירקלעכקייט ווינציק דערמוטיקט אין זייערע זוכענישן מצד די אָנערקענטע קולטור־ און וואָרטזאָגערס פון דעם ישוב. אין אַ געוויסן זינען ווערן זיי אַפילו פאַרשטויסן ווי עפּעס פרעמדע אַריינדרינגערס וואָס ווילן אַראָפּפירן דעם ישוב פון דעם דרך הישר אויף וועלכן ער איז ביז איצט גייסטיק געגאַנגען. דער רעזולטאַט איז אַז די יידישע ווערטן־סקאַלע וואָס פורעמט זיך ביסלעכווייז אויס אין דער שפּאַניזירטער יידישער אינטעליגענציע ווייזט נישט אַרויס גענוג

פאַרשטענדעניש פאַר די פאָלקס־ווערטן וואָס האָבן געשטאַלטעט דעם קיבוץ פון אָנהייב אָן. אויף דעם סמך פון אומצאָליקע שמועסן וואָס איך האָב געהאַט מיט יידישע פראָפעסיאָנעלן און אַקאַדעמיקערס — מען רופט זיי אין אַרגענטינע: אוניווערסיטאַריער — בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג אַז דער יידישיסטישער טאָטאַליזם ברענגט אַ סך מער שאָדן דער יידישער שפּראַך ווי די אומטאַקטישקייט, און צומאָל אויך די אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, פון געוויסע שליחים פון ישראל.

אָט האָב איך, למשל, נאָכפאָלגנדיק מער־ווייניקער די אַרגענטינער יידישע טאָג־צייטונגען פאַר יאָרן, נישט געהאַט קיין באַגריף פון דעם פאַרנעם פון איינער פון די אינטערעסאַנטסטע אינסטיטוציעס וואָס איך האָב בעת מיין צווייטן באַזוך געטראָפן אין אַרגענטינע — אַ סינאַגאָגע פון יידישער יוגנט. ביי די גוט־באַזוכטע פאַרזאַמלונגען און קאָנפערענצן אויף יידיש, וואָס מאַכן אַזאַ טיפן און באַרעכטיקטן רושם אויף דעם גאַסט פון אויסלאַנד, האָב איך געזען זייער זוינציק יוגנט אין 1948 און נאָך ווינציקער אין 1961; און איך האָבביידע מאָל נישט געקענט קריגן קיין ענטפער אויף דער פשוטער פראַגע: ווו זיינען די טויזנטער קינדער וואָס זיינען דורכגעגאַנגען די גרויסאַרטיקע יידישע שולן אין אַרגענטינע? איך ווייס נישט וויפל פון זיי עס געפינען זיך היינט אין דער יוגנט־סינאַגאָגע פון דער האַלב־קאָנסערוואַטיווער ליבערטאַד־שול אין בוענאָס איירעס, איך ווייס אָבער יאָ אַז פרייטיק נאָך פרייטיק קומען אַהין צו קבלת שבת פון 600 ביז 800 „טין־עיידזשערס" וואָס באַציִען זיך מיט דער גרעסטער ערנסט און פייערלעכקייט צו די תפילות מיט וועלכע זיי פירן אַליין אָן. זיי שטעלן צו פון זיך אַליין די חזנים און די בעלי קריאה, און מיט אמתער התלהבות נעמען זיי אַ קאָלעקטיוון אָנטייל אין דעם דאַווענען סיי אויף העברעיִש סיי אויף שפּאַניש. אָבער נישט נאָר דאַווענען קומען זיי (שבת אין דער פרי קומען אין שול אַרום 300 יוגנטלעכע); זיי נעמען אויך דעם טיכטיקסטן אָנטייל אין די אַקטיוויטעטן פון דער שול וואָס שליסן איין קורסן אין העברעיִש און אין יידישער געשיכטע, יידיש געזאַנג, דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען, וכדומה. עס דאַרף דערביי אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז בעת די קינדער־שול פאַר די יונגע איז תמיד איבערגעפאַקט און קען אָפטמאָל נישט אַריינגעמען די אַלע וואָס ווילן קומען, איז די ליבערטאַד־שול גופא, די מוטער־סינאַגאָגע הייסט עס, כמעט ליידיק אין די געוויינלעכע שבתים. די קינדער גייען דאַווענען; די עלטערן — נישט.

איך האָב געוואָלט וויסן צי האָבן מיר אין אַרגענטינע צו טאָן מיט אַ דערשיינונג וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם איצטיקן דור אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דהיינו: מיט דעם פאַקט אַז אויב די יוגנט זוכט שוין יאָ באַהעפטונג מיט כלל ישראל, זוכט זי עס דורך דעם קאַנאַל פון דער סינאַגאָגע. די יידישע שרייבערס און קולטור־טוערס ביי וועמען איך האָב זיך וועגן דעם אָנגעפרעגט האָבן מיר קיין ענטפער נישט געקענט געבן. געווען צווישן זיי אַזעלכע וואָס האָבן דעם גאַנצן ענין אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט: עט, אַ פאַרבייגייענדיקע דערשיינונג וואָס וועט באַלד פאַרשווינדן און קיין שפור נאָך זיך נישט איבערלאָזן — און דאָס נישט געקוקט אויף דעם וואָס די יוגנט־שול איז שוין דריי יאָר אַלט און האַלט אין איין וואַקסן. אַנדערע האָבן דאָס אַפילו געשטעמפּלט ווי אַ שעדלעכע דערשיינונג: אַן אַסימילאַנטישער עטאַפּ אין דעם פּראָצעס פון אָפרייסן די יידישע יוגנט פון וועלטלעכקייט און פון דער יידישער שפּראַך. זיי האָבן אָבער בשום אופן דערביי נישט געקענט דערקלערן פאַרוואָס די יידישע יוגנט איז אויך איידער די רעליגיעזע שול האָט זיך געגרינדעט צו קיין יידישע אונטערנעמונגען נישט געקומען. נאָך אַנדערע האָבן דעם גאַנצן דערפאָלג פון דער שול געזוכט פאַרטייטשן מיט דער אויסערגעוויינלעכער פעיִקייט פון דעם גייסטיקן פירער — אַ יונגער קאָנסערוואַטיווער ראַביי וואָס איז מיט דריי יאָר צוריק געקומען פון די שטאַטן און האָט אָן אַ וואָרט שפּאַניש, אָן דערפאַרונג און אָן ממשותדיקער הילף פון דער געזעלשאַפט — אַלצדינג אַליין אויפגעבויט. איז אין דעם־ דאָ אַ געוויסער אמת: ראַביי מאַרשאַל מייער און זיין פרוי (די טאָכטער פון דעם באַקאַנטן אַמעריקאַנער קאָנסערוואַטיוון ראַביי טעאָדאָר פרידמאַן) פאַרמאָגן טאַקע אויסערגעוויינלעכע פעיִקייטן און עס איז אַ ספק צי זיי וואָלטן אָן דעם געהאַט די הצלחה וואָס זיי האָבן גע־

האָט; אָבער דער פּרווו מיט זייערע פעיִקייטן אַליין צו דערקלערן דעם דערפאָלג פון זייער טעטיקייט איז אַן אויסדרוק פון קורצזיכטיקייט. די מייערס האָבן געהאַט ברכה אין זייער אַרבעט דערפאַר ווייל זיי האָבן געוווסט ווי אַזוי אָנצושלאָגן אויף סטרונעס אין די הערצער פון דער יוגנט וואָס האָט געוואַרט. אַז מען זאָל אויף זיי שפּילן. מיט אַלע זייערע פעיִקייטן וואָלטן זיי גאָרנישט געהאַט דערגרייכט ווען זיי געפינען נישט אַ רייפן באָדן פאַר זייערע פּלאַנצן — און אָט דעם באָדן האָט דער ייִדיש־סעקטאָר פאַרנאַכלאָזט. איך ווייס נישט פון קיין שווערערן פּסק־דין וואָס מען קען אַרויסטראָגן אויף די פירערס פון דעם דאָזיקן סעקטאָר ווי דער פאַקט אַז זיי זיינען לחלוטין נישט געווען צוגעגרייט פאַר די אַנטוויקלונגען וואָס האָבן געבראַכט צום לעבן די יוגנט־שול; און מחמת דער נישט־צוגעגרייטקייט זוכן זיי איצט פאַנטאַסטישע ראַציאָנאַליזאַציעס כדי צו מינימיזירן די אַנטוויקלונגען אָנשטאָט עפּעס צו לערנען פון זיי. אַז עס וועט נישט בלייבן ביי אָט־דער איין שול איז קלאָר; די פראַגע איז נאָר צי די שול־באַוועגונג וועט בלייבן דרויסן פון דעם ייִדיש־אָריענטירטן צענטער, ווי עס איז איצט דער פאַל, אָדער זי וועט אין אים אַריינגעוועבט ווערן אויף דעם יסוד פון קעגנזייטיקער גייסטיקער דערנענטערונג. די צוקונפט פון דעם ישוב איז אין אַ היפשער מאָס אָפּהענגיק פון דעם ענטפער אויף אָט־דער פראַגע. דאָס ברענגט אונדז צו די אָרגאַניזאַציאָנעלע און סטרוקטוראַלע פּראָבלעמען פון דער קהילה.

## ו.

קיין זאַך אין דעם קהלשן לעבן פון אַרגענטינע רופט נישט אַרויס אַזויפיל באַוווּנדערונג ווי די גאָטרייקייט און די איבערגעגעבנקייט פון די כלל־טוערס. אויף אַ דורכאויס פּריוויליקן אופן פאַרברענגען זיי אפשר מער צייט אין די ביוראָען פון די קהלשע אינסטיטוציעס ווי אין זייערע פּריוואַטע געשעפטן. זיי באַנוגענען זיך נישט מיט מאַכן אַנטשיידונגען און אַרויסגעבן דעציזיעס: זיי האַלטן דאָס פאַר זייער חוב געניי זיך צו באַקענען מיט די אַלע פּראָבלעמען וואָס האָבן אַ שייכות צו די באַשלוסן וואָס זיי דאַרפן אַרויסטראָגן און צו די אַקציעס וואָס זיי דאַרפן אונטערנעמען. זייער טעטיקייט צייכנט זיך אויס נישט נאָר מיט אַ וואַרעמער באַציִונג, נאָר אויך מיט אַן אינטעליגענטן באַנעם. זיי זיינען טאַקע וועלטלעכע ייִדן, אָבער דער באַגריף פון מצווה כאַראַקטעריזירט זייער צוגאַנג צו קהלשע אויפגאַבעס — איז דעריבער דאָ אין זייער אַרבעט אי אַ טראַדיציאָנעלע מאָטיווירונג אי אַ קלאָרער ציל. ליידער זעען זיי אָבער נישט אַז דער פּעריאָד פון דורכאויסיקן וואָלונטאַריזם אין דער קהלשער אַרבעט דערנענטערט זיך צו זיין סוף. זיי טוען נישט געניג צו פאַרהיטן די שאַפונג פון אַ וואַקום ווען דער דאָזיקער פּעריאָד וועט זיך ענדיקן.

דער ישוב וואַקסט, די פונקציעס פון זיינע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס טריקענען אויס. אויב עס וועט נישט אויסגעשולט ווערן אַ ייִדישער געזעלשאַפטלעכער פּראָפעסיאָנאַלטום, איז דאָ אַ געפאַר, אַז די גאַנצע סטרוקטור פון דער קהילה זאָל אין די נאָענטסטע פאַר צענדליק יאָר צוזאַמענברעכן. אַזאַ פּראָפעסיאָנאַלטום קען זיך אויסשיילן נאָר פון דער שטודירנדיקער יוגנט — און די דאָזיקע יוגנט, דאַרף מען נאָך אַ מאָל אַקצענטירן, געפינט זיך היינט נישט אונטער זייער עיקרדיקער השפּעה פון די אָפיציעלע קהילה־אינסטאַנצן. שוין איז צו קאָנסטאַטירן אַ דערשיינונג וואָס, הגם זי איז נאָך דערווייל נישט קיין ערנסטע פּראָבלעם, פאַרמאָגט אין זיך אַלע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן מיט דער צייט צו ווערן אַ סכנה פאַר דער דעמאָקראַטיע פון דעם ישוב. איך האָב דאָ אין זינען דעם אינסטיטוט פאַר אינפאָרמאַציע בנוגע אינטערגעזעלשאַפטלעכע באַציִונגען וואָס פונקציאָנירט שוין אַ צאָל יאָרן אונטער דער גייסטיקער און מאַטעריעלער פירערשאַפט פון דעם אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט (אַמעריקאַן דזשויִש קאָמיטע).

די אַנערקענטע קערפּערשאַפט אויף דעם שטח וואָס רירט אָן די באַציִונגען צווישן ייִדן

און נישט־יידן, אַריינגערעכנט דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, איז די „דאַיאַ" וואָס איז אַ טייל פון דער קהילה־סטרוקטור און וואָס פירט איר טעטיקייט אין ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט דער קהילה. דער אינסטיטוט וואָס ווערט געשטיצט פון דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט אַנערקענט פאָרמעל די אויטאָריטעט פון דער דאַיאַ און ער טענהט, אַז זיין הויפּט־אינטערעס ליגט אין שטודירן געזעלשאַפטלעכע באַציונגען און אין צושטעלן וועגן דעם אויטענטישע אינ־פאָרמאַציע צו די געהעריקע אָרגאַנען פון דעם ישוב. אָבער נאָך דעם ווי איך האָב געזען דעם צונויפשטעל פון דעם אינסטיטוט און האָב אַ ביסל זיך באַקאַנט מיט זיינע טעטיקייטן און אי־דעאָלאָגיע, בין איך געקומען צו צוויי מסקנות: 1) דער אינסטיטוט, אויסנוצנדיק די נאָכלאָזי־קייט פון די קהילה־קרייזן אויף דעם געביט פון סאָציאַלער פאָרשונג, עטאַבלירט זיך ביסלעכ־ווייז ווי די קערפּערשאַפט וואָס מיינט אַז נאָר זי האָט די אינטעלעקטועלע קאָמפּעטענץ, די אַקאַדעמישע טרענירונג און די פאַרוואָרצלונג אין דעם אַלגעמיינעם לעבן אין אַרגענטינע, ממילא איז זי מסוגל צו זיין די בריק צווישן דער יידישער סביבה און דער אַלגעמיינער באַ־פעלקערונג אין לאַנד. 2) עס איז אַן אילוזיע צו מיינען אַז דער אינסטיטוט וועט זיך תמיד האַלטן אין די גרענעצן פון „אינפאָרמאַציע" און וועט נישט מיט דער צייט אָנהייבן האַנדלען אויף דער אייגענער האַנט וואָס דאָס וועט זיכער אונטערגראָבן די רעפּרעזענטאַטיווע גאַנצקייט פון דעם קיבוץ. אויב אין די קהילה־קרייזן וועט מען נישט אַרויסווייזן מער סענסיטיווקייט פאַר די באַדערפענישן פון דער יוגנט, אויב מען וועט די אַקאַדעמישע קרייזן נישט געבן אַ באַזע פאַר יידישער טעטיקייט אויף דעם שטח פון זייערע אינטעלעקטועלע דיסציפּלינען אין די ראַמען פון די דעמאָקראַטישע קערפּערשאַפטן — וועט לאַנג נישט נעמען איידער די דאָזיקע עלעמענטן וועלן אַנטדעקן די מעגלעכקייטן וואָס דער אינסטיטוט — און ענלעכע קערפּער־שאַפטן וואָס וועלן מיט דער צייט זיך אַרום אים גרינדן — גיט זיי. מען דאַרף האָפן אַז דער יידיש־אָריענטירטער אַקטיוו וועט לערנען פון דער דערפאַרונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

און לערנען דאַרף ער אויך אַז וויבאַלד מען וועט אָן אַ פּראָפעסיאָנאַלטום אין די געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס זיך נישט קענען באַגיין, דאַרף מען שוין אָנהייבן זאָרגן פאַר דעם אַז דאָס דאָזיקע פּראָפעסיאָנאַלטום זאָל נישט, ווי עס איז דער מצב ביי אונדז, אויפקומען ווי אַ ביוראָקראַטיע וואָס מעכאַניזירט דאָס קהלשע לעבן. אויב די שיצערס פון דער יידיש־פעסטונג ווילן אַז די צוקונפטיקע פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס זיי וועלן זיכער זיך נישט צופרידנשטעלן מיט אַ סטאַטוס פון טעכנישע אויספירערס, זאָלן נישט זיין אָפּגעפרעמדט פון די ווערטן וואָס זיינען ביז איצט געווען די ריכטליניע פון דעם ישוב, דאַרפן זיי גלייך אָנהייבן זאָרגן פאַר דעם אַז קאַדערן פון פּראָפעסיאָנעלע עסקנים זאָלן אויסגעשולט ווערן אין אַ יידישן פאָלקסטימלעכן גייסט.

די עקאָנאָמישע איזאָלאַציע פון דעם ישוב וועט זיך גאַנץ באַשטימט איינברעכן, פּונקט ווי עס ברעכט זיך שוין איין זיין פּאָליטישע איזאָלאַציע. דאָס וועט זיכער אויסשפּרייטן דעם שטח פון אַסימילאַציע, און מער ווי ווען עס איז וועלן זיין נייטיק נייע שטיצפּונקטן וואָס זאָלן דעם ישוב פאַרטיידיקן קעגן פאַרפלייצונגען פון דרויסן. בויען אַזעלכע שטיצפּונקטן — דאָס איז דער אַנטשיידנדיקער ציל וואָס די פירערשאַפט פון דעם ישוב מוז זיך איצט שטעלן. זאָלן די כשר־פאַרדינטע קאָמפּלימענטן וואָס זי קריגט פון אויסלענדישע געסט נישט פאַרשטעלן פאַר איר דעם וועג צו אָט־דעם ציל.

**
*

דאָס אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן פאַר די לעצטע וואַלן אין די אַרגענטינער פּראָווינצן וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך אַ גוואַלדיקן זיג פאַר די פּעראָניסטן. אָט־דער זיג און די פּאָ־ליטישע אַנטוויקלונגען וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון דעם אָפּשאַץ פון דער פּאָליטישער לאַגע אין אַרגענטינע וואָס ווערט אין אָט־דער אַרבעט געגעבן.

מרדכי שטריגלער

# מיט מער אינטערעס

א.

תיכף נאָך מיין ערשטן אומקער פון אַרגענטינע, אין 1958, האָב איך באַגעגנט אויף אַ ניו־יאָרקער גאַס אַ באַקאַנטן עסקן. ער האָט זיך עפּעס דערמאָנט און אַזויווי כלאחר־יד מיך געפרעגט: „נו, וואָס הערט מען אין יענע מקומות?" כ׳בין נאָך געווען פול מיט פרישע איינדרוקן און דערפאַר אים גענומען דערציילן „אויף אַן אמת". אַ קורצע ווײַלע האָט ער מיך געדולדיק אויסגעהערט, אָבער שפּעטער האָט ער אָפּגעהאַקט: „מילא, אַ פּראָווינץ!"

צופעליק האָב איך געקענט יענעמס „גרויסשטאָטיש" לעבן: יעדן פרימאָרגן האָט ער געגומען אַ טאַקסי און געפאָרן אין זיין ביוראָ. דאָרט איז ער געזעסן אינעם קרייז פון אַ פּאָר הייימישע ייִדן. צענדליקער יאָרן אַזוי. אין אָוונט איז ער געזעסן אין שטוב, געזען טעלעוויזיע, אָדער באַגעגנט זיך מיט פריינט — ווידער פון היימישן קרייז. אפשר האָט ער אַמאָל אויך געלייענט אַ בוך — אָבער זיכער בין איך נישט. פון צייט צו צייט איז ער געגאַנגען אויף פאַרזאַמלונגען — ווו ער איז כסדר געזעסן אויף דער טריבונע — און דאָרט געכאַפּט אַ שמועסל, אָדער אַ רבילותל פון קליינעם פאָרמאַט. דעם עולם פון אַזעלכע אסיפות האָט ער געקענט אויסציילן אויף די פינגער: די זעלביקע פנימער זינט צוויי דורות! דאָס איז געווען זיין שטענדיקע וועלט. כ׳בין שטאַרק מסופק, אויב ער האָט אַפילו געקענט די שטאָט ניו־יאָרק ווי געהעריק. כ׳ווייס אויך נישט, צי ער האָט באַוויזן צו באַזוכן אַ גאַנצן מנין שטעט פון גרויסן אַמעריקע; און דאָ ווו ער איז שוין יאָ געקומען, האָט ער נאָר פאַרברענגט אַ נאַכט אָדער צוויי — און זיך ווידער נאָר באַגעגנט מיט די פּאָר היימישע, וואָס האָבן זיך מיט אים אַדורכגעשריבן. דאָס אַלץ. עפּעס האָב איך קיינמאָל נישט געהערט אַז אַ גרויסע און נישט־ייִדישע אָרגאַניזאַציע זאָל אים איינלאַדן; אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע איז זיין נאָמען קיינמאָל נישט דערמאָנט געוואָרן — און דוכט זיך, אַז דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט האָט אים קיינמאָל נישט פאַרבעטן אויף אַ באַראַטונג... הכלל: ער איז געבליבן אין זיין באַגרענעצט ווינקל.

אָבער דאָס האָט אים לגמרי נישט געשטערט צו זיין פול מיט ביטול צו „יענע מקומות". וואָס האָט ער שוין צו הערן וועגן אַזאַ פאַרוואָרפענעם העק? און ער איז בפירוש נישט געווען דער איינציקער. נאָך מיין ערשטן באַזוך אין אַרגענטינע, האָב איך געפּרווּט „אָפּגעבן אַ גרוס" אויף פאַרשיידענע טריבונעס. האָט מען מיך, צוליב כמה סיבות, אויסגעהערט מיט געדולד; אַפילו געפרעגט עטלעכע שאלות — אָבער ס׳איז פאָרט געווען אַ מין טאָן אַ טובה: מילא, אַז ער וויל דווקא דערציילן — — — טאַקע דעמאָלט פלעגן מען דאָ איראָניזירן: מיט אַרגענטינע אינטערעסירן זיך בלויז צוויי סאָרטן ייִדן — אַזעלכע וואָס זיינען שוין דאָרט געווען און אַזעלכע וואָס גרייטן זיך צו פאָרן...

און דאָ האָט געשטעקט אַ שפּאָר ביסל אמת: כמעט אַלע אונדזערע כלל־טוער — און אַפילו קולטור־מענטשן — האָבן אויפגענומען דאָס ייִדישע אַרגענטינע ווי עפּעס אַ גאָר־ווייטע דערשיינונג. מער ווי עטלעכע מינוט פון אויבערפלעכלעכן אינטערעס האָבן זיי איר נישט געקענט „שענקען". פון אויסנאָמען איז איצט נישט די רייד.

און איצט? ווען איך האָב זיך אומגעקערט, נאָוועמבער 1962, פון מיין צווייטן באַזוך, זיינען געקומען אַ שיין ביסל בקשות: מיר ווילן הערן אַ גרוס פון אַרגענטינע!

אַוודאי ווייס איך, אַז דאָ האָבן זיך אויך אויסגעווירקט יענע ידיעות, וואָס האָבן אַזש דער־גרייכט צו די הויפּט־קעפּ פון די ענגלישע צייטונגען. כידוע, האָט מען דאָ דרך־ארץ פאַר זאַכן וואָס געהערן צו די „העד־ליינס". דאָס איז אָבער נישט אַלץ. במשך פון די לעצטע יאָרן האָט מען טאַקע איינגעזען, אַז אין אַרגענטינע איז פאַראַן אַ באַזונדער מין יידישקייט; עפּעס אַזוינס, וואָס מ'קען גאָר־זעלטן טרעפן אין אַנדערע מקומות. וויל מען הערן, וויסן...

ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק בין איך פשוט „געצוואונגען" געוואָרן אָפּצוגעבן אַ באַ־ריכט פאַר אַ צאָל יינגערע מנהיגים פון פאַרשיידענע שטעט. כמעט אַלע זיינען שוין געבוירן אין אַמעריקע — בעיקר פּראָפעסיאָנאַלן — און זייער מוטער־שפּראַך איז ענגליש. דעם באַריכט אין יידיש איז זיי זיכער געווען שווער נאָכצופאָלגן. אָבער ווען איך האָב עס געפּרוּווט מאַכן בקיצור, זיינען געקומען ענערגישע און אויפריכטיקע פּראָטעסטן: נאָך און נאָך!

און די סיבה איז, דוכט זיך, אַ פשוטע: כ'האָב לגמרי אויסגעמיטן (סיידן ביים ענטפערן אויף שאלות) די פראַגע פון אַנטיסעמיטיזם און „פּאָגראָם־שטימונג". בעיקר האָב איך דערציילט, ווי אַזוי אַ גרויסער, יידישער קיבוץ אין מרחקים באַמיט זיך צו לעבן... און דאָס האָט זיי פאַר־כאַפּט. טייל פון די דאָזיקע יונגעלייט, מיט אַ סך גוטן ווילן, פילן זיך אָפּטמאָל (להבדיל) ווי לוטס טעכטער: זיי ווילן אָנהאַלטן זייער פרייע יידישקייט מיט אַלע כוחות. נאָר אָפטמאָל פילן זיי זיך ווי די לעצטע; אַז זיי שטייען, ווי דאָן־קישאָטן, אויף פאַרלוירענע פּאָזיציעס. אָבער ווען זיי הערן, אַז אַפילו „אַזוי וויט" גייט אָן אַ נאָרמאַל יידיש לעבן — ווערן זיי זיכערער ביי זיך, פריילעכער...

איז טאַקע אַ שאָד, וואָס אינעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן — ביי אַלערליי מאַסן־פּאַרזאַמ־לונגען — דערציילט מען נאָר באַשטימטע קאַטעגאָריעס פון נייעס: העל בשורות פון ישראל, פּאָגראָם־כראָניק פון רוסלאַנד, אונטערגאַנגס־אַלאַרמען פון אַנדערע לענדער. אָבער „געוויינט־לעכע" און לעבעדיקע באַריכטן פון געזונט־יידישע ישובים זיינען נאָר אַ טעמע פאַר ענגע קרייזן. זיי זיינען „צו־גרוי" פאַר ריזיקע מאַסן...

ב.

יאָ, פאַראַן אויך אַזאַ זאַך ווי רוטין. דעם גרויסן עולם אין אַמעריקע האָט מען נאָר געגרופּן צום „שטורעם". נייעס וועגן „אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר" אין יידישע ישובים האָט מען נישט קיין חשק צו דערציילן. איז אויך דער פאַרשטאַרקטער אינטערעס צום יידישן אַרגענטינע אַ שטיקל פּועל־יוצא פון דער ספּעציפישער „אַקטואַליטעט". עד־היום, ווי נאָר מען דערמאָנט דעם דאָזיקן נאָמען, קומט אויפן רעיון אַלזשיר און קובאַ. עמיצער האָט שוין געזאָרגט פאַר דער סמיכת־הפּרשיות. האָט עס געהייסן: אַלע אַרגענטינער יידן וועלן באַלד לויפן וווהין די אויגן טראָגן — און אַמעריקאַנער יידן וועלן זיך מוזן אונטערגאַרטלען, העלפן זיי... פונקט ווי די יידן פון אַנדערע בהלה־לענדער.

דערפאַר שטויגנען אַזוי פיל ביים הערן, אַז די אַרגענטינער יידן האַלטן נאָך נישט ביים אויסשטרעקן די האַנט; אַז אַפילו ווען טויזנטער פון זיי גרייטן זיך צו עליה, וועלן זיי עס טאָן אויפן אייגענעם חשבון. און וואָס שייך די אַנדערע, וואָס וועלן דאָרט בלייבן, באַמיִען זיי זיך ווייטער צו לעבן נאָרמאַל; צו בויען שולן, פירן די קהילה, גיין הערן לעקציעס, אַרויסגעבן בי־כער, פּראַווען שמחות, קעמפן פאַר פּולע רעכט, באַפּעסטיקן דאָס פאַראַנענע... דאָס קלינגט אַזוי אויסטערליש!

צווישן אונדז זאָל עס בלייבן: צו איינעם, וואָס איז אָט־שוין אַ יורד, באַציט מען זיך מיט אַ סך מיטלייד — אָבער אויך מיט ביטול. וואָס דאַרף מען הערן אַ סך וועגן זיין לעבן? אין לעצטן סך־הכל דאַרף מען זיך סיי־ווי נעמען צו דער קעשענע. דאָס דערציילן וועגן דער אַרגענטינער „קאַטאַסטראָפע" האָט טאַקע געוועקט אינטערעס — אָבער אויך אָפּגעריסן שטיקער פון דעם ישובס חשיבות: וואָס קענען שוין אימפּאָנירן זיינע אויפטוען אויף אַ ווולקאַן? יעדער שילדע־

רונג פון דער פאַרקערטער זייט, האָט בכן נאָך אַ באַשטימטע אויפגאַבע: אומקערן די נאָרמאַלע באַציִונג, ווי צו אַ גלייכן.

און דאָ גייט מיר נישט אין דער בלויזער טענדענץ. פאַראַן אַ צאָל זאַכן, וואָס דאָס גרויסע ייִדישע אַמעריקע דאַרף לערנען ביי דעם קלענערן אַרגענטינע. אָבער „לערנען" ווילט זיך נאָר ביי אַ נאָרמאַלן. וויבאַלד מ'הערט וועגן ערב־אונטערגאַנג, ווירקן אַזעלכע רייד ווי אַן אומהיימ־לעכע סענסאַציע...

אָבער דאָ בעט זיך אַ שטיקל צווישן־באַמערקונג: אויך אין אַרגענטינע גופא האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַזאַ שטימונג: ווי נאָר אַ „גאַסט פונעם ישוב" זאָגט אַ גוט וואָרט אויפן דאָר־טיקן ישוב — און ער ווייזט אָן מיט וואָס דאָרט איז בעסער ווי אין גרויס־ייִדישן אַמעריקע — נעמט מען אים באַלד חושד זיין... אין חניפה. ס'דאַרף הייסן, ביי טייל, אַז דערמיט וויל ער „אָפּ־צאָלן" פאַר דער איינלאַדונג. ס'איז אָבער פאָרט אַ פאַקט, אַז אַ ייִד פון די פאַראייניקטע שטאַטן מוז דערזע, פּאָזיטיווע שטריכן אין אַרגענטינע, וואָס ער וואָלט געוואָלט אַריבערטראָגן אין זיינע מקומות — און דאָס דערציילט ער אויך אין אַמעריקע, ווו נאָר מען איז אים גרייט אויסצוהערן.

איז גוט, וואָס דער אינטערעס צום ייִדישן אַרגענטינע האָט זיך איצט פאַרשטאַרקט — צוליב די אָדער יענע סיבות. אויב מ'זאָל פאַרשטיין, ווי אַזוי אויסצונוצן דעם מאָמענט (ווייל מי־יודע, ווי לאַנג די „קאָניוקטור" וועט אָנהאַלטן אין אַמעריקע), קען דאָס ברענגען נוצן ביידע צדדים.

ג.

הגם צו די חסרונות (אָדער שוואַכקייטן) פונעם ייִדישן אַרגענטינע וועלן מיר ערשט קו־מען שפּעטער, מעג שוין איצט דערמאָנט ווערן: פונקט ווי אין טייל פירנדיקע קרייזן איז פאַראַן צופיל זעלבסט־זיכערקייט און גדלות, אַזוי איז צווישן די אונטערשטע שיכטן (כ'מיין: די, וואָס האָבן נישט קיין „פּאָזיציעס") פאַראַן צופיל התבטלות. דאָס דריקט זיך קודם־כל אויס אינעם זוכן שטענדיקן מוסטער און הסכמה ביים גרעסערן אַמעריקע; אינעם נישט דערשאַצן ווי געַ־העריק דאָס וואָס מ'האָט אַליין; אינעם אומצוטרוי צו יעדער לאָקאַלער דערגרייכונג.

אַוודאי פאַרמאָגט דער פיל־מיליאָניקער ייִדישער ישוב פון צפון־אַמעריקע וווּנדערלעכע אייגנשאַפטן און פּאָזיציעס — וואָס פאַר אַרגענטינע זיינען זיי בבחינת חלום. אָבער די געזעל־שאַפטלעכע און קולטורעלע צעשטויבטקייט איז אין לשער. אומציילִיקע הענט טוען אָפט איינס און דאָס זעלבע — און עס קומען אַרויס טויזנט איבערגעחזרטע קליינִיקייטן, אָנשטאָט איין גרויסער זאַך. כוואַליעס פון ייִדישער ענערגיע (צוזאַמען מיט לעגענדאַרע סכומים געלט) גייען טיילמאָל פאַרלוירן, ווייל איין האַנט ווייסט נישט וואָס עס טוט די צווייטע. אין ייִדישע אָרגאַ־ניזאַציעס איז כמעט נישטאָ דער מינדסטער אָפּשיין פון דעמאָקראַטישע וואַלן, פון אַ דעת־הקהל. דערפאַר איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אַ גאַסט פון אַמעריקע באַטראַכט די קהילה פון בוענאָס־איירעס מיט אַנדערע אויגן ווי אַן אָרטיקער. אויב די דאָזיקע „אויגן" זיינען אָפענע — מוז ער דערזען, מיט דער צייט, אַלע אירע פעלערן. ער קען אַפילו מסכים זיין צו אַ סך קריטישע באַ־מערקונגען פון די אַרומיקע. אָבער שוין נאָך אַלע זאַכן באַוווּנדערט ער און און איז מקנא.

אויב דער גאַסט איז דערביי אויך אַ ציוניסט, האָט ער נאָך אַ סיבה פאַר זיין התפעלות: דער ציוניזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווערט אַלץ מער און מער פאַרדרענגט פון ייִדיש־עפנט־לעכן לעבן. עס טוט זיך אַ סך אין ייִדישן אַמעריקע — אָבער כמעט אַלץ איז מחוץ די ציוניס־טישע ראַמען. דער חינוך, למשל, ווערט אַלץ מער אויסגעברייטערט און פאַרטיפט. אָבער כמעט אַלע שולן, פון עלעמענטאַרן קלאַס ביז צו אַ הויכשול, טראָגן נישט קיין ציוניסטישן חותם. אַוודאי איז פאַראַן סימפּאַטיע צו דער מדינת־ישראל; זיכער לערנט מען דאָ און דאָרט העברעיִש — אָבער דאָס האָט שוין אַ שייכות צום פּערזענלעכן איינשטעל פון די לערער און אָנפירער. די פאָר ריין־ציוניסטישע שולן פאַרנעמען דעם קלענסטן שטח — בעת די פּריוואַטע, אָדער נישט־

ציוניסטישע איניציאַטיוון באַוויזן וואונדער. אַזוי איז עס אויך מיט דער קהל־פירערשאַפט: ציוניסטישע יחידים שפּילן זיכער גאָר אַ וויכטיקע ראָלע דאָ און דאָרט; אָבער ציוניזם ווי אַזעלכער פאַרלירט אַלץ מער און מער דעם באָדן. גאָר אַ סך קהילות ליגן שוין אין די הענט פון אַ נייעם שיכט, וואָס וועט העלפן ישראל מאַטעריעל (און טיילמאָל פּאָליטיש) מיט אַלע כוחות — אָבער ער וועט זיך קיינמאָל נישט אידענטיפיצירן מיט דער ציוניסטישער אידיי אָדער אָרגאַניזאַציע.

איז דאָס יידישע אַרגענטינע אַן אויסנאָם דערמיט, וואָס אי דער חינוך ווערט אַזוי שטאַרק באַווירקט פון ציוניזם און אי דאָס גענעלשאַפטלעכע קהילה־לעבן שטייט אונטער אַן אָפן־ציוניסטישער השפעה.



אויפנאַמע פאַר מרדכי שטריגלער אין דער קהילה (יאָר 1962).

נאָך עפּעס: כמעט אַלע פּאַרטייען אין אַמעריקע — און זייערע אָנלען־אָרגאַניזאַציעס — לעבן צווישן זיך בשלום ובשלווה. איך געדענק נישט די צייט, ווען דאָ זיינען אָנגעגאַנגען אינערלעכע ווייכוחים און פּאָלעמיקס. מ׳קען זאָגן: משיחס צייטן. אָפּטמאָל דערגייט עס צו פּשוטע קוריאָזן. אַוודאי זיינען פאַראַן אַלע פּאַרטייען — נאָר זיי האָבן אַפילו נישט קיין געלעגנהייט צו אַן אידעאָלאָגישן פּאַרמעסט, ווייל נישט עס קומען פאָר קהילה־וואַלן און נישט מ׳דאַרף שיקן געוויילטע דעלעגאַטן צו אַ בשותפותדיקער אינסטאַנץ (דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, למשל). אַזאַ אחדות וואָלט געקענט רירן, אָבער אין טעגלעכן לעבן מיינט עס ווייניק. בעת אַ צרה קען מען טאַקע גיין אינטערוועגירן צוזאַמען — אָבער אין רויִקע צייטן איז יעדע אַזויווי אָפּגעזונדערט מיט אַ כינעזישער מויער. אַ גאַסט פון אַמעריקע מוז בכן באַוואונדערן, וויאַזוי אין אַרגענטינע קענען עקזיסטירן פּאַרטייען מיטן „אַמאַליקן" פּייערל פון „סעקטאַנטישקייט" און דאָך זאָלן אַלע צוזאַמען האָבן איין געוויילטע קהילה; אַדורכפירן אַזוי אָפטע מאַניפעסטאַציעס אין אַלעמענס נאָמען. דאָס איז שוין גאָרנישט קיין קליייניקייט.

מיר זענען דאָ כסדר, וויאַזוי מ׳האָט צעשפּליטערט ייִדיש לעבן; אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו קולטור, חינוך, דער עצם־עקזיסטענץ — נישט חלילה דערפאַר, וואָס מ׳איז אַזוי שטאַרק צעקריגט — נאָר צוליב דעם, וואָס מ׳איז אַזוי בשלומדיק פאַרקראָכן אין באַזונדערע ווינקלען. קומען מיר קיין אַרגענטינע, זענען וואָס מיר זען — און מאַכן זיך אַ חשבון: אוי, ווען דאָס איז מעגלעך איז צפון־אַמעריקע!... און טיילמאָל מוזן מיר ביטער שמייכלען: איין סינאַגאָגע אין אַ מיטל־שטאָט האָט טיילמאָל אַ גרעסערן בודזשעט (לויט דאָלאַרן) פון דער גאַנצער קהילה אין בוענאָס־איירעס. נו, איז וואָס? קען מען פאַרגלייכן, אין פּראָפּאָרץ,ביידנס דערגרייכונגען? זי־כער וויס איך: אַנדערע אומשטענדן און אַנדערע באַדערפענישן. אָבער ביים נאָכטון אַרגענ־טינע, וואָלטן מיר אין אַמעריקע געשטאַנען פאַר פאַנטאַסטישע מעגלעכקייטן.

ד.

פונקט ווי טייל אין אַרגענטינע זיינען אַלץ מבטל — אַזוי זיינען אַנדערע גרייטן צו גוזמאות. בעת מיינע ביידע באַזוכן האָב איך אָפט געהערט די שאלה: „נו, צי איז אויך אין אַמע־ריקע מעגלעך, אַז עטלעכע טויזנט ייִדן מיטאַמאָל זאָלן קומען הערן אַ ייִדישן שרייבער?". דער ענטפער מוז אייגנטלעך זיין אָפן: ניין, דאָס איז נישט מעגלעך אין קיין אַמעריקאַנער שטאָט (אויך ווו עס זיינען פאַראַן אַזויפיל ייִדן ווי אין בוענאָס־איירעס); אַפילו נישט אין ניו־יאָרק מיט מיליאָנען ייִדן. טאַקע דערפאַר ווערן טייל ייִדישע שרייבער גערירט ביז טרערן, ביים דערזען די פולע טעאַטער־זאַלן צו זייערס אַ לעקציע.

אָבער דאָס איז גיכער אַ טייל פונעם „טעכנישן" פּראָבלעם. ביים נאָכפאָלגן די כראָניק (אָדער די אומציילִיקע איינלאַדונגס־בריוו, וואָס ווערן צעשיקט) קען מען זען: יעדער שבת און זונטיק, קומען פאָר אין אַזאַ שטאָט ווי ניו־יאָרק הונדערטער (און אפשר טאַקע טויזנטער) פאַרזאַמלונגען. צו יעדער פון זיי קומען כך־וכך ייִדן. אַלע צוזאַמען רופן זיכער צונויף הונ־דערטער־טויזנטער... און מ׳דאַרף אויך געדענקען די ריזיקע צאָל ייִדן, וואָס פאַרברענגען עט־לעכע שעה אין די טויזנטער בתי־מדרשים. אינעם סך־הכל האָבן זיך, בכן, אַמעריקאַנער ייִדן גאָרנישט וואָס צו שעמען כלפּי אַרגענטינער. יאָ, אַפילו דער ייִדישער שרייבער קען געהערט ווערן אין אַמעריקע פון טויזנטער ייִדן — אָבער... אין הונדערט אָוונטן און אין הונדערט ער־טער. דאָס האָט שוין אַ שייכות צו יענער צעשפּליטערונג, פון וועלכער ס׳איז פריִער געווען די רייד. כ׳האָב אַן איינדרוק, אַז 70־80 פּראָצענט פון אַזעלכע ייִדן היטן אָפּ זייער לאָקאַל ווינקל; אָבער צו קיין צענטראַלער אסיפה האָבן זיי נאָך קיינמאָל נישט אַריינגעשמעקט.

כ׳דערמאָן זיך מיינס אַ „קאַפּריז" פון די ערשטע יאָרן אין אַמעריקע: אין איין ריזיק אסיפה־הויז — וואָס פאַרדינגט קלענערע זאַלן צו געזעלשאַפטן — האָב איך געזען ביי דער טיר אַ רשימה פון עטלעכע צענדליק פאַרזאַמלונגען, וואָס קומען דאָרט פאָר אין יענעם אָוונט. בין איך געגאַנגען פון איין זאַלעכל צום צווייטן און געפרעגט ביי ייִדן, ווער עס זיינען די מענטשן פון דער צווייטער אסיפה, בשכנות. אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט, נישט געהאַט דעם מינדעסטן אינטערעס צו וויסן. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אָן אַ שיעור פּיצלעך שטעטלעך מיט לגמרי־באַזונדערע עקזיסטענצן. אַלע צוזאַמען שטעלן זיכער צונויף אַ מעכ־טיקן כח; אומפאַרגלייכלעך־גרעסער פונעם אַרגענטינער. אָבער דאָס ייִדישע בוענאָס־איירעס צעמענטירט מער דאָס פאַראַנענע; קען גיכער באַדעקן די אַלע שפּליטערן מיט איין דאַך. נישטאָ, דוכט זיך, קיין איין ייִדישער צונויפקום, וואָס זאָל דאָרט נישט נאָטירט ווערן אין דער פּרעסע; און עס וואָלט פּשוט געווען אַבסורדאַל אַז איין גרופּע זאָל נישט וויסן ווער און וואָס עס איז די צווייטע.

ס׳איז אויך אמת: דער „פאָלקסטימלעכער עולם" פונעם ייִדישן אַמעריקע ווערט ביס־לעכוויז נעלם. די געבליבענע ווערן אַלץ מידער און עלטער (מסתמא עלטער מיט אַ האַלבן דור פאַר אַרגענטינער פאָלקסטימלעכע ייִדן). דערצו זיינען זיי צעזייט און צעשפּרייט אויף

אַ ריזיקן שטח אין יעדער כרך באַזונדער. זיי קענען מער נישט פאָרן צו יעדער אסיפה „אין יע־נעם עק וועלט" — און טיילמאָל פעלט כח און געדולד אַפילו צו אַ פאַרזאַמלונג, נישט ווייט פונעם אייגענעם הויז. טייל פון זיי קויפן נאָך אַמאָל אַ ייִדיש בוך, אָבער לויפן אויף אַ בוך־אויסשטעלונג איז שוין נישט פאַר זייערטוועגן.

און דאָס וויכטיקסטע: קיין שום קהלישע אָרגאַניזאַציע (הגם טייל פון זיי האָבן מער מיט־גלידער ווי די קהילה פון בוענאָס־איירעס) וועט זיך מער נישט אָפּגעבן מיט אַזעלכע „בטלנותן" ווי איינאָרדענען אַ גרויסע בוך־אויסשטעלונג במשך פון אַ גאַנצן חודש. זי וועט אַמאָל אַרויס־געבן אַ בוך, אויב זי האָט דערביי אַ געוויסן אינטערעס. זי וועט אויך איינלאַדן פון צייט צו צייט אַ לעקטאָר, וואָס זאָל געבן אַן אָפּשאַצונג איבער אַ בוך (בעיקר אַן ענגלישס) אָדער האַלטן אַ ליטעראַרישן רעפעראַט — נאָר מאַכן דערפון „אַ צימעס"? מרעיש־עולמות זיין? דאָס וואָלט שוין באמת געווען פּראָווינציאַנעל.

מהאי טעמא, וואַרפט זיך אַזוי שטאַרק אין די אויגן פון יעדן גאַסט די אַרגענטינישע־ייִדישע אַנדערשקייט. וויפל ער זאָל זיך נישט פאַרפּאַנצערן מיט סקעפּטיציזם — גיט עס אויף אים אַ הויך מיט װאַרעמקייט, מיט נאָסטאַלגיע. אין זיין אַמעריקע וועט ער אַזעלכע בילדער נישט זען; וועט ער קיין צוזויפדרענג אַרום ייִדישע ביכער (אַפילו אין העברעיִש אָדער ענגליש) נישט באַמערקן — און דאָס וועט אוודאי נישט געשען אונטער דער דירעקטער באַווירקונג אָדער איניציאַטיוו פון קהילה־פירער, וואָס דאַרפן אייגנטלעך זיין פּראַקטישע פּאָליטיקער — און נישט מער. איז פאַרשטענדלעך, הלמאי אַ גרוס פון אַזאַ ישוב רופט אַרויס מער אינטע־רעס — אויב אַפילו די ערשטע אויפמערקזאַמקייט איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך טרויעריקע געשעענישן.

## ה.

אויסגערעכנט עטלעכע שבחים (און באמת נישט אַלע), איז שוין צייט צו פרעגן: און וואָס איז מיט דער צווייטער זייט מטבע? אַמעריקאַנער ייִדן פון עלטערן דור האָבן אַפילו וואָס צוצוגעבן, נאָכן אויסהערן אַזאַ פריילעכן גרוס: איר מיינט, אַז ביי אונדז איז געווען אַנדערש מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק? אָבער אָט־דאָס אַלץ האָט נאָר געוואַרעמט אונדזער דור. ווי נאָר מיר זיינען מיד געוואָרן — זעט איר דאָך... טאָ ווער קען אונדז גאַראַנטירן, אַז אויך אין אַרגענטינע וועט נישט געשען דאָס זעלביקע — מיט צען יאָר שפּעטער?

ביים הערן אַזאַ שאלה מוז מען אַפילו צוגעבן: ניין, קיינער קען טאַקע נישט גאַראַנטירן. נאָכמער: טאָמער חלילה זאָל אַרגענטינע נאָכגיין אַמעריקע — וועט דאָרט זיין... נאָך ערגער. פשוט דערפאַר, ווייל אין אַרגענטינע איז נישטאָ יענער כח וואָס האָט דאָ אונטערגעכאַפּט די „געשטרויכלטע און פאַרלוירענע". וואָס מיינט עס? לאָמיר ריידן אָפן:

ביי אַלע מעלות פונעם אַרגענטינישן ישוב, שפּירט מען שוין איצט אַ געוויסע סטאַגנאַ־ציע. דער ישוב האָט געגעבן אַזאַ שפּרייז פאַרויס אינעם לעצטן יאָרצענדליק — און דערפאַר מוז זיך אים דאַכטן, אַז ער האָט שוין דערגרייכט דעם הויך־פונקט. בסך־הכל האָט ער אָבער נאָר דערגרייכט אַ הויך, ביי וועלכער ער טאָר זיך נישט אָפּשטעלן. די מוסרניקעס האָבן אַ ווערטל: „אויב דו גייסט נישט כסדר העכער, וועסטו מוזן אַראָפּנידערן נידעריקער און נידע־ריקער" (אם אין אתה עולה מעלה־מעלה, בעל־כרחך אתה יורד מטה־מטה). דאָס איז זיכער אמת, ווען מ׳האָט נאָר דערגרייכט אַ געוויסע הייך — דאָרט ווו ס׳איז געפערלעך צו בלייבן שטיין. דאָס אָנהאַלטן רוטין — אַפילו ביי אַזעלכע ענינים וואָס האָבן אַמאָל אויסגעזען ווי אומ־געוויינטלעכע חידושים — מוז מיד־מאַכן; אַפילו ציניש.

אויך דאָס גרויסע, ייִדישע אַמעריקע האָט מיטגעמאַכט עליות און ירידות. אָבער וויבאַלד איין שיכט איז געבליבן ביים ירידה־צושטאַנד, האָט זיך באַוויזן אַן אַנדער שיכט, וואָס האָט אָוועקגעפירט אין אַן אַנדער ריכטונג; צו אַנדערע סאָרטן הייכן... ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל

נישט קלינגען — איז די צעשפּליטערטקייט געווען, אויף אַ געוויסן אופן, אַ בפירושע ברכה. דאָס מיינט: ווען איין טייל האָט זיך אַראָפּגעקוילערט — האָט ער נישט באַוויזן מיטצושלעפּן אַלע אַנדערע. אָבער דער ישוב אין אַרגענטינע איז מער־האָמאָגען און דערפאַר דראָען אים מער סכנות.

אויב אין די פאַרייניקטע שטאַטן האָט אַ געוויסער טיפּ אָרגאַניזאַציע מער נישט געקענט אָנהאַלטן איר השפּעה — בפרט אויפן יונגערן דור — האָט דאָס נאָכנישט געמיינט קיין פולער באַנקראָט פונעם גאַנצן יידישן קהל. ס׳איז שטענדיק געווען אַ געזונטער קערן אין אַ צווייטער אָרגאַניזאַציע — און פון אים האָבן אויפגעשפּראָצט נייע קיום־מעגלעכקייטן. אויב איין סאָרט אינהאַלט האָט זיך אויסגעשעפּט, איז אָבער געבליבן אין אַ צווייטער זייט מער זאַפט. ווען די יידיש־וועלטלעכע שולן למשל האָבן מער נישט געהאַט קיין דור — איז אָבער פאַרבליבן די ישיבה (און די פאַסיקע מענטשן פאַר איר), וואָס האָט אַפּעלירט צו ייִנגע נשמות. וואָס זאָל אָבער טאָן אַ ישוב מיט איין לעבנס־שטייגער; וואָס האָט נאָר געבויט איין טיפּ שולן, געהאַט איין אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם, געפירט אַלץ אין איין ריכטונג — בעת עס קומט זיין שעה פון נסיון?

דאָס איז די ערשטע און ביטערע פראַגע, וואָס דער אַרגענטינער ישוב וועט זיך מוזן פרעגן — פריִער אָדער שפּעטער. ס׳וואָלט אָבער בעסער געווען — ווען מ׳טוט עס פריִער, כל־זמן אַ צאָל אחריותדיקע מענטשן קענען זי פאַרענטפערן.

דריי הויפּט־אייגנשאַפטן פאַרמאָגט דער אַרגענטינישער ישוב — בעיקר אין בוענאָס־איירעס: פאָלקסטימלעך נאַציאָנאַל און וועלטלעך. יעדער איינע פון זיי האָט דעם ישוב אַ הייב געטון, אים געגעבן ליניע און באַוועגונג; שאַפונגס־דראַנג און אייגענעם באַוווסטזיין. עס איז אָבער געקומען אַ צייט, ווען אַפילו אַלע דריי צוזאַמען קענען פאַר זיך אַליין קיין יידישן המשך נישט אויסטראָגן. ס׳פאָדערט זיך עפּעס מער, בכדי צו קענען האָבן קאָנטאַקט מיטן יידישן אַמעריקע — און אפשר אויך מיט מדינת־ישראל. כ׳וואָלט אַפילו געקענט אָנווייזן, אַז אַלע דריי — אויב ס׳פעלט דער צוגאָב — עפּעס — זיינען גאָר מסוגל צו שטערן. פאָדערט זיך אַ סך מוט, דרייסטער בליק און געוואַגטקייט צום אויפריכטיקן חשבון.

מיר דוכט זיך, אַז אין יידישן אַרגענטינע מוז מען איצט נעמען רעווידירן אַפילו די אייגענע מעלות; זען ווי ווייט זיי אַליין קענען נאָך דערטראָגן. אויף וויפל ס׳איז פאַראַן אַ גרייט־קייט צום דאָזיקן חשבון — וועלן אויך נישט פעלן קיין העלפער; קיין ביישטייערער צום דאָ־זיקן אַנאַליז. דערפאַר וועלן אויך די איצטיקע רמזים בקרוב באַקומען אַ קלאָרן לשון און מער אָפנקייט. ווער עס האָט באַזוכט אַרגענטינע — מוז ליב באַקומען דעם גאַנצן ישוב. און דער־פאַר ווילט זיך אים פאַרהיטן אַפילו אין מרחקים.

## תיקון טעות

אין דער רשימה פון די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פונעם פעריאָד 1960 — 1963 (זייט 276) איז על פי טעות אַרויסגעפאַלן דער נאָמען פון יוסף ראָגאָווסקי, וואָס האָט פאַרנומען דעם אַמט פון 2טן פּראָ־קאַסיר פון יאָר 1960, ביז דער העלפט פון 1961.

## Cuadro 026 OCUPACIONES MENCIONADAS POR LA NOVIA, DISCRIMINADAS POR GRUPOS DE EDADES

| Ocupaciones / Edades | TOTAL | | Hasta 17 años | | De 18 a 21 | | De 22 a 24 | | De 25 a 27 | | De 28 a 30 | | De 31 a 35 | | De 36 a 40 | | De 41 ó mas | | No Especif. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Profes. c/tít. universit. | 39 | 100,0 | | | | | 10 | 25,6 | 17 | 43,6 | 10 | 25,6 | 2 | 5,2 | | | | | | |
| Comerciantes, industr. | 6 | 100,0 | | | 2 | 33,4 | 2 | 33,3 | | | | | | | | | 2 | 33,3 | | |
| Maestras y ots. act. doc. | 115 | 100,0 | | | 42 | 36,5 | 48 | 41,7 | 8 | 7,0 | 7 | 6,2 | 2 | 1,7 | 3 | 2,6 | 2 | 1,7 | 3 | 2,6 |
| Técnicas dep. e indep. | 23 | 100,0 | | | 1 | 4,3 | 11 | 47,8 | 4 | 17,4 | 4 | 17,4 | 2 | 8,8 | | | 1 | 4,3 | | |
| Modistas .......... | 12 | 100,0 | | | | | 3 | 25,0 | 7 | 58,4 | | | 1 | 8,3 | | | 1 | 8,3 | | |
| Empleadas ......... | 304 | 100,0 | 1 | 0,3 | 88 | 28,9 | 113 | 37,3 | 56 | 18,4 | 19 | 6,2 | 13 | 4,3 | 7 | 2,3 | 6 | 2,0 | 1 | 0,3 |
| Obreras y costureras .. | 6 | 100,0 | | | | | 3 | 50,0 | 1 | 16,7 | 1 | 16,7 | 1 | 16,6 | | | | | | |
| Otras ocupaciones .... | 3 | 100,0 | | | | | 2 | 66,6 | 1 | 33,4 | | | | | | | | | | |
| Otras ocup. rentadas .. | 2 | 100,0 | | | 2 | 100,0 | | | | | | | | | | | | | | |
| Estudiantes ......... | 91 | 100,0 | 1 | 1,1 | 31 | 34,1 | 41 | 45,0 | 12 | 13,2 | 5 | 5,5 | 1 | 1,1 | | | | | | |
| Amas de casa ....... | 199 | 100,0 | 4 | 2,0 | 61 | 30,7 | 62 | 31,2 | 34 | 17,1 | 14 | 7,0 | 14 | 7,0 | 1 | 0,5 | 9 | 4,5 | | |
| No Especifica* ...... | 258 | 100,0 | 2 | 0,8 | 75 | 29,1 | 85 | 32,9 | 38 | 14,8 | 16 | 6,2 | 13 | 5,0 | 9 | 3,5 | 16 | 6,2 | 4 | 1,5 |
| T O T A L........ | 1.058 | 100,0 | 8 | 0,8 | 302 | 28,5 | 380 | 35,9 | 178 | 16,8 | 76 | 7,2 | 49 | 4,6 | 20 | 1,9 | 37 | 3,5 | 8 | 0,8 |

* Cabe considerarlas "Amas de casa".

## Cuadro 025 OCUPACIONES MENCIONADAS POR EL NOVIO, DISCRIMINADAS POR GRUPOS DE EDADES

| Ocupaciones / Edades | TOTAL | | De 18 a 21 | | De 22 a 24 | | De 25 a 27 | | De 28 a 30 | | De 31 a 35 | | De 36 a 40 | | De 41 ó más | | No Especif. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Profes. c/título universitario .. | 165 | 100,0 | | | 16 | 10,0 | 59 | 35,8 | 41 | 24,7 | 36 | 21,7 | 5 | 3,0 | 6 | 3,6 | 2 | 1,2 |
| Docentes, artistas, intelectuales | 10 | 100,0 | 1 | 10,0 | 2 | 20,0 | 3 | 30,0 | 1 | 10,0 | 1 | 10,0 | | | 2 | 20,0 | | |
| Comerciantes, industriales .... | 335 | 100,0 | 10 | 3,0 | 65 | 19,4 | 103 | 30,7 | 59 | 17,6 | 52 | 15,5 | 16 | 4,8 | 29 | 8,7 | 1 | 0,3 |
| Técnicos depend. e indep. .... | 78 | 100,0 | 4 | 5,1 | 13 | 16,7 | 35 | 44,9 | 16 | 20,5 | 5 | 6,4 | 4 | 5,1 | 1 | 1,3 | | |
| Joyeros .................. | 37 | 100,0 | | | 12 | 32,4 | 10 | 27,0 | 9 | 24,3 | 6 | 16,3 | | | | | | |
| Marroquineros ............. | 14 | 100,0 | | | 4 | 28,6 | 5 | 35,7 | 2 | 14,3 | 2 | 14,3 | 1 | 7,1 | | | | |
| Carpinteros y lustradores ..... | 5 | 100,0 | 1 | 20,0 | | | 1 | 20,0 | 3 | 60,0 | | | | | | | | |
| Sastres y tintoreros .......... | 16 | 100,0 | | | 5 | 31,2 | 5 | 31,2 | 2 | 12,5 | 1 | 6,3 | 2 | 12,5 | 1 | 6,3 | | |
| Carniceros y panaderos ....... | 5 | 100,0 | 1 | 20,0 | | | 2 | 40,0 | | | 1 | 20,0 | | | 1 | 20,0 | | |
| Peleteros ................. | 8 | 100,0 | | | | | 2 | 25,0 | 3 | 37,5 | 2 | 25,0 | 1 | 12,5 | | | | |
| Tapiceros ................. | 4 | 100,0 | | | | | 1 | 25,0 | 1 | 25,0 | 2 | 50,0 | | | | | | |
| Zapateros ................. | 2 | 100,0 | 1 | 50,0 | | | | | 1 | 50,0 | | | | | | | | |
| Empleados ................ | 232 | 100,0 | 4 | 1,7 | 58 | 25,0 | 73 | 31,5 | 49 | 21,1 | 30 | 12,9 | 15 | 6,5 | 3 | 1,3 | | |
| Corredores ................ | 19 | 100,0 | | | 5 | 26,3 | 3 | 15,8 | 6 | 31,6 | 4 | 21,1 | | | 1 | 5,2 | | |
| Obreros .................. | 3 | 100,0 | 1 | 33,3 | 2 | 66,7 | | | | | | | | | | | | |
| Obreros gráficos ............ | 6 | 100,0 | | | 2 | 33,2 | 1 | 16,7 | 1 | 16,7 | | | 1 | 16,7 | 1 | 16,7 | | |
| Obreros textiles ............. | 26 | 100,0 | | | 7 | 27,0 | 5 | 19,2 | 7 | 27,0 | 5 | 19,2 | 2 | 7,6 | | | | |
| Obreros metalúrgicos ......... | 5 | 100,0 | | | 2 | 40,0 | 2 | 40,0 | | | | | 1 | 20,0 | | | | |
| Obreros del transporte ....... | 5 | 100,0 | | | 1 | 20,0 | 3 | 60,0 | | | 1 | 20,0 | | | | | | |
| Obreros del calzado ......... | 2 | 100,0 | | | | | 1 | 50,0 | | | | | | | 1 | 50,0 | | |
| Otras ocupaciones remuneradas. | 5 | 100,0 | | | 2 | 40,0 | | | 3 | 60,0 | | | | | | | | |
| Estudiantes ................ | 47 | 100,0 | 3 | 6,4 | 13 | 27,7 | 21 | 44,7 | 9 | 19,1 | 1 | 2,1 | | | | | | |
| Jubilados y pensionados ...... | 1 | 100,0 | | | | | | | | | | | | | 1 | 100,0 | | |
| No Especifica .............. | 28 | 100,0 | 1 | 3,6 | 1 | 3,6 | 7 | 25,0 | 3 | 10,7 | 5 | 17,9 | 1 | 3,6 | 8 | 28,5 | 2 | 7,1 |
| TOTAL.............. | 1.058 | 100,0 | 27 | 2,6 | 210 | 19,8 | 342 | 32,3 | 216 | 20,4 | 154 | 14,6 | 49 | 4,6 | 55 | 5,2 | 5 | 0,5 |

## Cuadro 023 ORIGEN PROVINCIAL DE LOS PADRES DE LA NOVIA
(porcentajes calculados sobre la base del PADRE)

| Padre \ Madre | TOTAL | | Capital Federal | | Provincia Buenos Aires | | Provincia Entre Ríos | | Provincia Santa Fe | | Otras Provincias | | No Especif. No Aclara | | Extranjero | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Capital Federal ..... | 68 | 100,0 | 26 | 38,2 | 8 | 11,8 | 6 | 8,8 | 4 | 5,9 | 3 | 4,4 | 3 | 4,4 | 18 | 26.5 |
| Prov. Buenos Aires .. | 22 | 100,0 | 8 | 36,4 | 9 | 41,0 | 1 | 4,5 | 1 | 4,5 | 1 | 4,5 | | | 2 | 9,1 |
| Prov. Entre Ríos ... | 39 | 100,0 | 12 | 30,7 | 1 | 2,6 | 14 | 35,9 | 1 | 2,6 | 3 | 7,7 | 1 | 2,6 | 7 | 17,9 |
| Prov. Santa Fe ..... | 12 | 100,0 | 2 | 16,7 | | | | | 2 | 16,7 | 1 | 8,3 | | | 7 | 58,3 |
| Otras Provincias .... | 9 | 100,0 | 3 | 33,4 | 2 | 22,2 | 1 | 11,1 | | | 1 | 11,1 | | | 2 | 22,2 |
| No espec. No aclara . | 52 | 100,0 | 3 | 5,8 | | | 2 | 3,8 | | | 1 | 1,9 | 37 | 71,2 | 9 | 17,3 |
| Extranjero ......... | 856 | 100,0 | 76 | 8,9 | 18 | 2,1 | 24 | 2,8 | 12 | 1,4 | 12 | 1,4 | 16 | 1,9 | 698 | 81,5 |
| TOTAL ........ | 1.058 | 100,0 | 130 | 12,3 | 38 | 3,6 | 48 | 4,5 | 20 | 1,9 | 22 | 2,1 | 57 | 5,4 | 743 | 70,2 |

## Cuadro 024 ORIGEN PROVINCIAL DE LOS PADRES DE LA NOVIA
(porcentajes calculados sobre la base de la MADRE)

| Padre \ Madre | TOTAL | | Capital Federal | | Provincia Buenos Aires | | Provincia Entre Ríos | | Provincia Santa Fe | | Otras Provincias | | No Especif. No Aclara | | Extranjero | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Capital Federal ..... | 68 | 6,4 | 26 | 20,0 | 8 | 21,0 | 6 | 12,5 | 4 | 20,0 | 3 | 13,6 | 3 | 5,2 | 18 | 2,4 |
| Prov. Buenos Aires .. | 22 | 2,1 | 8 | 6,2 | 9 | 23,7 | 1 | 2,0 | 1 | 5,0 | 1 | 4,5 | | | 2 | 0,3 |
| Prov. Entre Ríos ... | 39 | 3,8 | 12 | 9,2 | 1 | 2,6 | 14 | 29,2 | 1 | 5,0 | 3 | 13,7 | 1 | 1,8 | 7 | 0,9 |
| Prov. Santa Fe ..... | 12 | 1,1 | 2 | 1,5 | | | | | 2 | 10,0 | 1 | 4,5 | | | 7 | 0,9 |
| Otras Provincias .... | 9 | 0,8 | 3 | 2,3 | 2 | 5,3 | 1 | 2,1 | | | 1 | 4,6 | | | 2 | 0,3 |
| No espec. No aclara . | 52 | 4,9 | 3 | 2,3 | | | 2 | 4,2 | | | 1 | 4,6 | 37 | 64,9 | 9 | 1,3 |
| Extranjero ......... | 856 | 80,9 | 76 | 58,5 | 18 | 47,4 | 24 | 50.0 | 12 | 60,0 | 12 | 54,5 | 16 | 28,1 | 698 | 93,9 |
| TOTAL ........ | 1.058 | 100,0 | 130 | 100,0 | 38 | 100,0 | 48 | 100,0 | 20 | 100.0 | 22 | 100,0 | 57 | 100,0 | 743 | 100,0 |

**Cuadro 021 ORIGEN PROVINCIAL DE LOS PADRES DEL NOVIO**
**(porcentajes calculados sobre la base del PADRE)**

| Padre \ Madre | TOTAL |  | Capital Federal |  | Provincia Buenos Aires |  | Provincia Entre Ríos |  | Provincia Santa Fe |  | Otras Provincias |  | No Especif. No Aclara |  | Extranjero |  |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
|  | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Capital Federal ..... | 43 | 100,0 | 21 | 48,9 | 4 | 9,3 | 4 | 9,3 | 1 | 2,3 | 1 | 2,3 | 2 | 4,7 | 10 | 23,2 |
| Prov. Buenos Aires .. | 16 | 100,0 | 2 | 12,5 | 8 | 50,0 | 1 | 6,3 |  |  | 1 | 6,3 | 1 | 6,3 | 3 | 18,6 |
| Prov. Entre Ríos ... | 28 | 100,0 | 5 | 18,0 | 1 | 3,5 | 13 | 46,5 | 1 | 3,5 | 1 | 3,5 |  |  | 7 | 25,0 |
| Prov. Santa Fe ..... | 7 | 100,0 |  |  |  |  | 1 | 14,3 | 3 | 42,8 | 1 | 14,3 |  |  | 2 | 28,6 |
| Otras Provincias .... | 3 | 100,0 | 1 | 33,3 |  |  |  |  |  |  |  |  |  |  | 2 | 66,7 |
| No espec. No aclara . | 51 | 100,0 | 6 | 11,8 |  |  |  |  |  |  |  |  | 35 | 68,6 | 10 | 19,6 |
| Extranjero ......... | 910 | 100,0 | 63 | 6,9 | 6 | 0,6 | 23 | 2,5 | 9 | 1,0 | 7 | 0,8 | 18 | 2,0 | 784 | 86,2 |
| TOTAL ........ | 1.058 | 100,0 | 98 | 9,3 | 19 | 1,8 | 42 | 4,0 | 14 | 1,3 | 11 | 1,0 | 56 | 5,3 | 818 | 77,3 |

**Cuadro 022 ORIGEN PROVINCIAL DE LOS PADRES DEL NOVIO**
**(porcentajes calculados sobre la base de la MADRE)**

| Padre \ Madre | TOTAL |  | Capital Federal |  | Provincia Buenos Aires |  | Provincia Entre Ríos |  | Provincia Santa Fe |  | Otras Provincias |  | No Especif. No Aclara |  | Extranjero |  |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
|  | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Capital Federal ..... | 43 | 4,1 | 21 | 21,4 | 4 | 21,0 | 4 | 9,4 | 1 | 7,2 | 1 | 9,1 | 2 | 3,6 | 10 | 1,2 |
| Prov. Buenos Aires .. | 16 | 1,5 | 2 | 2,0 | 8 | 42,1 | 1 | 2,4 |  |  | 1 | 9,1 | 1 | 1,8 | 3 | 0,4 |
| Prov. Entre Ríos ... | 28 | 2,6 | 5 | 5,1 | 1 | 5,3 | 13 | 31,0 | 1 | 7,1 | 1 | 9,1 |  |  | 7 | 0,9 |
| Prov. Santa Fe ..... | 7 | 0,7 |  |  |  |  | 1 | 2,4 | 3 | 21,4 | 1 | 9,1 |  |  | 2 | 0,2 |
| Otras Provincias .... | 3 | 0,3 | 1 | 1,0 |  |  |  |  |  |  |  |  |  |  | 2 | 0,2 |
| No espec. No aclara . | 51 | 4,8 | 6 | 6,1 |  |  |  |  |  |  |  |  | 35 | 62,5 | 10 | 1,2 |
| Extranjero ......... | 910 | 86,0 | 63 | 64,4 | 6 | 31,6 | 23 | 54,8 | 9 | 64,3 | 7 | 63,6 | 18 | 32,1 | 784 | 95,9 |
| TOTAL ........ | 1.058 | 100,0 | 98 | 100,0 | 19 | 100,0 | 42 | 100,0 | 14 | 100,0 | 11 | 100,0 | 56 | 100,0 | 818 | 100,0 |

## Cuadro 019 ORIGEN PROVINCIAL DE LOS CONTRAYENTES

(porcentajes calculados sobre la base del NOVIO)

| Novia / Novio | TOTAL | | Capital Federal | | Provincia Buenos Aires | | Provincia Entre Ríos | | Provincia Santa Fe | | Otras Provincias | | No Especif. No Aclara | | Extranjero | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Capital Federal ..... | 707 | 100,0 | 535 | 75,8 | 52 | 7,3 | 25 | 3,5 | 19 | 2,7 | 29 | 4,1 | 5 | 0,7 | 42 | 5,9 |
| Prov. Buenos Aires .. | 73 | 100,0 | 40 | 54,8 | 15 | 20,6 | 4 | 5,5 | 3 | 4,1 | 6 | 8,2 | | | 5 | 6,8 |
| Prov. Entre Ríos ... | 43 | 100,0 | 26 | 60,5 | 5 | 11,6 | 7 | 16,3 | 2 | 4.6 | 3 | 7.0 | | | | |
| Prov. Santa Fe ..... | 45 | 100,0 | 29 | 64,4 | 3 | 6,7 | 4 | 8,9 | 3 | 6,7 | 2 | 4,4 | | | 4 | 8,9 |
| Otras Provincias .... | 46 | 100,0 | 28 | 60,9 | 6 | 13,0 | 1 | 2,2 | 4 | 8,7 | 5 | 10,9 | | | 2 | 4,3 |
| No espec. No aclara . | 10 | 100,0 | 1 | 10,0 | | | | | | | | | 7 | 70,0 | 3 | 20.0 |
| Extranjero ......... | 134 | 100,0 | 81 | 60,5 | 10 | 7,5 | 3 | 2,2 | 5 | 3,7 | 5 | 3,7 | | | 30 | 22,4 |
| TOTAL ........ | 1.058 | 100,0 | 740 | 70,0 | 91 | 8,6 | 44 | 4,1 | 36 | 3,4 | 50 | 4,8 | 12 | 1,1 | 85 | 8,0 |

## Cuadro 020 ORIGEN PROVINCIAL DE LOS CONTRAYENTES

(porcentajes calculados sobre la base de la NOVIA)

| Novia / Novio | TOTAL | | Capital Federal | | Provincia Buenos Aires | | Provincia Entre Ríos | | Provincia Santa Fe | | Otras Provincias | | No Especif. No Aclara | | Extranjero | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Capital Federal ..... | 707 | 66,8 | 535 | 72,3 | 52 | 57,1 | 25 | 56,9 | 19 | 52,8 | 29 | 58,0 | 5 | 41,7 | 42 | 49,4 |
| Prov. Buenos Aires .. | 73 | 6,9 | 40 | 5,4 | 15 | 16,5 | 4 | 9,1 | 3 | 8,3 | 6 | 12,0 | | | 5 | 5,9 |
| Prov. Entre Ríos ... | 43 | 4.1 | 26 | 3,5 | 5 | 5,5 | 7 | 15,9 | 2 | 5,6 | 3 | 6,0 | | | | |
| Prov. Santa Fe ..... | 45 | 4,3 | 29 | 3,9 | 3 | 3,3 | 4 | 9,1 | 3 | 8,3 | 2 | 4,0 | | | 4 | 4,7 |
| Otras Provincias .... | 46 | 4,3 | 28 | 3,8 | 6 | 6,6 | 1 | 2,2 | 4 | 11,1 | 5 | 10,0 | | | 2 | 2,4 |
| No espec. No aclara . | 10 | 0,9 | 1 | 0,1 | | | | | | | | | 7 | 58,3 | 2 | 2,4 |
| Extranjero ......... | 134 | 12,7 | 81 | 11,0 | 10 | 11.0 | 3 | 6,8 | 5 | 13,9 | 5 | 10,0 | | | 30 | 35,2 |
| TOTAL ........ | 1.058 | 100,0 | 740 | 100,0 | 91 | 100.0 | 44 | 100,0 | 36 | 100,0 | 50 | 100,0 | 12 | 100,0 | 85 | 100,0 |

**Cuadro 017 PAIS DE ORIGEN DEL NOVIO, DISCRIMINADO SEGUN EL AÑO DE LLEGADA A LA ARGENTINA**

| Año de llegada / País de origen | TOTAL | | Hasta 1910 | | De 1911 a 1920 | | De 1921 a 1930 | | De 1931 a 1940 | | De 1941 a 1950 | | De 1950 en ad. | | No corresp. | | No Especif. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Argentina ................ | 919 | 100,0 | | | | | | | | | | | | | 919 | 100,0 | | |
| Rusia .................... | 15 | 100,0 | 6 | 40,0 | | | 5 | 33,3 | | | | | | | | | 4 | 26,7 |
| Polonia .................. | 74 | 100,0 | | | 1 | 1,4 | 14 | 18,9 | 36 | 48,7 | 10 | 13,5 | 3 | 4,0 | | | 10 | 13,5 |
| Rumania .................. | 10 | 100,0 | | | | | 1 | 10,0 | 3 | 30,0 | 3 | 30,0 | | | | | 3 | 30,0 |
| Otros Países Americanos ..... | 19 | 100,0 | | | | | | | 6 | 31,6 | 3 | 15,8 | 2 | 10,5 | | | 8 | 42,1 |
| Otros Países Europeos ...... | 15 | 100,0 | | | | | | | 10 | 66,6 | 3 | 20,0 | 1 | 6,7 | | | 1 | 6,7 |
| Otros Países Asiáticos ....... | 1 | 100,0 | | | | | | | 1 | 100,0 | | | | | | | | |
| No Especifica ............ | 5 | 100,0 | | | | | | | | | | | | | | | 5 | 100,0 |
| TOTAL.............. | 1.058 | 100,0 | 6 | 0,7 | 1 | 0,1 | 20 | 1,9 | 56 | 5,3 | 19 | 1,8 | 6 | 0,6 | 919 | 86,7 | 31 | 2,9 |

**Cuadro 018 PAIS DE ORIGEN DE LA NOVIA, DISCRIMINADO SEGUN EL AÑO DE LLEGADA A LA ARGENTINA**

| Año de llegada / País de origen | TOTAL | | De 1911 a 1920 | | De 1921 a 1930 | | De 1931 a 1940 | | De 1941 a 1950 | | De 1950 en adel. | | No correspond. | | No Especific. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Argentina .......... | 966 | 100,0 | | | | | | | | | | | 966 | 100,0 | | |
| Rusia ............ | 12 | 100,0 | 1 | 8,3 | 2 | 16,7 | | | 3 | 25,0 | | | 1 | 8,3 | 5 | 41,7 |
| Polonia ........... | 47 | 100,0 | 1 | 2,1 | 6 | 12,8 | 10 | 21,3 | 8 | 17,0 | 4 | 8,5 | 1 | 2,1 | 17 | 36.2 |
| Rumania .......... | 3 | 100,0 | | | 1 | 33,3 | 1 | 33,3 | 1 | 33,4 | | | | | | |
| Otros Países Americ. | 12 | 100,0 | | | | | 1 | 8,3 | 5 | 41.7 | 1 | 8,3 | | | 5 | 41,7 |
| Otros Países Europeos | 9 | 100,0 | 1 | 11,1 | | | 1 | 11,1 | 4 | 44,5 | 1 | 11,1 | | | 2 | 22,2 |
| Otros Países African. | 2 | 100,0 | | | | | | | | | 1 | 50.0 | | | 1 | 50.0 |
| No Especifica ...... | 7 | 100,0 | | | | | 1 | 14,3 | | | | | | | 6 | 85,7 |
| TOTAL ........ | 1.058 | 100,0 | 3 | 0,3 | 9 | 0,8 | 14 | 1,3 | 21 | 2,0 | 7 | 0,7 | 968 | 91,5 | 36 | 3,4 |

**Cuadro 015 PAIS DE ORIGEN DEL PADRE DE LA NOVIA, DISCRIMINADO SEGUN EL AÑO DE LLEGADA A LA ARGENTINA**

| Año de llegada / País de origen | TOTAL | | Hasta 1910 | | De 1911 a 1920 | | De 1921 a 1930 | | De 1931 a 1940 | | De 1941 a 1950 | | De 1950 en ad. | | No corresp. | | No Especif. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Argentina | 150 | 100,0 | | | | | | | | | | | | | 150 | 100,0 | | |
| Rusia | 247 | 100,0 | 64 | 25,9 | 57 | 23,1 | 88 | 35,6 | 3 | 1,2 | 1 | 0,4 | | | | | 34 | 13,8 |
| Polonia | 468 | 100,0 | 7 | 1,5 | 15 | 3,2 | 280 | 59,8 | 100 | 21,4 | 15 | 3,2 | 3 | 0,6 | | | 48 | 10,3 |
| Rumania | 57 | 100,0 | 7 | 12,2 | 5 | 8,8 | 35 | 61,4 | 5 | 8,8 | 1 | 1,8 | | | | | 4 | 7,0 |
| Otros Países Americanos | 3 | 100,0 | 1 | 33,3 | 2 | 66,7 | | | | | | | | | | | | |
| Otros Países Europeos | 35 | 100,0 | 2 | 5,7 | 3 | 8,6 | 15 | 42,9 | 9 | 25,7 | | | | | | | 6 | 17,1 |
| Otros Países Asiáticos | 44 | 100,0 | 5 | 11,4 | 14 | 31,8 | 12 | 27,3 | 2 | 4,5 | | | | | | | 11 | 25,0 |
| Otros Países Africanos | 2 | 100,0 | 1 | 50,0 | | | | | | | | | 1 | 50,0 | | | | |
| No Especifica | 52 | 100,0 | 1 | 1,9 | | | | | 1 | 1,9 | | | | | | | 50 | 96,2 |
| TOTAL | 1.058 | 100,0 | 88 | 8,3 | 96 | 9,1 | 430 | 40,6 | 120 | 11,3 | 17 | 1,6 | 4 | 0,4 | 150 | 14,1 | 153 | 14,6 |

**Cuadro 016 PAIS DE ORIGEN DE LA MADRE DE LA NOVIA, DISCRIMINADO SEGUN EL AÑO DE LLEGADA A LA ARGENTINA**

| Año de llegada / País de origen | TOTAL | | Hasta 1910 | | De 1911 a 1920 | | De 1921 a 1930 | | De 1931 a 1940 | | De 1941 a 1950 | | De 1950 en ad. | | No corresp. | | No Especif. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Argentina | 258 | 100,0 | | | | | | | | | | | | | 258 | 100,0 | | |
| Rusia | 195 | 100,0 | 33 | 16,9 | 34 | 17,4 | 88 | 45,2 | 7 | 3,6 | 1 | 0,5 | | | | | 32 | 16,4 |
| Polonia | 430 | 100,0 | 3 | 0,7 | 10 | 2,3 | 169 | 39,3 | 173 | 40,2 | 15 | 3,5 | 6 | 1,4 | | | 54 | 12,6 |
| Rumania | 46 | 100,0 | 5 | 10,9 | 2 | 4,3 | 25 | 54,4 | 7 | 15,2 | 1 | 2,2 | | | | | 6 | 13,0 |
| Otros Países Americanos | 8 | 100,0 | | | 3 | 37,5 | | | 1 | 12,5 | | | | | | | 4 | 50,0 |
| Otros Países Europeos | 27 | 100,0 | 3 | 11,2 | 2 | 7,4 | 6 | 22,2 | 10 | 37,0 | | | | | | | 6 | 22,2 |
| Otros Países Asiáticos | 36 | 100,0 | 3 | 8,3 | 9 | 25,0 | 8 | 22,2 | 1 | 2,8 | | | | | | | 15 | 41,7 |
| Otros Países Africanos | 1 | 100,0 | | | | | | | | | | | 1 | 100,0 | | | | |
| No Especifica | 57 | 100,0 | 1 | 1,8 | | | 1 | 1,8 | | | | | | | | | 55 | 96,4 |
| TOTAL | 1.058 | 100,0 | 48 | 4,6 | 60 | 5,7 | 297 | 28,1 | 199 | 18,9 | 17 | 1,6 | 7 | 0,7 | 258 | 24,5 | 172 | 15,9 |

## Cuadro 013 PAIS DE ORIGEN DEL PADRE DEL NOVIO, DICRIMINADO SEGUN EL AÑO DE LLEGADA A LA ARGENTINA

| Año de llegada / País de origen | TOTAL | | Hasta 1910 | | De 1911 a 1920 | | De 1921 a 1930 | | De 1931 a 1940 | | De 1941 a 1950 | | De 1950 en ad. | | No corresp. | | No Especif. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Argentina | 97 | 100,0 | | | | | | | | | | | | | 97 | 100,0 | | |
| Rusia | 300 | 100,0 | 87 | 29,0 | 58 | 19,3 | 110 | 36,7 | 5 | 1,7 | | | | | | | 40 | 13,3 |
| Polonia | 498 | 100,0 | 7 | 1,4 | 12 | 2,4 | 353 | 70,9 | 80 | 16,1 | 12 | 2,4 | | | | | 34 | 6,8 |
| Rumania | 49 | 100,0 | 10 | 20,5 | 3 | 6,1 | 23 | 47,0 | 3 | 6,1 | 1 | 2,0 | 1 | 2,0 | | | 8 | 16,3 |
| Otros Países Americanos | 4 | 100,0 | 2 | 50,0 | | | | | | | | | | | | | 2 | 50,0 |
| Otros Países Europeos | 21 | 100,0 | 2 | 9,5 | 2 | 9,5 | 6 | 28,6 | 6 | 28,6 | 2 | 9,5 | | | | | 3 | 14,3 |
| Otros Países Asiáticos | 37 | 100,0 | 13 | 35,1 | 8 | 21,7 | 10 | 27,0 | 1 | 2,7 | | | | | | | 5 | 13,5 |
| Otros Países Africanos | 1 | 100,0 | 1 | 100,0 | | | | | | | | | | | | | | |
| No Especifica | 51 | 100,0 | 1 | 2,0 | | | | | | | | | | | | | 50 | 98,0 |
| TOTAL | 1.058 | 100,0 | 123 | 11,6 | 83 | 7,8 | 502 | 47,5 | 95 | 9,0 | 15 | 1,4 | 1 | 0,1 | 97 | 9,1 | 142 | 13,5 |

## Cuadro 014 PAIS DE ORIGEN DE LA MADRE DEL NOVIO, DISCRIMINADO SEGUN EL AÑO DE LLEGADA A LA ARGENTINA

| Año de llegada / País de origen | TOTAL | | Hasta 1910 | | De 1911 a 1920 | | De 1921 a 1930 | | De 1931 a 1940 | | De 1941 a 1950 | | De 1950 en ad. | | No corresp. | | No Especif. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Argentina | 184 | 100,0 | | | | | | | | | | | | | 184 | 100,0 | | |
| Rusia | 259 | 100,0 | 71 | 27,4 | 43 | 16,6 | 107 | 41,3 | 9 | 3,5 | | | | | | | 29 | 11,2 |
| Polonia | 453 | 100,0 | 7 | 1,5 | 7 | 1,5 | 240 | 53,0 | 145 | 32,0 | 15 | 3,3 | 1 | 0,2 | | | 38 | 8,5 |
| Rumania | 49 | 100,0 | 4 | 8,1 | 3 | 6,1 | 23 | 47,1 | 8 | 16,4 | 2 | 4,0 | 1 | 2,0 | | | 8 | 16,3 |
| Otros Países Americanos | 2 | 100,0 | | | | | 1 | 50,0 | | | | | | | | | 1 | 50,0 |
| Otros Países Europeos | 24 | 100,0 | 1 | 4,2 | 2 | 8,3 | 9 | 33,3 | 8 | 33,3 | 1 | 4,2 | | | | | 3 | 16,7 |
| Otros Países Asiáticos | 30 | 100,0 | 3 | 10,0 | 5 | 16,7 | 14 | 46,7 | 1 | 3,3 | | | | | | | 7 | 23,3 |
| Otros Países Africanos | 1 | 100,0 | | | | | 1 | 100,0 | | | | | | | | | | |
| No Especifica | 56 | 100,0 | 1 | 2,0 | 1 | 2,0 | 1 | 2,0 | | | | | | | | | 53 | 94,0 |
| TOTAL | 1.058 | 100,0 | 87 | 8,3 | 61 | 5,9 | 396 | 37,5 | 171 | 16,3 | 18 | 1,8 | 2 | 0,2 | 184 | 17,5 | 139 | 12,5 |

## Cuadro 011 PAIS DE NACIMIENTO DE LOS PADRES DE LA NOVIA, DISCRIMINADOS POR SEXOS

(porcentajes calculados sobre la base del PADRE)

| Padre \ Madre | TOTAL | | Argentina | | Rusia | | Polonia | | Rumania | | Otros Países Americanos | | Otros Países Europeos | | Otros Países Asiáticos | | Otros Países Africanos | | No Especif. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Argentina | 150 | 100,0 | 109 | 72,7 | 17 | 11,3 | 8 | 5,2 | 6 | 4,0 | 4 | 2,7 | 1 | 0,7 | 1 | 0,7 | | | 4 | 2,7 |
| Rusia | 247 | 100,0 | 65 | 26,3 | 114 | 46,2 | 44 | 17,8 | 11 | 4,5 | 4 | 1,6 | 2 | 0,8 | 3 | 1,2 | | | 4 | 1,6 |
| Polonia | 468 | 100,0 | 53 | 11,3 | 40 | 8,6 | 349 | 74,6 | 11 | 2,4 | | | 5 | 1,0 | 2 | 0,4 | | | 8 | 1,7 |
| Rumania | 57 | 100,0 | 14 | 24,4 | 15 | 26,3 | 12 | 21,1 | 14 | 24,4 | | | 2 | 3,8 | | | | | | |
| Otros Países American. | 3 | 100,0 | 1 | 33,3 | 1 | 33,3 | 1 | 33,4 | | | | | | | | | | | | |
| Otros Países Europeos | 35 | 100,0 | 2 | 5,7 | 5 | 14,3 | 11 | 31,4 | 2 | 5,7 | | | 14 | 40,0 | | | | | 1 | 2,9 |
| Otros Países Asiáticos | 44 | 100,0 | 9 | 20,4 | 1 | 2,3 | | | 1 | 2,3 | | | 2 | 4,5 | 29 | 66,0 | | | 2 | 4,5 |
| Otros Países Africanos | 2 | 100,0 | | | | | | | | | | | | | 1 | 50,0 | 1 | 50,0 | | |
| No Especifica | 52 | 100,0 | 5 | 9,7 | 2 | 3,8 | 5 | 9,7 | 1 | 1,9 | | | 1 | 1,9 | | | | | 38 | 73,0 |
| TOTAL | 1.058 | 100,0 | 258 | 24,0 | 195 | 18,3 | 430 | 40,6 | 46 | 4,3 | 8 | 0,7 | 27 | 2,5 | 36 | 3,4 | 1 | 0,9 | 57 | 5,3 |

## Cuadro 012 PAIS DE NACIMIENTO DE LOS PADRES DE LA NOVIA, DISCRIMINADOS POR SEXOS

(porcentajes calculados sobre la base de la MADRE)

| Padre \ Madre | TOTAL | | Argentina | | Rusia | | Polonia | | Rumania | | Otros Países Americanos | | Otros Países Europeos | | Otros Países Asiáticos | | Otros Países Africanos | | No Especif. | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % | Cant. | % |
| Argentina | 150 | 14,2 | 109 | 42,2 | 17 | 8,7 | 8 | 1,9 | 6 | 13,0 | 4 | 50,0 | 1 | 3,7 | 1 | 2,8 | | | 4 | 7,0 |
| Rusia | 247 | 23,3 | 65 | 25,1 | 114 | 58,5 | 44 | 10,2 | 11 | 23,9 | 4 | 50,0 | 2 | 7,4 | 3 | 8,2 | | | 4 | 7,0 |
| Polonia | 468 | 44,2 | 53 | 20,5 | 40 | 20,5 | 349 | 81,1 | 11 | 23,9 | | | 5 | 18,5 | 2 | 5,6 | | | 8 | 14,0 |
| Rumania | 57 | 5,4 | 14 | 5,5 | 15 | 7,7 | 12 | 2,8 | 14 | 30,4 | | | 2 | 7,4 | | | | | | |
| Otros Países American. | 3 | 0,3 | 1 | 0,4 | 1 | 0,5 | 1 | 0,2 | | | | | | | | | | | | |
| Otros Países Europeos | 35 | 3,3 | 2 | 0,8 | 5 | 2,6 | 11 | 2,6 | 2 | 4,3 | | | 14 | 51,9 | | | | | 1 | 1,8 |
| Otros Países Asiáticos | 44 | 4,2 | 9 | 3,6 | 1 | 0,5 | | | 1 | 2,2 | | | 2 | 7,4 | 29 | 80,6 | | | 2 | 3,5 |
| Otros Países Africanos | 2 | 0,2 | | | | | | | | | | | | | 1 | 2,8 | 1 | 100,0 | | |
| No Especifica | 52 | 4,9 | 5 | 1,9 | 2 | 1,0 | 5 | 1,2 | 1 | 2,3 | | | 1 | 3,7 | | | | | 38 | 66,7 |
| TOTAL | 1.058 | 100,0 | 258 | 100,0 | 195 | 100,0 | 430 | 100,0 | 46 | 100,0 | 8 | 100,0 | 27 | 100,0 | 36 | 100,0 | 1 | 100,0 | 57 | 100,0 |

